יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט
היסטאָרישע סעקציע

# היסטאָרישע שריפטן

ערשטער באַנד

רעדאַקטירט

א. טשעריקאָווער

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור־ליגע” · וואַרשע

# צילן און וועגן פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט

1. דער גייסטיקער אויפשטייג פון די יידישע פאָלקסמאַסן אין אַלע לענדער פון קאָמפּאַקטן יידישן ישוב האָט באַשאַפן נייע קולטורעלע באַדערפעניש, וואָס אויף צו באַפרידיקן זיי זיינען נייטיק נייע מעטאָדעס און נייע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען. דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט קומט צו דינען די יידישע מאַסן אין דעם קאַמף פאַר זייער קולטורעלער עמאַנסיפּאַציע. ער קוקט אַרויס אויף דער טעטיקער אונטערשטיצונג פון אַלע אָרגאַניזאַציעס און יחידים, וואָס ווילן מיטהעלפן דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור.

2. דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט דאַרף זיין: א) דער צענטער פון דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אין יידיש, און אין דער ערשטער ריי — די צענטראַלע אינסטאַנץ פאַר דער פאָרשונג און אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור; ב) דאָס אָרט, וואו עס בילדן זיך אויס נייע אַרבעטער אויפן פעלד פון יידישער וויסנשאַפט און קולטור; ג) דער צענטראַלער רעגיסטריר־פּונקט פאַר דעם יידישן קולטור־לעבן אין אַלע עקן וועלט.

3. דער אינסטיטוט באַשטייט פון 4 סעקציעס: פילאָלאָגישע, היסטאָרישע, עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישע, פּסיכאָלאָגיש־פּעדאַגאָגישע. חוץ דעם פאַרמאָגט ער אַ ביבליאָגראַפישע צענטראַלע, אַן אַרכיוו, אַ ביבליאָטעק און אַ מוזיי.

4. דער אינסטיטוט — א) גיט אַרויס זאַמלביכער („שריפטן“) און איינצלנע ווערק פון וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער; ב) קלייבט און סיסטעמאַטיזירט וויסנשאַפטלעכע מאַטעריאַלן; ג) שאַפט אַ צוגרייט־אַנשטאַלט פאַר יונגע וויסנשאַפטלער אין די אַרבעט־צווייגן פון אינסטיטוט, פאַר קומענדיקע לערער פון די יידישע מיטלשולן און לערער־סעמינאַרן; ד) פאַרבינדט צווישן זיך די פאָרשער, וואָס אַרבעטן אין יידיש וועגן אַלע צווייגן פון וויסנשאַפט אָדער אין אַנדערע שפּראַכן וועגן יידיש, אינפאָרמירט זיי וועגן וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, וואָס זיינען אין גאַנג, אָרגאַניזירט אַ קעגנזייטיקע אויסהילף; זאַמלט און פאַרשפּרייט אינפאָרמאַציעס וועגן דעם צושטאַנד און די אויפטוען פון דער יידישער קולטור־באַוועגונג אין אַלע לענדער.

*


## א ד ר ע ס ן :

Towarzystwo Przyjaciół Żydowskiego Instytutu Naukowego. W. Pohulanka 18, Wilno.

אין דייטשלאַנד:

E. Tscherikower, Berliner Str. 8, Berlin-Wilmersdorf.

אין אַמעריקע:

Jiddish Scientific Institute, American Branch, 1113 Broadway (Room 1026). New Jork City.

Dr. I. Shatzky, 3451, A. Giles Place, New Jork. :אָדער


*

# אויסגאַבעס פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט

באַנד I· פילאָלאָגישע שריפטן, 1. לאַנדוי־בוך. — XXVIII+428+XVI שפּאַלטן גרויס־קוואַרט. — ווילנע 1926

באַנד II· פילאָלאָגישע שריפטן, 2. — XXXVI+516+XVI שפּאַלטן גרויס־קוואַרט. — ווילנע 1926.

באַנד III· שריפטן פאַר עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק, 1. — 304 זייטן גרויס־קוואַרט. — בערלין 1928.

באַנד IV· פילאָלאָגישע שריפטן, 3. — XXIV+628+XVI שפּאַלטן גרויס־קוואַרט. — ווילנע 1928.

באַנד V· היסטאָרישע שריפטן, 1. — XLVIII+822+XVI שפּאַלטן גרויס־קוואַרט. — וואַרשע 1929.

דער פנקס· אַ פערטליאָריקער זשורנאַל פאַר יידישע ליטעראַטורגעשיכטע, שפּראַכפאָרשונג, פאָלקלאָר און ביבליאָגראַפיע. אַרויסגעגעבן פון דער אַמעריקאַנישער סעקציע פון ייוו״א — העפט 1–4, ניו־יאָרק 1927—1928.

ביבליאָגראַפישע יאָרביכער· באַנד 1 — 1928. יידישע צייטשריפטן; יידישע ביכער: וויסנשאַפט, ליטעראַטור און קונסט אין דער יידישער פרעסע. צוגאָב: ביכער און נייע־געגרינדעטע צייטשריפטן אין 1927. XXIII+466 זייטן אָקטאַוו. — וואַרשע 1928.

סעריע „אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער וויסנשאַפט“: 1. די אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער וויסנשאַפט — נ. שטיף; 2. פאָרבאַראַטונג וועגן דעם וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט 7–12 אויגוסט 1925. בערלין 1925; 3. צוויי יאָר אַרבעט פאַר דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (1925–1927). ווילנע 1927; 4. לינגוויסטישע אַנקעטעס, ווילנע 1928; 5. וואָס איז אַזוינס יידישע עטנאָגראַפיע? — ווילנע 1928 און אנד.

# ייִדישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט

## היסטאָרישע שריפטן

ערשטער באַנד

יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט
היסטאָרישע סעקציע

# היסטאָרישע שריפטן

ערשטער באַנד

רעדאַקטירט

א. טשעריקאָווער

1 9 2 9

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור-ליגע״ · וואַרשע

# די וויכטיקסטע תיקונים:

| זייט: | געדרוקט: | דאַרף זיין |
|---|---|---|
| 65 (הערה): | רבן אבן העזר | ראבן [ר׳ אליעזר בן נתן]: „אבן העזר״ |
| 69 (הערה): | " " " | " " " |
| 66 (הערה): | L. Zunz, Literaturgeschichte der Synanogalen poesis | L. Zunz, Literaturgeschichte der synagogalen Poesie |
| 150 (שורה 36): | חנ״ז (1797) | ת״נז (1697) |
| 214 (הערה): | onst. syned. | const. synod. |
| 221 (שורה 27): | res earum | res aliquas |
| 287 (שורה 1): | שטוינט ערוואַרטעטן | שטוינט פון אונזער אומדערוואַרטעטן פאַר־האַלטן זיך |
| 308 (שורה 5): | גיהן | גיבן |
| 314 (שורה 30): | אין וועלכעס | אין וועלכעם |
| 318 (שורה 7 פון אונטן): | שטודי | שטונדי |
| 324 (שורה 30): | גיהן | גיבן |
| 383 (שורה 9 פון אונטן): | פעלט דאָס וואָרט: געשטאָרבענער | |
| 413 (שורה 13): | פעלט דאָס וואָרט: Countrymen | |
| 449 (שורה 14): | פעלן די ווערטער: ענגליש־יידישע | |
| 479 (הערה): | פעלט די ציפער: II | |
| 748 (פארלעצטע שורה): | meuschlings | meuchlings |
| 754: | די הערות זיינען געדרוקט: 1), 3), 4) | 1), 2), 3) |

דער באַנד „היסטאָרישע שריפטן" איז דער ערשטער פּרווו צו געבן אין אַ ברייטן מאַסשטאַב אַ זאַמלונג פון היסטאָרישע אַרבעטן אין יידיש און צונויפנעמען אונטער איין דאַך אונזערע היסטאָריקער, וואָס שרייבן אין יידיש אָדער שטייען נאָענט צו יידיש. מיטן דערשיינען פון דעם באַנד פאַרשפּרייט דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט זיין פאָרשונגס־עקספּאַנסיע אויף אַ נייעם און דערצו זייער פאַראַנטוואָרטלעכן געביט. די יידישע היסטאָריאָגראַפיע איז להיפוך צו די אַנדערע געביטן ניט קיין קרקע־בתולה, וואָס וואַרט נאָך אויפן ערשטן אַקער־אייזן, נאָר זייער אַ רייכע און פיל־פאַרצווייגטע וויסנשאַפט, וואָס האָט צו פאַרצייכענען אַ סך גרויסע און פונדאַמענטאַלע ווערק. די ערשטע אויפגאַבע פון אונזער סעקציע, ווי מיר שטעלן זיך פאָר, דאַרף זיין ניט מעכאַניש איבערפלאַנצן אין יידיש דאָס, וואָס ס'איז שוין אויפן געביט פון יידישער געשיכטע אין אַנדערע שפּראַכן דערשינען, נאָר שאַפן אָ ר י ג י נ ע ל אין דער יידישער שפּראַך און דורך איר העלפן ווייטער פירן די היסטאָרישע פאָרשונג. שוין די שפּראַך אַליין, אין וועלכער מיר אַרבעטן, ביי דער ראָלע, וואָס יידיש שפּילט אין אונזער סאָציאַלן און קולטורעלן לעבן, אַלס פּראָדוקט און גלייכצייטיק סטימול פון אונזער מאַסן־קולטור, שטויסט צו נייע טעמעס, צו נייע אָפּשאַצונגען און אפילו צו נייע קוואַלן פון מאַטעריאַל.

דער געביט פון יידישער געשיכטע איז אומגעהויער גרויס; ער נעמט אַרום הונדערטער דורות, גרונד־פאַרשיידענע תקופות און פיל לענדער. אָבער בכדי צוצוגעבן אַ געוויסע איינהייטלעכקייט דעם באַנד האָבן מיר זיך קאָנצענטרירט דער עיקר אויף די לעצטע פינף יאָרהונדערטער, אין וועלכע עס ליגן פאַרגראָבן די שורשים פון דער לעבעדיקער יידישער קעגנוואַרט. און פונקט ווי ביים זוכן דעם שלשלת־היחוס גייט מען מן הקרוב אל הרחוק, זיינען מיר אויך געגאַנגען צו דער תקופה, וואָס איז אונז נעענטער – הן לויט דער צייט און הן לויט איר גייסטיקן און סאָציאַלן מהות. די אַרטיקלען פונעם באַנד נעמען אַרום די געשיכטע פון יידן אין מזרח־אייראָפּע – אוקראַינע, רוסלאַנד, פוילן, גאַליציע, ליטע, טיילווייז אויך אין מערב־אייראָפּע – דייטשלאַנד, עסטרייך און אייניקע אַנדערע מערב־לענדער. זיי גיבן זיך אָפּ ניט אַזוי מיט רדיפות און גזירות — אָן דעם איז זיך בכלל שווער פאָרשטעלן די יידישע געשיכטע, – נאָר דער עיקר מיטן אויפקום פון די יידישע מאַסן־קיבוצים און זייערע אָרגאַנען, מיטן אינעווייניקסטן לעבן און די סאָציאַלע פאַר־העלטענישן ביי יידן אין פאַרשיידענע לענדער. ווי אַ גלייכן גליד האָבן מיר אויך אַריינגענומען די געשיכטע פון אונזערע נייע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, ווי צ"ב די יידישע סאָציאַליסטישע און אַרבעטער־באַוועגונג. אַ חשובן פּלאַץ האָבן מיר אויך אָפּגעגעבן פאַר דער געשיכטע פון יידיש אַלס אומגאַנגס־שפּראַך אין פאַרשיידענע לענדער און באַזונדערס אין דייטשלאַנד — אַ געביט, וואָס איז פון דער אָפיציעלער יידישער היסטאָריאָגראַפיע פאַרלאָזט געוואָרן, ווי אויך פאַר קולטור־היסטאָרישן מאַטעריאַל, אויף וויפיל ער איז פאַרבונדן מיט דער יידישער שפּראַך.

דער דאָזיקער באַנד, וואָס האָט זיך אָנגעהייבן דרוקן נאָך סוף 1927, האָט זיך פאַרהאַלטן ביז איצט צוליב אַ ריי ערנסטע טעכנישע סיבות, אין דער ערשטער ריי צוליב דעם, וואָס דער רעדאַקטאָר האָט געוואוינט אין בערלין און דער באַנד איז געדרוקט געוואָרן אין וואַרשע. פון די 35 דרוקבויגן, וואָס זיינען תחילת געווען פּראָיעקטירט, איז דער באַנד אויסגעוואַקסן ביז איבער 55. ניט געקוקט אויף דעם האָט ווייט ניט דער גאַנצער מאַטעריאַל געקענט אַריין אינעם ערשטן באַנד, און אַ ריי אַרטיקלען האָבן, ליידער, געמוזט איבערגעלאָזט ווערן פאַרן צווייטן (ווי, למשל, ביבליאָגראַפישע איבערזיכטן און רעצענזיעס, דער אַרטיקל פון יחזקאל ליפשיץ „בער באָלעכאָווער — אַ יידישער סוחר און שתדלן אין 18טן יאָרהונדערט", אַ ריי

דאָקומענטן פון ע. רינגעלבלום, י. ווײַנלעז, ש. באָראָוואָי, פון אונזערע פרײַנד אין יאַס און רעוועל און פונעם אַרכיוו פון ײדישן װיסנשאַפטלעכן אינסטיטוט גופא). דער וואַרימסטער אָפּקלאַנג, וואָס אונזער ווענדונג נאָך מאַטעריאַל האָט באַגעגנט מצד אונזערע עלטערע און יונגערע היסטאָריקער, גיט אונז די ערבות, אַז מיר זײַנען ניט אײַנזאַם אין דער שטרעבונג ערנסט אַוועקשטעלן די היסטאָרישע פאָרשונג אין ײדיש. פאַר אָט דעם אָפּקלאַנג און פאַרן אַקטיוון מיטהילף דריקן מיר אויס אַלע מיטאַרבעטער אונזער טיפן דאַנק און יישר־כּוח.

מיר געפינען פאַר אונזער חוב אויסצודריקן אַ באַזונדער טיפן דאַנק דעם ערן־פאָרזיצער פון דער היסטאָרישער סעקציע, דעם חשובן ה׳ שמעון דובנאָוו, פאַר זײַנע ווערטפולע אָנווײַזונגען בײַם רעדאַקטירן דעם באַנד און פאַר זײַן אַקטיוון אינטערעס צו אונזער אַרבעט בכלל.

דעם וואַרימסטן דאַנק פאַרדינען אויך די פּערזאָנען, וואָס האָבן פינאַנציעל געשטיצט אונזער אונטער־נעמונג, — די פרײַנד פון ײדישן װיסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ניו־יאָרק, ווי אויך די „דזשאָינט“־דירעקטאָרן, ה״ה ד״ר י. ראָזען און ד. שווײַצער.

בײַם דרוקן דעם באַנד האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף גרויסע אומפאָראויסגעזעענע שוועריקייטן; גענוג צו זאָגן, אַז ער איז געווען געזעצט אין עטלעכע דרוקערײַען אין וואַרשע (אַ קלײנער טייל — אין בערלין). צוליב אָט די סיבות זײַנען אַרײַנגעפאַלן אַ ריי דרוקפעלערן; אויך די אייַנהייטלעכקייט פון דער אָרטאָגראַפיע האָט דערפון ניט ווייניק געליטן, וואָס מיר באַדויערן זייער. ניט געקוקט אויף די אָנגעוויזענע שוועריקייטן איז דעם פאַרלאַג „קולטור־ליגע“ דאָך געלונגען דערפירן די אויסגאַבע ביזן סוף, און מיר דאַנקען די פאַרוואַלטער און טעכניקער פון פאַרלאַג פאַר די אָנשטרענגונגען, וואָס זיי האָבן דערבײַ געמאַכט. אַ באַזונדערן דאַנק פאַרדינען אויך אונזערע פרײַנד, די ה״ה מ. לערער און י. ראַפּאָפּאָרט, ווי אויך ה׳ מ. בלומענטאַל אין וואַרשע, וועלכע האָבן אויפגעפּאַסט אויף דער קאָרעקטור און טעכנישער זייט פון דער אויסגאַבע.

*

צום סוף ווילן מיר אָנווײַזן, אַז די אָריגינאַל־זכרונות פון מאָזעס פּאָרגעס וועגן דעם פראַנקיסטן־הויף אין אָפּענבאַך, וועלכע מיר דרוקן דאָ אין ײדיש, האָבן מיר באַקומען אַדאַנק די באַמיאונגען פון אונזערע פרײַנד אין ווין; אויסער ד״ר נ. מ. געלבער, וועמען ס׳געהערט דער אַרײַנפיר צו די זכרונות, האָבן פיל מיטגעהאָלפן בײַם אַרויסבאַקומען דעם דאָקומענט אויך ד״ר פּאַול דיאַמאַנט און ד״ר רודאָלף גלאַנץ, און מיר דריקן זיי דערפאַר אויס אונזער וואַרימען דאַנק.

פאַר דער היסטאָרישער סעקציע
פונעם ײדישן װיסנשאַפטלעכן אינסטיטוט
א. טשעריקאָווער

בערלין, מאַי 1929.

# אינהאַלט

שפּאַלטן

# דאָקומענטן און מאַטעריאַלן



---

## די וויכטיקסטע קיצורים אין דעם באַנד:

פג״ל (אָדער פרג״ל): פאַרגלייך.
דצ״וו: דאָס ציטירטע ווערק.
דצ״א: דער ציטירטער אַרטיקל.
ס׳: סימן.
גרעץ: Geschichte der Juden (געוויינטלעך ווערט געמיינט די דריטע אויסגאַבע; לייפּציג 1890).
דובנאָוו: Weltgeschichte des Jüdischen Volkes „Jüdischer Verlag" Berlin.

„מאָנאַטסשריפט": Monatsschrift für Geschichte und Wissenschaft des Judentums
בן־יעקב: אוצר הספרים, ווילנע 1880.
שטיינשניידער, קאַטאַלאָג: Catalogus Librorum Hebraeorum in Bibliotheca Bodleiana
וואָלף: Bibliotheca Hebraea
פירסט: Bibliotheca Judaica

# נתן=נטע האַנאָווער, זיין לעבן און ליטעראַרישע טעטיקייט

## פון ד״ר י. איזראַעלסאָן

דער פאַרשטאָרבענער ד״ר י. איזראַעלסאָן, דער פאָרדינסטפולער יידישער אָריענטאַליסט און מאַגיסטער פון געשיכטע, איז אַדאַנק זיין אויסערגעוויינטלעכער באַשיידנקייט דעם ברייטן עולם געווען ווייניק באַקאַנט. אָבער אין די וויסנשאַפטלעכע קרייזן קען מען אים גוט. נאָכן ענדיקן מיט אַן אויסצייכענונג דעם אינסטיטוט פאַר אָריענטאַלישע שפראַכן אין פעטערבורג האָט ער פיל יאָרן געאַרבעט אין אויסלאַנד, וואו ער האָט אָנטייל גענומען אין אַ ריי פראַנצויזישע, דייטשישע און העברעאישע וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבן. אין רוסלאַנד האָט ער מיטגעאַרבעט אַלס אָנערקענטער אַראַביסט אין דער רוסישער ענציקלאָפּעדיע, ווי אויך אין רוסיש=יידישע אויסגאַבן, באַזונדערס אין „וואָסכאָד“, און איז באַקאַנט געוואָרן דער עיקר מיט זיין אויסגעצייכנטער וויסנשאַפטלעכער איבערזעצונג אין רוסיש פון יוסף פלאַוויוסעס ווערק.

אַ זייער וויכטיקע ראָלע האָט דער פאַרשטאָרבענער געשפּילט אַלס וויסנשאַפטלער בעת דעם בייליס-פּראָצעס, — אַ פאַקט, וואָס איז דער אויסערלעכער וועלט כמעט ווי ניט באַקאַנט. ער האָט פיל געאַרבעט איבער דעם ענטפער פון דער פאַרטיידיקונג אויף דער „רעליגיעזער עקספּערטיזע“ וועגן עלילת־דם ביי יידן. זייענדיק אַ גרויסער קענער פון דער ביבליש-תּלמודישער און רבנישער ליטעראַטור און אַ אייראָפּעאיש - געשולטער היסטאָריקער, האָט ד״ר איזראַעלסאָן גענומען דעם אַקטיווסטן אָנטייל אינעם אַנאַליז פון דער עקספּערטיזע. אָט דער ענטפער שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרינדלעך וויסנשאַפטלעך ווערק. אַ קאָפּיע פון דעם ווערק, וועלכער איז געבליבן אין כּתבֿ־יד, געפינט זיך איצט אין אונזערע הענט.

דעם אַרטיקל, וואָס מיר דרוקן דאָ וועגן נתן-נטע האַנאָווערן, האָבן מיר באַקומען פון ד״ר איזראַעלסאָנען נאָך אין יאָר 1920, בעת ער האָט געוואוינט אין קיעוו. ערשט איצט — נאָך זיין טויט — האָבן מיר די מעגלעכקייט אים צו פאַרעפנטלעכן. ד״ר י. איזראַעלסאָן איז געשטאָרבן אין יאָר 1926 אין ליבאַווע, אין עלטער פון 70 יאָר. אַ טייל פון זיין ליטעראַרישער ירושה איז לעצטנס אַריבער צום יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

רעדאַקציע.

דעם 16טן יאָרהונדערט האַלט מען פאַר אַ „גאָלדענער צייט“ ביי די יידן אין פוילן. עס האָט זיך זיי דעמאָלט געלעבט בערך רואיק און זייער מאַטעריעלע לאַגע איז געווען אין אַלגעמיין ניט קיין שלעכטע. פון עקאָנאָמישע גזירות האָבן זיי ווייניק געליטן. זיי האָבן געהאַט דאָס רעכט פריי אַרומפאָרן און האַנדלען און האָבן ניט געפילט קיין באַזונדערע שנאה מצד דער אַרומיקער סביבה. דער באַקאַנטער רבנישער גדול ר׳ משה איסערליש (רמ״א) דריקט זיך אויס אין זיינעם אַ בריוו צו אַ רב, וועלכער איז צוריקגעקומען פון דייטשלאַנד קיין פוילן, בזה הלשון: „בעסער אַ טרוקן שטיקל ברויט און מנוחה דאָ ביי אונז אין לאַנד, וואו די שנאה איז ניט אַזוי גרויס, ווי דאָס לעבן אין דייטשלאַנד“ [1].

נאָך בעסער איז געווען די יידישע לאַגע אין אוקראַינע, וועלכע האָט זיך נאָך דער לובלינער אוניע (1569) פאַראייניקט מיט פוילן. די קאָלאָניזירונג פון אוקראַינע איז ביז דעמאָלט געגאַנגען זייער לאַנגזאַם, אָבער צו יענער צייט האָט זי זיך שטאַרק אַ רוק געטאָן פאָרויס. פריצים, מאַגנאַטן, קליינע שליאַכטשיטשעס — אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן קיין אוקראַינע און האָבן פאַרנומען דאָס אומבאַזעצטע לאַנד. אין משך פון אַ קורצער צייט זענען דאָרטן אויסגעוואַקסן גרויסע און קלענערע מאַיאָנטקעס, שטעט און שטעטלעך. גלייך נאָך די גוטבאַזיצער זענען אַהין געקומען אויך יידן, און דאָס האָט געבראַכט פיל נוצן דעם לאַנד. די יידן האָבן אַנטוויקלט דעם מסחר און די מלאכות און האָבן שטאַרק מיטגעהאָלפן צו פאַרפעסטיקן דעם עקאָנאָמישן מצב פון לאַנד. זיי פלעגן האַלטן אין אַרענדע גיטער און אפילו גאַנצע שטעטלעך; אין אַזוינע שטעטלעך פלעגן זיי צומאָל שפּילן די ראָלע פון בעלי־בתּים, אַלס פאַרוואַלטער פון שטעטל [2]. זיי פלעגן דאָ אַרענדירן די שטייערן, האַלטן שענקען און פלעגן זיך אויך באַשעפטיקן מיט לאַנדווירטשאַפט. דעם פויפּסטס לעגאַט קאָמענדאָני דערציילט, אַז די יידן אין אוקראַינע באַזיצן ערד־אייגנטום, באַשעפטיקן זיך מיט האַנדל און דערביי אָבער זענען זיי זיך אויך פיל מתעסק מיט וויסנשאַפטן, על-פּי־רוב מיט מע־

ריצין און אַסטראָנאָמיע. דאָס זענען פאַרמעגל־עכע און געאַכטע מענטשן, וועלכע פלעגן ניט־זעלטן פּאַקטיש זיין די אָרטיקע הערשער. זיי האָבן געטראָגן כלי־זיין און געהאַט דיזעלביקע רעכט, ווי די אַרומיקע באַפעלקערונג" [3]. יעקב עמדין דערציילט אויך, אַז די יידן אין אוקראַינע אין דער תקופה ערב די שרעקלעכע יאָרן האָבן זיך מתעסק געווען מיט וועלטלעכע חכמות, מיט לימודים חיצוניים [4]. די גינציקע תנאים פונעם יידישן לעבן אין אוקראַינע האָבן אַהין צוגעצויגן פיל יידן פון אַנדערע לענדער, וואו ס׳האָט זיך דעמאָלט שווער געלעבט, באַזונדערס פון דייטשלאַנד, וואו די יידן האָבן אין 16טן יאָרהונדערט שטאַרק געליטן פון די שטענדיקע רדיפות, וואו מ׳האָט זיי גערודפט און פאַרטריבן אַמאָל פון איין שטאָט, אַמאָל פון אַן אַנדערער [5].

פון דייטשלאַנד איז געקומען קיין אוקראַינע אויך די משפחה, פון וועלכער עס שטאַמט נתן־נטע האַנאָווער [6]. דער פאַמיליע־נאָמען באַווייזט, אַז דיזאָזיקע משפחה האָט געשטאַמט פון דער שטאָט האַנאָווער, ווייל יידן פלעגן דעמאָלט באַקומען די נעמען פון די שטעט, וועלכע זיי האָבן געמוזט פאַרלאָזן [7]. ווען די פאַמיליע האַנאָווער האָט עמיגרירט פון דייטשלאַנד — איז אונז ניט באַקאַנט, נאָר. ווי עס שיינט, האָט דאָס פּאַסירט אין יאָר 1593, ווייל דעמאָלט זענען די יידן ענדגילטיק פאַרטריבן געוואָרן פון דער דערמאָנטער שטאָט [8].

נתן־נטעס געבורט־שטאָט איז געווען אָסטראָה (וואָלין)[9]; מ׳קאָן משער זיין, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין אָנהייב די צוואָנציקער יאָרן פונעם 17טן יאָרהונדערט. וועגן זיין קינדהייט און זיינע דערציאונג־יאָרן האָבן מיר אויך קיין שום ידיעות ניט, נאָר ווי עס ווייזט אויס האָט ער באַקומען די געוויינטלעכע יידישע דערציאונג פון יענער צייט,—דיזעלביקע, וואָס ער שילדערט אויף די לעצטע זייטן פון זיין בוך „יון מצולה“, וואו ער באַשרייבט דעם גייסטיקן לעבן פון די יידן אין פוילן [10]. ער איז אויסגעוואַקסן אין אַ סביבה, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט שטאַרקע רוחניותדיקע אינטערעסן. אָסטראָה איז דעמאָלט געווען די הויפּטשטאָט פון דער וואָלינער וואָיעוואָדשאַפט [11], מיט אַ געדיכטער יידישער באַפעלקערונג. דיזאָזיקע רייכע האַנדלשטאָט האָט אין יענער צייט שטאַרק געשמט אַלס אַ מקום־תורה, וואו עס האָבן געוואוינט פיל אָנגעזעענע תלמודיסטן און לומדים. דאָרטן האָבן געלעבט די באַרימטע גדולים — די רבנים און גלייכצייטיק אויך די אָרטיקע ראשי־ישיבה שלמה לוריא (מהרש״ל), שמואל אידלש (מהרש״א) און דער מחבר פונעם פירוש צו דעם שלחן ערוך „טורי־זהב“ — דוד הלוי; דער לעצטער איז מער באַקאַנט אונטערן נאָמען „ט״ז“ [12].

נתן־נטעס פאָטער איז, ווייזט אויס, אויך ניט געווען גלאַט אַ פּשוטער ייד, און ס׳איז מעגלעך, אַז ער האָט ערגעץ פאַרנומען דעם כסא־הרבנות; בכל אופן זיין זון רופט אים מיטן טיטל — מוהר״ר, און אין דעם „אל מלא רחמים“, וועגן וועלכן מיר וועלן שפּעטער רעדן, הייסט ער „מורינו הרב ר׳ משה“. אַלס קינד האָט נתן־נטע געלערנט תורה ביי זיין פאָטער. שפּעטער האָט ער געלערנט אין דער אָסטראָהער ישיבה, מעגלעך — ביים מהרש״א אַליין; דער מהרש״א איז געווען ראש־ישיבה אין אָסטראָה ביזן טויט אין יאָר 1632.

דער תלמודישער לימוד אַליין האָט אָבער נתן־נטען ניט געקאָנט באַפרידיקן, און ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט קבלה. דער עיקר האָט ער זיך פאַרטיפט אין דער קבלה־ליטעראַטור פונעם אר״י, וואָס האָט דעמאָלט שוין באַוויזן אַריינצודרינגען אין פוילן און האָט זיך שטאַרק פאַרשפרייט אויך אין אוקראַינע. פאַר דערדאָזיקער נייער שיטה האָבן דעמאָלט געפירט אַ שטאַרקע פראָפּאַגאַנדע דעם אר״יס תלמידים, באַזונדערס ישראל סרוק [13], וועלכער איז אַרומגעפאָרן איבער אַ סך יידישע ישובים, בכדי צו פאַרברייטערן דעם אר״יס תורה, און זיין איידים שלמה שלמיל. דער לעצטער האָט אין זיינע בריוו צו אייניקע קהילות אין אייראָפּע געהויבן דעם אר״י ביז אין הימל אַריין [14]. דעם אר״יס תורה האָט זיך אין יענע יאָרן שנעל פאַרשפרייט קודם כל אין איטאַליע און שפּעטער אין דייטשלאַנד און אין האָלאַנד. און פון דאָרטן איז זי געקומען קיין פוילן. דאָ איז די נייע שיטה אויפגענומען געוואָרן מיט התפעלות פון נתן שפּירא און זיינע זין [15]. אין אוקראַינע איז איר צוגעשטאַנען ישעיה האָראָוויץ, אָדער ווי מען רופט אים — לויט זיין חיבור „שני לוחות הברית“ — דער של״ה; ער איז געווען אַ געוויסע צייט רב אין אָסטראָה [16]. ער און שמשון מאָסטראָפּאָליע, וועלכער איז אומגעקומען על קידוש־השם אין פּאָלאָנע, זענען אין אוקראַינע געווען די וויכטיקסטע אָנהענגער פון דעם אר״יס קבלה [17].

די דרשה „טעמי־סוכה“, וואָס נתן־נטע האָט געהאַלטן אין 1646טן יאָר אין קראָקע און וואָס איז שפּעטער געוואָרן אָפּגעדרוקט, באַווייזט, אַז ער האָט שוין פון דער היים מיטגעבראַכט טיפע ידיעות אין קבלה און אין איר וויכטיקסטן מקור — אינעם „זוהר“. שפּעטער, בשעת ער האָט געלעבט אין איטאַליע צווישן באַגייסטערטע חסידים פון קבלה און איז געווען אונטער דעם רושם פון די צרות, וועלכע ער האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען אין אוקראַינע, האָט ער זיך אינגאַנצן פאַרטיפט אין קבלה און איז געוואָרן גאָר אַ הייסער חסיד פונעם אר״י — פון יצחק לוריאס תורה. דערביי זענען אים ניט געווען פרעמד אויך די וועלטלעכע חכמות. ער האָט קאָנטיק געהאַט אַ באַזונדער נטיה צו געשיכטע [18]. אין זיין בוך „יון־מצולה“ ווייזט ער אַרויס אַ פיינעם היסטאָרישן חוש פון אַ אמתן היסטאָריקער. ער האָט געקענט די פּוילישע, דייטשישע, לאַטיינישע און איטאַליענישע שפּראַכן, און

האָט פאַרפאַסט אַ פיר־שפּראַכיקן ווערטערבוך.

נאָך זיין חתונה איז ער אַריבערגעפאָרן צו זיין שווער ר' אברהם[19] קיין זאַסלאַוו[20]. ווי עס שיינט האָט ער זיך דאָרטן באַשעפטיקט מיט מגידות און פלעגט פון צייט צו צייט אַרויספאָרן אויך אין אַנדערע קהילות האַלטן דרשות. אויבן איז שוין געווען דערמאָנט די דרשה, וואָס ער האט געהאַלטן אין 1646 אין קראָקע. אין זאַסלאַוו זענען אים געבוירן געוואָרן צוויי טעכטער[21]; צי האָט ער געהאַט נאך אַנדערע קינדער איז אונז ניט באַקאַנט.

אַזוי האָט ער געלעבט רואיק און גליקלעך, ביז עס איז געקומען איבער אוקראַינע די שרעקלעכע צייט — דער שטורעמווינט, וואָס האָט געמאַכט אַ תל פון אַזוי פיל גרויסע קהילות, וואָס האָט אָפּגעשטעלט די אַנטוויקלונג פונעם אוקראַינישן יידנטום אויף אַ לאַנגע צייט. דידאָזיקע צרה האָט געצוואונגען נתן־נטע האַנאָווערן צו פאַרלאָזן זיין רואיק לעבן און זיך נעמען צום וואַנדערשטעקן.

עס איז אָנגעקומען דאָס יאָר 1648.—„דאָס יאָר, וואָס האָט געבראַכט שלום ושלוה אין מיטל־אייראָפּע און פרייהייט פאַר ענגלאַנד, דאָס יאָר, ווען לויט פּיער־דע־לאַפּאַנס נביאות, האָט כריסטוס געזאָלט צום צווייטן מאָל דערשיינען פאַר דער וועלט און ווען, לויטן „זוהר", האָט געזאָלט קומען משיח. און דאָסזעלביקע יאָר איז געווען אַ יאָר פון שרעקלעכע צרות און פּיין פאַר די אוקראַינער יידן"[22]. פּלוצים, אומדערוואַרט, ווי אַ דונער אין אַ שטילן העלן טאָג, האָט אויפגעפלאַקערט דער קאָזאַקן־אויפשטאַנד אין אוקראַינע, אָנגעפירט דורך דעם טשיגירינער „סאָטניק"—באָגדאַן כמיעלניצקי. דער אויפשטאַנד, וואָס איז באַקאַנט אין דער יידישער געשיכטע אונטערן נאָמען „גזרות ת"ח ות"ט", איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך פאַרשיידענע רעליגיעזע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע סיבות און איז געווען געווענדט קעגן די פּאָליאַקן — די הערר־שער, אָבער פאַקטיש איז דאָס געוואָרן אַן אויפשטאַנד אויך קעגן די יידן, וועלכע דאָס אוקראַינישע פאָלק האָט געהאַלטן פאַר די מיטהעלפער פון זיינע פּוילישע באַדריקער.

אין דער אמתן אָבער האָט די יידישע מאַסע אַליין ניט ווייניקער פון דעם אוקראַינישן המון געליטן פונעם פּוילישן דרוק און האָט געצוואונגענערהייט געמוזט טאָן דעם ווילן פון די פּוילישע פּאַנעס. דידאָזיקע באַוועגונג האָט מיטגעריסן אין אוקראַינע דעם פּויערטום און די שטאָטישע באַפעלקערונג און האָט זיך ברייט ווי אַ כוואַליע צעגאָסן איבערן גאַנצן דניעפּער־קאַנט. די אויפגעשטאַנענע אוקראַינער האָבן זיך פאַראייניקט מיט זייערע פריערדיקע שונאים, די קרימער טאָטערן, וועלכע האָבן געזוכט נאָר אַ געלעגנהייט פאַר גזלה, און צוזאַמען מיט די טאָטערן האָבן זיי זיך אַ לאָז געטון צו ראַבעווען און אויסהרגענען די יידישע און די פּוילישע באַפעלקערונג מיט אַ שרעקלעכער רציחה. זיי האָבן פאַרברענט און פאַר־טיליקט אַלץ, וואָס איז זיי געשטאַנען אין וועג; ווער עס איז נאָר אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט האָט געמוזט אויסשטיין פון זיי עינויים קשים פאַרן טויט. כמיעלניצקיס חיילות האָבן אָפּגעהאַלטן אַ פּאָר נצחונות איבער די פּאָליאַקן, האָבן פאַרברענט און אויסגעהרגעט אַ גאַנצע ריי שטעט מיט אַ גרויסער יידישער באַפעלקערונג, געמאַכט אַ בלוט־באָד אין די יידישע שטעט נעמיראָוו און טולטשין און האָבן דערלאַנגט ביז פּאָלאָנע, ניט ווייט פון זאַסלאַוו, וואו נתן־נטע האָט דעמאָלט געוואוינט.

אויף דערדאָזיקער שטאָט לוינט זיך אַביסל לענגער אָפּצושטעלן און ביי דער געלעגנהייט לאָזן רעדן דעם מחבר פון „יון מצולה" אַליין.

נתן־נטע באַשרייבט דעם גורל פון זאַסלאַוו און אירע איינוואוינער בזה הלשון[28]: „מיר האָבן אין זאַסלאַוו דערהערט, אַז די טאָטערן און די יוונים (אוקראַינער) באַלאַגערן די שטאָט פּאָלאָנע, — ווייל מיר פלעגן יעדן טאָג שיקן שליחים קיין פּאָלאָנע. דינסטאָג, א' לחודש מנחם אב, האָט דער שליח ניט געקאָנט צוקומען צו דער שטאָט, ווייל זי איז שוין געווען אַרומגערינגלט פונעם שונא. ערשט אויף מאָרגן, מיטוואָך, איז דער שליח צוריקגעקומען מיט דער טרויעריקער בשורה, אַז די שונאים באַלאַגערן פּאָלאָנע. זאַסלאַוו ליגט ניט מער ווי זעקס מייל פון פּאָלאָנע. זענען מיר אַלע, ווער ס'איז נאָר געווען בכוח, דאָנערשטאָג אַנטלאָפן פון שטאָט, איבערלאָזנדיק אונזערע הייזער פול מיט האָב און גוטס, מיט סחורה, ספרים און טייערע חפצים, ניט געזשאַלעוועט אונזער פאַרמעגן, אַבי נאָר צו ראַטעווען אונזער לעבן און דאָס לעבן פון אונזערע זין און טעכטער. אַ טייל איז געלאָפן קיין אָסטראָה, אין דער הויפּטשטאָט פון לאַנד, — אַ שטאָט פול מיט למדנים, חכמים, אַ גרויסער מקום־תורה. איך מיט מיין פאַמיליע און מיין שווער ר' אברהם פון זאַסלאַוו מיט זיין משפחה זענען אַנטלאָפן קיין מעזריטש, וואָס ליגט אַ מרחק פון אַ תחום־שבת פון דער הויפּטשטאָט אָסטראָה.

„אין אָסטראָה און אין מעזריטש זענען זיך צונויפגעלאָפן איבער צען טויזנט יידן מיט זייערע פאַמיליעס, וועלכע האָבן געוואָלט איבערוואַרטן שבת־חזון ביז מ'וועט באַקומען ידיעות פון פּאָלאָנע און ביז די לאַגע וועט קלאָר ווערן. מיר זענען געקומען קיין מעזריטש ערב־שבת ביי טאָג, און גלייך נאָכדעם איז געקומען די ידיעה, אַז דער זאַסלאַווער דוקעס, דער קאָמאַנדיר דאָמיניק וועט מיט אַ גרויסן חייל נאָך דעמזעלביקן טאָג אַרויסגיין אַנטקעגן דעם דוקעס ווישנעוועצקי, כדי צוזאַמען גיין באַפרייען פּאָלאָנע פון דעם שונא. און אַזוי איז טאַקע געווען. דער דוקעס און מיט אים טויזנט אויסדערוויילטע זעלנער, און צווישן זיי דער גבור מיטן נאָמען לאַשטש, זענען אַרויסגעטרעטן און דער איבעריקער טייל איז געגאַנגען פון הינטן. מיר האָבן זיך דערפרייט און זענען געווען זיכער, אַז נאָך

שבת־חזון וועלן מיר זיך אומקערן צוריק אַהיים, ווייל ביז זאַסלאַוו איז געווען נאָר 4 מייל. מיר האָבן אויך געהאָפט, אַז אונזערע ברידער אין פּאָלאָנע וועלן אויסגע־לייזט ווערן פון די צרות.

„נאָר שוין האַרט פאַר קבלת־שבת איז געקומען די שוידערלעכע בשורה, אַז דער מאַגנאַט, דער ראש־העיר פון פּאָלאָנע, און מיט אים אינאיינעם אַ סך מאַגנאַטן זע־נען אַנטלאָפן פון דאָרטן און האָבן דערציילט, אַז פּאָ־לאָנע איז געפאַלן. אַלע דאָרטיקע מאַגנאַטן און יידן זע־נען דערהרגעט געוואָרן און דער שונא גייט אויף זאַס־לאַוו. דער דוקעס ווישניעוועצקי מיט זיין חייל איז אַנט־לאָפן קיין קאָנסטאַנטינאָוו, און די קאָזאַקן און די טאָ־טערן האָבן אים נאָכגעיאָגט און אַ טייל פון זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו אָסטראָהא און מעזריטש. דעמאָלט איז אויף די פּוילישע מאַגנאַטן אָנגעפאַלן אַ שרעק, און אַ גרויסער פחד איז אויך געקומען אויף די יידן, די געמי־טער זיינען געפאַלן און אַלע האָבן געוואַרט נאָר אויף דעם, וואָס וועט טאָן דער קאָמאַנדיר — דער דוקעס דאָמיניק.

„אינמיטן דער נאַכט איז דער דוקעס דאָמיניק אַרויס פון דער שטאָט דורך די טויערן, וואָס פירן קיין פּוילן, מחמת ער האָט מורא געהאַט צו גיין מיטן טראַקט, וואָס פירט קיין קרעמעניעץ דורך זאַסלאַוו, וואו ס'זענען שוין געשטאַנען גרויסע מחנות קאָזאַקן און טאָטערן, און דאָ־מיניק האָט ביי זיך געהאַט נאָר אַ קליינעם חייל. האָט ער בכן באַשלאָסן צו גיין אויף אַ אַרום־וועג קיין קרע־מעניעץ, ניין מייל דורכן וואַלד, און דאָרטן אָפּוואַרטן ביז ס'וועלן צו אים צוקומען נאָך פּוילישע חילות, כדי מיט זיי צוזאַמען גיין קיין קאָנסטאַנטינאָוו. דער עולם האָט אָבער געמיינט, אַז דער שר־החייל אַנטלויפט קיין פּוילן, און האָט צו זיך אַזוי געזאָגט: „אויב דאָס פייער האָט אַרומגעכאַפּט די צעדערבוימער, וואָס־זשע בלייבט די קליינע גראָזעלעך צו טאָן? [24]; אויב דער שר־החייל איז אַנטלאָפן, וואָס־זשע וועט זיין מיט אונז?" די פרנסים פון אָסטראָהא האָבן מכריז ומודיע געווען, אַז קיין איין ייד זאָל למען השם ניט בלייבן אין שטאָט, און דאָס אייגענע האָט מען געטאָן אין מעזריטש, ווייל דער שונא איז געשטאַ־נען שוין אין אַ מרחק פון צוויי מייל, אַחוץ דעם זע־נען מיר ניט געווען זיכער, אַז די אָרטיקע איינוואוינער, די יוונים (אוקראַינער), וועלן אויף אונז אויך ניט אָנ־פאַלן. און אַלע האָבן (די עצה) געהאָרכט און זענען אַנט־לאָפן. ווער ס'האָט געהאַט פערד־און־וואָגן איז געפאָרן, ווער ס'האט ניט געהאַט, הגם ער איז געווען בכוח עס צו קויפן, האָט דערצו קיין צייט ניט געהאַט און האָט פאַרנומען ווייב און קינד, איבערגעלאָזט דאָס גאַנצע האָב־און־גוטס אויף הפקר און געלאָפן צופוס. אפילו די, וואָס האָבן געהאַט פערד־און־וואָגן און האָבן זיי אָנגעפּאַקט מיט סחורות, ספרים אָדער אַנדערע זאַכן, האָבן געמוזט שפּעטער דאָס אַלץ

אָפּגעבן אין וועג דעם קרעטשמער, כדי ס'זאָל לייכטער זיין צו אַנטלויפן. און עס האָבן זיך געצויגן דעם שבת־חזון דריי רייען פורן איינע לעבן דער אַנדערער אין דער ברייט — אויף אַ מרחק פון 7 מייל פון אָסטראָהא ביז דובנאָ, איין וואָגן האַרט הינטער דעם אַנדערן, ניט גערעכנט אָן אַ צאָל פוסגייער. בייטאָג צוויי אַ זייגער דעמזעלביקן שבת־חזון האָבן אונז דעריאָגט דריי רייטער, איין ייד ר' משה צורף פון אָסטראָהא און צוויי פּוילישע פּאַנעס, וועלכע האָבן צו אונז געזאָגט: „וואָס גייט איר אַזוי פּאַמעלעך, דער שונא איז דאָך שוין באַלד דאָ, ער איז שוין אין מעזריטש, מיר זענען קוים פון אים נצול געוואָרן!" גלייך איז געוואָרן אַ גרויסע בהלה און אַ שרעקלעכע רגע איז געקומען פאַר אחינו בית ישראל. וואָס האָט נאָר ניט איר גלייכן. יעדער האָט אַרויסגע־וואָרפן פון וואָגן זיין גאָלד און זילבער, זיינע בגדים, ספרים, בעטגעוואַנט — אַבי נאָר גיכער אַנטלויפן און ראַטעווען די נשמה. אויפן פעלד האָט זיך געוואַלגערט גאָלד און זילבער און קליידער — און קיין ייד האָט עס ניט אויפגעהויבן. אין יענעם מאָמענט איז מקוים געוואָרן אויף אונז די תוכחה: „זייער זילבער און גאָלד וועלן זיי אַרויסוואַרפן אין אַלע גאַסן" [25]. אַ טייל האָט געלאָזן זייער פערד־און־וואָגן מיט אַלץ, וואָס דאָרט איז געווען, זייערע ווייבער, און זענען אַנטלאָפן אין וואַלד. און פיל פרויען און מענער, וואָס האָבן געטראָגן מיט זיך זייערע קינדער, האָבן אין דער בהלה געלאָזט די קינדער און זענען אַנטלאָפן און באַהאַלטן זיך אין די וועלדער און אין די גריבער, כדי צו ראַטעווען זייער אייגן לעבן. אין דעם מאָמענט איז מקוים געוואָרן אויף אונז דער פסוק: „איר וועט לויפן און קיינער וועט אייך ניט יאָגן" [26], ווייל עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס איז געווען אַ ליגן, ניט דער שונא און ניט די טאָטערן האָבן אונז ניט נאָכגעיאָגט, נאָר דער פחד איז דעם גאַנצן שבת־חזון געווען אַזוי שטאַרק, אַז יעדערן האָט זיך געדוכט, אַז די יוונים יאָגן אים.

„אויף מאָרגן נאָך שבת איז אונז קלאָר געוואָרן דער אמת, אַז דער שר־החייל איז ניט אַנטלאָפן קיין פּוילן, נאָר געגאַנגען קיין קרעמעניעץ. דעמאָלט האָבן זיך אונזערע געמיטער באַרואיקט און ווייטער איז מען שוין געלאָפן אָן פחד. און מיר זענען געגאַנגען פון איין אָרט צום צווייטן, איבער שטעטלעך און דערפער, געגנעטיקט אויפן שליאַך, און מיר האָבן קיין מנוחה ניט געקאָנט געפינען. דער ראַבעוועט אונז, דער טרעט מיט די פיס, דער מאַכט פון אונז חוזק, און עס זענען מקוים געוואָרן אויף אונז די פסוקים: „און צווישן די דאָזיקע פעלקער וועסטו קיין רו ניט געפינען און קיין מנוחה פאַר דיינע פיס... דיין לעבן וועט דיר הענגען פאַר דיינע אויגן און טאָג און נאַכט וועסטו לעבן אין שרעק און דו וועסט ניט זיכער זיין מיט דיין לעבן" [27]. אַלע נעכט פלעגן מיר

זיך אָפּשטעלן אין אַ קרעטשמע ביי יוונים און טראַכטן, אַז דער קרעטשמער וועט אונז ביינאַכט הרגענען, ווייל זיי האָבן אַלע געהאַט אַ שייכות צום אויפשטאַנד, און אַז מיר פלעגן איינדערפרי אויפשטיין, פלעגן מיר זאָגן ברוך מחיה מתים, וואָס מיר זיינען געבליבן לעבן.

נאָכדעם ווי די שונאים האָבן גענומען פּאָלאָנע און אַ תל געמאַכט פון דער שטאָט, זענען זיי געגאַנגען פון דאָרטן קיין זאַסלאַוו, האָבן דאָרטן צעראַבעווועט די גאַנצע קהילה, אויסגעהרגעט ביי צוויי הונדערט יידן, וועלכע זענען ניט בכוח געווען צו אַנטלויפן מחמת שלאַפקייט; אַ טייל יידן האָבן זיך פאַרלאָזן אויף זייער גוט־פריינטשאַפט מיט די יוונים און געהאָפט, אַז יענע וועלן זיי מציל זיין, און האָבן זיך באַהאַלטן אין די וועלדער ביז די צרה וועט זיין פאַרביי. דאָרטן זענען זיי געלעגן באַהאַלטן אַ לאַנגע צייט, שיער ניט געשטאָרבן פון הונגער און דורשט און געזאָגט צו זיך, אַז ס'איז בעסער דער טויט איידער אַזאַ לעבן. לאָמיר גיין — האָבן זיי געזאָגט — אין שטאָט אַריין און דאָרטן שטאַרבן, ווייל ס'איז בעסער צו שטאַרבן פונעם שווערד, ווי אויסגיין פאַר הונגער 28). און אַז זיי זענען געקומען אין שטאָט אַריין, האָבן זיי זייערע גוטע־פריינט, די איינוואוינער פון שטאָט, געכאַפּט און געוואָלט טויטן; האָבן די יידן אָנגעהויבן בעטן, מ'זאָל זיי טויטן אויפן בית־עולם, כדי זיי זאָלן קאָנען קומען צו קבורה. די גוים האָבן נאָכגעגעבן זייער בקשה, האָבן זיי אַוועקגעפירט אויפן בית־עולם און די יידן זענען אַריין אין שטיבל פונעם בית־עולם און דאָרטן זענען זיי אַלע דערהרגעט געוואָרן, און נאָכדעם האָבן די גוים פאַר־ברענט דאָס שטיבל אינאיינעם מיט די יידן. און די יידן האָבן אַזוי געהאַט צוויי מיתות — דורך שווערד און דורך פייער — בהרג ושרפה. און די גלחים פון זאַסלאַוו האָבן נאָך פון זיי אַראָפּגעשינדן די הויט לעבעדיקערהייט. די מאַגנאַטן, וואָס זענען דאָרטן פון לאַנג געלעגן באַגראָבן, האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון די קברים ווי פּגרים 29), און דאָס גאָלד און זילבער פון די קברים האָט מען צע־ראַבעוועט. די קלויסטערס (די קאַטוילישע) האָט מען צע־שטערט, און פון אונזער שול האָבן זיי געמאַכט אַ שטאַל פאַר פערד. דאָס אייגענע האָבן זיי אויך געטאָן אין אָסטראָה. דאָרטן האָבן זיי אויסגעהרגעט ביז זעקס הונדערט נפשות, וואָס זענען פאַרבליבן אין שטאָט" 30).

צווישן די קרבנות פון דער אָסטראָהער שחיטה איז אויך געווען משה האַנאָווער, דער פאָטער פון נתן־נטען. דער מחבר פון „יון מצולה" דערציילט ניט וועגן זיין פאָטערס טויט, נאָר אומעטום, וואו ער רעדט וועגן אים, איז ער מוסיף צו זיין נאָמען: „הקדוש" — דער אומגעקו־מענער על קידוש השם 31). אויך דערציילט ער גאָרניט וועגן דעם, ווי אַזוי אים אַליין מיט זיין פאַמיליע האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטרינען פון די ווילדע קאָזאַקן און ניצול ווערן פון דעם לאַנד, וואָס איז געוואָרן אַ אמתע שחיטה־הויז פאַר די יידן. בכלל פעלט ביי אים כמעט אינגאַנצן, ווי ביי אַלע יידישע שרייבער פון די אַלטע צייטן, דער פערזענלעכער מאָמענט. זיין גאַנצע אויפמערק־זאַמקייט גיט ער אָפּ די געשעענישן, וואָס ער באַשרייבט, און ער מישט ניט אַריין זיין „איך" 32). ווי די מעשה איז, אים האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצוגיין בשלום פון דער סכנה און ער האָט אָנגעהויבן צו וואַנדערן איבער דער וועלט, מיט אַ גרויסער פאַמיליע, וואָס האָט זיך געראַ־טעוועט מיט אים צוזאַמען, אָן וועלכע־ניט־איז מיטלען צום לעבן. צוערשט איז ער געקומען קיין דייטשלאַנד און איז אַרומגעפאָרן פון איין שטאָט אין דער אַנדערער, האָ־בנדיק פרנסה פון האַלטן דרשות. ער איז צו דעם גע־ווען גוט צוגעגרייט, אַדאַנק זיינע טיפע ידיעות און זיין פריערדיקער פראַקטיק און אַדאַנק זיין רעדנער־טאַלאַנט 33), פון די דרשות, וואָס ער פלעגט דאָ האַלטן שבת און יום־טוב, האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט אַ גאַנץ בוך — „נטע שעשועים". דאָס בוך איז אָבער ניט געדרוקט געוואָרן.

פון דייטשלאַנד איז ער, ווי ס'ווייזט אויס, אַוועק־געפאָרן קיין האָלאַנד. דאָרטן, אין אַמסטערדאַם, האָט ער אַרויסגעגעבן זיין קראָקעווער דרשה „טעמי סוכה". ער איז אָבער אין דייטשלאַנד און האָלאַנד ניט לאַנג פאַר־בליבן. אים האָט געצויגן קיין איטאַליע — ניט צום לאַנד „וואו די ציטראָנען בליען", נאָר וואו די קבלה האָט דע־מאָלט אַזוי אויפגעבליט. דאָרטן, האָט ער געהאָפט, וועט זיין אָנגעווייטיקט הארץ זיך אויסרוען פון די איבערגע־טראָגענע יסורים, וואָס זענען געבליבן טיף שטעקן אין זיין זכרון. ער איז פון תמיד אָן געווען אַסקעטיש גע־שטימט, און איצט, אונטער דעם איינדרוק פון די לעצטע געשעענישן, האָט ער באַקומען אַ שטאַרקע נטיה צו מיס־טיק. ער איז אויך געווען שטאַרק באַשעפטיקט מיט אויפשטעלן די כראָניק פון די רדיפות אין אוקראַינע. און באַשרייבנ־דיק דאָס, וואָס ער האָט דאָרטן געזען, האָט ער צום צווייטן מאָל איבערגעלעבט די שרעקן און פיין, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען.

אין יאָר 1652 געפינען מיר אים אין ווענעציע, וואו ער האָט געפונען אַ מקום־מקלט אינעם בית־המדרש פונעם אַרצט דוד וואַלענסין (דע־אַלאַנסין) 34). און דאָרטן האָט ער אַרויסגעגעבן זיין באַרימטן היסטאָרישן חיבור „יון־מצולה". אין אַ יאָר אַרום האָט ער באַקומען די שטע־לע פון אַ רב אין ליוואָרנאָ 35). אין ליוואָרנאָ איז ער זיך צונויפגעקומען מיט חיים הכהן מארם־צובה (פון אַלעפּפּאָ אין סיריע) 36), חיים וויטאַלס אַ תלמיד, וועלכער האָט אים אַנטפּלעקט די סודות פון לוריאַס קבלה און האָט אים איבערגעגעבן אַ סך חידושים פון זיין רבין, וואָס זענען ניט אַריין אינעם חיבור „עץ חיים". צו דער־זעלביקער צייט האָט ער זיך אויך מתקרב געווען מיט נתן שפּיראָ, וועלכער איז געקומען פון ירושלים 37). צוזאַמען

מיט זיי איז ער צום צווייטן מאָל געקומען קיין ווענעציע און געזעסן דאָרטן צוויי יאָר צייט — 1655 און 1656 — אין דער ישיבה, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך די ברי־דער אברהם און דניאל מאַניאַן, אין אַ סביבה פון אַזעלכע באַגייסטערטע אָנהענגער פון לוריאס קבלה 38), ווי שמואל אבוהב, משה זכותא און בנימין הלוי. דאָ האָט ער ענד־לעך געפונען אַ רואיק לעבן און האָט געהאַט די מעג־לעכקייט אינאיינעם מיט זיינע חברים זיך צו פאַרטיפן אין די סודות פון דער קבלה. מאַטעריעלע שטיצע האָט ער באַקומען פון דער חברה „תלמוד־תורה" און פון די באַגרינדער פון דער ישיבה. עס זענען אריבערגעגאַנגען די צוויי יאָר און ער איז אַוועק קיין מאָלדאַוויע (היינטיקע רומעניע) און איז געוואָרן דאָרטן אַ רב, פריער אין יאַסי, דערנאָך אין פאָקשאַני 39). וואָס האָט אים געטריבן צו פאַרלאָזן ווענעציע, ווייסן מיר ניט. עס קאָן זיין, אַז ס'איז אים שווער געווען צו זיין אָפּהענגיק פון די בעלי־צדקה, דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַ גרויסע פאַמיליע. פאַר וועלכער ער האָט געמוזט זאָרגן. אפשר איז דאָס געווען די סיבה, פאַרוואָס ער האָט אָנגענומען דעם כסא הרבנות אין דער ווייטער, האַלב־ווילדער מאָלדאַוויע. ס'ווייזט אויס, אַז אין מאָלדאַוויע האָט ער פאַרבראַכט אַ לענגערע צייט. אין דערדאָזיקער צייט האָט ער זיך געקאָנט אָפּגעבן מיט זיין ליטעראַרישער אַרבעט און ס'איז אים געלונגען אַרויסצוגעבן צוויי נייע חיבורים, וואָס האָבן ביידע אַ פּראַקטישן צוועק: דעם פירושפּראַכיקן ווערטערבוך „שפה־ברורה" און דעם ספר „שערי ציון" — אַ זאַמלונג פון פאַרשיידענע תפילות.

אין אָנהייב פון די זיבעציקער יאָרן פונעם 17טן יאָרהונדערט געפינען מיר אים ווידער אין אַן אַנדער אָרט — אין אונגאַריש־בראָד, אַ שטאָט אין מערן; דאָרטן איז ער געווען דיין און מגיד 40), זיינע פסק־דינים אַלס דיין און זיינע אויסגעצייכנטע דרשות האָבן אים פאַרשאַפט אַ סך כבוד אין דער קהילה. דאָ, אין בראָד, האָט ער חתונה געמאַכט זיינע ביידע טעכטער; עס איז אונדז גע־בליבן באַקאַנט דער נאָמען נאָר פון איין איידים—ישראל ניסן מברודאָ 41). אין בראָד האָט ער אָנגעשריבן צוויי קבלה־ספרים: „תוקף יין" און „יפה נוף".

אים איז אָבער ניט געווען באַשערט רואיק דורכצולעבן זיין לעצט ביסל יאָרן און צו שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט. זיין ביטערער מזל האָט גורם געווען, אַז ער, וואָס האָט אין זיין לעבן אַזוי פיל דורכגעליטן, וואָס האָט זיך אָנגעזען אַזוי פיל מעשים נוראים און איז קוים אַנטרינען געוואָרן פון אַ שרעקלעכן טויט על קידוש השם אין אוקראַינע — אַז ער זאָל נאָך אַזוי פיל וואַנדערונגען און וואָגלענישן אויף די עלטערע יאָרן קומען אין אַ שטאָט, וואו ס'איז באַלד נאָכדעם אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם אויף יידן און וואו ער איז אומגעקומען פון די הענט פון ווילדע מערדערס. דאָס איז געווען די צייט פון מלחמה צווישן טערקיי (אונטער דעם סולטאַן מחמד דעם זעקסטן) און עסטרייך (אונטער דעם קיניג לעאָפּאָלד דעם 1טן). דער טערקישער חייל, אונטער דער אָנפירונג פון קאַרא מוסטאַפאַ, האָט זיך אַריינגעריסן אין אונגאַרן, באַזעצט די שטאָט אָפען און האָט זיך געלאָזט גיין אויף ווין. צו די טערקן איז צוגעשטאַנען דער אונגאַרישער גראַף עמעריק טעקעלי, וועלכער איז געווען עסטרייכס אַ שונא און האָט שוין פריער געמאַכט אַן אויפשטאַנד קעגן דעם קיניג; ער האָט צונויפגעקליבן אַ גרויסן חייל, וואָס איז באַשטאַנען דאָס רוב פון ווילדע קורוצן. דעמ־זעלביקן טאָג, ווען די טערקן האָבן גענומען באַלאַגערן ווין, דעם 14טן יולי 1683, האָט זיך טעקעליס חייל, אונטער דער אָנפירונג פון דוד פעטנעהאַזי, אַריינגעריסן אין מערן. דער ערשטער קרבן איז געווען די שטאָט אונגאַריש־בראָד, וואָס איז געבליבן אינגאַנצן אָן מילי־טערישן שוץ. די באַנדעס זיינען פלוצים אָנגעפאַלן אויף דער שטאָט, גאַנץ פרי, בשעת די יידן האָבן געדאַוונט שחרית אין שול. די ווילדע קורוצן האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער שול און אויסגעקוילעט אָן רחמנות אַלע יידן, וואָס זענען דאָרטן געווען. פון זייערע הענט איז אויך געפאַלן נתן־נטע האַנאָווער. זיין לעצטע בקשה איז געווען, מען זאָל אים מקבר זיין אויפן יידישן בית־עלמין. זיין בקשה איז ערפילט געוואָרן. און ביזן היינטיקן טאָג שטייט נאָך אויף זיין קבר אַ מצבה מיט דער פאָלגנדיקער אויפשריפט 42):

תמ"ג ל"

רבינו הקדוש חמדת ישראל
כלי הקודש מנורה הטהורה
פה המתגבר בתורה
נהרג במיתה חמורה,
אשריו שיצאה נשמתו מגוף טהורה
והשלים נפשו על יחוד שם הנורא,
מי לנו גדול ממורנו הרב
ר' נתן נטע
ב"מ משה מאסטרה, עלתה נשמתו
למרום, וכתר תורה על ראשה לעטרה
כ' תמוז בחודש אשר נהפך מיגון לצרה.
ת"נ"צ"ב"ה

אָט אַזוי איז געקומען דער סוף צו נתן־נטע האַ־נאָווערס לעבן, אַ לעבן, וואָס איז געווען פול מיט צרות, לייד און יסורים, אָבער אויך רייך מיט ליטעראַרישן ער־פאָלג, וואָס האָט פאַראייביקט זיין אָנדענק ביי די שפּע־טערדיקע דורות. אויף וויפיל ער איז געווען באַרימט שוין ביי זיין לעבן קאָן מען זען פון דעם „אל מלא רחמים", וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן וועגן דער שחיטה

אין אונגאַריש־בראָד, און פון די שבחים אינעם הספד אויף די בראָדער קרבנות, וואָס איז דערשינען אונטערן נאָמען „חורבן גדול שהיה בק"ק אונגריש ברודא".

אָט זענען די שטעלעס, וואָס רעדן וועגן אים:

פונעם „אל מלא רחמים"[43]:

„ויזכור את נשמת חסידא ופרישא
מורי מורינו הרב ר' נתן נטע
ב"ר הקדוש מורינו הרב ר' משה.
נידון במיתה משונה וקשה,
תפילין על זרועו וראשו בקדושה.
למה תביט מחשה
זו תורה וזו שכרה.
פה מפיק מרגליות ילחוך בעפרא,
מוכיח לרבים היה והדריכם בדרך ישרה,
על אלה אני בוכיה ועיני מים נגרה".

די שטעלע פונעם ספר „חורבן גדול", וואָס איז געשריבן אין יידיש:

„הגאון הגדול מרינו רב נטע
אין דר גנצי וועלט איז ניט זיין גלייכן.
הוט זיך דאז ערשטי מאל לדר ניט קענין אנטווייכן,
און האָט אים לאדר דער שאסין אין קאפ גיטראפן...
צו אלר לייא נדבות אין דער וועלט,
איז איבראל זיין געלט.
פון זיין תורה ומעשים קען מין ניט אלש דר שרייבן.
ווי זאָלין מיר ניט צער טרייבן...
ווי אים זיין נשמה איז אויז גיגנגין
האבין אים מוזין די לייט די הנט גילנגין,
דז זי וועלין טאן צי קבורה,
אולי וורט זיין מיתה זיין איין כפרה".

ער האָט באמת פאַרדינט דידאָזיקע שבחים אַדאַנק זיינע פיינע מידות און זיין פאַרשידנאַרטיקער און גרויסער למדנות. זיין טיפע יראת־שמים, זיין אַסקעטיש שטרענגע לעבנספירונג, זיין ברייטע האַנט אין צדקה־זאַכן, בשעת ער אַליין איז געווען אַן אָרימאַן און אַ מסתפק במועט, זיינע אינהאַלט־רייכע און טיף־דורכגעפילטע דרשות, זיין וויכטיקע ליטעראַרישע אַרבעט — דאָס אַלץ האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף זיין סביבה און האָט אים פאַרשאַפט אַ גרויסן נאָמען און אַ גוטן אָנדענק.

הויפּטזאַכלעך איז ער באַקאַנט געוואָרן דורך זיינע ווערק. מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט אייניקע פון זיינע חיבורים, אָבער עס לוינט זיך אָפּצושטעלן אויספירלעכער אויף יעדן חיבור באַזונדער. מיר גיבן דאָ דעם אינהאַלט און אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון יעדן ספר, לויטן כראָנאָלאָגישן סדר:

1) „טעמי־סוכה" — אַ דרשה וועגן דעם באַטייט פונעם יום־טוב סוכות און וועגן די תפילות פון סוכות. די דרשה איז געהאַלטן געוואָרן אין קראָקע 1646, אָבער געדרוקט געוואָרן איז זי ערשט 1652 אין אַמסטערדאַם. פריער האָט זי ניט געקאָנט געדרוקט ווערן מחמת דעם, ווי דער מחבר שרייבט: „מלסבת הרעש והמהומה שהיה בארצנו באילו השנים, גזרות קשות ורעות ושמדות ומיתות משונים, ודבר וחרב, וכיונה בחגוי הסלע היינו טמונים וגם כספנו השלכנו כאבנים".

אין דעמדאָזיקן קליינעם ספר, וואָס פאַרנעמט נאָר 12 דפים קוואַרטאָ, האָט דער מחבר געבראַכט אַלע שטעלעס פון תלמוד, וואָס האָבן אַ שייכות צו סוכות און וועלכע ער דערקלערט אויפן אַלעגאָרישן אופן, און איז זיך דערביי סומך אויפן „זוהר". אין דעמדאָזיקן ערשטן חיבור ברענגט שוין דער מחבר אַריין אַ קבלהשן עלעמענט, וואָס ווערט אין די אַנדערע ווערק אַלץ שטאַרקער.

2) „יון־מצולה" — אַ היסטאָריש ווערק. באַשרייבונג פון די גזירות ת"ח ות"ט און פון די שפּעטערדיקע יאָרן ביז 1652 (תי"ב). דער נאָמען „יון־מצולה" איז גענומען פון תהילים, קאַפּיטל ס"ט, פּסוק י"ג, און הייסט אויף יידיש „אַ טיפער זומפּ". בוכשטעבלעך איבערגעזעצט, הייסט יון - אַ זומפּ און מצולה — אַ וואַסער־אָפּגרונד דער מחבר באַניצט אָבער דעם אויסדרוק בדרך רמז. דאָס וואָרט יון האָט פריער געהייסן אַ יאָניער. נאָכדעם בכלל אַ גריך; שפּעטער האָט מען אונטערן וואָרט יוונים געמיינט די רוסן, ווייל זיי האָבן אָנגענומען דעם גריכיש־קאַטוילישן גלויבן. אין דעמדאָזיקן פאַל, ביי נתן־נטע האַנאָווער, הייסן „יוונים" — די אוקראַינער בכלל און די קאָזאַקן בפרט, אַזוי אַז „יון־מצולה" קאָן הייסן „דער קאָזאַקישער אָפּגרונד". דערדאָזיקער נאָמען האָט אָבער נאָך אַן אַנדערן טעם: דער צאָל־באַטייט פון די אותיות אין „טבעתי ביון מצולה" (ווי עס שטייט אין תהילים) איז דערזעלביקער, ווי די צאָל אין „חמיל וקדר ביון יחדיו חברו" (כמיעלניצקי און די טאָטערן האָבן אינאיינעם אַריינגעדרונגען אין אוקראַינע). ער באַנוצט אָפט אַזוינע צרופי־אותיות, גימטריאות און אַנדערע קבלהשע המצאות[44], מיט וועלכע מען קאָן געפינען אין תנ"ך נביאות פאַר אַלע צרות, וואָס קומען אָן אויף יידן.

נאָכדעם ווי דער מחבר איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיינע קבלהשע איינפאַלן גייט ער אַריבער צום ספור־המעשה פון די היסטאָרישע געשעענישן. און דאָ ווייזט ער אַרויס אַ פיינעם פאַרשטאַנד פאַר געשיכטע און אונטערשיידט זיך גרינדלעך פון אַנדערע אַלטע יידישע כראָנאָגראַפן און היסטאָריקער, וואָס ווארפן אַן אַ בארג מיט

פאַקטן, אָן קיין שום כראָנאָלאָגישן סדר און אָן אַ שום צוזאַמענהאַנג[45]. נתן־נטע האַנאָווער דערציילט וועגן די געשעענישן כראָנאָלאָגיש, גיט יעדעס מאָל אָן די גענויע דאַטע פון דעם אָדער יענעם פאַקט און דערביי ווייזט ער אַרויס גרויס פאַרשטאַנד און קענטעניש וועגן דעם אַלגעמיינעם גאַנג פון דעם אויפשטאַנד אין אוקראַינע און וועגן די קריגס־אָפּעראַציעס פון די פּאָליאַקן. אמת, ער איז געווען אַ לעבעדיקער עד־ראיה פון די אַלע געשעענישן און זיי האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין זיין זכרון, אָבער די יידישע היסטאָריקער זענען ניט גאַנץ פּינקטלעך אויך בנוגע די פאַקטן, וואָס זיי האָבן אַליין איבערגעלעבט. באַזונדערס בולט ווייזן זיך אַרויס זיינע מעלות אַלס געשיכטע־שרייבער, ווען מען פאַרגלייכט זיין ווערק מיט אַנדערע חבורים, וואָס באַשרייבן דיזעלביקע תקופה.

זיין באַשרייבונג הויבט נתן־נטע אָן מיט די סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַזוי פיל קאָזאַקישע מרידות אין יענער צייט, און ער באַמערקט דערביי גאַנץ ריכטיק, אַז בעיקר איז דער אויפשטאַנד געקומען אַלס רעזולטאַט פון אַן אומדערטרעגלעכער רעליגיעזער און עקאָנאָמישער אונטערדריקונג פון די קאָזאַקן. ער באַרירט קורץ די אויפשטאַנדן פון נאַליוואַיקאָ און פון פּאַווליוק און גייט איבער צום עיקר המעשה — צו כמעלניצקיס אויפשטאַנד. ער באַשרייבט דעם אָנפירער פון די קאָזאַקן, באָגדאַן כמעלניצקין, דערציילט וועגן זיין בונד מיט די טאָטערן און שטעלט זיך אָפּ באריכות אויף די הויפּט־מאָמענטן פון דעם אויפשטאַנד און אויף די פאָלגן, וואָס דער אויפשטאַנד האָט געהאַט פאַר די יידן. מיט אַ שרעקלעכער רציחה האָבן זיך די קאָזאַקן אינאיינעם מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג אַרויסגעוואָרפן אויף די יידן און זיי געהרגעט, געפייניקט מיט אַלע ענויים קשים, ניט האָבנדיק קיין רחמנות אויף פרויען און קינדער. נתן־נטע האַנאָווער גיט אָן די נעמען פון די וויכטיקסטע קהילות אין אוקראַינע, ליטע און פּוילן, וואָס זענען דעמאָלט אויסגעראָטן געוואָרן פון די קאָזאַקן, מיט גענויע דאַטן (טאָג און חודש), ווען דאָס האָט פּאַסירט, און מיט דער צאָל קרבנות. בדרך אגב באַשרייבט ער קורץ, אָבער בולט, ווי אַזוי די פּאָליאַקן האָבן געפירט מלחמה קעגן די קאָזאַקן און גיט אַ כאַראַקטעריסטיק פון די פּוילישע אָנפירער. און אַזוי ווי עפּעס מיט אַ כיוון, כדי דער אומגליק, וואָס האָט געטראָפן אוקראַינע, זאָל ווערן פאַר אונז נאָך בולטער, כדי דער יוויטאָג פון דעם חורבן זאָל זיין נאָך שאַרפער, — גיט ער אויף די לעצטע זייטן פון זיין ווערק אַ זייער אינטערעסאַנט בילד פון דעם יידישן גייסטיקן, קולטורעלן לעבן אין פּוילן ערב דער קאַטאַסטראָפע. ער באַשרייבט די לאַגע פון די חדרים, תלמוד־תורהס און ישיבות און דערציילט מיט באַגייסטערונג, ווי טריי די פּוילישע יידן זענען דעם תלמוד, מיט וואָס פאַר אַ ליבע און מסירת־נפש זיי שטיצן יעדערן ווער ס'לערנט תורה, ווי דער פּוילישער יידישער קיבוץ איז פרום און טוט צדקה. ער באַרירט אויך קורץ דעם דאָרטיקן בית־דין און דעם „ועד ארבע ארצות". אין דידאָזיקע ציילן פילט זיך דער טיפער וויטאָג, וואָס כאַפּט אָן דעם מחבר, ווען ער דערמאָנט זיך אין דעם פריערדיקן גליקלעכן, רואיקן לעבן פון די יידן אין פּוילן, בעת דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען פול מיט למדנים און ס'איז כמעט קיין יידישע שטוב ניט געווען, וואו מען האָט ניט געהערט קיין דברי־תורה. און ער פאַרגלייכט עס מיט דער טרויעריקער לאַגע נאָכן חורבן, ווען פון אַלע קהילות איז געוואָרן אַ תל, ווען אַלע שולן און בתי־מדרשים, וואו ס'האָט פריער געקלונגען „גאָטס וואָרט", זענען חרוב געוואָרן, ווען אַ סך יידן זענען אומגעקומען על קידוש־השם און די איבריקע וואָגלען אַרום אין פרעמדע לענדער. צום סוף דריקט ער אויס אַ דאַנק יענע קהילות אין פאַרשיידענע לענדער, וואָס האָבן זיך משתדל געווען אויסצוקויפן די יידן, וועלכע זענען אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, און וואָס האָבן אויף אַלע אופנים אונטערגעשטיצט די אומגליקלעכע.

דאָס בוך איז מערקווירדיק מיט זיין פּשוטער און קלאָרער שפּראַך, אָן איבעריקער מליצה; נאָר זעלטן וואַרפן זיך דורך תלמודישע אויסדרוקן און פראַזן. אָבער די גרעסטע מעלה פון דעם דאָזיק ווערק איז זיין דאָקומענטאַלישקייט און היסטאָרישע פּינקטלעכקייט; דאָס מאַכט אים פאַר אַן ערשטקלאַסיקן מקור צו דער געשיכטע פון גזירות ת"ח ות"ט.

דאָס בוך איז צום ערשטן מאָל אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ווענעציע אין יאָר 1653. וועגן די שפּעטערדיקע אויסגאַבן פונעם בוך זע: וואָלף, „ביבליאָטעקאַ העברעאַ", I, 923; שטיינשניידער, באָדלעיאַנער קאַטאַלאָג, 2044; שטיינשניידער, „די געשיכטסליטעראַטור דער יודען", 121, נומ. 169; בן־יעקב, „אוצר הספרים", 217, נומ. 129; פירסט, „ביבליאָטעקאַ יודאַיקאַ", ב, 361,1. עס זענען אויך פאַראַן איבערזעצונגען פונעם בוך אויף יידיש, פראַנצויזיש, דייטש און רוסיש. זע וועגן דעם ביי שטיינשניידער, „געשיכטסליטעראַטור", ז. 121, נר. 169[46].

3). „שפה ברורה" — אַ ווערטערבוך אין פיר שפּראַכן — העברעאיש, דייטש, לאַטייניש און איטאַליעניש. דאָס בוך באַשטייט פון 20 קאַפּיטלען און איז איינגעטיילט לויט די באַגריף־קאַטעגאָריעס. אַזוי, למשל, געפינען מיר אינעם ערשטן קאַפּיטל ווערטער, וואָס האָבן אַ שייכות צום הימל און צו די הימלס־קערפּער. דער צווייטער קאַפּיטל באַהאַנדלט די ווערטער, וואָס האָבן אַ שייכות צו אמונה א. א. וו. דאָס בוך האָט געהאַט אַ פּראַקטישן צוועק — צו געבן אַ הילף־מיטל די פאַרוואָגלטע אוקראַינער יידן, וואָס וואַנדערן אַרום אין פרעמדשפּראַכיקע לענדער.

אין דער אַרבעט האָבן אים געהאָלפֿן: יעקב שברשינר — בנוגע דער לאַטיינישער שפּראַך, און גבריאל פּלאַניס — בנוגע איטאַליעניש [47]. די ערשטע אויסגאַבע איז אַרויס אין פּראָג 1660 ; דאָס צווייטע מאָל איז דאָס בוך אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אַמסטערדאַם אין יאָר 1701 פֿון יעקב קאָפּיל, וועלכער האָט מוסיף געווען נאָך אַ פֿינפֿטן עמוד — פֿראַנצויזיש [48]; דאָס דריטע מאָל — אין לעמבערג אין יאָר 1786. זע: וואָלף, 924 ; שטיינשניידער, קאַטאַלאָג, 2047 ; פֿירסט — 361 ; בן־יעקב, „אוצר הספרים״, ז. 607, נומ. 1187. שלמה לונדון פֿון נאָוואָגרודעק האָט איינגעשלאָסן דעם ווערטערבוך מיט קיצורים אין זיין זאַמלבוך „קהלת שלמה״, ניט אָנגעבנדיק דעם נאָמען פֿונעם מחבר און באַגייענדיק אויף אַזאַ אופֿן אַ פּלאַגיאַט [49].

4). „שערי־ציון״ — אַ זאַמלונג פֿון תּפֿילות פֿאַר תּעניתים, יום־טובֿים, תּיקון־חצות א. אנד., מיט אַ קבליסטישן אינהאַלט, איינגעטיילט אין זיבן קאַפּיטלעך. דידאָזיקע תּפֿילות זענען געשאַפֿן געוואָרן דאָס רובֿ אין דער סבֿיבֿה פֿון אר״יס תּלמידים. זייט דעם אר״יס תּורה האָט זיך פֿון ארץ־ישראל פֿאַרשפּרייט איבער אייראָפּע האָט זי אָנגעהויבן פֿאַרנעמען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דעם יידישן רעליגיעזן לעבן. פֿריער איז די קבלה געווען אַן אייגנאַרטיקע פֿילאָזאָפֿישע סיסטעם, וואָס האָט געהערט נאָר צו אַ קליינער סבֿיבֿה פֿון איניקע אויסדערוויילטע. איצט האָט זי באַקומען אַ פּראַקטישן כאַראַקטער און איז אַריינגעדרונגען אין די ברייטע פֿאָלקסשיכטן, אַרומכאַפּנדיק אַלע זייטן פֿונעם יידישן לעבן. אין אַ גרויסער מאָס איז דאָס געווען אַ פּועל־יוצא פֿון די אומענדלעכע רדיפֿות און צרות, וואָס די יידן האָבן אַריבערגעטראָגן ניט נאָר אין פּוילן, נאָר אויך אין אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער. דאָס האָט אַרויסגערופֿן ביי זיי אַ נטיה צו מיסטיק, צו סגופֿים און תּעניתים און — צו קבלה. אין דער שיטה האָבן זיי געהאָפֿט צו באַקומען אַן ענטפֿער אויף דער שאלה, וואָס האָט זיי געפּייניקט אָן אַן אויפֿהער: ווען וועט נעמען אַ סוף צו זייערע ליידן, ווען וועט קומען דער קץ, די פֿאַרשפּראָכענע משיח־צייט. די קבלה איז געווען אויך אַ מיטל מיט אייגענע כּוחות מקרבֿ צו זיין דעם קץ: מיט אמתער פֿרומקייט, מיט אָפֿטע תּעניתים און דער עיקר — מיט הייסער תּפֿילה צום אויבערשטן, ווען דער מענטש פֿאַרגעסט אַלץ אַרום און קומט אַריין אין דער מדרגה פֿון התלהבֿות, ווען די נשמה באַהעפֿט זיך מיט גאָט, — מיט אָט אַזאַ דבֿקות קאָן מען אָראָפּברענגען משיחן. ס׳פֿאַרשטייט זיך, אַז די קבלה האָט געמוזט האָבן אַ גרויסע השפּעה אויף די תּפֿילות, און די לעצטע האָבן טאַקע אַריינגענומען אַ סך קבליסטישע עלעמענטן. עס זענען צוגעקומען ביי יידן נייע תּפֿילות און פּיוטים, וואָס זענען דורך און דורך דורכגעדרונגען מיט קבלה.

אין דעם פּרט האָט זייער פֿיל אויפֿגעטאָן אונזער מחבר, וועלכער איז געווען, ווי געזאָגט, דעם אר״יס אַ הייסער חסיד. אין זיין זאַמלונג זענען אַריין תּפֿילות פֿונעם „עץ־חיים״, וואָס חיים וויטאַל, דעם אר״יס אַ טרייער תּלמיד, האָט אָנגעשריבן, און פֿון אַנדערע צפֿתער מקובלים, פּיוטים פֿון חיים הכהן, פֿון משה זכותא א. אנד. דער חיבור פֿון נתן האַנאָווער האָט זיך זייער גוט פֿאַרשפּרייט. ער איז אַ סך מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן און איז געוואָרן ביים עולם זייער באַליבט. איניקע תּפֿילות זענען אַריבער אויך אין די איצטיקע סידורים און מחזורים און ווערן נאָך באַנוצט ביז היינטיקן טאָג. אַזוי, למשל, איז אַדאַנק אים שטאַרק פֿאַרשפּרייט געוואָרן דער תּיקון־חצות — אַ מנהג, וואָס איז ביז יענער צייט געווען פֿאַרשפּרייט נאָר אין איניקע איטאַליענישע קהילות; פֿון דאָרטן איז ער אַריבער אויך אין אונזערע סידורים [50]. די תּפֿילה „רבונו של עולם״, וואָס מען זאָגט נאָכן אַרויסנעמען די ספֿר־תּורה פֿונעם ארון־קודש, און דער „יהי רצון״ נאָך „ברכּת כּהנים״ — זענען אויך גענומען געוואָרן פֿון דער דאָזיקער זאַמלונג און זענען איצט אַריין אין די תּפֿילות [51].

די ערשטע אויסגאַבע פֿונעם „שערי־ציון״ איז דערשינען אין פּראָג אין יאָר 1662. די צווייטע איז דערשינען אין אַמסטערדאַם אין יאָר 1671, בשעת נתן האַנאָווער איז שוין געווען געזעסן אין אונגאַריש־בראָד און האָט ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו קומען קיין אַמסטערדאַם אַליין מגיה זיין דעם ספֿר. ער האָט דעריבער געשיקט אַהין זיין ברודער מרדכי גומפּרעכט. אַ שפּעטערדיקע אויסגאַבע איז דערשינען אין דירענפֿורט אין יאָר 1705, אין דער דרוקעריי פֿונעם באַקאַנטן ביבליאָגראַף און בוכדרוקער שבתי ב״ס, אונטער דער השגחה פֿון דעם מחברס איינִיקל מרדכי מרקיל בן ר׳ ישראל ניסן. די לעצטע אויסגאַבע איז באַקאַנט דערמיט, וואָס צוליב איר האָט מען פֿאַרפֿירט אַ פּראָצעס קעגן דעם בוכדרוקער שבתי ב״ס. געבראַכט דערצו האָט די מסירה פֿון דעם יעזויִט פֿראַנציסקוס קאַלבאַ, דער לעקטאָר פֿון העברעאיש אינעם פּראָגער אוניווערסיטעט. ער האָט געמסרט, אַז אינעם געדרוקטן דאָ פּיוט „דודי ירד לגני״, וואָס דער מקובל חיים הכהן האָט פֿאַרפֿאַסט [52], איז דאָ גאָטלעסטערונג און אַ באַליידיקונג פֿונעם קיניג. שבתי ב״ס, וועלכער איז דעמאָלט שוין געווען אַ זקן, און זיין זון, וועמען ער האָט נאָך פֿאַרן טויט איבערגעגעבן די דרוקעריי, זענען אַריינגעזעצט געוואָרן אין תּפֿיסה. זיי זענען אָפּגעזעסן צוויי חדשים ; שפּעטער האָט מען זיי אַרויסגעלאָזט אויף ערבֿות, ווייל דער פּראָפֿעסאָר פֿאַר העברעאיש אין דער ברעסלויער גימנאַזיע — גוסטאַוו פֿאָל האָט אַלס עקספּערט געגעבן אַ גוטע מיינונג — קעגן דער באַשולדיקונג [53].

וועגן די איבעריקע אויסגאַבן זע: וואָלף, I, 323, און III, 852 ; שטיינשניידער, קאַטאַלאָג, 2047 ; פֿירסט, I, 361 ; בן־יעקב, „אוצר הספרים״, 604, נומ. 1134 ; פֿריימאַן, „אַנאַלן דער העברעאישן דרוקעריי אין ווילֿ־

העלמסדאָרף", אין „בערלינער פעסטשריפט", 104, נום. 24 און 113, נום. 143.

אחוץ די ספרים, וואָס זענען דערשינען געדרוקט, האָט נתן האַנאָווער אָנגעשריבן אייניקע ווערק, וואָס זענען געבליבן ניט פאַרעפנטלעכט. דהיינו:

1. „נטע שעשועים" – דרשות אויף אַלע פרשיות פון חומש און אויף אַלע ימים־טובים, וואָס זענען פון אים געהאַלטן געוואָרן אין פאַרשיידענע שטעט אין דייטשלאַנד. דאָס ווערק ווערט דערמאָנט אין דער הקדמה צו „טעמי-סוכה" און צו „יון-מצולה" און אין ספר „התרת נדרים" פון זיין אייניקל מרדכי מרקיל. זע: בן-יעקב, „אוצר הספרים", ז. 217, נומער 129; וואָלף, III, 852; פירסט, I, 362.

2. „נטע נאמן"–. אין דעם חיבור דערקלערט דער מחבר דעם אר"יס תורה אויפן סמך פון חיים וויטאַלס ווערק. דער „נטע נאמן" ווערט דערמאָנט אין דער הקדמה צו „שערי־ציון". זע: וואָלף, פירסט און בן־יעקב אין די אויבנדערמאָנטע שטעלעס.

3. „תוקף יין" – די באַדייטונג פון פורים על־פי הקבלה. דער כתב־יד האָט זיך פריער געפונען אין דוד אָפּענהיימערס ביבליאָטעק; איצט געפינט ער זיך אין דער באָדלעיאַנער ביבליאָטעק אין אָקספאָרד. זע: נייבויער, מאַנוסקריפּטן־קאַטאַלאָג פון דער באָדלעיאַנע, נום. 1906. וואָלף (III, 853) און בן־יעקב („אוצר הספרים", ז. 628, נום. 233) האַלטן פאַרן מחבר פון דעם ווערק איינעם „נתן־נטע אונגאַריש־בראָד"; זיי האָבן אָבער ניט דערקענט, אַז דאָס איז דערזעלביקער נתן־נטע האַנאָווער, דער מחבר פון „יון־מצולה", וואָס איז געפאַלן על קידוש השם אין אונגאַריש־בראָד. זייער טעות רופט אַרויס אַ פאַרוואונדערונג, מחמת אין כתב־יד שטייט ביי זיין נאָמען בפירוש דער אויסדרוק הי"ד (ה' ינקום דמו), וועלכן מ'גיט צו נאָר אַ קדוש. וועגן דעם ווערק „תוקף יין" זע: שטיינשניידער, „פורים אונד פּאַראָדיע" אין „מאָנאַטסשריפט" 1903, ז. 176.

4. „יפה נוף" – אַ פירוש אויף תהילים און אויף די תפילות עפ"י הקבלה. דאָס דאָזיקע בוך האָט באַנוצט דער מחבר פונעם סידור „כתר יוסף" (בערלין, 1770). זע: „סדר הדורות", אויסג. פון משכיל־לאיתן, III, 55 און 58; אויך בן־יעקב, „אוצר הספרים", ז. 228, נומער 361; אויך קויפמאַן, „די פערהעערונג פון אונגאַריש בראָד", אין „מאָנאַטסשריפט" 1893, ז. 274.

פירסט שרייבט צו נתן האַנאָווערן אויך אַ פירוש אויף די „אותיות דר' עקיבא", נאָר ווי עס ווייזט אויס האָט ער פאַרביטן אונזער מחבר מיט נתן־נטע בן משה האַמרשלאַק, פון וועלכן עס איז ווירקלעך פאַרבליבן אין כ"י אַ פירוש צום דערמאָנטן ספר. זע: וואָלף, I, 925 און III, 853; בן־יעקב, 459, נום. 126.

שטיינשניידער (זע „מאָנאַטסשריפט", 1903, 176) שרייבט אים צו נאָך אַ חיבור, אונטערן נאָמען „חיי עולם נטע", שטיצנדיק זיך דערביי אויף די ווערטער פון נתן האַנאָווערס אייניקל מרקיל אין דער הקדמה צו זיין „התרת נדרים", וואו ער שרייבט, אַז ער איז דער אייניקל פון „הקדוש החסיד המנוח מהור"ר נטע הי"ד בעל המחבר נטע שעשועים וחיי עולם נטע אמן". שטיינשניידער האַלט די ווערטער „חיי עולם נטע" פאַר דעם נאָמען פון אַ ווערק. אָבער דאָס איז וואָרשיינלעך פשוט אַ מליצה מיט אַ רמז אויף זיין נאָמען. ווי עס באַווייזט דאָס לעצטע וואָרט אמן.

ווען מען באַטראַכט די ווערק, וואָס נתן־נטע האַנאָווער האָט אָנגעשריבן אויף פאַרשיידענע געביטן, מוז מען באַוואונדערן זיין פרוכטבאַרקייט. באַזונדערס ווען מען באַרעכנט, אין וועלכע תנאים אים איז אויסגעקומען צו אַרבעטן און וועלכע ליידן אים איז אויסגעקומען אויסצושטיין. מען זעט, אַז דאָס איז געווען אַ מאַן מיט אַ שטאַרקן ווילן און אַ פעסטן כאַראַקטער. זיין טיפער גלויבן האָט אים געגעבן דעם כוח איבערצוטראָגן אַלע צרות און אין זיין גייסטיקער אַרבעט האָט ער געפונען די איינציקע נחמה.

פאַר אונז איז אינטערעסאַנט ניט נאָר זיין טראַגישער גורל, נאָר אויך זיין מאָראַלישער פרצוף און זיין ליטעראַרישע ירושה. קויפמאַן שרייבט[54], אַז ער איז באַרימט געוואָרן דורך זיין זאַמלונג פון תפילות „שערי־ציון", וואָס האָט אויסגעהאַלטן אַ סך אויסגאַבן און איז שטאַרק פאַרשפרייט געוואָרן. דאָס איז אמת בנוגע צו זיין פּאָפּולערקייט ביי די רעליגיעזע פאָלקסמאַסן. אָבער דער גרויסן נאָמען, וואָס איז פאַרבליבן ניט נאָר אויף אַ פאָר צענדליק יאָר, נאָר אויף דורות, האָט אים פאַרשאַפט זיין היסטאָריש ווערק — „יון מצולה". נתן־נטע האַנאָווער וועט פאַר אונז תמיד פאַרבלייבן דער קלאַסישער באַשרייבער פון די גזירות ת"ח ות"ט.

## באַמערקונגען.

1) בן-ציון כ"ץ, „לקורות היהודים", 3, שו"ת רמ"א, תשובה צ"ה.

2) אין „יון-מצולה" (ווענעציע 1653, ז. ג', עמ' ב') ווערט דערציילט, אַז דער פאַרוואַלטער פון טשיהירין (מושל ופקיד על העיר) איז געווען אַ ייד – זכריה סאַבילענקי.

3) Czacki, Rozprawa o Żydach, 51
אויספירלעכער זע אין גרעצס געשיכטע, דריטע אויסגאַבע פון 1891 (דייטש), באַנד IX, 59.

4) „סדור יעקב עמדין", ח"ב – שער השמים, אַל-טונא, תק"ז, דף ע"ז, עמוד ב'.

5) Lewin, Deutsche Einwanderer in polnische Ghetto („Jahrbuch der Jüdisch-Literarischen Gesellschaft", 1906, 308 ff.)

6) אויף די שער-בלעטלעך פון זיינע ווערק גיט צו נתן-נטע האַנאָווער תמיד צו זיין נאָמען דאָס וואָרט אשכנזי. אין דעם 17טן קאַפיטל פון „זיין ווערטער בוך" וואו ער באַרירט אגב די פראַגע וועגן זיין נאָמען, שרייבט ער: „נתן אשכנזי עבדך". זע: Grünbaum: Jüdischdeutsche Chrestomathie, 549.

7) Lewin, דער אויבנדערמאָנטער אַרטיקל, אינעם „יאַרבוך" פון 1907, ז. 80.

8) די יידישע ענציקלאָפעדיע (רוסיש). ב. VI, 159.

9) אַז נתן-נטע האַנאָווער איז געבוירן געוואָרן אין אָסטראָהא קאָן מען זען פון דער אויפשריפט אויף זיין מצבה (זע אונטן), וואו עס שטייט: „ר' נתן-נטע ב"מ משה מאסטרה". מען קאָן אַפילו דאָס וואָרט מאסטרה באַציען אויף זיין פאָטער, נאָר גיכער לייגט זיך אויפן שכל, אַז דאָס באַציט זיך אויף נתן-נטען אליין. אין דעם בוך פון נפי-גירונדי „תולדות גדולי ישראל", ז. 270, ווערט דערציילט, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין קראָקע. אָבער דאָס איז אַ טעות, און דער טעות נעמט זיך אָדער דערפון, וואָס אויף דעם שער-בלאַט פון זיין חבור „טעמי-סוכה" שטייט, אַז ער האָט געהאַלטן די דרשה אין קראָקע, אָדער דערפון, וואָס מ'האָט אים פאַרביטן מיט אַן אַנדערן, ווי עס ווייזט אויס – מיט נתן-נטע שפירא פון קראָקע. וועגן זיין ברודער דערוויסן מיר זיך פון דעם שער-בלאַט צום חיבור „שערי-ציון", וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין אמסטערדאַם 1671 אונטער זיין השגחה. דאָרטן שטייט, אַז ער איז געווען רב אין דער פוילישער שטאָט גואַדיף. זע: Wolf, Bibliotheca Hebraea, III, 852.

10) „יון מצולה", י"א–י"ב.

11) דאָרטן, ז. ו', עמוד ב': „ק"ק אוסטרה הבירה שהיה מטרופולין במדינת רוסיא והיה עיר גדולה לאלהים של חכמים וסופרים, ותורה וגדולה היה במקום אחד".– זע „צוק העתים" אינעם „אוצר הספרות" ח"ג, ז. 121: „ק"ק אוסטרה העיר הגדולה של חכמים וסופרים, תורה וגדולה, חשובים ונבונים ואנשי סגולה, למדינת רוסיא – היתה מטרופולין".

12) ביבער, „מזכרת לגדולי אוסטרהא", ז. 31, 43, 53.

13) דוד כהנא, „תולדות המקובלים השבתאים והחסידים", ז. 29–30.

14) דאָרטן, ז. 36–40.

15) וועגן דעם ווי אַזוי די קבלה פון יצחק לוריא האָט זיך פאַרשפרייט איבער אייראָפע זע: דעמביצער, „כלילת יופי", ח"ב, ז. קי"ח–קכ"ב.

16) ביבער, דאָס אויבנדערמאָנטע ווערק, ז. 38.

17) „יון מצולה", ז. ו', עמ' ב'.

18) אַזוי, למשל, ציטירט ער אין „יון מצולה" (ז. ב', עמ' ב') די כראָניק „צמח דוד".

19) „יון מצולה", ז. ו', עמוד ב'.

20) דאָרטן. אין זיינע ווערק איז ער מוסיף צו זיין נאָמען די ווערטער: „אשר שכונתו ומעונתו בק"ק זסלב".

21) אין דער פאַרבליבענער רשימה פון די הזיקות, וואָס די דערהרגעטע אין אונגאַריש-בראָד האָבן געליטן (צווישן זיי איז אויך געווען, ווי מיר וועלן זען ווייטער, נתן-נטע האַנאָווער), זיינען דערמאָנט זיינע צוויי איידעמס. זע: D. Kaufmann: Die Verheerung von Ungarisch Brod durch den Kuruzzenüberfall vom 14 Juli 1683 („Monatsschrift für Geschichte und Wissenschaft des Judentums", 1893, 274).

22) Zunz, Die synagogale Poesie des Mittelalters, 344.
אין יאָר 1648 איז געשלאָסן געוואָרן דער וועסט-פאַלער שלום; אין ענגלאַנד האָט אין דעם יאָר אויסגע-בראָכן די רעוואָלוציע און עס איז פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט דער קיניג קאַרל I; אין דעם יאָר האָבן אַ סך גלויביקע קריסטן געוואַרט, אַז כריסטוס זאָל „צום צווייטן מאָל קומען"; דער „זוהר" האָט פאָראויסגעזאָגט, אַז אין דעם יאָר דאַרף קומען משיח („זוהר", אויסג. ווילנע 1911, פרשת תולדות, דף קל"ט, עמ' ב').

23) „יון-מצולה" ז. ו'–.

24) אַ גמרא-ווערטל, מועד-קטן, כ"ה, עמ' ב'.

25) אין ביידע תוכחות געפינט זיך ניט אַזאַ פסוק און בכלל איז אין גאַנצן תנ"ך ניט פאַראַן אַ פסוק מיט די ווערטער, ווי דער מחבר ברענגט. אַ פסוק ענלעך צו דעם געפינען מיר אין יחזקאל ז', פסוק י"ט: „כספם בחוצות ישליכו וזהבם לנדה יהיה".

26) ויקרא, כ"ו, י"ז.

27) דברים, כ״ח, ס״ה–ס״ו.

28) איכה, ד׳, ס׳.

29) אַן אויסדרוק פון תנ״ך: ישעיה, י״ד, ס׳.

30) אין דעם „סיט־היון״ (גורלאַנד, „לקורות הגזרות על ישראל״), ז. 19, איז אָנגעגעבן, אַז אין זאַסלאַוו זענען אומגעקומען לערך 300 מענטשן, אין אָסטראָה – לערך 1500. אין „צוק העתים״ („אוצר הספרות״, ז. 121) ווערט דערציילט, אַז אין אָסטראָה האָט מען פון דער שול געמאַכט אַ שטאַל.

31) ער ענדיקט, למשל, די הקדמה צו „יון־מצולה״ מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „כה דברי המחבר נתן נטע בן הקדוש משה הנובר זצ״ל הי״ד (ה׳ ינקום דמו).

32) דאָס באַהאַלטן דעם אייגענעם איך איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די יידישע שרייבער. זיי קאָנצענטרירן זייער אויפמערקזאַמקייט אַזוי שטאַרק אויף דעם אינהאַלט פון זייערע ווערק, אַז זייער אייגענע פערזענלעכקייט טרעט לגמרי צוריק. אַן אויסנאַם בילדן נאָר די שרייבער, ביי וועלכע דער אייגענער גורל איז ענג צוזאַמענגעפלאָכטן מיט אַ וויכטיקער געשעעניש אין דער יידישער געשיכטע, ווי למשל: מנחם בן זרח – דער מחבר פון „צדה לדרך״, יצחק אברבנאל, אָדער אברהם סבע, דער מחבר פונעם פירוש צו חומש „צרור המור״ א. אַנד. דאָסדאָזיקע פאַרשווייגן די אייגענע פערזאָן האָט געבראַכט דערצו, אַז מיר האָבן גאַנץ ווייניק ביאָגראַפישע ידיעות וועגן אונזערע שרייבער. די אַלטע ליטעראַטור ביי אונז איז זייער אָרים אין אַווטאָביאָגראַפיעס און מעמואַרן.

33) זע אין דער הקדמה צו „טעמי־סוכה״: „והלכתי מחיל אל חיל למצוא מרגוע לנפשי וטרף להביא לאשתי ובנים, ודרשתי בכל תפוצות מדינת אשכנז, וחברתי דרשות על כל התורה ועל המועדים״.

34) וועגן דוד וואַלענסין זע קויפמאַנס אַרטיקל אין Revue des Études Juives, XXI, 292.

35) וועגן זיין אויפהאַלט אין איטאַליע און זיין צוזאַמענטרעף מיט די מקובלים דערציילט ער אין דער הקדמה צו „שערי־ציון״, אין דער ערשטער אויסגאַבע; אין די איבעריקע אויסגאַבעס איז די הקדמה ניטאָ. די־דאָזיקע שטעלע האָט איבערגעדרוקט נחום ברילל אין זיינע הוספות צום „לקורות הגזרות״ פון גורלאַנדן (זע „אוצר הספרות״, ב. 4, 458–459).

36) וועגן חיים הכהן זע: קונפורטי, „קורא הדורות״ (קאַססעלס אויסגאַבע), דף מ״ב, עמ׳ א׳; אויך: אזולאי, „שם הגדולים״ (בן־יעקבס אויסגאַבע), דף י״ח, עמ׳ ב׳. ער איז געשטאָרבן אין ליוואָרנאָ 1655, ווי עס שטייט אין געשריבענעם הספד, וואָס געפינט זיך אין כ״י אין אַזיאַטישן מוזיי אין לענינגראַד. זע: ווינער, „קהלת משה״, 4528, עמ׳ 552.

37) וועגן נתן שפירא זע: נפי־גירונדי, „תולדות גדולי ישראל״, 276; אויך: אזולאי, דף ס״ה, עמ׳ ב׳. געשטאָרבן אין רעדזשיאָ 1662.

38) וועגן בנימין הלוי מצפת זע: נפי־גירונדי, „תולדות גדולי ישראל״, 52. וועגן משה זכותא (געשטאָרבן 1698) זע: אזולאי, דף נ״ט, עמ׳ ב׳; נפי־גירונדי, 225; א. כהנא, „להיסטוריה הישראלית באיטליה״, זאַמלבוך „הגורן״, תרס״ב, 175–180. וועגן שמואל אבוהב (געשטאָרבן 1694) זע: לעווענשטיינס אַרטיקל וועגן דער פאַמיליע אבוהב אינעם „מאָנאַטסשריפט פיר געשיכטע אונד וויסענשאַפט דעס יודענטומס״, 1904, ז. 676 און ווייטער.

39) Wolf, Bibliotheca Hebraea, I, 923.

אויף דעם שער־בלאַט פון „שערי־ציון״, אַרויסגעגעבן אין ווילמערסדאָרף 1690, רופט ער זיך אָן–דער רב פון יאַססער שול (דאָרטן ז. 924). וועגן זיין רבנות אין פאָקשאַני זע: שווארצפעלד, „ספר הזכרון״, אין „אוצר הספרות״, ב. 3, ז. 39.

40) אַלץ, וואָס ווערט ווייטער באַשריבן, שטיצט זיך אויפן אויסגעצייכנטן אַרטיקל פון דוד קויפמאַן (זע הערה 21). וואָס איז געשריבן געוואָרן אויפן סמך פון אַלטע קוועלן און אַרכיוו־מאַטעריאַל.

41) דעם נאָמען ווייסן מיר פון דעם שער־בלאַט אין „התרת נדרים״, וואו דער מחבר, נתן־נטע האַנאָווערס איינייקל, דערמאָנט זיין פאָטער. זע: Brüll, „Jahrbücher für jüdische Geschichte und Literatur" VIII, 169. זע אויך: ווינער, „קהלת משה״, ז. 388, נומער 3273.

42) די אויפשריפט אויף דער מצבה ברענגט דוד קויפמאַן (דאָרטן, ז. 326–327).

43) „חורבן גדול״ און „אל מלא רחמים״ זע: דוד קויפמאַן (דאָרטן, ז. 320–326). „חורבן גדול״ איז איינמאָל געווען גדרוקט אין פראָג 1683 און איז איצט אַ ביבליאָגראַפישע יקר־המציאות; זע אויך: שטיינשניידער, „די געשיכטסליטעראַטור דער יודן״, ז. 130, נומער 191.

וואָלף (אין דער „ביבליאָטעקא העברעאַ״, III, 851) דערציילט אויפן סמך פון אַ בריוו, וואָס דער רב פון וועגעציע יעקב אבוהב (זע וועגן אים Löwenstein, „Die Familie Aboab", 679 ff.) האָט געשריבן צום פּאַסטאָר כריסטיאַן טעאָפיל אונגער, וועלכער האָט זיך אינטערעסירט מיט העברעישער ליטעראַטור און בעיקר מיט העבר. ביבליאָגראַפיע און איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אַ סך יידישע געלערטע (זע וועגן אים „אוצר נחמד״, III, 128, אויך: שטיינשניידער, Hebräische Bibliographie, XVII, 88; Berliner, Persönliche Beziehungen zwischen Christen und Juden im Mittelalter, 23), –אַז נתן־נטע האַנאָווער

איז געשטאָרבן אין פּיעווע־די־סאַקקאָ אין איטאַליע; דאָס־זעלבּע חזרן אויך איבּער: דע־ראָסי (Dizionario storico degli autori ebrei, II, 741), אויך דעליטש (אין דער „געשיכטע פון יידישער פּאָעזיע", 85) און פירסט אין דער „בּיבּל. יוּדאַאיקא", בּ. I, 361 — הגם פירסט האָט אייגנטלעך געזאָלט וויסן פון יעלינעקס אַרטיקל (אינעם „ליטעראַטוּר־בּלאַט דעס אָריענטס" 1843, ז. 270, וועלכן ער אַליין האָט אַרויסגעגעבּן) וועגן דער שחיטה אין אונגאַריש בּראָד, אַז האַנאָווער איז דאָרט אומגעקומען. צונץ אין זיין „מאָנאַטסטאַגע דעס קאַלענדעריאַהרעס", 40, ווייזט ריכטיק אָן דעם אָרט און יאָר פון נתן־נטע האַנאָווערס טויט.

בּיבּער, געפינענדיק אין „ספרות ישראל" ז. 416 די העבר. איבּערזעצונג פון שטיינשניידערס אַרטיקל אין דער ענציקלאָפּעדיע פון ערש און גרוּבּער (XXVII, ז. 357—471) וועגן דער העבּרעאישער ליטעראַטוּר, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פון דער ענגלישער אויסגאַבּע (די אונטן געבּראַכטע שטעלע איז אין דער דייטשער אויסגאַבּע ניטאָ, נאָר אין דער ענגלישער), אַז אין דעם מאַרטיראָלאָג „חוּרבּן גדול" רעדט זיך וועגן דעם געוואַלט־טויט פון „מרינו רב ר' נטע" און אַז שטיינשניידער שרייבּט דאָס צו אונזער נתן־נטען, וועלכן ער רופט אָן נתן בן משה מאוסטרהא (אַזוי הייסט ער אין דער אויפשריפט אויף דער מצבה), — האָט ער (בּיבּער) אַרויס־געזאָגט (אין „מזכרת לגדולי אוסטרהא" ז. 52 און „ילקוט מנחם" ז. 20) אַ השערה, אַז דאָרטן רעדט זיך וועגן אָסטראָהער רב נטע, וואָס איז אַנטלאָפן פון אָסטראָה איידער די קאָזאַקן זענען אָנגעקומען. דידאָזיקע השערה איז ניט ריכטיק.

44) גימטריא און נוטריקין ווערן שוין אַפילו בּאַנוּצט אין תלמוד או זיי ווערן אַריינגערעכנט אין אליעזר בּן יוסי הגליליס כּללים פון טייטשן די תורה (כּלל 29 און 30; זע: קאַצינעלינבּאָגען, „תרבּות עולם", ז. 170, 173), נאָר בּרייט אַנטוויקלט האָבּן זיי זיך ערשט אין דער שפּעטערדיקער ליטעראַטוּר און בּעיקר בּיי די מקוּבּלים.

45) יוצאים מן הכּלל אין דער הינזיכט זענען: יוסף הכּהן — דער מחבּר פון „עמק הבּכא" און „דברי הימים למלכות צרפת", און דוד גאַנז — דער מחבּר פון „צמח דוד".

46) לויט ווי יוסף סמבּרי דערציילט (Neubauer, „Mediaeval Jewish Chronicles" I, 149) האָט מען בּאַשטימט צו לייענען די ספרים „יון־מצולה" און „צוק העתים" אין די דריי וואָכן פון שבעה־עשר בתמוז בּיז תשעה־באב („וקבעו אלו הספרים לקראתם מי"ז בתמוז עד ט' באב"), נאָר פון אַנדערע מקורות ווייסן מיר גאָרניט וועגן אַזאַ מנהג.

47) Perles, Beiträge zur Geschichte der hebräischen und aramäischen Studien, 142.

וועגן דעם ווערטערבּוך זע אויך בּיי גרינבּוים, „די יידיש־דייטשע כרעסטאָמאַטיע", ז. 547 און ווייטער.

48) צונץ אין זיינע „גאָטטעסדינסטליכען פאָרטרעגע", ז. 466, ווייסט נאָר פון דערדאָזיקער אויסגאַבּע.

49) Perles, Ibid., 141.

50) Zunz, Die Ritus des synagogalen Gottesdienstes, 152; Elbogen, Der jübische Gottesdienst, 389.

51) Berliner, Randbemerkungen zum täglichen Gebetbuche, 41—42, 47; Elbogen, Ibid. 70, 200, 390.

52) לאַנדסהוּטה אין „עמודי העבודה", ז. 64, שרייבּט צו ע"פּי טעות דעמדאָזיקן פּיוט חיים וויטאַלן.

53) Wolf, Bibliotheca Hebraea, I, 924; Zunz, Die Ritus, 177; Oelsner, Sabbathai Bassista und sein Process, 11 ff.

54) דוד קויפמאַן, אויבּנדערמאָנטער אַרטיקל, ז. 273.

# דער צווייטער חורבן פון אוקראַינע (1768)

## די פאָלקס־כראָניק „מעשה גדולה מן אומן ומן אוקריינא"

### אריינפיר פון פראָפעסאָר שמעון דובנאָוו (בערלין)

דער דאָזיקער אריינפיר צו דער „מעשה גדולה מן אומן" פון פראָפ. ש. דובנאָוו איז אָנגעשריבן געוואָרן אין יאָר 1921, — בעת דער חשובער מחבר האָט נאָך געוואוינט אין רוסלאַנד, — און איז געווען באַשטימט פאַרן „אוקראַינער פנקס", וואָס איז דעמאָלט פּראָיעקטירט געווען אַרויסצוגעבן אין בערלין. דער מחבר האָט זיך געמוזט אונטערן שטאַרקן איינדרוק פון די שרעקלעכע געשעענישן, וואָס האָבן זיך קורץ פאַר דעם אָפּגעשפּילט אין אוקראַינע און וואו די פּאָגראָם־דראַמע האָט זיך נאָך אייגנטלעך ניט געהאַט פאַרענדיקט, — און די דאָזיקע שטימונגען לאָזן זיך אויך פילן אין דעם אריינפיר.

וואָס איז נוגע צו דער כראָניק „מעשה גדולה" גופא, ווילן מיר אָנווייזן, אַז זי איז דעם עולם כמעט ווי ניט באַקאַנט, באַזונדערס דער ערשטער נוסח — די פרידער אויסגאַבע פון 1783, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרויסע יקר־המציאות און וועלכע ס'איז זייער שווער איצט צו באַקומען. אויך די איבעריקע צוויי אויסגאַבן — די סודילקאָווער און ווילנער — זיינען געוואָרן אַ ביבליאָגראַפישע זעלטנהייט. ניט אַנדערש, אַז בשעתו זיינען די דאָזיקע אויסגאַבן אינגאַנצן אויסגעראָטן געוואָרן פון דער רוסישער צענזור.

ר ע ד אַ ק צ י ע

---

מיר האָבן ערשט איבערגעלעבט דעם ד ר י ט ן חורבן פון אוקראַינע — אין די יאָרן 1919 און 1920. דער ערשטער חורבן איז געווען אין דעם אומגליקלעכסטן יאָר פון אונזער געשיכטע — 1648 (גזרת ת"ח), ווען די קאָזאַקן זיינען אונטער דער אָנפירונג פון כמעלניצקין אויפגעשטאַנען קעגן דער פּוילישער מלוכה. דער צווייטער חורבן האָט זיך אָנגעהויבן מיט איבער הונדערט יאָר שפּעטער, אין די געגנטן, וואָס ליגן אויף דער גרענעץ פון פּוילישער און רוסישער אוקראַינע, אין דער, פאָרם פון היידאַמאַטשינע, און האָט זיך פאַרענדיקט מיט דער אומאַנער הריגה און אַנדערע בלוטיקע פּאָגראָמען אין יאָר 1763 (תקכ"ח). אויב מען זאָל ניט צורעכענען די פּאָגראָמען פון די יאָרן 1881 און 1905, וואָס האָבן ניט חרוב געמאַכט דעם יידישן ישוב און גאַנצע קהילות אין אוקראַינע, איז דער היינטיקער אומגליק פון די יאָרן 1919—1921 — דער דריטער גרויסער הורבן פונעם יידישן צענטער אין אוקראַינע: צענדליקער טויזנטער הרוגים, צענדליקער טויזנטער פאַרוואונדעטע, הונדערטער טויזנטער פאַריתומטע און דער גרעסטער טייל — רואינירטע און פאַרוואָגלטע... די לאַגע איז איצט ניט פיל בעסער, ווי נאָך כמעלניצקין, און איז אַסך ערגער, ווי נאָך גאָנטען.

ווען מען קוקט זיך צו צו די דאָזיקע דריי חורבנות, וואָס זיינען אָפּגעטיילט איינער פון דעם אַנדערן אויף 120—150 יאָר, זעט מען אין זיי אַלעמען איין און דאָס זעלביקע בילד: אַ מין קלאַסישן טיפּ פון רציחות אויף יידן, וואָס טראָגט דעם נאָמען היידאַמאַטשינע. כמעט דריי הונדערט יאָר דויערט אָט די היידאַמאַטשינע אונטער פאַרשיידענע פאָרמען. איין מאָל אין יעדן יאָרהונדערט רייסט זי זיך אַרויס, ווי אַ חיה, פון די טיפענישן פון אוקראַאינישן פויערטום און פונעם „פרייען קאָזאַקנטום", פאַרגיסט טייכן יידיש בלוט, מאַכט חרוב הונדערטער יידישע קהילות, און דערנאָך, אָפּגעטאָן איר מלאכה, גייט זי זיך אַוועק צוריק אין איר גרוב, ביז אַ נייעם אויפרייס אין דעמזעלביקן געשטאַלט. די גאַנצע קולטור פון דעם 19טן יאָרהונדערט האָט דאָ גאָרנישט געענדערט. אַז מען לייענט די באַשרייבונגען פון די יאָרן 1648, 1768 און 1919, זעט מען כמעט קיין אונטערשייד ניט: דיזעלביקע, דוכט זיך, היידאַמאַקן, מיט אַטאַמאַנען־קאָזאַקן אָדער „סאָטניקעס" בראש; דיזעלביקע סיסטעם פון אויסקילן טויזנטער און טויזנטער מענטשן, ווייבער און קינדער, אָן אַ מאָס און אָן אַ ברעג — אין אַזאַ צאָל, פון

וועלכער דער יידישער מאַרטירלאָג אין אַלע צייטן און אין אַלע איבעריקע לענדער ווייס ניט... דער קומענדיקער היסטאָריקער, וואָס וועט וועלן שרייבן אַ מאָנאָגראַפיע וועגן די יידישע ליידן אין אוקראַינע פון 17טן ביזן 20טן יאָרהונדערט, וועט האָבן די מעגלעכקייט צו מאָלן איין בילד, מאַכן פון דעם גאַנצן צייטרוים איין-איינציקע עפּאָכע, — די עפּאָכע פון היידאַמאַטשינע. ער וועט מסתמא אָנווייזן אויף דער פאַרשיידנהייט פון די מאָטיוון, פון די לאָזונגען, מיט וועלכע מען האָט געפירט די פינסטערע מאַסן אויף רציחות אין יעדער באַזונדערער תקופה, ביי פאַרשיידענע אומשטאַנדן, — אָבער בעצם וועט ער מוזן מודה זיין, אַז די גרעניצן פון דער אַלגעמיינער געשיכטע הערן דאָ אויף צו עקזיסטירן: דאָס איז אַ באַזונדערע וועלט, אַ באַזונדער שטיק געשיכטע...

פאַר דעם קומענדיקן היסטאָריקער, פאַר דעם דיכטער, דראַמאַטורג אָדער קינסטלער, וואָס וועלן געבן בילדער, פון וועלכע די מענטשהייט אין בעסערע צייטן וועט פאַרציטערט ווערן, — פאַר זיי דאַרפן מיר זאַמלען מאַטעריאַל. דאָ וויל איך געבן אַ קליינעם טייל פון דעם דאָזיקן היסטאָרישן מאַטעריאַל — דעם פולן טעקסט פונעם הויפּט-מקור צו דער געשיכטע וועגן דעם צווייטן אוקראַינישן חורבן אין יאָר 1768. דאָס איז די „מעשה גדולה מן אומן ומן אוקריינא" — אַן אמתע פאָלקס-כראָניק, געשריבן אין אונזער פאָלקס-שפּראַך, אַ מייסטערווערק אין אונזער געשיכטלעכער ליטעראַטור, וואָס זעלטן ווער האָט זיך מיט איר ביז אַהער אינטערעסירט. מען דאַרף וויסן, אַז בנוגע די שפּורן אין דער ליטעראַטור איז דאָ אַן אונטערשייד צווישן דעם ערשטן און צווייטן חורבן: די גזירת ת"ח פון כמעלניצקין האָבן באַשריבן און באַקלאָגט אַסך לומדים און רבנים פון יענער צייט אין ביכער („יון מצולה", „צוק העתים", „פּתח תשובה" און אַנדערע), אין מגילות, סליחות און קינות — אַלץ אויף לשון-קודש, פאַר זייער גלייכן אָדער גלאַט פאַר בעלי-בתּים. די הריגות אָבער אין אומאַן און אַנדערע אוקראַינער שטעט פונעם יאָר 1768 האָט קיינער פון דער דעמאָלסטיקער רבנישער אינטעליגענץ ניט באַשריבן. עס האָט זיך געפונען נאָר איינער, אַ מענטש פון פאָלק, וואָס האָט אַפילו זיין נאָמען ניט אַרויסגעשטעלט אויף זיין ווערק: ער האָט פאַרשריבן אין פּראָסט יידיש, אויף דער לעבעדיקער שפּראַך פון די צעשלאָגענע און צעהרגעטע, אַלץ, וואָס ער האָט געזען און געהערט, און האָט פון דעם געמאַכט אַ קורצע כראָניק, דערנאָך איז געקומען אַן אַנדערער, אויך אַן אַנאָנים - סתם אַ ייד, און האָט צוגעשריבן צו דער כראָניק, אין דעמזעלביקן סטיל, נאָך אַסך פּרטים, באַריכות דערציילט באַזונדערע עפּיזאָדן, צוגעגעבן אַ האַרץ-רייסנדיקע סליחה אָדער תחינה, וואו ער האָט זיך גוט דורכגעשמועסט מיטן רבונו-של-עולם — און אַזוי איז דערבויט געוואָרן די „מעשה גדולה".

די געשיכטע פון „מעשה גדולה" איז אַזאַ: אין יאָר 1783, דאָס הייסט 15 יאָר נאָך דעם אומגליק, איז אין דער דייטשישער שטאָט פירט (פיורדא) דערשינען, אַלס הוספה צו אַ ביכל „ספר גורלות" 1), אַ קליין ווערק אין אַכט זייטלעך, אָן דעם נאָמען פון מחבר, אונטערן טיטל: „מעשה גדולה מן ק"ק אומן במדינת אקריינא". דאָס איז אַ קורצע באַשרייבונג אין „עברי-טייטש", אינעם אַלטן דייטשישן שרייבאַרט, פון די צרות, וואָס יידן אין אומאַן, באַלטע און אַנדערע שטעט האָבן געליטן פון די „יוונים — מענשען פון רוסישען גלויבען, וועלכע גרוישע פיינד פון יהודים זיינין". עס זיינען אַריבער 50 יאָר, און מען האָט שוין לאַנג פאַרגעסן אין דער קורצער הוספה צום נישטיקן ביכל, — מיט אַמאָל דערשיינט אין דעם וואָלינער שטעטל סודילקאָוו די „מעשה גדולה מן אומן ומן אוקריינא" 2), אין אַסך אַ גרעסערער פאָרם, מיט פיל ניי-צוגעגעבענע פּרטים, סיסטעמאַטיש איינגעאָרדנט, און מיט אַ לאַנגער תחינה — אַן „אל מלא רחמים", געשריבן אין יענעם פאָלקס-סטיל, וואָס ציט אַרויס טייכן טרערן ביי יידישע ווייבער. די שפּראַך און דער שרייבאַרט איז שוין ניט האַלב-דייטש, נאָר פּשוטער און קלאָרער וואָלינער יידיש. די היידאַמאַקעס ווערן דאָ אָנגערופן „פּוחזים" (כוליגאַנעס) אָנשטאָט „יוונים", „רוצחנים" אָדער „שונאים", ווי אין דעם ערשטן נוסח, — מסתמא צוליב דער רוסישער צענזור, וואָס האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז אונטער „יוונים" מיינט מען מענטשן פונעם גריכיש-אָרטאָדאָקסישן גלויבן. אין עטלעכע יאָר אַרום (תר"ה—1845) האָט די דרוקעריי ראָם אין ווילנע אַרויסגעגעבן דאָסזעלביקע ביכל לויטן פאַרגרעסערטן סודילקאָווער טעקסט און האָט נאָר געענדערט עטלעכע וואָלינער אויסדרוקן אויף ליטוויש (למשל: „דער ברונעם" אָנשטאָט „די ברונע" א.ד.גל.); צוליב דער צענזור, אָדער אַנדערע טעמים, קומען דאָ עטלעכע מאָל „חיידיק" אָנשטאָט „פּוחזים" און „ניט-יידן" אָנשטאָט „ערלים". די צענזור איז אָבער ניט אַזוי שטרענג געווען אין יענע צייטן: מיר געפינען אין עטלעכע ערטער דערמאָנט דעם באַפעל פון דער „צאַראָוונע" אויסצוראָטן די יידן (דאָס איז דער געפעלשטער מאַניפעסט פון יעקאַטערינע II, די „גאָלדענע גראַמאָטע", וואָס גאַנטע און די איבעריקע פירער פון די היידאַמאַקעס פלעגן באַווייזן דעם פאָלק); גראַד אין דער ווילנער אויסגאַבע שטייט „צאַראָוונע" אָנשטאָט „הויפּטמאַן" פון דער סודילקאָווער אויסגאַבע.

1) „פוקח עורים", והוא ספר גורלות מהחכם אבן עזרא... מועתק אין טייטש פיר גימיינע לייט. בדפוס פיורדא שנת בישרא"ל (תקמ"ג לפ"ק).

2) געדרוקט אין אַ באַזונדער ביכל און אויך אין אַ זאַמלבוך „ספורי מעשיות" אין יאָר תקצ"ה און תקצ"ד (1834, 1838). ביי בן-יעקב אין „אוצר הספרים" 423 איז אַ טעות: ס'שטייט בשנת ת"ח אָנשטאָט תקכ"ח

עס איז ווייטער אַריבער אַ יאָר פערציק, און דיביידע אויסגאַבעס פון דער מעשה זיינען געוואָרן אַזאַ יקר-המציאות, אַז מען האָט זיי ניט געקאָנט אויפזוכן אַפילו דורך די בעסטע אַנטיקוואַריער. אין יאָר 1888 האָט שלום-עליכם געוואָלט איבערדרוקן די זעלטענע „מעשה גדולה" אין זיין „יודישער פאָלקס-ביבליאָטעק" און האָט דורך מיר געקראָגן אַ האַנטשריפטלעכע קאָפּיע פון די שפּעטערדיקע אויסגאַבעס, וואָס געפינען זיך אינעם אַזיאַטישן מוזיי אין פעטערבורג. אָבער דענסטמאָל האָט שוין די צענזור ניט געוואָלט דורכלאָזן אַזאַ געפערלעכן דאָקומענט, און שלום-עליכם האָט זיך געמוזט באַנוגענען נאָר מיט עטלעכע אָפּגעקירצטע ציטאַטן פון דער „מעשה", און דאָס אויך מיט אַסך צענזור-השמטות, און האָט אינעם צווייטן באַנד פון דער „פאָלקס-ביבליאָטעק" געגעבן ה' סקאָמאָראָווסקיס אַרטיקל, אונטערן נאָמען: „די גזירה פון גאָנטא אין אוקראַינע" (פאָלקס-ביבליאָטעק", ב. 2; קיעוו 1889). אין עטלעכע יאָר אַרום האָט דער אָדעסער שרייבער דוד כהנא אָפּגעדרוקט טיילן פון דעם מעשה-ביכל לויטן ווילנער טעקסט, אונטערן טיטל „חרב גאָנטע", אין גורלאַנדס-כהנאס זאַמלבוך „לקורות הגזרות" (אָדעס, 1893, ז. 67—79), נאָר ער האָט אַרויסגעלאָזט די לאַנגע און זייער טיפּישע תחינה מיט אירע היסטאָרישע עפּיזאָדן. און דערצו האָט די צענזור אויך דאָ פאַרדאָרבן דעם טעקסט: דער אָדעסער צענזאָר האָט אַפילו דאָס וואָרט „היידין" ניט דורכגעלאָזט, אפשר ווייל עס האָט דערמאָנט אָן די „היידאַמאַקן". עס זיינען אויך פאַראַן אין דעם „חרב גאָנטע" אַסך גרייזן.

אַזוי האָבן מיר ביז אַהער ניט געהאַט קיין פולשטענדיקן טעקסט פון דער „מעשה גדולה" — כמעט דעם איינציקן יידישן דאָקומענט צו דער געשיכטע פון „צווייטן חורבן", וואָס שטאַמט פון פאָלק און וואָס גיט צו זייער וויכטיקע זאַכן צו דעם שטאָף, וואָס מיר האָבן אין פוילישע, אוקראַינישע און רוסישע קוועלן. איך האַלט פאַר נויטיק צו געבן דאָ די „מעשה גדולה", צונויפגעשטעלט נאָך אַלע דריי נוסחאות. צוערשט גייט די קורצע, האַלבדייטשישע נוסחא פון יאָר 1783: דאָס איז דער טרוקענער קערן פון ווערק, דער סקעלעט. פון אים האָט ווייניק ווער געוואוסט. מיט אַ יאָר צוואנציק צוריק האָט מיר דאָס זעלטן פיורדער ביכל צוגעשיקט דער באַוואוסטער ביבליאָפיל דר. יוסף כאַזאַנאָוויטש פון ביאַליסטאָק, און איך האָב געמאַכט פון אים אַ קאָפּיע. ווייטער גייען די צוויי נוסחאות פון סודילקאָוו און ווילנע אינאיינעם: דאָס איז שוין אַ סקעלעט, באַדעקט מיט הויט, מיט אָדערן און מוסקולן, באַלעבט מיט הייס בלוט און אָנגעזאַפּט מיט טרערן. איך גיב דאָס דאָ נאָך דער גענויער קאָפּיע פון ביידע אויסגאַבעס, וואָס געפינען זיך אין פעטערבורגער אַזיאַטישן מוזיי (די קאָפּיע האָט מיר אין יאָר 1890 איבערגעגעבן שלום-עליכם, עליו השלום). אין איר זיינען די וואַריאַנטן פון איין אויסגאַבע און דער אַנדערער באַצייכנט אַזוי: סודילקאָווער וואַריאַנט — אין קיילעכדיקע קלאַמערן (), ווילנער — אין פּירקאַנטיקע [ ]. אַלע נוסחאות זיינען דאָ געדרוקט אָן שנויים אָדער פאַרקירצונגען, נאָר די פּונקטואַציע איז געשטעלט לויט די נייע כללים, כדי גרינגער צו מאַכן דאָס לייענען. אין דעם אַלטן האַלב-דייטשישן טעקסט האָב איך אין עטלעכע ערטער אַריינגעשטעלט אין קלאַמערן דערקלערונגען צו די נישט קלאָרע אויסדרוקן. היסטאָרישע באַמערקונגען צום טעקסט האָב איך געמאַכט זייער זעלטן.

פעטערבורג, 18 יאַנואַר 1921

### 1. דער ערשטער נוסח

(אויסגאַבע פיורדא 1783)

## מעשה גדולה מן ק"ק אומן במדינת אקריינא השייך לפולין הנעשה בשנת תק"ל לפ"ק[*])

אקריינא גרעניצט מיט רוסין אונד טאטרייא.

דאַש ביכליין פון אומן אונד גאַנצין אקריינא זאָל איטליכר מענש לייאנין, אונד זאָל זיך צו הערצין נעהמן די גרויזי צרה וואָס גאָט צו גישיקט האַט אויף גאַנץ אוקריינא אין יאָר תק"ל: פיל שטעטי זיין נהרג ווארדן דורך מיתות משונות אונד גרויזי יסורים. גאָט זאָל ווייטר אונש היטן פון אַלי בייזן אונד זאָל נקמות ווייזן אין די שונאים אונד זאָל אונז אויס דעם ביטרן גלות ערליזן במהרה בימינו אמן.

בשנת ב י ש ר א"ל הודעתיהו נאמנה לפ"ק.

די ארזאַך פון דען גאַנצין אוהן-גליק בשטעהיט אין דעם: בייא דער בימעלטי גרענץ האָבען אלי דען רוזישן גלויבן וועלכי גינענט ווערדן יוונים, וועלכי גרוישע פיינד פון יהודים זיינין, וואָז ריבר (ווארי‍בער) יעדר צייט איין גרויש חיל האָט, מוזין אַכטונג געבן אויף דער גרענץ פון אוקריינא אלז נור קיין איבר פאַל גשעהן זאָל. ענדליך טרעפט זיך דאַש חיל חאָט פון דאָ אב רוקין גימוזט וועגן אייני מלחמה, וואַש צו מאן זי גי-

1) דאָ און ווייטער איינמאָל אין טעקסט איז אַ כראָנאָלאָגישער טעות: די מעשה איז געשען זומער יאָר תקכ"ח (1768) און ניט תק"ל (1770).

ברויכט האָט. דאָ קריגן בעו״ה די יוונים די גילעגנהייט אן איהר שונאים זיך נוקם זיין, אונד פאַנגין בעו״ה אן אונטר ישראל ממית צו זיין.

### אל אלהי הרוחות לכל בשר.

אה גאָט ער-שעפר אַלי גימיהטר. וויא קענשטו צו זעהן די מענשין צו טייטין פיהרן. אַלז די שאפי צום שעכטין. דער אָנפאַנג וואהר אין ק״ק טויטוב1). גינגן צווייא יודן ווייבר אויף דען פעלד צו פריא. דאָ זעהן זיא רוזישן בויארן אן רוקין (אנרוקען), ער שרעקין מעכטיג, לויפטן גלייך אין דער קהילה אונד רופטין מיט פאליר שטימי: אויז גאָטט ווילין (אום גאָטס ווילן), איר יהודים, די רוצחנים קומן יעצונט העך אונש פון אונזר גלויבין דת ישראל צי פארפיהרן. דענקט אן אונזר הייליגן גאָטט אונד זייט מקדש השם. אן אנפאַנג איהר קומן טיטן זיא גלייך פיר הונדרט נפשות פון ישראל. דער נאָך פאַר שפרייטין זיא זיך אין דיא הייזר אונד האָבין גיטויט מעהר אַלס פינף טויזנט נפשות פון ישראל. פיל וואָלטין זיך מיט געלט אויז לעזין. עז העלפט אַלז ניקש. ווער ניט לויפין האָט קענין, דען האָט עז דאָז לעבן גיקאָסט על קידוש השם. צום שוחט קומן זיא יושט, שטיט ער אין טלית און תפילין אונד טוט תפלה צו גאָטט; ווי זיא איהם וואָלין מימית זיין, נעמט ער זיין חליף אונד בעט זיא מיט זיין חליף איהם צו שעכטין. זי טעטין (טועך) עז, שעכטין איהם אונד זיין ווייב אונד קינד מיט זיין אייגן חליף. פון דאָ גינגן זיא לק״ק אומן: אויף די שטראַסי טיטן זיא מעהר אַלז פיר הונדרט וועגין מיט נפשות פון ישראל, וועלכי פון ק״ק טוטויב גילאָפין זיין נאָך ק״ק אומן אום זיך מציל צו זיין ביוויל איין חזקה2) זעלט איזט.

ביום ב׳ ה׳ תמוז קומין זיא פאַר דיא שטאָט אומן אונד טיטן מעהר אַלז פיר הונדרט נפשות, וואז ניט מעהר אין די חזקת גילאַנגט זיינין. וויא די שטאט לייט זאָלכיז גיוואָר ווערדן, פייארין זי מיט קאנונין. וואָז-מיט (וואמיט) די שטאָט לייט זיא אוויניג פר טרייבטן. יונראל גאָנטי ימ״ש איינר פון די יוונים שרייבט איין בריב אן הויבט-מאַן מיט דיזן אין-הלט: „דעז בפעהל פון מיין רוסישי קייסרין3) ווייזשטו וואהל איזט שטאַרק יהודים אום צו ברינגן. אַלז דען וואן דוא שוינט צווייא אודר דרייא וואָכין מנוחה האשט איך קומי דאָך אין דיא שטאָט דורך מיין גרויז חיל אונד לאזי (לאססע, לאז) קיין זעהל לעבן. וואן דוא מיר אָבר די שטאָט גלייך עפנען ווילשט,

1) טעטיעוו.

2) חזקה — פעסטונג פון דער שטאָט אומאַן; ווייטער אויך „חזקת“.

3) דער באַוואוסטער געפעלשטער מאַניפעסט פון יעקאַטערינע דער ווער „Золотая Грамота“

שוועהר איך דיר קיין נוצרי ניקש צו טהון, נור אַליין די יהודים“. דער הויבטמאַן לאָזט זיך איבר רעדן אונד לאזט זי אַריין. די ארמי יהודים הבן פון דען אַלין ניקש גיוויזט. גאָנטי ימ״ש רופט מיט הערשטר שטימי צו זיין חיל: שטאַרקט אייך, מיר וואָלין אויז לעזן דען קאָרן אויז דען ווייצן.

יום ג׳ קאָמין זיא אין די שטאט. זיא שרייען אַללי די איינוואָניר. יהודים אונד נוצרים, אויך די פון פרעמדי לענדיר וואָס לק״ק אומן גילאָפין זיין אין דאָס חזקה זיך מציל צו זיין. שרייען אַללי אויש איר צרות, דאָש ווייל די וועלט שטיהט איז קיין זוא פיל יללה גיהערט וואררין, כמה אלפים יהודים זיין נהרג וואררין אין ק״ק אומן. אַללי קליינע קינדר בינדעט ער אין דער גאַסין אונד ליס זיא מיט פפערד צו טרעטין. איין בתולה וואהר דאָ, איהר שוינהייט וואהר צו זוכין אין דער וועלט. זיא וואָלטין זיא גערין מאנס זיין וואן נור ניט איר סדר וועהר אן איין יהודא זיך ניט מטמא צו זיין. זיא רעדין זיא אן, דאש זיא זיך מימר דת זיין זאָלי מיט אַלליר גוואַלד. זיא זאָגט אבר: מיין נשמה האָבי איך איבר ענטפערט צו גאָט, ברענגט מיך נור אום. זיא שאַרפין דאָס מעסיר פר איר אויגין אונד זאָגין: וואן דו ניט פאָלגשט, צו שניידין מיר דיין פלייש מיט דיזען מעסיר. זיא ענטוואָרט אבר: איר אומה שפלה וטמאה, איר ווערט מיך דא-צו נישט ברענגין, אללש איך מימר דת זאל זיין חלילה. שעכט מיך נור, מאַכט מיט מיר וויא איר וועלט. זיא בינדין זיא אונד ווערפין זיא אין איין ברונע. זיא שטאַרבט.

די יהודים לויפין אַללי אין שויל שרייען און טוהן תפלה. וויא דיא שונאים אין דער שויל קומין פאַנגין דיא יהודים זיך אָן צו ווערין קענין זיא. איינר וואר היישין ר׳ ליב, דער ארוועקט זיך אונד נעמט דאָש שווערד איין שונא אויש דער האַנד אונד הרגית דאַ-מיט צוואנציג שונאים. דער אַנדיר וואהר ר׳ משה מוקר (מנקר?) שטאַרקט זיך אויך און טיטעט דריישיג שונאים, ענדליך זי קאנטין אין דער שויל ניט צו טרעטין, זי ברענגין אבר קנאָנין אונד שיסן אויף די שויל, עש וויררין אין דער שויל כמה אלפים נפשות ישראל נהרג על קדוש השם. איין אשה וואהר ושמה בריינלי, דיא פעריכט (פירכט) זיך וואן זי גיטיט ווירד מעכטין אירע קינדער גשמאד ווערין, נעמט זיא איר אייגני קינדר אונד טרענקט זיא צו טויט אין וואשיר.

דער גאָנטי ימ״ש וויא ער אין אומן קאם, ליס ער אויש רופן: די גרוישי סוחרים פון יהודים זאָללין נור געלט גנוג ברענגין, עש גשיכט קיין ניכטש. די סוחרים גלויבטין עש אונד נעמין איר גאנץ עשירות אונד טראָגין עש אויף דאָש עצה הויז4). ווי גאָנטי ימח״ש דאָש

4) שטאָט-ראַט, ראַט-הויז.

געלט וואהל געהאַט האָט, ליס ער זי צום פענסטער אַרונטיר ווארפין. זי שטארבין אַללי: דער דרשין פון אומן גינג אין איין קעליר גאַנץ טיף אונטער די ערדי מיט פיל יהודים, אונד וואהרין מתפלל זיין צו גאָט דאָש ער זיא מציל זאָל זיין אין דען קעליר. עש ווירד אבר גלייך פר מסרת. די שונאים געהין אַריין אונד האַקין דען דרשין זיין קאָפּף ארונטיר אויף דער שוועל, אונד די איבריגי טיטין זיא עד אין מספר ואין סוף. פון דאָ גיהן זיא אין דש בית המדרש. וויא די יהודים דאָש זעהין, לויפין זיא אַללי אונד נעמין די ספרי תורות אויש דען היכל אונד שרייען אויף גריינין (?) צו גאָטט. די שונאים ימח״ש נעמין די ספר תורות אונד שפרייטין זיא אויף ערדי אונד טיטין דרויף כמה אלפים נפשות. דאָש בלוט איז גרינין איבר די שוועלין.

מי ראה כזאת, ווער האָט געהערט אָדר געזעהן דאָש גלייכן, יהודים זיין גישאָכטין גיוואָרין אללש דיא שאפי, כמה אלפים ורבבות על קדוש השם. די קינדער פון ברוסט טרעטין די שונאים פאר מוטער אויגין. זיא שטעכטין קלייני קינדר אויף דער שפיסין לעבנדיגר הייט אונד טראגטין זיא אין דיא גאַסן. די הרוגים ווארפטין זיא אויש דער שטאָד אויף איין תחום שבת ווייט. הונד און חזירים שלעפטין זי הרום אין אַללי גאַסין. איר ליבע לייט, דענקט אמאָל די הריגה האָט גיוועהרט אַכט טאגי לאנג. דער רשע גאָנטי ימח״ש ליס אוישרופן: ווערלכר נוצרי זיך אונטרשטיהט איין יהודי צו פערבערגין אין זיין הויז אחת דתו להמית. אַלזאָ ברענגטין די נוצרים יהודים צו שלעפין צו דער הריגה בעו״ה. עס איזט גאָר ניט מעגליך גנוג צו שרייבין פון דער גזרה בעו״ה.

ווי גאָנטי ימח״ש מיט די יהודים וואהל פערטיג וואחר, גינג ער איבר דען הויפטמאַן וואש די שטאד אויף גמאַכט האָט אונד ליס איהן נאקנט אויש ציהען אונד טריב אַללי גשפעט מיט איהן. ער מוז דען גאנצין מאַרק הרום טאַנצין ערום וערי׳. דער הויפטמאַן זאָגט: דו שוועהרשט יאָ דוא ווילשט מיך לעבן לאָזין, אונד איצונד בישטו עובר שבועה. גאָנטי ימח״ש אַנטוואָרט: וויל דוא דיא יהודים עובר שבועה האָסט גיוועזין, בין איך מיט דיר אויך עובר שבועה. אונד ליס איהן טיטן.

פון אומן גיהען זיא נאָך ק״ק בעלטי (באַלטע), אין דיא טאטירשי גרעניץ, אונד האָבין איין הרג רב גיטהון. זי האָבין די טאָטירן משחד גיוועזין, דאָש זיא ניקש אן נעמן פר די יהודים זאָללטין. אין די קהלה קדושה באַלטי גשעהן אויך מיתות חמורות וואש ניט צו בשרייבין זיין, גלייך אין אומן.

בקיצר די יהודים ווישטין זיך גאָר קיין עצה. דיא בראָדיר יהודים אויך אַנדרי קהלות לאפין צום פולשין יונראל בראניצקי זכר לטוב אונד שרייען פר איהן, ער זאָל דאָך העלפין. ער אַנטוואָרט זיא פעריכט (פירכט) אייך ניקש, איך ווער זיא שוינד א קץ מאכין, זיא וועהרין ווייטער ניט דער לעבין צו גיהן. דער חסיד בראַניצקי, פולישיר אויך רוסשיר יונראל, שיקט עטליכי הונדרט מאן קאזאקין בערמה, זיא זאָלין זיך איבר געבין בייא דען רשע גאָנטי ימח״ש. זי טעטין עש אונד גיהן בערמה נאָך אומן אונד שטיהן צו דען גאָנטי ימח״ש און שוועהרין איהן צו העלפין צו טיטן וואש נוך מיגליך איזט פון די יהודים. דער רשע גאָנטי ימח״ש מאַכט זיך זעהר לוסטיג מיט די קאזאקין, פרעסין אונד זויפין, ער ווייזט זיא דיא אוצרות וואָש ער פון יהודים גנומן האָט. די קאזאקין אבר טרינקטין פאלש, ניט שיכר, דען גאָנטי (און ?) זיין חיל טרינקט זיך רעכט שיכר. בראַניצקי מיט זיין חיל קאָמין אויך אן צו רוקין. דיא קאָזאַקין בנאַכריכטין דען חסיד בראניצקי. ער איבר פאַלט זיא פלאַץ (פלוצים) ופתאום אונד פאַנגט זיא אַללי לעבנדיג כמה וכמה אלפים. דאז עשירות און אוצרות נאם ער מיט זיך אונד פיהרט זיא גבונדין מיט ענוים קשים. די עלצטי אויף דען רשע גאָנטי ימ״ש בינדט ער מיט אייזרני קעטין. גאָנטי שרייט אונד וויינט: אה עז קעהרט מיר זא אויש געהין. איך האָב קיין רחמנות גיהאבט, קעהר מאן איבר מיך אויך קיין רחמנות האָבין. חסיד בראניצקי ליס צו-זאם קומין פופצעהן הונדרט וועגין אונד פיהערט זיא לתפיסה. די רשעים אבר מאַכטין זיך גאָר ניכטש דראש. וויא זיא אין דיא תפיסה קאמן שרעקטין זיא מעכטיג ימח״ש, מאן פר שיקט זיא אין אַללי דערפיר צום הענגין, פונפצעהן אויף איין תלי׳.

מיט דעם רשע גאָנטי אבר אונד זיין עלצטי מאַכט זיך דער חסיד בראניצקי איין גאַנץ גישפייז, ער ליס קאָמן איין שאַרף-ריכטער פר איהן אונד ליס יהודים צוזאם רופין מכמה קהלות וישובים די נקמה צו זעהן. בראשון איז מאַן איהן מכבד מיט איין שטול, אונד מיט איין אייזרנען קאַם רייסט מאַן זיין טרפה פלייש. איין אייזרנין קרוין גליד מען אין פפייער אונד זעצט זיא אויף זיין קאָפּף. ער זיצט דאָ אַלש איין קיניג. לאחבין (לאבען, אָפּמינטערן) טוט מען איהן מיט אללר האנד, שמעקיט וואַסער אללש ער ניכט באַלד שטאַרבין זאָל. מען שניידעט זיין טרפה פלייש זאָ לאַנג ביז ער הינפעלד (פאלט) און שטערבט. דז גלייכין גשיכט זיין מיט ברידער אַללי עלצטי. מיר וועלין ווייטער ניקש שרייבן, אונד וועלין ביי דעם בלייבין:

### שפוך חמתך על הגוים

גאָט האָט פאַרגאָסין זיין צאָרין אויף די שונאים, זיא צו שטראָפין מיט נגעים געגין דיא צרות פון אוקריינא און ק״ק אומן. כן יאבדו כל אויביך ה׳. און מיר זאָלין זוכה זיין דען גואל צדק צו זעהן במהרה בימינו אמן.

---

## 2. דער צווייטער נוסח

(אויסגאַבעס: סודילקאָווער 1834 און ווילנער 1845.)

# מעשה גדולה מן אומן ומן אוקריינא

דאָש ביכל פון אומן אונ אוקריינא זאָל איטליכר מענטש לייענען און זאָל גידיינקן, וואָש פאַר איין גרוישע צרה גאָט האָט גישיקט אויף אומן און אויף אוקריינא און אויף באַלטי און אויף אַנדרי שטעט. מען האָט גישלאָגן מיט מכות אַכזריות. דרום קער מען בעטין גאָט, אַז ער זאָל שוין מער קיין צרות ניט צו שיקין, און זאָל גיך באַלד איין נקמה טאָן אין אונזרי שונאים, און זאָל אונז גיך און באַלד (אויש לייזין אויש דעם ביטרן גלות) [פירין אין ירושלים אַריין] במהרה בימינו אמן.

אל אלהי הרוחות לכל בשר, דו בישט דער גאָט פון אַלי לייבר, ווי האָשטו גיקענט צו זעהן אַז מי האָט אום גיבראַכט מאַנין און ווייבר און קינדער. וואָש איז דאָש גיוועזין פאַר איין צרה, אַז אַזוי פיל יהודים האָבין זיך קיינר ניט גיקענט העלפין: דען עש איז אַריין גיקומן איין פוחז פון ק״ק ט ו ט ו י ב און איז אַריין גיקומן אין שטאָט אַריין און ער האָט אוישגיהרגת ביז פיר הונדרט נפשות, און דערנאָך האָבין זיך אַלי (פוחזים) היידין גינומען אויף די יהודים און האָבין אוישגיהרגת ביז פינף טויזינד נפשות. אַ טייל האָבין זיך גיוואָלט לייזין מיט געלט, נאָר זיי זאָלין לעבין בלייבין, אָבער עש האָט אַלץ ניט גיהאָלפין, נאָר ווער עש האָט גיקענט אַנטלויפין איז אַנטלאָפין.

די ערשטי איז גיוועזין איין אשה, איז גיגאַנגען גאַנץ פריי די בהמות טרייבין אין פעלד אַריין, האָט דער פוחז אין איר אַריין גישטאָכין. די אַנדרי איז גיוועזין איין קרעמערין; ווי זי האָט דאָש צו גיזעהן אַזוי איז זי [אַנטלאָפין] (גילאָפין) צו די יהודים און האָט גישריגען אַן לעבעדיגן גאָט און אים ניט אָפּ צו טרעטין, און מיר זאָלין אַלי אום קומן אויף קדוש השם, אַזוי וועלין מיר אַלי האָבין עולם הבא. און ווי דער חזן דאָש זעהט אַזוי לויפט ער גיך אין מקוה אַריין און האָט זיך גינומן טלית און תפילין און האָט אָנגיהויבין מיט גרויש גישריי און גיוויין וידוי צו זאָגין, און ער האָט אַליין באַקומן דעם חלף באַי דעם פוחז, אַז ער זאָל זיך דער מיט קוילען און האָט זיך גיקוילט מיט (זיין) ווייב און קינדר.

ביום כ׳ ה׳ תמוז אַזוי זיינען די פוחזים גיקומן פאַר דער שטאָט א ו מ ן. אַזוי זיינין גישטאַנין אונטער דער שטאָט ביז פיר הונדרט וועגין אנשים ונשים וטף, אַזוי האָט מען זיי אַלי אוישגיהרגת. נאָר די יהודים פון דער שטאָט האָבין זיך אָן גיהויבין צו ווערין אַקעגין די פוחזים און אַוועק צו יאָגין זיי. נאָר ווי די פוחזים זעהען אַז די יהודים הויבין זיך אָן צו ווערין, אַזוי האָט גאָנטע ימח שמו איין בריב גישריבין מיט גרויש גיבעט און גיוויין צום רב מוהר״ד יעקב אַל דאָש גוטץ אויף די יהודים; נאָר ווי דער רב האָט גיטאָן דעם בריב לייענען, אַזוי האָט ער גימיינט פאַר גיוויש, אַז מען וועט (פון) די פוחזים פטור ווערין. אַזוי האָט דער רב אַרויש באַפוילין איין גרוישין דאַנק, אַז מען וועט איהם שיינקען איין גרוישין געשאַנק. נאָר זאָלשט מיט אונז האַלטען, מיר וועלין שיינקען איטליכן פוחז גיוואַנט אויף איין פּאָר קליידר, מיט וועלין דיך ניט נאַרין, אונזר שררה וועט דיר מאַכין פאַר אַ גרוישין שררה, [ער] וועט דיר שיינקען פיר דערפער. אָבער דער רשע האָט איין מחשבה רעה ביי זיך גיהאַט און האָט אָן גיהויבין איין עצה צו האַלטין מיט דעם רשע אליונאַק 1) ימח שמו, ווי ער זאָל באַקומן די שטאָט אומן. אַזוי האָט ער אים גיגעבין איין עצה, אַז ער זאָל שווערין פאַלש, אַזוי וועט ער באַקומן די שטאָט: נוא אַז ער איז גיקומן דריי טאָג דערפיר אין שטאָט אַריין, אַזוי האָט ער גישוואָרין, אַז ער זאָל מיט זיי האַלטין, דורך דעם זיינען דערווייל אום גיקומן כמה אלפים יהודים.

בקיצור, אום מאָנטאָג זיינען גיקומן די פוחזים אונטער שטאָט און האָבין אָן גיהויבן צו ברומן ווי די בערין, און האָבין גיוואָלט אין שטאָט אַריין פאַר נאַכט, אַזוי האָט מען אויסגישאָסין איין האַרמאַט אין האָבין די בראָם (פאר) [ציגי] מאָכט. (נו) די זעלביגי נאַכט זיינן גיוועזין אונטר דער שטאָט כמה אלפים יהודים, אַזוי האָט מען זיי אַלי גיהרגת דינשטאָג צו אָן בייסין צייט. אַזוי זיינען זיי גיקומצן פאַר דער שטאָט ניט ווייט, אַזוי האָט זיך אָן גירופין אליונאַק ימח שמו צו דעם גאָנטי ימח שמו: טוא דוא נאָך איין פרוב און שיק אַריין אין שטאָט איין בריב צו דעם קאָמיסר 2) און צו אַלי פריצים: איר טוט אייך אום זונשט מיט אונז שפּאַרין, איר וועט דערנאָך בלייבין (נאַראָנים) [נארין], איר ווייסט נישט אַז עש איז גיקומן איין באַפעל פון דעם (הויפּט מאַן) (צערוונא 3), אַז מען זאָל [פון] קאָרין [און] פון ווייץ אויש קלייבן, אַז עש זאָל קיין יהודים איבר בלייבן אין גאַנץ פולין, דרום שפּאַר דיך ניט מיט אונז און גיב אונז אַרויש אַלי די יהודים, אָבער ווען ניט

1) זשעלעזניאַק. דער הויפּט־פירער פון די היידאַמאַקן, אַ זאַפּאָראָזשער קאָזאַק.

2) דער פוילישער גובערנאַטאָר פון אומאַן — מלאַדאַנאָוויץ.

3) „צאַראָוונע" אין ווייטערדיקן ווילנער טעקסט, ד. ה. די צאַרין יעקאַטערינע II. זע הערה צום ערשטן נוסח.

לאָז אונז נאָך אַריין אין דער שטאָט אַזוי וועשטו זיין
אונזער העֶר איבר אונז.

בקיצור דער קאָמיסר האָט זיך מיישב גיוועֶן, נאָך
וואָש (זאָל) [טויג] מיר דאָש אַז איך זאָל מיר קריגין מיט
גאַנטע ימח שמו, טאָמער וועלין זיי יע אַריין קומן אַזוי
וועט ער מיך אויך הרגינן מיט אַלי פּריצים, בעסער
לאָם איך עפענין אַליין אונ אים אַריין צו לאָזין אין
שטאָט, אַזוי וועל איך קריגין ביי זיי גרויש גינאָד. אָבער
די יהודים אונ די פּריצים אונ די גלחות און שטו-
דענטיס זיינען גישטאַנין אַרום דער שטאָט אונ האָבין
זיך גיוועֶרט פאַר דיא פּוחזים אונ האָבין אַרויש גישאָסין,
וואָרום זיי האָבין גיוועשט אז דיא פּוחזים וועלין אַריין
קומן, אַזוי זענין זיי אַלי אַוועק. אונ די יהודים זיינין
אַלי גילאָפין אין שול אַריין אין טלית אונ תּפילין אונ
וויינן אונ שרייען, טאָמער וועט זיך גאָט דערבאַרימן
איבר דיא קליינע קינדרליך. בקיצור דער קאָמיסר האָט
זיך אַרוף גיזעצט אויף איין פערד אונ איין בלויזי שווערד
אין דער האַנט. אונ האָט אַלי יהודים אונ די פּריצים
אַלץ פער טריבין, ביז עש איז קיינר באַיי דער בראָם
ניט גיבליבין, אונ האָט גישריגן: ניט שיסט, דען איך
האָב מיט זיי שלום גימאַכט. נוא ווי די פּוחזים האָבין
דאָש דער הערט האָבין זיי זיך צוגירוקט צוא דער שטאָט
אונ האָבין אָן גיהויבין צו האַקין די פאַלץ אַרום דער
שטאָט. נוא וויא דער פאַן מאַרקאָווסקי האָט דאָש גיזע-
הען אַזוי שרייט ער זייער צוא דעם קאָמיסר: נאָך וואָש
עפינשטו דעם טויער. וואָרום וויא דער פאַן מאַרקאָווסקי
האָט גיוואָלט, אַזוי העט ניט איבר גיבליבן איין פוס פון
די פּוחזים, ער שרייט צוא דעם קאָמיסר: וואָש מיינשטו
דער מיט, דיא גאַנצי וועלט האָבין צוא וויינין איבר דיר.

בקיצור וויא דער מאַרקאָווסקי זעהט אַז דער קאָ-
מיסר פרעגט דרויף נישט, אַזוי פער דריסט אים זייער
אונ לויפט צו דער בראָם אונ האָט גיוואָלט איין האַר-
מאַט אויש שיסן אויף די פּוחזים. איז גיקומן דער קאָ-
מיסר צו לויפין מיט איין בלויזי שווערד אונ (חאפּט)
[האָט] צו גידעקט דעם האַרמאַט מיט דער פאָלי, אַז מען
זאָל ניט קענין שיסן, אַזוי זיינין אַלי פּוחזים אין שטאָט
אַריין מיט גרויש צאָרן. נוא עש איז גיוואָרין צווישין
דיא יהודים און צווישין דיא (ערלים) [ניכט יודן] אונ אויך
פּריצים אַזוי איין גרויש גישריי אונ גיוויין, זינט דיא
וועלט שטייט איז נאָך אַזוי איין צרה ניט גיוועזין אין
פּולין. וויא פיל יהודים [און אויך פּאָלאַקעס וואָש] מען
האָט אויש גיהרגת.

קודם האָבין זיי אָן גיהויבין דיא יהודים צו שעכ-
טין אויף די גאַס אונ האָבין אויף קיינם ניט גיהאַט
קיין רחמנות. אַזוי האָבין דיא קליינע קינדר אָן גיהויבין
צו בעטין פאַר פאָטר אונ מוטר, אַזוי האָט מען זיי אַלי
גיבונדין אויף דר גאַס אונ מיט פערד צוטרעטין. דר
נאָך האָבין זיי גיחאַפּט איין בתולה איין שייני, איר
פאָטר האָט גיהייסן הקדוש רבי משה; אַזוי האָבין זיי
אָן גיהויבין אָן צו ריידין, אַז זי זאָל זיך שמאַדין, אַזוי
האָט זי אָן גיהויבין צו ריידין מיט גרויש גישריי: איר
אומה טמאה, ווי רעט (עטך) [איר] מיך אָן צו דער דעה,
איר קענט מיך ניט נייטין, ליבר וועל איך אום קומן.
אַזוי האָט מען זיא גיפירט צו (דער ברונה) [דעם ברו-
נים]; מען האָט איר גיוויזין, וויא פיל הרוגים ליגין
דרינן, אונ האָבין גיטאָן זייער מעסר שאַרפן צו קוילן.
אַ טייל זאָגין מען זאָל זי לעבעדיגר הייט אין ברונם
אַריין וואַרפין. אַזוי האָט זי גיזאָגט: איך טוא פאַר דעם
טויט ניט פאָרכטין, איך טוא תיכף מיין האַלז אויש
שטרעקין צום קוילן. אונ איר מוטר איז גישטאַנין דער
באַיי נעבין, אַזוי האָט זי גישריען: מיין ליבע טאָכטר,
פאַר געש ניט אָן אונזר ליבן גאָט. אַזוי האָבין די פּוחזים
זי גינומן און האָבין זי אַריין גיוואָרפין לעבעדיגר הייט
אין (דער ברונה) [דעם ברונעם] אַריין. אונ די איבריגי
יהודים האָבין אָן גיהויבין אַלי אין שול אַריין צוא לוי-
פין, אַ טייל האָבין זיך אָפּ גיקויפט מיט געלט, אָבר דיא
פּוחזים האָבין זייא מרמה גיוועזין, זיי האָבין גינומן דאָש
געלט אונ האָבין זייא פאָרט אום גיבראַכט. אַזוי האָבין
זיי גיטאָן וויינין אונ שרייען.

בקיצור די יהודים, וואָש זיינין אַלי גיוועזין אין
דער שול, האָבין זיי זיך אָן גיהויבין צו ווערין אַקעגן
דיא פּוחזים מיט כלי זין. אַזוי איז גיוועזין איין יהודי
הנקרא בשמו ר׳ ליבוש משארי גראָד, ער האָט זיך דער
וועקט אונ האָט אָן גיהויבין צו זידין בייא אים דאָש
בלוט, ווי איין פיש אין דער פאַן, אונ האָט גיחאַפּט
איין שווערד אין דער האַנדט אונ האָט גיהרגת איבר
צוואַנציג פּוחזים. נאָך איין יהודי איז גיוועזין הנקרא
בשמו ר׳ משה מנקר, ער האָט זיך גיטאָן שטאַרקין נאָך
בעשר, אונ האָט עטליכע פּוחזים גיטאָן קוילן מיט זיין
מעסער. נון ווי דיא פּוחזים האָבין גיזעהען, אַז זיי קענן
דיא יהודים ניט באַיי קומן, אַזוי האָבין זיי גינומן איין
האַרמאַט פון דעם שלאָס אַראָפּ און האָבין זיי גיפירט צו
דער שול אונ האָבין צו שלאָגין אַלי דיא טירין. דאָש
איז גיוועזין דינשטאָג פאַר נאַכט, אונ האָבין אום גי-
בראַכט כמה אַלפים יהודים אין שול אונ אַרום דער שול.
נוא וויא האָבין מיר יהודים ניט צו וויינין טאָג אונ נאַכט
(אויף) [אין] דעם. עש איז גיוועזין איין אשה (בריאה)
[ברייה] האָט גילאָפין פון אירע קינדר אין וואַשער אַריין,
כדי די קינדר זאָלין חלילה ניט בלייבין באַיי די פּוחזים.
דרום (קער) [גיהער] מען צו וויינען טאָג אונ נאַכט אויף
דעם גרוישין שלאַק. און דיא רשעים דיא פּוחזים האָבין
גיפרעסין אונ גיזאָיפן אונ האָבין דאָש געלט אונ קליידר
אונ צירונג אַלץ איבר אַנאַנדר גיוואָרפין.

בקיצור די פּוחזים זיינין אַלי גיגאַנגין אויף דעם
ראָט הויז און האָבין גירופין אַלי סוחרים אונ האָבין זיי
צוגיזאָגט דאָש לעבין צו שיינקען, נאָר זיי זאָלין גאָר

זייער האָב פון זיך אָוועק געבין: בקיצור דיא סוחרים האָבין אָן גיהויבין צו טראָגין קליידר אונ געלט אונ זילבר אונ צירונג, זיי האָבין געמיינט זיי וועלין בלייבין לעבן, אָבר וויא מען האָט אַלץ צום הויף גיטראָגין אַזוי האָבין זיי זייער בלוט גיטאָן פאַר גישין. מען האָט אָן גינומן באיי דיא פאות אונ באיי דיא בערד, אונ מען האָט זיי גיוואָרפין אַ ראָפּ פון דעם ראָט הויז אויף דער ערד, אַזוי זיינין צי שיט גיוואָרין אירי גלידר.

רבונו של עולם, ביז וויא לאַנג וועשטו דיך ניט דער באַרימין איבר דיין אָרעם פאָלג ישראל אונ איין נקמה טאָן אין דיא פוחזים. ווען מען האָט ר' ליבוש חתן ר' בערש מזאָלקווא אַזוי איין מיתה חמורה אָן גיטאָן, אוי אונ וויי גישריען אויף די צרות. אויך דער אומנער מגיד וויא ער האָט גיזעהן דיא גרוישי צרות וואָש מען האָט נעביך דיא יהודים אָן גיטאָן, אַזוי האָט ער גינומן אויף זיך קיטל אונ טלית אונ זייני קינדר אונ איז גילאָפין אין איין קעלער אַריין אונ אָן גיהויבין צו וויינין אונ צו שרייען צו גאָט מיט הייסי טרערין, ער האָט גימיינט אַז ער וועט ניצול ווערין; אָבר עש איז אום מיגלאַך גיוועזין, דען עש איז אַריינ גילאָפין איין פוחז אין קעלער אַריין אונ האָט אָפּ גיהאַקט דעם קאָפּ מיט דער האַק דערנאָך זיינין אום גיקומן אנשים ונשים וטף עד אין מספר ואין סוף. אונ דער נאָך זיינין זיי גיגאַנגין אין בית המדרש אַריין. אַזוי איז אויף דעם עולם אַ גרויש דער שרעקנעש גיוואָרין. אַזוי האָבין זיי אַרויש גינומן איין ספר תורה אונ האָבין אָן גיהויבין צו שרייען שערי תורה על שנגזר עלינו הגזירה: מיר קומן אום מיט שווערן ביטרן טויט, ווער וועט דיך לערנען נאָך אונזר טויט! אַזוי זיינין די פוחזים צו זיי גיקומן אונ האָבין דיא הייליגי ספר תורה אַוועק גינומן, אונ האָבין די ספר תורה אויף גישפּרייט אויף דער ערד, אונ האָבין אַלי דרויף גיטרעטין, אונ האָבין דרויף גיקוילט לייט. האָט זיך אָנגירופין ר' הירש דער חזן: אני ראשון לחרב ברורה, אָבר גאָט דער העֶר ווייסט אויב מיר [וועלין] קומן צו [דער] קבורה. וויא איך זעה וועט קיין יהודי פאַר די פוחזים ניט לעבין בלייבין. גאָט דער העֶר ווייסט אויב מיר וועלין קומן צו קבר ישראל. אונ די פוחזים האָבין אַזוי איין הריגה אָן (גימאַכט) [גיאַרבעט] אין בית המדרש, אַז דאָש בלוט איז גירונין איבר דיא (שוועל) [שוועלן], דער נאָך האָבין זיי אַרויש גינומן אַלי ספר תורות אויש דער שול אונ אויש דעם בית המדרש, אונ האָבין אויף גישפּרייט אין דיא גאַסין אונ זיינין דרויף גיריטין מיט די פערד. וויי אונ אָך גישריען אויף דער גזירה וואָש אין דער שטאָט איז גישעהן. עש איז גיהרגת גיוואָרין אלפי אלפים אנשים ונשים וטף, אונ זיי האָבין פאָרט דעם ליבן גאָט ניט אָפּ גיטראָטין. מען האָט זי גיהאַקט אונ גישטאָכין אונ גיבראָכין אונ זיי (האָבין ניט גיוואָלט צו שטיין צו זיי אָבער זיי) זיינין גערן גיוועזין דעם טויט אונ האָבין פאַר זיין ליבן נאָמן אַלץ פאַר ליב גינומן. די קינדר פון דער בריסט האָבין זיי צו טרעטין מיט די פיס. אויך האָט איין פוחז גיקוילט אויף איין יאַטקע קלאָץ כמה מאות יהודים, די קלייני קינדר האָבין נעביך גינאָסין זייער פאָטר אונ מוטרש זינד, זיי האָבין אום גיטראָגין לעבעדיגר הייט די קליינע קינדרליך אויף דער שפּיז. אוי אונ וויי ווער דאָש האָט גיזעהען אָדר גיהערט, אויב עש האָט זיך אַזוי איין זאַך גיטראָפין דאָש עש זאָל אום קומן אַזוי פיל יהודים אונ ערלים אונ פריצים אונ גלחות. אונ האָט אָן גיוואָרפין הרוגים אויף אַ תחום שבת ווייט. ניט גינוג עש איז קיינר ניט איבר גיבליבין האָבין זיי זיך נאָך גיוואַלגערט אין אַלי גאַסין. זייערע ביינר וויי גישריען אויף דער גרוישע צרה, אַז זיי האָבין ניט זוכה גיוועזין צו ליגין אויף דעם בית הקברות מען האָט זיי גיטאָן פערטלן אונ קעפּין, אונ די הינט אונ די חזירים האָבין זיי גיטאָן אַרום שלעפּין אין די גאַסין, ווי איז דאָש ניט גיוועזין איין פלאָג פון גאָט, איין פלאָג ווען די הריגה האָט גיווערט אַכט טאָג.

ואחר זה אונ דער נאָך האָט דער רשע גאָנטע (ימח שמו) גיהייסין אויש רופין אונ אויש טרומייטרן, אַז מען זאָל זיך איבר קיין יהודי ניט דער באַרימן, אונ וועלכר עש וועט איין יהודי באַהאַלטין, דעם וועט מען דעם קאָפּ שפּאַלטין. דער נאָך האָבין זיך באַהאַלטין איבר אַכציג נפשות אין איין קעלער שטילר הייט, אונ האָבין זיך כלי זין מיט גינומן אין קעלער אַריין. וועלכר פוחז איז צו זיי אַריין גיקומן אַזוי האָבין זיי גיהרגת. בכן וויא די פוחזים האָבין גיזעהען אַז זיי קענין נישט צו טרעטין, אַזוי האָבין זיי גינומן שטרוי אונ האָבין אָן גיצונדין אונ גיוואָרפין אין קעלער אַריין, אַזוי זיינין זיי דערשטיקט גיוואָרין. אַזוי האָבין דיא פוחזים גיאַכט אונ גיטראַכט אונ האָבין זיי אַלי תחת חרב (גיבראַכט) [גימאַכט]. אונ אַ טייל פון זיי זיינין אין די פעלדער אַריין גילאָפין אונ האָבין זיך באַהאַלטין צווישין שטיינר איז (פאָרט) [גאָר] פון זיי ניט גיבליבין איינר. אויך קלייני קינדר וואָש מען האָט נעביך צו שטאָכין זיינין זיי גיגאַנגין בעטלען צווישין (ערלים) [פוחזים] נאָך ברויט אונ אַז ער האָט שוין וואויל גיגעבן דאָש ברויט אַזוי האָט ער אים תיכף גיהרגת. די גזרה האָט שוין גימוזט פאַר חתמנת ווערין לאַנג. די ביינר זיינן אויף עטליכי מייל אַרום דער שטאָט גילעגין, און די הינט האָבין דאָש פלייש אויף גיגעסין.

בקיצור, וואָש זאָל איך אייך פיל שרייבין, עש האָט אַזוי פיל בלוט גילאָפין דורך דיא טויערן. נוא ווי דער גאָנטע (ימח שמו) איז אין דער שטאָט אַריין גיקומן, אַזוי האָט ער אַלי פריצים און אַלי הערין אונ דעם קאָמיסר אין קלויסטר אַריין גילאָזט, אונ גישטעלט איין גרוישי וואַך אַנידער, אַז מען זאָל קיינם נישט טאָן. אַזוי האָבין זיי גיבעטין אַנדרי פריצים דעם קאָ-

מיסר: זאָג אונז דאָש דו בישט אונז אַ גוטער פריינט, ווי מיינשטו, קענין מיר אויך ניצול ווערין פון די פיינט. אָבר דער קאָמיסר האָט גישוויגין, ער האָט שוין גיוואוסט זיין בייזין סוף. נוא וויא דער גאָנטע (ימח שמו) איז גיקומן אין קלויסטר אַריין, אַזוי האָט ער תיכף דעם קאָמיסר גינומן פון צווישין אַלי פריצים אונ האָט אים איין שטריק איבר דעם האַלז גיטאָן אונ האָט אים אַרויש גישלעפט אויש דעם קלויסטר. זיין שבועה האָט גאָנטע (ימח שמו) גיבראָכין, אונ האָט אַלי פריצים אויש גישטאָכין. דעם קאָמיסר האָט גאָנטע (ימח שמו) (גילאָזט שטיין) [גיוואָלט שוין] איבר דער גאַס [פירין] גאָר נאַקעט נאָר אין העמדל אונ איין שטריק אויף דעם האַלז. אונ דער נאָך האָט ער אים גיפירט איין הויז אַריין און האָט אים גיגעבין צו טרינקן מעד אין איין (קראָז) [גלאָז] אונ האָט צו אים גיזאָגט: טרינק גישווינד, איך בין דאָך באַיי דיר גיוועזין דיין ליב קינד. דר נאָך האָט זיך גאָנטע (ימה שמו) גיזעצט אויף דער שטול אונ האָט אויש דעם קאָמיסר גימאַכט אַלי גישפעט, אַזוי זאָגט דער קאָמיסר: וויא טושטו דיין שבועה ברעכין, דוא האָשט דאָך גישוואָרין דאָש דוא זאָלשט מיך מציל זיין פון דעם טויט אונ היינט האַלטשטו דיין שבועה ניט. אַזוי גאָנטע (ימח שמו) צו אים: פאַר דעם ווייל דו האָשט די שבועה גיבראָכין מיט די יהודים, אַזוי ברעך איך מיין שבועה אויך אונ מוזט ווערין גישטאָכין. אַזוי איז גיקומן איין פוחז פון הינטן אונ האָט אים גישטאָכין, וואָרום גאָט ברוך הוא טוט ניט שלאָפין, ער שטראָפט אַלץ מדה כנגד מדה. אונ זיי האָבין זיך אין שטאָט אַזוי לאַנג געזוימט, ביז זיי האָבין אַלץ אויש גירוימט.

אחר זה דר נאָך האָבין זיי זיך צו שפרייט אויף אַלי דערפער אַרום אין דער גיך, כדי אַז קיין יהודים זאָלין גאָר ניט איבר בלייבן. עש זיינין אין וועג גיוועזין איבר הונדרט וועגין מיט יהודים, אַזוי זיינין גיקומן גאָר זיבן פוחזים אַזוי האָבין זיך די יהודים נעביך זייער דערשראָקין. זיי האָבין ניט גיוואוסט ווי זיי זאָלין זיך אַ הין טאָן אַלי, זיינין זיי אַלי אין וואַשר גישפרונגן אונ האָבין זיך דער (טרענקט) [טרונקן]. נוא ווי די פוחזים האָבין גיזעהען דאָש זיי זיינן ווייניג אונ די יהודים זיינין פיל, אַזוי האָבין זיי צום הויף גיטריבין אַלי דיא (ערלים) [פוחזים] אַז מען זאָל אויש הרגנן אַלי דיא יהודים.

באותו מקום אין דעם אָרט זיינין גיוועזין צוויי ברידר פון דער שטאָט טאַרנאָפל, איינר האָט גיהייסין ר' שמואל אונ דר אַנדרר ר' שואל. זיי זיינין זייער פרום גיוועזן (מען האָט) [מחמת זייער גרויש פרומקייט האָט מען] ניט גיהערט זייער קול, האָבין מענטשין גיוואָלט זיי אַוועק נעמין פון דאָרטן כדי זיי זאָלין ניט ניזוק ווערין. נאָר זיי האָבין ניט גיוואָלט אָפּ טרעטין דעם כלל ישראל. זיי האָבין גימיינט אַז זיי וועלין ניצול ווערין פון דעם טויט. לסוף זיינין גיקומן צוויי ערלים אונ האָבין גינומן די צווייא ברידר באַיי די הענט אונ (האָבין זיי גיפירט צו זיי אַהיים. נו די צווייא ברידער האָבין גימיינט, אַז זיי וועלין קענין אַריבער שיפן זיך) [האָבין צו זיי גיזאָגט זיי וועלין קענין אַריבר שיפן זיי] איבר דעם בוג. אַזוי האָבין זיי פון זיך גיגעבין גאָר דאָש געלט צו די צווייא (ערלים) [ניכט יודין] אַז דיא (ערלים) [ניכט יודין] זאָלין זייא אַריבר שיפן. האָבין דיא (ערלים) [ניכט יודין] גיזאָגט צו דיא צווייא ברידר: נעכטיגט דאָ איבר נאַכט אונ אין דער פרי וועלין מיר אייך אַריבר שיפן. נו ווי עש איז גיקומן זייגר צווייא באַ נאַכט רופט זיך אָן איין ברודר צו דעם אַנדרן: עש איז מיר דאָש האַרץ זייער שווער, לאָמיר זעהן אַנטלויפין וואָרום גאָט ווייסט אויב מיר וועלין זיך שוין קענין זעהן מיט אונזר ווייב אונ קינדר. אונ די (ערלים) [ניכס יודין] האָבין אַנידר גישטעלט שומרים אַז זיי זאָלין ניט קענין אַנטלויפין. נו וויא עש איז גיקומן אין מיטן דער נאַכט אַזוי האָבין גינומן דיא צווייא (ערלים) [ניפט יודין] דיא צווייא ברידר אונ האָבין זיי גיפירט צו דעם בוג. אַזוי האָבין די ערלים תיכף איינם דער שטאָכין, אונ דער אַנדרר האָט זיך אָן גיהייבין ריינגלען מיט זיי, נוא האָבין זיי אים אַריין גישטאָכין דיא שפיז אין האַרצין אַריין אַזוי איז דיא שפיז צוא בראָכין גיוואָרין. האָבין דיא (ערלים) [ניכט יודין] גינומן איין קויל אונ האָבין אים גישלאָגין אין קאָפּ אַריין. נוא האָט ער נעביך גישריגען מיט איין ביטר קול אונ זיין קול האָט זיך גיהערט פאַר אַ מייל, אונ ער האָט גישריגן: רבונו של עולם, ביז ווי לאַנג נאָך וועשטו דיין נקמה ניט טאָן אין דיא פוחזים וואָש זיי הרגנין דיין ליב פאָלג ישראל (אונ דיא ערלים האָבין אים דרהרגת).

---

איצונד וועלין מיר אָן הויבין צו שרייבין די גזרה פון באַלטה.

והיהודים, אונ דיא יהודים וואָש זיינין אַנטלאָפין גיוואָרין קיין באַלטה, אַזוי האָבין דיא פוחזים זיי נאָך גילאָפין אונ האָבין גיפונין אין דעם תחום שבת פאַר דער שטאָט ביז זיבציג נפשות. אונ דאָרטין זיינין גיוועזן יהודים פון דר שטאָט זאלקווא, איינר ר' אשר מיט זיין ווייב אונ קינדר שוועסטיר אונ ברידר, אונ זייער פאָטר האָט גיהייסין ר' גדליה. בקיצור ווי זיי האָבין דער זעהען דיא פוחזים זיינין זייא גיבליבן שטיין אונ האָבין זיך זייער דער שראָקין. נוא האָט זיך איין רעק[1] אָן גירופין צו זיי: לייזט אייך אויש מיט געלט, וועלין מיר אייך ניט הרגנן. נוא האָבין זיי גיגעבן צו די פוחזים ביז דריי הונדרט רענדליך. נוא האָט זיך אָן גירופין דער אַנדריר רעק צו זיי: גיט אָפּ פון אייך די קליידר אויך. נוא האָבין זיי פון זיך אַראָפּ גיוואָרפין די קליידר ביז צום העמד, אונ דר נאָך האָבין דיא פוחזים זיי אַלי

---

1) רעק מיינט רק — דאָס זעלבע וואָס „פוחז“ (אין העברעאיש

דער שטאָכין. די מעשה איז גיוועזן ביום ד׳ ר״ח תמוז ביז ניין טעג אין חדש. עש זיינן גילעגין הרוגים וויא האָלץ. בקיצור איז גיקומן איין טערק צו רייטין אין שטאָט אַריין אונ דר ציילט דיא יהודים וואָש אין שטאָט זיינן, אַז אונטר דער שטאָט ליגין הרוגים וויא האָלץ. אַזוי האָבין דיא יהודים איין עצה גיהאַלטין וויא מען זאָל די הרוגים חאָטשי צו קבורה ברייננגן. בקיצור דיא יהודים זיינין גיגאַנגגן צו דעם עלצטין אונ האָבין אים גיגעבין פינף הונדרט טאָליר, אַז זיי זאָלין לאָזין באַהאַלטין דיא יהודים. האָט דר עלצטער מיט זיי גישיקט צוואַנציג ישמעאלים, אונ צווייא יהודים האָבין זיך פאַרשטעלט פאַר ישמעאלים אונ זיינין אויך גיגאַנגגן מיט די ישמעאלים, בכדי זיי זאָלין דיא הרוגים זייער רעכט טאָן. נוא איז גיוועזן צווישין דיא יהודים הרוגים איין אשה, וואָש זי האָט נאָך גילעבט אונ זי איז אויך גיוועזן צו שטאָכין. האָט די אשה זיי דר ציילט די גאַנצי מעשה. נוא זעהען מיר וויא השי״ת איז נותן ליעף כח. דיא אשה איז שוין גילעגין צווישין די הרוגים דריי טאָג אונ זי האָט נאָך גילעבט. נוא האָבין דיא יהודים גענומן דיא אשה אונ האָבין זי גיפירט קיין בלטה, איז זי דאָרטין אויך גישטאָרבין, אונ דיא יהודים האָבין זי מקבר גיוועזן. בקיצור דיא יהודים וואָש זיינין אַנטלאָפין גיוואָרין קיין באַלטה האָבין זיי גימיינט, אַז זיי וועלין ניצול ווערין, זיי וועלין קענין אַנטלויפין. נוא ווי דר גאָנטע (ימה שמו) האָט גישיקט אין באַלטה פינף הונדרט מאַן מיט האַרמאַטין אונ האָט גישיקט מיט זיי איין עלצטין, אונ ער האָט גיהייסין סילה (ימח שמו), ער איז גיוועזן איין גרוישר רשע; נוא וויא ער איז גיקומן אין שטאָט אַריין, אַזוי האָט ער אין שטאָט גיפרעסין אונ גיזאָיפין כאות נפשו, נוא האָס דר סילה גישיקט איין עלצטין מיט פיר מאַן זיי זאָלין זעהן, וואָש פאַר לייט דאָש איז אין שטאָט אונ דאָש איז גיוועזן ביום ג׳ פאַר נאַכט.

באותו פעם האָבין די פוחזים גיחאַפט צווייא בחורים אונ האָבין זיי גיוואָלט אום ברייננגן; אַזוי האָט דר עלצטיר פון דער שטאָט זיי גיגעבן געלט אַז זיי זאָלין ניט אום ברייננגין דיא בחורים, אונ האָט דיא צווייא בחורים אַוועק גיפירט אויף זיין גרעניץ. דר נאָך האָט דער עלצטר פון דער שטאָט גיפרעגט דיא פוחזים: ווער האָט זיי גישיקט אַהער. אַזוי האָבין גיענטפערט דיא פוחזים, אַז מען זאָל ניט לאָזין קיין יהודי אונ קיין שום פאָלאַק אין מדינת פולין האָבין זיי אונז גישיקט אַ הער, אַז איר זאָלט אַרויש געבין די יהודים אונ דיא (ערלים) [ניט יודין], אַז מיר זאָלין אַלי אום ברייננגען. אַזוי האָט דער עלצטר גיזאָגט: איך וועל אייך ניט אַרויש געבין, איך קען דאָש ניט טאָן אָן דעם תוגר זיין ידיעה, מיר וועלין אייך ניט אַרויש געבין אפילו איין מאַן אויך ניט, וואָרום אַז איר זאָגט אַנדערש [איר זייט] דאָש חיל פון (הויפט מאַן) [צאַראָוונע], ווי קענט איר קומן אין אונזר גרעניץ. דען עש שטייט אין אונזר פראָווע פאַר שריבין, אַז איר טאָרט ניט קומן אין אונזר גרעניץ זעקס מייל אַזוי האָבין די פוחזים גישוויגין, זיי האָבין נאָר אַלץ גיטראַכט, די יהודים אַרויש צו באַקומן אויף יענער זייט. נוא זיינין דיא פוחזים גיזעסין אין שטאָט דריי טאָג אונ האָבין גיפרעסין אונ גיזאָיפין אונ האָבין די יהודים גאָר ניט גיטאָן. נוא דער הויפט מאַן פון דער שטאָט זאָגט אַלץ צו די יהודים; פאָרכט אייך ניט, דען דער טאָטער קומט אָן אייך העלפין. אונ דער הויפט מאַן האָט גינומען באַיי די יהודים גרוישי מתנות, אונ ביי דיא פוחזים האָט ער אויך גינומען גרוישי מתנות. נוא זיינין די יהודים נעביך מבולבל גיוואָרין. זיי האָבין גיזעהן באַשיינפערליך, ווי השם יתברך האָט גיטאָן זיי שטראָפין, ווען זיי זיינין גישטאַנין דריי טעג מיט די שונאים אונ זיינין ניט אַנטלאָפין.

ביום ה׳ איז אָן גיקומן דער טאָטער אין שטאָט מיט אַכציג מאַן צו רייטין. נוא וויא דיא פוחזים האָבין דערזעהען אַז דער טאָטער קומט אָן. אַזוי האָבין דיא פוהזים איינער צו דעם אַנדרן צו ריידין: ניט אַנדרש אַז דר טאָטער וויל מיט אונז שטרייטין. אַזוי זיינין דיא פוחזים גיקומן צו זייער עלצטין אונ האָבין גיבעטין: לאָמיר אַוועק רייטין פון דער שטאָט. נוא אַזוי וויא דיא פוחזים זיינין אַרויש גיפאָרין פון דער שטאָט, אַזוי זיינין זיי גילאָפין, מען האָט זיי ניט גיקענט מיט דעם אויג דערזעהן. אַזוי האָבין דיא ישמעאלים אָן גיהויבין אין דער פוילישער שטאָט אַריין גיין. נוא זיינין די ישמעאלים פלוצלינג אויף דיא (ערלים) [ניט יודין] גיקומן אונ האָבין מיט זייערי מעסער עשליכי (ערלים) [ניט יודין] די קעפ אַראָפ גינומען.

נוא זיינין די איבריגע (ערלים) [ניט יודין] גילאָפין צו דיא פוחזים אונ האָבין זיי צו וויסן גיטאָן, אַז דיא ישמעאלים קענין אַריין אין דער מדינה פולין. נוא האָט דאָש זייער פר דראָסין די פוחזים. אַזוי האָבין זיך די פוחזים אָן גיהויבין אום צו קערין. מיט גרויש שטורים אין כלי זין זיינין זיי גיגאַנגגן צו דיא ישמעאלים מיט זיי מלחמה האַלטין אונ אַרויש טרייבין די ישמעאלים פון דר מדינה. אונ די פוחזים האָבין גיגעבין האַרמאַטין צו שיסן די יהודים. בקיצור די פוחזים האָבין מלחמה גיהאַלטין מיט די ישמעאלים ביז האַלבין טאָג. דערווייל האָבין זיך גינומין די יהודים אין [דער] דעה אַריין, אַז זיי זאָלין אַוועק יאָגין פון דאַנין. אָבער דיא יהודים וואָש האָבין גיהאַט איין סמיכה אויף די ישמעאלים (זאָגין) [זיינין] זיי אין שטאָט איבר גיבליבין. נוא זיינין נעביך אַלי יהודים אום גיבראַכט גיוואָרין. די יהודים וואָש זיינין אַנטלאָפין גיוואָרין זיינין גיפאַלין צו דעם טאָטיר אין דיא הענט אַריין, אונ דער טאָטיר האָט זי נעביך גיהרגת ווי די שאָף. עש זיינין פיל פאַרלאָרין גי-

ווארין מיט ווייב אונ קינדר; אַ טייל זיינין אַנטרונין געווארין מיט ז׳יא נפשות אונ זייער האָב אונ גוטש איז אויש גיבראַכט גיוואָרין. נוא ווי זאָל מען אויף דער זאַך ניט וויינין אונ שרייען, ווי דיא יהודים זיינין ווארין פרטריבין אין איין פרעמדי מדינה אונ קיינר האָט איבר זיי ניט קיין רחמנות גיהאַט. אָבר דאָש איז אַלץ גיוועזן ווייל מיר האָבין אָן גאָט ברוך הוא פאַרגעסין.

דרום זיינין אַזוי פיל יהודים אום גיקומן. איך קען אייך אַזוי פיל ניט שרייבין, וויא דיא האָבין נעביך אויף זיך גיהאַט גרוישי צרות, וואָש מען האָט זיי גיטאָן שלאָגין. אונ דיא יהודים וואָש זיינין אַנטלאָפין גיוואָרין לארץ ישמעאלים זיינין זיי גיקומן קיין בענדער, אָבר מען האָט פיל גינומן אין דער שביה אַריין צו דיא טאָטירן, אונ פיל זיינין גיבליבין ליגין אין דיא פעלדר, מחמת זיי האָבין ניט גיקענט דער גיין בין ארץ ישמעאלים, זיינין זיי גישטאָרבין אויף איין וועג, אונ אַ טייל זיינין גישטאָרבין פאַר הונגר אונ פאַר דאָרשט, אונ פיל יהודים זיינין דער טרונקן גיוואָרין אין נעסטר, אונ דאָש איבריגי ביסל יהודים האָט דער טאָטיר גינומן [זיי] אין שביה אָריין, אונ דער טאָטיר האָט זיי גיטריבין אַלי טאָג אויף (פאַנטשינע) [פאַנשציזנע]. אָבר דיא יהודים פון דיא איבריגי שטעט האָבין גיטאָן האָפין אָן גאָט ברוך הוא אונ ער האָט גיטאָן אָן דיא פוחזים תיכף נקמות.

די מעשה האָט גיוועָרט דריי וואָכין, וויא זיי האָבין גאַנץ אוקריינא אונ פאָברעזע אַלי יהודים אונ פריצים (וערלים) [אונ ניט יודין] אויש גיהרגת, אונ דער נאָך האָבין די פוחזים זיך (גינומן) [גיגעבין] איין עצה, אַז זיי זאָלין מערין נאָך חיל אונ גוטץ אונ האַרמאַטין אונ צו גיין אין פולין אונ אויש צו הרגינן אין גאַנץ פולין דיא יהודים אונ פריצים. בקיצור דיא יהודים פון בראָד זיינין דער פון גיוואָר גיוואָרין, האָבין זיי דרויף גרוישי הוצאות גילייגט אונ זיינין גילאָפין צו דעם יעניראַל בראנצקי קיין שאריגראד אונ האָבין אָן גיהויבין צו וויינין אונ צו שרייען פאַר דעם יעניראַל, אַז ער זאָל דיא זאַך מבטל זיין. נוא דער יעניראַל האָט דיא יהודים גיטרייסט אונ האט צו זיי גיזאָגט: (האָט ניט פאָרכט) [ניט פאָרכט אייך], איך וועל אי״ה באַלד דיא פוחזים אום ברייגגין. אונ דער יעניראַל האָט תיכף אָן גיהויבין רירין זייני חילות אונ איז גיגאַנגין מלחמה צו האַלטין מיט דיא פוחזים. אונ ער האָט גישיקט עטליכי הונדרט חיילות קיין אומן, אַז זיי זאָלין זיך יאָגין צו דיא פוחזים אונ דער יענעראַל האָט זיי אָן גיזאָגט: איר זאָלט שטיל אַריין גיין אין שטאָט אַריין. נוא וויא דיא חיילות זיינין גיקומן אין שטאָט אַריין האָבין זיי גאָר שלום גימאַכט מיט דיא פוחזים און האָבין גיפרעסין אונ האָבין גיזאָיפין מיט דיא פוחזים, אונ זיי האָבין גיזאָגט צו די פוחזים: איר האָט גוט גיטאָן, וואָש איר האָט אויש גיהרגת דיא יהודים, נאָר וואַרט ביז דיא איבריגי חיילות וועלין אָן קומן וועלין מיר באַנאַנד הרגנן די יהודים. אונ זיי האָבין אונ מיסטין גיהייסין וואַרטין דיא פוחזים, בכדי דיא חיילות זאָלין דער ווייל אָן קומן אונ מען זאָל דיא פוחזים אום ברייגגין.

אונ דער יעניראַל האָט גימאַכט שטריק, אַז מען זאָל זיי בינדין, אונ קלעצר האָט ער אויך גימאַכט. נוא וויא דער יעניראַל איז אָן גיקומן מיט דיא חיילות אונ איין פאָלקאָווניק מיט עטליכי הונדרט מאַן זיינין פריער אַריין גילאָפין נוא וויא דער פאָלקאָווניק האָט דער זעהין וויא דיא פוחזים פרעסין אונ זאָיפין אונ ווילין ווייטר הרגנן דיא יהודים, האָט דאָש אים זייער פאַר דראָסין. נוא רופט זיך אָן דער פאָלקאָווניק: ווער האָט אייך גיגעבין רשות, אַז איר זאָלט אויש הרגנן די מדינת פולין. נוא וויא דיא פוחזים האָבין דער זעהין אַז דער פאָלקאָווניק איז זייער ברוגז אויף דעם, האָבין זיי גיוואָלט אַנטלויפין. אָבר דער פאָלקאָווניק האָט תיכף גיהייסין ברייגגן דיא שטריק, און מען האָט זיי גיבונדין, אונ ער האָט זיי גישלאָגין מיט מכות אכזריות, אונ ער האָט זיי גיטאָן וונדין (אונ) ביילין אונ ער האָט צו זיי גיזאָגט: האָט איר דען ניט גינומן גאָלד אונ זילבר גיגוג פאַר וואָש ווילט איר נאך די מדינה חרוב מאַכין, אונ דער צאַראוונע האָט אייך גאָר נישט באַפוילין. נוא זאָלט איר ווייסין, אַז אום שולדיקע בלוט האָט איר פאַר גאָסין. דער נאָך האָט דער יעניראַל בארניצקי באַפוילין צו דיא דונצים 1) אַז זיי זאָלין (אַרויש) [אַרום] לויפין צו די פוחזים אַז זיי זאָלין ניט אַנטלויפין. נוא זיינין דיא דונציס גיגאַנגין אונ האָבין אַרום גירינגילט דיא פוחזים מיט דיא בלויזי שווערדין. דער נאָך האָט מען זיך אָן גיהויבין צו נעמען צו דעם גאָנטע (ימח שמו) אונ מען האָט אים גיטאָן גרוישי צרות. מען האָט אים גישלאָגין אונ מען האָט אים פאַר קאָוועט בכבלי ברזל דיא הענט אונ דיא פיס. אַזוי האָט גאָנטע (ימח שמו) אָן גיהויבין צו שרייען אונ צו וויינין אונ האָט גיזאָגט: איבר דעם האָט איר אויף מיר קיין רחמנות ניט, דען איך האָב גישטאָכין אלמנות און בתולות, וואָרום עש איז צו מיר גיקומן איין אלמנה אונ האָט מיך אָן גיהויבין צו בעטין אונ צו וויינין אַז איך זאָל זי ניט הרגנן, האָב איך אויש גישטרעקט מיין פוס און האָב איר אויש גישלאָגין די ציין מיט דער פוס, דרום האָט איר אויף מיר קיין רחמנות ניט.

אחר זה, דער נאָך האָט דער יעניראַל בארניצקי באַפוילין, אַז מען זאָל אַרום גיין אויף די דערפר אונ מען זאָל חאַפין פורין. נוא זיינין גיגאַנגין די מאסקוויטר אונ האָבין גיבראַכט פורין, אונ מען האָט אַרויף גיוואָרפין אויף איטליכר פור זעקס פוחזים אונ מען האָט זיי גיפירט, אין וועג האָבין זיי גישטיפט אונ גילאַכט. בקיצור מען האָט אַריין גיפירט די פוחזים אין שטאָט, האָבין

1) דאָנצעס, דאָנער קאָזאַקן ;

זיי זיך דער שראָקין, און מען האָט גינומען די פּוחזים און מען האָט זיי גיהאָנגען אויף אַלי דערפער צו זעקס, אָבער דער גאָנטע (ימח שמו) ווי מען האָט אים גיבראַכט פאַר דעם יענעראַל בארניצקי, אַזוי האָט ער אים ניט גי-הייסין תיכף טרינקין, נאָר ער האָט אים פריער גיהייסין טאָן גרוישי צרות. האָט מען אים גינומען און מען האָט אים אַריין גיוואָרפין אין אַ פינצטערר גרוב אַריין. און דער יעניראַל האָט גיך גישיקט נאָך דעם תלין קיין שארי גראָד. בקיצור ווי'א דער תלין איז גיקומען, אַזוי האָט מען אים [פון] דעם גרוב אַרויש גינומען, און דער יעני-ראַל האָט גיהייסין אַז אַלע יהודים זאָלין זיך צום אויף גיין זאָלין זעהן זיין בייזין וונדר. בראשון האָט מען אים גיהייסין רייסין מיט אייזערנע (קעמלען) [קאַמען] זיין פליש, דער נאָך האָט מען גימאַכט איין אייזערנע קריין און מען זאָל די קרוין צו גליען און מען זאָל אים די קרוין אויף דעם קאָפּ אַרויף טאָן. נוא האָט מען צו גליט דיא קרוין און מען האָט אים אָן גיטאָן אויף דעם קאָפּ. און מען האָט אים גיזאָגט: היינט קריינען מיר דיך פאַר אַ פוילישין מלך איבר פוילין, און (דער) [דעם] האָט מען דעם רשע גאָנטע (ימח שמו) אָן גיבונדין אָן דעם פערנ-גיר, ער זאָל זיך מוטשען לענגיר און דער תלין איז אַלי רגע גיקומען צו לויפין און האָט גיטרונקן בראַנפּין, בכדי אַז דיא רציחה זאָל זיין אין אים שטאַרקער, איז ער אַזוי גילאָפּין אַלי מאָל און האָט אים אויש גיריסין מיט די (קעמלען) [קאַמען] שטיקר פלייש. דער נאָך האָט מען דעם גאָנטע (ימח שמו) ציא האַקט אויף שטיקר. נוא מיר ווען ווייטער ניט שרייבין, מיר ווענין ביי דעם בלייבין [און פר דיא צרות פון אומן און אוקריינא זאָלין מיר זוכה זיין אונזר גואל צדק. זאָל קומען במהרה בימנו אמן].

בכן האָבין מיר ניט גיוואָלט דעם עולם אויש ברייננגן פיל געלט, האָבין מיר איין אַלף בית בקיצור גי-שטעלט, אַז אַלי קדושים זאָלין זיין תחת כנפי השכינה, און זאָלין זיך מיען אויף יענער וועלט, אמן.

## א. אל אלהינו שליט בעולמו

דוא ביסט דער גאָט פון דר גאַנצר וועלט, האָשטו דען פאַר קויפט אונז אָן געלט. איי דוא האָשט דיא וועלט באַשאַפין, האָשטו דאָך פון אונזערט וועגין דעם ים גישפּאָלטין, און האָסט אונז גיגעבין דיא תורה, וואָש זי הייבט זיך אָן מיט דעם ב', און מיר האָבין דעם באַרג סיני אַרום גירינגלט ווי איין קרוין און דאָש איז אַלץ פון אונזערט וועגין גיוועזין, אַז מיר זאָלין זיין פון טויט גענעזין, און היינט רבונו של עולם דוא האָשט אונזערי לייט אין דיא פוחזים הענט אַריין גיגעבין, אַז זיי זאָלין אונז אום ברייננגן פון אונזר לעבין.

## ב. ב ו ו ד א י

איז דאָש אום זיסט ניט גיוועזין, אַז דיא יהודים האָבין ניט גיקענט פטור ווערין פון דעם ביטערן טויט. און לאָמיר גידיינקן אַז דורך משה רבינו עליו השלום האָט מען אונז גיטאָן אונזיר לעבין שיינקין. אַז משה רבינו האָט גיטאָן אויף דעם באַרג סיני גיין און האָט פאַר השם יתברך פערציג טעג גיטאָן שטיין אַזוי האָט דער שטן גיוויזין די יודין גלייך ווי מען טראָגט משה רבינו אונטער דעם הימל אויף איין מטה, און דער שטן האָט דאָש (און מיסטין) [אומיסנע] גיטאָן ער זאָל באַקומען איבר זיי דיא שליטה. אַזוי האָט דער שטן דער היצט זייערי נירין, און ער האָט זיי גיוואָלט פון יודישין דת אַראָפ פירין, און דיא יהודים האָבין אָן גיהויבין טאַנ-צין און לאַכין און האָבין גיטאָן דינין (די עבודה זרה) [געצין בילד]. דרום האָט השם יתברך גיטאָן צו וואַרפין די חטאים אויף אַלי דורות, דאָרט האָט מען גיוואָרפין בק"ק אומן מאַנן און ווייבר און קינדר אין די ברונין.

## ג. גדול עוני מנשא

ווי גרויש קענין אונזרי זינד צו טראָגין, [און עש איז] אויף אונז דער פסוק מקויים גיוואָרין ונסתם ואין רודף: איר וועט טאָן אַנטלויפין און קיין מענש וועט אייך ניט נאָך יאָגין. דען אין טוטויב האָט זיך אָן גיהיי-בין דיא גזרה, אויך אויף כמה קהלות איז גיוועזן דיא צרה. דרום בעטין מיר רבונו של עולם דוא זאָלשט אָן דיא רשעים האָבין איין נקמה דען אין דיא מדינת אוק-ריינא איז ניט גיבליבין פון דיא יהודים איין לעבעדיגי נשמה.

## ד. דינים קשים ומרים

האָבין זיי נעביך פון דעם ליבין השם יתברך ווע-גין מקבל גיוועזין באהבה, און זיי האָבין (איינער ?) צו דעם אַנדרן גיזאָגט לאָמיר איין קלייני (שעה) [נשמה] ליידין אויב מיר וועלין האָבין עולם הבא, דען דאָש האָט אַלץ גימאַכט אונזרי חטאים. ליבע ברידר (ווי) [וואָש] זיינין אונזרי תנאים, דער מאָגט אייך ווען מען האָט איין מענש אום גיבראַכט אַזוי האָט דיא גאַנצי וועלט גיוויינט און גיקלאָגט. איצונד זיינין אום גיקומען פיל תנאים וואָש מען ווייסט גאָר ניט. וואָרום זייער דעה איז גיוועזין אָן צו פאַלין אויף בראָד; וואָלט השם יתברך ניט גישיינקט דעם חסיד פאַן בארנצקי, וואָלט חלילה גיוועזן אַזוי ווי גזירת חמיל ימ"ש. השם יתברך האָט אונז גיהאַלטין אין אַלי צייטין. מען האָט דיא פוח-זים גיטאָן טויטין אייף צו היינגן. האָט מען זיי גיפירט אין איטליכש שטאָט טיילין, אָבר אונזרי וונדין האָבין זיך ניט גיטאָן פאַר היילין.

## ה. הלא למשמע אזן דאבה נפשנו

ווען מען הערט דאָש טוט אונז ווייי אונזרי לייבר, אַז מען האָט מטמא גיוועזן פיל ווייבר. רבונו של עולם

בוודאי זיינין מיר זינדיגר גיוועזין ווען דו האָשט גיטאָן שווייגין, אַז זיי האָבין גיקוילעט ווייבר אונ זייגינדיקי קינדר זיינין אויף דעם שויס גיזעסין. ווי פיל (יחודים קינדר) [קינדר פון יהודים] האָט מען דעם זומר גיטאָן אַוועק לייגין, אונ די קליינע קינדר האָבין פון די טויטע מוטר גיטאָן זייגין, ווי די קינדר האָבין די ברוסט גיצויגין, אונ מילך האָט נים גיוואָלט גיין, אונ צווישין די קינדר איז גיוואָרין אַ גרויש גיוויין. דער זכות פון די קליינע קינדר זאָל אונז באַיי שטיין, אַז מען זאָל זעהין אָן דיא פוחזים איין גרוישי נקמה. וואָרום דיא קליינע קינדר האָבין אַזוי לאַנג גיוויינט ביז עש איז זיי אַרויש גיגאַנגין דיא נשמה. די טראָגענדיקע ווייבער האָבין זיי די בייכר אויף גישפאָלטין, קעץ אונ מייז האָבין זיי אין די בייכר אַריין גיטאָן.

## ו. ו א ח ר ז ה

נאָך דעם דאָזיגן אַז דיא רשעים האָבין אַזוי איין הריגה גימאַכט אונ האָבין פיל גוטץ באַקומן, האָבין זיי איין עצה גיהאַלטין ווי זיי זאָלין איין נעמען די שטאָט אומן.

## ז. זכור לנו. ברית אבות וזכות אמהות

באַיי זעלכי ווייבר האָט שלמה המלך גיזאָגט: שקר החן והבל היופי, דאָש מיינט דער פסוק איין אשה וואָש זי איז שיין איז דאָש ניט גוט אָבר די אשה וואָש גאָטש פאָרכטיג איז מעג מען יע לויבין. אויך קערין מיר צו וויינין [אויף] אַזוי איין פרומע אשה, זי האָט גיהייסין די טאָכטר פון רבי מטישטיוב, וואָש פון איר האָט זיך אָן גיהייבין דיא הריגה. מען מעג זי רעכינען פאַר אַ צנועה, ווען זי האָט איר לעבין איין גישטעלט (אונ האָט ניט גיוואָלט דינן צו דיא כוכבים), אונ האָט אָן גיהויבין צו שרייען צו די איבריגי ווייבר: אום גאָטש ווילין, מיר זאָלין זיך ניט [לאָזין] מטמא זיין אונ אים אויך ניט אָפטרעטין זיין ליבן נאָמן. אַזוי האָבין די ווייבר אָן גיהויבין צו וויינין אונ צו שרייען אונ ווידוים צו זאָגין, ביז זייערע משרה נשמות איז זיי אויש גיגאַנגין.

## ח. ח י ו ק י ם

ליבר גאָט, אייביג איז דיין לעבין, פון וועסט וועגין האָשטו דיין ליבע (פאָלק) [אומה] ישראל (אין אַזוי איין אומה שפלה) [וואָש זיי ווערין גירופין עם סגולה] אין זייערע הענט אַריין גיגעבין. זיי קענין דאָך פאַר קויפט ווערין גאָר אום זיסט. לעבעדיגי קינדר האָבין באַיי זייער טויטע מוטר גיזויגין דיא בריסט, אונ אַ טייל האָט מען ניקעפט בעוונותינו הרבים. דיא הרוגים זיינין ניט צום קבר ישראל גיקומן אונ הינט אונ חזירים האָבין זיי ערום גישלעפט אין דיא גאַסין. אוי לנו מיום הדין וי לנו מיום התוכחה, אויף דעם וואָש איז נעקר גיוואָרין פון די ישראל אַ גאַנצי משפחה.

## ט. ט ו ב ל כ ל

גאָט דו ביסט זייער גוט. נוא ווי קענין מיר לעבין פאַר גרוישי צרות, ווען עש איז פאַר גאַסין גיוואָרין אַזוי פיל יודישע בלוט, אונ דיא פוחזים האָבין זיך אין בלוט גיטאָן באָדין. וויא איז מיגליך דיא קהלות צוא נענין, ווי פיל ספרי תורות האָבין דיא פוחזים גיטאָן פאַר ברענין. רבונו של עולם נקום את נקמתנו ורחם עליגו.

## י. יתומים היינו ואין אב

וויי גישריען, וואָש פאַר איין צרה איז גישעהן אין דעם יאָר בעוונותינו הרבים. ווי פיל ווייבר זיינין גיבליבין עגונות, אלפי אלפים פון דיא יהודים האָבין זיי איבר גירעט, זיי זאָלין צוא שטיין צו זייער אמונה, אונ דיא וואָש האָבין ניט גיוואָלט צו שטיין האָט מען זיי גישאָן יאָגין צו דער ברונה, אונ מען האָט זיי מיט קוילין דער שלאָגין. מען האָט גאָר ניט גיקענט דער שטיין באַיי דער ברונה פאַר גרויש גישריי אונ גרויש גיוויין, דאָש ‹יז ניט גיהערט גיוואָרין אין דער צייט ווען חמעלניצקי (ימח שמו) איז גיוועזן אין זייני צייטין, אַז מען זאָל אין דער ברונה אַריין וואַרפין לייטין. ובכן ראה ה׳ והביטה ורחם על שארית הפליטה.

## כ. כלו עיני בדמעות

מייני אויגין זיינין מיר פאַר טרערין צוא גאַנגן. מען האָט צום ערשטין דעם רב פון ט א ט י ו ב אונ מיט דעם פריץ אויף איין תליה גיהאַנגין. אַזוי איין צרה איז ניט גישעהן, ווי דיא אויגין האָבין דאָש גיקאָנט צוא זעהען אַזוי איין גרוישי צרה. פיל הרוגים האָבין זיך גיוואַלגערט אין דיא גאַסין, אונ דיא הינט האָבין זייער לייב גיטאָן פרעסין. רבונו של עולם רחם על שארית הפליטה, מען זאָל שוין ווייטר זיין בבטוח ובשקטה.

## ל. לעולם לא אשכח

אייביג (קערין) [קענין] מיר ניט (צו) פאַר געסין אונ [אויף] דער גזירה צו קלאָגין. דיא הרוגים האָבין זיך גיוואַלגירט אין דיא גאַסין אונ קיינר האָט זיי ניט גיהאָט צו באַגראָבין. דיא קינדר האָבין זיי גיטראָגין גיבונדין וויא דיא שאָף, אונ פאָטר אונ מוטר האָבין צוא גיזעהן דיא שחיטה, וויא מען האָט דיא קינדר גיבראַכט אויף דער עקידה.

## מ. מסרו נפשם וגויתם

בעוונותינו הרבים מען האָט גיקוילט אויף דעם מוטרס שויס די קינדר, וויי גישריען, דיא פוחזים האָבין זיך אין גאַנצין זומר אין אידישע בלוט גיטאָן וואַשין.

און אויך כמה אלפים בחורים ובתולות האָט מען [דיא צוואַנציג] אין דער מאסקווא אַריין גיפירט. אין גאַנץ ווינקיל האָבין דיא פוחזים גאָר אויש גישניטין. רבונו של עולם השוכן במרומים זייא זיך נוקם נקמת חסידים ויריאים ותמימים.

## נ. נהרגו בתולות וגם בחורים תבכה נפשי במסתרים

בעוונותינו הרבים דער מדת הדין האָט אין דער גאַנצר וועלט שולט גיוועזין. וויא פיל אלפי אלפים יהודים איז דאָש וואָרין גיקוילט. איז דאָך זייער ביטר און זייער וויי. מען האָט אונזרי לומדים אויש גיקוילעט וואָש האָבין אונז מגין גיוועזין.

## ס. ספרי תורות

ווארום טוט איר שווייגין אוג טוט ניט קלאָגין, דען עש איז אייך אַזוי איין חרפה גישעהן, דיא פוחזים האָבין אייך אין דיא גאַסין אַרום גיטראָגין, אוי און וויי גישריען, ווי האָבין זיי אייך פאַר שפרייט אין אַלי וועגין, און דער צו זיינין אויף אייך מיט נשים צדקניות גילעגין. אוי און וויי גישריען וויא מען האָט זיי גיטאָן אַ זעלכע מיתות משונות, און דער צו זיינין אַזוי פיל ווייבר נעביך גיבליבין עגונות.

## ע. על אלה אני בוכיה עיני יורדה מים

דאָש חורבן איז גלייך אזוי וויא דער חורבן פון ירושלים. רבונו של עולם ביז וויא לאַנג נאָך וועשטו דיך ניט דער באַרימען איבר דיא קליני קינדר, וואָרום זיי זיינין נעביך גיבליבין גיבונדין אַזוי, וויא דיא רינדר. גאָט ברוך הוא האָשטו גיקענט צוא זעהן, וויא מען האָט איין איש חשוב לעבעדיגר הייט דיא הויט אָפּ גיצויגין, און איינר מיט דעם אַנדרן האָבין זיך גיוואָרפין מיט דיא ספרי תורות.

## צ. צדיק אתה על כל-הבא

מיר האָבין בוודאי קעגין דיר ניט רעכט גיטאָן. אוי און וויי גישריגן. עש איז פיל טויזינט מענטשין אום גיקומן, גלייך וויא איין מאַן. רבונו של עולם וויא האָשטו פון אונז אָפּ גיטאָן דייני אויגין. כלות און חתנים חאָבין איינר צו דעם אַנדרן גיטאָן ריידין: אוי און וויי גישריגן, וויא האָבין אונזרי פאָטר און מוטר גיטאָן אָן אונז דער לעבין גרוישי ליידין. רבונו של עולם, ווא איז גיוועזן דיין רחמנות, דען עש זיינין נעביך גיבליבן אַזוי פיל יתומים און אלמנות.

## ק. קדושי עליון צעקו בקול יללה

און האָבין גיזאָגט רבונו של עולם: עש איז שוין צייט אַז דוא זאָלשט שיקין אויף דיא פוחזים אַ מפלה. אַזוי האָט זיך גאָט איבר אונז מרחם גיוועזן. מיר האָבין גיזעהין מיט אונזרי אויגין וויא מען האָט דעם רשע גאַנטע לעבעדיגר הייט די הויט אָפּ גיצויגין.

## ר. רחום צדיק

דער באַרימיגר פאָטר, העלף אונז, דען דוא האשט אין דיין תורה אָן גישריבין כרחם אָב על בנים (עש איז שוין פאַר שוואַרצט גיוואָרן אין דעם ביטרן גלות אונזר פנים, מיר זיינין וויסט אין גלות מיר ליידין גרוישי צרות אָבר), דיא גזירה איז נגזר גיוואָרין אים יום כפור אַז מען זאָל טאָן אלפי רבבות יהודים גרוישי יסורים, אונזרי זינד האָבן דאָש גיטאָן, מיר זיינין איצונד מתודה פאַר דעם אלמאכטיגן גאט וואָש ער ווערט אָן גירופין אל שדי, ער זאָל אונז מציל זיין (פון) [פאַר] בייזי גזירות און ער זאָל אונז מוחל זיין אויף אונזרי עבירות.

## ש. שדי מלך עליון

וויא האָבין זיי אָן גיהויבין צו שרייען מיט גרויש גישרייא, און מיט גרויש גיוויין זייערי כשרה נשמות איז אויש גיגאַנגין. דרום רבונו של עולם דוא זאלשט אונז דאש בלוט פון זיי ניט לאזין רוען, ביז דוא וועשט אָן דיא פוחזים איין נקמה טואן.

## ת. תשובה ותפלה וצדקה מעבירין את רוע הגזירה

השם יתברך זאָל זיך איבר אונז מרחם זיין און ער זאָל אונז שיקין דיא גאולה במהרה בימינו אמן סלה.

ת" ו" ש" ל" ב" ע".

---

**פון דער רעדאַקציע:**

צוליב טעכנישע סיבות, וואָס העגנען אָפּ ניט פון אונז, נאָר פון דער זעצעריי, זענען די טעקסטן פון דער „מעשה גדולה" דאָ אויסגעזעצט געוואָרן מיט אַ סך נ ק ו ד ו ת, בעת אין אָריגינאַל טרעפט זיך דער ניקוד נאָר זייער ז ע ל ט ן.

# די ערשטע ידיעות וועגן יידן אין פוילן

## (אין 10טן און 11טן יאָרהונדערט)

### פון ד"ר י. ברוצקוס (בערלין)

די ידיעות וועגן יידן אין פוילן ביזן סוף פון 12טן יאָרהונדערט זיינען זייער קנאַפּע. דאָס דערקלערט זיך סיי דערמיט, וואָס דאָס לאַנד איז געלעגן ווייט פון די קולטור-צענטערן פון יענער צייט, סיי דערמיט, וואָס וואָרשיינלעך זיינען אין מיטן 13טן יאָרהונדערט פארלוירן געגאַנגען די עלטסטע פוילישע כראָניקעס 1).

אַסך געלערנטע מיינען, אַז אפילו אין 10טן און 11טן יאָרהונדערט זיינען נאָך אין פוילן נים געווען קיין שטענ-דיקע יידישע קיבוצים, נאָר זיי זיינען ערשט אויפגעקומען נאָך די רדיפות פון ערשטן קרייצצוג אין יאָר 1098, בעת אַסך יידישע איבערוואַנדערער זיינען אַנטלאָפן פון טשעכיע קיין פוילן 2). ביי אַ היפּוכדיקער מיינונג האַלט זיך מ. גומ-פּלאָוויטש 3), וועלכער רעכנט, אַז די איינוואַנדערונג פון די יידן קיין פוילן איז פאָרגעקומען אין די אויפבלי-צייטן פונעם כוזרישן (כאָזאַרישן) קאַהאַנאַט, ד. ה. אין 9טן און 10טן יאָרהונ-דערט. אָבער גומפּלאָוויטש האָט נישט געקענט ברענגען גע-נוג פאַקטן צו דערווייזן זיין טעאָריע. דער היסטאָריש באַ-שטעטיקטער פאַקט וועגן דער הערשאַפט פון די כוזרים אין קיעוו און אין אונגאַרן אין 9טן יאָרהונדערט גיט נאָך נישט קיין גרונד צו באַהויפּטן, אַז זיי האָבן געהערשט אויך אי-בער פוילן. די לעגענדע וועגן אַבראַם פּראָכאָווניק און די יידישע אויפשריפטן אויף אַלטע פוילישע מטבעות גיבן

אויך נאָך נישט קיין שום גרונד צו זאָגן, אַז איבער פוילן האָט געקיניגט עפּעס אַ כוזרישער הערשער „אַבראַם פּעך" ווי דאָס מיינט גומפּלאָוויטש. די געגנטן קאָזאַרי אָדער קאָזאַרקע, וואָס ער דערמאָנט, און וועלכע געפינען זיך אין מזרח-גאַליציע לעבן לובלין, האָבן אויך געקענט אַנט-שטיין נישט אין דער צייט פון דער כוזרישער הערשאַפט, נאָר אַ סך שפּעטער, — אין אָנהויב פון 12טן יאָרהונדערט, ווען אַ טייל פון די כוזרים (כאָזאַרן) האָבן אונטערן דרוק פון די פּאָלאָווצעס, לויט די רוסישע כראָניקעס, איבערגע-וואַנדערט קיין רוסלאַנד 4).

איינער פון די הויפּט-באַווייזן פאַר זיין טעאָריע זיי-נען ביי גומפּלאָוויטשן די געגנטן קאַוויאַרי, וועלכע ווערן דערמאָנט אַרום סאַנדאָמיר און קראָקע אין 14טן יאָרהונ-דערט אינאיינעם מיט די יידישע בית-עולמס. גומפּלאָוויטש פאַרבינדט דעם נאָמען קאַוויאַרי מיטן כוזרישן שבט קאַוואַ-רי, וואָס האָט געהערשט אין אונגאַרן אין 9טן און 10טן יאָרהונדערט 5). עס וואונדערט אונז, וואָס די דאָזיקע השערה האָט אָנגענומען אויך אַזאַ גרינדלעכער פאָרשער ווי ד"ר שיפּער 6). ווען מען באַקענט זיך נעענטער מיט די שטעלעס, וועלכע ריידן פון די געגנטן קאַוויאַרי, ווערט פולשטענ-דיק קלאָר, אַז דער דאָזיקער פוילישער נאָמען שטאַמט פון יידישן וואָרט „קברים" און ער האָט פּשוט באַטייט די ער-

---

1) **Zeissberg**, Polnische Geschichtsschreiber des Mittelalters, p. 34. זע אויך:

**M. Gumplowicz**, O zaginionych rocznikach polskich, p. 14.

2) **Cosmas**, Fontes rerum Bohemicarum, II., p. 140

3) **M. Gumplowicz**, Początki religji żydowskiej w Polsce, Warszawa 1903.

4) **Ипатьевская летопись** под 1117 годом ; זע אויך **Густынская летопись** (Полн. собрание русск. летописей прил. ко II-ому тому, стр. 291).

5) **Constentinus Porphyrog**, De administrando imperio, cap. 39 et 40.

6) **Ign. Schipper**, Studja nad stosunkami gospodarczymi żydów etc. Lwów, 1911, p. 32, 34, 35.

טער פון די אַלטע יידישע בית-עולמס לעבן סאַנדאָמיר און קראָקע [7].

אַזוי-אַרום שיינען אונז צו זיין זייער ווייניק באַגרינדט די באַווייזן פון גומפּלאָוויטש מכוח דעם, אַז די יידיש-כוזרישע קיבוצים אין פוילן זיינען זייער פרי אַנטשטאַנען. אַלס איינציק זיכערן פאַקט דאַרף מען אָנערקענען די וואַנדערונגען פון די יידישע סוחרישע קאַראַוואַנעס איבער פוילן אין די אַלטע צייטן. אַ היסטאָרישער באַווייז פאַר די דאָזיקע האַנדל-באַציאונגען זיינען די געפונענע אוצרות פון אַזיאַטישע מטבעות אין צפון- און מיטל-אייראָפּע. אַ באַזונדערס גרויסע צאָל פון אַזעלכע אוצרות האָט מען געפונען אין סקאַנדינאַוויע, צפון-רוסלאַנד און אין די באַלטישע לענדער [8]. פון דער רייכער צאָל אַזיאַטישע „דירגעמס", וואָס זיינען אין די דאָזיקע לענדער געפונען געוואָרן, געהערט דער גרעסטער טייל צו דער צייט פון חצי 8טן ביז חצי 10טן יאָרהונדערט. אָנהויבנדיק פון 955טן יאָר ווערן די מטבעות אַלץ זעלטענער און לסוף פאַרשווינדן זיי אין די ערשטע יאָרצענדליקער פון 11טן י. ה. אין אַלגעמיין זיינען דאָס מטבעות פון טורקעסטאַן און פון די לענדער, וואָס ליגן ביים קאַספּישן ים און ביים טייך פרת (עפראַט). אַפּנים, אַז די האַנדל-באַציאונגען מיטן מזרח האָבן דער-גרייכט זייער העכסטע אַנטוויקלונג אין דער אויפבלי-צייט פון דעם כוזרישן קאַהאַנאַט און זיינען שוואַכער געוואָרן נאָך די מפּלות, וואָס ער האָט געליטן פון רוסישן פירשט סוויאַטאָסלאַוו, און אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן נאָך דעם נצחון פון די גריכן און רוסן איבער די קרימער כוזרים, ווען זייער האַנדל-צענטער — דער „יידישער סאַמקאַרץ" [9] האָט אָפּגעטראָטן זיין אָרט דער שטאָט טמוטאַראַקאַן.

אַחוץ דעם צפונדיקן האַנדל-וועג, וואָס האָט געפירט פון דעם כוזרים-לאַנד ארויף מיט דער וואָלגע, דורך דעם טייך לאַדאָגע צו די באַלטישע לענדער, — דעם וועג, מיט וועלכן עס פלעגן געווייינטלעך גיין די נאָרמאַנאָ-רוסען, — האָט עקזיסטירט נאָך אַ צווייטער וועג מער צו דרום צו,

7) **J. Długosz**, Libri beneficiorum, I, p. 387, ed Cracov. ביים באַשרייבן סאַנדאָמיר דערציילט ער: „circa coemeterium sive sepulturam Judeorum villa dicta Kaviary". Ibidem, I, p. 96. ביים באַשרייבן קראָקע: „hortolanei in suburbio Cracoviensi in Kaviory sita". וועגן דער זעלביקער פראַגע זע אויך: **Fr. Piekoszynski**, Kodeks diplomaticus Krakowa, I, N. 92 (s. a. 1400): „super certis pratis jacentibus inter Kawiory. saepulturas judaeorum, nec non granicies Lobszow."

8) **Tornberg**, Numi cuphici regii numophylacii Holmensis, Upsalae 1848. זע אויך:

**Савельев**, Магометанская нумизматика.

**Марков**, Топография кладов восточных монет. 1910 г.

9) Ibn-Fakich apud **De Goeje**. Bibliotheca geogr. arabic., VI.

וואָס האָט געפירט פון איטיל, ביים אויסגאַנג פון דער וואָלגע, און פון סאַמקאַרץ, ביים קערטשער ים-דורכגוס, ביז דעם צענטער פון דער דניעפּרער וואַסער-סיסטעם — קיעוו. די דאָזיקע שטאָט האָט זיך לאַנג געפונען אונטער דער ממשלה פון די כוזרים און ביז מיטן 10טן יאָרהונדערט האָט זי אַפילו געטראָגן אַ כוזרישן נאָמען „סאַמבאַט" [10], וואָס הייסט אויף זייער שפּראַך פעסטונג [11]. אין קיעוו און אין דער קיעווער גובערניע געפינען מיר אויך, אַלס צייכן פונעם אַמאָליקן לעבהאַפטן האַנדל, גרויסע זאַמלונגען פון אַראַבישע מטבעות [12], פון וועלכע די עלטסטע שטאַמען פון 765טן יאָר און די שפּעטסטע — פון סוף 10טן יאָרהונדערט.

אויב אורטיילן לויט דער צאָל מטבעות איז די אויפבלי-תקופה פון דעם האַנדל צווישן קיעוו און דעם מזרח געווען דער 9טער יאָרהונדערט, ד. ה. די צייט פון דער כוזרישער ממשלה אויפן דניעפּר. דער האַנדל פון די סוחרים, וועלכע זיינען געקומען פון מזרח — פונעם כוזרים-לאַנד, האָט זיך אין דעם יאָרהונדערט פאַרשפּרייט אויך איבער דער פוילישער טעריטאָריע. גומאָווסקי [13], וועלכער האָט אויסגעפאָרשט די פראַגע פון די אוצרות, וואָס זיינען געפונען געוואָרן אויף דער פוילישער טעריטאָריע, שטעלט פעסט, אַז ביזן מיטן 10טן יאָרהונדערט זיינען דאָרט געווען אין אומגאַנג נאָר די אַזיאַטישע מטבעות פון די סאַמאַנידן, באָצוידן, אַבאַסידן און אַנד., און פון 950טן יאָר אָן באַווייזן זיך ביסלעכווייז אויך אייראָפּעאישע מטבעות אויז דערנאָך אויך פוילישע. דערביי איז די צאָל אוצרות אין דרום-פוילן פאַרהעלטנישמעסיק ניט גרויס, נאָר דער גרעסטער טייל אַראַבישע מטבעות איז געפונען געוואָרן ביי די טייכן אָדער און וואַרטע, וואָס האָבן געדינט אַלס האַנדל-וועגן קיין צפון-פוילן. דער באַרימטער פאָרשער שעלענגאָווסקי מיינט, אַז די הויפּט-פאַרמיטלער אין דעם אַמאָליקן האַנדל אין פוילן, סיי פון מזרח אויף מערב, סיי פון דרום אויף צפון, זיינען געווען יידן [14]. דער יידישער רייזנדער איבראַהים איבן-יאַקוב, וועלכער איז אין יאָר

10) דעם דאָזיקן נאָמען טרעפט מען ביי Constantinus Porphyr. (De administr. imp., cap. 9): „די פעסטונג קיאַבאַ, וואָס מען רופט אויך „סאַמבאַטאַ". דעם זעלביקן נאָמען געפינען מיר אויך ביי די אַראַבישע שרייבער איבן-רוסטע, גאַרדעזי און אינעם כתב-יד פון טומאַנסקי.

11) י. ברוצקוס, אַ בריוו פון אַ כוזרישן יידן (רוסיש) בערלין, 1924, ז' 19.

12) **Белашовский**, Монетные клады Киевской губернии, Киев 1889 г.

13) **Maryan Gumowski**, Wykopaliska monet polskich X i XI wieku. Rozprawy Akad. Umiejętn. Wydział geogr. hist., II serja, N. 25, p. 185.

14) **Szelągowski**, Najstarsze drogi Polski na wschód w okresie bizantyjsko-arabskim, Lwów 1909.

965 אַרומגעפאָרן איבער טשעכיע און איבער די מערב-סלאַווישע לענדער און וועלכער האָט געגעבן אַסך ידיעות וועגן דעם דאַמאָלסטיקן פוילן, שטעלט פעסט, אַז קיין פּראָג פלעגן קומען פון מזרח איבער קראָקע—רוסן און סלאַוון און פון די טיורקישע לענדער — יידן, מוסולמענער און געצנדינער [15].

די אָנפירנדיקע ראָלע פון דער יידיש-כוזרישער מלוכה אין דער פאַרמיטלונג צווישן מזרח און אייראָפּע האָבן אָנער-קענט אויך דער גרעסטער טייל רוסישע און אויסלענדישע געלערנטע, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט דער דאָזיקער פראַגע אויפן דריטן אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענפאָר פון די אָריענטאַליסטן אין יאָר 1876 [16]. ביי אַן אַנדער מיינונג האַלטן זיך איניקע אייראָפּעאישע געלערנטע, ווי למשל, דער באַוואוסטער אָריענטאַליסט געאָרג יאַקוב. דער לעצטער האָט אָנגעשריבן אַ גאַנצע ריי אויספאָרשונגען וועגן דעם אַראַבישן האַנדל אין צפון- און מיטל-אייראָפּע [17], אָבער אין די אַלע צאָלרייכע ליטעראַרישע קוועלן, וועלכע ער האָט אויסגענוצט פאַר זיינע אַרבעטן, געפינט זיך ניט אין דער אמתן קיין איין וואָרט וועגן די אַראַבער. וואָס איז שייך צו די מוסולמענישע סוחרים קען זיין אַ רייד נאָר פון די סוחרים, וואָס זיינען געקומען קיין איטיל פון כאָוואַרעזם (כיוואַ) און דזשאָרדזשאַן (צפון-פערסיע), לויט ווי עס זאָגן עדות די פאָרשער מאַסודי, איסטאַקרי, איבן-פאָדלאַן און אַנדערע. אַסך מאָל פלעגן די כאָוואַרעזמינער סוחרים דער-גיין דורך די סטעפּן ביז בולגאַריע ביי דער קאַמאַ און ביז קיעוו. אין איטיל גופא, לויט ווי עס פאַרזיכערט מאַסודי [18], האָט זיך ערשט אין 10טן יאָרהונדערט באַזעצט אַ „גע-וויסע צאָל מוסולמענער, הענדלער און האַנטווערקער".

דער איינציקער פונקט, וואו עס זיינען באַזעצט גע-וואָרן, צוליב מיליטערישע צוועקן, איינגעבוירענע אַראַבישע קאָלאָניסטן, איז געווען די שטאָט דערבענט [19], אָבער זי האָט ניט געשפילט קיין גרויסע ראָלע אינעם האַנדל. דערי-בער האָבן אַלע טעאָריעס וועגן דעם אַראַבישן האַנדל אין די לענדער פון צפון- און מיטל-אייראָפּע קיין שום גרונד ניט.

אַ באַוואוסטער נומיזמאַטאָלאָג ערנעסט באַבעלאָן האָט דערוויזן, אַז די גרעסטע צאָל פון די מטבעות „דירגעמס"

15) Аль-Бекри, Записки Императ. Академии Наук, т. 32, за 1878 г.

16) Труды 3-го международного с'езда ориента-листов, т. I, LXV.

17) Georg Jacub, Der nordisch-baltische Handel der Araber.

18) Maçoudi, Prairies d'or., II, cap. 17.

19) זע קאַזעמבעקס איבערזעצונג פון Derbend-Nameh אין די מעמואַרן פון דער פעטערבורגער וויסנשאַפטלעכער אקאַדעמיע, פאַרן יאָר 1651, ז. 545.

געפינט זיך אין סקאַנדינאַוויע, אין די באַלטישע געגנטן, אין נאָווגאָראָד און אין פוילן, וואו אַראַבישע הענדלער האָבן זיך בכלל קיינמאָל ניט באַוויזן [20].

די הענדלער, וואָס זיינען געקומען אין יענער צייט פון מזרח, האָבן געקענט זיין נאָר תושבים פונעם כוזרים-לאַנד, פון פאַרשיידענע גלויבנס, הויפּטזאַכלעך זיינען דאָס געווען די איינוואוינער פון די האַנדל-צענטערן—די יידן פון איטיל, סאַמקאַרץ און סאַמבאַט (קיעוו), וועלכע האָבן זיך באַזעצט ביי די כוזרים, נאָכדעם ווי יענע האָבן זיך מגייר געווען אין 8טן י. ה. אין די צפון-לענדער האָבן געקענט גיין נאָר די נאָרמאַנאָ-רוסן, וועלכע האָבן פון אָנהויב 9טן יאָרהונדערט געשפּילט די הויפּט-ראָלע אין דעם אינטער-נאַציאָנאַלן מסחר און האָבן ביסלעכווייז פאַרכאַפּט די הערשאַפט איבער די האַנדל-וועגן אויף דער וואָלגע, דניעפּר און דאָן. זיי פלעגן אויך קאַראַוואַנענווייז קומען קיין קראָקע און פּראָג, ווי עס באַשטעטיקט איבראַהים איבן-יאַקוב.

אין דערזעלביקער צייט הייבן אָן צו נעמען אַ שטאַרקן אָנטייל אין דעם האַנדל פון מזרח-אייראָפּע די מערב-יידן פון דרום-פראַנקרייך, שפּאַניע און מאַינץ. דער ערשטער ליטעראַרישער דאָקומענט וועגן די נסיעות פון די מערב-אייראָפּעאישע יידן קיין מזרח איז די מיטטיילונג פונעם באַגדאַדער פּאָסט-מיניסטער איבן-כאָרדאַדבעג [21] (פאַר-פאַסט אין די יאָרן 846—872) וועגן פאַרשיידענע ים- און יבשה-מאַרשרוטן פון די יידן-ראַדאַניטן, וועלכע פלעגן אַרויספאָרן פון די דרום-פראַנצויזישע האַפנס אויפן וויטן מערב און דערגרייכן כינע און יאַפּאַן אויפן ווייטן מזרח [22]. דער ווייט-גייענדסטער צפונדיקער וועג פון די, וואָס עס רעכנט אויס איבן-כאָרדאַדבעג, איז געווען דער וועג „הינטער ראָמאַניע, איבער די סלאַווישע לענדער צו דער הויפּטשטאָט פון די כוזרים". פון דאָרט זיינען די יידישע סוחרים געגאַנגען „איבערן דזשורדשאַנער (קאַספּישער) ים קיין באַלך און עבר-הנהר (טורקעסטאַן) און פון דאָרט קיין אַל-סין (כינע)". די דאָזיקע סוחרים האָבן געפירט פוטערוואַרג,

20) Ernest Babélon, Du commerce des arabes dans le nord d'Europe avant les croisades, Paris 1882.

21) De Goeje, Bibliotheca geograph. arabic., VI p. 117.

22) אַנשטאָט דעם געוויינטלעכן טייטש פון וואָרט „ראַדאַניטן" פון דעם פערסישן „ראַהדאַן", וואָס מיינט — „דער, וואָס קען די וועגן", — האָט פּראָפ׳ סימאָנסען (Revue des Etudes Juives, W. 54, 1907) פאָרגעלייגט אַ מער געלונגענע דערקלערונג וועגן דער אָפּשטאַמונג פון דעם דאָזיקן וואָרט — פון דעם טערמין nautae rhodanici, וועלכן מיר טרעפן אין די גאָר אַלטע אַקטן; ווייל דאָ האַנדלט זיך הויפּטזאַכלעך וועגן די יידן — ים-רייזענדע, וואָס פלעגן אַרויסגיין פון די האַפנס אין דרום-פראַנקרייך.

זיידנס, שווערדן, ווי אויך סריסים, דינסטן און קנעכט, און פונעם ווייטן מזרח פלעגן זיי ברענגען „מוסקוס, אַלאָע, קאַמפער, צימרינג און אַנדערע בשמים".

אין 10טן יאָרהונדערט איז דער צפון-וועג, נישט געקוקט אויף די גרויסע שוועריקייטן, געוואָרן פאַר די יידן-ראַדאַניטן אַלץ וויכטיקער, ווייל די איטאַליענישע שטעט אַמאַלפי, באַרי, ווענעציע און פיזאַ האָבן אָנגעהויבן אַרויס-צושטויסן די יידן פון די האַנדל-וועגן אויפן מיטללענדישן ים [23]. פון יענער צייט אָן פאַרלירן די יידישע קהילות אין דרום-פראַנקרייך זייער האַנדל-באַטייט און דער מסחר מיטן מזרח גייט איבער צו די יידן פון לאָטרינגען און הויפּטזאַכלעך צו די יידן פון שפּאַניע, וועלכע איז געווען דער צענטער פונעם אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל אין יענער צייט.

דער איטאַליענער לוּאידפּראַנד [24] אין יאָר 968 און דער אַראַבער מאַקאַדעסי [25] אין יאָר 987 דערציילן וועגן דער באַדייטנדיקער ראָלע פון די יידן פון דער שטאָט ווערדען אינעם מסחר מיט סלאַווישע קנעכט. שפּעטער צוזאַמען מיטן וואוקס פון דער מאַינצער קהילה פאַרנעמט מאַינץ די הויפּט-ראָלע אינעם האַנדל מיטן מזרח. מאַינץ איז דער איינציקער אָרט מערב-צו פון דער עלבע, וואו מען האָט געפונען מיטל-אַזיאַטישע מטבעות [26]. דער שפּאַנישער אַראַבער אַל-טאַרטושי [27], וועלכער האָט באַזוכט מאַינץ אַרום דעם 973טן יאָר, דערציילט: „דאָרט געפינט מען דירגעמס פון סאַמאַרקאַנדישן שטאַנץ פון די יאָרן 301—302 (דאָס מיינט 911—912), מיטן נאָמען פון קיסר און דער דאַטע פונעם שטאַנץ". און טאַרטושי זאָגט ווייטער: „איך האַלט זיי פאַר מטבעות פון דעם סאַמאַניד נאַסר-איבן-אַכמאַד. ווידער איז אַ חידוש, וואָס מען געפינט דאָרט בשמים, וועלכע שטאַמען פון ווייטן מזרח, אין דער צייט ווען די שטאָט ליגט אויפן ווייטן מערב, ווי למשל: פעפער, אינגבער, נעגעלעך, סומבול, קאָסטוס און גאַלאַנגאַ" (נעמען פון אָריענטאַלישע בשמים).

23) אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלן וועגן דער דאָזיקער פראַגע זיינען פאַראַן ביי: **J. Schipper,** Der Anteil der Juden an europäischem Grosshandel mit dem Orient, Czernowitz 1912, p. 8.

24) **Liudprand,** Antapodosis, VI, c. 6 (Pertz Monum. III).

25) **De Goeje,** Bibl. geogr. arab., III, p. 242.

26) **Ernest Babélon,** lib. cit., p. 32.

27) די מיטטיילונגען פון אַל-טאַרטושי געפינען מיר ביי: **Kazwini,** II, 409, ed. Wüstenfeld, Göttingen 1848. אַ דייטשישע איבערזעצונג פון דעם אָרט זע ביי: **Georg Jacub,** Ein arabischer Berichterstatter aus d. X Jahrhundert, p. 13

די ערפאָלגן פון די מאַינצער יידן אינעם האַנדל מיטן מזרח האָבן אַרויסגערופן אַ פחד ביי זייערע ווענעציאַנישע קאָנקורענטן, און דער ווענעציאַנישער דאָזש האָט זיך אין יאָר 932 געווענדט מיט אַ ספּעציעלער שליחות צום קיסר הענריק דעם 1טן און צום מאַינצער ערצבישאָף מיט אַ בקשה אַרויסצוטרייבן אַלע יידן, אָדער לכל-הפחות פאַרווערן זיי דעם האַנדל מיט „מעטאַלן, געוואַנט און בשמים" [28]. דער מאַינצער ערצבישאָף האָט זיך פון זיין זייט געווענדט צום פויפּסט לעאָ דעם 7טן מיט אַן אָנפרעג און אין יאָר 937 האָט ער פון אים באַקומען אַ תשובה, אַז עס איז נישט געוואונטשן צו נויטן די יידן צום שמד [29].

די לעבהאַפטיקע האַנדל-באַציאונגען צווישן מאַינץ און קיעוו האָבן געדויערט אין משך פון 10טן און 11טן יאָרהונדערט, און די דייטשישע כראָניקעס דערמאָנען וועגן רוסישע געזאַנדשאַפטן אין מאַינץ אין די יאָרן 959, 973, 1040, 1042 [30], און אין יאָר 1057 איז אַהין געקומען דער פירשט איזיאַסלאַוו אַליין [31].

מיטן דאָזיקן צפון-וועג איז אין יאָר 960 אָנגעקומען צו יוסףן, דעם מלך פון די כוזרים, אַ בריוו פונעם קאָרדאָווער מיניסטער חסדאי איבן-שפרוט, וועלכן עס האָט געבראַכט יצחק פון דייטשלאַנד [32]. דער וועג פון מאַינץ צום מזרח איז געגאַנגען איבער רעגענסבורג, וואו מען האָט די סחורות איבערגעלאָדן אויף די שיפן. דעריבער איז אויך דאָ שנעל אויסגעוואַקסן אַ באַדייטנדיקע יידישע קהילה [33]. אויף דער גרענעץ מיט טשעכיע זיינען די סוחרים דורכגעגאַנגען דורך דער ראַפעלשטעטער צאָלקאַמער (ביי פאַססאַו) [34], און די צאָל-סטאַטוטן פון יאָר 906 שרייבן וועגן די סוחרים: „סוחרים, דאָס הייסט יידן און אַנדערע" (Mercatores id est Judaei et alii).

דער ווייטערדיקער וועג איז געגאַנגען אָדער דורך פּראָג מיט איר גרויסער יידישער קהילה, אָדער מער צו דרום-צו, איבערן דונאַי, קיין אונגאַרן, וואו מען טרעפט אין די דונאַיער האַפנס יידישע קאָלאָניעס [35]. אינעם ערשטן און צווייטן פאַל זיינען די סוחרים אויפן וועג קיין רוסלאַנד דורכגעגאַנגען די טעריטאָריע פון דרום-פוילן. די עלטסטע

28) **Ahronius,** Regesten zur Geschichte der Juden etc., p. 53—55.

29) **Ph. Jaffe,** Bibliotheca rerum germanic., III, p. 336

30) **V. Heyd,** Le commerce du Levant, II, p. 79.

31) **Pertz,** SS., V, p. 219.

32) א. הרכבי, מאסף נדחים, № 8.

33) **Ahronius,** lib. cit., NN. 135, 158 et cet.

34) **Bondy und Dworsky,** Quellen zur Geschichte der Juden in Böhmen, B. I., p. I.

35) צדקיה הרופא, שבלי הלקט השלום, ווילנע 1886, ז. 47

פּוילישע כראָניק פון גאַללוס דערציילט, אַז „פּוילן איז אין די אַלטע צייטן ווייניק וועמען געוועזן באַקאַנט, אַחוץ די סוחרים, וואָס זיינען געגאַנגען קיין רוסלאַנד״ [36].

די עלטסטע אייראָפּעאישע מטבעות, וועלכע מען האָט געפונען אין פּוילן, שטאַמען פון מאַינץ, רעגענסבורג, קעלן, ווערדען און טרוא [37], ד. ה. פון די צענטערן פון יידישן מסחר אין יענער צייט.

צוריקקומענדיק פון מזרח פלעגן די סוחרים מיטברענגען אַזיאַטישע מטבעות („דירגעמס״), געוואַנטן, קנעכט, פוטערוואַרג און בשמים. די אַראַבישע געאָגראַפן מאַסודי, איבן-כאַוקאַל און מאַקאַדעססי גיבן אַ גענויע רשימה פון די סחורות, וואָס מען האָט אַרויסגעפירט פון כוזרים-לאַנד און פון בולגאַריע ביי דער קאַמא קיין שפּאַניע און פראַנקרייך. ווען דער פּוילישער קיניג מיעשקאָ האָט אין יאָר 985 געשיקט צו אָטאָ דעם צווייטן זיינע שליחים, האָט ער אים מיטגעשיקט אַלס מתנה אַ קעמל [38]. די היים פון דער דאָזיקער חיה האָט נאָר געקענט זיין די סטעפּ פון וואָלגער געגנט אינעם כוזרים-לאַנד, פון וואַנען די סוחרים האָבן זי טאַקע אַרויסגעפירט קיין פּוילן. די סוחרים פון מזרח — פון רוסלאַנד און כוזרים-לאַנד — זיינען אַליין געפאָרן מיט סחורה קיין פּראָג, ווי עס דערציילט איבראַהים איבן-יאַקוב: „פּראָג — זאָגט ער — איז די רייכסטע צווישן די האַנדלס-שטעט; אַהין קומען פון דער שטאָט קראָקע רוסן און סלאַווען מיט סחורה, און עס קומען אַהין פון דעם טיורקן-לאַנד מוסולמענער, יידן און טיורקן מיט סחורות און מיט טשערוואָנצעס, און פון דאָרט פירן זיי אַרויס קנעכט, פעל און פאַרשיידענע פוטערוואַרג״. אונטער דעם טיורקן-לאַנד דאַרף מען דאָ נישט פאַרשטיין אונגאַרן, וואו עס זיינען ניט געווען קיין מוסולמענער, נאָר גיכער — דאָס כוזרים-לאַנד, קאַמער בולגאַריע און קרים, וועלכע זיינען געווען אין 10טן יאָרהונדערט באַזעצט מיט טיורקישע שבטים.

צוליב דעם, וואָס אין משך פון 10טן און 11טן יאָרהונדערט פלעגן די סוחרים כסדר דורכוואַנדערן דורך דרום-פּוילן, האָבן זיך בכן שוין אין יענער צייט געקענט גרינדן אויף דעם וועג פאַרשיידענע יידישע האַנדל-קאָלאָניעס. פונדעסטוועגן איז ביז איצט וועגן זיי ניט פאַראַן קיין שום ידיעות — מעגלעך, אַז צוליב דעם, וואָס עס זיינען פאַרלוירן געוואָרן די אַלטע פּוילישע כראָניקעס, ווי מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט. אין די איבערגעבליבענע פּוילישע שריפטן איז נאָר צוויי מאָל דערמאָנט וועגן יידן אין יענע צוויי יאָרהונדערטן. איין פאַקט באַציט זיך אויפן יאָר 997 און דערציילט, ווי די

36) Bielowski, Monumenta Poloniae, I, p. 394.

37) Gumowski, Lib. cit. p. 187, 189.

38) Titmar, Merseburg., IV, cap. 7.

קריסטן פלעגן פאַרקויפט ווערן פאַר קנעכט צו די יידן און געצנדינער [39]; דער צווייטער פאַקט ווערט דערמאָנט אין גאַללוסעס כראָניק און דערציילט, ווי די קיניגין יודיטע (1081 — 1102) האָט אויסגעלייזט קנעכט ביי די יידן. אַזוי ווי קנעכט-הענדלער האָבן וואָרשיינלעך געקענט זיין נאָר די דורכפאָרנדיקע סוחרים, קענען אונז די צוויי איינציקע אָנווייזונגען פאַרן 10טן און 11טן יאָרהונדערט גאָרנישט זאָגן וועגן די שטענדיקע יידישע ישובים אין פּוילן אין דער דאָזיקער פריער תקופה.

קיין אַנדערע אָנווייזונגען וועגן יידן זיינען אין דער פּוילישער ליטעראַטור ניט פאַראַן. דערפאַר גיבן אונז די נומיזמאַטישע קוועלן אין פּוילן אַזעלכע רעזולטאַטן, וועלכע מיר געפינען ניט אין ערגיץ פאַר דער גאַנצער צייט פון דעם צוויי-טויזנטיאָריקן יידישן גלות: מען האָט אין פאַרשיידענע ערטער אין פּוילן געפונען מטבעות מיט יידישע אויפשריפטן. דער גרעסטער טייל אויפשריפטן איז באַצייכנט מיט יידישע אותיות: „מיעשקאָ קרול פּאָלסקי״, אויף אַנדערע געפינט זיך נאָך אויך אַן אויפשריפט פון דער שטאָט כּרכּה, אָדער כּרכּוב, און די צייכנונג שטעלט פאָר אַ קיניג מיט אַ האַק אָדער אַ פאַלק, אַמאָל אויך מיט אַן עמבלעם פון אַ לייב, און נאָר אויף אַ טייל מטבעות געפינען זיך אויפשריפטן פון יידישע מינצער: אברהם בן יצחק, אָדער יוסף [40]. עס איז נישט פאַראַן קיין שום גרונד צוצורעכענען דעם יאָר פון שטאַנצן די מטבעות צום 12טן יאָרהונדערט, ווען די פּאָליאַקן האָבן שוין געהאַט אַ אייגענע קולטור. ריין-פּוילישע מטבעות הייבן זיך אָן באַווייזן שוין אין סוף פון 10טן יאָרהונדערט. צו דער דאָזיקער איבערגאַנג-צייט פון אַראַבישע „דירגעמס״ און גערמאַנישע מטבעות צו אייגענע, — ד. ה. צו דער עפּאָכע פון מיעשקאָ דעם ערשטן, אָדער דעם צווייטן — געהערן אויך, לויט אונזער מיינונג, די צאָלרייכע יידישע מטבעות. די יידישע מינצער זיינען, ווייזט אויס, געקומען פון טשעכיע און פון די מזרח-געגנטן אין דייטשלאַנד, וואו עס האָבן זיך שוין אין 10טן יאָרהונדערט אומעטום געפונען יידן — אין פּראָג, האַללע (סוליי), מערזעבורג, קוועדלינבורג און מאַגדעבורג.

קיין אַנדערע ידיעות אין דער ליטעראַטור וועגן די יידישע ישובים אין פּוילן אין 10טן און 11טן יאָרהונדערט האָבן מיר ניט. אַ טייל היסטאָריקער ווילן געפינען אַ באַווייז דערצו אינעם בריוו פון חסדאי איבן-שפּרוט, וועלכער דערמאָנט וועגן צוויי יידן שאול און יוסף, וואָס האָבן געוואוינט אין די סלאַווישע לענדער און זיינען געקומען איינאיי-

39) Żywot Św. Wojciecha: „Mancipia christiana perfidis et judeis vendebant“.

40) Z. Zakrzewski, O brakteatach z napisami hebrajskim i. Wiadomości numizmatyczno-archeologiczne 1909, 1910, 1911.

נעם מיט די שליחים פונעם קיסר פון די „גבלים, וואָס מיינט סלאַוון". ידיעות וועגן דער זעלביקער שליחות געפינען מיר ביים אַראַבישן היסטאָריקער על-אַבדאַרי (ed. Dozy, II, p. 229), וועלכער דערציילט, אַז אין יאָר 953 זיינען קיין קאָרדאָווע אָנגעקומען פאָרשטייער פון סלאַווישן קיסר גונו. דער אָנגעזעענטסטער סלאַווישער פילאָלאָג שאַפאַריק נעמט דעם נאָמען „כאָרוואַטן" פון וואָרט chorb—אַ באַרג. חסדאי אבן-שפרוט, וועלכער האָט זיך אויך באַרימט געמאַכט מיט זיינע פילאָלאָגישע קענטעניש, האָט נאָך אינעם 10טן י. ה. ריכטיק איבערגעזעצט „כאָרוואַטן" אויף העברעאיש „גבלים" (בערג). פונדעסטוועגן איז ניטאָ קיין שום גרונד צו אידענטיפיצירן די דאָזיקע פאָרשטייער מיט די פוילישע ווייס-כאָרוואַטן. די דרום-כאָרוואַטן זיינען אין יענער צייט געווען געדריקט פון די פראַנקן, גריכן און גערמאַנען און האָבן געהאַט אַן אוממיטלבאַרן אינטערעס פאַר אַ בונד מיטן אַלמעכטיקן הערשער פון שפּאַניע [41]. אַחוץ דעם אַנטשפּרעכט פולשטענדיק דער וועג, וואָס איז אינעם בריוו אָנגעוויזן,—פונעם דערמאָנטן סלאַווישן לאַנד קיין כאַזאַריע איבער אונגאַרן און רוסלאַנד— דער לאַגע פון כאָרוואַטיע און שליסט אינגאַנצן אויס די השערה וועגן פוילן.

אַזוי-אַרום האָבן מיר ניט קיין שום זיכערע ידיעות וועגן דער עקזיסטענץ פון יידישע ישובים אין פוילן אין דעם פריען פעריאָד. עס איז בלתי שום ספק, אַז דאָ האָבן זיך אויפגעהאַלטן יידישע סוחרים, סיי געקומענע פון מזרח—פונעם כוזרים-לאַנד און קיעוו, סיי פון מערב— תחילת פון פראַנקרייך, דערנאָך אויך פון מאַינץ, רעגענסבורג און פראָג. ס'איז אויך פאַראַן אַ סברה, אַז עס זיינען שוין געווען יידישע מינצערס אין די צייטן פון קיניג מיעשקאָ דעם 1טן, ד. ה. אין דער צווייטער העלפט פון 10טן יאָרהונדערט. אָבער גומפּלאָוויטשעס היפּאָטעזע וועגן די יידיש-כוזרישע ישובים הענגט נאָך דערווייל אין דער לופטן.

## II

נאָכן צעפאַל פון דער כוזרישער מלוכה, נאָכדעם ווי ס'איז חרוב געוואָרן די שטאָט סאַרקיל, ביים אויסגוס פון דאָן, און נאָכן אונטערגאַנג פונעם יידישן סאַמקאַרץ — האָבן די האַנדל-וועגן פון מערב אויף מזרח געקענט דערגיין נאָר ביז קיעוו. אין דער יידישער ליטעראַטור פון 11טן און 12טן יאָרהונדערט ווערן אָפט דערמאָנט יידישע סוחרים, וואָס זיינען געגאַנגען מיט זייערע קאַראַוואַנעס קיין רוסלאַנד. אין די רבנישע שאלות-ותשובות ווערן זיי אָנגערופן „הולכי רוסיא" [42]; אין די לאַטיינישע אַקטן פון די עסטרייכישע הערצאָגן ווערן די רעגענסבורגער סוחרים אָנגערופן

41) Constant. Porphyrog. De adm. imp., c. 31.

42) רבן אבן העזר, אויסגאַבע פראָג 1613, ז. 8 אויף 68; זע אויך: פנחס בן זרח, צדה לדרך, לעמבערג, קאַפּ. I.

„ruzarii" [43]. די דאָזיקע האַנדל-וועגן האָבן זיך געוויינטלעך אָנגעהויבן אין רעגענסבורג און זיינען געגאַנגען אָדער מיט דער יבשה איבער פראָג און קראָקע, אָדער תחילת מיטן וואַסער איבערן דונאַי ביז אונגאַרן און דערנאָך אויף צפון-מזרח איבער גאַליציע. פון מיטן 11טן יאָרהונדערט איז צו אונדז דערגאַנגען אַ באַשרייבונג וועגן אַ קאַראַוואַן פון רעגענסבורגער יידן, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט אַהיים פון רוסלאַנד איבער אונגאַרן [44].

דער צפון-וועג איז גענויער באַשריבן אין דעם באַוואוסטן ווערק פון פתחיה מרגנסבורג, וועלכער האָט אַליין דורכגעמאַכט דעם וועג פון רעגענסבורג, איבער פראָג און קיעוו קיין קרים און מעסאָפּאָטאַמיע. אין 11טן און 12טן יאָרהונדערט געפינען מיר שוין אין קיעוו אַ באַדייטנדיקן יידישן ישוב. נעמענדיק אין אַכט די לעבעדיקע האַנדל-באַציאונגען צווישן רעגענסבורג, פראָג און קיעוו, קומען מיר צום געדאַנק, אַז עס האָבן שוין אין יענער צייט געקענט אַנטשטיין יידישע ישובים אויף דעם וועג אויך אין דרום-פוילן. באַווייזן אָבער זייער עקזיסטענץ פריער פאַרן סוף פון 12טן יאָרהונדערט האָט זיך ביז איצט ניט איינגעגעבן. בכדי קלאָר צו מאַכן די דאָזיקע פראַגע האָבן מיר אַדורכגעקוקט די ווערק פון די רבנים אין דייטשלאַנד פאַר יענער צייט און דאָרטן האָבן מיר טאַקע געפונען אַן ענטפער אויף דער פראַגע. אינם ספר „אור זרוע" פונעם באַרימטן ווינער רב ר' יצחק בן משה (געשריבן אין דער צייט צווישן 1216 און 1246) איז פאַראַן אַן אויסצוג פון אַ עלטערן ווערק „ספר הדינים" פון יהודה הכהן. דאָס דאָזיקע ווערק, וואָס איז דערנאָך פאַרלוירן געוואָרן, ציטירן אויך אַנדערע מיטלאַלטערלעכע מחברים; דער מחבר פון דעם ספר איז דער באַוואוסטער מאַינצער רב ר' יהודה הכהן, וואָס האָט פאַרנומען דעם כסא-הרבנות נאָך ר'גרשון און האָט געלעבט אין מאַינץ אין 1028—1070. ער האָט זיך גערעכנט פאַר אַן אויטאָריטעט, צו וועלכן מ'האָט זיך געווענדט וועגן רעליגיעזע פראַגן [45]. איינע פון די תשובות פון דעם דאָזיקן רב ווערט בוכשטעבלעך איבערגעגעבן אין בוך „אור זרוע" (באַנד 1 סעיף 694, זייט 196); דאָרט ווערט געבראַכט אַ גבית-עדות אין אַ פראַגע פון חליצה און עס שטייט אַזוי געשריבן:

„והיו שני אחים בעת החירום בפלניו. שללנו שובים מן העיר פרימוט. ואז אותם שנים היו ונשללו. וכשהוציאום מהעיר אל השדה השליכום בשדה. וכשהוציאו גם אותו, עקודים ראינו שניהם מושלכים על פני השדה בוכים

43) Müller, Archiv für Oesterreichische Geschichts-quellen, X, p. 92.

44) צדקיה הרופא, שבולי הלקט, קאַפּ. 60., ז. 46

45) L. Zunz, Literaturgeschichte der Synagogalen poesis, p. 611. ; Gross, Gallia judaica, p. 300.

ומתאנחים. וראינו כנען אחד והכרתי ובקשתי ממנו להכניסנו וגם אותם הנערים. ואם ירחמו עלינו מן השמים ויוציאונו מן השבי אכבדהו ושכרו יהיה מוכן עלי. וכן עשה, ונעשה לי נס ויצאתי מן השבי ובאתי אל בית הכנען ההוא לבקש אל הנערים. ואמר לי אחד מן הנערים מת והשני הנה הוא לפניך. לקחתיו והבאתיו לביתי. אחר זמן שמענו כי הביאו עכומים נער אחד בפרגא למכור. והיה אומר כי מעיר פרימוט נשבה. ונשמט ליהודי יוני. ועוד משותרר אחד אשר בא מארץ כנען יוון אמר אני ראיתיהו בקושטנטינא". — צום סוף פון דער מעשה איז פאַראַן אַ באַמערקונג: „תשובה זו מספר הדינים של רבינו יהודה הכהן זצ"ל".

אָט איז די איבערזעצונג פון דעם טעקסט: „עס זיינען געווען צוויי ברידער אין דער צייט פון די פּאָגראָמען אין פוילן. אונז האָט מען אַוועקגעפירט אין געפאַנגעשאַפט פון דער שטאָט פרימוט. דאַן זיינען זיי געווען צוויי און זיי זיינען געווען געפאַנגען. און ווען מען האָט זיי אַרויסגעפירט פון דער שטאָט אין פעלד, האָט מען זיי אויפן פעלד געלאָזט. און ווען מען האָט מיך אויך אַרויסגעפירט, האָבן מיר [האָב איך?] געזעען, אַז זיי ליגן ביידע געבונדן אויפן פעלד און וויינען און יאָמערן. דאָ האָבן מיר דערזעען איינעם אַ סלאַוו [כנען], איך האָב אים דערקענט און געבעטן צו העלפן אונז און אויך יענע צוויי יינגלעך, און אויב מן השמים וועט מען זיך אויף אונז מרחם זיין און מ'וועט אונז באַפרייען פון געפאַנגנשאַפט, וועל איך אים אָפּדאַנקען און געבן אַ באַלוינונג. און ער האָט אַזוי געטאָן. און עס איז מיט מיר געשען אַ נס, איך בין אַרויס פון געפאַנגנשאַפט און בין געקומען אין הויז פון דעם סלאַוו צו פאָדערן ביי אים די יינגלעך. דאַן האָט ער מיר געזאָגט: „איין יינגל איז געשטאָרבן, און דער צווייטער אָט שטייט ער פאַר דיר". איך האָב אים גענומען און אַוועקגעפירט אין מיין הויז. אין אַ צייט אַרום האָבן מיר געהערט, אַז גויים האָבן געבראַכט אַ יידישן יינגל קיין פראַג צו פאַרקויפן און יענער האָט געזאָגט, אַז מען האָט אים גענומען אין געפאַנגנשאַפט אין דער שטאָט פרימוט. ער איז פאַרקויפט געוואָרן צו אַ גריכישן יידן. און אַן אַנדערער באַפרייטער פון געפאַנגנשאַפט, וואָס איז געקומען פון גריכישן כנען, האָט דערציילט, אַז ער האָט אים געזען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל".

אין מיטלעלטער זיינען געווען עטלעכע באַדייטנדיקע רבנים, וואָס האָבן געטראָגן דעם נאָמען ר' יהודה הכהן. אַחוץ דעם אויבנדערמאָנטן מאַינצער רב, דעם תלמיד פון ר' גרשון, האָבן דעם דאָזיקן נאָמען געטראָגן: דער איידעם פון ר' אליעזר בן-נתן, אין 12טן יאָרהונדערט, און ר' יהודה בן-משה הכהן, אין 13טן יאָרהונדערט — דער מחבר פון דער סליחה וועגן דעם פּאָגראָם אין פראַנקפורט אין יאָר 1241. פונדעסטוועגן אַלס מחבר פונעם „ספר הדינים" אָנערקענען אַלע ר' יהודהן פון מאַינץ, וועלכער ווערט אויך גערופן „הזקן" — דער אַלטער. צונץ האָט אין זיין אויבנציטירטן ווערק צונויפגעקליבן אַלע שטעלעס פון די רבנישע שריפטן, וואו עס ווערט דערמאָנט דאָס בוך, און האָט אויך צונויפגעשטעלט די גענעאַלאָגיע פון דער משפּחה ר' יהודה הכהן. ביז איצט האָט מען זיך אין אונזער ליטעראַטור ניט אַרומגעקוקט אויפן דאָזיקן בילד פונעם יידישן לעבן אין 11טן יאָרהונדערט. די דערציילטע געשיכטע קומט פאָר אין דער מדינה פוילן אין דער שטאָט „פרימוט". ווער עס איז באַקאַנט מיטן יידישן שריפט פון די מיטלעלטערלעכע כתב-ידן, קען לייכט פעסטשטעלן, אַז דעם נאָמען פון דער שטאָט קען מען לייענען אויך פ ר י מ ו ש, ווייל דער אות „ש" אונטערשיידט זיך פון דעם אות „ט" נאָר מיט אַ קליין קוים באַמערקבאַרן שטריכל. דער פּאָגראָם איז, ווייזט אויס, פאָרגעקומען אין פרימוש, דאָס מיינט אין דעם אַלטן פרימישל פון די רוסישע כראָניקעס, אָדער אינעם היינטיקן פּ ש ע מ י ש ל (פּערעמישל). שונאים זיינען אָנגעפאַלן אויף דער פוילישער שטאָט און האָבן אַוועקגעפירט די איינוואוינער אין געפאַנגנשאַפט. צווישן די געפאַנגענע זיינען פאַראַן אי עלטערע יידן, אי יידישע קינדער; בכן—זיינען די יידן געווען שטענדיקע איינוואוינער פון דער שטאָט. איינער פון די געפאַנגענע טרעפט צווישן דער אַרומיקער סלאַווישער באַפעלקערונג [46] זיינעם אַ באַקאַנטן. ראַטעווענדיק זיך על-פי נס פון דער געפאַנגנשאַפט, קערט זיך דער ייד אום אין זיין שטאָט פרימוש צו זיך אַהיים. אַ צווייטער געפאַנגענער איז צוריקגעקומען פון „גריכישן כנען" מיט אַ ווייטן אַרומוועג איבער קאָנסטאַנטינאָפּאָל. ווען מיר וועלן זיך צוקוקן צו דער געשיכטע פון דער שטאָט פשעמישל אין 11טן יאָרהונדערט, וועלן מיר זען, אַז זי האָט געהערט צו פוילן נאָר אין משך פון אַ קורצן פעריאָד פון יאָר 1015 ביז 1031. און דערנאָך איז זי צוריק געווען אונטער דער ממשלה פון די רוסן ביזן יאָר 1079. לויט די רוסישע כראָניקעס, איז יאַראָסלאַוו דער קלוגער („מודרי") צוזאַמען מיט מסטיסלאַוון אין יאָר 1031 אָנגעפאַלן אויף די גאַליצישע שטעט, גענומען אַסך געפאַנגענע און זיי באַזעצט אַרום טייך ראָסי [47].

---

46) מיטן נאָמען „כנען" האָבן די יידישע שריפטשטעלער אין מיטלאַלטער שטענדיק באַצייכנט די ס ל אַ ווּ ן, בנימין פון טודעלא דערקלערט דאָס דערמיט, וואָס די סלאַוון, אַזוי ווי די אַלטע כנענים, פאַרקויפן זייערע קינדער פאַר קנעכט. אונז דוכט זיך, אַז די יידן האָבן דאָ גאָר נאָכגעטאָן די קריסטלעכע שרייבער, וועלכע רופן די סלאַוון — Sclavi — ד. ה. קנעכט. אין העברעאיש — עבד כנעני.

47) Ипатьевская летопись: „В лето 6539 Ярослав и Мстислав собраста воя многы, идоста на ляхы и заяста грады червенские опять и повоеваста лядскую землю и многы ляхы приведоста, и разделиста я посаця Ярослав своя по Роси и суть до сего дня".

נאָר מיט אָטאָ דעם עפּיזאָד אין 11טן יאָרהונדערט האָט געקענט זיין פֿאַרבינדן דער פֿאַקט פֿון געפֿאַנגענשאַפֿט און צעשיידונג פֿון די צוויי ברידער. דער ברודער, וואָס איז געבליבן אין פּשעמישל, האָט נאָכדעם חתונה געהאַט און געשטאָרבן אָן קינדער. נאָכן טויט האָט זיך די אַלמנה קאָנטיק געווענדט צו דער אויטאָריטעטער מיינונג פֿון ר׳ יהודה הכּהן, וועלכער האָט פֿאַרנומען דעם כּסא הרבנות אין מאַינץ פֿון יאָר 1028 ביזן יאָר 1070.

אַז די שונאים, וואָס זיינען אָנגעפֿאַלן אויף פּשעמישל, זיינען עס געווען די גריכיש-אָרטאָדאָקסישע רוסן פֿון קיעוו, באַווייזט אויך דער נאָמען פֿון דעם לאַנד, פֿון וואַנען דער צווייטער געפֿאַנגענער ייד איז צוריקגעקומען — „מארץ כּנען יוון", ד. ה. דאָס לאַנד פֿון די גריכישע סלאַוון. דער נאָמען יון ווערט אָפֿט דערמאָנט אָנשטאָט רוסלאַנד אין רבנישע שריפֿטן. אין 12טן יאָרהונדערט זאָגט ר׳ אליעזר בן-נתן[48], אַז די שטאָט קיעוו געפֿינט זיך אין „ארץ יוון".

דער מסחר מיט געפֿאַנגענע קנעכט מיט קאָנסטאַנטינאָפּאָל אַנטשפּרעכט אויך פֿולשטענדיק די האַנדל-מנהגים פֿון דעם אַלטן קיעוו. אַזוי-אַרום קענען מיר האַלטן פֿאַר דערוויזן, אַז שוין אין יאָר 1031 איז אין פּשעמישל געווען אַ שטענדיקע יידישע קהילה און זי האָט שטאַרק געליטן בעת דאָס לאַנד איז צעשטערט געוואָרן פֿון די רוסישע חיילות. די אָרטיקע יידן זיינען, ווייזט אויס, געשטאַנען אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט פּראָג. פֿון וואַנען און ווי אַזוי איז די דאָזיקע קהילה אויפֿגעקומען — איז שווער צו זאָגן, ווייל פּשעמישל האָט זיך געפֿונען אויף דער גרענעץ פֿון פּוילן און רויט-רוסלאַנד (טשערוואָנאַיאַ רוס), און איז אָפֿט איבערגעגאַנגען פֿון האַנט צו האַנט. די יידן האָבן געקענט איינוואַנדערן קיין פּשעמישל סיי פֿון קיעוו, סיי פֿון פּראָג, אָדער אַפֿילו אויך פֿון אונגאַרן, וואו זיי האָבן שוין געוואוינט אין 10טן יאָרהונדערט[49]. בכל אופן באַווייזט די עקזיסטענץ פֿון דער דאָזיקער קהילה, אַז נאָך אין די פֿריִע צייטן האָבן זיך די יידן צעזייט איבערן גאַנצן גרויסן האַנדל-וועג, וואָס איז געגאַנגען פֿון מזרח פֿון דער כּוזרישער הויפּט-שטאָט איטיל, ביים קאַספּישן ים, און פֿונעם יידישן סאַמקאַרץ, ביים קערטשער ים-דורכגוס, איבער קיעוו, פּשעמישל, קראָקע און פּראָג צו מערב צו ביז רעגענסבורג און מאַינץ.

דער דערמאָנטער טעקסט פֿון „ספר הדינים" איז צופֿעליק דערגאַנגען צו אונז און באַווייזט אָן אַ שום ספק, אַז אין יאָר 1031 האָט עקזיסטירט אין פּשעמישל אַ יידישע קהילה. נאָך מער וואָרשיינלעך איז, אַז אין דעם זעלביקן יאָרהונדערט האָט עקזיסטירט אַ יידישע קהילה

48) רבן אבן העזר, ז׳ 177.

49) זע דעם בריוו פֿון חסדאי אבן-שפּרוט



אין דער הויפּטשטאָט קראָקע, כאָטש קיין שום דאָקומענטן וועגן דעם זיינען ניט פֿאַראַן. דאָס איבערוואַנדערן אין די דאָזיקע ווייטע לענדער פֿונעם אייראָפּעאישן קאָנטינענט איז אַרויסגערופֿן געוואָרן פֿריער פֿאַר אַלץ צוליב האַנדל-אינטערעסן, און ערשט שפּעטער, אָנהויבנדיק פֿונעם ערשטן קרייצצוג, האָבן אין די קליינע צעזייטע קהילות פֿון רוסלאַנד, אונגאַרן און פּוילן אָנגעהויבן אָנקומען אַנטלאָפֿענע יידן פֿון אונגאַרן און טשעכיע[50].

אין דער פֿריער מיטלעלטערלעכער צייט זיינען די יידן געווען כּמעט די איינציקע אינטערנאַציאָנאַלע סוחרים, און אין פֿאַרשיידענע דאָקומענטן געפֿינען מיר אָפֿט דעם אויסדרוק: „Legitimi mercatores id est judei et ceteri"[51]. זיי זיינען אינעם 9טן יאָרהונדערט געגאַנגען: מיטן ים פֿון שפּאַניע און פֿראַנקרייך איבערן סועץ ביז כינע און יאַפּאַן, און מיט דער יבשה — איבער דייטשלאַנד, טשעכיע, פּוילן קיין רוסלאַנד, ביז די שטעט פֿונעם כּוזרים-לאַנד און נאָך ווייטער איבער די אַזיאַטישע סטעפּן. אומעטום, איבערן גאַנצן שטח פֿונעם דאָזיקן גרויסן וועג זעען מיר פֿונאַנדערגעוואָרפֿן יידישע האַנדל-קאָלאָניעס. דער אויסצוג פֿון „ספר הדינים" באַווייזט, אַז אויך אין פּוילן האָבן זיך זייער פֿרי באַוויזן די דאָזיקע האַנדל-קאָלאָניעס, באַלד נאָכדעם ווי די ציוויליזאַציע האָט אויך אַהער אַריינגעדרונגען און געמאַכט מעגלעך די אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען. פּשעמישל איז אין 11טן און 12טן יאָרהונדערט געווען זייער אַ וויכטיקער האַנדל-פּונקט, סיי אויפֿן וועג פֿון פּוילן קיין רוסלאַנד, סיי אויך אויפֿן וועג קיין אונגאַרן. די אַלט-רוסישע איפּאַטיעווער כראָניק פֿון יאָר 1152 באַמערקט, אַז פּשעמישל איז געווען אַן אָרט פֿאַר אָפּלאָדן סחורות.

די מיינונג פֿון אַ טייל רוסישע היסטאָריקער[52], אַז די יידן האָבן זיך באַוויזן אין גאַליציע ערשט אין די 40קער יאָרן פֿון 13טן יאָרהונדערט, האַלט ניט אויס קיין שום קריטיק. זי באַזירט זיך אגב דערויף, אַז דער וואַנדערער ר׳ פּתחיה פֿון רעגענסבורג האָט אין זיין רייזעבוך פֿון יאָר 1168 ניט דערמאָנט וועגן די יידישע קהילות אין פּוילן און רוסלאַנד. דאָס דערקלערט זיך אָבער פּשוט דערמיט, וואָס צו אונז איז דערגאַנגען נאָר אַ קורצער קאָנספּעקט פֿון ר׳ פּתחיהס באַשרייבונג. מיר האָבן אין אונזער ליטעראַטור פֿון 12טן יאָרהונדערט אַסך ידיעות וועגן די יידן אין קיעוו, טשערניגאָוו, וולאַדימיר און בכלל אין רוסלאַנד. דער באַוואוסטער רב אליעזר בן-יצחק פֿון פּראָג, וועלכער האָט געלעבט אין דער זעלביקער צייט ווי ר׳

50) Cosmas, l. c. II, p. 140.

51) Ahronius, Regesten zur Geschichte etc., № 112.

52) М. Смирнов, Сборник „Русска исторична, библіотека", под ред. Барвенского, Т. 5, стр. 49—50.

פתחיה און איז אַליין געווען אין רוסלאַנד[53], באַשטעטיקט אין זיין בריוו צו ר' יהודה החסיד, אַז אין די לענדער פון „פוילן, רוסיא און אונגאַרן" זיינען פאַראַן אַסך קליינע יידישע קהילות[54]. וואָס איז שייך דעם פריערדיקן 11טן יאָרהונדערט זיינען אויך דאָ די יידישע היסטאָרישע ידיעות זייער קנאַפּע. די ידיעות וועגן די האַנדל-באַציאונגען מיט רוסלאַנד און קיעוו, וואָס ווערן אין 12טן יאָרהונדערט אַזוי אָפּט דערמאָנט, געפינען מיר בנוגע דעם 11טן י. ה. נאָר איין מאָל אין דער אויבנדערמאָנטער באַשרייבונג וועגן דעם קאַראַוואַן, וואָס איז צוריקגעגאַנגען פון רוסלאַנד קיין רעגענסבורג איבער אונגאַרן בערך אין יאָר 1050 (זע דעם ספר פון צדקיה הרופא).

אין די ניט-יידישע מקורים געפינען מיר די ערשטע

53) „אור זרוע", באַנד IV, קאַפּ. 128, ז. 37 (ירושלים).

54) אין די שאלות-ותשובות פון ר' מאיר מראטנבורג, לעמבערג קאַפּ. 112, דאָס זעלביקע אין „אור זרוע", באַנד 1, קאַפּ. III, ז. 40.

ידיעות וועגן דער יידישער קהילה אין קיעוו ערשט אין יאָר 1018[55]. דער ערשטער דאָקומענט פון שלעזיע, וואָס ליגט צווישן טשעכיע און פוילן, דערציילט וועגן אַ יידישן ישוב אין קליין-טינעץ און באַציט זיך צום יאָר 1150[56]. דעריבער איז פאַר אונז באַזונדער וויכטיק דער דערמאָנטער פראַגמענט פון „ספר הדינים", וואָס שטעלט פעסט, אַז צווישן קיעוו און פראָג האָט זיכער עקזיסטירט אַ יידישע קהילה אין פשעמישל אין יאָר 1031, בעת די רוסישע פירשטן יאַראָסלאַוו און מסטיסלאַוו זיינען אָנגעפאַלן אויף פוילן. פשעמישל איז געשטאַנען אויפן גרויסן יידישן האַנדל-וועג צווישן מזרח און מערב, און ס'איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז דאָ האָט זיך אַזוי פרי געבילדעט אַ יידישער ישוב.

55) **Dlugossius**, Historia Polonica, I., 39 49.

56) **Häusler**, Urkundensammlung zur Geschichte des Fürstentums Oels, p. 10.

# דער צוזאַמענשטעל פונעם „ועד ארבע ארצות"

## פון ד"ר י. שיפּער (וואַרשע)

שוין אין מיטן 16טן יאָרהונדערט האָט דער בנין פון דער יידישער זעלבספאַרוואַלטונג אין פוילן געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ פּיראַמידע. דעם פונדאַמענט פון דער פּיראַמידע האָבן געבילדעט די איינצלנע קהילות, אָדער ריכטיקער די קהילה=פאַרוואַלטונגען — די „קאַהאַלס", ווי זיי האָבן זיך אָפיציעל גערופן. איבער זיי זיינען געשטאַנען די זעלבספאַרוואַלטונגס=אָרגאַנען פון די פּראָווינצן אָדער „לענדער" (ארצות). אין דער שפּיץ פון אַ „לאַנד", וועלכס האָט געווייניטלעך אַרומגענומען אַ טעריטאָריע פון איינעם אָדער צוויי וואָיעוואודשאַפטן, זיינען געשטאַנען צוויי העכסטע אָרגאַנען: 1) דער „קליינער ועד" אָדער „סיימיק", וועלכער האָט זיך צונויפגעשטעלט פון דעלעגירטע פון די קהילה=פאַרוואַלטונגען; דאָס איז געווען דער געזעצגעבערישער אָרגאַן פון יעדן „לאַנד", און 2) די „ראשי=מדינה" (אָדער „ראָשים" — Starsi Ziemscy), וועלכע פלעגן ווערן אויסגעווילט דורכן „קליינעם ועד", — דער אויספיר=אָרגאַן און די פּערמאַנענטע פאָרשטייערשאַפט פון דער פּראָווינץ. די קרוין פונעם יידישן אויטאָנאָמען בנין האָט געבילדעט דער יידישער אַלמלוכהשער קהילה=פאַרבאַנד (די „יידישע גענעראַליטעט"), וועלכער האָט באַזירט אויף די „לענדער". ווי אין די איינצלנע „לענדער" זיינען אויך אין זיין שפּיץ געשטאַנען צוויי העכסטע אָרגאַנען: 1) אַ געזעצגעבערישער, 2) אַן אויספירנדיקער. דער ערשטער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מין יידישן פאַרלאַמענט (סיים), באַקאַנט אונטערן נאָמען „דער גרויסער ועד" (Wielki Kongres), אָדער „ועד ארבע ארצות" (קורץ — „ועד הארצות"), וועלכער איז באַשטאַנען פון דעלעגירטע פון די „לענדער" (ארצות). דער אויספיר=אָרגאַן פון דעם יידישן אַלמלוכהשן פאַרבאַנד פלעגט ווערן אויסגעווילט פונעם „גרויסן ועד" און איז באַשטאַנען פון אַ קאָלעגיע חשובים, די אַזוי גערופענע „קרזין=עלטסטע", אָדער די „אויבער=עלטסטע פון די יידן אין פוילן".

אין דער אָפּהאַנדלונג וועלן מיר זיך באַשעפטיקן נאָר מיטן „גרויסן ועד" און מיט זיין אויספיר=אָרגאַן, וועלכן מיר וועלן אָנרופן „עקזעקוטיווע", הגם דער דאָזיקער נאָמען קלינגט אַביסל צו מאָדערן. קודם=כל אינטערעסירט אונז די פראַגע וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון „גרויסן ועד". די פראַגע געהערט צו די אַמווייניקסטן אויפגעקלערטע אין דער געשיכטע פון דער יידישער אויטאָנאָמיע אין אַלט=פוילן. אויפן גרונד פון דעם מאַטעריאַל, וואָס די פאָרשונג האָט ביז איצט געהאַט אין איר רשות, האָט זיך אויף דער דאָזיקער פראַגע געלאָזט געבן נאָר אַ גאַנץ אַלגעמיינע תשובה. אַזוי, למשל, קען וועגן דעם אונזער באַרימטער היסטאָריקער ש. דובנאָוו בלויז באַריכטן, אַז דער „גרויסער ועד" איז באַשטאַנען פון קהל=עלטסטע און רבנים, וואָס זיינען דעלעגירט געוואָרן פון די באַדייטנדסטע קהילות פון די „לענדער"[1]). און מ'מוז מודה זיין, אַז אויפן גרונד פון די אין אַלגעמיין איינזייטיקע העברעאישע קוועלן, אויף וועלכע די פאָרשונג פון דער פראַגע איז ביז אַהער געווען אויסשליסלעך אָנגעוויזן, האָט זיך באמת מער נישט געלאָזט זאָגן.

מיר ווילן איצט מאַכן דעם פרואוו צו געבן, אויפן גרונד פון נייע מאַטעריאַלן, וואָס אונז האָט זיך איינגעגעבן צו געפינען אין די פּוילישע קוועלן, אַן ענטפער אויף דער אויפגעהויבענער פראַגע.

מיר קענען דאָ אינגאַנצן לאָזן אָן אַ זייט יענע אָנטיילנעמער פון ועד, וועלכע האָבן דאָרטן פאַרטראָטן די פּוילישע רעגירונג (דער געהילף פונעם פינאַנץ=מיניסטער אָדער זיינע קאָמיסאַרן). פון די יידישע אָנטיילנעמער לאָזן זיך פעסטשטעלן פאָלגנדיקע פאָרשטייער און חשובים, וועלכע האָבן אין יענער צייט געהערט צום „גרויסן ועד":

**I. דער אויספיר=אָרגאַן אָדער די עקזעקוטיווע פון דעם יידישן אַלמלוכהשן קהילה=פאַרבאַנד.**

בנוגע דעם ציפערמעסיקן צוזאַמענשטעל פון דער עקזעקוטיווע האָבן מיר איצט די מעגלעכקייט, אויפן

1) ש. דובנאָוו, וועלט־געשיכטע פונעם יידישן פאָלק (דייטש), בערלין 1927, ב. 6, ז. 350.

גרונד פון 5 נאָמענטלעכע רשימות, וואָס אונז האָט זיך איינגעגעבן אויסצוגעפינען אין די קוועלן פון דעם באַהאַנדלטן פעריאָד, צו געבן אַ קלאָרע תשובה. די רשימות שטאַמען פון די יאָרן 1666, 1678, 1680, 1762 און 1764. הגם זיי געפינען זיך אין אַ פראַגמענטאַרישן צושטאַנד, קענען מיר זיי דאָך מיט דער הילף פון אַנדערע ידיעות, וואָס מיר האָבן פאַר דערזעלביקער צייט, לייכט ממלא זיין. די דאָזיקע ידיעות, ווי אויך די קוועלן, ווערן געבראַכט שפּעטער, ביים באַהאַנדלען דעם גענויען צוזאַמענשטעל פונעם יידישן אויטאָנאָמישן בנין.

אין דער עלטסטער רשימה פון יאָר 1666 ווערן אָנגעגעבן פאָלגנדיקע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע: א) צו 4 ראשי=מדינה, וועלכע רעפּרעזענטירן דאָ די „לענדער" גרויס=פּוילן, קליין=פּוילן און וואָלין, צוזאַמען—12; ב) 3 ראשי=מדינה פאַרן טייל=פאַרבאַנד („לאַנד") לובלין; ג) צו 2 — פאַר די „לענדער" רייסן *) און פּשעמישל, צוזאַמען — 4; ד) 1 מלוכה=שתדלן; ה) 1 הויפּט=סעקרעטאַר. אינאיינעם אַלזאָ — 21 מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע.

צו דערדאָזיקער ניט פולשטענדיקער רשימה דאַרפן מיר נאָך צוגעבן פאָלגנדיקע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע, וואָס זיינען אונז באַקאַנט אויפן סמך פון אַנדערע באַריכטן פון יענער צייט: דעם פאָרזיצער פון דער עקזעקוטיווע, אָדער דעם הויפּט=מאַרשאַלעק — „פּרנס הועד" (marszałek generalności) און דעם עלטסטן רב. אויף אַזאַ אופן באַקומט זיך אַ ציפער פון 23 מיטגלידער אין יאָר 1666.

צו דערזעלביקער ציפער פירן אונז אויך די רשימות פון די יאָרן 1678 און 1680. אין דער פריערער רשימה פון יאָר 1678 ווערן אָנגעגעבן: א) דער „פּרנס=הועד" — 1; ב) 5 ראשי=מדינה פונעם „לאַנד" רייסן; ג) 4 — פונעם „לאַנד" קליין=פּוילן; ד) 3 — פונעם „לאַנד" לובלין; ה) 2 — פונעם „לאַנד" גרויס=פּוילן; ו) צו 1 ראש פאַר די „לענדער" בעלז—כעלעם, וואָלין, פּשעמישל און טיקאָטשין — 4. אינאיינעם אַלזאָ — 19 מיטגלידער.

ווי מען קען אַרויסזעען פון דער שפּעטערדיקער ליסטע פון יאָר 1680, פעלט אין דער באַהאַנדלטער רשימה פון יאָר 1678 נאָך 1 ראש=מדינה, וואָס האָט אין דער עקזעקוטיווע פאַרטראָטן די קהילה רזשעשאָוו (אין די קוועלן איז דער נאָמען פאַרגרייזט — Besczoko). אַחוץ דעם פעלן נאָך אין דער רשימה דער עלטסטער רב, דער הויפּט=סעקרעטאַר און דער מלוכה=שתדלן. די צאָל פון 19 חשובים, וואָס מיר האָבן געפונען אין דער רשימה פון 1678, ווערט אַלזאָ פאַרגרעסערט מיט נאָך 4. אַזוי=אַרום באַקומען מיר ווידער די צאָל 23 מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע.

*) אונטער רייסן ווערט דאָ זיכער געמיינט מזרח־גאַליציע און פּאָדאָליע; אַזוי פאַרשטייט דעם באַגריף די ניט־יידישע ליטעראַטור; אין דער יידישער ווערט געוויינטלעך געמיינט ווייסרוסלאַנד. — ר ע ד.

דערדאָזיקער רעזולטאַט ווערט ענדלעך אויך באַשטעטיקט דורך די רשימות פון די יאָרן 1762 און 1764. אין יענער צייט האָבן צו דער עקזעקוטיווע פונעם יידישן פאַרבאַנד געהערט: א) צו 4 פאַרטרעטער פון די „לענדער" גרויס=פּוילן און קליין=פּוילן (רשימה 1762) — 8; ב) צו 3 פאַרטרעטער פון די „לענדער" רייסן און וואָלין (רשימה 1764) — 6; ג) 1 פאַרטרעטער פונעם „לאַנד" כעלעם=זאַמאָשטש (רשימות פון 1762 און 1764) און 1 — פון דער זעלבשטענדיקער קהילה רזשעשאָוו (האָט געהערט אוממיטלבאַר צו דער מלוכה) — 2. אינאיינעם אַלזאָ — 16 מיטגלידער.

דידאָזיקע צאָל דאַרפן מיר אויפן פאָלגנדיקן אופן ממלא זיין:

אין די (ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן — ניט פולע) רשימות פעלט אַ פאַרטרעטונג פאַר די „לענדער" לובלין און פּשעמישל. לויט די רשימות פון דער צווייטער העלפט פון 17טן יאָרהונדערט האָט די צאָל פאַרטרעטער פון דידאָזיקע ביידע ערטער זיך געוואַקלט צווישן 4 און 5. צו דער צייט פון 1762—1764, וואָס מיר באַטראַכטן איצט, האָט זיך זייער צאָל מסתמא פאַרמינדערט ביז 3, ווייל דער קרייז כעלעם—זאַמאָשטש, וועלכער האָט פריהער געהערט צום „לאַנד" לובלין, האָט זיך נאָך אין 17טן יאָרהונדערט אָפּגעטיילט און איז געוואָרן אַ זעלבשטענדיק „לאַנד" מיט אַן אייגענער פאַרטרעטונג (דאָס קומט צום אויסדרוק אין די רשימות פון 1762—1764, וואו כעלעם—זאַמאָשטש פיגורירט מיט 1 פאַרטרעטער). צו די 16 ראשים, וועלכע מיר האָבן געפונען אין די רשימות פון 1762—1764, דאַרפן מיר נאָך אַלזאָ צוגעבן 3 פאַר לובלין און פּשעמישל. אַזוי=אַרום באַקומען מיר אַ ציפער פון 19 ראשים. רעכנט מען נאָך צו די 4 העכסטע חשובים, וואָס פעלן אין דער דערמאָנטער רשימה — דעם פּרנס=הועד, דעם עלטסטן רב, דעם מלוכה=שתדלן און דעם הויפּט=סעקרעטאַר, וועלכע זיינען אונז פאַר יענער צייט דאָקומענטאַליש באַקאַנט, — באַקומען מיר ווידעראַמאָל דיזעלביקע ציפער 23, וועלכע מיר האָבן שוין פריער פעסטגעשטעלט פאַר דער צווייטער העלפט פונעם 17טן יאָרהונדערט.

דער איינהייטלעכער רעזולטאַט, צו וועלכן ס'האָט אונז געפירט דער אַנאַליז פון די רשימות פון פאַרשיידענע צייטן, באַווייזט, אַז דאָס פוילישע יידנטום האָט זיך ביים צונויפשטעלן די עקזעקוטיווע פון ועד געהאַלטן ביי אַ באַשטימטן פּרינציפּ: מען האָט דאָ געוואָלט נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון דעם קליינעם סנהדרין (סנהדרין קטנה) אין ירושלים, וועלכער איז אויך באַשטאַנען פון 23 מיטגלידער. אין דער עקזעקוטיווע פונעם יידישן אַלמלוכהשן פאַרבאַנד אין פּוילן האָט די אַלטע טראַדיציע פונעם „קליינעם סנהדרין" געזאָלט געפינען איר המשך.

## II. די מיטגלידער פון העכסטן בית־דין.

שוין אין די דאָקומענטן פון יאָר 1533 ווערט דערמאָנט דער בית־דין פון די „יידישע געלערנטע" (Doctores Judaeorum) אויף די לובלינער ירידים. אין יאָר 1540 ווערט דערדאָזיקער בית־דין דורכן קעניג סיגיזמונד I דערהויבן צו אַן אויטאָריטאַטיווער אינסטיטוציע. גלייכצייטיק ווערט אויך באַשטימט, אַז די צאָל דיינים, וואָס בילדן דעם העכסטן בית־דין, באַשטייט פון 7 פערזאָן: צו 2 דיינים פון די „לענדער" גרויס־פוילן, קליין־פוילן און רייסן, און 1 — פון לובלין[2]). מיט דער צייט ווערט דער בית־דין אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל פון „גרויסן ועד", אַלס זיין יורידישע אָפּטיילונג, וועלכע האָט אויך אייניקע אַנדערע פונקציעס, אָבער דער עיקר באַשעפטיקט זי זיך בעת די זיצונגען פון ועד מיט געריכטס־ענינים.

אין הסכם מיט דער דערמאָנטער פאַראָרדענונג פון 1540 ווערן די מיטגלידער פון העכסטן בית־דין געוויילט דורך די „לענדער". די וואַלן פלעגן, ווי מ'דאַרף אָננעמען, פאָרקומען אויף די קליינע ועדים. אַ ניט גאַנץ קלאָרע שטעלע אין דער באַקאַנטער כראָניק „יון מצולה" פון נתן האַנאָווער, וועלכע רעדט וועגן דעם העכסטן בית־דין, לאָזט צו די השערה, אַז די מיטגלידער פון העכסטן בית־דין פלעגן אין דער ערשטער העלפט פון 17טן יאָרהונדערט געוויילט ווערן דורכן „גרויסן ועד" און ניט ווי פריער — דורך די קליינע ועדים. אין לעצטן קאַפּיטל פון דערדאָזיקער כראָניק ווערט געזאָגט: „פון יעדער הויפּט־קהילה פלעגט אין לובלין אָדער יאַראָסלאַוו קומען 1 פּרנס (ער מיינט — ראש־מדינה), דאָרטן פלעגן די פּרנסים (ראשים) אויסקלייבן 6 רבנים פון גאַנץ פוילן, וועלכע האָבן געבילדעט די אינסטיטוציע פון ד' ארצות" (דאָ ווערט געוויס געמיינט דער העכסטער בית־דין).

די צאָל פון 6 מיטגלידער, וועלכע נתן האַנאָווער גיט אָן, איז זיכער פאַלש; פאַקטיש זיינען עס געווען, ווי מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, 7. דאָס קאָן מען זען ניט נאָר פונעם פּריווילעג פון יאָר 1540, דאָס ווערט אויך באַשטעטיקט דורך אַ רשימה, וואָס שטאַמט פון יאָר 1595—1596, וואו די 7 מיטגלידער פונעם בית־דין און זייערע פאַרטרעטער ווערן נאָמענטלעך אויסגערעכנט[3]).

2) פוילישער קרוין־מאַטריקל אינעם וואַרשעווער צענטראַל־אַרכיוו, באַנד 57, ז. 269—270.

3) פגל' „געשיכטע פון די יידן אין רוסלאַנד" (מאָסקווע 1914), ב. 1, ז. 171, פאַרלאַג „מיר" (רוסיש).

## III. די אייגנטלעכע דעלעגירטע און די טאַקסירער אינעם „גרויסן ועד".

אין אַ דאָקומענט פון יאָר 1753 ווערט געזאָגט, אַז אַחוץ די אייגנטלעכע דעלעגאַטן פלעגן אין „גרויסן ועד" אויך אָנטייל נעמען די אַזוי גערופענע „טאַקסירער" (פגל' הוספה 1 צום יאָר 1753). אונטער טאַקסירער דאַרף מען פאַרשטיין יענע אָנטיילנעמער פון ועד, וואָס זיינען געווען באַקאַנט מיט די שטייער־ענינים און בכלל מיט די פינאַנץ־אָנגעלעגנהייטן פון די „לענדער" און וואָס האָבן בשעת די באַראַטונגען פון „גרויסן ועד" געבילדעט זיין פינאַנץ־קאָמיסיע. לויט דעם ציטירטן דאָקומענט פון 1753 איז די צאָל פון די „אייגנטלעכע דעלעגירטע" געווען באַשטימט אויף 25 און פון די „טאַקסירער" — אויף 22. פון דעם זעט מען, אַז די פינאַנץ־קאָמיסיע (וואָס איז באַשטאַנען פון אָט די טאַקסירער) האָט געהאַט 22 מיטגלידער. פון אַ צווייטן מקור ווייסן מיר, אַז אין דער פינאַנץ־קאָמיסיע האָבן זיך באַטייליקט צוויי מינים טאַקסירער: א) די אַזוי־גערופענע פּראָווינץ־טאַקסירער (Wiernicy wo-jewódzcy taksarze), וועלכע די קהל־פאַרוואַלטונגען פון די „לענדער" פלעגן אויסוויילן און שיקן מיט אינסטרוקציעס צום „גרויסן ועד"; ב) די אַזוי־גערופענע הויפּט־טאַקסירער (Wiernicy generalni), וועלכע פלעגן ווערן אויסגעקליבן דורכן „גרויסן ועד" גופא און האָבן געהערט צום קאָלעגיום פון די ראשי־מדינה. זיי זיינען אם־כן געווען מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע, און דעריבער ביי אונזער רעכענונג קומען זיי ניט מער אין באַטראַכט, ווייל מיר האָבן זיי שוין אַריינגענומען אין חשבון ביים פעסטשטעלן די צאָל מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע. עס איז נאָך נויטיק צו באַמערקן, אַז לויט אַ קוועלע פון 1740 האָט אין יענער צייט די צאָל פון די הויפּט־טאַקסירער זיך געוואַקלט צווישן 5 און 4[4]). אין יאָר 1753, אויף וועלכן עס באַציט זיך די אָנווייזונג וועגן דער צאָל מיטגלידער פון דער פינאַנץ־קאָמיסיע, זיינען עס קאָנטיק געווען 7. אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז צו די 25 „אייגנטלעכע דעלעגירטע" דאַרפן מיר נאָך צורעכענען 15 (22—7) פּראָווינץ־טאַקסירער. מיר באַקומען אם־כן 40 נייע אָנטיילנעמער פונעם „גרויסן ועד".

דיזעלביקע צאָל 40 דעלעגאַטן און פּראָווינץ־טאַקסירער באַקומט זיך, אויב מיר באַרעכענען פאָלגנדיקע דאָקומענטאַליש זיכערע פּרטים:

אין אַ דאָקומענט פון יאָר 1666 ווערט דערציילט, אַז אויף דעם „קליינעם ועד" פון „לאַנד" וואָלין, וואָס

4) פגל' מיין אַרבעט: „Beiträge zur Geschichte der partiellen Judentage in Polen um die Wende des 17 u. 18 Jhrts" („Monatsschrift f. Geschichte u. Wissensch. d. Judentums", 1913. p.602, 604).

איז אין יענעם יאָר פאָרגעקומען, זיינען צום „גרויסן ועד" אויסגעקליבן געוואָרן 2 דעלעגאַטן — יוסל יעוואָזאָראָוויטש פון קרעמענעץ און אהרן זעליג פון אָסטראָה [5]. ווייטער: לויט אַ ידיעה פון יאָר 1743 האָבן די קהילה⸗קרייזן קראָקע, לובלין און רייסן (אָן לעמבערג) געשיקט צום „גרויסן ועד" 2 טאַקסירער [6]. אויפן „קליינעם ועד" אין רייסן אין יאָר 1740 (פאָרגעקומען אין בזשעשאַני) האָט מען, לויטן אַלטן מנהג, אויסגעקליבן 4 דעלעגאַטן צום „גרויסן ועד" — 2 פון לעמבערג און 2 פון איבעריקן „לאַנד" [7]. לויטן באַשלוס פון „קליינעם ועד", וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין יאָר 1754 אין סטאַפּניצע, האָט מען אויסגעקליבן 2, מעגלעך 1 דעלעגאַט [8]; דיזעלביקע צאָל דעלעגאַטן האָט אויך באַדאַרפט שיקן דער צווייטער קרייז פון קליין⸗פוילישן „לאַנד" — דער קראָקעווער. לויט באַשטימונגען פון די יאָרן 1671 און 1673 איז דער פויזנער קרייז⸗קהל געווען פאַרטראָטן אויפן „גריסן וועד" מיט 2 דעלעגאַטן [9]; אין יאָר 1664 האָט דער פויזנער קהל געשיקט נאָר 1 דעלעגאַט [10], בעת די איבעריקע קהילה⸗פאַרוואַלטונגען פון גרויס⸗פוילישן „לאַנד" האָבן, ווי מען דאַרף משער זיין, געשיקט 3 דעלעגאַטן.

פון די געבראַכטע ציפערן קען מען זעען, אַז אַזעלכע גרויסע מדינות, ווי גרויס⸗פוילן, קליין⸗פוילן און רייסן זיינען אויפן „גרויסן ועד" געווען פאַרטראָטן ניט מער ווי דורך 4 דעלעגאַטן (שוין אַריינגערעכנט די טאַקסירער), און אויף אַ קרייז⸗קהל (ווי, למשל, סאַנדאָמיר) קומט אויס ניט מער ווי 2 דעלעגאַטן.

מיר קענען בכן איצט, אויפן סמך פון 2 גענויע רשימות פון די לענדער, קרייזן און זעלבשטענדיקע קהילות, באַרעכנען די אַלגעמיינע צאָל דעלעגאַטן און אויך טאַקסירער צום „גרויסן ועד". די דאָזיקע רשימות שטאַמען: איינע — פון יאָר 1717 [11] און די אַנדערע — פון יאָר 1764 [12].

5) ש. דובנאָוו, „די קליינע ועדים"; „וואָסכאָד" (רוסיש), 1894, ב. 4, ז. 28.

6) פגל' אַקטן פון ראַדאָמער פינאַנץ־טריבונאַל (וואַרשעווער צענטראַל־אַרכיוו) פונעם יאָר 1743, ז. 426—430.

7) לעמבערגער גראָד־אַקטן, באַנד 571, ז. 2692 (אַרטיקל 4). פגל' אויך מיין פריער דערמאָנטע אַרבעט; Beiträge zur Geschichte etc.

8) מאַנוסקריפּט פון לעמבערגער נאַציאָנאַל־אינסטיטוט „אָסאָלינעאום", נומ. 303, ז. 220 און ווייטער (אַרטיקל 13); זע אויך מיינע דערמאָנטע „בייטרעגע" אא"וו, ז. 606.

9) I. Perles, „Geschichte der Juden in Polen", in Monatsschrift etc. 1864, p. 368.

10) דאָרט, ז. 367—368.

11) מאַנוסקריפּט פון לעמבערגער „אָסאָלינעאום", נומ. 279, ז. 92 א"וו.

12) ליקווידאַציע־אַקטן פון 1765 (וואַרשעווער צענטראַל־אַרכיוו), ז. 121—126.

לויט דער רשימה פון 1717 איז דער יידישער אַלמלוכהשער פאַרבאַנד אין יענער צייט באַשטאַנען פון:

א) 6 „לענדער" (קראָקע⸗סאַנדאָמיר מיט דעם הויפּט⸗קהל אין קאַזימיר ביי קראָקע, גרויס⸗פוילן מיט דעם הויפּט⸗קהל אין פויזן, און אויך — רייסן, לובלין, וואָלין און פּאָדאָליע).

ב) 6 קרייזן אָדער באַצירקן (כעלעם⸗בעלז, זאַמאָשטש, פּשעמישל, ווענגראָוו, ציעכאַנאָוו און טיקאָטשין).

ג) 4 „זעלבשטענדיקע" קהילה⸗פאַרוואַלטונגען (פּשעמישל, יאַראָסלאַוו, דאָבראָמיל, רזשעשאָוו) *).

מיר באַקומען בכן, לויט די אויבן פעסטגעשטעלטע כללים, די פאָלגנדיקע אַלגעמיינע צאָל דעלעגאַטן פון די „לענדער", קרייזן און קהל⸗פאַרוואַלטונגען צום „גרויסן ועד":

6 „לענדער" צו 4 דעלעגאַטן — 24 (אינאיינעם מיט טאַקסירער), 6 קרייזן צו 2 דעלעגאַטן — 12 (אינאיינעם מיט טאַקסירער), 4 „זעלבשטענדיקע" קהילה⸗פאַרוואַלטונגען צו 1 דעלעגאַט — 4 (אינאיינעם מיט טאַקסירער). צוזאַמען — 40 דעלעגאַטן און טאַקסירער.

פאַר די „זעלבשטענדיקע" קהילות רעכענען מיר צו 1 דעלעגאַט, ד. ה. די מעגלעכסט קלענסטע צאָל פאָרשטייער. אַ סמך דערצו געפינען מיר אינעם פאַרטרעטונגס⸗פּרינציפּ בנוגע די גרעסטע טעריטאָריעלע איינהייטן: אויב די קרייזן אָדער באַצירקן זיינען געווען פאַרטראָטן מער ניט ווי דורך 2 דעלעגירטע, איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז די קלענסטע איינהייטן — די זעלבשטענדיקע קהילות — זאָלן האָבן דיזעלביקע פאַרטרעטונג. מיר קענען זיך דערביי אויך שטיצן אויף אַ מיטטיילונג פון יאָר 1672, לויט וועלכער דער „זעלבשטענדיקער" קהל טיקאָטשין איז אויפן „גרויסן ועד" געווען פאַרטראָטן בלויז דורך 1 דעלעגאַט [13]; מ'קען דעריבער מיט פולן רעכט אָננעמען, אַז די איבעריקע „זעלבשטענדיקע" קהילה⸗פאַרוואַלטונגען זיינען געווען פאַרטראָטן אויך לויטן זעלביקן כלל.

די צאָל פון 40 דעלעגאַטן און פּראָווינץ⸗טאַקסירער, וואָס מיר האָבן אויסגערעכנט אויפן סמך פון דער רשימה פון יאָר 1717, באַקומען מיר אויך לויט דער רשימה פון יאָר 1764.

אין יאָר 1764 איז דער יידישער קהילה⸗פאַרבאַנד באַשטאַנען פון:

א) 15 באַצירקן: 1) קראָקע⸗סאַנדאָמיר, 2) גרויס⸗פוילן, 3) רייסן⸗בראַצלאַוו, 4) וואָלין⸗קיעוו **), 5) וולאַ⸗

*) אונטער „זעלבשטענדיקע" קהילה־פאַרוואַלטונגען ווערן פאַרשטאַנען אַזעלכע, וואָס האָבן געהערט אוממיטלבאַר צו דער מלוכה.—רעד.

13) זע ש. דובנאָוו אין „יעוור. סטאַרינאַ" (רוסיש) 1912, וואו עס זיינען פאַרעפנטלעכט די באַשלוסן פונעם ועד וועגן טיקאָטשין.

**) דאָ ווערט געמיינט קיעווער געגנט, די שטאָט קיעוו האָט דעמאָלט געהערט צו רוסלאַנד. — רעד.

דימיר, 6) אָסטראָה, 7) פּשעמישל, 8) לובלין, 9) כעם־בעלז, 10) זאַמאָשטש, 11) פּאָדאָליע, 12) ווענגראָוו, 13) רזשעשאָוו, 14) טיקאָטשין, 15) ציעכאַנאָוו.

ב) 3 קרייז־קהילות: 1) קאַזימיר ביי קראָקע מיט די דערבייאיקע קהילות, 2) די שטאָט לובלין מיט די דערבייאיקע קהילות, 3) די שטאָט פּויזן מיט די דערבייאיקע קהילות.

ג) 4 „זעלבשטענדיקע" קהילות: 1) יאַזעפאָוו ביי דער ווייסל, 2) פּשעמישל, 3) אָליקאַ, 4) מיענדזיזשעץ־פּאָדליאַסקי.

לויט די פעסטגעשטעלטע פּאַרטרעטונגס־פּרינציפּן באַקומען מיר די פאָלגנדיקע צאָל: 15 צו 2 — 30 דעלעגאַטן און טאַקסירער, 3 צו 2 — 6 דעלעגאַטן און טאַקסירער, 4 צו 1 — 4 דעלעגאַטן און טאַקסירער, צוזאַמען אַלזאָ — 40 דעלעגאַטן און טאַקסירער.

ניט געקוקט דערויף, וואָס אין דער צייט צווישן 1717 און 1764 זיינען דורכגעפירט געוואָרן ענדערונגען אין דער אַדמיניסטראַטיווער איינטיילונג פון פּוילישן יידנטום, איז, ווי מיר זעען, די צאָל פון 40 דעלעגאַטן דאָך געבליבן ניט געענדערט. דאָס דערקלערט זיך דורך אַ וויכטיקן מאָטיוו, וועגן וועלכן אונז וועט באַלד אויסקומען צו ריידן.

אַחוץ די דעלעגאַטן און טאַקסירער און די שוין פריער דערמאָנטע מיטגלידער פון דער הויפּט־עקזעקוטיווע און הויפּט־בית־דין לאָזן זיך מער קיין אָנטיילנעמער פון „גרויסן ועד" ניט פעסטשטעלן. רעכענען מיר צונויף די אַלע געבראַכטע ציפערן, באַקומען מיר דעם פאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל פונעם „גרויסן ועד": 23 מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע, 7 מיטגלידער פונעם העכסטן בית־דין, 40 דעלעגירטע און טאַקסירער. צוזאַמען — 70 אָנטיילנעמער.

דידאָזיקע צאָל וועקט ווידער אויף דעם געדאַנק וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון סנהדרין: די עקזעקוטיווע פונעם ועד מיט אירע 23 מיטגלידער האָט געזאָלט רעפּרעזענטירן דעם „קליינעם סנהדרין", און דער „גרויסער ועד" גופא מיט זיינע 70 מיטגלידער — דעם „גרויסן סנהדרין". דער צוזאַמענהאַנג צווישן דער עקזעקוטיווע און דעם „ועד" און צווישן ביידע סנהדרינס איז זיכער ניט קיין צופעליקער, ווי דאָס קען מען זעען פון אַ געוויסער שטעלע אין „יון מצולה" פון נתן האַנאָווער. דער „גרויסער ועד" ווערט דאָרטן כאַראַקטעריזירט מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „די אסיפות פון די פרנסים (ראשים) פון די ארבע ארצות האָבן דערמאָנט אָן דעם סנהדרין אין לשכת הגזית. זיי האָבן געהאַט אַ כוח צו משפטן אַלע יידן אין מלכות פוילן, אַרויסצולאָזן געזעצן און תקנות און אַרויסצולייגן שטראָפן לויט זייער איינזען".

דאָס יידישע פאָלק אין פוילן, וואָס איז געווען טריי דער אַלטער טראַדיציע, האָט קאָנסטרואירט דעם בנין פון זיין אויטאָנאָמיע לויט דעם ביבליש־תלמודישן מאָדעל. און אויף דעם אופן איז פאַרשטענדלעך, וואָס די העכסטע אָרגאַנען פון דער יידישער זעלבספאַרוואַלטונג זיינען געבילדעט געוואָרן לויטן מוסטער פון קליינעם און גרויסן סנהדרין. ווי שטרענג מען האָט זיך געהאַלטן ביי דעם פּרינציפּ, אַבי נאָר ניט עובר זיין אויף דער טראַדיציאָנעלער צאָל 70, באַווייזט אַמבעסטן דער פאַקט, וואָס אין משך פון 1717—1764 איז דידאָזיקע צאָל ניט פאַרגרעסערט געוואָרן, הגם די איינוויינינקסטע אָרגאַניזאַציע איז אין משך פון דער צייט אַטאָמיזירט געוואָרן. די צאָל פון די קרייזן, פון די קהל־פאַרוואַלטונגען און „זעלבשטענדיקע" קהילות האָט זיך כסדר באַדייטנד פאַרגרעסערט, וואָס וואָלט אייגנטלעך באַדאַרפט פירן אויך צו אַ פאַרגרעסערונג פון דער צאָל דעלעגירטע אינעם „גרויסן ועד",—און דאָך איז די צאָל שטענדיק געבליבן די אייגענע. דאָס לעבן איז געוואָרן אַלץ מער און מער קאָמפּליצירט. עס האָט אָבער געמוזט — לכל־הפחות אויסערלעך — בויגן דעם קאָפּ פאַר דער אַלטער טראַדיציע.

# פוילישע רעגעסטן צו דער געשיכטע פונעם „ועד ארבע ארצות"

## (לויט אַרכיוו־מאַטעריאַלן)

פון ד"ר י. שיפּער (וואַרשע)

די מאַטעריאַלן וועגן דעם „ועד הארצות", וואָס מיר דרוקן דאָ, האָבן מיר אַרויסגענומען פון די פּוילישע אַרכיוון. ביז איצט זיינען מאַטעריאַלן וועגן ועד פון פּוילישע קוועלן — מיט גאַנץ קליינע אויסנאַמען — ניט געוווען פאַרעפנטלעכט און אין דער היסטאָרישער ליטעראַטור ניט אויסגענוצט געוואָרן.

מיר האָבן דאָ ניט גענומען אין אַכט דעם מין מאַטעריאַל, וואָס באַציט זיך הגם אויף דעם „ועד הארצות", אָבער ניט אויף אַ באַשטימטער סעסיע, אויך ניט דעם מין מאַטעריאַל, וואָס אַנטהאַלט אַנדערע באַשטימונגען, ניט וועגן דעם ועד אַלס אַזעלכן.

די רעגעסטן גרופּירן מיר כראָנאָלאָגיש, לויטן פאָלגנדיקן סדר: צוערשט גיבן מיר דעם אָרט פון די ועד־זיצונגען, די דאַטע און דאַן די פאַרהאַנדלונגען און באַשלוסן, אָדער די ענינים, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן סדר־היום. דערביי באַמיען מיר זיך אויך צו ברענגען די פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די זיצונגען פון ועד; דידאָזיקע פּערזאָנען ווערן אָבער אין די קוועלן געוויינטלעך נאָר פאַרבייגייענדיק דערמאָנט.

אין די פּוילישע אַרכיוון האָבן מיר געפונען מאַטעריאַל וועגן ועד נאָר פאַר זיין לעצטער תקופה — דער עיקר פאַרן 18טן יאָרהונדערט. בנוגע דעם 17טן יאָרהונדערט האָבן מיר ידיעות נאָר פאַר צוויי יאָר — פאַרן 1666 און 1694. אָנהייבנדיק פון 1713 און ווייטער איז שוין פאַראַן פיל מער מאַטעריאַל, אָבער אויך נאָך ניט קיין פולער. פון 1739 און ווייטער טרעפן מיר שוין מאַטעריאַל רעגולער כמעט פאַר יעדן יאָר, מיט אייניקע אויסנאַמען, ביזן לעצטן יאָר פונעם „ועד ארבע ארצות" — ביז 1764.

דעם מאַטעריאַל האָבן מיר אַרויסגענומען פון פאָלגנדיקע קוועלן:

1) Likwidacya długów żydowskich w całej Koronie Polskiej 1765 — אַ באַנד אַקטן פון 823 זייטן (פאָליאָ), וואָס געפינט זיך אין וואַרשעווער הויפּט־אַרכיוו (Archiwum Główne). אָפּקירצונג ביים ציטירן — L.

2) „מאַטריקל פון דער פּוילישער קרוין" (אויך אין וואַרשעווער הויפּט־אַרכיוו); אָפּקירצונג — M. K.

3) Acta Commisarialia regni Radomiensia (וואַרשעווער הויפּט־אַרכיוו); אָפּקירצונג — A. C. R.

4) Acta Tribunalia Radomiensia — (וואַרשעווער הויפּט־אַרכיוו); אָפּקירצונג — A. T. R.

5) Acta Commisionis Leopoliensis — (וואַרשעווער הויפּט־אַרכיוו); אָפּקירצונג — A. C. Leop.

6) Acta Iudiciorum Commissarialium Lublinensium (וואַרשעווער הויפּט־אַרכיוו); אָפּקירצונג — A. I C. Lubl.

7) האַנטשריפטלעכער דאָקומענט פונעם פּוילישן נאַציאָנאַל־אינסטיטוט „אָסאָלינעאום" אין לעמבערג.

8) גראָד־אַקטן (אַרכיוו־מאַטעריאַלן).

---

### 1666

אָרט פון דער זיצונג: פּשעוואָרסק.

דאָקומענטאַל־פעסטגעשטעלטע זיצונג: אין אויגוסט.

אויף דער זיצונג פונעם „ועד הארצות" האָט באַדאַרפט ראַטיפיצירט ווערן אַ הלואה פאַר דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג פון פּוילן אין סכום פון 26.000 פל. [פלאָרין]. וועגן דעם רעדט זיך אינעם באַטרעפנדן אַקט, וואָס געפינט זיך אין דער קוועלע M. K. פון 8טן מאַי 1666, מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט:

די יידישע קהילות ווענדן זיך מיט זייער פיל אָנקלאַגעס אויף דעם, וואָס די זעלנער, וועלכע האָבן באַקומען פון דער מלוכהשער פינאַנץ־פאַרוואַלטונג געלט־אָנווייזונגען אויף אויפצומאָנען פון יידן, טוען דערביי אָן גרויסע צרות. „נישט נאָר — ווערט אין די אַנקלאַגעס געזאָגט — פּרעסן זיי אויס אונזער אייגנטום, בכדי צו באַקומען די אַסיגנירונגען, נאָר זיי באַנוצן אויך לייבשטראָף" [שלאָגן].

כדי אַרויסצוהעלפֿן די יידן פֿון דערדאָזיקער נויט־לאַגע מאַכט די פֿאָרשטייערשאַפֿט פֿון דעם יידישן אַל־מלוכהשן פֿאַרבאַנד (דער „ועד הארצות") אַ הלוואה בײַם קיניגלעכן סעקרעטאַר, דעם אַדעליקן קאַזימיר קאָוואַל־קאָווסקי, וועלכער איז גלייכצייטיק אויך דער „שרייבער פֿון מלוכה־שאַץ". די הלוואה באַטרעפֿט 26.000 פֿל. און זי דאַרף הויפּטזאַכלעך גיין אויף צו דעקן די חובות, וואָס עס קומט פֿון די יידן דער מלוכה־קאַסע. אין דער שריפֿט־לעכער התחייבות נעמט די יידישע פֿאָרשטייערשאַפֿט אויף זיך אויסצוצאָלן די הלוואה אין 4 יאָר־ראַטעס. דער מלוה באַקומט דערבײַ, לויט דער התחייבות, דאָס רעכט „צו פֿאַרהאַלטן אַלע יידן — סײַ די ראשי־מדינה, אַזוי אויך די געמיינע לייט פֿון אַלע ערטער, — אויף די ירידים, מערק, אויף די טראַקטן און אויך אין זייערע פּריוואַט־וואוינונגען, און אַרײַנצוזעצן זיי אין תּפֿיסה [אויב די צאָלונג־טערמינען וועלן נישט ווערן אָפּגעהיט]... אין דעמדאָזיקן פֿאַל קענען אונזערע סחורות, ווי אויך דאָס אייגנטום פֿון אַלע יידן אין דעם קיניגרייך צוגענומען ווערן, די בתּי־מדרשים געשלאָסן ווערן, די יידישע הייזער אין די יידישע שטעט און שטעטלעך קאָנפֿיסקירט און אָפּגעגעבן ווערן צו קריסטן אָדער צו וועמען אַנדערש".

כדי די התחייבות זאָל אַרײַנטרעטן אין קראַפֿט מוזן די ראשי־מדינה (די דעלעגאַטן פֿונעם „ועד") צושטעלן דעם שטר־חוב אויף ראַטיפֿיצירן „דער נאָענסטער זיצונג פֿון „ועד", וועלכע דאַרף פֿאָרקו־מען אין 12 וואָכן אַרום נאָך דערדאָזיקער פֿאַרצייכנונג (דהיינו—אין אויגוסט 1666) אין זאַמאָשטש, אָדער ערגעץ אַנדערש אין דער סביבה פֿון יאַראָסלאַווער יריד". און דאַן דאַרף אַרויסגעגעבן ווערן דער באַטרעפֿנדער ראַטי־פֿיקאַציע־דאָקומענט.

דער אַקט (instrumentum literatorium congregationis) וועלכער דאַרף אויסגעשטעלט ווערן אויף דער זיצונג פֿון „ועד", דאַרף אויך אַרײַנגעטראָגן ווערן אין די אַקטן פֿון דער וואָיעוואָדשאַפֿט, און דאָס מוז געמאַכט ווערן אין משך פֿון 6 וואָכן נאָכן שליסן פֿון דער ראַטיפֿיצי־רונג־סעסיע.

אָט איז דער לאַטײַנישער אָריגינאַל פֿון דער דאָ־זיקער התחייבות:

„Insuper iidem offerentes et recognoscentes (די פֿאַרשטייער פֿון יידישן אַלמלוכהשן פֿאַרבאַנד) modo quo supra eidem nobili Casimiro Kowalkowsky.... inscribunt et obligant, quia ipsi omnes seniores Judeos omnium communitatum in Regno existentium in proxima congregatione coram Zamościi vel ubicumque locorum ante nundinos Jaroslavienses celebranda intra spatium 12 septimanarum ab actu praesenti computandarum ad infrascripta adducent idque ab eis efficient, quatenus ipsi chyrographum suprascriptum et ipsius inscriptionem roboratoriam praesentem, per se recognoscentes modo praemisso factum et recognitum tam generaliter omnes in simul congregali instrumento literatorio congregationis eiusdem universali quam particulariter unusquisque eorum coram actis palatinatus cuiusvis palatinatus seu districtus proprii unacum reliquis communitatum suarum senioribusque post peractam congregationem praefatam intra spatium 6 septimanarum approbent, confirment et ratificent".

**1694**

**די סעסיע איז אָפּגערופֿן געוואָרן.**

פֿון אַ פּוילישער קוועלע פֿון יאָר 1794 דערוויסן מיר זיך, אַז „די יידן פֿון דער מלוכה פֿלעגן אַלע צוויי יאָר, צו דער צײַט פֿון יאַראָסלאַווער יריד, צונויפֿרופֿן די זיצונג פֿון זייער קאָנגרעס [דעם „ועד הארצות"], צו וועלכן זיי פֿלעגן שיקן זייערע ראשי־מדינה... מיט באַטרעפֿנ־דע, אַפּריער באַשטימטע אינסטרוקציעס".

(„Żydzi Koronni co dwie lecie miewają swoje zjazdy podezą jarmarku Jarosławskiego, na które starszych z instrukcjami wprzód między sobą umówionemi wysyłać... zwykli").

פֿון דערזעלביקער קוועלע דערוויסן מיר זיך ווײַ־טער, אַז אין יאָר 1694 האָט געזאָלט פֿאָרקומען די זי־צונג פֿונעם „ועד הארצות" אין יאַראָסלאַוו, אָבער, לויט אַ באַפֿעל פֿון קיניג נאָך דער השתּדלות פֿונעם רייסישן*) יידישן קהילה־פֿאַרבאַנד, איז זי אָפּגערופֿן געוואָרן צו־ליב דעם, וואָס „דער פּוילישער סיים, וואָס האָט געזאָלט האָבן זײַנע זיצונגען אין וואַרשע אין דעצעמבער 1693 און לויט וועמענס באַשלוסן די יידן האָבן זיך באַדאַרפֿט ריכטן (pro genere contributionis inter se instituendo), איז זיך ניט צונויפֿגעקומען". דיזעלביקע קוועלע גיט צום סוף אויך איבער, אַז פֿונעם „ועד" איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ פֿינאַנץ־קאָמיסיע, וועלכע האָט געהאַט צו פֿאַרטיילן דעם יידישן קאָפּ־שטייער, וואָס דער פּוילישער סיים האָט באַשטימט, צווישן די קהילה־פֿאַרבאַנדן פֿון איינצלנע „ארצות".

(לעמבערגער גראָד־אַקטן, באַנד 467, ז. 1868—1870.)

*) ס'ווערט פֿאַרשטאַנען מזרח־גאַליציע און פּאָדאָליע. — ר עד

## 1713

**אָרט פון דער זיצונג: יאַראָסלאַוו.**
**דאָקומענטאַל־פעסטגעשטעלטע זיצונגען: כ״ד און ל׳ תשרי.**

דאָס איז איינע פון די עלטסטע סעסיעס פונעם „ועד הארצות", וואָס ווערט דערמאָנט אין מקור L. אין דער באַטרעפנדער נאָטיץ ווערט אָנגעוויזן, אַז מיט דער הילף פון „ועד" איז געקומען צו אַן אויסגלייך צווישן דעם קהילה־פאַרבאַנד פונעם „לאַנד" כעלעם—בעלז און פונם קרייז זאַמאָשטש מכוח סילוקן דעם חוב פון 2000 פל., וואָס איז געקומען דעם פריץ אולינסקי, אויף פאָלגנדיקן אופן: 2/3 פון חוב זאָל סילוקן דער פאַרבאַנד כעלעם – בעלז און 1/3 – דער פאַרבאַנד זאַמאָשטש. (קוועלע L, ז. 717.)

## 1717

**אָרט פון דער זיצונג: יאַראָסלאַוו.**
**דאָקומענטאַל־פעסטגעשטעלטע זיצונג – אין האַרבסט.**

**פאַראָרדענונגען און באַשלוסן:**

1. דער „ועד־הארצות" באַהאַנדלט צווישן אַנדערע ענינים אַ ירושה־ענין פון אַ פשעמישלער ייד מענדל נאַפּטאַלעוויטש און באַשליסט צו פאַראָרדענען, אַז אין רשות פון דעם לעצטן זאָל איבערגעגעבן ווערן, אַלס ירושה־אייגנטום, אַ הויז אין פשעמישל. די פאַראָרדענונג, אין וועלכער ס'ווערט געזאָגט, אַז זי איז „ערשט נישט לאַנג אַרויסגעגעבן געוואָרן פון די ראשי־מדינה פון ועד אין יאַראָסלאַוו", האָט דער רייסישער וואָיעוואָדע יאָהאַן סטאַניסלאַוו יאַבלאָנאָווסקי שפּעטער אָפיציעל באַשטעטיקט דעם 29טן נאָוועמבער 1717 (דער אַקט איז פאַרעפנטלעכט ביי מ. שאָר: Żydzi w Przemyślu, 1903, דאָקומענט נומ. 132).

2. מיט דער הילף פונעם „ועד־הארצות" איז געקומען צו אַ הסכם צווישן דער קהילה אין פינטשאָוו און דעם קליין־פוילישן יידישן לאַנד־פאַרבאַנד, לויט וועלכן אויף להבא דאַרף אַלס סעקרעטאַר פון דעם לאַנד־פאַרבאַנד באַשטימט ווערן אומבאַדינגט אַ מיטגליד פון דער פינטשאָווער קהילה. (זע מאַנוסקריפּט פונעם פוילישן נאַציאָנאַל־אינסטיטוט „אָסאָלינעאום" אין לעמבערג, נומער 303, ז. 220 א.וו., אַרט. 19).

3. דער „ועד הארצות" אַרבעט אויס אַ גענויען אויפשטעלונגס־פּלאַן („דיספּאַרטימענט") פונעם יידישן קאָפּ־שטייער אויף דעם לויפנדיקן יאָר 1717, אין סכום פון 226,109 פל. (מאַנוסקריפּט פון „אָסאָלינעאום", ב. 269, ז. 92 א. וו.; פּרג״ל אויך „געשיכטע פון יידן אין רוסלאַנד" (רוסיש), מאָסקווע 1914, ב. 1, ז. 168).

4. אַלס סעקרעטאַר פון „ועד הארצות" איז אָנגעוויזן פישל לייבאָוויטש (דיזעלביקע קוועלע).

## 1718

**אָרט פון די זיצונגען: יאַראָסלאַוו.**
**דאָקומענטאַל־פעסטגעשטעלטע זיצונגען: 1טער אויגוסט און א׳ טבת.**

דער פוילישער פינאַנץ־טריבונאַל אין ראַדאָם גיט אַרויס אין דעם יאָר, ווי אויך אין די ווייטערדיקע, דריי פאַראָרדענונגען, וואָס זיינען נוגע דעם „ועד־הארצות" אין יאָר 1718.

1. לויט צוויי פסק־דינים פון 1718, מוז דער „ועד הארצות", וועלכער דאַרף זיך צונויפקומען אין לויפנדיקן יאָר, „אויפשטעלן אַ גערעכטע חלוקה פונעם יידישן קאָפּ־שטייער; בס״ה דאַרף דער קאָפּ־שטייער באַטרעפן לויט דער קאָנסטיטוציע... 200.020 פל.״

אין די פסק־דינים רעדט זיך וועגן דער אומאָרדענונג, וואָס האָט פריער געהערשט אויפן געביט פון יידישן קאָפּ־שטייער, באַזונדערס וועגן די מעשים פון די ראשי־מדינות. די לעצטע האָבן „די שטייער־סכומים, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די רייכערע יידן, פאַרוועגדט פאַר זייערע פּריוואַטע צוועקן און איינגעשטעקט אין זייער אייגענעם טאַש, די אָרעמע יידן האָבן זיי צו שטאַרק באַלאַסטעט מיט שטייערן און האָבן דער רעגירונג צוגעשטעלט נישט קיין ריכטיקע אָפּרעכנונג פון דעם געזאַמלטן געלט". עס ווערט דעריבער פאַראָרדנט „פעסטצושטעלן פאַר אַלע יידן פון קרוין־פוילן, הן פאַר קליין־פוילן, אַזוי אויך פאַר גרויס־פוילן, אַ גערעכטע פאַרטיילונג פונעם שטייער secundum praescriptum novellae legis און דער פאַרטיילונגס־פּלאַן („דיספּאַרטימענט") פון די איינפאַכע שטייערן, וועלכן מ'דאַרף אויפשטעלן אין יאַראָסלאַוו, מוז צוגעשטעלט ווערן ביז צום 1טן אויגוסט 1718 דער מלוכהשער שאַץ־קאַמער"...
„דער פאַרטיילונגס־פּלאַן מוז אַזוי אויפגעשטעלט ווערן, אַז די שטעט, וואו דאָס געלט דאַרף אויסגעצאָלט ווערן דעם מיליטער, זאָלן גענוי אָנגעוויזן ווערן. די פאָרשטייער פון די יידישע קרייזן מוזן אייגנהענטיק מאַכן די אויסצאָלונגען". ענדלעך „דאַרף דער יידישער קאָפּ־שטייער, לויט ווי ס'איז אָנגענומען, אויפגעמאָנט ווערן אין 3 ראַטעס אויפן פאָלגנדיקן אופן: דעם 1טן יאַנואַר, דעם 1טן מאַי און דעם 1טן אויגוסט".

(A. C. R., 1718, באַנד 10, ז. 33—34, 615—617)

2. דער ראַדאָמער פינאַנץ־טריבונאַל באַהאַנדלט אין יאָר 1719 אַן אָנגעלעגנהייט פון דער יידישער קהילה אין דאָבזשין און דערביי ווערט דערמאָנט דער שטייער־טאַריף (Tariffa Jaroslaviensis), וואָס דער „ועד־הארצות" האָט באַשטימט אין יאַראָסלאַוו אין יאָר 1718.

(A. C. R., 1718, באַנד 11, ז. 453)

## 1719

אָרט פון די זיצונגען: ריטשיוואָל און יאַראָסלאַוו.

דאָקומענטאַל־פעסטגעשטעלטע זיצונג: 20טן סעפּטעמבער.

1. דעם 20טן סעפּטעמבער ראַטיפיצירט דער „ועד־הארצות" אויף זיין זיצונג אין ריטשיוואָל די הלואה, וואָס די יידישע פאָרשטייער פון וולאַדימירער קרייז (וואָלין) האָבן געמאַכט ביי שמואל לייבאָוויטש פון טאַרטאַקאָוו. (L., ז. 567)

2. לויטן באַשלוס פון „ועד־הארצות" אין יאַראָסלאַוו אין דעם יאָר (?) (conventia Jaroslaviae constituta) ווערט די יידישע באַפעלקערונג פון דאָרף פּזשיסוכא דערקלערט, אַלס אַ טייל פון דער יידישער קהילה אין שידלאָוויצן. (A. C. R., 1719, באַנד 11, ז. 267—269)

## 1723

אָרט פון דער זיצונג: ריטשיוואָל.

ס'ווערט ראַטיפיצירט דער באַשלוס פון „ועד הארצות", אָנגענומען אין יאָר 1713, מכּוח דער גענויער באַשטימונג פון די טיילן, וואָס די יידן פון כעלעם—בעלז און פון זאַמאָשטשער קרייז דאַרפן סילוקן אויפן חשבון פון זייער בשותּפותדיקן חוב. (L., ז. 718 ; פרגל אויך אויבן, יאָר 1713)

## 1731

אָרט פון דער זיצונג: יאַראָסלאַוו.

דאָקומענטאַל־פעסטגעשטעלטע זיצונג: 10טן נאָוועמבער.

פאַראָרדענונגען און באַשלוסן:

1. דער „ועד הארצות" ברענגט צו אַן אויסגלייך אין אַ מחלוקת וועגן קאָמפּעטענץ צווישן דעם קרייז כעלעם־בעלז און דעם קרייז זאַמאָשטש און באַשליסט דערביי, אַז די קהילות פון לאַשטשאָוו, בילגאָריי, פראַנקאָפּאָל, קראַסנאָבראָד, אוּלאַנאַ ראָזוואַדאָווא, זשאָלקוואַ־וויסאָקאַ און מאָדליבאָזשים זאָלן איינגעשלאָסן ווערן אינעם זאַמאָשטשער לאַנד־פאַרבאַנד, און דערפאַר דאַרף דער לעצטער איינצאָלן דעם לאַנד־פאַרבאַנד כעלעם—בעלז אַ יאָרלעכע געלט־פאַרגיטיקונג פון 2900 פלאָרין. (L., ז. 739—743)

2. אויף דערזעלביקער זיצונג ווערט באַשטעטיקט דער אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אויפן „קליינעם ועד" אין סטערדיניע דעם 29טן נאָוועמבער 1729, לויט וועלכן די צעכאַנאָווער קהילה זאָגט זיך אָפּ פון אַ געלט־פאַרגיטיקונג מצד דעם ווענגראָווער לאַנד־פאַרבאַנד לטובת דעם יידישן אַלמלוכהשן פאַרבאַנד. (L., ז. 810—811)

## 1739

אָרט פון די זיצונגען: יאַראָסלאַוו.

דאָקומענטאַל־פעסטגעשטעלטע זיצונגען: 3טן מאַי ביזן 8טן יולי, ו' תּמוז.

1. די רעגירונגס־קאָמיסאַרן, וואָס זיינען קאָמאַנדירט געוואָרן אויף דידאָזיקע זיצונגען פון ועד, האָבן פונעם געהילף פון פוילישן פינאַנץ־מיניסטער יאָהאַן טשאַפּסקי באַקומען דעם 2טן יוני 1739 אַן אינסטרוקציע, אַז עס מוזן דורכגעפירט ווערן נייע וואַלן פון די יידישע שטייער־טאַקסירער און סעקרעטאַרן. נאָכדעם אָבער, ווי די דעלעגאַטן פון ועד האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דעם, אַז לטובת הענין איז נויטיק איבערצולאָזן אויף זייערע ערטער די אַלטע טאַקסירער און סעקרעטאַרן, האָט זיך דער ועד געווענדט צום געהילף פונעם פינאַנץ־מיניסטער מיט אַ השתּדלות, די אינסטרוקציע צו די קאָמיסאַרן זאָל געענדערט ווערן אויף אַזאַ אופן, אַז די אַלטע טאַקסירער: יהושע שמואלאָוויטש, העשל שמואלאָוויטש און מאַרקוס ראַבינאָוויטש זאָלן אויך אויף להבא פאַרבלייבן אויף זייערע פּאָסטנס. דער געהילף פונעם פינאַנץ־מיניסטער האָט די השתּדלות באַוויליקט, האָט די פריערדיקע אינסטרוקציעס געענדערט אין געוואונטשענעם זין און האָט באַשטעטיקט די אָנגערופענע טאַקסירער אין זייערע אַמטן. גלייכצייטיק גיט ער אָן אויפטראַג די קאָמיסאַרן, זיי זאָלן אויפקלערן די טאַקסירער וועגן דעם, אַז זיי דאַרפן „מאַכן אַ גערעכטן „דיספּאַרטימענט" (אויפשטעלונגס־פּלאַן פון די שטייערן) און אויספילן די באַשלוסן פון איצטיקן „ועד הארצות" געגנוי אין די באַשטימטע טערמינען, אין אַלע פּונקטן, אַניט וועלן זיי אַראָפּגעזעצט ווערן פון זייערע פּאָסטנס, און אַז זיי זיינען איבערהויפּט פאַרפליכט טריי צו זיין דעם ועד". זיי מוזן שטענדיק ביים מאַכן הוצאות פון די סכומים פונעם יידישן קהילה־פאַרבאַנד האָבן די הסכּמה פונעם פּרנס־הועד און פון די 4 חשובסטע מיטגלידער פונעם ועד. דאָס אייגענע איז גילטיק אויך ביים אויפנעמען הלוואות פאַר די צוועקן פונעם יידישן פאַרבאַנד. (מ. שאָר, Żydzi w Przemyślu, אַקט נומ. 135)

2. אין פּסק־דין פונעם ראַדאָמער פינאַנץ־טריבונאַל פון 1740 ווערט אָנגעוויזן אויף דעם, אַז „די עלטסטע פון די יידן האָבן פאַרזוימט אַריינצוטראָגן די שטייערן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דער מלוכה־קאַסע צו דעם טערמין, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויף דער ועד־זיצונג פון פאָריקן יאָר (1739 — anno praeterito) אין יאַראָסלאַוו, לויט דעם אָנגענומענעם „דיספּאַרטימענטום". די מלוכה־קאַסע איז דעריבער געצוואונגען צו באַשטימען די שטייער־סכומים לויט דעם אַלטן „דיספּאַרטימענטום", און אַדאַנק דעם

איז געשען, וואָס פיל יידישע קהילות זיינען איבערלאַסט געוואָרן מיט שטייערן איבער זייערע כוחות".
(A. C. R., 1740, באַנד 28, ז. 153—154).

3. דער ראַדאָמער פינאַנץ־טריבונאַל האָט אין יאָר 1739 אַרויסגעגעבן אויך פאָלגנדיקע פסק־דינים:

א) דער „ועד הארצות", ווי אויך דער „קליינער ועד" פונעם „לאַנד" וואָלין („Congressus Generalis Seniorum Judaeorum Maioris et Minoris Poloniae ac Russiae sive particularis Wolhyniae") דאַרפן רעספּעקטירן דעם פּריווילעג פון קיניג אויגוסט II פון 11טן אָקטאָבער 1726, און אין הסכם מיט דעם דאַרף די יידישע קהילה פון מעזעריטש ביי קאָרעץ אָפּגעטיילט ווערן פון דער מוטער־קהילה אָסטראָה.

ב) די יידישע קהילה פון מעזעריטש איז באַרעכטיקט, אינאיינעם מיט די קהילות פון ראָוונע און פּאָלאָנע, צו שיקן איין פאָרשטייער צום ועד. דערדאָזיקער פאָרשטייער דאַרף זאָרגן דערפאַר, אַז ביים אויפשטעלן די שטייער־חלוקה זאָל אויף די קהילות, וואָס ער פאַרטרעט, נישט ארויפגעלייגט ווערן קיין צו־שווערע שטייער־משא.

ג) די יידישע קהילה אין אָסטראָה דאַרף זיך ריכטן לויט דעם זין פון דעקרעט, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן (פונעם ועד) אין יאַראָסלאַוו און איז אַריינגעטראָגן אין די גראָד־ביכער פון לוצק דעם 4טן מאַי 1739 (decretum Judaicum Jaroslaviae latum et ad acta castrensia Luccensia die 4/v 1739 per oblatam porrectum) און דאַרף באַצאָלן אַן אַנטשפּרעכנדיקע געלט־קאָמפּענסאַציע די יידישע קהילות אין מעזעריטש, פּאָלאָנע און ראָוונע פאַר דער פאַרקלענערונג פון די צו־שווערע יידן־שטייערן.
(A. C. R., 1739, ב. 27, ז. 81—85).

## 1740

דער פינאַנץ־טריבונאַל אין ראַדאָם באַהאַנדלט אין דעם יאָר אַן אָנקלאַגע מצד דעם יידן איציק הערשקאָוויטש פון מעזעריטש־קאָרעצקי (ביי קאָרעץ) קעגן די ראשים פון וואָלינער פראָווינץ־פאַרבאַנד, פאַרוואָס זיי האָבן אים נישט געוואָלט שיקן אַלס דעלעגאַט צום „ועד הארצות" (ratione non admissionis eiusdem infidelis Herszkowicz, incolae Mederecensis delegati ad Congressum Generalem).

דער פסק־דין פון פינאַנץ־טריבונאַל וועגן דעם ענין איז:

„In futurum ex cahalibus Mederecensi, Poloniensi et Rownensi Judaeum unum delegatum (ad congressum generalem) ad attendas solum calculationes... admittendum esse".

דאָס מיינט אין דעם זין פון באַשלוס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין יאָר 1739.
(A. C. R., 1740, באַנד 28, ז. 89—91; זע אויך אויבן—יאָר 1739)

## 1741

אָרט פון דער זיצונג: יאַראָסלאַוו.
דאַקומענטאַל־פעסטגעשטעלטע זיצונג: כ"ח כסלו.

אין אַ פאַראָרדענונג פון פינאַנץ־טריבונאַל אין ראַדאָם פון 1740 ווערט צווישן אַנדערן געזאָגט:

„דער יידישער קאָנגרעס („ועד הארצות"), וועלכער דאַרף פאָרקומען אין 1740 אין יאַראָסלאַוו, האָט אויפצושטעלן אַ גערעכטן „דיספּאַרטימענט" — דהיינו אזאַ, לויט וועלכן עס זאָלן געמאַכט ווערן באַטרעפנדע קאָמפּענסאַציעס פאַר יענע יידישע קהילות, וואָס זיינען דורך דער שטייער־פאַרטיילונג פון פאָריקן יאָר (1739) באַלאַסטעט געוואָרן פון דער מלוכה־קאַסע מיט צו שווערע שטייער־סכומים".

(„Tym zaś synagogom, które przez przeszłoroczne asygnacje skarbowe znajdują się być przeładowanemi, które dyspartyment przeszłoroczny Jarosławski ułożył, aby na przyszłym Kongresie Jaroslawskim in anno 1741 przypadającym lub prędzej przez sprawiedliwy dyspartyment to było bonifikowane").
(A. C .R., 1740, ב. 28, ז. 154.)

## 1743

אָרט פון די זיצונגען: אומבאַקאַנט.

אין יאָר 1743 האָט דער פינאַנץ־טריבונאַל אין ראַדאָם אַרויסגעגעבן פאָלגנדיקע פאַראָרדענונג בנוגע דעם „ועד הארצות", וועלכער האָט דעמאָלט אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען.

„פסק־דין

וועגן די ענינים פון דער נאָענטסטער סעסיע פון דעם „ועד־הארצות" און וועגן די וואַלן פון אַ נייעם יידישן מאַרשאַלעק [פרנס־הועד].

דער ראַדאָמער פינאַנץ־טריבונאַל לייגט אין יסוד פון זיין פאַראָרדענונג די באַשטימונג, אַז די סעסיע פונעם „ועד הארצות" (Sesje generalne żydowskie), אין וועלכענס אויפגאַבן ס'גייט אַריין צו באַזאָרגן אַלע עפנטלעכע שטייערן און באַזונדערס די יידישע איינפאַכע [רעגולערע] שטייערן, מוז אַלע 4 יאָר אויסקלייבן אַ נייעם יידישן מאַרשאַלעק. איצט ענדיקן זיך די 4 יאָר, אין משך פון וועלכע דער אַמט פונעם מאַרשאַלעק איז געווען באַזעצט פונם „אומגלויביקן" אברהם יאַסקאָוויטש פון דער

גרויס־פּוילישער פּראָווינץ. איצט קומט די ריי פאַר דער קליין־פּוילישער פּראָווינץ און באַזונדערס פאַר דעם לובלינער קרייז, און די קאַנדידאַטן פאַר דעם אַמט דאַרפן זיין פון די דאָרטיקע חשובים. עס איז אָבער פאַראַן אַ סכנה, אַז די פריערדיקע פאָרשטייער פונם יידישן אַלמלוכהשן פאַרבאַנד וועלן ניט וועלן קומען צו דער זיצונג פונעם „ועד־הארצות", אָדער זיי וועלן אויף אַן אַנדער אופן ברענגען דערצו, אַז די זיצונג וועט ניט קענען אָננעמען קיין באַשלוסן, און דורך דעם וועט ניט קענען אויסגעוויילט ווערן דער יידישער מאַרשאַלעק פון לובלינער קרייז (וועלכער דאַרף אגב באַשטעטיקט ווערן פון דעם לובלינער וואָיעוואָדע). בכדי דאָס זאָל ניט געשען, נעמט אָן דער ראַדאָמער פינאַנץ־טריבונאַל פאָלגנדיקן באַשלוס:

די פאָרשטייערשאַפט פונעם אַלמלוכהשן יידישן פאַרבאַנד מוז אומבאַדינגט — תיכף נאָכדעם, ווי זי וועט דערהאַלטן די פאַראָרדנונג פון דעם הויכוואוילגעבוירענעם הער געהילף פונעם פינאַנץ-מיניסטער אין קרוין־פּוילן — צונויפרופן אין משך פון דעמדאָזיקן יאָר אַ זיצונג פונעם „ועד־הארצות" און דורכפירן וואַלן פון אַ נייעם פּרנס־הועד פון צווישן די יידן אין לובלינער קרייז.

פון די לובלינער יידן מוז אויך באַשטימט ווערן אַלס מלוכה־טאַקסירער דער, וואָס וועט רעקאָמענדירט ווערן פאַר דעם אַמט פונעם הויכוואוילגעבוירענעם הער לובלינער וואָיעוואָדע. דערביי דאַרף מען זיך האַלטן ביי דער אָרדענונג, וואָס איז איינגעפירט פאַר אַזעלכע פאַלן אין קראָקעווער און סאַנדאָמירער פּראָווינצן. דער נייער [יידישער] מלוכה־טאַקסירער דאַרף בלייבן אין זיין אַמט אין משך פון די נאָענטסטע 4 יאָר אין לובלינער קרייז, און די ניי־אויסגעוויילטע פאָרשטייער פונעם יידישן אַלמלוכהשן פאַרבאַנד מוזן אים אַריינציען אין אַלע פאַרהאַנדלונגען וועגן שטייער־ענינים פונעם „ועד-הארצות". די אויפשטעלונג פון יידישע שטייערן, דער אַזוי-גערופענער „גענעראַל־דיספּאַרטימענט", דאַרף געמאַכט ווערן דורך דעם דערמאָנטן מלוכה־טאַקסירער; אָן זיין אונטערשריפט וועט דער „דיספּאַרטימענט" ניט אָנערקענט ווערן פון דעם מלוכה־שאַצמייסטער. דער הויפּט־געריכט פאַרבאָט דעם פריערדיקן מאַרשאַלעק אברהם יאָסקאָוויטש, וועמענס פונקציעס ס'ענדיקן זיך דעם יאָר, ווי אויך די ראשי־מדינה און [אַנדערע] דעלעגאַטן פונעם ועד־הארצות („קאָנגרעסאָווי גענעראַלנעמו זשידאָווסקעמו"), אָפּצולייגן די סעסיע, אָדער מאַכן זי אוממעגלעך אָנצונעמען באַשלוסן מיט דער כוונה צו געבן אַ מעגלעכקייט די פּערזאָנען, וואָס דאַרפן איבערנייס געוויילט ווערן, צו פאַרבלייבן אויף זייערע פּאָסטנס. ווען אַזוינס וועט דאָך געשען, וועלן די שולדיקע באַקומען אַ שטראָף, למען ידעו.

אין גייסט פון שוין פאַרעפנטלעכטן אין יאָר 1719 דעקרעט פונם זעלביקן פינאַנץ־טריבונאַל — Sabbato intra octavas festi sacratissimi Corporis Christi Domini anno 1719 — באַשליסט דער הויפּט־געריכט, אַז דער לובלינער קרייז איז בארעכטיקט צו שיקן צוויי קרייז־טאַקסירער — praevia ut supra approbatione — אינם ועד continuo et in perpetuum — לויט דער אָרדענונג, וואָס איז אין אַזעלכע פאַלן איינגעפירט אין קראָקעווער און רייסישער וואָיעוואָדשאַפטן. די פאָרשטייער פון יידישן אַלמלוכהשן פאַרבאַנד זיינען מחויב צולאָזן דידאָזיקע דעלעגאַטן צו די זיצונגען פונעם „ועד הארצות", היינו — sub nullitate resultatorum secus factorum et sub poenis exemplaribus declarationis praesentis vigore".

(A. T. R., 1743, ב. 31, ז. 426—430.)

## 1744

אָרט פון דער זיצונג: טישאָוויץ.

דאָקומענטאַל־פעסטגעשטעלטע זיצונג: 23טן אויגוסט.

דידאָזיקע זיצונג פונעם ועד אין טישאָוויץ אין יאָר 1744 ווערט דערמאָנט אָן שום פּרטים אין דער קוועלע L, ז. 440.

## 1745

אָרט פון דער זיצונג: ראָכמאַנאָוו.

„...מיר באַשטימען, אַז די יידישע קהילות פון פּיקאָוו, וויניצע, ליפּאָוועץ און אַנד. דאַרפן, אין הסכם מיט די באַשלוסן פונעם „ועד־הארצות" אין יאַראָסלאַוו (według dekretów żydowskich Jarosławskich), אָנערקענט ווערן בנוגע שטייער-אָנגעלעגנהייטן, אַלס אָפּטיילונגען פון דער אָסטראָגער קהילה, און אַז די יידן פון פּאָדאָליער וואָיעוואָדשאַפט האָבן אויף להבא קיין שום רעכט ניט אַריינצוציען די אויבנאויסגערעכנטע קהילות אין וועלכע ס'ניט איז שטייער־צאָלונגען.

גלייכצייטיק דערמאָנען מיר די ראשים פון די „מדינות" און קרייזן וועגן דעם, אַז... די יידישע באַפעלקערונג פון וואָלינער וואָיעוואָדשאַפט דאַרף באַשטייערט ווערן גענוי אין הסכם מיט דעם אַזוי־גערופענעם „יאַראָסלאַווער שטייער־דיספּאַרטימענט", וועלכער איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער זיצונג פונעם „ועד־הארצות" אין ראָכמאַנאָוו אין יאָר 1745".

(פון אַ פּסק־דין, וואָס דער פינאַנץ־טריבונאַל אין ראַדאָם האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1747; פּרג״ף A. C. R., ב. 35, ז. 550—555)

## 1749

אָרט פון דער זיצונג: קאָנסטאַנטינאָוו.

דאָקומענטאַל־פעסטגעשטעלטע זיצונג: אין אויגוסט.

אין פּסק־דין פונעם ראַדאָמער פינאַנץ-טריבונאַל פון

יאָר 1751 ווערט ציטירט אַ באַשלוס פון „ועד־הארצות" פונעם יאָר 1749, וואָס איז אָנגענומען אין דעם בייזיין פון געהילף פונעם פוילישן פינאַנץ־מיניסטער קאַרל אָדראָוואָנזש שעדלניצקי דעם 6טן אויגוסט און וועלכער לויטעט:

„Infideles judei Lipovecenses ad dispartimentum infidelium Seniorum Judeorum Ostrogiensium spectare debent".

דערדאָזיקער באַשלוס איז פונעם פינאַנץ־מיניסטערס געהילף אין יאָר 1749, ווי אויך מיטן קיניגלעכן פּריווילעג פון 15טן יולי 1750, באַשטעטיקט און באַקרעפטיקט געוואָרן.

(A. T. R., 1751, באַנד 39, די זייטן ניט נומערירט.)

## 1751

אָרט פון די זיצונגען: קאָנסטאַנטינאָוו, בראָד, זאַלאָשצע.

דאָקומענטאַל־פעסטגעשטעלטע זיצונגען: י' שבט, כ"ו אב, 9 סעפּטעמבער, 13 סעפּטעמבער.

1. אין די ליקווידאַציע־אַקטן (קוועלע L) ווערט אגב דערמאָנט וועגן אַ זיצונג פון „ועד הארצות", וואָס איז פאָרגעקומען דעם 13טן סעפּטעמבער 1751 אין זאַלאָשצע (ז. 336—337.)

2. אין אַ סכסוך צווישן דער יידישער קהילה אין זבאַרעטשיע מיט דעם פּראָווינץ־פאַרבאַנד פון קראָקע־סאַנדאָמיר, גיט דער פוילישער פינאַנץ־טריבונאַל אין ראַדאָם אַרויס אין 1756 אַ פּסק־דין, לויט וועלכן די יידישע קהילה אין זבאַרעטשיע מוז צאָלן יערלעך דעם קראָקע־סאַנדאָמירער פּראָווינץ־פאַרבאַנד 900 פל.; דער פּסק־דין איז זיך סומך אויף דער אַלגעמיינער שטייער־איינטיילונג, וועלכע דער „ועד הארצות" אין קאָנסטאַנטינאָוו האָט פעסטגעשטעלט דעם 9טן סעפּטעמבער 1751 און וועלכע איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן פוילישן געהילף פונעם פינאַנץ־מיניסטער דעם 15טן אָקטאָבער 1752.

(A. T. R., 1750, ז. 93.)

## 1752

אָרט פון דער זיצונג: קאָנסטאַנטינאָוו.

דאָקומענטאַל־פעסטגעשטעלטע זיצונג: ט"ו אב, 3טן אויגוסט.

1. דער ראַדאָמער פינאַנץ־טריבונאַל פון 1754 האָט אַרויסגעגעבן פאָלגנדיקן פּסק־דין, וואָס באַציט זיך אויף אַ זיצונג פונעם „ועד־הארצות" פון דעם יאָר, אין לאַטייניש:

IUDICIUM

inter Judeos Synagogae Radzinensis atque infid. arendatores et tabernatores de bonis Sucha Wola, Bramia, Zbilitow etc.

...Quoniam Iudicio sufficienter documentis deductum est, villas Sucha Wola pertinentes in corpore Regni Poloniae exstasse easdemque villas ad cahale Radzynense per decreta infidelium Judaeorum in Regno Seniorum in Konstantynowo die 3/8 1752 in congressu generali lata applicatas esse, eadem decreta per J. M. Comitem Sedlnicki, supremum Regni Thesaurarium die 19/1 in Konstantynowo, tum alterum in Jarosław die 22/6 1753 in omnibus punctis, clausulis et ligamentis approbasse, proinde... (iudicium) decernit, quatenus inf. Judei arendatores et tabernatores ex villis suprascriptis contributiones omnes ad Cahale Radzinense... importent dispositionique eiusdem cahalis... obedient". (A. T. R. ex 1754, p. 104)

2. דער „ועד-הארצות" באַשליסט אין 1752, אין דעם בייזיין פונעם פינאַנץ-מיניסטערס געהילף, אַז די יידישע קהילה אין האָראָכאָוו מוז אויסצאָלן יערלעך דעם וולאַדימירער (וואָלינער) פּראָווינץ-פאַרבאַנד פון דעם קאָפּ-שטייער-געלט אַ סכום פון 2000 פל.

(L., ז. 571—572)

## 1753

אָרט פון די זיצונגען: יאַראָסלאַוו.

דאָקומענטאַל-פעסטגעשטעלטע זיצונגען: כ"ד תשרי, א'—ב' חשון, יולי — סעפּטעמבער, 24טן אָקטאָבער, 10טן נאָוועמבער.

1. די זומער-סעסיע פונעם „ועד-הארצות" איז דורך דעם געהילף פון פינאַנץ-מיניסטער שעדלניצקי באַשטימט געוואָרן אויפן 20טן יולי. דערביי איז אַלס רעגירונגס-קאָמיסאַר צו דער זיצונג קאָמאַנדירט געוואָרן דער ראַדאָמער סטאַראָסטע קאַזימיר גראַנאָווסקי. אין דעם באַשטימטן טאָג זיינען אָבער געקומען בלויז אברהם בן חיים ראַש פון לובלין און זיינע אָנהענגער. די איבעריקע פאָרשטייער פון יידישן קהילה-פאַרבאַנד זיינען נישט געקומען.

מיט אַ וואָך שפּעטער מעלדעט זיך אין יאַראָסלאַוו דער דעמאָלסטיקער פּרנס-הועד אברהם בן יוסף-יאָסקע פון ליסאַ און דערקלערט דעם רעגירונגס-קאָמיסאַר, אַז דער „ועד-הארצות" האַלט איצט אָפּ אַ טייל-ווייזע באַראַטונג אין זאַמאָשטש, וואו ס'ווערן איבערגעקוקט די שטייער-רעכענונגען פון דער יידישער באַפעלקערונג; ער בעט דעריבער, מ'זאָל אָפּלייגן די באַשטימטע סעסיע. נאָך לענגערע אונטערהאַנדלונגען האָט דער רעגירונגס-קאָמיסאַר מסכים געווען דערצו, און דער נאָענס-

טער טערמין פון דער סעסיע איז באַשטימט געוואָרן דורכן פינאַנץ-מיניסטער אויף דעם 24טן סעפּטעמבער. דער פּרנס-הועד זאָל וועגן דעם נייעם טערמין באַקאַנט מאַכן דורך אַ ספּעציעלער פאַראָרדענונג אין אַלע בתי-מדרשים.

די מיטגלידער פון ועד האָבן פאַרזוכט צו שטערן אויף דערדאָזיקער סעסיע און זיינען נישט געקומען צום באַשטימטן טערמין. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם האָט זיך דער לובלינער ראש-הקהל אברהם בן חיים און זיינע מקורבים געווענדט מיט אַ בקשה צום פינאַנץ-מיניסטער פּעטער אָדראָוואָנזש שעדלניצקי מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט:

„עס איז זייער וויכטיק, אַז דער „ועד הארצות" זאָל זיך צונויפקומען צוליב דער טרויעריקער לאַגע פון די קהילות און צוליב די שווערקייטן, וואָס שאַפן זיך דערביי ביים באַשטימען און אויפמאָנען די יידישע שטייערן. אין פיל יידישע קהילות זיינען לעצטנס פאָרגעקומען אַ ריי שרפות און צוליב דעם האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל פון די קהילות, וואָס זיינען נישט בכוח צו צאָלן שטייערן, אַזוי אַז די איבעריקע קהילות מוזן דעקן זייערע דעפיציטן און האָבן דעריבער אויסצושטיין פון אַ צו שווערן שטייער-לאַסט. דידאָזיקע אַלע אומשטענדן ברענגען דערצו, אַז ס'דאַרף אויסגעאַרבעט ווערן אַ נייע שטייער-פאַרטיילונג. דאָס קען אָבער מעגלעך ווערן ערשט נאָך אַ באַהאַנדלונג פון דער שטייער-פראַגע אויף דער זיצונג פונעם „ועד-הארצות".

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ווענדונג האָט דער פינאַנץ-מיניסטער צונויפגערופן די סעסיע פונעם ועד דעם 10טן נאָוועמבער. גלייכצייטיק באַפעלט ער דעם פּרנס-הועד, ער זאָל, אונטער זיין פּערזענלעכער אחריות, מכריז ומודיע זיין אַלע מיטגלידער פון ועד וועגן דער סעסיע. ער מוז אויך לאָזן אויסרופן אין אַלע קהילות מכוח דעם, אַז די קהילות, וואָס זיינען צו שטאַרק איבערלאַסט מיט שטייערן, זאָלן זיך ווענדן מיט אָנקלאַגעס צום רעגירונגס-קאָמיסאַר אין יאַראָסלאַוו. אויסער דעם גיט דער פינאַנץ-מיניסטער אַרויס אויך אַן אינסטרוקציע, לויט וועלכער אַ קהילה קען באַפרייט ווערן פון שטייערן אין עקסטע פאַלן (vis maior) דורך דעם געהעריקן פּראָווינץ-פאַרבאַנד. יעדער באַשלוס וועגן דעם דאַרף מיטגעטיילט ווערן דעם פינאַנץ-מיניסטער.

אין זין פון דערדאָזיקער פאַראָרדענונג פון פינאַנץ-מיניסטער האַנדלט אויך דער רעגירונגס-קאָמיסאַר, וואָס איז קאָמאַנדירט געוואָרן צום ועד. ער צווינגט די יידישע מיטגלידער, אונטער אַ דראָונג פון געלט-שטראָפן, צונויפצוקומען זיך אויף דער זיצונג פון ועד צום באַשטימטן טערמין — דהיינו צום 10טן נאָוועמבער. נאָכדעם ווי ס'האָט זיך פאַרזאַמלט די געפאָדערטע צאָל מיטגלידער פון ועד איז מען צוגעטראָטן צו באַטראַכטן דעם סדר-היום. די פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך געצויגן ביז חצי נאָוועמבער און עס זיינען אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדיקע באַשלוסן און פאַראָרדענונגען:

2. צוערשט ווערן דורכגעפירט די וואַלן פונעם פּרנס-הועד. דערביי האָבן זיך די מיטגלידער פון ועד צעטיילט אין צוויי מחנות: איין טייל האָט זיך געשטעלט אויפן צד פונעם אַלטן פּרנס אברהם בן-יוסף יאָסקע פון ליסאַ, דעם אָנהענגער פון ר' יעקב עמדין, און דער אַנדערער טייל האָט זיך געשטעלט אויפן צד פון אברהם בן-חיים (ראָך) פון לובלין, אַ הייסן אָנהענגער פון ר' יהונתן אייבעשיץ. מנצח געווען האָט די צווייטע פּאַרטיי, און אברהם בן-חיים איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּרנס-הועד.

3. נאָכדעם איז באַהאַנדלט געוואָרן דער בייודזשעט פון דעם יידישן אַלמלוכהשן פאַרבאַנד. דער רעגירונגס-קאָמיסאַר האָט פון בייודזשעט-פּראָיעקט אויסגעשטראָכן פיל פּאָסטנס, צווישן זיי אויך פיל חובות, וואָס די באַאַמטע פונעם ועד האָבן געמאַכט אויפן חשבון פון דעם פאַרבאַנד, און צום סוף האָט די אַלגעמיינע סומע פון בייודזשעט באַטראָפן 280.000 פל. (אָנשטאָט 323.000 פל. אין יאָר 1739).

4. דער ווייטערדיקער פּונקט פון סדר-היום איז געווען די רעאָרגאַניזאַציע פונעם באַשטאַנד פון „ועד-הארצות". די צאָל פון זיינע מיטגלידער, ווי אויך פון די שטייער-טאַקסירער און פאַרטיילער איז אויפדאָסניי פעסטגעשטעלט געוואָרן, דהיינו: א) די פּראָווינץ-פאַרבאַנדן („ארצות", „לענדער"), ווי אויך די קהילות, וואָס געהערן אוממיטלבאַר צום אַלמלוכהשן קהילה-פאַרבאַנד (און נישט צו זייער קרייז-פאַרבאַנד) באַקומען דורכשניטלעך צו צוויי מאַנדאַטן — אַזוי אַז די אַלגעמיינע צאָל פון די דעלעגירטע זאָל להבא באַטרעפן ס"ה 25; ב) די צאָל טאַקסירער זאָל זיין — 22.

5. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט ווערן אויסגעאַרבעט ספּעציעלע תקנות וועגן די טאַקסירער. די תקנות באַשטייען פון 10 פּאַראַגראַפן מיט גרונד-יסודות וועגן די פונקציעס פון די טאַקסירער.

6. אין דעמזעלביקן צוזאַמענהאַנג אַרבעט דער ועד אויס אויך אַ ספּעציעלע אינסטרוקציע וועגן דעם פּרנס-הועד. די אינסטרוקציע שטעלט פעסט די כללים, ווי אַזוי דאַרף אויף להבא דער ועד צונויפגערופן ווערן, די באַשטימונגען פאַרן פּרנס-הועד וועגן קאָנטראָלירן די קאַסע פונעם פאַרבאַנד און ווי צו מאַכן די הוצאות.

(די פּרטים וועגן די פונקטן 1—6 זיינען גענומען געוואָרן פון די לעמבערגער „גראָד-אַקטן", ב. 566, זייטן 2228—2230, ווי אויך פונעם מאַנוסקריפּט נומ. 303, אין לעמבערגער „אָסאָלינעאום", ז. 220. — פרג"ל. באַלאַבאַן: Historja i literatura żydowska, ז"ז 342—343).

7. דער „שטייער־דיספּאַרטימענט", וואָס איז אַרויס־געגעבן געוואָרן פון ועד אין 1753, שטיצט זיך אויף אַ ביודזשעט־געזעץ, וועלכער ווערט ציטירט אין דער קוועלע L (אַרטיקלען 2 און 8). דידאָזיקע אַרטיקלען זאָגן:

„אַרטיקל 2: די מיטגלידער פון גרויסן ועד און די ראשים פון די „ארצות" ווערט פאַרבאָטן אָן דעם וויסן און הסכם פון דער פוילישער מלוכהשער פינאַנץ־פּאַרוואַלטונג אויפצונעמען געלט און מאַכן הוצאות פון די סכומים פונעם יידישן פאַרבאַנד.

„אַרטיקל 8: דער יערלעכער געהאַלט פון די ראשי־מדינה [מיטגלידער פון „ועד הארצות"] ווערט פעסטגעשטעלט אין אַ סומע פון 5000 פל. אויסער דעם באַקומען די ראשים יערלעך נאָך צו 100 פל. אין זייער רשות אויף מתנות. פון די לעצטע דאַרפן זיי אויך דעקן די הוצאות פאַר די נסיעות, וואָס זיי מאַכן אין די אָנגעלעגנהייטן פון ועד". (L., ז. 81, 85—86).

8. צווישן די ביודזשעט־דעבאַטן אין דערדאָזיקער סעסיע פון ועד געפינט זיך אין דער קוועלע L פאָלגנ־דיקע נאָטיץ:

צווישן אַנדערע פראַגן ווערט באַהאַנדלט אַ געלט־פאָדערונג אויף אַ סכום פון 2000 פל., וואָס עס קומט פונעם אַלמלוכהשן קהילה־פאַרבאַנד דעם יידן שמואל וואָלפאָוויטש פון יאַראָסלאַוו. דער ועד האָט אָנער־קענט דעם חוב פאַר אַ ריכטיקן און האָט באַשטימט דעם מלוה די אַסיגנירונג, אין וועלכער עס זיינען אָנ־געוויזן די צינזן, וואָס קומען אים. (L., ז. 88—89)

9. דער „ועד הארצות" פון יאָר 1753 נעמט אָן בנוגע געריכט־ענינים אַ פּרינציפּיעלן באַשלוס, לויט וועלכן די יידישע קהילות דאַרפן זיך אין זייערע סכסו־כים ווענדן צו די בית־דינס פון די „לענדער" [ארצות], (דהיינו צו די קליינע „ועדן", וואָס גילטן אַלס פּראָ־ווינץ־בית־דינס), ווייל דער „גרויסער ועד" האָט מיט אַזעלכע זאַכן נישט צו טאָן" (האַנטשריפט. ־ דאָקומענט פון „אָסאָלינעאום", נומ. 303, ז. 220, אַרטיקל 7).

10. צו דער סעסיע פון 1753 געהערט פאָלגנדי־קער פסק־דין פון פינאַנץ־טריבונאַל אין ראַדאָם:

„Quantum spectat actoratum infidelis synagogae Józephoviensis contra inf. seniores palatinatuum Russiae et Maioris ac Minoris Poloniae respectu praegraviationis dispositionibus suis in puncto solvendae contributionis consuetae,.. Approbando dispositionem per Ill. Mgn. Granowski, capitaneum Radomiensem die 24. x. 1753 in Jarosław sub congressu generali turbae Judaicae vigore dispositionis Ill. Mgn. Thesaurarii Regni expedito in anno supra expresso, tum appositione solvenda iuxta anteacta dispartimenta bona Josephow servientia quotannis ad Thesaurum Regni 400 fl. summae decernit Iudicium:

Quatenus praedicta synagoga Josephoviensis satisfaciendo praemisso dispositioni Ill. Mgn. Thesaurarii Regni subsecuta, abtunc et in futurum quotannis non maiorem, quam 400 fl. summam ad Thesaurum Regni exsolvat. Jam vero cassatis quibusvis dispartimentis seniorum Palatinatus Russiae, tum Maioris et Minoris Poloniae cum praeagravatione super synagogam Josephow contra mentem dispositionis supra exoratae iniungit, quatenus iidem seniores nullo modo amplius aut quocumque praetextu maiorem super praedictam synagogam Josephow summam extollere et extorquere sub poenis... audeant et praesumant."

(A. T. R. ex anno 1755, pag. 75).

## 1754

אָרט פון די זיצונגען: יאַראָסלאַוו.

דאָקומענטאַל־פעסטגעשטעלטע זיצונגען: כ"ד תשרי, ב' חשון, 28טן אָקטאָבער, 2טן נאָוועמבער.

1. אויף דער זיצונג פון 28טן אָקטאָבער איז גע־שלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך צווישן די פאָרשטייער פון „ועד־הארצות" מיט די פאָרשטייער פון דער פּראָווינץ לובלין, לויט וועלכן דער גרויס־פוילישער קרייז נאָווע־מיאַסטאָ מיט די יידישע שטעט גלוונע, ראַוואַ, ביאַלע, רזשעזיצע, גראַיעץ און גאַשטשינע גייען אַרויס פון פּראָ־ווינץ־פאַרבאַנד גרויס־פוילן און גייען אַריין אין פּראָ־ווינץ־פאַרבאַנד לובלין. די קהילה־פאַרוואַלטונגען פון די אַלע אויסגערעכנטע שטעט דאַרפן אויף להבא זייערע שטייערן איינצאָלן דעם לובלינער צענטער. דער אָפּמאַך איז אין נאָמען פון ועד אונטערגעשריבן געוואָרן פון דעם טאַקסירער אברהם לעשצינסקי און שפּעטער באַשטעטיקט געוואָרן פונעם פוילישן געהילף פון פי־נאַנץ־מיניסטער גראַף שעדלניצקי. (L., ז. 648—650)

2. אויף דער זיצונג פון 2טן נאָוועמבער ראַטיפי־צירט דער ועד די באַשלוסן, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן אויף דעם וואָלינער „קליינעם ועד" דעם 27טן יולי 1745 אין אָסטראָהא און דעם 5טן נאָוועמבער 1746 אין ראָכמאַנאָוו בנוגע אַ קלויז אין אָסטראָהא. בכדי אונטערצושטיצן די אָרעמע ישיבה־בחורים, וואָס לערנען אין דער דערמאָנטער קלויז, האָבן די ראשים פון קרייז אָסטראָהא בשעתם געמאַכט אַ הלואה ביים אָסטראָהער רב, „ר' שמעלקע ע"ה". איצט האָבן די קליינע ועדן פון אָסטראָהא און ראָכמאַנאָוו באַשלאָסן אויפצומאָנען פון די

קהילה-פאַרוואַלטונגען אין אָסטראָהער קרייז אַן אָפּצאָל כּדי צו דעקן דעם געמאַכטן חוב. דער אָפּצאָל זאָל באַטרעפן 5 פּראָצ. פון דעם „עפנטלעכן שטייער", וואָס די קהילה-פאַרוואַלטונגען צאָלן. דער ועד, ווי געזאָגט, האָט דעמדאָזיקן באַשלוס באַשטעטיקט. (L., 527—529)

## 1755

אָרט פון די זיצונגען: ק אָ נ ס ט אַ נ ט י נ אָ וו.

דאָקומענטאַל-פעסטגעשטעלטע זיצונגען: 20טן יולי, כ"ח אב.

אויף דער זיצונג פון 20טן יולי איז געשלאָסן געוואָרן מיט דער מיטהילף פונעם „ועד-הארצות" אַן אָפּמאַך צווישן דעם לאַנד-פאַרבאַנד קראָקע-סאַנדאָמיר און די קהילה-פאַרוואַלטונגען פון פּאָלאַניעץ און ווישליצע בנוגע דעם יערלעכן שטייער, וואָס די דאָזיקע קהילה-פאַרוואַלטונגען האָבן צו צאָלן דעם לאַנד-פאַרבאַנד.

(L., 161—163)

## 1756

אָרט פון די זיצונגען: ק אָ נ ס ט אַ נ ט י נ אָ וו און ב ר אָ ד.

דאָקומענטאַל-פעסטגעשטעלטע זיצונגען: כ"ו אייר, כ' סיון, 2טן אויגוסט, 18טן סעפּטעמבער.

1. דער ועד האַלט אָפּ דעם יאָר זיינע זיצונגען אין קאָנסטאַנטינאָוו א י נ ע ם ב י י ז י י ן פ ו ן ג ע ה י ל ף פ ו נ ע ם פ ו י ל י ש ן פ י נ אַ נ ץ - מ י נ י ס ט ע ר גראַף שעדלניצקי. (L., ז. 229—230)

2. אין צענטער פון די ביודזשעט - דעבאַטן זיינען געשטאַנען די גאַנץ גרויסע דעפּיציטן פון דעם „ועד-הארצות", ווי אויך פון די לאַנד-פאַרבאַנדן און איינצלנע קהילה-פאַרוואַלטונגען. בכדי די דעפּיציטן כאָטש טיילווייז צו דעקן ווערט באַשלאָסן אַרויפצולייגן אַ ספּעציעלן שטייער אויף די קהילות און אין הסכם מיט דעם ווערט צונויפגעשטעלט אַן אַנטשפּרעכנדיקער „שטייער-דיספּאַרטימענט". (L., ז. 229—230,415, אויך ז. 70—71)

3. ביים אונטערזוכן די חובות פונעם יידישן פאַרבאַנד דערקלערט דער „ועד-הארצות" פאָלגנדיקע סכומים פאַר אומבאַשטרייטלעכע און דרינגנדע:

א) די פאָדערונג פון דעם טאַרנאָווער יידן כאַצקל אין סכום פון 2095 פל.

ב) די פאָדערונג פון דעם וואָדזשיסלאַווער רב ר' אייזיק אין סכום פון 694 פל.

ג) די פאָדערונג פון איצקא (יצחק) לעווקאָוויטש פון זאַמאָשטש אין סכום 3832 פל.

ד) די פאָדערונג פון קראָקע-סאַנדאָמירער לאַנד-פאַרבאַנד אין סכום פון 16.000 פל., וואָס איז אויסגעגעבן געוואָרן לטובת-הכלל אויף „הוצאות-ראַדאָם" אין יאָר 1755.

בסך-הכּל אַלזאָ — אַ סומע פון 22.621 פל.

די פאָדערונג פון פּונקט „ד" איז געווען באַשטעטיקט מיט אַ שטר-חוב, וואָס די מיטגלידער פונעם „ועד-הארצות" האָבן אַרויסגעגעבן דעם ראש-המדינה פון קראָקע-סאַנדאָמירער פאַרבאַנד — מ אַ ר ק ו ס ד ו ק ע ל ס ק י. (L., ז. 70—74, 89—91)

4. דער „ועד-הארצות" האָט זיך געפונען אונטערן פרישן איינדרוק פון צוויי פּראָצעסן וועגן עלילת-דם — אין זשיטאָמיר (1753) און יאַמפּאָל (1756), וועלכע האָבן געקאָסט פיל קרבנות. דער ועד האָט באַשלאָסן צו ווענדן זיך וועגן דעם צום פּויפּסט און האָט דידאָזיקע השתדלות אַרויפגעלייגט אויף דעם יאַמפּאָלער ייד א ל י ק ו ם ב ן א ש ר ז ע ל י ק. די קוועלע L וועגן דעם ענין גיט אַ באַגריף, וויפיל דידאָזיקע נסיעה קיין רוים האָט אָפּגעקאָסט: דעררדאָזיקער שתדלן, וואָס פיגורירט אין דער דערמאָנטער קוועלע אונטער דעם פּאָלאָניזירטן נאָמען „י אַ ק ו ב ז ע ל י ק אָ ו ו י ט ש י אַ מ פּ אָ ל ס ק י", ווענדט זיך נאָך דער אויפלייזונג פונעם „ועד-הארצות" (1764) צום ליקווידאַציע-געריכט מיט אַ פאָדערונג אומצוקערן אים 3046 פל. (פלאָרין), און ער דערקלערט דערביי, אַז ער האָט דידאָזיקע סומע אויסגעגעבן „לטובת הכּלל, פאַר די יידן אין פוילן אויף דער נסיעה קיין רוים". ער האָט — ווייזט ער ווייטער אָן — אויף דער נסיעה און ביים אויפהאַלטן זיך אין רוים פאַרלוירן פיל צייט און האָט געמוזט אויסגעבן גרויסע סומען, און היות ווי זיינע אייגענע מיטלען האָבן נישט געקלעקט, האָט ער געמוזט ביי די איטאַליענישע יידן און באַזונדערס ביים מאַנטואַנער ייד נאָטע (נתן) אַנטלייען אַ סומע. „קיין „אינסטרומענט", דאָס מיינט אַ שריפטלעכן כח-הרשאה, וואָס זאָל אים באַפולמעכטיקן בעת דער נסיעה קיין רוים צו מאַכן אַזאַ באַדייטנדיקע הלואה, האָט אים די פאָרשטייערשאַפט פונעם יידישן פאַרבאַנד [אין פוילן] נישט געגעבן".

פון דערזעלביקער קוועלע דערוויסן מיר זיך ווייטער, אַז די פאָרשטייער פון „ועד-הארצות" האָבן אויף זייער באַראַטונג אין וואַרשע אין יאָר 1761, באַשלאָסן אַרויפצולייגן אויף אַלע יידן אַ ספּעציעלן אָפּצאָל, דהיינו: יעדער שטייער-צאָלער זאָל צאָלן צו 1 טינף, בכדי צו דעקן די הוצאות-הנסיעה פונעם יאַמפּאָלער שתדלן; פון דעמדאָזיקן אָפּצאָל האָבן געזאָלט באַפרייט ווערן נאָר די רביים (מלמדים ?) און די אָרימעלייט. דער באַשלוס אָבער איז קאָנטיק פאַרבליבן נאָר אויפן פּאַפּיר, ווייל נאָך אין יאָר 1765 איז ער נישט דורכגעפירט געוואָרן. (L., ז. 63—69).

## 1757

אָרט פון די זיצונגען: קאָנסטאַנטינאָוו.

דאָקומענטאַל-פעסטגעשטעלטע זיצונגען: 18טן אויגוסט, 17טן סעפּטעמבער.

1. דעם פּאָרזיץ אויף די זיצונגען פון „ועד־הארצות" דעם יאָר פירט דער לובלינער ייִד, וועלכער רופט זיך, לויט די קוועלן, — „חיימאָוויטש לובעלסקי". אין דער אמתן איז דאָס דערזעלביקער פרנס-הועד אברהם בן-חיים ראַך, וועגן וועלכן מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט (זע יאָר 1753). ער איז פון מוטערס צד געווען אַ קרוב פון דער משפחה הייַלפּערין. (L., ז. 645—646, פּרײַגל. אויך: מ. באַלאַבאַן: „יודענשטאָדט צו לובלין", ז. 69).

2. אויף די זיצונגען פון 18טן אויגוסט איז אין אַ סכסוך צווישן דעם קליין-פּוילישן לאַנד-פאַרבאַנד און דער קהילה פון מיעלעץ באַשלאָסן געוואָרן, אַז די קהילה דאַרף צאָלן דעם לאַנד-פאַרבאַנד יערלעך 1200 פל. „עפנטלעכע שטייערן". (L., ז. 161—163).

3. דער ועד באַהאַנדלט די געלט-תביעה, וואָס דער טאַקסירער איצקא (יצחק) לעווקאָוויטש פון זאַמאָשטש האָט צום יידישן פאַרבאַנד, געפינט די פאָדערונג פאַר באַגרינדעט און שטעלט אויף אַ „דיספּאַרטימענט" מיט צוועק צו דעקן דעם חוב. (L., ז. 645—646).

4. צו דער האַרבסט - סעסיע (אָדער צו דער ווינטער-סעסיע) פונעם „ועד-הארצות" געהערט פאָלגנדיקער פסק-דין פון פּוילישן פינאַנץ-טריבונאַל אין ראַדאָם:

„Inter cohortem levioris armaturae S. R. Maiestatis — et synagogam Premisliensem atque Abram Haymowicz Judaeorum Regni Mareschalcum aliosque seniores terrestres citatos per inf. Szymon sendicum Lublinensen

Iudicium decernit:

Quatenus Judaei synagogae Premisliensis iuxta anterius dispartimentum, super eos impositum contingens cohorti proveniens ab ultima quietatione retentum hinc pro feria secunda post festum S. Martini Pontificis... solvent et enumerent. In actoratu vero respectu praeaggravationis synagogae Premisliensis contra Abraham Chaimowicz Mareschalcum Judaeorum senioresque Judaeorum terrestres instituto iudicium causam hanc ad I. M. supremum Regni Thesaurarium pro finali in proximo Judaeorum congressu... decisione resolutioneque... remittit iudicandam".

(A. T. R. ex 1756, p. 28)

## 1758

אָרט פון די זיצונגען: קאָנסטאַנטינאָוו.

דאָקומענטאַל-פעסטגעשטעלטע זיצונגען: 10טן סעפּטעמבער, 5טן אָקטאָבער.

1. דער „ועד-הארצות" פאַרענדיקט די ביודזשעט-דעבאַטן מיט אַ „שטייער-דיספּאַרטימענט", פון וועלכן איין עקזעמפּלאַר אין דער פּוילישער שפּראַך ווערט איבערגעגעבן די רעגירונגס-קאָמיסאַרן, וואָס זיינען דעלעגירט געוואָרן אויף די זיצונגען פון ועד. (L., ז. 147)

2. דערזעלביקער ועד פונעם 10טן סעפּטעמבער האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דעם יידן איצקא (יצחק) פון אָפּאָטשנע אַ סומע פון 654 פל., וואָס ער האָט געמאָנט פונעם יידישן פאַרבאַנד. די ראשי-מדינה האָבן אויסגעשטעלט דעם מלוה אויף דער סומע אַ שטר-חוב— אַן אַזוי-גערופענעם „אינסטרומענט", וועלכער איז באַשטעטיקט געוואָרן פונעם געהילף פון פּוילישן פינאַנץ-מיניסטער (גראַף שעדלניצקי). (L., ז. 113)

3. די דערמאָנטע זיצונגען פון 10טן סעפּטעמבער און 5טן אָקטאָבער זיינען דאָקומענטירט אין דער קוועלע L (זז. 49, 205, 646).

4. דער ועד האָט אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, אין וועלכן די קהילה פון קאַזשימיעזש (ביי קראָקע) קען אַריינגעמען אין איר באַשטאַנד נאָר יענע פרעמדע יידן, וואָס וואוינען אויף אַ מרחק העכסטנס איין מייל פון קאַזשימיעזש. דערדאָזיקער דעקרעט איז גענומען געוואָרן אין אַכט דורך דעם פּוילישן פינאַנץ-טריבונאַל אין ראַדאָם, בשעת ער האָט אַרויסגעגעבן, אין יאָר 1763, זיין פסק-דין אין אַ סכסוך צווישן די קהילות פון קאַזשימיעזש און וויסליצע. דער באַטרעפנדער פסק-דין פון ראַדאָמער פינאַנץ-טריבונאַל זאָגט:

„Inter inf. Judeos Synagogae Casimirienses ad Cracoviam per infid. David Moyszeszovicz et synagogam Visliciensem per inf. Abraham Heliaszewicz

Iudicium decernit:

... Quo attinet cathegoriam inf. Judaeorum synagogae Visliciensis contra Judaeos Casimirienses intraductum iudicium approbato Decreto Judaico compromissoriali in anno 1758 probato et per coetum universalem Judaeorum ratihabito... sententiat, nec posse eosdem Judaeos Casimirienses ultra unum miliare iurisdictionem super alios Judaeos extendere"

(A. T. R. ex anno 1763, די זייטן נישט נומערירט)

## 1759

אָרט פון די זיצונגען: קאָנסטאַנטינאָוו.

דאָקומענטאַל-פעסטגעשטעלטע זיצונגען: 21טן יולי, 3טן סעפטעמבער, 26טן סעפטעמבער.

1. די זיצונגען פון 3טן סעפטעמבער און 26טן סעפטעמבער ווערן ביי אַ געלעגנהייט דערמאָנט אין דער קוועלע L (ז. 437). די זיצונג פון 21טן יולי ווערט אונטן דאָקומענטירט אין פונקט 5.

2. דער ועד שטעלט אויף אַ „שטייער-דיספּאַרטימענט" אין דער יידישער שפּראַך, וואָס איז שפּעטער פאָרגעלייגט געוואָרן דעם געהילף פון פוילישן פינאַנץ-מיניסטער צו באַשטעטיקונג. (L., ז. 147)

3. דער ועד ראַטיפיצירט דעם באַשלוס, וואָס איז אין יאָר 1758 אָנגענומען געוואָרן אויף אַ באַראַטונג פון „קליינעם ועד" אין קאָרעץ (קרייז אָסטראָה) און לויט וועלכן דער אָסטראָהער לאַנד-פאַרבאַנד דאַרף אומקערן דעם אָסטראָהער רב ר' זלמן הערשאָוויטש די סומע פון 11760 פל., וואָס יענער האָט בשעתו אויסגעגעבן לטובת די יידן פון אָסטראָהער קרייז. דער ועד באַשליסט גלייכצייטיק צו באַקומען ביים געהילף פון פוילישן פינאַנץ-מיניסטער אַ באַשטעטיקונג פון דעם באַשלוס, וואָס איז אויך געלונגען דורכצופירן. (L., ז. 523)

4. לויט דער פאַראָרדענונג פון ראַדאָמער פינאַנץ-טריבונאַל, האָט דער ועד באַדאַרפט דערליידיקן, אין בייזיין פון געהילף פונעם פוילישן פינאַנץ-מיניסטער, אַ סכסוך צווישן דעם קראָקעווער לאַנד-פאַרבאַנד און דער קהילה פון וואָדיסלאַוו מכוח דער צוגעהעריקייט פון אייניקע קהילות אין דער סביבה.

די דערמאָנטע פאַראָרדנונג פון ראַדאָמער פינאַנץ-טריבונאַל זאָגט:

„Inter inf. Judaeos Wodzisławienses per infidelem Lewek Wulfowicz, synagogae Wodzisławiensis et Judaeorum palatinatuum Cracoviensis et Sandomiriensis seniorem — et infideles Jndaeos seniores palatonatus Cracovienses tum Rabbinum Cracoviensem per infidelem Isaak Lewkowicz syndicum Judaeorum palatinatuum Cracoviensis et Sandimiriensis

Iudicium.. decernit:

Quoniam synagoga Wodzisłaviensis contra synagogam Casimiriensem od Cracoviam sitam de adoptiene parochiarum, ab antiquo ad Cahale Wodzisłaviense spectantium praesente in termino querulatur, iam autem haec causa... sine dispositione Ill. Mgn. Supremi Regni Thesaurii dissenti nequit, proinde eam pro resolutione finali, decisione ac iniungenda propriarum ad Synagogam Wodzisłaviensem parochiarum restitutione... ad Ill. M. Supremum Regni Thesaurarium in primo congressu anno praesente circa dispartimentum Judaeorum disiudicandam ac decidendam remittit". (A. T. R. ex anno 1759, p. 24).

5. צו די זיצונגען פונעם ועד אין יאָר 1759 באַציט זיך אויך דער פאָלגנדיקער פסק-דין פונעם ראַדאָמער פינאַנץ-טריבונאַל, וועלכער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין יאָר 1760:

„Inter infid. Judaeos Xiąznenses et inf. Judaeos seniores Wodzislavienses (per inf. Chaim Slamowicz) ac inf. Judaeos seniores synagogarum universarum Maioris et Minoris Provinciae (per inf. Lewek sendicum palatinatus Cracoviensis et Sandomiriensis)

Iudicium,.. decernit:

... Quandoquidem decretum anteacti iudicii sui non modo iuxta documenta... verum et per dispositionem Ill. M. Supremi Regni. Thesaurarii pro praeterito 1759 21/7 in Konstantynow approbatum deducit, proinde approbata hacce dispositione... sententiatur, Judaeos Xiąźnenses incompetenter agere, adinvenit poenas antea pro evocatione iudicii et clementia indulget".

(A. T. R. ex anno 1760, pag. 52).

## 1760

אָרט פון די זיצונגען: פיליצע און קאָנסטאַנטינאָוו.

דאָקומענטאַל-פעסטגעשטעלטע זיצונגען: 20טן יולי און 3טן אָקטאָבער.

1. די זומער-סעסיע האָט דער ועד אָפּגעהאַלטן אין פיליצע. די אָנגעוויזענע זיצונג פון 20טן יולי און דער אָרט פון די זיצונגען ווערן דערמאָנט אין דער קוועלע L (זז. 104—106, 347—348).

2. דעם פאָרזיץ בשעת דערדאָזיקער סעסיע פירט דער פרנס-הועד מאירקע דובינסקי (מאיר פון דובנע), וועלכער האָט אויך אונטערגעשריבן די פּראָטאָקאָלן פון די זיצונגען. (L., ז. 104—106)

3. דער ועד אַרבעט אויס אויף דערדאָזיקער סעסיע אַ „שטייער-דיספּאַרטימענט". די שטייער-טאַבעלע, וואָס איז צוערשט צונויפגעשטעלט געוואָרן אין יידיש, איז דערנאָך איבערגעזעצט געוואָרן אין פויליש און

פאָרגעלייגט געוואָרן צו באַשטעטיקונג דעם רעגירונגס-קאָמיסאַר, וואָס איז קאָמאַנדירט געוואָרן אויף די ועד-זיצונגען. (.L, ז. 147)

4. בשעת די ביודזשעט-דעבאַטן זיינען אגב שטרענג קאָנטראָלירט געוואָרן די חשבונות פון דעם וואָלין-קיעווער לאַנד-פאַרבאַנד. (.L, ז. 463—466)

5. צווישן די פראַגן, מיט וועלכע די זומער-סעסיע פון ועד האָט זיך באַשעפטיקט, איז אגב אויך באַהאַנדלט געוואָרן אַ סכסוך צווישן דעם קליין-פוילישן לאַנד-פאַרבאַנד אין דער קהילה פון סאָקאָלאָוו. אין דעם סכסוך האָט זיך געהאַנדלט וועגן שטייער-צאָלונגען און וועגן קעגנזייטיקע געלט-תּביעות. דער סכסוך איז פונעם ועד דערליידיקט געוואָרן. (.L, ז. 193—193)

6. די האַרבסט- אָדער ווינטער-סעסיע פון ועד אין יאָר 1760 איז פאָרגעקומען אין קאָנסטאַנטינאָוו-איין זיצונג, דעם 3טן אָקטאָבער, ווערט באַשטעטיקט דורך דער קוועלע L (ז. 438, 446).

7. אין צענטער פון די פאַרהאַנדלונגען איז אין משך פון דער סעסיע געשטאַנען די פראַגע וועגן דעם קאַטאַסטראָפאַלן מצב פון יידישן אַלמלוכהשן פאַרבאַנד, ווי אויך פון די איינצלנע לאַנד-פאַרבאַנדן. דער ועד באַהאַנדלט די מיטלען ווי צו ליקווידירן זייערע חובות. (.L, ז. 448)

## 1761

אָרט פון די זיצונגען: י ע ז ש ע ז ש אַ נ י.

דאָקומענטאַל-פעסטגעשטעלטע זיצונג: 29טן דעצעמבער.

1. דער אויבנדערמאָנטער אָרט און דער טאָג פון די זיצונגען ווערן באַשטעטיקט אין דער קוועלע L (ז. 771).

2. דער ועד שטעלט צונויף אַ „דיספּאַרטימענט" אין יידיש, וועלכער ווערט איבערגעזעצט אין פויליש און פאָרגעלייגט צו באַשטעטיקן די רעגירונגס-קאָמיסאַרן, וואָס זיינען דעלעגירט געוואָרן פונעם פינאַנץ-מיניסטערס געהילף. (.L, ז. 147)

## 1762

אָרט פון די זיצונגען: פ י ל י צ ע.

דאָקומענטאַל-פעסטגעשטעלטע זיצונגען: דעם 28טן יולי, 7טן אויגוסט, 12טן אויגוסט, 23טן אויגוסט און „אין סעפּטעמבער".

1. סיי דער אָרט פון די זיצונגען — פיליצע, סיי די זיצונגען פון 28טן יולי, 7טן אויגוסט, 23טן אויגוסט און אויך די זיצונגען סתם „אין סעפּטעמבער" ווערן דערמאָנט אין דער קוועלע L (זז. 63—65, 70, 206, 412, 429, 455).

2. די זומער-סעסיע פון ועד האָט געדויערט אַן



ערך 3 חדשים — פון יולי ביז סעפּטעמבער. דעם פאָרזיץ בשעת דער סעסיע פירט דער פרנס-הועד מ א י ר ק ע ד ו ב י נ ס ק י. אויף די זיצונגען איז בייגעווען דער סטאַראָסטע פון ראַווע, אַלס רעגירונגס-קאָמיסאַר, וואָס איז געווען קאָמאַנדירט פון געהילף פונעם פוילישן פינאַנץ-מיניסטער (.L, זז. 84—85, 205). אויף אייניקע זיצונגען איז בייגעווען אויך דער געהילף פון פוילישן פינאַנץ-מיניסטער אַליין. (.L, ז. 63)

3. אין צענטער פון די ביודזשעט-דעבאַטן שטייט די פראַגע פון די זייער גרויסע חובות, וואָס עס האָט דער יידישער אַלמלוכהשער פאַרבאַנד, ווי אויך די באַזונדערע „לענדער". כדי לייכטער צו מאַכן דעמדאָזיקן שווערן לאַסט באַשליסט דער ועד צו אַ נ ו ל י ר ן אַ ל ע ת ב י ע ו ת וועגן צינזן פאַר די ח ו ב ו ת, וואָס עס קומט די יידישע קרעדיטאָרן, דער קרן אָבער זאָל זיי אין 4 יערלעכע ראַטעס אויסגעצאָלט ווערן מצד די לאַנד-פאַרבאַנדן. עס ווערן דערביי גענוי אויסגערעכנט און באַשטימט די סומען פון די ראַטעס-אויסצאָלונגען פאַר יעדן „לאַנד" און עס ווערט אויפגעשטעלט אַ „דיספּאַרטימענט" פון די חובות. דער באַשלוס איז אָנגעשריבן אויף פ ו י ל י ש, בכדי די פוילישע מאַכט זאָל קענען נעמען צו אים שטעלונג. (.L, ז. 147, 210)

4. אַ ווייטערדיקער פונקט פון סדר-היום איז געווען די פראַגע פון די אַזוי-גערופענע „האַפּטקאָווע" שטייערן — „טאַש-געלט", וואָס איז באַשטימט ספּעציעל פאַרן קיניגלעכן הויז („donum charitativum"). דער ועד באַשליסט, „אין קעגנוואַרט פון הויכוואוילגעבוירענעם הער געהילף פון פינאַנץ-מיניסטער און מיט זיין הסכמה", דידאָזיקע „האַפּטקאָווע" שטייערן אויפצומאָנען און באַשטימט אויך גענוי די סכומים, וואָס יעדער לאַנד-פאַרבאַנד דאַרף אויף דעם צוועק אַריינטראָגן. פון דער קוועלע L דערוויסן מיר זיך, אַז דידאָזיקע „האַפּטקאָווע" שטייערן זיינען נאָך אין יאָר 1765 נישט אַריינגעטראָגן געוואָרן פון אַלע יידישע לאַנד-פאַרבאַנדן. בלויז דער גרויס-פוילישער לאַנד-פאַרבאַנד, ווי אויך אייניקע קליין-פוילישע קהילה-פאַרוואַלטונגען האָבן דידאָזיקע שטייערן איינגעצאָלט, אַלע איבעריקע לאַנד-פאַרבאַנדן און קהילות האָבן נישט באַצאָלט. (.L, ז. 63 און ווייטער).

5. אויף דערזעלביקער זומער-סעסיע ווערט באַהאַנדלט אויך די פראַגע וועגן דער אומפאַרמיידלעכקייט פון „דאָנאַ כאַריטאַטיוואַ" פאַר דעם לובלינער קרוין-טריבונאַל. היינו, אינעם קרוין-טריבונאַל פון לובלין זיינען אין יענער צייט פאָרגעקומען אייניקע שטראָף-פּראָצעסן קעגן יידן. צווישן זיי זיינען אויך געווען פּראָצעסן וועגן עלילת-דם, און דער ועד האָט באַשלאָסן צו געבן די ריכטער „dona charitativa", פשוט גערעדט — שוחד, בכדי צו מאַכן זיי ווייכער ביי די פּראָצעסן.

צו דעם צוועק ווערט באַשטימט פונעם ועד יערלעך אַ סומע פון 1400 פל. און די סומע ווערט איבערגעגעבן אין רשות פון דער לובלינער קהילה, וואָס האָט גענומען אויף זיך דידאָזיקע דעליקאַטע מיסיע (.L, ז. 79). אין דער נאָטיץ הייסט עס אַזוי: דער ועד גיט איבער יערלעך אין רשות פון דער לובלינער קהילה 1400 פל.— ,,względem nieuchronnej corocznej expensy podczas Trybunału w Lublinie agitującego się"— וואָס אַנטשפּרעכט אַ באַשלוס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן „na dawniejszych Kongresach jako i roku 1762 w Pilicy odprawionym".

די קוועלע L דערמאָנט אויך וועגן פאָלגנדיקע אָנגעלעגנהייטן, מיט וועלכע דער ועד האָט זיך פאַרנומען אין יאָר 1762 און האָט וועגן זיי אָנגענומען באַשלוסן:

6. ס'זיינען קאָנטראָלירט געוואָרן די רעכענונגען פון קראָקע-סאַנדאָמירער לאַנד-פאַרבאַנד. דערביי האָט דער ועד דערקלערט, אַז די געלט-תביעות מצד די יידן: איצע אָפּאָטשינסקי, ישראל פינטשעווסקי, איסר נאָוואָמייסקי, לייב וואָדזשיסלאַווסקי, אידל וואָדזשיסלאַווסקי, מאַרעק דאָמבראָווסקי, גענעראַל-סינדיקוס לעוועק, און מצד די יורשים פון די רבנים אין קראָקע, לובאַרטאָוו, וואָדזשיסלאוו, ווישניטש און אַנד. — אַז די אַלע תביעות זיינען באַרעכטיקטע און אַז די „לענדער" זיינען מחויב די חובות זיי צו באַצאָלן. (.L, ז. 215 און ווייטער)

7. דער ועד פסקנט אויך צו, אַז דער וולאַדימירוואָלינער קרייז-פאַרבאַנד מוז אויסצאָלן אַ באַשטימטן סכום דעם יידן שמואל לייבאָוויטש פון טאַרטאַקאָוו אויפן חשבון פון זיין ירושה. (.L, ז. 567)

8. דער ועד באַהאַנדלט ווייטער אַ סכסוך צווישן דעם לאַנד-פאַרבאַנד כעלעם-בעלז און די יידן בערקא (ברוך) הייטשיקאָוויטש פון כעלעם, הייטשיק (חייטשיק?) יאָזעפּאָוויטש פון בעלז און דוד פראָימאָוויטש פון לובאָמיל, און פסקנט צו, אַז דידאָזיקע פּערזאָנען דאַרפן באַקומען פונעם לאַנד-פאַרבאַנד אַ סכום פון 6024 פל. (.L, ז. 703)

9. אין אַ סכסוך צווישן דעם לובלינער לאַנד-פאַרבאַנד און דער קהילה-פאַרוואַלטונג פון גניעוואָשוואָ, וועלכע האָט געהאַט תביעות, אַז דער פאַרבאַנד האָט ביי איר גענומען צו פיל שטייערן, באַשליסט דער ועד, אַז דער לאַנד-פאַרבאַנד דאַרף צוריק אויסצאָלן דער גניעוואָשוווער קהילה אַ סכום פון 232 פל. (.L, ז. 633)

10. דער ועד פאַרנעמט זיך מיט אַן אינעווייניקסטער אָרגאַניזאַציע-פראַגע, וועלכע איז אַרויסגערוקט געוואָרן פון דעם לובלינער לאַנד-פאַרבאַנד און דער לובלינער קהילה-פאַרוואַלטונג. די לובלינער קהילה האָט געוואָלט אַרויסטרעטן פון לובלינער קרייז און איבערגיין אוממיטלבאַר צום יידישן אַלמלוכהשן פאַרבאַנד. דער לאַנד-פאַרבאַנד איז געווען גרייט ביי געוויסע תנאים אויף דעם איינצוגיין. ביי דער מיטווירקונג פון ועד איז געקומען צו אַן אויסגלייך, לויט וועלכן די לובלינער קהילה ווערט דערקלערט אַלס אַזאַ, וואָס געהערט „אוממיטלבאַר צום אַלמלוכהשן פאַרבאַנד", און דער לובלינער לאַנד-פאַרבאַנד האָט זיך מתחייב געווען אויסצוצאָלן דער לובלינער קהילה יערלעך 1528 פל. אין צינזן, היות ווי די קהילה האָט געהאַט אויסגעגעבן לטובת דעם לובלינער פּראָווינץ-פאַרבאַנד אַ סכום פון 15.280 פל. (.L, ז. 642 — 643).

11. די קוועלע L ברענגט צום סוף נאָך עטלעכע נאָטיצן וועגן געוויסע הוצאות, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן ביי דערדאָזיקער סעסיע פון ועד. די הוצאות זיינען אויסגעלייגט געוואָרן פונעם פרנס-הועד. אַזוי, למשל, דערוויסן מיר זיך, אַז דעם רעגירונגס-קאָמיסאַר, וועלכער האָט אויף דער סעסיע פאַרטראָטן דעם געהילף פון פוילישן פינאַנץ-מיניסטער, איז געגעבן געוואָרן אַ „דאָנום כאַריטאַטיוואום" (זע אויבן) אין סכום פון 370 פל. און אַז דער זאַל, וואו די ועד-זיצונגען זיינען פאָרגעקומען, האָט אָפּגעקאָסט 100 פל. (.L, ז. 84).

12. די אויבנדערמאָנטע זיצונג פון 12טן אויגוסט ווערט דאָקומענטירט אין דער קוועלע .A. T. R, פון וועלכער מיר דערוויסן זיך, אַז אויף דער זיצונג האָט זיך דער ועד פאַרנומען מיט אַ געלט-תביעה פון נאָוואָגראָדער סטאַראָסטע (אין וואָלין) אין סכום פון 360.000 פל., וועלכע דער סטאַראָסטע זאָל האָבן אויסגעגעבן לטובת די יידן פון וואָלין. דערדאָזיקער ענין איז אין יאָר 1763 באַהאַנדלט געוואָרן דורכן מלוכהשן פינאַנץ-טריבונאַל אין ראַדאָם, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן פאָלגנדיקן פסק-דין:

„Quoniam tam seniores, quam synagoga pal atinatus Volhyniae plenarie et sufficienter esse convicti deducuntur, idcirco attenta praemissa contraventione in contumaciam eorum prosequi (iudicium) iubet, in prosequendo scripto manuali die 25/2 1750 in Krzemieniec per inf. seniores et speciales plenipotentes ab omnibus synagogis integro palatinatus Volhyniae in rem olim Mgci Stephani Czacki venatoris Volhyniae, moderni actoris patri dato, quo mediante summae per eosdem Judaeos ad varia negotia eiusdem synagogae contractae, liquidatae et ad summam 360.000 fl. pol. reductae eiusque salutio praescripta et in casu contraventionis et partitem non ex solutionis, vindicatio et restitutio totalis summae praecauta. Jam vero com-

planatione anno praeterito 1762 die 12/8 in bonis Pilica per Generosum Szotayski Burgrabium Mielnicensem, plenipotentem actoris cum Senioribus eiusdem synagogae palatinatus Volhyniae confecta et conscripta cum evidenti damno et praeiudicio summas easdem diminuente et in pratractionem satisfactionis solutionem in ratas 28 distribuente aliisque actibus uti reclamatis per utrasque partes non obstantibus quinimo cassatis sententiat et decernit:

Quatenus inf. iudaei tam seniores, quam omnes synagogae palatinatus Volhyniae una synagoga pro altera sese non referendo quinimo alterius vicis suplendo summam praecensitam 360.000 fl. originalem et provisionalem 199.500 fl. ab actu scripti praefati ad actum solutionis per judicium liquidatam provenientem, simul iunctam et efficientem summam 554.560 fl. pol. tum quoque in sublationem trinarum condemnationum tribunalitium, ad mentem legis per qualibet per vadium simplex capitaleale hinc pro feria secunda post festum St. Trium Regum in anno 1764 venturo ad manus moderni actoris sub poena banitionis exsolvant. In casu vero contraventionis decreto praesenti liberam captivationem personarum, seniorum Judaeorum Rabinarum, mercatorum sequestrationemque mercimoniorum Judaeorum in palatinatu Volhyniae consistentium adhibita etiam copia militari idem iudicium parti actoreae praecustodit et reservat".

(A. T. R. ex anno 1763, די זייטן ניט נומערירט)

## 1763

אָרט פון די זיצונגען: פּיליצע.

דאָקומענטאַל-פעסטגעשטעלטע זיצונגען: 30טן אויגוסט, 4טן סעפּטעמבער, 6טן סעפּטעמבער, 9טן סעפּטעמבער.

1. דער אויבנדערמאָנטער אָרט פון די ועד-זיצונגען, ווי אויך די דערמאָנטע זיצונג-טערמינען ווערן דאָקומענטירט אין דער קוועלע L (ז. 92, 212 און ווייטער).

2. די זיצונגען פון ועד האָבן זיך אָנגעהויבן אינעם בייזיין פון מלוכהשן פינאַנץ-סעקרעטאַר דזיעזשאַנאָווסקי, וועלכער איז קאָמאַנדירט געוואָרן אַהער אַלס רעגירונגס-קאָמיסאַר.

3. דעם פּאַרזיץ פון ועד האָט געפירט דער פּרנס-הועד מאירקע דובינסקי. (L., ז. 83).



פון די ענינים, וואָס זיינען אין משך פון דער האַרבסט-סעסיע פון ועד (אויגוסט—סעפּטעמבער) דערליידיקט געוואָרן, ווערן אין דער קוועלע L דערמאָנט פאָלגנדיקע:

4. ס'איז באַנייט געוואָרן דער באַשלוס, וועלכער איז שוין געווען אָנגענומען אין יאָר 1762 מכוח די אויבנדערמאָנטע „האַפּטקאָווע“ שטייערן. (L., ז. 639).

5. ס'ווערט ראַטיפיצירט אַן אָפּמאַך צווישן דער פאָרשטייערשאַפט פון יידישן אַלמלוכהשן פאַרבאַנד און דער קהילה פון פּשעמישל, לויט וועלכן דער אַלמלוכהשער פאַרבאַנד, רעכענענדיק זיך מיט דער שווערער לאַגע פון פּשעמישלער קהילה, האָט זיך מתחייב געווען אומצוקערן איר פון אייגענע מיטלען דעם עודף אין דעם פאַל, אויב אויף דער קהילה וועט אַרויפגעלעגט ווערן מער ווי 1300 פל. „עפנטלעכע שטייערן“. (L., ז. 102—103).

6. ס'ווערט באַוויליקט אַן אַסיגנירונג פון די אַלגעמיינע פאַרבאַנד-פאָנדן אין סכום פון 1000 פל. בכדי אויפצובויען ווידער די שול אין פּיליצע. דער באַשלוס ווערט באַשטעטיקט אויך פון דעם רעגירונגס-קאָמיסאַר, וועלכער האָט דערביי אָנגעוויזן, אַז „דער יידישער אַלמלוכהשער פאַרבאַנד פלעגט זיך אויך פריער נוהג זיין בייצושטייערן ביים בויען שולן“. (L., ז. 69—70).

7. דער ועד האָט אויסגעשטעלט דעם פּרנס-הועד מאירקע דובינסקי אַ שטר-חוב אויפן סכום פון 6010 פל., ווייל ער האָט אַזאַ סכום אויסגעגעבן לטובת דעם אַלמלוכהשן פאַרבאַנד. (L., ז. 83).

8. צום סוף באַהאַנדלט דער ועד אַ סכסוך צווישן דעם געוועזענעם פּראָווינץ-סינדיקוס אייזיק לעווקאָוויטש פון יאַנאָוו און דעם קליין-פוילישן לאַנד-פאַרבאַנד מכוח אַ סכום פון 120 פל., וואָס אייזיק לעווקאָוויטש האָט געמאָנט פונעם פאַרבאַנד און וועלכן דער לעצטער האָט נישט געוואָלט אָנערקענען. דער סכסוך איז דערליידיקט געוואָרן לטובת דעם סינדיקוס. (L., ז. 225).

## 1764

אָרט פון דער זיצונג: פּיליצע.

דאָקומענטאַל - פעסטגעשטעלטע זיצונג: 4טן אָקטאָבער.

1. דער אָנגעוויזענער זיצונג-אָרט פון ועד, ווי אויך דער טערמין פון דער זיצונג ווערן דערמאָנט אין דער קוועלע L (ז. 62, 216, 222 א. וו.).

2. פון אַ נאָטיץ אין דער אייגענער קוועלע דערוויסן מיר זיך, אַז דידאָזיקע לעצטע סעסיע פונעם „ועד-הארצות“ איז צונויפגערופן געוואָרן פון געהילף פונעם פוילישן פינאַנץ-מיניסטער און אַז זי האָט זיך געצויגן 11 וואָכן. (L., ז. 223, 459—460).

3. דעם פאָרזיץ אויף דער זיצונג האָט געפירט דער ראש-הועד פון דעם קליין-פוילישן „לאַנד“ (קראָקע—סאַנדאָמיר) — מאַרקוס דוקיעלסקי. (.L, ז. ז. 67, 222).

4. פון די דעלעגאטן ווערט אין דער קוועלע ביי אַ געלעגנהייט דערמאָנט דער ייד טוביה אָסטראָגסקי, וועלכער איז געווען דער פאָרשטייער פון לאַנד-פאַרבאַנד וואָלין—קיעוו. (.L, ז. 96).

5. אין געוויסע ערטער ווערן אין דער קוועלע געבראַכט ידיעות וועגן דעם, וויפיל האָט דידאָזיקע סעסיע פון ועד אָפּגעקאָסט:

א) אַזוי דערוויסן מיר זיך, אַז דער פאָרזיצער מאַרקוס דוקיעלסקי האָט אין יאָר 1765 באַקומען פון פוילישן ליקווידאַציע-געריכט אַ סכום פון 1880 פל., אַלס פאַרגיטיקונג „פאַר דעם צייט-פאַרלוסט און פאַר די הוצאות במזומנים, וואָס ער האָט געמאַכט בשעת דער סעסיע פון ועד אין יאָר 1764“.

ב) דערביי ווערט אויך באַמערקט, אַז די דערמאָנטע ראשי-מדינות — די דעלעגאַטן פון די „לענדער“ — פלעגן קיין געהאַלט ניט באַקומען... (.L, ז. 223).

ג) מיר דערוויסן זיך ווייטער, אַז די הוצאות פאַר די דעלעגאַטן פון אָסטראָווער קרייז צו דעם ועד האָבן באַטראָפן 503 פל. (.L, ז. 524).

ד) מיר דערוויסן זיך אויך, אַז דער דעפּוטאַט פון דעם קרייז וואָלין—קיעוו טוביה אָסטראָגסקי האָט פאַר זיין באַטייליקונג אין דער סעסיע פון ועד באַקומען 83 פל. (.L, ז. 454).

ה) אין צענטער פון די ביודזשעט-דעבאַטן איז געשטאַנען די פראַגע וועגן די חובות פונעם אַלמלוכהשן פאַרבאַנד. עס זיינען דורכקאָנטראָלירט געוואָרן אַלע רעכענונגען פונעם פאַרבאַנד און דערביי האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די געלט-תביעות, וואָס עס האָבן געהאַט צום פאַרבאַנד די יידן משה, לייזער און אייזיק (אַלע דריי פון פיליצע) אין סכום פון 1008 פל. זיינען ניט באַגרינדעט, ווייל דערדאָזיקער סכום איז פון זיי אויסגעגעבן געוואָרן ניט לטובת דעם כלל-יידנטום, נאָר צוליב זייערע „פּערזענלעכע צוועקן“ (.L, ז. ז. 74—76). דאַקעגן איז די געלט-תביעה פונעם פשעוואָרסקער רב אין סכום פון 2150 פל. געפונען געוואָרן אַלס אַ באַרעכטיקטע, „ווייל ער האָט דאָס געלט אויסגעגעבן לטובת דעם אַלמלוכהשן פאַרבאַנד“. (.L, ז. ז. 74—76).

7. דער ועד האָט באַוויליקט אַ געלט-שטיצע אין סכום פון 3000 פל. אויף אויפצובויען ווידער דאָס אָפּגעברענטע יידישע שטעטל טיסמעניצע. דער סכום זאָל אין משך פון 3 יאָר אויסגעצאָלט ווערן פון די פאָנדן פונעם אַלמלוכהשן פאַרבאַנד. (.L, ז. 95).

די באַשלוסן פון דערדאָזיקער סעסיע, וועלכע איז געווען די לעצטע סעסיע פונעם „ועד ארבע ארצות“, האָבן ניט באַקומען קיין רעכטלעכע קראַפט, ווייל דער פוילישער סיים, וועלכער איז פאָרגעקומען גלייכצייטיק, האָט באַשלאָסן, „איינזעענדיק די שלעכטע פירונג פון דער יידישער פאָרשטייערשאַפט“, בכלל אויפצולייזן דעם ועד. ווי דאָס איז טאַקע געשען, אויף דעם סמך ווערט אין דער קוועלע L וועגן דערדאָזיקער סעסיע פון ועד ביי אַ געלעגנהייט דערמאָנט, אַז זי איז niedoszly (ניט צושטאַנדגעקומען), ד. ה. אַז אירע באַשלוסן האָבן ניט באַקומען קיין רעכטלעכע צוואַנגקראַפט. אויפן סמך פון דעם מאָטיוו האָט דער פוילישער ליקווידאַציע-געריכט אין יאָר 1765 מבטל געמאַכט דעם באַשלוס פון דער לעצטער סעסיע פון ועד וועגן אַסיגנירן 3000 פל. אויף דעם ווידעראויפבוי פונעם שטעטל טיסמעניצע (זע אויבן), אַלס אַ באַשלוס, וואָס האָט קיין שום קראַפט ניט. (.L, ז. 95).

דערדאָזיקער באַשלוס איז זייער כאַראַקטעריסטיש אויסגעדריקט אין פויליש:

„Starsi ziemscy generalności zydowskiej na ostatni Kongres Pilecki n i e d o s z ł y w roku przeszłym (1764) zgromadzeni, wspomagając miasto Tyśmienicę po pogorzeniu, temuż miastu 3000 złp. naznaczyli i tę sumę na lat 3 z dochodów generalności żydowskiej wypłacić deklarowali się i g d y z a ś t e n ż e K o n g r e s z o k a z j i r z ą d ó w g e n e r a l n o ś i ż y d o w s k i e j p r z e z K o n s t y t u c j ę K o n w o k a c y j n ą p r z e s z ł o r o c z n ą (1764) o d m i e n i o n y c h skutku swego nie wziął, z przyczyny Żydów s t a r s z y c h g e n e r a l n o ś c i ż y d o w s k i e j w ł a d z y u p a d ł e j s k r y p t p o m i e n i o n y i m i a s t o T y ś m i e n i c a w c z a s a c h d a l s z y c h s a t y s f a k c j i s w o j e j m i e ć n i e m o ż e“.

# יידישע גביות־עדות איז די שאלות־ותשובות

### פון אָנהויב XV ביזן סוף XVII י״ה


### פון זלמן רובאַשאָוו (תל־אביב)


צום אָנדענק פון מיין מאַמען.

די יידישע היסטאָריאָגראַפיע ווייס פון לאַנג, וואָס פאַר אַ אוצרות פון היסטאָרישן און עטנאָגראַפישן מאַטע־ריאַל עס זיינען באַהאַלטן אין די אַלטע פאָליאַנטן פון דער רבנישער שאלות־ותשובות־ליטעראַטור. יט האָבנדיק קיין שום כוונה צו שרייבן די כראָניק פון זייער דור, אָדער אויפצוהיטן די שפּורן פון זייער היסטאָרישן מצב און לע־בנס־שטייגער, זיינען די מחברים פון דער שאלות־ותשובות־ליטעראַטור געוואָרן אומגעריכטערהייט די טרייע מיט־העלפער פון דער שפּעטערדיקער געשיכטע־פאָרשונג. דער רבנישער בית־דין האָט זיך ניט באַגנוגנט מיט די ראַמען פונעם רעליגיעזן לעבן און האָט געפּסקנט אַלע פאַרוויקלטע שאלות פונעם יידישן פרט און יידישן כלל, סיי בנוגע פרנסה און סיי בנוגע משפחה־זאַכן, סיי בנוגע קהל־לעבן און סיי בנוגע גייסטיקע און מאָראַלישע אָנגעלעגנהייטן. און צום גרויסן רב אָדער ראש־ישיבה, וועמעס נאָמען ס'האָט געשמט אין דער וועלט, האָט מען זיך געווענדט נאָך אַ פּסק אין יעדן שווערן פאַל פון נאָענט און וייט. און וואָלטן אַלע פּראָטאָקאָלן פון די בית־דינס אויפגעהיט געוואָרן, וואָלטן מיר היינט געהאַט אַ זיכערן וועגווייזער איבער די טונקעלע היילן פון אונזער עבר. קיינער האָט אָבער די פּראָטאָקאָלן פון די רבנישע דין־תורות ניט אויפגעהיט. גע־בליבן זיינען נאָר די פּסקים, אין וועלכע באַדייטנדיקע רבנישע אויטאָריטעטן האָבן באַוויזן לומדישע חריפות און הלכהשן אויפטו. ביסלעכווייז איז דער קאָנקרעטער פאַל, וועלכער האָט אַרויסגערופן דעם סכסוך און האָט געפאָדערט דעם פּסק, פאַרטרונקען געוואָרן אינעם ים פון פּלפּול און לומדות, דער ספּור־המעשה איז צונויפגעקנייטשט גע־וואָרן אין דער קורצער שאלה און דער שווערפּונקט איז געלעגט געוואָרן אויף דער לאַנגער, שאַרפזיניקער לומדי־שער תשובה. און אָט אָ די תשובה, געשריבן פונעם אָנגע־זעענעם רב מיטן גרויסן נאָמען, — זי האָט עס אַרויסגעראַ־טעוועט פאַר די שפּעטערדיקע געשיכטע־פאָרשער דעם קאָנקרעטן וואָכעדיקן פאַל, וואָס וואַרפט אָפטמאָל אַ העל ליכט אין טונקעלע געביטן פונעם יידישן ווירטשאַפטלעכן, פּאָליטישן, געזעלשאַפטלעכן און אינטים־גייסטיקן לעבן. אָט דער גאַנצער היסטאָרישער מאַטעריאַל, וואָס איז צו־וואָרפן איבער דער רייכער שאלות־ותשובות־ליטעראַטור און שטעלט מיט זיך פאָר אַ פילפאַרצווייגטן געזעצגעבע־רישן חילוף־מכתבים צווישן רבנישע אויטאָריטעטן, אויס־געשפּרייט איבער אַלע לענדער פון דער יידישער צעזייט־קייט און איבער יאָרהונדערטער, — איז נאָך ביז היינט ניט געזאַמלט געוואָרן, איז ווייניק אויסגעפאָרשט און אַפילו אין ערגיץ־ניט פאַררעגיסטרירט געגנוי. אָבער קיינער פון די ערנסטע היסטאָריקער האָט אויף אָט די קוועלן־אוצרות ניט מותר געווען, און פון צונצן אָן ביז היינט זוכט אין זיי יעדער געטרייער פאָרשער ציגל פאַר זיינע וויסנשאַפטלעכע בנינים.

פונקט אַזוי אומגעריכט זיינען די מחברים פון די שו״ת־פאָליאַנטן געוואָרן אויך די טרייע היטער פון דער יידישער אומגאַנג־שפּראַך אין זייער צייט.

כדי קלאָר צו מאַכן דעם אמתן פאַרלויף פון די גע־שעענישן, וועגן וועלכע עס האַנדלט זיך אין דעם ספק־דיקן פאַל, פלעגן, ווי דער שטייגער איז אין געריכטס־ענינים, אויסגעהערט ווערן עדות. פון דעמדאָזיקן עדות־זאָגן זיינען אָפט געווען אָפּהענגיק דער גורל פון פאַר־מעגנס און דער גליק פון משפחות, אַמאָל ענינים פון פרומקייט העומדים ברומו של עולם — למשל, שאלות וועגן יין־נסך, אָדער התרת־עגונות. דערביי האָבן די מחברים אָפט געבויט זייער פּסק אויף אַ וואָרט פון די עדות. צו־ליב די טעמים איז באַזונדער וויכטיק געווען צו האָבן דעם ג ע נ ו י ע ם נ ו ס ח פון דעם, וואָס דער עדות האָט גע־זאָגט, טאַקע פונקט אַזוי ווי ער האָט עס געזאָגט, ניט אי־בערגעזעצט און ניט סטיליזירט. די גבית־עדות איז אַזוי־אַרום געוואָרן אַ יורידישער אַקט, וועלכער איז פאָרגעקו־מען דאָס רוב אין דעם ביי־זיין פון בית־דין, אָפּגעגעבן גע־וואָרן אונטער אַ שבועה און געגנוי, וואָרט ביי וואָרט פאַר־

פראָטאָקאָלירט געוואָרן דורך דעם שמש פון בית-דין, דאָס רוב מיט דער אָנווייזונג פון צייט און אָרט. די דאָזיקע גביות-עדות אין יידיש זיינען נאָכדעם אריינגעבויט געוואָרן אין דער העברעאישער שאלה אָדער תשובה און זיינען אויף דעם אופן מיטגעטראָגן געוואָרן דורך די יאָרהונדערטער אויפן זיכערן רוקן פון דער רבנישער הלכה. פאַרגלייכט מען אַמאָל אַ שאלה, וואָס ווערט באַהאַנדלט אין פאַרשיידענע חיבורים פון רבנים, וואָס געפינען זיך ווייט איינע פון די אַנדערע סיי לויטן אָרט און סיי לויט דער צייט, באַוואונדערט מען די פעדאַנטישע פינקטלעכקייט, מיט וועלכער ס'איז אין אַלע ערטער אויפגעהיט געוואָרן דער גענויער טעקסט פון די ערשטע אויפגענומענע גביות-עדות. אָפטמאָל ענדערט זיך די טראַנסקריפציע — דער שמש לייגט אויס דאָס געהערט אָדער געלייענט וואָרט אַזוי ווי ס'איז אָנגענומען אין זיין סביבה און אין זיין צייט — אָבער דאָס וואָרט אַליין און דער גאַנצער זאַץ בלייבן אומעטום דיזעלביקע.

ווען מ'קוקט זיך נעענטער צו צו אָט די יידישע גביות-עדות, וואָס זיינען צעשפרייט איבער דער שאלות-ותשובות-ליטעראַטור, באַמערקט מען אויך אַ געוויסן אַנטוויקלונגס-וועג אינעם נוסח און אינעם גורל פון דעם מין דאָקומענט.

אין אָנהויב, אין XVטן י"ה, איז די היים פון אָט די גביות-עדות — די אַלטע יידישע קהילות פון דייטשלאַנד. די קהילות זיינען קליינע, די ענינים לאָקאַלע און די רבנישע געריכטבאַרקייט האַלט נאָך גאָר אין אָנהייב. ר' יעקב מולין, ר' ישראל איסערלין און מהר"י ווייל, מהר"ם מינץ און ר' ישראל מברונא דערמאָנען, דאָס רוב אין קלאַמערן, אַ זאַץ אָדער צוויי, וואָס אַן עדות האָט געזאָגט „בלשון אשכנז", בשעת ס'איז זיי וויכטיק פאַרן ענין צו ציטירן די רייד פונעם עדות געגנוי. די דאָזיקע יידישע זאַצן זיינען געוויינטלעך זייער קורצע, אָפגעריסענע, און דאָס רוב איז אויך ניט אָנגעגעבן ווי דער עדות האָט געהייסן, וואו ער האָט געלעבט און ווען ער האָט עס געזאָגט. אַנדערש ווערט עס אין XVIטן י"ה, בשעת דער שווערפונקט פון דער שו"ת-ליטעראַטור ווערט אַריבערגעטראָגן קיין פוילן. אין קראָקע, אין לעמבערג, אין לובלין און אַפילו אין די קליינע קהילות פון דער פראָווינץ זיינען געזעסן גדולי-התורה, פירנדיקע ראשי-ישיבות, וואָס האָבן געשמט אין מרחקים און צו וועמען מען האָט געשיקט שאלות פון גאָר דער וועלט. די געריכט-פונקציע פונעם בית-דין איז שוין געווען ווייט אַנטוויקלט און אויסגעאַרבעט און האָט באַזירט אויף פעסטע כללים און מנהגים. שוין אין די שאלות-ותשובות פונעם מהרש"ל טרעפן מיר דעם נוסח פון דעם עדות-דאָקומענט, וואָס וועט שוין נאָכדעם בלייבן טראַדיציאָנעל: ער הויבט זיך אָן מיטן „במותב תלתא בית דינא כחדא הוינא ואתא לקדמנא (דער נאָמען פונעם עדות און זיין פאָטערס נאָמען) והגיד בתורת עדות בעונש חמור דואם לא יגיד ונשא עונו וזו לשונו בלשון אשכנז" — און נאָכדעם קומט אַלץ, וואָס דער עדות האָט געזאָגט, וואָרט אין וואָרט פאַרנאָטירט דורכן שמש פונעם בית-דין, אויך דער טאָג און דער חודש און דער פרט פונעם יאָר, דער נאָמען פון שטאָט און דאָס רוב אויך די נעמען פון די דיינים, פאַר וועמען די גבית-עדות איז אָפגעגעבן געוואָרן. אין די צייטן פון די „גאונים בתראי" — פון ר' יוסף כ"ץ (דעם „בעל שארית יוסף"), פון ר' מאיר כ"ץ (דעם פאָטער פונעם ש"ך), פון מהר"ם מלובלין, פון ר' יואל סירקיש (דעם מחבר פון ב"ח) און פון ר' יהושע כ"ץ (דעם מחבר פון „פני יהושע"), בשעת די שאלות-ותשובות-ליטעראַטור האָט זיך ווייט פונאַנדערגעוואַקסן — איז די צאָל פון די דאָזיקע גביות-עדות פאַרמערט געוואָרן. זיי פלעגן אין דעם געהעריקן סדר — אָפטמאָל איז אַ גאַנצע שורה פון גביות-עדות אין איין ענין צוגעלייגט געוואָרן צו דער שאלה פונאַנדערגעשיקט ווערן צו די רבנים און צו די ראשי-ישיבות, ביי וועמען מען האָט געבעטן דעם פסק-דין. און אין דער צווייטער העלפט פונעם XVIIטן יאָרהונדערט, נאָך די כמעלניצקי-יאָרן, בשעת די פוילישע רבנים זיינען זיך צופאָרן איבער גאָר דער וועלט און האָבן זיך באַזעצט אין ווייטע קהילות אין דער פרעמד, האָט זיך מיט זיי אינאיינעם צעשפרייט אויך דער נעץ פון דער שו"ת-ליטעראַטור, און די גביות-עדות אין יידיש הויבן אָן צו פליסן פון אַלע לענדער און געגנטן, וואו ס'וואוינען נאָר יידן און און ריידן יידיש אין אַלע דיאַלעקטן און רייד-אַרטן.

וואָס מער עס אַנטוויקלט זיך די וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונג פון דער אַלט-יידישער ליטעראַטור, אַלץ מער ווערט קלאָר, אַז פאַר דער פאָרשונג פון דער יידישער אומגאַנג-שפראַך, ווי זי האָט באמת געלעבט אין מויל ביי די יידישע מאַסן און ניט אין דער ליטעראַטור, זיינען אָט די רבנישע גביות-עדות ניט נאָר דער טרייסטער, נאָר אפשר גאָר דער איינציקער קוואַל. דאָס רוב ווערק פון אַלט-יידיש, וואָס זיינען צו אונז דערגאַנגען, האָבן אַ נטיה צו ליטעראַרישקייט. די לעקסיקאָגראַפישע ליטעראַטור און די זאַמלונגען פון מלמדישע טייטש-ווערטער, ווי אויך אַ גרויסער טייל פון די תנ"ך-איבערזעצונגען זיינען געבונדן צום העברעאישן מקור און האָבן אַ שלל מיט אויסדרוקן און אויסדרוק-פאָרמען, וואָס מען האָט אין גאַס גאָר ניט באַנוצט. דאַקעגן זיינען די ראָמאַנען און די מעשה-ביכלעך אין גאָר אַ גרויסער מאָס צונויפגעוואַקסן מיט דייטש און מיטן דייטשישן סטיל. דערצו נאָך זיינען אַ סך פון זיי געפּענטעט אין קייטן פון די גראַמען און פונעם פערז. און אַפילו די האַרציקסטע תחינות און תפילות אין יידיש, אויף וויפיל זיי דערנעענטערן זיך צו דער מדרגה פון עכטער רעליגיעזער ליריק, — אויף אַזוי פיל דערווייטערן זיי זיך פון דעם „גראָבן לשון", וועלכער ס'איז געוויינטלעך באַנוצט געוואָרן אינעם וואָכעדיקן לעבן.

איין רמז אויף אַזאַ קוואַל האָבן אונז געגעבן א.

לאַנדוי און ב. וואַכשטיין אין זייער באַרימטע פּראַגער בריוו פון פרייטאָג 1619[1], אָט די בריוו, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן פון פּראָג דורך אַ שליח מיוחד און זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי, זיינען פּונקט ווי גביות-עדות אויך ניט געווען באַשטימט צום דרוקן און האָבן ניט געהאַט קיין שום פּרעטענזיע אויף ליטעראַטור. די יידענע און דער מאַנסביל, דער אַלטער ייד און דאָס מיידל, דער רב און דער סוחר, וואָס האָבן יענעם פרייטאָג געשיקט די בריוו, האָבן זיי געשריבן אַזוי ווי זיי זיינען געוואוינט געווען צו שרייבן שטענדיק זייער היימישע קאָרעספּאָנדענץ. אָבער נאָך אַלעמען איז קאָרעספּאָנדענץ אויך אַ באַשטימטע פאָרם פון ליטעראַטור, און דערצו—און דאָס איז דער עיקר—קומט דאָס גאַנצע בינטל בריוו פון איין שטאָט און אַלע פון איין טאָג און זיי זיינען בכן כאַראַקטעריסטיש פאַרן מצב פון דער שפּראַך נאָר אין דעם דאָזיקן אָרט צו דעם באַשטימטן צייטפּונקט. אַנדערש אָבער זיינען די גביות-עדות אין יידיש, וואָס זיינען צעשפּרייט אין דער שו"ת-ליטעראַטור. זיי שפּיגלען אָפּ די לעבעדיקע אומגאַנג-שפּראַך אין משך פון עטלעכע הונדערט יאָר נאָכאַנאַנד אין אַלע לענדער און געגנטן, וואו יידיש האָט געלעבט. ניט אומזיסט האָט ב. באָראָכאָוו—נאָך אין די ערשטע יאָרן פון זיין פילאָלאָגישער פאָרשונג, און טאַקע ריידנדיק וועגן אָט די פּראַגער בריוו — אויפגעשטעלט דעם כלל: „ווילן מיר אָבער פּאַרט באַקומען אַ באַגריף פון דער יידישער אומגאַנג-שפּראַך אין יענער צייט, גיט אונז די הערשנדיקע ליטעראַטור קיין שום אויסקונפט ניט און מיר מוזן זיך ווענדן צו די פּאַראיינצלטע דאָקומענטן, וואָס זיינען פאַרבליבן פון יענער צייט—על-פּי-רוב זיינען דאָס גביות-עדות ביים דין-תורה אין די שאלות-ותשובות"[2]. אין אַ געוויסער מאָס מקיים צו זיין די צוואה פון ב. באָראָכאָוון — איז די אויפגאַבע פון אונזער אַרבעט.

די אַ'ע דאָקומענטן זיינען ביז היינט אין ערגעץ ניט געזאַמלט געוואָרן. ס'איז נאָך אין דער גאַנצער יידיש-ביבליאָגראַפישער ליטעראַטור ניטאָ אַפילו קיין איין פולע פאַרצייכעניש פון די שו"ת, וואו אַזעלכע יידישע שטעלעס געפינען זיך. שטיינשניידער, וואָס האָט אין „סעראַפּעאום" פאַררעגיסטרירט אַלע ספרים[3] און שפּעטער אויך אַלע כתב-ידן[4] אין יידיש, וואָס ער האָט געקענט, האָט אַריינגענומען אין זיין קלאַסישער אַרבעט נאָר ספרים און האַנטשריפטן, וואָס זיינען געשריבן דורכאויס אין יידיש, אָבער יידישע דאָקומענטן אין העברעאישע ספרים האָבן אין די

1) Jüdische Privatbriefe aus dem Jahre 1619, Wien und Leipzig, 1911.

2) ב. באָראָכאָוו, אַ געריס פון פאַר דריי הונדערט יאָר, „דער פנקס", ווילנע תרע"ג, ז. 355.

3) „Serapeum", Leipzig 1848, 1849, B. IX, X

4) Ibid., 1864, B. XXV.

ראַמען פון זיין אַרבעט ניט אַריינגעפּאַסט. און אַ גאַנצע שורה באַדייטנדיקע זאַמלער און פאָרשער פון אַלט-יידיש, פּאַרצייטיקע און מאָדערנע, האָבן אַפילו ניט דערמאָנט אין זייערע ווערק די גביות-עדות פון דער רבנישער ליטעראַטור. דער ערשטער, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף זיי און געפּרואווט מאַכן אַ ביבליאָגראַפישע רשימה, איז געווען דער באַקאַנטער פאָרשער פון דער יידישער ליטעראַטור אלעזר שולמאַן. אין זיין אַרטיקל „די געשיכטע פון דער זשאַרגאָן-ליטעראַטור"[5] דערמאָנט ער וועגן דער וויכטיקייט פון אָט די דאָקומענטן און ברענגט אין אַ באַזונדער הערה[6] אַ רשימה פון 18 גביות-עדות. עס קען זיין, אַז אין דער גרעסערער אַרבעט, וואָס ער האָט שפּעטער געשריבן אין העברעאיש[7], וואָלט ער די רשימה ממלא געווען, איז אָבער די אַרבעט, ווי באַקאַנט, איבערגעריסן געוואָרן אין מיטן. ב. באָראָכאָוו, וועלכער האָט, ווי מיר האָבן פריער געזען, געהאַלטן אָט די גביות-עדות פאַר די „פּאַראיינצלטע דאָקומענטן", וואָס דאַרפן אונז געבן „אַ באַגריף פון דער יידישער אומגאַנג-שפּראַך אין יענער צייט", האָט אין זיין „ביבליאָטעק פון יידישן פילאָלאָג" געפּרואווט אַריינעמען די שאלות-ותשובות, „וואו ס'געפינען זיך יידיש-טייטשע טעקסטן פון עדות ביים דין-תורה פון XVI—XVIIטן י"ה אין די סלאַווישע לענדער". ער איז אָבער אַפּנים דענסטמאָל געווען נאָך גאָר ניי אויף דעם געביט, מחמת ער האָט אויפגעציילט בסך-הכל עלף אַזעלכע שטעלעס אין דריי ספרים (№ № 442—444).

נאָר איינמאָל האָבן עטלעכע פּסוקים פון די גביות-עדות זוכה געווען אַוועקגעשטעלט צו ווערן אין מיטלפּונקט פון אַ ערנסטן וויסנשאַפטלעכן ויכוח און אַרונטערגעלייגט צו ווערן אונטער דער קריטישער גלאָז פון היסטאָרישער פאָרשונג. דאָס איז געווען בעתן וויסנשאַפטלעכן שטרייט פון ש. דובנאָוו קעגן א. הרכבי און בערשאַדסקי וועגן דעם, צי האָבן די פּוילישע און ליטווישע יידן אין XVI און XVII י"ה גערעדט סלאַוויש אָדער יידיש[8]. דענסטמאָל האָבן ביידע צדדים, ווי אויך אַלע, וואָס האָבן זיך נאָכדעם באַטייליקט אין דעם ויכוח[9], געבויט זייערע מיינונגען אויף ראיות, וואָס שטאַמען פון אָט די גביות-עדות. אָבער דער ויכוח האָט אָנגערירט נאָר געציילטע פּסוקים פון זייער אַ קליינעם טייל פון די גביות-עדות, אויף וויפל ס'איז גראַד

5) שלום-עליכמס „פאָלקס-ביבליאָטעק", ב. II, 1889.

6) דאָרטן, ז. 128.

7) אלעזר שולמאַן, שפת יהודית אשכנזית וספרותה, „הזמן", 1903. ערשינען אַלס באַזונדער ספר אין ריגע, 1913.

8) זע: אברהם אליהו הרכבי, היהודים ושפת הסלאווים, ווילנע 1867; אויך:
С. Дубнов, Разговорный язык и народная литература польско-литовских евреев в XVI и первой полов. XVII века, „Евр. Старина", 1909, т. I.

9) זע: ב. באָראָכאָוו, ביבליאָטעק פון יידישן פילאָלאָג, „פנקס" (ווילנע תרע"ג), נומ. 422—435.

נויטיק געווען פאַר דער שטרייט-פּראַגע. דער קוואַל אַליין איז אָבער געבליבן פאַרשלאָסן ווי פריער.

אייניקע פון די גביות-עדות זיינען שוין אַמאָל געבראַכט געוואָרן אין פאַרשיידענע העברעאישע קוועלן-זאַמלונגען, צווישן זיי אויך אין דער קליינער זאַמלונג פון די היסטאָרישע מאַטעריאַלן, וואָס ס'האָט אַרויסגעגעבן בן-ציון כ״ץ אין זיין „לקורות היהודים ברוסיא, פוילין וליטא״[10]. אָבער דער אינטערעס פאַר דער געשיכטע פון יידיש איז נאָך דענסטמאָל געווען אַזוי קליין, אַז דער זאַמלער האָט אַפילו ניט שטענדיק געפונען פאַר נויטיק צו לאָזן די דאָקומענטן אין זייער יידישן אָריגינאַל און האָט אייניקע פון זיי אויף אַ פרייען אופן איבערגעזעצט אין העברעאיש, ניט דערמאָנענדיק אַפילו, אַז אין דעם שאלות-ותשובות-ספר זיינען זיי געשריבן אין יידיש[11]. ערשט אין די לעצטע יאָרן האָט דער ביבליאָטעקאַר פון דער סטראַשון-ביבליאָטעק אין ווילנע ח. לונסקי פאַרעפנטלעכט די יידישע גלאָסן פון דריי רבנישע ספרים — פונעם „ספר תרומת הדשן״ און „פסקים וכתבים״ פון ר׳ ישראל איסערלין[12] און פון די שאלות-ותשובות פון מהר״י ווייל[13]. די אַרבעט פון יצחק ריבקינד „יידיש אין העברעאישע דרוקן ביזן יאָר ת״ח״[14] האָט די אויסגעשפּראָכענע כוונה „צו זוכן שפּורן פון יידיש אין זייטיקע ניט אויסגעטראָטענע וועגן״, ניט באַרירנדיק אינגאַנצן די שו״ת-ליטעראַטור.

די אַרבעט, וואָס ווערט דאָ איצט פאַרעפנטלעכט, אַנטהאַלט שטעלן פון גביות-עדות אין יידיש פון די ערשטע שפּורן אין דער שו״ת-ליטעראַטור ביז צום סוף פון XVII טן און אָנהויב XVIII טן יאָרהונדערט.

די דאָזיקע אַרבעט האָט אויך איר אייגן שטיקל געשיכטע.

קורץ פאַר דער וועלט-מלחמה האָב איך לויטן פאָרשלאָג פון מיין רבין, פּראָפ. ש. דובנאָוו, איבערגענומען דעם אויפטראָג פון דער יידישער היסטאָריש-עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אין פּעטערבורג צונויפשטעלן אַ זאַמלונג פון מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון יידן אין פוילן אין XVII טן י״ה אויפן סמך פון דער שאלות-ותשובות-ליטעראַטור און דרוש-ומוסר-ספרים. נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה איז דער צוזאַמענהאַנג צווישן דער געזעלשאַפט און מיר

10) בן-ציון כ״ץ, לקורות היהודים ברוסיא, פוילין וליטא, בערלין 1899.

11) זע צ״ב ביי ב״צ כ״ץ די אויסצוגן פון די שו״ת הב״ח הישנות, סימן נ״ז און ס׳ ק״ח; פון די שו״ת לר׳ מרדכי זיסקינד, רוטנבורג, ס׳ כ״ב, ז. 46—47.

12) ח. לונסקי, איסערלינס יידיש, מיט הערות פון מ. ווינרייך, „יידישע פילאָלאָגיע״, 1טער באַנד, יולי-דעצעמבער 1924.

13) ח. לונסקי, יידיש ביי ר׳ יעקב ווייל, „לאַנדוי-בוך״ (ייד. וויסנש. אינסטיטוט), ווילנע 1926.

14) „פנקס״ (ייד. וויסנש. אינסטיטוט), נומ. 1—2, ז. 26, ניו-יאָרק 1927.

איבערגעריסן געוואָרן. אָבער איך האָב די אַרבעט ממשיך געווען, און די אוצרות פון דער יידישער געמיינדע-ביבליאָטעק אין בערלין, וואו כ׳האָב פאַרבראַכט די מלחמה-יאָרן, האָבן מיר געגעבן די מעגלעכקייט אין אַ באַדייטנדיקער מאָס די אַרבעט אויסצופירן. לויט מיין פּלאַן האָט די אַרבעט געדאַרפט איינגעטיילט ווערן אין באַזונדערע קאַפּיטלעך וועגן ווירטשאַפטס-געשיכטע וועגן די באַציאונגען צווישן יידן און די שכנים, וועגן דעם אינעווייניקסטן קהל-לעבן, וועגן אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צום „ועד הארצות״, וועגן משפּחה-לעבן, וועגן קולטור און ערציאונג, וועגן גטן און מנהגים. די גביות-עדות אין יידיש זיינען פון מיר דענסטמאָל אויפגענומען געוואָרן נאָר אויף וויפיל זיי האָבן אַ היסטאָרישן ווערט. איך האָב אָבער באַלד באַמערקט, אַז אויך די היסטאָריש „ווערטלאָזע״ יידישע גביות-עדות, וואָס דאַרפן אַלזאָ אין דעם בוך ניט אַריין, האָבן אַ באַדייטנדיקע שפּראַך-געשיכטלעכע און ביבליאָגראַפישע חשיבות, און איך האָב אָנגעהויבן אויך זיי פאַרנאָטירן, דורכברעכנדיק אויף אַזאַ אופן דעם פריערדיקן פּלאַן פון דער אַרבעט. שפּעטער איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז די ראַמען פונעם ספר פּאַסטן בכלל ניט פאַר אָט דער יידישער זאַמלונג. כדי אויסצונוצן זייער ווערט פאַר דער שפּראַך-געשיכטע דאַרפן אַלע גביות-עדות אין יידיש אָן אונטערשייד פון זייער אינהאַלט געזאַמלט ווערן אינאיינעם, צו זיי מוזן צוגעגעבן ווערן אויך די גביות-עדות, וואָס געפינען זיך אין ניט-פוילישע שאלות-ותשובות, און מען טאָר זיך דערביי ניט באַגרענעצן מיטן XVII טן י״ה אַליין; נאָר עס מוזן ווי ווייט מעגלעך אַריינגעצויגן ווערן אויך די יידישע גביות-עדות פון דער עלטערער שו״ת-ליטעראַטור. צוליב פאַרשיידענע טעמים אָבער האָט זיך מיין אַרבעט געמוזט פאַרציען. בינו לבינו איז מיר אויסגעקומען צו באַזוכן שטעט, וואו עס געפינען זיך גרויסע יידישע ביבליאָטעקן און מיר איז מעגלעך געוואָרן די זאַמלונג ממלא צו זיין. ביז די זאַמלונג איז אויסגעוואַקסן און איז — פון פאַרלעגערישן שטאַנדפּונקט — געוואָרן צו גרויס. אָפּדרוקן דעם פולן טעקסט פון אַלע גביות-עדות, ווי זיי שטייען און גייען, אַזוי ווי זיי זיינען ביי מיר פאַרנאָטירט, וואָלט געפאָדערט אַ ספּעציעלן ספר; דאָס וואָלט אָבער הייסן די אַרבעט ווייטער אָפּלייגן. דערצו נאָך איז ניט אַלץ אין די גביות עדות פון גלייכן ווערט, סיידן פאַר יחידים פאָרשער, פאַר ספּעציאַליסטן. דעריבער האָב איך געמוזט דערווייל אויסקלייבן דעם מיטל-וועג. איך האָב פאַרנאָטירט אַלע שטעלן פון גביות-עדות, וואָס זיינען מיר באַקאַנט ביז צום סוף פונעם XVII טן י״ה אָן אונטערשייד פון אָרט און אינהאַלט, און האָב פון אַלע געבראַכט די אויסצוגן, וואָס כאַראַקטעריזירן דעם סטיל און די שפּראַך פונעם דאָקומענט און גיבן איבער זיין היסטאָרישן אינהאַלט. ס׳פאַרשטייט זיך פון אַליין, אַז די אָרטאָגראַפיע איז אומעטום פולשטענדיק אָפּגעהיט געוואָרן. דאָרט, וואו ס׳איז מיר גע-

לונגען צו האָבן עטלעכע אויפלאַגן, האָב איך אין אַ הערה אָנגעוויזן די שנויים סיי אין לשון, סיי אין דער אָרטאָגראַפיע. אויך די קיצורים זיינען פון מיר יעדעס מאָל אָנגעצייכנט געוואָרן (דורך דריי פונקן). און היות ווי ביי יעדן דאָקומענט איז גענוי אָנגעגעבן דער קאַפּיטל אינעם מקור, וועט יעדער ספּעציעל-פאָרשער, וואָס וועט זיך ניט באַפרידיקן מיטן אויסצוג אַליין, קענען לייכט נאָכזוכן און געפינען אויך די דורכגעלאָזטע שטעלן.

צוליב דער זעלביקער סיבה פון מוזן שפּאָרן פּלאַץ האָב איך געגעבן דעם אַריינפיר צו יעדער שו"ת-ספר זייער בקיצור און האָב זיך אויך אָפּגעזאָגט פונעם געדאַנק צו געבן אַ פולע ביבליאָגראַפישע רשימה פון ליטעראַטור וועגן יעדן מחבר. ווער ס'וויל וויסן גענויער קען שוין היינט אין די ענציקלאָפּעדיעס און ביבליאָגראַפישע הילף-ביכער געפינען די געהעריקע ליטעראַטור.

אין פלוג קען זיך לייגן אויפן שכל, אַז די זאַמלונג פון אָט די יידישע גביות-עדות געהערט אויסשליסלעך צום געביט פון יידישער שפּראַך-פאָרשונג און פּאַסט מער פאַר אַ פילאָלאָגישן זאַמלבוך. אָבער דער אינטערעס, וואָס די שפּראַך פון די דאָקומענטן האָט פאַרן יידישן פילאָלאָג, שוואַכט ניט אָפּ דעם ווערט, וואָס דער אינהאַלט פון די דאָקומענטן האָט פאַרן יידישן קולטור-היסטאָריקער און פאַרן פאָרשער פון דער יידישער געשיכטע בכלל.

דער געשיכטע-פאָרשער וועט דאָ געפינען אַ צוזאַמענגעשטעלטן נייעם מאַטעריאַל בנוגע דעם אַלטן ויכוח וועגן דער אומגאַנגס-שפּראַך פון יידן סיי אין דייטשלאַנד (אין XV), סיי אין פּוילן (אין XVI י"ה). ער וועט געפינען וויכטיקע ידיעות וועגן די קאָמפּליצירטע יידישע געלט- און משכנות-געשעפטן אין שפּעטן מיטלאַלטער, וועגן דעם שווערן גורל פונעם יידישן רייזנדיקן סוחר, וועגן די ערשטע אָנהויבן פון דעם יידישן האַנטווערקערטום, וועגן דעם גאַנג פון דער יידישער וואַנדערונג און וועגן דעם גורל פון די אויסגעוואַנדערטע אין דער פרעמד, וועגן דעם הפקר-מצב פונעם דאָרפס-ייד און פונעם יידישן פּוסגייער און רייטער אויף די ווייטע וועגן, וועגן דער באַציונג פון די יידן צו זייערע ניט-יידישע שכנים און פון די ניט-יידן צו יידן. פאַראַן דאָ אויך מאַטעריאַלן — אָמאָל באַשרייבונגען, אָמאָל בלויז שפּורן — פון ריין-היסטאָרישע געשעענישן, ווי מלחמה, הריגות, פּאָגראָמען, בלבולים, גירושים, צום טייל באַקאַנטע, צום טייל נאָך ניט אויסגענוצטע. אַ שלל מיט איינצלהייטן און וויכטיקע פּרטים וועט געפינען אין זיי דער פאָרשער פונעם יידישן לעבענס-שטייגער — פון די פאַרפלאָנטערטע פאַמיליע-פאַרהעלטענישן און מאַראַל-פראַגן, קהל-ענינים און כלל-זאַכן, מנהגים און מלבושים וכדומה.

אַ היסטאָרישע באַאַרבעטונג פונעם מאַטעריאַל קען אָבער איצט נאָך ניט געמאַכט ווערן. דערצו מוז נאָך פריער פאַרעפנטלעכט ווערן דער גאַנצער איבעריקער היסטאָרישער מאַטעריאַל, וואָס געפינט זיך אין דער רבנישער ליטעראַטור, אָדער לכל הפּחות — אין דער שאלות-ותשובות-ליטעראַטור, פון וועלכן די יידישע גביות-עדות, וואָס מיר דרוקן דאָ, זיינען אַ קליינער און צופעליקער ברוך-טייל.

ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז אויך די ספרדישע רבנים פלעגן זיך אָפט נוהג זיין צו ברענגען אין זייערע שאלות-ותשובות די רייד פון די עדות אין דער שפּראַך, אין וועלכער זיי זיינען געזאָגט געוואָרן, — דאָס מיינט אין שפּאַניאָליש אָדער אַראַביש. אַזוי זיינען מיר באַקאַנט שפּאַניאָלישע אָדער יידיש-אַראַבישע גביות-עדות אין די פאָלגנדיקע שאלות-ותשובות: ר' יום-טוב צהלון (ויניזיאה, תנ"ד), סימנים קמ"ד, קמ"ט, רל"ו; שו"ת המבי"ט, חלק א' — סימנים נ"ט, ע"ה, ק"ה, און חלק ב' — סימנים ס"ז, פ"ה, צ"ה, קי"ב; שו"ת אוהל-יעקב, פון ר' יעקב ששפּורטש, סימנים ט' און ע"ג; שו"ת פון ר' חיים שבתי (שאלוניקי, תי"א), סימנים ד', ו', י"ח, ל"ה, מ"ד, נ"ו, נ"ט; שו"ת דרכי-נועם, פון ר' מרדכי הלוי אב"ד מצרים, סימן י' פון יורה דעה און סימנים ט', י"א, י"ג א.א. פון אבן-העזר; שו"ת מטה-יוסף, בר' משה הלוי נזיר (קושטנדינא תע"ז), ס' י' און ס' י"ג (25 גביות-עדות אין יידיש-אַראַביש); שו"ת פרח מטה אהרן, פון ר' אהרן ב"ר חיים הכהן (אמשטרדם תס"ג), חלק א', סימנים ד', ל"ג (פון יאָר תכ"ג), ל"ז (פון תכ"ו), ל"ט פון תכ"ד), ס"ז (פון יאָר תל"ב), צ"ג, ק"ו (פון תל"ט), קי"ג (פון יאָר ת"ם), קכ"א (אַ צוואה אין שפּאַניאָליש פון ת"ם), קכ"ה (פון ת"ם). פאַר דער געשיכטע פונעם ספרדישן יידנטום און די יידן אין מזרח בכלל ליגן נאָך פאַרשלאָסן אין די שאלות-ותשובות גאַנצע אוצרות פון היסטאָרישן מאַטעריאַל, וואָס זיינען נאָך כמעט ווי גאָר ניט אָנגערירט געוואָרן.

די טעקסטן אין אונזער אַרבעט זיינען געאָרדנט לויטן כראָנאָלאָגישן סדר פון די ספרים, און אין די ראַמען פון יעדן ספר — לויטן סדר אינעם ספר פון די סימנים.

איך שמועס זיך ניט איין, אַז די זאַמלונג איז פולשטענדיק. ביז היינטיקן טאָג, ווי געזאָגט, איז נאָך ניטאָ קיין פולע רשימה פון דער גאַנצער שאלות-ותשובות-ליטעראַטור און דערצו איז אַ טייל פון די ספרים היינט אַ יקר המציאות, וואָס מען קען ניט געפינען אַפילו אין די רייכע ביבליאָטעקן. ניט אַלץ, וואָס עס איז פאַראַן, האָב איך געוואוסט צו זוכן, און ניט אַלץ, וואָס כ'האָב געזוכט, איז מיר געלונגען צו געפינען. באַזונדערס איז פאַראַדאָקסיק, וואָס כ'האָב ניט אַלעמאָל געפונען די ערשטע אויסגאַבע פון יעדן ספר, און האָב זיך אָפט געמוזט באַגנוגענען מיט אַ צווייטער, טיילמאָל אַפילו מיט אַ דריטער אויפלאַגע. עס בלייבט נאָך איבער גענוג פּלאַץ פאַרן פאָרשער די זאַמלונג צו פאַרבעסערן און פאַרגרעסערן.

## I. שו״ת מהר״י מולין (מהרי״ל).

ר׳ יעקב ב״ר משה הלוי סג״ל מולין — דער מהרי״ל — איז איינער פון די עלטסטע רבנים אין דייטשלאַנד, מיט וועמעס נאָמען ס׳איז פאַרבונדן דער אָנהויב פון אַ גאַנצן דור אין דער רבנישער ליטעראַטור פון מערב־אייראָפּע. ער איז געבוירן אין מיינץ, בערך אין מיטן 14טן י״ה און איז געשטאָרבן אין וואָרמס אין יאָר 1427. זיינע תשובות, וועלכע געהערן צום ערשטן פערטל פון 15טן י״ה, זיינען צום ערשטן מאָל אַרויסגעגעבן געוואָרן אין קרימאָנע אין יאָר שי״ו (1556). פון אָט דער ערשטער אויסגאַבע זיינען גענומען געוואָרן די יידישע טעקסטן, וואָס מיר דרוקן דאָ.

זע וועגן אים: מ. גידעמאַן, „געשיכטע דעס ערציהונגסוועזן אונד דער קולטור״ (דייטש), ב. III, ז. 17—30.

די טעקסטן:

1) ר׳ מנחם העיד בת״ע שראה שמנה הח״ר זלמן שטן י״ג זהובים על השלחן... ואמר ליושבים ראו ותהיו כלכם עדים שאני מקדש את זאת בל״א זעהט צו אונ׳ זייט אל עדים דז איך אנשפוז...

ולא דקדק אם אמר אני רוצה לקדשה או אם אמר אני מקדש, בל״א אם אמר איך וויל זי אנטשפוזן אונ׳ איך אנשפוז זיא... סימן צ״ו.

2) נאמרה לכמה בני אדם שגערה בו וקללתו בל״א: גוט געב דיר איין בוז יאר וואז טרייבשטו גיב העֵר מיין געלט... ואמר בל״א עז אישט מיין ערנשט וכה״ג הפצרות אז אמרה... בל״א: לוש דיר איין זולכש נימר מיר גישעהן... ס׳ צ״ו.

## II. שו״ת מהר״י ווייל

ר׳ יעקב ב״ר יהודה ווייל, געבוירן אין ווייל־דער־שטאַט ביים נעקאַר־טייך, האָט געלעבט אין דער ערשטער העלפט פון 15טן י״ה. ער איז געווען אַ תלמיד פון ר׳ יעקב סג״ל מולין (מהרי״ל). געווען ראש־ישיבה אין נירנ־בערג, נאָכדעם רב אין אויגסבורג און שפעטער אין ער־פורט (אין יאָר ר״ד — 1444; זע ס׳ ק״צ). לויט ח. מיכל („אור החיים״, נומ. 1061) איז די ערשטע אויסגאַבע פון זיינע שו״ת געווען געדרוקט אין יאָר ר״פ (1520). מ. שטיינשניידער (ז. 1259) קען נאָר די אויסגאַבע פון ווע־נעציע 1549 (ש״ט). פון אָט דער אויסגאַבע — ש״ט — זיינען אויך גענומען געוואָרן די אויסצוגן, וואָס מיר ברענגען דאָ. דער גענויער נאָמען פונעם ספר איז: „שאלות ותשובות והלכות שחיטה ובדיקה וחידושי דינין אשר חבר הרב הכולל מהר״ר יעקב ווייל ז״ל ועוד הידושין מספר אגודה וגימוקי מהר״ר מנחם מרזבו״רק ז״ל. נדפס ע״י קורנליו אדיל קינד בשנת ש״ט לפק, פה ויניציאה״.

וועגן מהר״י ווייל זע: מ. גידעמאַן, דצ״וו, ב. III, ז. 20; אויך: ח. לונסקי, יידיש ביי מהר״י ווייל, „לאַנדוי־בוך״, ז. 286.

די טעקסטן:

3) ...שאמרה אשת ראובן לשמעון בל״א:

דו ורואו״ן שענד״ר, ר״ל אתה מבייש הנשים, והיא משיבה כוונתה היתה כלומר ור״ייאן שענד״ר עם פיך...

ועל זה שאמרה בל״א: איר זיי״ט שנוד״א לו״ש לויט, ר״ל ואינכם נח עם הבריות... וכן מה שאמרה מ׳ שרה בוי״ז הויי״ט, ר״ל אשה רעה... ס׳ כ״ח.

4) שאמרה מרת חנה וז״ל בל״א:

און אי״ר לא״ד ד״י ווי״ל אי״ך ניכ״ט אי״ן מיי״נר גוו״לט א) האב״ן ב), ר״ל איני רוצה שהתיבה תהיה ברשותי... ס׳ כ״ט.

א) אין דער אויסגאַבע קאַפּוסט (תקצ״ה) שטייט: גיוואַלט.
ב) אויסגאַבע קאַפּוסט: האבין.

5) העידו ר׳ אב״י ור׳ מתתיהו בן הח״ר יהושע וז״ל בל״א: דא בקנ״ט א) זי י״ג זהובים און ב׳ מאות רינוס ד״י וואר״ן ב״ון ב) לאה פקדון הער קומן ג). ר״ל אז היתה מודה כי הרי״ג זהובים באו בפקדון מן מרת לאה... ס׳ ל׳.

אויסגאַבע קאַפּוסט: א) דא ביקענט, ב) פון ג) הער קומען.

6) שהעיד העד לעמלין וז״ל בל״א:

דא ענטוורט סענדרלין די א) הונדרט גולדן דא הוט ער זיין פפאנט מיט גלוזט ב) אונ׳ וואז איך אוף גהובן ג) הון ד) עש זייא בון ה) צאלן עש זייא בון ו) דורפר דש וויל איך וואל ברעכן ז). ר״ל השיב סענדרלין הק׳ זהובים פדה בהם משכנות אחרים והמעות שגבה הן מהמכס הן מהככר ח) ישים בחשבון... ס׳ ל״ט.

אויסגאַבע קאַפּוסט: א) דיאן ב) גילויזט; ג) גיהובן; ד) הוב; ה) פון; ו) פון; ז) בירעכנן; ח) מהכפר.

7) וז״ל העדים בל״א: וויר הון בור אייניגט סענדרלין יודין יוזיפא כהן מאיר לנדו״א גומפרעכט דש זי דען קומער בון דען משכנות די אין ריקה הנט בון בונה גיקומרט זיין דש זולן זי אוייף זאגן אונ׳ די משכנות דעם שר ווידר גיבן כ׳. ר״ל נחנו פשרנו ביניהם כי סנדרלין יוזיפא כהן מאיר לנדוא גומפריכט יתירו העיכוב מהמש־כנות שביד מר׳ ריקה מבונה ולהחזירם להשר וכו׳. ס׳ ל״ט.

8) אמר ראובן לשמעון... איך וויל דיר גיאט זיין א) בור דש קרן... השיב שמעון שאמר לו בלשון זה: דוא בדרפשט קיין זורג האבן ב) דש קרן אישט גוויש... און שמעון הוט מיר גילובט ג) צו מיינר נדוניא ג׳ מאות זהובים... ס׳ פ׳.

א) שפּעטער שטייט: גויט זיין [ערב זיין]; אין דער אויסגאַבע קאַפּוסט: גוט זיין. ב) אויסגאַבע קאַפּוסט: דו בידארפשט... האבין; ג) קאַפּוסט: גילויבט.

9) והשיב להם ר' מאיר בלשון אשכנז איך הון זי קויים הלבר... והם השיבו לו וויר וואלן אונש עש דר וארן... ור' מאיר אומר... שלא אמר איך הון זי קויים הלבר, ר"ל בדוחק יש לי החצי אלא אמר איך הון זי ניט הלבר, ר"ל אין לו החצי. ס' קכ"ד.

10) I. ואפילו אם יחסר אחד מהם זא זולט עש מיר ניט געלטן ר"ל לא יהיה לי לכלום.

II. ואמר להרב עירון בל"א זי האבן בור ווירקט ר"ל עשו שנתחייבו גוף וממון.

III. לחזור לנורנבערק על פיט"ר טא"ג, ר"ל יום אד ושמו כך.

IV. ודחפו אותו מהעלטא"ר בל"א, ר"ל הבימה.

V. אתה וואלך, ר"ל איטאליאן.

VI. וגם לאוברש"ט ר"ל לראש שלכם.

VII. והביאו לפני האייניגער, ר"ל דיין העיר.

VIII. לצוות לו שטיט וריד, ר"ל לשלום.

IX. העיד ר' אשר שאמר... וויל ערש ניט טון זא וויל איך אים איין זווייפא אן גישן די אים נימר גויט טוט.

X. ואצעק מורט בכל יכלתי ובקול גדול.

XI. דא שפרך גרשון קומט עש בור איין עצה זו מושטו רבי זמלין הלטן דען כתב דען דו הושט ר' זעליקמן גשיקט דא שפרך ר' זמלין איך וויל דען בריף ניט הלטן כו'. ע"ד דא שפרך רבי זמלין איך וויל אויך זגן אין דער עצה מיר אישט אויך ספק אובא ער שפרך איך מוש זגן אודר איך וויל זגן דש חנדלן ברוינלן אייזק אויך היא זיין אונ' לייהן אונ' געבן היא אז אונזר איינש אונ' געבן אונז ניכצט. עכ"ל.

XII. אינ' וואלן איך די דיינם ניט אויש ריכטן זא וויל בור דען גרושן דיין לוייפן.

XIII. אז השיב בשעת כעסו בלשון אשכנז: דו מושט איין ממזר בלייבן.

XIV. אישט ער איין רב ער טויכט קויים צו איינם בחור ר"ל כי הוא רב בדוחק נחשב כמו תלמיד.

XV. וקורא לדיין ר' זעליקמן בלשון אשכנז לפא נר גנש ר"ל שוטה כסיל אווזא. ס' קמ"ז.

11) ותבקש מחילה ותאמר כך בל"א:
איך הון מה"ר זעליקמן איין ממזר גהיישן דאמיט הון איך פוגע ונוגע גוועזן אן הר"ר אברהם ז"ל כבוד אינ' זיינס ווייפא מרת מינא ז"ל חטאתי עויתי פשעתי. איך ביט דען בורא דש ער מירש מוחל זייא. ס' קמ"ז.

12) תלך על המגדל בין אשרי ולמנצח ותגיד כך בל"ז: הורט צו רבותיי איך הוך מסירות גיטון איך הון גברוכן די הסכמות די די רבני הון גימאכט א) דא איך אוף גחתמת ב) בין. איך הון אויך פוגע ונוגע גיוועזן אן כבוד משפחת של מה"ר זעליקמן... דא מיט הון איך אויך דען רבנים אוביל גריט די מה"ר זעליקמן גסמכ' ג) הוט צי רב איך הון אויך מה"ר זעליקמן מיט אוביל גריט און אויך קהל... איך ביט דען בורא ית' דש ער מירש מוחל זייא און די רבנים די מה"ר זעליקמן גסמכת הוט אונ' די עדים אונ' אויך די דיינים איך ביט זי אל מחילה. ס' קמ"ז.

אין דער אויסגאַבע קאַפּוסט: א) גימאַכט; ב) גיחתמת; ג) גסמכנת.

13) שאמר ההגמון בלשון אשכנז:
אי מי איך מיך דריין ווער אי ערגר עש ווערט, ר"ל יותר שאני נכנס בדבר הזה, הולך ופוחת,
וגם אמר ההגמון לבנו בלשון אשכנז:
איך קן אים ניט גטון ר"ל אינו יכול לעשות.
ס' קמ"ח.

14) א' מיושבי היילפרון... קפץ ונשבע... בל"א:
דרוף נם א) איך איין חומש און לגיט ב) מיין ג) הנט דריין און טעט איין שבועה דש זי נומיר ד) צו מיר זולט קומן... דש מירז קיין רב זולט מתיר זיין, איין רב נוך הונדרט ד"ש ה) זולט ניט הצלפין... ס' קע"ב.

אויסגאַבע קאַפּוסט: א) נעם; ב) ליגט; ג) מאַיין; ד) נימר; ה) דז.

## III. „תרומת הדשן" און „פסקים וכתבים"

פון ר' ישראל ב"ר פתחיה איסרלין. ר' ישראל איסרלין איז געבוירן אין די לעצטע צען יאָר פונעם 14טן י"ה, אַפּנים אין רעגנסבורג; געלעבט אין איטאַליע און אין ווין, וואו זיין מוטער איז בעת די רדיפות פון יאָר 1421 אומגעקומען. ער איז געווען ראש־ישיבה אין מאַר־בורג און נאָכדעם אין ווינער נייִשטאָט. ביים לעבן האָט ער נאָך מסדר געווען זיינע תשובות אין אַ בוך־פאָרם. געשטאָרבן אין יאָר 1460. ביידע דערמאָנטע ספרים — „ספר תרומת הדשן חבר ויסד הגאון מהר"ר ישראל זצ"ל" און „פסקים וכתבים חבר ויסד הגאון מהר"ר ישראל אשכנזי זצ"ל בעל תרומת הדשן" — זיינען געדרוקט צום ערשטן מאָל אין ווענעציע ש"ו (1546). די טעקסטן, וואָס מיר ברענגען, זיינען גענומען פון דער ערשטער אויסגאַבע פון ביידע ספרים. דעם גאַנצן יידיש־מאַטעריאַל פון ביידע ספרים, סיי די איינצלנע ווערטער, סיי די טעקסטן האָט פאַרעפנטלעכט ה. לונסקי „יידישע פילאָלאָגיע" 1, העפט 4—5. דאָ ווערן געבראַכט נאָר די טעקסטן און די ווער־טער פון די עדות:

זע:

A. Berliner, Rabbi Jsrael Jsserlin, „Monatsschrift", 1869. — אויך: מ. גידעמאַן, דצ"ו, ב. III, ז. 23.

15) שרבי משה דבר והניח לכתוב בלשון אשכנז ד״ש ע״ר הו״ט גיהו״רט מי״ט מר׳ צימלין אין לשון זה בלשון קידושין אפילו בלשון אשכנז כי מתי שמקבלין קנין ומשימין קנס על השידוכין זה קורין בלשון אשכנז היר״ט אבל הקידושי׳ קורי׳ הגויי׳ גמעכ״ילט ואם בתר לשוננו נלך קורין גהיי״רט זה חיתון בלשון הקודש.
פסקים וכתבים, ס׳ ס״ז.

16) ... ששמעו מגויה אחת שהסיחה לפי תומה ואמרה ווי״ר לי״גן אל הי״א אין איי״נם גיל״ייט ד״י ה״בן איי״ן יודן ד״ר מור״ט נון הו״ט מ״ן אי״ן דר״יי שו״ק גי״לובט ד״ש ז״י זו״לן ווייז״ן ווא״ו ע״ר אי״ז ד״ר מור״ט ווא״רדן... שהרי אמרה איי״ן יו״ד בו״ן טב״ווא איש״ט ד״ר מור״ד ווא״רדן. פסקים וכתבים, ס׳ קס״א.

17) אותו שאמר ע״ר זו״ל זי״ך טוי״פן או״ב זיי״ן שווי״גר זו״ל אי״ן זיין הוי״ש גי״ן. פסקים וכתבים, ס׳ קצ״ב.

18) ואמרה לבעל הבית אמת היה אצלי אב״ר ער הו״ט ני״ט רעכט ביי״א מיר גלעג״ן ולא פירשה דבריה. 1)
פסקים וכתבים, ס׳ רכ״ב.

1) פג״ל שו״ת מהר״י ברונא, ס׳ נ״ו (22 Nr).

19) בא גוי אחד לשוק... ואמר... הייתי עמו בספינה והיו שאר גוים צוררי יהודים עמנו די דר טרע״נקטן אין ולא הייתי יכול להציל אותו.
תרומת הדשן, ס׳ ר״מ.

## IV. שו״ת מוהר״י מברונא

ר׳ ישראל ב״ר חיים מברונא איז געבוירן בערך אין יאָר 1400, געשטאָרבן בערך 1480. איז געווען אַ תלמיד פון ר׳ דוד סווידניץ (זע סימן רפ״א) און אַ יונ־גערער חבר פון מהר״י ווייל און איסרלין. געווען רב אין ברין און נאָכדעם אין רעגענספּורג (אין יאָר 1456; זע ס׳ קכ״א). זיינע תשובות זיינען געדרוקט געוואָרן אַ סך יאָרן נאָך זיין טויט אין סאַלאָניק, אין יאָר 1798 (זע בן־יעקב). מיר באַנוצן די צווייטע אויסגאַבע: „שו״ת מוהר״י מברונא, שטעטטין, שנת בשנה הזו יבוא לציון גואל (תר״ך).
זע:

A. Freimann, Aus der Geschichte der Juden in Regensburg... „Festschrift zum 70ten Geburtstag M. Philippsons", S. 82.

אויך: ש. א. האראדעצקי, רבי ישראל מברונא, אין „ספר היובל לנ. סוקולוב", ז. 262.

די טעקסטן:

20) אשה אחת... נוסעת לרגנשפורק לחתונה... שאמרה אז אין איין יודין בין א) איך וויל ניט טנצין צו דער חתונה. ס׳ כ״ד.

א) דאַרף מסתמא הייסן: אז איך איין יודין בין.



21) ...ששניהם אמרו לו: וו חיי״ לן דיר׳ די״א י״ו זהובים דערבו״לין. א) ס׳ מ״ז.

א) דאס דארף הייסן: מיר וועלן דיר די י״ו זהובים דער־פילן.

22) המשרתת... אמרה לבעל הבית. אמת, היה אצלי [המשרת] א״ב ע״ר הו״ט ני״ט רע״כט ביי״א מיר גליג״ן א).

א) פג״ל: פסקים וכתבים פון ר״י איסערלין, ס׳ רכ״ב (18, Nr).

23) אמר ר׳ אברהם לאשתו מרת ציר״א ד״ש געל״ט גע״ב איך די״ר במתנה גמורה צ״ו טו״ן אן צ״ו ל״ו ש״ן א).
ס׳ ק״צ.

א) דאס מיינט: צו טאָן און צו לאָזן.

24) ]. עדות היהודי וז״ל:.. איך זאגאז״ו א) אוי״ך בת״ע דשע״ר ב) זוסלי״ן גוועי״ן איש״ט... אי״ך הבא״ן זע״לבר״ט ווא״ל קהעג״ט ג) א״ן ווזט״ך ד״א ווא״ז בו״ן דע״ם פרצוף אונ׳ א״ן דע״ר לעכג ד) או״ן א״ן דע״ם הא״ר דש מי״רנ״יט ספק איש״ט ד״ש ע״ר גווז״ען איש״ט עכ״ל. דא״ר בו״ר חוטמ״ן אין גבינ״דן ד״ש ער ו׳ שבועות הוט גליג״ן...
[]. ...ששמע מפי זה שאמר שהכירו ביי״א זיינם הא״ה הו״ג ה) ביי״א זיינ״ן או״ן ביי״א זינ״ן גוונא״ט. (ס׳ רט״ז).

א) זאג אזוי; ב) דאָס ער; ג) ס׳דאַרף הייסן: קהענט, ד. ה. דערקענט; ד) פאַרגרייזט, דאַרף הייסן — לייב; ה) הויכן אויג.

דערזעלביקער ענין ווערט אויך געבראַכט אין סימן נ״ג און דאָרטן ווערט געזאָגט:

„היך א) הב אים ווא״לקהעגט ב) א״ך וו״ס נו״ך ד״א וו״ש פו״ן דע״ם פרסו״ף ג) און א״ן דע״ם ליי״ב או״ן אי״ן דע״ד ד) בע״ג א״ן דע״ם הש״ר ה)"

פג״ל אויך שו״ת מהר״י ווייל, סימן ק״נ. דאָרטן שטייט:

„אונ׳ ווש דא ווש בון דעם פרצוף אן דעם לייבא".

א) איך; ב) קהענט; ג) פרצוף; ד) דער; ה) האר.

25) צוה לאשתו כך כשתכנס זונה זו אלינו בבית החורף אז תאמר לה כך בלשון זו: קומש״ט ד״ו פרוצה ד״ו זונה ד״ו אשת איש זונה נו״ז א) ווילש״טו. והיא תשיב לה: אי״ך בקה״ען מיי״ן זונד״א אי״ך בי״ן איי״ן פרוצה איי״ן זונה אי״ך ווי״לב) תשובה טו״ן אוי״ף מיי״ן זונד״א.(ס׳ רכ״ה).

א) ס׳דאַרף הייסן: ווז—וואָס. ב) ס׳דאַרף הייסן: וויל.

## V. שו״ת מהר״ם מינץ

ר׳ משה ב״ר יצחק הלוי סג״ל מינץ איז געבוירן אין מיינץ און געווען רב – אין מיינץ (אין 1455), אין פראַנק־פורט־מיין, אין אולם (1464), אין לאַנדאו,, אין ווירצבורג, אין באַמבערג (אָנגעקומען אין יאָר 1469) און אין פויזן (1474). די תשובות האָט ער אַליין געאָרדנט צום דרוק. דער

ספר אנטהאלט אסך וויכטיקן מאטעריאל צו דער געשיכ־טע פון יידן אין דייטשלאנד (זע ס' ס"ב, ס"ג, ס"ט, ע"ד, פ"א, פ"ט), אין איטאליע (צ"ד–צ"ז) און אין פוילן (ק"ט) פאר דער צווייטער העלפט פון 15טן י"ה. דער ספר איז געדרוקט אין קראקע אין יאר 1617. די ציטאטן דא זיינען פון דער ערשטער אויסגאבע. דער ספר פארמאגט אויך א **תשובה אויף יידיש**, אן אוניקום אין דער גאנצער שאלות־ותשובות־ליטעראטור (זע סימן צ', נומער 61).

**זע: מ. גידעמאן, דצ"וו, די ציטירטע שטעלע.**

**די טעקסטן:**

26) חיים ושלום לק"ק ווירמשא... מדוע באתם אלי לשאלוני.. ומ"מ מחמת כבודכם לא אשיב פניכם ריקם... מה שאמר... וז"ל דין שאדין בון דים גט והוא משיב... דא האט ער מיך דר צו גיצוואנגן... וכן השיבה... ער זאל מיר געבן איין בריבלן. והוא כתב בטענה ב' וז"ל וויש ליבר אמ"ץ דז זיא מקבל קנין הוט גוועזן כו' מיט דים גוטן ווילן.. ווישט ליבר אמ"ץ דש עש ניט וואר איזט כו' וויזא) אן דין מורגן וויז רב דין גט מסדר. ס' י"ז.

א) שפעטער ווערט דער זאץ ציטירט אזוי: „ביז אן דין מורגן דא דער רב דין גט מסדר וואז כו'."

27) וכן כתב גד בט"ש איך וואלט דש גט האבן געבן מיד נאך סוכות דא שפראך זיא זיא וואלט דאז גט ניט נעמען כו' דא מאכט דז קהל דז איך איר זאלט איין בריב געבן אינ' זולט די עדים ביטן כו' דא בייט זי גלייך כו' וויז אויז נאגג דער ד' ימים.

28) ובעדות מאלן (כך שמו) מבואר... וז"ל: קום ורומט אונ' זייא מקבל דש גט ביום ה'.

29) וכן בעדות ה"ה מהררי"ד וז"ל ורומט קאם צו מיר אין מיין בית דא זייט איך צו איר וואז גילושט דיך דז דוא שפריכשט דו ווילשט דין גט ניט נעמן.

30) כתב ר' גד וז"ל: דא קאם זי צו לויפן כו' איך זאלט איר איין בריב געבן דא וואלט איך עש ניט טון אונ' לי"ש דש גט שרייבן... ובתשובתו הודה שלא נגמר הגט... וז"ל דא וואש דער גט גשריבן וויז אויף שני שורות אינ' איך ליש אין פולנט אויז שרייבן אונ' חתמן.

31) וז"ל: די צווין שלייער דיא זיך נוך הוט די איר רייכצ' געבן האט אן מיין ווישן וכן הסבלונות והטבעת קודשין...

און די אנשפרוך כו' הון איך מיט זיין קינדר פר גירט שלייער אונ' רינג אונ' וואז איך תון דז הוט ער מיר העלפן פר טון... איך הויף אונ' גטרויא דים רעכטן ער זול מיר געבן ער הוט מיר ניט הלבב גירעכנט וואז איך מיט זוין קינדרן האב פר טון...

וכ"כ שכל הספרים שלו לקח והוציאו מן הבית לבד תפלה על נייר וספר אשכנז שקורין טייטש בוך.

32) והוא כתב בט"ש... וז"ל: זי האט עש אלו נוך גיהט נאך דוש זעליגן קנבין טוט.

33) בארה טפי וז"ל: אונ' אום ער מיך אן גישפראכן הוט דאז האב איך פר גיאנטוורט אונ אויך נאך דש איך עש פר קויפט האן אונ' פר טון האן מיט אים אונ' זיין קינדן איך האף ער זול מיר געבן כו' איך הון אים גירעכט ט"ו זהובים כו' אונ' מיין קליידר הוט ער מיר ור קויפט די ער מיר ניט הוט גימכט אונ' דין שלייער הון איך מוזן פון אים קויפן אן מיינם לירלון.

34) והוא כתב בט"ש וז"ל: נו ווישט ליבר מ"ץ דז זי עש אלז נוך הוט אז איר וואל זעהט און ריקלן אונ' איר מוטר עדות כו'. ליבר מ"ץ דש איך איר הון געבן וואז זי בידרפט אז לנג אז זי אז פיל ווידר מיך טעט כו', וז"ל התנאים: ווען איך מקבל ווער די קינדר טיילן ב' שנים אונ' זאלט איר ניט חייב זיין קיינר לייא בצולם.

35) והיא כתבה בטענה שלישית וז"ל: פון דש קנאבן וועגן כו' איך הון מיין שלייער פון מיין הייבט טון. אונ' מושט דין קנאבין לערנן לושן אונ' אז ער גשריבן האט פון דער תנאים וועגן דז אישט אלש כו' קהל ווייש וואל וואז מן אינוויישן אונש אי געמכט הט דז זיא עז ניט גהילט.

**פון 27 ביז 35 – אלע אין סימן י"ז.**

36) I. מכתב שכתב לו אייזק למשה וז"ל:
איך לוש דיך ווישן דז קראפט פון איינך הוט מיר אנפושן ער האב דיר געלט געבן פון מיין וועגן כו' אויך האב איך דיך יטא) גיהיישן ניקש צו אנפפנגן. עכ"ל.

II. וכן כתב טענות הגוים בתוך העדות וז"ל:
זא וואלטן די גימעלסן שולדנר דאז ניט ווידר נעמן אין דער איינונג...
נכתב ונחתם פה ק"ק בבנבערק רכ"ט ל' בחודש אב.
ס' מ"ד

א) מסתמא פארגרייזט — ניט.

37) בכתבי רוזלן שכתבה... וז"ל:
ליבר אונקיל וכו' איך וויל אין דער וואכין דוד אייזלינגן הין אב שיקן וכו' דז ער מיין חובות מאן דז איך דר מיט די פסים ביצאל אבר דו ברינגשט מיר מיין חובות בז איין ווען איין אנדר אבר ווילטו עז ניט טון כו'. עכ"ל.

38) ליבר הר יוסף איר דרפט מיך ניט ושט מונין וואז איך קאן טון וויל איך גערן טון... איך שרייב צום פעשטן רוזלן דז ער אזו שפילט זיא זולט מיר איין גיוולט שיקן אונ' זאלט איין עצה לושן הער שרייבן

דש מען אים ניקש געב דא האבט איר מיר ניט וועלן פאלגן. עכ״ל.

39) כתב יוסף נורלינגן... ליוסף אחר שהמיר שמואל שיטיב עמה להחזיק כל מה שבידו לחזקת וז״ל זא ביט דיך רוזלן אונ׳ מאנט דיך אז איר אונקיל מאנן זול, דז דו איר אונ׳ אירן מיאן זאלשט בווארנען וואז זי נאך אין דיינר הנט אונ׳ איר חובות אונ׳ וואש זי צו ווירדא האט. עכ״ל.

40) וכן איתא בס׳ כ״ב אחר שהמיר שמואל וז״ל: אונ׳ טוא אז איך דיר גטרויא אונ׳ ביזארג מיר דז מיין דז איך צו ווירדא פון ווען דו בישט דאך איין גאמן דריבר.

41) כתב יוסף לרוזלן... וז״ל:
ווישט רוזלן דז מאיר אישט פון אוישפרק קומן אונ׳ האט מיר וועלן געבן י״ג זהובים דוך וואלט ער מירש ניט געבן איך גיב אים דען דיא שולד בריב אונ׳ איין קוויטונג פון דיר...

42) וז״ל הכתב (של רוזלן):
וויש אז דו מיר שרייבשט פון דעם מאיר פון אוישפרק... וויא קון איך דיר דרויף ענטוורן דער שולד בריב דער שטיט י״ח זהובים קרן איך וויש ניט אוב ער הוט דראן געבן ער הוט מיר נישט דראן געבן ווידר קרן ווידר ריבית דרום גיב אים די בריב ניט צו ליזן אום דז געלט וכ׳. עכ״ל.

43) יוסף השיב... וז״ל: ער בראפט העפטוג בריב הער אונ׳ די עצה גרוש אונ׳ וויל דז איך אים זונדרהייט שולדיג ווער דז ער מיך האט פון אולמא הער אויף דים וושר גיתיירת. עכ״ל.

44) איתא בכתב רוזלן... ו״זל:
ליבר אונקיל ווע ה״ר יוזפ קומט זא הילף אן דז מיין חובות בוצאלט ווערדן פון דים גוי״ט יואר און פון דין בעקן זיא זאלטן עש דיך לנג ביצאלט הון.

45) וכן איתא בכתב רוזלן... וז״ל:
ליבר אונקיל אכט דז די בוקן בצאלן בור אלן דינגן אונ׳ דער אלכסנדרי. עכ״ל.

46) וכן איתא נמי בכתב... וז״ל:
וויש ליבר אונקיל לאז מיך ווישן ווי עש איין גי־שטלט האט מיט דעם בעקן אונ׳ מיט דעם גויט יאר אונ׳ המירטלע״ר. עכ״ל.

47) והכתב אשר כתבה רוזלין ליוסף... וז״ל:
דעם זייא ווי אים זייא דוא הושט אים בעשטן גטאן איני גילאשן. עכ״ל.

48) לפי דברי רוזלין... וז״ל:
ווי דו דרום בישט תפוס גיווארן איני אויף דז זעלביג מיין ערב בישט גיווארן דאז איז מיר גאר לייד... איך קום יוא דיינר תפיסה צו שאדין... דז צו ביזארגן איזט אז פיל אז דוא געבן הושט דז איך אויך אזו פיל מוז געבן.

49) עיין בכתב... וז״ל:
פון וויש ליבער אונקיל אז דוא מיר שרייבשט אז פון דר מסים וועגן וויא דוא דרום תפוס בישט גווארן אונ׳ אויף דז זעלב מיין ערב בישט גיווארן דז איז מיר גר לייד אונ׳ דוא הושט עש דיר זעלברט גטאן דז דוא ניט מיינן בריב הושט געבן אז בלד זא הוט איכש מיט אירם ווילן גטאן אדר העט עז מיט דעם מרשלק איין עגד גימכט. נון אישט וואהל פר זיהנדליך האשטו דיין מסים געבן דז דוא מיר ניט שרייבשט וויא פיל אדר וואז דו געבן הושט אונ׳ אוב דיר די עירונים האבן ביצוואנגן דז דוא פר מיין מס בישט אויך ערב גיווארדן מושטו עז ניט געבן וואז דוא אין גיהיישן הושט וול איכש געבן דז ווישטו וואל. אוב מיר רעכט גישיכט אודר ניט אוב אונש שולדיק בין אודר ניט איך קום יא דיינר תפיס׳ צו שאדן... זא הון איכש פון דיין וויגן לושן אזו טון דז איך דיר גיפאלגט האב דז דוא ניט העשט גישפרוכן איך הוט דיך אום זיין מס גיברוכט ווען אין נון אלז אישט מאכן דיא עירונים אן קלאג בערבאר פענדין אין אנד׳ גווינט עז פון מיין חובות איין רייכטו׳ אויז אז פיל דו געבן הושט איך בורכט עז ווער מיר ניט בעשי׳[ר]. עכ״ל.

50) וכן איתא בכתב שלה... וז״ל:
וויש ליבר אונקיל דז איך דיר דיין עניקל הון גשיקט דז דוא ניט לושט אונ׳ קומשט הער ווען מיין אונקיל מהר״ר ברוך הוט מיך היא ביהאלטן...

51) עוד איתא...:
דרום ליבר אונקיל וואלט איך דיך גערן ביטן דז דוא מיט מירל הער קעמשט ווען עז דיר גוט דוכט זיין הער צו קומן דז דוא מיט אים קעמשט.
:..ווילשטו עש ניט אום זונשט טון זא וויל איך דיר געבן ווז גלייך אונ׳ ביליך אישט. עכ״ל.

52) כן יש משמעות בכתב שלה וז״ל:
אז דו שרייבשט דוא מיינשט איך וויל די ברכה היימל פר דיר מכין דוא טושט מיר צו קורץ. ועז ווי וואלט איך זיא היימליך מאכין ווען דיין זון הי אישט...

53) וז״ל: זיין מון יוסף שרייבט מיר אום י׳ זהובים זיי איך אים שולדיג כו׳ אבר ליבה רוזלן אוז איך אי־צונד איין שדכנות מיט אין הון גימכט דז ווייזשטו אונ׳ אידר מון וואל דז איך פאר אונ׳ נאך דער רעכט שדכן בין גיוועזין...

54) שכן כתבה רוזלן... וז״ל:
ליבש מירלן אז דוא מיר גשריבן הושט פון דיין וועגן דז האב איך ביי דיין אונקיל גשריבן דז ער טו אז

אײן פרײנט און זיך דײנר און נעם ער הוט דיך דאך
צו יוזפא רומהילט גיהולפן. עכ"ל.

55) איתא בכתב של רוזלן... וז"ל:
ליבר אונקיל קויף מיר נוך י' געגז דיא מוז
איך נוך הון מיך נעמט וואונדר הושטו ניט בשר
בפטילט וואז זולטן וויר עשין אונ' זוך מיר אום
איין קוא וכו' אונ' ליש דיך ניט פר דריסן דז דוא
מיר אינש הויז אכשט וואז איך דרף.

56) משמע מכתב שמואל... וז"ל:
פון דער מסים וועגן האט שפרינץ פערלין מש־
כנות מוזן איין ליגן פור ווי פיל די הוט אונ' מיין
אונקיל ערב פאר דיך גיווארדן אונ' זו היישן די מסים
אונ' דענוכט זאלין זיא דיך פאר אן גירייסן די עי־
רונים אונ' ווייז צו ריכט דז זול פערלז געבן. אזו
אייער ערב גיווארדן. עכ"ל.

57) מתשובת יוסף... לרוזלן וז"ל:
פון דר ה' זהובים די איך שונלין זול געבן
איך וואלט גערן אומדום רעכט טון שפרינץ שרייבט
מיר עש זייא אלז איר. עכ"ל.

58) מכתב שונלין לרוזלין... וז"ל:
וויש ליבה רוזלן דז מיר יוסף דיא ה' זהובים
ניט געבן וויל... אבר ווען דו אים פר שפרוכשט ווז
ער שאדין נעם פון דער ה' זהובים וויגן דז וואלשטו
אויזריכטן זא מיינא איך ער טוא עז. עכ"ל.

59) כתב שמואל לבת יוסף הנ"ל... וז"ל:
לוש מיך ווישן אוב די לעמלערין דז דינגליכט
הוט געבן; עכ"ל.

אלע לעצטע 24 טעקסטן (נומ. 36—59) געפינען זיך
אין סימן מ"ד און געהערן צו דער תשובה, וואָס
שטאַמט פון יום ה' י"ז טבת רכ"ד לפ"ק (1463).

60) חיים ושלום וכ"ט לכ' הדיינים האהובים והנעימים
מה"רר יעקב שי' ומחו' הנכ' יוסף שיח' בתחילה את־
חיל לכתוב בלשון הקודש ואח"כ אבא' בקצור הדברים
בלשון אשכנז כדי שירוץ בו הקורא...

I. כתב הרב גמליאל מפיו וז"ל:
ווען ער די ברכה האב גיטאן דא האט עש אים
ברויאן איני' ווער עז געבן אווא גוועזן דא וואלט
ער יששכר ניט לאזן אום דאש קנס קומן וכ'. עכ"ל.

II. טען שמעון וז"ל:
מיר איש איין געבן ווארדן פון איין פר דז זאלט
איך נימנט געבן דען אין ביידן וכ' מיט גאמן האט
מיר דער חתן איין געבן מיט זיינר הנט וכו'. (ס' צ').

61) עתה אבאר בקצור בל"א:
האט די אשה עדות אדר ראייה דז די נ' זהובים די
דער נאמן שמעון אינון הוט דוז זיא זיין קומין פון
אירר נדוני' און לוי האט זיין נדוניא ניט ברוכט אין
דער מאש אז ראובן גיטענת האט פון זיינר טאכט'
מענין זו אישט שמעון חייב צו געבן איר די נ"ז מיד
אן דחוי' אבר קאן דש זי ניט מברר זיין אונ' דז די
נ"ז מוכטן לייכט קומין זיין פון זיינר נדוני' איין
טייל אדר אל צו מאל זו זאל מן איר ניט געבן דאש
ממון צו אירן הענטן אלז צום איינם מאל נורט זול
זיא דש ב"ד מפרנס זיין פנימי' וחיצון וואז זי בידארף
אונ' קליידר בריות ולא בצמצום. ווען דער מאן וארט
אן איר אונ' עובר אויף דברי תורה דא זאל זיא דז
ב"ד משביע זיין דז זיא ניט האט כלום מנכסי בעלה
אונ' קאָן זיך ניט מפרנס זיין במעשה ידיה אונ' וויל
ניט מער פר טון ווען זיא בדרף קיינר לייא צו אוניק
דא זאל איר דז ב"ד פסקן צו געבן פון די נ' זהו'
פרנסתה לחצי שנה או לשנה לפי ראות עיני הדיינים
אונ' קעם לוי אדר אימנט פון זיין וועגן אונ' הייש שמעון
איני' דש געלט זא אישט שמעון אום ניקש מחויב צו
געבין אלז איך אלש בשיידן האב לעיל בלשון הקודש...
הנה אהובי הדיינים טרחתי ויגעתי בלי שהיית
לאהבתכם וכדי למעט הוצאה פיזר הציר וכן הציר בא
בערב בשעה שרצינו לילך לב"ה וישבתי כל הלילה
עד חצות לסדר' הא אשר כתבתי לפי שכלי ועתה
היום ישב נער סופר והעתיקו וזה נמשך עד שעה אח'
חצות ולכבודכם עלי לשלם פשיטו לספרא וא"ל לשלום
עליכם יש' ועל כל דייני ישראל כ"כ אה' מחו' מש"ה
טרוד משה לוי מינץ. ס' צ'.

## VI. שו"ת הרמ"א

דער קראָקער רב ר' משה ב"ר ישראל איסרליש —
באַקאַנט אונטערן נאָמען דער רמ"א — איז געבוירן אין
קראָקע בערך אין יאָר ר"פ — 1520 און געשטאָרבן דאָרטן
אין 1572. אין דער יוגנט געלערנט אין לובלין (ביז 1550),
איז אַ געוויסע צייט געווען רב אין שידלאָוויעץ (אין 1556).
זיינע תשובות זיינען דערשינען צום ערשטן מאָל אין
קראָקע אין יאָר ת' (1640). די ציטאַטן זיינען גענומען
פון דער ערשטער אויסגאַבע.

זע: ש. א. הורודיצקי, ז"ב „הגורן", ב. 1.
די טעקסטן:

62) פלוני שהיה נפרד זה כמה מאשתו ובאו לפנינו לדין...
וטען לפנינו איך שראוה מדברת עם א' שחשדה ממנו
וז"ל טענתו:
איך בין בייא מיינס וייב גיוועזן אונ' האָב גזעהן
דז זיא האט פיל עסקים מיט דעם פלוני אונ' האב
מיין שוויגר גיבעטן זיא זאלט אין אינש הויז ניט לאזן
גין זיא האט זיך נישט דראן קירט אונ' דר נאך האב
איך מיך אויש גיצוהן אין איין אנדר הויז אונ' בין
איין מאל גנגן אין דער גרבר גס. דא האב איך גי־

זעהן מיין ווייב אונ׳ פלוני גין מיט פלוני׳ אונ׳ פלוני׳ האט קיכלך גיטראגן דא האב איך גיצערנט האב גי־שפראכן גיא היים דא האב איך מיר איין גיזעצט איך וויל נאר דען זעלבגן זמן בייא איר בלייבן אונ׳ בין אלזו פון איר בנגן האב זי ניט אן גירירט. פער ב׳ שנים אן גיפערד האב איך ווען ווידר צו איר קומן דא האט מן מיר גיזאגט וויא זיא איבל גיהנדלט האט דז איך מיר האב איין גיזעצט אז זיא טמא איז אונ׳ דז איך אל מיין טאג ניט צו איר וויל. זא האבן מיר אין גיפרעגט האשטו עפיש מיר פון איר גיזעהן דא האט ער גישפראכן איך האב נישט גיזעהן ווערד איין מאל איז זי גילעגן אין איינ׳ בית החורף אויף דער בנק אונ׳ פלוני איז אים חדר גיוועשט. זישט אב איך נישט גיזעהן. אדר איך גלויב וואול דז זיא טמא איז גיווארן דען מן האט מיר אזו פיל גיזאגט. דא האבן מיר אין גיפרעגט פון וועם ערש גיהערט האט זא האט ער גישפראָכן ער ווישט עש ניט מען ווערט עש וואול אין זיין עדיות זעהן. אויך העט ער אירגנש אנדרש מין עדי׳ ער ווישט איצונד ניט וועם עכ״ל טענותיו.

63) וז״ל העד הראשון:

איך האב בזעהן מיט מיין אויגן דז פלו׳ איז גי־שפרונגן פון איר. איך העט גימיינט עש וואר איין גויה גיוועזט זא זאך איך פלוני׳. עוד העיד וז״ל אונ׳ האב זיא גיפונדן ביי איר אויף דר בנק ממש בעו״ה דאש מעש׳[ה] אוי״[ף] אננדר גילעגן אונ׳ דר גא׳[ן] אבר איין מאל. עכ״ל העד הא׳.

64) וז״ל העד השני:

זא האב איך גפונדן זיא בייד בייא אננדר פלו׳ אונ׳ פלוני׳ גיזעהן בעו״ה ליגן דען פלו׳ אויף פלונית אויף דער ערדן.

65) ר׳ אביגדור בן הר״ז הדרשן העיד עליו וז״ל: ואמר לי איך זאלט זאגן וויא זיא ח״ו זולט זיין איבר דען קרוג גנגן איג׳ האט מיר וועלן מכן איין שטר אום י׳ טאלר אונ׳ אימר צו נאך גילאפין איך זולט זאגן אין פלו׳ הויז זולט זיא זיין איבר דען קרוג גנגן אונ׳ האט מיר גיוויזן חתימות איין כתב גיוועין איג׳ ביגערט איך זאלט מיך דרויף חתמן זו האב איך ניט גיוועלט ואמר אלי ווארום ווילשטו דיך ניט חתמן האב איך דאך פיל עדים דו איך גיזעהן האב דז איין כתב איז דא האב איך נישט וועלין מיט צו שיקן האבן עכ״ל.

66) ושוב העיד פלו׳ בן פלו׳ דא איך ל״ע א) בין קרנק גי־ווארדן דא איז פלו׳ הבעל צו מיר גנגן אונ׳ האט מיר ד׳ טאלר אויף מיין שלחן גיווארפן אונ׳ האט צו מיר גישפראכין נים דיא ד׳ טאלר אויף צירונג ווען דוא ווערשט גי־זונד זיין זו ווערשטו מיר איין עדות זאגן אזו בין איך ש״ל ב) גיזונד גיווארדן אונ׳ די ד׳ טאלר אים היישן אויף היבן אזו האב איך זאלן איין וועק ציהן דא האט איינר נאך מיר גישיקט ואמר אלי פלו׳ דוא ציכשט איין וועק גיב מיר אויף גישריבן וואש דיר ווישיגליך איז דא האב איך אימש ניט וועלן געבן דא האב איך איין משכון בייא פלו׳ גיהט דא האט ער מיר דאש משכון ניט וועלין געבן אונ׳ האט גיזאגט עש שט נישט דו האב איך אים עש גישריבן געבן דז איך האב מיזן זאגן וויא זיא גיוועלט האבן הוב מיר גי־דוכט עש איז יוא קיין ב״ד אונ׳ איז קיין עדות דרבייא. עכ״ל.

א) לא עליכם, ב) שבח לאל.

67) עוד העיד הנ״ל וז״ל: איג׳ האבן פון מיינם ווייב אך וועלן האבן זיא זאל עדות זאגן דא זיא אן איר ניט האבן קענן דר לנגן דא האבן זיא כמה פעמים פון איר אונ׳ פון מיר וועלן האבן זיא זאל נאר איין זאגן אויף דאש עדות דז איך גישריבן האב געבן אונ׳ וויש איין גאט וויל קיין ביז בכל העולם פון איר. עכ״ל.

68) ושוב העידה אשה אחת ואמרה שאם רצתה לחטוא היתה יכולה להרויח מעות, כיצד פלו׳ הבעל רצה להשכירה.

ושוב העיד ר׳ ישראל ב״ר יוסף: דר נאך איז מיר פלוני הנ״ל ווידר נאך גנגן איג׳ האט מיך גי־בעטן איך זאל מיט מיינם ווייב רידן ער וואלט עש ניט אום זישט בגערן דא שפראך איך זייא גאט וער דז איך זאלט מיין זיל פר זענקין פון געלט וועגן דא איז ער מיר נאך גנגן עטליך וואוכן דז ער נישט האט קענן פון מיר ברענגן דא האט ער צו מיר גישפראכן ווש שט עש דיר, גיב מירש גישריבן איך וויל דיר עפיש שענקין. דא האב איך גישפראכן איך טוא עש איין גאט וויל ניט אונ׳ ער האט וועלן האבן איך זאלט זאגן וויא איך פלו׳ מיט פלוני׳ העט דר ווישט ח״ו. עכ״ל.

69) ...בעל האשה שהביא לפנינו וכתוב בתוכו בזה הלשון: דא זאג איך שלמה בר׳ אליעזר הלוי המכונה זלקינד אויף מיין חלק לע״ח נימנט נאך צו ליד נאר צו ליב איך בין מיט פלו׳ גנגן אין דער גרביר גס כ׳...

70) עוד העיד בכתב ידו וז״ל: נאך איינמאל האט לייצל צו מיר גישפראכן אויף פלונית זיא זיצט אובן אין דער שטובן פער שפערט אונ׳ עשין צווייא ארלייא פיש אונ׳ איין ויין זויף מיט אננדר דא בין איך גנגן אונ׳ האב אן גיקלאפט אונ׳ העט גערן מיט געשן דא האבן זיא מיך ניט וועלן איין לאזן אונ׳ איך האב גיהערט פלוני׳ מיט פלוני רידן.

71) עוד העיד בכתב ידו וז״ל: איך בין היים גנגן דא פלוני׳ בייא פלוני אונטר דר טיר גישטנדן אין דר פינשט׳ אונ׳ האט איר ברוין טשמלטי פעלצל אום גיהט אונ׳ אין אונטר העמד אלזו בין איך דר שראקן אונ׳ האב מיך מצער גיוועזט איג׳ האב עש מיינם ווייב גי־זאגט אונ׳ דאש איז גיוועזן אונ׳ ניפערדליך אום ה׳

אודער או״ ו׳ אין דר נכט אונ׳ דאז זאג איך אויף מיין חלי״ה א) איך וויל עש אונטר דען פנים זוגן אונ׳ גלייך פר דם ב״ד אונ׳ וואז מן וויל עש איז אייטל אמת. עכ״ל.

אלע, פון 62 ביז 71 אין ס׳ י״ב און געהערן צו דער תשובה פון „יום ה׳ ט״ז ימים חודש שי״ח לפ״ק, ...ק־אקא״.

א) חלק לעולם הבא

דיזעלביקע שאלה מיט אלע גביות-עדות איז ווארט ביי ווארט אפגעדרוקט אויך אין „שארית-יוסף״ (סימן ל״ב) און אין שו״ת מהרש״ל (סימן ל״ג). דא ווערט געבראכט דער נוסח פון שו״ת רמ״א, ווייל ער איז דער עלטערער. צו פארגלייכן זיינען די שנויים אין דער ארטאגראפיע צווישן די שו״ת הרמ״א (קראקא, ת״), צווישן ביידע אויס-גאבן פון „שארית-יוסף״, (קראקא ש״ן און פיורדא תקכ״ז) און צווישן שו״ת מהרש״ל, (דריטע אויפלאגע, לעמבערג 1859).

די דאקומענטן שטאמען פון פראג, וואו די מעשה איז פארגעקומען.

72) כתוב בשטר הסלוק והפטורים וז״ל:

אונ׳ מיר האבן גיטיילט אונ׳ אויף גיזאגט דאש שותפות. ס׳ כ״ח.

73) בנידון דידן שכתבו וז״ל:

אוב דאש יתום שרה בת בועז ז״ל אב גינג דא הובן מיר אזו גימאכט דז דאש חלק בית של היתום הנ״ל זול ראובן ירשן פון יתום הנ״ל וכו׳. עד אונ׳ דאז איבריג זולן זיא גלייך מיט אננדר טיילן די ב׳ הצדדים הנ״ל. ס׳ ע״ח.

## VII. שו״ת מהרש״ל

דער מהרש״ל — ר׳ שלמה ב״ר יחיאל לוריא — איז געבוירן אין יאר 1510, געלעבט אין בריסק און ווילנע. אין יאר 1554 איז ער געווארן רב אין אסטראה און נאכ־דעם אין לובלין, וואו ער איז געשטארבן אין 1573. פון די יארן (1554—1573) שטאמט די גרעסטע צאל תשובות. די שו״ת מהרש״ל זיינען געדרוקט דעם ערשטן מאל אין לובלין — אין של״ה (1575) און צום צווייטן מאל אין לובלין — אין שנ״ט (1599). די ערשטע 16 גביות־עדות (74—89) זיינען אפגעשריבן פון דער צווייטער, לובלינער אויסגאבע. די לעצטע דריי (סימנים קכ״א און קל״ג, נומ. 90—92) זיינען אין דער לובלינער אויסגאבע נישטא, ווייל זי ענדיקט זיך מיטן ס׳ ק״א. זיי זיינען גענומען פון דער אויסגאבע לעמבערג 1859.

זע: ש. א. הורודצקי, „כרם שלמה״, אין „הגורן״, ב. 1; אויך זיינע „לקורות הרבנות״, 1911.

די טעקסטן:

74) מיר אונטן גיחתמת עדים זיין מודיע דז פער אונז איז קומן ר׳ נחמיה בן ראובן ז״ל... אונ׳ האט אונז גי־בעטן דז מיר אים זאלין צו עדות זיין. אונ׳ האט ר׳ יצחק.. התראה גיטון פער אונז באופן זה... אונ׳ וויל אייך די נ׳ שאק געבין די אייך מיין שוואגיר יונה הנ״ל שולדיג איז דהיינו מחלק רביעי שלו וואז ער האט אוף די אורנדא אויז געבין... האט ר׳ יצחק הנ״ל גיענטוורט איך וויל ניקש הלטן הייל זעהן אוב מיר יהודים ווערין פסקן אדר ווערכר יהודי וויל מיר ניטן ור זיא צו משפטן אונ׳ וויל כלל וכלל ניש הלטן וואז מיר יהודים האבן אויש גישפראכן עז איך גי־רויאן דז איך בין ווער יהודי׳ גישטנדן... לויף ער וואו ער וויל.

יום ב׳ ה׳ שבט, שט״ו לפ״ק [ווילנא] ס׳ ד׳.

75) במותב תלתא... ואתא... רבי יצחק בר שמעון והעיד... איך האב גקופט אין פרידיג בשר פון חזן דא זאך איך הניין דא האב איך גיזעהן אין שייצליכי סירכא דא זאך איך מיך אום אונ׳ דר זאך נימנט. אין דעם קאם טאדרס דר הער צו גיין דא וויז איך אים די סירכא, דא שפראך טאדרס לאז עז צו הנטצאן צו הקין אונ׳ טראג עז היים דר נאך וויל איך זעהי׳. דא הקט עז דר חזן אונ׳ גאב מירז... דא שפראכן מיר מיר וועלן שיקן נאך דעם חזן אונ׳ וועלין אים פרעגין תאמר ער האט דידז פר איין טרפה ור קויפט, דא שפראך איך ער האט מירז יוא גיטרייבט...

76) ושוב אתא... רבי יצחק ב״ר יודא והעיד... יצחק שניידר האט נאך מיר גזשיקט דא בין איך צו אים גנגין דא איז טאדר׳ אינ׳ אהרן דרינן גישטאנדן איבו[ר] איין זייט וליי[נש]... דא האב איך גיזעהן איין רעכטי סירכא אונ׳ הען מן זיא העט שון אב גריבן דא ווער בודאי איין נקב גיוועזן...

ביידע נומ. 75—76—אין ס׳ כ.

77) ...ואתא לקדמנא ר׳ יצחק בן הר״ר יעקב סג״ל והעיד... וויא ער האט גיהערט פון אברהם ברוינשוויג דז ער זיין כלה האט מקדש גיוועזן ור הר״ר פנחס אונ׳ ור אברהם אוייש אונ׳ ור דעם וועלי בייא זעלמלן אונ׳ דז האט ער אויך אין זיינם בריב גילייאט.

78) ושוב העיד מהור״ר מתתיה בן הר״ר שלמה...

דז ער האט אין אברהם ברוינשוויגז ברוב גילייאט דז ער זיך האט ור רופן אויף הר״ר פנחס... וויא ער האט זיין כלה פער זיא מקדש גיוועזן און אים דונקט וויא יצחק שאול לאורש דייא אויך איינר גוועזן.

79) ושוב העיד הר״ר פנחס... ער איז גיוועזן אובן בייא דען חתן אברהם ברוינשוויג... דא האט חיים וועלי

מיט דער כלה אונ׳ מיט דער מוטר אין וועלשין גירעט איך האב ניט ור שטאנדן וואז זיא גירעט האבן...

80) ושוב העיד רבי חיים בר אליעזר דהיינו חיים וועלי הנ״ל... איך בין גיזעשן אויף דען שטול דא איז די כלה אונ׳ די מוטר אונ׳ די שוועסט[ר] גיזעשן אונ׳ האב דברים בעלמא מיט זיא גירעט... עטליכי וואוכן דער נאך האב איך אברהם הנ״ל גיזעהן און מוטיג דא האב איך אין גיפרעג׳ ווארו׳ ער זיך אזו וויא טוט אונ׳ ווארו׳ ער דיא לייט אום וירט ער זאלש איין ענד מכין. דא שפראך ער צו מיר וויא זאל איך איין ענד מכין איך קאן ניט. דא וראגט איך אין ווארום דא זאגט ער זיא איז מיין ארוסה...

81) ושוב העיד ר׳ אברהם בר׳ יחיאל דהיינו אברהם אוייש... אברהם ברוינשוויג האט אונש גירופן צו דער צעך אונ׳ דא מיר האבן איין טרונק אין קאפ׳ גיהאט דא האט ער מיך... גיבעטן מיר זאלין מיט אים אוף שטין צו דער כלה זיא איז קיגן אונז איבר גיזעשן, דא איז חיים וועלי הנ״ל דער מליץ צווישן זיא גיוועזן...

די נומ. 77–81, אין ס׳ כ״א, יום ה׳ י״ב שבט שי״ט לפ״ק... פה ק״ק קאזמיר.

82) העדות שהוגבה על ר׳ יקר בר שמעון איך שהלחיש באזנה של בעולת בעל... וז״ל בל״א: דורום ווילשטו מיט מיר ניט טנצן דאז דייני איז איבר גילט דוא נעמשט צו דרייא גאלד גילדן דר פון. עכ״ל הרצ. נאוויהרודק.

ס׳ נ״ט.

83) ...ואתא לקדמנא רבי שמחה בר׳ מנחם והעיד...

וויא משה ליפשיץ האט איין יונגין בייא זיך גיהט צו דנצק ער האט גיהיישן הירש... דא האט משה ליפשיץ גיבעטן געץ איין בעל הבית פון בריסק דז זיין יונג הירש זול אויך אויף דר שקוטא פארן... דא הט מן דען יונגין גילאשין איין מייל פון בריסק דקויא. די שקוטא איז פר זיך גנגין דא איז דר יונג דען אנדרין טאג קומן נאך צו פארין אויף איינם קליינן שיפל אונ׳ הוט גיבעטן מן זול אין ווייטר מיטנעמן. דא איז דער יונג גאר ווילד גיוועזין אונ׳ זיך אומדר גיקריגט מיט דען גוים דא האבן די גוים זיר גיצערנט אויף אין איין מאל איז קומן דז זיך דער יונג האט מיט איין שיקך גישלאגין אויף דער יבשה בייא דעם שיף דא האבן די גוים גרוש רשעות דרויף גירעט אונ׳ האבן גישפראכין ווי זולן מיר קענן צו זעהן אינזר בלוט שלאגין... האט אים דער גוי נאך גיאגט אונ׳ האט אין וופלין פנגין דא איז דער יונג גילאפין אונ׳ איז גיפלין אין איין גרוב מיט ושיר אן בארטן פון באך אונ׳ איז דער טרונקין... אונ׳ איך שמחה הנ״ל בין דער בייא גיוועזין.

היום יו, ה׳ ו׳ ימים לחודש ניסן שכ״ט לפ״ק

ס׳ צ״ו.

84) ואתא... ר׳ נפתלי בר מתתי׳ ז״ל והעיד:

ר׳ ראובן אונ׳ ר׳ אליקים האבן מיט אננדר גישפילט דא האט ר׳ אליקים איין גישטעלט אפשר איין זהוב דא האט ר׳ ראובן פר שפילט... דא הט ר׳ אליקים גירעט דוא נאדלר ווארום נימשטו מיר מיין געלד דא האט ר׳ ראובן ווידר גירעט דו לייגשט אז איין גנב אזו לנג ביז דוא מיר בותייזט דז איך איין נאדלר בין...

85) ושוב בא ר׳ יודא בר שאול ז״ל ש״ץ והעיד:

איך בין אויש דעם שלאף אויף גיקומן דא האב איך מיך אום גיזעהן וויא ר׳ ראובן איז באר הייבטיג גיזעשין אונ׳ זיין היטל איז ור ר׳ אליקים גילעגן דר נאך האבן זיא זיך גיאיבט אונ׳ גיצנקט מיט אנגדר דא האט ר׳ אליקים גישפראכין... דוא בישט איין נאדלר.

86) ושוב בא ר׳ שמואל בר מרדכי ז״ל והעיד:

ר׳ ראובן אונ׳ ר׳ אליקים האבן מיט אננדר גישפילט דא האט ר׳ אליקים צו ר׳ ראובן גישטעלט אנדר הלבן גראשין דא האט ר׳ ראובן די אנדר הלבן גראשין גוואונן... דר נאך האט ר׳ ראובן געלט אויש דר טש גינומן אונ׳ האט גירפ׳ ציל דירש אב דא האט ר׳ אליקים אן גיהובן צו צילן אונ׳ הט ווייטר ניט גיוואלט צילן אונ׳ האט דאש געלט ווידר צו איב גשטוסן. דא האט ר׳ אליקים גירעט דוא בישט איין נאדלר דא האט ר׳ ראובן גירעט צו ליב דעם חזן און צו הערצקן אתם עדים. דא האט ר׳ אליקים דר גאך גיהיישן זיין יונג גין נאך דעם שמש אונ׳ המבדיל גאך דעם וואזנא...

יום ד׳ ו׳ אייר של״ב.

די נומ. 84–85–אין ס׳ ק״א.

87) ואתא לקדמנא ר׳ יששכר בר פתחיה והעיד... איך האב ניא גיהערט מעולם דז מן העט מקדש גיוועזן רחל בת חיים...

88) העיד רבי שמעון בר יוסף מררי.. איך האב מעולם ניא גיהערט...

89) ושוב העיד והודה ר׳ יחיאל בר משה מאיר הכהן.. וז״ל בל״ה ובל״א א):

...דער דאש קול האט מוציא גיוועזין הט נישט פון מיר גיהערט אונ׳ איך ווייש ניט ווער דאש קול האט אויף גיבראכט...

יום ה׳ כ״ה אייר של״ב לפק... פה ק״ק ביצאק.

די נומ. 87–89–אין ס׳ ק״ב.

---

א) בלשון הקודש ובלשון אשכנז.

90) וז"ל של ר' יהודה הנ"ל בל"א: כמה שבועות דער גאך זיין קומן כמה עכו"ם אונ' האבן גזאגט לפי תומן עש הוט זיא נימנץ גפרעגט וויא מאסקוויט"ר האבן פיל סוחרים אום גבראכט די דא האבן פלעגן מיט אינזרם פאלק צו גין...

אמר ליהודים פריץ אחד דרך שמועה שאמר להם בלשון זה איר יהודים שלעפט אייך ניט אום אין דער מאסקוו"א דארטן בייא דער סטאליצ"א איז איין יהודי אום קומן. ער האט שטיוולן אום גטראגן...

בשנת שע"א. ס' קכ"ח

91) וז"ל: אונ' זיין דען זעלביגן טאג אום גיקומן.

92) העיד כמר אהרן בר נחמן שבא לכפר בוטישא"ק ואמרו לו העכום וז"ל וואש שלעפשטו דיך אום מאן האט דיא יהודים גיהרגת אונ' האט זיא אין דש וואשר גי. ווארפין אונ' איינר איז ארויש גישוואומן איף די אנדרי זייט... לסוף מן האט דען אויך גיהרגת...

דער נאך בין איך גיקומן לכפר דינ"זאן דא האט מיר איין עכו"ם גיזאגט איין יהודי איז נאקיט אנט־לאפין אויש דעם וואשיר הנקרא פרו"ט... אונ' איז גיקומן... צו איינר עכו"ם אלמנה דא האט זי אים גיגעבן איין העמד וכ' ער איז נייארט אויש דעם כפר הויז ארויש גנגן דא זיין ב' גזלנים נאך גיקומן... אונ' האבין אין איבר אנייז דער טרענקט.

די נום. 91–92 — אין ס' קל"ג.

## VIII. „שארית־יוסף“

רבי יוסף ב"ר מרדכי גרשון כ"ץ, דער מחבר פון „שארית־יוסף“, איז געבוירן אין קראָקע אין יאָר 1511. ער איז אַ שוואָגער פונעם רמ"א. פופציק יאָר האָט ער געפירט אַ ישיבה אין קראָקע און איז דאָרטן געשטאָרבן אין 1591. יידישע טעקסטן זיינען פאַראַן אין צוויי סימנים פון זיין ווערק, וואָס זיינען ביידע דאַטירט (של"ט— 1578 און שי"ח — 1558). די שאלה פון שי"ח איז אויך געבראַכט אין די שו"ת מהרש"ל, סימן ל"ג, און אין די שו"ת הרמ"א, ס' י"ב וואָרט אין וואָרט (זע פריער די נום. 62—71).

דער ספר „שארית־יוסף“ איז געדרוקט געוואָרן אין קראָקע אין ש"ן (1590); דאָס זיינען שו"ת אינאיינעם מיט פירושים אויף גמרא און אויפן טור חושן משפט. די שו"ת אַליין זיינען נאָכאַמאָל אָפּגעדרוקט געוואָרן באַזונ־דער אין פיורדא תקכ"ז. ציטירט לויט דער צוויי־דער צווייטער אויסגאַבע.

זע: ח. נ. דמביצר, „כלילת יופי“, דף ד', הערה ג'.

93) ...איצינד איין יאר בין איך איבר ים גיצוגן דא בין איך גיקומן קען רודוס גרוש רודוס דא בין איך קרנק גי־

וואַרן דא איז איין אלטר יוד גיקומן צו מיר אונ' האט מיך גיפראגט פון וואנן איך וויר דא האב איך גישפראכן פון קראקא דא האט ער גישפראכן ער וויר אך פון קראקא אודר בייא לנגי יארן איצומדרט קען איך בימנט ניט... דא האב איך גישפראכן איך מעכט וואול מיין שוועהר גיקענט האבן ער האט גיהיישן משה דלס... דא האט ער אן גיהובן אייא דער דא דערטרונקן איז יצחק משה דלס זון דר איז דיין שוואגר גיוועזן... ער איז גיפנגן גיוועזן אין איין גנגן אפילו דערנאך דא מן אין האט אויז גילייזט...

סימן ל"ב, יום א', כ"ח חשון של"ט לפ"ק.

## IX. שו"ת מהה"ם מלובלין

(„מנהיר עיני חכמים“)

רבי מאיר בר' גדליה — דער מהר"ם מלובלין — איז געבוירן אין יאָר 1558. אין 1582 איז ער געוואָרן ראש־ישיבה אין לובלין, אין 1587 — ראש־ישיבה אין קראָקע, אין 1595 — רב אין לעמבערג. אין יאָר 1613 איז ער ווידער געוואָרן רב און ראש־ישיבה אין לובלין און איז דאָרטן געשטאָרבן אין יאָר שע"ו (1616). זיין שו"ת־זאַמלונג „מנהיר עיני חכמים“ איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון זיין זון אין יאָר שע"ח (1618) אין ווענעציע. די ציטאַטן זיינען פון אָט דער ערשטער אויסגאַבע.

94) שהעיד כמ"ר אברהם בר ראובן וז"ל בל"א:

דז איך אברהם האב גיהערט מן כמה גוים הן על ידי דז מען איז קומן צו רידן אוך ל"ת א) דז כמה גוים האבן גיזאָגט אודות ההורג הי"ד ב) כמר יודא אחיו של קערפל דז זיא האבן מעיד גיוועזן דז ער איז נהרג גיוואָרין מן הרוצח פוויל עכ"ל.

יום א' י"ד שבט שנ"ז.

א) לפי תומו, ב) ה' יקום דמו.

95) שהעיד כמר ראובן בן הח"ר שמואל וז"ל בל"א... עש איז נוא ב' שנים אויף דען מכס צו יור בר"ג האב איך אימר דארן גיהערט מן כמה עכום לפי תומם דז דער פאיול האט הורג גיוועזן כמר יודא הי"ד.

יום ב' ט"ו שבט שנ"ז.

96) שהעיד כמר ראובן בן הח"ר שמואל הנ"ל... דז יענדרז"י ליסבבס"קי האט לפי תומו גיזאגט ווי דער רוצח האט אים גיזאגט דז ער האט הורג גיוועזן אחיו של קערפיל...

97) העיד כמר כתריאל במהר"ר מאיר... איין עכום היישט יענדרזי פיסאבסקי וכ' האט גיזאגט וויא ער האט מיט דען רוצח גוסר דינג גוועזן... האט ער אים.. גישוואָ־רין דז עש זיין ערבט אזי וואש זאל ער פיל ליקנן

מען ווערט אין דאך פון דאש יהודי וועגין ניט אום ברענגן.

**פון 94 ביז 97—אין ס׳ ז׳.**

98) ...העדות שהוגבה בקאשטנדינ״א. . . וז״ל דא בין איך אויש דען וואגין גישפרונגן אונ׳ האב גימיינט דער יהודה בר משה תושב רובשוב ער שלאפט אונ׳ האב אים דען קאפ אויף גיהובין דא איז ער טוט גיוועזין און דער קאפא האט אים גיהנגן א) אן קנה ושט... 5
ס׳ ח׳.

אין דער אויסגאבע מעץ (תקכ״ט): גיהאנגן.

99) שהצידה המשרתי׳ של כמר שמעון מרת מרי׳ וז״ל: איך אונ׳ דער בחור משה זיין אין הויז גישטנדן דא האבן מיר דיא קמיר א) אפין גיזעהן דא האב איך גי־פרעגט.. וואורם ב) איז די קמיר אפין והשיבה הבתולה הנ״ל רחל אשת אבי איז הרויש ג) גנגן...

אין דער אויסגאבע מעץ: א) קאמיר, ב) ווארום, ג) ארויש.

100) ואתא... הר״ר שמעון בן הק״ר יעקב והגיד. . . איך בין גיוועזין בעיר סרא״קה דא האבן מיר גירעט מיט איינם וואלה פון דען הרוגים וועגן די מען האט הורג 6 גיוועדין בארץ וואליחיי...

101) הציד כמר ישראל בר׳ שלמה... איך בין גיוועזין צו ארהיא״ב דא האב איך גיפרעגט אויף די הרוגים... דא האבן עטליכי עכו״ם גיזאגט מען האט זיא גיטרענקט אונ׳ עטליכי האבן גיזאגט מען האט זיא אים וואלד אום גישלאגט אונ׳ דער נאך האבן עטליכי עכו״ם אויך גיזאגט אום גיפערד אז זיא זיין גיוויש אום קומן... האט די עכו״ם די זיין בעל גופית איין פטשיל 7 גיהט אויף דעם קאפ״א האב איך דער קענט אז דאש איז ניסנש פטשיל גיוועזין...

102) העיד מנחם בר׳ אברהם... איך בין אויך גיוועזן צו אהריא״ב... אונ׳ האב גיזעהן די פטשיל...

103) ושוב העיד יצחק בר׳ אלעזר... איך בין גיוועזין צו 8 סראק״ה דא האט מיך ביגעגינט איין וואלה פון אהריא״ב ער היישט שטעפל״נקא אונ׳ האט צו מיר גירעט זיך דו בישט ניט אום קומן ב״ה עש האט מיר בנג גי־טאן אויף דיר דוא בישט גאך יונג...

104) ושוב העיד הר״ר שמעון הנ״ל: עש איז צו מיר גיקומן אום גיפערד איין עכו״ם צו עיר סראק״ה אונ׳ 9 האט מיר גיזאגט אין בין אויך גיוועזין דא מען האט דיא יהודים גיוואל״ווט... דא האב איך גיזעהן אז מען דרייא יהודים אויש אירר הערברג האט גינומן אונ׳ האבן זיא גיבונדן אונ׳ האבן זיא גיפירט מיט דעם ממון אוועק... דא האבן זיא מיר גיענטווערט דער בורק״לא פון אהריא״ב האט גיהיישין מיר זאלין דיא יהודים ברענגן צו אים מיט אירם ממון...א)

**פון 100 ביז 104 — אין ס׳ קל״ב.**

א) דאס יאָר איז נישט נאָטירט, אָבער סיי די שאלה, וואָס שטייט פריער, סיי די שאלה, וואָס קומט שפּעטער, שטאַמען פון יאָר שע״ג (1613). די גביות־עדות זיינען איבערגעשיקט געוואָרן פונעם בית־דין אין באַר צום בית־דין פון לובלין.

105) אתא קדמנא כמר שלמה בר׳ משה והגיד...

איך בין גיפארין איבר כמר אפרים בר׳ יצחק דארף אונ׳ האבן דארטין נכט לעגר גיהט דא האט כמר אפרים הנ״ל צו מיר גישפראכן מען האט מיר גיזאגט וויא לאה בת מהר״ר אברהם וויל איין מאן נעמן אונ׳ זיא איז מיר שולדיג גיב מיר איין עצה דז איך זאל מבלבל זיין דיא חתנה ביז מיינם זמן פרעון... איך ביט דיך זיך טוא מיר דאש צו ליב דז זיא זאל קיין מאן נעמן אונ׳ מיין חוב זאל ניט ור ולין זיין, זאג וויא זלמן בן יעקב פינטשוק וועד ארוישקומן אונ׳ האט גיזאגט וויא דיא יהודית אונ׳ איין יהודי מפרילד״ק קרוב לשתי שנים האט איין שווארצין בארד איז אין דארף אונטר בילאהרא״ד...

106) ועוד הציד כמר שלמה בר משה... ווי כמר אפרים בר יצחק האט מיך גיזאגט וויא ער האט גיהורט וויא איין עכו״ם ווער קומן צו לאה.. אונ׳ האט גיזאגט וויא זלמן בר יהודה איר מאן לעבט, דא האב איך גישפראכן תאמר איין יהודי האט דש ביוועריי אויך א) גיטאן דא האט ער דרויף גילאכט.

א) אין דער אויסגאַבע מעץ שטייט: אויף.

107) שוב העיד כמר אפרים בר יצחק...

איך האב גיטרונקן ביי כמר יעקב בן הר״ר דוד נאך חנוכה דא הב איך גיהורט... ווי איין עכום האט גיזאגט ווי זלמן בר יהודה חזן מפרילוק א) לעבט...

א) אין דער אויסגאַבע מעץ שטייט על־פּי־טעות: מערילוק.

108) ושוב הצידה מרת רוחמה בת יצחק הלוי...

וויא לייט העטין גירעט מיר ווערין הרין ביז זיא ווערט חתנה האבן דא חעלין מיר ווער מישין דיא חתנה אונ׳ וועלין זאגין וויא דער מאן לעבט איך וויש ניט פון ווצמין איך האב דאש גיהורט איך האבש וער געשין...

109) ושוב העיד כמר דוד ב״ר אשר...

איך בין גיגנגין אויף דען מרק צו דער קליט דא איז קומן איין עכו״ם איך קען אין ניט האט צו מיר גירעט איז דער יהודי קומן דער דא האט אין קריב״י פישכ״א הויז גיוואונט. האב איך גירעט אזו זאלין אונזרי שונאים קומן אז ער לעבט נאך. ער ווערט ניט קומן

אל זיין טאג, האט ער משיב גיוועזין אזו זאלין מייני קינדר לעבן אז ער לעבט. איך האב אין גיזעהן הינטר דעם ווטיר... ער קאן ניט ווישן ווען עש איז גיוועזין ווער ירייד יערסלב שע״ב לפ״ק אדר דער נאך. עכ״ל.

110) ושוב העיד יהודה ליב ב״ר נתן:

איין עכום איז קומן אויש דער טאטריי און האט שמועות גיזאגט... דא בין איך גיקומן אונ׳ האב גי־פרעגט פון וועגין דיא יהודים הלבין פון אסטראז״אק וואו זיא זיין הין קומן דא האט דער עכו״ם גיענטווערט איך בין לנג אויף דער שיף גיוועזין נוא י״ד שנים אונ׳ איין יהודי פון פרילו״ק האב איך אויך דארטין גיזעהן.

111) ושוב העיד עוזר בר מרדכי:

אין בין גישטנדין אויף דען מרק איז איין עכו״ם צו מיר קומן עש איז גיוועזין נאך פורים צייט אונ׳ האט גירעט איז דער יהודי קומן דער אין קריב״י פישכ״א הויז האט גיוואונט איך אונ׳ ער זיין תפוס גיוועזין בייא איינם הרין...

112) ושוב העיד כמר יצחק בר מרדכי:

איך האב בייא הר״ר מאיר ב״ר נתן גיטרונקין און איז ליב בר נתן אויך דארטין גיוועזין... האט ליב הנ״ל גירעט צו מיר: זע, דיא אלמנה לאה... זאל חתנה האבן מען זאגט וויא איר מאן זלמן לעבט גיוויש אונ׳ ווערט אין קורצי צייט קומן... האט הר״ר מאיר הנ״ל ווידר גירעט וואורום גישטו ניט צום אב״ד, דא האט ער משיב גיוועזין ווען מען ווערט בידרפין דא וויל איך זאגן. עכ״ל.

113) ושוב העיד כמר דוד בן הק״ר יקותיאל:

דער עול׳ האט גירעט וויא זלמן חזן נאך לעבט האב איך גיפרעגט למחר כמר שמואל בר צדוק איז עש אמת דז ער נאך לעבט האט ער משיב גיוועזין מען טרייבט הצרכות א).

א) דאָס יאָר איז דאָ ניט נאָטירט. די גביות־עדות געהערן צו די יאָרן שע״ב—שע״ו (1612—1616), מחמת איך שע״ו איז מהר״ם מלובלין געשטאָרבן און פאַר שע״ב האָבן זיי, לויט פּעראַגר. 109, ניט געקענט געשריבן ווערן.

114) העיד יצחק בר מרדכי וז״ל: איך בין גיוועזין אין דער וואליחיי בעיר סטעפנאוויץ דא איז איין יהודי פון ברה״א דארטין גיוועזין דא האט מיר גיזאגט אונ׳ גיוויזין דא גיט דער גזלן דער די שני יהודים פון פרילו״ק דער טרענק׳ האט, אונ׳ איינר איז זלמן חזן מפרילוק... אונ׳ דער יהודי הנ״ל האט גירעט אונ׳ איין בריב גישריבן מעכט דאש קהל מפרילוק בייא מיר שטין מעכט איך איין נקמה טון אן דיא גזלנים א)...

פון 105 ביז 114 — סימן קל״ד.

א) אין דער אויסגאַבע פון מעץ תקכ״ד זיינען פאָלגנדיקע שמוים אינעם אויסלייג: אַנשטאָט מען — מן; זיר — זער; ור ולין — פר פאלין; גיהורט — גיהערט; ווער מישין — ווער מישין; ווער געשין — ווער געשין; גיוואנט — גיוואנט; ווטיר — וואשיר; ווער ירייד — ווער יריד; גיענטווערט — גיענטוואָרט; וועגן — וועגין; קומן — קומין; הרין — הערין; וואליחיי — וואלהיי; דער טרענק׳ — ערטרענקט.

115) שהעיד כמר משה ב״ר יעקב וז״ל: אזו האבין כמה פעמים כמה קאזקי״ן גיזאגט זייא גאט גיקלאגט דז דער ריצר דער יהודי ברכה אזו שייצליך אוועק קומן א) איז. מען האט אים מיט דען קארדעס צו הקט איני׳ צו שטאכן...

116) וז״ל העד: דא איז ארויש גישפרונגן אויז אונזרם חיל איין יהודי דער האט גיהיישין ברכה בן הק״ר אהרן מטישאוויץ... און זיין וואטר ב)... האט גידינט צווישן זיא אין דען חיל אויף ג׳ סוסים דא איז ער גישפרונגן אויף זיין סוס... ב׳ ג׳ פעמים כסדר המלחמה. סימן קל״ז

[זע אויך נומ. 126. געבראַכט אויך פון ש. דובנאָוו אין „יעוור. סטאַרינאַ״ (1909, ב. 1) און פון ב. צ. כ״ץ אין זיין „לקורות היהודים ברוסיה״, ז. 46, וואו ס׳איז ריכטיק פעסטגעשטעלט דאָס יאָר: שע״א—1611].

א) אין אויסגאַבע מעץ: אוועק גקומען.
ב) אין אויסגאַבע מעץ: פאטר.

## X. שו״ת „משאת־בנימין״

ר׳ בנימין אהרן ב״ר אברהם סלאניק, דער מחבר פון „משאת־בנימין״, האָט יונגערהייט געוואוינט אין קראָקע, נאָך ביים לעבן פון רמ״א. שפּעטער איז ער געוואָרן ראש־ישיבה אין שלעזיע; אז ער איז צוריקגעקומען קיין פוילן איז ער געוואָרן רב און ראש־ישיבה אין פּאָדהייץ. דאָס רוב פון זיינע תשובות זיינען געענטפערט אין שטאַמען פון די יאָרן שנ״ו — שע״ט (1596—1619). אין יאָר 1619 איז ער בלינד געוואָרן (זע ס׳ ק״ו און ק״ט). דער ספר איז דערשינען צום ערשטן מאָל אין קראָקע שצ״ג (1633). די ציטאַטן דאָ זיינען גענומען געוואָרן פון דער צווייטער אויסגאַבע, מעץ תקל״ו.

זע וועגן אים: M. Brann, Geschichte der Juden in Schlesien, 191.

אויך: ח. נ. דמביצר, דצ״וו, ב. 2, דף כ״א און ווייטער.

די טעקסטן:

117) וז״ל העד הראשון: און פון ק״ק פּאהרביטש האט מען אין גיפירט קען דער ווינצא נאך דעם איז כמר אברהם קומן דער אין גיפירט האט לק״ק ווינצא.

118) וז״ל העד השני: דער נאך האט מען ליב׳ן גפירט קען דער ווינצא צו דעם גט.

119) ... היום יום א׳ ז׳ אלול שס״ה ואתא לקדמנא כמר מרדכי מארדוש בן הח״ר שלמה והגיד בת״ע... איך אונ׳ איין וועלשר יהודי זיין גיזעשין צו יאס אין דער וואלח״יי אונ׳ איז גיוועזין בייא אונש איין יהודי פון לעלוב ושמו היה אייזק גלעזור ער האט גערביט חמאה וגבינה ער האט אן גיהובן מיין בלייבן איז אים ניט איך וויל פארין קען גאליץ וויל לקריץ אויף קופין אולי ווער איך צו וואש קומן... בקרוב ימים נאך זיין ציהן איז איין קול קומן וויא איין מלחמה איז קומן אויף גאליץ... אחר הדברים האלה זיין מיר גיזעשן צו יאס על יום השוק איז קומן איין כומר צו דעם וועלשין יהודי האט מיט אים גירעט מענין המלחמה הנ״ל ומענין הריגת היהודי הנ״ל אזו בין איך אויך דר צו ניקומן. דער כומר האט גרעט בלשון לע״ז איך האב עש ניט זער וואל פר שטנדן האב אים גיבעטן דז ער זאל עש זאגן בלשון של וואלחיי... אזו האט ער מיר גיזאגט... ס׳ מ״ה.

## XI. שו״ת „גבורת=אנשים“

דער ספר אליין שטאַמט פון ר׳ שבתי כהן, דעם מחבר פון „שפתי־כהן“ (דער ש״ך), וואָס האָט געלעבט אין די יאָרן 1621—1663. צום סוף פונעם ספר איז אָבער געדרוקט אַ קליינע זאַמלונג פון שאלות־ותשובות פון זיין פאָטער — ר׳ מאיר כ״ץ בן מהר״ר משה ז״ל אשכנזי. ר׳ מאיר איז געווען רב אין דאַנהויזן, אמסטיבאווי און שפעטער אין מאָהילעוו. דאָס רוב תשובות פון דער זאַמלונג זיינען געשריבן צו ר׳ יהושע, דעם מחבר פון „פני־יהושע“. די דאָקומענטן אין יידיש קומען פון די שו״ת, וואָס געהערן צו ר׳ מאיר כ״ץ, און שטאַמען פון זיין מאָהילעווער צייט. די דאָקומענטן זיינען גענוי דאַטירט און זע־נען גענומען פון דער ערשטער אויסגאַבע, פון יאָר תנ״ז (1697), דעסוי (באותיות אמשטרדם).

די טעקסטן:

120) יום ו׳ כ״ג תשרי תא״ל הגדתי אני עדות בפני בי״ד של ג׳ וז״ל:

איך בין גוועזן בדובראחנא בין איך בשבת אויז דער שול קומן איז היקר הר״ר ליב מדובראוונא מיט איין פריץ גשטנדן האט וואש געשמועת׳ האט הר״ר ליב צו מיר גשפראכן הערט צו רבי, דער שמש ממהלווי איז בעו״ה גוויש אוועק האט ליב גשפרכין להפריץ זאג פאר אונזער עלשטן וואש דוא פאר אונש האשט גזאגט.. האט דער פריץ גשפראכן: קען קטא״וי איז עש און זיכר צו פארן. איך בין אליין גפארין מן האט איין יהודי גהרגת מן האט אים גפונדן אונטר איינן בוים... איין יהודי פון מאהילא״וו איז גפארן אין ספראווי״ס צו ר׳ ליזר לווילנא איז ער גהרגט גווארין דא ער ווידר מווילנא צו רוק איז גפארן...

121) שוב הגיד כמר מאיר בן יעקב לפני בי״ד... בנה״ל:

דער תליין ממאהילאוו איז צו מיר גקומן אונ׳ האט גשפראכן לפי תומו גאט געב דז דער רוצח זאל מיר אין דיא הנד קומן דער דען גוטי יודן האט גהרגט, דהיינו השמש. האב איך גשפראכן ווי פאלשטו אויז, האט ער גשפראכן איך בין גוועזן אין איין קרעטשמה אצל יהודא איז דארט איינר גוועזן מיט נאך איינם. האט יענר מיר איין שאק מעד גקויפט. אונ׳ האט צו מיר גשפראכן איך פערכט מיך איר ווער צו דיר אין דר הנד אריין קומן...

122) שוב העיד כמר אפרים בן מאיר כ״ץ הנ״ל וז״ל בלשון רוסי״א: איין גוי האט מיר גזאגט לפי תומו שקאלניק שטא נאשקלנאם זשיוואל יזאיעזאלי יאסא יאק יאן קורי רעזוי איסטים נזאם שטא יאן קורי רעזוי. האב איך גשפראכן דער ווערט די דריטי קאפ זיין ווערט דעם רוצח אַרויסגעבן, האט ער משיב גוועזן: טאם באהטי מוזיקי נע בארזדה אזמוט עכ״ל.

120—122—אין דף ל״ב, ע״ב.

דידאַזיקע דאָקומענטן זיינען גענוי באהאנדלט געוואָרן אינעם ויכוח צווישן ש. דובנאָוו און א. הרכבי. זע דעם אריינפיר.

## XII. שו״ת „בית חדש“

ר׳ יואל סירקיש — אייגנטלעך ר׳ יואל ב״ר שמואל סג״ל יפה; באַקאַנט אונטערן נאָמען דער ב״ח (ראשי־תבות פון זיין שו״ת־ספר „בית־חדש“). געבוירן אין יאָר שכ״א (1561) אין לובלין און געשטאָרבן אין יאָר ת׳ (1640) אין קראָקע. געווען רב אין פרוזשאַני, לוקאָוו, לובלין, לובאָמל, מעזשיבאָזש, בעלזא, שידלאָוו, בריסק און קראָקע. די עלטסטע דאַטירטע תשובה שטאַמט פון לובאָמל פון יאָר ש״ס (1600). די שאלות־ותשובות שע״א—שע״ד שטאַמען פון דער צייט, ווען ער איז גע־ווען רב אין בעלזא; שע״ה—שע״ח שטאַמען פון בריסק, און שע״ט און ווייטער — פון קראָקע. דער ערשטער באַנד פון זיינע תשובות, באַקאַנט אונטערן נאָמען „שו״ת ב״ח הישנות“, איז דערשינען צום ערשטן מאָל אין יאָר תנ״ז (1797) אין פראַנקפורט־מיין. דער צווייטער באַנד — „שו״ת ב״ח החדשות“ — אין קאָרעץ, אין יאָר 1785. ביידע אַנטהאַלטן אַסך היסטאָרישן מאַטעריאַל. אַ גרויסער טייל פון זיינע תשובות זיינען נאָך געדרוקט אין תשובות גאונים בתראי. די ציטאַטן, וואָס ווערן דאָ געבראַכט פון ביידע ספרים, שטאַמען פון דער ערשטער אויסגאַבע.

זע: ה. נ. דמביצר, דצ״וו, ב. II, דף 18 א״וו.

די טעקסטן:

123) ... איך בין גיקומין קען סמאלנציק האב דארטין גי־

טונדן לייט לערך שמנה מנינים. אותמר אין זיין געווען פיר אדר פינף בעלי בתים מקראקא... אח"כ אז איך בין חולה געווען האט מיך מיין שוואגר... גוואָרט אין מיינס תליות. נאך דעם איז איין יהודי גשטארבין האט מאן גיזאגט איינר פון קרקא איז גשטארבין אונ' דאש קהל האט משתדל געווען דז מן זאל געבן מקום קבורה מאן זאל ניט איין וועק פירן...

סוכות שפ"ט. שו"ת ב"ח הישנות, ס' נ"ו.

124) העיד הישיש יעקב בר' אשר:

איך בין באותו פעם אך צו סמאלנציק געווזין האב איך גהוארט דאז איין יונגר מאן פון קראקא איז גשטארבן.

פינטשוב.

שו"ת ב"ח הישנות, ס' נ"ו

125) עוד הובאה עדות וז"ל:

איך בין געווזין צו סמאלנציק דוא מיכל קראקוור איז גשטארבין, איין יונגר מאן קיין בארט צומאל גהאט איין ווינציגל האט אים אויש גשפראצט, איז זוימער שפרענקליך געווזין אויף דען שטערין איבר דער נאז, אונ' מיר האבן משתדל געווזן איין בית הקברות. דער ערשט דער אויף דען קברות ליגט איז איין יונג געווזין... אויך ליגן זוסט כמה נפשות דארטין.

ה' כסליו שפ"ט בעיר ווילין.

שו"ת ב"ח הישנות, ס' נ"ו

126) מיר י"א בעלי בתים זיין אים חיל גיוועזין אין ארזיש גישפרונגן איין יהודה ברכה ב"ה קדוש אהרן מטישוויץ האט גדינט אויף ג' סוסים איז גשפרונגן צום חיל של מאסקוויטר ב' וג' פעמים כסדר המלחמה... ע"כ תורף העדות שקצרתי מגוף העדות שהאריך בספור דברים דהעד הנ"ל בפני ב"ד דק"ק.

פלוריינוב ביום ב' כ"ה כסליו שע"ד.. א)

שו"ת ב"ח הישנות, ס' נ"ז.

א) זע אויבן, נומ' 115—116.

127) במותב תלתא ב"ד כחדא הוינא ואתו לקדמנא האחים החבר שלמה וכמר אברהם בנ' כהו"ר דוד הכהן והעידו בת"ע בעונש אלי"ע וז"ל בל"א:

מיר האבין גיזעהן דען יהודי פון ק"ק בעלזא דער דא איז קומן מתעסק מחמת די עגונה מר' חינא בת יוסף הלוי מק"ק בעלזא דז איר מאן האט כופר גיוועזין אינ' האט גיהיישן מרדכי בר יעקב... דער יהודי האט מיט אונז דהרויז גרעט אונ' האט גיזאגט ווי ער האט גידינט אין דער רואטי זעלניר מן השר פטאצקי השר של קאמניץ אונ' מן האט איין קול אויף גבראכט ווי ער האט איין סוס גשטאלין האט מן אין ניהגנגן...

יום ב' כ"ח אייר שפ"ד, פה לעטיטשאב.

128) ניסן בר' יוסף הלוי... העיד בפנינו בזה"ל שהוא בכמו ה' שנים או ששה שנים בין איך גיוועזן אין דער אוקריינא אונ' בין קומן צו קאפיל בק"ק חוא־פטאוא דא האט ער מיך גפרעגט וואש טושטו היא, דא האב איך אים גיזאגט, איך בין חוקר ודורש נאך דעם משומד דער האט גהאט מיין שוועסטר דא האט ער גישפראכין אז ער איז נויא לנג גיהאנגין גיווארדן... ושוב העידל פנינו בזה"ל: בחש"מא) של סוכות ש"עב) דא איז גיקוימין צו אונז איין גאסט שמו ליזר מלובמלא און האט זיך אן גדינקט בייא אונז עשן... דא האט דער ליזר גישפראכין מארדוש דער היבאמס זון פון לאדמר איך האב מיט אים גיגעשין אונ' גיטרונקין אין דר בויאדא ווא מן אש ברענט... דר נאך בין קו־מין קען מעזריטש דא האט מן מיר גיזאגט... דיין חבר... דער האט כופר גיוועזין. דער נאך בין איך ווידר קען מעזריטש קומין מיט גוואנט צו פארין האט מן מיר גיזאגט: מיר האבן אונזרין ליבן טאג דער הארט אן דעם משומד, מן האט אים גיהאנגן.

היום יום א' טז חשון שע"ב בק' בעלזא.

א) בחולו של מועד; ב) שנה עברה.

129) ואתא לקדמנא... אברהם בר' יוסף הלוי אחי של העגונה והעיד... וז"ל:

איך האב דען משומד גיזוכט. האב איך גיזוכט צו קארץ האט מן מיר גזאגט ער וער צו קארטשיץ, האב אין גזוכט דארטן איז ער ניט דא גיוועזן האט מן מיר גינזאגט ער ווער צו סודילקאָווי... ער האט גיהיישן מארדוש איצונדרט היישט ער אלכסנדר... האט מיר כמר חיים פון סודילקאווי גיווערט איך זאל ניט צו אים גין דען ער דריט און שפריכט ווא איך איין ברודער אין דער וויש וויל איך אים הרגין דען זיא האבן מיך צו דער שמד גבראכט...

יום ה' י"ח כסליו, שע"ב לפ"ק פה ק"ק לאדמר.

פון 126 ביז 129 — אין שו"ת ב"ח הישנות, ס' ע.

130) אתא... אברהם בר' שלמה והעיד... אין דער שרפה ירעסלב דא האב איך גזעהן את כמר דוד בן ה"רר שלמה חתן ר' מרדכי צורף דא האב איך צו אים גרעט מיר האבן צייט צו לויפן דא איז ער גלאפן פויר אונ' איך נאך. אז מיר זענין קומן אן וואלבארסקיש הויז דא האב איך מיר גישיידין פון אים... דאש פייער איז גוועזין אויף אלי זייטן איך האב נויא קיין יהודי מין גזעהן... אסרו־חג סוכות שפ"ז.

131) איך בין גוועזן צו ירעסלב כמעט איין גנצה שבוע אחר השריפה אזו האב איך גהוארט רידן און מקונן זיין על השריפה אזוי זיין פיל לייט גשטנדן און האבן מספר גוועזן אין דען לשון זע בעו"ה וויא זיינן דא אוועק קומן איין פאר יונגי לייט אז די רייזן האבן זיא גנענט, ליב ציפרש אונ' דוד טעמוש... ליב אין

נאך ניט פר הנדן אונ' דוד ליגט פר ברענטפר הייט. האב איך גפרעגט וויא קאן מן ווישן דז עש דוד איז. האט איין חענטשינר אודר איין שודלבר משיב גווען אייא ער איז יוא דן ער איז גילאפן 'ארפוט פון דען הויז א)...

א) אין דער תשובה ווערט דער זאץ איבערגעמחזרט אנדערש: „ואין לסמוך על מי שהשיב ואמר אייא ער איז יוא ער, דען ער איז גלאפן הראב פון דעם הויז".

132) כהר"א משה הנ"ל, ז"ל בל"א:
דען גוף דען מיר גיוויזין האט אז עש זאלט דוד טעמוש מלבוב זיין דא האב איך דען גזעהן ליגן אין טריט ווא דער פולם פלעגט צו גען אין דען גֶסיל...
די תשובה איז פון אסרו-חג סוכות שפ"ז.
פון 130 ביז 132 — אין שו"ת ב"ח הישנות, ס' ע"ב.

133) העיד כמר וואלף בר שמעון מק"ק פישכיט ממדינת שוואבן שאביו.. מת.. בער"ח כסליו שצ"ד אונ' ווייש אונ' גהווארט פון זיין פאטר דאז ער האט איין ברודר בקק הרובשוב...

134) העיד כמר ישראל בר אפרים מק"ק הענא: מיר איז ידוע אז איש אחד האט גהיישן משה זינגר איז נפטר גווארין צו דרמשטאט.

135) שוב העיד כמר וואלף הנ"ל דז ער זיין טאג ניט וויש דז ער האט מין פעטערין גיהט פון פאטיר הלבין אז ר' הירש הנ"ל אונ' איינר האט גהיישן משה זינגר און האט גוואנט ביי ווירמש.

136) שוב העיד הר"ר שמעון בן מהר"ר אלעזר מפערשא... דז איך וויש איצק פישך האט ג' בנים גיהט א' שמו שמעון והשני ר' הירש והיה נושא אשה ממדינת פולין והשלישי משה זינגר.
ק"ק ווינא, יום ה' ך"א אלול שצ"ז לפ"ק.
פון 133 ביז 136 — אין שו"ת ב"ח הישנות, סימן ע"ו.

137) ואתא... כמר יושיע בר יעקב והעיד על אחיו יודא בר יעקב ז"ל וז"ל: איצט איין יאר בין איך גוועזן אין דער וואליכייא מיט משה פלאצקר אוקסן צו קויפן אזו האב איך דר קענט איין יודן פון ווייסן בורק דען איך פון ט"ו שנים ניט גזעהן אזו האב איך אין גפרעגט אויף מיין ברודר יודא הנ"ל אוב ער אים קענט... דא האט ער מיר גיענטפרט... דיין ברודר איז גוועזט אויס קוימן... ער איז צו ווייסן בורק גיוועזן אונ' איז אויש גיפארן אויש צו פרעגן וואו פולנישה שרים שבויים זיין אונ' איין ישמעאל איז מיט אים גפארן שבוים צו קויפן אונ' זיין געלט גיליגט אויף יודיש וואגן הנ"ל... אזו האבן קדרים דעם יודא נאך גיאגט אונ' האבן אין גיהרגט...
היום יום ג' י"ב אב, שנ"ג.
שו"ת ב"ח הישנות, ס' צ"ז.

138) העיד שלמה בר' יעקב דאקטרש... וז"ל:
איך קען דען העתיק פון שטר שותפות וואש מיר האבן גימאכט צו ק"ק בענדין... וואש דא ליגט פאר ענק וואש מן האט גיפונדן בייא דען קדוש דער איז גיפונדן גיווארין סמוך לכפר קליין אויש... שוב העיד ... אז דרויף איז גחתמת צירל בת ר' נתנאל וואש דאש בי"ד פון טפליץ האט אהער גשיקט עם ההעתק הנ"ל, האב איך דען בריב בקומן אין לעגור מיט מיין בריב וואש מיין ווייב האט מיר גשריבן... שוב העיד.. דז כמר שמעון האט צו מיר גירעט אויף דען וועג דז מיר זיינן גיפארין אין לעגר דוא האשט גוויש ניט דיין ווייב איין ווארט צייכן גילאזן אז איך דערווארטין אז זי זאל קענן אויף מיר פרעגין ווען זעלנר ווערן קומן אויש דעם לעגר...
ביום א' ר"ח אייר ט"ו למב"י שצ"ג, פה קק"ק.
שו"ת ב"ח הישנות, סימן פ"א

139) יוסף בר שמואל... העיד בלשון רוסיא והעתקנוהו בל"א: מיר זיינן גיוועזן אין דער וואלאכייא איך און חיים חתן של כמר יצחק בר שלמה מקראסני צו סטעפ־נאוויץ אין איינר הערבריג בשעה דא די מהומה איז גיוועזין מיט מיהל. דא האבן מיר זיך גפרכט און זיין גפארן צו דעם הספדר אין זיין פאלק מיט וואליכן אונ' פאלקין איז ער גישטנדן אויף דעם פעלד איין חצי פרסה פון בוטשאן...
הוגבה... היום יום א' כ"ו טבת שס"ה לפ"ק, פה ק"ק מזיבוז.
שו"ת ב"ח הישנות, ס' פ"ב.

140) איך בין גיפארן פון יס מיט סחורה שימן יודי יריד לובלין שס"ו. אזו האט זיך גשיקט דז איין גוי איז גנגין בייא מיינן וועגן סחורה האב איך אין גיפרעגט פון וואנין ער איז, האט ער גיזאגט ער ווער אויש דיא לעמבריג. האב איך אין גיפרעגט פון וואנן ער קומט האט ער גזאגט ער קאם פון אנדרנאפיל... דער־נאך האט ער גיזאגט ל"ת מן האט אין ניט גיפרעגט דרום נימץ דז שני יהודים... זיינן בידה גישטארבן צו אנדרנאפיל אם אויר און נאך סימנים גיזאגט... ער איז גנגן אין שווארצן זושפאן איין קליין זילברנה גארטלה האט ער אן גיהאט זוסט סימנים דז ער איז דוד מפאטליטש...
היום יום ב' ך' אדר שני ב"ק לבוב [אין יאר שע"ו].
שו"ת ב"ח הישנות, ס' צ"ד.

141) איך האב גוואנט בבי' אביה דא האב איך כמה פעמים פיל פריצות גזעהן. אחת, בחור אחד היה מטפח ומרקד בבית החרף וראיתי אז אותו בחור האט האשה גהאלזט אונ' גקושט. אך איז דער בחור עטליך מאל גיקומן בייא נאכט אונ' האט צלילות גטריבן... עוד העיד דז זיא מיט דער מוטר כמה פעמים זיין גגנגין לביתו של

הארגל מכיד וצוקר מאכר אונ׳ זיין אנהיים גיקומן שיכורים ממשתה היין אונ׳ דיא אשה האט משבח גיוועזן גוים הנ״ל וויא זי אין מתנות געבן... אך האט אים די יודנה גיזאגט זיא איז מיט דער מוטר אונ׳ מיט פלוני גנגין צו איינר מכשפה איר וואש צו טאן אבר ח״ו דש זעלביג האב איך ניט גיוואלט טאן נאך מיט גין עכ״ל...

אין יאר שע״ט.

שו״ת ב״ח הישנות, ס׳ צ״ט.

142) וז״ל הצואה בסופו: שוב אמר איך בין איין בכור לאבי ולאמי און האב לעת עתה נישט מין קינדר אלז בתי הבתולה שפרינצא שת׳ דא זאג איכש דרום דז מען זאל ווישין דז מיין קינד שטיש במקומי.

אין יאר שפ״ט

שו״ת ב״ח הישנות, ס׳ ק׳.

143) העיד יודא במהור״ר ישראל מעיר גרידינג סמוך לסטנאב:

איך האב גוואנט אונטר סטנאב צו ק״ק גרידניג האב איך איין בלבל גיהט האב איך גמושט איין וועק פארן פון גרידניג לאקריינ״א הינטר דעם נעפר איז גיוועזן לעת הזאת איין גרושה מלחמה דארטן זענין פיל יהודים נהרג גיווארן. דא אריבר בין איך בדלות גיווארן האב מוזין פון דארטן אוועק פארין... מאחר דז איך אין מיינס לנד ניט ארינן טאר, דא פאר איך אין בריסקר לנד אונ׳ הראדנר דא האט מן מיר איין ריסטר גיגעבן וועלכי לייט די דא זענן נהרג גיווארן איז דרויף גיחתמית גיוועזין חזן ושמש דק״ק פריטן... איז ה׳ פרסאות מק״ק לוציק...

144) שוב העיד... ביום הנ״ל דז דער חזן ושמש האבן פר אים גיזאגט דאז דער אברהם הנ״ל איז גישטארבן דען זיא זענין ביי אים גיוועזן סמוך למיתתו דא האט זי דער אברהם גיבעטן דאז זי זאלין אין דעם ריסטר איין שרייבן כפי דבריו...

יום ב׳, י׳ שבט, שצ״א לפ״ק, פה ק״ק ווילנא א).

143 און 144 — אין שו״ת ב״ח הישנות, ס׳ ק״ה.

א) דיזעלביקע גביות־עדות תערן אויך געבראכט אין די „שו״ת הגאונים בתראי״, טורקא, תקכ״ד, סימן כ״ז, און דארטן איז דער אויס־לייג אנדערש, הייננ: אנשטאט גוואנט — גוונט, סטנאב — סטאנב, גיהט — גיהאט, גרידניג — גרידינג; גיוועזין — גיוועזן, דארטן — דארטין, גיווארן — גיווארין, מוזין — מוזן; מיינס — מיינים; איין שרייבן — שרייבין אא״וו.

145) העיד צבי בר׳ שמריה מק״ק לבוב:

עש ווערט ווערן שבועות שצ״ב ב׳ שנים אז איך בין גיוועזן אין אבוס דיא מלחמה מיט קאזאקין בייא ק׳ פרייסלאוו הינטר דעם נעפר האב איך גיפונדן פיל יהודים ואחד היה שמו אברהם האב גיפראגט פון וואנין בישטו והשיב איך בין מק״ק הראדנא... ער איז גיוועזן איין רתה מאן און איין דאריר מאן האב איך מיט עטב חהיכגי גימכט צו קויפן אין דען אבוס א ניין הא אברוורגעבן חמשים זהובים און איין עגלה וסוס דא זעם ע גיפארין נאך יין שרף מיט אנדרי יהודים אזו ינזן זי א/ע בעו״ה נהרג גיווארן. האבן מיר יהודים איינאצבוס גידונגין ל׳ קאזקין אונ׳ זיא לאזין הולין אין אבו א ניין און האבין זיא קובר גיוועזן...

ע״שסי״ב אייר שצ״ב לפ״ק.

שו״ת ב״ח הישנות ס׳ ק״ה.

איך דידאזיקע גבית־עדות ווערט געבראכט אין די „שו״ת הגאונים בתראי״, סימן כ״ז, און אויך אין איר זיינען פאראן שנויים אינעם אויסלייג: אנשטאט גיוועזן — גיוועזין, האב גיפראגט — האב איך גיפרעגט, גיפארין — גיפרין אא״וו.

146) ביום ג׳ בין איך אויף דען מרק גישטאנדן דא איז איין גויה קומן אונ׳ האט גזאגט איך בין מיט דען יהודי גנגן צו דיא ווייסל ער האט גיהאט ב׳ ברויט דא האט ער דיא ברויט דיא גוים געבן אונ׳ האט זיך אויף גיזעצט אויף דען שליטן אונ׳ האט דאש פערד גיטריבן אונ׳ דער גוי איז נאך גאנגן אונ׳ האט פון דען ברויט גיפרעסין... דא איז ער איין רונטר גפלן אונ׳ וואל איין שעה האט זיך דאש וואשיר גימאכט איהר אים אז איין ראד און גיבלעזלט.

147) איין גויה איז קומן צו מיר אין הויז אונ׳ האט גירעט עש טוט מיר זיר באנג... דז דער שלמה ר׳ זוסמאנש ברודר איז נעכטן דער טרונקן גיווארן איך העט גערין נעביך גירטוונט נאר האב מיר נישט גיהאט דיא הנט האב איך ניט וועלן געבן דען האב מיך גיפרכט ער וועט מיך מיט ארײן שלעפן. די גוים האבן אים ניט גיהאלפן. דא איז איין גלח אויך דער צו קומין האט די פויערן גישלאגין ווארום העלפט עטש ניט דען יהודי נעביך.

146 און 147 — אין שו״ת ב״ח הישנות, סימן ש״צ.

148) ... די מארקטענר זענין הינטון גבליבן דא האט זיא דער שונא איבר פאלין דא האבין זיך די מארקטענער וועלען ווערין איז ליבלע דער שאסין גיווארין... אונ׳ האט פיל ממון בייא זיך גיהאט. עש איז שון ב׳ שנים דאש איך גהערט האב פון דיא מרקטענר יהודים זיינה חברים.

יום ב׳ כ״ג ניסן שצ״ח.

שו״ת ב״ח החדשות, סימן נ״ט.

149) כתב לאצקא א) בר יצחק:

אהובי איך בין מודיע למעכ״ת דאש די אשה בת ר׳ נח חתנך דיא האט גנומין את כמר צבי בר״י איז בעו״ה נהרג גווארין דהיינו איך בין דער בייא גיוועזין אז מען אים דן גיוועזין און איז נהרג גיווארין...

א) ס׳איז נישט קיין ייד; דער טעקסט פון בריוו איז אלזא אן איבערזעצונג.

150) העיד בצלאל בפני בי"ד:
איך האב גיליאנט דעם בריב וואש לאצקא האט גישריבן צו מיינס שוועך ז"ל.. איך בין מודיע אייך אז יהודים האבין מיר גיזאגט דאש אייער איניקליש מאן צבי בר יצחק איז גיווישן נהרג. און איך קאן לאצקיש כתב און חתימה וואול דען איך האב אים גילערנט שרייבן...

151) העיד צבי ב"ר יצחק הש"צ מסינאווקי: עש איז מיר ידוע דאז באותו הפעם דאש מען כמר צבי האט זאלין דן זיין האט ער גרעט איך בעט שרייבט צו מיין ווייב לק"ק האלאוואטשין אין רייסין דאז ער אום קומט... אונ' האט ער גיזאגט וויא ער איז שולדיג צו האלאווטשין איין גוי ששים שקלים... ובו ביום האט מען אים גיקעפט פר מיין אויגן אונ איז נקבר גיווארין י' טבת בשדה לבן.

שו"ת ב"ח החדשות, ס' ס.

152) איך בין גיוועזין צו דאהילנאווא דא איז גיוועזין אומלויף פון פלאטצק דא איז גיקומן דער גלח פון פאלוצק זעלב דיריט איין פאליק הער צו דעם גלח ער איז אוך איין פאליק... דיא גוים האבין אים שמועות גיפרעגט דא האט ער אין גיענטפירט... מן האט די כומרים דען קאפ אפ גישלאגין נקט טוט אויף דען אייז ליגין דער האט איין פיין איין וויס לייב אויף זיך גיהאט און אוך איין הויזי נאז ער האט שמואל גיהייסין דער דא איז עלצטיר צו פלאצק איביר די יודין גיוועזין, אונ' דער אנדיר האט איין שווארצין בארד גיהאט און דען דריטין האט ער אויך גיקענט אבער איך האב זיין נאמין פאר געסין...

כ"ג תמוז, שכ"ג, במתא דווילנא

שו"ת ב"ח החדשות, ס' צ"ה.

## XIII. שו"ת „פני־יהושע"

ר' יהושע ב"ר יוסף, דער מחבר פון „מגיני־שלמה" און פון די שו"ת „פני־יהושע", איז געבוירן אין ווילנע און געווען רב אין טיקטין, גראָדנע, פשעמישל און לעמ־בערג, אויך ראש־ישיבה אין קראָקע (פון שצ"ט אָן — 1639) און איז דאָרטן געשטאָרבן אין ת"ח (1648). זיינע תשובות געהערן צו דער ערשטער העלפט פון 17טן י"ה. דער ערשטער באַנד פון זיינע תשובות „פני־יהושע" איז דער־שינען אין אַמסטערדאַם תע"ה (1715) און דער צווייטער באַנד איז געלעגן העכער צוויי הונדערט יאָר אין כתב־יד און דערשינען ערשט אין יאָר 1860 אין לעמבערג.

די טעקסטן זיינען גענומען פון דער ערשטער אויסגאַבע:
זע: ח. נ. דמביצר, „כלילת־יופי", ב. 2, און ש. באַבער, „אנשי־שם", סימן קצ"ח.

153) במותב תלתא... ואתא לקדמנא כמר יעקב ב"ר בנימין תאלף והעיד... וז"ל בלשון אשכנז:

איך בין אוף דען מארק גישטאנדין איז גישטאנדין איין יהודי בן ה"ר מתתיה רופא מיט איינר גויה הייבט דער יהודי צי מיר אן הערשטו וואס די גויה זאגט איך פר שטייא זיא נישט וואהל. אזו הייבט די גויה אן גיט ענק קיין קראקויר יהודי אב היבט דער יהודי הנ"ל אן איך וויס נישט, זאגט די גויה עס איז איין קראקויר יהודי בייא מיר דורך גריטין אין האט גי־זאגט ער רייטיט איר אין ווער גוועזין אצל הפריץ זאליסקי אין האט איר דר ציילט וויא עס דער פריץ העט אום איין כח גיטאן איך קאן ניט גידענקין אויב זי האט גיזאגט מן האט אים גישמוסין אודער העט וועלין שמייסין. אז דער יהודי איז אוועק גיריטין דער נאך איז איין פריץ שקץ קומין צו רייטין צו איר און דער הרבריק אין איז אויך אוועק גרוטין. דער נאך זענין גיקומין פויערין צו מיר אין הבין גיזאגט זיא האבין איין פאגזעבד גיהאט זיא האבין איין יהודי אין וואלד ביגראבען... עוד העיד וויא דיא גויה האט גיזאגט וויא דער יהודי האט גיהאט איין לאזוראווי פאן אין איין ליג העמד. אך האבן איר דיא פויערין גיזאגט וויא ער איז זעהר אן קאפא גיוואנד גיוועזין אין איין האנד איז איהם אפ גיהאקט גיוועזין.

154) שוב העיד כמר משה בר יצחק... וז"ל בל"א:
איך האב גיזעהין דען יהודי הנ"ל דא ער איז פון הינין גירוטין האט ער אן גיאט איין פאלינדישי אבלאסטאווי גורטי אין איין וייסן קאפיליש אויף.

155) שוב העיד כמר שלום ב"ר נחום פאנטעלעש... וז"ל בל"א:
איך בין גישטאנדין אצל הוואג זענין גישטאנדין עטליכי יהודים כמר יעקילי חייט וכמר יוסף חתן ליב יאנטל"ס אונד זונשט אנדרי לייט מיט איין גויה אויז גרוס פולין אזו האט די גויה גיזאגט וויא איין יהודי ווער בייא איר גיוועזין האט גיפרעגט נאך איין פריץ זאלעסקי... האט ער זיך זייער גיקריגט עם הפריץ מחמת משכנות ער האט גיזאגט ווערסטו מיך ניט רעכט אב ריכטין וועל איך דיך אזו באלד ביקלאגין צו פעטרקאבס הובט דער פריץ אן צו אים דיא שאלבירשט. האסט מיר דיא העלפט פר שאלבירט ווילסטו מיך נאך פר קלאגין אזו איז דער יהודי אוועק גוריטין... אך האט זיא גיזאגט וויא דער יהודי הט איין לאזור־יופ"ן אן גיהאט אין איין הימד מיט קרייזליך אויז גינייט אין איין ווייסי אפינטשי אן.

156) שוב העיד כמר יודעל בר דוד שלומס... וז"ל בל"א:
איך בין גישטאנדין אצל הוואג איז א פריצה גי־שטאנדן מיט כמה יהודים האט גיזאגט וויא איין יהודי ווער בייא מיר גיוועזין האט זי אין גיפרעגט פון וואנין ער איז האט ער משיב גיוועזין פון קראקא... איז זיא דר נאך גגאנגין אין וואלד הט זיא גיזעהין

אײן הורג ליגין מיט חרוסט צו גדעקט אין אײן האנד איז אפ גיהאקט... ער האט אן גיהאט אין ווייסי יאפאנ־טשיע אין אײן לאזור דאלימאן אין אײן ווייסין קאפריש.

157) שוב העיד כמר יוסף בכמהר״ר מתתיה׳... וז״ל בל״א:

איך האב גיהערט ווי אײן גויה איז גקומן אויף דען מרק צו יהודים אין האט גיפרעגט אוב עס גייט ענק קיין יהודי אב... האט די גויה גיזאגט ויא איר פאס־טוכיס האבין גיזאגט וויא ב׳ זענין איבר איהם גיוועזין אין האט זיך גיווערט קעגין זייא אזוי האבין זייא איהם אײן האנד אב גיהאקט... אויך האט מיר דער כפרי גיזאגט וויא ער ליגט אין וואלט מיט חרוסט צי גידעקט אין האט אן גיהאט אין ווייסין קאפליש אך לאזור דאלימאן אין ווייסי יאפונטשי.

158) שוב העיד כמר ישראל בן הר״ר מיכל גבאי.. וז״ל בל״א:

... איך בין אויף דען מרק גיוועזין איז אײן גויה גיקומין האט גיזאגט בזה הלשון ענקר אײן קראקויר יהודי האט מען גיהרגיט ער איז גירוטין אין אײן יאפונטשי אין לאזוראווי יופינן אין אײן שלעזיש העמד...

159) ... ואתא לקדמנא כמהר״ר מנחם מניס... והעיד.. בל״א וז״ל:

כמר יאקב שניידר האט מיך גיפירט צו אײן גויה האט די גויה גישפראכין איך האב אצונדרט ניט דער ווייל האט כמר יאקב גירעט ריכט פאר אב דיא יהודים איך וועל דיר דער וויל דיינה זאכין ריכטין. האט דיא גויה גיזאגט עס איז בייא איר דורך גרוטין אײן יהודי מקראקא ער האט גיזאגט האט אײן ווייב צי קראקא אין האט גיהאט אײן שווארץ בערטיל... ער רייט צי אין פריץ דער הייסט זאלעסקי מחמת משכנות הלבן האט איהר שיועסטיר גישפראכין אך וואס רייט שטוא הין טאמער וועט ער דיך דורט הרגנין. איז ער פרט גוריטין הין...

160) שוב העיד כמר מנוי קירזפ בן כמר שמואל... וז״ל בל״א:

איך האב גופירט כמר קלמן פרעטוויס צו דער גויה האט זי כמר קלמן גיפרעגט אין וואס איז דער יהודי גיגאנגין האט זיא גיזאגט אין אײן ווייסין קונפליש אונד אין אײן טורקיאס אוי דאלימאן אין אײן ווייסי אפינטשי האט איר גיזאגטער... רייט צו דען פריץ זאליסקי מחמת דז ער האט אײן בלבול עבור לאדע אחת...

161) שוב העיד כמר יהודה בר יצחק... וז״ל: אײן יונג איז גישטאנדן אין האט גיזאגט הער צו וויא דא אײן גויה מסל״ת א) איז איז ער גנגן צו איר אין האט גיזאגט צו איר וואס זאגסטו האט זי משיב גיוועזין אײן יהודי האט בייא מייר איבר נעכטיגט... עס קאן קיין סוחר ניט זיין דען ער האט גיהאט אײן לנג העמד אײן אויז גינייטש...

א) מסיחה לפי תומה.

162) שוב העיד הנער כמר עזרא בכמר נחום בנעלעש... וז״ל:

איך בין גיגאנגן אויז דער שטאט איז מיר ביגיגנט אײן גויה האט מיך גיפרעגט אײן יהודי איז קומין דער יהודי פון קראקא דער דא איז גירוטין אין גרוש פולין האב איך גירעט ניין...

163) שוב העיד כמר שמריה בה״ר משה... איך בין גאנגן במקום קראקא עם יעקילי חייט צו דער גויה איז זיא ניט ז׳ער היים גיוועזין האב מיר גיהערט אז דיא גויה קומין איז האט מיר יעקילי גיזאגט וויא דוא גויה האט צו אים גיזאגט ער זאל איר ריכטן איר זאכין וויל זיא אים אויך דוא זאך ריכטין מיט דעם יהודי. דער נאך זענין מיר ביידי אין דער שטיב צו דער גויה קומין...

164) ואתא לקדמנא כמר חיים ב״ר דוד והעיד... וז״ל:

איך בין גיוועזין בק״ק אמ״ש קלין זוא העט מען מיר גיזאגט וויא יהודים ווערין אין כפר איך בין גאנגין צי זיא אין דען הויף דא איז גיוועזין כמר קאפלי מקראקא אין האט גיזאגט ווי כמר זעליג הי״ד מקראקא ווער דא סמוך לכפר נהרג גיווארדין ווילט ען גערין לאזין אויף גראבין דער פריץ האט ניט גיוואלט האב איך אין גיבעטין אז דער פריץ האט רשות גיגעבין אין אויף צו גראבין...

165) כמר יצחק ב״ר שמואל ז״ל שמש דגבאים יצ״ו העיד וז״ל בל״א:

אז דער רבי האט מיך גיהייסין גיין זאל זעהין ניך דעם סימן הנ״ל דא האב איך דען ארן אויף גיטאן אונד גיזעהין אז ער אונטן אם כיס האט גיהאט אײן לנגין העפט קרום אויז און איז במקום ההעפט רויט גיוועזין. עכ״ל.

166) הר״ר אברהם בכהר״ר אהרן העיד.. איך האב גיזעהין אן כמר אייזק הנ״ל האט גיענפונט דען ארון של הנהרג זעליג הי״ד דא האט ער אונטן אן כיס אײן לנגין העפט גיהאט בשפוע; כן העידו העדים לפנינו היום יום ה׳ ג׳ סיון ת׳ לפ״ק. כתבנו והתמנו... פה ק״ק קאליש.

167) במותב תלתא... ואתא לקדמנא כמר יעקב ב״ר אלכסנדר והעיד... וז״ל בל״א:

איך האב דען הורג אויף גיגראבן אזו האב איך גיזעהין וויא ער האט גיהאט אײן העפט מתחת הכיס באלכסון אין דער בייא אײן רויט פלעקיל... נאום החותם יום ה׳ י׳ סיון ת׳ לפ״ק...

168) במותב תלתא... ושאלו את מרת דבורה בת חיים אשת הנהרג כמר זעליג ב״ר אליקום אם ידעה מהסימנים שהיו בגופה של בעלה הנ״ל ותאמר עם חרב בי״ד ואמרה בעונש הנ״ל בזה״ל ער האט גאנצין לייב קיין סימן מער גוהאט עס זייא דען אן פינגר אין העפט אין אונטן אונטר דיא ביצים איין העפט אין כיס אין איז קרום גיוועזין אינד איין רויט פלעקיל איין שילוגר גרויס...

נעשה ה׳ נשא ת׳ פ״ק.

אלע פון 153 ביז 168 — אין סימן נ״ג.

169) [דער אנהויב פון דער גבית־עדות פעלט און די שאלה הויבט זיך אן מיטן לעצטן זאץ פון דער גבית־עדות]:

דעם יהודי מקראקא הורג גיוועזין אין דער גזלן איז גיוועזין קורדיק.

170) במותב תלתא... ואתא לקדמנא כמר אייזיק בר יודא מנעפלאויק והעיד... וז״ל בל״א: דא איך בין גריטין עם בני לכפר גרוסקי... דא זענין מיר גיקומין אין דער קרעצמי דא האט דער קרעצמער גיזאגט ווארום שוואגט איהר מחמת דען יהודי מקראקא דאז נהרג איז גיווארדען אין דער רוצח קורדיק האטש גיטאן אין נאך איין חבר משטיניק... גייא צום לעשני ווערט דיר דען שורש וויסין צי זאגין וואו ער איז גיהרגט גיווארדין...

יום ג׳ דחוה״מ סוכות ת״א לפק.

171) במותב תלתא... ואתא לקדמנא כמר נתן בר אליעזר ואמר... וז״ל בל״א:

דאש קול איז קומן דז מן האט הורג גיוועזין את הר״ר מאיר הי״ד... אונד האט די קליידר הער גיבראכט דא האט הגאון מ׳ יואל ז״ל גירעט ווער וויז די סימנים וואש גיוועזין איז אן דיא קליידר דא לאז זאגין סמנים דערנאך וועלין מיר זעהין...

יום ב׳ ח״י למנחם ת׳ לפק.

172) שוב העידה אשת ההורג הנ״ל וז״ל בל״א: אז איך האב אלי קליידער דער קענט אז זיא זענין זיין גיוועזין גם אין היט וואס ער האט אנטליגין פון מיין שוואגיר האב איך אויך דער קאנט אז דאס איז דער היט גיוועזין.

169 ביז 172 — אין ס׳ נ״ד.

173) במותב תלתא... ואתא לקדמנא היקרים... והעידו... וכדברים האלה אמר כהר״ר משה הנ״ל אים גיפערד:

פר ח׳ אודער ט׳ שבועות איז ר׳ אברהם בהה״ר מתתי׳ מק״ק שנייטיך היא צו ק׳ נ״ש א) צוריק ווידער דורך גירייזט ונתארח אצל אבי... אין איבר שבת פה גיבליבין נאך דעם איז ער פון הינין זונדר שליח אוועק גיצויגין אונד ווי ער זונדר שליח אליינט איז ער גיקומין אזו האבין מיר כל הקהל ניט אנדרשט פר מייגט ער זייא נאך ק״ק טבא גנגין אונד וועלט זיין וועג ווידר אויף פראג צו ציהן. אום גיפערם י״ד ימים הער נאך איז איין צעקה הער גיקומין פון עטליכי כפריים... דש איין בר ישראל דווישן אין איהרע דער־פער הערום גינג אלס איין משוגע...

א) נ״ש — ניקאלשבורג.

174) עוד הגיד כהר״ר משה הנ״ל דאס בין כך ובין כך איז איין בעל הבית ממדינת פיהם צי מיר גקומין נק׳ פישל בלאך... דער זעלביג האט גיזאגט דאס אין זיין הער ציהן איז איין גויה צי איהם גיקומין אין האט גיזאגט עס גייט פון עטליכי טאג איין יהודי דווישן אין פעלד הרום אלס איין משוגע...

175) I. עוד העיד כהר״ר מנחם מנדיל... וז״ל: יום א׳ אדר ב׳ ימים לאחר אז פישל בלאך הנ״ל איז בק״ק נ״ש גיוועזין בין איך גאנגין אויף איין דארף קען ווילטוס... האט איין כפרי אויף מיר גישריאן והגיד לי בזה״ל מיין וואש איז דאס פר איין יהודי דער היא איז אין גייט ארום מבית לבית און פרעגט אויף פלון אונד קוטן פלון צי איך האב אין איינמאהל אויף הלבן וועג קיין נ״ש גיפירט איז ער ווידער פון מיר גילאפין ער וועלט אויף פלון און ניט קאן נ״ש...

II. שוב העיד כהר״ר מנחם הנ״ל וז״ל: ביום ג׳ כ״ה תשרי שצ״ח לפ״ק בין איך גנגין אין איין דארף שלאטיין איז איין תחום שבת מכפר ווילטווא הנ״ל ובתוך הדרך צווישן שלאטיין און ווילטוויא האט הכפרי הנ״ל ווידר אויף מיר גישריאן אויף דען פעלד אין האט צו מיר גיזאגט ווייסטו וואל דער יהודי איז הין גקומן דז דוא האסט יענש מאהל לאזן זוכין... ביום שבת שעבר האט דאס פקיד זיין שרייבר דיא עצמות גיפינן אין איז ניקש מערש דא אלס גריפא אין דאס איבריג האבען די כלבים אודר חיות רעות פר טראגין...

176) ביום ד׳ כ״ו תשרי שצח״ל בין איך והבירי כהר״ר משה הנ״ל... גנגין צו זוכין די עצמות...

177) גם הגיד הר״ר משה בזה״ל:

איך האב איין לנגי ווייל קיין בן אדם בחייו אזו ערנשטליך אינש פנים גיזעהין אז דען ר׳ אברהם בן ר׳ מתתיה׳ משנייטך דז איך אין באות ובמופת גנץ וואול קען דז דאש זיין בארט איז אין דרויף גיזאגט בת ישראל אשתו מיז איין גרושין זכות האבין...

פון 173 ביז 177 — אין ס׳ נ״ה.

178) במותב תלתא ב״ד כהדא הוינא ואתא לקדמנא כמ׳ יצחק בר יהושע ז״ל מקרופקא והגיד בת״ע באליו״ע וז״ל: דא איך האב גזלנים גיפאנגין דיא דא האבין כמ׳ שמואל בר צבי הי״ד הורג גיווערין דהיינו איין גזלן האט גיהייסין ליזואנש און דר אנדרר האט גיהייסין אנדריעץ און דר דריטר האט גיהייסין איוויק

בכן האב איך זיא גיפרעגט וויא האט עטק גיהרגיט מיין ברודער האט עטק איהם גיקענט דערפער אזו האט מיר משיב גיוועזין דער פויער ליוואנטק מיר אללע האלטען אללע וואול גיקענט ער האט איין זוא איין חתימת זקן גיהאט אז דיא אזו אין געלין בארט נאר ער איז וואס גרעשיר גיוועזין אז דיא. ער האט פלעגין צו גאציוועז בייא אינש אין כפר ער האט אופט פלעגין צו פארין קיין רעטשיק ער האט גיהייסן שמואל מאטניק מיר האבן איהם פעם א' ג"כ זעלין הרגנן אזוי איך נאך ניכטרעכט מיט חברותה בישטעלט גיהאט אזו האבן מיר איהם לפ"ע גיהרגיט אונ' אללע דיא זאכין וואז מיר האבן בייא איהם גינומן דא נעמט איך ווידר אונ' זיא האבן אלס ווידר געבין קליידר ושאר זאכין וואז זייא האבן בייא איהם גינומן. הוגבה כדת וכהלכה בפנינו ב"ד כתבנו וחתמנו היום יום א' כ"ח כסליו תב"ל פה עיר באברייסק: נאם יוסף בלא"א החבר יעקב יעקל זצלה"ה ונאום ארי' ליב בן לא"א הר"ר ישעיה זצ"ל ונאום יהודא ליב בן כהר"ר יצחק שליטא. ח"ב, ס' סא.

179) שוב הגיד כמר אליעזר בר' יצחק משרת של כ"מ שמואל הי"ד. דא מיר האבין די גזלנים דא האט מיר גיזאגט דר גזלן אנדרעץ דער איז גיוועזין דעם שופט איידם מיהאווינייץ אונ האט גיזאגט דיין הער וואס דיא האשט פלעגין אין דארף צו נאצווען מיט איהם דעם האבן מיר הורג גיוועזין..

... הוגבה כדת וכהלכה בפנינו ב"ד היום יום א' ר"ח כסליו תב"ל פה עיר באברייסק [דיזעלביקע חתי־מות, וואס פריער].

180) במותב תלתא בי דינא.. ואתיה לקדמנא האשה מרת פעריל בת הח"ר גרשון והעידה... וזה"ל בל"א:

דא איך האב מיין מאן ע"ה גיפונדן איני' הראבי האב אים נון קובר גיוועזין אונ' בין אויש דעם שטיקל הארבי ארויס גיפארין דען איך האב בעו"ה ניט גי־וויסט וועם איך זאל אהן נעמין בין ניט ווייט פון דעם שטעטיל גיוועזין דא האט מיר דער פקיד אויס דר זעלבין מקום נאך גישיקט אין האט מיך לאזין אום קערין. דא איך בין הין גיקומן דא הובט ער אן צו מיר די יודני וויש די רצחנים וואס דיין מאן האבין אום גיבראכט... דא האשטו דיין מאנש קליידר אין קעסטליך אונ' האט מיר דיא גזלנים גיוויזן, דא האב איך אן גיהובן צו דיא גזלנים וויא האט קענן אזו איין מאן אז איין ריז ממית זיין אזו האבן דיא גזל־נים צו מיר גיזאגט, פרוי מיר האבין דיין מאן אום גיבראכט. עס איז נאך דר דריטר מיט גיוועזין דעם שופט זיין איידעם פון האווינייוויץ. בתוך כך איז דער שופט גיקומען האט ער אן גיהובען צו מיר וואס זאגסטו יהודים די רוצחים מיט אייזין האבן דיין מאן ממית גיוועזין מיט טאכטיר האט זיא אויף גיגעבין דא האב איך מיר נאך געשיקט דען דריטן גזלן אונ האב אין אוך ביקומען. נאום החותם יום ה' ד' אדר תב"ל. יושע: ונאום ברכיה ברוך בן מוהר"א יצחק אייזיק ז"ל שפירא: ונאום מרדכי בלא"א ה"ר פנחס זלה"ה.

אלע בריוו — 178 ביז 180 — אין ח"ב, ס' סא.

181) יום א' ח' סיון העיד כמר דוד אנזלש מחמת הנאבד יונה בח"ר יצחק ז"ל איך האב העלפין זוכין אין גרא־בין צי האקינבורג ביום א' ג' סיון בין איך אראב גישטיגן אין האב העלפין אב וואשין דאס פנים איז ניט ניכר גיוועזין איז אלז פארשווארצט גיוועזין... גם האבין מיר גיפניען די אייזין אן דיביידע פיס מיט סימנים וויא אונש דער שמיד דערפיר געזאגט האט לפי תומו דהיינו דז הברזל של רגל שמאל האט אין בראך נאך דער לפנג מבחוץ ונאך ימין איין בראך ושיבר באמצע... גם שמעתי מפי הקאסטנר דער קארנס הבעל מלחמה האט זיך בירימט מיר האבן דען יודין יונה איין טריט געבין אויף דז אין געזיכט אין דאס גייות האבן אונז גיהייסין זעהין נאך דען פנים.

182) העד השני כמ' ליבל בר דניאל העיד. איך האב אין העלפין ארויס טאן אינ גיזעהן מתחלה איז קיין צורה ניכר גיוועזין האבן מיר וואל אב גיוואשין האב איך גיפינדן דאס מקום פון דער ווארץ איז הייס גיוועזין אין הוך גיוועזין אויך דיא אייזן האב איך גיפינדן וויא דער שמיד האט גיזאגט איז אנדרשט אז אנדרי אייזען דען ווי מן דיא גזלנים גיתפסת האט זיינע חברים האט מן קיין אייזן מעהר גיהאט האט מן געך איין פאר אייזען בייא מיר גימאכט זיין אין איין שטיק... איך האב גיזעהין דס ער איין צייכען האט גיהאט איבר דעם ראש אז ווען מן אים מיט דעם ריגל של אותו המבצר גישלאגען העט דען רוחב החריץ איז אזוי ברייט גיוועזין אז הבריח של שער המבצר...

183) כמר יעקב בר אליקום העיד. ביום ב' שאחר הפסח העבר בין איך גיגנגין פון דערן האלץ אויף נייא זידל איז מיר ביגעגינט איין גוי מנייא זידל בהשכמה האט ער מיך אן גירעט וואו הער אזו פריא ואמרתי לו מיר מוזין נאר בייא נאכט אודר פר טאג גיין עס איז גאר אים זיכער והשיב עש איז וואר עס איז בייא מיר גיוועזין דר קירנט אין דר אנדר די צו האקינ־בורק זיינן תפוס גיוועזין האבין אויז גיבראכן אין דר יהודי האט אויך וועלין אויס ברעכין איז ער אין זומפא העריין גיפאללען...

184) מהר"ר יקותיאל גיסו של יונה העיד דס ער אין וואל גיקענט האט אן די ווארץ אויך דיא מלבושים ווי ער אין דר תפיסה גיזעהן האט די זעלביגען מלבושים האט ער ווידר דר נאך דר קענט. גם מצאו אצלו תפילין והסידור קטן...

185) גם העיד כהר"ר שמעיה' ב"ר גרשון ז"ל. היום לערך ד' שבוצות בין איך גיוועזין גנגין בין הכפרים איז איין

גוי קומען צו מיר אינ' צו מיר גיזאגט אויב איך נישט ווייס ווי עס דען יודין גיגנגין איז דר צו האקינבורג גיפאנגען איז גיוועזין האב איך גיזאגט איך ווייס ניקס. האט דער גוי גיזאגט ווי דר בעל מלחמה דר קארנט אין דער באדיר דיא מיט דען יודי זענין תפוס גי־וועזין האב זיך אויס גיבראכין אויס דער תפיסה אין זענין בלילה דא גיבליבען אין שייפעל הויף... יום א' י' סיון ת"א ל'.

186) ביום הנ"ל בא כמר הירשל בר מרדכי בר' פרץ וז"ל: בין גיוועזין צו לאב האט מיך איין גוי גיפרעגט אויב איך נישט ווייס פון יודין דר תפוס איז גיוועזין צו האקינבורג... ווי ער גיהערט האט פון דען בעל־מלחמה קארנעט אונ' פון באדר די זיין תפוס גיוועזין עם היודי דז זיא דען יודי העטן אים גיברענגגט דהיי־נו האבן אום איין אייזן אין קאפ גישלאגען אונ' אין וואשיר גיווארפען אונ' אונטר גידרוקט ביז ער גי־בליבן איז.

187) העד האחרון כמ' צבי בן מוהר"ר מרדכי בזה"ל: איך האב המלבושים גיקענט די ער אן גיהאט האט ווי מן אין גיפונין האט זענין המלבושים גיוועזין דיא ער אן גיהאט האט איער אין דער תפיסה גיוועזין איז... אוך ווייס איך דז אין ג' שנים קיין יהודי איז תפוס בכאן גיוועזין... והתמנו היום יום ד' כ"א לחדש אייר תב"ל ל', פה נ"ש [גיקלשפורג].

188) העד בא באחרונה כמ' יודא בר' אברהם מנ"ש: בין גיזעסין פר מיין הארברג איז קומן איין בעל מלחמה האט מיר ערנשט אן גיזעהן... פרעגט ער מיך האבט איר דען יונה גיקענט אמרתי איזה יונה, השיב דער דיא יודין האט פר ראטין. אמרתי איז איין שיינר פייגעל גיוועזין האט אבר זיין טייל גיקריגט. השיב הקארניט ואמר לי דז זי האבן דר שלאגען מיט איין אייזנר שטאנגין אונ' האבן אין אינש וואשיר גיווארפין. דיא האבן גיזאגט זיא האבן אין דרום דר שלאגען דז ער אין זיא אן גיפיר'[ט] האט די גזילה צו טאן.

פון 181 ביז 188 — אין ח"ב, ס' ס"ב.

189) במותב תלתא... ואתא לקדמנא איש א' ששמו מנחם בר שלמה מק"ק אוסטרא והעיד... וז"ל בל"א:

איך בין גיריטין בשליחות משלש ארצות עש איז נון בערך ארבעה שנים צו זוכין לייט דיא אוישן זיי פון אירי ווייבר וויא איך בריב האב ממנהיגי ג' ארצות דאס איך משולח דארויף בין דא האט מיך ביגעגינט אינטר דיא זיט"א אשכנז א' יהודי ממענץ איז גיפארין מיט בתולות ונשים איך האב אין ניט גיקענט ער האט גיזאגט ער הייסט משה ב"ר צדוק... האט ער גיזאגט וויל דיא רייטש בעסקים אלו וויל איך דיר ג"כ וואס זאגען עס איז מיט אינש אין די חברותה גיוואנדרט פאלק א' ער הייסט ר' מרדכי בהר"ר יצחק ער איז אבר גיהרגט גיווארין דהיינו סמוך לביב"ג האבין מיר גיטראפין על חיל של בני"ר האט מן אונז כל אשר לנו אוועק גינומען זענין פיל פין אונז דר טרונקן גיווארדן זענן זעלב זעקסט איבר גי־בליבען האט מן דעם פאלק הנ"ל גישלאגין עד למיתה ער האט קאם קענן ריידען... האט ער גישפראכען איך האב קיין קונד איין חייב האב איך איך בין בירטיג ממציא"ב סמוך ללבומל"א מיין ווייב הייסט צירל בת ר' מאיר מוסאקי... האב איך גיהארט ביז דיא נשמה איז אים אויס גיגנגין דר נאך בין איך גילאפין לק"ק בינג האב אים לאזין פירין טוטיר הייט אין דר שטאט דא האט מן איהם ביגראבין...

יום ה' ד' כסליו השצ"ט.

190) הגיד כמר מנחם הנ"ל וז"ל בל"א:

איך בין גיקומען אין לאנד פון פיהם בייא דער זיטא אין דער גרעניץ פון אשכנז אזו האב איך בעגעגענט אין פעלד איין איש זקן דר האט גיפירט נשים ובתו־לות קיין פראג צו. האבן זייא מיר מספר גיוועזין דאס דער איש זקן האט גיטראפין אויף דעם לעגיר של באניר זענין פיל פון זיא אום גיקומען האט ער מיך גיפרעגט וויא היין איך פאר וואס מיין טאן איז והשבתי דאס. בין מתעסק משלש ארצות בעסק עגונות...

191) ושוב העיד היקר כמר יודא ליב ב"ר יושיע נפתלי מק"קווירמז... וז"ל בל"א:

יום הכפורים אשתקד שנת ת"ו אל"ף לפ"ק בין איך גיוועזין צו עמדעת אין פרוזין לאנד מיט מיין בעל הבית פון פראנקפורט ושמו יעקב זיתילש אחיו של ליזר זיתלש מק"ק פראנקפורט. דר האט עוקר דירה גיוועזין אין פולין אריין אין איז ווידר אליין ארויש גיצויגען האט ער צו מיר גירעט איך מיין איך וויל פר דיהנען מאה זהובים. אין פולען איז מיר פר הייסן גיווארדן מאה זהובים ווען איך וועל ברענגין איין עדות דס איין בעל הבית איז נהרג גיווארדן צווישן בינג און מענץ דר בעל הבית איז איין מלמד גיוועזין בבית זנוויל האז בק"ק פרנקפורט. צו פראנקפורט האט ער גיהאט איין ווייב גינומען דר איז גיפארן קיין בינג אין איז דארטין איין מלמד גיוועזין האט מן איהם גילאזט הוילען קיין מענץ אויף איין משפט פין וועגין נתינת הלבן וויא ער איז נאך בינג גיצוגען אונטר וועגין מיט איין שליח זיין בעלי מלחמות איבר זיא קומען אינ האבן דעם יודי הורג גיוועזין דורך איין שוס. דר נאך האט מן גיוואר ווארדען אז ער נאך איין ווייב האט אין פולין האט מן גירעט שם רשעים ירקב.

יום ב' י"ב תשרי תב"ל.

191-a) ... ואתא לקדמנא כמר יעקב ב"ר יצחק זיתל מק"ק פ"פ ... וז"ל:

איינר האט גיהייסען צו פ"פ ר' מרדכי ער איז

גיוועזין ממדינת פולין איז איין מלמד גיוועזין בביה
כמר זנוויל האז כמו ששה שנים האט גיזאגט ער
ווער איין אלמן בכן ער האט איין ווייב גינומען זנוויל
האט איהם קנס גישלאגין אין האט חתונה אויך גימאכט
דער נאך האבין אים ק"ק בינג אויף גינומען פר איין
רב איסור והיתר פסקין ביז דס זיא האבין זעלין איין
רעכטין רב אויף נעמין איז גיוועזין בשעת רעש הירום
של מלחמה בעת ההיא האבין ק"ק מענץ איין צאנק
גיהאט אונטער אננדר אזוי האבין זיא גישיקט נאך ר'
מרדכי הנ"ל איז ער בייא זיא גיוועזין צו ריק וועגש
האט ער זיך גידינקט גוי איין שליח אונטער וועגין
זינען איבר זיא קומאן רוכבים האבין זיא ביגזלת וויא
דיא רוכבים זענין פין זיא אוועק גיריטין האט ער זיא
גידריט האט גיזאגט ער וויל זיא גיפינדן דרום בכן
האבן זיך ווידער אים גיקערט אין האבן דעם מרדכי
הנ"ל דר שאסין... מיין פאטער ז"ל איז נהרג לאנג
גיווארדען בשעת הגירוש ניט ווייט פון מיינם פאטער
האט מן דעם מרדכי הנ"ל גילייגט.

יום ד' ז' אייר תב"ל פה ק"ק בריסק.

192) במותב תלתא... ואתא לקדמנא מרת רחל אלמנת כמר
עובדי' כ"ץ ז"ל והגידה... וז"ל בל"א:

איך בין גיוועזין אין קרעטצום צווישן מציאב אין
צווישן לובומלא איבר שבת אין גישטאנדן האט מיך
גיפרעגט איין בעה"ב אויס דר הרבריג הנ"ל איז ניט
בייא אייך צו בריסק איין אלמנה חיה האב איך גיענטפרט
עש זאל קיין מער זיין איינה איז דא הייסט צירל בת
מאיר איך האב אבר עפיס גיהערט דז וואס עדות
גיפאלין איז אז זי זאל מותר ווערדין... און דער
בעה"ב הנ"ל איז איין גוטר מאן מען קאן גירעכטץ
דער קענין איינם אויב ער גיט איז.

היום יום ב' ז"ך אלול השצ"ט ל'.

193) במותב תלתא... ואתא לקדמנא הר"ר חיים בכה"ר דוד
והגיד... וז"ל בל"א:

צו פראנקפורט האב איך מיך גיזעהיין מיט ר' וואלף
מענצילש מפראג זוא האט ער מיר גיזאגט ער איז
גיוועזין בק"ק לבוב איז פיזא אשת ר' פנחס אויך
דארט גיוועזין האט זי מיך גיבעטין איך זאל חוקר
ודורש זיין נאך איינם הייסט ר' מרדכי האט איין
חייב הייסט צירל דינט ביי מיר אוב איך זאלט קענין
גיוואר ווערין פון אים איינטפר גט אודר איין עדות
זאל איך האבן פר מיין טרחה מאה זהובים...

194) שוב הוסיף הר"ר חיים... והעיד וז"ל:

איך האב אויך גיהערט צו פ"פ קול פשוט דז ר'
מרדכי הנ"ל איז נהרג גיווארן איך בין גנגין צום
האב"ד מהר"ר שעפטיל סג"ל ער האט איין ב"ד גיהאט
פון מענץ אין האט עש פר לארן דא האב איך איהם
גיפרעגט וויא ער מיינט אויב די עגונה אשתו וואס
איז צו פרנקפורט מותר ע"פ דין בי"ד הנ"ל והשיב
לי מן האט גימושט לערין דרויז איז ניט גנץ קלאהר
גיוועזין אבר איינער הייסט מהר"ר חיים סמיטש איז
איין גרושער למדן דער האט גיזאגט דאס בי"ד איז
ניט גיוועזין דא ווער יוא מותר גיוועזין נייארט דער
רב רעט דרום אזוי פין עולם וועגין זאל ניט איין
תרעומות האבין אוף איהם דז ער האט דז בי"ד פר לארין.

195) ושוב העיד... וז"ל:

דז איך האב גיזעהין דיין ווייב צו פרנקפורט אין זיין
קונד הייסט יצחק נאך זינם פאטר דז האב איך גיזעהן
נאך דעם בי"ד של הריגה וגם ספרה לי אשתו וויא
קודם דז האט זיא גיוואלט דעם חיתון טאן מיט ר'
מרדכי הנ"ל האט מן גיזאגט וויא ער האט איין ווייב
אין פולין דא האב איך דען שדוך ניט גיוואלט טאהן
איז איינר קומען אויס פולען האט גזאגט ויא זיין וויב
ווער גישטארבין בשעת לידה אין נאך דער חתונה
האב איך גוואר גווארן ויא זיין וויב לעבט.

א' ב' תשרי ת"ג.

196) היום יום א' בחשון תג"ל נתיישבנו לכתוב כאן עדות
א' מה שהעיד לפנינו איש אחד נאמן מוחזק לאיש
ישר בכשרות ונודע שמו בכל מדינת אשכנז בשם הר"ר
זלמן רופא מעיר ווישין ומפני המלחמות עקר דירתו
ונתיישב בק"ק קאבאליין... והא לך עדותו. איינר האט
גיהייסן ר' מרדכי ער איז גיוועזין אין פאלק... דר
ר' מרדכי האט גיבראכט קען קאבלינץ אשת שר הצבא
שהיה נקרא דר ליידן אמט וויש זיין גוי' איז גוועזין
בעיר מיץ אשר בצרפת דא האט ר' מרדכי הנ"ל דיא
גויה הנ"ל דורך דעם חיל של הקיסר דורך גיבראכט
איז איין גרוש חידוש בעיני כל העולם וויא ער דאס
האט פארט גיבראכט דער ליידן אמט ווייש הנ"ל האט
איהם איין גרושה מתנה גיגעבין פר זיין שכירות נאך
דעם בין איך איין מאל קומן אין שול אריין איז איין
גרויש גיזעמיל גיוועזין איין שול פרעמדי לייט זיין
קומן צו פארין זיין גיוועזין אויס גליל של מיץ. דיא
האבן גיזאגט דער מרדכי דער דעם ראש האט די גויה
גיבראכט, איז נהרג גיווארדן. עכ"ל.

197) שוב העיד הנעלה הר"ר יצחק ב"ר אברהם אשכנז
מק"ק ביילא דז איז מיר ידוע דז דער מרדכי דער
דא האט דורך גיבראכט דען ליידן אמט ווייש גוי'
פון מעץ קיין קאבלענץ איז איין חידוש גיוועזין וויא
ער האט זיא פארט גיבראכט ער האט איהם גישענקט
מאה אדומים... זיין מו"מ של ר' מרדכי הנ"ל איז גי־
וועזין איין מארקא דענטיר דר דא האנדלט מיט זעלנר...

198) שוב העיד הנעלה האלוף מוהר"ר שמואל בן הגאון
מו"ה אהרן מק"ק פ"פ. דר ר' מרדכי האט דעם ראש
גויה גיבראכט צו ר' מרדכי האט איין ווייב גינר־
מצו ושמה יוטכן אין האט איין קונד הייסט יצחק...

אויף דעם ר׳ מרדכי הנ״ל זענין כמה עדות בכתב גישוקט גיווארדן פון מיך קיין פרנקפורט וויא ער נהרג גיווארדען מען האט דיא יוטכין ניט וועלין מתיר זיין אויף דיא עדות. עכ״ל.

פון 189 ביז 198 – אין ח״ב, ס׳ ס״ג.

199) ... ואתא לקדמנא כ״ם קלונימוס בה״ר שמואל זנוויל מק״ק קראקא והגיד:

„איך בין גריטין במדינת אשכנז צום לעגור בתוך בעלי מלחמות מיט עטליכי צייאן בכן האט מיט מיר גירעט איין בעל מלחמה במסל״ת און מיך גיפרעגט האסטו גיקענט איין יהודי מקרקא האט בשמו גיהייסן איסרעל מקראקא האט מיר שמועות גיזאגט פון איהם ער צו פעלעגין צו איין נרין צו מאכין און איז גאנגין אין ניט גיריטין רק מקלו בידו נאך גגאגגין ווען דער לעגיר זיך גירוקט האט... דר זעלביג איסרעל איז גיהרגט גווארדין, פויערן האבן איהם הורג גיוועזין...

בשנת ת״ז. ח״ב, ס׳ ס״ה.

200) במותב תלתא... ואתא לקדמנא הר״ר מאיר בר דוד שהיה ש״ץ בק״ק לאחוויצא והגיד... וז״ל בל״א:

ביִיא אינז צו לאחוויצא איז גיוועזין איין יהודי האט גיהייסן חיים נאראל האב איך גיהאט גיפרעגט ווער דער יהודי איזט האבין לייט גזאגט ער הייסט חיים נאראל ער האנדילט מיט גלאז בכן איז ער גיוועזין גיפארין אין די הוט ב׳ פרסאות מלאחוויצא אין האט עטליכע וואכן גיזויאמט אין דיא הוט פאר דיא גזירה אין דא דיא גזירה איז גיוועזין זיינין פיל יהודים בעו״ה נהרג גיווארין דא איז גיקומן נאך די גזירה כמר פייביש שותפו של כמר חיים הנ״ל אין האט גי־זאגט דז דר זעלבן חיים נאראל איזט נהרג גיווארין דא האט מען איהם גיזיכט אין האט איהם ניט קענין גיפינן. ואח״כ דא דער שנייא איז אפ גגאנגין האבין אונזרי בעלי בתים איין ראט גיטאן. פאר דיא גוים וועלכר ווערט גיפינדן איין הורג פון דיא הרוגי גזירה הנ״ל דא וועלין זיא איין טאלר געבין דען עס זיין פיל יהודים נהרג גיווארין. אזו האבין די גוים גיפונדן הרוגים דא האט מן זיא גיבראכט לק״ק לאחווינצא דא האבין זיא דיא בעלי בתים דער קענט און האבין דער קענט דאס איינר צווישן דיא הרוגים איז גיוועזין חיים נאראל הנ״ל. אים שבת הגדול שצ״ח האט מען דעם חיים נאראל גיבראכט...

201) שוב העיד היקר כמר אהרן ב״ר יהודא מק״ק לאח־וויצא... וז״ל בל״א:

אים שבת הגדול הנ״ל לעת מנחה האט מען גיהאט גיבראכט מק״ק לאחוויצא איין הורג ער איז גיבונדן גוועזין דא האבן אין דיא לייט דר קענט האבין גיזאגט דאש איז גיוועזין דר דא האט מיט גלאז גיהאנדילט ער האט גיהייסן חיים נאראל.

... פה ק״ק ניזין ביום ט״ו סיון שצ״ח לפ״ק.

202) במיתב תלתא... ואתא לקדמנא היקר כמר יהודא ליב בר דויד מק״ק לויציט והגיד... וז״ל בל״א:

איך האב גיקענט דען חיים דער דא האט פלעגין צו האנדלין מיט גלאז. אזו דא די גזירה איז גיוועזין בין איך באותו פעם גיוועזין בק״ק לאחוויצא דא זיין בעוה״ר נהרג גווארדן חמשים נפשות מישראל דא האט מען זיא צו קבורה גיברענגט אבר י״ב נפשות זענין אפ גיגאנגין ואח״כ דער דא שנייא איז אפ גאנגען אין די וואסער איז אפין גיוועזין דא האט מען גיפונדן איין הורג אין וואשיר איז גיבונדן גיוועזין דיא הענד אין דיא פוס אין דער האלז אזו האבין עטליכע לייט גימיינט אברהם שאפיר איזט עס וייל ער איז גרויס גיוועזין אבר איך האב אין דר קענט דאס איזט דר חיים גיוועזין הנ״ל.

203) שוב העיד הקצין כמר אלכסנדר בן החבנר] יעקב מק״ק לאחוינצא: איך בין בשעת הגזירה גילאפין עם אשתי אין דיא היט ביום ו׳ בהשכמה קודם עשרה בטבת בשנת שצ״ח דא האב איך דא דער ווישט את כמר חיים נאראל הנ״ל. בכן האט דער היטניק צו אינש גירעט ניט זוימט אייך דען עס איז מסוכן פר אייך איך חיל אייך פירן אין דיין שוואגירש פאסיקה אזוי בין איך גאנגין אין דיא פאסיקה אין דער חיים הנ״ל איז אויך מיט אונז גינגן דא האט דר חיים אן גיהאט איין קורטא אונ׳ איין קארט און איין לאנגי ביקס. דא איז דער חיים הנ״ל גינגן מיט דעם הוטניק צו ריק אין דער הוט אין איך בין גבליבן עם אשתי אין דער פסיקא דא איז דר נאך אבר קומן צו מיר אין דיא פסיקה דער הוטניק מיט דעם חיים להבדיל אין האט גירעט צו מיר אום דעם גאט מכט אייך צוויק לופט וואש אייך די אויגן טראגין דא בין איך גילאפין אין איין אנדרע פאסיקה אניין אין דער חיים הנ״ל איז אבר צוריק גינגן מיט דעם הוטניק. דערנאך זיי קומין איבר מיר ריקים אין דיא פאסיקה דא האט איין ריק אן גיהאט די קורטה של כמר היים הנ״ל אין דען קארט אין דיא ביקס דא האב איך תיכף דר קענט, אין האב גירעט דאז איז דען יהודי הנ״ל דא האבין דיא רקים משיב גיוועזין מיר האבן גיהרגת אין האבן אין גיווארפין אין וואשיר דא האט ער פארט גילעבט דז ער האט כמה פעמים קען פאר גישלאגין מיט קאפ צו אייז מיר האבין אין מיט רהאטינש אין וואשיר גישטאכין ביז ער דאז ער איז טוט גוועזין. ער איז זייער שטרק גוועזין ער האט אינז שיעור גיהרגת דא האבן דיא רקים אללס גיזאגט פר מיר...

יום ג׳ י״ט סיון שצ״ח לפ״ק פה ק״ק ניזין

פון 200 ביז 203 – אין ח״ב, ס׳ ס״ת.

204) במותב תלתא... ואתא לקדמנא האלוף מ' מרדכי במהור"ר ברוך כ"ץ והגיד... וז"ל בל"א: אז שמעון האט דיא מקומות בב"ה בק"ק צווימר גיקופט מראובן הנ"ל דא איז שמעון מיט ראובן גישטנדין און איך היבט ראובן אן צו רעדן צו שמעון ווען איר יוא איינש גיקופט קויפט מיין בית אויך שמעון האט משיב גיוועזין מיין האב טראגט עש ניט אויס. למחרת איז גקומין שמעון צו מיר און האט מיך גיבעטין איך זאל סרסור דרינין זיין ער וויל עס יוא קויפין... ר"ש זהובים לראובן אין זיין בייטל אונד דען פריץ איבר זיך צו נעמין...

205) שוב העיד הר"ר שמואל שמש... פר מיר און פר ר' מרדכי כץ הנזכר לעיל האט ראובן ואשתו מקבל קגא"ס גוועזין באשה והדר בעלה דז זיא איהם במקח גמור האבין זייער בית פר קויפט.

204—205 — אין ח"ב, ס' צ"ז.

## XIV. שו"ת „גאונים בתראי"

א זאמלונג פון שאלות־ותשובות פונעם „תוספות יום־טוב", פונעם ט"ז, פונעם ב"ח, פונעם „פני־יהושע" און פונעם „רבי רב העשיל", צונויפגענומען דורך דעם קראָ־קער רב ר' אריה־ליב, דעם שטיף־זון פונעם ט"ז — דעם מחבר פון „שאגת־אריה". די זאמלונג איז ארויסגעגעבן דורך ר' אליהו בר' משה גרשון מק"ק פינטשוב, געדרוקט אין טורקא אין יאָר תקכ"ד (1764). די תשובות שטאַמען אַלע פון דער ערשטער העלפט XVIIטן י"ה.

דער טעקסט איז גענומען פון דער ערשטער אויס־גאַבע.

206) ... ואתא לקדמנא ה"ק ברוך יצ"ו בהר"ר יעקב ז"ל והגיד... בל"א:

איך האב נאך מיין חתנה גימאכט צו פראג האב איין מאל דארט דער זעהין ר' אברהם עברייל מטלי' האב איהם גיפרעגט וואש זיין טון איז היא האט ער מיר משיב גיוועזין האט בדעה אין אשכנז צו פארין... האב צו איהם גישפראכין וויא וועלט איר איצונד ארוש שעת חירם קען דאך ניט אויף דען וויישן בערג האט ניט מיר גלייך גענפרט... דער נאך בין איך מיט יודא קינד ע"ה שפצירין געין אויף דר אלט שטאט אין גילדין רוזין הויז זייני קומין בעלי מלחמות פון אשכנז הייפט יודא אן וואש זאגט איר נייש פון קריג וואש דרוישין א"ז האבין איהם גיזאגט בכן האט איינר צו אנש גישפראכין איר יודין דז איין מושל איז דער שלאגין גיווארין אונטר וועגין פון הינן אין אשכנז... בין עטלכי ימים אחר זה בין גנגין אין דער גס האב גיזעהין איין אסיפה האב גיפרעגט וואש דער מער איז האבין מיר נשים משיב גוועזין האש דארטין זענין גיוועזין דער ר' אברהם... איז נהרג גיווארין...

כל הנ"ל הגיד... יום ה' א"ך תמוז ת"ט לפק.

[די תשובה איז פון פראָגער רב, ר' יו"ט ליפמן הלוי העלר, דעם מחבר פון „תוספות יום־טוב"].

ס' י'

## XV. שו"ת „איתן האזרחי"

פון ר' אברהם ב"ר ישראל יחיאל כ"ץ ראַפּאָפּאָרט, באַקאַנט אונטערן נאָמען ר' אברהם שרענציל. זיין געבורט־יאָר איז גענוי נישט באַוואוסט. זיין פאָטער איז געשטאָרבן אין יאָר שע"ד (1614). ער אַליין איז געשטאָרבן אַ זקן אין 1651, נאָכדעם ווי ער איז פינף־און־פערציק יאָר נאָכ־אַנאַנד געווען ראש־ישיבה און רב אין לעמבערג. געווען נשיא און גבאי פון ארץ־ישראל און פאַרזיצער פונעם „ועד ארבע ארצות". זיין ספר „איתן האזרחי" אַנטהאַלט אַן אוצר מיט היסטאָרישן מאַטעריאַל, דער עיקר בנוגע כמעלניצקיס צייטן; געדרוקט אין אוסטרהא, תקנ"ו.

זע: ש. באַבער, „אנשי־שם", סימן י"ב.

די טעקסטן:

207) ... ואתא לקדמנא הבהור כמ' חנן דמ' מיכל מק' טאמשוב והעיד:

איינר האט גהיישין ר' ליב פון קראטניצה דער פאטר האט גיהיישין ר' פסח... האט איהם ירמיה ה"ל צו קאמר היד איין ווינצא גיגעבן צו דרויף אויף י"ב קעסלין בכן לערך שמנה ימים לפני ההריגה שנעשה בטולטשין איז גקומן דער ר' ליב זיין ברודר מלך הבחור מקראטניצה בכן איז דא איין מהומה גיווארין האט מן זיא ניט גוואלט ארויש לאזן ובדוחק גדול ע"י השררה זענין אלי גלאפין פון קאמר היד און זענן גקומן קיין טולטשין גם איז ר' ליב בה' פסח ואחיו מלך אוך אהין גפארין און איך בין אוך מיט זייא בייא אננדר אין שלאס גוועזן... בכן דא השר הדוכוס שמעטעוויטינסקי האך [האט?] נאך הפשר גיהאט עם הקאזקין יהודים ארויש געבין, בכן ביום ה' האט מען שבוים אוועקגנומן לקק אומאן. וביום ז' דא די פויערין זענין גיקומין צו לויפין אין חצר לפני השלאס איז ירמי' מיט זיין גזינד גשטאנין אין דעם עק אין איין ווינקיל גם ר' ליב ר' פסחס הנ"ל ואחיו מלך... דא האב איך גזעהין מן האט מיד אן גהובין אין דעם זעלבגן עק צו הרגנן. איך האב גזעהין ירמיית ווייב און מיין שטיף מוטר זענין נהרג גווארן. מען האט דארטן גהרגת און קיינר האט ניט גקאנט אנטלופין דען עש איז אין שלאס גשטאנין אלפים פויארן וועו עש איז אנטלאפין גוארן איז דארטין נהרג גווארין, דער כלל איז קיינר ניצול גווארין מן ההריגה. רק אז

מן האט דיא בסטי אן גצונדן איז זייער הייס גוועזין בין זייער גווייגט ארויש גלאפין אופן בית הקברות. דר נאך בין איך שמונה ימים אין דר שטאט דארטין גוועזן האב איך גפלעגט אין שלאס אריין צו גיין — און... גזוכט איטליכר זייני לייט... האט מן גזאגט עש איז ניט איבר גבליבן רק א טייל זענין פר ברענט גוואריז...

הוגד כדת לפנינו הדיינים ק״ק לבוב ביום ה׳ י״ח אב ת״ח לפ״ק.

208) ... ואתא לקדמנא ה׳ משה במ׳ יוסף והעיד:

בייא מיר איז איין גשטאנין איין יהודי מטולטשין ושמו מאיר און האט פר מיר גזאגט וויא ער האט בריב גברעכט צו זעליג שמש... דז ..ר׳ ליב מקרטצהין... איז נהרג גווארן אין טולטשין... ושוב אמר לפניו ר׳ יעקב חתן ר׳ הירץ מנעמרוב צו וואש זאל מיר דר בריב איך וויש אז ער איז נהרג גווארין דען מיט מיר איז ר׳ ליב הנ״ל גלאפין מטולטשין אין איין וואלד זענין גוים איבר אונז גקומן האב איך גזעהן וויא מ׳האט אים שני פעמים אין קאפ גשלאגין דז דאש בלוט איז אים איבר דעם פנים גרונין און איז צו דר ערד גפאלין און האט גשריגין אויף מיר אז איך זאל אים מציל זיין און איך בין פר מיר גלאפין...

הוגבה היום יום י״ט למנחם ת״ח לפ״ק.

209) ... ואתא לקדמנא מרת אסתר בת הר״ר אהרן כלת ירמיה והציד[ה]:

איך האב גיהערט פון מיין שווערינש הא׳ אשת ר׳ שמירל בר׳ ירמיה והשניה בת ירמיה אז זיא האבין גזעהן בעיניהם וויא מען האט ר׳ ליב מקראטנצע דר איז גוועזן ב״א של ר׳ ירמיה הנ״ל דז ירמיה הנ״ל האט אים עם בנו ר׳ איתמר האט עטליכי קעסלין גגעבין ער זאל ייש ברענין דעם ר׳ ליב האבין זייא גזעהין אז ריקים האבין אים גהרגט אפילו זייא האבין אים ניט רעכט דר שלאגין האט ער גשריגן צו דיא ריקים איך ביט אייך דר שלאגט מיך רעכט אזו האבין זייא אים רעכט דר שלאגין...

הוגבה כדת וכדין... כ״ד מנחם ת״ח לפ״ק, פה לבוב.

אלע דריי — 208,207 און 209–אין ס׳ כ״ב

## XVI. שו״ת „צמח־צדק״

ר׳ מנחם מנדיל קראָכמאַל, דער מחבר פונעם שו״ת־ספר „צמח־צדק״, איז געבוירן אין קראָקע אין יאָר 1600. ער איז געווען אַ תלמיד פונעם ב״ח און דיין אין קראָקע. אין יאָר 1636 איז ער אַוועק קיין מערן און געוואָרן רב אין קרעמזיר, אין 1646 איז ער געוואָרן רב אין פּראָסניץ



און אין 1650 — אין ניקעלשבורג. דאָרטן איז ער געשטאָרבן אין יאָר 1661.

זיין ספר „צמח־צדק״ האָט נאָך זיין טויט אַרויסגעגעבן זיין זון, ר׳ אריה יהודה־ליב. דער ספר איז געדרוקט געוואָרן אין אַמשטערדם תל״ה, אין אַלטדאָרף תקכ״ד, אין פיורדא תקכ״ו, אין סודילקאָוו תקצ״ד. די ציטאַטן זיינען גענומען פון דער ערשטער אויסגאַבע.

זע: ש. א. הורודצקי, לקורות הרבנות, זייטן 201–216.

די טעקסטן:

210) ביום ג׳ באסרו חג דשבועות תאי״ו זיי״ן לפ״ק העיד כמר שלמה זלמן בן אהרן שור... וז״ל בל״א:

... איך אונ איצק מאניש זיין גאנגין בערב שבת בכפר לאדין דארף זיינן מיר פיר גאנגין פר איין שטאדיל האבין שקצים דרינן גיארבט שרייט איינר ארויז אנשיל אנשיל גיב מיר ווערפיל, זוא האב איך תיכף משיג גיוועזן דער שקץ מיינט וואש וועגין דען אנשיל הנאבד... ער האט מיט אנשיל אופט פפלעגין צו פארין קען ק״ק ווינא דער שקץ האט פפלעגין פיש צו פירן איז אנשיל מיט אים גיפארין ער זיין גוטר ביקאנטר גיוועזין... זא זאגט ער זיא זיינן נוא אין וועג גיוועזין פון שרי״ק ארויז זא האבן זיא פיר גווערט אונ׳ זיא איין מורא גימאכט עש ווערין רייטר דא פר האנדין זיא ווישטן ניט זיינן זיא פריינט אודר פיינט זיא זאלן אום קערין אונ׳ זאלין נאך ווארטין. דא קעירין זיא זיך אום אונ׳ אן אובנט קאמן זיא איבר מינן און שניידן זיא די קאפף אפ, עש איז גיוועזין דער יעגור אונ׳ דער קראלי. אונ׳ דער ווירט האט ג״כ איין חלק דראן גיהאט...

211) ביום א, ב שבט תאי״ו חי״ת לפק העיד כמר יהודא ליב בן מהור״ר אברהם דעקינג וז״ל בל״א:

איך אונ׳ כמר שלום פשקיז זיינן גיוועזין בכפר לאדין דארף האבין איין שקץ טוך פר קויפט זאגט דער שקץ קומט מיט מיר צו דעם בעקין דארט האב איך מיין געלט זיינן מיר הין גאנגין זאגט כמר שלום הנ״ל זיך אין דעם בית איז אחד דער יודע איז מן הנאבדים בעו״ה... זא האבן מיר דען שקץ גיפרעגט איז דעס אזו גיוועזין אז רייטר פר האנדין זיינן גיוועזין זאגט ער ניין עש זיין קייני פר האנדין גיוועזין איז נאר זא אן גישטעלט גיווארין דז מען זיא צו ריק גיבראכט האט.

212) שוב ביום א׳ ט״ז שבט תח״ל העיד כמר מנחם מנדל בן אהרן... וז״ל בל״א: פר עטליכי וואכין זיינן מיר גיוועזין צו אובר זולץ דהיינו מיין טעט אונ׳ כמר מרדכי דאביט שויא אונ׳ איך. ובליל שבת האבין מיר געשין איז מרדכי אנטשלאפין וויא ער גיזעשין איז אונ׳ זיין קאפף גיבוגן גיהאט ביז אויף דעם טיש דז ער אויף זיין פנים גלעגין איז. אונ׳ אונזר ווערט דער ערל איז אויך גיזעשין מיט אונש

זא... ציכט ער זיין מעסיר אויז אונ׳ זאגט צו מען טעט אדם — דען מן הוישט אין בניהם אדם — זא שפריכט ער אדם זיך ווי דיין גישפאן מרקיש דא ליגט ווען ער זאלט אזוי ליגין צו שרי״ק און דער קראלי מאכט בייא אים זיין זא מאכט ער אים דען קאפף ארֿאב שניידן וויא ער דען ג׳ יהודים גיטאן האט... אונ׳ אליש גילאכט אין רידן דען ער האט גיקש בי־גערט צו טאן נאר שערץ גיטריבן... זא זאגט מיין טעט צו מיר זייא שומע וואש דער מגיד איז זא האט דער גוי ווייטר גירעט... זיא זיינן פייני לייט גיוועזין איינן האב איך גאר וואול קענט דען אנשיל גאר איין היפשר יוד גיוועזין.

210, 211, 212 — אין ס׳ מ״ב.

213) ביום ב׳ ו טבת ת״ט לפ״ק העיד כמר יהודא ליב בן שלמה כ״ץ...

עש איז צו מיר קומן הגזלן חנה אונ׳ צי מיר גיזאגט עש זיינן דארטן אין וואלד גוים דיא דען יהודי האבן גיפונדן דער דר שלאגין איז גיווארין דער שלמן פון סלאפקווי (פירש דבריו דער זלמן פון אויס־טערליץ) בין איך גאנגין צו זיא האבן זיא מיר משיב גיוועזין גייא צו יענים ער ווערט דיר שון זאגין וואָ-רום מען האט אים צו גיזאגט י״ב זהובים אדומים ווען מאן אים ווערד גיפינדן.

214) שוב ביום ו׳ עשרה בטבת תט״ל העיד כמר דוד בן יודא הלוי...

וויא איך הין קומן בין אונ דיא גוים האבין אין אויז דעם וושיר גיצוגין האב איך נוט אנדרשט קענן דר קענן אז אן זיין פנים וגם אן זיין בארט אז ער איז ר׳ זלמן הי״ד... וגם האט ער נאך אן זיך גיהאט איין שטיק סרדקי״ל נעגיל ברוין מיט ציצית דאז האב איך אויך גיקענט אז ער האט פלעגין אן צו טראגין.

215) שוב ביום ה׳ כ״ט תמוז תט״ל שאלו הב״ד לכמר דוד הלוי הנ״ל שנית... וז״ל בל״א: דז איך בין הין קומן זיינן בוימר אויף אים גלעגין זיין אן גזיכט איז מיר קענט־ליך גוועזין רק זיין בארט האט ער נאך גיהאט גלייך אז בייא זיין לעבן אבר קיין שטירן ניט, דהיינו די הוט פון זיין שטירן איז איין וועק גוועזין וגם די הויט פון דיא נאז איז אויך ניט דא גוועזין אז איינר דער אזו לאנג אין וושיר ליגט...

216) שוב העיד כמר יהודא בן יעקב... ביום ו׳ עשרה בטבת תט״ל וז״ל בל״א: באותו היום וויא מן האט רבי זלמן הי״ד אויז דען וושיר גינומן איז ער מיט גריני בוימר גיוועזין צו גידעקט האב איך די גריני בוימר פון אים איין וועק גינומן האב איך אים דער קענט אן זיין פנים...

217) שוב ביום ה׳ י״ט טבת תאי״ו יו״ד לפ״ק העיד כמר שלמה בן יודא כ״ץ:



איך האב פון בעל שלשים זיין שרייבר גיהערט דז דער רצחן דען מן האט דן גיוועזין צו גאליץ דז ער האט מודה גיוועזין אויף דער ערשטי ענוי דז ער האט י״ב רציחות גיטאן, י״א גוים אונ׳ די צוועלפטי רציחה האט ער און דער בושפסקי פון קאפשין גיטאן... און איך האב דען יהודי ממית גוועזין.

218) שוב העיד כמר משה בן יעקב ביום הנ״ל... וז״ל בל״א:

איך האב גיהערט פון יערגיל ער איז בייא דער עינוי גיוועזין האט ער גיזאגט ער האט י״א רציחות גטאן אונ די צוועלפטי רציחה איז איין יהודי גיוועזין ער אונ׳ דער בושפסקי איז פון גאליץ גנגין אונ׳ דער יהודי איז גאנגין פון האליטש...

219) שוב העיד כמר זלמן בן יששכר ביום הנ״ל... וז״ל...:

גוים זיינן אין די שטוב אניין קומן אונ׳ האבן אום גיפרט גיזאגט דער רצחן דז מען האט דן גיוועזין האט מודה גיוועזין ער האט י״ב רציחות גיטאן אונ׳ דער סלאפקוואסקי יוד איז דער צוועלפטי גיוועזין (פירש דבריו דער אויסטרליצר יוד איז גיוועזין דער י״ב)... האט דאש גיית גיזאגט איין שאד אום דעם סלאפקוואסקי יוד איז איין שוה־בי פאחלי גיוועזין, פירוש דבריו שהיה גבר בגוברין. עכ״ל א).

פון 213 ביז 219 — אין ס׳ מ״ה.

א) אין דרוק סודי״קאָוו 1834 שטייט צוליב צענזור־טעמים אָנ-שטאָט גוים — ישמעאלים. די אָרטאָגראַפיע איז אין אייניקע ערטער אַנדערש: אָנשטאָט וושיר — וואסיר, בארט — בארד, אום גיפרט — אום גיפירט; גנגין — גיגאנגין; פר קויפט—פאר קויפט; דעם — דם.

דיזעלביקע שאלה איז בקיצור פאַראַן אויך אין שו״ת „עבודת-הגרשוני״, ס׳ ע״א, זע דאָרטן.

220) העידה ביום ג׳ כה מנחם תי״ו יו״ד לפק בק״ק אפטרוט מרת אידל בת דוד ז״ל... וז״ל בל״א:

איך האב מיך פר דינגט לבית ר׳ זעליג מק״ק גאשליר צו איינר משרתת אזו זיינן מארקיטאנטור הין קומן. איז איינר אונטר זיא גיוועזין האט גיהיישין ליב בן חיים בון איז דארט קראנק גיווארין האט נאך מיך גישיקט איך זאל איםווארטין.. אזו איז ער קראנקהייט אוועק גיפארין ער האט וועלין צו זיינר מוטר פריבה פארין לכפר גרונט אזו האט מען אים צו רוק גיבראכט און לבית גוי א) גיליגט אזו איז ער דארט גישטארבן בחולי שלשול דם בר מינן...

ס׳ נ״ח.

א) אין דרוק סודילקאָוו שטייט: לבית עובדי כוכבים.

221) העידו בק״ק ווינא, בתענית אסתר תאיי״ו יו״ד לפק:

ז. כמר יודא זעליג בר אברהם מק״ק אויסא... וז״ל בל״א:

מיר זיינן גיוועזין צו מיגליך אויף דען מארק איז איין יהודי גיזעשין אויף איין באנק ושמו דוד קלמנש

מק"ק ניקלשפורג דא זיין גיקומן מושקטירר זיין גיוועזין לערך עשרה... דא הייבט איינר אן פון דיא מושקטירר מיין איז דער יהודי גיפונדן גיווארדין פון ניקלשפורג זא האב איך אן גיהובן צו דיא אנדרי יהודים דיא דער בייא זיינן גיוועזן שתיקה עטש א) דא האב איך אן גיהובן תי, קענט איר דעם יודן ענטפרט ער וויא זאל איך אים ניט קענן בין איך דער בייא גיוועזין וויא מיר זיין גאנגין אויף פארטייא דא האבן מיר אן גיטראפין דען יהודי דא האט אונזר הוף מיינשטר פון לינדויאשין גישדיאן אויף איין מושקטירר הנזביל לויף הין לאז דיר דער יוד געלט געבן וואו ניט מאך דען יוד טוט דא האט דר הנזביל גיענטפרט צום הויף מיינשטר וועלט איר אויז דעם יודן געלט שמעלצין מכט אים זעלבערט טוט דא האט דער הויף מיינשטר גינומן זיין פאנטליר ראר ב) אונ האט אים גיפורט אין גרעריך ג) אריין אונ האט אים טוט גישאסין אונ' האט אים זיין בלאב רעקיל אויז גיציהן... דא האב איך אים גיפרעגט וואו איז דאש גשעהן האט ער מיר משיב גיוועזין צווישן ניקלשפורג און ראבנשפורג... אויף דען דריטן טאג איז קומין איין יהודי האט גיבראכט מיין אויברשטן אלירלייא שפעצירייא ד) דא האט ער גיזאגט צו די מושקטיר מיין קאנט עטך מיר ניט זאגין וואו דער יוד איז הין קומן דער אייך האט ביגיגנט פר דרייא טאגין איך וויל אייך איין גוטש טראנק געלט געבן. זאגט מיר, דא האב איך נישט טערין זאגין ה) דען איך בין גיוועזין אונטר די שוויידשן דאז זעלביג מאל, היצונדר זייגין מיר אלי קיסרש וויא מיר דא זיצן. עכ"ל.

א) אין דער העברעאישער איבערזעצונג פונעם גבית-עדות שטייט: והתחיל אחד מן בעלי המלחמה לשאול נמצא היהודי מניקלשפורט ואמרתי אל היהודים אחרים שהיו שם שתיקו... ב) את קנה השרפה שלו, ג) בין הקנים שבבצי המים, ד) בשמים, ה) ולא הייתי רשאי להגיד.

222) העידו בק"ק ווינא, י"א אדר ת"י.

כמר יעקב מק"ק גיבטש והעיר... וז"ל בל"א:

איך בין גיוועזין צו מיגליץ אויף דען מארק... דא האט דער בעל מלחמה גירעט מיר האבן אויך בייא אונש גיהאט איין יהודי פון ניקלשפורג אבר מיין אברשטר האט אים דער נידר גישאסין... ער איז איין שניידר גיוועזין האט מיין אוברשטין ביטרוגין האט אין לוגין פיר גיזאגט האט מיין אוברשטר וועלין האבן איך זאל אים נידר שיסן האב איך ניט גיוועלט האט ער אים זעלבר אן גינומן אונ' האט אים גיפירט אין גיי רעריכט בייא האנויא אונ' האט אים דער נידר גישאסין...

223) העידו בק"ק ניקלשפורג ביום א' ג' תשרי תי"א לפק ... ר' דוד בר' קלונימוס... וז"ל בל"א:

איך בין צו מיגליץ גיוועזין עש איז גיוועזין בהורף תי"ל זא זיין מושקטירר גנגין.. זא זאגט דער ערשטע



מושקטירר, מיין יהודי איך וויל דיך וואש פראגין, זא זאג איך ווער איך ווישן וואש וויל איך זאגין. זא זאגט ער מיין איז דער יהודי גיפונדן גיווארדן מיר זיינן גירייזט צווישן ניקלשפורג אונ' ראבנשפורג האט אונש דער יהודי בגיגינט זאגט דער אוברשטר צו מיר גיא הין שיס דען יהודי פאר דער קופף אודר לאז ער מיר צאלין. דא האב איך גיזאגט איך וויל ניט ער איז מיר נישט שולדיג, וואלט איר שיסט איר זיין אליין אנידר זא איז ער גנגין אונ' האט אין גינומן אונ' גישלעפט. דער יהודי האט גישריאן איך ביט אום גאט דען אלמעכטיגן לאזט מיך גין איך וויל צאלין, נעמט מיך גיפאנגן איך בין יוא פון ניקלשפורג. איך האב ווייב אונ' קינדר אונ' האב רייכי פריינד מען ווערט מיך אויז לינן, ער האט זיך ניקש לאזן ביטן אונ' אין אנידר גישאסין... ער איז איין שניידר גיוועזין פון ניקלשפורג, ער איז אין אונזר רעגימענט גיוועזין. איך האב אים וואול גיקענט.

ס' נ"ט.

224) ... ואתא לקדמנא היקר כהר"ר יצחק אייזיק בן מוהר"ר שלחה והעיד וז"ל בל"א: מיר זיינן גפארין מוואיידסלב אין דער שלעדיא איז צו וואיידסלב איין יהודי צו אונש קומן האט גיזאגט ער וויל בייא אונזרן רידוואן א) רייטן האבן מיר אין גיפראגט פון וואנין ער איז אונ ווער ער איז, האט ער אונש גיזאגט ער איז פון זאמאשטש ר' ליב שמוקלרש זין, ער היישט יחיאל... און האט גיזאגט ער האט איין ווייב צו גויטיין... אין דעם וואלד איז ער פור דעם רידוואן גריטן אזו האט ער זיך צו אונש אים גיקערט אונ' איז אים בלוט פון פנים אראפ גירונן האט גיזאגט דאז פויארן האבן אים פאר שטעלט און האבין אים גיוואנט. אין דעם זיינן די פויארן קומן צום רידוואן צו לויפן אונ' האבין אונש ביגזלת... ער האט וועלין אנטולופין איז אים איין פויאר נאך גילאפין איז ער אין גידיכטן וואלד אריין קומן האט מיט דעם סוס ניט פארט קענט איז ער אראפ גשטיגן אונ האט דעם שווערט אויז גצוגן און זיך גיווערט האט אים דער פויאר דעם שווערט אויז גישלאגין אונ' האט אים מיט זיין איגנן שווערט גיהאקט אויך האט ער אים מיט דר קייל פארן דעם מח אויז גישלאגין. דאז איז גיוועזן ביום ב' כ"ו חשוון... ער האט אונש גיזאגט וויא ער בייא זיך איין בריב פון מקום מזאמאשטש פון איין לוזן וועגין ב)

אין דער העבר. איבערזעצונג. א) עגלת צב, ב) שיש לו כתב מן הערונים מק"ק זאמאשטש שיניחו אותו למקומות שיבא.

225) שוב העיד האלוף כמהור"ר אבנר בן מוהר"ר יודא... וז"ל בל"א:

ביי וואיידסלב האט זיך איין יהודי זעלין ביי אונש אין רידוואן זיך אויף דינגן האב איך ניט גיוועלט

ליידן האב אים ניט גיקענט. דער נאך איז רבי שמואל חזן צו מיר קומן אונ האט מיר גיזאגט ער איז איין גוטר מאן ער הייסט ר' יחיאל ער איז מזאמאשטש ר' ליב שמוקלירש זון... אויף דער נפט זיינן מיר קומן לכפר חראשטשי ברוד האט אונש איין גויה מעצמה גיזאגט וויא איין יהודי איז נהרג, גיווארין ער האט קאלטנש און איין שווארצן בארט אונ איין הוכר מאן... אונ האט גיזאגט וויא זיא אן אים שייצליכי מיתות גיטאן האבן...

226) שוב העיד כמר ליב בן הר"ר יחזקאל:

בייא מיר צו וואיידסלאב איז גיוועזין רבי יחיאל בן רבי ליב שמוקלרש מזאמאשטש האט ער נאך גדינגט איין סוס אצל הפריץ וואש דער רידוואן איז זיין גי-וועזין... איך ווייש דז ער האט איין בריטל אויף דעם הרצין ניטרגין ער האט גאלד דרינן פור ניט גיהאט. אויך האט מיר דער משרת גיבראכט איין סידרל ווש ער האט ביי אים גיפונדן אונ' דאש סידרל איז מיין גיוועזן איך האב אימש צו וואיידסלב גליגן הוט מירש דער פריץ גיברוכט.

... היום ר"ח כסליו תי"ו יו"ד זיי"ן לפ"ק...

224, 226,225 – אין ס' ק"ו.

## XVII. שו"ת „חוט-השני"

דער מחבר פון „חוט-השני" איז ר' משה שמשון ב"ר שמואל בכרך, דער פאָטער פון ר' יאיר חיים בכרך (מחבר פון „חות-יאיר"). ער איז געבוירן אין יאָר 1607. די קינדער-יאָרן פאַרבראַכט אין וואָרמס און פּראָג. אין יאָר 1629 איז ער געוואָרן רב אין גידונג אין מערן און אין יאָר 1635 — רב אין לייפּניק. פון 1642 ביז 1648 איז ער געווען מגיד אין פּראָג. בשעת דער באַלאַגערונג פון פּראָג — אין יאָר 1648 — האָט ער געמוזט אַנט-לויפן. אין 1650 איז ער געוואָרן רב אין וואָרמס, וואו ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1670. די תשובות זיינען ארויס-געגעבן דורך זיין זון, געדרוקט אין פראַנקפורט-מיין, 1679. דער יידישער נוסח פון אַ ווידוי פאַר אַ פרוי, וואָס עס ווערט געבראַכט אינעם ספר (ס' מח), ווי אויך די יידישע גביות-עדות זיינען ציטירט לויט אָט דער אויסגאַבע.

זע זיין אויטאָביאָגראַפיע אין ספר „חות-יאיר" (פראַנקפורט-מיין, 1699), דף רל"ג. אויך:

D. Kaufmann, R. Jair Chajim Bachrach und seine Ahnen, Trier 1894, p. 23.

די טעקסטן:

227) תעמוד בבית הכנסת של נשים פה וורמיישא ותאמר:

חטאתי עויתי פשעתי ליי' אלקי ישראל דז איך הב מכשיל גיוועזין מיין מן אונ' בין בייא אים גילעגין אי איך מיך הב טובל גיוועזין...

ס' מ"ח.

228) המלמד בסעקני העיד...

איך בין אין דער שטוב גיוועזט זוען דיא בעלי זמר אום דען טיש ארום גישטנדין זא איז די משרתת של ברוך געלי אך דער בייא גישנדין זא איין צעקה אין דער שטוב גיוועזין דיא בתולה העט איין טבעת פון דען ליצנים מקבל גיוועזט. זא האב איך איין טבעת בידה גיזעהן... בכן זיין דיא ליצנים באותו יום אוועק גנגין אונ' דיא בתולה הוט דז פינגרלין בייא זיך גיהט... הב צו איר גיזאגט ווי האשטו דאז גיטון... ווען דער לוצן מפכט עז לאקנן ווערשטו אין דאז קעגן אין דאז פנים זאגין אז ער דאז גיזאגט הוט, הוט זיא משיב גיוועזט יוא איך וויל אימש אין זיין פנים זאגין ווי ער דאז לשון צו מיר גירעט הוט... לאחר זה הלכתי אל הקיק ואמרתי לה זיך דער ליצן לייקנט עז דאך הוט זיא גיזאגט איר מגט מאכן וואז איר ווילט ער האט עז גירעט...

הוגדה בק"ק מנהיים.

229) הוגבה בשריסא מפי קלמן הליצן (ב"ב מקק ניקלשבורג):

בכן זיינן השלשה ליצנים גילעגין בסעקני ווידר איבר שבת פ' מטות בכן הוט דער ליצן דען מלמד אויף גיהובן וויא ער אים איין צעקה גיבראכט הוט אצל האב"ד דק"ק מנהיים דז ער איין בתולה הוט מקדש גיוועזין הוט דער מלמד אים משיב גיוועזין עז לייגט איינר וויא איין ממזר ווער מיר דאז נוך רעט... בכן הבן מיר ביו' א' דיא שני ליצנים אב גיהפרט איינם נוך דעם אנדרין... איז איינר אונטר דיא ב' ליצנים איין ב"ב ג"כ זא האבי זיא גיזאגט ג"כ דז דער מלמד הוט גיזאגט ער ווייש פון ניקש אונ' וויל גישריבן געבן דאז ער ניקש ווייש...

228, 229 – אין סימן נ"ג.

230) נכתב לי ממדינת עלזוז ק"ק בוסוויילר... בא כמר יצחק המכונה אייזיק בן ר' זעליג מארדש ואמר איך שפיתה את פלונית... וא"ל: איך בין דיך מקדש דאז דוא ווייטר קיין אנדרן דארפשט נעמן וא"ל איך וויל ניט... והבתולה לא היתה עדיין בת י"ב שנים.

פה, בוסוויילר יום ב' ד' סיון תכ"א לפק.

231) שולח לי אגרת מהרב... ר' יוסף כץ אב"ד דק"ק ורידבורג שהגבל אייזיק... הביא עד אחד לפניו נקרא ר' חיים וואיידסלב והעיד וז"ל:

איך בין קומן מיט מיין חבר דוד סלוציק אין עלזוז אצל ב"ב דז הבחור אייזיק איז מלמד גיוועזין האבי מיר יין גיטרונקן און איז קיינר דרהיים גיוועזין דא הוט דער מלמד צו אונז גיזאגט זייט עדות דא וויל איך גין מיט דער בתולה דז ב"ב טאכטר אין חדר און וויל מיך מיחד זיין און וויל זיא מקדש בביאה זיין. דא האבי מיר גימיינט ער רעטש פור עזוז קייט אונ' ניט ערינשט דא איז ער תכף אריין גנגין עם

הבתולה בתו של ב״ב אין דער קמיר אונ׳ לנג גי־
זוימט דרינן דא האבי מיר דורך איין לאך גיזעהן
דאז זיא זיין מנאפים זה עם זה.

232) ומיד... אחרי הליכתו כתב: זייט ווישן דז איך הב
דען רעכטן סוד ניט מגלה גיוועזין ווארום איך האב
מיך גיפארכטן... · 232–230 — אין ס׳ נא.

233) ואתא לקדמנא המלמד מוילפשבורג בקיץ ת״ט:
איך בין ניט דהיימן גיוועזין בו ביום דא מהר״ר
מאיר הי״ד צו ווילפשבורג איז גיוועזין. בין ביום
ההוא צו גרונבך גיוועזין... וביום א׳ הסמוך בין איך
ווידר דהיימן גיוועזין... קומט דז קול ע״י ערלים עז ווער איין
יודי נהרג גיווארדין... אח״כ... האט מן גיפונדין זיין טרבל
ומצנפת אונ׳ דז כתב... בו ביום הבן מיר אים נוך גרונבך
גיפירט לקוברו אונ׳ הבן גישיקט נאך ברוסיל ב״ב כי
היה אורח שם בשבת... הבן זיא אין אלע גיקענט אונ׳
בשמו גינענט דז איז מהר״ר מאיר ווילנא...

... עוד העיד הנ״ל בשפה דא מן דען רוצח האט
דן גיוועזין האט אשת הרוצח גיזאגט די אמפט שרייברן
ברענגט מיין מן אום זיין לעבן דען דיא אמפט
שרייברן, האט די רצחנים מסית גוועזין זי זאלין
אים נאך גין עז ווער איין יוד אונ׳ זאלין אין ממית
זיין...

ביום ב׳ ט׳ אייר וביום ב׳ טו׳ אייר ת״ך.

ס׳ ע״ג.

234) ... ואתא לקדמנא הגבירה מרת בילה בת נתן ז״ל
מגונציהויזן... וז״ל:

איך וויל דען אמת זאגין ווי איך קצת בין אן
מיינר כתובה בצלט ווארדין אונ׳ וויא מיר הראב״ד
ז״ל הוט מיר לחלוסין איין גירוימט... על כן... הב
איך זיא זעלכי כ״י ותובר ור קאפט בני חורגי...

נעשה יום ו׳ ז׳ חשון ת״ך לפק פה גונצנהויזן

ס׳ ע״ו.

235) ... ואתא קדמנא ראובן תובע את שמעון...
דז ער העב בשעת חירום מלחמת שוויט אן פקדון
צי גישיקט ע״י שליח אונ׳ ער זעלבערט התובע ליד
הנתבע מוסר גיוועזין בשנת שצ״ב און ער הנתבע
הוט מיך מבטיח גיוועזין ער העב איין ערל אין שווייצר לנד
דער העב אין מבטיח גיוועזין זול אים אן פקדון צו שיקן...
דען ער מקדמת אנט בוטן הוט אזו רוישי ווער מורא
צו הבן מחמת מלחמה זול איך צו אים קומן אדר צו
אים שיקן...

הישב הנתבע הוט מיר כל ימיו קיין פקדון אויף
צו היבן געבן זונדר אליין אמי רחל ז״ל הוט ער
דען פקדון געבן אונ׳ צו איר גיזאגט מימלה היבט מיר
דען פקדון אויף... נעשה יום ה׳ ט׳ חשון תי״ד.

די שאלה איז פון „ר׳ מתתיה מק״ק טיהנגין
במדינת שווייץ״. ס׳ פ.

## XVIII שו״ת „אמונת־שמואל״.

דער מחבר פון די שאלות־ותשובות ר׳ אהרן שמואל
ב״ר ישראל קאַידאַנאָווער — פּאַרקירצט מהרש״ק —
איז איינער פון די רבנים, וואָס איז נאָך די גזירות ת״ח
אַריבערגעפאָרן קיין דייטשלאַנד. ער איז געבוירן אין
ווילנע אין יאָר 1614. פאַר די גזירות איז ער געווען
רב אין ב״עלע. אין יאָר 1648 איז ער אַנטלאָפן קיין
ווילנע און נאָכדעם קיין לובלין, וואו ער איז פון ס׳ניי
אויסגעשטאַנען די רדיפות פון 1656, ווען ס׳זיינען
דערהרגעט געוואָרן זיינע ביידע טעכטער. דערנאָכדעם איז
ער אַוועק קיין אויסלאַנד, געוואָרן רב אין פירט, ניקעלס־
בורג, גלאָגא, ריישא און פראַנקפורט־מיין. צוריקגעקומען
קיין פוילן און איז געוואָרן רב אין בריסק, נאָכדעם אין
קראָקע און איז געשטאָרבן אין כמיעלניק, דעם 19טן
תמוז תל״ו (1676), בשעת אַ פּסיע פון ועד הארצות.
דער ספר איז געדרוקט אין פראַנקפורט־מיין, תמ״ג (1683).

זע די הקדמה פון זיין זון ר׳ צבי־הירש קאַידאַ־
נאָווער (דער מחבר פון „קב־הישר״) צום ספר „ברכת־
שמואל״, פראַנקפורט־מיין, תמ״ב. זע אויך:

Horowitz, Frankfurter Rabbiner, B. II.

די טעקסטן:

236) ואתא קדמנא כמר יצחק בר משה כהן והגיד...
וויא איך אזו פיר בין גיגאנגין אונ׳ הב איין מדה
שיכר וועלין טרינקן בבית האושפיז וויא מיר זיינן
דרינן אין בית האושפיז גיזעסין אזו הוט כמר ראובן
איין טבעת אן גיהאט... היבט אן כמר ראובן צו
האלמנה דא שענק איך דיר דאש טבעת זהב איר זולט
צו לואן מיין זיין איין מולט. אזו האט האלמנה גי־
נומן פון כמר ראובן דאש טבעת אונ׳ גיזאגט גרושין
דאנק איך וויל דאש פינגרליין טראגין פון דיין גיזונט
וועגין...

237) ועוד בא כמר שמעון בן יעקב והעיד:
וויא מיר זיינן גיזעסין בבית האושפיז אזו האט
כמר ראובן דאש טבעת אן זיין יד גהט אזו הט
האלמנה גיזאגט וויש מיר דאש פינגרלי אזו האט כמר
ראובן לידה גיגעבן הטבעת...

ביידע אין ס׳ ה׳

238) עדותו של כמר יקותיאל קויפמן: א)
שמעתי דאש ב׳ יהודים זיין גילעגין אין כפר דיל־
הויזן פר אירם ניט אונ׳ הבן וועלין איר סחורה פאר
הגדלין דהיינו א׳ ב״ב ומשרתו אונ׳ דער נאך איזט
מבן קומין אונ׳ הט גיזאגט עז ווערין שני בר׳
ישראלים בגזלת ווארדן דער נאך ווער קומין משה
הדמיר עם חתנו אונ׳ יוסף זענין צו שמיד קומין אין
יאר מירק אזו האט דער שמיד צו דען יהודים גיזא־
גיט ווארום מיר ניט ביגערין קיינם קיין אום גילעגין

הייד צו מאכין דא האט דער שמיט ווידר אן גיהובין מנגליט אייך ניט ב׳ יהודים דיא אייך פאר לארין זיין ווארדין איך ווייש ניט אויב איך גיהערט הב דאש ער זעלט גיזאגיט הבן צווייא יהודים אויש דער ווע־דירה דא הבן דיא יהודים גיזאגיט יוא. דא האט דער שמיט גיזאגט זיא זענין דער שאסין ווארין אין קלא־מיר אין דען וואלד פון דען יעגירש זיין זון אונ פון דען וועביר אויש לעלמא הויזן. דיא יודין הבן אלי צייט הער גיהנדלט...

בחורף תכ״ט לפ״ק. ס׳ ט.

א) פאַר דעם איז אַן אויסצוג פון אַ באַשלוס פונעם דייטשן געריכט אין ד י י ט ש מיט העברעאישע אותיות.

239) אתא.. פב״פ.. וז״ל:

איך אונ׳ יוסף האבן הערונג געשן בבית ראובן אונ׳ שמעון האט אך מיט געסין דער נאך זייני מיר ארויש גנגין האט דער שמעון גיזאגט בלייבט שטין אונ׳ איז גיגין אבר פאר דער בתולה שרה איר טיר אונ׳ מיר זענין נאך גנגין זוא הבן מיר גיזעהן דאש ער איר פטשולי אין דער הנט האט גיהאט אונ׳ האט אהן גיהאט דאש פינגרלי אויף דער הנט. איך קן ניט ווישן אויב דיא בתולה האט גיזעהן דאש פינגרלי אודר ניט....

עוד העיד הנער הנ״ל.. דאש פינגרלי איז מיין גי־וועזין אונ׳ דער שמעון האט פון מיר גינומן אם שבת אויף דען מקח וואש ער מיט אים מאכן ווארט אחר שבת...

240) שוב העיד הנעלה לוי בן יהודה:

איך אונ פלוני אונ׳ שמעון הבן הערינ״ג געשין בבית ר׳ פלוני ביום ש״ק אונ׳ איין מאס יין דר בייא גטרונקי׳ אזו האט דער שמעון גשיקט דאש מעטכי שרה זאלן צו אונז קומן האט ניט חעלין קומן אזו איז שמעון ארויש גנגין אונ׳ מיר זענין נאך קומן האט שמעון איר פטשול אין דער הנט גיהאט אונ׳ איין פינגרלי אויף דער הנט...

יום ב׳ ד׳ אדר שני תכ״ד לפ״ק.

239, 240 — אין ס׳ כ״ב

241) אמר הפקיד:

צו מארגנש פריא הבין זיא גזעהן שוימן דען שטייאר מן דהיינו מנהיג הספינה אן גבונדין אן דער שתייאר אונ׳ אנדרי נפשות אויך... ס׳ נ״ב

242) סידר צוואתו.. וז״ל:

היום יום וכו׳ הב איך ח״מ מנדר גוועזן בארץ הקדושה שלשים ר״ט מיד לאחר מיתתי...

ס׳ נ״ט

243) ..בצואה שנ״ל: בראשון דער חתנה הוט גיהט דער בגומט כסף ביז דיא אנדרי אך חתנה גיהט הבין יעקב בני הוט גיקושט הוצאות שמונים ר״ט דא הוט בני הירש הבחור אך נאך צו ואדרין הוצאתו וגם בניו הקטנים יוסף ואיצק זאלין איטליכר פון דען קלייני יו״ד רט מער האבין בתו רחל זול שני מאות ר״ט האבין אונ׳ עשרה ר״ט בעד חגורה וטבעתים ומלבושים בני יעקב הבחור זאל האבין סך פלוני ור זיין בכורה ובני פלוני חפץ זה אשתי סך פלוני ווייטר ווש ביותר איזט זאלין זיא מחלק זיין כפי סדר עולם...

ס׳ ס.

## XIX. שו״ת „שער־אפרים“.

ר׳ אפרים ב״ר יעקב כהנא, דער מחבר פונעם שו״ת־ספר „שער־אפרים“, איז געבוירן אין יאָר שע״ו (1616). צו צוואַנציק יאָר איז ער געוואָרן דיין אין ווילנע. נאָך די גזירות ת״ח איז ער אַוועק קיין אויסלאַנד, געווען אַ שטיקל צייט אין פּראָג, געפירט אַ ישיבה אין ווין און איז אין יאָר 1666 געוואָרן רב אין אָפען, וואו ער איז געשטאָרבן אין יאָר תל״ח — 1678. זיין ספר איז נאָך זיין טויט אַרויסגעגעבן געוואָרן פון זיין זון, ר׳ יהודה ליב אין זולצבאַך, תמ״ח.

זע: שמואל יוסף פין, קריה נאמנה, זייט 78.

244) ואתא לקדמנא הבחור כמר יצחק מקאבלא והעיד:

איך בין גקומן לכפר לעסקאב וואו זעליגמאן חתן איינק ש״ן מברודא פלעגט דרינן דער הרבריג צו זיין בין איך ארייַן גקומן.. האב איך פיל גזעהן פון קרעמ־רייא אן די שקצ״ת האב איך גפרעגט וואו איז דער יהודי טשסני (והוא כינוי לשם זעליג בלשון פימש) הין גקומן.. האבן זיא מיר געגפרט דער טייוויל וייש וואו ער איז הין גקומן... הט מן מיר גזאגט אז דיא קנעכט אויז זיינר הרבריג האבן אין גפירט אין פעלד אונ׳ האבן אים גהרגת.

היום יום ב׳ ו׳ אלול תכ״ה לפ״ק.

סימן ק״ג.

245) נשאלתי מק״ק ורנקפורט... ר׳ יום טוב בר׳ מאיר... הגיד מה ששמע מערל אחד וז״ל:

ואר י״ג שנה איז איין בעל מלחמות לביתו קומן אונ׳ האט מסל״ת גוועזן אונ׳ צו מיר גירעט... מיר האבן אין דער קאמפניאיי איין יודן גהאט איז איין וואקירר קעריל גוועזן האט נתן קנאטשטאט גהיישן וויא מיר אין פרגונדא זיין גלעגן איז ער זער קרנק גווארדן... אונ׳ איז אים אזו די זיל אויש גנגן זא האבן מיר איין לאך גמאכט ביז אן דיא אקסיל אין איין שייאיר אונ׳ האבן אים בגראבן. צוויי שטונד דערנאך האבן מיר אין פר שירט זונשט העטן אים דיא הונט גפרעסין.

סימן ק״ד.

246) השיבה הנערה מרת האנוש אשת ר׳ יעקב... בלשון אשכנז:

ער איז פער מיר ניט נאך היינט אונ׳ נאך מארגן
מיר האבן קיין שלום ניט גקענט מאכן..
בח׳ חשון שנת התל״ב... פה ק״ק אובן.
סימן קי״ב

## XX. שו״ת ר׳ מרדכי זיסקינד רוטנבורג

ר׳ מרדכי זיסקינד ב״ר משה רוטנבורג, געלעבט פריער אין דייטשלאַנד און נאָכדעם אין פוילן אין לעצטן פערטל פון 17טן יאָרהונדערט. ער איז געווען רב אין ווידנהויזן (Wiedenhausen) — אין העסען, נאָכדעם אין פויזן, אין בריסק, אין גראָדנע און אין לובלין. אויפן שער־בלאַט פון זיינע תשובות פיגורירט ער אַלס אב״ד ור״מ דק״ק לובלין. די גביות־עדות און שבועות אויף יידיש, וואָס זיינען געבראַכט אין זיין ספר, זיינען דאָס רוב דאַטירט. דער ספר איז געדרוקט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין אַמסטערדאַם, אין יאָר תק״ו (1746). די ציטאַטן זיינען גענומען פון דער ערשטער אויסגאַבע.

247) נוסח השבועה חמורה דהיינו בפא״ה א) ובהנחת היד על ס״ת... שמחויב כמהרר״א נגד כמ׳ שמעון:

הריני נשבע למי ששמו חנון בלי ערמה ובלי מרמה ע״ד המקום וע״ד הבי״ד דש דאש וואר איסט וואור אויף איך דאר שווער דהיינו דא איך שמעון הנ״ל הב אפ גיקופט זיין שטאט בבה״כ האב איך אימי דער פאר אי ער מקבל קנין גיוועזין האט ניט צו גיזאגט דז איך וויל מיט אימי אוועק ציהן מיט יובעלין אודר וויל איין אנדרין במקומי שיקן דער מיט אימי זאל אוועק ציהן אך האט שמעון ניט גידאכט אודר איין תנאי אויז גינומן ער פאר קויפט מיר דיא שטאט דוקא וועו ער דאש געלט אין בייטל אבר וועו זיין בעלי הובות זעלטין דאש מעות פאר רעשטיר״ן לאזין איז דער מקח נישט. דיא צווייא ארלייא זיינן ניט גידאכט ווארדין אי ער האט מקבל קנין גיוועזין בינו ובינו אך ק״ו קיין תנאי מיט אימי איז גנומן זונדר אליין סתם אפ גיקופט בלי שום תנאי בעולם דרויף שווער איך דאש אליז וואר אישט.

א) בפתיחת ארון הקודש

248) נוסח השבועה בנקיטת חפץ, דהיינו בהנחת יד על ס״ת או שום ספר הקודש:

הריני נשבע ע״ד המקום ב״ה ועל דעת הבי״ד בלי שום ערמה ומרמה שבעולם אליז אמת איז דז איך מיט שמעון הנ״ל מחמת דען טיש וועליך איך מיט אים אויף מיין שטאט בבה״כ בעזרת אנשים מיט זיין שטאט בעזרת אנשים פרטוישט האב אום זעלבגן מכר אונ׳ חליפין לגמרי קיין תנאי איז גיוועזין הן מחמת התנאי דאש דער חליפין זאל קיין חליפין זיין עד איך מיט אים ווער ציהן אודר אחר במקומי שטעלין דער מיט אים זאל ציהן אונ׳ יובעלין מיט נעמין למשא ומתן הן מחמת התנאי אליז דער חליפין זאל קיין חליפין זיין עד ער דאש מעות לידו בקומט דא דז מעות זאלט פר רעשטירט ווערדין זול דער חליפין נישט זיין. זולכי תנאים זיין ניט גידאכט ווארדין בייא דען חליפין. כל הנ״ל נשבע אתי על דעת המקום ב״ה ועל דעת הב״ד בלי שום ערמה או מרמה שבעולם. דף ל׳ ע״ב.

ע״פי טעות איז דער סימן ניט אָנגעגעבן; לויטן סדר איז ער — סימן י״א.

ביידע לעצטע דאָקומענטן זיינען בייגעלייגט צו אַ שאלה, וואָס קומט פון האַלבערשטאַט, געשריבן „יום ב׳ ז״ך אלול, תל״ט״.

249) ראובן... טען... בזה״ל:

ער האט גיקויפט מן כהרב ר׳ שמעון טבעת אחד וואש דרינן עטליכי קליינר דימנטין זיצן זיין לערך ווערט ד׳ ר״ט מיט איין גרוישן טירקאז. העט להאלוף... שמעון דער פיר גיגעבין מ״ה ר״ט האט פאר מיינט דער טערק״ס זייא אורייענטליש אונ׳ האט על המקח תכף געבין חתיכת זהב פורטגלעזיר... האט ער אין קצת בקיאים גיוויזן. עטליכי גיזאגט האבין דער טערקאס זייא זיוף...

והשיב האלוף כהרר״ש בזה״ל:

איך בין גישטנדין אויף דער גאס אונ׳ האב דש טבעת אויף דען פינגר גיהאט. איזט כמהרר״א צו מיר קומין אונ׳ גיפרעגט וואז איזט דש פאר איין פינגרל.. ואז אמר כמהרר״ש לכהרר״א ווערט איר עש גיוויש אום דען מקח בהלטין זאל איך עש אויף אייערן ווארט דרום קויפן: והשיב כהרר״א יואו קויפט עש אום דען מקח... מיט אייך אויף חצי ריוח. ע״כ בין איך תכף להפרל גנגן און הב דש טבעת אויף כהרר״א זיין ווארט גיקויפט... ס׳ ט״ז.

250) ... ואתא לקדמנא... חיים בר יצחק כ״ץ והגיד:

דאש איז ידיעה ברורה דז האב גיהורט מכמה אונסים אונ׳ האבין איין כתב גיהאט מישעי׳ אונס אונ׳ שרייבט בפרוטרוט וואש זיין אוועק גיקומן שרים ברעש אונ׳ שרייבט השם דז כמר צבי בר דניאל איז ג״כ נהרג גיווארין בייא די שרים וגם שארי פריצים...

251) שוב העיד כמר יעקב בר יצחק:

איך בין גיקומן למאסק״ווי אחר הרעש ג׳ או ד׳ ימים. בכן בין איך גנגין עם שארי אונסים דען עש איז איין ציווי גיוועזין מהקיסר זאל זיין הורג בהאלטין. וכן בין איך גנגן עם שארי אנוסים אונ׳ האבין גינומן דניאל גאר צו האקט אויף שטיקל אונ׳ ער איז גנץ גיוועזין רק איין פוס איז אפ׳ גיהאקט וגם איין יד. וגם דורך גישלאגין גיוועזין מיט איין קאפיא״ה און איין האק איבערן קאָ״פ...

252) שוב בא והגיד כמר אליהו:

דז חמי כמר פסח האט צו מיר גישריבן דז דניאל

ובנו צבי זיין נהרג גווארין ברעש ואח"ז בין געוועזין
במאסוקווי בעצמי האבין מיר אונסים גיוויזין. דאש אורט
וואו מען האט זיא בידן מקבר גיוועזין וגם הגידו הנ"ל דז
איין סלופ איז גומוערט גיווארין אחר הריגה הנ"ל אונ'
אויף איין טאביל של ברזל אויף גיהנגין ושם נרשם
הרוגים של השרים כל א' בשמו...

הוגבה כל הנ"ל... היום יום א' ך"ז אייר תמ"ג
לפ"ק, פה ק"ק בוחאווי.

250–252 – אין סימן כ"ב.

## XXI. שו"ת „בית־יעקב"

דער מחבר פון די שו"ת „בית־יעקב" איז ר' יעקב ב"ר שמואל אב"ד צויזמר. די הסכמה אויפן ספר, וואס ס'האבן געגעבן די רבנים און רוזנים פון „ועד ארבע הארצות", שטאמט פון יאר תנ"ג. די תשובות גע־הערן דאס רוב צו די יארן תל"ו – ת"ן (1676–1690). דער ספר איז געדרוקט נאר איין מאל, אין יאר תנ"ו (1696).

253) איין יהודי מקק בריסק האט איין קוויטל בייא מיר גנומין ער איז גוועזין איין נידגר יהודי האט איין קליינן זקן גיהאט האט זעך מחבר גוועזין מיט דען יונג דען קדוש זון און זיינן גגנין לק"ק ווענגראב... עוסק זיין במלאכת יין שרף...

254) זה חמש שנים איז דאש עסק אזו גיוועזין איך בין גיוועזין בעיר דראגטשין האבין דרגונר עפיש גחאפט בייא קרעמר...

אין דער תשובה שטייט: ונשאלתי על זה יום ד' י"ט מנ"א תל"ו לפ"ק.

ס' ט.

## XXII. שו"ת „עבודת־הגרשוני".

רבי גרשון אשכנזי אוליף, דער מחבר פון שו"ת „עבודת־הגרשוני", שטאמט פון קראקע, וואו ער איז גע־וועזן א תלמיד פונעם ב"ח (זע XII) און פונעם פני־יהושע (זע XIII) און איז געוועזן אן איידעם פון ר' מנחם מנדיל קראכמאל, דעם מחבר פון „צמח־צדק" (זע XVI). אין יאר 1650 איז ער אוועק פון פוילן און איז געווארן רב אין פראסניץ, אין מערן. אין יאר 1657 איז ער געוועזן רב אין הינא און אין יאר 1661 נאכן טויט פון זיין שווער איז ער געווארן זיין ממלא־מקום אין ניקעלשבורג, און אין יאר 1664 רב אין ווין און רב־הכולל פון עסטרייך. נאכן גירוש פון ווין — אין יאר 1671 — איז ער אוועק קיין מעץ. דארטן איז ער געשטארבן אין יאר תנ"ג – 1693.

זיין ספר „עבודת־הגרשוני" האט ער אליין צוגע־



גרייט צום דרוק אין יאר תמ"ח. ער איז אפגעדרוקט גע־ווארן נאך זיין טויט דורך זיין זון רבי נתן, אין פראנק־פורט־מיין תנ"ט. די ציטאטן זיינען גענומען פון אט דער פראנקפורטער אויסגאבע.

זע: D. Kaufmann, Die letzte Vertreibung der Juden aus Wien.

אויך: ש. א. הורודצקי, לקורות הרבנות, 207–223.

די טעקסטן:

255) ...הנער כמ"ר אליעזר בן הר"ר יוסף אשר העיד וז"ל בל"א:

וויא מיר אחר הגזירה כו' דא האט איינר גיהיישן ר' הירץ בן האז מק"ק נ"ש דא איז זיין מיידל באותו פעם אז מיר אויף די גזירה גפרעגט האבין ג"כ דא גוועזין. דא האט דאש מיידל גזאגט מיין טעט איז צו פלאנאי נהרג גיווארן דא האט מן ניט קענן גין פר ריבוי חרוגים כ'. דא האט דאש מיידל איר פאטר ר' הירצקא הנ"ל ג"כ דער קענט כו' דאש מיידל איז איין בת שנים עשר שנים גיוועזן.

256) ...הנשים שהגידו מהריגת כהר"ר הירץ הנ"ל וז"ל: דא זיינן מיר ביום ו' גנגין אונ' האבין וועלין אונזרי לייט זוכין...

257) העיד הר"ר אהרן בשם האונסים שחזרו לדת וז"ל בל"א:

ניט לאנג דער נאך זיינן למשפט קומן דען ר' הירץ שווער ר' שמואל האט חעלן מחזיק זיין בבית של כה"ר הירץ הנ"ל בשודנאב דען ער האט פיר געבין דז ר' הירץ ווער פאר נהרג גיווארן ואח"כ בתו אזוי איז ער דער יורש. בכן האבן שני הצדדים כל א' גבראכט עדות אונסים שחזרו לדת שכדבריו כן הוא זא האט מן ניט קענין על בירור קומן מי נהרג תחלה.

255–257 – אין ס' ס"ז

דאס יאר איז נישט אנגעגעבן. אבער אזוי ווי דער מחבר איז שוין דענסטמאל געוועזן רב אין מערן און ר' מנחם־מענדיל פון ניקעלשבורג האט נאך געלעבט, ווייל ער שרייבט אין דער תשובה, אז ער וויל זיין שווער זאל מסכים זיין צו זיין פסק, – איז א סימן, אז די דאקומענטן שטאמען פון די יארן תי"א–תכ"א (1651–1661).

258) וז"ל העד:

אן שבת צו מרגינש אין דער שול צייט בין איך גנגין מיט יאקב בן אהרן... לבית אבי הבתולה שלמה האט יאקב גיהט איין זילברש פינגרל אין דער הנט האט דאש מיידל גיפרעגט וואש איז דאש פר איין פינגריל זאגט יאקב עש איז מיין זאגט דאש מיידל לייא מירש אויף דער חתונה צו גין זאגט יאקב וויל־שטו עש האבין וויל איך דירש שענקין אונ' האט

דאז פינגרל אן גטאן דעם מיידל אין זיין הנט. אונ׳ האט גזאגט צו דעם מיידל דא בין איך דיך מקדש צו מיר הרי את מקודשת. ער האט זיא אזו גוט מקדש גוועזן אז איין רב אונ׳ האט גזאגט צו דעם מיידל היב היפש אויף דאז פינגרל אונ׳ זאג נישט דיין מעם דוא ווערשט מיין זיין האט דאז מיידל דאז פינגרל אויף גהובין האב איך גשריאן מזל טוב אונ׳ זיינן אוועק גנגין...

259) וז״ל הבתולה במעמד אביה ואמה:

איך האב דאש פינגרל ניט גינומן אין דער הנט נייארט ער האט עש אבידר גליגט אויף דען טיש. דער נאך האב איך עש אויף גהובען אין טריאלי איך בגער אים ניט איין כפרה זאל ער ווערין („ואפשר ומסתמא שאביה ואמה למדו לשונה לדבר שקר״).

די שאלה קומט פון ר׳ הירש מגלוגא, החונה פה ק״ק דרעזניץ.

259,258 — אין ס׳ פ״ה.

260) שאמר העד... עז איז צו ווער עטוואש ברוין גוועזין.

שהעד הא׳ אמר וז״ל: אויף דער זייט וואז אובין גוועזין איז וואו ער ניט אין דם גלעגין האט זיין ניט אזו פיל תולעים גוועזין אלז אונטן אום פנים וואו ער דרויף גלעגין איז. סימן צ״ז.

261) ואתא לקדמנא... האשה מרת חנה בת אברהם והגידה:

פר איין יאר זיין היא לייט גיוועזן פון ק״ק לובמלא אונ׳ איין מאן מ״ט זיין וויב זיין בייא אננדר גיזעשין איז צו ריד גיקומן פון דער אשה טעמריל.. דז מן ניט וויש אויב איר מאן לעבט אבער טוט ווער, הט די זעלביגי אשה גירעט ער איז דאך גיהרגת ווארן איר מאן. אונ׳ איר מאן איז דער בייא גיוועזין אונ׳ האט נישט גירעט.

ווענגראווא... היום יום א׳ ז״ך אייר תי״ב ל.

ס׳ ק״ו.

262) במותב תלתא... הגיד בת״ע.. כ׳ הירש בזה״ל: איך בין גיזעסין אין דיא שטוב בבית ר׳ שמואל וואלף הגין אונט איזט גיקומן אריין ליפמן ב״ר חיים אונט הבתולה הענדיל איזט גיזעסן אויף דען שטול קיגן איבר אונט האט ליפמאן גינומן איין טבעת אונט האט דער בתולה דיא הנט אויף גריסן אונט האט גיוואלט אן טאן דאש פינגרל אונט האט גיוואלט זאגין הרי וכו׳ אזו האב איך איין וועק גישטוסן...

263) העד השני כמר סנדר הגיד: איך בין גם לעת ערב גיקומן בבית הנ״ל אזו זאגט הירש הנ״ל צו מיר זאג ליפמן מז״ט ער איז חתן מיט אונזר מייט הענדל ווארום ענטפרט ער מיר ער האט איין פינגרל גינומן אונט האט זיא דר מיט מקדש גיוועזין דא פראג איך ליפמן וויא האזט דוא עש גימכט זוא האט ער מיר גיוויזן איין זוא האב איך עש גימכט אונ׳ האב גינומן איר פינגר אונ׳ האב עש אן גיטאן אונ׳ גיזאגט איך בין דיר מקדש דר מיט דו בישט מיין כלה אונ׳ מיין פרויא אונט האט זיא גיקושט אונט ארום גישפרונגן אונט גירופן זייט לוסטיג דוא בישט מיין כלה...

264) ליפמן הנ״ל זאגט איך האב הטבעת גינומן האב עש איר אן גיטאן פור חוכא ואיטלולא...

265) הבתולה לאזט זאגין עפ״י עדים נאמנים בזה״ל: ליפמן הנ״ל איז גיקומן צו מיר אונט האט גיזאגט ריך אמאל צו דען פינגערליין... דער נאך האט ער איר פינגר גינומן אונ׳ האט עש איר אן גיטאן אונ׳ גיזאגט דא בין איך דיך מקדש דוא זאלסט מיין פרויא זיין... י״ח מנחם, תג״ב (הילדסהיים)

פון 262 ביז 265 — אין ס׳ נ״ד.

## XXIII. שו״ת „אבן השהם ומאירת־עינים״.

ר׳ אליקום געץ ב״ר מאיר, דער מחבר פונעם שו״ת־ספר „אבן השהם ומאירת־עינים״, איז געבוירן אין דער שטעטל שניידעמיל אין פויזן. בשעת די גזירות תט״ו איז ער נאך אלס יינגל אנטלאפן מיטן פאטער, דעם רב פון דער קהילה. שפעטער איז ער געווארן רב אין שווערזעניץ און הילדעסהיים. דער ספר אין ארויס־געגעבן געווארן נאכן טויט פונעם מחבר, דורך זיין זון, אין יאר תצ״ג (1733). אבער שוין אין יאר תנ״ט, — 1699, — זיינען די תשובות געווען פארענדיקט צום דרוק, מחמת צווישן די הסכמות זיינען פאראן אזעלכע, וואס זיינען געחתמעט אין תנ״ט (זע די הסכמה פון ר׳ אברהם ברודא פון פראג, פון ר׳ אברהם סג״ל פון מעזריטש). די דאקומענטן, וואס ווערן דא ציטירט, זיינען דאטירט אינעם מקור און שטאמען פונעם סוף 17טן יארהונדערט (פון די יארן 1692 און 1696).

266) שראיתי בכתב אחד שנגבה שמה בעדות שכתוב בתוכו.. וגם הגיד דז ער ניט גיזעהן האט דאש שמעון וואש פון כסף גנומן האט.

267) גם העיד כמר פלוני... וז״ל: האט אבר ניט גיזעהן דז שמעון העט וואש גנומן פון כסף...

268) שא׳ העיד דז ראובן האט איין חדר אובן גיהאט האט קיינר דרפן אריין גיין אלס ער זונשט קיינר ניט דא אין איז זיין קישט דרינן גישטנדן איז דש זילבר דרינן גילעגן אזו האבן זיא מודיע גיוועזן וויא שמעון העט דאש זילבר גינומן אונ׳ מיר גוויזן וויא די קישט איז אויף גיבראכן גיוועזן.

ג׳ ך׳ תמוז תמ״ו לפק. פ״פ דמיין.

אלע דריי — אין ס׳ ס״ב.

# אינדעקס פון ענינים

(לויטן נומער אין דער דאָקומענטן־זאמלונג)

## אינדעקס פון געאָגראַפישע נעמען

# צו דער געשיכטע פון די יידן אין וואַרשע סוף מיטלעלטער

פון ד״ר ע. רינגעלבלום (וואַרשע)

אַדאַנק דער פּאָליטישער לאַגע, אין וועלכער קאָנגרעס־פּוילן האָט זיך געפונען פאַר דער וועלט־מלחמה, האָט די היסטאָריאָגראַפיע בכלל פון דעם טייל פוילן שטאַרק געליטן. בשעת אַנדערע טיילן קענען זיך באַרימען מיט אַ גרויסער צאָל פאַרעפנטלעכטן קוועלן־מאַטעריאַל, וואָס פאַרלייכטערט דעם פאָרשער צו דערגיין די היסטאָרישע פאַקטן, — זענען אין מאַזאָוויע פון די הונדערטער גראָד־, שטאָט־ און לאַנד־ביכער אַרויסגעגעבן געוואָרן בלויז עטלעכע.

נאָך ערגער זעט אויס די יידישע געשיכטע־פאָרשונג אין מאַזאָוויע. זי שטעלט מיט זיך פאָר ממש אַ קרקע־בתולה. די איינציקע אַרבעט אויף דעם געביט איז ה׳ נוסבוימס „סקיצן פונעם לעבן פון יידן אין וואַרשע", וועלכע פּראָפ. סמאָלענסקי האַלט מיט רעכט פאַר מעמוּאַרן און נישט פאַר אַ היסטאָריש ווערק. קיין גרעסערן באַטייט האָבן אויך נישט סאָביעשטשאַנסקיס לענגערע נאָטיצן וועגן די יידן אין וואַרשע (זע קאַפּיטל „וואַרשע" אין אָרגעלבראַנדס ענציקלאָפּעדיע, ב. 26, ז. 14). קרויזהאַר, פרענק, נוסבוים און אַנדערע היסטאָריקער, וואָס גיבן אָן אין זייערע אַרבעטן פּרטים וועגן די יידן אין אַלט־וואַרשע, באַנוצן זיך דערביי אָן קיין שום קריטיק מיט דעם אויבנדערמאָנטן אַרטיקל פון סאָביעשטשאַנסקין.

אין מיין אַרבעט האָב איך זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע, לכל־הפּחות אין אַ קלענער מאָס, אויסצופילן דעם דאָזיקן חלל און אויסצופאָרשן די געשיכטע פון די יידן אין מאַזאָוויע. איך הויב אָן פון וואַרשע. אין דעם אַרטיקל, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר אַ קאַפּיטל פון אַ גרעסערער אַרבעט וועגן די יידן אין וואַרשע ביזן יאָר 1527, באַריר איך בלויז די אויסערלעכע געשיכטע פון דער פראַגע.

מיין אַרבעט שטיצט זיך בלויז אויף אַרכיוו־קוועלן, וועלכע איך האָב גענומען פון דעם הויפּט־אַרכיוו אין וואַרשע און פונעם פינאַנץ־אַרכיוו. דהיינו:

1) וואַרשעווער לאַנד־ און גראָד־ביכער (Acta terrestria et ducalia Vars.) נומער 1—16, וואָס נעמען אַרום די יאָרן 1421—1532.

2) די שעפּן־ און וואָיט־ביכער פון אַלט־וואַרשע (Advocatialia et Scabinalia C. A. V.), נר. 525—531, פאַר די יאָרן 1427—1544; אויך די מעטריקע פון די מאַזאָווישע פירשטן, נר. 1—18, 36, 41 און 333—341.

3) די אַקטן פון ניי־וואַרשע: די שעפּן־ביכער פון ניי־וואַרשע, נר. 1, פאַר די יאָרן 1477—1545; די שעפּן־ און וואָיט־ביכער פון ניי־וואַרשע, נר. 133, פאַר די יאָרן 1487—1565.

4) דער אַלט־וואַרשעווער פּריווילעגן־קאָדעקס (Codex privilegiorum civitatis Sacrae — Regiae Majestatis Antiquae Varsaviae) נר. 11, פאַר די יאָרן 1376—1775.

אויך דער ניי־וואַרשעווער פּריווילעגן־קאָדעקס (Codex privil. C. N. V.) נר. 13, פאַר די יאָרן 1477—1712.

רעכענענדיק זיך דערמיט, אַז ידיעות וועגן די וואַרשעווער יידן קענען זיך אויך טרעפן אין די גערעכט־ביכער פון די ערטער, וואָס געפינען זיך אין שכנות פון וואַרשע, — האָב איך נאָכגעזוכט אין די דערמאָנטע ביכער און געפונען אויך דאָרט מאַטעריאַל. איך האָב זיך בכן באַנוצט מיט די גערעכט־ביכער פון בלאָנע (Decreta iudicii terrestris in Blonie Nr. 1—16), וואָס נעמען אַרום די יאָרן 1428—1532, און פון טאַרטשין (Decreta iudicii terrestris in Tarczyn, № 1—8) פאַר די יאָרן 1472—1531.

פון די ווייטערדיקע געגנטן האָב איך אַדורכגעקוקט בלויז די זאַקראָטשימער לאַנד־ביכער, וואָס אַנטהאַלטן אַ שפּע נאָטיצן וועגן דערווירטשאַפטלעכער טעטיקייט פון די ווישעגראָדער יידן און וואו עס פעלן אָבער אויך נישט קיין מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון די וואַרשעווער יידן.

פון יידישע קוועלן האָב איך, אַחוץ אויסנאַמען — דעם אַרטיקל פון נחום סאָקאָלאָוו „רחוב היהודים בורשה" אין „האסיף", 1897, און ע. פרענקס „עפּיזאָדן פון דער געשיכטע פון די יידן אין וואַרשע", אין „היינט" 1924 (פון דאַנען האָב איך גענומען די ידיעה וועגן דעם יידישן גירוש אין יאָר 1454—1455) — גאָרנישט געשעפּט, וואָרים בכלל איז נישט פאַרבליבן דער קלענסטער זכר פון דער אַמאָליקער יידישער קהילה אין וואַרשע. און עס איז נישט קיין וואונדער. די געשיכטע פון די וואַרשעווער יידן איז, אָנהויבנדיק פונעם יאָר 1454, אַ געשיכטע פון כסדרדיקן נע־ונד־לעבן, פון כסדרדיקע

גירושים. אפילו דער יידישער בית־עולם איז דאָ נישט פאַרבליבן גאַנץ. דער קלויסטער פון הייליקן יאַן האָט באַקומען פונעם פירשט דעם שטח פונעם יידישן בית־עולם און אויפגעשטעלט דאָרט אַ בעקעריי (domus pro pistan- do pane). — די מתים האָבן געהאַט דעם זעלביקן מזל, וואָס די לעבעדיקע!

אפילו די פאָלקס־לעגענדע, וואָס היט אויף נישט איין געשעעניש פון דעם עבר, — האָט אין אונזער פאַל פאַרראָטן. די זקנים פון אַלט־שטאָט ווייסן נאָר צו דערציילן וועגן 150 יאָר יידישע געשיכטע אין וואַרשע, בעת לויט אונזערע ידיעות וועבט זי זיך נישט ווייניקער ווי 5 יאָרהונדערטער.

## I. מאַזאָוויע און די קרוין

איידער מיר וועלן צוטרעטן צו באַשרייבן די אויסערלעכע געשיכטע פון די וואַרשעווער יידן, איז געוואונטשן אין אַלגעמיינע שטריכן אָנצוצייכענען די פאַרהעלטעניש צווישן מאַזאָוויע און דער קרוין אין XVטן יאָרהונדערט.

אין דעם דערמאָנטן יאָרהונדערט קומט פאָר אַ גאָר וויכטיקע ענדערונג אין די באַציאונגען פון די דערמאָנטע מלוכות. מאַזאָוויע, וואָס האָט ביזן XVטן י. ה. געבילדעט אַ זעלבשטענדיקע מלוכה מיט באַזונדערע געזעצן, מנהגים א. א. וו. און וואָס האָט געפירט איר פּאָליטיק, אומאָפּהענגיק פון פוילן און אָפטמאָל אפילו קעגן די אינטערעסן פון פוילן, — ווערט אין אָנהויב פון XVטן י. ה. אַ טייל פון דער פוילישער מלוכה. אמת, די קרוין האָט געהאַט אַ השפעה אויף מאַזאָוויע נאָך איידער יענע האָט זיך פּאָליטיש פאַראייניקט מיט פוילן. עס איז אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, אַז די השפעה האָט געמוזט וואַקסן, וואָס ענגער עס זענען געוואָרן די פּאָליטישע פעדעם, וואָס האָבן פאַרבונדן די צוויי ברידער־פעלקער. שווער איז אָבער צו געבן אַן ענטפער, ווי ווייט עס האָבן דערלאַנגט די איינפלוסן פון דער קרוין און אין וואָס זיי זענען באַשטאַנען.

דאָס, וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן דעם אַלגעמיינעם לעבן אין מאַזאָוויע, לאָזט זיך אויך זאָגן בנוגע דער יידישער סביבה. כמעט אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן אין וואַרשע איז אָנזעעדיק די ווירקונג פון דער קרוין. די ווירטשאַפטלעכע באַציאונגען זענען כמעט אין גאַנצן ענלעך צו די באַציאונגען אינעם מערב־טייל פון דער קרוין. עס איז אויך נישט פאַראַן קיין שום חילוק צווישן דער רעכטלעך־פּאָליטישער לאַגע פון די מאַזאָווישע יידן און די קרוין־יידן. דאָס זעט מען נישט בלויז אין דער ענלעכקייט פון די אַלגעמיינע שטריכן, נאָר אויך אין פרטים, ווי למשל — אין די טעכנישע אויסדרוקן אויף צו באַצייכענען די קהילות, די יידישע געריכט־אינסטיטוציעס וכדומה (scolasticus, scolni, Judex Judeorum, Judicium Judeorum, minister scolasticus א. א.).

מיר קענען אויך באַמערקן אַ סך ענלעכע פרטים אין דער אויסערלעכער געשיכטע פון דער יידישער קהילה אין וואַרשע און פון די יידישע קהילות אין דער קרוין.

די געשעענישן, וואָס קומען פאָר אין י. 1454 אין קראָקע (די אַנטי־יידישע באַוועגונג פון קאַפּיסטראַנאָ), געפינען אַ הילכיקן אָפּקלאַנג אין וואַרשע. דער גירוש פון די וואַרשעווער יידן אין יאָר 1483 איז געוויס פאָרגעקומען אַלס רעזולטאַט פון דער אַקציע, וואָס דאָס פוילישע בירגערטום האָט פונעם סוף XVטן י. ה. געפירט קעגן די יידן.

## II. די ערשטע שפורן פון דער יידישער קהילה אין וואַרשע

קיין מאַזאָוויע קומען די יידן אַ סך שפּעטער, ווי אין אַלע אַנדערע פּראָווינצן פון פוילן. די סיבה דערפון איז געווען די שווערע לאַגע, אין וועלכער מאַזאָוויע האָט זיך ביז צום XIIIטן י. ה. געפונען צוליב די שטענדיקע מלחמות, וואָס פלעגן חרוב מאַכן דאָס לאַנד און זענען געווען אַ מניעה פאַר זיין נאָרמאַלער אַנטוויקלונג. אַלס רעזולטאַט דערפון לאָזט זיך באַמערקן אַ גרויסע פאַרשפּעטיקונג אין דער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון מאַזאָוויע אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פּראָווינצן, וואָס איז קאָנטיק צווישן אַנדערס אויך אין דעם שפּעטערדיקן אויפקום פון די שטעט אין פאַרגלייך מיט גרויס־ און קליין־פוילן.

אַ פועל־יוצא פון דער ווירטשאַפטלעכער אָפּגעשטאַנענקייט פון מאַזאָוויע איז געווען די שפּעטע איינוואַנדערונג אַהער פון די מערב־יידן אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פוילישע פּראָווינצן. דער יידישער עלעמענט פון מערב, אַלס אַ דורכאויס סוחריש־באַנקירערישער, האָט אימיגרירט אין די העכער אַנטוויקלטע לענדער. דעריבער קענען מיר אויך ביים פאָרשן די געשיכטע פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע פון פוילן באַמערקן, אַז וואָס מער אַ פּראָווינץ איז קולטורעל אַנטוויקלט, אַלץ פריער טרעפט מען זיך דאָרט מיט דער יידישער איינוואַנדערונג. אין שלעזיע, וואָס איז ווייטער ווי אַנדערע אַרויסגערוקט צו מערב־צו און האָט זיך צוליב דעם שנעלער ווירטשאַפטלעך אַנטוויקלט, קומט די איינוואַנדערונג פאָר פריער ווי אין אַנדערע געגנטן; שוין אין אָנהויב XIIטן י. ה. הויבט זיך דאָ אָן אַ יידישע אימיגראַציע. דעם צווייטן אָרט פאַרנעמט גרויס־פוילן (XIIIטער י. ה.) און ערשט דערנאָך גייט קליין־פוילן (אָנהויב XIVטער י. ה.). אין מאַזאָוויע, מיטן אויסנאַם פון פּלאָצק, וואו מיר געפינען שוין אין יאָר 1237 אַ נאָטיץ וועגן אַ יידישן ברונעם (puteum Judeorum), וואָס באַווייזט בפירוש, אַז יידן האָבן

דאָרט געוואוינט,—הערן מיר וועגן אַ יידישער אימיגראַציע ערשט צום מיטן אָדער צום סוף פון XIVטן י. ה.

אין וועלכן יאָר די יידן האָבן זיך באַזעצט אין וואַרשע און פון וואַנען זיי זענען אַהער געקומען—ווייסן מיר נישט. איינס איז אָבער באַוואוסט —, אַז די ערשטע ידיעה וועגן דעם אויפהאַלט פון יידן אין וואַרשע שטאַמט פון יאָר 1414. די דאָזיקע ידיעה געפינען מיר אין אַ נאָטיץ אינעם עלטסטן פאַרבליבענעם טשערסקער געריכט־בוך. זי אַנטהאַלט די אָנקלאַגע פון דעם טשערסקער יידן לאַזאַרוס קעגן דעם טשערסקער מיעשטשאַן פיאָטר, פון דער דערמאָנטער פאַרצייכעניש איז אָבער דורכאויס נישט געדרונגען, אַז די יידן האָבן זיך באַזעצט אין וואַרשע ערשט אין יאָר 1414. פאַרקערט: דאָס, וואָס די נאָטיץ טראָגט אַ בפירוש צופעליקן כאַראַקטער, דערלויבט אונז אָנצונעמען, אַז די באַזעצונג פון יידן אין וואַרשע איז פאָרגעקומען מיט אַ פאָר יאָרצענדליקער פריער. דאָ דאַרף מען נאָך נעמען אין אַכט, אַז די וואַרשעווער געריכט־ביכער זענען פאַרבליבן ערשט פונעם יאָר 1421. דערפון איז געדרונגען, אַז נאָר אַדאַנק דעם, וואָס אונזער לאַזאַרוס האָט זיך פּראָצעסירט אין טשערסק, — וואו עס זענען פאַרבליבן די געריכט-ביכער שוין פון יאָר 1413,— איז די ערשטע געשיכטלעכע דאַטע דאָס יאָר 1414, ווייל אין קעגנפאַל וואָלט דאָס געווען דאָס יאָר 1421.

אָנהויבנדיק פון יאָר 1421 האָבן מיר אַ שפע ידיעות וועגן די וואַרשעווער יידן, וועגן זייערע האַנדל־און קרעדיט־טראַנזאַקציעס. אָטאָ די שפע און די פאַרשיידנאַרטיקייט פון פערזאָנען און עסקים, וואָס מיר טרעפן זיך מיט זיי אין די לאַנדגעריכט־ביכער, זאָגן עדות וועגן דעם ברייט פאַרצווייגטן יידישן לעבן און דערלויבן אונז צו מאַכן די השערה, אַז דאָס גאַנצע לעבן האָט אויפגעבליט פלוצים, נאָר אין משך פון אַ פאָר יאָרצענדליקער. אונזער השערה ווערט נאָך פאַרשטאַרקט דורך דער נאָטיץ פון יאָר 1425, וואָס דערמאָנט וועגן אַ יידישן שמש (szkolnik) און וועגן די פאָרשטייער פון דער יידישער אויטאָנאָמיע.

מיר קענען אונזער היפּאָטעזע באַטראַכטן כמעט ווי אַ פאַקט, אויב מיר וועלן נעמען אין אַכט, אַז אין די ערשטע יאָרצענדליקער פון XVטן י. ה. האָט דאָ געהערשט יאַנוש דער Iטער, מיט וועמען מיר וועלן זיך פאַרנעמען אין אַ באַזונדערן קאַפּיטל. דער פירשט ווערט מיט רעכט באַטראַכט פאַר דעם בעסטן אָרגאַניזאַטאָר פון דער ווירטשאַפט אין דער עפּאָכע פון דער אומאָפּהענגיקער מאַזאָוויע.

אונטערפירנדיק אַ סך־הכל קומען מיר צו דער ענדגילטיקער מסקנא, אַז די ערשטע געשיכטלעכע דאַטע וועגן דער עקזיסטענץ פון דער וואַרשעווער קהילה אין וואַרשע —איז דאָס יאָר 1414, אָבער איר וואָרשיינלעכער אָנהויב באַציט זיך צום סוף XIVטן יאָרהונדערט.

## III. די יידן אין די צייטן פון יאַנוש דעם Iטן.

אין דער ערשטער העלפט פון XVטן י. ה., אונטער דער הערשאַפט פון יאַנוש דעם Iטן, האָט זיך ברייט פונאַנדערגעבליט די יידישע קהילה אין וואַרשע. די גראָד־און לאַנד־ביכער זענען פול מיט פאַרשיידענע נאָטיצן וועגן קרעדיט־ענינים און אין אַ קלענערער מאָס וועגן האַנדל־ענינים, וואָס די יידישע באַנקירן פירן אַדורך אין וואַרשע. דורכשניטלעך טרעפן מיר איבער הונדערט אַזעלכע נאָטיצן (אין יאָר 1427 ביז 173). נישט געקיקט דערויף, וואָס די לאַנד־ביכער זענען פול מיט יידישע טראַנזאַקציעס, איז די צאָל יידן אין וואַרשע נישט קיין גרויסע. כדי צו האָבן אַ השגה ווי גרויס עס איז דעמאָלט געווען די יידישע באַפעלקערונג אין וואַרשע, איז גענוג צו פאַרגלייכן די ליסטעס פון די יידישע שטייער־צאָלער אין וואַרשע און איןווישעגראָד [1], וועגן וואָס אונז וועט נאָך אויסקומען צו ריידן. דאָ ווילן מיר נאָר אָנווייזן, אַז אין די דערמאָנטע ליסטעס פיגורירן אַלס שטייער־צאָלער פאַרטרעטער פון בעל־הבתישקייטן אָדער הויזגעזינדן, אין וואַרשע איז לויט דער ליסטע געווען 10 אַזעלכע בעל־הבתישקייטן. שטיצנדיק זיך אויף די גענויע אויסרעכענונגען, וואָס ד״ר שיפּער האָט געמאַכט אויפן סמך פון מאַטעריאַלן, וואָס זענען נוגע דעם XVIטן ביזן XVIIIטן י. ה., וועלן מיר אַלס יסוד אָננעמען פאָלגנדיקע אויסרעכענונג: 1 בעל־הבתישקייט — 9 פּערזאָן [2]. אינאיינעם אַלזאָ באַקומען מיר אַ ציפער פון 90 יידן אין וואַרשע (10 בעל־הבתישקייטן צו 9 פּערזאָן). צו דער דאָזיקער צאָל דאַרף מען נאָך צוגעבן 2 בעל־הבתישקייטן, ד. ה. 18 פּערזאָן, ווייל דער רב און דער שמש זענען — לויט אַ מנהג, וואָס איז געווען אָנגענומען אין דער קרוין און לאָזט זיך אויך פעסטשטעלן אין מאַזאָוויע — געווען באַפרייט פון צינזן. בסך־הכל האָבן מיר אַלזאָ די צאָל פון אַן ערך 120 פּערזאָן, וואָס דאַרף אונז אילוסטרירן די גרויס פון דער יידישער קהילה אין וואַרשע אין אָנהויב פון XVטן י. ה. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דער באַטייט פון דער צאָל מוז גענומען ווערן רעלאַטיוו.

לאָמיר איצט איבערגיין פון די אַבסטראַקטע ציפערן צום רעאַלן לעבן. ס'איז געווען דעמאָלט (אין די צייטן פון יאַנוש I) זייער לעבעדיק אויף דער יידישער גאַס, בכל אופן באַקומט זיך אַזאַ איינדרוק פון די פאַרשיידענע

---

1) וואַרשעווער לאַנד־און גראָד־אַקטן (וו.ל. ג, א.), נר. 1, ז. 64, י. 1423.

2) ד״ר שיפּער, „די פאַרשפּרייטונג פון יידן אין פוילן און אין ליטע“ (רוסיש) אין דער „געשיכטע פון יידישן פאָלק“, פאַרלאַג „מיר“ מאָסקווע, ב. XI, ז. 107 א״וו. הגם די אויסרעכענונגען פון שיפּער באַציען זיך צו די שפּעטערדיקע צייטן, נעמען מיר זיי דאָך אָן אַלס יסוד, אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין פּריגציפּיעלער חילוק צווישן יידישן לעבן אין מיטלעלטער און אין XVIIIטן י. ה.

געריכט־נאָטיצן פון יענער צייט, וואָס זענען נוגע די טראַנזאַקציעס פון די וואַרשעווער יידן.

יאַנוש דער 1טער, זייענדיק דערצויגן אין הויף פון קאַזימיעזש דעם גרויסן, איז געגאַנגען אין די דרכים פון דעם דאָזיקן „קעניג פון מיעשטשאַנעס און פויערים" 3) און געשטרעבט צו פאַרווירקלעכן אין לעבן אויך זייערע ווירטשאַפטלעכע פּלענער. קיין שום מאַזאָווישער פירשט האָט נישט אַזוי געדאַגהט פאַר דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד, ווי ער. און דעריבער ווערט ער מיט רעכט באַטראַכט פאַר דעם בעל־הבית פון מאַזאָוויע, פּונקט ווי קאַזימיעזש דער גרויסער איז עס געווען אינעם פּיאַסטישן פּוילן.

באַזונדערס האָט יאַנוש דער 1טער אַ סך אויפגעטאָן פאַר דער אַנטוויקלונג פון „אונזער שטאָט" — וואַרשע. ער האָט דער שטאָט געגעבן אַ גאַנצע ריי פּריווילעגן. דער וויכטיקסטער פון זיי איז דער פּריווילעג פון יאָר 1413 4), אין וועלכן ער גיט דער שטאָט איבער דאָס משפּט־רעכט איבער די אייגענע בירגער און איבער די צוגעקומענע, הן אין שווערע שטראָף־ענינים, אַזוי אויך אין מינדערוויכטיקע ענינים (ווי, למשל, וועגן שטערן די עפנטלעכע רו).

יאַנוש דער 1טער, גייענדיק אין די דרכים פון קאַזימיעזש דעם גרויסן, האָט זיך באַמיט אַריינצוברענגען אין לאַנד וואָס מער קאָלאָניסטן פון מערב. צווישן זיי זענען געווען אַ סך יידן, וואָס האָבן אין אַ לאַנד, וואו עס האָט נאָך אויסשליסלעך געהערשט די נאַטוראַלע ווירטשאַפט, געקאָנט שפּילן אַ דאָמינירנדיקע ראָל צוליב זייער רירעוודיקייט, זייערע גרויסע קאַפּיטאַלן און אַדאַנק דער באַהאַוונטקייט אין דער געלט־טעכניק. עס איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס דער פירשט האָט געהאַט אַ גוטע באַציאונג צו יידן און וואָס ער האָט געשטיצט די יידישע איינוואַנדערונג אין מאַזאָוויע. דאָס איז צו זען פון דעם פאַקט, אַז אין זיינע צייטן האָט זיך באַזונדערס שטאַרק אַנטוויקלט די יידישע קהילה אין וואַרשע.

אונזער השערה באַשטעטיקן אַ ריי פאַקטן, וועלכע מיר גיבן אונטן אָן און וואָס וואַרפן אַ העל ליכט אויף דער באַציאונג פון יאַנוש דעם 1טן צו די יידן.

מיר לייענען, למשל, אַז אין יאָר 1422 שענקט יאַנוש דער 1טער דעם ווישעגראָדער יידן מאַי (May) זיינעם אַ וויינגאָרטן, וואָס ער האָט אין ווישעגראָד לעבן דעם קלויסטער פון אַלע הייליקע. פאַר דעם דאַרף דער ייד מאַי צאָלן יערלעך 4 שאָק גראָשן צינזן 5). מיט אַן

3) K. Tymieniecki, Najstarsi gospodarze Warszawy, p. 17

4) Teodor Wierzbowski, Przywileje St. Warszawy.

5) מאַזאָווישע מעטריקע, מ. 3, 90, יאָר 1422.

אַנדער וואַרשעווער ייד, איינעם דוד, שליסט דער קעניג אָן אָפּמאַך, פון וועלכן מיר דרינגען, אַז דוד האָט געפּאַכט ביים פירשט עפּעס אַ פעלד אָדער אַ בוי־פּלאַץ 6). אַרעסטן און ערבות־לייט פון יידן פאַר חובות, וואָס פלעגן אַזוי אָפט פאָרקומען אונטער דער הערשאַפט פון די שפּעטערדיקע פירשטן נאָך יאַנוש דעם 1טן, זענען אין זיינע צייטן געווען אַ זעלטנהייט; אַזאַ פאַל איז געווען בלויז איינער 7).

## VI. דער יידן־גירוש אין יאָר 1454.

דאָס ברייט־אַנטוויקלט לעבן פון דער יידישער קהילה אין וואַרשע איז פּלוצים איבערגעריסן געוואָרן אין יאָר 1454. דער טעזיס, וואָס איז פאָרמולירט געוואָרן דורך די יידישע געשיכטע־שרייבער, אַז די צאָל פּאַגראָמען אָדער גירושים איז פּראָפּאָרציאָנעל צו דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פונעם געגעבענעם לאַנד, ווערט דורכאויס באַשטעטיקט אין מאַזאָוויע. זינט דאָס וואַרשעווער פּוילישע בירגערטום איז, אַדאַנק דער אַנטוויקלונג פון שטאָט, געוואָרן שטאַרקער, שטרעבט עס מיט אַלע מיטלען אָפּצושטויסן די אומאָנגענעמע קאָנקורענטן, ד. ה. די פרעמדע, און דערונטער קודם־כל די יידן, וואָס וואוינען אין וואַרשע. דאָס בירגערטום שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום מיטלען. דאָרט, וואו זיי קאָנען נישט דערלאַנגען זייער ציל מיט לעגאַלע מיטלען, טוען זיי דאָס מיט אומלעגאַלע: אָרגאַניזירן אָנפאַלן און פּאָגראָמען, וואָס ווערן אָפטמאָל אָנגעפירט פון די שטאָט־פאַרוואַלטערס גופא. שטרעבנדיק אויף אַ לעגאַלן וועג פּטור צו ווערן — דורך פּריווילעגיעס — פון פרעמדע סוחרים און בתוכם אויך פון יידן, — באַנוצן זיך די מיעשטשאַנעס מיט דעם „קלינגענדיקן" אַרגומענט, וואָס האָט ס'רוב אַ פּעולה, אויף וויפל, נאַטירלעך, דער צד שכנגד אָפּערירט נישט מיט נאָך גרעסערע געלט־סומעס. דאָס בירגערטום באַיקאָטירט די יידן — מען פאַרקויפט זיי נישט קיין פּלעצער אויף הייזער. פון 12 הענדלס־אָפּעראַציעס מיט הייזער, וואָס האָט זיך אונז איינגעגעבן צו פאַרנאָטירן אין משך פון 1414—1531, האָבן מיר זיך באַגעגנט בלויז מיט איין פאַל, ווען אַ מיעשטשאַן פאַרקויפט אַ הויז אַ ייד.

דער פאַקט, וואָס עטלעכע וואַרשעווער יידן זענען אָנגענומען געוואָרן אַלס בירגער פון ניי־וואַרשע, — פון וואָס מען וואָלט געקענט דרינגען, אַז די באַציאונגען צווישן די יידן און די מיעשטשאַנעס זענען נישט תמיד געווען אָנגעשטרענגטע, — איז אַ יוצא מן הכלל. דערביי האָט געוויס אַ באַדייטנדיקע ראָלע געשפּילט דאָס געלט, וואָס די יידן האָבן געצאָלט פאַר דעם שוץ פון

6) וו. ל. ג. א., נר. 1, ז. 114, יאָר 1425.

7) דאָרטן, ז. 194, יאָר 1425.

דער שטאָט נײַ-וואַרשע. מען קען דאָס נאָך אויסטייטשן מיט אַן אַנדער מאָטיוו, דהיינו — אַז נײַ-וואַרשע האָט זיך נישט שטענדיק נוהג געווען לויטן מוסטער פון איר מעטראָפּאָליע — אַלט-וואַרשע.

דער קאַמף, וואָס עס האָט געפירט דאָס וואַרשעווער בירגערטום, איז געשטאַנען אין אַן ענגן צוזאַמענהאַנג מיט דער אַקטיווער אַנטי-ייִדישער באַוועגונג, וועלכע ס'האָט זיך אַנטוויקלט קודם אין די באַזונדערע און דערנאָך אין די פאַרבינדעטע פּוילישע שטעט.

מיר וועלן זיך תּחילת אָפּשטעלן אויפן ערשטן פּעריאָד פון דעם קאַמף, וואָס לאָזט זיך אויפן סמך פון קוועלן פעסטשטעלן און וואָס ענדיקט זיך אין יאָר 1454 אָדער 1455. די דאָזיקע יאָרן צייכענען זיך אויס אין דער געשיכטע פון די וואַרשעווער ייִדן מיט דעם ייִדן-גירוש. נישט געקוקט דערויף, וואָס דער גירוש איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די בערנאַרדינער גלחים, באַטראַכטן מיר אים דאָך פאַר א רעזולטאַט פון דעם קאָנקורענץ-קאַמף צווישן דעם פּוילישן בירגערטום און די ייִדן, ווייל דער דאָזיקער קאַמף איז געווען ווי אַ פּולווער-פאַס, אין וועלכן ס'איז גענוג געווען אַרײַנצוואַרפן איין פונק, אַז ס'זאָל אויסברעכן אַ שרפה. עס וואָלט געווען נאַיוו אויסצוטייטשן דעם גירוש אויסשליסלעך מיט דער רעליגיעזער שנאה. די רעליגיע איז מייסטנס געווען נאָר אַ דעקמאַנטל, מיט וועלכן מ'האָט פאַרשטעלט די א מ ת ע מאָטיוון, וואָס האָבן אין דער גרעסטער צאָל פאַלן געטראָגן אַ ריין-מאַטעריעלן כאַראַקטער.

די געשעענישן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין וואַרשע אין די יאָרן 1454—1455, האָבן זיך אַנטוויקלט אויפן פאָן פון דער אַקציע, וואָס ס'האָט אונטערגענומען דער פּויפּסט ניקאָלאַי דער 1טער, כדי צו באַקעמפן די אַפּיקורסים — די אַנטי-פּויפּסטלעכע הערעזיע (הוסיטן), די יודאַאיזירנדיקע סעקטעס און די „אומגלויביקע" ייִדן. בכדי אַדורכצופירן זיינע פּלענער האָט דער פּויפּסט אַרויסגעשיקט אין די אַפּיקורסישע לענדער אַלס זיינע באַפולמעכטיקטע די אינקוויזיטאָרן, וואָס האָבן דאָרט געזאָלט אַרבעטן מיט דער הילף פון די אָרטיקע כוחות.

דער באַרימטסטער אינקוויזיטאָר פון יענער צייט איז געווען דער פראַנציסקאַנער מאָנאַך יאַן קאַפּיסטראַנאָ[8], וועמען די קאַטוילישע קירך האָט — צוליב די גרויסע פאַרדינסטן, וואָס ער האָט פאַר איר געהאַט — אַרײַנגענומען צווישן די הייליקע. תּחילת האָט ער זיין קאַמף געפירט דער עיקר מיט די קריסטלעכע אַפּיקורסים, אָבער ווען דער קאַמף האָט—בפרט אין טשעכיע — נישט געבראַכט קיין רעזולטאַטן, האָט ער זיך מיטן גאַנצן ברען אַ וואָרף געטאָן אין קאַמף מיט די ייִדן. מיט זיי-

8) וועגן דער מיסיע פון קאַפּיסטראַנאָ זע: ג ר ע ץ „געשיכטע פון ייִדן", 3טע אויסגאַבע (דייטש), לייפּציג 1890, 8טער באַנד, ז. 191—203.



נע פלאַם-פייערדיקע דרשות פלעגט ער מיטרייסן נישט בלויז די ברייטע פאָלקס-מאסן, וואָס פלעגן קומען אים הערן, נאָר אויך די העכערע ספערן: קיניגן, פירשטן, דעם אַדעל וכדומה, אויף וועלכע ער האָט אויך געהאַט אַ געוואַלדיקע השפּעה. די צייטן פון זיין אינקוויזיטאָרישער טעטיקייט זענען פאַרשריבן מיט שוואַרצע אותיות אין דער געשיכטע פונעם ייִדנטום. אומעטום, וואו ער האָט נאָר זיין פוס געשטעלט, האָבן זיך טייכן ייִדיש בלוט געגאָסן, פלעגן אויסברעכן ייִדן-גירושים, רדיפות, באַגרענעצונגען און גזירות. די ייִדישע קהילות פון דייטשלאַנד, עסטרייך, שלעזיע, מערן און פּוילן פלעגט באַפאַלן אַ שרעק, ווען עס פלעגט אָנקומען די ידיעה, אַז עס דערנענטערט זיך קאַפּיסטראַנאָ, וועמען זיינע אייגענע פאַרערער האָבן גערופן „דער צורר היהודים". מיר וועלן זיך דאָ נישט אָפּשטעלן לענגער אויף קאַפּיסטראַנאָס טעטיקייט מחוץ די גרענעצן פון פּוילן. עס איז גענוג זיך נאָר צו דערמאָנען וועגן זיין מיסיע אין איטאַליע, און בפרט אין נעאַפּאָל, וואו ער איז געווען פאָרזיצער פונעם אינקוויזיציע-געריכט קעגן די ייִדן; וועגן זיין ראָלע אין די ייִדן-גירושים פון איינצלנע קהילות אין בייערן (למשל, פון רעגענסבורג — 1454); אינעם אָפּנעמען ביי ייִדן די פּריווילעגיעס אין וואָרמס און אין זייער גירוש פון דאָרטן (1453); זיין ראָלע ביים אינסצענירן דעם פּראָצעס וועגן פאַרגוואַלטיקן די האָסטיע אין ברעסלע (1453) און אינעם פאַרברענען 41 ייִדן נאָך אַן אויספאָרשונג, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך קאַפּיסטראַנאָ פערזענלעך; אינעם ייִדן-גירוש פון גאַנץ שלעזיע און פון מערן — וכדומה.

אין זיין קרייצצוג קעגן ייִדן האָט קאַפּיסטראַנאָ אויך נישט אויסגעמיטן די נייע קריסטלעכע עפּאַרכיע — פּוילן, וואוהין ער איז פאַרבעטן געוואָרן דורך דעם פּאַנאַטישן קראָקעווער אַרכיבישאָף אָלעשניצקי. אינאיינעם מיט אָלעשניצקין צווינגט קאַפּיסטראַנאָ אין 1454 דעם קיניג מיט גוטן און מיט בייזן צוריקצונעמען די ייִדישע פּריווילעגיעס, וואָס דער קיניג האָט אָקאָרשט געהאַט געגעבן די קרוין-ייִדן. אויף די ייִדישע קהילות אין פּוילן איז געפאַלן אַ פּחד, דער עיקר אויף קראָקע, וואו קאַפּיסטראַנאָ האָט זיך אַ לענגערע צייט אויפגעהאַלטן און צוגעגרייט אַ באָדן פאַרן „שניט" מיט זיינע התלהבותדיקע דרשות. די דערשראָקענע פּוילישע ייִדן שיקן שלוחים צו זייערע ברידער אין דייטשלאַנד און בעטן ביי זיי הילף. דער רב זעליגמאַן אָפּענהיים פאָדערט אויף די אספּת הרבנים, וואָס איז זיך צונויפגעקומען אין בינגען (ריינלאַנד), אַז זיי זאָלן אויפהערן זיך קריגן וועגן קליינלעכע ענינים, בזה הלשון: „מיר האָבן זיך נאָך קיינמאָל נישט גענויטיקט אַזוי אין אחדות, ווי איצט... וואָרים דער גלח (קאַפּיסטראַנאָ) האָט זיך שוין גענומען אפילו צו די ייִדן, וואָס געפינען זיך אונטער דער ממשלה פונעם פּוילישן

פאַכטער האָט משה גוט אויסגעפילט, מחמת פאַר זיינע פאַרדינסטן ביי די מאַזאָווישע פירשטן האָט דער קיניג אים דעם איינציקן דערלויבט צו פאַרבלייבן אין וואַרשע. אויך זיגמונט דער 1טער איז געווען צופרידן פון זיין טעטיקייט אַלס מכסניק. אין אַ ספּעציעלן בריוו, געווענדט צום שרייבער בעלזקי, באַפעלט אים דער קיניג אויסצודריקן משהן אַ דאַנק פאַר דער פרוכטבאַרער טעטיקייט, און אַלס צייכן פון דאַנקבאַרקייט פאַרקלענערט ער אים די אַרענדע־געלט פון מכס מיט גאַנצע 10 שאָק גראָשן (75.

אַ חוץ זיין הויפּט־באַשעפטיקונג — דער שטייער־אַרענדע —, צוליב וועלכער ער טראָגט אויך דעם טיטל Teloneator S. R. M., פאַרנעמט זיך משה אויך מיט אַנדערע האַנדל־ און קרעדיט־עסקים. דער האַנדל איז געווען אַ וויכטיקער קוואַל פון זיינע הכנסות. וועגן דעם זאָגט עדות אַ גרויסע רשימה פון כלערליי טייערע סחורות, וועלכע מען האָט ביי אים צעראַבירט בעתן דערמאָנטן אָנפאַל פונעם יאָר 1529. אַלס אילוסטראַציע גיבן מיר דאָ אָן דעם פרייז פון די באַזונדערע סחורות, וועלכע האָבן צוזאַמען באַטראָפן 90 שאָק גראָשן (76:

| | | |
|---|---|---|
| 1 | באַל cubilecti (pecias) אָדער האַראַס, | צו 9 פלאָרין |
| 2 | " " " " | " 8 " |
| 3 | " " " " | " 7 " |
| 3 | " " סאַטין | " 100 גראָשן |
| 30 | " "אַדאַמאַשעק" | " 30 " |
| 26 | איילן שוואַרצער סאַמעט | " 1 שאָק" |
| 3 | " gożdzikowy czamlet polustuczki | " 2 " " |
| 2 | באַלן ווייסער קעלנער לייוונט, | " 2 " " |
| 3 | " " " " | " 1 " " |
| 1 | " " " " | " 1 " " |

אַ חוץ שטאָף האַנדלט אונזער משה אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב אויך מיט תבואה, וועלכע ער פירט מסתמא קיין דאַנציק. אַ השגה וועגן דעם גרויס פון דעם האַנדל גיט אונז משהס דערציילונג, אַז מען האָט ביי אים צוגענומען 100 שאָק גראָשן, וועלכע זענען געווען באַשטימט אויף איינקויפן תבואה. מ׳דאַרף נאָך צוגעבן, אַז משה פאַרמאָגט אַזוי פיל משכנות (77, אַז ער קען זיי גאָר נישט אויסרעכענען אויסנווייניק —, און מיר ווען אַזוי אַרום

75) Regestrum pro exaccione etc. נישט פאַגינירט (Arch. Skarb. Dział staropolski, ks. Nr. 42. a. 1527: „Jtem Judeo Theloneatori Varschawiensi ad litteras M. Regie Notarius Belzky fecit gratiam iudeo Et fiat(?) sexagenas 10 dimisit arende thelonei contracti".

76) וו. ל. ב. א., נר. 16, ז. 105, 131, יאָר 1529.

77) „Et res impignoratas asseruerunt illis fore multas perditas et receptas quas allegauerunt se protunc non posse enumerare et specificare sicut teriti et in memoria ponere (?) perpulsi distracti existentes".

האָבן אַ קלאָר בילד וועגן משהס פאַרשיידנאַרטיקע עסקים.

משה — דאָס איז דער רייכסטער וואַרשעווער ייד, וועלכן מיר האָבן אָנגעטראָפן פאַר די 118 יאָר, וואָס מיר באַהאַנדלען דאָ אין אונזער אַרבעט. אויב מיר האָבן קיין איינעם אַפילו פון די רייכסטע וואַרשעווער סוחרים אָדער וואוכערניקעס נישט געקאָנט פאַרגלייכן מיט די יידישע סוחרים און באַנקירן אין דער קרוין, קאָנען מיר משהן זיכער שטעלן אין דער מדרגה פון אַ יידישן באַנקיר פון קראָקע אָדער לעמבערג. אַ חוץ משהן אַנטוויקלט אויך זיין זון לאַזאַרוס און זיין איידעם משה דער ייִנגערער אַ רייכע האַנדל־ און קרעדיט־טעטיקייט, אויף וועלכער מיר וועלן זיך אָבער דאָ נישט אָפּשטעלן.

ווען מיר גיבן זיך אָפּ אַ דין־וחשבון, אַז משהס השפעה האָט זיך שטאַרק געלאָזט פילן די וואַרשעווער מיעשטשאַנעס אויפן געביט פון מסחר און קרעדיט, איז נישט קיין חידוש, וואָס דאָס וואַרשעווער בירגערטום האָט געטראַכט וויאַזוי פּטור צו ווערן פון דעם שארית הפּלטה. אין יאָר 1529 אָרדענען איין די בירגער אַן אָנפאַל אויף די הייזער, אין וועלכע ס׳האָבן געוואוינט משה מיט זיין משפּחה. בראש פונעם אָנפאַל שטעלט זיך דער וואַרשעווער ראַטמאַן יאַן — נישט אומזיסט גערופן ווילטשעק, — וועלכער נעמט זיך צו הילף דעם וואַרשעווער מיעשטשאַן יאַן פּאָלטאָראַק (78. דער אָנפאַל גופא האָט, לויטן עדות־זאָגן פון די וואַרשעווער בירגער — יאַן דעם מאָלער און יאַן לאָטשיוואָדא, — געהאַט דעם פאָלגנדיקן פאַרלויף: בעת דער וואַרשעווער ייד משה דער ייִנגערער האָט זיך געפונען אין זיין דירה צוזאַמען מיט זיין ווייב און אַ גאַסט, איז אויף זיי אָנגעפאַלן די וואַרשעווער יוגנט און געוואָרפן אויף זיי שטיינער. משה, זייענדיק דערשראָקן צוליב דעם פּלוצלומדיקן אָנפאַל, האָט זיך באַהאַלטן אין אַ קאַנאַל, וואָס פאַראייניקט זיין הויז מיטן הויז פון מאָלער יאַן. אַזוי ווי מען האָט אים אויך דאָרט ווייטער באַוואָרפן מיט שטיינער, האָט ער פונעם דאַך פון יאַנס הויז אַרויסגעריסן אַ פאָר ברעטער און באַהאַלטן זיך ביי יאַנען. יאַן, דערציילנדיק די גאַנצע מעשה, איז זיך מודה, אַז דעמאָלט האָט ער אים אין שפּאַס אַ פרעג געטאָן: „פאַרוואָס פאַרט־ידיקסטו נישט דיין הויז, מען ראַבעוועט עס דאָך?" דערויף האָט אים משה געענטפערט: „איך וויל נישט! הלואי זאָל איך מציל זיין מיין געזונט און דעם געזונט פון מיין ווייב". — אַן ענלעכע דערקלערונג האָט אָפּגעגעבן אויך דער וואַרשעווער בירגער־

78) „Idem preco (recognovit) quod pro hys (!) omnibus rebus et damnis et violencia inculpaverunt predictos Johannem Wylczek, Johannem aurifabrum et eis artificiis ...(נישט לייענבאַר), qui apud eundem laborat cum eorum complicibus predictis... tamquam principales".

מייסטער יאן לאטשיוואדא: משה דער עלטערער, דער־שראקן פון די שטיינער, וואס זענען אויף אים געווארפן געווארן, האט זיך באהאלטן אין לאטשיחאדאס דירה. „דער ייד" — דערציילט דער בירגערמייסטער —, האט ביי זיך גארנישט געהאט א חוץ אן אלטן פעלץ, ארומגעגורט מיט א לעדערנעם פאסעק".

וואס פארא פעולה ס'האט געהאט די אויספארשונג וועגן דעם אנפאל, איז אומבאוואוסט.

אינעם יאר 1532 ענדיקן זיך אלע ידיעות וועגן די ווארשעווער יידן. משמעות, אז משה איז געשטארבן און נאך זיין טויט האט זיך די גאנצע משפחה, לויט די תקנות פונעם פריווילעג, געמוזט ארויסציען פון ווארשע. ס'איז אויך כאראקטעריסטיש, אז די ווארשעווער קוועלן שווייגן אויך וועגן פרעמדע יידן, וואס פלעגן פריער אזוי אפט באזוכן ווארשע.

אזוי זעט אויס דער סוף פון דער קליינער יידישער קהילה אין דער מיטלעלטערלעכער ווארשע.

---

# הוספה

## דער עפילאג פונעם גירוש אין יאר 1483.

דער פראצעס צווישן די ווארשעווער יידן רובין און ביעניאש און דעם ווארשעווער מיעשטשאן טעאפיל וועגן הייזער.

Feria quarta post sancti Martini Confessoris et tni(?) venerandi coram venerabili Andrea Andrea de Jassyenyecz Canonico et Notario Warsch. Curato in Lukowo tamque Comissario per litteras Serenissimi Principis dominis ducis Boleslai ad infrascripto deputato necnone (?) paulo lurk condo (?) Notario et alijs assesoribus protunc sua in Judicio presidentibus Anno dni M-o etc. LXXXVI.

Dum perfidi Judei Rubin de Polthowski et Byenyasch de Czyrsk super Circumspectum Theophil Civem W. iudicialiter proposuerunt pro eo quia ipse introligatus est in ipsorum domis quos habent in Warschovia ipsos ullo. Jure vincendo Extunc ipse Theophil tali respondit domini Ego sum introligatus in ipsorum domos in censibus se retentus a tribus annis super quos Census Jusa Serenissimo Principe domino duce Boleslao habeo quod hicidem produxit lex adverso prefali Judei Rubin et Byenyasch protecti sunt jure ipsorum asserentes se umquam soluere census de domibus sed de personis suis tantum dominus vero canonicus tanquam Commissarius per literas I. P. dni ducis Boleslai speciale ad premissa deputatus cum ceteris assesorbis protunc cum sua venerabile Judicio presidentibus proposione et responsione diligenter exauditis Juribusque humande (?) productis bene et sufficienter Intellectis ac super hoc facto sufficienti tractata ipsos Judeos Rubin et Byenyasch cum de domibus non solverunt censum sed solvenda suis personis a solucione censum retentorum liberos effecit Introligacionemque ipsius Theophil cassavit et mortificavit realiter et cum effectu nollum robur obtinere...: (נישט לעזבאר) extunc si ipsi Judei a domibus suis per spacium unius anni et sex septimarumse absentaverint sic quod ipsorum prefatu domus desertati extuerint aut alium Judeum in eisdem suis domibus non locaverint extunc Censum illius anni per quem talis Judeus est absentatus iuxta ipsorum Jus solvere tenebuntur perfidus Byenyasch ex decreto prefati domini Canonici debet complere Censum retentinum quem non soluit dum de Warschovia capitali residencia se translulit Circumspecto Theophil in 6 sexagenis sub p. L.

א, ל, ג., א., גר. ל, ז, 1071, י. 1486

# אויסלענדישע רייזנדע וועגן פוילישע יידן אינעם 18טן יאָרהונדערט

פון ד"ר נ. מ. געלבער (ווין)

רייזע-באַשרייבונגען פון ניט-יידישע רייזנדע פאַרנעמען צום באַדויערן אַ גאָר קנאַפּן אָרט אין אונזער היסטאָרישער וויסנשאַפט. דערביי געפינט מען אין די רייזע-באַשרייבונגען פון איינצלנע — אָפּט גייסטיק זייער הויכשטייענדיקע — רייזנדע גלענצנדיקע נאָטיצן וועגן דער לאַגע פון די יידן אין די לענדער, וואָס זיי האָבן באַזוכט. אין די פאָלגנדיקע שורות ווילן מיר געבן אַ ריי אויסצוגן פון אַזעלכע רייזע-באַשרייבונגען פון פאַרשיידענע אויסלענדער, וואָס האָבן באַזוכט פוילן אין משך פונעם 18טן יאָרהונדערט, אויף וויפיל זיי האָבן אַ שייכות צו די פוילישע יידן אין דער תקופה.

דידאָזיקע אַלטע פאַרשטויבטע בלעטער גיבן אונז אַ בילד, ווי אַזוי די אויסלענדישע רייזנדע האָבן זיך פאָרגעשטעלט די פוילישע יידן. נישט געקוקט אויף דער שנאה און דער פאַראַכטונג מצד דער אַרומיקער פרעמדער וועלט, איז דער ייד נאָך אַלץ געבליבן אַן אָביעקט פון נייגעריקייט, באַזונדערס דער „פוילישער ייד", וועלכער האָט שוין אין 18טן יאָרהונדערט סיי כלפּי-פּנים, סיי כלפּי-חוץ געפירט אַ גאַנץ אַנדערן לעבנסשטייגער, ווי דער ייד אין דייטשלאַנד און אין די אַנדערע מערב-אייראָפּעישע לענדער. אמת, מיר הערן נישט פון די מחברים פון דידאָזיקע רייזע-באַשרייבונגען, אַז זיי זאָלן ליבן יידן; פאַרקערט, זיי ווייזן געוויינטלעך נישט אַרויס צו זיי קיין צו גרויסע אהבה, באַזונדערס צו די יידן אין פוילן: די פוילישע יידן זענען פאר דאָס רוב אויסלענדער געווען נישט אַנדערש, ווי „דאָס עלנטסטע, פּחדנישע, אומגליקלעכסטע, חזרוואַטע און אין אַ סך פּרטים (אַ חוץ שווינדלעריי, צו וואָס יידן זענען אַמבעסטן פעיק) אויך דאָס נאַרישסטע פאָלק אין גאַנצן לאַנד", ווי עס האָט, למשל, געשריבן דער געלערנטער פּראָפעסאָר האַקע אין זיינע „נייסטע פיזיקאַליש-פּאָליטישע רייזעס אין די יאָרן 1788 און 1789 דורך די דאַצישע און סאַרמאַטישע אָדער צפונדיקע קאַרפּאַטן". אַזעלכע און ענלעכע מיינונגען געפינען מיר אויך ביי אַנדערע רייזנדע — אמת, נישט ביי אַלע. און הגם זיי שטעלן פאָר די יידן נישט אינעם בעסטן ליכט, האָבן דאָך זייערע באַשרייבונגען אַ גרויסע חשיבות דערמיט, וואָס זיי גיבן אַ קלאָר בילד פון די מיינונגען, וואָס קריסטלעכע געלערנטע און שריפטשטעלער האָבן זיך געשאַפן וועגן די פוילישע יידן אין 18טן יאָרהונדערט.

מיר ברענגען דאָ אויסצוגן פון די ווערק ביי די אויסלענדישע רייזנדע פון פאַרשיידענע נאַציעס, וועלכע האָבן אין פאַרשיידענע צייטן, אָדער אַפילו אין איין און דערזעלביקער צייט באַזוכט פוילן. און עס איז זייער אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכן צווישן זיך זייערע מיינונגען. צום סוף ווילן מיר נאָך באַמערקן, אַז אין די ווערק געפינען מיר אָפּט אויך אַ ווערטפולן פּאַקטישן מאַטעריאַל וועגן דעם לעבן און באַזונדערס וועגן די ווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן פון די פוילישע יידן.

אין אונזער אַרטיקל ברענגען מיר אויסצוגן פון די פאָלגנדיקע 14 אויסלענדישע רייזנדע:

1) יאָהאַן בערנוילי — באַקאַנטער דייטשישער מאַטעמאַטיקער; 2) יאָהאַן עריך ביסטער — באַקאַנטער דייטשישער צייטונגס-אַרויסגעבער, שרייבער און ביכער־זאַמלער; 3) יאָהאַן פיליפּ דע קאַראָסי — דייטשישער נאַטור-וויסנשאַפטלער, מחבר פון אַ ריי וויכטיקע ווערק וועגן מינעראַלאָגיע און געאָלאָגיע, דירעקטאָר פונעם בערגבוי אין פוילן; 4) וויליאַם קאָקס — באַקאַנטער ענגלישער רייזנדער, היסטאָריקער און מעמואַריסט; 5) באַלטהאַזאַר ה. האַקע — פילאָלאָג און נאַטור-וויסנשאַפטלער; לויט זיין אָפּשטאַמונג אַ פראַנצויז, אָבער געלעבט אין עסטרייך, פּראָפעסאָר אין לייבאַך און לעמבערג; 6) האַמאַר — דייטשישער געלערנטער אינזשינער; 7) גראַף קאַרל אָטאָ פאָן הויגוויץ — אָנגעזעענער עסטרייכישער באַאַמטער און קענער פון ווירטשאַפטס-פראַגן; 8) יאָהאַן יאָזעף קאַאוש — דייטשישער געלערנטער, מעדיקער און שרייבער; 9) זשאַן קלאָד היפּאָליט מעע דעלאַ טוש — באַקאַנטער פראַנצויזישער זשורנאַליסט, פּאָליטישער עמיגראַנט; אַ געוויסע צייט רעדאַקטאָר פון דער „גאַזעט דע וואַרסאָווי"; 10) יאָהאַן ווילהעלם מיללער — געלערנטער מעדיקער און אַרצט ביי סטאַניסלאַוו פּאָניאַטאָווסקי; 11) גראַף דע פּאָרטיט דע פילע — פראַנצויזישער שרייבער; 12) יאָאַכים כריסטאָף פרידריך שולץ — דייטשישער שרייבער און רייזנדער, געווען אויך טעטיק אַלס פּעדאַגאָג

און פּאָליטיקער אין קורלאַנד; 13) אַ ל פ ר ע ד ט ר אַ מ פּ אָ — עסטרייכישער שרייבער, געוואוינט אין גאַליציע; 14) ר אָ ב ע ר ט ט אַ ו נ ס אָ ן — באַקאַנטער ענגלישער רייזנדער און מינעראַלאָג.

די אויסצוגן ווערן דאָ געבראַכט לויטן אלף-בית (אויסלענדישן) פון די מחברים און אין אַ פּינקטלעכער איבערזעצונג. וועגן יעדן מחבר גיבן מיר אַ פּאָר קורצע ביאָגראַפישע ידיעות, אויף וויפיל אונז האָט זיך איינגעגעבן דאָס פעסטצושטעלן.

אין דעם ערשטן אַרטיקל שטעלן מיר זיך אָפּ נאָר אויף די ערשטע 5 פון די אויסגערעכנטע מחברים [1].

## 1. י אָ ה אַ ן ב ע ר נ ו י ל י
## (Johann Bernouilli) [2]

יאָהאַן בערנוילי שטאַמט פון אַ באַקאַנטער משפּחה פון געלערנטע — באַדייטנדיקע אַסטראָנאָמען, מאַטעמאַטיקער און נאַטורוויסנשאַפטלער. געבוירן דעם 4טן נאָוועמבער 1744 אין באַזעל, געשטאָרבן דעם 13טן יולי 1807 אין בערלין. איינער פון די אָנגעזעענע מאַטעמאַטיקער פון זיין צייט. אין 1764 איז ער געוואָרן אַ מיטגליד פון דער מאַטעמאַטישער אָפּטיילונג ביי דער בערלינער אַקאַדעמיע, שפּעטער באַשטימט געוואָרן פאַרן דירעקטאָר פון דערזעלביקער אַקאַדעמיע. פון יאָר 1767 האָט ער אָנגעפירט מיט דער בערלינער אָבסערוואַטאָריע. אין די יאָרן 1786—1789 איז ער געווען רעדאַקטאָר פון „מאַגאַזין פאר ריינער פּראַקטישער מאַטעמאַטיק". בערנוילי איז אויך געווען אַ מיטגליד פון אייניקע אויסלענדישע אַקאַדעמיעס: באָלאָניע (1773), סטאָקהאָלם (1774) און פּעטערבורג (1774). ער פלעגט אָפט מאַכן לענגערע נסיעות, וועלכע זענען ביי אים געווען פאַרבונדן מיט וויסנשאַפטלעכע צוועקן און פאָרשונגען. אין די יאָרן 1777—1778 האָט ער באַזוכט פּאָמערן, פּרייסן, קורלאַנד, רוסלאַנד און פוילן און האָט דיזיקע נסיעות אויספירלעך באַשריבן אינעם זעקסבענדיקן ווערק: „י אָ ה אַ ן ב ע ר נ ו י ל י, מ י ט ג ל י ד פ ו ן ד ע ר ק י נ י ג ל ע כ ע ר אַ ק אַ ד ע מ י ע פ אַ ר ו ו י ס נ ש אַ פ ט א י ן ב ע ר ל י ן א ו ן פ ו ן אַ נ ד ע ר ע אַ ק אַ ד ע מ י ש ע ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ן. ר ײ ז ע ס ד ו ר ך ב ר אַ נ ד ע נ ב ו ר ג, פּ אָ מ ע ר ן, פּ ר ײ ס ן, ק ו ר ל אַ נ ד, ר ו ס ל אַ נ ד א ו ן פ ו י ל ן א י ן

1) דער באַקאַנטער פוילישער היסטאָריקער ק ס אַ ו ו ע ר י ל י ס ק ע ברענגט אין זיין בוך „Cudzoziemcy w Polsce" (לעמבערג, 1876) אויסצוגן פון רייזע-באַשרייבונגען אין 18טן יאָרהונדערט, וועלכע באַרירן פוילן, פון פאָלגנדיקע רייזנדע: 1) יאָהאַן בערנוילי (ז. 197—256), 2) יאָהאַן עריך ביסטער (ז. 257—300), 3) יאָהאַן יאָזעף קאַאוש (ז. 301—322).

2) זע וועגן אים: Allgemeine deutsche Biographie, Band II, S. 489.



די יאָרן 1777—1778" [3]), דערשינען אין לייפּציק אין 1779—1780. די ערשטע פינף בענד באַשרייבן די ערשטע פינף אויסגערעכנטע לענדער, דער ז ע ק ס ט ע ר באַנד באַשרייבט אויסשליסלעך די נסיעה איבער פ ו י ל ן, וועלכע ער האָט באַזוכט אינאיינעם מיטן איטאַליענישן מאָלער קאַרל גאַללי ביביענאַ און זיין דינער אין יאָר 1778 אויפן צוריקוועג פון פּעטערבורג קיין בערלין איבער מיטאַווע. אים האָבן דער עיקר אינטערעסירט די פּראַגן, וואָס האָבן אַ וויסנשאַפטלעכן באַטייט. אין אייניקע שטעלן אָבער באַשעפטיקט ער זיך אויך מיט די ייִדן אין פוילן; דידאָזיקע שטעלן האַלטן מיר פאַר נויטיק דאָ צו ברענגען. אַ חוץ דעם דערמאָנטן ווערק האָט בערנוילי אַרויסגעגעבן נאָך אַ זאַמלונג פון קורצע רייזע-באַשרייבונגען וועגן פאַרשיידענע לענדער; וועגן ייִדן אָבער ווערט דאָרטן גאָרנישט דערמאָנט.

אינעם באַנד וועגן פוילן דערציילט ער מכּח זיין אויפהאַלט אין ראָטשאַנאָוו, וואו ער איז פאַרפאָרן צו אַ פּאָלאַק אין אַ אַכסניה:

ז. 31: „די סיבה, וואָס מיר זענען פאַרפאָרן גראָד צו אַ פּאָלאַק, איז די, וואָס ס'איז געווען שבת. די ייִדן, וועלכע האַלטן כמעט אַלע אכסניות, טוען שבת קיין שום מלאכה נישט. אין מעליטשאַ האָבן מיר צו מיטאָג-צייט בשום אופן נישט געקענט פועלן ביי אונזער ווירטין, אַ ייִדישער פרוי, זי זאָל פאַר אונז מאַכן פייער. אַז ס'איז אָבער געקומען צום צאָלן און מען האָט געדאַרפט אויסביטן אַ דוקאַט, האָבן זיך די רמאים געגעבן אַן עצה. הגם על-פּי דין טאָרן זיי אין דעם טאָג נישט צורירן זיך צו געלט, האָט זי און איר מאַן איינגעוויקלט די פינגער אין אַ נאָזטיכל און אַזוי געציילט דאָס געלט".

ז. 32: „אין פּרט פון זיין בעסער באַזאָרגט, האָבן באַקוועמלעכקייטן וכדומה, איז דאָ כּלל נישט בעסער, ווי ביי די פּאָלאַקן, מחמת די ייִדן זענען צוליב זייערע רעליגיעזע געזעצן נוטה וואָס ווייניקער צו געבן, אַפילו ווען זיי פאַרמאָגן אַליין אַלצדינג. איין גרויסע מעלה, וואָס מיר האָבן ביי זיי געפונען, איז, וואָס מען קען זיך מיט זיי צונויפרעדן אויף דייטש. אָבער אויך מיט די פּאָלאַקן זענען מיר, אַ דאַנק דעם רוסיש רעדן פון אונזער פורמאַן, הער ביביענאַס דינער, נישט שלעכט אויסגעקומען".

3) Johann Bernouilli's, der Königlichen Akademie der Wissenschaften zu Berlin und anderer gelehrter Gesellschaften Mitglied, Reisen durch Brandenburg, Pommern, Preussen, Kurland, Russland und Polen in den Jahren 1777—1778" (Leipzig, 1779—1780).

ז. 35 (גראָדנע): „מיר וואָלטן ווידער אַריינגעפאַלן צו אונזערע שמוציקע יידן, וועלכע האָבן געשיינט צו זיין אונזער איינציקער מקום-מקלט", שרייבט בערנוילי — אָבער דורך אַ צופאַל איז געלונגען איינצואָרדענען זיך נישט ביי יידן.

ז. 57 — באַשרייבונג פון בראַניצקיס שלאָס אין ביאַליסטאָק: „דאָרט שטייט אויך אַ מאַרמאָרנער ביוסט פונעם פאַרשטאָרבענעם מאַרשאַלעק, געמאַכט אין יאָר 1876, ווען ער איז אַלט געווען 76 יאָר. דער ביוסט איז זייער אַ גוטער און דער גרעסטער חידוש איז — ער איז געמאַכט פון אַ יידן, וועלכער לעבט נאָך היינט צו טאָג אומבאַקאַנט אין ביאַליסטאָק, נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט און די געלעגנהייט צו פאַרנעמען זיך מיט זיין קונסט".

## II. יאָהאַן עריך ביסטער
(Johann Erich Biester)

געבוירן דעם 17טן נאָוועמבער 1749 אין ליבעק; געשטאָרבן דעם 20טן פעברואַר 1816 אין בערלין. אַ זון פון דעם סוחר ערנסט אויגוסט ביסטער. נאָכן ענדיקן דעם שטודיום אַלס יוריסט אין געטינגען (1767–1771), וואו ער איז באַפריינדט געוואָרן מיט דעם דיכטער בירגער און דעם היסטאָריקער שפּרענגעל, האָט ער זיך באַזונדערס פאַראינטערעסירט מיט ביכער־זאַמלונגען. אין די יאָרן 1773–1777 איז ער געווען לערער אינעם פּעדאַגאָגיום אין ביטצאָוו. שפּעטער קומט ער קיין בערלין, וואו ער ווערט, לויטן פאָרשלאַג פון ניקאָלאַי, פּריוואַטסעקרעטער ביים מיניסטער באַראָן פאָן צעדליץ. אין יאָר 1780 ווערט ער באַשטימט פאַרן פאַרוואַלטער פון דער קיניגלעכער ביבליאָטעק אין בערלין אויפן אָרט פונעם פראַנצויזישן גלח פערנעטי. אין יאָר 1783 גרינדעט ער צוזאַמען מיט געדיקע די „בערלינישע מאָנאַטסשריפט", וועלכע זיי גיבן אַרויס ביזן יאָר 1786. אין די יאָרן 1797—1798 גיט ביסטער אַרויס די „בערלינישע בלעטער", און אין די יאָרן 1799—1811 — די „נייע בערלינישע מאָנאַטסשריפט". ביסטער פלעגט אָפט אונטערנעמען נסיעות, וועלכע ער האָט באַשריבן אין זיין זשורנאַל.

אין יאָר 1791 האָט ער צוזאַמען מיט אַן ענגלענדער באַזוכט פוילן און האָט באַשריבן זיינע רייזע־איינדרוקן אין דער „בערלינער מאָנאַטסשריפט" (יאָרגאַנג 1791) [4]. גראָד איז ער געקומען קיין פוילן אינעם יאָר פון די גרויסע פּאָליטישע קאַמפן און איז געווען אַן עד ראיה פון די דאָרטיקע געשעענישן. עס איז קלאָר, אַז ער האָט ביי זיינע נסיעות דורך פוילן געמוזט שענקען די פוילישע יידן אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט. „איך זע זיי — שרייבט ער — אַלס שענקער אין די וועלדער און דערפער, שטייענדיק ביי די טירן מיט דער פלאַש בראָנפן אין האַנט. זיי דינען ביי די פּאָסטמייסטערס און בכלל ביי יעדן, וואָס פאַרנעמט זיך מיט וועלכן נישט איז געשעפט, אַלס אַזוי גערופענע מעקלער. אַ גרויסע צאָל פּראָפעסיעס אין די שטעט און דערפער ליגט אויסשליסלעך אין זייערע הענט; זיי גייען, למשל, אַרום איבער די דערפער אַלס דאַמען־און מענער־שניידער, און — וואָס עס קלינגט באַזונדערס קאָמיש ביי די לאַנגע בערד, וואָס זיי טראָגן, — אויך אַלס פּאַריקמאַכערס. אין די קליינע שטעטלעך זענען זיי די איינציקע סוחרים, קרעמער, בעלי-מלאכות און גאָט ווייס וואָס".

ביסטערן האָט זיך באַזונדערס געוואָרפן אין די אויגן דער פאַקט, וואָס דער אַרטיקל 10 פונעם געזעץ וועגן די שטעט, וועלכער איז אָנגענומען געוואָרן דעם 18טן אַפּריל 1791 (נאָך פאַר דער קאָנסטיטוציע פון 3טן מאַי), רעדט אויסשליסלעך וועגן קריסטן, די יידן אָבער ווערן דערביי נישט באַטראַכט אַלס בירגער. יעדער פוילישער איינוואוינער, וואָס געהערט נישט צום אַדל, איז דאָ לויט זיין מיינונג אַ נול, אַפילו די שטאָט־בירגער, נישט געקוקט אויפן געזעץ וועגן די שטעט פונעם 18טן אַפּריל און דער קאָנסטיטוציע פונעם 3טן מאַי. ביסטער גיט איבער, אַז די יידן האָבן זיך דאָ אָפּגעהאַלטן צו ווערן בירגער, הגם מ'האָט עס, לויטן נייעם געזעץ, פאָרגעלייגט אַלעמען; זיי האָבן איינגעפונען, אַז זיי לוינט בעסער צו פאַרבלייבן „שוצפערוואַנדטע", ווי צו ווערן בירגער. ביסטער איז אַ קעגנער פונעם דערמאָנטן מוניציפּאַליטעטן־געזעץ, וואָס דער סיים האָט אָנגענומען; לויט זיין מיינונג איז דער געזעץ נישט צוועקמעסיק און ברענגט די בירגער כמעט קיין שום נוצן נישט. אויך די יידן־פראַגע איז, לויט זיין מיינונג, אין פּאָליטישן פּרט נישט געלייזט; ער מיינט, אַז עס וועט אויך נישט העלפן, אויב מ'זאָל אַ געוויסע צייט לאָזן אָפּשמדן איינצלנע אָנגעזעענע יידן, מחמת די, וואָס וועלן פאַרבלייבן ביים יידנטום, וועלן זיך אַדאַנק דעם קוים קענען ציוויליזירן.

אינטערעסאַנט איז זיין באַשרייבונג, ווי מ'האָט בנצ־פייערט די קאָנסטיטוציע פונעם 3טן מאַי 1791, וועלכער איז אויסגעפאַלן זונטיק, ווען מען האָט גלייכצייטיק אויך געיובלט דעם נאָמענטאָג פונעם קיניג. בעת די מיליטערישע אָפּטיילונגען, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט ביי דער קירך, האָבן נאָך דער מעסע סאַלוטירט, האָט זיך דער קריסטלעכער עולם אַ לאָז געטאָן שלאָגן יענע יידן, וואָס האָבן געהאַט די העזה קומען צום יום־טוב, — מסתמא, לויט ביסטערס ווערטער, „אויפן יסוד פון יענע מענטשן־רעכט, פון וועלכע עס ווערט דאָ אַזוי פיל גערעדט". להיפוך צו אַ סך אַנדערע אויסלענדער באַמערקט זיך ביי ביסטערן אַ געוויסע טאָלעראַנץ צו יידן:

4) „Berlin. Monatsschrift", Jahrgang 1791.

„הגם די יידן — שרייבט ער — וואוינען אין פוילן שוין פון די עלטסטע צייטן אָן, האָבן זיך דאָ שטאַרק פאַרמערט און האָבן דעם לאַנד אַ סך צו פאַרדאַנקען, דאַרף מען אָבער אויך נישט פאַרגעסן, אַז פוילן האָט זיי צו פאַרדאַנקען דעם גאַנצן אינעווייניקסטן מסחר, דאָס ביסל אינדוסטריע, דעם געלט-האַנדל און אויך די איבעריקע יסודות פונעם ווירטשאַפטלעכן לעבן. נישט ווייניק נוצלעכע מלאכות און גוטע אינסטיטוציעס האָבן די יידן דאָ איינגעפירט און האָבן נאָך דערצו געצאָלט דער מלוכה אומגעהויער גרויסע שטייערן. אַזעלכע איינוואוינער זענען זייער נוצלעך, באַזונדערס פאַר אַ מלוכה מיט אַ קליינער באַפעלקערונג". אמת, נישט ווייניק לייכטזיניקע פריצים האָבן זיך ביי זיי שטאַרק פאַרשולדיקט און האָבן פאַר זייערע נאַרישקייטן טייער באַצאָלט. אָבער נישט געקוקט דערויף האָבן דאָך די יידן, לויט ביסטערס מיינונג, געשפּילט אין אַלגעמיין זייער אַ נוצלעכע ראָלע אינעם ווירטשאַפטלעכן לעבן פון פוילן.

## III. יאָהאַן פיליפּ דעקאַראָסי
## (Johann Philippe de Carosi) (5

סיי דער אָרט, סיי די צייט פון זיין געבורט און טויט זענען נישט באַקאַנט. ער האָט געענדיקט די אַקאַדעמיע אין לייפּציק, געאַרבעט אַ לענגערע צייט אין בערלין אויפן נאַטורוויסנשאַפטלעכן געביט, וואו ער איז אויך געוואָרן ערן-מיטגליד פון בערלינער פאַריין פון נאַטורפאָרשער. אַדאַנק דער רעקאָמענדאַציע פון דעם געאָגראַף פּערטהעס, וועלכער איז געווען באַפריינדט מיט דעם פוילישן קיניג סטאַניסלאַוו אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי, האָט אים די „עדוקאַציע-קאָמיסיע" איינגעלאַדן קיין פוילן. דאָרט האָט ער אין אויפטראַג און מיט דער אונטערשטיצונג פונעם נאַטורהיסטאָריקער דוקלאָ אָנגעשריבן אַ האַנטבוך פאַר נאַטורוויסנשאַפט, וועלכער איז אין יאָר 1777 געוואָרן געקרוינט מיט אַ פּרייז. שפּעטער האָט אים דער פוילישער קיניג געגעבן דעם אויפטראַג אויסצופאָרשן אַלע יענע געביטן אין פוילן, וואו מען וואָלט געקענט עקספּלואַטירן זאַלץ-גרובן. קאַראָסי, וואָס האָט זיך הויפּטזאַכלעך באַשעפטיקט מיט געאָלאָגיע און מינעראַלאָגיע, האָט זייער פיל אויפגעטאָן פאַר דער אַנטוויקלונג פונעם פוילישן בערגבוי און איז שפּעטער באַשטימט געוואָרן פאַרן דירעקטאָר פון דער בערגבוי-אינדוסטריע אין פוילן. ער האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ ריי וויכטיקע אַרבעטן אויפן געביט פון מינעראַלאָגיע און געאָלאָגיע. יאָהאַן בערנוילי דערמאָנט וועגן אים אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין באַזוך אין פוילן, אַלס וועגן איינעם פון די גרעסטע פאַכמענער אויף דעמדאָזיקן געביט (זע בערנוילי'ס „רייזעס", באַנד VI ז' 128—130).

אין די יאָרן 1778, 1779, 1780 האָט קאַראָסי אין אויפטראָג פון פוילישן קיניג אונטערגענומען אַ נסיעה דורך אַלע פוילישע פּראָווינצן, כדי זיך צו באַקאָנען מיט די מינעראַלאָגישע אוצרות פון לאַנד. ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט האָט ער זיך אויך באַקאַנט מיטן אַלגעמיינעם ווירטשאַפטלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון פאַרשיידענע קלאַסן. אין אויספירלעכע בריוו צו זיין פריינד, דעם באַקאַנטן פוילישן מלוכה-מאַן און ווירטשאַפטס-פּאָליטיקער גראַף אויגוסט מאָשינסקי, דערציילט ער בפרטיות, וואָס ער האָט געזען און געהערט אין יעדן אָרט. די דאָזיקע בריוו זענען אין די יאָרן 1781 און 1784 דערשינען אין 2 טיילן אין לייפּציק, אונטערן טיטל: „יאָהאַן פיליפּ פאָן קאַראָסיס — דעם קיניגלעכן פוילישן אָפיציר און בערג־דירעקטאָר, ערן־מיטגליד פון דער קיניגלעכער פּרייסישער געזעלשאַפט פון נאַטורפאָרשער אין בערלין — רייזעס דורך פאַרשיידענע פוילישע פּראָווינצן מיט מינעראַלאָגישע און אַנדערע צוועקן". I טער טייל — לייפּציק 1781, II טער טייל — לייפּציק 1784) 6).

אָט זענען אויסצוגן פון דעם ערשטן טייל בנוגע יידן:

ז. 3 — וועגן שידלאָוועץ: „דער יידישער קוואַרטאַל איז אינגאַנצן געבויט פון האָלץ, פאַרנעמט אָבער אַסך אַ גרעסערן אָרט, ווי דער קריסטלעכער; די הייזער, וואָס זענען דאָ אַ סך ענגער צונויפגעפּרעסט, געפינען זיך דאָס רוב אין אַ גוטן צושטאַנד. אָבער די גאַסן זענען אָן אַ שום אָרדענונג און נישט געקוקט אויפן פעסטן שטיינערנעם באָדן זענען זיי תמיד שמוציק און פאַרשטונקען. דאָ קען מען גלייכצייטיק זען, ווי ווייט משה איז געווען גערעכט, ווען ער האָט אַרויפגעלייגט אויף זיינע ברידער די מצווה פון זויבערקייט און ווי ווייניק דערדאָזיקער מיטל האָט געהאָלפן. ביי דעם שטח, וואָס דער יידישער קוואַרטאַל פאַרנעמט, און ביי דער יידישער געוואוינהייט צו לעבן צונויפגעשטיקט איינער ענג לעבן דעם אַנדערן — דאַרף דאָ די צאָל יידן זיין ווייניקסטנס צען מאָל מער ווי די צאָל קריסטן. זיי פאַרנעמען זיך דאָ אַלע,

5) Wielka Encyklopedya powszechna ilustrowana וואַרשע 1893, באַנד XI, ז. 99.

6) „Johann Philipp von Carossi's, Königlich polnischen Hauptmannes und Bergdirektors, Ehrenmitglied der Königlichen preussischen Gesellschaft naturforschender Freunde in Berlin, Reisen durch verschiedene polnische Provinzen, mineralogischen und anderen Inhalts" (I — Leipzig 1781, II — Leipzig 1784).

אין הסכם מיט זייערע פרינציפן, נישט מיט אײדעלע און ריינע פרנסות, און דער מסחר פון דער גאַנצער סביבה ליגט פולשטענדיק אין זייערע הענט. זיי האַנדלען נישט נאָר מיט די אַרטיקלען, וואָס קומען צו אונז פון אויסלאַנד, נאָר אויך מיט אַזוינע אַרטיקלען, וואָס ווערן אויסגעאַרבעט אין אונזער געגנט, ווי שטאַב-אייזן, גוס־אייזן, מעבל־און בוי־האָלץ, מילשטיינער און שלייפשטיינער. וואָס ווערן אויסגעאַרבעט אין דאָרף פּאַגזשאָלע, וועלכער געהערט צום היגן פּריץ, אַ חוץ דעם מיט וואַפּנע, תבואה, בראָנפן, פעל א א וו".

ז. 28 — וועגן קיעלץ: „יידן איז דאַ פאַרבאָטן צו וואוינען, ווייל ס'איז אַ גייסטלעכער מאַיאָנטעק. אין די טעג פון מערק קומען יידן".

ז. 56 — וועגן כענצין: „די יידן וואוינען אויפן מאַרק און האָבן געשעפטן".

ז. 58 — וועגן יאַוואָרנאַ ביי כענצין (בליי־גרובן): „אַזוי ווי איר ווייסט, אַז דער בערגבוי ליגט אין די יידישע הענט, קענט איר זיך שוין אַליין לייכט משער זיין, אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד זיי (די בליי־גרובן) מוזן זיך געפינען".

ז. 93 — וועגן סטאַשאָוו: „דער רינגפּלאַץ, די קרעמלעך זענען דאָס רוב אַרענדירט פון יידן".

ז. 102 — וועגן פּאָלאַניעץ: „פאַראַן זייער פיל יידן".

ז. 105: „ביים האַנדל לאָזן די יידן קיינעם נישט אויפקומען; זיי זענען אויך בעלי־מלאכות. זיי האָבן דאָ הילצערנע שולן".

ז. 147 – וועגן קראָקע: „די יידן האָבן דאָ זייער אייגענע שטאָט, מחמת אין קראָקע גופא טאָרן קיין יידן נישט וואוינען. אויך טאָרן זיי דאָ נישט האָבן קיין אָפענע געשעפטן; אַ סך פון זיי האַלטן אָבער די געשעפטן אין די הויפן".

ז. 188 — וועגן אָלקוש: „לויטן אַלטן געזעץ נאָך וואָלטן דאָ יידן אייגנטלעך נישט געטאָרט וואוינען, מחמת עס איז זיכער, אַז צוליב זיי קומען דאָ אַרויס גנבות און אַנדערע פאַרברעכנס. דער קיניג סט. באַטאָרי האָט אָבער זיי געגעבן אַ פּלאַץ מחוץ דער שטאָט, וואו זיי זאָלן קענען אויפבויען אַ שול און אַפילו אַ בית־הקברות; פון דאַנען האָבן זיי זיך אין די שפּעטערדיקע יאָרן אונטערן שוץ פונעם אדל ביסלעכווייז אַריינגעגנבעט אין שטאָט און האָבן זיך דאָ אַזוי פאַרמערט, אַז איצט זענען פאַראַן מער יידן ווי קריסטן".

ז. 128 — וועגן בוסקאָ: „יידן טאָרן דאָ נישט וואוינען, דעריבער זענען דאָ אינגאַנצן קיין קרעמער נישטאָ". „די יידן קויפן דאָ אויף „געזעם" און פאַרקויפן עס דאַן די בראָנפנברענער אַיבערן לאַנד".

ז. 222 — וועגן אָפּאַטאָוו: „היות ווי דאָ איז אָנגעפּיקעוועט מיט יידן, איז שרעקלעך שמוציק".

ז. 231 — וועגן נאָוואַ־ און סטאַראַסלופּיאַ: „דאָ איז נישט פאַראַן קיין איין איינציקער קרעמער, אַלץ מוז מען קויפן ביי די יידן אין אָפּאַטאָוו".

ז. 238 — ווידער וועגן אָפּאַטאָוו: „אָרימע הילצערנע הייזער, באַזונדערס אין יענע גאַסן, וואו עס וואוינען יידן".

„דאָ זענען פאַראַן שרעקלעך פיל יידן. זיי האָבן נישט נאָר דעם גאַנצן מסחר פון דער סביבה אין זייערע הענט, נאָר זיי שטייען אויך אין פאַרבינדונג מיט די איבעריקע פּראָווינצן פון דער מלוכה; איינציקע פון זיי פאָרן אַרום פון איין פּריצישן הויף צום אַנדערן מיט שטאָף, שניט־סחורות, מיט אַנדערע גאַלאַנטעריי־אַרטיקלען וכדומה. עטלעכע זייערע האָב איך געטראָפן אין פאַרשיידענע ערטער — און אַלע שטאַמען זיי פון דאַנען. קומט אַ רייזנדער אין אָפּאַטאָוו — קען ער פון זיי נישט פּטור ווערן; עס פאַלן אויף אים אַרויף צוואַנציק, דרייסיק און מערער מענער און פרויען און וואַרפן אים אָן מיט געוואַלט זייערע סחורות. זיידלערייען, סטראַשונקעס און אַפילו דער שטעקן העלפן נישט, און וואַרפט מען זיי אַרויס פון שטוב — שטעלן זיי זיך מחנות־ווייז ביים פענצטער און פרווון מאַכן געשעפט דורך די שויבן. איך בין זיך מודה, אַז דערדאָזיקער ערב־רב האָט ביי מיר גלייכצייטיק אַרויסגערופן פאַרדרוס און געלעכטער. מען קען ביי זיי קויפן אַלע אויסלענדישע און אויך היגע סחורות; באַזונדערס גרויס איז די צאָל פעלץ־הענדלער צווישן זיי".

ז. 239: „דעריבער זענען אויך די היגע ירידן זייער גרויס, און ווען די אַרומיקע פּריצים דאַרפן עפּעס האָבן, קומען זיי אָפטמאָל אַפילו פון גאַנץ ווייט אַהער, אָדער לאָזן דעם יידן מיט דער סחורה קומען צו זיך". „די בעסערע און פיינערע מלאכות ליגן אין יידישע הענט".

ז. 244—וועגן סאַנדאָמיר [צוזמער]: „יידן זענען דאָ פאַראַן אין אַ גרויסער צאָל און זיי האָבן דאָ אַן אייגענע שול מיט אַ בית־הקברות. אָבער הגם דידאָזיקע אומה האַלט אויך דאָ דעם גאַנצן, נישט באַזונדערס גרויסן האַנדל אין אירע הענט, זענען זיי (די יידן) דאָך דאָ נישט אַזוי חוצפּהדיק, ווי אין אָפּאַטאָוו".

ז. 247—248: „אָזאַראָוו, אַ קליין שטעטל מיט הילצערנע הייזער, געהערט צו צוויי פּריצים —

זייערע נעמען האָב איך פאַרגעסן. אין פאַרגלייך מיט קריסטן וואוינען דאָ שרעקלעך פיל יידן. אויך דאָ ליגן אַלע בירגערלעכע פרנסות אין יידישע הענט. די קריסטן לעבן בלויז פון ערדאַרבעט".

ז. 249 — וועגן טאַרלאָוו: „אויך דאָ זענען פאַראַן יידן. ס׳איז דאָ אָבער אַלץ קבצנותדיק".

ז. 250—וועגן ליפּסק: „אַ שאָד, וואָס דאָס רוב איינוואוינער זענען דאָ יידן, צווישן וועלכע עס זענען קאָנטיק פאַראַן אייניקע גאַנץ תּקיפֿע, וואָס פירן אַפילו געשעפטן מיט דאַנציג און עלבינגען, האַנדלען מיט האָלץ, תבואה, פעל וכדומה. עס זענען דאָ ביי זיי אייניקע גאַנץ גוט איינגעאָרדנטע געשעפטן, וואו מען קען געפינען כּל־המינים סחורות און מאַטעריאַלן".

ז. 251 — וועגן גניעוואושעוו: „די עטלעכע שענקען און דעם קליינעם לאחדים־האַנדל האָבן דאָ, ווי כּמעט אומעטום, די שמוציקע בני־ישראל אין זייערע הענט. דורכדעם נאַרן זיי אַרויס ביי די קריסטן דאָס ביסל תבואה, פאַר וועלכער יענע וואָלטן זיך געקענט איינשאַפן פאַרשיידענע נויטיקע פּראָדוקטן; זיי נאַרן אויס אַפילו די תבואה, וואָס דער קריסט דאַרף האָבן צו לעבן ביז צום נאָענטסטן שניט, און וואָס גיבן זיי אים דערפאַר? בראָנפן —".

ז. 254 — וועגן קאָזיעניץ: „ווען איך בין אַהער אָנגעקומען זענען שוין אַלע הייזער געווען פאַרנומען מיט פרעמדע, אַזוי אַז איך האָב מיט גרויס מאַטערניש, נאָך אַ האַלבער שעה אַרומלויפן — מיין פור איז דערווייל געשטאַנען אויפן מאַרק — ענדלעך אויסגעזוכט אַ שלעכט הויז מיט זייער אַ לעכערדיקן שטאַל. איך בין אַריין אין שטיב און דערזען אַן ערב־רב פון יידישע קינדער, קליין און גרויס, יונג און אַלט, ווייבער און מאַנסביל, וועלכע האָבן דאָ געמאַכט אַזאַ געפילדער, אַז איך האָב זיך גלייך געוואָלט קלייבן צוריק, אָבער די נויט האָט מיך דאָך געצוואונגען אַריינצוגיין — עס האָט גערעגנט און דערצו גאַנץ שטאַרק. איך און מיין באַגלייטער זענען געווען הונגעריק, אָבער מער ווי אַ טוץ יידענעס האָבן אַרומגערינגלט און פאַרשטעלט דעם אויוון מיט טעפּלעך און קעסלעך. איך זיץ און קלער, ווי אַזוי ווערט מען פּטור פון אַזעלכע אומגעוואונשענע שכנים. איך האָב געוואוסט, אַז מיט גוטן וועט מען ביי אַ יידן, אויב ער האָט נאָר דעם קלענסטן אָנשפּאַר, גאָרנישט פּועלן. כּוח ווידער האָב איך נישט געוואָלט אָנווענדן. בין איך געפאַלן אויף אַ לוסטיקער המצאה און האָב געהייסן מיין קוטשער, ער זאָל גיין הין און צוריק דורך דער טיר, וועלכע איז געווען אָפן, און מאַכן אַ דערשראָקענעם פּנים; און ווען אַ ייד אָדער אַ יידענע וועט אים פרעגן, וואָס איז מיט מיר און מען וועט צו אים שטאַרק צושטיין, זאָל ער דערציילן, אַז איך לייד כּלומרשט אויף אַ שגעון, באַזונדערס ווען איך בין שיכּור; אויב אָבער מען מיידט מיך אויס — טו איך קיינעם גאָרנישט; דאָך האָט איינמאָל פּאַסירט, אַז איך האָב אַ יידן אָפּגעהאַקט די אויערן און שטאַרק, הגם נישט לעבנסגעפערלעך, פאַרוואונדעט אַ יידענע. גלייך נאָכדעם בין איך אַריין צוריק אין צימער, האָב מיט אַ ווילדן קול גענומען רופן מיין דינער, ער זאָל מיר ברענגען דעם שווערד, די רעוואָלווערן און דעם ביקס. ער האָט אַלץ געבראַכט; ער איז געווען געהעריק אינסטרואירט און האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, ווי ער וואָלט געווען דערשראָקן. איך האָב אַרויסגענומען דעם שווערד פון שייד, האָב עטלעכע מאָל מיט אים אַ קלאַפּ געטאָן איבערן טיש און אויף די בענק. נאָכדעם האָב איך גענומען די רעוואָלווערן, האָב געמאַכט כּלומרשט ווי איך וויל זיי אָנלאָדן, האָב אָבער אין דער אמתן אַרויסגענומען די דרויב, האָב אַרויפגעשטעלט אַ קאָרק אויפן פּולווער און האָב אויסגעשאָסן אין צימער, דאַן האָב איך גענומען דעם צווייטן רעוואָלווער און אויסגעשאָסן דירעקט אויפן קאַמין, אַרום וועלכן אַלע יידן האָבן זיך צונויפגעזאַמלט. צום צווייטן מאָל האָב איך אָבער אויסגעשאָסן נאָך אַ היפּשער הפסקה, ווען איך האָב באַמערקט, אַז די יידן זענען שוין געהעריק אינפאָרמירט, ווי כ׳האָב געוואָלט. עס האָט נישט געדויערט קיין פיר ביז זעקס סעקונדעס און מיין צימער איז געוואָרן ליידיק. מען האָט פאַר מיר אַזוי מורא געקריגן, אַז ס׳איז מיר אויף מאָרגן אָנגעקומען שווער צו זען די באַלעבאָסטע און איר באַצאָלן די רעכענונג. ווי מיינע באַגלייטער האָבן מיר דערנאָך דערציילט, זענען אַלע בני־ישראל אַנטלאָפן אין אַ שמוציקן קו־שטאַל, וואו זיי זענען געלעגן ווי הערינג איינער איבערן אַנדערן. דאָס איז גאָרנישט קיין מינעראַלאָגישער אַנעקדאָט. איך האָב געוואָלט איר זאָלט זיין דערביי, וואָלט איר זיך זיכער נישט געקענט איינהאַלטן פאַר געלעכטער; איך אַליין האָב מיך קוים איינגעהאַלטן נישט צו לאַכן. דערפאַר אָבער האָב איך געהאַט רו און צייט אייך אָנצושרייבן דעמדאָזיקן בריוו; אַנדערש וואָלט עס געווען אוממעגלעך".

דער ערשטער טייל פון קאַראָסיס רייזע־באַשרייבונגען האָט צוליב זיין אומפריינטלעכער כאַראַקטעריסטיק פון די יידן אין פוילן אַרויסגערופן ביי אַ סך פון זיינע

פריינט און לעזער אן אומצופרידנקייט. מען האט אים באשולדיקט, אז ער איז נישט טאלעראנט. ווי עס ווייזט אויס, האט מען אים געמאכט דערפאר גאנץ שארפע פארוואורפן, ווייל קאראסי האט געהאלטן פאר נויטיק אין דער הקדמה צום **צווייטן** באנד אין א געוויסן זינען זיך צו אנטשולדיקן און האט דערקלערט פאלגנ־דיקעס: „איך דארף זיך נאך ריינוואשן פון א פארוואורף, וואס מען האט מיר געמאכט בנוגע די יידן פונעם לאנד. אייניקע אויסלענדישע פריינט מיינען, אז זיי האבן ביי מיר באמערקט צו ווייניק טאלעראנץ צו דערדאזיקער נא־ציע, און אויפן ערשטן בליק קען אויסקומען, אז זיי זע־נען טאקע גערעכט. איך האב אבער אטאקירט נישט אלע יידן אין דער גאנצער וועלט, מיינע טענות זענען געווענדט אויסשליסלעך קעגן אונזערע יידן. און ווער עס איז מסופק אין דעם, צי בין איך גערעכט, זאל זיך מיט זיי באקענען אזוי ווי איך, און דעמאלט וועלן מיר זען, צי האב איך באמת מגזם געווען" (הקדמה צום צווייטן טייל, דערשינען אין לייפציק 1884).

אויך אינעם צווייטן טייל האט קאראסי געגעבן א ריי באשרייבונגען וועגן די פוילישע יידן. נישט געקוקט אויף די דערמאנטע פארוואורפן, האט ער אויך דא באַ־שריבן די יידן אינעם זעלביקן גייסט.

II טער טייל, ז. 4 — וועגן **פיאסעטשנא** (דעם 14 מאי 1779): „דא זענען אפילו פאראן א היבש ביסל יידן, אבער אויף וויפיל איך ווייס איז קיין איינציקער פון זיי דא נישט קיין תושב. צום טייל האלטן זיי אין ארענדע די אזוי גערו־פענע פראפינאציע (דאס רעכט צו פאבריצירן משקאות), צום טייל פארנעמען זיי זיך דא מיט זייער גע־וויינטלעכן שאכער".

ז. 13: „אחוץ די קריסטן זענען אין נאווי־מיאסטא אויך פאראן א היבש ביסל יידן. זיי האבן זייערע אייגענע הייזער, וועלכע ליגן צום מערב־זייט פונעם מארק, צוויי גאסן איינע לעבן דער אנדערער און בילדן אזוי־ארום א באזונדער שטעטל. אז דידאזיקע וואוינונגען זענען די ערגסטע פון אלע איז איבעריק צו דערמאנען. אויך דא האט דידא־זיקע אומה ארייַנגעכאפט אין אירע הענט כמעט אלע בירגערלעכע פרנסות, זיי זענען אבער דערביי תמיד ארעם".

ז. 29 — וועגן **געלניאוו**: „צווישן די איינוואוינער פון דעמדאזיקן ארט זענען פאראן אייניקע, וואס ארבעטן אויס שארף־שטיינער; די יידן קויפן עס ביי זיי אפ און פירן עס פונאנדער איבערן לאנד".

ז. 39 — וועגן **גאווארטשאוו**: „דא וואוינען א סך יידן".

ז. 41 — וועגן **קאנסקיע**: „די הייזער אין די איבעריקע גאסן דערביי זענען פון האלץ. איינע א באזונדערס גרויסע גאס איז באוואוינט אויסשליסלעך פון יידן. די יידן מאכן אויס א פערטהלק פון דער באפעלקערונג (אן ערך פון 4 ביז 5 טויזנט נפשות)".

ז. 131 — וועגן **בזשעגי**: „עס זענען דא פאראן א סך יידן — מען רעכנט מער ווי צוויי טויזנט נפשות. זיי פארנעמען כמעט דעם גאנצן מארק און די ארומיקע גאסן, ווי אויך די געמויער־טע הייזער, וואס געפינען זיך נאך דא צום טייל. זיי האבן אחוץ דעם אין זייערע הענט דעם גאנצן מסחר, די פראפינאציע און די בעסטע מלאכות, אלס קירזשנער, בעקער, קצבים וכדומה". ז. 132: „אזוי ווי אויסערדעם ליגן די בעסערע הייזער שוין פון גאר לאנג אין יידישע הענט, איז קיין חידוש נישט, וואס זיי געפינען זיך אין אזא חורבן צו־שטאנד. מחמת דידאזיקע עקלהאפטע אומה איז ביי אונז קאנטיק מער ראוי חרוב צו מאכן, ווי אויפ־צובויען. עס איז אבער פאראן נאך א וויכטיקערע סיבה: דאס רוב הייזער, וואס געפינען זיך אין יידישע הענט, זענען באלאסטעט מיט אלטע חובות און די איצטיקע באלעבאטים האבן פון יארן נישט באצאלט נישט דעם קרן און נישט די צינזן. די אמאליקע קריסטלעכע באלעבאטים האבן פארן שטארבן געלאזט בירושה געוויסע סומעס אויף עולמות פאר א קלויסטער אדער פאר א קירך, און ליתר בטחון האבן זיי דערצו פארמשכנט זייערע הייזער מיט דעם תנאי, אז זייערע יורשים זאלן אדער אפגעבן דאס געלט במזומנים, אדער צאלן די צינזן. די מלחמות און אומרוען האבן אבער צעשטערט די שטעט און די בירגערלעכע פרנסות, און די קריסט־לעכע יורשים האבן איינס נאך איינס פארקויפט זייערע הייזער צו יידן, וועלכע האבן אויף זיך אויך איבערגענומען די חובות. אבער אנשטאט צו דער־פילן זייערע התחייבותן, האבן זיי (די יידן) געלאזט די הייזער אלץ מער חרוב ווערן און האבן כמעט קיינמאל נישט געצאלט קיין צינזן, שוין נישט גע־רעדט פון דעם קרן. און ווען מען וואלט איצט אפילו געוואלט אויפמאנען די אלטע חובות, וואלטן די אלטע מויער־ווענט נישט געקלעקט אפילו אויף אפצוצאלן די צינזן. אזוי ווי אבער דידאזיקע הכנסות מאכן אויס א גרויסן טייל פונעם ביודזשעט פון די קירכעס און קלויסטערס, וועלכע זיי האבן שוין אזוי לאנג נישט באקומען, קען מען זיך לייכט פארשטעלן, ווי שטארק זיי מוזן דערפון ליידן, און באמת זעט מען פון די געביידעס, אז עס פעלט זיי דאס נויטיקסטע. דאס קומט דערפון, וואס מען האט די יידן געגעבן אזוי פיל פרייהייט. די יידן

האָבן דאָ אַחוץ אַ געמויערטער שול אויך אַ זייער שיינעם לופטיקן בית-הקברות ביים מזרחדיקן שפּיץ פון שלאָסבאַרג".

קאַראָסי באַשרייבט ווייטער די ראָלע פון די יידן אין דער בלייבערג־אינדוסטריע פון באָלעכאָוויץ, וועלכע יידן האַלטן אין אַרענדע. לויט זיין מיינונג האָבן די יידישע אַרענדאַטאָרן דערפון געמאַכט אַ חורבן. „הגם איך בין בכלל, ווי איר ווייסט, טאָלעראַנט,—שרייבט ער,—אָבער דידאָזיקע אומה האָט זיך דאָ געמאַכט זייער פאַרהאַסט; מען וואָלט קיינמאָל נישט געקענט גלויבן וויפיל רעות זיי האָבן אין אונזער לאַנד אָנגעטאָן" (ז. 140—141).

ז. 164 — וועגן מאַלאַגאָשעג: „דאָ איז פאַראַן אַ היפּש ביסל יידן; זיי פאַרנעמען זיך צום טייל מיט מסחר, צום טייל מיט מלאכה".

ז. 169 — וועגן וואָדזיסלאַוו ביי קראָקע (16טן יוני): „דאָ זענען פאַראַן זייער פיל יידן, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט כל־המינים געשעפטן און פרנסות".

ז. 199—201 — וועגן אָלקוש (9טן יוני 1779): „ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, האָבן יידן, לויט די גרינדונגס־דאָקומענטן פון דער שטאָט, נישט געטאָרט אַהער קומען, שוין אָפּגערעדט פון וואוינען. אָבער דער קיניג קאַזימיר דער גרויסער איז באַגאַנגען אַ לייכטזין און האָט פאַרפלייצט מיט יידן דאָס גאַנצע לאַנד בכלל, אַזוי אויך אָלקוש. דעמדאָזיקן פּריווילעג זייערן האָט זיי זיגמונד אויגוסט שפּעטער באַשטעטיקט און נאָך אים — זיגמונד III, צווישן אַנדערס ווערט אין פּריווילעג געזאָגט: „Ut omnes Judaei in majori Polonia extentes etiam Ilkussi, mercaturem quamcunque, pariter ac Christiani libere exercere valeant".

דעמזעלביקן פּריווילעג האָט ווידער באַשטעטיקט וולאַדיסלאַוו IV אין יאָר 1636 און אין יאָר 1654 — דער קיניג יאָהאַן קאַזימיר, וועלכער האָט באַשטעטיקט און דערצו נאָך פון זיך צוגעגעבן:

„Omnia jura, privilegia decreta consuetudines, possesiones domorum fundorum pacta, emptiones, venditiones, usus Synagogae et locos sepulturae".

נישט געקוקט דערויף, גיבן זיי (די יידן) דעם קיניג גאָרנישט, נאָר דער וואָיעוואָדע פון קראָקע קריגט אַ נישט פעסט באַשטימטן געשענק. מען האָט מיך אפילו פאַרזיכערט, אַז די יידן האָבן אַמאָל געוואוינט מחוץ דעם שטאָט־מויער, אָבער, ווי איך זע, איז שוין די אַלטע שול געווען צוגעבויט צו אַ טורעם פונעם שטאָט־מויער; עס איז בכן נישט ריכטיק, אַז די יידן האָבן זיך ערשט אין דער נייסטער צייט אַהער אַריינגעגנבעט. מען רעכנט דאָ אַן ערך 100 יידישע נפשות. פון וואָס דער גרעסטער טייל פון זיי לעבט איז אומבאַגרייפלעך, מחמת מען זעט ביי זיי נישט קיין שום אָפּענעם האַנדל און מיט מלאכה פאַרנעמען זיי זיך אויך גאַנץ ווייניק. די אַלטע שטייערן, וואָס די שטאָט האָט געצאָלט דעם קיניג, זענען געווען זייער קליין. צו דער קרוינונג פלעגן זיי אים צאָלן צוויי און דרייסיק [גילדן] און געוויסע פּורגעלט יערלעך — זעקס און זיבעציק גילדן". קאַראָסי באַשרייבט דאַן דעם פריערדיקן וואוילשטאַנד פון אָלקוש, וועלכער איז אָבער איצט שטאַרק געפאַלן: „ס'איז אַ הויפּן ציגל, און אין די חורבות וואוינט אַ קופּקע אומגליקלעכע מענטשן און אַ געווימל יידן. די גאַנצע מענטשלעכע גדולה איז הבל הבלים!"

ז. 243 — וועגן סקאַלמיעזש: „יידן טאָרן דאָ, ווי בכלל אין אַלע גייסטלעכע מאַיאָנטקעס, נישט וואוינען, אָבער אויך אָן זיי קען מען דאָ ביים קריסטלעכן קרעמער קריגן אַלץ, וואָס מ'דאַרף, און דערדאָזיקער אָרט האָט אין פאַרגלייך אַ גרעסערן האַנדל ווי קראָקע".

אויך ז. 252 דערציילט קאַראָסי וועגן אַ יידן, וואָס האָט אויף אַ שווינדלערישן אופן געלאָזט גראָבן זאַלץ אין בוסקאָ. איינער אַ ייד (זיין נאָמען גיט ער נישט אָן) האָט מיט דער אונטערשטיצונג פונעם קאַסטעלאַן אין ביעטש, וועלכער האָט אים אויך געגעבן רעקאָמענדאַציעס צו עטלעכע פאַרמעגלעכע תושבים, ביי וועמען ער האָט דערויף געקריגן געלט, — געמאַכט דעם פּרווו אויסצוגראָבן צופוסנס ביים שטאָט־באַרג ביי בוסקאָ אַ שאַכטע. נאָכדעם ווי דער פּרווו אויסצוגעפינען דאָרט אַ זאַלץ־גרוב האָט זיך נישט איינגעגעבן, האָט מען דעם יידן אָפּגעזאָגט און אויף זיין אָרט איז געוואָרן באַשטימט דער קאַטעדראַל־גלח פון קראָקע, וועלכער האָט דערצו נאָך געקריגן אַ גרעסערע סומע געלט, כדי ווייטער צו פירן די אַרבעט. מען האָט געגראָבן נאָך אַ לענגערע צייט, אָבער אָן ערפאָלג. קאַראָסי און פראָפעסאָר פערבער האָבן דערקלערט, אַז דאָרט געפינט זיך איבערהויפּט קיין זאַלץ נישט, עס זענען נאָר פאַראַן גאַנץ שוואַכע זאַלץ־שפּורן. דערויף האָט דער וואַרשעווער קיניגלעכער הויף געגעבן אַ באַפעל אָפּצושטעלן די אַרבעט אין בוסקאָ.

ז. 291 — וועגן ווישליצע (סאַנדאָמירסקי): „דאָס שטעטל וואָלט צוליב די גראַד־געריכטן פון לאַנדטאַג און דעם טראַקט, וואָס גייט דאָ דורך, געקענט זיין אין אַ סך אַ בעסערן צושטאַנד, ווי עס איז איצט, אָבער די יידן, מיט וועלכע דאָס שטעטל איז פול, נעמען אויך דאָ צו אַלע פרנסות ביים קריסטלעכן בירגער, וועלכער מוז כמעט אויסשליסלעך לעבן פון זיין ביסל ערד־אַרבעט".

## IV. וויליאַם קאָקס

(Wiliam Coxe) 7)

אַ באַקאַנטער ענגלישער רייזנדער; געבוירן דעם 7טן מערץ 1747 אין לאָנדאָן; געשטאָרבן (אויך אין לאָנ-דאָן) דעם 16טן יאַנואַר 1828. איז נאָכן ענדיקן דעם שטודיום אויסגעפאָרן כמעט אַלע אייראָפּעישע לענדער און האָט אין אַ ריי באַשרייבונגען איבערגעגעבן זיינע רייזע-איינדרוקן. צו זיינע וויכטיקסטע רייזע-באַשריי-בונגען געהערן: „סקיצן איבער די נאַטירלעכע, פּאָלי-טישע און בירגערלעכע פאַרהעלטענישן אין דער שווייץ", לאָנדאָן 1779; „באַריכט איבער די תּפיסות און שפּי-טאָלן אין רוסלאַנד, שוועדן און דענעמאַרק", 1784, דריי בענד.

קאָקס איז אויך באַקאַנט אַלס היסטאָריקער און מעמואַריסט. באַזונדערס ווערטפול און וויכטיק זענען זיינע מעמואַרן וועגן ראָבערט וואַלפּאָל און זיינע היס-טאָרישע אַרבעטן וועגן די בורבאָנען אין שפּאַניע, וועגן די האַבסבורגער א. אַנד. אין זיין ווערק — „רייזעס אי-בער פּוילן, רוסלאַנד, שוועדן און דענע-מאַרק" 8), דערשינען אין לאָנדאָן 1784 (אויך אין אַ דייטשישער איבערזעצונג פון י. פּעטצעל אין די יאָרן 1786—1792 אין ציריך און אין יאָר 1890 אין בערלין — אין דער „זאַמלונג פון די בעסטע און נייסטע רייזע-באַשרייבונגען", באַנד XXX), — האָט קאָקס געמאַכט איי-ניקע אויסגעצייכנטע באַמערקונגען וועגן די יידן אין פּוילן, באַזונדערס אָבער אין ליטע. נאָך אַ קורצן היס-טאָרישן אַריינפיר, וואו ער באַשרייבט די געשיכטע פון די יידן אין פּוילן און וויזט אָן, אַז די יידן איז געגאַנגען באַזונדערס גוט אונטער דער ממשלה פון יאַן סאָביעסקי, דערציילט ער אָט וואָס:

ז. 100: „איך האָב מיך באמת צו קריגן אַ וואָרשיינלעכע רשימה פון דער צאָל יידן; איך האָב זיך אָבער איבערצייגט, אַז דאָס איז זייער שווער, נישט געקוקט דערויף, וואָס אַלע יידן, מענער און פרויען, צאָלן יערלעך קאָפּשטייער און מוזן בכן זיין אַריינגעטראָגן אין די ביכער. לויט דעם לעצטן קאָפּשטייער האָבן אין פּוילן, אַחוץ ליטע, געלעבט 186.871 יידן· מען קען דעריבער משער זיין, אַז די אַלגעמיינע צאָל יידן באַטרעפט דאָ 600.000".

ז· 166—167: „אויף אונזער נסיעה דורך לי-טע זענען אונז באַזונדערס אויפגעפאַלן די אומ-ענדלעכע מחנות יידן, וועלכע האָבן קאַנטיק אין דעמדאָזיקן הערצאָגטום, — הגם זיי געפינען זיך אויך אין אַ זייער גרויסער צאָל אין אַלע פּוילי-שע פּראָווינצן, — אויפגעבויט זייער הויפּט-קוואַר-טיר. נויטיקט איר זיך אין אַ דאָלמעטשער — ברענגט מען אייך אַ יידן; קומט איר אין אַ אכסניה — איז דער באַלעבאָס אַ ייד; דאַרפט איר פּאָסט-פערד — וועט דאָס אייך באַזאָרגן אַ ייד, און דער פּורמאַן איז ווידער אַ ייד; ווילט איר עפּעס קויפן — איז דער פאַרמיטלער אַ ייד. ליטע איז אפשר דאָס איינציקע לאַנד אין איי-ראָפּע, וואו יידן באַשעפטיקן זיך מיט ערד-אַרבעט; אויף אונזער נסיעה דורכן דאָזיקן הערצאָגטום האָבן מיר אָפט געזעען יידן, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט מיט זייען, שניידן, אַראָפּנעמען היי און מיט אַנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע מלאכות".

## V. באַלטהאַזאַר ה. האַקע

(Balthasar H. Hacquet) 9)

געבוירן אין יאָר 1739 אין קוקע, ברעטאַן; געשטאָרבן דעם 10טן יאַנואַר 1815 אין ווין. האָט שטו-דירט פילאָלאָגיע און מעדיצין און האָט זיך אויסער זיין מעדיצינישער פּראַקטיק באַשעפטיקט נאָך מיט עט-נאָגראַפיע, מינעראַלאָגיע און באָטאַניק. בעת דער זיבנ-יאָריקער מלחמה האָט ער געדינט אַלס דאָקטאָר-געהילף אין דער עסטרייכישער אַרמיי און אין יאָר 1780 איז ער געוואָרן פּראָפעסאָר אין לייבאַכער ליצעאום. שפּע-טער איז ער איינגעלאַדן געוואָרן אַלס פּראָפעסאָר אין לעמבערגער אוניווערזיטעט, וואו ער האָט אין משך פון די יאָרן 1788—1810 פאַרנומען די קאַטעדרע פון נאַטור-געשיכטע. זיינע לעצטע יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין ווין.

אין די יאָרן 1779—1786 האָט האַקע אונטערגענו-מען אַ וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגסרייזע דורך די אַלפּן און קאַרפּאַטן. זיינע רייזע-באַשרייבונגען אַנטהאַלטן אויך ווערטפולע מיטטיילונגען וועגן עטנאָגראַפישע און פאָל-קלאָריסטישע פראַגן. פאַר אונז האָט אַ באַזונדערן אינ-טערעס זיין באַשרייבונג „האַקעס נייסטע פיזיקאַ-ליש-פּאָליטישע רייזע אין די יאָרן 1788 און 1789 דורך די דאַצישע און סאַרמאַטי-שע אָדער צפונדיקע קאַרפּאַטן" (נירנבערג, I טייל — 1790, II טייל — 1791) 10). האַקע, וועלכער האָט באַזוכט כמעט אַלע שטעט אין די קאַרפּאַטן, האָט

---

7) Dictionary of national Biography
לאָנדאָן 1887, באַנד XII, ז. 421—422.

8) „Travels into Poland, Russia, Sweden and Denmark", ", London, 1784 (דריי בענד).

9) Allgemeine deutsche Biographie, באַנד X, ז. 300.

10) „Hacquet's neueste physikalisch-politische Reise in den Jahren 1788 und 1789 durch die Dazischen und Sarmatischen oder nördlichen Karpathen" (Nürnberg, I Teil — 1790, II — 1791).

אויך אַרויסגעוויזן אַ בּאַזונדערן אינטערעס צום לעבּן פון די פוילישע יידן.

האַקע לויבּט אין זיינע באַשרייבּונגען די קאַראַאימער, מיט וועלכע ער האָט זיך בּאַקאַנט אין דער געגנט פון האַליטש; דאַקעגן וועגן יידן זאָגט ער זיך אַרויס בּזה הלשון:

„דער אמתער ייד איז דאָ אין פוילן דאָס עלנטסטע, פּחדנישע, אומגליקלעכסטע, חזרעוואַטע און אין אַ סך פּרטים (א חוץ שווינדלערייען, צו וואָס יידן זענען אַמבּעסטן פּעיק) אויך דאָס נאַרישסטע פאָלק אין גאַנצן לאַנד. נאָך קיינמאָל איז אַ נאַציע נישט געווען אַזאַ שווערע משא פאַר דער מלוכה, ווי דידאָזיקע, און דאָך איז זי די בּאַדויערנסווערטסטע אומה אויף דער וועלט".

ז. 201: „וואָס שווערער עס זענען די געלטפאָדערונגען, וואָס מען פּרעסט אַרויס בּיי יידן, אַלץ מער בּאַשווינדלען זיי די קריסטן".

האַקע בּאַשעפטיקט זיך דאַן מיט דער פראַגע, ווי אַזוי מען וואָלט געקענט די יידן איבּעראַנדערשן און מאַכן פון זיי נוצלעכע מלוכה-בּירגער. קודם-כּל וואָלט מען בּאַדאַרפט מבטל מאַכן דעם „ערוב" („Eiref"), פאַרבּייטן דעם שבת מיטן קריסטלעכן זונטאָג און פאַרווערן די יידן פרייטאָג צו נאַכט אָנצינדן ליכט. ווייטער מוז מען זיי צוגעוואוינען צו האַלטן זויבּער די הייזער.

ז. 202: „אויבּ אָבּער דערדאָזיקער אויסוואורף פון מענטשלעכן מין זאָל נישט וועלן נאָכגעבּן, דאַן וואָלט מען קיינעם פון זיי, אַחוץ די עלטסטע קינדער, נישט געדאַרפט דערלויבּן חתונה האָבּן, כּדי צו לאָזן זיי אויסשטאַרבּן ווי די מאָנאַכן".

האַקע פאַרלאַנגט אויך, מ'זאָל נישט דערלאָזן קיין יידישע אַקושערינס.

ז. 14–15: „לינקס אין מזרח-זייט ליגט דער אָרט ז ל אָ ט ש אָ וו. אויך דאָסדאָזיקע שטעטל איז ווי בּזשעזאַני אָפן און האָט אַ קליינעם בּאַפעסטיקטן שלאָס. די יידן האָבּן דאָ, ווי אין אַלע שטעט פונעם דאָזיקן לאַנד, — ווי מיר האָבּן שוין אויבּן דערמאָנט, — די אויבּערהאַנט. די זויבּערע פלעצער זענען פאַרנומען בּלויז מיט יידישע הייזער, און די קריסטן וואוינען פאַרשטעקט אין די אָרעמע גאַסן. דאָ געפינט זיך אויך — ווי אין דעם אויבּנדערמאָנטן אָרט (בּזשעזאַני) — דער מיליטעראַמט, און נישט אין בּראָד, וואו ער איז אַמאָל געווען.

בּ ר אָ ד איז אַ פרייע האַנדל-שטאָט און די איינציקע אין גאַנץ גאַליציע. זי ליגט דירעקט בּיים גרענעץ פון וואָלין, צו וועמען דער אָרט האָט טאַקע פאַרצייטן געהערט, אין אַ בּלאָטיקער געגנט. דידאָזיקע שטאָט איז דאָס אמתע ירושלים פון פוילן און גאַליציע. הגם דער אויסערלעכער אויסזען פון שטאָט איז נישט בּאַזונדערס גרויסאַרטיק (די געבּיידעס זענען הילצערנע), געפינען זיך דאָך דאָ אַן ערך 14.000–15.000 יידישע נפשות, וועלכע לעבּן מער אָדער ווייניקער פון שווינדלהאַנדל. די מערהייט איז אָרעם; עס זענען אָבּער פאַראַן אייניקע, וואָס פאַרמאָגן בּיז אַ האַלבּן מיליאָן גילדן און מער. אַזוי ווי דאָ איז אַ גרענעץ-סטאַנציע און ס'איז פאַרבּאָטן אַריינצופירן וועלכע-נישט-איז פרעמדע סחורות קיין גאַליציע, איז דער אָרט זייער אָפּגעשניטן. דאָסדאָזיקע שטעטל האָט אויך אַ בּאַפעסטיקטן שלאָס, וועלכער געהערט צוזאמען מיטן שטעטל — דעם גראַף פּאָטאָצקי".

האַקע האָט אויך בּאַזוכט טאַ ר נ אָ פּ אָ ל. אויך דאָ בּאַצייכנט ער די יידן, אין צוזאַמענהאַנג מיט זיינע פריערדיקע בּאַמערקונגען, ווי דעם אויסוואורף פון דער „מענטשלעכער ראַסע", נישט בּעסער שניידן בּיי אים אָפּ די יידן אין זאָנ ט ש, ר ז ש ע ש אָ וו און ק ר אָ ק ע. האַקע האָט אין זיינע רייזע-בּאַשרייבּונגען אויך גאַנץ אויספירלעך בּאַהאַנדלט די יידן-פראַגע אין גאַליציע אין דער צייט פון יאָזעף II (ז. 205–234).

———

אינעם צווייטן אַרטיקל וועלן מיר געבּן אויסצוגן פון פאָלגנדיקע רייזנדע: האַמאַר, הויגוויץ, קאַאוש, מעע דע לאַ טוש, יאָהאַן מיללער, גראַף דע פּאָרטיאַ דע פילע, יאָאַכים שולץ, טראַמפּאָ און טאַונסאָן, אין וועמעס רייזע-בּאַשרייבּונגען מיר געפינען אַ שפע בּאַמערקונגען וועגן די פוילישע יידן. דאָס רוב גיבּן זיי אין זייערע ווערק גאָר נישט קיין גינציקע בּאַשרייבּונג פון די יידן. אָבּער אייניקע פון זיי, ווי, למשל, מעהע דע לאַ טושס בּריוו צו בּאָמאַרשע, זענען געשריבּן אין אַ גאַנץ פריינדלעכן גייסט און מיט סימפּאַטיע צו יידן. מיר בּרענגען אונטן אין אָריגינאַל די נעמען פון די ווערק, וועגן וועלכע אונז וועט נאָך אויסקומען צו ריידן *)

---

*) אָט זענען זייערע נעמען:

1) C. F. E. Hammard, „Reise durch Oberschlesien nach der Ukraine zur russischen kaiserlichen Armee und zum Feldmarschall Rumanzow Sadunaiskoy" (Gotha 1781).

עס זענען אָבער פאַראַן אַ גאַנצע ריי אַנדערע רייזע־באַשרייבונגען וועגן פוילן און מזרח-אייראָפּע, אָפט פון זייער אָנגעזעענע מחברים, אין וועלכע מיר געפינען גאָרנישט, אָדער כמעט גאָרנישט (אַמאָל נאָר עטלעכע שורות) וועגן יידן און וועגן דעם יידישן לעבן, הגם די מחברים באַ־שרייבן זייער אויספירלעך די לענדער, וועלכע זיי האָבן באַזוכט (די רשימה פון אַזעלכע ווערק וועלן מיר ברענגען אינעם צווייטן אַרטיקל).

---

2) Graf Karl Otto von Haugwitz. זיין אָפיציעלער באַריכט וועגן פוילן אין 1756 געפינט זיך אין פאַלגנדי־קער מאָנאָגראַפיע פון פראָפ. דר. אויגוסט פורניע: „Handel und Verkehr in Ungarn und Polen um die Mitte des XVIII. Jahrhunderts“ (Wien, 1887).

3) Johann Josef Kausch, „Nachrichten aus Schlesien, Böhmen und das vormalige Pohlen“ (I — 1793, in Graz und Salzburg; II — 1796 in Breslau)

4) Jean Claude Hyppolite Mehée de la Touche: 1) „Memoires particuliers extraits de la Correspondance d'un voyageur avec M. Caron de Beaumarchais sur la Pologne, la Lithuanie, la Russie blanche, Petersbourg, Moskow, la Crime etc., publie par „M. D.“ (Hamburg, 1807); 2) „Histoire de la Révolution de la Pologne avec un Examen de sa nouvelle Constitution“ (Paris, 1792; deutsch: Altenburg, 1793).

5) Johann Wilhelm Müller, „Reise von Warschau nach der Ukraine 1780 — 81“ (Herzberg a Harz, 1804).

6) Alphonse Toussaint Josephe André Marie Marseille Conte de Fortia de Piles, „Voyage des deux Français en Allemagne, Russie, Pologne“ (Paris, 1796).

7) Joachim Christof Friedrich Schulz, „Reise eines Liefländers von Riga nach Warschau durch Südpreussen über Breslau, Dresden, Karlsbad, Bayreuth, Nürnberg, Regensburg, München, Salzburg, Linz, Wien und Klagenfurt nach Bozen und Tyrol“ (Berlin, 1795).

8) Alfred Trampaur, „Dreyssig Briefe über Gallizien oder Beobachtungen eines unpartheyischen Mannes, der sich mehr als nur ein paar Monate in diesem Königreich umgesehen hat“ (Wien und Leipzig, 1787).

9) Robert Townson, „Travels in Hungary with a short accomt of Vienna in the year 1793“ (London, 1797).

# די זכרונות פון מאָזעס פּאָרגעס

## וועגן דעם פראַנקיסטן-הויף אין אָפּענבאַך

### אַרייַנפיר

פון ד"ר נ. מ. געלבער (ווין)

דער פּראָגער ראַבינער ד"ר ל. שטיין האָט נאָך מיט איבער 60 יאָר צוריק פאַרעפנטלעכט אינעם זאַמלבוך „אחוה" [1] אַ מיטיילונג וועגן די פראַנקיסטן און אין דער דאָזיקער מיטיילונג ברענגט ער די דערציילונג פון אַ בכבודיקן מאַן פון פּראָג [2], וואָס האָט געהאַט די געלעגנהייט צו לעבן אַ שטיקל צייט אין אָפּענבאַך ביים פראַנקיסטן-הויף. דעם נאָמען פון דעם מאַן רופט ד"ר שטיין נישט אָן. דער באַקאַנטער ביאָגראַף פון יעקב פראַנקן אַלעקסאַנדר קרויזהאַאַר ציטירט אָט די מיטיילונג אינעם צווייטן באַנד פון זיין מאָנאָגראַפיע „פראַנק און די פראַנקיסטן" [3] און דערביי באַמערקט ער, אַז די דערציילונג, וואָס ד"ר שטיין גיט איבער, נישט אָנרופנדיק דעם נאָמען, שטאַמט פונעם באַקאַנטן פּראָגער פאַבריקאַנט לעאָפּאָלד פּאָרגעס עדלער פאָן-פּאָרטהיים. קרויזהאַאַר ברענגט אויך אייניקע שטעלעס פון דער דאָזיקער דערציילונג, וואָס גיבן אין אַ פּאָר שטריכן אַ בילד וועגן דעם מצב פונעם פראַנקיסטן-הויף אין אָפּענבאַך אין די יאָרן 1798—1799.

קיינער פון די שפּעטערדיקע פראַנקיסטן-פאָרשער האָט זיך נישט פאַראינטערעסירט מיט דער מיטיילונג, וואָס ד"ר ל. שטיין האָט אָפּגעדרוקט, און האָט זיך נישט באַמיט קריטיש זי צו באַלויכטן און פעסטשטעלן, צי איז קרויזהאַאַר גערעכט.

צופעליק האָט אונז אָפּגעגליקט צו געפינען דעם טעקסט פון ד'דאָזיקע זכרונות אין דער זאַמלונג פונעם באַוואוסטן ווינער מעצענאַט, קאַלעקציאָנער און געלערנטן מאַקס פאָן-פּאָרטהיים. ווי מאַקס פאָן-פּאָרטהיים אַליין האָט מיר דערציילט, האָט ער מיט יאָרן צוריק אָפּגעשריבן דידאָזיקע קאָפּיע, וואָס געפינט זיך אין זיין רשות, פונעם אָריגינאַל-מאַנוסקריפּט, וואָס געהערט דער פרוי אויגוסטאַ פאָן-פּאָרטהיים אין זמיכאָוו ביי פּראָג. דער דאָקומענט איז אייגנטלעך נישט מער ווי אַ פראַגמענט פון גרעסערע מעמואַרן, וואָס געהערן משה (מאָזעס) פּאָרגעסן — און נישט זיין יינגערן ברודער לעאָפּאָלד, ווי קרויזהאַאַר רעכנט. — ער שטעלט אָבער מיט זיך פאָר בלי-ספק אַ זייער ווערטפולן מקור פאַר דער געשיכטע פונעם אָפּענבאַכער „הויף" פון עוואַ פראַנק, דער אייגנטלעכער יורשטע פון איר פאָטער יעקב פראַנק. דער דאָקומענט גיט אַ קלאָר בילד פונעם לעבנס-שטייגער אין דעם פראַנקיסטן-הויף, דערציילט ווי מ'האָט דאָ מדריך געווען דעם יונגן דור אין יעקב פראַנקס תורה און אין זיינע וועגן. מיר געפינען אין אים אויך וויכטיקע פּרטים, ווי אַזוי עוואַ פראַנק און אירע ברי-דער האָבן באַהאַנדלט די אָנהענגער פון זייער פאָטער, וואָס פלעגן אַהער קומען אין אַ גאַנץ גרויסער צאָל: יענע אָנהענגער, וועגן וועלכע מ'האָט געוואוסט, אַז זיי

---

1) פאַראיינס-בוך „Achwah" פון יאָר 1866 (5628), לייפּציק, ז. 154—160.

2) דער טעקסט פון ד"ר ל. שטיינס מיטיילונג איז אין תוך אַן אַנדערער, ווי דער טעקסט פון די זכרונות, וואָס מיר פאַרעפנטלעכן דאָ, בכלל זענען אונזערע זכרונות פיל גרעסער און ברייטער און לויטן בוי און כאַראַקטער גאַנץ אַנדערע, ווי די מיטיילונג: ד"ר שטיין ווייזט אַליין אָן, אַז ער מאַכט די מיטיילונג אויפן סמך פון אַ מינדלעכן געשפּרעך, וואָס ער האָט געהאַט מיט אַ פּערזאָן, וועמענס נאָמען ער גיט נישט אָן, דעם געשפּרעך ברענגט ער על-פּי זכרון; ביי אונז אָבער זענען דאָס אויטענטישע זכרונות, וואָס די פּערזאָן גופא האָט אויפגעשריבן, נאָר אין צוויי ערטער זענען ביידע טעקסטן אידענטיש.

ד"ר שטיינס מיטיילונג איז אויך אויסגענוצט געוואָרן פון גרעצן אין זיין אַרבעט „פראַנק און די פראַנקיסטן" (ברעסלע 1868—דייטש; ז. 72—84), דערביי האָט גרעץ באַצייכנט דעם נאָמען פון דעם דערציילער — דעם פראַנקיסט מיט די איניציאַלן .P. v. P (וואָס דאַרף באַדייטן „פּאָרגעס פאָן פּאָרטהיים"). הגם ד"ר שטיין האָט נישט געוואָלט אַנטדעקן דעם נאָמען פון דעם געוועזענעם פראַנקיסט, אָבער דעמאָלט איז עס שוין אין פּראָג קיין סוד נישט געווען, אַז די ברידער פּאָרגעס האָבן אין דער יוגנט באַזוכט דעם פראַנקיסטן-הויף אין אָפּענבאַך און זיינען פון דאָרטן אַנטלאָפן.

אין וועלכן יאָר פּאָרגעס האָט אָנגעשריבן די זכרונות, וואָס מיר פאַרעפנטלעכן דאָ, איז לוידער אוממעגלעך פעסטצושטעלן.

3) A. Kraushaar, „Frank i Frankiści polscy 1726—1816" קראָקע 1895, ב. II, ז. 164—170.

זענען פאַרמעגלעך און וועלכע האָבן מיט זיך געבראַכט שיינע מתנות, האָט מען גאַנץ אַנדערש אויפגענומען, ווי די, וואָס זענען געווען ביד צו געבן בלויז באַשיידענע פדיונות, הגם זיי האָבן געמעגט קומען פון מרחקים.

דערדאָזיקער מעמואַרן־פראַגמענט איז נאָך וויכטיק דערפאַר, וואָס ער גיט אויך אַ אינטערעסאַנטע באַשרייבונג פון דער נסיעה, וואָס די ברידער פּאָרגעס האָבן דורכגעמאַכט — ווי זיי האָבן עולה־רגל געווען קיין אָפּענבאַך, ווי זיי זענען שפּעטער פון דאָרטן אַנטלאָפן, האָבן געוואַנדערט איבער די יידישע קהילות אין דרום־דייטשלאַנד און ווי האָבן דידאָזיקע קהילות דעמאלט אויסגעזעען. די זכרונות זענען אויך וויכטיק דערמיט, וואָס זיי באַווייזן, ווי טרייע אָנהענגער פון דער פראַנקיסטישער באַוועגונג, וועלכע האָבן געגלויבט באמונה שלמה אין פראַנקן און געצויגן זיך צו זיין „הויף", האָבן אינגאַנצן פאַרלוירן דעם גלויבן נאָכדעם, ווי זיי האָבן געזען דעם „הויף" מיט זייערע אייגענע אויגן, און אָנגעהויבן צו קוקן אויף דער גאַנצער באַוועגונג, ווי אויף אַ מין רמאות.

די זכרונות זענען געשריבן געוואָרן אין דייטש. פונעם ריין־ליטעראַרישן שטאַנדפונקט האָבן זיי געוויסע חסרונות, אָבער זיי זענען געשריבן אין אַ לייכטער און לעבעדיקער שפּראַך. כאַראַקטעריסטיש זענען די אָפטע העברעישע ווערטער אָדער אויסדרוקן, וואָס זענען נאָענט צו דער גערעדטער שפּראַך פון די יידן אין יענער צייט.

דער מחבר פון די זכרונות מאָזעס פּאָרגעס איז געבוירן געוואָרן (אין יאָר 1781) ביי אָרעמע עלטערן אין פּראָג. ער האָט אָבער אין הויז פון זיין פאָטער גבריאל פּאָרגעס באַקומען אַ גוטע און זאָרגעוודיקע דערציונג.

גבריאל פּאָרגעס אַליין 4) איז געווען נישט נאָר אַ יידישער למדן, נאָר אויך אַ מענטש מיט אַ ידיעה אין „קריסטלעכע וויסנשאַפטן". מיט אַ באַזונדערער התמדה האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט קבלה. ער איז צוגעשטאַנען צו יעקב פראַנקן נאָך ביי פראַנקס לעבן און האָט זיך באַמיט צו געווינען פאַר אים אָנהענגער צווישן די יידן אין פּראָג, וואו ס'האָט זיך אויף אַזאַ אופן געביל־דעט אַ גאַנץ באַדייטנדיקע געשלאָסענע גרופּע, וואָס

4) גבריאל פּאָרגעס שטאַמט פון דער באַקאַנטער חשובער פּראָ־גער משפּחה פּאָרגעס—שפּירא. זיין פאָטער האָט געהייסן משה פּאָרגעס—שפּירא (געשט. 1772). גבריאל פּאָרגעס — מ'האָט אים אויך גערופן פּ אָ ר י אַ ס — איז געבוירן אין יאָר 1738, געשטאָרבן—1824. אין יאָר 1758 האָט ער חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פונעם פּראָגער רב ר' לייב קאַסאָװיץ. זיי האָבן געהאַט 6 קינדער — 3 זין און 3 טעכ־טער. מאָזעס (משה) — דער מחבר פון די זכרונות — און לעאָפּאָלד (יהודה־לייב) זענען געווען די יינגסטע.

וועגן דער פאַמיליע פּאָרגעס זע: ש. ה אָ ק, „מ ש פ ח ו ת פּ ר אָ ג", פּרעסבורג 1892, אויך: גענעאַלאָגישער בוים פון דער פאַמיליע פּאָרגעס (פּריוואַט־דרוק).

איז מיט פראַנקן געשטאַנען אין אַ שטענדיקער פאַר־בינדונג.

די פראַנקיסטן האָבן שוין בערך אינעם יאָר 1768 ווי ס'איז באַקאַנט, געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע אין מערן פאַר פראַנקס תורה. יעקב פראַנק, וואָס איז דעמאָלט געזעסן אַרעסטירט אין טשענסטאָכאָווער פעסטונג, האָט דער־צו ערמוטיקט פון דער תפיסה. אין מערן איז פאַר דערדאזיקער אַרבעט געווען אַ גאַנץ גינציקער באָדן. די פראַנקיסטן האָבן זיך הויפּטזאכלעך קאָנצענטרירט אין דער פּראָסניצער יידישער קהילה, וואו ס'האָבן נאָך פון די צייטן פון דעם באַקאַנטן שבתי־צביניק לייבעלע פּראָסניצער 5) געלעבט געהיימע שבתי־צביניקעס. די לעצטע האָבן זיך שפּעטער באַצויגן מיט סימפּאַטיע צו די פראַנקיסטן און האָבן אַפילו נישט געהאַט קיין פאַריבל, ווען יענע האָבן זיך נאָכן לעמבערגער ויכוח (1759) אָפּגעשמדט. אין מערן האָט אַן אַקטיווע פּראָפּאַגאַנדע פאַר פראַנקן אַנט־וויקלט אויך דער יינגסטער זון פונם באַרימטן ר' יונתן אייבעשיץ (יונתן פּרעגער) — דער ראש־הרבנים אין ביימען — וואָלף אייבעשיץ. דאָס איז געווען אַ מענטש מיט אַן אויסגעשפּראָכע־נער אַוואַנטוריסטישער נאַטור. אַדאַנק די פאַרבינדונגען מיט די פראַנקיסטן פלעגט וואָלף אייבעשיץ טומלען אין די יידישע קהילות פון מערן, ער פלעגט אַפילו איינאָרדענען געהיימע אסיפות פון שבתי־צביניקעס און מקובלים. פרילינג 1769 זענען צוויי פראַנקיסטן געקומען קיין פּראָסניץ און האָבן געפּועלט ביים קהילה־פאָרשטייער, ער זאָל זיי דער־לויבן צו האַלטן אַ עפנטלעכע דרשה אין דער שול. דאָס האָט אַרויסגערופן ביי אַ טייל פון די קהילה־מיטגלידער אַ אומצופרידנקייט און אין דער קהילה איז צוליב דעם געקומען צו אַ מחלוקת. פון פּראָסניץ האָבן די פראַנקיסטישע שליחים געפּרוווט צו געווינען אָנהענגער אויך אין ביימען און קודם־כל אין פּראָג. זיי האָבן געאַרבעט אומעטום מיט גרויס פאָרזיכטיקייט, — דאָך זענען זיי פונעם באַקאַנטן פּראָגער רב ר' יחזקאל לאַנדוי אַריינגע־וואָרפן געוואָרן אין חרם. ר' יחזקאל לאַנדוי (1720־1793) האָט אין זיינע דרשות מזהיר געווען דעם עולם, מ'זאָל זיך היטן פון די נעץ, וואָס די אפּיקורסישע סעקטע שפּרייט אויס 6).

5) וועגן לייבעלע פּראָסניצער זע: ג ר ע צ ס געשיכטע (דייטש), באַנד X, זייטן 321, 334, 336, 478.

6) זע וועגן דעם: א ל י ע ז ר ב ן ד ו ד פ ל ק ל ס [פלעקעלס], „א ה ב ת ד ו ד", פּראָג 1880, ע' כ"ג—ד' ב', ע' כ"ד. אָט איז די שטעלע (מיט קיצורים):

„כאשר החל הפרץ הטמא לשרוץ צחנתו בארץ פולין והחרים בארור חרם נדוי שמתא בתקיעת שופר ובכבוי נרות את יעקב רמאה ואחוזת מרעהו את הצב למיניהו. ומן השמים הסכימו עם קדוש עליון, ונתפרדה החבולה ותחבולה מהבלי שוא ונתפזרו הרשעים... אזר חלציו להלחם כנגדם מלחמה חובה [געמיינט דערמיט דער רב ר' יחזקאל לנדוי] חם תועבה ובניהם תועבה ורדפם עד חרמה ומחה את שמם

אַז יעקב פראַנק איז באַפרייט געוואָרן פון דער טשענסטאָכאָווער תפיסה און איז איבער טראָפּאַו געקומען אין יאָר 1773 קיין ברין, האָט ער אין מערן און אין ביימען, כמעט אין יעדער יידישער קהילה, שוין געפונען גאַנץ באַדייטנדיקע גרופּעס פון זיינע אָנהענגער. עס איז דעריבער קיין וואונדער נישט, וואָס די יידישע קהילה אין ברין איז געווען אומצופרידן דערפון, וואָס יעקב פראַנק האָט דאָ געמאכט זיין דירת־קבע. מ׳האָט קעגן אים אָנגעהויבן אַ קאַמף. די קהילה האָט פאַרלאַנגט פון דער רעגירונג, זי זאָל פראַנקן אַרויסשיקן, אָבער די רעגירונג האָט נישט געקוקט אויף דעמדאָזיקן שטורעם און האָט פראַנקן ווייטער געשיצט[7]. אַז פראַנק האָט זיך אינעם יאָר 1786 אַריבערגעקליבן קיין אָפּענבאַך, זענען מיט אים מיטגעפאָרן פון ביימען און מערן נישט ווייניק עלטערע און יונגע חסידים זיינע. די רייכע אָנהענגער זיינע פון אָט די פּראָווינצן האָבן אים באַזאָרגט מיט גאַנץ גרויסע סכומים און אים אויסגעהאַלטן.

קיין אָפּענבאַך פלעגן עולה־רגל זיין אויך פיל אָנהענגער פון פראנקן, וואָס האָבן געוואוינט אין ביימען און מערן. צווישן זיי זענען געווען מענטשן „פון בעסטן מאָראַלישן כאַראַקטער" און פון גרויסער למדנות — אַזוי כאַראַקטעריזירט זיי פּעטער בער, וואָס האָט זיי נאָך אַליין פּערזענלעך געקענט[8]. די פאַרמעגלעכע אָנהענגער פלעגן אָפט דורכמאַכן לאַנגע נסיעות און קומען מיט זייערע פאַמיליעס קיין אָפּענבאַך, דערביי האָבן זיי פאַרלאָזט זייערע געשעפטן; אויך די גרויסע פּדיונות, וואָס זיי האָבן געגעבן פראַנקן, האָבן מיט דער צייט געבראַכט דערצו, אַז זיי זענען פאַראָרעמט געוואָרן. אייניקע אָנהענגער פון פראנקן, וואָס האָבן אַליין נישט געקענט קומען, האָבן אָפּגעשיקט קיין אָפּענבאַך זייערע דערוואַקסענע זין און טעכטער, כדי מצרף זיין זיי

---

מקרב הארץ וברב חדרשות אשר דרש במקהלות הזכיר מכת הרשעה הארורה הזאת".

7) Dr. Gustav Trautenberger, „Die Chronik der Landeshauptstadt Brünn", Brünn 1897, Bd. IV, S. 114.

דער באַקאַנטער פאָרקעמפער פון דער יידישער עמאַנציפּאַציע אין פּוילן יִצחק קאַלמאַנסאָן דערמאָנט אין זיין בראָשור „Essai sur l'état actuel des Juifs en Pologne" (וואַרשע, 1796, ז. 20—21), אַז יאָזעף דער צווייטער, „זייענדיק אַ שונא פון אַלע רעליגיעזע נייע אידעען, האָט זיי (די פראַנקיסטן) אַרויסגעטריבן פון זיינע גרענעצן". דידאָזיקע אָנווייזונג איז אָבער נישט ריכטיק — פראַנקן האָט מען פון ברין נישט אַרויסגעשיקט; לויט דער עצה פון דער מאַכט האָט ער זיך נאָר אַריבערגעקליבן קיין אָפּענבאַך.

8) Peter Beer, „Geschichte, Lehren und Meinungen aller bestandenen und noch bestehenden religiösen Sekten der Juden und der Kabbala", Brünn 1823, Bd. II, S. 326-27.

צו די סתרי־תורה פונעם פירער. וואָס ס׳איז מיט אָט די קינדער שפּעטער געוואָרן איז נישט באַוואוסט[9].

אָנהענגער פון יעקב פראנקס באוועגונג זענען אין מערן און ביימען און באַזונדערס אין פּראָג געווען אַפילו נאָך פראנקס טויט. אַז פראנק איז געשטאָרבן האָבן זיינע אָנהענגער אָנגעהויבן צו פאָרן אויף זיין קבר און צו זיין טאָכטער עטאַ. דידאָזיקע נסיעות האָבן קאָנטיק אָנגענומען אַזאַ ברייטן כאַראַקטער, אַז דער דעמאָלטיקער באַקאַנטער פּראָגער דרשן ר׳ אליעזר פלעקעלס האָט געפונען פאַר נויטיק אַרויסצוטרעטן אויפן שאַרפסטן אופן (אין דער נייער מייזל־קלויז) קעגן אָט דער עליה און קעגן דער גאַנצער פראַנקיסטישער באַוועגונג. אין אַ דרשה, וואָס ער האָט געהאַלטן צו ראש־השנה תקנ"ט (1798) גיט ר׳ אליעזר פלעקעלס צו פאַרשטיין דעם עולם אין אַ שאַרפער און דערביי וויציקער פאָרם די אמתע כוונות פון דער עליה. וואָס אייגנטלעך פירט אייך — פרעגט ער — צו אָט דעם קליינעם אומבאַדייטנדיקן שטעטל (אָפּענבאַך), צו יענע מענטשן, וואָס זענען נישט קיין יידן און נישט קיין קריסטן? ווילט איר דאָרט שטודירן נאַטורוויסנשאַפט, פילאָזאָפיע, מאָראַל — איז דען נישט פאַראַן ביי אונדז אין לאַנד גענוג געניטע פראָפעסאָרן? האָט איר חשק צו שטודירן די קריסטלעכע תורה — פעלן אייך דען קריסטלעכע טעאָלאָגן און גייסטלעכע דאָ אויפן אָרט? זוכט איר די חכמת־הקבלה — קענט איר דען דאָ נישט געפינען גענוג ערלעכע יראי־שמים, וואָס פאַרנעמען זיך מיט חקירה און זענען בקי אין קבלה? ווילט איר לערנען גאָטס תורה, גמרא און פוסקים — האָבן מיר דאָך ברוך־השם צווישן אונדז גענוג למדנים. אפשר — פרעגט ער ווייטער — ווילט איר זיך לערנען תכסיסי־מלחמה — האָט איר דען ווייניק מיליטער־לייט און סטראַטעגן ביי די מלכים און פירשטן אין לאַנד? (מיט די לעצטע ווערטער איז ר׳ אליעזר פלעקעלס קלאָר מרמז אויף די מיליטערישע מנהגים, וואָס זענען איינגעפירט געוואָרן אין פראַנקס רעזידענץ. יעקב פראַנק האָט אין זיין הויף איינגעפירט אַן אייגענע לייב־וואַך, וואָס איז באַשטאַנען דער עיקר פון זיינע יונגע אָנהענגער. זיי פלעגן מאכן טעגלעך מיליטערישע איבונגען, ווי עס ווערט דערציילט אין די זכרונות פון פאַרגעסן; זע ווייטער). — און צוליב וואָס, פרעגט ר׳ אליעזר פלעקעלס ווייטער,

---

9) אין זיין דערמאָנטן ווערק (באַנד II, ז. 326) שרייבט פּעטער בער: „פילע (אָנהענגער פון פראנקן) האָבן אַהער געשיקט זייערע דערוואַקסענע זין און טעכטער. און אויסער צוויי, וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן און אַנטלאָפן פונעם פראַנקישן הויז, איז זייט דעמאָלט — ווי ווייט איך ווייס — אומבאַקאַנט, אַז עמיצער זאָל זיך האָבן פון דאָרטן צוריקגעקערט, און ביז איצט ווייסט מען נישט, וואָס ס׳איז מיט די קינדער געוואָרן". עס איז כמעט ווי זיכער, אַז בעת פּעטער בער רעדט וועגן די צוויי אַנטלאָפענע — מיינט ער די ביידע ברידער פאָרגעס, וועלכע ער האָט פּערזענלעך געקענט.

לויפן צוזאַמען ניט נאָר מאַנסבילן, נאָר אויך ווייבער און קינדער? צום סוף גיט ער אַ שאַרפע כאַראַקטעריסטיק פון די נאַיווע אָנהענגער פון פראַנקן, וואָס גלויבן אין דעם פאַלשן משיח, פון אָט די אויסוואורפן, עם־הארצים, וואָס גלויבן אין נאַרישקייטן 10).

פון דער דרשה זעט מען קלאָר, אַז אין פּראָג זענען נאָך דעמאָלט געווען אַ סך אָנהענגער פון דער פראַנקיסטישער באַוועגונג, וואָס פלעגן פאָרן צום רבינס הויף קיין אָפענבאַך 11).

צו די פירער פון דער פּראָגער פראַנקיסטן-געמיינדע האָבן געהערט אהרון בעער, יאָנאַס וועהלי, נח קאַסאָוויץ, שלמה צערקאָווי (צערקאָוויטש), ווי אויך גבריאל (פּאָריאַס) פּאָרגעס, דער פאָטער פון אונזער מעמואַרן־שרייבער.

גבריאל פּאָרגעס און די אַנדערע פלעגן אָפט פאָרן קיין אָפענבאַך און פירן מיט זיך אַהין גרויסע סכומים געלט אָדער גאָלדענע און זילבערנע חפצים. אין פראַנקפורט פלעגן זיי אָפזעצן דאָס גאָלד און זילבער און פאַרן אָפגעלייזטן געלט קויפן מתנות פאַרן פירער יעקב פראַנק, און שפעטער — פאַר זיינע קינדער. ניט איין

---

10) אליעזר בן דוד פלקלס, „אהבת דוד", ע׳ כ״ח—ד״ב, ע׳ כ״ו — ד׳ א׳. מיר ברענגען דאָ—מיט קליינע קיצורים—דעם טעקסט פון דער דרשה:

„לכו נא ונוכחה יחדו מה מעשיכם שמה בעיר מצער אצל אנשים לא עברים ולא נוצרים, לא מצרים ולא איים ולא כותיים, אם ללמוד חכמות טבעיות, פילוסופיא ונימוסיות, וכי לא תמצאו בקריות המלך האדיר הקיסר יר״ה חכמי לב ופולזאפים או בין יתר מלכי ארץ ורוזנים יחד הכמים מחכמים בכל החכמות. אם ללמד חכמת הנוצרים אתם מבקשים, וכי אין כהני נוצרים בכל עיר ועיר, מדינה ומדינה. אם תשוקתכם לחכמת הקבלה, וכי אין חקרי אלקים בעולם יראים ושלמים הבקיאים בחכמה זו. ואם בתורת ד׳ חפצכם ללמד גמרה ופוסקים, ברוך המקום ב״ה תופשי תורה מצויים שערים מצוינים בעולם, גדולים חקרי לב, המלמדים תורה ברבים... ואם ללמד ידיכם קרב ואצבעותיכם למלחמה הלא רבו שרי צבאות מלמדי מלחמה, אצל מלכי האדמה ושרי המדינות יר״ה. ועוד שאלה אחת אנכי שואל מכם, אם אנשים באים ללמד, נשים וטף למה באו... אלה פתאים, תמימים עוסקים בשמחה, כי אומרים משיחם המשוח בשומן חזיר, מהרה יחזיר ועל עפרו יקום, עפר יעקב ועפר רמה ותולעה עאכ״ו. ולא עוד, הלא האנשים האלה המה ידועים במעשי תעתועים, לא בעלי המקרא ולא בעלי המשנה, לא בעלי השם ויפ״ת, לא בסוד ולא בגפ״ת, לא בלמודיות ולא בטבעיות, אנשים ריקים הנעדרים מכל חכמות, הבוטחים על רמה ותולעה תולעת יעקב עפרא לפומיה".

11) אָנהענגער פון דער באַוועגונג זענען אין פּראָג געווען נאָך מיט יאָרן שפעטער, ווען דער פראַנקיסטן-הויף איז שוין פאַרשוואונדן געוואָרן. אַזוי, למשל, דערציילט אַ לעבעדיקער עדות וועגן דעם יאָר 1822 לערך, אַז די פראַנקיסטן אין פּראָג האָבן דעמאָלט נאָך אַלץ געזוכט צו געווינען פאַר דער באַוועגונג אויב ניט די מאַסן, ווי פריער, אין לכל הפחות איינצלנע אָנהענגער (זע: פּעטער בעער, דצ״וו, ב. II, ז. 340). פראָפ. וועסעלי האָט אין יאָר 1845 פאַרעפנטלעכט אַ באַגייסטערטע דרשה, וואָס אַ פראַנקיסט האָט דעמאָלט געהאַלטן וועגן דער חשיבות פון דער פראַנקיסטישער סעקטע. זע: „Zeitschrift für historiche Theologie" von Ilgen und Niedner, H. III. S. 136.

מאָל איז זיי אויסגעקומען צו פאָרן קיין פראַנקפורט און דאָרטן פאַרזעצן זייערע מיטגעבראַכטע באַנק-פּאַפּירן אָדער אָבליגאַציעס, און פאַרן באַקומענעם מזומן אויס־קויפן די משכנות פון עוואַ פראַנק און אירע ברידער.

עס איז דעריבער נאַטירלעך, אַז גבריאל פּאָרגעס, דער הייסער פראַנקיסט, האָט אויך זיינע קינדער געוואָלט מדריך זיין אין די וועגן פון קבלה און פראַנקיזם. אַז אונזער מעמואַרן-שרייבער איז אַלט געוואָרן 14 יאָר האָט אים זיין פאָטער אָנגעהויבן צו באַקענען מיט פראַנקס תורה און מיט די סודות פון קבלה. גבריאל פּאָרגעס האָט איינמאָל אַריינגערופן זיין זון צו זיך אין צימער און אים געפרעגט, צי גלויבט ער, אַז די תורה, אַזוי ווי זי איז געגעבן געוואָרן בנגלה, אַנטהאַלט אַלץ, וואָס ס׳איז נויטיק פאַר דער גאולת-הנשמה און פאַרן גליק פונעם מענטשן. און פּאָרגעס האָט דערביי מסביר געווען זיין זון די יסודות פונעם זוהר און אים מיטגעטיילט, אַז „איינער מאנשי שלומנו" — נח קאַסאָוויץ — וועט מיט אים פון איצט אָן עוסק זיין אין אָט דער חכמת-הנסתר. קאַסאָוויץ האָט פון דעמאָלט אָן מיטן קינד ניט נאָר געלערנט קבלה, נאָר ער האָט אים אויך דערציילט ווער יעקב פראַנק איז, אַז פראַנק איז נתגלה געוואָרן אַלס „שליח פונעם רבונו של עולם", אַלס „משיח אלהים", אַז ארום אים האָבן זיך פאַרזאַמלט פיל באַדייטנדיקע לומדי-תורה, וואָס באַציען זיך צו זיין נאָמען מיט דעם גרעסטן יראת-הכבוד. אויף אַזאַ אופן האָט מען משה (מאָזעס) פּאָרגעסן מגלה געווען, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונג קינד, די געהיימניסן פון דער פראַנקיסטן־סעקטע. דעם פאַקט, וואָס פראַנק האָט אָנגענומען די קאַטוילישע אמונה, האָט מען אים פאַרגעשטעלט אַלס אַ שריט, וואָס פראַנק האָט געמאַכט אויס איבערצייגונג. די אַלע אַנטדעקונגען האָבן אויף דעם יונגן פּאָרגעס, וואָס איז געווען באַגאַבט און האָט פאַרמאָגט אַ לעבהאַפטן טעמפּעראַמענט, געמאַכט נאַטירלעך אַ גרויסן רושם און האָבן אין אים דערוועקט דעם שטאַרקן חשק צו באַזוכן דעם „מקום-קדוש" פון די פראַנקיסטן אין אָפענבאַך. היות אָבער ווי זיין פאָטער איז געווען אָרעם און איז ניט געווען ביכולת אים צו באַזאָרגן מיט די נויטיקע הוצאות, — האָט מאָזעס פּאָרגעס ניט געקאָנט פאַרווירקלעכן זיינע אינטימען וואונטש. ערשט אינעם יאָר 1798, ווען מאָזעס האָט געדאַרפט גיין דינען אין מיליטער, האָט זיין פאָטער באַשלאָסן אָפּצושיקן אים קיין אָפענבאַך, בכדי ער זאָל דאָרטן אַריינטרעטן אינעם רשות פון עוואַ פראַנק. דער פאָטער האָט אים מיטגעגעבן המלצה-בריוו, און דער יונגער מאָזעס איז מיט זיי צוערשט אָפּגעפאָרן קיין דרעזדן, וואו ער איז אויפגענומען געוואָרן פון וואָלף אייבענשיץ — דעם זון פון ר׳ יונתן פּרעגער. וואָלף אייבענשיץ, וואָס האָט זיך גערופן מיטן טיטל „באַראָן", האָט אין דרעזדן אויסגע־

האָלטן אַ מין צווישן־סטאַנציע פאַר אַלע פראַנקיסטן, וואָס האָבן עולה־רגל געווען קיין אָפּענבאַך [12].

פון דרעזדן האָט זיך מאָזעס פּאָרגעס געלאָזט קיין אָפּענבאַך. אַ גרויסן טייל וועג איז ער געגאַנגען צופוס, אַ טייל וועג האָט ער געמאַכט מיט דער פור. אין אָפּענבאַך, וואוהין זיין האַרץ האָט אים אַזוי געצויגן, האָבן אים פראַנקס אָנהענגער אריינגעפירט אין עוואַס הויז. און דאָ האָט מען אים און נאָך עטלעכע יונגע קינדער פון די אָנגעזעענסטע אָנהענגער, וואָס זענען ווי ער אויך געשיקט געוואָרן קיין אָפּענבאַך, געשטעלט אינעם דינסט־רשות פון עווא מיט אירע ברידער. אָבער שוין אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיך מאָזעס פּאָרגעס און זיין יינגערער ברודער לעאָפּאָלד, וואָס איז אַביסל שפּעטער אויך אַהער געקומען, איבערצייגט, אַז אַלץ, וואָס דאָ קומט פאָר, איז אַ „אומערהערטער שווינדל". ער און זיין ברודער און נאָך איינער אַ יונגער פראַנקיסט פון דרעזדן, יונה הויפזינגער, וואָס האָט זיך אויך מיאש געווען ווי זיי, האָבן דעריבער באַשלאָסן צו פאַרלאָזן עוואַס רעזידענץ און אַנטלויפן פון אָפּענבאַך.

דער ערשטער טייל פון פּאָרגעסעס זכרונות באַשרייבט זיין נסיעה פון פראָג קיין אָפּענבאַך און זיינע איבערלעבונגען אינעם הויף פון עוואַ פראַנק. דער צווייטער טייל דערציילט, ווי אַזוי זיי זענען פון אָפּענבאַך אַנטלאָפן [13]. צווישן דידאָזיקע באַשרייבונגען געפינען זיך אויך אייניקע שטעלעס וועגן זיין אויפהאַלט אין דער שטאָט פירט, אויפן וועג פון אָפּענבאַך.

וועגן פּאָרגעסעס אויפהאַלט אין פירט ווייסן מיר אויך פון אַן אַנדער מקור — פון דער גבית־עדות,

---

12) וואָלף אייבענשיץ איז געווען דער יינגסטער זון פון ר' יונתן אייבענשיץ. שוין אין זיינע יונגע בחורשע יאָרן איז ער געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די שבתי־צביניקעס. שפּעטער האָט ער זיך פאַרבונדן מיט די פראַנקיסטן און האָט אינעם יאָר 1760 געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט שלמה שאָר וואָלאָווסקי — פראַנקס מקורב. ער איז לויט דער נאַטור געווען אַן אַוואַנטוריסט, פלעגט זיך פיל אָפּגעבן מיט מיסטיק, אַלכעמיע. ער האָט זיך געווענדט צום עסטרייכישן הויף מיט אַ דערקלערונג, אַז ער איז גרייט זיך צו שמדן — און אויף אַזאַ אופן איז אים געלונגען צו באַקומען דעם געווינטשטן טיטל „באַראָן" (באַראָן פאָן־אַדלערשטאַל). ער האָט געפירט אַ ברייט לעבן, געמאַכט אַ סך חובות, וועלכע זיין פאָטער, ר' יונתן אייבענשיץ, האָט געמוזט דעקן. שפּעטער האָט זיך וואָלף אייבענשיץ באַזעצט אין דרעזדן, און פון דאַנען איז ער געשטאַנען אין באַציונגען מיט די פראַנקיסטן אין אָפּענבאַך.

זע וועגן אים:

„Briefe über Sachsen", Berlin 1820, S. 52, 65—66, 93—94, 213; G r a e t z, Geschichte ,B. X, S. 404—405; G r a e t z, Frank und die Frankisten, Breslau, S. 14, 66, 85—86.

13) דערדאָזיקער טייל פון די זכרונות אַנטהאַלט צווישן אַנדערס אויך זייער טיפּישע עפּיזאָדן, ווי, למשל, די באַשרייבונג פונעם באַראָן, וואָס רעדט יידיש, און דאָס אינטערעסאַנט בילד פון דעם באַמבערגער יידן.

וואָס דער פאָרשטייער פון דעם פירטער בית־דין — ר' וואָלף ליפמאַן האַמבורגער — האָט אָפּגענומען ביי די ברידער משה (מאָזעס) און יהודה־לייב (לעאָפּאָלד) פּאָרגעס, און אויך ביי יונה הויפזינגערן וועגן דעם פראַנקיסטן־הויף [14].

אין זיינע זכרונות דערציילט אונז מאָזעס פּאָרגעס, אַז ער און זיינע באַגלייטער זענען פאַרבליבן אין פירט אויף שבועות. נאָך יום־טוב האָבן זיי לויט אַ באַפעל פון דער פּאָליציי געמוזט פאַרלאָזן פירט אין משך פון 48 שעה. דידאָזיקע פאַראָרדנונג האָט דער פאָרשטייער פון דער קהילה פאַרלאַנגט פון דער פּאָליציי דערפאַר, וואָס מאָזעס פּאָרגעס האָט זיך אָפּגעגאָלט מיט אַ ראַזירמעסער.

אגב דאַרף באַמערקט ווערן, אַז די פּראָטאָקאָלן פון דער פירטער גבית־עדות, וואָס געפינען זיך אויך אינעם רשות פון דער פאַמיליע פּאָרטהיים, שטעלן מיט זיך פאָר אַ אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל. ד"ר סאַמועל באַק האָט זיי שוין אינעם יאָר 1877 פאַרעפנטלעכט אין דער „מאָנאַטשריפט פאַר געשיכטע און וויסנשאַפט פון יידנטום", ער האָט אָבער דערביי נישט אָנגערופן די נעמען פון די פּערזאָנען, וואָס פיגורירן אינעם פּראָטאָקאָל. מיר האָבן דעריבער געפונען פאַר נויטיק צו ברענגען נאָכאַמאָל — אין צוזאַמענהאַנג מיט פּאָרגעסעס זכרונות — דעמדאָזיקן פּראָטאָקאָל מיט אַלע נעמען, וואָס זענען אין אים פאַראַן. ליידער איז ביי דער פאַמיליע פּאָרטהיים אויפגעהיט געוואָרן נישט דער ה ע ב ר ע י ש ע ר אָ ר י ג י נ אַ ל פון דער גבית־עדות, נאָר די דייטשישע איבערזעצונג. אַדאַנק דעם, וואָס דאָ ווערן אָנגעגעבן די נעמען, באַקאָנען מיר זיך קאָנקרעט מיט די פראַנקיסטן־קרייזן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט גרופּירט אין פראָג אַרום יאָנאַס וועהלי און גבריאל פּאָרגעס, און מיר דערוויסן זיך, אַז יאָנאַס וועהלי איז געווען אייגנטלעך די „נשמה" פון דער פראַנקיסטן־געמיינדע אין פראָג און אַז ער פלעגט עס אַריינפירן די קינדער פון די פראַנקיסטן אין דער „תורת־אמת פון יעקב פראַנקן". לויט זיין עצה האָט מען די קינדער פון די פראַנקיסטן געשיקט קיין אָפּענבאַך, כדי זיי זאָלן זיך דאָרטן באַפעסטיקן אין פראַנקס תורה.

ד"ר באַק האָט אין זיין דערמאָנטן אַרטיקל אויך פאַרעפנטלעכט אַ פּראָטאָקאָל, וואָס די רבנים אין ק אָ ל י ן האָבן אויפגענומען כ"ד סיון התק"ס (1800) און וואָס אַנטהאַלט אויך ידיעות וועגן די פראַנקיסטן. ד"ר באַק באַמערקט דערביי, אַז אַלע נעמען, וואָס זענען דערמאָנט אין פירטער גבית־עדות — און וועלכע ער האָט נישט אָנגערופן, — זענען אַלע אָן אויסנאַם פאַראַן אויך אינעם קאָלינער פּראָטאָקאָל.

---

14) זע די הוספות I—III צום אַרטיקל.

צום סוף ווילן מיר ברענגען אייניקע ביאָגראַפישע ידיעות וועגן דעם מחבר פון די זכרונות און זיין ברודער לעאָפּאָלד, וועלכער האָט אינאיינעם מיט אים דורכגעמאַכט די געשעענישן, וואָס ווערן דאָ באַשריבן [15].

מאָזעס פּאָרגעס איז געבוירן געוואָרן דעם 22טן דעצעמבער 1781 אין פּראָג. נאָכדעם, ווי ער האָט זיך צוריקגעקערט פון אָפּענבאַך, האָט ער זיך פאַרנומען מיט מסחר און האָט אין פּראָג געהאַט אַ קליין געשעפט פון לייוונט. שפּעטער, אין אָנהויב פונעם 19טן יאָרהונדערט, האָט ער אינאיינעם מיט זיין דערמאָנטן ברודער לעאָפּאָלד אוועקגעשטעלט אין פּראָג אַ קליין פאַבריקל פון ציטץ־שטאָף. די ברידער האָבן מיט ערפאָלג געפירט דאָס געשעפט און זענען שפּעטער געוואָרן אייגנטימער פון אַ גרעסערער פאַבריק. אינעם יאָר 1830 האָבן זיי געעפנט אַ צווייטע פאַבריק אין זמיכאָוו. פּאָרגעס איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט דאָ איינגעפירט דאַמף אינעם דאָזיקן אינדוסטריע־צווייג. מיט דער צייט איז פּאָרגעסעס פאַבריק געוואָרן איינע פון די בעסטע פאַבריקן פון ציטץ־שטאָף אין עסטרייך. דער קייזער פערדינאַנד האָט אינעם יאָר 1841 באַזוכט די פאַבריק און האָט געשענקט מאָזעס פּאָרגעסן דעם אַדל־טיטל פאַר זיינע פאַרדינסטן אין דער אינדוסטריע און מסחר. אַז פּאָרגעס האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט, האָט ער דערקלערט, אַז אַזוי לאַנג ווי ער האָט נישט אַלס ייד די בירגערלעכע רעכט, וואָס אַפילו זיין קלענסטער אַרבעטער דער קריסט האָט, זאָגט ער זיך אָפּ

15) זע וועגן זיי:
Wurzbach: Biographisches Lexikon, B. XXlll, S. 123–124; Jewish Encyclopedia, X, 131.

פון יעטווידן טיטל און שטאַנד-דערהויבונג; אויב מ'קאָן נישט געבן — האָט ער דערקלערט — די פולע און אומבאַשרענקטע בירגערלעכע רעכט אַלע יידן, — טאָ זאָלן כאָטש פון דידאָזיקע רעכט געניסן יענע יידן, וואָס מען האַלט זיי פאַר ראוי צו באַקומען אַן אויסצייכענונג, אַ טיטל. גראַף כאָטעג, דער דעמאָלטיקער אויבערשטבורג־גראַף פון ביימען, האָט פּאָרגעסעס השתדלות אונטערגעשטיצט. אינעם ווינער הויף איז מען אָבער געווען קעגן דעם. מאָזעס און לעאָפּאָלד פּאָרגעס האָבן דאָך געקראָגן דעם עסטרייכישן אַדל־טיטל. אינעם יאָר 1866 האָט דער קייזער פראַנץ־יאָזעף געשענקט מאָזעס פּאָרגעסן דעם ריטער־קרייץ פונעם פראַנץ־יאָזעף־אָרדען. נאָך פריער, אינעם יאָר 1853, איז מאָזעס באַשטימט געוואָרן אַלס מיטגליד פון דער צאָל־קאָנפערענץ אין ווין. מאָזעס פּאָרגעס האָט געגרינדעט אַ גאַנצע ריי יידישע און אַלגעמיינע פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן און האָט זיי געשטיצט מיט גרויסע געלט־סומען. ער איז געשטאָרבן דעם 28טן מאַי 1870.

לעאָפּאָלד פּאָרגעס (געבוירן אין פּראָג אין 1785) האָט אָנגעהויבן — איידער ער איז געוואָרן אַ שותף ביים ברודער — פון אַ קליין ליקער־געשעפט. אינעם יאָר 1840 האָבן די ברידער געגרינדעט אין כאָדאַו (ביי. עלבאָגען) אַ פאַבריק פון פּאָרצעליי. די פאַבריקאַטן פון דער פאַבריק זענען אין 1855טן יאָר געשיקט געוואָרן קיין פּאַריז אויף דער אויסשטעלונג. לעאָפּאָלד האָט געשפּילט אינעם לעבן פון דער יידישער קהילה אין פּראָג אַ באַדייטנדיקע ראָלע. אַ לענגערע צייט איז ער געווען דער פּרעזידענט פון דער פּראָגער איזראַעליטישער קולטוס־געמיינדע. ער איז געשטאָרבן דעם 10טן יאַנואַר 1869.

---

דער אויבנדערמאָנטער קאָלינער פּראָטאָקאָל געפינט זיך נישט אינעם רשות פון דער פאַמיליע פּאָרטהיים; אינעם אָפּגעדרוקטן טעקסט פון ד"ר באַק פעלט דער נאָמען פון דעם פראַנקיסט, וואָס האָט אָפּגעגעבן די גבית־עדות פאַרן קאָלינער בית־דין. צוליב דעם ווייסן מיר נישט ווער איז דער קאָלינער פראַנקיסט געווען. אָבער פונעם טעקסט איז קלאָר, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַן אַ נ ד ע ר פּ ע ר ז אָ ן, וואָס האָט מיט אונזער געשיכטע נישט צו טאָן, און דעריבער געפינען מיר נישט פאַר מעגלעך איבערצודרוקן דאָ דעם דאָקומענט.

דער קאָלינער דאָקומענט אַנטהאַלט אַן אויספירלעכע „מודעה רבה" פון די היגע רבנים וועגן דעם פראַנקיסט, וואָס האָט חוזר בתשובה געווען, וועגן דעם, ווי ער האָט זיך עפנטלעך מתוודה געווען אין בית־הכנסת „בפני קהל ועדה בבכיה גדולה, בפתיחת הארון דאס ער בעו"ה פערפיהרט געווארדן מהרשעים הארורים האלה". נאָכדעם גייט דער פּראָטאָקאָל פון בית־דין: די שאלות, וואָס דער בית־דין האָט אים געשטעלט, און זיינע אויספירלעכע תשובות. אין די שאלות ווערט ער געפרעגט: „וואס האט דיך בקוועמט יוסט איצונד אונד ניכט מקדם חוזר בתשובה צו זיין?", „ווער האט דיך לאמונה רעה כזאת מסית ומדית געוועזן?", „באשר דוא ביסט געוועזן אין אופיבאך, אלזו זאג אן, מה מעשיהם והנהגותיהם?", „ווער האט די רוטע [רויטע] בריף אין עולם הרײַן געשריבען עט וואָרום רוט?", „מי הם המקולקלים הארורים באמונה כוזבת הזאת?" אא"וו. די תשובות אַנטהאַלטן זייער אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן פראַנקן און זיין באַוועגונג, טיילווייז אויך וועגן שבתי־צבי. דער קאָלינער דאָקומענט איז פון ד"ר באַק אָפּגעדרוקט אין אָריגינאַל — אין י י ד י ש (זע „מאָנאַטסשריפט" 1877, ז. 412—420).

רעד.

# זכרונות וועגן דעם פראַנקיסטן־הויף אין אָפּענבאַך

איך בין געבוירן געוואָרן דעם 22טן דעצעמבער 1781. מיין פאָטער, מורנו (Morene) ר' גבריאל פּאָרגעס, איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ איש תמים וצדיק. ער איז אויך געווען באַהאַוונט אין די קריסטלעכע וויסנשאַפטן, וואָס זענען געווען פרעמד די יידישע לומדים פון יענער צייט. ער האָט געהאַט אַ גוטן געמיטלעכן כאַראַקטער און זיינע קינדער האָט ער פיזיש קיינמאָל נישט באַשטראָפט. מיין מוטער איז געווען אַ האַרציקע גוטע פרוי. זי האָט געפירט דאָס געשעפט, געווען די אשת־חיל, וואָס האָט געשפייזט די פאַמיליע... דער פאָטער האָט זיך וועגן דעם געשעפט ווייניק וואָס געקימערט. ער האָט געהאַלטן אין איין לערנען און לייענען שעורים. דאָס געשעפט אונזערס איז באַשטאַנען אין אויסאַרבעטן ראָזאָלי־ליקער און אין בראַנפן־פאַרקויף. לויטן מנהג פון יענער צייט האָב איך געלערנט העברעיש און איך תנ"ך. צו זיבן יאָר האָב איך אָנגעהויבן ניין אין אַ יידיש־דייטשישער שול, און צו עלף יאָר בין איך פון דערדאָזיקער שול אַרויס. קיין פלייסיקער תלמיד בין איך נישט געווען — איך האָב געהאַט אַ צו לעבעדיקן טעמפּעראַמענט. די זומער־צייט פלעג איך פאַרברענגען נישט אַזוי אין דער שול, ווי ביים באָדן זיך אינעם טייך מאָלדאַווע; ווינטער פלעג איך זיך גליטשן אויפן אייז. אַז איך בין פון דער שול אַרויס, האָב איך חשק געהאַט ווייטער צו שטודירן, אָבער מיין עלטערער ברודער 1) — דעמאָלט אַ סטודענט פון פילאָזאָפיע — איז געווען קעגן דעם און ער האָט געפועלט ביי מיינע עלטערן, זיי זאָלן דערויף נישט מסכים זיין. איך בין געוואָרן אַ הולך בטל, נישט געלערנט און זיך מיט גאָרנישט באַשעפטיקט. אַדאַנק אָבער דער אונטערשטיצונג פון מיין ליבער מוטער, האָב איך באַקומען די מעגלעכקייט צו קריגן ביכער צום לייענען—לעסינגן, מענדעלסאָנען, שילערן, אָבער אויך — קראַמערן 2), שפּיעסן 3) וכדומה. איך האָב אַחוץ דעם געלייענט פאַרשיידענע ביכער איבער געשיכטע און געאָגראַפיע — און אויף אַזאַ אופן בין איך געקומען צו מיין ביסל בילדונג.

אַז איך בין אַלט געוואָרן פערצן יאָר, האָט מיך מיין געליבטער פאָטער אַריינגערופן צו זיך אין צימער און מיר געשטעלט אין אַ פייערלעכער פאָרם אַ פראַגע:

צי גלויב איך, אַז די תורה — אָט אַזוי ווי זי איז אונז געגעבן געוואָרן אין נגלה — אַנטהאַלט אין זיך אַלץ, וואָס ס'איז נויטיק צו וויסן פאַר אונזער גאולת־הנשמה און פאַרן גליק פונעם מענטשן אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט. ביז צו דער שעה האָב איך, ווי אַן ערלעכער ייד, געהאַט אַן אמונה שלמה — הגם איך בין דאך צומאָל געווען באַהערשט פון געוויסע ספקות. מיין פאָטער האָט מיר אין אַ פייערלעכן טאָן ווייטער דערקלערט, אַז באַגלייך מיט דער תורה איז פאַראַן אויך אַ הייליקער ספר — דער „זוהר", וואָס איז אונז מגלה די סודות, אויף וועלכע די תורה איז נאָר מרמז, און וואָס רופט און לערנט, וויאַזוי צו קומען צו שלמות. עס זענען פאַראַן אַ סך אצילים, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט דער נייער תורה. דער ציל איז — די גאולה פונעם גייסטיקן און פאָליטישן דרוק. דער אויבערשטער איז, ווי אין די פריערדיקע צייטן, אויך לעצטנס נתגלה געוואָרן. דו, מיין זון, מוזט וועגן דעם אַלעמען געוואָר־ווערן. ה' נח קאַסאָוויץ 4), איינער מאַנשי־שלומנו, וועט מיט דיר לערנען. פון מיינע אויגן האָבן זיך אַ גאָס געטאָן טרערן, איך האָב אָנגעהויבן אָן אַ סוף צו קושן די האַנט ביי מיין פאָטער, בין אַוועק פון אים ווי אַ צעטומלטער און האָב זיך דערפילט אין אַזאַ דערהויבענער שטימונג, ווי איך זאָל געהערן צו אַ מענטשן־קרייז פון אַ גאָר העכער מדרגה.

עס איז איבעריק צו דערציילן די פּרטים וועגן דעם, וואָס ק. [קאַסאָוויץ] האָט מיט מיר געלערנט. דער עיקר, וואָס ער האָט מיר דערקלערט איז, אַז אין דער לעצטער צייט איז אויפגעקומען אַ שליח פון גאָט, איינער מיטן נאָמען יעקב פראַנק, וואָס מען רופט אים אויך — „דער טשענסטאָכאָווער", אַ געבוירענער פון פוילן. ער האָט זיך אַ לענגערע צייט אויפגעהאַלטן אין טערקיי, איז נתגלה געוואָרן אַלס משיח און האָט פאַרזאַמלט אַרום זיך אַ סך יידישע תלמידי־חכמים, וואָס האָבן געגלויבט אין אים, האָבן פאַרערט זיין נאָמען און באַצויגן זיך צו אים מיטן גרעסטן יראת־הכבוד. ער האָט באַקומען אַסך אָנהענגער; זיין נביאות־זאָגן און זיין צוזאָג צו ברענגען אַ גייסטיקע און קערפּערלעכע גאולה, אַ חיי־עולם — האָט צו אים די אָנהענגער ממש צוגעשמידט. די מאַכט איז וועגן דעם געוואָר־געוואָרן און האָט אים פאַרמשפּט צו תפיסה, און יעקב פראַנק איז אָפּגעזעסן אַ לענגערע צייט אין דער טשענסטאָכאָווער פעסטונג. אַז מען האָט אים ענדלעך פון דאָרטן אַרויסגעלאָזט, איז ער אַריבער צום קריס־

---

1) ד"ר מעד. דוד פּאָרגעס (1770—1845), איז געווען דאָקטאָר אין פּראָג.

2) קאַרל גאָטלאָב קראַמער (1758—1817) — מחבר פון ריטער־ און רויבער־ראָמאַנען.

3) כריסטיאַן היינריך שפּיעס (1755—1799) פון ביימען — מחבר פון פיל ריטער־און רויבער־ראָמאַנען, וואָס זענען בשעתו שטאַרק געווען פאַרשפּרייט.

4) אַן אָנגעזעענער יידישער תושב אין פּראָג — פון זכריה קאַסאָוויצעס משפּחה. זכריה קאַסאָוויץ איז געווען אַ מיטגליד פון דער פּראָגער יידישער קהילה־פאַרוואַלטונג אין 1745, אין דער צייט פונעם יידן־גירוש.

טנטום 5), און אינאײנעם מיט אים האָט זיך אָפּגעשמדט זײַן פאַמיליע און אַ גרויסער טייל פון זײַנע אָנהענגער – כּדי צו באַפרײַען די שכינה (schchina), וואָס רוים האַלט געפאַנגען. אין אַ שטיקל צײַט אַרום האָט ער זיך באַוויזן אין פּראָסניץ, מערן 6), אונטער דעם נאָמען באַראָן פראַנק, אין גלאַנץ און פּראַכט, האָט אַפילו געהאַט אַן אייגענע לײַב־וואַך, וואָס פלעגט אים באַגלייטן בײַ זײַן אַרויספאָרן. עס איז ידוע, אַז דער קייזער יאָזעף דער צווייטער האָט אים דאָרטן באַזוכט 7). פון פּ. 8) איז ער איבערגעפאָרן קיין אָפּענבאַך, דאָ אײַנגעאָרדנט אַן אייגן הויז און צונויפגענומען אַרום זיך אַ גרויסע צאָל אָנהענגער, דער עיקר – פון פּוילן. אָננעמען אַ פרעמדע אמונה –- הייסט מאַכן אַ וויכטיקן שריט, וואָס האָט אַ דויערנדיקע השפּעה אויפן גאַנצן לעבן פונעם מענטשן. ווערט דערדאָזיקער שריט געמאַכט אויס איבערצײַגונג – דאַן איז עס אַ שריט, וואָס קען אַרויסרופן צו זיך רעספּעקט; ווערט מען אָבער פאַרבלענדט פון אַ ליידנשאַפט, בכדי דורך איר צו דערגרייכן אַ ציל – מוז עס שפּעטער, ווען די ליידנשאַפט גייט פאַרבײַ און עס קומט דער רואיקער ישוב-הדעת, פירן צו אַן אומגליק און צו ביטערער חרטה. אַז יעקב פראַנק איז געשטאָרבן, האָט זײַן טאָכטער, אונטער דעם נאָמען „גבירה" (gewira), איבערגענומען די אָנפירונג מיט די גלויביקע. זי איז שוין נישט געווען קיין יונגע; לעבן זיך האָט זי געהאַט אירע צוויי ברידער, ראָך 9) און יוסף.

עס איז נישט צו באַשרײַבן, וואָס פאַר אַ רושם דידאָזיקע סודותדיקע אַנטדעקונגען האָבן געמאַכט אויף מיר, דעם יונגן בחור פול לעבן. וואָס האָט געשטרעבט און געזוכט דעם אמת. עס האָט מיך אָנגעהויבן אַזוי ציען צו דער הייליקער „מחנה" קיין אָפּענבאַך, אַז איך האָב זיך קיין אָרט נישט געפונען און קיין אַנדער געדאַנק נישט געהאַט, ווי נאָר צו פאָרן אַהין (קיין אָפּענבאַך). געלט דערצו האָב איך נישט געהאַט און מײַן גוטער פאָטער איז נישט געווען ביכולת מיר צו פאַרשאַפן די נויטיקע מיטלען. מאַכט זיך אָבער אין 1798, אַז מען הויבט אָן צו מאָביליזירן אַלע יונגעלײַט אַלס רעקרוטן, מען שלעפּט זיי אַראָפּ בײַנאַכט פון די בעטן, און צוליב דעם מוז איך זיך באַהאַלטן בײַ באַקאַנטע (שלמה בראַנדייס 10). כּדי מיך מציל זײַן פון דער סכּנה איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך זאָל אויסוואַנדערן קיין דײַטשלאַנד. היות ווי אויף אַ לעגאַלן וועג איז דאָס געווען אוממעגלעך צו מאַכן, האָט מיך אַ טעפּליצער סוחר, מיטן נאָמען כּץ, אָפּגעוואָרט בײַם סטראַהאָווער טויער און מיך מיטגענומען קיין טעפּליץ. דאָרטן האָט מען מיך איבערגעגעבן אין די הענט פון אַ אַלטן ייִדן פון סאַבאָטען און ער האָט מיך אַריבערגעפּעקלט איבער די בערג, מיטן אַן ענגפּאַס־וועג קיין זאַקסן. דערפאַר האָט ער געפאָדערט צוויי גולדן, אַ „ספּעציסטאַלער", און איך האָב זיי אים גערן געגעבן. און אַזוי בין איך געבליבן שטיין אויף דעם שפּיץ פונעם גאַיערס־באַרג. ערשט נישט לאַנג צוגעוואויגט צום קרייז פון די געליבטע עלטערן, ברידער און שוועסטער, געכאָוועט פון דער צאַרטער מוטער, — בין איך איצט אַ 17 יאָריקער בחור געשטאַנען איינער אַליין, פון אַלעמען פאַרלאָזט, אין אַ וואַלד. איך האָב זיך צעוויינט. איך האָב זיך אָבער דערמאָנט וועגן דעם ציל פון מײַן וואַנדערונג – אָפּענבאַך, און דאָס האָט מיך געטרייסט. אפשר זענען נאָר די יסורים אויף מיר אָנגעשיקט געוואָרן, כּדי אויסצופּרוּוון מײַן גלויבן אין דער נײַער תורה? מײַנע פון דער היים האָבן מיר מיטגעגעבן זעכציק גולדן, גאָלדענע און זילבערנע. אַ חוץ דעם האָב איך נאָך געהאַט אַ דריי גולדן קליינגעלט, אין מינץ. אין מײַן התלהבותדיקער אמונה האָב איך דאָ אויפן אָרט געגעבן אַ נדר אויסצוגעבן אויף די הוצאות־הנסיעה קיין אָפּענבאַך נאָר דידאָזיקע דריי גולדן, ווען אפילו מיר זאָל אויסקומען צו הונגערן אָדער בעטלען, — און די זעכציק גולדן האָב איך בײַ מיר באַשלאָסן צו ברענגען אַ פּדיון דער איידעלער „גבירה".

מוטיק און אַנטשלאָסן געשטימט, האָב איך זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן און ביז צו פאַרנאַכט־צו אָנגעקומען קיין פירסטענאַו, אַ זאַקסיש דאָרף. נאָך אַ זייער באַשיידענעם אָוונטברויט בין איך אַנידערגעפאַלן אַ טויטמידער אויפן געלעגער פון שטרוי, וואָס מ'האָט מיר אויסגעבעט אין דער זייער גראָמער אכסניה־שטוב, און בין

5) די באַשרײַבונג פון פראַנקס איבערגיין צום קריסטנטום, וואָס ווערט דאָ געגעבן, איז היסטאָריש נישט ריכטיק.

6) נאָך בעת יעקב פראַנק איז געזעסן אַרעסטירט אין טשענסטאָכאָוו, האָבן די פראַנקיסטן, פרילינג 1769, אָנגעהויבן צו ווערבירן אין מערן, באַזונדערס אין דער באַקאַנטער פּראָסניצער ייִדישער געמיינדע זייערע אָנהענגער. נאָך פון די צײַטן פון שבתי-צבים „נביא" לייבעלע פּראָסניצער, זענען דאָ געווען געהיימע שבתי-צביניקעס, — און איצט זענען זיי צוגעשטאַנען צו פראַנקן. פראַנק אַליין איז געקומען קיין פּראָסניץ אין נאָוועמבער 1776. אָבער צוליב דעם, וואָס די אָרטאָדאָקסן זענען אויף אים אָנגעפאַלן, האָט ער תּיכּף געמוזט פון פּראָסניץ אָפּפאָרן, זע: גרעץ, זײַט 66; קרויזהאַאַר, דצ"ח, באַנד II, זײַט 33.

7) דער מחבר פון די מעמואַרן פאַרוועקסלט דאָ פּ.-פּראָסניץ מיט ברין. דער קייזער יאָזעף דער צווייטער האָט אינאיינעם מיטן רוסישן גרויספירשט פּאַאול באַזוכט פראַנקן אין נאָוועמבער 1781 אין ברין, שוין פריער האָט זיך יאָזעף דער צווייטער באַגעגנט אַ פּאָר מאָל מיט עווא פראַנק אינעם לאַגער און אין ווין (זע: קרויזהאַאַר, דצ"ח, II, זײַטן 34, 36—37).

8) געמיינט איז — ברין און נישט פּראָסניץ; זע אויבן.

9) אייגנטלעך — ראָכוס.

10) אַן אַלטע אָנגעזעענע ייִדישע משפּחה אין פּראָג, וואָס האָט געשטאַמט פון רבי משה (חריף) בראַנדייס (1685—1761) פון מיינץ.

תיכּף אַנשלאָפן געוואָרן. לערך נאָך האַלבער נאַכט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט פון אַ גערודער. אין שטוב איז אַריינגעקומען אַ פּאַרשוין, וואָס האָט אין מיין פאַנטאַזיע אויסגעזעען ווי אַ ריז, — מיט אַ גרויסן שטעקן און מיט אַ פּאַק אויף די פּלייצעס, נאָך אים — נאָך איינער אַזאַ ווי ער, און נאָך און נאָך, ביז די אכסניה איז געוואָרן פול. אַ פּחד און אַ שרעק האָט מיך אַרומגעכאַפּט ביי מיינע זיבעצן יאָר — איך האָב ביז דעמאָלט אייגנטלעך נאָך גאָר קיין איבערלעבונגען נישט געהאַט. אין אַ שעה אַרום האָט דער פרעמדער עולם פאַרלאָזט די שטוב נאָכ. דעם ווי זיי האָבן גוט אויסגעטרונקען ביר און בראָנפן. שפּעטער בין איך געוואָר־געוואָרן, אַז דאָס זענען געווען קאָנטראַבאַנדיסטן. אויף מאָרגן האָב איך פאָרגעזעצט מיין נסיעה קיין דרעזדן. געגעכטיקט האָב איך אין וועג אין אַ דאָרף, און אַרום מיטאָג־צייט בין איך אָנגעקומען קיין דרעזדן. גלייך ביים אַריינקומען אין שטאָט האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַ נישט־אָנגענעמער און פיינלעכער מעשה — איך האָב געמוזט באַצאָלן „יודענצאָל“. פאַרן גליק געבוירן צו ווערן אַ ייד האָט מען אין גאַנץ דייטשלאַנד געדאַרפט צאָלן דעם מין לייב־צאָל, ווי מ׳צאָלט פאַר די ליבע פי. מען האָט דורכגעקוקט מיין רענצל, דער צאָל־באַאַמטער האָט אַנטדעקט דאָרטן אַ נייע, נישט־געטראָגענע שלאָף־יאַרמולקע, און איך האָב געמוזט דערפאַר באַצאָלן דעם שטייער און דערצו נאָך אויך שטראָף־געלט דערפאַר, וואָס איך האָב פריער וועגן דעם אַליין נישט געמעלדעט. דורך דעם איז מיין קליינע קאַסע אויסגעשעפּט געוואָרן. איך האָב געהאַט אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו [אין דרעזדן] צו איינעם אַ הער אייבענשיץ [11], וואָס איז געווען איינער פון אונזערע. אייבענשיץ איז געווען אַ שיינער יונגערמאַן, אָבער זייער אַ טויבער און דערצו אַזאַ כבד־פּה, אַז מ׳האָט קוים פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט. ער האָט איבערגעליינט דעם רעקאָמענדאַציע־בריוו און האָט מיך אויפגענומען אויפן פריינדלעכסטן אופן, מיר אָפּגעגעבן שלום־עליכם און זיך מיט מיר געקושט. די גאַנצע צייט, וואָס איך בין פאַרבליבן אין דרעזדן, האָב איך ביי אים געוואוינט און געגעסן; כדי איך זאָל פאַרשפּאָרן צו צאָלן „יודענצאָל“, האָט ער מיר פאַרשאַפט אַ פּאַס פון אַ זאַקסישן אונטערטאַנער. פּסח האָב איך פאַרבראַכט אין דרעזדן. ביים געזעגענען זיך האָט מיר דער גוטמוטיקער יונגער ה׳ א. [אייבענשיץ] געגעבן צוויי רייכסטאַלער.

עס זענען געשטאַנען גלענצנדיקע פרילינג־טעג, ווען איך בין אַוועק פון דרעזדן און האָב זיך געלאָזט גיין צו־פוס קיין אָפּענבאַך. דער ציל פון מיין נסיעה האָט מיך פאַרשפּורט און עקזאַלטירט. תחילת איז זיך מיר געגאַנגען זייער גוט; הגם איך האָב געהאַט צו טראָגן אַ שווערן רענצל, האָב איך ביי מיין באַגייסטערטן געמיט אַ זינגענדיקער לייכט צוגעשפּאַנט צו אָוונט צו קיין מייסען, דאָ אָפּגעגעסן אָוונטברויט און זיך אַוועקגעלייגט אויף מיין שטרויענעם געלעגער. די פיס האָבן מיר ווי געטאָן — איך האָב אין וועג פונעם שפּאַנען באַקומען וואונדן — דאָך בין איך אָפּגעשלאָפן ביז אין דעם העלן פרימאָרגן אַריין. אַז איך בין אויפגעשטאַנען, האָב איך אָבער ווייטער נישט געקאָנט גיין און די שטיוול האָב איך אויך נישט געקאָנט אָנציען. ביי דער אומגעדולדיקייט, מיט וועלכער איך האָב זיך געהיילט צו מיין ציל, איז מיין לאַגע געווען אַ טרויעריקע. עס איז מיר געבליבן נאָר איין ברירה צו לאָזן זיך גיין אַ באָרוועסער מיט מיינע געשוואָלענע פיס קיין לייפּציג. און אויף דעם דריטן טאָג בין איך אַזוי אַהער אָנגעקומען. די לעצטע נעכט פאַר דעם האָב איך פאַרבראַכט [אין די שטעטלעך] אָשאַץ און וואורצען. דורך דער שטאָט לייפּציג האָט מען מיך נישט געלאָזט דורכגיין, און אַ פּאָליציי־מאַן האָט מיך פון יענער זייט שטאָט אַרום אַרויסגעפירט אויף דעם וועג קיין ווייסאַר. דאָ איז מיין וואַנדערונג צוגעגאַנגען מיט גרויסע שמערצן. איך האָב געליטן ווייטאָקן און הונגער· און סוף כל סוף בין איך געבליבן ליגן אַ פאַרשמאַכטער און אָן כוחות אויפן שליאַך. איך בין אַזוי געלעגן לערך אַ שעה צייט, ביז עס איז אָנגעפאָרן אַ קאַרעטע פון לייפּציג. איך האָב זיך אָנגעשטרענגט, זיך אויפגעהויבן און דערזעען, אַז די קאַרעטע איז א ליידיקע. איך האָב געפרעגט דעם קוטשער וואוהין ער פאָרט. — קיין ווייסאַר, — האָט ער געענטפערט· — איך דאַרף אויך אַהין, אפשר וועט איר מיך מיטנעמען? — יאָ, — האָט ער געזאָגט. — וואָס זאָל איך באַצאָלן? — האָב איך געפרעגט — איך בין אָרעם און קאָן קיין סך נישט געבן. — זעצט זיך נאָר אַריין, מיר וועלן זיך שוין אויסגלייכן. איך האָב אַרויפגעוואָרפן מיין רענצל און האָב מיך אַריינגעזעצט אין דער קאַרעטע. די קאַרעטע האָט זיך גערירט פונעם אָרט און איז אַוועק ווייטער. וואָס פאַראַ מחיהדיק געפיל דאָס איז נאָך אַזוי פיל איבערגעטראָגענע ליידן צו זיצן אין אַ באַקוועמער קאַרעטע און וויסן, אַז עס שטייט פאָר צו רוקן זיך אַזוי אָנגענעם ווייטער, איבער צוועלף מייל. אַז מיר זענען אָנגעקומען קיין ווייסענפעלז, איז שוין צוגעפאַלן די נאַכט. דער קוטשער איז פאַרפאָרן אין אַ האָטעל. צוויי קעלנער, יעדערער מיט אַ קאַנדעלאַבר אין דער האַנט, זענען צוגעקומען צו דער קאַרעטע, כדי צו העלפן דעם גאַסט אַרויסצוגיין. אַז זיי האָבן מיך דערזען, האָט איינער פון זיי זיך אָנגערופן: אָט דער פאַרשוין האָט דאָ נישט וואָס צו טאָן, זיין אָרט איז אין דער אכסניה פאַר געמיינע מענטשן. מיין בראַווער קוטשער האָט מיר אַהין אָנגעוויזן און צוגעזאָגט מיך גאַנץ פרי פון דאָרטן אָפּצונעמען. מיין אָוונט־ברויט איז באַשטאַנען פון אַ שוואַרץ שטיקל ברויט און אַ גלאָז ביר. איך בין

11) זע דעם אַריינפיר צום אַרטיקל, די הערה 12.

איבערגעשלאָפן די נאַכט אויף מיין שטרויענעם געלעגער, קיין איין מאָל זיך נישט אויפגעכאַפּט, און אינדערפרי בין איך אויפגעשטאַנען אַ פרישער און מונטערער. איך האָב לאַנג נישט געוואַרט, ווי עס איז צוגעפאָרן מיין שיינער בעל־עגלה, האָט מיך פאַרנומען מיט מיין פּעקל — און מיר זענען אַוועק ווייטער. מיר זענען געפאָרן אַ גאַנצן טאָג, זיך אָפּגעשטעלט נאָר אַרום מיטאָג־צייט כדי צו געבן עסן די פערד. גענעכטיקט האָבן מיר אין אַ דאָרף. דעם צווייטן אינדערפרי האָבן מיר די נסיעה פאָרגעזעצט און אַרום צען דעם זייגער זענען מיר אָנגעקומען קיין ווייַמאַר. אַביסל ווייטער פון דער שטאָט האָט מיר דער קוטשער געהייסן אַראָפּקריכן. איך האָב משלח געווען פון דער קאַרעטע מיין פּעקל און בין אַליין אַראָפּ אין לויטערן שרעק: וויפל וועט עס דער קוטשער הייסן זיך פאַר אַלץ באַצאָלן? איך האָב אים גאַנץ שטיל געפרעגט, וויפל כ'בין אים שולדיק. איך בין נישט אימשטאַנד איבערצוגעבן מיין פרייד און איבערראַשונג, ווען איך האָב דערהערט, אַז דערדאָזיקער מענטשן־פריינדלעכער קוטשער פאַרלאַנגט נאָר צוואַנציק קרייצער, באַמערקנדיק דערביי, אַז ער וויל נאָר דאָס מזומן־געלט, וואָס ער האָט פאַר מיר אויסגעלייגט. איך בין אַדורכגעגאַנגען ווייַמאַר, האָב זיך דאָ נישט אָפּגעשטעלט און אויפדערנאַכט [אויף מאָרגן?] בין איך אָנגעקומען קיין גאָטאַ (פריער בין איך געווען אין ערפורט, און אין אָוונט — אין גאָטאַ).

איך בין אַריין [אין ווייַמאַר?*)] אין אַ רעסטאָראַציע און זיך געהייסן געבן ביר און ברויט. אינעם שכנותדיקן צימער איז געשטאַנען אַ געדעקטער טיש פאַר אַ סך געסט און דאָס צימער האָט אויסגעזען יום־טובדיק. מען האָט געטראָגן געבראָטנס, געבעקס, אויבסט און פאַרשיידענע אַנדערע מאכלים — מען האָט דאָ געפּראַוועט אַ קינד־טויף. פון דרעזדן אָן האָב איך נישט פאַרזוכט דעם טעם פון פלייש; די שפייזן האָבן גערייצט דעם אַפּעטיט. אין דעם מאָמענט איז צו מיר צוגעגאַנגען די באַלעבאָסטע און זיך אָנגערופן: „איך זע אין אייך, אַז איר זענט אַ קינד פון אַ לייטיש הויז" — און זי האָט פאַר מיר אַוועקגעשטעלט אַ טעלער מיט געבראָטנס, אייער און געבעקס. אויף דעם צווייטן טאָג נאָכמיטאָג בין איך אָנגעקומען צו די טויערן פון ערפורט. אין ערפורט איז דעמאָלט געשטאַנען אַן עסטרייכישער גאַרניזאָן. מען האָט מיך פאַרהאַלטן, געפאָדערט „לייב־צאָל" אַן ערך צוויי גולדן. איך האָב נישט געוואָלט צאָלן, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. איך האָב דערקלערט, אַז איך בין גרייט קיין ערפורט נישט אַריינצוגיין, — אָבער מען האָט מיך נישט געוואָלט הערן און ביי מיר אַוועקגענומען מיין פּעקל. ענדלעך האָט מען ערפילט מיין בקשה, אַז מ'זאָל מיך פירן צום שטאָט־הויפּטמאַן. אַ סאָלדאַט האָט מיך געבראַכט צו אים אין הויז, אָבער מיר האָבן אים נישט געטראָפן אין דער היים — ער איז געווען צו גאַסט ביי איינער אַ באַראָנעסע. איך האָב געבעטן, מען זאָל מיך פירן צו דער באַראָנעסע. דאָרטן איז דער שטאָט־הויפּטמאַן צו מיר אַרויסגעגאַנגען. אויף דער פראַגע, וואָס איך וויל, האָב איך אים דערקלערט, ווי אומיושרדיק עס איז צו פאָדערן צוויי גולדן „לייב־צאָל" ביי אַן אָרעמען האַנטווערקער־יונג נאָר דערפאַר, ווייל ער איז אַ ייד. ער האָט געענטפערט, אַז עס איז אַזאַ געזעץ. דערויף האָב איך אים געזאָגט, אַז דאָס קאָן זיין אַ תירוץ פאַר דעם צאָל־נעמער, אָבער נישט פאַר אים, דעם הויכן, געבילדעטן באַאַמטן, וואָס ווייסט, אַז דער שטייער איז איינגעפירט געוואָרן נאָר פאַר יענע יידן, וואָס האַנדלען און מאַכן מסחר, אָבער נישט פאַר אָרעמע דורכרייזנדיקע האַנטווערקער. און נאָך אַנדערע מאָטיוון האָב איך געבראַכט. דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט זיך אַביסל געקווינקלט, אָבער דאָ האָט זיך די באַראָנעסע אַריינגעמישט און געזאָגט אויף פראַנצויזיש: „דער יונגערמאַן איז גערעכט; עס וואָלט געווען אַ רציחה און אומטאָלעראַנט צו פאָדערן ביי אים אַזאַ באַדייטנדיקע סומע". דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט מיר דאַן אַרויסגעגעבן אַ שריפטלעכן דאָקומענט, אַז איך בין פריי פון אַלע שטייערן.

אויפדערנאַכט בין איך געווען אין גאָטאַ. איך האָב פאָרגעזעצט דעם וועג קיין אָפּענבאַך דורך אייזענאַך, העסען און האַנאַו און אָן שום באַזונדערע פּאַסירונגען בין איך אַהער אָנגעקומען צו מיטאָג. די האָפענונג צו קומען נאָך אין דעמזעלביקן טאָג קיין אָפּענבאַך האָט מיך געטריבן גיכער צו גיין. מיין שטימונג און איבערעגונג איז געווען נישט צו באַשרייבן. די געמיינדע פון די גלויביקע [פראַנקיסטן] אין אָפּענבאַך האָט זיך גערופן „מחנה" („Machneh") — דער לאַגער, לזכרון פון דער מחנה־ישראל אין די צייטן פון משה. נאָך אינעם זעלביקן טאָג איז מיר פאָרגעשטאַנען אויפגענומען צו ווערן אין דער דאָזיקער „מחנה".

איך בין אַריין קיין אָפּענבאַך — אַן אָפּענע שטאָט — שוין אויפדערנאַכט; עס איז געווען טונקל און ס'האָט גערעגנט. איך האָב זיך אָנגעפרעגט, וואו עס ליגט דער פּוילישער הויף[12]. מען האָט מיר אָנגעוויזן אויפן אַנדערן עק שטאָט. אַ גרויסאַרטיקער בנין. טרערן האָבן זיך פון מיינע אויגן געגאָסן אין רעליגיעזער התלהבות איי.

---

*) דער מחבר האָט דאָ געמוזט מיינען װ ײ מ אַ ר און ניט גאָטאַ, מחמת װײַטער באַשרייבט ער, װי ער איז אָנגעקומען אין ערפורט און ערשט שפּעטער, צו אויפדערנאַכט צו, קיין גאָטאַ, און לויט זיין מאַרשרוט איז פריער געלעגן װײמאַר, דערנאָך ערפורט און דערנאָך גאָטאַ. ר ע ד.

12) פּראַנקס הויף האָט מען אין אָפּענבאַך גערופן: „דער פּוילישער הויף". די פּראַנקיסטן האָט מען דאָ בכלל גערופן „פּאָלאַקן"

דער איך האָב באַטראָטן דאָס הייליק הויז. מען האָט מיר געעפנט; אַ יונגערמאַן, אָנגעטאָן אין טערקישע מלבושים, האָט מיך באַגעגנט, אַרומגענומען, געקושט, גערופן „ברודער" און געזאָגט, אַז מען וואַרט שוין אויף מיר. עס האָט זיך פאַרזאַמלט אַן עולם מיט „מאמינים" („Maaminim") — צווישן זיי האָט זיך אויסגעטיילט אַן עלטערער בכבודיקער מענטש מיט אַ הדרת־פּנים, מיט אַ שניי־ווייסער באָרד. ער איז געווען אָנגעטאָן אין דער פאָרם פון אַ פּולקאָווניק. זיין נאָמען איז געווען — צינסקי 13). דערדאָזיקער מאַן האָט מיך אַרויפגעפירט צו זיך אין חדר אינעם צווייטן שטאָק. דאָ האָט ער מיר געגעבן זיין הבטחה, אַז ער וועט מיר שטענדיק קומען צו הילף מיט אַ עצה, ווי אַן אייגענער פאָטער, און ער האט מיך אויך מדריך געווען, ווי איך דאַרף זיך אויפפירן ביי דער הייליקער מוטער. נאָכדעם האָט מען מיך אַריינגעפירט אין אַ צווייטן חדר, וואו עס זיינען געזעסן דריי מענער מיט לאַנגע בערד און אין פּוילישע מלבושים פאַרטיפט איבער גרויסע פאָליאַנטן. איך בין נבהל ונשתומם געוואָרן, אַז איך האָב דאָ דערזעען פאַרשיידענע עמבלעמעס פון דער קאַטוילישער קירך, אַ בילד פון דער „גבירה", באַפּוצט ווי דאָס בילד פון דער „הייליקער מוטער", און נאָך אַנדערע בילדער פון פאַרשיידענע מענער און פלערליי פיגורן, מיט העברעאישע אויפשריפטן אויף זיי. אויף איין בילד זיינען געווען אויפגעשריבן די 10 ווערטער, וואָס זענען מיר געווען באַקאַנט פון די יום־טובדיקע תפילות: כתר, חכמה, בינה, גדולה, גבורה, תפארת, נצח, הוד, יסוד, מלכות, פאַרבונדן צווישן זיך מיט ליניעס און אַלע אינאיינעם פאַרבונדן מיטן וואָרט: אין סוף. איינער פון די, וואָס זענען דאָ געזעסן, האָט זיך צו מיר געווענדט: „מיין זון, די שכינה („Schechinah") איז אין נויט, שכינתא בגלותא, אדום און ישמעאל האַלטן זי געפאַנגען, און אירע קינדער מוזן זי אויסלייזן און מוזן דעריבער מיט איר אינאיינעם אַריבערטראָגן די ליידן. ווי נאָר די דריי ספירות („Sephiroth") וועלן זיך אויף אַ רעכטן וועג פאַרבינדן ווי אַ דריי־אייניקייט, ווי אַ חוט־המשולש — וועט קומען די גאולה. צוויי פון זיי זיינען שוין דערשינען אין דער געשטאַלט פון מענטשן — מיר מוזן וואַרטן אויף דעם דריטן. גליקלעך איז דער, וואָס איז אויסדערוויילט זיך צו באַהעפטן מיט „תפארת", ווייל פון אים וועט געבוירן ווערן דער וועלט-גואל. טראָג דיין דינסט און שטיי אויף דער וואַך, בכדי דו זאָלסט זוכה זיין צו ווערן דער אויסדערוויילטער". און דערביי האָב איך באַקומען אַ צעטל, אויף וועלכן עס איז געווען אָנגעצייכנט דאָס בילד מיט די 10 ווערטער [עשר ספירות].

נאָך אינעם זעלביקן אָוונט האָבן מיך באַזוכט פיל „מאמינים". אַלטע און יונגע. אויפן אַנדערן טאָג בין איך גערופן געוואָרן זיך פאָרצושטעלן דער „גבירה". זי האָט געוואוינט אינעם ערשטן שטאָק. אין דעם פאָדערשטן צימער האָט מיך באַגעגנט אַ קאַמער־פרייליין און מיך געלאָזט אַ שטיקל צייט וואַרטן. ווי אויפגערעגט בין איך געווען און ווי האָט מיר דאָס האַרץ געקלאַפּט! ענדלעך האָט זיך די טיר געעפנט און איך בין אַריבערגעטראָטן די שוועל. איך האָב נישט געוואַגט צו קוקן דער „גבירה" אין פּנים אַריין, כ'האָב זיך אַראָפּגעלאָזט פאַר איר אויף די קני און איר געקושט די פיס — אַזוי ווי מען האָט מיך פריער געלערנט. זי האָט צו מיר געזאָגט אַ פּאָר פריינדלעכע ווערטער, האָט געלויבט מיין פאָטער און האָט אויך געלויבט מיין אַנטשלאָסנקייט אַהער צו קומען. ביים אַוועקגיין האָב איך אַוועקגעלייגט מיין ביטעלע מיט די 60 גאָלדענע און זילבערנע גולדן אויף אַ טיש און בין אַרויס פונעם צימער מיטן פּנים געווענדט צו דער „גבירה". דער איינדרוק, וואָס זי האָט אויף מיר געמאַכט, איז געווען אַ דערהויבענער און גינציקער. אַ ליבלעכער פּנים, וואָס האָט אויסגעדריקט גוטסקייט, צאַרטע עניוות און מילדקייט, אין די אויגן — אַ הייליקע פאַרחלומטקייט. זי איז געווען נישט קיין יונגע, אָבער זי האָט געמאַכט אַ חנוודיקן רושם. אירע הענט און פיס זענען געווען פּראַכטפול־שיין. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, האָב איך ביי איר נושא־חן געווען.

דערנאָך האָט מען מיך אַריינגעפירט אינעם וואַך־צימער, וואו איך האָב שוין געטראָפן אַ גרעסערע צאָל יינגערע און עלטערע מענטשן, אַלע — מיליטעריש געקליידט און באַוואָפנט. איך האָב אויך באַקומען אַזאַ מין הלבשה, מען האָט מיר געגעבן אַ קוואַרטיר, און אויפן אַנדערן טאָג האָב איך אָנגעהויבן צו מאַכן מיליטערישע איבונגען. עסן האָט מען אונז געגעבן גוט, און דאָס גאַנצע דינסט איז באַשטאַנען נאָר אין האַלטן די וואַך אינעם שלאָס און אַרום דעם שלאָס-מויער. היות ווי קיין איבערפאַלן אָדער אַנדערע באַאומרואיקנדע געשעענישן זענען נישט פאָרגעקומען, איז אונזער דינסט געווען אַ לייכטע. יענע אָפּטיילונג, וואָס איז נישט געשטאַנען אויפן פּאָסטן, פלעגט זיך צונויפקומען יעדן אָוונט ביי די דריי לומדים און דאָ הערן פון זיי אַ שיעור. אויסער די נעמען פון די 10 ספירות פלעגט מען נאָך שמועסן וועגן „שבתי מלך משיח" (Schabtai Melech Moschiach) און כמעט וועגן אַלע נעמען פון דער ביבל, וואָס מיר האָבן עפּעס פון זיי געוואוסט.

---

„פּאָלען". שענק-רינק שרייבט אין זיין בוך — „Die Polen in Offenbach" (פראַנקפורט - מיין 1866), אַז פראַנקן און זיינע אָנהענגער האָט מען בכלל געהאַלטן נישט פאַר קיין ייִדן, נאָר גיכער פאַר גוטע גלויביקע קאַטוילּיקן. די באַשרייבונג פונעם פראַנקיסטן-הויף אין אָפּענבאַך זע זיין בוך, זייט 17.

13) מ. מ. טשינסקי (Czyński) איז געווען דער סעקרעטאַר פון עווא פראַנק (קרויזהאַר, דצ"וו, ב. II, ז. 156).

און תמיד פלעגט מען דאָ אַרויפקומען אויפן זקן, וועג-מען מ'פלעגט רופן מיטן נאָמען „מלכות" („Malchuth") [14]. קיינער פון אונז האָט אָבער דעם זקן נישט געזען [15].

לויטן באַפעל פון אויבן בין איך אַריין אין דער „ליבעריאַ" („Liberia"), וואָס איז באַשטאַנען דער עיקר פון יונגעלייט, וועמעס עובדה איז געווען צו באַדינען די דריי האַרן [16] ביים טיש, ביי זייער טעגלעכן אַרויס-פאָרן און ביים פאָרן זונטאָג אין דער קירך. מיר

14) דאָס איז די באַצייכענונג פאַר יעקב פראַנקן.

15) אין דער מיטטיילונג, וואָס ל. שטיין האָט פאַרעפנטלעכט (דצ״ה, ז. 158), ווערט אַלס הוספה דערצו נאָך אָט וואָס דערציילט:

„אָפט פלעגן מיר באַקומען דעם באַפעל זיך אויסצושטעלן אין צוויי אָפטיילונגען פאַרן שלאָס. דאָס רוב פלעגט עס פאַסירן זונטאָג אָבער אַמאָל אויך שבת. אַ פעסט-פאַרמאַכטער עקיפּאַזש, מיט אַ געשפּאַן פון זעקס פערד, מיט דינער פון פאָרנט און פון הינטן און מיט צוויי רייטער ביי די זייטן, פלעגט אַרויספאָרן פונעם שלאָס, — און מיר האָבן עס באַדאַרפט בילדן די ערן-וואַך, וואָס האָט באַגלייט דעם עקיפּאַזש צו דער קאַטוילישער קירך. נאָר געציילטע מענטשן פון אייגענע זיינען מיטגעפאָרן. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דאָס ווערט געטאָן מיט דעם צוועק אים אויסצובאַהאַלטן פון אונזערע אויגן. זיי — זיינע מענטשן — פלעגן אים פאַרשטעלן, דעקן, און דאַן פלעגט ער ווידער [כלומרשט] אַרויסגיין פון דער קירך, זיך אַריינזעצן אין דעם פאַרמאַכטן עקיפּאַזש און אומקערן אין שלאָס. געהייסן האָט עס, אַז דאָס פאָרט דער באַראָן פראַנק. מיר האָבן אים שטענדיק גערופן נאָר „דער האַר", און זיין נאָמען האָבן מיר אויסגערעדט מיט אַ באַזונדערער יראת-הכבוד-מינע".

אויפן סמך פון דערדאָזיקער מיטטיילונג שטעלט קרויזהאַאַר אויף אַ טעאָריע אין זיין ציטירטן ווערק (ב. II, ז. 170), אַז יעקב פראַנק איז נאָך זיין טויט דערקלערט געוואָרן פאַר אומשטערבלעך און אַז עווא האָט יעדן זונטאָג אָרגאַניזירט דידאָזיקע קאָמעדיע מיט דער נסיעה פונעם „אַלטן האַר" אין דער קירך, כדי צו באַווייזן זיינע אָנהענגער, אַז ער, יעקב פראַנק, לעבט נאָך. אין דער קאָמעדיע האָבן זיך באַטייליקט אויך אירע ברידער, יאָזעף אָדער ראָכוס. זיי פלעגן אָנטאָן די מלבושים פונעם פאַרשטאָרבענעם און פאָרן אין דער קירך. קרויזהאַאַר מיינט, אַז אויך דער באַראָן אייבענשיץ האָט פאַרברייטערט די לעגענדע, אַז יעקב פראַנק לעבט.

אינעם טעקסט, וואָס מיר דרוקן דאָ, פעלט אינגאַנצן דידאָזיקע שטעלע און וועגן די נסיעות אין דער קירך ווערט מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט. עס איז דעריבער נישט אויסגעשלאָסן, אַז ל. שטיין האָט דאָ עפּעס פאַרוועקסלט. ער אליין זאָגט, אַז ער מאַכט זיינע מיטטיילונגען על-פי זכרון. נאָכדעם ווי מיר האָבן איצט דעם פולן און אויטענטישן טעקסט פון פאָרגעסעס מעמוארן, אין וועלכע מיר געפינען נישט די דערציילונג פון ל. שטיין, איז שווער אָנצונעמען, אַז פאָרגעס האָט דעמדאָזיקן עפּיזאָד דערציילט אין דער פאָרם, ווי ל. שטיין ברענגט. די באַהויפּטונג, וואָס קרויזהאַאַר מאַכט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָלט דעריבער געדאַרפט רעווידירט ווערן.

16) געמיינט — עווא פראַנק און אירע ביידע ברידער.

האָבן אַלע געוואוינט אין איין צימער. איך האָב אַזוי-אַרום געהאַט די געלעגנהייט — באַזונדערס אָפט ביים טיש — צוקוקן זיך צו די האַרן גאָר פון דער נאָענט. איך האָב באַקומען אַ יעגער-אוניפאָרם, אָנשטאָט אַ הוט — אַ קאַשקעט פון גרינעם לעדער, באַשלאָגן מיט מעטאַל. עס האָט זיך גערעכנט פאַר אַ גרויסן כבוד געהערן צו דערדאָזיקער אָפּטיילונג.

איך האָב אָפט באַדינט ביים טיש און מיין פלאַץ איז געווען הינטער דעם שטול פון דער „גבירה". גע-געסן האָבן זיי אין זייער אַ גרויסן זאַל. די דריי האַרן זענען באַדינט געוואָרן פון אונז דריי מענטשן. די שי-ריים פון די שפייזן, וואָס פלעגן בלייבן פון זיי, פלעגן מיר שפּעטער אויפעסן. היות ווי אַלע, וואָס האָבן געוואוינט אין הויז, און אויך אייניקע מחוץ פונעם הויז האָבן זיך געשפּייזט פון דער אַלגעמיינער קיך און זייער מיטאָג איז באַשטאַנען פון אַ זופּ מיט גריבס, וואָס איז געווען זייער שלעכט, — האָבן מיר געהאַט אַ באַזונדער הנאה פון אונזערע קעסט. יעדן זונטאָג איז געווען אַ קירך-פאַראַד, און מיר האָבן זיך אים געמוזט באַטייליקן, אָנגעטאָן אין אונזערע אוניפאָרמס. באַגעגענען פלעג איך זיך נאָר מיט אונזערע „מאמינים". באַזונדערס האָב איך ליב געהאַט די התקרבות צו די עלטערע מענטשן, ווי — וואָלאָווסקי [17], דעמביצקי [18], מאַטושעווי-סקי [19], טשערוויעסקי [20]. די יינגערע, באַזונדערס די חברים פון מיין צימער, זענען געווען, לויט ווי זיי פלעגן עס דערקלערן, טרייע מאמינים, אָבער — ווי דער שטייגער איז ביי יונגעלייט, — זענען זיי געווען לייכטזיניק. נישט געקוקט אויף דער אַרומיקער שטרענגער מאָראַלישער פּרישות, זענען זיי אין דעם פּרט נישט געווען אַזוי שטרענג. קיין שום מגע-ומשא מיטן אַנדערן מין [מיט פרויען] פלעגט דאָ נישט דערלאָזט ווערן, חתונה האָבן איז גע-ווען שטרענג פאַרבאָטן, אין איין פרימאָרגן איז אונז אַפילו פאָרגעשריבן געוואָרן אַלס אַ „חזיון" (Vision), אַז יעדערער, ווער עס האט הרהורי-אשה, זאָל זיך לאָזן געבן צען מלקות — און כמעט אַלע יונגע מאַנסבילן האָבן זיך

17) פראַנציסעק וואָלאָווסקי — דער זון פון אליעזר שאָר פון ראָהאַטין.

18) דאָ איז אַ טעות; ער האָט געהייסן — ירוחם דעמ-באָווסקי. אינאיינעם מיט וואָלאָווסקין און יאַן ווילקאָווסקין האָט ער אין פראַנקס הויף געבילדעט די קאָלעגיע פון געלערנטע. אין די פרייע שעהן פלעגן זיי מדריך זיין די אָנהענגער אין דער תורה פון פראַנקן (קרויזהאַאַר, דצ״וו, ב. II, ז. 574).

19) יאָזעף מאַטושעווסקי איז געווען דער פאַרוואַלטער פונעם הויף; ער איז דער זון פון מאַטעאוש פון קאָפּיטשינצי, וועלכער איז ביים אַלטן פראַנק נאָך אין טשענסטאָכאָוו געווען אַ „גאַרדעראָבני" — אַ „הויפמאַרשאַל".

20) וואָרשיינלעך ווערט דאָ געמיינט — טשערניעווסקי.

געלאָזט אָפּשמייסן. דערבײַ מוז איך באַמערקן, אַז כּמעט אַלע טאָג האָט מען מודיע געווען וועגן אַזעלכע „חזיונות" בײַ איינעם פון די דרײַ האַרן, און זיי פלעגן אַרײַנגעשריבן ווערן אין אַ בוך [„ספר החזיונות"] און מ'פלעגט פון דעם מאַכן קאָפּיעס. יעדן טאָג האָט אַ פּוילישער עקזערציר־מייסטער געמאַכט מיט אונז, די יונגעלײַט, איבונגען; פונדעסטוועגן, בעת די פראַנצויזן זענען אין 1799 אַרײַן קיין אָפּענבאַך, האָבן מיר באַהאַלטן אַלע שווערדן און דאָס געווער.

זומער 1798 זענען אָנגעקומען קיין אָפּענבאַך די דרײַ זין פון יאָנאַס וועהלי[21]. מיט זיי איז געקומען אויך מײַן ייִנגערער ברודער יהודה — לעאָפּאָלד. די ברידער וועהלי זענען געווען גוט ערצויגענע און געבילדעטע יונגעלײַט; זיי האָבן געהייסן: אַברהם, יוסף און עקיבא. דאָ האָט מען זיי געגעבן די נעמען: יאָזעף, לודוויג און מאַקס. מײַן ברודער איז אָנגערופן געוואָרן מיט דעם נאָמען קאַרל דער ייִנגערער. ער איז אַלט געווען 17 יאָר, לויטן כאַראַקטער נישט קיין זעלבשטענדיקער. ער האָט באַקומען דעם אויפטראָג צו לערנען זיך ווערן אַ פריזירער. האַרבסט דעמזעלביקן יאָר איז אָנגעקומען אַהער מײַן ליבער פאָטער אין דער געזעלשאַפט פון די הערן יאָנאַס און אַהרון־בער וועהלי. איך בין געווען אויסער זיך פון שמחה צו זעען זיך ווידער מיט מײַן טײַערן געליבטן פאָטער. די דרײַ בכּבודיקע געלערנטע הערן זענען פײַערלעך אויפגענומען געוואָרן פון אַלע „מאמי־נים" און דעם צווייטן טאָג פאַרמיטאָג האָבן זיי זיך פאָרגעשטעלט פאַר די הויכע האַרן. זיי האָבן אַוועקגע־לייגט מתּנות צו די פיס פון דער „גבירה". די וועהליס — אין גאָלד; גאָלד האָט מען דאָ באַזונדערס גערן גענומען. ביי־דע (די וועהליס) זענען געווען רײַכע מענטשן. מײַן ליבער פאָטער, וואָס האָט קיין עשירות נישט פאַרמאָגט, האָט מיטגעבראַכט אַ שטיק באַטיסטענעם שטאָף. די מתּנה איז געווען די סיבה, וואָס האָט אָנגעהויבן אַרײַנ־צוואַרפן אין מײַן בלינדער אמונה געוויסע ספקות און וואָס האָט לסוף אַרויסגערופן בײַ מיר די איבערצייגונג, אַז אַלץ איז דאָ שווינדל און אַז הונדערטער ערלעכע מענטשן ווערן דאָ דורך פאַנטאַזיעס אויסגעבײַטלט, ווערן געשלעפּט הונדערטער מייל פון די מרחקים, ווערן פאַר־אָרעמט און אומגליקלעך געמאַכט.

---

21) אַ ייִדישע פאַמיליע, וואָס האָט זייט דעם 16טן יאָרהונדערט געלעבט אין פּראָג. יאָנאַס וועהלי איז געווען דער פירער פון די פראַנקיסטן אין פּראָג און אין בייִמען־מערן בכלל. להיפוך צו די פּוילישע פראַנקיסטן זענען זיי פאַרבליבן בײַם ייִדנטום. זיי פלעגן נאָר אָפּהאַלטן געהיימע אסיפות. לויט ווי מיר זעען פון די גביות־עדות בײַם בית־דין־הרבנים אין פּירט, האָט וועהלי אַנטוויקלט אַ לעבעדיקע פּראָפּאַגאַנדע פאַרן פראַנקיזם.



דעמזעלביקן יאָר איז קיין אָפּענבאַך געקומען ה' סאַלאָמאָן צערקאָוויץ. אַמאָל איז ער געווען זייער אַ פאַרמעגלעכער מענטש און ער האָט מיטגעבראַכט די שיריים פון זײַן אַמאָליקן פאַרמעגן, אָבער מען האָט אים דאָ געהייסן, ער זאָל עס אָפּגעבן אַלס פּדיון. זײַן פאַרמעגן איז באַשטאַנען פון עסטרײַכישע מלוכה־פּאַפּירן. איך האָב זיי אַוועקגעפירט קיין פראַנקפורט און דאָרט אויסגעביטן אויף זילבער בײַם אַלטן ראָט־שילד[22]. ה' צערקאָוויץ איז געווען אַ גוטער ערלע־כער מאַן. בעת ער האָט אָפּגעגעבן זײַן לעצטן פאַר־מעגן — האט ער געוויינט.

לעבן דעם עס־צימער איז געווען דער „הייליקער צימער", וואו עס האָבן זיך נאָך געפונען די בעט און די מלבושים פונעם „הייליקן פאָטער"[23] (אַזוי האָט מען דאָ גערופן יעקב פראַנקן, דעם פאָטער פון דער „גבירה" און פון אירע ברידער). אין דעם צימער האָט געהערשט אַ בין־השמשות, די פענצטער זענען געווען פאַרהאָנגען. דאָ האָט מען מתפּלל געווען און פאַר די תּפילות פלעגן די מאמינים התלהבותדיק פאַלן אויף די קני. מען האט געמעגט אַהער אַרײַנגיין דעם גאַנצן טאָג. פאַרן אַרײַנ־גאַנג אין דעם עס־צימער איז געשטאַנען אַ וואַך פון מיידלעך, אָנגעטאָן אין אַמאַזאָנען־קליידער, באַוואָפנט מיט געווער און שווערדן. געוויינטלעך פלעגט מען צוליב דעם באַשטימען שיינע יונגע מיידלעך.

ווי איך האָב פריער באַמערקט [?] האָט בײַ מיר אַרויסגערופן אַ פאַרדריסלעכן געפיל דער אויסדרוק, וואָס דער הייליקער יאָזעף האָט מיט שפּאָט געמאַכט בײַם טיש אין מײַן בײַזײַן בנוגע דעם קנאַפּן געשענק, וואָס מײַן פאָטער האָט אַהער געבראַכט. איך האָב דער־בײַ אַ טראַכט געטאָן, אַז דאָ איז וויכטיק די מתּנה און נישט דער מענטש, וואָס ברענגט זי. פון דעם מאָ־מענט אָן האָב איך זיך אָנגעהויבן צו פאַרטראַכטן און אַרומקוקן, וואָס עס טוט זיך דאָ אַרום מיר. תּחילת האָב איך פון זיך אָפּגעשטויסן דיזאָזיקע קריטישע מחשבות; איך האָב געהאַלטן, אַז עס איז אַ חוצפּה צו צווייפלען אין דעם, אין וואָס עס גלייבן אַזוי פיל חשובע און געלערנטע מענטשן, — און איך בין אַרײַן אינעם הייליקן צימער און דאָרטן חוזר־בתשובה געווען. אָבער אינ־גיכן בין איך ווידער דורך אַ סיבה געקומען צו מײַנע ספקות· צווישן די, וואָס האָבן געוואוינט מיט מיר אין איין צימער, איז געווען אויך אַ יונגערמאַן פון דרעזדן;

---

22) וועגן פראַנקס געשעפטן מיט ראָטשילדן זע: א. ג. שענק־רינק, „די פּאָלען אין אָפּענבאַך" (דײַטש), פראַנקפורט־מײַן, 1866, ז. 9.

23) דאָס אַליין באַווייזט, אַז קראָיזהאַר האָט אַ טעות מיט זײַן השערה, אַז עס האָט עקזיסטירט אַ לעגענדע וועגן פראַנקס אומשטערב־לעכקייט.

געהייסן האָט ער — יאָנאַס הויפּזינגער [24]). מיר האָבן זיך אין דער צייט באַפריינדעט. נאָך אייניקע הכנות און פאָרזיכטיקע שמועסן האָט ער מיר מרמז געווען, אַז ער איז נישט מסכּים מיט דעם אַלעמען, וואָס דאָ קומט פאָר. היות ווי ער האָט געהאַלטן, אַז איך וועל אים נישט פאַרראַטן, איז ער ענדלעך אַרויס מיט קלאָרע דבורים, — אַז נאָך אַ לענגערן אַרומטראַכטן און אַ ישוב-הדעת איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דאָ קומט פאָר אַן אומגלויבלעכער שווינדל, און נאָר דאָס, וואָס די „מאמינים" האָבן געבראַכט אַזעלכע גרויסע קרבנות, דערלאָזט זיי נישט תּופס זיין און אָנערקענען דעם שווינדל; אגב האָט מען ביי זיי דאָ אַוועקגערויבט אַלע מיטלען, מיט וועלכע זיי וואָלטן זיך געקאָנט אומקערן צוריק אין זייערע ווייטע היימען. דורך אַזעלכע אָפטע שמועסן זענען מיר סוף-כּל-סוף געקומען צום באַשלוס עוקר צו זיין פון דאַנעט.

הויפּזינגער האָט פאָרגעשלאָגן א פּלאַן, ווי צו באַקומען מיטלען, אָבער זיין פּלאַן האָט נישט געפּאַסט פאַרן כּבוד און נאָמען פון אונזער משפּחה. היות ווי מיר האָבן ביי זיך נישט געהאַט קיין שום מזומנים, האָב איך אַוועקגעשריבן אַ בריוו צו מיין ברודער, דעם ד"ר פּאָרגעס [25]), און אים מיטגעטיילט וועגן מיין באַשלוס צו פאַרלאָזן אָפּענבאַך. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל מיר אָנווייזן אַ הויז אין פראַנקפורט, וואו מיר וואָלטן זיך געקאָנט אָפּשטעלן און קריגן מיטלען אויף דער ווייטערדיקער נסיעה. אויף דעם האָט זיך באַקומען אַ תּשובה: די פאַמיליע איז געווען צופרידן פון אונזער פּלאַן און האָט אונז מודיע געווען, אַז איינער אַ געוויסער ה' ניישטאַטל אין פראַנקפורט וועט אונז פריינדלעך אויפנעמען און באַזאָרגן מיט געלט. די לאַגע איז אַזוי אַרום געוואָרן ערנסט. איך האָב באַקאַנט געמאַכט דעם קלענערן ברודער מיט מיין באַשלוס, האָב אים געוויזן דעם בריוו פון אונזער [עלטערן] ברודער, און ער האָט תּיכּף דערקלערט, אַז ער איז גרייט מיטגיין מיט מיר. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַ בשותּפותדיקע באַראַטונג, אויף וואָסער אופן מיר זאָלן אַוועק פון אָפּענבאַך. מיר האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן כּיאור אַרום פיר אַזייגער, דורך דעם גאָרטן. מיר זענען געקומען צום דאָזיקן הסכּם דערפאַר, ווייל צוריק מיט א קורצער צייט האָט מען געכאַפּט ביים אַנטלויפן א פּאָלאַק [26]), וואָס האָט געהערט צו דער [פראַנקיסטן] געמיינדע, און אים באַשטראָפט. היות ווי מיר זענען זייער אָפט געווען די נאַכט-שומרים, האָב איך פאַרשטאַנען אַזוי איינצוואָרדענען, אַז איך און הויפּזינגער זאָלן שטיין אויף דער וואַך. פיל זאַכן האָבן מיר נישט געהאַט און מיר האָבן אַלץ צונויפגעלייגט אין איין פּאַק. דעם אָוונט פאַר אונזער פּליטה האָט מיך אַ קאַמער-פריילין גערופן צו דער „גבירה". עס איז שוין געווען בין-השמשות, ווען איך בין אַריבערגעטראָטן די שוועל פון איר קאַבינעט. איר געליבטער הונט, אַ „ווינטשפּיל", וואָס האָט מיך גוט געקענט און וואָס פלעגט מיך קיינמאָל נישט אָנרירן, האָט דאָסמאָל אָנגעהויבן שטאַרק צו בילן און איז אויף מיר אָנגעפאַלן. די אומגעוויינטלעכע שעה, אין וועלכער מען האָט מיך גערופן, דער אומדערוואַרטעטער אָנפאַל פונעם הונט האָבן אויף מיר אָנגעוואָרפן א שרעק. איך האָב געמיינט, אַז מען האָט אונז פאַרראַטן און אָנטדעקט אונזערע פּלענער. די „גבירה" האָט באַרואיקט דעם הונט, זאָגנדיק צו אים: „וואָס איז מיט דיר עפּעס היינט? דערקענסטו דען נישט מיין ליבן קאַרל?" און זי האָט זיך געווענדעט צו מיר אויף פּויליש: „איך האָב באַמערקט, — האָט זי געזאָגט —, אַז דיין אוניפאָרם איז שוין אָפּגענוצט. דו קאָנסט מאָרגן פאָרן קיין פראַנקפורט און דאָרטן זיך באַשטעלן אַ נייע אוניפאָרם". זי האָט מיך אויך געפרעגט, צי איך האָב נישט נאָך וועלכע ס'איז וואונטשן. איך בין געווען זייער גערירט און בין שיר שיר נישט געווען גרייט אין אַלץ זיך מודה צו זיין אַלס דאַנק פאַר איר סימפּאַטיע און גנאָד. זי האָט מיר אויסגעשטרעקט די האַנט צום קושן און האָט מיך אָפּגעלאָזט. איך בין אַוועק וויינענדיק, ווייל איך האָב אָט די דערהויבענע פרוי פאַרערט און ליב געהאַט. איך בין דעמאָלט אַלט געווען 19 יאָר.

צוועלף ביינאַכט בין איך אַראָפּ פון מיין פּאָסטן [עס האָט זיך געביטן די וואַך]. איך האָב זיך צוגעלייגט, און צוויי דעם זייגער בין איך אויפגעשטאַנען און האָב דאָס ביסל מלבושים און וועש איינגעפּאַקט אין אַ טוך. איך האָב אויסגעמיטן מיטצונעמען דאָס, וואָס איך האָב אַהער נישט מיטגעבראַכט. הויפּזינגער און מיין ברודער האָבן געטאָן דאָס אייגענע, וואָס איך. פיר אַזייגער פאַר־טאָג האָב איך מיט הויפּזינגערן ווידער פאַרנומען דעם וואַך־פּאָסטן. די פּעקלעך האָבן מיר שוין געטראָגן מיט

---

24) יאָנאַס הויפּזינגער איז אַלס יתום געקומען קיין פּראָג. דאָ האָט מען אים רעקאָמענדירט צו יאָנאַס וועהלין, און דער לעצטער האָט אים שוין געמאַכט פאַר אַ פראַנקיסט.

25) זע וועגן אים אונזער הערה פריער.

26) דאָס איז אַן עפּיזאָד, וואָס ווערט מיטגעטיילט אויך ביי שענק-רינקן. אין זיין בוך „די פּאָליאַקן אין אָפּענבאַך", ז. 35, דערציילט ער, אַז איינמאָל איז איינע פון די „פּוילישע פרויען" (דאָ אינעם טעקסט ווערט געזאָגט — אַ פּאָלאַק) אַנטלאָפן פונעם פּוילישן הויז, אָבער די באַוואָפנטע דינער האָבן זי ווידער געכאַפּט. א דורכגייער האָט אויפמערקזאַם געמאַכט דערויף די פּאָליציי פון אָפּענבאַך און איר פאָרגעשלאָגן, זי זאָל זיך אַריינמישן. אָבער די פּאָליציי האָט געענטפערט, אַז אַ פּאָליציי-מאַן אָדער אַ ריכטער טאָר בשום אופן נישט אַריינקומען אינעם „פּוילישן הויז".

זיך מיר זענען געשטאַנען אינעם אונטערשטן קאָרידאָר פאַר די צימערן פונעם הייליקן בערנאַרד [27] און יאָזעף. אַז מיין ברודער איז אַראָפּגעגאַנגען די טרעפּ, האָבן מיר אוועקגעשטעלט דאָס געציַער אין אַ ווינקל און מיט קלאַפּנדיקע הערצער און שטאַרק אויפגערעגטע זענען מיר אַרויס אויפן הויף. עס איז געווען אַ סכנה, אַז דער קוטשער און די שטאַל־דינער וועלן אונז פאַרהאַלטן. פונעם הויף זיינען מיר אַרויס אין גאָרטן, אַריבערגעקלעטערט איבער דעם ברעטערנעם צוים — און זענען געווען פריי. מיר זענען צוגעלאָפן צום וואַלד, וואָס איז געלעגן אין שכנות, פון דאַנעט זיינען מיר אַוועק קיין אָבעררהאַד און אַרום זעקס אַזייגער זיינען מיר געווען אין פראַנקפורט. דער ניישטאַטל, צו וועלכן מיר האָבן זיך באַלד דערפרעגט, האָט אונז זייער פריינדלעך אויפגענומען, געגעבן אַ נאַכט־לעגער און עסן און אונז איבערגעגעבן דאָס געלט, וואָס ער האָט דערהאַלטן פון אונזער פאַמיליע. דעמזעלביקן טאָג האָט מען מיך און מיין ברודער באַזאָרגט מיט אייניקע מלבושים. אויף מאָרגן זענען מיר מיט אַ געלעגנהייט צוגעפאָרן צום [שטעטל] זעליקן־הויף און פון דאָרטן, דורך דעם שפּעסאַרט־וואַלד, — קיין עסעלבאַך; דאָ האָבן מיר איבערגענעכטיקט. זייענדיק אין וואַלד האָבן מיר דערזען אַ גרויסע חברה מענטשן, וואָס זיינען פריער פאַר אונז אַרויס פונעם וואַלד,—און מיר האָבן זיך דערשראָקן, אַז זיי וועלן אונז באַרויבן. אונזער בעל־עגלה איז געבליבן שטיין און האָט מיט שרעק אָנגעוויזן אויף די מענטשן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויפן וועג. מיטאַמאָל דערהערן מיר, ווי עס בלאָזט אַ טראָמפּייט, און אַ פּאָסט־דיליזשאַנס האָט זיך צו אונז באַלד דערנענטערט. די מענטשן זענען אַריין צוריק אין וואַלד אַריין, און מיר זיינען שוין אינאיינעם מיטן דיליזשאַנס דערפאָרן ביז עסעלבאַך.

פון דער היים האָט מען אונז אָנגעוויזן, מיר זאָלן פאָרן ביז פירט און דאָרטן וואַרטן אויף ווייטערדיקע אינסטרוקציעס. פון עסעלבאַך זענען מיר איבער ווירצבורג געקומען קיין פירט — און טאַקע צופוס. אויפן וועג פון עסעלבאַך קיין ווירצבורג האָט מיך פּלוצים שטאַרק אָנגעהויבן צו נאָגן דער הונגער און דאָס האָט מיך אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז איך האָב זיך נישט געקאָנט רירן פונעם אָרט און געמוזט אַוועקלייגן. צום גליק האָבן זיך באַוויזן פויערטעס און זיי האָבן מיר געגעבן אַ שטיק ברויט. דאָקטוירים האָבן מיר שפּעטער געזאָגט, אַז ווען מען זאָל מיר דעמאָלט נישט געווען געבן קיין עסן, וואָלט איך מער נישט אויפגעשטאַנען און וואָלט געווען אויסגיין. אין פירט האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אַלע דריי אין אַן אכסניה. הויפזינגער האָט נישט געהאַט קיין שום מיטלען און מיר האָבן אים אויסגעהאַלטן מיט דעם געלט, וואָס מיר האָבן באַקומען אין פראַנקפורט פון אונזער פאַמיליע. איך דאַרף דאָ מוסיף זיין, אַז אין דער נאַכט איידער מיר זיינען אַנטלאָפן פון אָפענבאַך האָט הויפזינגער אָפּגעטאָן נישט קיין שיינע מעשה: ער האָט אַרויסגעשלעפּט דעם קאַסטן־שליסל פון יאָזעף וועהלי (און יאָהאַן קלאַרענבערג) פון אונטערן קישן, בעת יענער איז געשלאָפן, און צוגענומען דעם „ספר החזיונות" [28] און אַ קאָרטענעם ראָק. דאָס בוך האָב איך ביי אים אָפּגענומען, כדי ער זאָל דאָס נישט פאַרווענדן לרעה. און דאָס, וואָס הויפזינגער האָט געטאָן אין אָפענבאַך, האָט ער נאָכאַמאָל איבערגעחזרט אין פירט: ביינאַכט האָט ער ביי מיר פון אונטערן קישן אַרויסגעשלעפּט דעם דערמאָנטן בוך — און האָט נישט געסטייעט. דאָס בוך האָט ער פאַרקויפט דעם איידעם פון י. צערקאָוויץ [29], וועלכער האָט געוואוינט אין פירט. צערקאָוויץ האָט פונעם בוך נישט געמאַכט קיין מיסברויך.

מיר האָבן געהאַט רעקאָמענדאַציעס צו אייניקע תושבים אין פירט. איינער פון די בכבודיקסטע צווישן זיי איז געווען ה' מאָזעס גאָזדאָרף. ער האָט אונז מקבל־פנים געווען אויף אַ פריינדלעכן אופן און געבעטן צום טיש. פון דער היים האָט מען אונז אָנגעוויזן, מיר זאָלן בלייבן אין פירט ביז מען וועט אונז מודיע זיין, ווען מיר קענען פאָרן אַהיים. מיר זיינען געבליבן אין פירט ביז איבער שבועות. נאָך יום־טוב רופט מען אונז אין דער פּאָליציי און מ'גיט אונז אָנצוהערן, אַז מיר זאָלן אין משך פון 48 שעה פאַרלאָזן די שטאָט. איך בין געוואויר־געוואָרן, אַז דאָס איז געשען לויט דער פאָדערונג פונעם (היגן) יידישן געמיינדע־פאָרשטאַנד: פון דעם ה' גאָזדאָרף האָב איך זיך דערוואוסט, אַז מען טרייבט אונז אַרויס דערפאַר, וואָס איך האָב זיך געלאָזט גאָלן מיט אַ ראַזיר־מעסער. קיין שום השתדלותן האָבן נישט געהאָלפן — און מיר האָבן געמוזט פאַרלאָזן פירט. מיר זיינען [אַוועק ווייטער און] האָבן זיך אָפּגעשטעלט אינעם פאָרשטאָט פון נירנבערג (גאָסטענהאָף), ווייל אין דער שטאָט גופא האָבן יידן זיך נישט געטאָרט אויפהאַלטן. פון דאַנעט האָבן מיר אַרויסבאַקומען די בריוו פון דער היים, וועלכע מיר האָבן געבעטן אַדרעסירן קיין פירט. ענדלעך האָבן מיר באַקומען אַ ידיעה, אַז מיר זאָלן אָפּפאָרן אַהיים, און מיר האָבן תיכף זיך גענומען צו דער נסיעה. אַז מיר זיינען צוגעקומען צום לעצטן בייערישן גרענעץ־פונקט — ווייטהויז, איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן אַ בריוו, מיר זאָלן נישט אַריבער די עסטרייכישע גרענעץ — אַניט שטייען מיר אין דער סכנה, אַז מ'וועט אונז אָפּגעבן פאַר רעקרוטן. מען האָט אונז געראַטן זיך צו

27) געמיינט איז דאָ — ראָכוס.

28) „Visionenbuch" — זע אויבן.

29) צערקאָוויטש (אויך צערקאָוויץ אדער צערקאָווי) — אַן אנגאַ־ ענער פראַנקיסט. זע אויבן אין דעם אריינפיר.

לאָזן קיין ביירויט – און געגעבן אַ רעקאָמענדאַציע צו איינעם אַ ה׳ ענצעל. איך וויל נאָך דערמאָנען אַן עפּיזאָד, וואָס איז געשען מיט אונז אין דער נירנבערגער פאָרשטאָט – גאָסטענהאָף. מיר זיינען געזעסן דאָ אין אַ רעסטאָראַציע ביי אַ גלאָז ביר און אַ פּוטער־ברויט. איינער אַ גאַסט — מען האָט אין אים באַלד דערקענט, אַז ער איז אַ ייד – האָט זיך צו אונז געווענדט און געפרעגט, צי זיינען מיר יידן, – און תיכּף האָט ער אונז אָנגעהויבן צו זידלען און שעלטן מיט טויטע קללות, מיר זאָלן איינעמען אַ מיתה משונה (אין טעקסט: mise Meschine) דערפאַר, וואָס מיר עסן גויעשע פּוטער און מיט אַ גויעשן מעסער. איך האָב אַ רוף געטאָן דעם בעל־האכסניה און זיך פאַר אים פאַרקלאָגט, אַז דער ייד זידלט אונז דערפאַר, וואָס מיר עסן מיט זיינעם אַ מעסער, און האָב אים געפרעגט, צי איז דען באמת ביי אים אַזוי שמוציק. דער בעל-האכסניה האָט אָנגעכאַפּט דעם ליבן ר׳ ייד ביים קאָלנער און אים אַרויסגעוואָרפן. מיר זענען גלייך נאָכדעם אָפּגעפאָרן קיין ביירויט, און אויפן אנדערן טאָג פאַרמיטאָג זענען מיר אַהין אָנגעקומען. דער ה׳ ענצעל, אַ וואוקסיקער שיינער מאַן, האָט אונז פריינדלעך אויפגענומען, דורכגעלייענט דעם רעקאָמענדאַציע־בריוו און אונז פאַרבעטן צו וואוינען ביי אים. מען האָט אונז אָפּגעגעבן צוויי שיינע מעבלירטע צימערן און מיר האָבן ביי דעמדאָזיקן פיינעם מאַן געהאַט אָנבייסן, מיטאָג־עסן און אָוונטברויט. ער האָט באַדויערט, וואָס ער קען אונז נישט בעטן צום טיש, מחמת ער האָט אָפּגעריכט אבלות נאָך זיין פאַרשטאָרבענער פרוי; זי איז געווען אַ שיינע און אַ וואוילע, ער האָט זי שטאַרק ליב געהאַט און האָט זיך נישט געקאָנט נאָך איר טרייסטן. מיר האָבן זיך ביי דעם ה׳ ענצעל געפילט זייער גוט, און די צייט, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין ביירויט, איז פאַר אונז געווען זייער אַ אנגענעמע. דעם ה׳ ענצעל האָבן מיר זעלטן ווען געזעען. אין פיר וואָכן אַרום האָט ער מיך אַריינגערופן צו זיך און געזאָגט, אַז דאָס אַרומגיין פּוסט און פּאַס קאָן אַזעלכע יונגע מענטשן ווי מיר נאָר פאַרדאַרבן; ער האָט זיך דעריבער געווענדט צו זיינעם אַ פריינד קיין האַמבורג און געפועלט ביי אים, ער זאָל מיר געבן אַ שטעלע, — און איך קאָן שוין אַהין פאָרן. איך האָב אים אָפּגעדאַנקט פאַר זיין גוטער כּוונה, האָב אָבער דערקלערט, אַז איך דאַרף זיך אַ פריער אָנפרעגן ביי מיינע עלטערן. קיין הסכּם אויף דעם האָט מען פון דער היים נישט געגעבן, מען האָט אונז געגעבן די האָפענונג, אַז מיר וועלן איינציכן זיך קאָנען אומקערן צו זיי, צו אונזער פאַמיליע. איך האָב וועגן דער תשובה מודיע געווען דעם ה׳ ענצעל; אויף דעם האָט ער געענטפערט, אַז היות ווי איך וויל נישט אָננעמען זיין גוט־געמיינטן פאָרשלאַג — מוזן מיר פאַרלאָזן זיין הויז. ער האָט מיר צוגעזאָגט צו געבן אַ

רעקאָמענדאַציע־בריוו צום באַראָן ג., – דעם אייגנטימער פונעם גוט עמעט ביי בורגונדשטאַט, זיינעם אַ ידיד, – ער זאָל אונז פריינדלעך אויפנעמען. מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין. עס איז געווען זייער אַ הייסער טאָג, אין חודש אויגוסט. אַרום מיטאָג־צייט זענען מיר דורכגעגאַנגען בורגונדשטאַט. פאַר דער שטאָט האָב איך אויסגעטאָן דאָס רעקל און עס אַרויפגעלייגט אויף מיין רענצל, וואָס איך האָב געטראָגן. אין דער טאַש פונעם רעקל איז געלעגן אַ בייטל מיט מיינע אַ פערציק פל. [פלארין]. בכדי צו קומען פון בורגונדשטאַט קיין עמעט מוז מען אַרויפקלעטערן אויף אַ היפּשן באַרג. אַז מיר האָבן זיך שוין אויפגעהויבן אויף אַ העלפט באַרג, האָב איך אַ פרעג געטאָן מיין ברודער לעאָפּאָלד, וואָס איז געגאַנגען הינטער מיר: „ליגט דאָס רעקל אויפן רענצל?“ – „ניין, דו האָסט עס פאַרלוירן“. מיך האָט ווי אַ דונער דערשלאָגן. מיר האָבן מער נישט פאַרמאָגט ווי דאָס געלט, וואָס איז געלעגן אינעם רעקל. איך בין אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד, נישט קענענדיק זיך האַלטן אויף די פיס. מיין ברודער לעאָפּאָלד איז אַראָפּגעלאָפן צוריק דעם באַרג דורך דער בורגונדשטאַט, און יעדערן, וועמען ער האָט באַגעגנט, האָט ער געפרעגט אויף דער אבידה. אָבער אָן ערפאָלג. בעת ער איז געשטאַנען ביים טויער האָט אים עמיצער אַ פרעג געטאָן וואָס ער זוכט, און אַז לעאָפּאָלד האָט אים אַלץ דערציילט, האָט אים יענער אַוועקגעפירט צו אַ גאַרבער, וואָס האָט געפונען דאָס רעקל. דער גאַרבער האָט תּחילת געפרוווט לייקענען, אָבער אַז לעאָפּאָלד האָט מיט אים אָנגעהויבן איינטענהן און אים דערציילט, וואָס פאַר אַן אומגליק די אבידה באַטייט פאַר אונז, האָט יענער געבראַכט דאָס רעקל. דאָס בייטעלע איז געלעגן אין דער טאַש. ער האָט געמוזט געבן דעם גאַרבער אַ פאָר גולדן. ווער איז אימשטאַנד צו שילדערן מיין שמחה, בעת איך האָב דערזעען, ווי מיין ברודער לויפט דעם באַרג אַרויף און טראָגט הויך דאָס רעקל!

נאָכמיטאָג זענען מיר געקומען קיין עמעט. דאָס איז געווען אַ קליין דאָרף. איך בין באַלד געגאַנגען אין שלאָס אַריין, כּדי אָפּצוגעבן מיין בריוו דעם באַראָן, מען האָט מיך געשיקט אין גאָרטן אַריין. דאָ האָב איך געטראָפן צוויי הערן. איינער איז געווען זייער רייך אָנגעטאָן מיט אַ סך שטערן [אָרדענס אויף דער ברוסט]. דער אַנדערער האָט געטראָגן שטוב־קליידער. אָט דער הער האָט מיך געפרעגט וואָס איך וויל. „איך האָב איבערצוגעבן אַ בריוו דעם ה׳ באַראָן“. ער האָט ביי מיר גענומען דעם בריוו און אויפגעבראָכן דעם זיגל. דערווייל איז צוגעגאַנגען דער אַנדערער הער, אַ קוק געטאָן אינעם בריוו און געפרעגט: „ווער איז עס, וואָס רופט דיך אין בריוו „ליבער פריינד“?“ – „עס איז איינער אַ הער ענצעל פון ביירויט“. „וואָס, אַ ייד וואַגט דיך צו רופן „פריינד“?“ דער באַראָן האָט אין אַ פאַרלעגנהייט געענטפערט: „אַט

דער ענצעל איז אַ פריינד פונעם מיניסטער האַרדענבערג״[30]. דער באַראָן האָט מיר געהייסן, איך זאָל אויפן אַנדערן טאָג ווידער קומען. אַז איך בין צו אים אויפן צווייטן טאָג געקומען, האָט ער מיר פאָרגעוואָרפן, הלמאי איך האָב אים איבערגעגעבן ענצעלס בריוו אין דעם בייזיין פונעם ברודער, דעם רייכסהאָפראַט. ער האָט מיט מיר גערעדט יידיש (in jüdischen jargon), ענדלעך האָט ער צו מיר געזאָגט: „מיין פריינד ענצעל האָט אייך רעקאָמענדירט אויפן בעסטן אופן און לויט זיין ווונטש נעם איך אייך דאָ אויף. איר קענט זיך אייך דאָ בויען אַ הויז, זיך פאַרנעמען מיט האַנדל. איך וועל דאָ שאַפן אויך אַ בית-חיים[31], וואו מ׳קען זיך לאָזן מקבר זיין״.

מיר האָבן זיך אין דעמדאָזיקן פאַרוואָרפענעם פלאַץ געפילט אינגאַנצן פאַרלוירן. געוואוינט האָבן דאָ עטלעכע אָרעמע יידישע משפחות, צווישן זיי איז געווען איין משפחה פון ביימען, וואָס האָט אַרויסגעוויזן גרויס אינטערעס צו אונזער לאַגע. ווען מיר האָבן דעמדאָזיקן ביימישן יידן דערציילט, אַז מיר וואַרטן אויף בריוו פון אונזערע פון דער היים, וואָס זאָלן אונז רופן קומען צו זיי, — האָט ער אונז געראַטן [דערווייל] צו נעמען „פּלעטן״, דאָס מיינט צו גיין שנאָרן אין די אַרומיקע יידישע קהילות אַלס אָרעמע רייזנדע. ער האָט אונז דערצו לאַנג צוגערעדט, און סוף כל סוף האָבן מיר באַשלאָסן עס צו פּרוּוון. אונזער עצה־געבער האָט מיר אויפגעשריבן די נעמען פון די ערטער, וואו עס זענען פאַראַן יידישע קהילות, און מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזט וואַנדערן. שוין ביים ערשטן פּרוּוו האָט מיך באַהערשט אַ געפיל פון בושה און געפאַלנקייט. בכדי אויסצוזוכן די באַלעבאַטים... [אין מאַנוסקריפּט פעלן דאָ עטלעכע ווערטער]. דאָס רוב זענען דאָס געווען פּי־הענדלער, אַ גאַנצע וואָך זענען זיי נישטאָ אינדערהיים. מען ווערט אויפגענומען פון דער באַלעבאָסטע, מ׳באַקומט אויפדערנאַכט זופּ און ברויט, אַ נאַכטלעגער; אינדערפרי — ווידער אַ זופּ און עטלעכע קרייצער מזומנים. באַלד איז אונז דער עסק נמאס געוואָרן און מיר האָבן זיך דערפון אָפּגעזאָגט. עס איז אונז אָנגעקומען אַ בריוו פון דער היים, מיר זאָלן זיך לאָזן קיין באַמבערג און דאָרטן פאָרשטעלן זיך דעם ה׳ אַברהם נויצעדליץ, דעם פאָרטרעטער פון דער דאָרטיקער יידישער געמיינדע. אין דעם בריוו איז געלעגן אַ רעקאָמענדאַציע צו אים. מיר האָבן זיך תיכף געלאָזט אין וועג אַריין.

עס איז געווען סעפּטעמבער 1800. מיר זענען געקומען עלף נעענטער צום קריגס־פראָנט. די פראַנצויזן

30) קאַרל אויגוסט פירסט פאָן־האַרדענבערג (1750—1822) — פון 1791 אָן פּרייסישער שטאַטס־מיניסטער.

31) אין אָריגינאַל שטייט: Bes chaim, דאָס מיינט — אַ בית-עלמין.

האָבן שוין געהאַט דורכגעמאַרשירט רעגענסבורג, — די עסטרייכער זענען געשטאַנען אין באַמבערג. די דערפער, וואָס מיר זענען דורכגעגאַנגען, זענען געווען באַזעצט פון עסטרייכישע סאָלדאַטן. שפּעט אין אָוונט זענען מיר אָנגעקומען אין אַ גאַנץ גרויסן דאָרף ביי באַמבערג. מיר האָבן געוואָלט אַריינגיין אין דער ערשטער אַכסניה, אָבער מען האָט אונז נישט אַריינגעלאָזט. דאָסזעלבע איז געשען אין אַ צווייטן גאַסטהויז. ווען אויך דער דריטער בעל־אכסניה האָט פאַר אונז פאַרמאַכט די טירן, האָבן מיר אים אָנגעהויבן מוסרן, אַז ער באַגייט אַ עולה דערמיט, וואָס ער לאָזט אונז איבער אין אַזאַ וועטער ביינאַכט אין דרויסן. דאָס איז געווען אַן אַלטער מאַן. נאָך לאַנגע טענות פון אונזער זייט האָט ער אונז געענטפערט אַז מיר זענען פראַנצויזישע שפּיאָנען און האָט נישט געוואָלט גלויבן, אַז מיר זענען עסטרייכער. מיר האָבן צו אים געזאָגט: „מיר זענען יידן״. „דאַן באַווייזט די עשרת־הדברות״. דאָס האָבן מיר נישט געקאָנט טאָן, מחמת מיר האָבן קיין עשרת־הדברות נישט געהאַט[1]. דער בעל־הבית האָט אונז אַרויסגעטראָגן אַ שטיק ברויט: „ווי אַזוי הייסט עס אין העברעאיש?״ „לחם״ — האָב איך געענטפערט. דער גוטער אַלטיטשקער איז געווען באַפרידיקט. אונזער הונגער און דורשט האָבן מיר דאַן געשטילט מיטן לחם, פּוטער און ביר.

אויפן אַנדערן טאָג זענען מיר מיטאָג־צייט אָנגעקומען קיין באַמבערג. תיכף זענען מיר אַוועק אָפּגעבן דעם רעקאָמענדאַציע־בריוו דעם ה׳ אברהם נויצעדליץ. ער האָט דעם בריוו איבערגעלייענט, אונז פריינדלעך אויפגענומען און איינגעלאַדן צו וואוינען ביי אים. ה׳ אברהם נויצעדליץ איז געווען אַן אַלטער געלאַסענער מענטש, לויט זיין שפּראַך און קליידונג — כּלו ייד. ער איז געווען אויך גאַסטפריינדלעך און אַ בעל־צדקה. שבת און יום־טוב זענען מיר ביי אים געווען צו טיש. ער איז געווען אַן ערלעכער און פרומער מענטש. מוצאי־יום־כפור איז ער געקומען פון דער שול אַהיים און האָט אונז איינגעלאַדן מיר זאָלן מיט אים אַרויפגיין אויפן דאַך מקדש-זיין די לבנה (die Lewune mekadisch zu sein), דאָס הייסט — הייליקן די לבנה דורך אַ תפילה, — אַ זאַך, וואָס מיר האָבן נאָך קיינמאָל נישט געטאָן. אַז דער דאָזיקער גוטער מענטש האָט אָנגעהויבן צו זאָגן זיין אשכנזישע עברי, האָבן מיר זיך קוים איינגעהאַלטן פון געלעכטער. בעת ער האָט אָבער אָנגעהויבן צו שפּרינגען „שלום־עליכם״ און זיך שפּרינגענדיק געשאָקלט צו אונז, האָבן מיר זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָבן אויסגעשאָסן אַ הילכיקן געלעכטער. דער גוטער אַלטער מאַן איז ער־

1) וואָס מיינט דאָ דער מחבר מיט די עשרת־הדברות איז נישט פאַרשטענדלעך; אפשר האָט ער געוואָלט זאָגן — ציצית?

שטוינט ערוואַרטעטן פאַרהאַלטן זיך און איז אַוועק פון אונז. אויף מאָרגן אינדערפרי האָט ער אונז געהייסן פאַרלאָזן זיין הויז.

פון דער היים איז אונז צו דער צייט אָנגעקומען אַ בריוו, מיר זאָלן פאָרן קיין לייפּציג, וואו עס איז דעמאָלט געווען די מעסע און פון וואַנעט מיר וועלן אפשר קריגן די מעגלעכקייט צו קומען אַהיים, אויב נישט — איז קיין פראַנקפורט.אָדער, וואו עס וואוינען אונזערע קרובים.

אויפן צווייטן טאָג כּיאור האָבן מיר פאַרלאָזט די שטאָט. מיר האָבן געוואָלט נאָך אויפדערנאַכט אָנקומען קיין ביירויט, מיר זענען אָבער אָנגעקומען אויפדערנאַכט אינעם לעצטן דאָרף פאַר דער שטאָט. ביי אַ שענק האָט אונז דער באַלעבאָס, וואָס איז געשטאַנען אין דרויסן, געעצהט מיר זאָלן ווייטער נישט גיין, מחמת עס קומט אַ געוויטער. מיר האָבן אים אָפּגעדאַנקט פאַר דער גוטער עצה, מיינענדיק, אַז ער וויל אונז בלויז צורעדן אריינגיין צו אים. קוים אָבער זענען מיר אָפּגעגאַנגען אַ שעה מיט אַ פערטל, ווי עס האָט אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכער געוויטער. עס איז דערביי געוואָרן אַזוי פינסטער, אַז מיר זענען אַראָפּ פונעם וועג. מיר זענען אַריין אין אַ וועלדל. די ביימער זענען געלעגן אויסגעריסן. מיר זענען אַריינגעפאַלן אין די גריי־בער ביז איבער די לענדן, פון אויבן האָט אויף אונז געגאָסן אַ מבול. פונעם פאַלן און פונעם רעגן זענען מיר געוואָרן פיטש־נאַס. מיר האָבן לאַנג געבלאָנדזשעט און אַז מיר האָבן ענדלעך באַמערקט פונדערווייטנס ליכט, האָבן מיר זיך געלאָזט אַהין לויפן. מיר זענען צוגעקומען נעענטער און דערזעען פאַר זיך אַ שענק, פון וואַנעט עס האָט זיך געהערט רוישנדיקע מוזיק. די באַלעבאָסטע האָט אונז באַגעגנט אין קאָרידאָר און דערקלערט, אַז זי האָט קיין פּלאַץ נישט און קאָן אונז נישט אריינלאָזן. אַ חוץ דעם — האָט זי געזאָגט—וואָלטן מיר דאָ ממילא קיין רו נישט געהאַט, ווייל מען פראַוועט דאָ אַ חתונה, וואָס וועט דויערן די גאַנצע נאַכט. זי האָט אונז געעצהט צו גיין נאָך אַביסל ווייטער, צו „פּאַנטאַזיע", וואו מיר וועלן אויפגענומען ווערן און זיך רואיק קאָנען די נאַכט אויסשלאָפן. „פּאַנטאַזיע" איז געווען אַ פאַרגעניגונגס־פּלאַץ נישט ווייט פון ביירויט.

אַז מיר זענען אַהין אָנגעקומען האָבן מיר געטראָפן נאָר דעם באַלעבאָס. זיין פאַמיליע איז געווען אין שטאָט און קיין געסט זענען אויך נישט געווען. מיר זענען, ווי איך האָב שוין באַמערקט, געווען פיטש־נאַס. איך האָב געבעטן דעם באַלעבאָס איינהייצן דעם אויוון. ער האָט עס געטאָן. מען האָט אונז געבראַכט ברויט, פּוטער און אַ גלאָז ביר — מער האָט מען דאָ גאָרנישט געקאָנט קריגן. מיין ברודער לעאָפּאָלד איז נישט אָנגעגאַנגען דאָס עסן, ער האָט זיך געוואָלט בעסער דערוואַרעמען. איך האָב קוים באַוויזן צו נעמען אין מויל אַ פּאָר ביסן, ווי איך האָב דערהערט אַ שטאַרקן קלאַפּ. איך האָב זיך אומגעדרייט און דערזען מיין ברודער ליגנדיק אויף דער פּאָדלאָגע אָן באַוואוסטזיין. איך האָב אַריינגערופן דעם באַלעבאָס און אים געבעטן, מען זאָל ברענגען אַ דאָקטאָר. ער האָט געזאָגט, אַז דאָ אין דער נאָענט איז קיין שום דאָקטאָר נישט פאַראַן. מיר האָבן אַריינגעטראָגן דעם באַוואוסטלאָזן לעאָפּאָלדן אין אַ צימער אינעם ערשטן שטאָק און אים אויסגעטאָן, די שטיוול פון די פיס האָבן מיר אים געמוזט אָפּשניידן...

---

**באַמערקונג פון רעדאַקציע:**

אַלס הוספה צו די זכרונות פון מאָזעס פּאָרגעס קומען דריי גביות־עדות, וואָס זענען אויפגענומען געוואָרן פונעם בית־דין הרבנים אין פירט וועגן דעם פראַנקיסטן־הויף און אָפּענבאַך לויט דעם, ווי יאָנאַס הויפזינגער און די ברידער פּאָרגעס האָבן דאָס די עדות דערציילט. ווי עס איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן אינעם אַריינפיר פון ד"ר נ. מ. געלבער, איז דער העברעאישער אָריגינאַל פון די גביות־עדות נישט ניצול געוואָרן; מיר האָבן אָבער פאַר זיך די ווערטלעכע איבערזעצונג אין דייטש, וואָס דער פירטער בית־דין גופא האָט געמאַכט (מסתמא כדי צו וויסן געבן וועגן דעם ענין דער מאַכט) — אזוי, אַז עס קען נישט זיין קיין שום ספק אין דער אויטענטישקייט פון די דאָקומענטן. דער דייטשישער טעקסט איז אין פיל ערטער נישט גאָר קלאָר, די שפּראַך אָפט אַ פאַרגרייזטע — און דאָס האָט שווער געמאַכט די איבערזעצונג אין יידיש. מיר האָבן זיך באַמיט איבערצוזעצן די דאָקומענטן טעקסטועל כמעט אָן אויסבעסערונגען, אָבער קרוב צום גייסט פון די גביות־עדות ביי די בית־דינס בכלל.

**ערשטע הוספה**

## „אַן אויפגענומענע גבית־עדות — איבערגעזעצט פון העבראַיש אויף דייטש

מאנטאָג, ז' כסלו תקס"א, דאָס הייסט דעם 24טן נאָוועמבער 1800, איז צום בית־דין הח"מ געקומען דער היגער שוך־ייד ר' וואָלף ליפּמאַן האַמבורגער 1) והגיד בתורת עדות בעונש חמור ואם לא יגיד ונשא עונו וזו לשונו:

פאַראַיאָרן, צווישן פּסח און שבועות 2), האָבן זיך דאָ באַוויזן דריי יידן. איינער — פון דרעזדען, מיטן נאָמען בן־יונה, אין דייטש האָט ער זיין נאָמען געשריבן: יאָנאָס הויפזינגער. דער צווייטער און דער דריטער האָבן געהייסן — מאָזעס [משה] און לעוו [לייב, לעאָפּאָלד], די זין פון גבריאל פּאָריאָס פון פּראָג. זיי זענען אָהער געקומען פון אָפּענבאַך און האָבן אים, וואָלף ליפּמאַן האַמבורגער, דערציילט אַלץ, וואָס עס האָט מיט זיי פּאַסירט, — ווי זיי האָבן זיך דאָרטן אויפגעהאַלטן עטלעכע יאָר ביי די קינדער פון יעקב פראַנק. דעם אַזוי גערופענעם „שענטאָשאָפּער" 3), און געווען מיט זיי אינאיינעם בקשר. דעם דרעזדענער האָט מדריך געווען יאָנאָס וועהלע [וועהלין] פון פּראָג; די אַנדערע צוויי האָבן געלערנט ביי זייער פאָטער פּאָריאָס און ער האָט זיי אָפּגעשיקט קיין אָפּענבאַך צו יעקב פּראַנקס קינדער.

יעקב פראַנקס קינדער זענען דריי: צוויי זין און איין טאָכטער. אָט די דריי פּראַנקס זענען עס די מנהיגי החבריה. דער עלטערער הייסט: רוח, ווייל אַזוי האָט אויף אים זיין פאָטער יעקב פראַנק געזאָגט דעם פּסוק: „ונחה עליו רוח אלהים". אויף דייטש שרייבט ער זיין נאָמען: רוס 4). דער אַנדערער הייסט — יאָזעף (יוסף). די טאָכטער הייסט רחל; היות אָבער ווי זי האָט זיך געשמדט, רופט זי זיך איצט עווא.

דערנאָך האָבן זיי ווייטער [דעם עדות] דערציילט:

1) זיי אַלע [דריי] האָבן געהאָלפן שרייבן און צעשיקן יענע בריוו 5) פון די טשענסטאָכאָווער, פאַר וועלכע מען האָט באַנוצט רויטן טינט און וואָס זענען געווען געווענדט צו אַלע יידישע קיבוצים. זיי האָבן עס געטאָן אויפן באַפעל פון יעקב פראַנקס קינדער און דערביי געאַרבעט מיט גרויס טרדה. מען האָט זיי דערפאַר מבטיח געווען אַ גרויסן שכר פונעם רבונו של עולם. כדי מען זאָל נישט באַמערקן, אַז עס ווערט צעשיקט אַזאַ שלל פון בריוו. האָבן זיי אַ טייל פון די בריוו צוגעפירט צו די פּאָסטן אין פראַנקפורט, האַנוי און אַנדערע אין דער סביבה.

2) כמעט יעדן טאָג איז געגאַנגען אַ חילוף־מכתבים צווישן אָפּענבאַך און די פּאַרשטייער אין פּראָג. יאָנאָס וועהלעס דריי קינדער פון פּראָג זענען אויך געווען אין אָפּענבאַך און זיי האָבן עס געפירט דעם ספר [געמיינט דער „ספר החזיונות" — זע די זכרונות פריער], אין וועלכן עס זענען אַריינגעשריבן געוואָרן כלערליי זאַכן. די אַנטלאָפענע האָבן אָט דעם ספר צוגענומען און פון אָפּענבאַך אָהער געבראַכט. אין אָפּענבאַך געפינען זיך אויך מענדל איטשינס צוויי זין און אַ טאָכטער. זיי האָבן געמוזט פון זיך אַראָפּנעמען און אָפּגעבן עווען, יעקב פראַנקס טאָכטער, די פּערל און דאָס איבעריקע צירונג.

3) זיי (די דריי געקומענע יונגעלייט) האָבן זיך אַרומגעזאָגט, אַז ביי דעם טשענסטאָכאָווער הערשט כלו שווינדל און שוואַכקייטן, און זיי האָבן זיך דעריבער באַמיט מיטצונעמען דעם ספר און די אַנדערע פּאַפּירן, וואָס זאָגן עדות אויף די דרכי שוא וכזב. זיי האָבן באַשלאָסן מיט דעם קומען אַהיים, אָפּגעבן די עלטערן און זיך שטעלן אויפן דרך־הישר (דער ספר געפינט זיך אָבער נאָך דאָ, ווייל זיי האָבן זיך פון אָפּענבאַך נישט געלאָזט גלייך אַהיים).

4) יום־כפּור תק"ם, דאָס מיינט 1800, איז רוח באַגאַנגען גרויסע עבירות און מיאוסע מעשים. דריי פרויענצימער, צווישן זיי מענדל איטשינס טאָכטער, האָבן נאָך פאַרשיידענע צערעמאָניעס און הכנות געמוזט קומען צו אים און בלייבן ביי אים אין צימער. די דריי בחורים האָבן געמוזט שטיין שמירה מיט בלויזן געווער פאַר דער טיר. דערביי איז אָפּגעטאָן געוואָרן זנות און בכלל מעשים אשר לא יעשו, אונטערן אויסרייד, אַז ער (רוח) האָט ברוח הקודש געזען, אַז אַזוי מוז מען [טאָן] בכדי ניצול ווערן פון די שלעכטע גזירות אינעם דאָזיקן יאָר. מענדלס טאָכטער האָט נאָכדעם געשריבן צו איר פאָטער, אַז זי איז אויסערסט גליקלעך, וואָס זי איז דערצו אויסדערוויילט געוואָרן. די דריי יונגעלייט דערציילן נאָך פיל אַנדערע מעשיות וועגן דעם נאוף און מעשי־שטות.

5) דעם פאַרשטאָרבענעם יעקב פראַנק האָבן זיי געהאַלטן פאַר אַ גאָט. אין אַ באַזונדער צימער געפינט זיך אַ בעט, אַ רויטע סאַמעטענע דעק, און אַ פּאָר הויזן, און ווער עס קומט אַהער מוז אין דעמדאָזיקן צימער

---

1) עס איז אפשר דער זעלביקער וואָלף האַמבורגער, דער מחבר פון „שערי־זקנים" (זולצבאַך 1830), שו"ת „שמלת בנימין" (פירט — 1840—1841), „קול בוכים", וואָס האָט געלעבט אין פירט (1770—1850).

2) די אָנגעוויזענע צייט שטימט נישט מיט דער צייט, וואָס פּאָרגעס ווייזט אָן אין זיינע זכרונות, בעת ער דערמאָנט וועגן זיין אויפהאַלטן זיך אין פירט.

3) געמיינט — „טשענסטאָכאָווער"; אינעם טעקסט ווייטער פאַרריכטן מיר דעם טעות.

4) געמיינט — „ראָכוס".

5) עס ווערט געמיינט דער קול־קורא, וואָס פראַנקס קינדער האָבן צעשיקט אין יאָר 1799—1800. פגל' דעם קול־קורא, וואָס ד"ר מ. וווישניצער האָט אָפּגעדרוקט אין די „מיטטיילונגען פון דער רוסישער אַקאַדעמיע פאַר וויסנשאַפטן", 1914 — רוסיש. ר ע ד.

פּאַלן פּוּרצים און ׳תפילה [טאָן] צו יעקב פראַנקן. אַזוי האָבן געטאָן אויך אַלע פּראָגער, וואָס געפינען זיך אין אָפּענבאַך. אין דעמדאָזיקן צימער איז דאָס ליכט אויסגעלאָשן.

6) יעקב פראַנקס דריי קינדער מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זיי דערוויסן זיך וועגן אַלץ ברוח הקודש. כמעט יעדן טאָג זאָגן זיי, אַז ביינאַכט האָט אויף זיי גערוט די נבואה, אָדער אַז מ׳האָט זיי אין חלום מודיע געווען וועגן פאַרשיידענע זאַכן, — און באַלד ווערט דאָס דורך זיי איבערגעגעבן אַלס אַ באַפעל, וואָס מ׳איז מחויב אויס. צופירן. אויף אַזאַ אופן נאַרן זיי אויס ביי די מענטשן פיל געלט. איינמאָל האָבן אהרון בער און יאָנאַס וועהלע מיט זייער גאַנצער משפחה אין פּראָג געמוזט פאַרשאַפן אַ סכום פון 5000 פל. [פלאָרין] כסף עובר לסוחר, און אהרון בער איז טאַקע באמת געשיקט געוואָרן מיטן געלט קיין אָפּענבאַך. ער איז אָנגעקומען ערב פּסח תק״ס — אין יאָר 1800. דריי טעג האָט ער זיך דאָ פאַרזוימט, דערי־נאָך האָט ער באַקומען זיין ברכה, האָט דערביי פון שמחה געוויינט און האָט זיך אויסגעשטרעקט אויף דער ערד אינעם צימער הנ״ל און האָט תפילה געטאָן צום טשענס־טאָכאָווער.

7) סאַלאמאַן [שלמה] צערקאָווי [צערקאָוויטש] פון פּראָג האָט איבערגעגעבן צוויי פראַנק אַ סך דוקאַטן. ער האָט אויך געגעבן פיל געלט דעם טשענסטאָכאָווערס דריי קינדער צוליב זיין זון לעוו [לייב], וואָס ער האָט מיט־געבראַכט קיין אָפּענבאַך (איצט הייסט ער „יעקב״). יום־טוב אויפדערנאַכט האָט ער געגעבן פיל געלט אַלס פּדיון־הנפש, און פּסח — פאַרן קרבן־פּסח. שבת האָבן זיי אים אָפּגעשוירן די באָרד — און ער האָט דערפאַר ווידער גע־דאַרפט גוט באַצאָלן. דאָס גאַנץ גאָלד און זילבער, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט, איז ער געווען געצוואונגען צו פאַרקויפן די גאָלדשמידן; אויך אַן אָבליגאַציע זיינע אויף 2000 פל., וואָס ער האָט מיטגעבראַכט, האָט ער פאַרזעצט ביים ה׳ גונדאַרד אין פראַנקפורט; גבריאל פּאָריאַסעסביידע קינדער זענען דערביי געוועזן, זיי האָבן אים באַגלייט קיין פראַנקפורט. ביי דערדאָזיקער געלעגנהייט האָבן זיך מיט אים דאָ געטראָפן און גע־שמועסט אויך די הערן קעניגסוואַרטער, וואָס וואוינען דאָ. בעת סאַלאמאָן צערקאָווי איז מיט זיין סטודענט [?] מאָ־זעס גראָספעלד געקומען קיין אָפּענבאַך זומער תקנ״ט —

אין יאָר 1799, האָט ער אויך דעמאָלט געגעבן פיל געלט, כדי אויסצוקויפן די משכנות פון יעקב פראַנקס דריי קינדער. ער האָט נאָכדעם אַוועקגעפירט אויך קיין פּראָג פון אָט די גאָלדענע זייגערס און פּושקעס.

8) יאָנאַס וועהלע פון פּראָג האָט פון פראַנקס קינ־דער געהאַט אַן אויפטראָג צו זען געווינען פיל נייע מענטשן, כדי מזכה זיין זיי מיט אמתן גליק.

9) בעת זיי (די דריי יונגע לייט) זענען געווען אין אָפּענבאַך, זענען צוויי מענטשן געלעגן געבונדענע אין קעלער ביי יעקב פראַנקס קינדער.

10) די פּראָגער פאָרן קיין אָפּענבאַך אויף פרעמדע פּעסער, וועלכע זיי באַקומען פון די אָפּענבאַכער.

11) אויך מענדל איטשין האָט זיי געמוזט אַוועק־געבן אַ סך טויזנטער גולדן. אויך רייזל עגער [אייגער] האָט עס געמוזט טאָן; זי האָט אפילו תחילת נישט גע־וואָלט פאָלגן דעם באַפעל, אָבער מען האָט זי דערצו געצוואונגען. יאָנאַס וועהלע, זיינע ברידער און מקורבים האָבן געהאַט אויף די הענט פיל געלט פון סאַלאמאַן צערקאָווי.

12) זומער תקנ״ט — אינעם יאָר 1799 — זיינען אַלע באָנדישע (?), יאָנאַס וועהלע, גבריאל פּאָריאַס, סאַלאמאַן צערקאָווי און מאָזעס גראָספעלד און די איבעריקע אָנ־הענגער געווען אין אָפּענבאַך. דעמאָלט איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס אַרויסצושיקן בריוו איבער דער וועלט.

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז יאָנאַס וועהלע גע־ווען אין אָפּענבאַך מיט זיין איידעם, לעוו [לייב] הענינגס־בערגער. קיין פּראָג האָט זיך דער לעצטער אומגעקערט כמעט גערירט פון זינען. יאָנאַס וועהלע האָט געזען אים צוריידן און ווירקן אויף אים, ער זאָל ווידער אָנ־הויבן גלויבן אין זיי [אין די פראַנקיסטן].

13) זיי (די דריי יונגעלייט) האָבן זיך אָן דעם פאָטערס וויסן אַרויסגעריסן פון דעם טשענסטאָכאָווערס פאַרשווערונג אין אָפּענבאַך. זייער פאָטער, גבריאל פּאָ־ריאַס — זיי האָבן געוויזן אויך בריוו פון אים — האָט זיי געשריבן, אַז ער איז זייער דערשראָקן און אומצו־פרידן מיט זייערע מעשים.

עד כאן די גבית־עדות פון ר׳ וואָלף ליפּ־מאַן האַמבורגער; פּה...״

צחיטע הוספה:

## „אַ ווייטערדיקע גבית־עדות — איבערגעזעצט פון העברעאיש אויף דייטש

דינסטאָג, ח׳ כסלו תקס״א, דאָס הייסט דעם 25 טן נאָוועמבער 1800, איז פאַר אונז דאָ דערשינען ר׳ בער שמעון איכענהויזער. מיר האָבן אים מתרה געווען, אַז ער איז מחויב בתורת עדות בעונש חמור דערציילן דעם גאַנצן אמת. ער האָט עס מבטיח געווען וד״ל:

אָנהויב לעצטן זומער זענען דאָ געווען דריי

בחורים: צוויי פון פראַג, מאָזעס (משה) און לעוו (לייב), די קינדער פון גבריאל פּאָריאַס; דער דריטער, יאָנאַס הויפּזינגער, פון דרעזדן. זיי זענען אַהער געקומען פון אָפּענבאַך. אים, איכענהויזערן, האָבן זיי דערציילט וועגן זייער אויפהאַלט אין דער דאָרטיקער טשענסטאָכאָווער כנופיה און ווי זיי האָבן זיך בּאַמיט פון דאָרטן ניצול צו ווערן. זיי זענען אַנטלאָפן און מיטגענומען מיט זיך אַ געשריבענעם ספר, וואו עס זענען בּאַשריבן זייערע משוגעתן.

דער דרעזדענער האָט אים אָט וואָס דערציילט:

1) פון דרעזדן איז ער אַלס יתום געקומען אייגנטלעך קיין פראַג, וואוהין ער האָט געהאַט אַ המלצה-בריוו צו יאָנאַס וועהלע. אַזן יאָנאַס וועהלע האָט אים פאַרפירט, געזאָגט, אַז ער וויל אים אָנווייזן די תורת-אמת און צום סוף האָט ער אים געבראַכט אויפן וועג פון אמונת-שוא: יעקב פראַנק זאָל כּלומרשט זיין אַ גאָט און נאָך אַנדערע שטותים פון דעם מין. אַז יאָנאַס וועהלע האָט דערזעען, אַז ער האָט די נויטיקע הכשרה, האָט ער אים אָפּגעשיקט קיין אָפּענבאַך צו די קינדער פון יעקב פראַנק. מען האָט זיך דאָרטן צו אים גוט בּאַצויגן, געהאַט צו אים מער צוטרוי, ווי צו די אַנדערע לייט זייערע. אין הסכם דערמים, וואָס מען האָט זיי איינגערעדט און פאַרפירט, האָבן די דריי יונגע קינדער תּחילת טאַקע געמיינט, אַז אַלץ איז דאָ כּלו קדושה און אַז יעקב פראַנקס קינדער זענען באמת ערלעכע און הייליקע מענטשן. נאָך דעם אָבער, ווי זיי זענען דאָרטן אָפּגעווען אַ לענגערע צייט, האָבן זיי זיך סוף-כל-סוף אַרומגעקוקט און דערזעען, אַז אַלע מעשים און דרכים פון פראַנקס קינדער שטאַמען פון שוואַכקייט און גאוה, און זיי זענען ערשטוינט געוואָרן פון די מעשים-תעתועים, וואָס יעקב פראַנקס קינדער האָבן אָפּגעטאָן אין יום-כּפּור. זיי זענען גראַד געשטאַנען דעמאָלט שמירה ביי דער טיר און זענען געווען עדות פון די אומבּאַשרייבלעכע שענדלעכע זאַכן. די טאָכטער פון מענדל איטשין האָט דעמאָלט שטאַרק געוויינט; דערנאָך האָט זי אָבער אָוועקגעשריבן אַ בריוו קיין פראַג, אַז זי איז זייער גליקלעך. און נאָך אַנדערע שענדלעכע און גרוילעכע מעשים האָבן זיי דאָרטן זיך אָנגעהערט און אָנגעזען. זיי זענען דעריבער געקומען צו אַ הסכם עוקר צו זיין פון דאַנעט. אַנטלויפן פון יעקב פראַנקס קינדער איז אָבער געווען שווער. אַלץ איז דאָ געווען פאַרשפּאַרט און פאַרשלאָסן. זיי האָבן חוץ דעם מורא געהאַט עמיצער זאָל עפּעס נישט געוואָר-ווערן, ווייל אַ פּאָר מענטשן, וואָס האָבן איינמאָל געהאַט די העזה אַביסל צו מורמלען, האָט מען געבונדן, פאַרשפּאַרט אין קעלער, טעגלעך געשלאָגן און געהאַלטן נאָר אויף ברויט און וואַסער. דידאָזיקע געבונדענע זענען נאָך געלעגן אין קעלער בעת זיי, די יונגעלייט, זיינען דאָרטן געווען. זיי האָבן דעריבער אָפּגעוואַרט דעם שעת-הכּושר, אַריבּערגעשפּרונגען איבער דער געמויערטער וואַנט, אַנטלאָפן קיין פראַנקפורט און פון דאָרטן געקומען אַהער.

ווייטער דערציילן אַלע דריי יונגעלייט:

2) יאָנאַס וועהלע איז זייער עלטסטער אין פראַג. פון אָפּענבאַך איז נעמלעך געווען אַ בּאַפעל, אַז יאָנאַס וועהלע זאָל בּלייבן אין פראַג, כּדי צוציען וואָס מער אָנהענגער צו זייער אמונה. בעת די אָפּענבאַכער נויטיקן זיך אין געלט, לאָזט דער עלטערער, רוח 1), מעלדן, אַז ער האָט בּיינאַכט געהערט אַ נביאיש וואָרט; ער פאַרזאַמלט דאַן זיינע לייט — די פאַרמעגלעכע — און איז אויף אַזאַ אופן פּותר חלום, אַז דער אָדער יענער מוז געבן כּך וכך מזומנים. לויט דעמזעלביקן נוסח איז אהרון בער וועהלע אין פראַג בּאַפוילן געוואָרן, אַז ער זאָל אין משך פון דריי טעג שאַפן 5000 פל. ביים אַרויסגעבן אַזעלכע בּאַפעלן ווערט דערקלערט, אַז דאָס געלט גייט פאַר גאָטס הויז און עפּעס דערפון אויך פאַר די מאמינים. און אַהרון בער איז ווירקלעך געפאָרן מיט מענדל איטשינס אַ קינד קיין אָפּענבאַך און האָט מיטגעבראַכט דעם אויבנדערמאָנטן סכום. ווי נאָר אַהרון בער וועהלע איז געקומען, האָט ער זיך געוואָרפן צו די פיס פון עווא, יעקב פראַנקס טאָכטער, און געוויינט פאַר שמחה, וואָס ער האָט זוכה געווען צו דערלעבן דאָס גליק זי צו זען. זי, עווא, האָט געזאָגט: „וואָס וויינט ער? איך בין נישט מער ווי אַן אָרעם מיידל". אהרון וועהלע האָט דערויף געענטפערט: „די עניוות איז נאָך אַ בּאַווייז פון אייער גרויסקייט". זיי האָבן אויך פאַרפירט אַן אָרעמען סטודענט פון פראַג, וואָס האָט פאַרמאָגט נישט מער ווי 20 פל. און האָט זיי מנדב געווען פאַר גאָטס הויז אין אָפּענבאַך.

3) סאַלאָמאָן [שלמה] צערקאָוויטש איז דאָ איינמאָל דורכגעפאָרן. דער עדות ר' בער שמעון איכענהויזער זאָגט: ער גלויבט, אַז וועדליק די דריי יונגעלייט האָבן אים איבערגעגעבן איז עס געווען אין תקס"ט, דאָס הייסט אין 1799. גענוי אָבער קאָן ער זיך די צייט אייגנטלעך נישט דערמאָנען. ער, צערקאָוויטש, איז געקומען קיין אָפּענבאַך און מיטגעבראַכט פאַר די טשענסטאָכאָווער געלט. ער איז דעמאָלט אָפּגעפאָרן קיין פראַג און איז אין אַ יאָר אַרום געקומען ווידער מיט זיין קינד קיין אָפּענבאַך און ווידער מיטגעבראַכט פיל געלט און טייערע חפצים. איידער ער איז געפאָרן קיין אָפּענבאַך האָט ער זיך אָנגעפרעגט, צי זאָל ער זיך אָפּשערן די באָרד. דערויף האָט מען אים פון אָפּענבאַך געענטפערט: „חלילה וחלילה, די באָרד איז הייליק". אָבער אַז סאַלאָמאָן צערקאָוויטש איז שוין געווען אין אָפּענבאַך, האָבן יעקב פראַנקס קינדער איינמאָל מודיע געווען, אַז ברוח הקודש האָט מען זיי געלאָזט וויסן, אַז סאַלאָמאָן צערקאָוויטש זאָל שבת אָפּשניידן די באָרד און זאָל דערפאַר געבן אַ פּדיון

---

1) ראָכוס.

פון 600 פל. אַ צווייטן מאָל איז ווידער געווען אַ באַ־פעל, אַז סאַלאָמאָן צערקאָוויטץ זאָל געבן אַ געוויסן סכום געלט, אָבער נישט ער גופא, נאָר זיין קינד זאָל דאָס געלט ברענגען אַלס אַ פדיון צו עווען. און אַזוי איז עס טאַקע געשעען.

עד כאן דאס גבית־עדות פון ר׳ בער שמעון איכענהויזער, פה...״

דריטע הוספה

## „נאָך אַ ווייטערדיקע גבית־עדות — איבערגעזעצט פון העברעאיש אויף דייטש.

דעמזעלביקן טאָג, ח׳ כסלו תקס״א, דאָס הייסט דעם 25טן נאָוועמבער 1800, איז פאַר אונז דערשינען אַ סטו־דענט מיטן נאָמען יוסף בער בן העסל [העשל ?] פון ווינש־באַך. מיר האָבן אים אין הסכם מיטן יידישן דין מתרה געווען, אַז ער איז מחויב בתורת עדות בעונש חמור דערציילן דעם גאַנצן אמת. ער האָט מבטיח געווען וז״ל:

לעצטן זומער איז איינער יאָנאַס הויפזינגער, אַ דרעזדענער, געקומען אַהער פון אָפּענבאַך. ער האָט דעם סטודענט יוסף בער דערציילט די פרשת-המעשה, וואָס האָט מיט אים פּאַסירט, און ווי אַזוי ער איז אַהער געקומען. ער איז נעמלעך אַלס יתום דערצויגן געוואָרן ביי יאָנאַס וועהלע אין פּראָג. ער, יאָנאַס וועהלע, האָט מיט אים געלערנט און אים אַזוי ווייט פאַרפירט, ביז דער האָט אַנגעהויבן גלויבן אין זיינע ווערטער. דערנאָך האָט אים יאָנאַס וועהלע אָפּגעשיקט קיין אָפּענבאַך צו יעקב פראַנקס קינדער. ער, יאָנאַס הויפזינגער, האָט די גאַנצע צייט גע־גלויבט, אַז יאָנאַס וועהלעס ווערטער זיינען אין תוך כלו אמת און אַז יעקב פראַנקס קינדער זענען ערלעכע מענטשן און צדיקים, ביז עס האָבן זיך ביי אים לסוף געעפנט די אויגן און ער האָט דערזעען פונקט דעם היפוך, — אַז זייער גאַנצע כוונה איז נאָר צו פאַרפירן מענטשן. דער עיקר איז עס אים אויפגעפאַלן איינמאָל, בעת יעקב פראַנקס זון יאָזעף האָט אים געזאָגט, ער זאָל אים אָנשרייבן אויף העברעאיש פאָלגנדיקע ווערטער: „כל זייני דמלכי בידייהן יתמסרון״. יאָנאַס הויפזינגער האָט עס געטאָן. יאָזעף איז דערנאָך אַרומגעפאָרן איבער דער וועלט [1]. ער איז גע־קומען צוריק און געבראַכט מיט זיך אַסך געלט און אויך אַ גאָלדענעם מעדאַל, אויף וועלכן עס זיינען געשטאַנען אָט די העברעאישע ווערטער „כל זייני דמלכי בידייהן יתמסרון״. ער האָט דערקלע־ט, אַז די מעדאַל איז אַ וואונדער־צייכן, וואָס איז הויך מדרך הטבע. יאָנאַס הויפ־זינגער האָט געהערט פון איינעם פון זייערע אָנהענגער, אַז די גרויסע סכומים געלט, וואָס יאָזעף האָט מיטגע־בראַכט, — דאָס איז בדרך הטבע, די מעדאַל אָבער איז אַ פלאַי־פלאַימדיקע קמיע, אַ וואונדער־צייכן מן השמים. יאָנאַס הויפזינגער האָט זיך דער עיקר נאָך אָט דער מעשה איבערצייגט, אַז זיי זענען רמאים, אַז זייער כוונה איז נאָר מענטשן צו נאַרן.

צווישן אַנדערס האָט ער אויך דערציילט:

איינמאָל, ווען עס איז אָנגעקומען פיל געלט פון פּראָג, האָבן אַלע מאמינים, וואָס האָבן געוואוינט ביי יעקב פראַנקס קינדער אין הויז, — אַן ערך 80 [פּער־זאָן] — און אויך די אַנדערע, וואָס וואוינען נישט אינעם הויז, אַריבער הונדערט פּערזאָן — באַקומען נייע הויזן.

עד כאן דאָס גבית־עדות פונעם סטודענט יוסף בער ווינשבאַך.

די גביות־עדות פון הנ״ל — ר׳ וואָלף ליפּמאַן [פון] האַמבורג, ר׳ בער שמעון איכענהויזער און יוסף בער [פון] ווינשבאַך זענען פון דעם בית־־דין החו״מ אויסגעהערט, פאַרשריבן און תיכף איבערגעזעצט געוואָרן פּינקטלעך פון העברעאיש אויף דייטש. און בזה זיינען עס מְאַשֵר

פירט, דעם 3טן דעצעמבער 1800:

שלמה הכהן (סאַלאָמאָן קאָן) [2], רב־הראשי אין פירט; אשר עליאַס, רב השני; וואָלף לייב אולמאַן, דיין [אינעם דייטשישן אָריגינאַל — אונטערראַבינער].

די דערמאָנטע גביות־עדות זענען לויט אונזער פאַר־אָרדענונג אויסגעהערט געוואָרן, כתוב וחתום דורך דעם היגן חשובן, הויך־געלערנטן און זייער עניוותדיקן בית־דין, אין הסכם מיט די חוקי התורה. מיר, די חתומי-מטה, באַשטעטיקן עס מיט אונזערע חתימות אין אונזער נאָמען און אינעם נאָמען פון די איבעריקע פאָרשטייער פון דער גאַנצער אָרטיקער קהילת-ישראל.

פירט, דעם 3טן דעצעמבער 1800.

וואָלף נויבירגער, עליאַס (אליהו) לאַוואָזיטק, יוסף יצחק ווטהיימבערג.

1) געמיינט איז די נסיעה פון זיין ברודער — ראָכוס — קיין רוסלאַנד און פוילן (זע: קרויזהאַר, באַנד II, זייט 175, 182).

2) ר׳ שלמה הכהן (1739—1819), געלערנט אין דער ישיבה פון ר׳ יונתן אייבענשיץ אין אַלטאָנע, דאַן — רב אין קראָטאָשין, צילץ, קעמפּען, און זייט 1785 — אין פירט; מחבר פון „ספר בגדי כהונה״ (פירט 1807) ספר „משען החיים״, „נחלת אבות״ (פירט 1811). זע: Jew. Enc., ב. IV, ז. 160.

# משה מענדעלסאָן און זיינע יידישע בריוו

פון ד״ר חיים באָראָדיאַנסקי (בערלין)

מיט דער צווייטער העלפט פונעם 18טן יאָרהונדערט הייבט זיך אָן לכל-הדעות אַ נייע תקופה אין דער יידישער געשיכטע. מיט דעם זיינען מסכים הן די, וואָס באַטראַכטן די אַנטוויקלונג פונעם יידישן פאָלק פונעם ריין-רעליגיעזן און קולטור-געשיכטלעכן שטאַנדפונקט און זוכן דעם סימן מובהק פון אַ באַנייטער עפּאָכע נאָר אין די גייסטיקע איבערברוכן פונעם פאָלק, און הן די, וואָס גיבן צו אַ גרעסערע חשיבות די מאַטעריעלע פאַקטאָרן און ענדערונגען אין דער סאָציאַל-עקאָנאָמישער סטרוקטור און פּאָליטישער לאַגע פון פאלק. ביידע זעען אינעם אויפקום פון דער השׂכּלה, אינעם קאַמף אַרום מענדעלסאָנס חומש-איבערזעצונג און נפתּלי-הערץ וויזלס דערציאונגס-פּלענער — די קולטור-גייסטיקע זייט פון דער נייער ווענדונג אין דעם יידישן לעבן, און אין די רעפאָרמען פון יאָזעף דעם צווייטן אין עסטרייך, אינעם אויסברוך פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און אירע רעזולטאַטן פאַר דעם עמאַנסיפּאַציע-קאַמף פון די יידן — די סאָציאַל-פּאָליטישע זייט פון דער נייער תקופה.

ס'איז דעריבער פאַרשטענדלעך, אַז פאַר דעם היסטאָריקער און קולטור-פאָרשער פון דער נייער צייט איז באַזונדערס וויכטיק צו פאַרטיפן זיך גראָד אין דער תקופה, אין וועלכער דאָס נייע האָט זיך נאָך נישט פאָרמירט, לעבט נאָך בשלום מיטן אַלטן — און שטייט דאָך אַלס קעגנזאַץ צו אים, גרייט צו פירן מיט אים אַ פאַרביטערטן קאַמף און ירשענען זיין פּלאַץ.

די פאָרשונגס-אַרבעטן וועגן דער געשיכטע פון די יידן אין עסטרייך, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער „היסטאָרישער קאָמיסיע ביי דער איזראַעליטישער קולטוס-געמיינדע אין ווין", וואַרפן פיל ליכט אויף דעם סאָציאַלן און קולטורעלן מצב און אויף דער אַנטוויקלונג פון אַ באַדייטנדיקן טייל פונעם יידישן קיבוץ אין מערב-אייראָפּע אין דער תקופה. אָבער אַ פיל גרעסערן באַטייט האָט געהאַט דער טייל פונעם קיבוץ, וואָס האָט געוואוינט אין דייטשלאַנד. צו יענער צייט האָבן זיך אין דייטשלאַנד געפונען פיל וויכטיקע יידישע קהילות און קולטור-צענטערן. דאָ, אין דעם לאַנד, האָט זיך צוערשט אָנגעהייבן דער קאַמף פאַר דער פאַרבעסערונג פון דער רעכטלעכער לאַגע פון די יידן, דער פּראָצעס פון זייער התקרבות צו דער אַרומיקער ניט-יידישער וועלט, די סיכסוכים און די מלחמות צווישן דעם אַלטן און נייעם יידנטום, און ענדלעך — אין דעם לאַנד האָט געלעבט און געווירקט דער שטערן פון דערדאָזיקער תקופה, דער „סאָקראַט פונעם 18טן יאָרהונדערט" — משה מענדעלסאָן.

די יידישע וועלט איז אין יענער צייט בכלל געווען רייך מיט פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דעם גייסטיקן יידישן לעבן אין אַלע לענדער. אָבער פון זיי האָט נאָר נפתּלי-הערץ וויזל זוכה געווען געשטעלט צו ווערן לעבן מענדעלסאָנען און באַצייכנט ווערן, ווי ער, אַלס גייסטיקער פירער און לערער פון דעם נייעם דור. מענדעלסאָנס השפּעה אויף דער געשטאַלטונג פון דער נייער תקופה, די פּאָפּולאַריטעט פונעם „דעסויער" צווישן יידן איז נאָך אין דער ערשטער העלפט פונעם 19טן יאָרהונדערט געווען אַזוי גרויס, אַז כּמעט אַלע יידישע היסטאָריקער האָבן מיט זיין נאָמען באַצייכנט די נייע תקופה פון דער יידישער געשיכטע.

די ליטעראַטור וועגן מענדעלסאָנען אין אַלע שפּראַכן, באַזונדערס אין דייטש, איז זיך אַזוי פונאַנדערגעוואַקסן, אַז זי בילדעט איצט אַ ספּעציעלן קולטור-היסטאָרישן און ליטעראַריש-ביאָגראַפישן פאָרשונגס-געביט, וואָס טראָגט דעם נאָמען „מענדעלסאָניאַנאַ". דידאָזיקע ליטעראַטור האָט אָבער ביז היינטיקן טאָג, ניט געקוקט אויף איר אין אַלגעמיין וויסנשאַפטלעכן און ערנסטן כאַראַקטער, זיך ניט געקענט באַפרייען פון

דער נטיה צו אַפּאָלאָגעטיק כּלפּי-חוץ; כּלפּי-פּנים האָט זי געשטרעבט — ווען אפילו ניט שטענדיק בפּיוון — אויסצונוצן מענדעלסאָנען פאַר די רעפאָרם-צוועקן אינעם יידיש-דייטשישן לעבן. דאָס האָט דער ליטעראַטור צוגעגעבן אַ סוביעקטיוון און איינזייטיקן כאַראַקטער. נאָך ביז איצט ווערט מענדעלסאָן אָפט אין דערדאָזיקער ליטעראַטור באַטראַכט אַלס אַ ריין יידיש-דייטשישע דערשיינונג; זי איז זיך מטפּל מיט די ריין-ליטעראַרישע, רעליגיעזע, פילאָזאָפיש-עסטעטישע, אָדער רעפאָרמאַטאָרישע מאָמענטן פון זיין ווירקונג צווישן די דייטשישע יידן און רייסט אים אויף אַזאַ אופן אָפט אָפּ פונעם כּלל-יידנטום, מיט וועלכן ער איז געווען אַזוי ענג פאַרבונדן און וועלכס האָט געפילט אויף זיך זיין השפּעה אַ פיל לענגערע צייט, ווי דאָס דייטשישע יידנטום.

אין איר ביאָגראַפישן טייל באַזירט זיך דידאָזיקע ליטעראַטור כמעט אויסשליסלעך אויף דעם קנאַפּן און אומקריטיש-באַאַרבעטן מאַטעריאַל און באַגרעניצט זיך מיט די ריין-אויסערלעכע מאָמענטן פון זיין לעבן און ווירקן. דעריבער באַקומען מיר אָנשטאָט אַן אָביעקטיווער און ריין-היסטאָרישער אָפּשאַצונג פון זיין שאַפן אין די ראַמען פון דער אַלגעמיינער יידישער געשיכטע, אויפן גרונד פון פאַמיליע-דאָקומענטן און אַרכיוו-מאַטעריאַלן — אַן איינזייטיקע און מיט סוביעקטיווע פּניות דורכגעדרונגענע אָפּשאַצונג. אין אַ געוויסער מאָס ליגט די סיבה דערפון אין דער איינזייטיקייט, אַן וועלכער מ'האָט זיך געהאַלטן ביים פאַרעפנטלעכן זיינע כּתבים בכלל און זיינע בריוו בפרט. אין דער לעצטער און בעסטער אויסגאַבע פון מענדעלסאָנס געזאַמלטע שריפטן אין זיבן טיילן (די אויסגאַבע איז זיך שוין לאַנג פונאַנדערגעגאַנגען), וועלכע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן „נאָך דען אָריגינאַל-דרוקן און האַנדשריפטן" פאַקטיש פון זיין עלטסטן זון יוסף (לייפּציג, בראָקהויז, 1843—1845), פעלן, למשל, אינגאַנצן זיינע העברעישע כּתבים — גראָד די, וואָס זיינען פאַר אים אַזוי כאַראַקטעריסטיש און אַזוי וויכטיק. פונעם האַנטשריפטלעכן מאַטעריאַל איז דאָ הויפּטזאַכלעך אויסגענוצט געוואָרן נאָר דאָס, וואָס כאַראַקטעריזירט אים פון דער ריין-ליטעראַרישער זייט. אונטער דעמדאָזיקן געזיכטספּונקט איז אויך געווען געדרוקט דער באַנד בריוו (פינפטער באַנד), אין וועלכן דער אויטאָביאָגראַפישער און ספּעציפיש-יידישער עלעמענט איז געווען אַרויסגעשטופּט דורך דעם אַלגעמיין-ליטעראַרישן און דעם דייטשישן. דער גרעסטער טייל בריוו — זיין בריוו-וועקסל מיט טאָמאַס אַבט און לעסינג — איז געווען געדרוקט נאָך ביי זיין לעבן, אָדער תּיכּף נאָך זיין טויט; דער ניי-צוגעקומענער טייל איז צונויפגעשטעלט דאָס רוב ניט לויט זיינע אָריגינאַל-בריוו צו די אַדרעסאַטן, נאָר לויט זיינע אַנטוואורפן און קאָפּיעס פון יענע בריוו, אויף וועלכע ער האָט געקוקט, ווי אויף אַ זאַך, וואָס האָט אַ ליטעראַרישן ווערט, און האָט זיי דעריבער באַהאַלטן און געלאָזט בירושה[1].

אין דער אויסגאַבע פעלן אָבער זייער פיל פון זיינע אינהאַלטסרייכע העברעישע בריוו צו די גרעסטע יידישע פערזענלעכקייטן פון יענער צייט און צו די יונגע משכּילים וועגן פילאָזאָפישע, רעליגיעזע, רעכטלעכע און געזעלשאַפטלעכע פראַגן, זיינע פאַמיליע-בריוו, די בריוו צו די נאָענטע און ווייטע קרובים, פריינט און באַקאַנטע, און אויך זיינע מסחר-בריוו, געשריבן כמעט אַלע אינעם דאַמאָלסטיקן דייטשישן יידיש, וואָס זיינען קודם-כּל געווען וויכטיק פאַר זיין ביאָגראַפיע גופא. אין דער אויסגאַבע איז, למשל, אינגאַנצן ניט אַריין זיין העברעישע קאָרעספּאָנדענץ מיט ר' יעקב עמדין פון אַלטאָנאַ, פון וועלכער דער לעצטער האָט נאָך אינעם יאָר 1769—1770 אָפּגעדרוקט איין בריוו וועגן מענדעלסאָנס שטעלונג צום אייבעשיץ-עמדין-שטרייט, אויך — דער גאַנצער בריוו-וועקסל, וואָס מענדעלסאָן האָט געפירט מיט דער שווערינער קהילה וועגן „הלנת המתים" און וועלכער איז אָפּגעדרוקט אינעם „המאסף". פון די יידישע בריוו זיינען געווען פאַרעפנטלעכט בלויז זיבן, צווישן זיי צוויי בריוו צו זיין כּלה און דריי — צו הערץ האָמבערגן, אָבער אין אַ דייטשישער טראַנסקריפּציע און בכלל אין אַזאַ פאָרם, אַז דאָס אייגנטימלעכסטע אין זיי איז גאָר ניט צו שפּירן[2].

די שפּעטערדיקע פאַרעפנטלעכונגען פון מענדעלסאָנס בריוו דורך מ. קייזערלינג, אַדלער, יעלינעק, לודוויק גייגער און אַנדערע האָבן דיזעלביקע חסרונות, ווי דער דערמאָנטער באַנד בריוו. זיי מיידן אויס דאָס ענג-פּערזענלעכע און אינטימע, היטן זיך איבערצוגעבן זיינע שאַרף אויסגעדריקטע מיינונגען וועגן דער אַרומיקער ניט-יידישער וועלט און זיינע רמזים און באַמערקונגען וועגן געקרוינטע פּערזאָנען, וועגן קיניגן, שררות און תּקיפים בכלל. אויסער דעם, דורך דער גערמאַניזירונג און „באַאַרבעטונג" פאַרלירן די בריוו זייער באַזונדערן ווערט. די פיל טעותים, וואָס קומען דערביי פאָר ביים דאַטירן איינצלנע בריוו, ביים אָנווייזן די אַדרעסאַטן און ביים פעסטשטעלן דעם טעקסט, פאַרקלענערן זייער חשיבות, אַלס אויטענטישע ווערק פון מענדעלסאָנען גופא און אַלס קולטור-געשיכטלעכער מאַטעריאַל בכלל. וויפיל וויכטיקע דאָקומענטן און קוועלן האָבן ביי אונז אָנגעוואוירן זייער באַזונדערן קולטור-ליטעראַרישן און פאָלקלאָריסטישן ווערט, אַדאַנק דעם, וואָס זייערע אַרויסגעבער האָבן זיך באַמיט צו „קאָרעגירן" און „פאַרבעסערן" די „אומגראַמאַטיש-דייטשישע" טעקסטן און אויף אַן אייגענעם שטייגער צו

טראַנסקריבירן און איבערזעצן די ניט-דייטשישע ווער-
טער און אויסדרוקן! די איינציקע יידישע מעמואַרן,
וואָס מיר פאַרמאָגן פון יענער צייט, — די זכרונות פון
דעם ערשטן טאָלערירטן יידן אין שוועדן אהרן איזאַק
זיינען, למשל, פונעם יידיש-פילאָלאָגישן און דייטש-דיאַ-
לעקטאָלאָגישן שטאַנדפונקט כמעט אומבאַנוצבאַר צוליב זיי-
ער לאַטיינישער טראַנסקריפּציע און פרייער אָרטאָגראַ-
פירונג.

מ'דאַרף דעריבער זייער באַגריסן דעם שריט פון
דער „אַקאַדעמיע דער וויסענשאַפט דעס יודענטומס”,
וואָס זי האָט אונטערגענומען אינאיינעם מיט דער „גע-
זעלשאַפט צור פערדערונג דער וויסענשאַפט דעס יודענ-
טומס” אין בערלין אַרויסצוגעבן צום צווייהונדערט-יאָ-
ריקן יובל פון מענדעלסאָנס געבוירן — אין 1929 — אַ
פולשטענדיקע קריטישע אויסגאַבע פון אַלע
זיינע ווערק און בריוו, צווישן זיי אויך אַלע העב-
ברעישע כּתבים און יידישע בריוו, — לויט די מאַנוס-
קריפּטן, וואָס זיינען פון אים געבליבן, און טעקסטועל ווי
זיי זיינען פונעם מחבר גופא געשריבן. עס קומט
אויך אַ יישר-כוח דער פאַרצווייגטער פאַמיליע מענ-
דעלסאָן, הויפּטזאַכלעך דעם באַקאַנטן בערלינער באַנקיר
פראַנץ פאָן-מענדעלסאָן, וואָס איצט ווערט ענדלעך קע-
גען פאַרעפנטלעכט ווערן דער גאַנצער פאַמיליע-אַרכיוו
פון זייער באַרימטן עלטער-זיידן, צווישן זיי אויך זיינע
בריוו צו זיין כלה, וועלכע מ'האָט אין דער משפּחה
גופא באַהאַלטן בסוד - סודות איינער פונעם אַנדערן
און וועלכע זיינען ביז אַהער געווען אינגאַנצן פאַר-
שלאָסן פאַר די ספּעציעלע מענדעלסאָן-פאָרשער[3]). דידאָ-
זיקע בריוו, וואָס זיינען געשריבן אין יידיש
און טיילווייז אין העברעיש, האָבן אַ באַטייט ניט נאָר
אַלס מאַטעריאַל פאַר מענדעלסאָנס לעבן און שאַפן,
נאָר אויך אַלס היסטאָרישער מקור פאַר דער פאָרשונג
פון דער יידישער קולטור- און סאָציאַל-געשיכטע פון
יענער צייט אין דייטשלאַנד און אין די אַרומיקע לענ-
דער. גראַד דערפאַר, וואָס מענדעלסאָן האָט אויף זיי
ניט געקוקט ווי אויף ליטעראַרישע בריוו, וואָס קענען
אַמאָל געדרוקט ווערן, נאָר ווי אויף אַ פּריוואַטן און
אינטימען מיינונגס-אויסטויש וועגן פּאָליטישע, רעליגיעזע,
קהלשע און פאַמיליע-פראַגן, וואָס ער האָט אין זיי
מיט אַ באַזונדערער אָפנהערציקייט און פּשטות גערעדט
צו זיינע מקורבים און פריינט, — באַקומען זיי פאַר
אונז אַ גרעסערע חשיבות, ווי זיין בריוו-וועקסל אין
דייטש. ביים איצטיקן פאָרשונגס-צושטאַנד פון אַלטע
יידישע בריוו מוזן זיי אָנערקענט ווערן, אַלס די
איינציקע וויכטיקע און ווערטפולע זאַמלונג פון אַזעלכע
בריוו אינעם 18טן יאָרהונדערט. לויט איר ווערט שטייגט
זי אַריבער די לאַנדוי-וואַכשטיין-זאַמלונג פון די „פּראַ-
גער יידישע פּריוואַט-בריוו פון י. 1619” הן לויטן אינ-
האַלט, אַזוי אויך לויט דער חשיבות פונעם מחבר פון
די בריוו.

ליידער איז ניצול געוואָרן ווי איין קאָלעקציע
נאָר דער טייל פון מענדעלסאָנס פּריוואַטע בריוו,
וועלכן זיין משפּחה האָט אויפגעהיט, אַלס אַ הייליקע
רעליקוויע, מיט אַ באַזונדער יראת-הכבוד פאַרן גרויסן
גרינדער פון דער פאַמיליע. אַנדערע — און אפשר
גרעסערע—זאַמלונגען פון זיינע בריוו, וואָס זיינען גע-
ווען אַדרעסירט צו צענדליקער פּערזאָנען אין פאַרשיי-
דענע שטעט און לענדער, האָבן געהאַט דעם גורל פון
אַ סך יידישע קולטור-אוצרות: נאָך לאַנגע גילגולים
האָבן זיי טיילווייז געפונען אַ מקום - מקלט
אין יידישע און ניט-יידישע אַרכיוון, ביבליאָטעקן און
מוזייען, און טיילווייז — זיינען זיי אינגאַנצן פאַר-
פאַלן געוואָרן[4]).

פון מענדעלסאָנס יידישע בריוו זיינען איצט באַ-
קאַנט דריי גרויסע קאָלעקציעס: די ערשטע — די
אויבנדערמאָנטע, וואָס באַשטייט פון 84 בריוו, געפינט
זיך, ווי געזאָגט, אין באַזיץ פון זיינע יורשים. פון די
84 בריוו זיינען 81 אַדרעסירט צו זיין כלה און שפּע-
טער פרוי פרומעט גוגענהיים קיין האַמבורג און צו זיין
שווער און שוויגער. אַ טייל פון די בריוו איז בשעתו
איבערגעזעצט געוואָרן פון לודוויק גייגער (אגב — מיט
אַ סך פעלערן) אין דייטש, אָבער — נאָר פאַרן ענגן
קרייז פון דער פאַמיליע מענדעלסאָן. אַ צווייטע גרויסע
קאָלעקציע שטעלן מיט זיך פאָר 35 יידישע בריוו,
אַדרעסירט צו זיין פרויס אַ קרוב — ר' יוסף (יוזפא)
שמאַלקאַלדען, אויך קיין האַמבורג. דידאָזיקע בריוו זיי-
נען מיט 40 יאָר צוריק, דורך אַ צופאַל, אַריינגעפאַלן
צו מ. קייזערלינגען און שפּעטער האָבן 32 פון זיי
אַריבערגעוואַנדערט, ווי אַ סך אייראָפּעישע זעלטנהייטן,
קיין אַמעריקע; איצט געפינען זיך 31 פון די בריוו
אין פּריוואַט-באַזיץ פונעם באַנקיר גלאַצער אין ניו-
יאָרק, און 1 בריוו — אין דער ניו-יאָרקער שטאָט-בי-
בליאָטעק[5]); 1 בריוו געפינט זיך אין דער העברעישער
ביבליאָטעק אין ירושלים; וואו זיינען די איבעריקע
צוויי איז אומבאַקאַנט. אַ דריטע קאָלעקציע, וואָס באַ-
שטייט פון 34 יידישע בריוו, איז אַדרעסירט צו אלקן
הערצן קיין לייפּציג און טיילווייז צו אלקנס פּאַטער;
אויף דער לעצטער זאַמלונג שטעלן מיר זיך ווייטער
אין דעם אַרטיקל ספּעציעל אָפּ. אַזוי אַרום האָבן
מיר פאַר זיך איבער 150 יידישע בריוו פון מענ-
דעלסאָנען.

אַ פולשטענדיקע ליטעראַרישע און פילאָלאָגישע
אויספאָרשונג פון מענדעלסאָנס יידישער קאָרעספּאָנדענץ
וועט זיין מעגלעך נאָר דעמאָלט, ווען מיר וועלן האָבן
פאַר זיך די פולע אויסגאַבע פון זיינע ווערק, וואָס
ווערט איצט צוגעגרייט. דערווייל ווילן מיר דאָ געבן

נאָר אַ קורצע און אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק פון דערדאָזיקער קאָרעספּאָנדענץ*).

מענדעלסאָנס יידיש איז ניט קיין דייטש מיט יידישע אותיות און העברעישע ווערטער און ציטאַטן, וועלכע לאָזן זיך פשוט איבערזעצן, טראַנסקריבירן און גערמאַניזירן. דידאָזיקע פאַלשע מיינונג האָט געפירט דערצו, אַז פיל גרויסע יידישע געלערנטע, וואָס זיינען אין אַנדערע פאַלן מקפיד אויף אַ קוץ-קוצו של יוד, האָבן גראָד דאָ אָפטמאָל פאַרדרייט דעם זין פון אַ סך זאַצן ביי מענדעלסאָנען און אָנגענומען ריין-העברעישע ווערטער פאַר גלייכקלינגענדיקע דייטשישע אידיאָמען[6]. אָנהייבנדיק מיטן „ב"ה יום... פרשת", אָדער „חדש... התק"... לפ"ק", און פאַרענדיקנדיק מיטן געוויינטלעכן „הקטן" און „עיקר שכחתי", האָבן מענדעלסאָנס יידישע בריוו מיט זייערע אָפטע העברעישע אויסדרוקן, ראשי־תיבותן, רמזים, פסוקים און שברי-פסוקים אַ באַשטימטן טיפּישן שטעמפּל פון יידישע בריוו אין יענער צייט. זיי זיינען אָבער באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש דערמיט, וואָס זיי אונטערשיידן זיך הן לויט זייער זאַץ־בוי און הן לויט זייער אָרטאָגראַפיע אפילו פון זיינע אייגענע בריוו, וואָס ער האָט געשריבן אין דייטש צו דיזעלביקע פּערזאָנען און כמעט אין דערזעלביקער צייט (ווי צום ביישפּיל, אין זיינע בריוו צו הערץ האָמבערגן). דער זאַץ און די אַדיעקטיוון געפינען זיך דאָ אָפט ניט אין הסכם מיט דער דייטשישער גראַמאַטיק, מיט וועלכער ער איז אין זיינע דייטשע בריוו ניט געשטאַנען אין קיין שום קאָנפליקטן. זיי זיינען אָפט פאַרבונדן ניט מיט אַ באַשטימטן און ריכטיקן קאַזוס (נטית־השם). די וואָרט־קאָנסטרוקציע און דער זאַץ־סדר שטימט אָפטמאָל מער מיטן גייסט פון העברעיש און אַמאָל פון פראַנצויזיש; ס'וואַרפן זיך בכלל אין די אויגן די פיל פראַנצויזישע ווערטער און אויסדרוקן, וואָס ווערן טיילווייז נאָך איצט באַנוצט אינעם דייטשישן בערלינער דיאַלעקט און טרעפן זיך זעלטן אין מענדעלסאָנס דייטשישע בריוו.

אָט דער אייגנאַרטיקער געמיש פון פאָלקסטימלעכן העברעיש מיט פאַריידישטן דייטש און פאַרדייטשטן פראַנצויזיש איז ניט קיין צופעליקער מישמאַש און מעכאַנישע צונויפפלעכטונג פון שפּראַכן און דיאַלעקטן, וועלכע מיר טרעפן, למשל, ביי אהרן איזאַק אין זיינע זכרונות; ביים לעצטן נעמט זיך דאָס דערפון, וואָס דעם מחבר פעלט די פעסטקייט ביים צופּאַסן זיך צום שפּראַכלעכן שטייגער פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג אין די שטענדיקע וואַנדערונגען פון איין אָרט אויפן צווייטן. אָבער אַזאַ שפּראַך־קענער און סטיל־קינסטלער, ווי משה מענדעלסאָן, קען מען געוויס ניט חושד זיין אין אַזוינע חסרונות. דערדאָזיקער געמיש איז טיפּיש פאַר זיין צייט און פאַר דער בערלינער יידישער סביבה און איר לשון און האָט טיפע שרשים אינעם סאָציאַלן און קולטורעלן מצב פונעם יידישן קיבוץ אין דייטשלאַנד.

דאָס יידיש שרייבן איז ביי מענדעלסאָנען, ווי ביי אַלע יידן פון זיין צייט, ניט נאָר אַ כתב־יידיש, נאָר אַ שפּראַך־יידיש, — אַן אמתע אָפּשפּיגלונג פונעם לעבעדיקן ריידן פנים אל פנים, כדבר איש אל רעהו, און האָט לחלוטין ניט די מליצהדיקייט פון די ערשטע יידישע משכּילים. דעריבער איז אַזוי אינטערעסאַנט נאָכצוזוכן אין די אָריגינאַל־מאַנוסקריפּטן די שטעלעס און ווערטער, וועלכע ער מעקט אויס און פאַרבעסערט לויט זיין שפּראַכלעכן חוש. ס'איז אויך וויכטיק צו זען דעם וועג און די אַנטוויקלונג, וואָס ס'האָט דורכגעמאַכט זיין יידישער בריוו־סטיל אין משך פון די לעצטע און וויכטיקסטע 25 יאָר פון זיין לעבן, באַזונדערס אין דער תקופה, ווען ס'איז פאָרגעקומען די ענדערונג אין זיין שטעלונג צו דער יידישע אומגאַנגס־שפּראַך אין דייטשלאַנד, און ספּעציעל אין דער תקופה פון זיין ביבל־איבערזעצונג.

צו די אַלגעמיינע באַמערקונגען דאַרף מען מוסיף זיין נאָך איין וויכטיקן פונקט — וועגן די פּערזאָנען, מיט וועלכע ער פלעגט זיך דורכשרייבן אין דער יידישער שפּראַך. זייער כאַראַקטעריסטיש איז דאָס, וואָס צווישן די אַדרעסאַטן פון זיינע יידישע בריוו געפינען זיך ניט נאָר פרויען (זיין כלה און שפּעטער פרוי, אירע שוועסטער, זיין שוויגער), וועלכע באַהערשן ניט קיין אַנדער שפּראַך אויסער יידיש, אויך ניט נאָר זיינע קרובים און פריינט (ווי, למשל, זיין שוואָגער יוסף גוגענהיים, יוזפא שמאַלקאַלדען, משה פירסט און אַנדערע), וועלכע האָבן ניט געהערט צו די למדנים און געלערנטע און צו וועלכע ער האָט געמוזט שרייבן יידיש מחמת נויט און „שלא לבייש". — ער האָט אויך געשריבן יידיש צו זיין לערער און פריינט, דעם מחבר פון אַ פילאָזאָפישן טראַקטאַט „מאמר המדע" און פון אַ פירוש צו אברהם אבן־עזראס פירוש אויף די פינף מגילות — צום דאָקטאָר אהרן שלמה גומפּערץ־עמעריך אין האַמבורג. אָבער אויך דאָ וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז ער האָט ניט געשריבן אין העברעיש צוליב גומפּערצס פרוי און איר סביבה, — געפינען מיר אָבער צווישן די אַדרעסאַטן אויך דעם אָרטאָדאָקסישן פּראָגער מלמד אליהו־לוי מגלוגא (אל"ם) און דעם באַקאַנטן הערץ האָמבערגן אַליין. אין יידיש האָט ער אויך געשריבן צום באַדייטנדיקן יידישן מאַטעמאַטיקער, דעם געטרייען תלמיד, פּערזענלעכן סעקרעטאַר און פריינט פון לייבניצן — ר' רפאל לוי (פון האַנאָווער). אין אַ בריוו ענטפערט מענדעלסאָן אויף זיין פאָרשלאָג צו פירן מיט אים, ווי מיט טאָמאַס אַבטן.

*) דער מחבר פון דעם אַרטיקל איז אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער פון מענדעלסאָנס יובּילייאויסגאַבע, וואָס ווערט איצט צוגעגרייט פון דער „אַקאַדעמיע דער וויסענשאַפט דעס יודענטומס", באַזונדערס פאַר דעם העברעישן און יידישן טייל. — רעד.

אַ קאָרעספּאָנדענץ וועגן דער דעמאָלט פיל דיסקוטירטער פּראָבלעם פון „תעודת האדם"; ער באַהאַנדלט דערביי ריין־פילאָזאָפישע און נאַטור־מאַטעמאַטישע פראַגן און טיילט אים מיט וועגן זיין כוונה אָנצושרייבן אין העברעיש אַ ווערק וועגן „השארת־הנפש". די ביידע קאָרעספּאָנדענטן זיינען געשטאַנען אויף איינעם און דעמזעלביקן באָדן פון יידישער טראַדיציע און ביידע זיינען אין זייערע פילאָזאָפישע אָנשויאונגען געווען געטרייע לייבניץ־וואָלפיאַנער. ווען ניט די סיבה — וואָלטן מיר אפשר פאַרמאָגט די ערשטע וויסנשאַפטלעכע קאָרעספּאָנדענץ אין יידיש צווישן אַזעלכע צוויי גדולי־הדור [7]).

## II

די בריוו־זאַמלונג, וועלכע מיר ניצן דאָ אויס מיט דער דערלויבעניש פון די הויפּט־רעדאַקטאָרן פון מענדעלסאָנס יובל־אויסגאַבע (די פּראָפעסאָרן י. גוטמאַן, י. מיטוואָך און מ. עלבאָגן) איז איינע פון די שענסטע יידישע בריוו־קאָלעקציעס פון מענדעלסאָנס קאָרעספּאָנדענץ אין יידיש. די זאַמלונג באַשטייט פון 34 בריוו, געשריבן אין משך פון קנאַפּע 24 יאָר — 1761–1785 (תקכ"א ביז תקמ"ה) און איז אַדרעסירט צו זיין קרוב אֶ ל ק ן (אלחנן) ה ע ר ץ קיין לייפּציג (32 בריוו) און צו אלקנס פאָטער — נפתלי הערץ קיין דעסוי (2 בריוו); אויסער דעם איז איין בריוו אַדרעסירט פון מענדעלסאָנס פרוי פרומעט צו אלקנס פרוי יוכבד קיין לייפּציג, מיט מענדעלסאָנס צושריפט.

ר' נפתלי הערץ, אָדער הערץ־יעקב מדעסוי, אַ קרוב פון מענדעלסאָנס מוטער, איז געווען אַ חשובער תושב אין דער דעסויער קהילה, אַ באַדייטנדיקער סוחר, וואָס האָט געפירט גרויסע געשעפטן ביי פאַרשיידענע פריצים אין זאַקסן. אויך זיין זון ר' אלחנן (אֶלקן) איז געווען אַ ייד אַ סוחר און פאַרמיטלער, זייער אָנגעזעען ביים הערצאָג פון זאַקסן פרידריך אויגוסט דעם ערשטן און האָט פון אים באַקומען פאַר זיך, פאַר דער פרוי, קינדער און משרתים אַ „פּריווילעגיע", וואָס האָט זיי באַפרייט פונעם „לייבצאָל" און אַנדערע ספּעציעלע שטייערן: אויפשלאַג־, געלייט־, שוץ־, וועג־ און בריקן־געלט. די קליינע צאָל בריוו צו ר' נפתלי הערצן (2 בריוו) דערקלערט זיך דערמיט, וואָס ניט ער און ניט מענדעלסאָן האָבן ניט געפונען פאַר נויטיק זיי אויפצוהיטן, און אלחנן איז נאָך דעמאָלט געווען צו יונג, כדי צו פאַרשטיין זייער ווערט. די אַנדערע 32–33 בריוו שיינען צו זיין דער גרעסטער טייל פון מענדעלסאָנס קאָרעספּאָנדענץ מיט אלחנען און בילדן, נישט געקוקט אויף פאַרשיידענע חסרס, עפּעס גאַנצס.

צו דער צייט, ווען ס'זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן מענדעלסאָנס געזאַמלטע שריפטן און בריוו (1843–1845), איז די דערמאָנטע קאָלעקציע געלעגן פאַרשלאָסן אינעם פאַמיליע־אַרכיוו פון אלחנן הערצס יורשים, און די אַרויסגעבער גופא פון מענדעלסאָנס שריפטן — זיין זון און אייניקל — האָבן וועגן איר גאָרניט געוואוסט. ערשט אין די זעכציקער יאָרן פאָריקן יאָרהונדערט האָט אלחנן הערצס אייניקל — יאָהאַנאַ גאָלדשמיד פון קאַסעל, נאָך אַליין אַ יידיש־רעדנדיקע און יידיש־לייענענדיקע פרוי, געפונען פאַר נויטיק צו מאַכן פון דידאָזיקע בריוו אַ דייטשישע איבערזעצונג, וואָס זאָל זיין פאַרשטענדלעך פאַר אירע קינדער, וואָס זיינען שוין געווען ניט גאַנץ באַהבנט אין יידישע אותיות. זי האָט — קאָנטיק אין אירע עלטערע יאָרן — דיקטירט די איבערזעצונג איר טאָכטער פּאַאולאַ און האָט דעם דייטשישן כתב־יד איבערגעגעבן צו קאָרעגירן דעם קאַסעלער ראַבינער ד"ר אַדלער. מיט דער דערלויבעניש פון דער פרוי יאָהאַנאַ און די ברידער גאָלדשמיד האָט ד"ר אַדלער געמאַכט אין יאָר 1859 שריפטלעכע מיטטיילונגען וועגן דערדאָזיקער זאַמלונג און אויך געבראַכט אייניקע אויסצוגן פון די בריוו. דורך זיין פאַרמיטלונג האָט מ. קייזערלינג זיי אויסגענוצט פאַר זיין מענדעלסאָן־ביאָגראַפיע און דעם גרעסטן טייל פון זיי גערמאַניזירט און פאַרעפנטלעכט, אַלס הוספה צו דער ערשטער אויפלאַגע פון זיין בוך וועגן מענדעלסאָנען [8]). נאָך קייזערלינגס פאַרעפנטלעכונג האָבן די יידישע אָריגינאַל־בריוו פאַרלוירן אין די אויגן פון די ווייטערדיקע יורשים זייער אינטימען, ריין־משפחהדיקן ווערט און האָבן אַריבערגעוואַנדערט אין דער פ ר אַ נ ק־ פ ו ר ט ע ר ש ט אָ ט־ב י ב ל י אָ ט ע ק, און די דייטשישע איבערזעצונג — אין דער שטאָט־ביבליאָטעק פון קאַסעל.

ביי אַ נאָענטער באַטראַכטונג פון קייזערלינגס בריוו־טעקסטן און ביים פאַרגלייכן זיי מיט די אָריגינאַל־בריוו וואַרפן זיך אין די אויגן פיל בלויזן און פעלערן, וואָס מאַכן זיי אומנוצבאַר. ס'איז מעגלעך, אַז דער גרויסער דייטש־יידישער געלערנטער האָט, ווי בכלל די יידישע ליבעראַלע אינטעליגענץ אין דייטשלאַנד, געקוקט מיט ביטול אויף דער „פאַרגרייזטער דייטשער שפּראַך" געשריבן מיט העברעישן כתב, און ער האָט דעריבער ניט מקפיד געווען ריכטיק און פּינקטלעך איבערצוגעבן די שטעלעס, וואָס זיינען אים געווען ניט קלאָר. עס איז אָבער לחלוטין ניט פאַרשטענדלעך, וואָס ביי דער אומגעהויערער ליבע צו מענדעלסאָנען, ביים גאַנצן יראת־הכבוד צו אים און זיינע ווערק, צו יעדער שורה פון זיין אייגענער האַנט, וועלכן קייזערלינג האָט אַרויסגעוויזן אין משך פון זיין מער אַלס פערציק־יאָריקער מענדעלסאָן־פאָרשונג, — האָט ער ניט געפונען פאַר נויטיק שפּעטער צו רעווידירן און פאַרבעסערן די פעלערן פון זיינע יונגע מיטטיילונגען. די פעלערן וואַרפן זיך אין די אויגן. אַזוי, למשל, דער ערשטער בריוו פון דערדאָזיקער זאַמלונג — דער בריוו פון „יום ב' ער"ח אדר ראשון תקכ"א" צו נפתלי הערצן קיין דעסוי — איז ביי קייזערלינגען בכלל נישט דערמאָנט [9]).

שוין אין דעם ערשטן — ווי קייזערלינג שטעלט זיך פאָר — בריוו פון מענדעלסאָנען צו ר' נפתלי הערצן (וועלכן מיר געבן דאָ אין פאַקסימילע) באַגעגענען מיר ביי קייזערלינ־גען טעותים טריט אויף טריט, אַנהויבנדיק פון דער דאַטע און ענדיקנדיק מיט דער לעצטער שורה (נומער דריי ביי קייזערלינגען, זייט 489 א״וו). דער צווייטער בריוו, וואָס קייזערלינג ברענגט (נומער פיר, זייט 490), איז אַדרעסירט נישט צו ר' נפתלי הערצן און איז דאַטירט נישט „סעפ־טעמבער 1769״, ווי ער גיט אָן, נאָר — צו אלחנן הערצן קיין לייפציג און שטאַמט פון אַ פיל שפּעטערדיקער צייט. דער טעות וואַרפט זיך אין די אויגן: אינעם טעקסט און אויפן אַדרעס שרייבט מענדעלסאָן בפירוש: „שלום לש״ב... כהר״ר אלחנן „Herrn Elk.״, ער רופט אים, ווי אין אַנדערע בריוו, „ליבר פעטר״ און גריסט ניט זיינע על־טערן, ווי געוויינטלעך אין זיינע פריערדיקע בריוו — דערפאַר ווייל ס'איז שוין געווען לאַנג נאָך זייער פטירה. אַ דריי־טער בריוו פון דער זאַמלונג, דאַסמאָל מענדעלסאָנס פרויס בריוו פרומעט צו אַלקנס פרוי יוכבד פון „ערב ראש־השנה תקל״ג״ (27 סעפטעמבער 1772), מיט מענדעלסאָנס צושריפט צו אלקנען, איז פון קייזערלינגען אָפּגעדרוקט אינעם טעקסט פון זיין מענדעלסאָן־ביאָגראַפיע (אין דער ערשטער, אַזוי אויך אין דער צווייטער אויפלאַגע) אַלס אַ בריוו פון פרומעט צו אַ חברטע אין לייפציג מיט דער דאַטע „ער״ה 5526 (Septbr. 1765)״; אין דער אמתן אָבער איז דער בריוו אויסדריקלעך אַדרעסירט צו אַלקן הערצן גופא, וועלכער איז צו יענער צייט (1765) נאָך געווען אַ יונגער בחור און געלעבט מיט די עלטערן אין דעסוי; ער האָט חתונה געהאַט ערשט אין פינף יאָר לערך אַרום, ווי ס'איז צו זען פון אַ ווייטערדיקן, פון קייזערלינגען דאַסמאָל ריכטיק דאַטירטן בריוו פון מענדעלסאָנען צום חתן מיט אַ דרשה־געשאַנק צום טאָג פון זיין חתונה[10].

מיר געבן דאָ דעם טעקסט פון דעם אויבנדער־מאָנטן בריוו פון מענדעלסאָנען צו ר' נפתלי הערצן קיין דעסוי.

„ב״ה [בעזרת השם] ברלין יו' ג' כ״ז תשרי תקכז״ל. שלו' לאדוני מחו' ה״ה האלוף הראש והקצין ח״ו [חכם ונבון] כש״ת [כבוד שם תפארתו] כהרר [כבוד הרב רבי] נפתלי יצ״ו [ישמרהו צורו וגואלו].

יא״ו [י״י אורי וישעי].

כתבו הנחמד הגיעני ושמחתי בשמעי מברי־אותו הטוב, כה יתן ה' וכה יוסף לנו ולכל בני משפחתינו אמן.

מ' [מן] השדוך, דער למכ״ת [למעלת כבוד תפארתו] פארגשלאגן ווארדן, ווערדי למכ״ת דען אמת זאגן כאשר עם לבבי. משפחת המדובר איזט למכ״ת בקאנט, דש כלל נישט אויש צו זעצן איזט, אביו ז״ל וואר איש צנוע ומעלי [-מעולה], גדול בתורה ובחכמה, וויא אויך אללי זייני ברידר אונד שוועגר קציני' מפורסמי', לומדי' אונד פרומי לייט זיינן. ער זעלבשט איזט עושר מופלג, ווירד מן העולם אויף ק״ן אלף ר״ט [רייכסטאַלער] טאַקסירט. וויא וואהל אויף דרגלייכן טאקסן ניט צו גיהן, זא איזט מיר דאך מימי' ימימה בקאנט דש ער עושר איזט, עכברא דשכיב אדינרא, דען איזט איין זעהר קאַרגר מאן, אונד פרדיהנט פיל געלד.

דש קרן איזט מיר אונבקאנט, ווייש אויך זויא פשוט ניט, וויא מיך דרנאך ערקונדיגן זאל, דען גיהי ניט גערן אויף אנדרי לייט איהן[ר] בריכט. יעדאָך ווען עש נעהר צור זאך קומט, זא ווערדי וואהל מיטל פינדן זיא זעלבשט צו זעהן. נור זאל מיך וואונדרן ווען דערזעלבי זיך רעזולפירן זאלטי זיין קינד נאך דעסוי צו געבן. ידעתי דש מכ״ת איין וואהל ערצאגן קינד האט, אונד וויא מיר ר' בצלאל זאגט עשרת אלפי' ר״ט לנדן געבן וויל, אהני אנדרי אוואנטאשן, מיט הין איזט קיין שדוך פר איהן צו גוט. אליין איך פירכטי דאך, דש גאר קיין שורש דראן איזט. ר' בצלאל איזט כהיו' אצלי גוועזן, אונד מיר גזאגט ער ווערדי קודם שבת תשובה נכונה בקומן. דיזר ר' בצלאל איזט אדם הגון ולמדן מופלג, איך וווינשי דש ע״י דבר הגון כזה צו שטאנד קומן מעכטי, דש דר עהרליכי מאן עטוואש פר דיהנט, (וואביי׳א) איך אבר ערביטי מיך בכל מאודי זיין בעשטש צו אבסערווירן כראוי, והנני תמיד לטובתו ולשרתו בכל מה דאפשר דברי מחו' הק' משה דעסאוי.

ושלו' לש״ב (לשארת־בשרי) הקצינה הגבירה מרת גיטל ת״י. הקצינה מ' ריזכא אשת ר' הירש רבי יצו ווירד למכ״ת שני לוידאהר צו שטעללן, וועלכי גיטיגשט ליד אחותי ת״י צו געבן ערזוכי, ווינשי איבריגנש וואהל אונד פרגניגט צו לעבן, זוגתו ת״י גריסט ז״פ (זייער פריינדלעך). וויא אויך לבנם הבח' (הבחור) אלחנן יצ״ו״.

דער דאָזיקער בריוו איז הן לויט זיין פאָרם און הן לויטן אינהאַלט זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער דע־מאָלטיקער צייט און פאַרן דעמאָלטיקן לעבנס־שטייגער. ער באַווייזט קלאָר, ווי שטאַרק מענדעלסאָן איז געווען פאַרבונדן מיט דער יידישער פאַמיליע־סביבה און אירע טאָג־טעגלעכע אינטערעסן. דער ענין ש י ד ו ך פאַרנעמט אינעם יידישן משפחה־לעבן פון די פאַריקע יאָרהונדערטן אַ זייער באַדייטנדיקן אָרט. מענדעלסאָן שטייט פאַר דער דאָזיקער דערשיינונג ניט פאַסיוו, ער נעמט אַליין אָן אַקטיוון אָנטייל אינעם ענין פון „זווג זיווגים״. ר' נפתלי הערצן, דעם חשובן און פאַרמעגלעכן דעסויער קהל־מאַן („ראש וקצין״), ווערט פאַרגעלייגט פאַר זיין זון אַ שידוך

מיט אַ בערלינער יידן; ער שרייבט צו מענדעלסאָנען, זיינעם אַ קרוב, וועגן דעם ענין און זוכט פון אים אַן עצה און פרטים וועגן דער כּלהס משפּחה. מענדעלסאָן, וועלכער איז שוין צו יענער צייט געווען באַקאַנט אַלס באַדייטנדיקער דייטשישער שריפטשטעלער און געלערנטער, וואָס האָט געהאַט דעם מוט עפנטלעך צו קריטיקירן די "Poésies Diverses„ פון פרידריך דעם גרויסן, וועלכער האָט שוין באַקומען אַ אויסצייכענונג-פּרייז פון דער „קעניגלּיכער אַקאַדעמיע דער וויסנשאַפטן" פאַר זיין פילאָזאָפישער אַרבעט „איבער די עווידענץ אין מעטאַפיזישע וויסנשאַפטן", — פילט זיך דאָך פאַרבונדן מיט זיין געבורט־שטעטל און אירע תושבים, וועלכע ער האָט פאַרלאָזן נאָך מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק, אַלס אַן אָרעמער בר־מצוה-ייִנגל, נאָכלויפנדיק זיין רבין ר' דוד פרענקל קיין בערלין צו לערנען ביי אים תורה. ער געדענקט נאָך זייער גוט זיין אַלטן מלמד „ר' הירש רבי"[11] און זיין פרוי „הקצינה ריזכא", מיט וועלכער ער זעט זיך בשעת זי קומט קיין בערלין. זייענדיק פאַרטיפט אין פאַרשיידענע פילאָזאָפישע פּראָבלעמען און ספּעציעל אין זיין ווערק „פעדאָן", וועלכן ער האָט דעמאָלט געשריבן, פאַרנומען, פון דער צווייטער זייט, מיט דאגות־פּרנסה און מיט קהלשע זאַכן, — איז ער דאָך מוכן ומזומן זיין „בעשטש צו אבסערווירן כּראוי" און זיך פאַרנעמען מיטן שידוך. ער גיט אָן די נויטיקע פּרטים וועגן דעם מחותּן דעם עושר, וועגן דעם, אויף וויפיל ער ווערט „טאַקסירט", ס'מיינט אָפּגעשאַצט, דערביי באַרירט ער איראָניש זיין קמצנות. די כּלה זעלבסט, אָדער, ווי ער רופט זי בלשון השדכנים, דעם „קרן" — קען ער ניט; כּדי צו זאָגן וועגן איר אַ באַשטימטע מיינונג מוז ער זי אַליין, בעיניו ממש, זען, ווייל ער האָט ניט ליב צו פאַרלאָזן זיך אויף פרעמדע מיינונגען. ס'איז גאָר ניט אַזוי לייכט, ביי דער קליינער צאָל יידישע משפּחות אין בערלין, צו קלייבן בסוד-סודות גענויע ידיעות וועגן אַן אָרטיקן גבירס אַ טאָכטער. אין די זעכציקער יאָרן פונעם 18טן יאָרהונדערט איז בערלין נאָך ניט געווען דער צענטער, וואוהין ס'האָבן זיך געצויגן די יונגע משכּילים, און די יידישע טאָכטער האָט נאָך ניט געפילט אַזוי שטאַרק דעם חילוק צווישן דער פּראָווינץ און דער הויפּט־שטאָט; ס'וועט אָבער זיין אַ חידוש, מיינט מענדעלסאָן, ווען אַ בכבודיקער בערלינער גביר וועט דאָך וועלן לאָזן זיין טאָכטער באַלד נאָך דער חתונה פאָרן צום מאַן און שווער אין אַזאַ קליינעם ישוב ווי דעסוי. צי ס'וועט עפּעס אַרויסקומען פונעם שידוך ווייסט מענדעלסאָן ניט, אָבער ער באַרואיקט זיין מחותּן, אַז דער טייל, וועלכן ר' נפתּלי איז גרייט צו געבן פון זיין צד דעם בן־יחיד צו דער חתונה און אויך די רווחים, וועלכע ער וועט באַקומען אין זייערע בשותּפותדיקע געשעפטן — איז די והותר, כּדי דאָס יונגע פאָר פאָלק זאָל קענען דאָ בהרחבה לעבן. דער חתן זעלבסט, אלחנן, ווי מיר וועלן שפּעטער זען, אַ „זיידענער בחור", אַ משכּיל און א בר־דעת אין עניני־מסחר, איז ווערט געווען („יאה ונאה") פאַרן בעסטן שידוך. געוויס איז ער — מענדעלסאָן — פון זיין זייט מוכן ומזומן אין דעם ענין מיטצווירקן, ווען ס'וועט נאָר זיין אין דעם אַ נויט; די אייגנטלעכע שדכנות־טרחה האָט אויף זיך גענומען דער „למדן מופלג" ר' בצלאל, און מענדעלסאָן איז צופרידן, וואָס דורך דעם „דבר הגון" וועט דער „אדם הגון", דער ערלעכער ר' בצלאל, עפּעס קענען פאַרדינען. אַז אַזאַ מין „דבר הגון" האָט צופעליק פאַרהאָלפן משה מענדעלסאָנען גופא, מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, צו שטעלן זיך אויף די פיס און ווערן אַ שותּף ביי דער אַלמנה פון זיין בעל־הבית (איזאַק בערנהאַרד, אָדער – בערמאַן צילץ) אין דער זיידן-פאַבריק – איז נאָך אַן אומבאַקאַנטער פאַקט, אויף וועלכן מיר קענען דאָ לײַדער זיך ניט אָפּשטעלן גענויער.



אין אַ שריפטלעכן דאָקומענט פונעם 6טן פעברואַר 1769, וועלכער געפינט זיך אין דעם יידישן מוזיי אין ווין און אונטער וועלכן ס'איז געחתמעט משה מענדעלסאָן אינאיינעם מיט זיין פריינט שלמה זלמן (רינטל?), ווערט דערציילט וועגן זייער פאַרמיטלונג אין אַ לאַנגן און פאַרוויקלטן דין־תּורה צווישן דעם באַרימטן בערלינער גביר ר' פייטל אפרים און דעם „פּרנס ומנהיג כ"ה רפאל". מענדעלסאָנען און זיין פריינט האָט זיך איינגעגעבן ניט נאָר צו מאַכן אַ פולשטענדיקע פּשרה צווישן די צוויי גבירים, נאָר אַפילו זיי משדך צו זיין. „דורך אונזרי באַמיהונג — ווערט געזאָגט אינעם „פּראָמעמאָריאַ", וועלכן מיר ברענגען דאָ אָן קיצורים אין דער הוספה — איזט איין שדוך אונד איין פשר [פּשרה] צו שטאַנד געקומען". מיר ווייסן ניט, צי מענדעלסאָן און זיין פריינט האָבן גענומען געלט פאַר זייער שדכנות. זיי שרייבן אין דעם דערמאָנטן דאָקומענט, אַז „פר אונזרן טייל [אינעם שידוך] מאַכן מיר ווניג אָדר גר קיינה רעכנונג דארויף". אָבער קאָנטיק, אַז אַלס שכר־טרחה ביי דער פּשרה אינעם סכסוך האָט יעדערער פון זיי באַקומען צו פערצן הונדערט טאָלער „גביהרן", דאָס מיינט רח"ש — גאָר ניט קיין אומבאַדייטנדיקער סכום פאַר יענער צייט[12].

אויך אין דער בערלינער הייראַט־געזעלשאַפט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1779 און וואָס האָט געהאַט דעם צוועק מאַטעריעל צו העלפן אירע מיטגלידער אויסצוגעבן זייערע טעכטער און פאַקטיש דערפילן די פונקציעס פון „חברת הכנסת-כּלה" פאַר אומפאַרמעגלעכע בעלי־בתּים, האָט מענדעלסאָן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל, אַלס איינער פון אירע גרינדער און טוער. ווי מיר זען, האָט מענדעלסאָן געלעבט מיט די אַלטע טראַדיציעס וועגן משפּחה־לעבן און האָט זיי געזוכט צו פאַרוואָרצלען אויך אין זיין אייגענעם הויז, ניט געקוקט אויפן נייעם גייסט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן באַמערקן אין דער בער־

לינער יידישער געזעלשאַפט. אין אַ גרויסער מאָס האָט דאָס געפירט צו דער לעבנס־טראַגעדיע פון זיינע טעכטער, וועלכע האָבן פאַר זיך געזען אַן אַנדער נייע וועלט, אַנדערע פאָרמען פון לעבן און באַציאונגען, האָבן זיך אויסגעדרייט מיטן פנים צום נייעם און ענדלעך אינגאַנצן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די משא פון דער אַלטער טראַדיציע און דערמיט אויך די יידישקייט בכלל.

אין עטלעכע יאָר אַרום, ר״ח ניסן תק״ל (1770), שרייבט מענדעלסאָן פון בערלין קיין דעסוי אינעם טאָג פון אלחננס חתונה אַ ספּעציעלן ידידות־בריוול צום חתן אַליין:

„אהובי שאר־בשרי ידידי ה״ה הקצין התורני המרומם כש״ת כהר״ר אלחנן". — „כחק המוגבל איזט כהיום יום חתונתו ויום שמחת לבו אונד איך ווינשי דש בייא אנלאנגן דיזש שרייבנש בשמחה ובטוב לב צעלעברירט [געפייערט], אונד ש״ב ידידי ש״י אין דען נייאן שטאנד, אין וועלכן ער גטרעטן, פרגניגט אונד גליקליך זיין מעגי, יראה זרע יאריך ימים, עם אילת אהבי' ויעלת חן, רחוק מפניני' מכרה". ער בעט אים אָנצונעמען „לדורון דרשה" [דרשה־געשאַנק] אַ „תקון סופרי' מן ר' איציק פרעמסלוי", וועלכן ער שיקט אים עקסטרע אין אַ פּאַקעט. ס'וואָלט אייגנטלעך נויטיק געווען צו שיקן אַלס מתנה אַ „כלי־כסף" און ניט קיין חומש, „ואולם יקרה היא מפניני', טוב סחרה מסחר כסף וכו'" און ער ווינשעוועט אים: „ומעתה ישמח את אשת' אהוב' אשר לקח, ויה״ר שישקוד על דלתי התורה והחכמה ותהי תורת ה' שעשועיו, מנאי המוכן לשרתו ולטובתו".

דעם חתנס פאָטער און מוטער — ר' נפתלי און מרת גיטל שרייבט ער צו פון זיך און פון זיין פרויס נאָמען אַ גרוס מיט אַ מז״ט און ווינשט זיי: „יה״ר שיזכו לראות בני בני' עוסקי' בתורה ובמצות, אמן" — אייניקלעך לומדים און פרומע יידן.

סוף 1770 פאָרט אלחנן אַריבער מיט זיין פרוי און עלטערן קיין לייפּציג און הייבט אָן אַפּנים אָנצופירן מיט זיין פאָטערס געשעפטן. אין איין בריוו צו אלחנען געפינען מיר ביים סוף אייניקע שורות צו זיין פאָטער, וועלכע מיר געבן דאָ איבער:

ושלו' לאביו הקצין המופלא ש״י ולאמו ש״ב הקצינה הגבירה ת״י.

איך האבי פר אייניגר צייט אן פרעזידענט שטובן רויך נאָך דעסוי געשריבן, אונד איהן ערזוכט, דיא זאכי מאחותי ז״ל בדין ישראל אוישמאכן אונד בשלייניגן צו לאזן, בתשובתו האט מיט פילר העפליכקייט פרשפראכן, עש צו טוהן, האט אויך ווירקליך קהל צו זיך קומן לאזן, אונד מיט איהנן דעסוועגן גשפראכן. ווען אלזא מה״ו הקצין ש״י עטוואש דאצו ביי טראגן קאן, דש לגמר טוב קומט, ביטי ניט צו נעגלישירן [פאַרנאַכלעסיקן]. איזט מצוה רבה אן אחי מוהר״ר שאול יצ״ו[18].

מענדעלסאָנס ווענדונג צום דעסויער פּרעזידענט שטובענרויך, וועגן וועלכער ער דערמאָנט אין דעם בריוו, ווי אויך די תשובה אויף דעם זיינען ליידער צו אונז ניט דערגאַנגען און מיר ווייסן ניט גענוי דעם ענין פון זיין איינציקער פאַרשטאָרבענער שוועסטער, וועגן וועלכן ער שרייבט דאָ.

III

נאָכדעם ווי אלחנן הערץ איז אַריבערגעפאָרן קיין לייפּציג האָט זיך צווישן אים און מענדעלסאָנען אָנגעהויבן אַ רעגולערע קאָרעספּאָנדענץ, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף אַ משפּחהדיקער, קאָמערציעלער און גייסטיקער פריינטשאַפט. פונעם יונגען בחור דעם משכיל ווערט מיט דער צייט אַ „קצין", אַ זעלבשטענדיקער סוחר און פאַרמיטלער ביי די גרעסטע זאַקסישע פּריצים, אַ פאַמיליע־פאָטער און קהל־מאַן. משה מענדעלסאָן הויבט שוין איצט אָן זיינע בריוו צו אים מיט דעם געוויינטלעכן נוסח: „לאהו' ש״ב ידידי ה״ה הקצין התורני המרומם כש״ת כהר״ר אלחנן יצ״ו", אָדער: שלו' לידידי וחביבי ש״ב ה״ה האלוף המרומם הקצין", אָדער: „שלו' לידידי... האלוף הקצין המשכיל כהר״ר" וכדומה. אין קיין איין בריוו פאַרגעסט ער ניט צוצושרייבן פון זיין און דער פרויס נאָמען אַ וואַרימען גרוס „לזוגתו אהו' הגבירה ת״י". ביי מענדעלסאָנען איז אַזאַ אָנפרעגן זיך אויף דער פרוי געווען ניט קיין פּוסטע פאָרם און איז ניט געמאַכט געוואָרן נאָר צוליב יוצא זיין. ביי דער גייסטיקער פריינטשאַפט, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט אין דער קאָרעספּאָנדענץ און פּערזענלעך צווישן אים און אַ רייע געבילדעטע און באַקאַנטע אַדעליקע פרויען פון יענער צייט אין דייטשלאַנד, ווי עליזאַ ריימאַרוס, דאָראָטעאַ פאָן קורלאַנד, עליזע פאָן דער רעקע, סאָפיע בעקער און אַנד., האָט ער געהאַט אַ באַזונדערן יראת־הכבוד פאַר דער יידישער פרוי, וועלכע שפּילט אַ גרויסע ראָלע ביי דער פאַן־מירונג פונעם משפּחה־לעבן. ער האָט הויך געשטעלט אירע פעיקייטן ניט נאָר אין פירן דאָס הויז, נאָר אויך אין מסחר און אויפן געזעלשאַפטלעכן און אַנדערע געביטן.

מיר ווייסן לחלוטין גאָרנישט וועגן דעם לעבן און כאַראַקטער פון מענדעלסאָנס מוטער שרה־רחל, ווי אויך וועגן זיין באַציאונג צו איר, כדי מיר זאָלן קענען פעסטשטעלן איר ווירקונג אויף זיין פּסיכישער אַנטוויקלונג בכלל און אויף זיין באַציאונג צו דער יידישער פרוי בפרט.

די ערשטע קאַפּיטלעך פון זיין ביאָגראַפיע — די ביז־לעסינגישע תּקופה פון זיין לעבן — זיינען נאָך בכלל כּמעט ווי נישט אויסגעפאָרשט. אָבער, ווי מ'קען פאַרשטיין, האָט דער יונגער מענדעלסאָן נאָך אין זיין היימישער סביבה און אין דער אייגענער משפחה געזען פאַר זיך דעם טיפּ פון אַ יידישער אשת־חיל. אַן אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט איז געווען זיין אייגענע באָבע — זיסע, וועלכע ער האָט אָבער ניט געקענט, ווייל זי איז גע־שטאָרבן אין אַ יאָר אַרום נאָך זיין געבוירן. זי איז געווען די טאָכטער פון מנחם מן פון קאַליש; איר מאַן שאול וואַהל, — ד. ה. משה מענדעלסאָנס זיידע, וועלכער האָט געשטאַמט פון דעם באַרימטן שאול וואַהל און האָט געטראָגן דעמזעלביקן נאָמען — איז געשטאָרבן מיט 13 יאָר פאַר איר. זיי האָבן געלעבט אין דעסוי נאָך איידער ס'איז אַהין אָנגעקומען איר שוועסטער־קינד, דער בערלי־נער און שפּעטער דעסויער הויף־פאַקטאָר משה־בנימין וואולף, נאָך וועלכן מענדעלסאָן האָט באַקומען זיין נאָמען. אין אַ משך פון קאַרגע פופציק יאָר (1682—1730) איז זיסע וואַהל געווען אַ באַזוכערין פון דער לייפּציגער מע־סע, און נאָך אינעם יאָר 1729, קורץ פאַר איר טויט, פאָרט זי קיין לייפּציג און ווערט אין דער דאָרטיקער מעסע־רשימה אריינגעטראָגן, אַלס די פאַרטרעטערין פון דער פאַמיליע אָפּענהיים אין דעסוי. געוויס ניט אָן איר מיט־ווירקונג האָט איר מאַן באַקומען אינעם יאָר 1696 אַ דערלויבעניש צו עפענען די ערשטע בראָנפן־פאַבריק אין זאַקסן [14]. מענדעלסאָנען איז אויך זיכער געווען באַקאַנט די פּערזענלעכקייט פון דער באַרימטער גליקל האמעל — די באָבע פון זיין ערשטן בערלינער לערער און פריינט אהרן עמעריך (ד"ר גומפּערץ). וועגן דער פיל באַוואונ־דערטער, ענערגישער פּרייסישער „האָף־יודין" אסתּר יאָסט ליבמאַן און אירע מעשים האָט ער געקענט הערן נאָך אין זיין געבורטשטאָט דעסוי. זי האָט דעמאָלט געפירט אַ לאַנגע צייט גרויסע פּראָצעסן מיט דעם אויבנדערמאָנטן דעסויער הויף־פאַקטאָר משה־בנימין וואולף און האָט אָנ־געטאָן פיל צרות זייער משפחה (זע: מ. קייזערלינג, „די יודישע פרוי", ז. 108 א"וו. אויך פרוידענטאַל, „אויס דער היימאַט מענדעלסאָנס", ז. 21—23, 29—33, 45—46).

מיר זעען, אַז ווי אין דעסוי, אַזוי אויך אין בער־לין האָט מענדעלסאָן געטראָפן די יידישע פרוי ניט נאָר אַלס אשת־חיל, אַלס איבערגעגעבענע מוטער און טרייע פרוי, וואָס פירט די שטוב, דערציט די קינדער, גיט צדקה און טיילט מיט איר מאַן אַלע שוועריקייטן פונעם לעבן, נאָר אויך גאַנץ אָפט — אַלס די ברויטגעבערין און פירערין פון דעם מאַנס געשעפטן, וועלכער האָט געקענט אַדאַנק דעם זיך מער אָפּגעבן מיט עבודת הבורא, מיט לערנען און מיט קהלשע זאַכן. מענדעלסאָנס באַלעבאָסטע און שפּעטערדיקע שותּפטע, די אלמנה פון איזאַק בערנהארד, האָט יאָרנלאַנג אָנגעפירט מיט דער זיידן־פאַבריק, אין וועלכער מענדעלסאָן איז געווען תּחילת אַ בוכהאַלטער; די פרוי פון זיין אַמאָליקן מלמד „ריזכא [רייזעלע?] אשת ר' הירש", פון וועלכער ס'איז שוין אויבן געווען די רייד, אויך זיין פרוים שטיפמוטער פייגל גוגענהיים, די פירערין פון איר מאַנס געשעפט אין האַמבורג, — די אַלע פרויען זיינען ניט געווען קיין זעלטענע דערשיינונג אין יענער צייט. מענדעלסאָנס פרוי גופא, פרומעט, די טאָכטער פון אברהם גוגענהיים אין האַמבורג, וועלכע איז געווען (ווי ער אַליין שרייבט, זייענדיק נאָך אַ חתן, אין אַ בריוו צו לעסינגן) אָן פאַר־מעגן, „וועדער שעהן נאך געלעהרט", און וועלכע אי. אים געווען ליבער פון די רייכע בערלינער טעכטער, — האָט אויך געהערט צו דעם טיפּ יידישע פרויען. מיט איר פלעגט ער זיך מיישב זיין וועגן אַלע מסחר־ענינים. זי פלעגט אַליין אָנפירן מיט זיינע געשעפטן אין דער צייט פון זיינע נסיעות, אָדער אין די אָפטע הפסקות בעת זיין קראַנקייט. דערביי פלעגט זי אויך אין זינען האָבן די שטוב און האָט געשאַפן יענע געמיטלעכע און שטילע אַטמאָספער, אין וועלכער מענדעלסאָן האָט זיך געקענט רואיק אָפּגעבן מיט זיינע פילאָזאָפישע און אַנדערע ווערק.

דאָס יידישע פאַמיליע־לעבן איז פאַר מענדעלסאָנען געווען דער אידעאַל. די ידיעה, אַז הערץ האַמבערג האָט געשריבן תּנאים (תּנאים־ראשונים), דערפרייט אים זייער, און די עצות, וואָס מענדעלסאָן איילט זיך אים צו געבן בנוגע דעם יידישן טראַדיציאָנעלן פאַמיליע־לעבן, זיינען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר אים. ער שרייבט צו האָמבערגן:

„אַם ענדע איזט עס דאָך נור דאַס הויזליכע לעבען, אין וועלכעם דער מענש גליק און בערוהיגונג פינדעט (אונטערגע־שטראָכן פון אונז). זעלבסט דאַס אונאַנגענעהמע אונד בעשווערליכע דעס הויזליכן שטאַנדעס האט, ווען וויר צו געוויסן יאַהרען געלאַנגען, וועניגער פירכטערליכעס פיר אונז, אַלס דאס וואַקואום איי־נעס עהעלאָזען אַלטערס... אַלזאָ וואָהלגעטהאַן, בעס־טער האָמבערג! אָהנע אַללע ריקזיכט אויף דאס גלענצענדע אָדער ניכטגלענצענדע דער אויסערען אומשטענדע וואָהלגעטהאַן! זיא וויססען, ווי וועניג איך זעלבסט ביי מיינער וואַהל היראויף געזעהען" [15].

פאָרנדיק אין אויגוסט 1778 קיין סטרעליץ מיט זיין פרוי און עלטערן זון יוסף צו זיין גוטן־פריינד און שפּעטערדיקן מחותּן, דעם הויף־פאַקטאָר ר' נתן מאיר כ"ץ, האָט זיך מענדעלסאָן אָפּגעשטעלט ביי זיין פריינט און קרוב ר' לייב אין פירסטענבערג און האָט דאָרטן געטראָפן אלחננס פעטער מיט זיין פרוי. אין זיין בריוו צו אלחננען, פון ב' אלול תּקל"ח, שרייבט ער וועגן דעם:

„שם מצאתי את אחי אביו ז"ל, דער זיך עם
זוגתו אחות אשת ר' ליב הנ"ל דא זעלבשט אויף
האלט, אונד צו עטאַבליהרן [זיך באַזעצן] גדענקט,
וויא מיר דרזעלבי בריכטעט, האבן איהם ש"ב ש"י
פרשפראכן, וועו ער זיך אירגנדוואו צו עטאבליהרן
גלעגנהייט האט, איהם צו אסיסטיהרן [העלפן],
ובקש מאתי איהם דורך מייני אונטרשריפט צו
אַטעסטיהרן. וויא איך עש צו פירשטן בערג גפונדן.
אמת ניתן להכתב, דש מקום הנ"ל דעם אַנזעהן
אונד פרלויט נאך מקום מחי' [מחיתו] זיין זאָל.
חריות [וואוינרעכט, חרות–חריות] מהאדון דופס יר"ה
קאן איהם גיסו ר' ליב הנ"ל לייכט פרשאפן, אונד
וועו ער עטוואש אין הענדן האט, זא קאן ער זיך
וזוגתו וואהל שם ערנעהרן, בזונדרש שיינט מיר
זוגתו זעהר גשיקט צו זיין, לתת טרף לביתה,
ולהבי' ממרחק לחמה. איך האבי מיך צוואהר צו
פירשטן בערג נור עטווא ששה שעו' אויף געהאלטן,
עללייז דש שפריכוואָרט זאגט: איין גאַסט אויף
אייני ווייל‎ע וכו'... וועו זיא אלזו עטוואש לטובת שארו
ובשרו צו טוהן בשלאסן, זא בליבען זיא נור מיט
[־מיר] אורדר [אויפטראג] צו געבן" 16).

ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז מענדעלסאָן שיקט זומער
זיין פרוי, וועלכע האָט אין משך פונעם יאָר אויסצוטראָגן
אַזוי פיל אויף אירע פּלייצעס, אויף אַ „קוראָרט", ניט
ווייט פון בערלין. אין זיין בריוו צו אַלחנען, פון כ"ט סיון
תקל"ב, שרייבט ער צו צום סוף פאָלגנדיקע פאַר ווערטער:
„זוגתי ת"י בפינדט זיך ניט אין דר שטאט. טרינקט איינן
ברונן אויף ר' אייזק דעסוי זיינר פאַבריק, זי פרמעלדט
אינדעסן איהרי דינסטליכי עמפעהלונג לו ולזוגתו הקצינה
ת"י". דער דערמאָנטער אייזיק דעסוי, וועלכער רופט זיך
אָפיציעל אין די בערלינער אַרכיוו-אַקטן איזאַק בנימין
וואולף, איז געווען אַ גרויסער גביר און פאַבריקאַנט
(דניאל איציגס אַ שוואָגער). אין דער צייט פונעם זיבנ־
יאָריקן קריג איז ער באַקאַנט געוואָרן דורך זיין גרויסער
הלוואה דער שטאָט לייפּציג, שפּעטער – דורך זיין „גע־
נעראַלפּריווילעג" פון 1765 און דורך זיינע דריי זיידן־
פאַבריקן – אין בערלין, פּאָטסדאַם און בערנאַו. ער האָט
געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע אינעם לעבן פון דער
בערלינער קהילה, אַלס פרנס ומנהיג, און איז געווען
מענדעלסאָנס אַ בן־עיר און אויך אַ גוטער־פריינט און
חבר, און האָט מיט אים צוזאַמען געגרינדעט די אויבנ־
דערמאָנטע „חברת הכנסת־כלה". מיט אייניקע יאָר שפּע־
טער האָט מענדעלסאָן זיך צו אים געווענדט, דורך דוד
פרידלענדערן, מיט אַ השתדלות פאַר נפתלי־הערץ וויזע־
לען, וועמען מ'האָט געזאָלט אַרויסשיקן פון בערלין פאַר
זיינע באַרימטע פּעדאַגאָגישע בריוו 17). אָט ביי דעם אייזיק
דעסוי אויף דער פאַבריק האָט מענדעלסאָנס פרוי זיך
קורירט („טרינקט איינן ברונן") – דאָס איז געוויס געווען
אויף זיין זיידן־פאַבריק אין פּאָטסדאַם. אַדאַנק איר ברונ־
נען איז די שטאָט פּאָטסדאַם שפּעטער דורך פרידריך
ווילהעלם דעם דריטן דערקלערט געוואָרן פאַר אַ קוראָרט,
צו מענדעלסאָנס צייט איז עס נאָך אָבער געווען בחזקת
פון אַ פּשוטן ברונעם, וואָס איז געלעגן אינעם שטח פון
אייזיק דעסויס פאַבריק און געגאָלטן אַלס זיין אייגנטום.
און נאָך איידער די דאָקטוירים האָבן אויסגעפונען דעם
קורווערט פון דעם ברונעם, האָבן זיינע מקורבים געמאַכט
פון אים אַ פּריוואַטן „פאַמיליען־קוראָרט" פאַר זייערע
פרויען, און אויך פרומעט מענדעלסאָן איז דאָ געווען
צווישן די דאַמען „אויף דער קור".

מענדעלסאָן באַציט זיך אויך וואַרעם צו זיינע יונגע
און נייע קרובים – די קינדער. אין אַ בריוו פון ר' חדש
סיון תקל"ב צו אַלחנען בעט ער גריסן „זיי־ קליינע
מוהמי פעגלכי", וועלכע האָט צו יענער צייט קוים גע־
קענט זאָגן „טאַטע־מאַמע". בתשובה אויף דער ידיעה אין
אַ צייט אַרום, אַז ביי אַלחנען איז געבוירן געוואָרן אַ
בן־זכר, איילט ער זיך אָפּצוגעבן אים אַ וואַרעמען מזל־
טוב, גאָר אינעם טראַדיציאָנעלן גייסט. אין דעמדאָזיקן
בריוו, וואָס איז ליידער דערגאַנגען צו אונז אַ זייער צע־
שעדיקטער און אָן אַ דאַטע, שרייבט מענדעלסאָן:

„מגי"ת [מגלילות ידיו הנכבדות] מני יו' ג'
העבר האָבן [מיר] מיט ניט גרינגס [פרגניגן פרנא־
מען די גליקליכי] ענטבינדונג מזוגתו הנעימה אונד
וואהל בפינדן... הבן הזכר הנולד לה למז"ט. השם
יזכם לגדלו לעבודתו וליר[את אתו] בלב שלם,
פי זה כל האדם. פר דיא מיטטיילונג דיזר אַנגר־
נעהמן [נאכריכט בין] זעהר פרפליכטעט, איך ערד־
זעהי דאראיש, דש זיא אונש אין גוטם אנד[ענקן
האבן] וואמיט צו קאנטינאירן ערזוכי".

דאָס מאָל פילט פאַר נויטיק אויך פרומעט, וועלכע
איז ניט געווען קיין כתבא רבא, צוצושרייבן אַ פּאָר
ווערטע־ פון זיך:

„מיין קאָמפּלימענד, אונד מזל וונש אן אינען
זעמליך.

עש האט מיך ניט וועניג געפרייט ווידר נאך
גייעש פון אינען צו האָבין אונד דאצו זייא איינר
ער פרייאלכעש השב"ה געבן אינען פערנר פילה
(שמכ) שמחות, אונד לאס אינען אירה קינדער צו
אַלען גוטן ערציהן. מיט ווינשוננ איינר געזונד
הקימפעט [דער קימפּעטאָרין] בין איך וויא וויא
יעדר צייט אירע פריינדן פרומט".

פון זיין זייט איז מענדעלסאָן אויך מודיע אַלחנען
וועגן זיינע פאַמיליען־שמחות. אייניקע וואָכן נאָך דעם גע־
בורט פון זיין צווייטן זון אַברהם (דער פאָטער פון קאָמ־

פּאָזיטאָר פעליקס מענדעלסאָן-באַרטאָלדי) שרייבט ער צו אלחנען אין אַ בריוו: מש״ק ד׳ שבט תקל״ז. וכה״ג [וכהאי גוונא] מזוגתי ת״י, דיא כהוים שולגאנג גהאלטן מבן זכר אשר ילדה למז״ט בער״ח טבת העבר. השם יזכנו לגדלו לעבודתו וליראתו אמן״. אין אַ שפּעטערדיקן בריוו, פון כ״ח סיון תקל״ח, צוויי וואָכן נאָך דער געבורט פון זיין יונגסטער טאָכטער זיסכא, שרייבט ער אים: „ד״ש כנהוג, אימגלייכן מזוגתי היולדת ת״י״.

מיר זעען, אַז מענדעלסאָן ווינשט זיין פריינט צו דערציִען דעם בן-זכר לעבודת הבורא און צו גוטע מדות און ניט צו רייכטום און כבוד. דאָס איז די טראַדיציאָנעלע יידישע ברכה — זעען די קינדער פריער פאַר אַלץ לומדים, פרומע און ערלעכע לייט.

אָפט זיינען די בריוו געשיקט געוואָרן ניט דורך דער פּאָסט, וועלכע פלעגט אָפּגיין פון בערלין קיין לייפּציג צוויי מאָל אין דער וואָך, נאָר דורך באַקאַנטע, פריינט און פרעמדע לייט ביי אַ געלעגנהייט. הגם די „יידישע פּאָסט" איז כלל ניט געווען שנעלער און זיכערער פון דער „קיניגליכער". די דאָזיקע פּריוואַטע בריוו-ברענגער זיינען דאָס רוב געווען מענטשן, וואָס האָבן באַדאַרפט אַ מאַטעריעלע שטיצע, אַ גמילת-חסד וכדומה טובה פינעם חשובן לייפּציגער גביר און משכיל, האָבן זיך געגוויטיקט בכלל אין די עצות פון אַ געניטן און גרויסן סוחר, אָדער וואָס האָבן געזוכט באַקאַנטשאַפט מיט אַ גאַסטפריינטלעכער יידישער פאַמיליע אין אַ נייער און פרעמדער שטאָט. צווישן מענדעלסאָנס בריוו-משולחים געפינען מיר הן עלטערע מיושבדיקע יידן, רבנים, סתם למדנים, מחברים, וואָס פלעגן אַרומפאָרן מיט זייערע חיבורים און „פּרענומעראַנטן-ליסטעס", ווי אויך אומערפאַרענע יונגע סוחרים, וואָס ווילן גלייך נאָך דער חתונה ווערן באַלעבאַטים פאַר זיך און פאָרן צום ערשטן מאָל זוכן גליק אין דער ברייטער וועלט און פאַרזוכן דעם טעם פון דער וועלט-באַרימטער לייפּציגער מעסע.

וועגן איינעם פון דעם מין משולחים-למדנים שרייבט מענדעלסאָן אין זיינעם אַ בריוו, פון תמוז תק״ל, קאָנטיק מיט דער כוונה צו פועלן פון זיינעטוועגן עפּעס ביי אלחנן:

„מכ״ז (מוסר כתב זה) איזט אב״ד דק״ק ניי-וואָרט [נייוויעד], אחי הרב המוסמך אב״ד דק״ק קליווא, וועלכר מיר פון גוטן פריינדן רעקומענדירט ווארדן, ופלפלתי עמו בחכמה, ומצאתי שהוא מלא דבר, ובקי בפוסקי׳. דיזר האָט מיך אום אדרעסי לידו ערזוכט, וועלכש איהם ניט האבי פרווייגן וואָלן. ומצוה לכבדו ולהדרו שהוא בן גדולי׳ כרעא דאַבוהו המפורסם בחבוריו, והוא ממשפחתנו המיוחסת, נין ונכד לבעל המפה ז״ל, כאשר יעידו כתביו, והי׳ אם יבואו דבריו אל׳ כבד אכבדהו כיד ה׳ הטובה עלי׳. מנאי המוכן לטובתו כ״ד הקטן משה בהר״ר מנחם מענדל ז״ל״.

דערדאָזיקער בריוו איז פאַר אונז זייער וויכטיק באַזונדערס דערפאַר, ווייל דאָס איז די איינציקע אונז באַקאַנטע שטעלע, אין וועלכער מענדעלסאָן שרייבט אויסדריקלעך וועגן זיין אָפּשטאַמונג פונעם רמ״א — דעם באַרימטן קראָקעווער רב פונעם 16טן יאָרהונדערט ר׳ משה איסערליש. מענדעלסאָנס קרובהשאַפט מיט דעם הויף-פאַקטאָר ר׳ משה-בנימין וואולף אין דעסוי (אויך באַקאַנט אַלס ר׳ משה דעסויער) און זייער אָפּשטאַמונג פון ר׳ משה איסערליש, וועמענס נאָמען זיי האָבן ביידע געטראָגן, האָט געשפּילט ניט קיין קליינע ראָלע אינעם שידוך צווישן משה מענדעלסאָנען און ר׳ אברהם גוגענהיימס טאָכטער אין האַמבורג. דעם אַלטן האַמבורגער סוחר האָט ווייניק אימפּאָנירט די שטעלע, וואָס מענדעלסאָן האָט געהאַט אַלס בוכהאַלטער אין איזאק בערנהאַרדס זיידן-געשעפט, און אַפילו זיין פריינטשאַפט מיט לעסינגען און זיינע ערשטע פילאָזאָפישע אַרויסטרעטונגען, און נאָך ווייניקער — זיין אויסערלעכער אויסזען, זיין קערפּערלעכע שוואַכקייט. ר׳ אברהם גוגענהיים, וואָס האָט אַליין געשטאַמט פון דער באַרימטער פאַמיליע אָפּענהיים אין ווין, האָט געזוכט קאָנטיק דער עיקר יחוס און זכות-אבות. מענדעלסאָן גופא אָבער, זייענדיק אַ עניו, האָט זיך קיינמאָל ניט געריימט מיט זיין הויכן יחוס, און נאָר אין דעם ציטירטן בריוו באַריררט ער עס כלאחר-יד, ביי אַ געלעגנהייט 18).

אין אַ פיל שפּעטערדיקן בריוו צו אלחנען (פון ו׳ אייר תקמ״ד), וועלכן ער גיט איבער מיט צוויי יונגע לייט פון שטערליץ, שרייבט ער בזה הלשון — אין אַ זייער גערמאַניזירטער פאָרם אגב —, נאָכדעם ווי ער דערציילט פון זייערע עלטערן, דעם הויף-פאַקטאָר ר׳ נתן כ״ץ און ר׳ לעמל, צוויי בכבודיקע שטרעליצער באַלעבאַטים:

„דא זיא דש ערשטי מאהל דיא מעס בזוכן, זא מאכי מיר איין פרגנין דאַרויש, זיא אן ש״ב ידידי ש״י צו אדרעסיהרן. עש זינד ביידי גוטי קינדר, אויך פלייסיג בידר אונד רעכטשאפן. עש פעהלט איהנן ווערדר אן קרעפטן נאך אן גוטם ווילן, ניצליכי גשעפטי צו אונטרנעהמן, אונד גוט צו פיהרן, עש פעהלט איהנן אבר אויך ניכט אן טאלענטן, אויסער דען גשעפטן, אייני אנגנעהמי שטודי אין איהרם אומגאנגי צו גניסן. איך ווינשי, דש זיא אללעש דיזש זעלבשט ערפאהרן מעגן, אונד וויל דורך מייני פארלויפיגי פרזיכרונג דאפון נור דיא גלעגנהייט אונד דיא פראנלאזונג דאצו אין די האנד געבן״.

דער ערשטער אַרויספאָר אויף דער לייפּציגער מעסע פון די דאָזיקע צוויי יונגעלייט האָט אפנים געהאַט אַן ער-

פאַלג און זיי זיינען שפּעטער ביידע געוואָרן באַקאַנט אַלס גוטע און געניטע סוחרים. אויך אין שטרעליצער קהל־שע זאַכן האָבן ביידע, באַזונדערס ר' נתן כ"צ זון מענדל־מאיר, געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע. אין אונזער רשות געפינט זיך אַ בריוו אין יידיש־דייטש פון מענ־דעלסאָנען צום זעלביקן מענדל־מאיר (דער אָריגינאַל — אין דער בייערישער שטאַטס־ביבליאָטעק אין מינכען), געשריבן אין אַ וויציקער פאָרם.

די מעלות פון מענדל-מאיר, זיינע סוחרישע טאַ־לאַנטן, זיין קענען פירן אַ קלוגן שמועס מיט תלמידי־חכמים, די גוטע דערציאונג, וואָס ער האָט באַקומען, און זיין פאָטערס פריינטשאַפט מיט מענדעלסאָנען האָבן געבראַכט דערצו, אַז מענדעלסאָן האָט אים גענומען פאַר אַן איידעם פאַר זיין צווייטער טאָכטער רעכע. אָבער דער זיווג האָט ניט עולה-יפה געווען, פונקט ווי דער זיווג פון זיין על־טערער טאָכטער ברענדל מיט שמעון פייט — און אין עטלעכע יאָר אַרום נאָך דער חתונה האָט זיך רעכע געגט מיט איר מאַן.

מענדעלסאָנס איבערגעגעבנקייט צו זיין משפחה און אפילו צו זיינע ווייטע קרובים איז באַקאַנט. פון זיינע קרובים האָט ער געהאַט מער פון אַלעמען צו זאָרגן פאַר זיין שוואָגער, פרומעטס ברודער, יוסף גוגענהיים (שפּעטער טראַגיש געשטאָרבן אין קאָפּענהאַגן), וועלכן ער האָט גע־האַלטן אייניקע יאָר ביי זיך אין הויז, געמאַכט אים פאַרן פּראָוואַלטער, פאַרקויפער און בוכהאַלטער אין זיין זיידן־געשעפט אין מעמעל, געהאָלפן אים שפּעטער ביי זיינע נסיעות צו דער לייפּציגער מסה און ביי זיין איבער־וואַנדערן קיין קאָפּענהאַגן. באַקומענדיק אַ ידיעה פון אלחנען, אַז יענער פירט געשעפטן מיט יוסף גוגענהיימען, איילט זיך מענדעלסאָן אויסצודריקן זיין פרייד איבער זייערע פאַרבינדונגען מיט דער האָפענונג, אַז זיין שוואָגער וועט קענען דורך אלחנען מאַכן גוטע געשעפטן:

„...על גי"ה" —, שרייבט ער אים אינעם בריוו פון י"ב סיון תקמ"א, — דיהנט הירמיט לתשובה, וויא מיר זעהר אָנגנעהם איזט, דש גיסי יוסף שי' מיט איהנן אין האַנדלונגש פרבינדינג גקומן. איך האָפי, דש זיא איהם רעכטשאַפן בדיהנן ווערדן, אונד ער ווירד גלעגנהייט האבן בעז"ה גוטי געשעפטי צו מאכן... דש געשעפט, וועלכש איך תחת ידו אין פרייסן געהאַבט, איזט צוואהר פראונגליקט, אבר אהני זיין פרשולדן". ער פאַרזיכערט אים און חזרט איבער, אַז ער „מצדו אַללעש צוטרויאַן אין זייני רעכטשאַפנהייט זעצט".

מענדעלסאָן גופא האָט אייגנטלעך נישט געפירט מיט אלחנען קיין בשותפותדיקע געשעפטן. זיין הויפּט־מסחר איז געווען, ווי באַקאַנט, די זיידן־פּראָדוקציע, אין וועלכער ער איז געווען איינער פון די גרעסטע מבינים און ספּעציאַ־ליסטן אין זיין צייט, ווי מיר זעען עס פון די אָפיציעלע אַקטן וועגן דער פּרייסישער זיידן־אינדוסטריע אינעם 18טן יאָרהונדערט [19]. אלחנען הערץ דאַגעגן האָט, ווי ס'שיינט, נישט געהאַט קיין באַשטימטע און זעלבשטענדיקע מסחרים און איז געווען מער אַ פּאַרמיטלער אויף דער מעסע און אַן אַגענט ביי די דייטשע פּריצים און שררות. דער מסחרי־שער טייל אין מענדעלסאָנס בריוו צו אלחנען טראָגט ניט דעריבער די פאָרם פון אַ רעגלמעסיקער האַנדל־קאָרעס־פּאָנדענץ. עס זיינען מער קעגנזייטיקע טובות, וועלכע מ'טוט איינער דעם אַנדערן אויס גוט־ברודערשאַפט און פריינטשאַפט. אין די דאָזיקע קעגנזייטיקע מסחרישע באַ־שטעלונגען און אויפטראָגן שפּיגלען זיך אַמבעסטן אָפּ די תנאים, אין וועלכע ס'האָט זיך דעמאָלט געקענט פירן דער יידישער האַנדל און וואַנדל. אלחנן, למשל, נעמט אויף זיך אויפצומאָנען געלט פאַר מענדעלסאָנס סחורה, וואָס ווערט פאַרקויפט אויף דער מעסע, ער באַמיט זיך דאָס געלט אריבערצושיקן פון לייפּציג קיין בערלין, אָדער ער פאַרנוצט דאָס געלט אין לייפּציג גופא, קויפנדיק פאַר מענדעלסאָנען לויט זיין בקשה, די אָדער יענע סחורה.

אין זיינעם אַ בריוו פון כ"ט סיון תקל"ב בעט מענדעלסאָן זיין קרוב אויסצוזוכן פאַר אים ביי אַ געלע־גנהייט ביליק אַ פּאַרטיע טראַמין־זייד, — אַ שטאָף, וואָס פלעגט דאָס רוב אימפּאָרטירט ווערן פון אויסלאַנד און האָט געדינט אַלס אונטערשלאַק, און שיקן אים עטלעכע מוסטערן: „זאלטי לש"ב שי' עטוואש טראמי זיידי אום גוטן פרייז גלעגנטליך פארקומן, זאָ ביטי מיר אונטער אדרעסי בערנהארד איזאקס וויטווע פרובן דאפון אויש. מאן פלעגט שם צו ווייזן גוטן איינן קויף מאַכן צו קע־נען, ווען מאַן גלעגנהייט זוכט". אין אַ צווייטן בריוו (ד' אייר תקל"ג), וועלכן ער שיקט אים אַריבער מיט זיין פריינט פרידריך ניקאָלאַי, בעט ער אים אין אַ גאַנץ סוחריש־ניכטערן טאָן איבערגעבן דעם מוכ"ז „קעגן קווי־טונג" — כדרך התגרים — די זיבעציק טאָלער, וועלכע זיינען אויף זיין נאָמען אָנגעקומען צו אלחנען און אויך אָפּרעכענען די הוצאות, מיט וועלכע עס איז געווען פאַר־בונדן דאָס אויפמאָנען פונעם געלט. „והוצרכתי לקצר, — פאַרענטפערט ער זיך פאַר דעם ריין־געשעפטלעכן כאַראַק־טער פון דעם קורצן בריוול, — ווייל ל"ע [לא עליכם] ערשט פר איינינגן טאגן פום פיבר בפרייאט ווארדן אונד נאָך זעהר שוואך בין. השם יסיר ממנו כל מחלה. והנני תמיד לטובתו, הק' משה מדעסאוי".

קורץ פאַר ימים־נוראים פרעגט זיך מענדעלסאָן אָן ביי אלחנען, צי מ'קען קריגן אין לייפּציג... אתרוגים. דערביי שרייבט ער אים (כ"ב אלול תק"ל):

„על כתבו הנחמד שרייבי כהיו' נאָך קייני תשובה, ווייל זאלכש מיט נעכשטן אונד צוואהר אויספיהרליך גשעהן זאָל" (ער מיינט דאָ די

פראַגע וועגן מעשה־לאַפּאַטער—זע ווייטער —, וועלכע אלחנן האָט באַרירט אין זיין בריוו. די פראַגע איז זייער קאָמפּליצירט און „ערפאָרדרט צייט אונד לושט צום שרייבן״. „געגנווערטיג — שרייבט ער ווייטער — וויל נור ידידי שי׳ ערזוכן מיר עי״מ (על ידי מיוחד) צו בריכטן, אם שם פיל אתרוגי׳ צו בקומן, אונד אב זיא טייער זינד? עש איזט מיר אן דיזר נאַכריכט פיל גלעגן, אונד איך בין אין עהנ־ליכן פעללן ווידר צו דינשט. ווינשי אינדעסן שנה טובה שנת ברכה ושלום ופרנסה טובה מנאי ש״ב המוכן לטובתו׳׳...

אין דערדאָזיקער אַזוי גערופענער „חערצ׳שער בריוו־זאַמלונג״ איז פאַראַן, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, נאָר איין בריוו פון מענדעלסאָנס פרוי פרומעט צו אלחננס פרוי יוכבד, און דער איינער איז מסתמא פאַרבליבן נאָר דערפאַר, ווייל דער „עיקר שכחתי׳׳ איז צוגעשריבן פון מענדעלסאָנען. ווי מ׳קען זיך משער זיין האָבן די ביידע פרויען אויך געפירט צווישן זיך אַ קאָרעספּאָנדענץ. דידאָ־זיקע בריוו וואָלטן אונז זיכער געקענט געבן אַ בילד פון דעם לעבנס־שטייגער און אינטערעסן אין דער יידישער פרויען־וועלט אין יענער צייט. אלחנן האָט קאָנטיק די דאָזיקע ווייבערישע בריוו ניט געהאַלטן פאַר ראוי לשמירה, און די פרויען האָבן זיי אויך ניט אָפּגעהיט. בדרך אגב דערוויסן מיר זיך אָבער וועגן אַ זיידענעם מאַנטל, וועלכן יוכבד הערץ האָט געקויפט פאַר מענדעלסאָנס פרוי פרי־לינג 1772 אין לייפּציג. דאָס געלט פאַרן מאַנטל האָט מענדעלסאָן ניט געקענט אַזוי שנעל אומקערן צוליב דעם שווערן געלט־פאַרקער אין יענער צייט צווישן בער־לין און לייפּציג. אין זיין בריוו פון ר׳ חודש סיון תקל״ב שרייבט ער, אַז ער רעכנט אין אַ קורצער צייט אַרום אריבערצושיקן דאָס געלט פאַר זיין פרויס מאַנטל: „די פר זוגתי ת״י גהאבטי אויסשלאַגי ווערדי נשכשטנש אן צייגן, נעבשט דאַנקזאגונג עבור טרחתה׳׳. אין אַ חודש אַרום (כ״ט סיון תקל״ב) דריקט ער אויס די האָפענונג, אַז דורך די סחורות, וועלכע ער וועט לויט באַשטעלונגען שיקן קיין לייפּציג, וועט ער קענען דעקן זיין חוב, און פאַרענטפערט זיך, אַז „זייני שולד האָט נאָך ניט אָפּצוטראָגן גלעגנהייט גפונדן׳׳. ערשט אַן ערך אין אַ האַלב יאָר אַרום, ערב ראש־השנה תקל״ג, שיקט פרומעט פערזענלעך דאָס געלט מיט אַ ספּעציעלן שליח און שרייבט אַן עקסטרע בריוו, וועלכער איז מסתמא גע־בליבן גאַנץ נאָר אינעם זכות פון מענדעלסאָנס פּאָר שורות:

„איבר ברינגר דיזען בריף, — שרייבט זי נאָכדעם, ווי זי אַנטשולדיקט זיך אין איר נאַאיוון און אויפריכטיקן לשון פאַר איר שווייגן און ניט שרייבן אין משך פון אַזאַ לאַנגער צייט, — ווערמ אינען צו גלייך דש געלט פר דען אנווי־לאָפּע [Enveloppe] צו שטעלין. איך מוש נאָך איין מאָל אום ענדשולדיגונג ביטן, דש איך עש אינען ניט ענדר [עהער] גשיקט האבה. בעלי שי׳ האָט שולד, ער האָט געגלויבט דש ער עז פון דאָרט [לייפּציג] קאָן אויז צאהלין לאסן, ער האט אבר קיינה גלעגין הייט פינדין קענין. איך ביט אינען נאָך מאלז ניט איבל צו נעמן... אן ר׳ בער שטו־דענד, מיינה עמפעלונג, איך ווערדה אים נאכסטין שרייבין׳׳ 20).

די ראָלע, וואָס מענדעלסאָן האָט געשפּילט אַלס אַ בורר און שליש אין פאַרשיידענע ענינים פונעם פּריוואַטן און קהלשן לעבן פון אייגענע און פרעמדע, פון באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע יידן און אויך ניט־יידן, — איז נאָך גאַנץ ווייניק באַרירט געוואָרן אין דער מענדעלסאָנישער ליטעראַטור. צו אים פלעגן זיך ווענדן נאָך עצות וועגן פאַרשיידענע רעכטס־ און פינאַנץ־פראַגן ניט נאָר יידן פונדערווייט, פון פוילן און ליטע, וואָס פלעגן קומען אין דייטשלאַנד צו דער לייפּציגער מעסע; אפילו געניטע בערלינער סוחרים פלעגן אָנקומען צו זיין ראַט און הילף ביי דער קאָמפּליצירטקייט פון די מלוכהשע געזעצן און פאַראָרדענונגען אין יענער צייט. צווישן מענדעלסאָנס קריסט־לעכע גוטע־פריינט און פאַרערער זיינען געווען, חוץ גע־לערנטע, דיכטער, מוזיקער, אויך הויכגעשטעלטע פּערזאָ־נען, אָנגעזעענע מלוכה־באַאַמטע און יוריסטן, פון וועלכע ער פלעגט באַקומען די נייטיקע ידיעות וועגן פאַרשיי־דענע געזעצן; דורך זיי פלעגט ער קענען אויספירן דאָס, וואָס פאַר אַן אַנדערן יידן איז געווען אוממעגלעך.

אויך אלחנן הערץ קומט אָפּטמאָל אָן צו מענדעלסאָ־נען אין אַזעלכע מיני ווירטשאַפטס־רעכטלעכע ענינים.

„וואס איהרי אנפראַגי בטריפט, ליבר פעטער! — שרייבט מענדעלסאָן צו אלחנען בתשובה אויף אַן אָנפרעג וועגן אַ הלוואה אויף אַ פריצס נחלה — זאָ ברויכן זיא זיך קיינע בדענקן צו מאַכן, ווען די היפּאָטעק גוט איזט, זיא על שמו איין טראגן צו לאָזן. זיא קענן זיא גלייך על שמו אינגראסירן [אַנגאָנסירן; שרייבפעלער] לאָזן, אדר אייני צעסיאהן [אָפּטרעטן] אן נעהמן, אָדר דיזי צעסיאהן מוז רעכטס וועגן גלייכפאַלס איין גטראגן ווערן. דר יהודי דאַרף צוואהר קייני גיטר בזיצן, זאָ וויניג אַלש איין נוצרי בירגרליכן שטאַנדש, אהני בזונדרי ער־לויבניס, אבר היפּאָטעקן קאָן ער אהני בדענקן אָן נעהמן״21).

אָפּטמאָל קומט אויס אלחנען צו זוכן גרויסע הלוואות פאַר דעם זאַקסישן הויף — פאַר פרינצן אָדער גראַפן — אויף דעם דייטשישן און אינטערנאַציאָנאַלן געלט־מאַרק — און ער באַנוצט זיך דערביי מיט מענדעלסאָנס באַקאַנט־שאַפט. אין אַ גאַנצער רייע בריוו זען מיר מענדעלסאָנען

אַלס פריווילעגירטער פֿאַרמיטלער, וועלכער נעמט אָן פֿאַר זיין קרוב קאָמיסיע, שרייבט און זוכט פֿאַר אים געלט-געבער, ניט זייענדיק דערביי מאטעריעל פֿאַראינטערעסירט. אין אַ בריוו פֿון „י״ז למב״י (ב׳ אייר) תקל״ב״ שרייבט ער אים, למשל, צווישן אַנדערע ענינים:

„וואש דיא אויף געגעבני אפעהר [אַנגעלעגנהייט, געשעפֿט] בטריפט, איזט מיר פון גוטר האַנד האָפֿנונג גמאַכט ווארדן, אונד האבי דאהער בתשובתי זאָ לאַנג פרצעגרט. שבוע הבע״ל [הבא עלינו לטובה] אי״ה ווערדי עטוואש זיכרש צו מעלדן אים שטאַנד זיין. דאָ דש קפיטאַל זאָ גרויש איזט, זאָ ערפאָרדרט פריילּיך נעהרי ערקונדיגונג אונד איברליגונג, וועלכש זיך ניט על שעה חדא טוהן לאזט. קאָן מיר ש״ב שי׳ תוך כך מעהר אוישקונפט געבן, מה טוב. איך האבי אויך נאָך הולאַנד גשריבן.... שבוע העבר איזט ר׳ ברוך לוי כאן גוועזן, זאלטי עש וואהל דיזרהלב זיין?״

אין אַ בריוו פון ר׳ חודש סיון (דעמזעלביקן יאָר) שרייבט ער, אַז „מן האַג איזט אין דר פרלאַנגטן זאַך נאך קייני תשובה ערפאלגט״, אלחננס קאָמיסיאָנער האַלט נאָך ביים אויסגעפינען ידיעות מכּוח דער הלוואה און שרייבט ניט דעריבער, „כי אין דרכו בכך עם תשובה אויף צו האַלט, ותו אין לחדש״. ערשט אינעם פאָלגנדיקן בריוו, פון כ״ט סיון, איז ער אים מודיע וועגן די רעזולטאַטן:

„ענדליך איזט מן ר׳ טובי׳ תשובה גקומן, וויא ער זיך טרחה גגעבן, אויך אייניגי האָפנונג גהאבט, עש ווייגרטי זיך אבר איין יעדר, זאָ בלד ער ממדינות ז׳ [זאַקסן] הערט, וואהין מאן שוועהרליך געלד בקומן קאן. איזט אַלזוי מצד זה נישט צו מאַכן. כאן אבר איזט גאָר ניט צו דענקן, דען אונזרי קאפיטאליסטן זוכן אויך געלד״...

צוועלף בריוו פון דער זאַמלונג באַשעפטיקן זיך מיט אַ געלט־סכסוך צווישן אלחנן הערצן און דעם פרייסישן קאַמערהער באַראָן פאָן־קאַספּאָט. דער באַראָן האָט אַנטליען ביי הערצן געלט אויף אַ וועקסל און האָט ניט געצאָלט. לויט דער בקשה פון זיין פריינט האָט מענדעלסאָן געפירט די פאַרהאַנדלונגען מיטן באַראָן און האָט זיך אויף דעם געמאַטערט העכער אַ יאָר צייט, פאַרלירנדיק דערביי פיל מי און געזונט.

י״א אדר תקל״ח שרייבט מענדעלסאָן וועגן דעם ענין צו אלחננען:

„ג״ה [גלילות ידיו הנחמדות] נעבשט ח״ב [חלוף־בריוו, וועקסל, שטר] על קמרהערן קאספאט מסך אלף ר״ט [רייכסטאלער] אין ל״ד [לואידאָר, גאָלד-מטבע] קבלתי לנכון. זונדרבאַר איזט עס, דש אין ח״ב צוואהר דרמאנאָט דען 14 (מערץ) אָקטאָבער אבר קייני יארשצאהל בנענט ווארדן, אויך האָט ש״ב שי׳ זאלכן, ווי ערפאָרדרליך, אן מיך צו שירירן פרגעסן. איך דענקי אבר, דש אצל האדון קמרהעררן ניט דרויף אן קומן ווירד, זונשטן איזט עש נגד דרך התגרי׳ איינן ח״ב אהני שירא צו בצאהלן. האדון הנ״ל האָט מיך בשידן אין אייניגן טאגן ווידרי ער דען וועקסל איין לעזן, אינדעם ער געלט ערוואַרטעט״...

און אינעם „עיקר שכחתי״ פרעגט ער אים אָן, ווי אַזוי אים אריבערצושיקן דאָס אויפגעמאָנטע געלט, „אב אין ח״ב על המבורג אדר אמשטרדם, אדר אין נאַטורא״.

מענדעלסאָנס סוחריש געניט אויג האָט גלייך באַמערקט, אַז אין דעם וועקסל איז ניט אַלץ כשורה, ער האָט אָבער אָפּנים געהאַט צוטרוי צום באַראָן — צום „האדון און קמרהעררן״ און האָט ניט מקפיד געווען דערויף, וואָס אינעם וועקסל איז צופעליק ניטאָ די „יארשצאהל״ און אלחננס יפוי־כּוח און זשירא. ערשט פון אַן אַנדער בריוו, אין זעקס וואָכן אַרום, דערוויסן מיר זיך, אַז דער וועקסל איז נאָך אַלץ ניט איינגעצאָלט און אַז מענדעלסאָן האַלט אין איין מאָנען און פאָדערן „זאָ אפט ער קאן איבר דען האלז״. „אונזר שררה — שרייבט ער אים כ״ד ניסן התקל״ח, — פיהרט מיך פון טאג צו טאג הרום, אונד איך זעהי קיין ערנשטי. ענדליך האט ער מיך אויף מארגן אי״ה פרטרעסטן לאזן, נראה מה יהיו חלומותיו״... אין אַ ווייטערדיקן בריוו, פון כ״ב אייר, באַריכטעט ער ווידער, אַז ער מאָנט שטאַרק ביים באַראָן דאָס געלט, ער האָט אָבער לעת־עתה „ניכטש פועל גוועזן״. דער באַראָן „איזט ווינדיג, אונד מאן קאן אויף זיינע פרשפרעכן ווייניג גיהן״. ערשט אין אַ חודש אַרום באַמערקט מענדעלסאָן, אַז ער ווערט געפירט פאַר דער נאָז, אַז דאָס פעלן פון „יארשצאהל״ איז גאָר ניט קיין צופאַל, אַז דער וועקסל האָט דורך דעם קיין „תוקף ח״ב״ ניט. אין זיין בריוו פון כ״א סיון התקל״ח קלאָגט ער זיך פאַר אלחננען:

„אצל באראן פון קאספאט זעהי איך כלל קיין ערנשט. לויטר קומפלימענטי, פרשפרעכונגן אונד פרטרעסטונגן, אהני ווירקליכקייט. איך האבי אים אויך שוין גדראהט. דארויף האט בבקשה גדולה אום אייני העכשטנש נאָך 14 טעגיגי פריסט גבעטן, מיט פארגעבן זייני פרויא וועריּ לזאקסן גרייזט, אום געלד צו האלן. לדעתי אבר איזט הכל רעות רוח. ער האט זיך כאן איין פרעכטיגש הויז גקויפט, אבר נאך ווייניג דארויף בצאלט״.

פון אַ צווייטן בריוו דערוויסן מיר זיך, אַז אלחנן איז ניט דער איינציקער, וועלכער האָט צו טאָן מיט קאַספּאָטס הבטחות.

„דברו נור משענת קנה רצוץ״, — שרייבט מענדעלסאָן, — ער פערזענליך פאַרמאָגט „קיין חרב פפיות בידו״, כדי אַרויסצופאָדערן פונעם באַראָן דאָס געלט. „די איינציגע עצה דיא איך איהנן צו געבן איז שטאנדי בין קומן זיא לכאן, און זעהן מציל צו זיין מה שאפשר. דש קאַפּיטאַל איז וויכטיג גנוג, איינע רייזע לכאן צו אונטערנעהמין״.

דיזעלביקע עצה גיט מענדעלסאָן אלחננען אויך אינעם ווייטערדיקן בריוו, פון כ״ח סיון, אין אַ וואָך אַרום, נאָכדעם ווי דער באַראָן קאַספּאַט האט אים באַזוכט און פאַרזיכערט, אַז „תוך ד״י ימי׳ מיסי זייני פרויא צוריק קומן אונד געלד ברינגן״ און „כופל ומשלש געווזן״, אַז ער וועט בלי ספק באַצאָלן די טויזנט רייכסטאַלער לויטן וועקסל. „מיין הייזכי, — שרייבט מענדעלסאָן אין אַ געמיטלעכן טאָן, — האט נאך רוים גנוג, איינן גוטן פריינד אויף צו נעהמין. זי ווערדן אלזוי מיך יא ניט פארבייגעהן״. וואַרשיינלעך איז, אַז אלחנן איז געקומען צו פאָרן קיין בערלין ראַטעווען דאָס געלט — טויזנט גאָלדענע טאָלער זיינען אין יענער צייט געווען אַ גאַנץ באַדייטנדיקער סכום אפילו פאַר אַזאַ סוחר ווי ער. צו אַ גוטן סוף איז דער ענין דאָך ניט געקומען. אין אַ האַלב יאָר אַרום (טבת התקל״ט) שיקט אלחנן צו מענדעלסאָנען אַ נייעם „ח״ב מסך 600 רייכסטהאלער על בראן קאספאט״ אויף אויפצומאָנען — דאָס מאָל ניט אויף טויזנט, נאָר אויף זעקס הונדערט, מיט „יארשצאהל״ און מיט חתימות כהלכתו. און ס׳הויבט זיך אָן ווידער אויפסניי דאָס אַלטע שפּיל.

„אונזר שרה, — שרייבט מענדעלסאָן כ״ט טבת התקל״ט, — בדיהנט זיך כדרכו אללר האנד אוישפליכטי. נון מעהר הייסט עש זייני מוטר האבי אנשטאלט גמאכט [נעמט אן מיטלען] ש״ב צו בפרידיגן. ער צייגט זא גאר איינן בריב פון איהר, דארין זא עטוואש שטעהט. איך גלויבי אבר פון אללם דעם ניכטש... ולמיחש מיהו בעי, דש דאדורך גאר איבר דען הויפן גווארפן ווירד״. קיין גוטס קען דערפון ניט אַרויסקומען. באַרגן געלט און פאַרשפּרעכן גרויסע פּראָצענטן אָן אַ שום זיכערונג איז ביי דעם „האדון בראן״ אַ מין אַזאַרט און חולאת. „ער איזט מכל הצדדי׳ פרטיפט, — שרייבט מענדעלסאָן אין אַן אַנדער בריוו, פון ו׳ שבט התקל״ט, — נימט ווא ער בקומן קאן, אונד גיבט ת״ר למאה״.

ענדלעך איז אלחנן געצוואונגען איבערצוגעבן דעם ענין דעם פּראָקוראָר פונעם קיניגלעכן געריכט, וועלכער פאַרזוכט צוערשט גיין בדרך השלום און הויבט אָן צו פירן מיטן באַראָן בריוולעכע פאַרהאַנדלונגען.

„דער האף פישקאל, — שרייבט מענדעלסאָן אינעם בריוו פון עש״ק כ״ו שבט התקל״ט, — שטעהט אימר נאך מיט אונזרס בר הכי אין קארעספאנדענץ. ער ברופט זיך אימר דארויף, דש זיין פאטר אן ש״ב שי׳ גשריבן דש זיא על ידו בפרידיגט ווערדן זאללן, דש זיין פאטר איהן פעלליג פון שולדן בפרייאן ווירד, וכהנה רבות דברי׳ שאין בהם ממש, אם ענדי דראהט ער, מאן זאללטי איהן ניט צווינגן, דאפון צו לויפן, וואפאר מיר ווירקליך באנג איזט, כי רבים קמים עליו: וואש איזט נון צו טוהן?״...

דעם פּראָקוראָרס פּעולה איז ווי ס׳זעט אויס אויך ניט געווען מזלדיקער. ס׳האָבן דערביי געמוזט שפּילן אַ ראָלע אינצווייניקסטע, יידיש־רעכטלעכע מאָטיוון, צוליב וועלכע מ׳האָט געוואָלט פאַרמיידן אָן אומאָנגענעמען סקאַנדאַל. ז׳ אדר התקל״ט גיט מענדעלסאָן אלחננען אַ לעקציע וועגן די יורידישע דינים פון „רודף זיין״ אַ קרעדיטאָר. אינעם צוועלפטן און לעצטן בריוו פון דער קאַספּאַט־סעריע, אינעם בריוו פון תענית־אסתר התקל״ט, שיקט ער אים אָריבער צוריק דעם שלימזלדיקן וועקסל מיט דעם באַראָנס בייגעלייגטן „בילעט״ און אַ בקשה צו פאַרלענגערן אים דעם טערמין ווידעראַמאָל אויף פערצן טעג — והחוזר הענין חלילה.

ס׳איז קיין ספק ניט, אַז די סאָציאַלע און רעכטלעכע לאַגע, אין וועלכער ס׳האָבן זיך געפונען די יידן אין דער „ליבעראַלסטער״ צו יענער צייט דייטשישער שטאָט און וועלכע האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אינעם סכסוך צווישן דעם קאַמערהער און דעם יידישן סוחר, וואָס האָט זיך ניט געקאָנט דערשלאָגן קיין יושר, — האָט דעם שטאַרק עמפּינדלעכן מענדעלסאָנען זייער געדריקט. אפילו ביי זיין אייגענער פּריווילעגירטער לאַגע איז אים אויך אויסגעקומען צו פילן וואָס הייסט צו זיין אַ ייד. די באַזונדערע סאָציאַלע לאַגע פון די יידן אין דייטשלאַנד האָט אויך באַשטימט די פאָרם פון זיין פּרנסה. ס׳איז ניט קיין צופאַל, וואָס דער „דייטשער סאָקראַטעס״ האָט געמוזט פאַרברענגען זיינע יאָרן אין האַנדלען מיט זייד, אין מקח וממכר, אין ענינים פון וועקסלען, זשירעס און אינקאַסעס — און אין דערדאָזיקער אַטמאָספער אויך דערציען זיינע זין און איידעמס. די פאַרבעסערונג פון דער אַלגעמיינער יידישער לאַגע האָט געקענט, לויט זיין מיינונג, פאָרקומען נאָר ביי אַ גרויסער וועלט־ענדערונג, אין אַ צייט פון אַן אַלגעמיינער מלחמה. אַזאַ ענדערונג האָט ער אָבער פאַר זיינע אויגן ניט געזען. ער זעלבסט איז געווען שוואַך כדי צו פירן אַ מלחמה ניט נאָר פאַרן פּאָליטישן און רעכטלעכן מצב פון די פּרייסישע יידן, נאָר אפילו פאַר דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן מצב פון זיין אייגענער משפּחה.

זיינע אומעטיקע געדאַנקען וועגן דער „וואהרער אונטאָלעראַנץ", וואָס הערשט אינעם פּרייסישן „זאָגענאַנטען דולדזאַמען לאַנדע", ווי אויך דער צער, וואָס ער אַליין איז געצוואונגען צו זיצן איינגעשלאָסן דעם גאַנצן טאָג אין דער זיידן־פאַבריק, מבטל תורה זיין צוליב פּרנסה, זיינע איבערלעבונגען בעת די קינדער קומען צו אים מיט פאַרוויינטע אויגן און קלאָגן זיך אויף זייערע שווערע יידישע נסיונות, — זיינען פלאַסטיש אויס־געדריקט אין זיין בריוו צום בענעדיקטינער מאַורוס ווינ־קאָפּ (געז. שר., V, ז. 567). אָבער אין זיינע פּריוואַטע משפּחה־בריוו באַרירט ער דידאָזיקע פראַגן ווייניק. ער האָט זיך קאָנטיק באַמיט ניט טראַכטן צו פיל וועגן דעם, פילנדיק ווי שוואַך און הילפלאָז ער איז עפּעס צו ענדערן. זיין עלטסטער און פעיקסטער זון יוסף, וועל־כער האָט באַקומען אונטער זיין אויפזיכט די בעסטע דערציאונג פון יענער צייט און געהאַט אַלס לערער אַזעל־כע גדולים, ווי שלמה דובנא, מאַרקוס הערץ, פּראָפ. קלאַפּראָט און אויך יאָהאַן יאַקאָב ענגעל — דעם דערציער פון די ביידע הומבאָלדטס און פרידריך ווילהעלם דעם דריטן, — האָט געמוזט ווערן אַ „קנעכט פון ממון", הגם ער האָט געהאַט גרויסע וויסנשאַפטלעכע פעיקייטן. „הערצליך בעדויערע איך עס, — שרייבט מענדעלסאָן צו הערץ האָמבערגן וועגן זיין זון יוסף, — דאס איך איהן דען וויסנשאַפטן ענטציעהען מוס, אום איינען קנעכט דעס מאַמאָנס אויס איהם צו מאַכן. צור ארצניי האָט ער ניכט לוסט; אונד אַלס יודע מוס ער אַרצט, קויפמאַן אָדער בעטלער ווערדען" (געז. שר., V, ז. 722)...

מענדעלסאָן האָט דעריבער געשטרעבט צו שאַפן פאַר זיין פאַמיליע אַן עקאָנאָמיש געזיכערטן מעמד. ער איז מקנא די עלטערע בערלינער יידן, וועלכע האָבן ניט קיין דאגות־פּרנסה און דאגות־משפּחה און קענען זיך אָפּ־געבן לעבודת הבורא, לתורה, צדקה און גמילות־חסדים. נאָך אינעם יאָר 1770 (כ"ח מרחשון התקל"א) שרייבט מענדעלסאָן צו אלחנן הערצן וועגן דעם בערלינער זיידנ־פאַבריק־באַזיצער, דעם פּרנס און בעל־צדקה — ר' נפתלי הירש בר' דוד פרעגער: „דיזר האט זייני קינדר אללי, ביז אויף אייני טאָכטר, ברייטש אוישגעגעבן. זיין יונגשטר זוהן האט שוין ב' שני' חתונה... זונשטן איזט ר' הירש הנ"ל איש אמיד ונכבד, האָט מ[חמת] זקנה דיא פאַבריק לבני' אבגטרעטן, אונד זיך צור רוהי בגעבן. מי יתן ותהי אחריתי כמוהו".

דער שענסטער פאַרשטייער פון דער השכלה, דער גייסטיקער פירער פונעם נייעם יידנטום אין יענער צייט, דער מחבר פון „פעדאָן" און „יערוזאַלעם" איז מקנא אין זיינע שוואַכע מינוטן דעם אַלטן בערלינער פּרנס, וועלכער האָט שוין פאַרזאָרגט זיין משפּחה, אויסגעגעבן די קינדער און קען בשלוה אָפּלעבן זיין לעצט ביסל יאָרן...

## IV

פיל וויכטיקער איז דער טייל פון מענדעלסאָנס קאָ־רעספּאָנדענץ מיט אלחנן הערצן, אין וועלכן עס ווערן באַרירט ניט משפּחה־ און מסחר־אָנגעלעגנהייטן, נאָר כלל־ענינים און פאַרשיידענע רעליגיעז־פילאָזאָפישע פראַגן. דאָ זעען מיר מענדעלסאָנען אַלס גייסטיקן לערער. ער שיקט צו זיין קרוב קיין לייפּציג זיינע העברעישע און דייטשישע ווערק, ער טיילט אים מיט, וואָס ער שרייבט איצט און וואָס ער האָט בדעה צו שרייבן, באַהאַנדלט מיט אים די באַזונדער שווערע שטעלעס אין זיינע ווערק און באַמיט זיך זיי אים מסביר צו זיין.

ליידער פאַרמאָגן מיר ניט אלחננס בריוו צו מענ־דעלסאָנען און קענען ניט משפּטן, אויף וויפיל ער פלעגט באַנעמען די דיאַלעקטיש־מעטאַפיזישע פּראָבלעמען און עסטעטיש־פילאָזאָפישע געדאַנקען פון זיין הויך־געבילדעטן בערלינער שוועסטערקינד. פון מענדעלסאָנס תשובות צו אים זעען מיר אָבער, אַז די בילדונג פון אלחנן הערצן איז געשטאַנען העכער פון דעם יידיש־סוחרישן דורכשניט אין יענער צייט און אַז די טיטולן „האלוף התורני", „המשכיל" און אַנד., מיט וועלכע עס הויבן זיך אָן מענ־דעלסאָנס בריוו צו אים, זיינען געווען באַרעכטיקט. ער באַהערשט קאָנטיק די דייטשישע שפּראַך, איז באַהבנט אין פּראַקטיש־וועלטלעכע לימודים און דערביי קען ער נאַ־טירלעך גוט תנ"ך, תלמוד און דקדוק. זייענדיק אַ גרוי־סער סוחר און אַ בעל־משפּחה, אינטערעסירט ער זיך דאָך מיט פאַרשיידענע פילאָזאָפישע און רעליגיעזע פראַגן, פאַרשטייט די נייע ליטעראַטור — און דערביי בלייבט ער שטרענג פרום און טריי דער טראַדיציע.

ביי דידאָזיקע אומשטענדן ווערט אונז פאַרשטענדלעך די שטעלע אין מענדעלסאָנס בריוו, אין וועלכער ער שרייבט, אין אַ וויציקן טאָן, וועגן דעם דערשיינען פון זיין „יערוזאַלעם", פון וועלכן אלחנן וועט ניט זיין באַ־זונדערס אַנטציקט:

„אונזער היזיגש קלימא, — שרייבט מענדעל־סאָן בתשובה אויף אלחננס בריוו און אויף דעם לאַקס, וועלכן יענער האָט אים צוגעשיקט צו יום־טוב אַלס מתנה, — ברינגט ניכטש פר דען לייב־ליכן געשמאק הערפאר. איך ווערדי איהנן ביריד הסמוך עטוואש פר איהרן גייסטיגן געשמאַק אויף טישן, דש אפשר זא גוט ניט שמעקט, אבר דאך פון איהנן ווירט עהר גנאסן ווערדן קאן, אַלס ליידר! ליידר! דר לאכס פון איהרם שוועכליכם פעטר".

אפילו זיין בעסטן און געלערנטן חבר — ר' נפתלי הערץ ווייזלען — האָט זיך מענדעלסאָן תחילת אַביסל געשעמט צו שיקן זיין פריערדיקן ווערק „פעדאָן", ווייל

ער זוכט און ברענגט דאָ ראיות פאַר אַזעלכע זאַכן, וואָס זיינען קלאָר מן התורה. „באמת יראתי להקריבו לפניו עד כה, — פאַרענטפערט ער זיך אין אַ בריוו צו ווייזלען פון אלול תקכ"ח, — כי אמרתי פן אהיה לבוז בעיניו שאני דורש ומביא ראיות ונותן מופתים על דבר אשר לא תספוק אמתתו בעיני כל איש אשר בשם ישראל יכונה, כי הוא סעיף מעקרי אמונתנו הקדושה"...[22])

אלחנן הערץ אַנטשליסט זיך ניט צו פירן אַן ערנסטע קאָרעספּאָנדענץ מיט זיין עלטערן און חשובן בערלינער קרוב. ער באַמיט זיך גרינדלעך צו שטודירן מענדעלסאָנס ווערק, אַנאַליזירט זיינע פילאָזאָפישע געדאַנ־קען, זוכט צוזאַמען עפּעס אייגנס און דערביי האָט ער שטענדיק דעם חשש, אַז מענדעלסאָן האַלט אים פאַר אַן עם־הארץ. כמעט אין יעדן פון זיינע ערשטע בריוו קומט אויס מענדעלסאָנען צו באַרואיקן זיין קרוב און אים פאַר־זיכערן, אַז ס'איז ביי אים גאַנץ אָנגעלייגט צו פירן מיט אים אַ וויסנשאַפטלעכע קאָרעספּאָנדענץ.

„ווען איך על כתבו הנחמד זמן רב ניט גאנטוואָרטעט, — אַזוי הייבט ער אָן, למשל, זיין בריוו פון י"א מנחם־אב התקל"א, — זא איזט זאלכש ניט אויש גרינגשעצונג גשעהן, זונדרן וויל ל"ע [לא עליכם] קיץ העבר זייט פורים מיך זא איבל בפונדן, דש קיינן בריף האבי שרייבן קענן. איך האבי אויך קייני עסקי' כלל וכלל נאך געהן קענן, אונד האבי בשטענדיג עוסק ברפואו' זיין מוזן. התהלה לרופא חולי' דש איך עכשיו אויף דעם וועג צור בעסרונג, וויא וואהל מיך עדין זעהר אין אַכט צו נעהמן האבי. עש ווירד מיר נאך אימר זעהר זויאר איינן אדרנטליכן בריף צו שרייבן, זא זעהר בין ל"ע ובטוב ישמע מיט שווינדל בהאפטט. איבריגנש ווירד עש מיר איבר אויש אנגנעהם זיין עם ש"ב אין איינן ניטצליכן בריף וועקסל צו קומן".

חוץ איין בריוו צו לעסינגן זיינען אונדז ווירקלעך ניט באַקאַנט קיין אַנדערע בריוו, וואָס מענדעלסאָן זאָל האָבן געשריבן אין יענער צייט פון זיין קראַנקהייט[23]).

אַן ענלעכע שטעלע קענען מיר ציטירן פון אַ שפּעטערדיקן בריוו, דאַטירט ח' כסלו תקל"ב:

„איך האטי מיר פארגנומן כתבו מן כ"ד מנחם העבר וויט לויפיג צו באנטווארטן אונד דעשוועגן תשובתי פון צייט צו צייט פרשאבן. איך בין אבר זאלכשט נאך ניט אים שטאנד צו טוהן, וויל מייני אונפעסליכקייט מיך צום נאך דענקן אימר נאך אונפעהיג מאכט, איך מוז מיך בגניגן זא קורץ אלש מיגליך צו זיין, וויל איך זעהי דש ש"ב שי' אבראמאלש אויף דיא גדאנקן קומט, עש זייא אויש גרינגשעצונג גישעהן".

דער ענין, אַרום וועלכן עס דרייט זיך די אויבנ־דערמאָנטע קאָרעספּאָנדענץ, איז דער באַקאַנטער לאַפאַטער־שטרייט, וועלכער האָט מענדעלסאָנען געקאָסט פיל געזונט און גייסטיקן ליידן און האָט אים אָוועקגע־פירט פון ריינער פילאָזאָפיע און ליטעראַטור אויפן וועג פון פּראַקטישע רעליגיעזע פּראָבלעמען און פראַגן פונעם אי־נערלעכן יידישן לעבן.

אינעם אַכצענטן יאָרהונדערט האָבן די קריסטלעכע מיסיאָנערן געפירט אַ ענערגישע אַרבעט צווישן די יידן; אפילו אין די אָפּגעשטאַנענע שטעט און שטעטלעך פון מיטל־אייראָפּע, ווייט פון די גרעסערע יידישע ישובים, פלעגן זיך די מיסיאָנערן אָנשטרענגען צו כאַפּן אַ נפש־מישראל און פירן צו שמד[24]). ניט געקוקט אויף דער באַזונדערס שווערער פּאָליטישער, געזעלשאַפטלעכער און עקאָנאָמישער לאַגע, אין וועלכער ס'האָבן זיך דאַן געפו־נען די יידן אין מיטלאייראָפּע, האָבן די מיסיאָנערן גע־האַט גאָר אַ קליינעם ערפאָלג. דאָס רוב פלעגן זיך שמדן אומגעבילדעטע, דעקלאַסירטע און אָפּגעשטויסענע יונגע־לייט, וועלכע האָבן דעם שמד באַטראַכט אַלס אַ ריינעם געשעפט און געלט־ענין, אָדער אַלס אַ רעטונגס־מיטל פאַר זייערע קרימינעלע חטאים[25]). אַ באַזונדער גרויסן באַטייט וואָלט דעריבער פאַר די מיסיאָנערן געהאַט, ווען עס שמדט זיך אַן אָנגעזעענער ייד ניט צוליב מאַטעריעלע און רעכטלעכע פּריווילעגיעס, נאָר אויס ריי־נער איבערצייגונג. פיל גלחים האָבן דאַן געוואָרפן זייער אויג אויף. . . מענדעלסאָנען. ס'האָט זיך זיי געדאַכט, — אַקוראַט ווי די עקסטרעמע יידישע אָרטאָדאָקסן, פון דער אַנדער זייט, — אַז מענדעלסאָן, דער אָנהענגער פון קריסט־לעכע פילאָזאָפן, ווי לייבניץ און וואָלף, דער פריינט פון פיל קריסטלעכע געלערנטע, איינער פון די פירער פון דער אויפקלערונג אין דער דייטשישער ליטעראַטור, דער באַוואונדערער פון ישו הנוצרים מאָראַלישן וועזן, — נויטיקט זיך נאָר אין אַן אָנרעגונג, אין אַ קליינעם אויסער־לעכן שטויס, בכדי אַריבערצוגיין צום קריסטנטום. אַרויס־גייענדיק פון דידאָזיקע האָפענונגען האָט דער עקזאַלטיר־טער ציריכער גלח און באַקאַנטער שריפטשטעלער יאָהאַן קאַספּאַר לאַפאַטער זיך געשטעלט די הייליקע מיסיע צו געווינען מענדעלסאָנען פאַרן קריסטלעכן גלויבן. ווי ס'איז באַקאַנט האָט ער איבערגעזעצט אין דייטש דאָס ווערק פון דעם פראַנצויזישן געלערנטן שאַרל באָנעט וועגן קריסטנטום, וואָס האָט לויט זיין מיינונג אַנטהאַלטן די קרעפטיקסטע באַווייזן פון דעם קריסטלעכן אמת, און האָט זיי אונטערגעטראָגן מענדעלסאָנען מיט דער אויפפאָדערונג — אָדער אָפן אַרויסטרעטן מיט אָפּ־ענטפערן באָנעטס אַרגומענטן און דערווייזן די טעותים און חסרונות פונעם קריסטנטום, אָדער — אָנערקענען זייער ריכטיקייט, און דאַן קאָנסעקווענט האַנדלען, „ווי סאָקראַט וואָלט אין אַזאַ פאַל געהאַנדלט, ווען ער וואָלט

אָנערקענט דאָס, וואָס ס'איז לאָגיש און אמת"... לאָפּאַטערס אַרויסטריט האָט מענדעלסאָנען געשטעלט אין זייער אַ שווערער לאַגע, נעמענדיק אין אַכט דעם פּאָלי־טישן און רעכטלעכן מצב פון די יידן אין די קריסטלע־כע לענדער און ספּעציעל אין פּרייסן. ער האָט זיך גע־פילט איינזאַם אין דעמדאָזיקן ניט גינציקן און ניט גלייכן ויכוח. זיין בעסטער חבר גאָטהאָלד אפרים לעסינג איז דעמאָלט פאַר דער קריסטלעכער וועלט געווען נישט מער ווי אַ „קאָמעדיע־שרייבער" און געקענט זיין אַ קנאַפּער פּאַרטיידיקער אין דעמדאָזיקן שטרייט. די קריסטלעכע לי־בעראַלע טעאָלאָגן, מענדעלסאָנס פּאַרערער און פריינט, האָבן זיך אין דעם מאָמענט אָפּגערוקט אָן אַ זייט. און אפילו צווישן די יידן גופא, אויסער געציילטע רבנים און קהילות, האָט זיך קיינער ניט געפונען, וואָס זאָל זיין גרייט אונטערצושטיצן מענדעלסאָנען אין דעמדאָזיקן רי־זיקאַלישן ויכוח. וואָס איז נוגע די עקסטרעמע אָרטאָדאָקסן, האָבן זיי זיך שטילערהייט פשוט געפרייט אויף דעם גורל פון דעם „דעסויער אפיקורס", און די אויפגעקלערטע און משכילישע בערלינער פרנסים און גבירים האָבן אים ניט נאָר ניט געשטיצט, נאָר אפילו געפּרוּווט אָפּצוהאַלטן פון דעם ויכוח, האָבנדיק מורא פאַר „רשעות" און פאַר די רעזולטאַטן, וואָס קענען פון דעם אַרויסקומען פאַרן „כלל־ישראל" און „גורל־ישראל" 26).

עס זיינען דערגאַנגען אויסערסט וויכטיק מענדעלסאָנס ווערטער צו זיינע יידישע גוטע־פריינט וועגן דעראָזיקער אָנגעלעגנהייט. מיר ציטירן דאָ אַ בריוו אין העברעיש צו זיין ידיד און תלמיד „הבח' המופלא הסופר המדקדק המהיר כ' א [ביגדור] ל[וי] מ[ג'ווגא]", דאַטירט ד' ניסן התק"ל:

„בושתי ונכלמתי, — פּאַרענטפערט ער זיך פאַר זיין לאַנגן שווייגן, — בזכרי שזה י"ב חודש כבדני בכתבו הנעים, מליצה צחה, ולשון ערומים כדרכו, ואנכי לא השבתי דבר, והנה נא אל יחשבני כבוזה דבריו, ומשליכם אחרי גוי, כי באמת רבים ועצומים טרדותי בפרט מעת אשר נפלתי במהמורת הוכוח עם כהן אחד מכהני דת הנוצרית. פחד פחדתי ויאתני. הנה כל ימי שמרתי דרכי מכל וכוחי ונצוחי הדתות, כי לא יועילו. כאשר ראינו זה כמה פעמים, אם יתאבקו ויתוכחו בעלי דתות שונות... (צוליב דער צענזור האָט דער אַרויסגעבער אַרויסגעלאָזט דא דעם סוף פון דער פראַזע) מי הקשה אליהם וישלם? הנה אחרי אשר החלותי לדבר ולהשיב על דברי הנמהר ההוא, הנה כל אנשי האמונה ההיא, והתומכים בימינה, סביב שתו עלי, זה בא בחמת כחו, וזה בא בדברים רכים טובים וחלקים, זה ירגז וזה ישחק, כי זה דרכם, ובין כך ובין כך המה מטרי־דים אותי בדבריהם וחלומותיהם. ואני בטחתי באלהים מעוזי, הוא יאזרני חיל למלחמתו, ויתן בלבי את אשר אדבר, ואדע כי לא אבוש" 27).

וועגן דערזעלביקער פּראָגע און אינעם זעלביקן גייסט שרייבט ער אויך צו אלחנן הערצן אין זיין בריוו פון עשק" כ"ח מרחשון התקל"א:

„ווארום איך מיך אין דיספוט איין גלאזן, פראגן זיא מיכ? איך וואלטי גור איך העטי מיכ עטוואש מעהר איין גלאזן. נאך האבי איכ ת"ל [תהלה לאל] קייני חרטה דרויף. איך קעהרי מיך אן דיא שארטעקן [אומנוצלעכע און אומבאַדייטנדיקע ביכער] אללי ניט, דיא ווידר מיך הרוישגעגעבן ווערדן, מי שיש לו מוח בקדקדו בגרייפט וואהל, דש עש דברי' בלי טעם זיין. מי יתן איך בקומי ווידר אייני זאלכי גלעגנהייט, זה טוהי איך ווידר, וואש איכ דיזש מאהל גטאהן האבי. האט מאנכר גגלויבט צו אללס שטילשווייגן צו מוזן. איך גלויבי עש ניט. ווען איך בדענקי, וואש מאן לקדש את השם צו טוהן שולדיג איזט, זא בגרייפי איך גאר ניט, וויא זא מאנכי מבני עמנו אימר שרייאן, למען השם, איך זאל נישט מעהר דאפון שרייבן. אויך האבי איך עש, השם יודע, ניט גערן גטאהן, דש מיך פום דיספוט לאז גמאכט האבי. בטלתי רצוני מפני רצון אחרים. ווערי עש מיר נאך גגאנגן, זא העטי אייני גאנץ אנדרי תשובה געבן וואללן".

פון די פּאָר שורות זעען מיר, אַז מענדעלסאָן האָט געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן קאַמף ניט נאָר מיט דער אויסערלעכער וועלט, נאָר פריער פאַר אַלץ מיט די איי־גענע פרנסים און מנהיגים, וועלכע האָבן געהאַט אַן אַנ־דער באַגריף וועגן „קידוש השם" און זיך געהאַלטן ביי דער טאַקטיק פון „מאַכן אַ שווייג". אונטער זייער דרוק האָט מענדעלסאָן געמוזט איבעררייסן זיין פּאָלעמיק נאָכ־דעם ווי לאָפּאַטער האָט ביי אים געבעטן מחילה פאַר זיין אַרויסטריט און נאָכדעם ווי ער האָט דערזעען, אַז פירן אַ ויכוח מיט פוסטע שרייערס איז צוועקלאָז.

בעתן דיספוט איז מענדעלסאָן געווען געצוואונגען קודם כל צו באַרואיקן די אָרטאָדאָקסן, אַז ער איז אַ כשרער ייד, אַז ער גלויבט ניט נאָר אין תורה שבכתב, נאָר אויך אין תורה שבעל־פה.

„איך העטי צוואהר לש"ב שי' תשובתי האח־רונה וגמר הויכוח 28) צוגעשיקט, — שרייבט ער צו אלחננען זומער התק"ל, — אלליין זיא וואר צו לייפ־ציג פאסט עהר צו בקומן אשר כאן, אונד אלזא וואלטי איך דיא פאשט ניט בחנם ברייכרן. מתוך התשובה הזאת ווירד ש"ב שי' דייטליך ערזעהן, דש איך ווייט ענטפערנט בין, מאמר א' ממאמרי חז"ל ח"ו פר שארטעקי צו ערקלעהרן, ואין איש מחכמי האומות המתוכחי' עמי, דער מיר דיזש העטי שולד

גגעבן, אדר מדברי דיזר פאלשי אושליגונג גמאכט העטי. ווען דיזש מייני מיינונג גוועזן וועריי, זא העטי איך מיך יא אלש קראי, בלשונם Karaite ולא רבני Rabbinite אנגעבן מיזן. ולא אאריך עוד, כי מי שיש לו לב להבין, ווירד מיך וואהל פרשטיהן, ור"ל [וראיה לדבר] הסכימו על ידי גדולי ישראל שרי התורה, והחזירו לי טובה על כל אשר כתבתי" 29).

רעדנדיק וועגן דער יידישער אמונה און באַטאָנענדיק, אַז זי איז טאָלעראַנט און אַז איר איז פרעמד דער געדאַנק פון פראָזעליטיזם, שטיצט ער זיך אויף די טראַדיציאָנעלע אויטאָריטעטן, פונעם תלמוד אָן ביזן גדול-הדור ר' יעקב עמדין 30). שוין אין דער צייט זיינען ביי מענדעלסאָנען רייף און קלאָר געוואָרן די געדאַנקען, וועלכע ער האָט שפּעטער אַנטוויקלט אין זיין „ירוזאַלעם“ בנוגע דער יידישער אמונה און יידנטום בכלל. ער איז מודיע בפה מלא, אַז די יידישע רעליגיע שטאַמט ניט פון מענטשן-שכל; זי שטייט אמת זייער נאָענט צום דעאיזם און נאַטוראַליזם, איר גרויסקייט איז אָבער גראָד אין דעם, וואָס זי איז „מן השמים“; אירע עיקרים שטימען מיט דער חקירה אין אַלע פּרטים, אָן סתירות, און דער שכל-הישר מוז אויך אָנערקענען אירע געזעצן. די באַשולדיקונגען, וועלכע עס וואַרפן אים פאָר זיינע קעגנער, באַזונדערס פון ד"ר קעלבעלעס (Dr. Kölbele) צד, אַז אין זיינע „פילאָזאָפישע שריפטן“ לייקנט ער די „אָפנבאַרונג“, זיינען לעכערלעך.

„איך זאגי נעהמליך אן איינר שטעללי אין מיינען בריבן, — שרייבט ער צו אלחננען עש"ק ח' כסלו התקל"ב, אנווייזנדיק אויף זיינע „בריעפע איבער די עמפפינדונגען“ (געז. שריפטן, 1, ז. 165),— ניכט פון אפנבארונג, זיא טרויאן קיינר. האבן זיא אבר דיזי שטעללי אים צוזאממען האנג גלעזן? איך האבי דאזעלבשט ערשט דען זעלבשט מארד לדעת מכחישי ההשארה ווידרליגט, זאדאן אויך לדעת בעלי הדתות. לסוף אבר איזט דיא רידי, וויא איך דען זעלבשט מארד לדעת מאמיני ההשארה ווידרליגן וואלטי, ווען זיא קיינר אפנבאהרונג טרויאן, אלזוי נאך דר מייגונג דר דעיסטן. אין דר אנטווארט דרויף מוז איך יא בשטענדיג לפי דעתם שפרעכן. דאהער זאגי איך ניכטש פון אפנבאהרונג, זיא טרויאן קיינר. ווען מאן אייניגי ווארטי אויש דעם צוזאמן האנג נימט, זא קאן מאן טרעפליך בווייזן, וואש מאן וויל. זא קאן איך זאגן דוד המלך ע"ה האט בהויפטט לא יראה יה ולא יבין אלדי יעקב [תהלים צ"ד, ז']. אללײן דש הייסט אונעהרליך געהאנדלט, אונד איך מוז איהנן זאגן, דש בלויס דיא אונרעדליכי ארט, מיט וועלכר מיך דר קעלבלי אן פיהרט, מיך אבגהאלטן, איהן צו ווידרליגן. מי שיש לו מוח בקדקדו, ווירד ערשט נאך שלאגן, אונד דען אונגרונד דר קעלבעלישן בשולדיגונג זעלבשט פינדן“.

„דען מאמר, דען זי אנגפיהרט, — שרייבט ער ווייטער בתשובה אויף אלחננס חקירות, — אין משגיחין בבת קול 31) האט זיינען גוטן אונד וויכטיגן גרונד. זהו כלל ועקר דת ישראל, מיר זאללן קיינר נבואה ומכ"ש [ומכל שכן] בת קול טרויאן, דיא נגד מצוה אחת שבתורה, או נגד מדרש חכמי' ע"פ י"ג מדות לויפט. יעיין ידידי שי' בהקדמת הרמב"ם לפירושו על ש"ס משנה, וימצא מרגוע לנפשו“.

פיל קלאָרער זעען מיר מענדעלסאָנס שטאַנדפּונקט אויף דער יידישער רעליגיע אין אַ צווייטן בריוו צו אלחננען, אין וועלכן ער באַרירט ווידעראַמאָל די דעמאַגאָגישע באַשולדיקונגען מצד דעם דייטשישן פּאַמפלעטיסט ד"ר קעלבעלע און איז מיט סאַרקאַזם מרמז אויף די „יידישע קעלבעלעך“, די עקסטרעמע אָרטאָדאָקסן, וואָס האָבן הנאה פון דער גאַנצער מעשה און באַשולדיקן אים אין אפיקורסות.

„איבר די קעלבלש מבני עמנו, — שרייבט ער אים י"א מנחם אב התקל"א, — מאקירי [=לאַך] איך מיך הערצליכ, דען איין פרנינפטיגר מענש מוז דיא אלברנהייט דיזש אונפרשטענדיגר שוועצרש [=פלאַפּלערס] גאר באלד איין זעהן. איבר הויפט פלעגן נוצרי' ובפרט טהעאלאגן גאר לייכט יעמאנד דש דעיסמוס צו בשולדיגן, וויל איהרי גאפנבארטי רעליגיאן גאר ערשרעקליכ פיל צו דר נאטירליכן הינצו צו טוהן האט, דש איבר אונד ווידר די פרנונפט איזט. אבל ברוך ה' אשר נתן לנו תורת אמת. מיר האבן קייני עקרים דיא נגד השכל או למעלה מן השכל זיין. מיר טוהן נישט מער הינצו צו דר נאטירליכן רעליגיאהן אלש מצות וחקי' ומשפטים ישרים ת"ל. אבל עקרי ויסודי דתנו מיוסדי' על אדני השכל ומסכימי' עם החקירה והעיון האמתי מכל צד, בלי סתירה ומחלוקת כלל וכלל. וזהו מעלת דתנו האמתי והאלהי מעל כל שאר דתות הכוזבות. הנוצרים ווערדן אללי אונזרי עקרים דעש דעיסמוס או נאטוראליסמוס בשולדיגן... ולא אאריך בזה כי בכל אלה דבר שפתי' אך למחסור. בני עמנו זאלטן ביללינג דיזש אללעש פון זעלבשט איין זעהן, כי היא תהלתנו ותפארתנו, וכל ספרי חכמינו מלאי' מזה“.

דידאָזיקע פּאָר ציטאַטן, וועלכע אַנטהאַלטן דעם „אני מאמין“ פון משה מענדעלסאָנען, אַנטהאַלטן אפשר אויך דעם שליסל צום טראַגיזם פון זיין אייגענער משפחה און פון דער רעפאָרם- און שמד-באַוועגונג אין דעם ניינ-

צענטן יאָרהונדערט בכלל. מענדעלסאָן דער למדן און מאמין, וואָס איז אויפגעוואַקסן אינעם גייסט פון דער יידישער טראַדיציע, אויף די „היילקע ספרים", וואָס איז גלייכצייטיק אויך געווען אַ טיפּישער פילאָזאָף פון „געזונטן מענטש־פאַרשטאַנד" און אויפקלערונג, האָט טיף געגלויבט אין די מעלות פון דער יידישער רעליגיע לגבי אַנדערע רעליגיעס. ער אַליין איז געווען ביכולת צו באַווייזן, אַז די עיקרים פון דער יידישער רעליגיע שטיצן זיך אויפן שכל־הישר און אַז זיי שטימען פולקאָם מיט דער אַלגעמיינער און אמתדיקער פילאָזאָפיע. האָט דען אָבער דערדאָזיקער „אני מאמין" געקענט בלייבן פעסט ביי די אויפגעקלערטע דייטשישע יידן פון די ווייטערדיקע דורות, וועלכע האָבן געלעבט אין אַנדערע תנאים, געהאַט אַן אַנדערע דערציאונג, געפילט אַן אַנדער צייט־גייסט, פאַר־מאָגט אַן אַנדערע פילאָזאָפיע און האָבן זיך בכלל באַצויגן סקעפּטיש צום שכל־הישר און זיינע אמתן און געלעכצט נאָך מיסטיק און עקסטאַז? האָט דען געקענט זיין דער „אתה־בחרתנו"־קולט און די „תהלתנו ותפארתנו"־רעליגיע אַ מוז פאַר די, וואָס האָבן פון דעם גאָרנישט געוואוסט און דאָס גאָרנישט געפילט? שוין אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט מענדעלסאָן געמוזט איינזעען די סכנה פון באַגרינדן דעם יידנטום אויסשליסלעך נאָר אויפן באַזיס פון ראַציאָנאַל־אויפגעפאַסטער „רעליגיע". און ווער ווייסט, צי האָט נישט געווירקט דעפּרעסיוו דער אינערלעכער שטומער און שאַרפער געפיל, אַז זיין פּאָזיציע איז שוואַך און מאַטלאָז לגבי דעם ברוזנדיקן לעבן, וואָס ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ מער און מער סעקולאַריזירט, אויף זיין גייסטיקן מצב און אויף זיין קערפּער, און צי האָט עס ניט מקרב געווען זיין קץ?

נאָך אינעם יאָר 1766 האָט זיך מענדעלסאָן געטראָפן פנים־אל־פנים מיט דער קאָנסעקווענטער אפיקורסות און אירע פּאָלגן אין זיין אייגענער סביבה און צווישן זיינע אייגענע תלמידים. די קאָרעספּאָנדענץ צווישן אים און קאַנט האָט זיך אָנגעהויבן גראָד מיט קאַנטס ביטערן דין־וחשבון וועגן זייער ביידנס תלמיד, דעם סטודענט לעאָן גומפּערץ, וועלכער איז געוואָרן אַן אפיקורס בפרהסיא און האָט ניט אָנערקענט קיין שום מצוות [32]. מענדעלסאָן האָט ניט געקענט פּאָרויסזעען, אַז זיין יונגער און באַגאַבטער תלמיד, וועלכער האָט געחלומט צו ווערן אַ צווייטער מענדעלסאָן און וועמען ער האָט געהאָלפן צו באַקומען בילדונג און אַריינטרעטן אין קעניגסבערגער אוניווערסיטעט, וועט שפּעטער, נאָך ביי זיין לעבן (1782), פאַרביטן דעם יידנטום אויף אַ שטעלע פון אַ „קאַנצלייאינספּעקציאָנס־אַסיסטענט" — ווערן אַ מין אַקציז־טשינאָווניק, — און ביסלעכווייז אַראָפּוואַרפן די יידישקייט און אַרויפקלעטערן ביז צו אַ „דעפּוטירטן מייסטער פון דער פריימויער־לאָזשע אין וועסט־פּרייסן". די שמד־עפּידעמיע צווישן די בערלינער גבירים און תקיפים טעכטער, וועלכע פלעגן פאַרבלענדט ווערן פון די עפּאָלעטן ביי די פּרייסישע אָפיצירן און טיטולן פון די מלוכה־באַאַמטע און וועמענס הערצער פלעגן קאַפּיטולירן פאַר יעדן יונגן קריסטלעכן אורח אין זייער הויז [33], האָט געדאַרפט צווינגען מענדעלסאָנען צו פאַרטראַכטן זיך וועגן זיין "ידיש־רעליגיעזער קאָנצעפּציע, וועגן איר ריכטיקייט און ווירקונגס־קראַפט.

אין זיין בריוו פון כ"ט טבת התקמ"ה (1785) — דעם לעצטן אין אונזער זאַמלונג — שרייבט מענדעלסאָן וועגן דער באַקאַנטער געשיכטע מיט דער צוואה פון מאָזעס איזאַק, וועלכע איז געווען טיפּיש פאַר דעם גייסט פון יענער צייט אין דער יידישער אויפגעקלערטער סביבה אין פּרייסן. דער בערלינער גביר און תקיף ר' משה הלפן, געראָפן אויך מאָזעס איזאַק, האָט נאָך מיט צוויי יאָר פאַר זיין פטירה (געשט. 13טן מאַי 1776) אָנגעשריבן אַ צוואה, לויט וועלכער ער לאָזט יעדערן פון זיינע זעקס קינדער בירושה צו 96.000 טאָלער און אויסער דעם — אַ באַזונדערן קרן־הירושה (פידעיקאָמיס) אין סכום פון אַ פערטל מיליאָן טאָלער, פון וועלכן עס וועלן גאָרניט קענען באַקומען יענע קינדער זיינע, וואָס וועלן „ניט בלייבן ביי דער יידישער רעליגיע". זיינע צוויי טעכטער, וועלכע האָבן זיך נאָך זיין טויט געשמדט און חתונה געהאַט — איינע פאַרן לייטענאַנט פאָן־רונקעל און די אַנדערע פאַרן קאָמער־אַסעסאָר פאָן־באָזע, האָבן זיך ניט באַגנוגנט מיט די 96.000 טאָלער און האָבן געפאָדערט אַ חלק אויך פונעם קרן־הירושה; זיי האָבן געפירט וועגן דעם אַ לאַנגן און פאַרוויקלטן פּראָצעס, וועלכער האָט זיך פאַרענדיקט סוף 1787 מיט אַ פשרה [34].

„ר' משה חלפן זייני ביידי טעכטער, — שרייבט מענדעלסאָן אין זיין אויבנדערמאָנטן בריוו צו אלחננען וועגן דעם ענין, — האבן רעליגיאָן פרענדרט, אונד דיא צוואה אומשטויסן וואָללן, פרמעגי וועלכר איין קינד דש רעליגיאָן פרענדרט, פום פידעיקאָמיס אוישגשלאָסן ווארדן, אונד זיא האבן דורך אללי גריכטליכי אינשטאנצן דש משפט פארלאָהרן". „אבשריפטן פון דען געפעללטן סענטענצן [החלטות], — שרייבט ער אים ווייטער, — קאן איך איהנן שיקן, ווען זיא עש פערלאנגן". און דערביי רופט ער אויס מיט אַ געפיל פון באַפרידיקונג: געזעגנט זייאַ די יוסטיץ אין פרייסישם לאַנדי!"

די אַלטע בערלינער גבירים האָבן געגלויבט אינעם כוח פון זייערע צוואות און געהאַפט, אַז דורך די קרנות הירושה, דורך געלט און פאַרמעגן וועלן זיי קאָנען צובינדן זייערע קינדער צום יידנטום, — און מענדעלסאָן אַליין האָט געהאָפט און געגלויבט אינעם יושר פון דער פרייסישער יוסטיץ ביים שיצן די יידישע יוגנט קעגן שמד. ער, דער פילאָזאָפיש־אויפגעקלערטער און פּאָליטיש־

ליבעראַלער און צוגלייך דער אמת אָרטאָדאָקסישער ייד, וועלכער האָט אין זיין יוגנט-צייט געוואַגט דער ערשטער אין דייטשלאַנד עפנטלעך אַרויסצוטרעטן קעגן פרידריך דעם גרויסן פאַר זיין פּאָעזיע און פראַנקאָמאַניע, — האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, זייענדיק שוין שוואַך און נידערגעשלאָגן, געזאַמלט טריי דעם מאָנאַרכס ליבעראַלע החלטות בנוגע יידן און יידישקייט און געבענטשט זיין יושרדיקע יוסטיץ...

דידאָזיקע אָפּהאַנדלונג וועגן מענדעלסאָנס בריוו צו זיין קרוב אלחנן הערץ באַווייזט דעם ווערט פון זיין יידיש־העברעישער קאָרעספּאָנדענץ פונעם ליטעראַריש־פילאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, ווי אויך איר ווערט, אַלס אַ וויכטיקער מאַטעריאַל פאַר אַן אָביעקטיווער כאַראַקטעריסטיק פון מענדעלסאָנען און זיין לעבן, זיין סביבה און זיין צייט.

---

## באַמערקונגען

1) מענדעלסאָנס קאָרעספּאָנדענץ מיט טאָמאַס אַבטן איז אַרויסגעגעבן געוואָרן צוערשט מיט פרידריך ניקאָלאַיס באַמערקונגען אינעם יאָר 1771, און שפּעטער מיט זיינע אייגענע הוספות און הערות אינעם יאָר 1782; זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט לעסינגן — ערשט אינם יאָר 1789, דורך לעסינגס ברודער קאַרל.

די צאָל פון די ערשטע בריוו-אַנטוואורפן און קאָפּיעס אין מענדעלסאָנס ליטעראַרישער ירושה איז אין פאַרגלייך מיט דער גרויסער צאָל אָנגעשריבענע בריוו זייער קליין און באַווייזט, אַז ער האָט אָפּגעהיט נאָר אַזעלכע בריוו, וואָס האָבן געהאַט, לויט זיין מיינונג, אַ ליטעראַרישן ווערט. דער טעקסט פון דידאָזיקע בריוו־אַנטוואורפן איז אָפט אַ גאַנץ אַנדערער ווי אין אָריגינאַל, און ביי אַ קריטישער אויסגאַבע פון זיינע בריוו איז נויטיק צו האָבן אין זינען די פאַרשיידענע שינויים. אויף וויפיל פאַרפירעריש איז אָפטמאָל די אויסגאַבע פון זיינע געזאַמלטע שריפטן און די דאָרט געדרוקטע בריוו, איז צו זען פון דעם פאַקט, וואָס די וויכטיקסטע בריוו זיינע צו לאַפאַטערן (וועגן דעם לאַפאַטער־שטרייט) זיינען דאָרט אָפּגעדרוקט דאָס רוב ניט לויט דעם אָריגינאַל, נאָר לויט די ערשטע אַנטוואורפן און קאָפּיעס, און דערביי איז דאָס אפילו ניט אָנגעוויזן („געזאַמלטע שריפטן", באַנד 3, ז. 81—107). די אָריגינאַל-בריוו צו לאַפאַטערן, וועלכע געפינען זיך אין דער ציריכער צענטראַל-ביבליאָטעק (פאַמיליען־אַרכיוו, לאַפאַטער־מאַנוסקריפּט, באַנד 520, נומער 80—88), שטימען ניט גאַנץ מיטן געדרוקטן טעקסט, פאַרמאָגן פילע נייע שטעלעס, וואָס זיינען גראָד וויכטיק פאַר זיינע דעליקאַטע קאָנטראָווערסן מיטן קריסטלעכן גלח וועגן די מעלות און חסרונות פון דער יידישער און קריסטלעכער רעליגיע.

2) דער ערשטער אונז באַקאַנטער בריוו פון מענדעלסאָנען צו ר' יעקב עמדין (פון כ"ז תשרי תקכ"ז) איז געווען אָפּגעדרוקט פאַר זיין לעבן אינעם „ספר התאבקות איש (אייבשיצער יונתן שבת"צר) שדה עם יעקב איש תם", אַלטאָנאַ 1769, דף קס"ב, און דער צווייטער בריוו (פון עש"ק פ' בראשית תקל"ד) — אינעם צווייטן טייל פון „שאילת יעב"ץ", אַלטאָנא 1770, דף פז' — פח' (פּג"ל. צעדנער, ז. 236; בן־יעקב — 554 און רעסט ז. 356 און 358). זיין קאָרעספּאָנדענץ וועגן פריצייטיקער קבורה זע אינעם „המאסף", תקמ"ה, ז"ז קס"ט — קע"ד און קע"ח—קפ"ז.

3) די צוויי בריוו פון מענדעלסאָנען צו זיין כלה, פון תשרי תקכ"ב, וועלכע זיינען אָפּגעדרוקט פון זיין אייניקל, דעם באַקאַנטן געשיכטע־פאָרשער און פּראָפעסאָר אין באָן געאָרג בנימן מענדעלסאָן, אינעם באַנד בריוו (זייט 419—421), געפינען זיך ניט אין דער אָריגינאַלזאַמלונג פון זיינע בריוו צו דער כלה. די גאַנצע בריוזאַמלונג ווערט בכלל מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט אין דער אויסגאַבע פון זיינע געזאַמלטע ווערק. לויטן צופעליקן כאַראַקטער פון די צוויי ווייניק אינטערעסאַנטע בריוו איז צו פאַרשטיין, אַז זיין אייניקל האָט גאָרניט געוואוסט וועגן דער עקזיסטענץ פון אַזאַ בריוו-זאַמלונג. אויך זיין בעסטער ביאָגראַף און קענער מ. קייזערלינג, ווי אויך פּראָפעסאָר דוד קויפמאַן און ד"ר מאַקס פרוידענטאַל האָבן אין זייערע אַרבעטן וועגן אים און זיין משפחה און קרובים ניט דערמאָנט וועגן די בריוו, ווייל זיי האָבן גאָרניט געוואוסט, אַז אַזעלכע בריוו עקזיסטירן. זיי האָבן דעריבער צוגעלאָזט זייער פיל טעותים און אומבאַגרינדעטע השערות, וועלכע וועלן מוזן איצט קאָרעגירט ווערן. ערשט אין 1907, אין דער הקדמה צום וויכטיקן בוך וועגן דער פאַמיליע גאָמפּערץ „Die Familie Gomperz", von Prof. Dr. David Kaufmann und Dr. Max Freudentahl, Fr/M., 1907 דאַנקט ד"ר פרוידענטאַל די הערן ערנסט פאָן־מענדעלסאָן־באַרטאָלדי און פראַנץ פאָן־מענדעלסאָן אין בערלין פאַר זייער דערלויבעניש צו באַנוצן זיך מיט משה מענדעלסאָנס בריוו צו זיין כלה (זייט XV). לויט דער באַמערקונג, וועלכע דער מחבר מאַכט אינעם בוך גופא (זייט 191, הערה 1), שטעלט זיך אָבער אַרויס, אַז ער האָט פאַר זיך געהאַט ניט די אָריגינאַלן זעלבסט, נאָר אַ דייטשע באַאַרבעטונג (געדרוקט אַלס מאַנוסקריפּט נאָר פאַרן פּריוואַטן געברויך) פון אַ טייל פון דידאָזיקע בריוו, וועלכע לודוויג גייגער האָט געמאַכט פאַר דער פאַמיליע מענדעלסאָן, וואָס איז שוין לאַנג געווען אַוועקגעגאַנגען פון יידנטום. די נאָטיצן, וועלכע ד"ר פרוידענטאַל האָט געמאַכט לויט דער דילעטאַנטישער און פאַמיליענאַרטיקער באַאַרבעטונג פון ניי־

גערן און זיינע אויספירן אויף דעם סמך, נויטיקן זיך זיך איצט אין אַן איבעראַרבעטונג און אין וויכטיקע הגהות.

4) מענדעלסאָנס קינדער האָבן נאָר אַ טייל פון זיין ליטעראַרישער ירושה געלאָזט פאַר זיך, דער איבעריקער טייל — זיין ביבליאָטעק, למשל, — איז פשוט פאַרקויפט, אָדער וואַנדאַליש צעטיילט און צעשענקט געוואָרן לזכרון פון זייער פּאָטער. אין דער מאַנוסקריפּטן־אָפּטיילונג פון דער שטאַטס־ביבליאָטעק אין בערלין געפינט זיך, למשל, אַן אויסגעריסן בלעטל פון מענדעלסאָנס ליטעראַרישן נאָטיק־בוך, וועלכס זיין עלטערער זון יוסף האָט געשענקט רחל לעווינס מאַן — קאַרל אויגוסט פאַרנהאַגען פאָן־ענזע. אַ גרויסע צאָל בריוו פון מענדעלסאָנען האָט ביי זיין לעבן צונויפגעזאַמלט און אַרומגעשלעפּט מיט זיך אין זיינע שטענדיקע נסיעות איבער ליטע, דייטשלאַנד און האָלאַנד זיין מיטאַרבעטער ביים ביאור און דער לערער פון זיין עלטערן זון, דער גרויסער מדקדק און ביבליאָפיל ר' שלמה דובנא. נאָר אַ קליינער טייל פון די בריוו געפינט זיך אין דער העברעישער ביבליאָטעק אין ירושלים און אין דער „ראָזענטאַליאַנאַ" — אַמסטערדאַם. פיל בריוו, וועלכע ש. י. פין האָט נאָך אין די זעכציקער יאָרן פאָריקן יאָרהונדערט געזען אין ווילנע און עטלעכע פון זיי אויך אָפּגעדרוקט (צו נפתלי־הערץ וויזלען), שיינען איצט צו זיין פאַרפאַלן.

5) דערדאָזיקער בריוו איז ערשט נישט לאַנג פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורכן דירעקטאָר פון דער יידישער אָפּטיילונג ביי דער ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק ד"ר יהושע בלאָך אינעם אַמעריקאַנער „פנקס" פונעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (העפט 1—2 דעצעמבער 1927, ז. 154). צום באַדויערן זיינען אויך דאָ — מסתמא באשמת הבחור הזעצער — אריינגעפאַלן אייניקע טעותים, ווי למשל: לח"מ — אַנשטאָט למח"ו, שמאלצאלדן צ"ו — אַנשטאָט שמאלקאלדן יצ"ו, איר — פאַפּיר, גרויסטן — גרעסטן, הכו"ח — הכ"ד און אַנד. (פּג"ל דעם טעקסט אין „פנקס" מיט דער פאַקסימיליע דאָרטן טאַקע, ז. 155).

6) דער בריוו־וועקסל, וועלכן מענדעלסאָן האָט געפירט מיט אליהו־לוי מגלוגא, אין העברעיש און יידיש, איז פון אליהו־לוי זעלבסט אַרויסגעגעבן געוואָרן, אונטערן נאָמען „אגרות מהחכם הכולל המפורסם בעולם מהור"ר משה דעסא נ"י זצ"ל מברלין", ווין, אַנטאָן שמיד, 1794. נאָר איין בריוו האָט ער אים געשריבן אין דייטש, בשעת יענער איז געזעסן צוליב אַ בלבול אין תפיסה, מיט אַ פּיוון, כדי דאָס זאָל אים דינען פאַר אַ מליץ־יושר (דף 2, זייט 2 און ווייטער); דערדאָזיקער בריוו איז געווען אָפּגעדרוקט אין מענדעלסאָנס געזאַמלטע שריפטן (באַנד 5, זייט 522 — 523) ניט לויט דער דערמאָנטער אויסגאַבע „אגרות" פונעם יאָר 1794, נאָר לויט דוד פרידלענדערס טעקסט אין דער „נייער בערלינישן מאָנאַטסשריפט", באַנד 21, פונעם יאָר 1809, און טראָגט דעם מערקווירדיקן טיטל: „Mendelssohn an den böhmischen Talmudisten V—z". זיינע בריוו צו הערץ האָמבערגן זיינען תחילת געווען געשריבן אין יידיש, און נאָר לויטן וואונטש פונעם לעצטן איז ער איבערגעגאַנגען אין דייטש (פּג"ל: געזאַמלטע שריפטן, באַנד 5, ז. 661).

7) דער בריוו איז געווען אָפּגעדרוקט אין מענדעלסאָנס געזאַמלטע שריפטן, באַנד 5, ז. 446—449, מיטן קעפּל „מענדעלסזאָהן אַן איינען אונבעקאַנטען". יעקב אויערבוך אין זיין אַרבעט „מאָזעס מענדעלסזאָהן אונד דאָס יודענטום" (Zeitschrift für die Geschichte der Juden in Deutschland, B. I, S. 8, Anm. 1) האָט צוערשט אַרויסגעזאָגט די השערה, אַז דער „אומבאַקאַנטער" איז רפאל לוי; איצט איז דאָס שוין אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט.

פון רפאל לויס מאַטעמאַטישע שריפטן זיינען אויסער די דייטשישע באַקאַנט אויך די פאָלגנדיקע העברעישע: „לוחות העבור", ליידן־האנבר, תקט"ז—תקי"ז; „ספר תכונת השמים", אמשטרדם, תקט"ז. אין דער שטאַטס־ביבליאָטעק אין בערלין איז נאָך פאַראַן זיינער אַ ניט־געדרוקטער כתב־יד מיטן נאָמען „חשבון הקץ והתחיה".

8) אַדלערס מיטטיילונגען מיטן נאָמען „אייגענהענדיגע בריעפע פאָן מאָזעס מענדעלסזאָהן" זיינען געווען אָפּגעדרוקט אין דער „מאָנאַטסשריפט", יאָרגאַנג 8, 1859, ז. 100 א"וו, 170 א"וו און 261 א"וו. קייזערלינג האָט די בריוו פאַרעפנטלעכט אין זיין בוך „מאָזעס מענדעלסזאָהן, זיין לעבן אונד זיינע ווערקע", לייפּציג, 1862, הוספות נומער 3—21, ז. 489—506.

9) אינעם דייטשישן כתב־יד פון יאָהאַננאַ גאָלדשמידט איז צום בריוו פאַראַן אַ באַמערקונג, אַז ער דאַרף זיין פון אַ שפּעטערדיקער דאַטע און געשריבן ניט צום פאָטער, נאָר צום זון — אלקן הערץ, ווייל ער גריסט אין אים זיין פרוי יוכבד, הגם מענדעלסאָן שרייבט אויסדריקלעך: „שלו' לאהו' אדוני ש"ב ה"ה האלוף הקצין המרומם רש"ת כהר"ר נפתלי מ"ץ", בעט „הבח' כ"ר אלחנן צו גרישן" און פאַרענדיקט מיט „שלו' לאשתו הקצינה הגבירה מרת גיטל ת"י, ווינשי מז"ט וברכה"!

10) פּג"ל מ. קייזערלינג „מאָזעס מענדעלסזאָן", ערשטע אויפלאַגע 1862, ז. 136—137, הוספה נומער 5, ז. 491; צווייטע אויפלאַגע 1888, ז. 128—129. דער ראַבינער ד"ר אַדלער, וועלכער האָט דער ערשטער פאַרעפנטלעכט דעם בריוו, האָט אים גאָר דאַטירט מיט ער"ה תק"כ („מאָנאַטסשריפט", 8, ז. 170—171).

11) ר' הירש איז געווען אַ זון פון דעם דעסויער דין ר' אהרן בר' נפתלי הירש מק"ק האלבערשטט, דעם בעל־מגיה פון דעם „קרבן העדה" און דעם רמב"מס

„משנה תורה" (יעסניץ 1739—1742 און דעסוי 1745). ער האָט געלערנט מיט מענדעלסאָנען אַלס קינד תנ"ך און דקדוק און פלעגט דערציילן ניסים ונפלאות וועגן זיין פרומקייט, התמדה און קלאָרן פאַרשטאַנד. פגל': ד"ר ב. ה. אויערבאַך „Geschichte der israelitischen Gemeinde Halberstadt" — האַלבערשטאַט 1866, ז. 35 און 189, אויך: מאַקס פרוידענטהאַל „Aus der Heimat Mendelssohns" בערלין, 1900, ז. 217, 219, 230, 240 און 261.

12) די פרטים וועגן דעם ענין האָף איך צו געבן אין מיינע באַמערקונגען צום אַלגעמיינעם בריוו-ווערקסל אין דער יובל-אויסגאַבע פון מענדעלסאָנען, דאָ וועל איך זיך מוזן באַגניגענען נאָר מיט אַ קאָפּיע פון דעם דאָקומענט. אויף דעם דענקשריפט „פּראָמעמאָריאַ" האָט מיך דער ערשטער אויפמערקזאַם געמאַכט דער באַדייטנדער און פאַרדינסטפולער פאַמיליע-פאָרשער און היסטאָריקער, דער ווינער ראַבינער ד"ר מאַקס גרונוואַלד, און איך דריק אים דערפאַר אויס מיין טיפן דאַנק. די דייטשישע קאָפּיע פון דעם דענקשריפט האָט ד"ר גרונוואַלד אָפּגעדרוקט אין זיינע „מיטטיילונגען צור יודישען פאָלקסקונדע" (יאָרגאַנג 18, העפט 3—4, ווין, 1915, ז. 70—71). לײדער איז זי אויך ניט פריי פון אייניקע דרוק-פעלערן און אומפּינקטלעכקייטן. למשל: דער „פּראָמעמאָריאַ" שטאַמט ניט פון יאָר תק"ט—1749, נאָר פונעם יאָר תקכ"ט — 1769, און דערדאָזיקער טעות אין גאַנצע צוואַנציק יאָר איז, ווי מיר שיינט, געקומען דערפון, וואָס אין אָריגינאַל איז דער כ' אומדייטלעך געשריבן. עס איז אָבער קלאָר, אַז אין יאָר 1749, אַלס צוואַנציקיאָריקער אָרימער און ווייניק-באַקאַנטער בחור, וואָלט מענדעלסאָן זיכער ניט געקענט זיין אַ בורר ביי בערלינער פרנסים און גבירים אין אַ סכסוך וועגן צענדליקער טויזנטער טאָלער, און אַז האָבנדיק דאַן די 1.400 טאָלער וואָלט ער ניט באַדאַרפט ערשט זוכן אַ שטעלע אַלס הויז-לערער און וואוינען ביי בערנאַרד צילצן.

13) לויט קייזערלינגס טעקסט (קייזערלינג, ערשטע אויפלאַגע, ז. 494, נומער 8) קומט אויס, אַז מענדעלסאָן האָט אויך דעם טייל פונעם בריוו געשריבן צו אלחנן הערצן, ניט געקוקט דערויף, וואָס מענדעלסאָן שרייבט צום אַדרעסאַט בפירוש „מחותני", ווי אינעם אויבנגעדרוקטן בריוו. פון דעם בריוו איז לײדער נאָר געבליבן די צווייטע העלפט, אַזוי אַז זיין דאַטירונג קען ניט גענוי פעסטגעשטעלט ווערן. אויפן גרונד פון די ערשטע שורות פון דעם פראַגמענט, אין וועלכע מענדעלסאָן דערקלערט דעם מהות פון זיין פירוש צו „קהלת" פון 1770, האָט קייזערלינג דאַטירט דעם בריוו: „בערלין... 1770". די דאַטע פונעם בריוו אָבער איז זיכער 1771. מענדעלסאָן האָט געקענט מיט זיין קרוב פירן אַ שמועס וועגן זיין פירוש אויך נאָך דעם יאָר, ווען ער איז דערשינען.

14) דער גאַנצער אָפּזאַץ שטיצט זיך אויף מאַטעריאַלן, וועלכע איך האָף אַרויסצוגעבן אין אַ ספּעציעלער אַרבעט, און אויף מיטטיילונגען פון ד"ר מאַקס פרוידענטאַל.

15) פגל' זיין בריוו צו לעסינגן און צו האַמבערגן (געזאַמ. שריפטן, באַנד 5, ז. 166, 671 א. וו.).

16) פגל' Tendlau Abr., Sprichwörter und Redensarten deutsch-jüdischen Vorzeit", Fr./M. 1860, שטיכוואָרט „גאַסט"; אויך איגג. בערנשטיין.

17) פגל' מענדעלסאָנס בריוו צו דוד פרידלענדער (געז. שריפטן, באַנד 5, ז. 594), אויך אליעזר לאַנדסהוטס „תולדות אנשי השם ופעולתם", ברלין תרמ"ד, ז. 65 און 80. די געשיכטע פונעם ווייזל-קאַמף און זיין אַרויסשיקונג פון בערלין האָב איך באַהאַנדלט אין מיין אַרבעט „האַרטוויג וועסעלי, אַלס גראַמאַטיקער אונד דיכטער", פרעמירט אין יאָר 1925 פון דער „האָכשולע פיר וויסענשאַפט דעס יודענטומס" אין בערלין (דערשיינט אינגיכן געדרוקט).

18) אין דער ערשטער אויפלאַגע פון דער מענדעלסאָן-ביאָגראַפיע האָט קייזערלינג ניט אויסגענוצט דידאָזיקע שטעלע פונעם בריוו, ווייל ער האָט על-פּי טעות געהאַלטן פאַרן „בעל המפה" דעם „בעל מגן אברהם" — אַבעלע גומבינער (פגל' ז. 492, הערה 3). ערשט אין דער צווייטער אויפלאַגע, נאָכדעם ווי אברהם גייגער האָט אָנגעוויזן אויף דעם טעות (Jüdische Zeitschrift für Wissenschaft und Leben, באַנד 1, ז. 145), האָט קייזערלינג אויסגעבעסערט דעם פעלער, אָבער דערביי אָן שום באַגרינדונג באַהויפּט ער, אַז מענדעלסאָנס פאָטער ר' מענדל סופר שטאַמט פונעם רמ"א (פגל' ז. 3 און באַמ. 1). די דערמאָנטע אגב-אורחאדיקע באַמערקונג אין מענדעלסאָנס בריוו האָט געגעבן מאַקס פרוידענטאַלן אַ גרונד צו אונטערנעמען אַן אויספאָרשונג וועגן זיין שלשלת-היחוס; איר האָבן מיר אויך צו פאַרדאַנקען פרוידענטאַלס אויסערסט וויכטיקן בוך וועגן מאָזעס בנימין וואולף און זיין פאַמיליע („אויס דער היימאַט מענדעלזאָנס", בערלין 1900). ס'איז אים לײדער ניט געלונגען צו דערווייזן דעם גאַנצן שלשלת-היחוס — פון דעם רמ"א ביז מענדעלסאָנען, ס'איז אָבער פון זיינע פאָרשונגען קלאָר געוואָרן, אַז מענדעלסאָן שטאַמט זיכער פון דעם רמ"א, אָבער ניט פון דעם פאָטערס, נאָר פון דער מוטערס צד. מיינע אייגענע, אויפן סמך פון נייעם מאַטעריאַל געמאַכטע, אונטערזוכונגען וועגן מענדעלסאָנס יחוס האָב איך בדעה צו געבן אין אַ ספּעציעלער אַרבעט.

19) „Acta Borussica", Denkmäler der Preussischen Staatsverwaltung im 18. Jahrhundert, her. von der Königl. Akademie d. Wissenschaften, Berlin 1892, B. II.

20) דערדאָזיקער בריוו איז געווען דורך אַדלערן און קייזערלינגען פאַלש דאַטירט, ווי איך האָב שוין דערמאָנט פריער (זע באַמערקונג 10). לויטן המשך הענינים שטייט ער צווישן די בריוו פון ר"ח סיון –כ"ט סיון תקל"ב און כ"ז כסלו תקל"ד. דער „ר' בער שטודענד’, וועלכן פרומעט לאָזט גריסן אין איר בריוו און וועלכן מענדעלסאָן גריסט אויך אין פאָריקן בריוו (פון כ"ט סיון תקל"ב), איז ניט דער „שטודיאָזוס דער מעדיצין" און אַרויסגעבער פון מענדעלסאָנס פירוש צו רמב"מס לאָגיק („ביאור מלות ההגיון", צווייטע אויפלאַגע, בערלין תקכ"ו – 1765) – דוד בער אריה ליב הלוי ממשפחת מהרש"א, ווי קייזערלינג מיינט (ביאָגראַפיע, ערשטע אויפלאַגע, ז. 137, צווייטע – ז. 129, באַמערקונג), נאָר – ר' בער יששכר פאַלקענזאָהן. דער, וועלכער איז אַדאַנק געטעס קריטיק באַקאַנט אין דער ליטעראַטור אַלס אַ דייטש-פּוילישער דיכטער און וועלכער האָט אין די יאָרן 1770–1772 געלעבט אין לייפּציג און שטודירט מעדיצין.

21) דערדאָזיקער בריוו אָן אַ דאַטע איז געשריבן געוואָרן פון מענדעלסאָנען ניט צו זיין מחותן ר' נפתלי הערץ קיין דעסוי און ניט אין „סעפּטעמבער 1769", ווי קייזערלינג מיינט (ביאָגראַפיע, ערשטע אויפלאַגע, ז. 490, נומער 4), נאָר צו אלחננען קיין לייפּציג לערך אין 1782–1783. שוין אינעם טיטל און אַדרעס שרייבט ער: „שלום לש"ב ידידי וחביבי ה"ה הקצין המרומם המשכיל כהר"ר אלחנן" און אינעם בריוו רופט ער אים „פעטר" און ניט „מחותן". ווי אין אַלע שפּעטערדיקע בריוו, אַזוי אויך אין דעם גריסט ניט מענדעלסאָן זיין מחותן, וועלכער איז געשטאָרבן ר"ח ניסן תקל"ה. ער באַטאָנט דאָ די הפסקה אינעם שרייבן, וועלכע מיר מערקן באמת ביי אים אין דעם פעריאָד צווישן 1781 און 1784, און באַשרייבט זיין פיזישן צושטאַנד, וועלכער האָט זיך צו יענער צייט פאַרערגערט. דאָס בוך, וועלכס ער האָט בדעה אים צו שיקן אַלס מתנה צו דער נאָענסטער מעסע, איז מסתמא „יערוזאַלעם, אָדער איבער רעליגיעזע מאַכט אונד יודענטהום" (דערשינען מאַי 1783) און ניט זיין ביאור צו „קהלת" (תק"ל 69–1770), ווי קייזערלינג מיינט.

22) פג"ל מענדעלסאָנס בריוו צו נפתלי־הערץ וויזל און די תשובה אין „השרון", ביילאַגע צו „הכרמל", תר"כ–תרכ"א, ז. 32 און 39–40.

23) פג"ל די כראָנאָלאָגישע פאַרצייכעניש פון מענדעלסאָנס בריוו אין זיינע געזאַמלטע שריפטן, באַנד 5, ז. 29.

24) די שטאָט ציריך האָט אפילו אָפּגעדרוקט אַ ספּעציעלן פאָרמולאַר מיט פראַגן פאָרצולייגן די יידן בעתן שמד; איין עקזעמפּלאַר געפינט זיך איצט אין דער ציריכער צענטראַל-ביבליאָטעק („Formular des Juden-Tauffs wie derselbige bey Begebenheiten in Zürich gebraucht wird... Getrukt zu Zürich bey Christoff Hardmeyer 1712").

25) פג"ל די געשיכטע מיט די צוויי שטראָלזונדער יונגעלייט אין אהרן איזאַקס אויטאָביאָגראַפיע, אָריגינאַל־אויסגאַבע, ז. 57 א"וו. אָדער זלמן רייזענס יידישע איבערזעצונג. ז. 72–76. דער פאַל מיטן זון פונעם בערלינער רב ר' מיכל חסיד ליפּמאַן פערלין. וועלכער האָט שפּעטער — נאָכן שמד — געטראָגן דעם נאָמען אַלאָיז ווינער פאָן־זאָנענפעלז, אין דער ערשטער העלפט פון אַכצעטן יאָרהונדערט, ווי אויך דער פאַל מיטן משומד כריסטיאַן גאָטלאָב מייער אין דער צווייטער העלפט פון דעמדאָזיקן יאָרהונדערט – זיינען געווען דעמאָלט יוצאים מן הכלל. אַלאָיז פאָן־זאָנענפעלז איז, ווי באַקאַנט, שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן עלילת־דם ביים פויזנער ריטואַל־פּראָצעס פון 1736–1740 און זיין זון יוסף רייכספרייהער פאָן־זאָנענפעלז איז געשטאַנען מיט מענדעלסאָנען אין אַ פריינטשאַפטלעכער קאָרעספּאָנדענץ. כריסטיאַן גאָטלאָב מייער האָט אַרויסגעגעבן מענדעלסאָנס „עלים לתרופה" אין אַ דייטשישער איבערזעצונג. מיט אַ יידן־פריינטלעכער הקדמה און מיט הערות („Probe einer jüdisch deutschen Übersetzung der Fünf Bücher Moses von Herrn Moses Mendelssohn, nebst rabbinischen Erläuterungen und einer am Ende angehängten Elegie, übersetzt und mit Anmerkungen versehen von Christian Gottlob Meyer, Göttingen bey Joh. Chr. Dietrich 1780").

אינטערעסאַנטער מאַטעריאַל געפינט זיך אין לאַפאַטערס פאַמיליען־אַרכיוו אין ציריכער צענטראַל־ביבליאָטעק, ווי אויך אין די אַקטן וועגן יידן פונעם געהיימען שטאַטס־אַרכיוו בערלין־דאַהלעם. פג"ל אויך געאָרג קריסטוף ליכטענבערגס סאַטירישע שריפט, וואָס איז דערשינען אונטער דעם נאָמען פון קאָנראַד פהאַטאַרין: „Timorus, das ist Vertheidigung zweyer Israeliten"... Berlin 1773, — געדרוקט אויפסניי פון דער „סאָנסינאַ געזעלשאַפט", בערלין 1926.

26) פון די רבנים איז אונז באַקאַנט דער באַרימטער ר' יעקב עמדין (יעבץ), צו וועלכן מענדעלסאָן האָט זיך געווענדט וועגן די טעזיסן, וועלכע ער האָט באַנוצט אין זיין ויכוח מיט לאַפאַטערן (דער בריוו און די תשובה פון יעבץ געפינען זיך אין דער „ראָזענטאַליאַנאַ" אין אַמסטערדאַם); פון די קהילות איז באַקאַנט די האַמבורגער, וועלכע דאַנקט מענדעלסאָנען אין אַ בריוו (לאחר המעשה!) פאַר זיין אַרויסטריט („אמרינין תשואות חן חן לך עבור הלוחת אשר שברת יישר כח ששברת לשבר ולפרק הרשעי' בתירוצי', גם אנחנו כונו לדעתו הרמה איזה תירוצי'..." (דערדאָזיקער בריוו געפינט זיך אין דער ירושלימער ביבליאָטעק).

27) אָפּגעדרוקט אין „אגרות מהחכם הכולל המפורסם בעולם מהור״ר משה דעסא נ״י זצ״ל מברלין... ווין 1794״, דף א׳. דעם אָריגינאַל איז מיר נאָך ניט געלונגען צו געפינען.

28) געמיינט: „Antwort an den Herrn Moses Mendelssohn zu Berlin von Johann Caspar Lavater. Nebst einer Nacherinnerung von Moses Mendelssohn", Berlin Stettin, bey Nicolai 1770"

29) פגל״ באַמערקונג 26.

30) ר׳ יוחננס מאמר: „עכו״ם שעוסק בתורה חייב מיתה, שנאמר (דברים ל״ג, פס׳ ד׳): תורה צוה לנו משה מורשה – לנו מורשה ולא להם״; זע סנהדרין נ״ט, עמ׳ א; אויך ציטאַטן פונעם רמב״ם, פונעם בעל „הכוזרי״, פון מנשה בן ישראל און יעב״ץ. פגל״ מענדעלסאָנס געזאַמ. שריפטן, באַנד 3, ז. 43 א״וו.

31) מס׳ ברכות נ״ב, עמ. א׳; עירובין ז, עמ. א׳: פסחים קי״ד, עמ. א׳ וכו׳.

32) פגל״ עמנואל קאַנטס געזאַמלטע שריפטן, ארויסגעגעבן פון דער „פרייסישער אַקאַדעמיע דער וויסענשאַפטען״, צווייטע אָפּטיילונג, באַנד 1, נומער 36, ז. 64 א״וו, אויך מאַקס פרוידענטאַלס „פאַמיליע גאַמפערץ״, ז. 289—307.

33) פגל״ „Dr. Fessler's Rückblicke auf seine siebzigjährige Pilgerschaft", 2 Aufl., Leipzig 1851, 153—156

34) פגל״ ווילהעלם אַבראַהאַם טעללער: „Beytrag zur neuesten Jüdischen Geschichte für Christen und Juden gleich wichtig und veranlasst durch die vor dem Königl. Cammergerichte zu Berlin erhobene Streitfrage: Bleibt der Jude, der zum Christentum übergeht, bey der Jüdischen Religion? Berlin, bey August Mylius 1788"

דאָרט זיינען אָפּגעדרוקט די פסק־דינים וועגן דער דאָזיקער פראַגע: פון פרידריך דעם גרויסן – פון 1טן פעברואַר 1780, פונעם אויבער־טריבונאַל – פונעם 2טן אָקטאָבער 1786, פון פרידריך ווילהעלם דעם צווייטן – פונעם 20טן אָקטאָבער 1786 און אַנד.

הוספה צום אַרטיקל

# אַ בוררים־אַקט פון משה מענדעלסאָן

## „פּראָמעמאָריא

האלופי׳ הקצינים ה״ה פו״מ כ״ה רפאל ש״י וה״ה כ״ה אפרים יץ האבן בעז״ה דורך אונזרי פרמיטלונג איהרי ווידר איינאנדר גפיהרטי בשוועהרליכה אונד קאסטבארי פראצעסי איין געשטעלט, אונד למז״ט איין חתון אונטער זיך גשלאסן, שדעת המקום ודעת הבריות נוחה הימנו. מיר האבן ת״ל דש גליק געהאבט איהר פירכטרליכש ראטולום [פּראָצעס־אַקטן] אין תנאים־ראשונים צו פרוואנדלין, אונד נון מעהר קענין זיא דיא ביזהער זא ענגשטליך דורכשטודירטי אַקטן אין דיא קיך שיקן, אום למשתה בניהם קוכן דרויף צו באַקן. וויר בריהרן דיזוש, ניט אום איהנין דיא וויכטיגקייט אונזרע דינשטי פאר צו רעכנין, זונדרן אונש דאריבר צו פרייאן, אונד איהנין צו גראטולירן.

זא פיל מיר ווישן איזט אין איהרם פראצעס ע״ה פום ארביטרירן (פשרה מאכן) דיא רעדי גוועזן, זא דער ריכטער העטטי דינשטי ארביטרירן, אונד נאך דער בילליגקייט שעטצין זאללין. דא מירביידע נון דען פונפציגשטן טייל פון דיזן פראצעס אויש צו מאכן האבן, זא וואללין אונש דיא פרייאהייט נעמן, זיא מיינה הערן צו ארביטערש פאר צו שלאגן, אונד אום אללי ווייטלייפטיגקייטן צו פר מיידן, אויף צו איהרי דעציזיאן (החלטה) צו קאמפראמיטירן (זיך פארשטענדיקן). די זאכי איזט דיזי: דורך אונזרי במיהונג איזט איין שדוך אונד איין פשר צו שטאנד גקומן. צו יענם ווערדן זיך אין ד״ שנים אי״ה קודם החופה למז״ט קאמפעטענטן גנוג פון אלליר ארטן צו זאמן פינדן. פר אונזרן טייל מאכן מיר ווענינ אדר גר קיינה רעכנונג דארויף, היננעגן אם פשר האט אויסער אונש נימאנד אנטייל געהאבט. דעם קאָדעקס צו פולגי זינד דיא גביהרן [געביירן, קאָסטן] דא פון 2 pct- [צוויי פּראָצענט] פון דער איינגעקלאַ(ג)טין סומא. מיר זעטצין דיא אויש גקלאגטי סומא וועהרי T 70/m [70 טויזנט טאלער] איב גוטן געלדי, זא ווערן דיא פר גלייכש גביהרן אויף יעדר פארטיי T 14/c [פערצן הונדערט טאלער]. עש הייסט אבר צו גלייך אים קאדעקס וועו דיא סומא אל צו גרויש איזט, זאל זיא פון דעם ריכטער מאדערירט [פארקלענערט] ווערדן. וויר אונטרווערפן דאהערא אַ איהרי דעציזיאהן, אב דיא סומא אל צו גרויש הייסט. אונד וועו דיזש וועהרי, זא אונטער ווערפן מיר אונש איהרע מאדעראציאן.

וויר אונטערשטיהן אונש איינר יעדן פארטייא איין זולכש פראמעמאריא צו איבררייכן, ווייל וויר מונדליך גוואהנט זינד, נור פר אנדרן דש ווארט צו פיהרן.

ברלין יו״ ב״ ער״ח אדר ראשון תקכט״ת לפק [1769].

הק״ משה דעסויא.

הק״ שלמה זלמן.... (אומלעזבאַר)״

# יידישע בריוו פון לאַסאַלס משפּחה

אריינפיר פון **א. טשעריקאָווער** (בערלין)

דער שלשלת־היחוס פונעם באַרימטן סאָציאַליסטישן פירער איז אַ לאַנגע צייט געווען לחלוטין אומבאַקאַנט. ערשט די לעצטע ביאָגראַפן פון לאַסאַלן האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם, ווער איז געווען זיין פאָטער אַלס ייד, און האָבן פעסטגעשטעלט פאָלגנדיקע פאַקטן: דער פאַרמעגלעכער זיידן־הענדלער פון ברעסלוי איז געווען אַ בכּבודיקער מיטגליד אין דער געמיינדע, איינער פון די ערשטע יידישע ראַטמענער פון שטאָט ברעסלוי, אַן אָנהענגער פון דער יידישער רעפאָרם־באַוועגונג. בעת אין ברעסלוי האָט אויסגעבראָכן דער קאַמף צווישן די אָרטאָדאָקסן און „ליבעראַלן", סוף די 30 קער און אָנהויב די 40 קער יאָרן, און די רעפאָרמיסטן האָבן איינגעלאַדן אַלס ראַבינער דעם באַוואוסטן אברהם גייגער, — האָט לאַסאַלס פאָטער געהערט צו זייער פאַרטיי. אין דעם קאַמף איז אויך אַריינגעשלעפּט געוואָרן דער יונגער פערדינאַנד, דעמאָלט גייגערס אַ הייסער חסיד. אין זיין טאָגבוך פונעם 1טן פעברואַר 1840 פאַרצייכנט דער פופצניאָריקער פערדינאַנד לאַסאַל, אַז פון איצט אָן וועט ער ניט פאַרפעלן קיין איין רעדע פונעם נייעם ראַבינער[1]. ער געפינט זיך נאָך עטלעכע יאָר אונטערן איינפלוס פון גייגערן און פון זיין קאָנצעפּציע וועגן יידנטום, ביז ער ווערט שפּעטער, שוין אַלס סטודענט, פאַרכאַפּט פון העגעלס פילאָזאָפישע אידעען און הערט זיך ביסלעכווייז אויף בכלל צו אינטערעסירן מיט יידן. נאָך אין יאָר 1840 שרייבט לאַסאַל אין זיין טאָגבוך, אַז „מען קען עסן טרפה און דאָך זיין אַ גוטער ייד... איך גלויב, אַז איך בין איינער פון די בעסטע יידן"; אין דעמזעלביקן יאָר האָט ער, ווי באַקאַנט, זיך הייס, הגם אייגנאַרטיק, אָפּגערופן אויפן עלילת־דם און יידן־פּאָגראָם אין דמשק. נאָך אין יאָר 1842 איז לאַסאַל געשטאַנען נאָענט צו די טוער פונעם „פאַראיין פון די רעפאָרם־פריינד" און האָט פאַרטיידיקט גייגערן קעגן די אָרטאָדאָקסן. אָבער שוין אין יאָר 1844, זייענדיק אַ סטודענט אין בערלין, שרייבט ער אין אַ בריוו צו זיין מוטער (30טן יולי) — אגב, אַ פּשוטער יידענע, — אַז „די יידישע רעליגיע איז אַן אומגליק" — כּמעט מיט דיזעלביקע ווערטער, ווי דאָס האָט געזאָגט היינע. כּל זמן ער איז געווען אין ברעסלוי האָט ער זיך אָן ספק געפונען אין אַ אויסגעשפּראָכן יידישער אַטמאָספער.

דאָס זיינען אַלץ באַקאַנטע זאַכן, וועגן וועלכע מ'האָט שוין געשריבן. אָבער פון וועלכער משפּחה שטאַמען זיינע עלטערן, פון וואַנען האָט זיין פאָטער, און דורך אים אויך ער, געצויגן די יידישע יניקה — איז ביז איצט געווען לחלוטין אומבאַקאַנט. די אויסערלעכע ידיעות וועגן לאַסאַלס זיידן און וועגן זיין באָבעס משפּחה האָט אין יאָר 1918 פאַרעפנטליכט פּראָפ. **בראַן** אין דער „מאָנאַטסשריפט" אין אַ גאַנץ קורצן, אָבער זייער וויכטיקן אַרטיקל וועגן דער „אָפּשטאַמונג און נאָמען פון פערדינאַנד לאַסאַל"[2]. אין דעם אַרטיקל האָט פּראָפ. בראַן צום ערשטן מאָל דערוויזן, אַז לאַסאַלס פאָטערס נאָמען איז אייגנטלעך געווען היימאַן (חיים) **וואָלפזאָן**, נאָר היות ווי ער האָט געשטאַמט פונעם שטעטל **לאָסלוי** (אין אויבער־שלעזיע), האָט מען אים נאָך זיין באַזעצן זיך אין ברעסלוי אָנגערופן לאַסעל, וואָס איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לאַסאַל — און דערדאָזיקער נאָמען איז שוין געבליבן זיין אָפיציעלער. לאַסאַלס זיידע האָט אייגנטלעך געהייסן פייטל וואָלפזאָן[3] — אַזוי ווערט ער טאַקע אָנגערופן אינעם אויפשריפט אויף דער מצבה פון זיין זון: „כ"ה חיים לאַסאַל בן כ"ה פייטל וואָלפזאָהן"[4]). אין דער אמתן אָבער האָט ער זיך אַליין גערופן פייטל **בראַון** (אָדער בערון). מיט אים האָט זיך געטראָפן דאָסזעלביקע, וואָס שפּעטער מיט זיין

[2]) Monatsschrift für Geschichte u. Wissenschaft d. Judentums, 1918, 7/12, S. 270.

[3]) דער פאַמיליע־נאָמען וואָלפזאָן האָט זיך געוויס גענומען פון דעם, וואָס זיין פאָטער האָט געהייסן וואָלף (פייטל בר' וואָלף).

[4]) „מאָנאַטסשריפט", דאָרטן, ז. 272. די אויפשריפט איז אַזאַ:

„פ"נ כ"ה חיים לאַסאַל בן כ"ה פייטל וואָלפזאָהן, נולד ביום ד' א' דר"ח אייר תקנ"א ונפטר ביום ג' כ"ד תשרי תרכ"ג לפ"ק. אב נאמן היה למשפחתו ולאשתו הישרה, לקרוביו ולמיודעיו את לצרה. שמו וזכרו לעד תאות נפש יקרה. תנצב"ה".

1) Gustav Mayer, Lassalle und das Judentum. Monatsschrift „Der Jude", 1924, S. 727.

זון: ער האָט געשטאַמט פונעם שטעטל בערון, אָדער ווי מ'פלעגט עס געוויינטלעך רופן בראַון (אין אויבער=שלעזיע), און בעת ער איז אַריבערגעפאָרן קיין לאָסלוי[5] האָט מען אים אָנגערופן לויט זיין שטאַם=שטעטל בערון אָדער בראַון.

פראָפ. בראַן האָט דידאָזיקע מיינונג אַרויסגעזאָגט אַלס אַ השערה. ווי נאָר אימעצער, שרייבט ער, וועט מיר ברענגען בעסערע באַווייזן, וועל איך זיי גערן אָנערקענען. מיר האָבן איצט די מעגלעכקייט, אַדאַנק די בריוו פון לאַסאַלס משפחה, וועלכע מיר דרוקן דאָ, צו *דאָקומענטירן* דידאָזיקע מיינונג.

דער בריוו=וועקסל פון לאַסאַלס משפחה גיט אַן אויסשעפנדיקן באַווייז: 1) אַז לאַסאַלס זיידע האָט זיך גערופן פייטל ברון — אַזוי חתמעט ער זיך אַליין אונטער די בריוו צום זון; 2) אַז ער האָט אין די יאָרן 1801—1803 (ביז זיין טויט) געוואוינט אין לאָסלוי; 3) אַז זיין זון האָט געהייסן חיים (היימאַן) *וואָלפזאָן* — אַזוי אַדרעסירט ער אַליין די בריוו צום זון (זע די אַדרעסן פון די געבראַכטע בריוו); 4) צווישן די בריוו געפינט זיך אַ דאָקומענט, וואָס באַשטעטיקט די ידיעה, וועלכע פראָפ. בראַן ברענגט פון אַן אַנדער קוועלע, אַז פערדינאַנד לאַסאַלס באָבע, ד. ה. חיים וואָלפזאָנס מוטער, האָט געשטאַמט פון דער באַקאַנטער פאַמיליע אָפּענהיים: דאָס זיינען די תנאים (תנאים=ראשונים) פון לאַסאַלס זיידע און באָבע פון יאָר 1789; לויט די תנאים זעט מען, אַז די באָבע האָט געהייסן: אסתּר, די טאָכטער פון מנחם מנלי (מענדל), דעם זון פון שמואל אָפּענהיים אין טאָסט (אויבער=שלעזיע, באַצירק אָפּעלן).

מיר ווייסן בכן איצט לאַסאַלס שלשלת=היחוס — אמת, ניט טיף אין דער פאַרגאַנגענהייט. עס איז קלאָר, אַז *פערדינאַנד* לאַסאַל האָט געטראָגן דעם נאָמען פון זיין זיידן *פייטל*. אָבער ווער איז זיין זיידע געווען אַלס פּערזענלעכקייט, פון וועלכער סביבה איז ער געקומען, וועלכע טראַדיציעס האָבן געהערשט אין דער משפחה, וועלכע דערציאונג האָט ער געגעבן זיין זון, לאַסאַלס פאָטער — דאָס אַלץ ווערט קלאָר צום ערשטן מאָל פון די בריוו, וואָס מיר דרוקן דאָ.

מיר זעען פאַר זיך אַ יידישן סוחר פון דער אויבער=שלעזישער פּראָווינץ, וואו עס האָט נאָך שטאַרק געהערשט די אַלטע טראַדיציע, אָבער שוין אָפּגעשוואַכט דורך די נייע וועלטלעכע געדאַנקען און באַגריפן, וואו מ'האָט נאָך גערעדט און געשריבן יידיש, הגם פאַרדייטשמעריש. דער זיידע איז אַ פרומער ייד און אַ למדן, אָבער אַביסל שוין פון דער היינטיקער וועלט. אַ ייד

5) גענוי ווען ער איז אַריבערגעפאָרן אַהער איז ניט באַקאַנט. אין יאָר 1783 איז ער נאָך געווען אין בערון, אין יאָר 1791 אָבער האָט ער שוין געוואוינט אין לאָסלוי, ווייל אין דעם יאָר איז אים דאָ געבוירן געוואָרן זיין זון חיים.

אַ מטופל מיט קינדער און מיט דאגות=פרנסה, דערביי פאַרגעסט ער ניט צו זאָרגן דערפאַר, אַז זיין עלטערער ייִנגל זאָל בלייבן פרום („ראשית לירֿאת ה', ווייל דאָס איז וויכטיקער פון חכמה"), זאָל ווערן אַ וואויל=לערנער — קענען גמרא און פוסקים און אויך אַביסל דקדוק און וועלטלעכע זאַכן, שרייבן דייטש און יידיש („די שפּראַך פון אונזער פאָלק און אויך פרעמדע שפּראַכן"), זאָל זיך פירן לייטיש און האַלטן זויבער, זיין אַ נוח לבריות. מיט איין וואָרט — זיין אַ *מושלם*: „אקוה לה' דוא ווערשט איין מושלם ווערדן, אונד דאַן לאַכשט אויש דיא וועלט" (זע די בריוו 4 און 11). פראָפ. בראַן ברענגט אין זיין דערמאָנטער אָפּהאַנדלונג אַן אינטערעסאַנטן פאַקט, אַז בעת משה מענדעלסאָן האָט אַרויסגעלאָזט זיין איבערזעצונג פונעם חומש אין דייטש מיטן „ביאור" (די איבערזעצונג איז, ווי באַקאַנט, דערשינען אין די יאָרן 1780=1783), איז לאַסאַלס זיידע געווען דער איינציקער אַבאָנענט זיינער אין דעם שטעטל בערון (ר' פייטל ב"ר וואָלף)[6].

מיר זעען, פון דער צווייטער זייט, לאַסאַלס פאָטער אַלס קינד, אַ ייִנגל פון 11—12 יאָר, וועלכער איז ספּעציעל געשיקט געוואָרן פון זיין פאָטער פון לאָסלוי צו לערנען תורה ביי די רבנים און מלמדים — פריער קיין צילץ און דערנאָך קיין בריג; צילץ איז דעמאָלט געווען אַ וויכטיקע יידישע קהילה אין אויבער=שלעזיע. דאָס ייִנגל באַזיצט קאָנטיק זייער גוטע פעיִקייטן, געפינט זיך אין אַ רבניש=למדנישער סביבה, אָבער איז ווייט פון דעם טיפּ ישיבה=בחור, וועלכן מיר קענען געוויינטלעך. דער פאָטער שרייבט אָפט צו זיין בכור וועגן געשעפט, וועגן פאַמיליע=זאַכן, אַמאָל עצהט ער זיך מיט אים אַפילו, און דאָס קינד איז אַ בר=דעת, פאַרשטייט די ענינים (זע בריוו 11 א. אנד.). עס גלויבט זיך קוים, אַז די בריוו, וואָס חיים שרייבט, זיינען פון אַ קינד, וואָס איז נאָך קיין גאַנצע צוועלף יאָר ניט אַלט (זע דעם בריוו צו דער מוטער, פונעם 9 יוני 1803). חיים לערנט גוט, אָבער האָט אויך ליב קינדערשע שטותרייען — ער לויפט קוקן אויף אַ שריפה און מעגלעך, אַז ער שפּילט אַמאָל אין קאָרטן. כאַראַקטעריסטיש דערביי איז, ווי די מוטער רעאַגירט אויף אַ מסירה וועגן דעם: אין אַ צושריפט צו אַ בריוו שרייבט זי דעם עלפיאָריקן זון: „ליבר זיהן לא (זינעלע) חיים לעבן, ווען דוא טוסט קאָרטן שפּילן זאָלסט דוא דיא ניכבא (ניכפּע) קריגן אונד דוא זאָלסט פאַשוואַרצט ווערן. ווייטר פר בלייבע דיינע ליבע מוטער אסתּר" (זע בריוו 1)... אין אַזאַ האַרבן טאָן וועגן דעם קינדס שטיפערייען, ווי די פשוטע מאַמע, האָט דער געלאַסענער פאָטער ניט געשריבן. אָבער דער דאָזיקער קליינער „קאָרטן=שפּילער" בעט זיך ביים פאָטער, ער זאָל אים לאָזן פאָרן ווייטער לערנען אין דער ישיבה פון נאַכאָד, — אַ באַקאַנטער מקום=תורה.

6) „מאָנאַטסשריפט", דאָרטן, ז. 273.

מיר האָבן אַזוי־אַרום פאַר זיך אַ פּרומע למדניש־משׂכּילישע סוחרישע פאַמיליע פון סוף 18 און אָנהייב 19טן יאָרהונדערט אין אויבער־שלעזיע, מיט שטאַרקע משפּחה־טראַדיציעס, וואו עס וואַקסט אַ זון אַ מושלם מיט אַ פּראַקטישן חוש, אַ למדן און משׂכּיל. נאָכדעם, ווי ער האָט אָפּגעלערנט עטלעכע יאָר תּורה ביי די אויבער־שלעזישע רבנים, פאַרנעמט ער זיך מיט מסחר, פאָרט אַריבער קיין ברעסלוי, שאַפט זיך דאָרט מיט דער צייט אַ פאַרמעגן און שפּילט אַ ראָלע אין דער קהילה, ווערט (אין יאָר 1816—1818) אַ מיטגליד פון דער אָרטיקער חברה־קדישא, מיט אַ פיינעם איינטריטס־געלט פון 80 רייכסטאָלער 7), ווערט שפּעטער אַן אָנהענגער פון דער רעפאָרם־באַוועגונג און שטיצט אונטער דעם קאַמף מיט די אָרטאָדאָקסן. אָט אין דער סביבה, וואו זיין אַ מושלם איז געווען אַ טראַדיציע, איז געוואַקסן אַ „וואונדערקינד", ווי הומבאָלט האָט אָנגערופן פערדינאַנד לאַסאַלן, וועלכער איז געוואָרן דער אייראָפּעאישער מושלם און דער קעמפער פאַר אַ וועלט־אידעע.

די ביאָגראַפיע פון לאַסאַלס משפּחה אַנטדעקט אונז נאָך איין אינטערעסאַנטן מאָמענט. די משפּחה לאַסאַל איז אייגנטלעך געווען אַן אָ ס ט ־ י י ד י ש ע. דער זיידע האָט געשטאַמט פונעם שטעטל בערון, די באָבע פון טאָסט, דער פאָטער פון לאָסלוי, קרייז ריבניק — אַלע אין אויבער־שלעזיע. דער קרייז האָט אַמאָל געהערט צו פוילן (איצט ווידער אַריבער צו איר). לאָסלוי האָט זיך געפונען האַרט ביי גאַליציע. דער גאַנצער געגנט האָט דעמאָלט געהערט צו פּרייסן, אָבער די טראַדיציעס פונעם אַלט־פוילישן יידנטום, שוין מאָדערניזירט און פאַרדייטשט, האָבן שטאַרק געהערשט אין דער גאַנצער סביבה. און אין דער סביבה איז אויסגעוואַקסן די משפּחה לאַסאַל.

כאַראַקטעריסטיש איז אויך דער גלגול פון די פּרנסות: דער זיידע האָט נאָך געהאַנדלט מיט קאָרן, האָט געהאַט צו טאָן מיט „ראַנדעס" (אַרענדעס) און היפּאָטעקן; דער זון איז שוין געווען אַ מאָדערנער זיידן־הענדלער — אַ פּרנסה, מיט וועלכער עס האָבן זיך אַגב פאַרנומען פיל משׂכּילים, אָנהייבנדיק פון משה מענדעלסאָנען. דעם אייניקל האָט מען אין דער משפּחה אויך געוואָלט מאַכן פאַר אַן היינטוועלטיקן קאָמערסאַנט, אָבער פון אים איז אַרויס ניט קיין סוחר, נאָר אַ גלענצנדער אייראָפּעאישער יוריסט, דענקער און עקאָנאָמיסט, אַ וועלט־באַרימטער פּאָליטישער טוער און סאָציאַלער קעמפער.

די בריוו, וואָס מיר גיבן דאָ, אַנטדעקן אונז נאָך איין וויכטיקסטן מאָמענט פון יענע צייטן אויפן שוועל פונעם 19טן יאָרהונדערט: דער זיידע און די באָבע האָבן געשריבן צום זון י י ד י ש, גאָר זעלטן האָט דער זיידע געשריבן אויך העברעאיש. אמת, דער יידיש איז ניט אונזער איצטיקער, נאָר אַ טיף־דייטשמערישער, אָבער אין תּוך איז עס געווען די יידישע שפּראַך, וואָס די דייטשישע יידן האָבן נאָך דעמאָלט באַנוצט, געמישט מיט ריינעם דייטש און מיט אַסך העברעאיש־רבנישע אויסדרוקן. דער זיידע זאָגט אָן אויך דעם זון, ער זאָל זיך לערנען שרייבן יידיש („אין דיין שרייבן יהדות פאַנגשט דוא זיך אָן צימליך צו בעסרן"). אויך די מסחר־בריוו שרייבט דער זיידע אין יידיש (זע דעם בריוו צום שותּף). מען דאַרף נעמען אין אַכט, אַז געוויינטלעך פלעגן די, וואָס האָבן אינדערהיים גערעדט פּשוט יידיש, זיך באַמיט צו שרייבן מער פאַרדייטשט — מען האָט דאָס געהאַלטן פאַר לייטישער; אַזעלכע ביישפּילן האָבן מיר געזען אַפילו אין רוסלאַנד און פוילן ביז גאָר דער לעצטער צייט. אַמאָל געפינט איר נאָך אין דעם זיידנס בריוו אייניקע אויסדרוקן, וואָס זיינען מער כאַראַקטעריסטיש פאַרן פּוילישן אַרט רעדן: למשל, עטץ — איר (זע בריוו 11).

ווי מיר זעען אויך פון אַנדערע קוועלן האָט מען צווישן די דייטשישע יידן אין אָנהויב פון פאָריקן יאָרהונדערט ניט ווייניק גערעדט און געשריבן יידיש (דייטשמעריש־יידיש) אַפילו אין די עכט־דייטשישע פּראָווינצן. פריער, אין דער צווייטער העלפט פונעם 18טן י. ה., איז דערדאָזיקער פאַקט געווען נאָך בולטער. אַלס בעסטער באַוויז קענען דינען די בריוו אין יידיש פון משה מענדעלסאָן גופא, וועגן וועלכע מיר גיבן אין דעם באַנד אַ ספּעציעלע אָפּהאַנדלונג. וועגן די שפּעטערדיקע צייטן האָבן מיר אַ קלאָרן באַוויז פון לאַסאַלס משפּחה־בריוו. פּראָפ. בראַן דערציילט אין זיין דערמאָנטן אַרטיקל, אַז דאָס אויפנאַם־בוך (פּנקס?) פון דער ברעסלויער חברה־קדישא, וואו לאַסאַלס פאָטער האָט זיך איינגעשריבן אַלס מיטגליד אין 1818, איז געווען געפירט אין „יידיש־דייטש" — דאָס הייסט אייגנטלעך אין דייטש, ווי ער זאָגט. אָבער די דייטש־יידישע וויסנשאַפטלער האָבן אָפט פאַרלייקנט — אָדער פאַרזעען — דעם פאַקט, אַז יידיש איז נאָך געווען גענוג שטאַרק צווישן די דייטשישע יידן, און אַפילו צווישן די משׂכּילים, סוף 18טן און אָנהויב 19טן יאָרהונדערט. לודוויג גייגער, למשל, האָט זייער גוט געוואוסט וועגן די יידישע בריוו פון משה מענדעלסאָן, וועלכע ער האָט אַליין איבערגעזעצט אין דייטש פאַר דעם פאַמיליע־אַרכיוו פון מענדעלסאָנס יורשים, און האָט עס קיינמאָל ניט געפינען פאַר נויטיק צו פאַרעפנטלעכן — מסתּמא „שלא לבייש"...

אויב די בריוו פון לאַסאַלס זיידע זיינען נאָך יידישע, זיינען שוין די בריוו פון לאַסאַלס פאָטער און פעטער מער דייטש, אמת אַ שלעכט דייטש (באַזונדערס פון לאַסאַלס פעטער וואָלף) מיט העברעאישע אויסדרוקן, אָבער דאָך מער דייטש ווי יידיש. די יוגנט האָט זיך קאָנטיק שוין באַמיט צו שרייבן אין דער שפּת־המדינה, וועלכע זי האָט נאָך ניט גענוג גוט געקענט.

7) דערסן, ז. 270־271.



למזל טוב · מהאל הטוב · יבוא רב טוב ◆
יעלה ויצמח כגן רטוב · מצא אשה מצא טוב ◆

די תנאים פון לאַסאַלס זיידע און באָבע (פונעם 26 מאַי 1789).

(אָריגינאַל ביי פּראָפ. ד״ר גוסטאַוו מאַיער, בערלין).

אַ בריוו פון פייטל ברון צו זיין זון חיים (לאַסאַלס זיידע צו לאַסאַלס פאָטער), פונעם 22 פעברואַר 1802.

(אָריגינאַל ביי פּראָפ. ד״ר גוסטאַוו מאַיער, בערלין).

ס׳איז אויך כאַראַקטעריסטיש פאַרן סטיל פון יענער צייט די גרויסע צאָל פראַנצויזישע ווערטער (אַמאָל לאַטייניש), אין אַ פאַרדייטשטער פאָרם, וועלכע זיינען בכלל געווען פאַרשפּרייט אין פּרייסן נאָך פון פרידריך דעם גרויסנס צייטן. באַזונדערס אָפט ווערן זיי באַנוצט פון לאַסאַלס פאָטער און פעטער (זיי פעלן אויך ניט ביים זיידן, אָבער הויפּטזאַכלעך אין זיין געשעפטס־בריוו): קאָמפּלימענט (גרוס), מאַלהער (אומגליק, מיסערפאָלג), מאָנסיער, דאַטאָ, אַריווירט (געטראָפן), קרעאַטור (באַשעפעניש), רעזאָלפירן (אַנטשליסן), אינטאַבולירן (איינשרייבן) וכדומה (זע די בריוו פון חיים וואָלפזאָן צו דער מוטער, פון וואָלפן צו אים, אויך פון פייטל בראָון צו זיין שותּף).

אין דער קאָלעקציע בריוו, וואָס מיר גיבן, גייען אַריין: 1) 11 בריוו אין יידיש און 1 אין העבראיש פון לאַסאַלס זיידע צום זון חיים, פון זיי — 3 אַדרעסירט קיין צילץ און 8 קיין בריג; דאַטירט פון פעברואַר 1802 ביז אויגוסט 1803; 2) 1 בריוו אין העבראיש פון לאַסאַלס זיידע פייטל בראָון צום רב אין בריג, מיט אַן אָנפרעג וועגן זיין זון, דאַטירט דעם 30טן דעצעמבער 1802; 3) 1 בריוו, געשריבן פון חיים וואָלפזאָנען צו זיין מוטער, דאַטירט דעם 9 טן יוני 1803; 4) 1 בריוו צו חיים וואָלפזאָנען פון זיין ברודער, אַדרעסירט קיין בריג, מיט דער ידיעה, אַז דער פאָטער איז געשטאָרבן; דאַטירט דעם 22טן נאָוועמבער 1803. 5) אויסער דידאָזיקע משפּחה־בריוו ברענגען מיר אַ געשעפטס־בריוו, וואָס לאַסאַלס זיידע האָט געשריבן צו זיין שותּף, דאַטירט דעם 8טן יוני 1801, אַדעסירט פון לאָסלוי קיין נייסע (אויבער־שלעזיע), 6) אויך אַ שטר־מכירה אין יידיש פון עטלעכע לאָסלויער בעלי־בתּים, אַז מ׳האָט פאַרקויפט לאַסאַלס זיידן אַ שטאָט אין שול, דאַטירט דעם 20טן אָקטאָבער 1799. פון 4 בריוו גיבן מיר אַ פאָטאָגראַפישן אָפּדרוק, ווי אויך אַן אָפּדרוק פון לאַסאַלס זיידנס און באָבעס תּנאים־ראשונים (פונעם 26טן מאַי 1789).

מיר ברענגען נאַטירלעך די בריוו און דאָקומענטן אין זייער אייגנאַרטיקער אָרטאָגראַפיע און מיט די פעלערן, וואָס זיי האָבן; מיר גיבן נאָר אין די הערות (אָדער אַמאָל אין טעקסט, אין עקיקע קלאַמערן) דעם טייטש פון אייניקע ווערטער, דער עיקר פון די העבראישע ראשי־תיבות, וועלכע ווערן דאָ זייער אָפט באַנוצט. מיר האָבן אויך פעסטגעשטעלט אין אייניקע בריוו די דאַטע, וואָס ווערט אָפט דורכגעלאָזט. די בריוו זיינען געשריבן מיט אַן אומקלאָרער האַנטשריפט און אייניקע שטעלעס זיינען דורך דער צייט אָפּגעריבן געוואָרן, אָבער כמעט אומעטום האָט זיך איינגעגעבן דעם טעקסט צו דעשיפרירן.

צום שלוס נאָך איין באַמערקונג. דידאָזיקע בריוו און פאַמיליע־דאָקומענטן האָבן מיר באַקומען פון פּראָפ. גוסטאַוו מאַיער, דעם באַקאַנטן קענער און ביאָגראַף פון לאַסאַלן, וועלכער האָט אין זיין רשות לאַסאַלס אַרכיוו און וועלכער האָט די לעצטע יאָרן פאַרעפנטלעכט אין דייטש אַ ריי וויכטיקסטע מאַטעריאַלן און אָפּהאַנדלונגען וועגן לאַסאַלן (ווי, למשל, דעם בריוו־וועקסל צווישן לאַסאַל און מאַרקס, אַ גרויסע ביאָגראַפיע פון לאַסאַלן, לעצטנס — דעם זייער וויכטיקן בוך מיט ניט־פאַרעפנטלעכטע מאַטעריאַלן וועגן לאַסאַלן און ביסמאַרקן), און מיר דריקן אים דערפאַר אויס אונזער טיפן דאַנק. מיר האָבן אויך געבעטן פּראָפ. מאַיערן צו געבן אַן אַרטיקל וועגן די בריוו, וועלכע מיר דרוקן דאָ.

ווי פּראָפ. מאַיער האָט אונז מיטגעטיילט, האָט ער מיט עטלעכע יאָר צוריק געפונען לאַסאַלס אַרכיוו אויף אַ בוידעם ביי די קרובים אָדער יורשים פון דער גרעפין האַצפעלד, מיט וועמען לאַסאַלס גורל איז געווען אַזוי ענג פאַרבונדן. צווישן פאַרשיידענע מאַטעריאַלן האָט ער זיך אויך אָנגעשטויסן אויף אָט דעם פעקל בריוו, וואָס איז געלעגן באַהאַלטן אין אַ צאַלטער בריוו־מאַפּע אַלס פאַמיליען־רעליקוויע, וואָס לאַסאַל האָט קאָנטיק מיט יראת־הכּבוד אָפּגעהיט. וואָרשיינלעך האָט לאַסאַל דעמדאָזיקן פעקל באַקומען נאָכן טויט פון זיין פאָטער (1862), וועמען ער האָט איבערגעלעבט נאָר אויף צוויי יאָר. דער שטאָלצער וועלט־בירגער און סאָציאַלער קעמפער, וועלכער האָט געהאַלטן, אַז דאָס יידנטום איז אַן אומגליק, האָט דאָך אָפּגעהיט ביי זיך אַלס הייליקטום די יידישע בריוו פון זיינע עלטערן, וואָס זיינען געקומען פונעם קליינעם שטעטל אין אויבער־שלעזיע, וועמענס נאָמען ער האָט געטראָגן.

# צום שלשלת-היחוס פון פערדינאַנד לאַסאַל

פון פּראָפעסאָר ד״ר גוסטאַוו מאַיער (בערלין)

צווישן די דאָקומענטן, וואָס זענען פאַרבליבן נאָך לאַסאַלס פריצייטיקן טויט און וועלכע מען האָט ערשט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט שפּעטער אַנטדעקט, האָט זיך געפונען אַן אַלטע אָפּגענוצטע בריוו-מאַפּע מיט אַ ריי יידישע און עטלעכע העברעאישע בריוו. דידאָזיקע בריוו זענען, אויף וויפיל איך ווייס, די ערשטע אונז באַקאַנטע דאָקומענטן, וואָס פאַרשפּרייטן אַביסל ליכט איבער דער לעבנסגעשיכטע פון לאַסאַלס זיידן און דער יוגנט-צייט פון זיין פאָטער. מיט צען יאָר צוריק האָט פּראָפעסאָר בראַן אין דער „מאָנאַטסשריפט פיר געשיכטע אונד וויסענשאַפט דעס יודענטומס", אויפן גרונד פון דאָקומענטאַרישע ידיעות, געמאַכט אייניקע מיטטיילונגען וועגן לאַסאַלס אָפּשטאַם און וועגן דער געשיכטע פון זיין פאַמיליע-נאָמען. ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז לאַסאַלס זיידע, ר׳ פייטל בראַון, האָט אין יאָר 1783 געוואוינט אין אַ שטעטל בערון (אָדער בראַון) אין קרייז פלעס, רעגירונגס-באַצירק אָפּעלן, און אַז דערמיט דערקלערט זיך אויך זיין פאַמיליענאָמען. אין דער ירושה פון אייניקל האָבן זיך איצט אויך געפונען די תנאים פון זיין זיידן מיט דער באָבען, וואָס זענען געשלאָסן געוואָרן דעם 28טן מאַי 1789. די חתונה איז געווען באַשטימט אויפן 9טן אויגוסט דעמזעלביקן יאָר. אין די תנאים ווערט אָפּגעמאַכט, אַז ער דאַרף דער כלה שענקען די צירונג פון זיין ערשטער פרוי — דאָס באַווייזט, אַז ער איז געווען אַן אַלמן. דער דאָזיקער שידוך, געשלאָסן אין אַזאַ שטורמיש יאָר אין דער וועלטגעשיכטע, האָט, ווי ס׳האָט זיך איצט אַרויסגעשטעלט, אָנגענומען זייער אַ שטורמישן פאַרלויף, בכל אופן אין געוויסע מאָמענטן.

באַלד נאָך זיין צווייטער חתונה איז פייטל ב ר ו ן — ווי ער חתמעט זיך — אַריבערגעפאָרן קיין לאָסלוי, אין קרייז ריבניק. דאָרט איז אים אין יאָר 1791 געבוירן געוואָרן זיין עלטערער זון הײמאַן, אָדער חיים, דער פאָטער פון פערדינאַנד לאַסאַל. מיט אַכט יאָר שפּעטער, דעם 20טן אָקטאָבער 1799, באַשטעטיקט דער פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה אין לאָסלוי, אַז ר׳ פייטל האָט אין דער דאָרטיקער שול באַצאָלט פאַר אַ שטאָט 47 ר״ט (רייכסטאָלער), וועלכע ער וועט קריגן צוריק אויסגעצאָלט, אויב ער וועט אין משך פון די נאָענטסטע דריי חדשים פאַרלאָזן זיין איצטיקן וואוינאָרט. ס׳ווייזט אויס, אַז ער האָט זיך שוין דעמאָלט אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו פאַרלאָזן לאָסלוי. אָבער, ווי עס זאָל נישט זיין, ערשט אין פיר יאָר אַרום האָט זיך אים איינגעגעבן, ווי מיר ווערן דאָס איצט געוואויר, צו פאַרווירקלעכן דעמדאָזיקן פּלאַן. זומער 1803 איז ר׳ פייטל אין אַ בריוו מודיע זיין זון הײמאַן, וועלכער האָט שוין דעמאָלסט געוואוינט נישט ביי זיינע עלטערן, אַז ער האָט פאַרקויפט זיין הויז און די ווירטשאַפט און ער קלייבט זיך אַריבערצופאָרן אין אַן אַנדער שטאָט. עס לאָזט זיך נישט אויף זיכער זאָגן, צי זענען עס געווען די נישט באַזונדערס גליקלעכע פאַמיליע-פאַרהעלטענישן, וואָס האָבן אים דעמאָלט געמאַכט שווער צו פאַרבלייבן אין לאָסלוי. סוף אַפּריל 1802 איז ער מודיע זיין עלטערן זון וועגן דעם טויט פון זיין קליינער שוועסטערל רחל און אויך, אַז די צווייטע שוועסטער רייזל געפינט זיך ביי דער באָבען אין טאָסט. פון אַ נישט דאַטירטן בריוו, וועלכער באַציט זיך געוויס צו זומער 1803, ווערט דער זון ווייטער געוואויר, אַז די מוטער האָט דעם פאָטער „ווידער אַ שפּעקטאַקל געמאַכט", איז אַוועקגעפאָרן צו זיך אַהיים און פון דאָרט וויל זי פאָרן קיין ברעסלע.

אין דעם בריוו פון 3טן יולי 1803, אין וועלכן ער איז מודיע זיין זון וועגן זיין באַשלוס ענטגילטיק צו פאַרלאָזן לאָסלוי, שרייבט ר׳ פייטל וועגן דער מוטער, אַז דאָס איינציקע, וואָס ער קען וועגן אירע פּלענער זאָגן, איז, אַז זי וועט אפשר באַזוכן הײמאַנען. דעם 4טן אויגוסט מעלדעט ער ווייטער, אַז די מוטער איז טאַקע אַוועקגעפאָרן „אונד בלייבט אין אַללעם ערנסט צוריק" און האָט אים איבערגעלאָזט מיט די קליינע קינדער אַליין. דאָך, האָפט ער, אַז זיין לאַגע וועט זיך נאָך פאַרבעסערן, דאָס געלט, וואָס ער האָט אָפּגענומען פאַר דער פאַרקויפטער ווירטשאַפט, קען קלעקן אויף איבערצונעמען אַ קליינע אַרענדע און „השי״ת קען נאָך אַלץ לטובה לענקין"... אין עטלעכע טעג אַרום אָבער איז ר׳ פייטל מודיע זיין זון, אַז די מוטער האָט זיך אומגעקערט צוריק און עס איז ווידער שלום-בית. דאָס אַלץ דערמאָנט נישט ווילנדיק די שטורמישע פאַמיליע-סצענעס ביי לאַסאַלס עלטערן, וועלכע ווערן דערציילט אין טאָגבוך פונעם 15יאָריקן לאַסאַל. ווי ס׳ווייזט אויס, איז אסתּר געווען אַ פרוי מיט אַ טעמפּעראַמענטפולן כאַראַקטער און דידאָזיקע אייגנשאַפט האָט זי איבערגעגעבן בירושה איר זון און אייניקל. פאַרקערט, דער זיידע ר׳ פייטל מאַכט — בכל אופן לויט די בריוו — דעם איינדרוק פון אַ רואיקן און געזעצטן מענטשן. אַ פּאָר חדשים נאָך די דערציילטע געשעענישן, אין נאָוועמבער 1803, נאָך איידער ער האָט באַוויזן אַוועקצופאָרן פון לאָסלוי, איז ר׳ פייטל געשטאָרבן. ער האָט איבערגעלאָזט אַן אַלמנה מיט קליינע קינדער כמעט ווי אָן מיטלען.

זיין עלטסטן זון הײמאַן, וועלכער האָט שוין פרי אַרויסגעוויזן זיינע גרויסע פעאיקייטן, האָט פייטל ברון קאָנטיק געוואָלט מאַכן פאַר אַ רב און האָט אים צו צען אָדער עלף יאָר געשיקט לערנען צו רבנים אין אַנדערע שטעט. שוין אין פעברואַר 1802 געפינען מיר הײמאַנען אין צילץ (באַצירק אָפּעלן), ביי דעם רבי זלמן שלאָכאָוו. דעמאָלט האָט אים דער פאָטער איבערגעשיקט די מסכת קידושין און האָט אים אויך צוגע-

זאָגט צו שיקן געלט פאַרן סיום פון דער מסכת. אין די ווייטערדיקע בריוו פון די פאָלגנדיקע חדשים בעט ער זיין זון לערנען בהתמדה, אָבער גלייכצייטיק צו שאַנעווען דעם געזונט, אָפּט שרייבן דעם פאָטער און דער מוטער, זיין מונטער, מיושבדיק און זיך אויפפירן לייטיש. שוין אין האַרבסט 1802 האָט פייטל ברון אַריבערגעפירט זיין עלף-יאָריקן זון צו אַ נייעם רבין אין בריג, צו ר' יוסף, ביי וועמען ער פרעגט זיך אין אַ קורצער צייט אַרום נאָך, וואָס זיין זון טוט און ווי ער לערנט. דער אויספירלעכער בריוו פון 7טן דעצעמבער, אין וועלכן ר' פייטל גיט זיין זון פאָטערלעכע עצות ווי זיך אויפצופירן, באַווייזט, אַז שוין לאַסאַלס זיידע איז געווען אַ מענטש פון גייסטיקער קולטור. „גורט אָן דיינע לענדן ווי אַ גבור", ראשית ליראת ה', דערנאָך לחכמה — שרייבט ער אים. „און זאָלסט זיך נישט איינרעדן, אַז דו קענסט שוין אַלץ און דאַרפסט מער נישט לערנען; דער רמב"ם האָט שוין געזאָגט: דו מיינסט, אַז דו ווייסט — און דו ווייסט גאָרנישט". ער רעדט אים צו צו לערנען גמרא און מפרשים, תהילים און דקדוק, אָבער אויך צו לערנען לייענען און שרייבן אויף דער אייגענער און אויף פרעמדע שפּראַכן. „אויסער דעם דאַרפסט זיך געוואוינען צו האַלטן זיך ריין ווי מעגלעך, זאָל די וועלט מיט דיר צופרידן זיין".

זומער 1803 האָט היימאַן באַשלאָסן אַריבערצופאָרן קיין נאַכאָד, אין בעהמען, און דאָרט אָנקומען אין דער ישיבה. דער פאָטער איז אין פּרינציפּ נישט קעגן דעם, ער זאָגט אָבער אַרויס זיין וואונטש, אַז דיין זון זאָל פאַרבלייבן ביז איבער בר-מצוה אין בריג. ער איז קאָנטיקט שטאָלץ מיט זיין זון, אָבער ער דערמאָנט אים נאָכאַמאָל, אַז ער דאַרף זיין פלייסיק. ער לויבט זיין פאָרשריט אינעם יידיש שרייבן און בעט אים, ער זאָל אויך אָפּגעבן אַביסל צייט צו פאַרנעמען זיך מיט דייטש.

דער פריצייטיקער טויט פון פייטל ברון, וועלכער איז אין אַ פּאָר חדשים אַרום געשטאָרבן, האָט, ווי מ'דאַרף רעכענען, באַשטימט די צוקונפט פון זיין זון, וועלכער איז נאָך נישט געווען בר-מצוה, אַנדערש ווי זיין פאָטער האָט דאָס געטראַכט. פון אַ בריוו פון 22טן נאָוועמבער 1803, וועלכן דער ייִנגערער ברודער וואָלף האָט געשריבן צו היימאַנען, ווערן מיר געוואויר, אַז איינער אַ ייד חיים אין ברעסלע איז לויט דער צוואה באַשטימט געוואָרן אַלס אַפּוטרופּוס פון די קינדער. מען דאַרף משער זיין, הגם עס לאָזט זיך נישט דאָקומענטאַריש באַווייזן, אַז ער איז געווען דער, וואָס האָט דעם עלטערן פון די אים פאַרטרויטע קינדער צוגענומען קיין ברעסלע און אים דאָרט געמאַכט פאַר אַ סוחר.

דער ווערט פון דידאָזיקע נייע דאָקומענטן, וועלכע דער לעצטער און באַגאַבטסטער יורש פון דער פאַמיליע האָט מיט פּיעטעט אויפגעהיט, באַשטייט אויך אין דעם, וואָס זיי ווייזן אונז, אין וואָס פאַר אַ הויכער מאָס לאַסאַלס זיידע האָט געשעצט די גייסטיקע ווערטן פון דער אַלטער און נייער קולטור, און אַז אפשר נאָר זיין פריצייטיקער טויט איז געווען די סיבה, וואָס לאַסאַלס פאָטער האָט זיך נישט געקענט ווייטער אָפּגעבן דער גייסטיקער אַרבעט און איז געוואָרן אַ סוחר.

# די בריוו פון פייטל ברון צו זיין זון חיים

## (לאַסאַלס זיידע צו לאַסאַלס פאָטער)

!

Loslau, den 22. Febr. 1802

ליבר זאהן הבח' חיים לעבן!

כתבך הנחמד ע"י מחו' הק' ר' 1) מרדכי קבלתי לנכון שמחתי לשמוע משלומך הטוב, אשרי למי שחושדין ואין בו, ומודה ועוזב ירוחם. מיין קינד עס גערייכט דיר אום זאָ מעהר צור עהרע, דש זאָ פיל רעכטשאַפענה מעננר דיינע אום שולד בעצייגען. זייאע היפש אימער אָפענהערציג, בשטרעבע דיך דיא גונסט אנדרר לייטע צו ערווערבן, זאָ ווירשט דוא אי"ה 2) זיכר אין דיא וועלט צו רעכט קומן, אהו' 3) בני! אָב גלייך דוא נאך איין קינד ביזט, האשט אבר ת"ל 4) זא פיל איין זיכט שאָהן מיינה הייזליכה פר פאַסונג צו בעאורטהיילען, ליידר גאָט! דיזע מאַכט מיר קיין פרגניגן. איך ליבע צוואהר אַללע מיינה קינדר השי"5), פאַרציגליך אבר ביזט דו מיין איינציגע האפנונג שאקוה לראות ולשמוע שמחות מאתך, ואלולי זאת חלילה קצתי בחיי.

ע"י מחו' הק' ר' מ' הנ"ל 6) איבר שיקע דיר דיא גמרא קידושין נעבשט דיין חותם, דש טוך אויף הויזען ווערדי דיר איה" מן שוק ר"ב 7) זוכן ע"י אנשי ציליץ צו בזארגן. איבריגנס מוז אַב ברעכן דען עש שפאט אין דער נאַכט והדרך ירט לנגדי 8). קינפטיג ווערדי דיר באריכות שרייבן. געלד לסיועת הסיום מסכת ווערדי דיר על פסח שאָהן בזארגן, ווען דוא צו דיינה גאטוועהנדיגקייט וואש צור אוישגאַבע נעטיג האבן ווערשט, ווירדט דיר הבח' יצחק נ"י 9) שאָהן פר מייני רעכנונג געבן, אבר מיין זאָהן פיהרע היפש ארדענטליך בוך איבר דיינה אויש גאבן, שתוכל ליתן חשבון, דען דאַדורך לערנט דער מענש ווירטשאַפטן, דברי אביך המתפלל בעדך פייטל ברון.

דיינה ליבע ב"ב 10) יחד אַללעס גוטע בנחיצה 11).

שלמא רבא לאדוני מורי התו' 12) הרבני המופלג דומש" כמוה" 13) זלמן שלאָהאָף שי' 14), מַה מאוד עלז לבי בקרבי בנידון גביות העדות מן מעלתו הרמה בדבר הדרגת בְּני היִנוק שי' וה' יתן לו חן וחסד בעיני

אלקים ואדם ויפתח לבו בתורתו דברי עבדו ידידו.

למחו׳ הבח׳ המושלם ומופלג החתן כ״ה 15) חיים ליב נ״י. עתרת שלום ולאבותיו היקרים, מן הראוי הי׳ 16) לייחד אליו הדיבור, אפס אין הזמן מסכים עמדי, אפס בקצרה באתי איהגן פרבינדליכן דאַנק צו זאַגן פאַר דען גוטן אַטעסט מיינעס זאָהנעס, וועלכעס מיך זעהר צו פרידן גשטעלט האט.

למכירי וידידי הבח׳ המושלם כ״ה יצחק נ״י מיין קאמפלימענט, איך בלייבע דיא אַנטווארט פעם הזה שולדיג, דען דער גוטע מחותן איילט, אונד איך בין אין דער נאכט ערשט גיקומן, ווען מיין חיים לעבן צור נאטווענדיגקייט איין גולדן אדר טאהלער נעטיג [ברויכט] בעליבען זיא פר מייני רעכנונג איהם גיטיגשט צו פר אַבפאלגן אין נעטיגן פאַלי וועלי להחזיר במיטב, לעבן זיא וואהל ידידו עבדו הנ״ל.

An
Meinem Lieben Sohn Heimann
P.[per] Expresse

in
Zultz

נעבשט קידושן, נביאים, וחותם

טוא מיר איין טובה קויף פר איין גרעשל שוואַרצה דינט 17), דען איך קאָן דיינה בריף ניכט לעזן, מאשר פר בלאַסע דער דינטע.

פון דער מוטער צוגעשריבן און פאַרמעקט:

ליבר זיהן לא 18) חיים לעבען
ווען דוא טוסט קאָרטן שפילען
זאָלסט דוא דיא ניכבא 19)
קריגען אונד דוא זאָלסט
פר שווארצע ווערן
ווייטער פר בלייבע
דיינה ליבע מוטער
אסתר.

---

1) על ידי מחותני הקצין רבי. 2) אם ירצה השם. 3) אהוב. 4) תהלה לאל. 5) השם ישמרם. 6) הקצין רבי מרדכי הנזכר לעיל. 7) די שטאָט ראָזענבערג אין אויבער־שלעזיע. 8) במדבר כ״ב, ל״ב. 9) נרו יאיר. 10) בעלי בתים. 11) דרינגליך (Avé-Lallemant, IV S. 410) 12) התורני. 13) דיין ומורה צדק (?) כמורנו הרב. 14) שיחיה. 15) כבוד הרב. 16) היה. 17) טינט. 18) זינעלע. 19) גכפה, עפילעפסיע.

II

Rattibor, d. 12. April 1802.

מיין ליבר זאָהן חיים לעבן!

וואש מאכשט דוא אום גאָטס ווילען דַש מיר גאהר ניכטש שרייבשט? אויך ניכט איין מאהל תשובה אָב דוא דַש ערהלטן וואש איך דיר מיט דער פאסט גשיקט, איך ביטע דיך שרייבע נור תיכף תשובה, לאז מיך בייא מיינין גראָסן קומער ניכט אויך נאך דיזן האבן, צו זארגן וויא דוא דיך בעפינדשט, ומהיום והלאה זאלשט דוא מיר אַללע 14 טאַג איינין בריף מיט דער פאסט שרייבען נור דַש דוא הִיפש גזונד ביזט אונד לערנסט. איך ווערדי ווען נור איינה מעגליכקייט זיין ווערדט, דיך נאך פסח אי״ה בעזוכן. דיין שוועסטר ריזל איזט שאָהן זייאט צווייא חדשים אין טאסט בייא דיא באַבע, רחלה איזט פרייאליך גשטארבן, אליין גאט האט עס זא האבן וואלין, זייא הִיפש מונטר גזונד אונד פלייסיג גריסע מיר אַללע דיינה וואהלטעטר אונד גוטע פריינדע, אין גרעסטר אייל דיין עהוויג טרייאר פאטר פייטל.

דיין רבי והרבנית שי׳ צו גריסן.

אדו׳ הק׳ מו״ה דוד נ״י 1) [און] מאַדאַם מיין רעשפעקט.

הק׳ר׳ שלמה גלויגא זיין בריף אן מיך וועגן שווייקאַנר פאַכט, איזט שאַדע פר דען פארטא מיינר זייטן, דען עש געהט ניכט.

חיים לעבן איך זאגע דיר שרייב מיר אַללע 14 טאג זיכר

ווינטשה אַללער זייטן שמחת י״ט 2).

אויף דער אַנדערער זייט:

Meinem Sohn Heuman Wollfsohn aus Loslau
bey d. H. David Loewe
in Zultz
franco Pr. Neustadt

---

1) אדוני הקצין מורנו הרב נרו יאיר. 2) יום טוב.

III

[מאַי 1802 אייר תקס״ב]. בע״ה גלויגא חצי יום ד׳

ליבר זאהן חיים לעבן!

ווייל איך דיזן גוטן פריינד טרעפע, זאָ רעקאמאנדירע דיר נור דש דוא דיזן חודש מאַי בשטימט צו לאַקסירן 1) איין נעמן זאלשט, עש שיינט מיר נאטווענדיג צו דיינה גזונדהייט. איבריגן מיין קינד ביטע איך דיך פיהרע דיך הִיפש אָרדענטליך אונד ריינליך אין רייגין קליידונגן. הוי ירא אלקים בכל מעשיך והתמיד בלימודך בכל מילי ותראה שיהי׳ זה לטובתך אי״ה ולקורת רוח לאבותיך. זייא פרזיכרט איך ווערדי זאפיל ווי מעגליך דיך ניכט אַבגעהן לאסן. מיט קינפטיגע פאסט שרייבע איינין גוטן בריף אן דיינה מוטר, איבריגן זייא הִיפש מונטר אונד גזעצט אבר זיטזאַם. בלייב גזונד אלה דברי אביך המתפלל בעד אריכות ימיך נצח פייטל ברון.

שלום לאדוני התו׳ חמופל׳ דומ״ש כבוד מו״ה זלמן נ״י 2) וזוגתו הרבנית ת׳ וי״ח, 3) בקשתי עה״פ 4) ליתן עינא פקיחא על בני חיים לעבן נ״י בכל מילי הֵן בלימוד והן במילי דעלמא, והואיל שבעל הדרך ירט לנגדי, אקצר מאומר. דברי עבדו הנ״ל.

אן מיינין ווערטן פריינד מאָנסיער יצחק מיין קאמפלימענט, פרצייאן זיא דש איך פאַר מייני אַברייזע איהנין ניכט בעזוכטע, דען איך וואַהר וועגן איינגן פרדרוס, דען איך מיט דען ליבן ר״ יעקב האַטטע זאָ מאַלקאנטאַנט 5), דַש איך אן מיינה שולדיגקייט פרגאַס.

איך ביטע זיא ווידרהאָלענד האַלטן זיא איהם צום שרייבן אָן, אונד בעסערן זיינה פעהלר, דען ער איזט נור איין קינד, אונד איך האפי ער ווערדט לעהרע אן נעמן, ער האט גוטן וויללען. אַדיע איהר דינר.

חיים לעבן יַהדות שרייב פלייסיג ביי דיין רבי כל יום בהשכמה, שטאַ פריא אויף.

(אַדרעסירט קיין צ י ל ץ).

1) רייניקן דעם מאָגן. 2) התורני המופלג דיין ומורה צדק (?) מורנו הרב. . . גרו יאיר. 3) תחיה ויוצאי חלציהם. 4) עוד הפעם. 5) אומצופרידן.

## IV

Tost d. 19. August 1802.

לאהו׳ 1) בני הנחמד הבח׳ חיים לעבן נ״י!

תמי׳ לי שלא כתבת אף תמונת אות מיום פרידתנו מאתך עַד הנה ואלולי שמעתי מפי הק׳ ר׳ שמואל בר׳ דוד אשר הי׳ אצלינו בשבוע העבר, וגם היום פה דברתי עמו, והבטחני שאתה ת״ל בריא ואולם, הייתי מצער. לכן אהו׳ בני בקשתי מאתך מאוד שתכתוב לנו לכל הפחות כל ד״י ימים פעם אחת על הפאסט. בנדון התמדת למודך והנהגותך שמה האפי איך דַש דוא בכל מילי פלייסיג ביזט אונד דיך אָרדענטליך אויף פיהרשט. דיינה גזונדהייט נעמע אין אַכט זאָ פיל וויא מעגליך. זוכע דיר קרעפטן, ווען דיר געלד עטוואַס פעהלט, זאָ ווערדי דיר שוין בזאָרגן, נור פר פירות נעמע דיך אין אַכט, ליבר לאַז דיר עטוואַס קאָכן אדר פירות דעמפן. ווערשט מקבל זיין איין חצי ר״ט 2) מעות. נור פאר־ווענדע עש ניכט צו שלעכטן חלילה, לעב וואהל ממני אביך המתפלל בעדך פ יי ט ל ב ר ו ן.

דיינה ליבה מוטר אונד גשוויסטר הש״י 3) גריסן דיך. האשט דוא דיר דַש פעלצל מאַכן לאַזן אָדר ניכט?

לאדוני מורי ה״ה האלוף התו׳ הרבני המופל׳ כמוה״ זלמן נ״י 4) וזוגתו הרבנית וי״ח שי׳ 5) שלום רב.

אליו בקשתי בכפליים ליתן עינא פקיחא על בני הנער חיים לעבן הן בלימודו והן בבריאות גופו, כמו כן בכתיבה ודקדוק, אונד וואָמעגליך דש ער כל יום שעה אחת או שתים פונה מכל זיין זאל, אום זיך פון זיינה שוועכע עטוואַס צו ערהאָלען.

לאדוני ידידי ההוהק׳ המפל׳ הגביר כשת״ כהרר׳ 6) דוד נ״י נעבשט די ווירדיגשטע מאַדאַם היצל תי׳ 7) אַללעס גוטע, איך האפי פון איהרע גראָס־מיטיגע מענשן ליבע, דַש זיא מיינן קליינן זאָהן איהרע גונסט ניכט ענטציהן ווערדן. אן לעהרר מאָנסיער ר׳ יצחק שלום.

לידידי ומחו׳ הה״ ההק״ התו׳ המופל׳ כמוה״ יעקב נ״י 8), וזוגתו הצנועה ת׳ וי״ח כל טוב.

(אַדרעסירט קיין צ י ל ץ)

1) לאהובי. 2) רייכס־טאַלער. 3) השם ישמרם. 4) הלא הוא. . . האלוף התורני הרבני המופלג כמורנו הרב זלמן גרו יאיר. 5) ויוצאי חלציהם שיחיו. 6) הלא הוא הרב והחכם הקצין המופלג. . . כבוד שם תפארתו כהרב רבי. 7) תחיה. 8) ומחותני הלא הוא הרב הקצין התורני המופלג כמורנו הרב. . . גרו יאיר.

## V

בע״ה לאסלויא די״ כסליו תקסג״ל [7טן דעצעמבער 1802]

לאהו׳ בני הבח׳ המשכיל כ׳ חיים נרך יאיר לנצח!

בריש כל אתן לך למדע שבאתי לביתי בשלום, ואמך ואחיותיך שי׳ המה ת״ל במזג השוה, ושמחים עלי [אלי?] גיל שבאת על מכונך בשלום, אצל רב הגון ואנשים נכבדים, כה יתנך ה׳ סלה. אהו׳ בני כמה קשה עלי פרידתי מעליך, כי ידעת שכל מגימותי לראות או לשמוע בכל יום משלומך וטובך: בפרט שנתן לך ה׳ לֵב נבון וחכם להשכיל בתורתו, לכן בני! אזור כגיבור חלציך, ראשון ליראת ה׳ כי היא קודמת לחכמה, ואח״כ בהתמדת לימודך, לאו דווקא שתעמול כל היום מאין הפוגות, רק באותו הזמן כשאתה קורא או שונה שיעורך, יהי׳ כל מגימותך לזה, בלי שום מחשבה זרה. ואל תדמי בנפשך שכבר חכמת, ולא איכפת לך בשיעור, כבר אמר הרב המורה 1), סבר אתה שיודע אינך יודע וכו׳, כי בני! צעיר אתה בשנים השי״ 2), ואינך מַשיג, שהשיעור מפי רַב הגון, הוא עיקר תכלית הלימוד, ותועלת רב לתלמיד, לחנכו בסוגיא דגירסא גמרא ומפורשים. ונידון לימודך ספר תהילים מפי התו׳ מו״ה 3) משה בעֶהם ומעט הדקדוק, מלתא יקירא היא, ואל תַנַח ידך מזה, כי בעיתים הללו דבר הכרחיי הוא, ובענין הכתיבה אַל תתרשל ידך, הֵן בלשון וכתב עַמינו כמוֹ בלשון זרים, במתינות וציור אותיות בתבניתם, נוסף לזה סֵדר הילוכך יהי׳ בנקיות מה דאפשר, הן במלבושיך והן בגופך, ושערי ראשך יסרקו דבר יום ביומו, ותהי׳ רוח הבריות נוחה הימנך. יתר אין אתי מאפסות הפנאי, זמנא אחריתא אַרחיב הדיבור. אלה דברי אביך הדואג ומתפלל בעד אריכות ימיך לנצח פ יי ט ל ב ר ו ן.

להאנשים הנכבדים וגבירים אשר אתה חוסה בצלם כל חד וחד לפי מעלתו יברך ה׳ אותו, עם כל י״ח 4) ומהראוי הי׳ לייחד הדיבור לכל א׳ בפני עצמו אפס מחמת הכנסת שבת אקצר.

ובשולי היריעה באתי לדרוש בשלומו דמר ותורתו ה״ה אדמ״ו 5) הגאון המפל׳ החריף כבוד מו״ה יוסף נ״י וזוגתו הרבנית תי׳ ובתם הבתולה הכלה ומושכלת תי׳ ולהילדה שי׳ אַל ירע בעיני אדמ״ו שבאתי בקצרה, כי אין הזמן מופנה, ולא באתי אלא לבקש מכבודו הרמה להשגיח על בני חיים שי׳ בכל מילי דברי עבדו הנ״ל.

דיא רעבעצן האַבע היר מיט עה״פ 6) צו ביטן מיר לכל הפחות: 10 קווארט שמאַלץ של פסח זאָ גשווינד וויא מעגליך אין איין בונצלר טאָפף איין גיסן אונד שטעהן לאַזן, ביז איך נור איינה גלעגנהייט טרעפן ווערדי.

חבירך ה״ה 7) הבח׳ החתן המושלם כ״ה 8) שמואל נ״י והשני בדומה לו ה״ה המושלם במדות כ״ה וואלף כהן נ״י שלום רָב.

אויף דער אַנדערער זייט:

Losîau
Herrn Joseph Rabiner
der Juden Gemeinde
Franco zu Brieg
לבני הבח' חיים ש"י

און מיט אַ פרעמדער האַנט צוגעשריבן:

שיקט שבעים שבעי' פיטום הקטורת הצרי והצפורן החלבנה והלבונה.

---

1) רמב"ם. 2) השם יתברך ישמרך. 3) התורני מורנו הרב. 4) יוצאי חלציהם. 5) הלא הוא אדוני מורי ורבי. 6) עהרפורכט. 7) הלא הם. 8) כבוד הרב.

די איבערזעצונג פונעם בריוו אין יידיש:

„צו מיין ליבן זון הבחור המשכיל, חיים לעבן!

פריער פאַר אַלץ קום איך דיר מודיע צו זיין, אַז איך האָב זיך אומגעקערט בשלום אַהיים און אַז דיין מוטער און דיינע שוועסטער זיינען ברוך השם געזונט און זיי פרייען זיך, וואָס דו ביסט בשלום אָנגעקומען צו דיין באַשטימטן אָרט און געפינסט זיך ביי אַ חשובן רב און צווישן בכבודיקע מענטשן, הלואי גיב גאָט שטענדיק. מיין ליבער זון, עס איז מיר זייער שווער צו שיידן זיך פון דיר. דו ווייסט דאָך, אַז מיין גאַנצע האָפענונג איז צו הערן און וויסן יעדן טאָג ווי דו פילסט זיך, בפרט אַז דער אויבערשטער האָט דיר געגעבן אַ פאַרשטענדיק האַרץ צו לערנען תורה. דעריבער, זון מיינער, גורט אָן דיינע לענדן ווי אַ גבור, ראשית לִיראת ה', ווייל דאָס איז וויכטיקער ווי חכמה, און דערנאָך — צו לערנען בהתמדה; דאָס הייסט נישט דווקא, אַז דו דאַרפסט זיצן און לערנען אַ גאַנצן טאָג אָן אויפהער, נאָר בעת דו לערנסט און חזרסט זאָלסטו זיך אינגאַנצן אָפּגעבן דער זאַך אָן זייטיקע מחשבות. און זאָלסט זיך נישט איינרעדן, אַז דו ווייסט שוין אַלץ און דאַרפסט מער נישט לערנען; דער רמב"ם האָט שוין געזאָגט: דו מיינסט דאָך, אַז דו ווייסט — און דו ווייסט גאָרנישט א. א. וו. מיין זון, דו ביסט דאָך נאָך יונג, היט דיך דער אויבערשטער, און דו פאַרשטייסט נאָך נישט, אַז אַ גוטער רבי איז דער עיקר ביים לימוד און אַז ס'איז זייער נוצלעך צוגעוואוינען דעם תלמיד לערנען גמרא און מפרשים. און דאָס, וואָס דו לערנסט תהילים ביי ר' משה בעהם און אַ ביסל דקדוק, איז אַ טייערע זאַך און דו זאָלסט עס ווייטער טאָן, ווייל הייַנטיקע צייטן איז עס נויטיק. און וואָס איז נוגע דעם לערנען זיך שרייבן זאָלסטו דאָס [אויך] נישט אויפהערן, מ'דאַרף קענען לייענען און שרייבן הן אויף דער שפּראַך פון אונזער פאָלק און הן אויף פרעמדע שפּראַכן, שרייבן געלאַסן און מיט אַ פיינער האַנטשריפט. אויסער דעם דאַרפסטו זיך געוואוינען צו האַלטן זיך ריין ווי מעגלעך, הן אין דיינע בגדים, הן אין דיין גוף, און יעדן טאָג זאָלסטו קעמען דיינע האָר, זאָל די וועלט מיט דיר צופרידן זיין. מער האָב איך דיר נישט וואָס צו זאָגן, מחמת איך בין זייער פאַרנומען. אַן אַנדערש מאָל וועל איך מער מאריך זיין.

פון מיר דיין פאָטער, וואָס זאָרגט פאַר דיר און טוט מתפלל זיין פאַר דיינע אריכות ימים, פייטל ברון".

(נאָכדעם גייט אַ ריי גרוסן פאַר באַקאַנטע און אַ באַזונדערן גרוס דעם רב ר' יוסף, דער רעבעצין און די קינדער, און אַ בקשה צום רב, אַז ער זאָל אַכטונג געבן אויף זיין זון. אויך אַ פּאָר ווערטער צוגעשריבן ספּעציעל דער רעבעצין אין יידיש. זע אויבן).

VI

בע"ה לאסלויא ה' טבתקסגל' 1)

[30טן דעצעמבער 1802]

ליבר זאָהן חיים לעבן!

עש בפרעמדט מיך זעהר דַש דוא מיר דיא גאנצה צייט כלל קיין אות שרייבשט, איך האבע וויא דיר פילייכט זעלבשטבקאנד איזט מיינה הייפיגע גרויסע דאגות, זאָל נאָך דיזן פעלד קומער האבן, דיינטוועגן. וואש איזט דַש פר איין נאמנות פון דיר, מיטהין ווערשט ניכט אַנדרשט טון אונד מיר תיכף מיט דער פאסט בריף שרייבן אָב דוא גזונד ביזט, וויא עס דיר געהט שמה, אונד מהתמדת לימודך. אויף מיין בריוו מיט דער פאסט האשט מיר שאהן זאָ לאַנג ניכט געאנטווארטט, איך האב קיין טאג אונד קיין נאכט. דברי אביך הדואג ומתפלל בעדך פייטל ברון.

(אַדרעסירט קיין בריג)

---

1) ה' טבת תקס"ג לפרט קטן (לפ"ק).

VII

[ווי עס שיינט, איז דער בריוו געשריבן געוואָרן זומער 1803]

בע"ה דינשטאג

ליבר זאָהן חיים לעבן!

הואיל שהנושא בא לקחת ואץ לדרכו הוא, ואף אנכי שַמתי לדרך פעמי, אודיע לך דַש וויר הכל גזונד זיין, איזה ימים וואַהר איך צו בעט אבר ווירד ת"ל בעסר, מיין קינד דוא פרלאַנגשט וועסט אונד האָזען, איך האב דיר גקויפט שעהן טוך אויף איין קלייד, וועלכס איך דיר אפשר אין קורצן זעלבשט מיטברינגן ווערדי, ווייל איך ווילענש בין שבוע הבע"ל אי"ה 1) לברעסלויא צו רייזן. דיינה ליבה מוטר האט מיר ווידר שפעקטאַקל גמאַכט, אונד זיא איזט פון מיר פאָרט לביתה, זאָרגע ניכט מיין קינד גאָט ווערט אונש אויך ניכט פרלאַסן, דוא מיין קינד אונד מיינה איבריגע קינדרלך הש"י 2) זאָלין מיין טראָסט זיין, זייא היפש פלייסיג אן דיר האפי איך אי"ה שמחות צו ערלעבן, איך האב קיין צייט דען איך זיטצע שוין אויף דען שליטן 3) אין דען אויגן בליק, דיינה מוטר זאל גאט איהר הערץ צו גוטן במהרה לענקין, איבריגן מיסן וויר אונש אין אַללען פינדן, אפשר ווערט זיא אויך דיך בעזוכן ווייל

זיא וויל לברעסלויא, אין גאָטס נאהמען, איך מוז מיך שוין אין מיין שיקזאַל פינדן, כי אמרתי נגזרתי. גריסע הק' ר' דוד שווייצר, איך שפרעכי איהם מינדליך, דיין ליבן רבי אונד רעבצין צו גריסן. דיין טרייאר בעקי-מערטר פאטר פייטל ברון.

אויף דער אנדערער זייט:

Meinem
Lieben Sohn Heumann Wollffsohn
in Brieg

1) הבא עלינו לטובה אם ירצה השם. 2) השם יחיים. 3) דעם אויסדרוק „איך זיץ אויפן שליטן" דאַרף מען נישט פארשטיין בוכשטעבלעך, נאָר מסתמא אינעם זעלביקן זין, ווי „זיצן אויפן וואָגן", קלייבן זיך אין וועג אריין.

## VIII

Loslau, d. 13 July 1803.

ליבר זאָהן הבח' חיים לעבן שי'

פון רעכטס וועגין זאָלטע איך קיינה זילבע אן דיר שרייבן, דען עס זינד שוין נאהע ה' שבועות דאָס איך מבריג אבריינזטע, אונד נאך האשט דוא מיר ניכט אות אחת גשריבן. האבע איך דיר ניכט גזאגט לכל הפחות מידי חודש בחדשו זאלשט דוא מיר פעם אחת מיט דער פאסט שרייבן? מיט הין ווערשט ניכט אנדרשט טואן, אונד ווען אנדרשט ניכט הק' ר' דוד שווייצר מיט עטוואַן 1) וועגן מיין משפט מיט דער פאסט שרייבט, דאָס דוא, איין שליסן קאָנשט, זאָ ווערשט דוא אליין מיר נור איזה שורות מיט דער פאסט שרייבן. מעלדי דיר דאָס איך מיין הויז אונד ווירטשאַפט היר פרקויפט האבע, פרייאליך 2) זעהר שלעכט רק מה לעשות, תוך ג' חדשים זאָל איך מכאן אוועק ציהען, האב נאך קיין אנדרע שטעלע. דיינה מוטר ווערדט דיך פיללייכט קירצליך אין בריג בעזוכן, זיא געהט נאך ברעסלויא, וואש איהרע גשעפטע זינד, ווייס איך ניכט. לעב וואהל מיין קינד, זייא פלייסיג בלימודך, אונד שרייב מיר תיכף תשובה, מיט נעגשטר פאסט. דברי אביך הדואג ומתפלל בעדך פייטל ברון

דיין ליבן רבי ורעבעצן חבירי' הכל בכלל הש"י 3) שלום

דיינה ליבע ב"ב 4) ביחד מיינה עמפפעלונג.
בפרט דיין פריינד הק"ר חנה יח' וזוגתו
מ'5) ריקל תי' איהרע טעכטר אונד זאהן שלום.
(אדרעסירט קיין בריג).

1) עטוואָס. 2) freilich — געוויס, באַשטימט. 3) השם ישמרם. 4) בני-בית, בעלי-בית. 5) מרת.

## IX

Loslau den 16. July 1803.

לאחוי' בני ה"ה 1) הבח' כ' חיים לעבן שי'

וויל זיך דיא גלעגנהייט טריפט ע"י הק' ר' 2) שבתי זאָ איבר שיקע דיר צווייא פאהר שטרימף אונד איין פאהר זעקלעך וועלכה דיר דיינה מוטר נאך פאר איהרע אבריינזע צוריקגלאסן האט, איבריגן מיין קינד האב איך דיר נישט נייאס צו מעלדן, דיא מומע פיגלא ווערדט דיר געוויס גזאגט האבן, דאָס דיינה מוטר מיך אונד דיא קינדרלך פרלאסן האט, אונד איזט אוועק גע-פאהרן, קאנשט דיר לייכט פארשטעלין וויא עש צו געהט, ווען איך דיא קליינה שעפליך אליין אבוואַרטן מוז, אונד קאן מיך ניכט אויש דען הויז ריהרען, אין 4 חדשים זאָל אונד מוז איך מכאן אוועק ציהען, אונד קאן מיך אום קיין אָרט אום זעהן, ווען זיא מעכטי בייא דיר זיין אין דורך רייזן לברעסלויא קאנשט איהר פארשטעלין וואש דאָס פר איין נאמנות איזט, אין דעסן לעב וואהל זייא גזונד אונד פלייסיג, דברי אביך הדואג ומתפלל בעדך תמיד פייטל ברון.

אויף דער אנדערער זייט:

Meinem
Lieben Sohn Heumann
in Brieg

Nebst 2 P. Strümpfe und 1 P. Soken.

1) הלא הוא, 2) על ידי הקצין רבי.

## X

Loslau d. 4. Aug. 1803.

ליבר זאהן הבח' 1) חיים לעבן!

דוא האשט ווידר דיא לענגשטע צייט ניכטס גשריבן. ראשון האבע דיר ע"י בת אחיו של הק' ר' איצק קרשעליץ איינין אוישפיהרליכן בריף גשריבן, ולא ידעתי אם מטי לידך. שנית האט מיר כ' אורי גזאגט שבעברו דרך שמה, האט ער דיך גטראפן אין דען רעש של השריפה פר דען טאָהר מיט דיין חבר, דאָס איזט אויך אביסל אום בעזאָננען, דען אין איין זאָ שעת מהומה, מיסן קינדר זיך ניכט אליין וואגען אָהנע איינין ערוואַקסענין מענשן על פרשת הדרכים. אין צווישן שומר פתאים ה', אבל אין סומכין על הנס. ע"י ר' שבתי האבע דיר שטרימפף גשיקט, אויך דאַ-רויף אנטוואָרטעסט דוא מיר ניכטס. הלא אמרתי לך פעם אחת בחודש זאלשט דוא לכל הפחות מיר מיט דער פאסט שרייבן. דיינע ליבע מוטר איזט אלזא אוועק אונד בלייבט אין אללען ערנסט צוריק, איך קוועהלי מיך אליין מיט דיא קליינע קינדרלך ניכט איין מאהל איין רעכטן משרת. בין ניכט אין שטאנד מפתח הבית מיך צו ענטפערנין, אין דרייא חדשים מוז אבציהען, דען איך האבע מיר ניכט לענגער דיא דירה פאַר-בהאלטן. איך ווייס ווירקליך פאַר דער האַנד ניכט, איך אעשה, צוואהר האט דיין פעטר הק' ר' חיים מברעסלויא מיר גשריבן, דש ער אחיו ר' וואָלף אַרונטרשיקן ווערדט, דיא זאכע צו רעגוליהרן, איך זעהע אבר פאַר דער האַנד ניכט איין וויא עש ווערדן קענין. דען איהרע עלטרן אין טאָסט 2) זעהע איך נעמן אויף מיינע קינדרלך כלל קייני רוקזיכט. בכל זאת מיין

קינד זאָרגע ניכט, זייא נור הִיפש פלייסיג בכל אופנים, השיב״ה קאן אַללעס נאָך לטובה לענקין. שריבע מיר בריף דאַמיט איך וועניגשטן דען קומער ניכט האבע, וועגן דיך בזארגט צו זיין. וואש זאגט דיא מומע פיג־לא דאַצו, האט זיא רעכט גהאַנדלט געגין מיר אונד דיא קינדר אָדר ניכט, דען זיא שטיצט זיך דַש איהר דיא מומע ווערדט נאָך בעהילפליך זיין. ווען דער פעטר בייא הויזע איזט, גריסע איהם מיינטוועגין פיל מאהל, אונד פראַגע איהם אָב ער דען דיא ראַנדעס 4) אין מיעחאוויץ אונד קאָמאָרנע שאהן פרפאַכטעט האט, אָדר ניכט? אונד אב זאלכה אין גהעריגן וואָהנבאַהרן שטאַנד גזעצט זיין, ווען זיך קיין גרויסע ראנדע טרעפן זאלטי, זא ווערדי איך פרייאליך אויך אויף איין קליינה מיך בגעבן, אום דיא עטליכה טאַהלער יתר הפליטה ניכט גאנץ מְכַלה צו זיין. פרייאליך העטי דיינה מוטר מיר גפאלגט, וועהרע איך שאהן פר ג׳ שנים אויף איינה גרויסע ראַנרע גוועזן, אונד מיינע קרעפטן וועהרן מיר גבליבן. אַליין עש איזט פארביי, לעב וואהל מיין זאהן שרייב מיר פלייסיג בריף בזאנדרס אויף דיזען בריף תשובה, איברגעבע דיא אין לאַגן אן הק׳ ר׳ משה פאלאק אונד הק׳ ר׳ דוד שווייצר, כמו כן קאנשט דוא ווידרו׳ 5) בייא זיא אָדר זיא בייא דיר דיא תשובה איין שליסן. אלה דברי אביך המתפלל בעד שלומך וטובתך עדי עַד. פ ײ ט ל ב ר ו ן.

דיינע ווירדיגע ב״ב הש״י 6) בכלל מיינע עמפפע־לונג. בפרט לדודך ודודתך היקרים ונכבדים שי׳ ות׳ 7)

הרב שלך כבוד אדוני ח״ו המפל׳ מו״ה יוסף נ״י 8)

וזוגתו הרבנית היקרה ובנותיהם תי׳ ולחבריך כולן בכלל שלום רב, וכדומה לידידי היקר כ״ה 9) חנה נ״י וזוגתו הצנועה מ׳ ריקל תי׳ ובנותיהם ובנם שי׳ ותי׳.

---

1) הבחור. 2) א שטאָט אין אויבער־שלעזיע. 3) השם יתברך ברוך הוא. 4) ארענדעס. 5) wiederum. 6) בעלי־בית השם ישמרם. 7) שיחיה ותחיה. 8) חכם ונבון המופלג מורנו הרב נרו יאיר. 9) כבוד הרב.

## XI

Loslau d. 6. Aug. 1803.

ליבשטר אונד טהייארשטר זאָהן חיים לעבן לאיו״ש 1)

דיינע ליבע צווייא בריפע האַבע ריכטיג ערהַלטן, דַש טראסט־רייכע זאָ איך דאַרינן פינדע, איזט ווידר מיינע ערוואַרטונג, אונד ווען דַש דיין קאָנצעפּט 2) איזט, אקוה להבורא דַש דוא איין מושלם במידות זיין ווערשט, פרייאע דיך מיין קינד! דַש דיר השיב״ה 3) טאַלענטע גגעבן האט, איינין ראט צוטרעפן (?) איך בעפאלגע אויך דיין ראַהט מהיום והלאה וויל רוהיג זיין, אונד דַש בעסטע האפן, זאָרגע ניכט מיין קינד, אויך דיר זאל עס בע״ה ניכט נאכטהייליג זיין ווען גאט וויל, וויר וואלין אַללעביידע דַש בעסטע האפן. ווייטר קיין וואָרט מעהר דאַפון ביז איין אנדר מאהל. מיין הויז האַבע איך דאַרום פרקויפט ווייל איך האפי על ביאת משיח, זאָ העטי איך לאח׳ נ״י 4) דַש נעסט אין לאסלויא שטעהן לאסן מוזן. איך האב דאפאהר בקומן 1700 אבר ניכט טאַהלער זאנדרן גולדן, גם זו לטובה, אין המלך גוסע ברב חיל, זאָעבן ווען השיב״ה ווערט וואלין פרנסה געבין, קאן ער מיט וועניגן אויך העלפן. מיין קינד נאך נאחוד 5) צו רייזן, ווערדי דיך אי״ה ניכט אבהאלטן, אבר ערשט על הקיץ תיכף לאחר הבר מצוה אי״ה, דען [דאן] פאהרע איך מיט דיר הין, עס זאל מיר ניכט צו שוועהר פאללען. בנתים ווערדי איך דורך ר׳ פייבל בקוטש מִפלעס [פון פלעס], וועלכר בייא דען רַב איין גרויסע יַד וְשֵם האט, לאסן דיך עמפפעהלין, אונד ווען איך אי״ה דַש לעבן האבע, זאָלשט דוא בכבוד גדול אהין פאהרן אין דיא ישיבה וויא איין בחור געביהרט, אונד אָרדענטליך עֶקווּעפּירט 6), דאַפאהר [דאַפיר] ווערדי איך שאהן זארגן, זאוואהל אין קליידונג אלש אויך אין וועשע, זאל דיר ניכטס פעהלין לעת הזאת. נור מיין קינד זעהע דוא היפש אויך ווידרום דַש דוא אלש בחור אויף טרעטן קאנשט, זייא הִיפש פלייסיג בלימודך, אין דיין שרייבן יַהֲדות 7) פאנגשט דוא זיך אן צימליך צו בעסרן, אויך אין דייטשן נעמע דיר הִיפש צייט. אקוה לה׳ דוא ווערשט איין מושלם ווערדן, אונד דאַן לאַכשט אויש דיא וועלט. דיין פראָיעקט אשר כתבת לי ששמעת מאחורי הפרגוד ודל״ 8) איזט ניכט אום עבן 9), אונד וועהרי מיר אפילו גאַנץ ליב. אין דעסן זייא מיין קינד נור ירא ה׳ לאַז עש געהן וויא עש געהט, וואָש דעם מענשן בשעהרט איזט, קומט איהם. על הַרב שלך וואָנדרט מיך זעהר, וויא ער זיך פון איין תַלמיד שוטה קאן זא ווייט על ידי רכילות לייטן לאסן, אנדרע תַלמידים מַדחה צו זיין, הלא אמרה תורה דְאַזלינן בתר רובא, אונד עטץ זייאט דאָך איין רוב [רב], בכן אהו׳ בני שמ׳ע לעצתי, דש קליגסטע איזט, לא תדרשו שלומו וטובתו, לאַזט איהר דען נאַרן לויפן, כי ברא כַרעא דאבוה הוא, אונד דאַצו ווערט עיך דער רבי ניכט צווינגן, דש עטץ מוזט מיט איהם איין כריתות ברית האבן, ווען ער איין הולך רכיל איזט, דער פתי. איבריגן מיין קינד לעב וואהל זייא אום בעקימערט, זאָרגע גאהר ניכטס, בעקימערע דיך נור אום דיין לערנין, זיטטן, אונד אָר־דענטליך בטראַגן מיט מענשן, כי כל שרוח הבריות נוחה הימנו רוח המקום נוחה הימנו. לעב וואהל קינפ־טיג איין מעהררס, דען היינט לאז איך דַש ביסל קארן נאך אין לאסלויא צום לעצטן מאל איין פיהרן, 20 שאק קארן האב איך שוין אין דער שייאר, אונד עש ווערדט נאך עטוואַס זיין, איך מוז איילען, דברי אביך המתפלל בעד שלומך וטובך עַדֵי עַד פ יי ט ל ב ר ו ן.

גריסע אַללע מיטאנאנדר איך האב קיין צייט.

דיינה שוועסטרלך גריסן דיך אַללע, פון וואלף האב נאך קיין ידיעה עַד הנה.

(אַדרעסירט קיין ב ר י ג.)

---

1) לאורך ימים ושנים. 2) פראָיעקט. 3) השם יתברך ברוך הוא. 4) לאחי נרו יאיר. 5) א שטאָט אין בעהמען. 6) Equipirt — פארזאָרגט. 7) יהודית – אידיש. 8) ודי למבין. 9) אונעבן — ניט גלייך, קרום

## XII

Loslau d. 25. Aug. 1803.

לבני הבח׳ המושלם כ׳ חיים לעבן שי׳!

איינע זאלכה גוטע גלעגנהייט ניכט פאַרבייא פאַסירן צו לאַסן, מעלדי דיר משלום בריאותינו הטוב, איין גלייכס האפי איך דיינרזייטץ, מייגען בריף דורך דען וועבר גזעל דוד לאסלויא ווערשט דוא וואהל ערהַלטן האַבן. ושם השבתי לך על מכתביך הראשונים, אונד האבע דיר וייטר ניכטס צו שרייבן עַד שאקבל אגרת ממך. נאך האבע איך קיין אָרט בעשטימט, וואָ איך הין ציהען זאל, זאָ באַלד איך עש האבן ווערדי וויל עש דיר מעלדן, בֵין כך שרייב נור פלייסיג בריף דאַמיט איך ניכט פעלד זארג דיינטוועגן האבן זאל, לעב וואהל לערן אונד זייא פלייסיג, דברי אביך המתפלל בעד אריכות ימיך וטובך לנצח פייטל ברון.

גריסע אַללע השי׳ 1) דאָרטיגע פריינדע

דיינה מוטר אונד גשוויסטר גריסן דיך עבן.

(אַדרעסירט קיין בריג)

1) השם יחיים.

## א בריוו פון פייטל ברון צום רב אין בריג

בעה׳ לאסלויא ה׳ טבתקסגל׳ [30טן דעצעמבער 1802]

לאהו׳ אדמו׳ ה״ה התו׳ 1) הרבני המופל׳ 2) ומופלג בחורה הגאון כמו׳ 3) יוסף מ״ץ שי׳ 4)

פליאה נשגבה בעיני כי זה זמן רב שנסעתי משם, וכבר כתבתי מביתי על ב״ד 5) לאדמו׳ ולבני חיים לעבן ועד הֵנה לא קבלתי שום ידיעה אַף תיבה קלילא מטיב הנער ומעשהו, לא ידעתי מה איזו בי׳. קמי שמיא גליאַ כי יום ולילה לא שקטתי ולא אנוח, לכן מַה לי להאריך בקינות ודברי׳ בקשתי זאת רק להשיב אותי דבר ע״י פאסט מוקדם, השלום לנער ומה הדרגתו וסגנון למודו, ולא מספקא לי שאל יעבור בכל תאחר להשיבני במוקדם. דברי ידידו החפץ שלומו ומוכן לפקודתו ולשרתו בכל אשר יצוה עלי פייטל ברון.

שלום לזוגתו הרבנית תי׳ ובתה הבתולה היקרה הכלה ת׳ ואחותה הילדה ת׳ שמזלא נודע לי, בפרט להבח׳ המשכיל להטיב החתן כ״ה שמואל שי׳ ולהבח׳ המופל׳ כה׳ וואלף כהן שי׳.

אויף דער אַנדערער זייט:

Herrn Joseph Rabiner in Brieg

1) לאהובי אדוני מורי ורבי הלא הוא התורני. 2) המופלא. 3) כבוד מורנו. 4) מורה צדק שיחיה. 5) בעל דבר (?).

די איבערזעצונג אין יידיש:

אין דער ערשטער שורה קומט אַ לאַנגער טיטל פונעם בריגער רב ר׳ יוסף. דערנאָך גייט דער טעקסט:

„עס איז מיר אַ גרויס וואונדער. שוין אַזוי לאַנג, זי איך בין פון אייך אַוועקגעפאָרן, און איך האָב שוין וונדערהיים געשריבן צו אייך און צו מיין זון חיים לעבן — און ביז היינט האָב איך נאָך קיין שום ידיעה נישט, אפילו קיין אות נישט וועגן דעם יינגל און וואָס ער מאַכט. איך פאַרשטיי עס נישט. דער אויבערשטער איז אַן עדות, אַז איך האָב קיין רו נישט טאָג ווי נאַכט. לכן, צו וואָס זאָל איך מאריך זיין אין קינות און ווערטער? איך בעט מיר אָנשרייבן וואָס פריער דורך דער פּאָסט, צי איז דער יינגל געזונט און וואָס מאַכט ער און ווי לערנט ער. און איך בין נישט מסופק, אַז איר וועט נישט פאַרזוימען מיר אָנצושרייבן וואָס גיכער".

געחתמעט: פייטל ברון.

צום סוף פון בריוו אַ ריי גרוסן — דער רבצין און דער פאַמיליע.

## א בריוו פון חיימען (לאַסאַלס פאָטער) צו דער מוטער

בע״ה בריג יו׳ ה׳ פ׳ בהעלותך [י״ט סיון תקס״ג, 9טן יוני 1803]

טהייארשטע ליבע מוטר הצנועה מ׳ אסתר ת׳

דיא גינסטיגע גלעגנהייט מיינעס פאטרס אין זיינר רוק רייזע ניכט אום בענוצט צו לאזן, קאן איך אן בעסטן דאַצו אן ווענדן, אום דיינין וואהל זיין, נעבשט דעם וואָהל מיינר גשוויסטר מיך צו ערקונדיגן. דער מאַלעהר 1) זאָ מיר פאריגע וואָכע אויף דער שטראַסע אַרעווירט 2) איזט, האט דיר א״א ני׳ 3) בריישט גמעלדט, דאַנק דעם עהוויגן! דַש איך נאך מיט גאַנצן גלידערן דאַפון קאם, איבריגנס בין איך דַאטא 4) ת״ל גזונד, אויך דער שטאַרקע הוסטן האט זיך מעהרנטהיילס פרלאהרן. אין מיינין שטודירן בין איך זא פיל וויא מעגליך פלייסיג, אונד בענוטצע דיא צייט זא פיל וויא מעגליך. מיין פאטר זאגטע מיר דוא ביזט אום צופרידן, דש איך וועניג אן דיר שרייבע, ליבע מוטר דאַריבר דאַרפשט זיך ניכט וואנדרן, דען מיינע שטונדן זינד איהרן גשעפטן בשטימט, אונד ווען זיך דאַן איינה גלעגנהייט פון אָהן געפעהר טריפט דַש איך אין דער איילע איין פאַהר ציילען נאך הויזע שרייבע, זאָ געשיהעט עש אין דער גשווינדיגקייט, אונד דאַן קאנשט דוא עש מיר ניכט איבל נעמן, ווען איך נור מיט ווע־ניגן וואָרטן מיינע שולדיגקייט ערפיללע. דעם אָהן געאַכטעט קאנשט דוא זיכר גלויבן, דַש איך דיך עבן וויא מיינען ליבן פאטר שעטצע. אונד מיין בשטענדיגר וואָנטש דער הימל ערלייכטערע אייאר שיקזאל בַלד מעגליכשט, דאַמיט איהר קומערלאָז אונד פרגניגט אייארע צייט ביז אין דש שפעטשטע אַלטער פרלעבט, אונד אייארע קינדר צו אַללען גוטען ערציהעט. מיינע וועשע איזט זאוויט נאך אין שטאנד, נור שטרימף פעהלין מיר גאנץ, איך בין דיין טרייאר זאָהן הק׳ 5) חיים בן כ״ה. פייטל שי׳.

1) Malheur — אומגליק. 2) arrivirt — געטראָפֿן. 3) אדוני אבי נרו יאיר. 4) a dato — פון היינט אן. 5) הקטן.

# א בריוו צו חיימען
## פון זיין ברודער וואָלף

ב"ה יום ג' ד' כסלו תקסדלי [22טן נאוועמבער 1803]

ליבר ברודר הבח' חיים לעבן שי'.

עס פרייט מיך זער דַש דוא זיך אין דיינען שיקזאל פינדן טוסט, האלט דוא דיך נאר טאפפער דַש דוא דיינען מוט ניכט פער לירן זאלסט, זא איינה זאכה דיא דאַ פערבייא איזט אונד שאן אויף קיינען פאל מער צוריק צו האלן איזט, דאַ איזט שאן אום זונסט צו בעדאוירן. יעצונד ליבר ברודר מוזסט דוא נאר דען עביגן דיין שיקזאל איברלאסן אונד דוא מוזט נאר היי-צונד דיין גליק אינטר גוטה לייטה פארט צו זאכן זען, דַא נאך פיר דיר איין פאל קומענדה הילף איזט, אבר איך עלענדה קרעטור 1) פער זאגה מיין גליק אין דיא עויקייט, עש איזט וואר זאַ לאנג דש איין לעבענץ גייסט אין מענשן איזט דש ער ניכט צווייפלן זאל, אבר וועניגשטענש האב איך קיין אויז זיכט דאצו דאַ איך מיך מיט צוואנג אין דער וועלט דארך דרינגן טוא. אונד דאַ דוא מיר שרייבשט דש איך דיר שרייבען זאל אין וואש פיר איין לאגה אונזער עלענדר פאטר פיר גאנגען איזט דיזעש איזט אום בעשרייבליך, אבר דאך זא פיל וויל איך דיר צו ווישן טאן דש וויר אלה אויף אונזרה מוטר צו טראויערן האבן וויא דוא עש בייא דיר זעלבשט ווישן ווערשט, עש איזט שאן פער בייא אַלעס בעדאוירן איסט פיסט 2) אום זונשט אונד דאַ דוא מיר שרייבען טוסט דש איך דיר צו וויסן טאן זאל וויא דש עלענדה טעסטעמענד 3) פאן אונזר גאטזעליגן פאטר לאויט, דיזעס איזט גאַנץ אום בעדייטענד עש איזט ווייטר גאר ניכט זונדרן דש ער הק' ר' חיים פאן ברעסלאוי פיר איין פארמונט 4) געמאכט האט. אבר ליבר ברודר וויר האבן זיך אויף דש פערמעגן פאן אונזער גאטזעליגן פאטר בלוט וועניג צו פרלאסן, אונד איך ביט דיך ליבר ברודר ווען דיר עטווא דיא מוטר שרייבן זאל וואש זיא פער בעש 5) אין אירה אויגן פאן מיר בעפינד, ביט איך דיך ליבר ברודר זייא אום בעזארגט האבה קיין הערץ הייס אויף מיר דען איך דיר דיא גאנצה לאגה שרייבן נאר איך בין גאנץ צו שטערט איך ווייש גאר ניכט וואהין איך זאל, איך בין ערשט דיא פריגה וואכה צו האויזה געקומן. איך ביט דיך ליבר ברודר שרייבה מיר נאר, ווען איך דיינה האנט שריפט ער בליקן ווער דאַ זיך מיין הערץ גאַנץ אין מיר ערקויקן ווערט און ווען דיר עטוואס פאן מיר ניכט געפאלן זאָל זאָ שרייבה מיר נאר ווער איך מיך בייא דיר אויף אלה דיינע פראגן (?) פארטיידיגן.

פרבלייבה דיין אלערטרייסטער ברודר

הק' וואלף כ"ה [ב"ה? — בן הרב] פייטל ז"ל, וויא טראויריג איזט דש ווארט.

---

1) קרעאטור, באשעפעניש. 2) פאסט, כמעט. 3) טעסטאמענט, צוואה. 4) פארמונד, אפוטרופוס. 5) פאר שלעכטס.

# א בריוו פון פייטל ברון
## צו זיין שותּף.

Loslau den 8. Juny 1801.

Herrn David Schweitzer Neisse.

ווערטשטר פריינד!

נור צווייא [בריוו?] אונד דַש צו גלייכר צייט, נעמליך געסטרן דען 7 טן האַבע פון זיא ערהַלטן. פון אַללען דיזן וועגן גרעל איזט מיר אום בקאַונד, נור זא פיל דַש גרעל איין שונא ישראל איזט, אונד קיין יהודי געהרן בייא איין געשעפט וואש פר דינען לעסט, ליבר פר דערבט ער עס גאַנץ. איך בין אויך היום גלייך נאך מאַרקלאוויץ וואלטי קאַלקרייטר איהרע ביידע בריפע פאָר לעזן, אליין איך טראַף איהם ניכט בביתו, ער זאל ערשט היינטע גקומען, מיטהין קאן איך אָהנע ערשטן דייטליך מיט איהם גשפראכן צו האבן איהנען קיינה קאַטעגאָרישע נאכריכט געבן. אום זאָ וועניגר קאן איך לויט מבוקשו איהנען איין עקספרעסן לנייז מיט חלומות שיקן, זאָ בַלד וויא ער קומט ווירדע מיט איהם דייטליך שפרעכן, אונד דאַן ווען עש נור זיין ערנסט זיין ווערדע קומע איך זעלבשטן נאך בריג בייא זיא גפאהרן, אונד וויר געהן דאַן אויף נייז, אונד בווערקן דַש איבריגע, אונד זיא פאהרן לאח"כ 1) מיט מיר למאַרקלאוויץ.

זיא פרלאנגן צווייא היפאטעקן שיינע, פריינד. זעהר נידרטרעכטיג וואהר דער יעניגע וועלכר דסען [?] שורה פרקליינערט האט אָהנע גרונד, דען איינין היפאָטעקן שיין האבן זיא יא אָהנעהין, אונד מיסן וואהל זיך גאַנץ זא וויא איין יעדר אנדרער איבר צייגן דַש דיזע 5000 rt 2) אויף זעהר זיכרן פלאַץ שטעהן. וואס דען צווייטן היפאטעקן שיין פון אָבער מאַרקלאוויץ בטריפט ווערדי איך (וואַן איך אַנדרשט לשם געהע) איהנען וואָ מעגליך זוכען איינן מיט צו ברינגן, צו איהרער איברצייגונג, קיינעס וועגס שיינט מיר אבר ווערדט ער זיך דאַצו רעזאלפיהרן 3) דיזע ה' אלפים ר"ט 2) אויף ביידע גיטטער אינטאַבוליהרן 4) צו לאסן, דען דַש וועהרי דאַך ווירקליך שיקאַנע, אונד הערבזעטצונג פיר דיזען עהרליכן מאַננע. וואס פרדינשט בטריפט גלויבע איך ווערדט מאַן פון איהם ד' מאות ר"ט בקומן, ווען מאַן דיא פראלאנגאציאהן אויף ג' שנים פרשאפט, אין דעסן בשטימט קאן איך גאהר ניכטס זאגן, ביז איך זיין ענטשלוס הערע.

נור זאפיל קאן איך איהנען בנאמנות פרזיכרן דַש ער איין עהרליכר מאן איזט, אונד דַש פּאַשט זיכרר וועניג געלדר היפאטעקאריש שטעהן וויא דיזע ה' אלפים ר"ט, צום פרדינשט איזט היר ווייטר קיינר מעהר אויסר איך אונד זיא, אונד וויר ווערדן וואהל פערטיג ווערדן, ווען איך נור פון איהם איין מאהל בשטימטע אנטווארט האבן ווערדי. לעבן זיא וואהל איהר ערגעבנשטר פריינד אונד דינר פייטל ברון.

Freund! Nidertrechtig ist der Mensch, welcher von diesen gutten Herren übel sprechen kan! Ich glaube wohl dass wenig Hypotequaria sicherer wie diese rt. 5000 stehen. Von seinem alten Guth wil ich Ihnen wen es die zeit zu lässt einen Hypotequen schein mit bringen; glaube aber nicht dass dieser Herr sich dazu entsch(liessen) werdet diese Rest(?) auf beide Güther Intabuliren z(u lasse)n, und es ist keinen Herrn der Ehre hat, und solvendo 5) ist, zu verargen, wen er eine zu muthung verweigert, die durch schicanische Verläumdung herrührt. So bald er komt und ich mit Ihm gesprochen habe, kome ich selbsten nach Brieg und sodan gehen wir nach Niesse — nemlich es sein Wille seyn werdet*).

אין דיזן אויגן בליק קומט אדון קאלקרייטר בייא מיך, איך געהע מיט איהם נאך הויזע, אונד מעלדי דַש איך בשטימט אונד זיכר מיט וואך אי"ה בייא איהנען אין נייז בין, מיטהין ביטע ערוואַרטן זיא מיך שמה, דאַמיט ניכט אום זונשט זא איינה ווייטע טוהר אויך קאסטן מאכע.

אויף דער אנדערער זייט:

Herrn David Schweitzer aus Brieg,
Logirt bey Hrn Sigmund
in goldenen — Stern in Neisse
Cittissime (6

1) לאחר כך. 2) Reichstaler, רייכס-טאַלער. 3) אנסשליסן. 4) איינשרייבן. 5) צאָלונגספעאיק. 6) עקספרעס.

*) געדרוקט לויט דער אָרטאָגראַפיע פון אָריגינאַל.

## א שטר־מחירה, וואָס באַשטעטיקט, אַז פייטל ברון האָט געקויפט אַ שטאָט אין לאָסלויער שול.

וויר ענדס אונטר שריבנע בקענין אונד פרשפרעכין היר מיט, דעם נאך אונס ר' פייטל ברון לבה"כ 1) דפה פר איינה שטאט, ארבעי' ושבעה ר"ט זאַגע 47 rt. אין די ארט בצאלט האט, דהיינו לה' ר"ט זאגע 35 rt. באַהר בצאלט, אונד אויף צוועלף רייכסטאלר איין צעטיל גגעבן, וועלכען ער סייועת הלואה מן שנ' מאות ר"ט מיט בייא צו טראגן שולדיג אונד פרבונדן איזט, וועז אלזא ר' פייטל הנ"ל זיך פון היר דאטא ג' חדשי' לטורה אוועק ציהעט, אונד זיינה פאָסעסיאן לרחוק פרענדרט אזויא זיינן מיר שולדיג אונד פר בונדן בלי שו' טענה ומענה ופ"פ 2) לר' פייטל סך הנ"ל 35 rt. באהר אונד דען צעטיל גראַטיס צוריק צי צאלין, אונד דיא שטאט בבה"כ בלייבט אונזר. בע"ה לאסלויא, יו' ה"ר יו' א' תקס"ל 3) [20טן אקטאבער 1799].

הק' 4) שבתי ברניש, הק' דוד בר"פ חזן,
הק' אהרן אשר בר"א שי'.
אויף ג' או ד' שבועות קאמט עס ניכט אן.
אויף דער צווייטער זייט: שטאטע אין שול.

1) לבית הכנסת. 2) ופתחון פה. 3) יום הושענא רבה יום א תקס' לפרט. 4) הקטן.

פון דער רעדאַקציע:

דער אַרטיקל פון פּראָפ. ד"ר גוסטאַוו מאַיער „צום שלשלת־היחוס פון פערדינאַנד לאַסאַל" אין מיט אונזער דערלויבעניש אָפּגעדרוקט אין הילפערדינגס סאָציאַליסטישן זשורנאַל „Die Gesellschaft" (נומ. 5, 1928, ז. 469—472), מיט פאָלגנדיקער באַמערקונג פונעם מחבר: „די בריוו, וואָס מיר באַנוצן דאָ, וועלן אין אָריגינאַל דערשיינען אינעם ערשטן באַנד „היסטאָרישע שריפטן פונעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט".

# די שמד־באַוועגונג אין פּרייסן אין דער ערשטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט

(לויט אַרכיוו־מאַטעריאַלן)

פון א. מענעס (בערלין)

I

מיר האָבן נישט בדעה צו באַהאַנדלען אין דעם אַרטיקל די שמד־באַוועגונג אין פּרייסן אין איר גאַנצער ברייט. מיר באַשעפטיקן זיך דאָ הויפּטזאַכלעך מיט די אַרכיוו־דאָקומענטן, וועלכע דאָס פּרייסישע מיניסטעריום האָט צונויפגעשטעלט פאַרן דעמאָלטיקן סטאַטיסטישן ביוראָ און וועלכע זענען ביז איצט נאָך פון קיינעם נישט אויסגענוצט געוואָרן. דידאָזיקע מאַטעריאַלן, וואָס ברענגען פאַר אַ גאַנצע ריי יאָרן אויספירלעכע ידיעות וועגן יעדן איינצלנעם משומד, זענען אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס מסוגל צו געבן אונז אַ לעבעדיקע און אמתדיקע פאָרשטעלונג וועגן דער שמד־באַוועגונג אַלס אַ מאַסן־דערשיינונג, וועגן אירע סיבות און כאַראַקטער, ווי מיר האָבן דאָס געקענט ביז איצט האָבן אויפן סמך פון ליטעראַטור־ידיעות, וועלכע האָבן באַרירט, אמת, אַ זייער וויכטיקע, אָבער פאַרהעלטניסמעסיק אַ גאַנץ קליינע גרופּע משומדים.

אין פאַרלויף כמעט פון דעם גאַנצן 18טן יאָרהונדערט קען פון אַ שמד־באַוועגונג צווישן יידן אייגנטלעך נאָך גאָר קיין רייד נישט זיין. עס קומען נאַטירלעך פאָר איינצלנע פאַלן פון שמד, אָבער סיי דער יידישער, סיי דער נישט־יידישער וועלט איז לחלוטין פרעמד דער געפיל, אַז דער קיום פון יידישן פאָלק שטייט צוליב דעם אין סכנה. דאָס זענען געווען זעלטענע אויסנאַמען, וואָס האָבן אינעם מאַסן־לעבן פון יידישן קיבוץ קיין שום אָרט נישט פאַרנומען. אַנדערש האָט דאָס שוין אויסגעזען צום סוף פון דעם יאָרהונדערט, ווען דער איבערגאַנג פונעם אַלטן געטאָ־לעבן און פון דער יידישער שפּראַך צו דער קולטור און שפּראַך פונעם הערשנדיקן פאָלק האָט אויפגעדעקט דעם תהום, וואָס איז פאַר דער צייט געשאַפן געוואָרן צווישן דעם נאָך אינגאַנצן מיטלעלטערלעכן יידישן געטאָ־לעבן און דער ניי־אויפגעקומענער אייראָפּעישער און באַזונדערס דייטשישער קולטור. די שמד־באַוועגונג האָט אָנגעהויבן ווערן אַן אָפּטע דערשיינונג און האָט אין די ערשטע יאָרצענדליקער פון פאָריקן יאָרהונדערט צייטנווייז אָנגענומען ממש אַן עפּידעמישן כאַראַקטער אין געוויסע קרייזן.

ווי גרויס עס איז געווען די צאָל משומדים אין פּרייסן סוף 18טן און אין די ערשטע יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט איז געבוי נישט באַקאַנט. דער היסטאָריקער גרעץ שרייבט, אַז אין משך פון 30 יאָר — דאָס מיינט לערך ביז 1820 — איז „די העלפט פון דער בערלינער יידישער געמיינדע אַריבער צום קריסטנטום“[1]. זיין באַהויפּטונג שטיצט זיך אויף אַ שטעלע אינעם בריוו פון דער באַקאַנטער רחל לעווין צו איר ברודער (פון יאָר 1819). אין אַן אַנדער אָרט שרייבט גרעץ ווידער, אַז ביזן 1823 האָבן זיך אין בערלין געשמדט 1236 יידן — „די העלפט פון דער געמיינדע“[2]. פון וואַנען האָט גרעץ גענומען דידאָזיקע צאָל איז ביי אים נישט אָנגעוויזן, אָבער די שפּעטער פאַרעפנטלעכטע סטאַטיסטיק פון שמד געפינט זיך אין אַן אָפענער סתירה צו דער באַהויפּטונג. אַז דידאָזיקע מיינונג פון גרעצן איז אַ גוזמא — איז געווען באַקאַנט נאָך פריער, אָבער איצט, פון די מאַטעריאַלן, וואָס מיר פאַרעפנטלעכן דאָ, ווערט דאָס באַזונדערס קלאָר. די צאָל משומדים אין בערלין, ווי מיר וועלן דאָס זען שפּעטער, איז געווען אַ סך קלענער אַפילו פון דעם נאַטירלעכן צוּוואַקס פון דער בערלינער יידישער באַפעלקערונג. און נאָך מער איז עס חל אויף די איבעריקע פּונקטן פון פּרייסן.

דערדאָזיקער טעות פון גרעצן איז אָבער נישט קיין צופעליקער. אַזאַ פאָרשטעלונג האָט אין יענע צייטן געהערשט סיי אין דער יידישער, סיי אין דער נישט־יידישער וועלט. אין יאָר 1811 האָט דוד פרידלענדער צוגעשטעלט דעם קאַנצלער האַרדענבערג אַ רשימה פון 32 יידישע פאַמיליעס און 18 אומפאַרהייראַטע בחורים, וואָס האָבן זיך אין בערלין געטויפט פאַר די לעצטע 5—8 יאָר. די גאַנצע צאָל יידישע איינוואוי.

---

1) גרעץ, געשיכטע, ב. 11 (דייטש) ז. 171.
2) דארטן, ז. 444.

נער אין בערלין האָט אין יאָר 1806 דערגרייכט ביז 405 פאַמיליעס; דאָס הייסט, אַז די געשמדטע האָבן געבילדעט וויניקער פון אַ צענטחלק. פונדעסטוועגן האָט געהערשט אַזאַ געפיל, אַז אַלע אַרום שמדן זיך און אַז דאָס יידנטום אין דייטשלאַנד גייט אונטער. די שמד-באַוועגונג האָט אין דער ערשטער ריי אַרומגעכאַפּט די קרייזן פון דער אינטעליגענץ און גרויס-בורזשואַזיע — און נאָר זיי האָט מען אין די גרויסע שטעט געזען פאַר די אויגן. אין דערזעלביקער צייט האָט זיך אין פּויזן, שלעזיע, מערב-פּרייסן, ריינלאַנד און אַנדערע פּראָווינצן געלעבט זייער לעבן אַ גרויסער יידישער קיבוץ, און די צאָל יידן אין פּרייסן איז פון יאָר צו יאָר געוואַקסן. באַזונדערס אין בערלין: אין 1806, ווי מיר האָבן געזען — זענען דאָ געווען 405 פאַמיליעס, אין 1840 — 6458 יידן [3], אין 1847 — 8275 יידן (זע ווייטער). אַ געשמדטער בערלינער אָדער קעניגסבערגער באַנקיר, שריפטשטעלער אָדער געלערנטער האָט געמאַכט אַ גרעסערן רושם, ווי די געוויינטלעכע בשר-ודמס אין דער פּראָווינץ.

פּסיכאָלאָגיש איז דער איינדרוק געווען באַרעכטיקט. מיר ווייסן וואָסערע וויכטיקע אינטעלעקטועלע כוחות דער שמד האָט צוגענומען ביי יידן אין יענע יאָרן. משה מענדעלסאָנס טעכטער האָבן זיך אַלע אויסגעשמדט; די זין זענען נאָך געבליבן ביים יידנטום, אָבער זייערע קינדער זענען שוין אַריבער צום קריסטנטום. פאַרלאָזט דעם יידנטום האָט אויך דער זון פון דוד פרידלענדערן — דעם באַקאַנטן רעפּרעזענטאַנט פון דער בערלינער געמיינדע און דעם איניציאַטאָר פון דער רעפאָרם-באַוועגונג. מיטן יידנטום האָבן איבערגעריסן אַזעלכע פּערזענלעכקייטן, ווי די גייסטרייכע רחל לעווין (1814), הענריעטע הערץ (1817), דאָראָטעאַ מענדעלסאָן — די פירערינס פון די בערלינער „סאַלאָנען"; שפּעטער—בערנע (1818), היינע (1825), עדוואַרד גאַנז פרידריך יוליוס שטאַל — דער שפּעטערדיקער טעאָרעטיקער און פירער פונעם קאָנסערוואַטיזם אין פּרייסן. דער קליינער קאַרל מאַרקס איז אָפּגעשמדט געוואָרן אַלס זעקסיאָריק קינד צוזאַמען מיט דער משפחה (1824). און נאָך הונדערטער און הונדערטער אַנדערע, וועלכע האָבן נישט געהאַט אַלס יידן וואו צו פאַרווענדן זייערע גייסטיקע קרעפטן.

די שמד-באַוועגונג האָט זיך באַדייטנד פאַרשטאַרקט גראָד נאָכן געזעץ פון 11טן מערץ 1812, וועלכער האָט געגעבן אַ טייל פּרייסישע יידן בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג: די רעכט זענען אָבער כמעט ווי געבליבן נאָר אויפן פּאַפּיר. די פּאָליטישע רעאַקציע אין אייראָפּע בכלל און אין פּרייסן בפרט, נאָכן יאָר 1815, האָט אָפּגענומען די רעכט ביי אַ טייל פּרייסישע יידן און האָט

3) Allgemeine Preussische Staatszeitung, 24 Mai 1842.

פאַר דער יידישער אינטעליגענץ פאַרשלאָסן די טירן פון מלוכה-שטעלעס, פון פּראָפעסור און אַדוואָקאַטור, צו ווערן אָפיצירן, האָט געצוואונגען די יידן צו פאַרנעמען זיך נאָר מיט שאַכער. די רעאַקציאָנערע רעגירונג פון פרידריך ווילהעלם III האָט אָפן געטריבן צום שמד; זי פלעגט אָפט שטעלן אַלס תנאי ביים צולאָזן צו פּראָפעסור, מלוכה-שטעלעס וכדומה, אַז מ'זאָל אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן. זי האָט פּראָטעזשירט און קולטיווירט די מיסיאָנערישע געזעלשאַפטן, וועלכע האָבן געפאַנגען יידישע נשמות נאָך פון קינדוייס אָן. זי האָט פון דער צווייטער זייט נישט דערלאָזט די אַנטוויקלונג פון דער רעפאָרם-באַוועגונג צו באַנייען און אָפּפרישן דעם יידנטום. די, וואָס האָבן געהאַט דעם מוט זיך נישט צו שמדן, זענען געווען געצוואונגען צו עמיגרירן פון דייטשלאַנד. די פּרייסישע רעגירונג האָט געגלויבט, אַז די שמד-באַוועגונג קען מיט דער צייט פירן צום פולשטענדיקן אונטערגאַנג פון דעם יידישן קיבוץ אין פּרייסן און דערמיט העלפן ראַדיקאַל צו לייזן די יידישע פראַגע. די דאָקומענטן, וואָס מיר ברענגען ווייטער, באַשטעטיקן קלאָר דידאָזיקע טענדענץ פון דער רעגירונג.

אין די יידישע קרייזן גופא, וואָס זענען געבליבן טריי דעם יידנטום, האָט געהערשט אַן אונטערגאַנגס-שטימונג. דער ייד פון אַ גאַנץ יאָר האָט נישט אַזוי שאַרף געפילט דעם גייסטיקן און סאָציאַלן געטאָ — ער האָט זיך באַגנוגנט מיט די עקאָנאָמישע און בירגערלעכע הנחות, וואָס ער האָט באַקומען. די העכערע קרייזן אָבער, און באַזונדערס די אינטעליגענץ, האָבן געזוכט אַן אויסוועג. צו פירן אַן אָרגאַניזירטן קאַמף פאַר פולע גלייכבאַרעכטיקונג האָבן זיי נאָך נישט געהאַט דעם פאַרשטאַנד—דאָס האָט אָנגעהויבן גבריאל ריסער ערשט צום סוף פון דער תקופה, וואָס מיר באַשרייבן. זיי האָבן דעריבער געפּרוווט צו לייזן די פראַגע אויף אַן אינדיווידועלן אופן — דורך פאַרלאָזן די רייען פון זייער פאָלק. אין די קרייזן האָט געהערשט דער געפיל, אַז די אָנגעהעריקייט צום יידישן פאָלק איז אַ מיאוסער פלעק, וואָס מוז פריער אָדער שפּעטער אָפּגעווישט ווערן. אויב מען האָט נישט דעם מוט זיך אַליין צו שמדן, זאָלן לכל הפחות די קינדער נישט ליידן דערפון, וואָס זייערע עלטערן זענען געבוירן געוואָרן יידן. מיר ווייסן פון דער ליטעראַטור, און באַזונדערס בולט וועלן מיר עס זען פון די ווייטערדיקע דאָקומענטן, ווי שטאַרק ס'איז געווען פאַרשפּרייט דער מנהג אָפּצושמדן די קינדער, אָפטמאָל אַפילו תיכף נאָכן געבוירט, כדי צו פאַרשפּאָרן זיי עס שפּעטער, — ווי איינער אַ פאָטער האָט עס בפירוש דערקלערט אין דער אָפיציעלער מעלדונג וועגן די מאָטיוון פונעם טויף. די עלטערן זענען נאָך געבליבן יידן —די קינדער אָבער האָט מען דערצויגן ווי קריסטן. אין

די דאָקומענטן וועלן מיר זיך אויך אָנשטויסן אויף פאַלן, ווען עלטערע מענער און פרויען, אָפט שוין 70 יאָריקע זקנים, שמדן זיך, ווייל זייער גאַנצע משפחה האָט זיך שוין לאַנג געטויפט און זיי זענען געבליבן פאַראייינזאַמט מיט זייער יידישקייט· עס מוז דערמאָנט ווערן, אַז עס האָבן אויך פאַסירט,—אמת, זייער זעלטן, — פאַלן, ווען די קינדער האָבן אַרויסגעוויזן מער ווידערשטאַנדסקראַפט ווי די עלטערן. אַזוי, למשל, איינער אַ פאַבריקאַנט אין ריינלאַנד, וועלכער האָט אָפגעשמדט אַלע זיינע קינדער און האָט אַפילו אַליין אויך געהאַט בדעה אַריבערצוגיין צום קריסטנטום, האָט זיך געמוזט דערפון אָפזאָגן, מחמת ער האָט בשום אופן נישט געקענט פועלן ביי איינער פון זיינע טעכטער, זי זאָל זיך אויך שמדן.

די מאַטעריאַלן, וואָס מיר פאַרעפנטלעכן דאָ, באַווייזן, אַז די שמד-באַוועגונג איז געווען פאַרשפרייט נישט נאָר צווישן די העכערע קרייזן און דער אינטעליגענץ, נאָר אויך צווישן די פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ע ע ל ע מ ע נ ט ן, וועלכע שטעלן צו אין געוויסע געגנטן זייער אַ באַדייטנדיקן קאָנטיגענט משומדים: דינסטמיידלעך (באַזונדערס אַזעלכע, וואָס דינען אין קריסטלעכע פאַמיליעס), בעלי-מלאכות — הויפּטזאַכלעך לערניינגלעך און געזעלן, יתומים און פאַרוואָרלאָזטע קינדער. דערדאָזיקער פאַקט איז אַ נייער און אומבאַקאַנטער. איין דאָקומענט, למשל, גיט אַ בילד פון צוויי רוסיש-פוילישע ייִנגלעך, יתומים פון 14 און 15 יאָר, וואָס האָבן אַפילו נישט געדענקט וואו זיי זענען געבוירן געוואָרן; אין אַ פרייסישן דאָרף, נישט ווייט פון גרענעץ, האָבן זיי געאַרבעט ביי פויערים און דאָ האָבן מיסיאָנערן רחמנות געקראָגן אויף זייערע נשמות און זיי אָפגעשמדט. גרויס איז אויך לפי ערך די צאָל משומדים צווישן די קרעטשמערס און שענקערס אין שלעזיע—דער עיקר צווישן זייערע טעכטער, אויף וועלכע די נישט-יידישע סביבה האָט באַזונדערס שטאַרק געווירקט. דאָ האָט זיך אָפגערעכנט די פאַרוואָרלאָזטקייט, וואָס האָט ביי יידן שטענדיק געהערשט בנוגע דער דערציאונג פון מיידלעך.

די פרייסישע רעגירונג האָט אין יענע יאָרן געהאַט אַ באַזונדערן אינטערעס פאַר דער יידן-פראַגע, און אַדאַנק דעם איז אונז פון יענער צייט פאַרבליבן זייער אַ רייכער און ווערטפולער סטאַטיסטישער מאַטעריאַל. די ערשטע פאָלקסציילונג, וואָס איז פאָריקן יאָרהונדערט דורכגעפירט געוואָרן אין פרייסן (1816), האָט אויך אַנטהאַלטן אַ רובריק וועגן יידן און זייערע פרנסות, געטיילט לויט ליבעראַלע פראָפעסיעס, הענדלער, בעלי-מלאכות און מענטשן, וואָס לעבן פון לאַנדווירטשאַפט. אין יאָר 1817 ווענדט זיך דער דעמאָלטיקער דירעקטאָר פון פרייסישן סטאַטיסטישן ביוראָ י. ג. ה אָ פ מ אַ ן מיט פאָלגנדיקער בקשה צום אינערן-מיניסטער:

„בערלין, דעם 3טן יאַנואַר 1817. איך דערלויב מיר דערמיט אויסצודריקן מיין וואונש, אַז דאָס סטאַטיסטישע ביוראָ זאָל יעדן יאָר באַקומען אַ באַריכט וועגן דער צאָל פון אַלע געשמדטע יידן און געשמדטע קינדער פון יידישע עלטערן. איך לייג דעריבער געהאָרכזאַמסט פאָר, אויב אייער עקסעלענץ וועט דערצו מסכים זיין, — צו געבן די פראָווינציאַל-קאָנסיסטאָריעס די אָנווייזונג צוצושיקן דעם מאַטעריאַל פאָרן יאָר 1816; עס וואָלט אָבער געווען זייער וויכטיק צו באַקומען די ציפערן אויך פאַר די פריערדיקע יאָרן, און באַזונדערס זינט עס איז איינגעפירט געוואָרן די נייע געזעצגעבונג פאַר יידן (דאָס געזעץ פון 11 מערץ 1812)”·

די בקשה פון דעם דירעקטאָר האָפמאַן איז ערפילט געוואָרן. אין י. 1817 האָט דאָס סטאַטיסטישע ביוראָ אָנגעהויבן צו באַקומען סיסטעמאַטישע ידיעות וועגן דער צאָל משומדים אין פרייסן. די גרעסטע טייל קאָנסיסטאָריעס האָבן אויך צוגעשיקט די געבעטענע מאַטעריאַלן פון 1812 יאָר אָן, און דערדאָזיקער סדר האָט זיך געצויגן ביז 1846. אין יאָר 1847 האָט דאָס סטאַטיסטישע ביוראָ באַקומען ידיעות שוין נאָר פון אַ טייל פראָווינצן. אָנהויבנדיק פונעם יאָר 1848, דעם יאָר פון דער דייטשישער רעוואָלוציע, זענען קיין ציפערן מער נישט פאַראַן; ווי ס'ווייזט אויס האָבן די קאָנסיסטאָריעס אָפגעשטעלט צו שיקן באַריכטן. צי האָט דאָ געווירקט בלויז די רעוואָלוציע, וועלכע האָט שטאַרק געענדערט די רעכטלעכע לאַגע פון די יידן און האָט אויך געצוואונגען די רעגירונג זיך אַנדערש צו באַציען צו דער יידן-פראַגע, אָדער דאָ האָבן אויך געשפילט אַ ראָלע אַנדערע מאָמענטן—איז איצט שווער צו זאָגן. בכל אופן איז קלאָר, אַז דער 48טער יאָר מאַכט אַ טיפן שניט אין דער געשיכטע פון דער שמד-באַוועגונג אין פרייסן און אין דייטשלאַנד בכלל. דער מאַטעריאַל פונעם סטאַטיסטישן אַמט נעמט אַרום בכן נאָר די יאָרן 1812—1846 און גיט אונז כמעט אַ פולשטענדיק בילד פון דער שמד-באַוועגונג אין פרייסן אין דער ערשטער העלפט פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט.

דאָ איז נאָך נויטיק אָנצווייזן, אַז דער מאַטעריאַל טראָגט, אָפהענגיק פון צייט און אָרט, אַ פאַרשיידנאַרטיקן כאַראַקטער. פאַר אייניקע פראָווינצן, ווי, למשל, פאַר פרייסן, שלעזיע, זאַקסן[4] אא"וו—האָבן מיר שוין גלייך פון ערשטן יאָר אָן ידיעות נישט נאָר וועגן דער צאָל משומדים בכלל, נאָר אויך וועגן יעדן משומד באַזונדער; על-פי-רוב איז אָנגעגעבן דער נאָמען, עלטער, פראָפעסיע, געבורטסאָרט, רעליגיע (קאַטוילישע אָדער עוואַנגעליש) און אָפטמאָל

---

4) דאָ רעדט זיך וועגן דער פּ ר אָ ו י נ ץ זאַקסן, וואָס געפינט זיך אין פרייסן, און נישט וועגן דעם זעלבשטענדיקן לאַנד זאַקסן.

קומען נאָך אויך צו באַזונדערע באַמערקונגען פונעם גייסטלעכן. פאַר בערלין פעלן צום באַדויערן גראָד פאַר די ערשטע 15 יאָר ידיעות וועגן די איינצלנע משומדים. די בערלינער קאָנסיסטאָריע פלעגט בלויז צושיקן די אַלגעמיינע צאָל משומדים מיט דער אָנווייזונג וויפל פון זיי מענער און וויפל פרויען. ערשט פון יאָר 1827 הויבט אויך בערלין אָן צוצושטעלן אויספירלעכע טאַבעלעס. פויזן האָט ביז 1818 איבערהויפט קיין רשימות נישט צוגעשטעלט. אַ גרינדלעכע רעפאָרם אין צושטעלן די באַריכטן איז ערשט דורכגעפירט געוואָרן אין יאָר 1836; פון דעמאָלט אָן שיקן צו אַלע פראָווינצן זייערע מאַטעריאַלן לויט אַן איינהייטלעכן מוסטער. דערביי איז פאַר אונזער צוועק באַזונדערס וויכטיק די נייע רובריק: „אויפפירונג פון משומד און די מאָטייון, וואָס האָבן אים געשטויסן צו בייטן די רעליגיע". און נאָך אַ רובריק: „וואָסערע ידיעה דער פראָזעליט האָט געהאַט אין דער קריסטלעכער רעליגיע און וואו ער האָט זי באַקומען". די דערקלערונגען פון די משומדים וועגן די סיבות, וואָס האָבן זיי געטריבן צו שמד, זענען נאַטירלעך נישט קיין אויטענטישע דאָקומענטן. ערשטנס, פלעגן די דערקלערונגען פאַרשריבן ווערן דורך די גייסטלעכע—און, ווי דאָס לאָזט זיך זייער אָפט מערקן, אפילו נישט גלייך אויפן אָרט. דער גרעסטער טייל ענטפערס חזרט זיך איבער, און ס'איז קאָנטיק, אַז דאָס האָבן די גייסטלעכע גופא איבערגעגעבן אין גאַנץ אַלגעמיינע און סטערעאָטיפּע אויסדרוקן די דערקלערונגען פון די משומדים. זייער אָפט פילט זיך אויך, אַז דער גייסטלעכער האָט דעם פראָזעליט אַריינגעלייגט די ווערטער אין מויל אַריין. צווייטנס, דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז בכלל האָבן די משומדים זעלטן אָנגעגעבן די ריכטיקע מאָטיוון. עס זענען אָבער אויך פאַראַן אויסנאַמען, און נישט זעלטן גיבן די תשובות פון די משומדים אַ באמת אויפריכטיקן ענטפער אויף דער פראַגע: וואָס האָט זיי געפירט צום שמד?

די ציפערן וועגן דער צאָל משומדים אין פרייסן, וואָס זענען אין דער ליטעראַטור ביז איצט געווען באַקאַנט, זענען נישט קאָנטראָלירטע (זע, למשל, דע־לע־רואַ'ס באַקאַנטע אויספאָרשונג „יודענטויפען אים 19 יאַרהונדערט")[5] און האָבן אָפט ווידערשפּראָכן איינע די אַנדערע. די מאַטעריאַלן, וואָס מיר האָבן איצט פון דעם פרייסישן סטאַטיסטישן ביוראָ, גיבן אַ גענויע צאָל לויט די יאָרן און שטעט, לויטן כאַראַקטער און די מאָטיוון און מאַכן אַ סוף צו דעם מיש־מאַש, וואָס האָט געהערשט אין דער פראַגע ביי די פאָרשער.

לויט דידאָזיקע מאַטעריאַלן האָבן זיך אין משך פון די 35 יאָר פון 1812–1846 אין פרייסן געשמדט 3771 יידן.

5) אין מיסיאָג, זשורנאַל „Nathaniel", 1899, נום. 3—4.



דאָס מאַכט אויס דורכשניטלעך 108 אַ יאָר[6]. כדי צו האָבן אַ פאָרשטעלונג, וואָס פאַר אַ באַטייט דידאָזיקע צאָל האָט, ווילן מיר דאָ געבן אייניקע אַלגעמיינע סטאַטיסטישע ציפערן וועגן דער צאָל יידן אין פרייסן און זייער פאַרמערונג אין משך פון דידאָזיקע עטלעכע און דרייסיק יאָר. נאָך דער ערשטער פאָלקסציילונג פון 1816 האָבן אין פרייסן געלעבט 123.823 יידן. אין 1847, ד. ה. מיט 31 יאָר שפּעטער, זענען שוין אין פרייסן געווען 206.106 יידן. פאַר די 31 יאָר האָט זיך בכן די יידישע באַפעלקערונג פאַרגרעסערט אויף 82.283 נפשות, און דער געווינס, וועלכן די יידן האָבן פאַר די 31 יאָר געהאַט דורכן נאַטירלעכן צוואַקס, איז 23 מאָל גרעסער, ווי זייער פאַרלוסט דורך שמד. די שמד־עפּידעמיע האָט בכן נישט נאָר נישט אָנגערירט דעם קערן פון יידישן קיבוץ אין פרייסן, נאָר איז אַפילו ווייט אָפּגעשטאַנען פון זייער נאַטירלעכן צוואַקס[7]. ווען מען פאַרגלייכט די צאָל יידן און נישט־יידן פאַר די ביידע פעריאָדן, שטעלט זיך אַרויס, אַז די יידן האָבן נישט נאָר אַבסאָלוט גאָר נישט פאַרלאָרן, נאָר האָבן נאָך אַפילו רעלאַטיוו, לגבי דער נישט־יידישער באַפעלקערונג, פאַרשטאַרקט זייערע פּאָזיציעס. דער דירעקטאָר פון סטאַטיסטישן ביוראָ האָפמאַן האָט שוין אין יאָר 1822 פעסטגעשטעלט דעמדאָזיקן פאַקט. אין זיין באַריכט צום אינערן־מיניסטער פון 30טן אויגוסט 1822 שרייבט ער בזה הלשון: „נאָך ביז איצט איז דער עודף פון די געבוירטן איבער די טויט־פאַלן ביי יידן נישט דער ערך גרעסער, ווי זייער פאַרלוסט דורכן איבערטריט צו דער קריסטלעכער רעליגיע, ווי מ'קען עס בולט זען פון דער בייגעלייגטער טאַבעלע. עס בלייבט דעריבער אויך אויף ווייטער אַ שווערע און וויכטיקע אויפגאַבע — צו זען פאַרקלענערן מיט יושר דעם שאָדן, וואָס די פאַרמערונג פונעם יידישן פאָלק, לפּחות ביי זיין איצטיקן צושטאַנד, מוז מיט זיך ברענגען".

6) אין יאָר 1843 איז אין בערלין אַרויס אַ בוך: J. G. Hoffman, Sammlung kleiner Schriften Staats-wissenschaftlichen Inhalts.—דער מחבר איז דער אויבנדערמאַנטער האָפמאַן — דירעקטאָר פונעם פרייסישן סטאַטיסטישן ביוראָ. אין דעם בוך ווערט אָנגעוויזן, לויט אָפיציעלע קוועלן, אַז אין פרייסן האָבן זיך פאַר די יאָרן 1822—1840 געשמדט 2200 יידן. דער יערלעכער דורכשניט איז אַלזאָ 115. ווי מיר זעען, זענען דידאָזיקע ציפערן זייער נאָענט צו די אויבנגעבראַכטע.
רעד.

7) פרגל' מיט דעם די אָנווייזונג פון ד"ר י. זאַמטער „Judentaufen im 19 Jahrhundert", Berlin. 1906 אַז „אין פאַרהעלטעניש צו דער אַלגעמיינער צאָל יידן האָט זיך געטויפט נאָר אַ קליינער פּראָצענט" (ז. 75).
רעד.

מיר ברענגען דאָ די טאַבעלע פון דירעקטאָר האָפּ־מאַן, וועלכע גיט אונז גלייכצייטיק אַ בילד וועגן דער

**פאַרטיילונג פון דער יידישער באַפעלקערונג** לויט די איינצלנע פּראָווינצן אין די יאָרן 1816–1821.

| פּראָווינץ | צאָל יידן צום סוף יאָר 1816 | צאָל יידן צום סוף יאָר 1821 | אין משך פון די זעקס יאָר זענען צוגע־קומען יידן | פאַר די יאָרן 1816–1821 האָבן זיך געשמדט | דער עודף פון די געבוירענע יידן איבער די גע־שטאָרבענע האָט אין 1821 באַטראָפן |
|---|---|---|---|---|---|
| מזרח-פּרייסן . . . | 2.167 | 2.983 | 816 | 53 | 83 |
| מערב-פּרייסן . . . | 12.629 | 14.071 | 1.442 | 21 | 317 |
| פּויזן . . . . . | 51.959 | 59.723 | 7.774 | 67 | 1.272 |
| בראַנדענבורג (מיט בערלין) . . . | 8.050 | 9.210 | 1.160 | 323 | 128 |
| פּאָמערן . . . . | 2.809 | 3.529 | 720 | 29 | 103 |
| שלעזיע . . . . . | 16.079 | 18.410 | 2.331 | 69 | 423 |
| זאַקסן (פּראָווינץ) . . | 3.089 | 3.461 | 372 | 37 | 72 |
| וועסטפאַלן . . . . . | 9.482 | 10.366 | 884 | 28 | 139 |
| קלעווע-יייליך-בערג (קעלן) | 7.718 | 8.815 | 1.097 | 26 | 94 |
| ריינלאַנד . . . . | 9·841 | 10.984 | 1.143 | 10 | 176 |
| סך-הכל . . | 123.823 | 141.562 | 17.739 | 763 | 2.807 |

צו דערדאָזיקער טאַבעלע מאַכט האָפמאַן פאָלגנדיקע באַמערקונגען: „די יידן האָבן זיך בכן פאַר דידאָזיקע זעקס יאָר, הויפּטזאַכלעך אַדאַנק דעם עודף פון די געבוירענע איבער די טויט־פאַלן (די איינוואַנדערונג האָט בכלל, ווי מען דאַרף משער זיין, קיין גרויסע ראָלע נישט געשפּילט), פאַרמערט אַן ערך אויף 14 1/3 פּראָצ. דאָס מאַכט אויס דורכשניטלעך 2 1/3 פּראָצ. אַ יאָר. די אַלגע־מיינע צאָל איינוואוינער האָט זיך אין פּרייסן פאַר דער זעלביקער צייט פאַרגרעסערט פון 10.349.031 אויף 11.480.815, ד. ה. אויף 10 14/15 פּראָצ. דאָס מאַכט אויס דורכשניט־לעך 1 5/6 פּראָצ. אַ יאָר". ווייטער שרייבט ער: „אין יאָר 1821 זענען אַלזאָ געשטאָרבן מיט אַ העלפט יידן ווייניקער, ווי ס'זענען געבוירן געוואָרן: אויף 26 יידן איז אין משך פון יאָר געבוירן געוואָרן ,איין קינד און אויף 54 איז געווען מער נישט ווי איין די צאָל געבוירטן איז פּראָהעלטניסמעסיק געווען נישט אומגעוויינטלעך גרויס און אין אייניקע געגנטן איז זי ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אַפילו געווען באַדייטנד גרעסער, אָבער די צאָל טויט־פאַלן איז געווען (ביי יידן) אויסערגעוויינטלעך קליין".

ווי מיר האָבן געזען, איז פאַר די 31 יאָר פון 1816 ביז 1847 די יידישע באַפעלקערונג שטאַרק אויס־געוואַקסן. זי האָט זיך פאַרגרעסערט אויף גאַנצע צוויי דריטל, גענויער — אויף 66,4 פּראָצ. פאַרגלייכט מען דער־מיט די צאָל משומדים פאַר די פאַרשיידענע יאָרן, דאַן שטעלט זיך אַרויס, אַז באַזונדערס אין די לעצטע יאָרן איז זי נישט נאָר נישט געוואַקסן, נאָר האָט זיך אַפילו אַבסאָלוט גאַנץ באַדייטנד פאַרקלענערט, ד. ה. אַז רעלאַטיוו איז זי זייער שטאַרק געפאַלן. פאַר די ערשטע צען יאָר פאַרצייכנט די סטאַטיסטיק 763 משומדים, דורכשניטלעך 76,3 אַ יאָר[8]). די נאָענטסטע צען יאָר גיבן שוין אַ באַדייטנדיקן צוואַקס. די צאָל משומדים באַטרעפט אין משך פון 1822–1831 — 1.274, דורכשניטלעך 127,4 אַ יאָר. דאַקעגן גיבן די יאָרן 1832–1841 נאָר 1153 משו־מדים, דורכשניטלעך נישט מער ווי 115,3 אַ יאָר, און די לעצטע פינף יאָר — 579, אָדער 115,8 אַ יאָר, ד. ה. אין דורכשניט אויף 12 שמד־פאַלן ווייניקער, ווי אין די יאָרן 1822–1831. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז דידאָ־זיקע טענדענץ האָט אָנגעהאַלטן אויך אין די ווייטערדיקע יאָרן. בנוגע דער צייט פון 1847 – 1871 האָבן מיר צום באַדויערן ידיעות נאָר פאַר איינצלנע פּראָווינצן, אָבער זיי באַשטעטיקן אַלע דעם באַמערקטן פאַקט, אַז די שמד־

8) מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן, אַז אייניקע פּראָווינצן (פּויזן, וועסטפאַלן, נידער־ריין) האָבן פאַר זי ערשטע פינף יאָר קיין מאַטעריאַלן נישט צוגעשטעלט.

באַוועגונג איז כּסדר געגאַנגען אויף אַראָפּ. פאַר די יאָרן 1872—1879 זענען אין די אַלטע פּראָווינצן פון פּרייסן (אַ חוץ די שפּעטער־צוגעקומענע געביטן, ווי העסען־נאַסאַו, שלעזוויג־האָלשטיין אאַ״וו) אַריבערגעגאַנגען צום עוואַנגעלישן גלויבן 523 יידן, דורכשניטלעך 65 אַ יאָר. אין די יאָרן 1840 — 1846 האָט דאָקעגן דער יערלעכער דורכשניט באַטראָפן 94 פּערזאָן. ערשט אין די אַכציקער יאָרן האָט זיך די שמד־באַוועגונג אין פּרייסן ווידער אָנגעהויבן צו פאַרשטאַרקן און איז ביז צום סוף פון יאָרהונדערט כּסדר געוואַקסן. אָבער אויך דעמאָלט האָט זי רעלאַטיוו, אין פאַרהעלטעניש צו דער יידישער באַפעלקערונג בכלל, וועלכע האָט זיך פאַר דער צייט פאַרגרעסערט אויף 2½ מאָל, נישט דערגרייכט דעם דורכשניט פון די יאָרן 1822—1831.

אינטערעסאַנט איז נאָך צו פאַרגלייכן די צאָל משומדים מיט דער אַלגעמיינער צאָל יידן אין די איינצלנע פּראָווינצן פון פּרייסן. דעם גרעסטן קאָנטינגענט משומדים שטעלט צו די פּראָווינץ בראַנדענבורג מיט דער הויפּטשטאָט בערלין. פון 763 יידן, וואָס זענען אין די יאָרן 1812—1821 אַריבער צום קריסטנטום, זענען 323 — אָדער 42 פּראָצ.—געווען פון דער פּראָווינץ בראַנדענבורג, ד. ה. הויפּטזאַכלעך פון בערלין[9]. דערביי האָבן דעמאָלט אין פּראָווינץ בראַנדענבורג געלעבט קוים 6,5 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער יידישער באַפעלקערונג אין פּרייסן. אַ ענלעכער רעזולטאַט באַקומט זיך פאַר מזרח־פּרייסן מיטן צענטער קעניגסבערג. דאָרט האָבן געלעבט 2,1% פון די יידן אין פּרייסן, משומדים אָבער האָט די פּראָווינץ געגעבן 7 פּראָצ. גרויס איז אויך געווען לפי־ערך די צאָל משומדים אין שלעזיע, וואו עס האָט זיך געפונען די גרויסע יידישע קהילה ברעסלע; דאָ מאַכט אויס די יידישע באַפעלקערונג 14 פּראָצ., און די משומדים — 22,2 פּראָצ. אינאיינעם האָבן די דריי פּראָווינצן, וואו עס האָבן זיך געפונען בלויז 21,6 פּראָצ. פון דער יידישער באַפעלקערונג, געגעבן 61,2 פּראָצ., דאָס הייסט כּמעט צוויי דריטל פון דער אַלגעמיינער צאָל משומדים. פון דער אַנדערער זייט האָבן זיך אין אַזאַ פּראָווינץ ווי פּויזן, וואו עס האָבן געלעבט 42 פּראָצ. פון אַלע יידן אין פּרייסן — ד. ה. כּמעט צוויי מאָל אַזויפיל, ווי אין די פריער־דערמאָנטע דריי פּראָווינצן — געשמדט פאַר די פינף יאָר 1817—1821 נישט מער ווי 67 יידן (פאַר דערזעלביקער צייט האָט בערלין אַליין מיט אַן ערך אַ זעקסטחלק יידן געגעבן 173 משומדים). די דריי גרויסע יידישע קהילות בערלין, ברעסלע און קעניגסבערג האָבן אַלזאָ געבילדעט די אייגנטלעכע צענטרען פון דער שמד־עפּידעמיע. עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען אַז די אַלע בערלינער אָדער קעניגסבערגער משומדים זענען געווען געבוירענע בערלינער אָדער קעניגסבערגער יידן. געוויס האָט די יידישע גרויס־בורזשואַזיע, וואָס האָט געלעבט אויסשליסלעך אין דידאָזיקע שטעט, געגעבן אַ באַדייטנד גרעסערן פּראָצענט משומדים, ווי אַנדערע סאָציאַלע שיכטן. פון דער אַנדערער זייט האָבן אָבער די גרויסע שטעט אויך צוגעצויגן אַ גרויסן שטראָם פון אָנגעפאָרענע עלעמענטן, וואָס זענען געקומען פון אַנדערע פּרייסישע פּראָווינצן און צום טייל אַפילו פון רוסלאַנד און פּוילן און זענען, אַדאַנק זייער אָפּגעריסנקייט פון זייער היים און פאַמיליע, געווען אַמווייניקסטן ווידערשטאַנדספעיק קעגן דער שמד־עפּידעמיע. אַזוי, למשל, זענען צווישן די 43 יידן, וואָס האָבן זיך געשמדט אין בערלין אין יאָר 1836, געווען בלויז 9 געבוירענע בערלינער; פיר פינפטל פון די בערלינער משומדים אַלזאָ זענען געווען פרעמדע. אין ברעסלע און קעניגסבערג איז דער פּראָצענט פון די אָרטיקע אַ גרעסערער, אָבער אויך דאָרטן גיבן די פרעמדע לפי־ערך זייער אַ גרויסן פּראָצענט משומדים.

די פאָלגנדיקע טאַבעלע גיט אונז אַ בילד וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער שמד־באַוועגונג אין די איינצלנע פּראָווינצן אין משך פון די 35 יאָר.

| פּראָווינץ | 1812—1821 | 1822—1831 | 1832—1841 | 1842—1846 |
|---|---|---|---|---|
| מזרח־פּרייסן | 53 | 114 | [10]208 (מזרח־ און מערב־פּרייסן) | 120 (מזרח־ און מערב־פּרייסן) |
| מערב־פּרייסן | 21 | 21 | | |
| פּויזן | 67 | 94 | 59 | 22 |
| בראַנדענבורג | 323 | 441 | 442 | 228 |
| פּאָמערן | 29 | 53 | 50 | 14 |
| שלעזיע | 169 | 290 | 223 | 92 |
| זאַקסן (פּראָווינץ אין פּרייסן) | 37 | 85 | 48 | 38 |
| וועסטפאַלן | 28 | 50 | 32 | 27 |
| קלעווע־יוליך־בערג (קעלן) | 26 | 126 (קלעווע־יוליך־בערג און ריינלאַנד) | 91 (קלעווע־יוליך־בערג און ריינלאַנד) | 40 (קלעווע־יוליך־בערג און ריינלאַנד) |
| ריינלאַנד | 10 | | | |
| גאַנץ פּרייסן | 763 | 1.274 | 1,153 | 581 |

9) פון 750 משומדים פאַר די יאָרן 1830—1836 אין פּרייסן זענען אויף בערלין געפאַלן — 326. פרג״ל זאַמטער, ז. 77, לויט דער „אַלג. צייטונג דעס יודענטומס“, 1894, ז. 218.

10) פאַר די שפּעטערדיקע יאָרן פלעגן די ביידע פּראָווינצן מזרח־ און מערב־פּרייסן צושיקן איין געמיינזאַמען באַריכט; דאָסזעלביקע איז פאָרגעקומען מיט די פּראָווינצן קלעווע־יוליך־בערג און ריינלאַנד.

זייער קליין, מ'קען זאָגן נישטיק, — בכל־אופן אויף וויפל דאָס לאָזט זיך פעסטשטעלן אויפן גרונט פון אונ־זערע דאָקומענטן, — איז געווען די פעולה פון דער מיסיאָנערישער אַרבעט צווישן די יידן אין פּרייסן. נאָר אין איינצלנע פאַלן האָט זיך מיר איינגעגעבן פעסט־צושטעלן אַ געוויסע ווירקונג פון דער מיסיאָנערישער פּראָפּאַגאַנדע, און אויך דאָ איז עס אַ גרויסער ספק — וואָס האָט מער געווירקט: די האָפענונג צו קריגן אונטער־שטיצונג, אָדער די איבערצייגונג אין דער ריכטיקייט פון קריסטלעכן גלויבן. מ'דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז אַ ספּע־ציפישע אויפמערקזאַמקייט האָבן די מיסיאָנערן אַרויסגעוויזן גראָד בנוגע יענע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַ באַזונדערס שווערער סאָציאַלער לאַגע. עלנטע, היימ־לאָזע קינדער, פאַרוואָגלטע בחורימלעך פון פּוילן און רוסלאַנד, צום טייל אַפילו פאַרדעכטיקע פאַרשוינען, ווי דאָס האָבן נישט זעלטן באַמערקט די גייסטלעכע גופא, זענען געווען דער הויפּט־אָביעקט פון דער מיסיאָנערישער טעטיקייט. פון די וויכטיקסטע מיסיאָנערישע אינסטיטוציעס אין יענע צייטן אין פּרייסן דאַרפן דערמאָנט ווערן: 1) די בערלינער „געזעלשאַפט צו בעפעררערונג דעס כריסטענטומס אונטער דען יודען", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1822 דורכן באַקאַנטן ענגלישן מיסיאָנער לואיס וועי, מיט דער אונטערשטיצונג פונעם פּרייסישן קעניג פרידריך־ווילהעלם III, וועלכער האָט פון זיינע איי־גענע מיטלען באַוויליקט אַ יערלעכן אָפּצאָל פון 300 טאָלער; יעדן געטויפטן יידן האָט די רעגירונג צוגעזאָגט צו 10 דוקאַטן בכדי צו ערמוטיקן צו שמד. צו די גרינ־דער פון דער געזעלשאַפט האָבן אויך געהערט פאַרשיידע־נע הויכגעשטעלטע באַאַמטע, אַדעליקע און גייסטלעכע. דער פּרייסישער קעניג האָט אייניקע מאָל, ווי מיר וועלן דאָס שפּעטער זען פון די דאָקומענטן, געשפּילט די ראָ־לע פון אַ טויף־פאָטער [11]. 2) די „לאַנדאָנער מיסיאָנערי־שע געזעלשאַפט", וועלכע האָט געפירט איר אַרבעט אויך אין דייטשלאַנד דורך דייטשישע מיסיאָנערן און דייטשישע מיסיאָנערישע חברות. 3) דער „אינטערנאַט אין דיסעלטאַל (ריינלאַנד) פאַר יידן, וואָס ווילן זיך באַקענען מיט דער קריסטלעכער לערע". אין יאָר 1830 האָבן זיך דאָרטן גע־פונען ביז 50 יידן. שפּעטער, ווען ס'האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז מ'פלעגט אַהין קומען נישט אַזוי אויס אהבה צום קריסטנטום, ווי צוליב די אומזיסטע קעסט, האָט מען דעם אינטערנאַט פאַר דערוואַקסענע אָפּגעשאַפט און גאָר פאַר קינדער האָט מען איבערגעלאָזט דאָס גליק צו ווערן פאַרזאָרגט מיט קערפּערלעכער און גייסטיקער שפּייז. אַ חוץ דעם האָבן עקזיסטירט נאָך אַ ריי קלענע־רע פאַריינען און געזעלשאַפטן אין ברעסלע, פּויזן, ריינ־לאַנד און אַנדערע ערטער. בכלל אָבער איז דער ערפאָלג פון די מיסיאָנערן, ווי איך האָב שוין אויבן געזאָגט, געווען זייער אַ קליינער. די איינציקע פּראָווינץ, וואו זיי האָבן באמת געהאַט אַ געוויסן מזל, איז געווען פּויזן, וואו זיי האָט זיך איינגעגעבן צו עפענען אייניקע שולן פאַר יידי־שע קינדער. אין 1830 האָט די פּויזנער מיסיאָנערישע געזעלשאַפט אויסגעהאַלטן פינף שולן, שפּעטער זענען די שולן אַריבערגעגאַנגען צו דער לאָנדאָנער געזעלשאַפט.

בכלל האָט די דערציאונג אין די קריסטלעכע שולן, וואו די יידישע קינדער פלעגן גאַנץ אָפט אויך באַזוכן דעם קריסטלעכן „רעליגיאָנס־אונטעררכט", זייער אין אַ גרויסער מאָס צוגעגרייט די יידישע יוגנט צום שמד. די עלטערן פלעגן אָפּטמאָל אַפילו מיט אַ כיון שיקן זייערע קינדער אין די שולן בכדי צו געבן זיי אַ קריסטלעכע דערציונג. ווי גרויס עס איז געווען די צאָל יידישע קינדער, וואָס האָבן אין אָנהויב פון פאָריקן יאָרהונדערט באַזוכט קריסטלעכע שולן, איז שווער צו זאָגן. בכל־אופן אין אַזעלכע שטעט, ווי בערלין, קעניגסבערג, ברעסלע און אַפילו אין דער פּראָווינץ איז זייער צאָל שוין אין יענער צייט געווען זיכער זייער גרויס; אין די פּראָווינץ־שטעט, וואו עס פלעגן אָפּט וואוינען העכסטנס צו עטלעכע צענדליק יידישע פאַמיליעס, זענען יידישע שולן געווען אַ גרויסע זעלטנהייט [12]. די איינציקע געגנט, וואָס האָט נאָך אין יענער צייט געהאַט אַ פאַרצווייגטע נעץ פון יידישע שולן, אָדער ריכטיקער — חדרים, איז געווען די פריערדיקע פּוילישע פּראָווינץ פּויזן. דאָרט, וואו די יידן זענען גע־ווען קאָנצענטרירט אין גרעסערע מאַסן — און אין פּויזן זענען אַפילו געווען שטעט און שטעטלעך, אין וועלכע יידן האָבן געבילדעט די מערהייט פון דער באַפעלקע־רונג, — און דאָרט, וואו יידן האָבן נאָך גערעדט יידיש, איז די לאַגע בכלל געווען אַן אַנדערע. אַ גענויען סטאַ־טיסטישן מאַטעריאַל איבער דעם יידישן שולוועזן אין פּרייסן האָבן מיר ערשט פאַרן סוף פון די פער־ציקער יאָרן [13]. ער קען דעריבער, נאַטירלעך, נישט זיין מאַסגעבנד פאַר דער פריערדיקער צייט. נישט געקוקט דערויף האַלטן מיר דאָך פאַר נוצלעך צו ברענגען דאָ די ציפערן פאַרן יאָר 1847, ווייל זיי גיבן אונדז זייער אַ

11) בעת דער רוסישער ייד ס. מאירסאָן פון באַרדיטשעוו האָט זיך געשמדט אין בערלין אין יאָר 1823 זענען די זין און די טעכטער פונעם פּרייסישן קעניג געווען די „אונטערפירער". זע: ד״ר נ. זאַמטער, דצ״ה, ז. 68. ווי באַקאַנט, איז מאירסאָן שפּעטער גע־וואָרן אַ מיסיאָנער און האָט געאַרבעט אין רוסלאַנד. רעד.

12) עס זענען אויך געווען געמישטע שולן מיט יידישע און קריסטלעכע תלמידים, ווי, למשל, די בערלינער „פרייששולע", געגרינדעט פון די יידישע רעפאָרמאַטאָרן בראש מיט בענדאַוויד, און די אינטערנאַט־שול אין זעעזען (ברוינשווייג), וועלכע יאַקאָבסאָן האָט געגרינדעט, ביידע—אין אָנהויב 19טן י. ה. ביי דער זעעזענער שול האָט יאַקאָבסאָן איינגעאָרדנט די ערשטע רעפאָרמירטע סינאַגאָגע אין דייטשלאַנד, מיט אַן אָרגל און מיט תפילות אין דייטש, לויטן פּראָטעסטאַנטישן ריטואַל. רעד.

13) די סטאַטיסטישע טאַבעלן פון די יידישע שולן זענען איינ־געבונדן אין פינפטן באַנד פון די מאַטעריאַלן וועגן שמד. ס'זענען פאַראַן דריי טאַבעלן פאַר די יאָרן 1847, 1849 און 1850.

בולט בילד יועגן דעם צושטאַנד פון דער יידישער דערציונג אין פּרייסן אין מיטן פאָריקן יאָרהונדערט.

לויט די ציפערן האָבן אין גאַנץ פּרייסן דעמאָלט געוואוינט 206.106 יידן; מער יידן ווי אומעטום האָט פאַרמאָגט די פּראָווינץ פּויזן (אין צוויי שטעט: פּויזן און בּראָמבּערג) — 76.946; אין שלעזיע (בּרעסלע, ליגניץ און אָפּעלן) — 29.836; אין מערב־פּרייסן (דאנציג און מאַריענווערדער) — 21.725; אין די איבעריקע פּראָווינצן— דער רעשט. יידישע קינדער, וואָס האָבן באַזוכט קריסטלעכע שולן, איז אין גאַנץ פּרייסן געווען 16.476; אַזעלכע, וואָס האָבן באַזוכט יידישע שולן, — 18.460. אויפן ערשטן אָרט בנוגע דעם באַזוך פון יידישע שולן שטייט פּויזן, וואו די צאָל דערגרייכט כמעט 10.100, בעת אין די קריסטלעכע שולן איז דאָ געווען נאָר 3280 יידישע קינדער. פאַרקערט, אין שלעזיע, וועלכע האָט אויך געהאַט אַ גרויסע יידישע באַפעלקערונג, איז אין יידישע שולן געווען בסך־הכל 1788, בעת אין די קריסטלעכע צוויי מאָל אַזוי פיל יידישע קינדער. דאָסזעלביקע בילד — די קלענערע צאָל אין די יידישע שולן — חזרט זיך איבער אין דער אָדער יענער פאָרם כמעט אין אַלע אַנדערע פּראָווינצן און שטעט — אויסער פּויזן, ווי מיר האָבן אָנגעוויזן, און אויך וועסטפאַלן, וואו די צאָל יידישע קינדער אין די יידישע שולן איז כמעט מיט אַ דריטל מער ווי אין די קריסטלעכע. וואָס איז נוגע בּערלין האָבן אין יאָר 1847 דאָרט געוואוינט — 8275 יידן, די קריסטלעכע שולן האָבן דאָ באַזוכט — 783 יידישע קינדער, די יידישע שולן — 383.

די יידישע קינדער האָבן אָפטמאָל באַזוכט גלייכצייטיק יידישע און קריסטלעכע שולן. דערמיט דערקלערט זיך, וואָס אין מזרח־פּרייסן, למשל, זענען אין די שולן געווען רעגיסטרירט מער תּלמידים, וויפל עס זענען בכלל געווען קינדער אין שול-עלטער. אין דער ווירקלעכקייט האָט אַ גרויסער טייל פון די יידישע קינדער, דערהויפּט מיידלעך, בכלל קיין שום שול נישט באַזוכט.

II.

זייער אויספירלעכע און וויכטיקע ידיעות גיבן אונז די אַרכיוו-מאַטעריאַלן וועגן דער סאָציאַלער לאַגע, פאַמיליע-פאַרהעלטענישן און בילדונגס-צושטאַנד פון די משומדים. דער מאַטעריאַל איז, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, פאַרשיידנאַרטיק לויט צייט און אָרט. אַ חוץ דעם האָט זיך בכלל דער כאַראַקטער פון די משומדים פאַר די 35 יאָר גאַנץ שטאַרק געענדערט. מיר וועלן דאָ דעריבער די פראַגע מוזן באַהאַנדלען אַ ביסל אויספירלעכער און געבן אַ בילד פון דער שמד-באַוועגונג פאַר די איינצלנע פּעריאָדן און איינצלנע פּראָווינצן. צו דעם צוועק גיבן מיר דאָ אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון די משומדים פאַר די יאָרן 1812 — 1816, ווי אויך פאַרן יאָר 1836 און אין אַ ריי פּונקטן אויך פאַר די יאָרן 1837 און שפּעטער. דערביי וועלן מיר זיך אָפּשטעלן הויפּטזאַכלעך אויף די 5 וויכטיקסטע פּראָווינצן: בּראַנדענבּורג, שלעזיע, פּויזן, פּרייסן און ריינלאַנד. אין איינציקע, באַזונדערס כאַראַקטעריסטישע פאַלן וועלן מיר אויך איבערגעבן דעם ווערטלעכן אינהאַלט פון די דאָקומענטן.

### דער ערשטער פּעריאָד (1812—1816)

מזרח-פּרייסן: פאַר די פינף יאָר 1812 — 1816 זענען 28 יידן אַריבער צום עוואַנגעלישן, 2 צום קאַטוילישן גלויבן, צוזאַמען אַלזאָ—30; דערפון זענען געווען 5 נייגעבוירענע קינדער אין עלטער ביז 3 חדשים, 13 דערוואַקסענע מענער, 10 פרויען און 2 יינגלעך פאַר 14 יאָר. די פרויען זענען אַלע געווען נאָך נישט חתונה געהאַטע, אין עלטער פון 20—26 יאָר (ביי צוויי זענען די יאָרן נישט אָנגעגעבן). פון די מענער זענען געווען: 4 הענדלער, 2 האַנדלס־אָנגעשטעלטע, 1 שניידער, 1 בּראָנפנבּרענער, 1 אַפּטייקער; ביי די איבעריקע 4 איז די פּראָפעסיע נישט אָנגעגעבן. פון די צוויי יינגלעך איז איינער געווען אַ זון פון אַ סוחר, דער צווייטער קאָנטיק זייער אַן אָרים קינד, לויט די דאָקומענטן — אַ דינער (אין אַריס).

אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל בילדן דאָ די אָפּגעשמדטע קליינע קינדער. דער סוחר און גרויסבאַזיצער מענדל־וואָלף אָפּענהיים האָט אין די יאָרן 1812—1816 אָפּגעשמדט זיינע דריי קינדער. דער סוחר שמעון בנימין אין מעמעל האָט אין דערזעלביקער צייט געשמדט צוויי קינדער: אַלע קינדער זענען אָפּגעשמדט געוואָרן תּיכף נאָכן געבורט אין עלטער פון 1—3 חדשים. עס איז כדאי נאָכצופאָרשן די שפּורן פון די ביידע פאַמיליעס אין די ווייטערדיקע דאָקומענטן. אין 1817 טרעפן מיר ווידער אַ געשמדט קינד, 3 חדשים אַלט, פון דעם „אַדעליקן גוט-באַזיצער" מענדל-וואָלף אָפּענהיים—אַ פערטן פונעם 1812 יאָר אָן. אַ פינפטן קינד— אויך פון 3 חדשים—טרעפן מיר ביי אים אין יאָר 1819, און ענדלעך — אַ זעקסטן, אין דעמזעלביקן עלטער, אין 1822. ערשט אין 1826, אַלזאָ אין 14 יאָר אַרום נאָכדעם, ווי זיי האָבן געפירט זייער ערשט קינד צו דער טבילה, האָבן זיך אויך די עלטערן געשמדט. דער פאָטער מענדל־וואָלף אָפּענהיים איז דעמאָלט אַלט געווען 54 יאָר, די מוטער—33 יאָר. די פאַמיליע בנימין טרעפן מיר נאָכאַמאָל אין יאָר 1819; דאָ איז אַ קינד פון איין חודש באַפרייט געוואָרן פון אַ דרייטויזנטיאָריקער ירושה. אין יאָר 1831 זענען אויך די עלטערן, — דער סוחר שמעון בנימין, 61 יאָר אַלט, און זיין פרוי קאַראָלינע, 47 יאָר,— אַריבער צום קריסטנטום.

שלעזיע: פאַר די יאָרן 1812—1818 זענען 48 יידן אַריבער צום עוואַנגעלישן, 25 צום קאַטוילישן גלויבן; ביי

דריי איז די נייע אמונה נישט אָנגעגעבן. צוזאַמען אַלזאָ האָבן פאַרלאָזן דעם יידנטום 76 פּערזאָן, דערפון—35 מענער, 34 פרויען און 7 קינדער. ליידער זענען די ידיעות וועגן שלעזיע נישט אַזוינע גענויע, ווי אין מזרח-פּרייסן; עס פעלן צום גרעסטן טייל די פּרטים וועגן עלטער און פּראָפעסיע. צווישן די 34 פרויען זענען פאַראַן: 2 דינסט-מיידלעך, איין יתומה, איין פרוי פון אַ בעל-אכסניא (דער מאַן האָט זיך שוין פריער געשמדט), איין געגטע; 7 האָבן זיך געשמדט צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס, און בנוגע די איבעריקע זענען קיין פּרטים נישט אָנגעגעבן. פון די 35 מענער זענען געווען: 1 קצב, 1 אַגענט, אַ באַנקיר מיט דער גאַנצער פאַמיליע – 8 פּערזאָן, 2 הענדלער, אַ קרעטשמער מיט דער פרוי און 4 קינדער, אַ פּראָפעסאָר (פישער) מיט דער פרוי און 4 קינדער; 1 געוועזענער באַאַמטער; 2 אָפיצירן, 1 סטודענט, 1 גאָלדשמיד, 1 אַפּטייקער, 1 טאָג-אַרבעטער, 1 „סעקרעטאַר", 4 יינגלעך ביז 14 יאָר (דערפון צוויי ברידער – איינער עלף, דער אַנדערער זיבן יאָר, קינדער פון אַ יידישן הענדלער). ביי די איבעריקע איז די באַשעפטיקונג נישט אָנגעגעבן. פון די 7 קינדער האָבן זיך 5 געשמדט צוזאַמען מיט זייערע עלטערן; צוויי (די קינדער פון דעם יידן יאַטהיינער אין נייסע) זענען אָפּגעשמדט געוואָרן תיכף נאָך דער געבורט (ביי דעמזעלביקן יידן האָבן זיך אויך געשמדט זיינע צוויי עלטערע טעכטער).

בראַנדענבורג (מיט בערלין): ווי מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, פעלן אין די באַריכטן פון דער פּראָווינץ בראַנדענבורג פאַר דער ערשטער צייט ידיעות וועגן איינצלנע משומדים. עס זענען נאָר פאַראַן ציפערן וועגן דער אַלגעמיינער צאָל משומדים און זייער פאַרטיילונג לויטן געשלעכט. פאַר די יאָרן 1812—1816 האָבן זיך דאָ געשמדט 150 יידן: 85 מענער און 65 פרויען. אויספירלעכע ידיעות האָבן מיר ערשט פון יאָר 1827 אָן. אין דעם יאָר האָבן זיך בסך-הכל געשמדט 34 יידן: 20 מענער און 14 פרויען. פון די 14 פרויען זענען געווען: 12 מיידלעך, 1 אַלמנה; ביי איינער זענען די פאַמיליע-פאַרהעלטענישן נישט אָנגעגעבן. פון די 20 מענער זענען געווען: 5 הענדלער, 1 אָנגעשטעלטער, 1 סטודענט, 1 גימנאַזיסט, 1 לערער, 1 שניידער (לערניינגל), 1 בעקער-געזעל, 2 שוישפּילער. ביי די איבעריקע איז די פּראָפעסיע נישט אָנגעגעבן.

פון פּויזן און ריינלאַנד זענען פאַר די יאָרן 1812—1816 איבערהויפּט קיין באַריכטן נישט אָנגעקומען (אויך פאַר די ווייטערדיקע יאָרן זענען די ידיעות זייער נישט פולשטענדיק). פון די ביידע פּראָווינצן זענען פאַראַן ציפערן נאָר פאַרן יאָר 1836.

די אַרכיוו-דאָקומענטן אַנטהאַלטן נאָך זייער וויכטיקע און אויספירלעכע פּרטים וועגן פאַרשיידענע פּערזאָנען. די פּרטים פירן אונז אַריין אין דעם אינערלעכן לעבן און גיבן ביאָגראַפישע ידיעות וועגן די משומדים. פון דעמדאָזיקן מאַטעריאַל ברענגען מיר דאָ אייניקע באַזונדערס וויכטיקע און כאַראַקטעריסטישע אויסצוגן:

שטראַלזונד. דעם 16טן מערץ 1820 האָט זיך געשמדט לודוויג בערנהאַרד קראָהן (יידישער פאַמיליע-נאָמען לעווין) מיט צוויי קינדער און אַ שטיף-טאָכטער. באַמערקונג פונעם גייסטלעכן: „ל. ב. קראָהן איז שוין לאַנג באַקאַנט אַלס אַ זייער הייסער אָנהענגער פונעם קריסטנטום. ער פלעגט נאָך אַלס ייד פלייסיק באַזוכן אַלע עפנטלעכע רעליגיעזע פאַראַנשטאַלטונגען פון די קריסטן, און שוין אין יאָר 1818 האָט ער געלאָזט אָפּשמדן זיינע דריי עלטסטע זין, וועלכע באַזוכן די היגע גימנאַזיע".

ריינברייטבאַך, רעגירונגס-באַצירק קאָבלענץ, 1822. די אַלמנה שרה, געבוירן אין ברעסלוי, 73 יאָר אַלט, איז אַריבערגעגאַנגען צום קאַטוילישן גלויבן.

אַ שטעטל אין פּאָמערן, מערץ 1821: עס איז דאָ אָפּגעשמדט געוואָרן דאָס יינגסטע קינד פון דעם שוין פריער געשמדטן יידן דזשעמס עדוואַרד קעהרעל; דערביי די באַמערקונג: „די מוטער און ביידע עלטערע זין פילן זיך נאָך צוגעבונדן צום יידנטום. זיי באַזוכן שוין אָבער מער נישט די סינאַגאָגע און האָבן קיין שום באַציאונגען נישט מיט זייערע גלויבנס-ברידער, זיי געניסן דעם אונטערריכט פון דעם סופּעראינטענדאַנט פישער און וועלן נאָך מסתמא אין דעם יאָר אָננעמען דעם קריסטנטום". דער באַריכט פון 1822 מעלדעט, אַז די פרוי קעהרעל און די ביידע זין האָבן זיך דאָך געלאָזט שמדן.

פּראָווינץ וועסטפאַלן, 1824: יאָהאַנעס פראַנציסקוס ראָסקאַם, 55 יאָר: „ער לעבט באַזונדער פון זיין פרוי און פיר דערוואַקסענע קינדער, וועלכע האָבן נישט געוואָלט מיט אים צוזאַמען אַריבערגיין צום קריסטנטום".

מינדען, וועסטפאַלן, 1824. כריסטיאַן ווילהעלם היינריך פּאולי (יידישער פאַמיליע-נאָמען פּרינץ): „דער פּראָזעליט איז אַ זון פונעם ראַבינער אין ברעסלוי, שמואל פּרינץ און רות(?) לעווין, געבוירן דעם 19טן יוני 1800. לעצטנס איז ער געווען אַ לערער אין דער יידישער געמיינדע אין קעטען". דער משומד פּאולי איז שפּעטער געוואָרן איינער פון די באַקאַנטסטע מיסיאָנערן אין דייטשלאַנד.

שטעטין, 1815. דער שוישפּילער און זינגער רייסטער, אייגנטלעך יאָזעף ריעס: „אַ געבוירענער אין בערלין, וואו עס וואוינען זיינע עלטערן; זיין פאָטער איז אַ יידישער געלערנטער און הייסט נתן בן אורי ריעס, זיין מוטער—בעלי האָלענדער. די טבילה, צו וועלכער דער פאָטער האָט געגעבן זיין הסכם, איז נאָך אַ דריימאָנאַטלעכן אונטערריכט פונעם פּראָזעליט דורכן פּרעדיקער פישער אויף זייער אַ שיינעם אופן פאָרגעקומען דעם 15-טן מאַי נאָכמיטאָג אין דער ס"ט יאַקאָב-קירכע. עס זענען בייגעווען 5 עדות, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען זיין

מאַיעסטעט דער קיניג, פון וועמען דער פּראָזעליט האָט באַקומען זייער אַ שיינעם טויף-פּאַטער-געשענק. ער האָט אָנגענומען דעם נאָמען יאָזעף ווילהעלם רייסטער".

טריר, 20טן נאָוועמבער 1826: „די פרוי פונעם אַדוואָקאַט היינריך מאַרקס אין טריר — הענריעטע, געבוירן אין פּרעסבורג". דאָס איז די מוטער פון קאַרל מאַרקס. דער פאָטער מיט די קינדער (צווישן זיי אויך קאַרל) האָבן זיך, ווי באַקאַנט, געשמדט אין יאָר 1824, אָבער אין די אַקטן פון י. 1824 האָב איך ליידער נישט גע־קענט געפינען די פאַמיליע מאַרקס. האָבן זיי זיך געשמדט נישט אין פּרייסן?

דיסעלטאָל, ריינלאַנד, 1827: 5 בחורים — דריי שניידער, צוויי סטאָליאַרעס — שמדן זיך אין איין טאָג. זיי קומען אַלע פון דער פרעמד.

(אין דיסעלטאָל איז געווען, ווי מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, אַ מיסיאָנערישער אינטערנאַט).

מינסטער, 5טן אָקטאָבער 1831: קאַרל וויטגענשטיין, 5 יאָר; אָטיליע שאַרלאָטע וויטגענשטיין, 5 חדשים אַלט. קינדער פונעם סוחר יאַקאָב וויטגענשטיין אין מינסטער. די עלטערן פון די ביידע קינדער האָבן געגעבן צו פאַר־שטיין, אַז זיי האָבן בדעה נאָכן טויט פון זייערע עלטערן אַליין אויך איבערגיין צום קריסטנטום.

אַכען, 21טן מאַי 1831: פּאַולוס מאַרקס, זייגער־מאַכער, אַ זון פון מאַרקס לוי און חוה לעוואָופּע (?) געבוירן אין טריר דעם 4טן דעצ. 1790. האָט זיך געשמדט צו־זאַמען מיט דער פרוי און 5 קינדער. דאָס איז אַ פעט־טער פון קאַרל מאַרקס, זיין פאָטערס ברודער.

ברעסלוי, 1835: שאַרלאָטע זאָננענפעלד, דינסטמיידל, 22 יאָר, האָט פון זיין מאַיעסטעט דעם קיניג באַקומען אַ טויף־פּאַטער־געשענק פון 10 דוקאַט.

טאַרנאָוויץ, שלעזיע, 1835: קינעמאַן. זיין פאָטער האָט זיך געשמדט נאָך מיט 4 יאָר צוריק, די מוטער איז נאָך אַ יידישע.

## צווייטער פּעריאָד

### 1836 און די שפּעטערדיקע יאָרן

פּראָווינץ פּרייסן: אין יאָר 1836 האָבן זיך געשמדט 22 יידן: 7 מענער, 5 פרויען און 10 קינדער[14]. צווישן זיי זענען געווען:

1 סרסר, 51 יאָר; זיין פרוי האָט זיך גע־שמדט צוזאַמען מיט אים.

אַ גוטסבאַזיצער, 37 יאָר, זיין פרוי, 31 יאָר, און אַ קינד פון 3 יאָר.

14) פאַרן יאָר 1836 — דאָרט, וואו מיר האָבן גענויערע דאַטן, האָב איך צו די דערוואַקסענע צוגערעכנט נאָר יענע, וואָס זענען געווען איבער 14 יאָר.

אַ שניידער, 26 יאָר, זיין פרוי, 30 יאָר, און 3 קליינע קינדער. זיינער אַ ברודער און אַ שוועסטער, 16 און 17 יאָר, וואוינען ביי די עלטערן. באַמערקונג פונעם גייסטלעכן: „דאָס איבערגיין (צום קריסטנטום) איז געשען אויס איבערצייגונג און לויטן הסכם פון די מיטגלידער פון דער פאַמיליע, דאָס רוב געשמדטע".

אַ מיידל, 31 יאָר. זי האָט שוין אין דער שול־צייט אין משך פון 6 יאָר באַזוכט דעם אונטעררריכט פון קריסטלעכער רעליגיע; אירע ברידער און שוועסטער און אַ סך פון אירע קרובים האָבן זיך שוין פריער געשמדט.

אַן אומגעזעצלעך געבוירן קינד ווערט געשמדט לויטן ווילן פון דער מוטער.

אַן אומגעזעצלעך געבוירן קינד, 5 חדשים, ווערט געשמדט לויט אַ פאַראָרדנונג פון די אַפּוטראָפּסים.

די 5 קינדער פון ד"ר ענגעלמאַן: „זיי זענען, — לויט דער דערקלערונג פון פאָטער, — באַשטימט פאַר קריסטלעכע פרנסות". די טאַטע־מאַמע האָבן אָבער נאָך נישט אַנטשלאָסן צו שמדן זיך.

אַ שילער, 14 יאָר, אַן אָרים קינד, אויסגעהאַלטן געוואָרן פון דער שטאָט, האָט אַליין אויסגעקליבן די קאַ־טוילישער אמונה.

אַ זון פון אַ שניידער — 18 יאָר.

פּויזן. אין יאָר 1836 זענען געווען 7 משומדים, צווישן זיי:

אַ דינסטמיידל, 32 יאָר, קאַטויליש.

אַ קצב, 20 יאָר, קאַטויליש: „ער האָט נאָך אַלס קינד געפילט אַ שטאַרקע נייגונג צום קריסטנטום".

אַ הענדלער, 37 יאָר; זיצט אין תפיסה פאַר גנבות, דאָרט אָנגענומען די עוואַנגעלישע אמונה.

אַ שוסטער־געזעל, 21 יאָר; זיצט אין תפיסה פאַר גנבות, דאָרט אָנגענומען די עוואַנגעלישע אמונה.

אַ דינסטמיידל, 17 יאָר, עוואַנגעליש.

ד"ר מעדיצין, 29 יאָר, עוואַנגעליש: „זיין געמיט האָט נישט געפונען קיין באַפרידיקונג אין דער יידישער אמונה".

אַ דינסטמיידל, 24 יאָר, קאַטויליש.

פּויזן. יאָר 1837. עס האָבן זיך געשמדט 7 יידן; צווישן זיי:

אַ שניידער, 25 יאָר, עוואַנגעליש, און אַ קירזש־נער, 21 יאָר, עוואַנגעליש: „זיי האָבן נישט געפונען קיין באַפרידיקונג אינם יידנטום".

אַ ברענער אין אַ ציגעלניע.

אַ דיסטמיידל, 34 יאָר, פאַרליבט אין אַ קריסט.

העלענע איזראַעל, 38 יאָר, לעבט פון קליין־האַנדל: „איר פאַרלאַנג צו ווערן אַ קריסטין איז אַנט־שטאַנען דורך אַ אינעווייניקסטן דראַנג און אויך צוליב דער שלעכטער באַהאַנדלונג מצד איר מאַן. איבער

אירע פערזענלעכע פאַרהעלטענישן איז נאָר באַקאַנט, אַז זי איז זייער אָרים"; עוואַנגעליש.

אַ קצב, 48 יאָר, קאַטויליש.

אַ סאָלדאַט, עוואַנגעליש.

ווי מיר זעען פון די לעצטע פאַקטן, איז פויזן אַ קאַפּיטל פאַר זיך: דאָ פעלט כמעט אינגאַנצן די בורזשואַזיע און די אינטעליגענץ, דערפאַר אָבער זענען שטאַרק פאַרטראָטן די פּראָלעטאַרישע און האַלב-פּראָלעטאַרישע עלעמענטן: דינסטמיידלעך, בעלי-מלאכות, אָרימע הענדלער וכדומה. פון די 14 יידן, וואָס האָבן זיך אין די צוויי יאָר געשמדט, זענען געווען: 4 דינסטמיידלעך, 6 בעלי-מלאכות, 1 הענדלער, 1 סאָלדאַט און 1 דאָקטאָר.

בראַנדענבורג (מיט בערלין), 1836. עס האָבן זיך דאָ געשמדט 43 יידן. צווישן זיי:

11 סטודענטן און גימנאַזיסטן.

3 דאָקטוירים.

3 הענדלער.

9 בעלי-מלאכות: 1 זייגערמאַכער, 1 זייגערמאַכער-געזעל, 1 אַפּטייקער, 1 בוכבינדער-געזעל, 1 ליטאָגראַף, 2 שניידער-געזעלן, 1 טאָקער-געזעל, 1 פאַבריקמאַכער.

1 באַנקיר מיט דער פרוי.

2 האַנדלסאָנגעשטעלטע און 1 באַאַמטער.

אַ פרוי מיט צוויי קינדער און אַ פּלימעניצע.

1 לערער.

1 דינסטמיידל.

ביי די איבעריקע 6 (4 מיידלעך און 2 פרויען) איז קיין פּראָפעסיע נישט אָנגעגעבן.

ס'איז אינטערעסאַנט, אַז אַפילו אין בערלין זענען די משומדים בעלי-מלאכות אַ סך שטאַרקער פאַרטראָטן, ווי סוחרים און באַנקירן. דעם גרעסטן פּראָצענט משומדים גיט אָבער די אינטעליגענץ; פון די 30 מענער זענען 14 געווען גימנאַזיסטן, סטודענטן און דאָקטוירים. קליין איז אין בערלין לפי-ערך די צאָל געשמדטע פרויען. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס דאָס רוב בערלינער משומדים זענען געווען אָנגעפאָרענע פון דער פרעמד.

שלעזיע, 1836. עס האָבן זיך אין יאָר 1836 בסך-הכל דאָ געשמדט 26 יידן. צווישן זיי:

די פאַמיליע לאַנדסבערגער, 5 פערזאָן.

אַ דינסטמיידל, 20 יאָר, אַ יתומה אָן פאָטער און מוטער: „דורך לאַנגער באַקאַנטשאַפט מיט קריסטן האָט זי זיך איבערצייגט אין די מעלות פון קריסטנטום".

דער הויז-באַזיצער גורויער מיט פרוי און פינף קינדער: „זיי האָבן שוין לאַנג געוואָלט אריבערגיין צום קריסטנטום, אָבער דער יראת-הכבוד פאַר זייערע עלטערן האָט זיי דערפון ביז איצט אָפּגעהאַלטן".

אַ דינסטמיידל, 22 יאָר: „דער אָפּטער פאַרקער מיט קריסטן און דער באַזוך פון קריסטלעכע פּרעדיקער האָט דידאָזיקע טאָכטער פון זייער אָרימע עלטערן געפירט צום קריסטנטום".

אַ האַנדלסאָנגעשטעלטער.

אַ זיבניאָריק מיידל, טאָכטער פון אַ מאָלער.

אַ קאַנדידאַט פון יוריספּרודענץ: „אריבערגעגאַנגען צום קריסטנטום אויס איבערצייגונג און ווייל דאָס איז דער תנאי, אונטער וועלכן ער קען באַקומען אַ מלוכה-שטעלע"...

אַ סטודענט.

אַ הענדלער.

אַ מיידל, 23 יאָר אַלט, מיט אַן אומגעזעצלעך קינד: „האָט חתונה געהאַט מיט איר פאַרפירער".

אַ שענקערין, 23 יאָר.

ד"ר מעדיצין: „דאָס יודנטום באַפרידיקט אים נישט".

אַ שענקערין, 19 יאָר.

אַ דינסטמיידל, 18 יאָר: „דער פאַקט, וואָס ביי יידן גייען די מיידלעך נישט אין שול, איז פאַר איר געווען אומערטרעגלעך. זי פלעגט דעריבער גיין צוזאַמען מיט די קריסטלעכע מיידלעך אין קירכע, און אויף דעם אופן האָט זי דערקענט און ליב געקריגן דעם קריסטנטום".

אַ דינסטמיידל. האָט אין דער שולע באַזוכט דעם לימוד פון קאַטוילישער רעליגיע.

שטאַרק פאַרטראָטן איז אין שלעזיע, ווי מיר האָבן דאָס שוין אויך געקענט פעסטשטעלן פאַרן ערשטן פעריאָד, דער פאַמיליע-שמד: פון 26 משומדים זענען 12 געווען מיטגלידער פון צוויי פאַמיליעס. אַ גרויסן פּראָצענט משומדים גיבן דאָ אויך דינסטמיידלעך (4) און שענקערינס (2); לפי-ערך שוואַכער פאַרטראָטן איז דאָ די אינטעליגענץ.

ריינלאַנד-וועסטפאַלן, 1836:

אַ גוטבאַזיצער, 48 יאָר, עוואַנגעליש. האָט חתונה געהאַט מיט זיין ווירטשאַפטערין.

אַ דינסטמיידל, 25 יאָר, עוואַנגעליש.

אַ זון פון אַ פאַבריקאַנט, 15 יאָר, עוואַנגעליש.

אַ שול-מיידל, 13 יאָר, קאַטויליש.

אַ סטאָליאַר, 23 יאָר, עוואַנגעליש.

אַ קרעמערקע, 28 יאָר, מיט דריי קינדער: „איז געווען שוואַנגער פון אַ קריסט", עוואַנגעליש.

אַ זיידנוועבער, 32 יאָר, עוואַנגעליש.

אַ טאַבאַק-אַרבעטער, 37 יאָר, קאַטויליש.

אַ טאָג-אַרבעטער, 20 יאָר, קאַטויליש.

אַ דינסטמיידל, 24 יאָר, קאַטויליש.

אַ קצב, 33 יאָר, קאַטויליש.

אַ לערנייִנגל ביי אַ שניידער, 17 יאָר, קאַטויליש.

אַ נייטערקע, 24 יאָר, קאַטויליש.

אַ שניידער, 18 יאָר, קאַטויליש.

אויך אין ריינלאַנד גיבן די אַרבעטנדיקע עלעמענטן לפי-ערך זייער אַ גרויסן פּראָצענט משומדים. כאַראַקטעריס-

טיש איז דער פאַקט, וואָס דער גרעסטער טייל פון די בעלי־מלאכות און פּראָלעטאַריער זענען אריבער צום קאַטאָליציזם, בעת די בורזשואַזיע און אינטעליגענץ האָט בדרך־כלל אָנגענומען די עוואַנגעלישע אמונה. דאָס דערקלערט זיך פּשוט דערמיט, וואָס ביי די ערשטע איז די אַסימילאַציע פאָרגעקומען אויף אַ נאַטירלעכן אופן — צוליב מאָטיוון פון ליבע, אָדער באַקאַנטשאַפט מיט קריסטן וכדומה; די אָרטיקע באַפעלקערונג איז אָבער געווען הויפּטזאַכלעך אַ קאַטוילישע און ממילא איז דער קאַטוילישער גלויבן געווען זיי אַ סך נעענטער, ווי דער עוואַנגעלישער. ביי דער יידישער בורזשואַזיע און אינטעליגענץ אָבער האָבן די הויפּט־ראָלע געשפּילט קאַריעריסטישע מאָמענטן, און עס איז פאַרשטענדלעך, אַז די הערשנדיקע עוואַנגעלישע קירך האָט פאַר זיי געהאַט אַ גרעסערע צוציונגס־קראַפט איידער די קאַטוילישע.

**בערלין**, 1836:

אַ זייגערמאַכער, 40 יאָר: „ער האָט זיך געפילט אומגליקלעך, ווייל ער האָט נישט געקענט אָפּהיטן אַלע מצוות, וואָס די יידישע רעליגיע פאַרלאַנגט. ער וויל דעריבער אַריבערגיין צו אַזאַ רעליגיע, וואָס שטעלט נישט אַזעלכע אויסערסט שווערע פאָדערונגען“...

**בערלין**, 1837:

אַ פרוי, אַן אַלמנה, 50 יאָר; זי שמדט זיך דערפאַר, ווייל אין איר פאַמיליע זענען שוין אַלע געוואָרן קריסטן.

**פראָווינץ פּרייסן**, 1837:

אַ דינסטמיידל: „האָט באַזוכט די קריסטלעכע שול און האָט שפּעטער געדינט ביי קריסטן. פון יוגנט אָן איז זי מיט דעם קריסטנטום געווען מער באַקאַנט ווי מיטן יידנטום“.

**וועסטפאַלן**, 1837:

אַ בלעכער־געזעל: „דער ערשטער גרונד צום ענדערן דעם גלויבן איז געווען די איבערצייגונג, אַז די קריסטלעכע רעליגיע איז אַ בעסערע, אויסערדעם האָט ער ביי זיין קריסטלעכן מייסטער נישט געקענט אָפּהיטן אַלע יידישע דינים“.

**ליפּשטאַט** (פּראָוו. **וועסטפאַלן**), 1837:

מאַטילדע איזינג: „איר פאָטער, אַ פאַבריקאַנט אין ביעלעפעלד, וואָלט שוין לאַנג מיט דער גאַנצער פאַמיליע אַריבער צום קריסטנטום, ווען ער וואָלט געקענט איינרעדן איינע פון זיינע טעכטער צו מאַכן דעמזעלביקן שריט“.

**שלעזיע**, 1837:

אַ מארק־הענדלער, 24 יאָר: „דער ווונטש צו באַקומען בירגער־רעכט האָט אים באַוואויגן אָנצונעמען דעם קריסטנטום“. דאָס געזעץ וועגן בירגער־רעכט פאַר יידן פון 11טן מערץ 1812, איז, ווי באַקאַנט, חל געווען נאָר אויף אַ טייל פּרייסישע פּראָווינצן, די יידן פון פּוזן און אייניקע אַנדערע געביטן פון פּרייסן זענען אונטער דעם געזעץ נישט אַרונטערגעפאַלן.



יאָזעף פרידמאַן: „דער פאַרקער מיט קריסטן בעת דער לערנצייט אַלס זייפנמאַכער האָט געהאַט די גרעסטע השפּעה אויף זיין אַריבערגיין צום קריסטנטום“.

**אויבערשלעזיע**:

אַ בערגאַרבעטער, 29 יאָר: „זיינע 5 שוועסטער האָבן זיך שוין פריער געשמדט, און דורך זיי האָט ער געקריגן די איבערצייגונג, אַז נאָר די קריסטלעכע רעליגיע קען אים ברענגען צו גליקזעליקייט“.

**קעניגסבערג**, 1838:

צפּורה פרידבורג, 52 יאָר: „זי האָט שוין יאָרנלאַנג פאַרקערט אויסשליסלעך אין קריסטלעכע הייזער און איז דעם יידנטום אינגאַנצן פרעמד געוואָרן“.

**בערלין**, 1838:

יאַקאָב לואי, באַנקיר, 70 יאָר: „דער מאָטיוו, וואָס האָט אים באַוואויגן צום שמד, איז ערשטנס — די איבערצייגונג אין דער וואָרהייט פון קריסטנטום, און צווייטנס — דער ווונטש צו לעבן אינאיינעם מיט זיין פרוי און די איבעריקע פאַמיליע־גלידער, וואָס האָבן זיך שוין מיט עטלעכע יאָר צוריק געשמדט“.

**וועסטפאַלן**, 1838:

אַ שוחט, 28 יאָר: „האָט אָוועקגעוואָרפן זיין פריערדיקע פרנסה און לעבט אלס שטילער און פלייסיקער טאָגאַרבעטער“.

**פּאָטסדאַם**, 1838:

ליבמאַן, טוכפאַבריקאַנט און זיין פרוי. „זייערע דריי קינדער האָבן זיי אָפּגעשמדט גלייך נאָכן געבורט, ווי דער פאָטער האָט דאָס נאָך פאַר דער חתונה אויסגעמאַכט מיט דער פרויס עלטערן“.

**אַ שטעטל אין פּאָמערן** (אַבטסהאַגען):

דוד ווימפּעלבערג, קליינהענדלער: „ספקות אין דער האָפענונג אויף משיחן און באַזונדערס די מחלוקת אין דער יידישער געמיינדע זענען געווען — ווי ער גיט אָן און קאָנטיק איז דאָס אויך ריכטיק — די מאָטיוון, וואָס האָבן אים געבראַכט צום קריסטנטום. זיין פרוי טיילט זיין רעליגיעזע איבערצייגונג, איז אָבער אויס פּיעטעט צו איר אַלטער מוטער אין פּוילן נאָך געבליבן ביים יידנטום“.

**קעניגסבערג**, 1840:

אברהם שלמה מינסקי, אַ שרייבער, 18 יאָר, געבוירן אין קאַלוואַריע, פּוילן, און פעליקס ראָזענשילד, אַ רופא, 17 יאָר, געבוירן אין אַוגוסטאָוו (אויך פּוילן): „אַ מיסיאָנער אין פּוילן האָט זיי דערוויזן, אַז די בשורות פונעם אַלטן טעסטאַמענט זענען דורך קריסטוסן מקוים געוואָרן. דאָס האָט זיי באַוואויגן נעענטער זיך צו באַקענען מיטן קריסטנטום און אָננעמען אים“.

**גלאָגוי** (שלעזיע):

ריכאַרד ווילהעלם און עמיל אָטאָ מונק, זין פון אַ יידישן סוחר. באַמערקונג פונעם סופּעראינטענדאַנט קאָהלער: „אויף וויפל מיר איז באַקאַנט,

וענען דאָס האָפענונגספולע יינגלעך. וואָס האָט זייערע עלטערן געקענט באַוואויגן צו לאָזן זיי אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן, קען איך נאָר משער זיין: די עלטערן זענען מסתמא אין האַרצן שוין בכלל קיין יידן נישט און ווילן לאָזן זייערע קינדער געניסן פון דעם חסד און אפשר אויך פון דעם אויסערלעכן נוצן פון קריסטנטום און דערביי באַפרייען זיי פונעם נאָמען גע שמדטע יידן. זיין מאַיעסטעט דער קיניג, דעמאָלט נאָך קראָנפּרינץ, האָט איבערגענומען די ראָלע פון אַ טויף־פּאָטער".

בערלין, 1840, אַ בלעכער־געזעל, 25 יאָר: „דאָס גאָטזעליקע לעבן, וואָס ער האָט געזען ביי זיין מייסטער אין הויז, איז געווען דער ערשטער שטויס, וואָס האָט אים געפירט צום קריסטנטום".

איזערלאַן—וועסטפאַלן, 1842. אַ הענדלער מיט אַלטוואַרג, 44 יאָר: „די טבילה איז געשען אויף זיין אייגענעם ווונש אַן ערך 24 שעה פאַר זיין טויט".

שענדאַמערוי (פּראָווינץ פּרייסן), 1842. אביגדור היים, 15 יאָר; משה באַגינסקי, 14 יאָר: „ביידע קינדער זענען געבוירן געוואָרן אין קיניגרייך פּוילן, האָבן שוין אין דער קינדהייט פאַרלוירן זייערע עלטערן און האָבן דערפאַר נישט געקענט אָנגעבן זייער געבורטסאָרט... ביידע קינדער פירן זיך גוט אויף, זייערע בעלי-בתּים זענען מיט זיי צופרידן. עס האָלט אָבער געווען געוואונשן, די קינדער זאָלן זיך אויסלערנען אַ מלאכה, מחמת זייער באַשלוס אָוועקצוגיין פונעם יידנטום און אָנצונעמען די קריסטלעכע אמונה איז געקומען דערפון, וואָס זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז אַלס קריסטן קענען זיי ווערן גוטע און נוצלעכע מענטשן, באַזונדערס אויב זיי וועלן זיך אויסלערנען אַ גוטע מלאכה"...

שלעזיע, 1842. אַ טאָכטער פון אַ שענקער, 22 יאָר: „איר וואונש צו ווערן אַ קריסטין נעמט זיך צום טייל דערפון, וואָס אין דער קאַטוילישער קירך באַקומען, לויט איר מיינונג, די מיידלעך אַ געהעריקע ערציאונג, אין יידנטום אָבער וואַקסן זיי ווי די בוימער. אויך איז איר דער קאַטוילישער גאָטעסדינסט זייער צום האַרצן".

פּראָווינץ פּרייסן, 1843. אַן אַרבעטער אין אַ גוט, 22 יאָר, געבוירן אין רוסלאַנד: „פירט זיך גוט אויף, האָט ווייזט אויס באַקומען אַ גוטע ערציאונג און אַ זאָרגעוודיקע שול-בילדונג. ער איז מיטן הסכם פון זיין פאָטער, אַ קרעטשמער, אַלס מעגלעכער קאַנטאָניסט אַנטלאָפן פון רוסלאַנד. זיין איבערצייגונג, אַז ער מוז אָנגעהערן צו אַ גלויבן, איז געווען די ערשטע סיבה, וואָס האָט אים געטריבן צום קריסטנטום, ווייל ס'איז אים אַלס דאָרף־אַרבעטער אוממעגלעך געווען אָפּצוהיטן די יידישע דינים".

פּראָווינץ פּרייסן, 1845. אַמאַליע לעווין: „איז געקומען מיט אַ זייער פאַרוואָרלאָזטער מוטער, אַלס בעטלערין, קיין מאָטהייגען. האָט קיינמאָל קיין שול נישט באַזוכט. זי איז איבערגעגאַנגען צום קריסטנטום, ווייל זי האָט געוואָלט אָנקומען פאַר אַ דינסט, וואָס זי האָט אַלס יידין נישט געקענט".

די ציטירטע אַרכיוו-דאָקומענטן (זע אויך די הוספה) עפענען פאַר אונז אַ גאַנץ ניי בלעטל אין דער געשיכטע פון דער שמד־באַוועגונג אין פּרייסן. מיר טרעפן דאָ צווישן די משומדים נישט נאָר אָנגעהעריקע פון דער בורזשואַזיע און אינטעליגענץ, נאָר אין זייער אַ גרויסער מאָס אויך — בעלי־מלאכות, דינסטמיידלעך און אַנדערע פּראָלעטאַרישע און האַלב-פּראָלעטאַרישע עלעמענטן. זייער שוואַך פאַרטראָטן זענען דאָקעגן די מיטעלע בירגערלעכע שיכטן, הגם זיי האָבן געבילדעט דעם רוב בנין ורוב מנין פונעם יידישן קיבוץ אין פּרייסן. מיר זעען דאָ ווייטער, וואָס פאַר אַ באַדייטנדיקע ענדערונגען עס זענען פאָר די עטלעכע צענדליק יאָר פאָרגעקומען אין דעם כאַראַקטער פון דער שמד־באַוועגונג. די צאָל משומדים האָט זיך נישט נאָר אַבסאָלוט און נאָך מער רעלאַטיוו פאַרקלענערט, נאָר אויך זייער סאָציאַלער באַשטאַנד האָט זיך פאַר דער צייט שטאַרק געענדערט. דאָס לאָזט זיך באַזונדערס בולט פעסטשטעלן אין שלעזיע: אינעם ערשטן פּעריאָד פאַרנעמט דיברעסלער בורזשואַזיע און אינטעליגענץ דעם אויבן־אָן, אין דער שפּעטערדיקער צייט אָבער זענען עס גראָד די פּראָווינץ־שטעטלעך און אָפטמאָל אַפילו די פאַרוואָרפנסטע ישובים, וואָס גיבן די גרעסטע צאָל משומדים. קאַראַקטעריסטישע מאָטיוון און דאָס שעמען זיך מיט דער אייגענער אָפּשטאַמונג שפּילן אַלץ אַ קלענערע ראָל ביים אַוועקגיין פון יידנטום. די שמד־דערשיינונג ווערט אַ נאַטירלעכער אויסדרוק פון אַ נאָרמאַלן אַסימילאַציע־פּראָצעס, וואו איינצלנע אָפּגעריסענע גלידער פון דעם סאָציאַלן פאָלקס-אָרגאַניזם ווערן פאַרמישט און צעגייען זיך אין דער אַרומיקער סביבה.

בכלל אָבער מוז באַזונדערס באַטאָנט ווערן, אַז אין קיין איינציקן מאָמענט האָט די שמד־באַוועגונג נישט אָנגענומען אַזאַ כאַראַקטער, וואָס זאָל באמת קענען בילדן אַ סכנה פאַרן קיום פון יידישן קיבוץ אין פּרייסן. ערנסטער איז אמת געווען די פּסיכאָלאָגישע ווירקונג, באַזונדערס אין דער ערשטער צייט. אָבער אויך דאָ איז מיט דער צייט פאָרגעקומען אַ רעאַקציע. דער נאָמען „געשמדטער ייד" איז נישט מער קיין יחוס, און עס איז שוין אפשר מער כבוד צו פאַרבלייבן אַ ייד, ווי צו ווערן אַ משומד. דאָס איז נאַטירלעך נישט געבליבן אָן ווירקונג אויף די שטימונגען פון דער יידישער אינטעליגענץ. און דערמיט דערקלערט זיך, וואָס אין דער לעצטער צייט האָט זיך צווישן די משומדים אַזוי שטאַרק פאַרקלענערט די צאָל אינטעליגענטן און אָנגעהעריקע פון דער יידישער גרויס-בורזשואַזיע.

## הוספה

אויסער די פאַלן, וואָס מיר ברענגען אינעם אַרטיקל, גיבן מיר דאָ עטלעכע טיפּישע ביישפּילן פון געשמדטע מיט די מאָטיוון דערצו, ווי זיי ווערן פאָרמולירט פון די גייסטלעכע אין די טויף־אַקטן.

**בערלין, 1836. אַדאָלף זעליג, פאַבריק־מאַכער:**

„ער האָט זיך געפילט ווי אַ מענטש אָן אַ רעליגיע און האָט געוואָלט אָנערקענט ווערן אַלס מיטגליד פון דער קירך, צו וועלכער עס האָבן שוין געהערט אַ סך פון זיינע קרובים. זיין אויפפירונג איז געווען אַ גוטע".

**קעניגסבערג, 1837. ראָבערט סימאָן. סטודענט, 21 יאָר:**

„זיין אויפפירונג איז געווען אַ גוטע. דער פּראָזעליט איז שוין לאַנג געווען בעסער באַקאַנט מיט די עיקרים פון קריסטנטום, ווי מיט די עיקרים פון דער יידישער אמונה — און האָט געוואָלט מיט דער צייט אַריינטרעטן אין קיניגלעכן מלוכה-דינסט".

**מיכאעל בלומענבערג, 22 יאָר, האַנדלס־אַנגעשטעלטער, געבוירן אין ווינדאווע, איצטיקער וואוינאָרט — פּעטערבורג:**

„איינער פון זיינע ברידער איז אַ קריסטלעכער פּרעדיקער אין קיעוו, אַ צווייטער איז פריער געטויפט געוואָרן דורך מיר".

**פירסטענוואַלדע, בערלין. פּערלשטיין — לערער, שוחט און חזן אין פירסטענוואַלדע, לעצטנס אין קיסטרין:**

„דער פּראָזעליט שיינט צו וועלן אַריבערגיין (צום קריסטנטום) אויס איבערצייגונג. זיין לעבן איז אומבאַפלעקט. ער האָט בדעה צו ווערן אַ קריסטלעכער שול־לערער".

**מעמעל, איסאַאַק (אַלעקסאַנדר) מאיראָוויטש, יידישער פּרעדיקער, 25 יאָר, געב. אין ווילנע.**

„איסאַאַק מאיראָוויטש, אַ מענטש מיט אַ קלאָרן פאַרשטאַנד און מיט אַ פילנדיק האַרץ, איז געווען אין משך פון 1835—1837 יידישער פּרעדיקער אין ווילנע. לויט די ידיעות, וואָס מיר האָבן, איז זיין אויפפירונג געווען אַן אויסגעצייכנטע. ער האָט מער נישט געקענט פאַרטראָגן די יידישע אמונת־שוא און איז אַוועק אין דער וועלט זוכן דעם אמת.

אין יולי 1837 איז ער אָנגעקומען קיין מעמעל. אַ קורצער איבערבליק איבער דער קריסטלעכער אמונה האָט אים אַזוי באַגייסטערט, אַז ער האָט באַשלאָסן צו ווערן אַ מיסיאָנער צווישן יידן. ער האָט אָפּגעלייגט זיין שמד און איז אַוועק צום מיסיאָנער־פּרעדיקער בערנפעלד קיין קעניגסבערג, פון דאָרט קיין בערלין, וואו ער האָט אין משך פון אַ האַלב יאָר זיך געלערנט ביים מיסיאָנער פּעטרי און ביים פּרעדיקער קונצע. פון דאַנען איז ער אַוועק קיין שטעטין, כדי צו פאָרן ווייטער קיין ענגלאַנד, נאָר צוליב די שוועריקייטן מיט זיין פּאַס האָט ער געמוזט זיך אומקערן צוריק קיין מעמעל. פון דאַנען איז ער סוף אָקטאָבער 1838 אַוועקגעפאָרן קיין לאָנדאָן. דער היגער מיסיאָנערן־פאַריין האָט אָבער געוואָלט, ער זאָל צוערשט, אין משך פון צוויי יאָר, זיך אויסלערנען עפּעס אַ מלאכה. דעריבער האָט ער זיך אין משך פון 2 און אַ האַלב חדשים געלערנט בוכבינדעריי און האָט געהאָפט, אַז ער וועט זיך מיט דעם קענען מפרנס זיין אויך אין וואַרשע, וואו ער וועט זיך געפינען נאָענט צו זיינע אייגענע. און דעריבער איז ער דורך פּאַריז, סטראַסבורג א. א. וו. געפאָרן קיין פּויזן. אַזוי ווי ער האָט אָבער דאָ נישט געקענט אַריבערגיין די גרעניץ, האָט ער זיך אָנהויב אויגוסט ווידער צוריק אומגעקערט קיין מעמעל. איצט פאַרלאַנגט פון אים זיין פרוי אַ גט, וועלכן ער גיט איר מיט אַ שווער האַרץ, און נאָכדעם וועט ער זיך שמדן. ער האָט דעם נייעם טעסטאַמענט גרינדלעך שטודירט אין העברעישער איבערזעצונג, האָט פון פאַרשיידענע זייטן שטודירט דעם קריסטנטום — אַזוי אַז ער איז איצט אַ בקי אין אים און פילט זיך מיטן גאַנצן האַרצן באַפרידיקט און גליקלעך. אַדאַנק מענטשנפריינטלעכער אונטערשטיצונג האָט ער ביז איצט גענאָסן אין דייטשלאַנד פּריוואַט (קריסטלעכע) אונטערריכט און איז געבליבן דאָ איבער ווינטער צו לערנען זיך ביי אַ בוכבינדער, כדי צו זיכערן אויך זיין ערדישע עקזיסטענץ. שפּעטער אָבער האָט ער בדעה צו דערגרייכן אַ העכערן ציל, אַלס העברעישער לערער אָדער מיסיאָנער. און ווי ס'שיינט פאַרדינט ער די בעסטע רעקאָמענדאַציע דערצו".

**מעמעל, 1841. פּאול שלעזינגער, דאָקטאָר פון מעדיצין, 26 יאָר. געבוירן און געפינט זיך איצט אויך אין ליבאַווע:**

„די אויפפירונג זיינע איז אַ גוטע. ער האָט שוין אין ליבאַווע אין קרייז־שול און אין קעניגסבערג אין „קאָלעגיום פרידעריציאַנום" גענאָסן דעם קריסטלעכן לימוד. געווען פריער אַ שניידער, אַוועקגעוואָרפן די מלאכה בכדי צו קענען שטודירן. אויסגעצייכנטע גייסטיקע פעיקייטן. צוויי פון זיינע ברידער האָבן זיך נאָך פריער געשמדט, באַציט זיך מיט דרך־ארץ צום עוואַנגעלישן קריסטנטום".

**אַדאָלף וואולפזאָן פון טילזיט. געבוירן און געפינט זיך איצט אויך אין מיטאווע; פרימאַנער, 20 יאָר אַלט:**

„ער האָט געוואָלט שפּעטער שטודירן אין פּעטערבורג פילאָזאָפיע".

**נויענבערג** (קעניגסבערג), 1848. **הענ־ריעטע ראָבערט**, 26 יאָר:

„פאַר דעם שמד האָבן איר די יידן פאָרגעלייגט אַ באַדייטנדיקע סומע מיט דעם תנאי, זי זאָל נישט ווערן קיין קריסטין!...״

**ברעסלע, הענריעטע ביראַווא, דינסט־מיידל**, 15 יאָר:

„אַדאַנק דער התקרבות מיט קריסטן האָט זי זיך נעענטער באַקאָנט מיט זייער גאָטעסדינסט און מיט זייער גלויבן, אין וועלכע זי האָט פאַר זיך געפונען שטיץ און טרייסט, כדי צו ראַטעווען איר נשמה (קאַטויל.).״

**באָדלאַנד, ברעסלע** 16. **ראָזאַליע לאַנדסבערגען**. דינסטמיידל, 21 יאָר:

„זי געפינט זיך אין אַ נויט־לאַגע, ווייל איר פאָטער, וועלכער איז געווען קעגן איר שמד, האָט צו־גענומען ביי איר אירע זאַכן. די ליבע צום קריסטנטום, וועלכע זי האָט פון יוגנט אָן געפילט, האָט זי באַוואויגן צום דאָזיקן שריט״.

**האַללע, מינסטער**, 1836. **סימאָן לאה, דינסטמיידל אין שטראָמבערג**:

„נישט נאָר די מוטער, סידנאַ סימאָן, נאָר אויך **די פאָרשטייער פון דער יידישער געמיינדע** אין שטראָמבערג, האָבן מספים געווען, זי זאָל זיך שמדן און חתונה האָבן מיט פעטער היינריך דעלבריגע. די (אָקטן וועגן די) פאַרהאַנדלונגען מיט דער מוטער, מיט דעם יידישן פאָרשטאַנד (פון דער געמיינדע) און מיט דער פאַרוואַלטונגס־מאַכט אין פאָלדע געפינען זיך אין דעם 1טן קירך־באַצירק אין האַללע״.

**טריר. ראָזאַליע שוויך, אַ נייטערקע**:

„האָט פון יוגנט אָן נישט געהאַט קיין פרייד פון יידנטום און אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע ליבע צו דער קאַטוילישער אמונה, וואָס האָט אויך באַשטימט איר אַרי־בערגיין (צום קריסטנטום) נאָכן טויט פון אירע עלטערן״.

**ברעסלע** 1842. **איציק צערקאָווסקי**:

„אויפפירונג גוט. דער פראָזעליט איז בקי אין תנ״ך און אין די ווערק פון חכמי־ישראל. די מיסיאָנערן האָבן אים רעקאָמענדירט צום פאַסטאָר טויכלער, ביי וועלכן ער האָט שוין גענומען אונטעררי כט. אַז ער איז אָבער געוואויר געוואָרן וועגן די שפּאַלטונגען אין דער פראָטעסטאַנטישער קירך, האָט ער זיך גע־ווענדעט צום קאַטאַליציזם״.

**מעמעל. זשאַנעטע הערמינע ראָזע**:

„ביי־געבוירן קינד פונעם סוחר הערמאַן היפּאָליט ראָזא אין פּאָלאַנגען, רוסלאַנד. דער פאָטער פונעם קינד איז שוין פון פריער געשמדט, אָבער די מוטער מאַריאַ שאַרלאָטע ראָזא, וועלכע האָט דאָס קינד געבראַכט צום שמד, איז אַ יידישע פרוי און וויל פאַרבלייבן ביים יידנטום״.

**כריסטבורג** 43 (**קעניגסבערג** 19). **אַנאַ מאַריא גאָטהילף**. אַ מיידל, געוואוינט אין דער מוטערס הויז, 25 יאָר אַלט:

„די פראָזעליטין איז די טאָכטער פון אַנאַ דאָראָטעא האָפמאַן, וועלכע האָט געוואוינט אין דאָרף בוימגאַרט. געהערנדיק צו דער עוואַנגעלישער אמונה, האָט זי זיך מיט 20 יאָר צוריק מתקרב געווען מיטן יידישן הענדלער שמואל גאָטהילף, האָט פון אים געבוירן אַן אומגעזעצלעכע טאָכטער, נאָכדעם איז זי אַריבערגעגאַנגען צום יידנטום, איז אַריבערגעפאָרן קיין כריסטבורג, האָט געהאַט מיטן מאַן נאָך דריי קינדער, און אפילו נאָך זיין טויט, מיט אַן ערך 14 יאָר צוריק, ביזן היינטיקן טאָג איז זי געבליבן אַ טרייע יידיש קינד. די געטויפטע רעגאַטאַ גאָטהילף איז איר צווייטע טאָכטער, וועלכע איז אויפגעוואַקסן אָן אַ שום אונטערריכט. בעת איר עלטערע שוועסטער און איר יינגערער ברודער זענען טריי איבערגעגעבן דעם יידישן געזעץ, האָט זי פון קינדווייס אָן געהאַט אַ נטיה צום קריסטנטום. זי פלעגט אָפן קומען הערן דעם פּרעדיקער, און אַדאַנק דעם פאַרקער מיט אַ קריסטלעכער פאַמיליע האָט זי באַקומען אַ געוויסע פאָרשטעלונג וועגן דער קריסטלעכער רעליגיע. שוין אין משך פון אַ לענגערער צייט האָט זי זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו ווערן אַ קריסטין, זי איז אָבער געווען נישט גענוג שטאַרק כדי דורכצוברעכן די אויסערלעכע מניעות, ביז זי האָט, סוף כל סוף, דעם זומער דערציילט וועגן איר פעסטן באַשלוס צו שמדן זיך דעם גלח ליידי, וועלכער האָט מיט איר געלערנט. און היות ווי זי האָט זייער שנעל און מיטן גאַנצן האַרצן אויפגעפאַסט דעם אמת פון קריסטנטום מיטן גייסט און געמיט — איז זי געוואָרן עפנטלעך געטויפט אין דעם ביייזיין פון דער צאָלרייך פאַרזאַמלטער געמיינדע. איר אויפפירונג איז שטענדיק געווען זיטלעך און אומבאַפלעקט״.

**בערלין**, 1842. **שניידער־געזעל**, 24 יאָר. געב. אין פויזן:

„בשעת ער האָט געלערנט (שניידעריי) איז זיין בעל־הבית צוזאַמען מיט דער פאַמיליע אַריבער צום קריסטנטום, און דאָס האָט אים אויך באַוואויגן זיך צו מתקרב זיין צום קריסטנטום. ער האָט זיך געשמדט קעגן דעם ווילן פון זיינע קרובים״.

# די צווייטע פֿאַזע פֿונעם קאַמף פֿאַר דער יידישער עמאַנסיפּאַציע אין ענגלאַנד

(*(1836—1830)

פֿון שלמה באַרקין (ניו-יאָרק)

אין יאָר 1830 איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז די ענגלישע יידן גייען אַריין אין אַ נייער פֿאַזע פֿון זייער קאַמף פֿאַר גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דער השפּעה פֿון די טאָלעראַנץ-אידייען אין דעם ענגלישן לעבן. אמת, די יידן זיינען געוועזן מיט זייער קאַמף אַזוי ווי אָפּגעצוימט פֿון דער אַלגעמיינער קאָנסטיטוציאָנעלער רעפֿאָרם-באַוועגונג אין ענגלאַנד; די לעצטע האָט זיך צוגעפּאַסט צו די נייע תּנאים, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז קאָנסטרויִרן. די יידישע באַוועגונג האָט נאָר געהאַט אַן אויסערלעכע שייכות מיט יענער באַוועגונג. די יידן האָבן איינגעזען, ווי נויטיק עס איז שנעל צו דערגרייכן זייער ציל. די אַלגעמיינע קאָנסטיטוציאָנעלע ענדערונגען האָבן אַריינגעבראַכט אַ גרעסערע טאָלעראַנץ, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן באַפעסטיקן, און דאָס האָט געהאָלפֿן די יידן אין זייער קאַמף. אויף דעמדאָזיקן צעאַקערטן באָדן האָט זיך די יידישע באַוועגונג געקענט לייכטער פֿונאַנדערבליִען. אויף דעם באָדן פֿון אַלגעמיינע סאָציאַלע רעפֿאָרמען האָט שוין געקענט גינציקער אַרויסשפּראָצן די אידייע פֿון יידישער גלייכבאַרעכטיקונג. דאָס האָבן פֿאַרשטאַנען די שונאים פֿון דער יידישער עמאַנסיפּאַציע און זיי זיינען געוואָרן מער רירעוודיק.

צו יענער צייט זעען מיר אַ סך שינויים אין לעבן פֿון ענגלאַנד, שינויים, וואָס האָבן ממילא געמוזט פֿאַרברייטערן דעם האָריזאָנט פֿון דער ענגלישער געזעלשאַפֿט. ענגלאַנד האָט ערשט איינגעפֿירט ביי זיך די אייזנבאַן; עס גרינדן זיך געזעלשאַפֿטן פֿאַר פֿאַרשיידענע צווייגן פֿון אינדוסטריע. עס פֿאַרשווינדט דאָס צעפּוילטע און אָפּגעלעבטע געריכט-וועזן פֿון 18טן יאָרהונדערט, ווען מען האָט פּשוט געקויפֿט ריכטער-שטעלעס; דער מאָנאָפּאָל אויף דראַמעס, ווי אויך פֿאַרשיידענע רעליגיעזע פּריווילעגיעס געהערן שוין צום עבר. דער מיטל-קלאַס ווערט אַלץ מער און מער באַוועגלעך און דערגייט צו אַזאַ מין עקאָנאָמישער חשיבות, אַז אויף אים הויבט זיך אָן שטיצן די רעגירונג.

אויך דרויסנדיקע געשעענישן האָבן געווירקט אויף די פּאָליטישע און סאָציאַלע ענדערונגען פֿון ענגלאַנד. די יולי-רעוואָלוציע פֿון 1830 האָט אין פֿראַנקרייך אַראָפּגעוואָרפֿן די בורבאָנען, אין בעלגיע — צעבראָכן די נידערלענדישע מלוכה, און אין ענגלאַנד האָט זי געגעבן אַ שנעלן טויט-קלאַפּ דער וואַקלדיקער רעגירונג פֿון וועלינגטאָנען. דער טויט פֿון דעם קיניג דזשאָרזש דעם פֿערטן האָט פֿאַרענדיקט די אַלטע עפּאָכע און האָט געשאַפֿן די מעגלעכקייט פֿון אַ נייער אַנטוויקלונג. אין די וואַלן, וואָס זיינען דאַן פֿאָרגעקומען, האָבן די „טאָריס" פֿאַרלאָרן זייער אַ סך פּלעצער אין פּאַרלאַמענט און אָנשטאָט זיי זיינען אויסגעוויילט געוואָרן ראַדיקאַלן און ליבעראַלע קאַנדידאַטן. וועלינגטאָנס אויסגעשפּראָכענע קעגנערשאַפֿט צו די רעפֿאָרמען איז געווען די סיבה, וואָס די רעגירונג איז געפֿאַלן.

דער דורכפֿאַל פֿון דעם דיוק אָף וועלינגטאָן איז ענג פֿאַרבונדן מיט דער יידישער עמאַנסיפּאַציע-באַוועגונג. אָנשטאָט אַ רעגירונג, אַן אָפֿענע קעגנערין פֿון דער יידישער עמאַנסיפּאַציע, טרעט איצט אַרויס אַ רעגירונג, וואָס איז אמת גלייכגילטיק צו דעם גאַנצן ענין, אָבער וואָס ווייזט אַרויס פּאָזיטיווע נטיות צו דער באַוועגונג. מיט דער צייט ווערן די נטיות מגולגל אין אַן אָנהענגערשאַפֿט פֿאַר דעם פֿאָרשלאָג פֿון עמאַנסיפּאַציע.

אין דעם נייעם קאַבינעט פֿון לאָרד גריי געפֿינען זיך אַ סך יידן-פֿריינד, ווי צ"ב: לאָרד האָלאַנד, מאַרקיז פֿון לאַנדזדאַון און אַנדערע. עס האָט זיך געפֿילט אין דער לופֿטן דער ווינט פֿון אַ נייעם פֿרישן קאַמף. די ליבעראַלע מיטגלידער זיינען שוין געווען אומגעדולדיק און געפֿרעגט,

---

*) אַ קאַפּיטל פֿון אַ ניט-פֿאַרעפֿנטלעכטער אַרבעט — „דער קאַמף פֿאַר דער יידישער עמאַנסיפּאַציע אין ענגלאַנד (1858—1828)". די אַרבעט איז דורכגעפֿירט געוואָרן אינעם סעמינאַר פֿאַר יידישער געשיכטע פֿון ד"ר י. שאַצקי אין ניו-יאָרק און וועט איינגיכן דערשיינען אין אַ בוך-פֿאָרם.

ווען וועט שוין אַריינגעבראַכט ווערן דער פאָרשלאָג וועגן דער יידישער עמאַנסיפּאַציע[1]. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז די תשובה, וואָס גרענט האָט געגעבן וועגן דעם, אַז די פראַגע וועט אינגיכן באַטראַכט ווערן, באַווייזט, אַז אַלע זיינען געווען זיכער, אַז איצט איז די צייט און מען דאַרף ניט פאַרשלאָפן די געלעגנהייט[2].

מען האָט אָנגעהויבן אַריינטראָגן נייע בקשות אין פאַרלאַמענט. „דער באָרד אָף דעפּיוטיס" האָט געלאָזט וויסן, אַז ער מוז איצט האָבן דאָס וואָרט און האָט אַריינגעטראָגן אין די ביידע „הייזער" נייע פּעטיציעס מכוח דער יידן־פראַגע[3]. לאָרד דזשאָן ראָסל האָט אין זיין איינלייטונג צו דער פּעטיציע, וואָס דריי פּראָטעסטאַנטישע סעקטעס האָבן אַריינגעטראָגן אין פאַרלאַמענט וועגן דער יידן-פראַגע, געשריבן, אַז ער איז אויך מסכים, אַז די יידישע לאַגע דאַרף פאַרבעסערט ווערן[4].

דער ערשטער נצחון פון דעם יאָר 1831 איז געקומען פון לאָנדאָן. דער לאָנדאָנער שטאָט־ראָט האָט באַשלאָסן, אַז פון ערשטן יאַנואַר אָן קענען אַלע געבוירענע אין לאַנד און ניט צוגעלאָזטע צו בירגערשאַפט צוליב דעם, וואָס זיי זיינען ניט קיין קריסטן, ווערן פולבאַרעכטיקטע בירגער פון דער שטאָט לאָנדאָן. יעדערער פון זיי האָט דאָס רעכט צו געבן די שבועה לויט זיין רעליגיע[5]. דער־דאָזיקער געזעץ האָט געלייגט דעם גרונדשטיין פאַר דעם שפּעטערדיקן קאַמף פאַר פּאָליטישע רעכט אין די ענגלישע שטעט.

דעם אויבנאָן האָט אין משך פון די צוויי יאָר (1832—1831) פאַרנומען דער אַלגעמיינער פאָרשלאָג וועגן רעפאָרמען. לאָרד דזשאָן ראָסל האָט אים אַריינגעבראַכט אין אונטערשטן הויז, אָבער די קאָנסערוואַטיווע דעפּוטאַטן האָבן געשטימט קעגן אים און ער איז דורכגעפאַלן. ביי די נייע וואַלן האָבן די ליבעראַלן געוואונען אַ סך פּלעצער און האָבן עס דאָ דורכגעפירט. אָבער איצט האָט דאָס אויבערשטע הויז אים ניט דורכגעלאָזט. ענדלעך האָבן אין 1832 די לאָרדן פאַרשטאַנען, אַז זיי מוזן זיך אונטערגעבן. דער געזעץ האָט פאַרזיכערט אַן אָנגעזעענעם אָרט דעם קליינבירגערטום און עס איז געוואָרן קלאָר, אַז דער־דאָזיקער קלאַס וועט מוזן האָבן די ממשלה. אין דעם אַלגעמיינעם נצחון פון דעם קליינבירגערטום האָבן די יידישע קליינבירגער געזען אויך אַ טיילווייזן נצחון פאַר זיך.

אין משך פון די צוויי יאָר, וואָס עס איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף פאַר די אַלגעמיינע רעפאָרמען, האָט די ספּעציעלע יידישע עמאַנסיפּאַציע־באַוועגונג קיין פּראָגרעס ניט אַרויסגעוויזן. די יידן האָבן געמוזט נאָכגיין נאָכן שטראָם, אָבער אינעם שטראָם גופא זיינען זיי ניט געווען. די באַציאונג צו דער יידן־פראַגע איז געוואָרן אַ פּאָזיטיווע להלכה, אָבער אַ פּאַסיווע לויט די מעשים. דער פּאָליטיש־דענקנדער ענגלענדער האָט געקוקט אויף דער יידן־פראַגע, ווי אויף אַ טייל פון די אַלגעמיינע רעפאָרם-פראַגן: ווען די אַלגעמיינע געזעצן וועגן רעפאָרמען דורכגיין — דאַן וועט אויך די יידן־פראַגע אינאיינעם מיט זיי געלייזט ווערן.

אין דער דערוואַרטונג, אַז די פּעטיציעס וועגן דער יידישער גלייכבאַרעכטיקונג וועלן אַריינגעטראָגן ווערן אין פאַרלאַמענט, האָבן אייניקע יידישע כלל-טוער אויפס'ניי אָנגעהויבן זייער פּראָפּאַגאַנדע. דער יונגער גאָלדסמיד איז אַרויס מיט נייע אַרגומענטן פאַר דער יידישער עמאַנסיפּאַציע. ער האָט געטענהט, אַז די סיבות פאַר דער קעגנערשאַפט צום יידן־געזעץ נעמען זיך דערפון, וואָס אין די הויכע ענגלישע קרייזן קען מען די יידן ניט, מחמת זיי האָבן ניט קיין צוטריט אַהין. דערפון נעמען זיך אַלע פאָראורטיילן. דאַקעגן דער מיטלקלאַס קען די יידן פון טאָג־טעגלעכן לעבן און איז פריינדלעך געשטימט צו זיי. דער מיטלקלאַס איז גרייט צו העלפן באַפרייען די יידן פון זייער רעכטלאָזיקייט. גאָלדסמיד שטרייכט אונטער די ליבע און די געטריישאַפט פון די יידן צו ענגלאַנד. די־דאָזיקע ליבע קען אַפילו ניט געמינערט ווערן צוליב דעם גלויבן, אַז יידן האָפן זיך אַמאָל אומקערן קיין ארץ־ישראל. די יידן האָבן קיין שום באַזונדערע פּאָליטישע טענדענצן ניט פאַר זייער עקזיסטענץ און אָנערקענען זיך ניט פאַר קיין נאַציע. זיי זיינען בירגער פון דעם לאַנד, וואו זיי וואוינען. אַדאַנק זייער געניטקייט אויף דעם געביט פון מסחר זיינען די יידן אַ געוואונטשענער עלעמענט אין לאַנד. גאָלדסמיד האַלט, אַז אַלע אַרגומענטן קעגן דער יידישער עמאַנסיפּאַציע זיינען ניט איבערצייגנד[6].

אויב גאָלדסמיד האָט געמיינט, אַז די צייט פאַר אַ נייעם קאַמף אין פאַרלאַמענט איז שוין געקומען, האָבן אָבער די יידן־פריינד אין דעם ענגלישן געזעצגעבערישן הויז געהאַט וועגן דעם אַן אַנדער מיינונג. ראָבערט גרענט, לאָרד האָלאַנד, דער לאָרד טשאַנסלער און אַנדערע פריינד פון דער יידישער עמאַנסיפּאַציע האָבן זיך שנעל אָריענטירט, אַז דורכפירן ביידע רעפאָרמען אין דער זעלביקער צייט — דאָס הייסט די אַלגעמיינע און די יידישע — איז אוממעגלעך צוליב דעם, וואָס דאָס אויבערשטע הויז איז נאָך אַלץ געווען די פעסטונג פון די אַלטע רעאַקציאָנערע טראַדיציעס. זיי האָבן איינגעזעען, אַז מען דאַרף דעם ענין אָפּלייגן[7]. ווען מען האָט אין פאַרלאַמענט זיך נאָכגעפרעגט וועגן דעם גורל פון דעם יידישן פאָרשלאָג, האָבן זיי געענטפערט, אַז ער איז ניט אַקטועל ביי די איצטיקע אומשטענדן[8]. אויך דער „באָרד אָף דעפּיוטיס" האָט געהאַלטן פאַר נויטיק אָפּצולייגן די אַקטיווע אַרבעט אויף דעם פאַרלאַמענטאַרישן באָדן, ווייל עס האָבן געפעלט די נויטיקע פאָנדן פאַר אַזאַ מין אַרבעט[9].

עס איז אָנגעקומען דאָס יאָר 1832, און די פראַגע פון דער יידישער עמאַנסיפּאַציע איז נאָך אַלץ ניט אַרויס פון איר האַלב-טויטן פּונקט. אַלע פאַרלאַמענטאַרישע זיצונ-

געװען זײַנען אָפּגעגעבן געװאָרן אין משך פֿון יענעם יאָר פֿאַר דעם אַלגעמײנעם רעפֿאָרם־פֿאָרשלאָג. גאָלדסמיד דער עלטערער — שטענדיק אויף דער װאַך — האָט געװאַרט אויף אַ געלעגנהייט, װען מען װעט ענדלעך קענען אויפֿהייבן די פֿראַגע אין פּאַרלאַמענט. ער האָט זיך געװענדט צום פּרעמיער־מיניסטער מיט אַן אָנפֿראַגע, צי װעט ער שטיצן דעם פֿאָרשלאָג װעגן יידן[10]. אָבער די צײַט איז ניט געװען פּאַסיק דערצו. דעם 7טן יוני 1832 האָט דער קיניג אונטערגעשריבן דעם אַלגעמײנעם רעפֿאָרם־געזעץ. אין דעצעמבער דעמזעלביקן יאָר איז פֿונאַנדערגעלאָזט געװאָרן דער פּאַרלאַמענט און אין יאַנואַר 1833 זײַנען פֿאָרגעקומען נײַע װאַלן. די קאָנסערװאַטאָרן זײַנען אַרויס מיט אַ שלאָגװאָרט, אַז עס קומט אַ סוף צום פּריװאַט־אײגנטום אין ענגלאַנד, שטרעבנדיק אויף אַזאַ אופֿן אויסטײַטשן דעם געזעץ פֿון די רעפֿאָרמען, װאָס דער פֿאָריקער פּאַרלאַמענט האָט אָנגענומען. די װײלער האָבן זיך אָבער ניט געלאָזט פֿאַרפֿירן און געשטימט פֿאַר די ליבעראַלע קאַנדידאַטן און אויף אַזאַ אופֿן אָפּגעשװאַכט — אמת, נאָר צײַטװײַליק — דעם אײַנפֿלוס פֿון די קאָנסערװאַטאָרן.

אין דעם נײַ־אויסגעװײלטן פּאַרלאַמענט איז געזעסן אַ דעפּוטאַט, װאָס האָט מיט זיך סימבאָליזירט די דערגרײכונגען פֿון די רעכטלאָזע ענגלישע אײַנװאוינער. דאָס איז געװען — דער קװײקער דזשאָזעף פּיז, װעלכער איז אויסגעװײלט געװאָרן ניט קוקנדיק אויף אַלע שװעריקייטן, װאָס מען האָט אים געמאַכט, דערפֿאַר, װאָס ער איז געװען אַ מיטגליד פֿון אַ סעקטע, װאָס איז ניט צוגעלאָזט געװאָרן אַפֿילו צו בירגער־רעכט[11]. דער דאָזיקער פֿאַקט האָט געגעבן אַן אָנצוהערעניש, אַז אויך די יידן װעט אויסקומען צו פֿירן אַ קאַמף און אפֿשר זיך פֿאַררופֿן אויף אָט דעם פֿאַל.

דער אמתער קאַמף פֿאַר דער יידישער עמאַנסיפּאַציע שפּילט זיך פֿונאַנדער ערשט אין יאָר 1833. דער ליבעראַלער דעפּוטאַט װילקס האָט אַרײַנגעטראָגן אין פּאַרלאַמענט אַ פּעטיציע װעגן בירגער־רעכט און דער אַלט־באַקאַנטער קעגנער פֿון דער יידישער עמאַנסיפּאַציע — ראָבערט אינגליס האָט װײַטער געמאָלדן, אַז ער װעט אָנפֿירן אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע.

פֿון דרויסן האָט גאָלדסמיד דער ייִנגערער װײַטער אומערמידלעך זיך געװענדט צום פּאַרלאַמענט אויפֿפֿאָדערנדיק צו מאַכן אַ סוף פֿון דער יידן־פֿראַגע. אין אַ ספּעציעלער בראָשור האָט ער אַנטװיקלט דעם געדאַנק פֿון יידישן פּאַטריאָטיזם אין ענגלאַנד, װי דאָס איז דער פֿאַל אין אַנדערע לענדער, װוּ יידן װאוינען. יידן — האָט ער געטענהט — זײַנען בירגער, דעריבער דאַרפֿן זײ האָבן די זעלביקע רעכט, װאָס עס האָבן אַנדערע אײַנװאוינער פֿון לאַנד. יידן קענען זײַן זײער גוטע מלוכה־באַאַמטע, װי עס באַװײַזן די בײַשפּילן אין דזשאַמײַקע, אַמעריקע, פֿראַנקרײַך און אַנדערע לענדער[12]. דעריבער דאַרף דער פּאַרלאַמענט אָפּשאַפֿן די אַלע שװעריקייטן, װעלכע שטערן דער יידישער גלײַכבאַרעכטיקונג. גאָלדסמידס װענדונג איז פֿאַרשטאַרקט געװאָרן דורך די פּעטיציעס פֿון לאָנדאָנער יידן און איז אַרײַנגעטראָגן געװאָרן אין פּאַרלאַמענט דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון דעם דעפּוטאַט ד״ר לאַשינגטאָן. דער דאָזיקער דעפּוטאַט האָט בײַם לײענען די פּעטיציע געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז עס איז שוין צײַט צו לייזן די יידן־פֿראַגע, מחמת אַלע אַרגומענטן פֿון די קעגנער זײַנען ניט איבערצײַגנד און מען דאַרף צוליב זײ די יידן ניט אונטערדריקן[13].

אין משך פֿון אַ קורצער צײַט זײַנען פֿון פֿאַרשײדענע טײלן פֿון ענגלאַנד, שאָטלאַנד און אירלאַנד אַרײַנגעשיקט געװאָרן אין פּאַרלאַמענט 48 פּעטיציעס לטובת דער יידישער עמאַנסיפּאַציע, אונטערגעשריבן פֿון 45026 בירגער. פֿון די קעגנער פֿון דער עמאַנסיפּאַציע זײַנען אַרײַנגעשיקט געװאָרן בסך־הכּל 5 פּעטיציעס מיט 134 אונטערשריפֿטן[14].

אײנער פֿון די שטאַרקסטע קעגנער פֿון דער יידן־עמאַנסיפּאַציע איז געװען ק אָ ב ע ט. אַלײן אַ ראַדיקאַל, אפֿשר דער ראַדיקאַלסטער פּאָליטיקער פֿון יענער צײַט, האָט קאָבעט באַװיזן אַ קונץ צונויפֿפּאָרן סאָציאַלן ראַדיקאַליזם מיט אַן אָפּאָזיציע קעגן יידן־רעכט. הגם דאָס איז געװען אַן אויסנאַם צװישן די ראַדיקאַלן, דאָך האָט ער געשפּילט אַ גרויסע ראָלע שוין דערמיט אַלײן, װאָס די קאָנסערװאַטיװע דעפּוטאַטן, די אמתע קעגנער פֿון רעכט פֿאַר יידן, האָבן געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו פֿאַררופֿן אויך אויף אים. קאָבעט האָט געהאַלטן, אַז די אַנגליקאַנישע קירך איז די אײנציק אמתע; ער האָט באַקעמפֿט מיטן זעלביקן אימפּעט די מעטאָדיסטן, די קװײקערס, די אַנדערע דיסידענטן און — די יידן. זײ אַלע זײַנען אין זײַנע אויגן געװען שונאים, װעלכע מ׳דאַרף גלײַך בײַקומען[15]. די יידן האָט ער אָנגערופֿן: די מערדער פֿון קריסטוסן, דער „אָפּפֿאַל״ פֿון דער געזעלשאַפֿט, „האָרעפּאַשניקעס, װאָס אַרבעטן קײנמאָל ניט״[16]. אין זײַנע רעדעס אין פּאַרלאַמענט קעגן דעם פֿאָרשלאָג פֿאַר יידישער עמאַנסיפּאַציע פֿלעגט ער אַלע מאָל אַרויסשטעלן די אַרגומענטן, אַז יידן זײַנען ניט צוגעפּאַסט צום אַקער־אײַזן, ד. ה. אַז זײ קענען זיך ניט פֿאַרנעמען מיט ערדאַרבעט, אָדער מיט אַנדערע נוצלעכע באַשעפֿטיקונגען. דאָס אײנציקע, װאָס זײ קענען, איז — אויספּרעסן געלט[17]. קאָבעטס אַרויסטרעטונגען האָבן אַרויסגערופֿן אַ שטאַרקן פּראָטעסט מצד די יידן. דער פּוילישער ייד ה ײ מ אַ ן ה ו ר אָ װ י ץ, אַ פּראָפֿעסאָר פֿון העברעאיש אין לאָנדאָנער אוניװערזיטעט, האָט אויף זיך גענומען די אויפֿגאַבע צו ענטפֿערן קאָבעטן — הויפּטזעכלעך אויף דעם אַרגומענט װעגן דער ערמאָרדונג פֿון קריסטוסן. אין אַ ספּעציעלער בראָשור האָט ער אָנגעװיזן אויף די אַלע פֿאָראורטײלן און פֿאַלשע באַשולדיקונגען פֿון דעם דעפּוטאַט קאָבעט[18].

די קעגנער פֿון דער יידישער עמאַנסיפּאַציע האָבן זיך באַנוצט מיט נאָך אַ מיטל אָפּצושװאַכן די יידישע

פּאָדערונגען: זיי האָבן געטענהט, אַז דאָס פאַרלאַנגען נאָר אַ הייפל יידן, אונטער וועלכע עס שטייט ניט די יידישע מאַסע. די יידישע כלל־טוער האָבן אויף דערדאָזיקער באַשולדיקונג, אַז די רעכט פאַר יידן אינטערעסירן נאָר אַ גרופּע, וואָס ווילן פאַר זיך באַקומען העכערע געזעלשאַפטלעכע שטעלעס אין לאַנד, געענטפערט מיט אַ ריי שנעל אַרויסגעגעבענע בראָשורן. חוץ דעם איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ בריוו צו גרענטן, אונטערגעשריבן פון די אָנגעזעענסטע יידן, מיט אַ פאַרזיכערונג, אַז זיי זיינען אַלע אינגאַנצן מסכים מיט די אַרויסגעשטעלטע פאָדערונגען און גלויבן, אַז ער וועט זיי העלפן צו געווינען דעם גערעכטן קאַמף[19].

דעם 17טן אַפּריל 1833 איז דער פאָרשלאָג וועגן דער יידישער עמאַנסיפּאַציע אַריינגעטראָגן געוואָרן אין פּאַרלאַמענט[20]. אינגליס האָט זיך געשטעלט קעגן אים, אָבער ער האָט ווינציק וואָס געקענט אויפטאָן. אַדאַנק דעם, וואָס אינעם דעפּוטאַטן־הויז איז דורכגעגאַנגען דער אַלגעמיינער רעפאָרם־געזעץ, איז געשאַפן געוואָרן אַ גינציקע שטימונג פאַר דעם ספּעציעלן יידישן פאָרשלאָג. דער דעפּוטאַט גרענט, וואָס האָט דעם פאָרשלאָג אַריינגעטראָגן, האָט דערקלערט, אַז עס איז נויטיק אָפּצושאַפן די בירגערלעכע אומרעכטן, פון וועלכע עס ליידן „די יידישע אונטערטאַנער פון זיין מאַיעסטעט“. ער האָט פאָרמולירט זיין פאָדערונג אין אַזאַ יורידישער סכעמע: דיזעלביקע אויסנאַמען, וואָס עקזיסטירן פאַר די קאַטאָליקן, דאַרפן זיין גילטיק פאַר די יידן, ד. ה. אַז היות ווי מען האָט שוין אָפּגעשאַפט די באַגרעניצונגען פאַר די קאַטאָליקן, דאַרף מען עס אויך טאָן פאַר די יידן. ווייטער האָט גרענט אַנטוויקלט זיין אַרגומענטאַציע אין גייסט פון דעם ענגלישן פּאָליטישן ליבעראַליזם — אַז קיינער דאַרף ניט באַשטראָפט ווערן מיט אָפּנעמען פון אים די בירגער־רעכט נאָר דערפאַר, וואָס ער איז ניט קיין מיטגליד פון דער אָפיציעלער קירך; דאָס איז פּשוט אַ מיטלעלטערישע שטראָף צו אונטערדריקן מענטשן דערפאַר; אינעם ניינצנטן יאָרהונדערט טאָר אַזאַ זאַך ניט דערלאָזט ווערן. דער דעפּוטאַט מעקאַלי האָט אונטערגעשטיצט גרענטן און צוגעגעבן, אַז ניט די הערשנדיקע קערפּערשאַפט — דאָס הייסט דער קיניג און די רעגירונג — שענקען דאָס רעכט אָנטייל צו נעמען אינעם פּאָליטישן לעבן פון לאַנד, נאָר דאָס איז די פּרעראָגאַטיוו פון פאָלק. דעריבער האָבן די טיילן פון דער באַפעלקערונג, וואָס זיינען ניט צוגעלאָזט צום פּאָליטישן לעבן, דאָס פולע רעכט צו פאָדערן, אַז מען זאָל זיי צום פּאָליטישן לעבן צולאָזן. ער האָט פאַרענדיקט דערמיט, וואָס ער האָט אַפּעלירט צום פּאַרלאַמענט, אַז מען זאָל אָפּשאַפן די רעשטלעך פון דער ביזאַנטיקער אומטאָלעראַנץ. די דעפּוטאַטן היום און אָקאָנעל האָבן מיט באַגייסטערטע רעדעס געשטיצט דעם יידישן עמאַנסיפּאַציע־פאָרשלאָג. אינגליס, דער אָנפירער פון דער אַנטי־יידישער אָפּאָזיציע, איז אַרויס מיטן גאַנצן אימפּעט פון זיין שנאה, אָפּערירנדיק מיט די באַקאַנטע יידן־פיינדלעכע אַרגומענטן. ער האָט קודם־כל אונטערגעשטראָכן, אַז ענגלאַנד איז אַ קריסטלעך לאַנד און ממילא איז די ענגלישע קאָנסטיטוציע — אַ קריסטלעכע און פאַר קריסטן. עס איז פאַרשטענדלעך — האָט ער צוגעגעבן, — אַז מען דאַרף די יידן גאַראַנטירן דאָס רעכט צו לעבן, צו האָבן פריי זייער רעליגיע און זייער פּריוואַט־אייגנטום, אָבער צוליב דעם איז כלל ניט נויטיק צו געבן זיי פּאַרלאַמענטאַרישע רעכט.

ווען עס איז געקומען צו דער אָפּשטימונג איז די אַנטי־יידישע פּאַרטיי געווען זייער געפאַלן ביי זיך, מחמת אירע אַרגומענטן זיינען פאַר דער מערהייט לחלוטין ניט געווען איבערצייגנד און מחמת אין דעם לאַגער פון די יידן־פריינט האָבן זיך געפונען די אָנגעזעענסטע ענגלישע פּאָליטיקער. די אָפּאָזיציאָניסטן האָבן אַפילו ניט אויסגענוצט דאָס רעכט צו פאָדערן אַ נאָמענטלעכע אָפּשטימונג („ראָל־קאָל“). ביי אַ פּשוטער אָפּשטימונג איז דער פאָרשלאָג אָנגענומען געוואָרן און איז אָפּגעשיקט געוואָרן צו באַקומען דעם טערמין פאַר אַ ווייטערדיקער פאַרהאַנדלונג.

דער לאָנדאָנער „טיימס“ איז אַרויס מיט אַ לייט־אַרטיקל וועגן דערדאָזיקער פראַגע און האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל אין פּאַרלאַמענט אָננעמען דעם פאָרשלאָג פאַר יידישער עמאַנסיפּאַציע אָן גרויסע דיסקוסיעס, ווייל די יידן ווייזן זיך אַרויס פאַר געטרייע ענגלישע בירגער און ווייל זיי זיינען אין אַזאַ קליינער צאָל, אַז מען קען גיט און מען דאַרף זיך ניט שרעקן פאַר זייער השפּעה[21].

דעם 22טן אַפּריל האָט מען אין פּאַרלאַמענט דעם צווייטן מאָל געלייענט דעם „ביל“ וועגן יידישע רעכט. אינגליס האָט גענומען דאָס וואָרט און געזאָגט, אַז דער פּאַרלאַמענט גייט אויף געפערלעכע וועגן, אָננעמענדיק דעמדאָזיקן פּראָיעקט. אים האָבן געענטפערט די דעפּוטאַטן ד״ר לאַשינגטאָן און לאָרד ראָסל. מיט אַ מערהייט פון 107 שטימען איז דער „ביל“ דורכגעגאַנגען[22]. די דאָזיקע רעזאָלוציע האָט גלייכצייטיק געקראָגן אַ וואַרעמע אָנערקענונג מצד דער באַפעלקערונג, וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו שיקן פּעטיציעס פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלאַך פון ענגלאַנד; נאָר אַ פּאָר קלויסטערס האָבן אַריינגעשיקט פּעטיציעס קעגן די יידן[23]. נאָכן צווייטן לייענען, ווען עס איז באַשטימט געוואָרן איבערצוגעבן דעם אָנגענומענעם פאָרשלאָג צו דער קאָמיסיע, — וואָס איז לויטן ענגלישן געזעץ דאָס גאַנצע דעפּוטאַטן־הויז, — האָט די אָפּאָזיציע געפּרוּווט צו מאַכן שוועריקייטן. זי האָט פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל פריעשליסן די זיצונג, און ווען דאָס האָט זיך ניט איינגעגעבן — האָט זי געפּרוּווט אַריינצוטראָגן געוויסע ענדערונגען אין דעם אַלגעמיינעם פּראָיעקט. אויך דאָס האָט זיך ניט איינגעגעבן[24]. דאָס דריטע לייענען פון דעם פּראָיעקט איז דורכגעגאַנגען אָן שום שוועריקייטן און ער איז ענדלעך אָפּגעשיקט געוואָרן צום הויז פון די לאָרדן[25].

אין דער צייט, ווען עס איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף אין פּאַרלאַמענט, האָט זיך באַוויזן אַ כאַראַקטעריסטישע אַנאָנימע שריפט וועגן דער יידישער עמאַנסיפּאַציע. דער אומבאַקאַנטער מחבר האָט גערעדט מיט אַן ענערגישן און פרישן, ביז איצט ניט געהערטן טאָן. ער האָט געשריבן, אַז די וויכטיקסטע סיבה פֿון דער יידישער רעכטלאָזיקייט אין ענגלאַנד איז, וואָס די ענגלענדער קענען ניט די יידן־פֿראַגע און טוען גאָרניט כּדי זי צו פֿאַרענטפֿערן. אויב די יידן פֿאַרנעמען זיך ניט מיט פּראָדוקטיווע אַרבעטן, איז עס נאָר דערפֿאַר, וואָס זיי זיינען אונטערדריקט. „די ענגלענדער, וואָס ווייזן אַלעמאָל אַרויס אַזוי פֿיל רחמנות און גוטסקייט — האָט ער געשריבן — וועלן איצט אויך ניט דערלאָזן, אַז זייערע לאַנדסלייט זאָלן לעבן אונטער אַזעלכע אומשטענדן”[26].

דערווייל איז דער „ביל” וועגן דער יידישער עמאַנסיפּאַציע אָנגעקומען אין דעם הויז פֿון די לאָרדן. די פֿאַר אָנהענגער פֿון יידישער גלייכבאַרעכטיקונג האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דאָ וועט דער קאַמף זיין אַסך אַ שווערערער, ווי אין אונטערשטן הויז. עס איז דעריבער ביי זיי אויפֿגעקומען אַ פֿראַגע, צי דאַרף מען דאָ אַרויסטרעטן מיט אַ מאַקסימאַלער פּראָגראַם פֿון עמאַנסיפּאַציע און צי וואָלט ניט געווען בעסער צו געווינען עפּעס איידער גאָרניט.

אָבער דער דרויסנדיקער וועכטער פֿון דער יידן־פֿראַגע — גאָלדסמיד דער עלטערער — האָט דייטלעך געענטפֿערט, אַז די יידן פֿאָדערן פֿאַר זיך פּאַרלאַמענטאַרישע, ווי אויך אַלע אַ נ ד ע ר ע רעכט[27]. די פֿראַגע איז ניט אַזוי קלאָר געווען פֿאַר דער דעמאָלסטיקער יידישער געזעלשאַפֿט, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום דעם „באָרד אָף דעפּיוטיס.” אויך דאָרטן זיינען געווען מאַקסימאַליסטן און מינימאַליסטן; די ערשטע האָבן געפֿאָדערט פֿולע גלייכבאַרעכטיקונג און די צווייטע זיינען געווען גרייט צו באַגרעניצן זיך מיט געוויסע קאָנצעסיעס. אין 1832 האָט מאָנטעפֿיאָרע און אַנדערע זיך געווענדט צו דער רעגירונג מיט אַ פֿאָרשלאָג וועגן געוויסע קליינע רעפֿאָרמען. ער האָט אָבער דערביי באַמערקט, אַז די יידן ווילן האָבן דאָס רעכט צו זיין געוויילט אין פּאַרלאַמענט[28].

היות ווי דאָס ערשטע לייענען פֿון יעדן געזעץ, וואָס קומט פֿונעם דעפּוטאַטן־הויז אינעם העכערן הויז, ווערט אָנגענומען אָן אַ דיסקוסיע, איז אויך דער יידישער פּראָיעקט תּחילת דאָ אָנגענומען געוואָרן. דעם ערשטן אויגוסט 1833 האָט לאָרט בעקסלי אַריינגעטראָגן דעם פֿאָרשלאָג, אַז מען זאָל דערלויבן צו לייענען דעם פּראָיעקט פֿון יידישער גלייכבאַרעכטיקונג צום צ ווייט ן מאָל. דער ערץ־בישאָף פֿון דובלין, דער בישאָף פֿון טשיקעסטער, דער דיוק פֿון סאַסעקס האָבן פֿאַרטיידיקט דעם פֿאָרשלאָג[29]. קעגן זיי איז אַרויסגעטראָטן דער בישאָף פֿון לאָנדאָן און דער פּירשט פֿון ווינטשעלסיאַ. דער דיוק אָף וועלינגטאָן איז אויך אַרויסגעטראָטן קעגן דעם פֿאָרשלאָג, האַלטנדיק פֿאַר ניט פּאַסיק אַריינצולאָזן ניט־קריסטן אין אַ קריסטלעך געזעצגעבעריש הויז. ביים אָפּשטימען דעם פֿאָרשלאָג האָבן זיך אַרויסגעזאָגט 104 קעגן און 54 פֿאַר[30].

דער רעזולטאַט פֿון דער אָפּשטימונג האָט באַוויזן די לאָרדן קליפֿאָרד און האָלאַנד אַריינצושיקן פּראָטעסטן, אין וועלכע זיי האָבן אונטערגעשטראָכן, אַז רעליגיעזע מאָטיוון זיינען ניט קיין גענוגנדיקע סיבות פֿאַר אויסצושליסן בירגער פֿון זייערע בירגער־רעכט. דער פּראָטעסט איז געווען אַן אומערוואָרטעטער, ווייל פֿאַר דער אָפּשטימונג האָט זיך איינער פֿון זיי אויסגעדריקט, אַז מען דאַרף אויפֿגעבן די האָפֿענונג, אַז דער פֿאָרשלאָג וועט דורכגיין, און האָט זיך געטרייסט מיט דעם, אַז עס וועט לאַנג ניט נעמען ביז דער פֿאָרשלאָג וועט דורכגיין, מחמת פֿיר בישאָפֿן האָבן פֿאַר אים געשטימט[31]. דאָך איז די אַנגליקאַנישע קירך אַלס גאַנצע, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף די קאָנסערוואַטיווע כּוחות, געווען קעגן נייע רעפֿאָרמען. די גרויסע דערגרייכונגען פֿון די דיסידענטן און די קאַטאָליקן אין דעם ענגלישן פּאָליטישן לעבן, די לעגאַליזאַציע פֿון דעם וועלטלעכן שולוועזן און נאָך אַנדערע ענלעכע רעפֿאָרמען האָבן פֿאַרקלענערט די מאַכט פֿון דער קירך. אויב די קירך צוזאַמען מיט די קאָנסערוואַטיווע לאָרדן האָבן ניט געקענט ווירקן אין דעם ליבעראַלן הויז פֿון די דעפּוטאַטן, האָבן זיי אָבער געקענט אָפּהאַלטן און האָבן טאַקע אָפּגעהאַלטן די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פֿון דער רעפֿאָרם־באַוועגונג אין דער שטאַרקער פֿעסטונג — אינעם הויז פֿון די לאָרדן. און דעריבער האָבן זיי געהאַלטן, אַז מען מוז זיין זייער פֿאָרזיכטיק און אויסמיידן דעם וועג פֿון ליבעראַליזם[32]. ניט אַלע פֿאָרשטייער פֿון דער קירך זיינען געווען איינשטימיק מיט אַזאַ מין שטעלונג. עס זיינען שוין צו יענער צייט געווען אַזעלכע פֿאָרשטייער פֿון דער קירך ווי ד”ר ווייטלי, דער ערץ־בישאָף פֿון דובלין, וואָס האָט געהאַלטן, אַז די קירך דאַרף ניט באַאיינפֿלוסן די רעגירונג. צווישן אָט די פֿאָרשטייער פֿון דער קירך האָבן יידן געפֿונען אָנהענגער פֿאַר זייער קאַמף.

עס איז געוואָרן קלאָר, אַז דער קאַמף גייט אַריין אין אַ נייער פּאַזע. נאָר אַן ענדערונג אין דער שטעלונג צו דער יידן־פֿראַגע מצד די קאָנסערוואַטיווע „טאָריס” האָט געקענט עפּעס העלפֿן פֿאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פֿונעם קאַמף פֿאַר דער יידישער עמאַנסיפּאַציע. די קעגנער פֿון דער עמאַנסיפּאַציע אינעם הויז פֿון די לאָרדן האָבן געפֿירט זייער קאַמף אָפֿן און אויפֿריכטיק. זיי האָבן געקוקט אויף דעם גאַנצן ענין פֿון עמאַנסיפּאַציע, ווי אויף אַ באַוועגונג, וואָס וויל צעשטערן דעם גלייכגעוויכט אין דער ענגלישער געזעלשאַפֿט, וועלכע האָט אירע אַלטע טראַדיציאָנעלע יסודות. פֿאַר די ענגלישע יידן איז דערדאָזיקער קאַמף געווען ניט קיין פֿראַגע פֿון אַריינדרינגען אין דער העכערער ענגלישער געזעלשאַפֿט, נאָר קודם־כּל אַ פֿראַגע פֿון אָפּשאַפֿן די רעליגיעזע אומטאָלעראַנץ. אַזוי האָבן זיי

עס פאַרשטאַנען און אַזוי האָבן עס אויך פאַרשטאַנען די ניט-ענגלישע יידן, ווי צ״ב די יידן אין פראַנקפורט-מיין, וואָס האָבן אַפילו געדאַנקט גרענטן פאַר זיין אַרבעט לטובת די יידן אין נאָמען פון די יידן פון דער גאַנצער וועלט[33].

II

דער אומגינציקער קאַמף פאַר דער יידישער גלייכבארעכטיקונג אין 1833 האָט אָבער ניט אָפּגעשוואַכט די יידישע געזעלשאַפטלעכע כּוחות. פאַרקערט, דער דורכפאַל האָט באַוואויגן צו אַ פרישער און נייער אַרבעט, וואָס זאָל קודם-כּל זיך שטעלן די אויפגאַבע צו דערווערבן פאַר זיך די, וואָס זיינען קעגן דער יידישער עמאַנסיפּאַציע. עס האָט זיך געבילדעט אַ נייע געזעלשאַפט, וואָס האָט געהאַט דעם צוועק, ווי מ׳זעט עס פון איר נאָמען, — „צו באַקומען פּאָליטישע און בירגערלעכע רעכט פאַר די ענגלישע יידן״ (The Association for Obtaining for British Jews Civil Rights and Priveleges). די געזעלשאַפט איז באַשטאַנען פון לאָנדאָנער יידן פונעם מיטל-שטאַנד. דער יינגערער גאָלדסמיד און וואַן אָווען האָבן געהערט צו אירע טעטיקסטע מיטגלידער. כּדי צו פּאָפּולאַריזירן די אידייע פון עמאַנסיפּאַציע האָט די געזעלשאַפט אַרויסגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער פּאַרלאַמענטאַרישער יידן-דעבאַטע פון 1833, צוגעבנדיק די טעקסטן פון די פּראָטעסטן פון די לאָרדן האָלאַנד און קליפאָרד, ווי אויך אַ רשימה פון די פּעטיציעס, וואָס זיינען יענעם יאָר אַריינגעטראָגן געוואָרן אין פּאַרלאַמענט[34].

אויסער דער געזעלשאַפט האָבן אויך יחידים זיך גענומען קלאָר צו מאַכן פאַר דער עפנטלעכקייט די יידן-פראַגע. מאָנטאַגו האָט ווידער איבערגעחזרט די אַרגומענטן, ווי ניט-ריכטיק עס איז די מיינונג, אַז יידן זיינען קיינמאָל ניט געוועזן קיין באַאַמטע; יידן — האָט ער געזאָגט — זיינען ניט קיין פרעמדע אין ענגלאַנד און עס איז ניט ריכטיק צו מיינען, אַז זיי וועלן צעשטערן דעם קריסטלעכן כאַראַקטער פון פּאַרלאַמענט[35]. אַ געוויסער דזשאָן קאָלז האָט אין אַ בראָשור אויפגעפאָדערט די קריסטן, אַז זיי זאָלן אַרויסווייזן מער קריסטלעכקייט דערמיט, וואָס זיי וועלן איצט באַפרייען די יידן פון זייער רעכטלאָזער לאַגע[36]. אַן אַנאָנימער מחבר האָט אין אַ ספּעציעלער בראָשור באַשריבן די היסטאָרישע לאַגע פון די יידן אין ענגלאַנד. ער האָט באַמערקט, אַז די קריסטן האָבן דאָס רעכט אויסצוקלייבן אַ יידן אין פּאַרלאַמענט, אָבער די יידן וועלן האָבן שוועריקייטן צו ווערן דעפּוטאַטן צוליב דער רעליגיעזער שבועה. דאָס דאַרף אָבער ניט זיין, ווייל די ענגלישע רעגירונג האָט ניט קיין שום שייכות מיט דער קירך און דעריבער דאַרף די פראַגע פון יידישער גלייכבאַרעכטיקונג באַטראַכט ווערן ניט ווי אַ רעליגיעזער ענין, נאָר ווי אַ פּאָליטישער. ער פאַרענדיקט זיין בראָשור מיט דעם געדאַנק, אַז אָנהאַלטן די איצטיקע פאָרם פון יידישן לעבן מיינט לעגאַליזירן אונטערדריקונג און עקספּלואַטאַציע[37].

עס איז געקומען דאָס יאָר 1834 און דער קאַמף האָט זיך אויפסניי אָנגעהויבן. די עלעמענטן, וואָס האָבן באַאיינפלוסט דעם דורכפאַל פון דעם פאָרשלאָג וועגן יידן-רעכט אין דעם הויז פון די לאָרדן, האָבן ווייטער ענערגיש געאַרבעט. דער פּרעמיער-מיניסטער האָט אָנגעהאַלטן זיין גלייכגילטיקע באַציאונג צו דער גאַנצער פראַגע[38]. זיין גלייכגילטיקייט איז דאָס מאָל געוועזן פאַרשטענדלעך צוליב דעם וואַקלען זיך פון דער רעגירונג בכלל. די אירלענדישע פראַגע און די שנאה פון די אַרבעטער זיינען געוועזן די צוויי וויכטיקע שטערונגען פאַרן קאַבינעט פון לאָרד גריי.

דער אונטערשטיצער פון דעם פאָרשלאָג וועגן יידישע רעכט, לאָרד בעקסלי, האָט באַשלאָסן מער זיך מיט דער פראַגע ניט צו פאַרנעמען. ער האָט ניט געגלויבט, אַז דאָס הויז פון די לאָרדן וועט דאָס מאָל אַנדערש רעאַגירן אויף דעם פאָרשלאָג[39]. דידאָזיקע שטעלונג פון דעם לאָרד איז אויסגעטייטשט געוואָרן אין דעם זינען, אַז איצט איז ניט די צייט פאַר ראַדיקאַלע רעפאָרמען פון דער יידישער געזעצגעבונג, נאָר אַז מען מוז שטרעבן צו געווינען קליינע הנחות. די מינימאַליסטן זיינען צוגעטראָטן צו זייער אַרבעט. די יידישע כּלל-טוער — מאַקסימאַליסטן, מיט גאָלדסמיד דעם עלטערן בראש, האָבן אויך אָנגעפירט ווייטער זייער קאַמף. גאָלדסמיד האָט געאַרבעט, אַז אין פּאַרלאַמענט זאָלן אַריינגעטראָגן ווערן וואָס מער פּעטיציעס, וואָס דריקן אויס די וואונטשן פון די ברייטע ענגלישע מאַסן. איינע אַזאַ כאַראַקטעריסטישע פּעטיציע איז אַריינגעשיקט געוואָרן פון עדינבורג, אונטערגעשריבן פון 6110 בירגער, צווישן זיי 33 מיטגלידער פון שטאָט-ראַט, 19 אַדוואָקאַטן, 1 בישאָף און 26 גלחים.

דעם 24טן אַפּריל 1834 האָט גרענט פאָרגעשלאָגן, אַז דאָס דעפּוטאַטן-הויז זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל אויסאַרבעטן אַ רעזאָלוציע בנוגע די יידישע אונטערטאַנער אין ענגלאַנד[40]. דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן און גרענט האָט אַריינגעטראָגן די רעזאָלוציע. זי איז דורכגעגאַנגען אין דעם הויז פון די דעפּוטאַטן אָן שום שוועריקייטן. מען האָט אָפּערירט מיט דיזעלביקע אַרגומענטן, ווי מיט אַ יאָר צוריק. די קעגנער האָבן געגלויבט, אַז דאָס הויז פון די לאָרדן וועט ניט דערלאָזן צו פאַרשוועכן דעם קריסטלעכן כאַראַקטער פון דער ענגלישער קאָנסטיטוציע[41]. אָבער צוליב ריין-אָפּאָזיציאָנעלע טעמים האָבן די קעגנער פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל שליסן די פאַרזאַמלונג און זיך פונאַנדערגיין. דער פאָרשלאָג איז אָבער אָפּגעוואָרפן געוואָרן[42].

ווען דידאָזיקע פראַגע איז אויף ס׳ניי געקומען אין דעם הויז פון די לאָרדן, האָבן זיך אַרויסגעוויזן דיזעלביקע שוועריקייטן ווי אין יאָר 1833. ווי געוויינטלעך האָט מען ביים ערשטן לייענען גאָר ניט גערעדט[43]. די קעגנער פון

דעם יידן-געזעץ האָבן געזען אין דער אַלץ קלענערער צאָל פון צוגעשיקטע פּעטיציעס אַ סימן, אַז די יידן-פראַגע אינטערעסירט ווייניק וועמען[44]. דעריבער האָבן זיי ניט אַרויסגעוויזן אַזאַ מין קאַמף-עקשנות. אָבער ווען עס איז געקומען צום צווייטן לייענען איז שוין דער קאַמף געווען אָן רחמנות. פירשט פון מאַלמעסבערי, פירשט פון ווינטשעלסיאַ, מאַרקיז פון וועסטמינסטער און ערצבישאָף פון קאַנטערבערי זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן דעם פּראָיעקט פון דער יידישער עמאַנסיפּאַציע. עס האָט גאָרניט געהאָלפן די אונטערשטיצונג מצד דעם לאָרד בעקסלי און דעם פירשט פון ראַדנאַר. אויך דאָס מאָל איז דער פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן געוואָרן אין דעם הויז פון די לאָרדן[45]. דער גאַנצער ענין האָט שוין אָנגעהויבן דערעסן די לאָרדן פון דעם אויבערשטן הויז. עס האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשטאַרקן די שטימונג קעגן אויפנעמען אויף ס'ניי געזעצן, וואָס זיינען שוין אַ פּאָר מאָל דורכגעפאַלן.

פּאַראַלעל מיטן דורכפאַל פון דעם פאָרשלאָג וועגן יידישע רעכט איז אויך געפאַלן דער ליבעראַלער קאַבינעט. דאָס איז געווען אַ גרויסער קלאַפּ פאַר דער יידן-פראַגע. דער קיניג, זעענדיק די ניט-איי ניקייט פון די ליבעראַלן און זייענדיק אַ קעגנער פון זייער פּאָליטיק, האָט גערופן דעם לאָרד וועלינגטאָן, ער זאָל פאָרמירן אַ נייעם קאַבינעט. וועלינגטאָן האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאָג נאָר צייטווייליק, ווייל ער האָט געוואַרט ביז סער פּיל וועט זיך צוריקקערן פון זיין נסיעה, כדי איבערצוגעבן אים צו קאָנסטרואירן אַ קאַבינעט; לאָרד וועלינגטאָן גופא האָט זיך ניט געפילט בכוח אַזאַ קאַבינעט צו שאַפן. ער האָט געמוזט צייטווייליק אַליין פאַרנעמען די גרעסטע צאָל אַמטן אינעם קאַבינעט, וואָס האָט באַטייט כמעט אַ דיקטאַטור. די נייע רעגירונג האָט זיך קאָנסטרואירט אויפן פּראָגראַם פון רעפאָרמען. אָבער נאָר די אומבאַדינגט-נויטיקע; די יידן-פראַגע האָט ניט געהערט צו אָט די נויטיקע פּאָליטישע פּראָבלעמען, מיט וועלכע עס איז כדאי זיך צו פאַרנעמען. וועלינגטאָנס חברים זיינען אַלע געווען אָנהענגער פון קליינע רעפאָרמען, די שטעט אָבער האָבן געפאָדערט ברייטע מוניציפּאַלע רעפאָרמען און זיי האָבן באַוויזן זייער ענערגיע ביי די וואַלן פון 1835, ווען פּילס אָנהענגער זיינען דורכגעפאַלן אין די שטאָט-וואַלן ערב די וואַלן אין פּאַרלאַמענט.

אין דער צייט איז פּיל געוואָרן פּרעמיער און דער קאַמף צווישן אים און די ליבעראַלן האָט זיך פאַרשטאַרקט אין פּאַרלאַמענט גופא. פון דעמדאָזיקן קאַמף איז פּיל אַרויס אַ באַזיגטער און האָט געמוזט רעזיגנירן. אין משך פון דער קורצער צייט, וואָס פּיל האָט רעגירט, איז די יידן-פראַגע אפילו ניט באַרירט געוואָרן.

עס האָט זיך געבילדעט אַ נייער קאַבינעט מיט לאָרד מעלבאָרן אַלס פּרעמיער-מיניסטער[46]. אין דעם קאַבינעט זיינען אַריין ליבעראַלן. די גאַנצע ענערגיע איז בעת די פּאַרלאַמענט-זיצונגען אָפּגעגעבן געוואָרן דער אירלענדישער פראַגע און דער פראַגע פון די שטאָט-רעפאָרמען. כמעט פאַר יעדן פאָרשלאָג האָבן די ליבעראַלן געמוזט שטאַרק קעמפן. די קאָנסערוואַטאָרן האָבן באַקעמפט אויף שריט און טריט די ליבעראַלן. דאָס הויז פון די לאָרדן האָט זיי אויך ניט געשאַנעוועט. דאָס האָט גורם געווען דערצו, אַז די ליבעראַלע פירער האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון אַריינטראָגן דעם פאָרשלאָג וועגן יידישע רעכט, ניט געקוקט דערויף, וואָס דער פּרעמיער-מיניסטער האָט זיך עפנטלעך אַרויסגעזאָגט פאַרן פאָרשלאָג[47].

אויב אויף די סעסיעס פון פּאַרלאַמענט האָט מען וועגן דער יידן-פראַגע ניט גערעדט, האָט זיך אָבער געלאָזט הערן די יידישע שטים פון דרויסן. דוד סאַלאָמאָנס[48], אַ פּאָפּולערע פיגור צווישן די יידישע כלל-טוער, האָט צו יענעם יאָר אַרויסגעגעבן אַ בראָשור, וואָס איז אַ מין סך-הכל פון דער ביז איצטיקער באַוועגונג פאַר דער יידישער עמאַנסיפּאַציע און אויך אַ מין אָנזאָג פון אַ נייעם קאַמף, וואָס האָט זיך באמת אָנגעהויבן אין 1836[49]. אין דערדאָזיקער בראָשור גיט ער איבער די אַרגומענטן פון דעם ערצבישאָף פון לאָנדאָן און ווייזט אָן, אַז דער ייד פאַלט אין דער מיינונג פון דער געזעלשאַפט נאָר אַדאַנק דעם, וואָס ער איז פּאָליטיש רעכטלאָז. דאָס איז געווען די אַרגומענטאַציע פון יידישן מיטל-קלאַס פון ענגלאַנד. סאַלאָמאָנס ווייזט אָן, אַז בעת מען האָט גערודפט די קאַטאָליקן האָט מען טאָלערירט די יידן — און איצט איז פאַרקערט: די קאַטאָליקן און דיסידענטן זיינען באַפרייט פון אַלע באַגרעניצונגען, דאַקעגן די יידן זיינען נאָך אַלץ רעכטלאָז.

דערדאָזיקער סאַלאָמאָנס איז אין יאָר 1835 אויסגעוויילט געוואָרן אין לאָנדאָנער שטאָט-ראַט, אָבער ער איז ניט צוגעלאָזט געוואָרן צו דעם אַמט, ווייל ער איז געווען אַ ייד. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די יידן און די ליבעראַלן זאָלן זיך פאַראייניקן כדי דורכצופירן ענערגישער דעם קאַמף פאַר דער יידישער עמאַנסיפּאַציע. זיי האָבן זיך צופיל פאַרלאָזט אויף דער השפעה פון דער רעגירונג, וואָס האָט אין 1836 זיך אונטערגענומען אויף ס'ניי דורכצופירן דעם יידישן פאָרשלאָג אין פּאַרלאַמענט. עס האָט זיך אָבער געפילט אַ שוואַכקייט אין דער גאַנצער אַרבעט און אַ ניט-געהויבענע שטימונג ביי די פּאַרלאַמענטאַרישע אָנהענגער פון דער יידישער עמאַנסיפּאַציע. ביי די מיטגלידער פון דעם „באָרד אָף דעפּיוטיס” איז דער מוט אַביסל געפאַלן. ער האָט אָנגעהויבן צו ווירקן אויפן וועג פון פּערזענלעכע שתדלנות. מען האָט זיך געווענדעט צום פינאַנץ-מיניסטער רייס, וועלכער האָט זיך אונטערגענומען אַריינצוברענגען אויף דאָס ניי דעם פאָרשלאָג און די כלל-טוער פון באָרד האָבן צוגעזאָגט צו אינספּירירן אַנדערע פּאָליטיקער.

אין דער זעלביקער צייט האָט דער ענערגישער סאַלאָמאָנס אין אַ נייער בראָשור זיך געווענדעט צו דער

רעגירונג וועגן פאַרבעסערן די יידישע לאַגע. די יידן — האָט ער אָנגעוויזן — וועלן ווערן בעסערע בירגער פון ענגלאַנד, אויב מען וועט די באַגרעניצונגען אָפּשאַפן. די בעסטע ראיה דערצו איז, אַז די פראַנצויזישע יידן זיינען בעסערע בירגער, ווי די יידן אין פוילן [50].

דער נייער אויפגענומענער קאַמף האָט זיך ניט אויסגעצייכנט מיט קיין שום פרישע מאָמענטן. אין פּאַרלאַ-מענט האָט מען דעם פאָרשלאָג אַריינגעבראַכט אין אַ צייט, ווען עס איז ניט געווען קיין שום מעגלעכקייט צו פירן אַ דעבאַטע. אין דעפּוטאַטן-הויז האָט דעם קאַמף פאַר דער עמאַנסיפּאַציע אָנגעפירט דער „טשאַנסלער". עס זיינען אַריינגעבראַכט געוואָרן אַ ריי פּעטיציעס, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויסגעצייכנט די פּעטיציע פון צוויי טויזנט איינוואוינער פון סאַנדערלאַנד לטובת דער יידישער עמאַנ-סיפּאַציע, וואָס דער קאָנסערוואַטיווער ראַטמאַן טאָמפּסאָן האָט אַריינגעבראַכט [51]. דעם 3טן אויגוסט 1836 איז דער פאָרשלאָג וועגן יידישע רעכט פאָרגעלייענט געוואָרן צום צווייטן מאָל [52]. אין עטלעכע טעג אַרום איז ער דורכגע-גאַנגען אין דער קאָמיטע [53] און איז פאָרגעלייענט געוואָרן צום דריטן מאָל [54]. דאָס דעפּוטאַטן-הויז איז געבליבן גע-טריי דער ליבעראַלער רעגירונג און האָט דורכגעפירט דעם פאָרשלאָג פאַר דער יידישער עמאַנסיפּאַציע.

אין דער צייט, ווען עס איז נויטיק געווען אַ נייע גינציקע שטימונג פאַר דעם יידן-פאָרשלאָג אין דעם הויז פון די לאָרדן, האָט דער ערצבישאָף ווייטלי באַקומען אַ מע-מאָראַנדום פון אַ גרופּע יידן, אין וועלכן זיי האָבן זיך באַקלאָגט אויף זייער שווערער לאַגע. עס איז שוין אָבער געווען צום סוף פון דער סעסיע און קיין גרויס חשק צו דעבאַטירן די יידן-פראַגע האָבן די לאָרדן ניט געהאַט. דאָ האָבן זיך די קאָנסערוואַטאָרן געפילט שטאַרק און געקענט אָפּוואַרפן יעדן פאָרשלאָג פון דער שוואַכער ליבעראַלער רעגירונג. פאַר דער וועלט האָט מען געלאָזט וויסן, אַז עס וועלן שוין בכלל ניט באַטראַכט ווערן קיין שום פאָרשלאָגן. עס איז ניט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג, ווי צוריק-ציען דעם יידן-פאָרשלאָג [55].

מיטן צוריקציען דעם פאָרשלאָג וועגן דער יידישער עמאַנסיפּאַציע פאַרענדיקט זיך דער צווייטער פּעריאָד פון דעם קאַמף. אין משך פון די נאָענטסטע צען יאָר ווערט דער ענין פון דער יידישער עמאַנסיפּאַציע כמעט פאַרגעסן און אינטערעסירט ניט די געזעצגעבערישע אינסטיטוציעס. מיט דער צייט געווינען די קאָנסערוואַטאָרן אַלץ מער און מער די השפעה אין לאַנד און זיי האָבן טאַקע אָפּגעהיט זייער פּרינציפּ וועגן דורכלאָזן נאָר אַזעלכע רעפאָרמען, וואָס זיינען „נויטיק". די יידן-פראַגע האָט ניט אָנגערירט די אינטערעסן פון אַזאַ גרויסן טייל פון ענגלישן פאָלק, וואָס זאָל קענען עפּעס ענדערן אויף דעם געביט פון פּאָ-ליטיק. ווייל מען האָט פון דער יידן-פראַגע ניט געקענט ציען קיין פּאָליטישע פּראָצענטן, האָט מען פון איר קיין וועזן ניט געמאַכט. עס איז געוואָרן קלאָר, אַז איצט איז ניט די צייט פאַר מאַקסימאַלער עמאַנסיפּאַציע, וואָס זאָל זיין באַפעסטיקט דורך אַ פּאַרלאַמענטאַרישן אַקט, נאָר עס איז די צייט פון מינימאַלע פאָדערונגען מיט דער הילף פון שתדלנות און בקשות. די מינימאַליסטן האָבן געזען, אַז איצט קומט זייער צייט און איידער עס וועט רייף ווערן דער געדאַנק פון דער פּרינציפּיעלער עמאַנסיפּאַציע דאַרף מען זיך באַמיען צו באַקומען לכל הפחות טיילוויי-זע הנחות און דערלייכטערונגען אין דער יידישער לאַגע. זיי האָבן באַשלאָסן אָנווענדן די סטראַטעגיק פון מאַכן לעכער אין דער פעסטונג פון די קעגנער, אויב עס איז ניטאָ קיין כוח די פעסטונג איינגאַנצן איינצונעמען.

## ביבליאָגראַפיע


1) Hansard, Parlamentary Debates, סעריע 3, ב. 1 ז. 985.

2) דאָרטן, ז. 1185.

3) דאָרטן ז. 1109 און 1185.

4) דאָרטן.

5) Piccioto, Sketches of Anglo-Jewish history, 17 פעברואר 1831, ז. 388

6) F. Goldsmid, The arguments advanced against the emancipation of the Jews. considered in a series of letters, 1831.

7) Hansard, v. 2, p. 82; Montefiore's Diaries, v. 1, p. 82.

8) Hansard, v. 2, p. 1216.

9) Emanuel, A century and a half of Jewish history, p. 21.

10) Goldsmid's Letters
דער בריוו פון 11טן יוני 1832, ז. 103.

11) Hansard, v. 14, p. 639-645

12) A few words respecting the enfranchisement of the British Jews, adressed to the new Parliament, by F. Goldsmid, p. 23

13) Hansard, v. 14, p. 559.

14) זע דאָרטן, ביילאַגע מיטן סך-הכל פון אַלע פּעטיציעס.

15) Cole, Life of William Cobbett, p. 189, 190, 328.

16) Cobbtte's Weekly Political Register, פון 20טן יולי 1833, ז. 146

17) Hansard, v. 16, p. 123—125.

18) A Letter to I. L. Goldsmid, Chairman of the Association for obtaining for the British Jews civil and political rights and privileges, on certain misstatements respecting the Jewish religion, by Hyman Hurwitz, Professor of Hebrew in the University of London, London 1833, p. 7.

19) Goldsmid's Letters, דער בריוו פונעם 11טן אַפּריל 1833 צו גרענטן, ז. 185. אונטערגעשריבן האָבן זיך צווישן אַנדערע: י. ל. גאָלדסמיד, פּ. ד. גאָלדסמיד, משה מאָנטעפיאָרע, משה מאַכאַטע, דוד סאַלאָמאָנס, בערנאַרד וואַן אָווען.

20) Hansard, v. 17, p. 205–244.

21) London Times, 19טן אַפּריל 1833

22) Hansard, v. 18, p. 47–59.

23) זע ביילאַגע דאָרט מיט די פּעטיציעס.

24) Hansard, v. 18, p. 1251 — 1252. מיט אַ מערהייט פון 91 שטימען.

25) דאָרטן, דעם 22טן יולי 1833; ב. 19, ז. 1075—1082. מיט אַ מערהייט פון 137.

26) A British Jew to his fellow countrymen, London 1833, p. 44.

27) Goldsmid's Letters, דער בריוו פון 30טן יולי 1833, פון גאָלדסמידן צו לאָרד בעקסלי, ז. 92.

28) Montefiore's Diaries, v. 1, p. 82.

29) דער ערצבישאָף ווייטלי פון דובלין.

30) Hansard, v. 20, p. 221–255.

31) Goldsmid's Letters, p. 101, דער בריוו פון לאָרד האָלאַנד צו גאָלדסמידן.

32) Dean Church, The Oxford Movement; Cornish, The History of the Church of England during the 19 th Century.

33) Goldsmid's Letters, דער בריוו פון 2טן אויגוסט 1833, ז. 168.

34) Debates in the House of Commons on a Resolution in preparation to the introduction and in the House of Lords on the motion of the second reading of the bill for removing the civil disabilities of the Jews, p. 100

35) A Letter to the Right Reverend, the Lord Bishop of Chichester upon the Emancipation of the Jews, by Basil Montagu, London 1834

36) John Coles, Observation on the civil disabilities of the British Jews, London 1834, p. 104. Effingham Nelson.

37) An Appeal to the public in behalf of the Jews in consideration of the policy of removing their final disabilities. Comprehending a brief historical sketch of the residence in this country from their first settlement to the present, 1834.

38) Goldsmid's Letters, דער בריוו פונעם 6 פעברואַר 1834, פון לאָרד גריי צו גאָלדסמידן, ז. 169.

39) Hansard, v. 21, p. 291.

40) Goldsmid's Letters, דער בריוו פון 19 אַפּריל פון פראַנקלין צו וואַן אָווען, ז. 170.

41) Hansard, v. 22, p. 1373.

42) דאָרטן, ב. 23, ז. 1350.

43) דאָרטן, ז. 281–283.

44) דאָרטן, ב. 24, ז. 420 און 731.

45) דאָרטן, ב. 24, ז. 731. פאַרן פאָרשלאַג — 38, קעגן — 130.

46) לאָרד מעלבאָרן (1779 — 1848) איז געוועזן אַ וויכטיקע פיגור אין דער ענגלישער פּאַרלאַמענטאַרישער וועלט. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז זיין לעצטע שטים פאַר זיין טויט איז אָפּגעגעבן געוואָרן לטובת דעם פאָרשלאָג וועגן יידישע רעכט.

47) Goldsmid's Letters, דער בריוו פון 2טן מאַי 1835 פון לאָרד מעלבאָרן צו גאָלדסמידן, ז. 171.

48) דוד סאַלאָמאָנס (1797 — 1873) האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער ענגלישער פינאַנץ-וועלט.

49) A short statement on behalf of his Majesty's subjects professing the Jewish religion, London 1835, p. 35. די אויסגאַבע איז אונטערגעשריבן געוואָרן מיט די איניציאַלן S. D., די צווייטע שוין — David Salomons.

50) Further Observations on behalf of his Majesty's subjects professing the Jewish religion, by David Salomons, one of the Sheriffs of London and Middlesex, London 1836, p. 51 (Appendix containing Oaths and Declarations).

51) Picciotto, p. 391

52) Hansard, v. 35, 1865 — 1875. פאַרן פאָרשלאַג זיינען געווען 39, קעגן — 22.

53) דאָרטן, ב. 35, ז. 1210, דעם 12 אויגוסט 1836. פאַרן פאָרשלאַג —42, קעגן — 3.

54) דאָרטן, ז. 1236–1238; פאַרן פאָרשלאַג — 44, קעגן — 13.

55) דאָרטן, ב. 35, ז. 1318, דעם 19 אויגוסט 1836.

# יידן אין דעם פּוילישן אויפשטאַנד פון 1863

פון ד"ר יעקב שאַצקי (ניו־יאָרק)

פון אַלע פּוילישע אויפשטאַנדן האָט דער אויפשטאַנד פון 1863 געהאַט דעם גרעסטן מזל סיי ביי די היסטאָריקער און סיי ביי די מעמואַריסטן. די מעמואַרן־ליטעראַטור וועגן אים איז אַזוי גרויס, אַז אין דער נייער ביבליאָגראַפיע, וועלכע איז געווידמעט דער קוועלן־ליטעראַטור פון דעם דאָזיקן אויפשטאַנד, פאַרנעמט זי אַ סאָלידן בלאָק פון עטלעכע הונדערט נומערן[1].

אויך ביי די היסטאָריקער איז דאָס יאָר 1863 אַ באַליבטע טעמע. אָנהויבנדיק פון וואַלערי פּשיבאָראָווסקי און ענדיקנדיק מיט די נייסטע פאָרשער, ווי מאַלישעווסקי, טאָקאַזש און אַנדערע, האָבן די היסטאָריקער געפאָרשט און געקליבן מאַטעריאַלן וועגן דעם לעצטן טראַגישן אויפשטאַנד אין פּוילן. ביי זיי אַלעמען אָבער שפּילט די יידן־פראַגע נאָר אַ ביי־ראָלע. אמת, אין זייערע ווערק זיינען צעוואָרפן אוצרות פון פאַקטן, דאַטן און נעמען, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער ראָלע און שטעלונג פון די יידן בעתן אויפשטאַנד. דאָס זאַמלען פון דעם דאָזיקן יידישן מאַטעריאַל האָט זיך אָנגעהויבן ערשט נישט לאַנג. די פּאָר פאָר־שטודיעס, וואָס זיינען שוין געמאַכט געוואָרן, מערסטנטייל אויף דעם סמך פון די געדרוקטע מאַטעריאַלן, זיינען נאָך נישט געווען גענוג, כדי צוצוטרעטן צו אַן אויספירלעכער מאָנאָגראַפיע וועגן דער ראָלע פון יידן אין 1863. אין די אַרבעטן פון מערווין[2], קאָראַבקאָוו[3], ע. נ. פרענק[4], ד"ר. יעקב שאַצקי[5] און אַנדערע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן נאָר אַ קליינער טייל פון דעם דאָזיקן מאַטעריאַל. דער גרעסטער טייל פון דער מעמואַרן־ליטעראַטור און כמעט די גאַנצע פּרעסע — הן די לעגאַלע, הן די רעוואָלוציאָנערע — איז ביז איצט נישט אויסגענוצט געוואָרן ספּעציעל פאַר דעם יידישן מאָמענט פון דעם אויפשטאַנד. דער נאַציאָנאַלער פּוילישער מוזיי אין ראַפּערסוויל (שווייץ), די פּוילישע ביבליאָטעק אין פּאַריז, די יאַגעלאָנער ביבליאָטעק אין קראָקע (אַ פּאָר טויזנט בריוו פון קראַשעווסקין און יאַנאָווסקין) — פאַרמאָגן אַ שפע פון קוועלן־מאַטעריאַל. דער אמאָליקער אַרכיוו פונעם נאַמיעסטניק, היינט — אַרכיוו פון די הויפּט־אַקטן אין וואַרשע, פאַרמאָגט די מאַטעריאַלן פון די רוסישע קריגס־געריכטן בשעת דעם אויפשטאַנד און די פּראָטאָקאָלן פון דעם אַדמיניסטראַציאָן ראַט פון יענע צייטן. אָן די דאָזיקע מאַטעריאַלן איז זייער שווער צו שרייבן אַן אויספירלעכע געשיכטע פון די יידן אין פּוילן בעתן י. 1863.

אויסער די ריין־טעכנישע שוועריקייטן, וועלכע מען דאַרף מנצח זיין ביים שרייבן אַזאַ מין אַרבעט, ד. ה., אויסער די פאָראַרבעטן אויף צו באַקענען זיך מיטן ריזיקן מאַטעריאַל פון יענער צייט, — איז פאַראַן נאָך אַ וויכטיקערע שוועריקייט, אַ ריין מעטאָדאָלאָגישע: וואָס ווילן מיר אייגנטלעך פאָרשן בנוגע דער צייט פון 1863? די ראָלע פון די יידן אינעם אויפשטאַנד גופא? דאָס וואָלט איינפאַך געהייסן געבן אַ רשימה פון יידן, וועלכע האָבן אויף פאַרשיידענע אופנים מיטגעהאָלפן אָדער די פּאָליאַקן, אָדער דעם צד שכנגד. איך צווייפל זייער, צי אַזאַ מין קאַטאַלאָג פון נעמען וואָ"ט געווען בכלל אינטערעסאַנט און צי וואָלט ער געהאַט אַ היסטאָרישן ווערט. ווייל מאַכן אויספירונגען נאָר אויפן סמך פון אַזעלכע רשימות, ווי גרויס זיי זאָלן נישט זיין, איז פונעם ריין־מעטאָדאָלאָגישן שטאַנדפּונקט ריזיקאַליש. פאָרשן די ראָלע פון די יידן בעתן אויפשטאַנד פון 1863 מיינט אייגנטלעך — געבן אַ פולשטענדיק, אַלזייטיק בילד פון דעם יידישן לעבן אין פּוילן ערב דעם אויפשטאַנד, בשעת דעם אויפשטאַנד און נאָכן אויפשטאַנד; שילדערן די באַציאונג פון די אַלע צדדים, וואָס זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין דער שטעלונג פון די יידן צו דער „פּאָווסטאַניע", ד. ה. די פּוילישע געזעלשאַפט, די רוסישע רעגירונג, די רוסישע געזעלשאַפט, די יידן גופא, הן אין פּוילן, הן אין אויסלאַנד. אין דער באַציאונג פון יעדן צד לאָזן זיך פעסטשטעלן גאָר אַנדערע אויסגאַנגס־פּונקטן, וועלכע זיינען אַ רעזולטאַט פון פאַרשיידענע סאָציאַלע און אידעאָלאָגישע קאָנפליקטן. גאָר אַנדערש האָבן זיך באַצויגן צו דער יידן־פראַגע די „רויטע", גאָר אַנדערש — די „ווייסע", און דער נייטראַלער בירגער האָט גאָר געקוקט אויף דעם יידן, ווי אויף אַ פּאָליטישן באַראָמעטער, וועלכער זאָגט אים אָן וואָס צו טאָן און וואוהין צו גיין. דאָס זעלבע זעט מען אויך אין רוסלאַנד. די רוסישע רעגירונג האָט געפאָדערט פון יידן טרייהייט

1) די באַמערקונגען און ביבליאָגראַפיע זע צום סוף פונעם אַרטיקל.

צו רוסלאַנד. די רוסישע ליבעראַלן האָבן אנערקענט נישט נאָר דאָס רעכט, נאָר אויך די פליכט פון די פוילישע יידן, צו זיין אינאיינעם מיט דעם פוילישן פאָלק און מיט דער פוילישער באַוועגונג, אויב זי גייט נישט אַרויס פון די גרענעצן פון אַ לעגאַלן קאַמף פאַר אַ נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין די ראַמען פון דער רוסישער אימפעריע. די רוסישע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן האָבן אַ ק ט י ו מיטגעהאָלפן פוילן און געהאָפט, אַז נאָר אַ טעריטאָריאַלע אָפּשוואַכונג פון רוסלאַנד קען ברענגען אַ ישועה פאַרן רוסישן פאָלק. פאַר אַזאַ מין רעוואָלוציאָנערער שטעלונג האָט זיך שוין געפאָדערט אַן אַנדער אָפּשאַצונג פון דער אַקטיוויטעט פון די יידן אין דעם אויפשטאַנד. דעריבער איז פאַר זיי דער ליבעראַלער עלעמענט, וועלכער האָט זיך געלאָזט מיטציען מיטן אויפשטאַנד, געווען אין אמתן אַן עלעמענט, וואָס האָט פאַראַליזירט דעם אויפשטאַנד. ווען מיר אַנאַליזירן, למשל, די שטעלונג פון די מערב-אייראָפּעישע יידן בנוגע דעם אויפשטאַנד, באַמערקן מיר, אַז נישט נאָר אין יעדן לאַנד, נאָר אַפילו אין פאַרשיידענע צייטן האָט זיך די דאָזיקע שטעלונג געביטן און איז געווען אָפּהענגיק פון דער שטעלונג פון דער אָפיציעלער מלוכה-פּאָליטיק. דעריבער איז אויך מעטאָדאָלאָגיש די אויפגאַבע פון אויפקלערן די ראָלע און שטעלונג פון די יידן אין פוילן בעתן 1863 זייער אַ שווערע און אויך אַ געפערלעכע, אויב מען וויל נישט גיין מיט דער ליניע פונעם קלענסטן ווידערשטאַנד און שאַפן שנעלע, אויבנאויפיקע סך-הכּלען, אַלץ איינס — צי וועלן זיי זיין פּראָ-פויליש אָדער פּראָ-רוסיש.

דעריבער דאַרף אַרויסרופן אַ באַזונדערן אינטערעס אַ פּרוּוו פון אַ יידישן היסטאָריקער צו געבן אַ מאָנאָגראַפיע, וואָס באַהאַנדלט די ראָלע פון די יידן אין דעם לעצטן פוילישן אויפשטאַנד. דער גרויסער אינטערעס, מיט וועלכן דער שרייבער פון די שורות האָט געלייענט דאָס בוך פון דר. נ. מ. געלבער*), האָט אים באַוואויגן צו געבן אַן אויספירלעכן אַנאַליז פון דער אַרבעט, וועלכע איז לעת-עתּה דער ערשטער פּרוּוו פון אַזאַ מין היסטאָרישן סינטעז, געבויט אויף אַ פאַרהעלטנישמעסיק ברייטן קוועלן-מאַטעריאַל.

עס וואָלט געווען אַן איבעריקע זאַך אַרויסצוגיין מיט טענות, אַז דר. געלבער האָט נישט אויסגענוצט כּמעט דעם גרעסטן טייל פון דעם געדרוקטן מאַטעריאַל, איך רעד שוין נישט פון אַרכיוואַלישן. דער מאַטעריאַל, מיט וועלכן דר. געלבער אָפּערירט, געפינט זיך אין די פוסנאָטן און אין די ביילאַגעס פונעם בוך, — און יעדערער, וועמען עס א״ז אויסגעקומען צו אַרבעטן איבער יענער עפּאָכע, זעט די קוועלן-בלויזן. איך מיין, אַז דר. געלבער אַליין גיט זיך אָפּ וועגן דעם אַ פולן דין-וחשבון. אָבער דר. געלבער האָט מסתמא געפילט, אַז ער האָט גאַנץ גענוג מאַטעריאַל, כּדי צו-צומרעסן צו אַ קאָנסטרוקטיווער מאָנאָגראַפיע פון יענער עפּאָכע: מיט איינצלנע קאַפּיטלען פון דער דאָזיקער אַרבעט זיינען מיר שוין באַקאַנט פון פריער, ווייל זיי זענען געווען געדרוקט אין פאַרשיידענע זשורנאַלן, ווי למשל, „צייטשריפט פיר אָסט-אייראָפּייאישער געשיכטע" (1913), „אָסט אונד וועסט", „דער יודע", „אַלמאַנאַך זשידאָווסקי" און אַנדערע.

דר. געלבער האָט פאַרטיילט זיין אַרבעט אין אַכט קאַפּיטלען. דער ערשטער קאַפּיטל גיט דעם צושטאַנד פון דעם פוילישן יידנטום פאַר די יאָרן 1860 — 1864. אין צווייטן קאַפּיטל ווערט באַשריבן די באַציאונג פון דער דעמאָלסטיקער פוילישער געזעלשאַפט צו די יידן. קאַפּיטל דריי און פיר רעדן וועגן דער „פויליש-יידישער פאַרברידערונג". אין פינפטן קאַפּיטל, אונטערן נאָמען „די יידישע איניציאַטאָרן פון דעם פאַרברידערונגס-געדאַנק", ווערט געגעבן אַ ביאָגראַפישע כאַראַקטעריסטיק פון ר׳ בעריש מייזעלס, די פּרעדיקער יאַסטראָוו און קראַמשטיק, ווי אויך פון דעם כּלל-טוער מאַטיאַס ראָזען. אין אַ לענגערן קאַפּיטל (VI) אַנאַליזירט דער מחבר די שטעלונג פון מאַרקיז וויעלאָפּאָלסקי צו די יידן און צו דער יידן-פראַגע. דער זיבעטער קאַפּיטל גיט אַ באַגריף וועגן דער אַקטיוויטעט פון די יידן אין אויפשטאַנד גופא. צום סוף גייט אַן „עפּילאָג" — די לאַגע פון די יידן אין פוילן באַלד נאָכן אויפשטאַנד. אַ באַזונדער טייל פון בוך שטעלן מיט זיך פאָר די אַרכיוו-דאָקומענטן, מערסטנטייל געבראַכט אָן קיצורים. זיי שטאַמען פון ווינער שטאָט-אַרכיוו און באַשטייען פון די ראַפּאָרטן פון דעם עסטרייכישן קאָנסולאַט אין וואַרשע צו דער ווינער רעגירונג, פון די ראַפּאָרטן פון דער לעמבערגער און קראָקער פּאָליציי. אַ באַזונדערן אינטערעס רופן אַרויס די אַרכיוו-מאַטעריאַלן וועגן ר׳ בעריש מייזעלס, זיינע בריוו, אין וועלכע ער פאַרענטפערט זיך, פאַרוואָס ער איז געווען טעטיק אין די „פּאַטריאָטישע דעמאָנסטראַציעס", ווי אויך די בריוו, וואָס שילדערן וויאַזוי מ׳האָט זיך באַמיט צו באַפרייען דעם דאָזיקן רב פון אַרעסט. אויסער די דאָזיקע דאָקומענטן ווערט געבראַכט צום סוף אַ רשימה פון יידן-אָנטיילנעמער אינעם אויפשטאַנד, ווי אויך אויסצוגן פון דער דעמאָלסטיקער פוילישער פּאַטריאָטישער פּאָעזיע, אין וועלכער עס שפּיגלט זיך אָפּ די אידעע פון דער פויליש-יידישער „אחדות".

לאָמיר איצט אַנאַליזירן יעדן קאַפּיטל באַזונדער. כּדי צו פאַרשטיין דעם אַקטיוון אָנטייל פון יידן אין די פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס פון דער פוילישער געזעלשאַפט אין יענער צייט, דאַרף מען קודם-כּל האָבן אַן אַלדייטיק בילד פון דעם געזעלשאַפטלעכן פּראָצעס, וועלכער קומט פאָר אין קיניגרייך פוילן אין דער עפּאָכע צווישן 1831 און 1863. ביז יענער צייט האָט די אַסימילאַציע אין

*) Dr. N. M. Gelber, Die Juden und der polnische Aufstand 1863. R. Lövit (Wien und Leipzig), 235 pp., 1923.

פּוילן נישט געהאַט קיין שטאַרקן איינפלוס. דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס דיווירטשאַפטלעכע סטרוקטור פון דער פּוילישער געזעלשאַפט איז געווען אַ ריין-פעאָדאַלע. דער ייִד האָט געלעבט פון דעם פּריץ, האָט זיינע פּרנסה-זאָרגן באַפרידיקט אין די ד' אמות פון זיין קליין וועלטל, ער האָט זיך געקענט ווי-עס-איז אויסרעדן מיטן פּריץ, און דעריבער האָט ער נישט געהאַט קיין גרויסן אינ־טערעס צו די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פראַגן, ווייל זיי זענען נאָך נישט געקומען צו זיין באַוואוסטזיין, אדאַנק זיין סאָציאַלער איזאָלאַציע. די פּוילישע געזעל-שאַפט האָט אויך געקוקט אויף דער ייִדישער איזאָלאַציע ווי אויף אַ זעלבספאַרשטענדיקער זאַך, ווייל דער ייִד איז נאָך נישט דערוואַקסן צו א העכערער מדרגה פון גע־זעלשאַפטלעכקייט. אין די דעבאַטן פון די פּוילישע סיי-מען פאַר די יאָרן 1815 — 1830 בכלל, און אין דער באַרימטער מאַי-דעבאַטע פון דעם רעוואָלוציאָנערן סיים פון 1831 בפרט, לאָזט זיך הערן אָט די דאָזיקע טענדענץ צו באַפעסטיקן די ייִדישע עקאָנאָמישע און געזעלשאַפט־לעכע איזאָלאַציע. די גרויסע ענדערונג קומט פאָר ערשט אין דער עפּאָכע פון פּאַסקעוויטש, ד. ה. נאָך דעם אויפשטאַנד פון 1831. דעם דריטן יאַנואַר 1832 פירט איין די רוסישע רעגירונג אַ צאָל-גרענעץ צווישן פּוילן און רוסלאַנד. די לפי-ערך רייכע פּוילישע אינ-דוסטריע איז אין אַ צושטאַנד פון ירידה. זי איז גע-ווען ריין-פּויליש, אָדער בעסער געזאָגט — נישט ייִדיש. ווייל די דייטשן האָבן געשפּילט זייער אַ גרויסע ראָלע אין איר אַנטוויקלונג. עס גייען כמעט אונטער אַזעלכע אינדוסטריעלע צענטערן ווי פּאַביאַניץ, אָזאָרקאָוו און טורעק. די טוך־אינדוסטריע ווערט איבערגעטראָגן פון פּוילן קיין ביאַליסטאָק און קיין באַרדיטשעוו. פּוילן ווערט זייער אָרים, און געלט ווערט דעריבער זייער טייער. אין אין אַזעלכע אומשטענדן איז פאַראַן אַ גינציקע קאָניונקטור פאַר אַזאַ קלאַס מענטשן, וואָס האָבן געלט און האַנדלען מיט געלט. ווי שלעכט עס זאָל נישט זיין זייער סאָציאַל-פּאָליטישע און רעכטלעכע לאַגע — זייער געלט עפנט פאַר זיי טיר און טויער פון דער פּוילישער געזעלשאַפט. די אויפגעקומענע גבירים ווערן מחותנים דאָרט, וואו מען האָט זיי ביז איצט נישט געוואָלט דולדן. זייער אַקטיווע פינאַנצי-עלע טעטיקייט באַפעסטיקט זייער געזעלשאַפטלעכע פּאָ-זיציע 6).

געהיימע אָדער סתם היימישע באַנקירן, ד. ה. פּראָצענטניקעס, באַקומען די מעגלעכקייט צו פירן זייע-רע געשעפטן אויף אַן אייראָפּעיִשן אופן. שוין אין יאָר 1799 האָט די שטאָט וואַרשע פאַרמאָגט דרייצן ייִדישע באַנקירן, אָדער „וועקסלער", ווי זיי האָבן זיך גערופן אָפיציעל. דאָס זיינען געווען מערסטנטייל דייטשישע ייִדן, וואָס האָבן זיך צו יענער צייט באַזעצט אין וואַרשע, ווייל וואַרשע האָט בעהערט צו פּרייסן. אין דער תקופה

נאָכן אויפשטאַנד פון 1831 ווערט דער געלט-האַנדל פאַרשפּרייט אין קיניגרייך פּוילן. אין יענער צייט וואַקסן אויס די גרעסטע באַנק-הייזער, וועלכע האָבן שפּעטער גע-שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דעם עקאָנאָמישן אויפלעבן פון לאַנד. מיטן אויסנאַם פון דער קראָנענבערג-פירמע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1822 בשותּפות מיט ראָזענען (דער פאָטער פון מאַטיאַס ראָזען), זיינען אַלע גרויסע באַנק-הייזער אויפגעקומען אין יענער צייט. אין יאָר 1838 ווערן געגרינדעט די פירמעס לעסער, לעווי און לעווענשטיין, אין יאָר 1839 — די בערגסאָנס, אין יאָר 1840 — ווערטהיים און עפּשטיין, אין יאָר 1842 — לעווע. אַ ביסל עלטער זיינען די באַנק-הייזער פון פרענקעל, לאַסקי, גאָלדשטיין און אַנדערע. די דאָזיקע באַנקירן, וואָס האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט, האָבן נישט נאָר געבאָרגט געלט אויף פּראָצענט נאָר זיי האָבן אויך אַרענדירט פאַרשיי-דענע מלוכה-הכנסות פון פּוילן, ווי למשל, די לאָטעריי, שאָסיי-אָפּצאָלונגען, פאַרשיידענע אַנדערע שטייערן, הן אַלגעמיינע (טאַבאַק-מאָנאָפּאָל), הן ייִדישע (כשר-פליישׂ-שטייער). פירנדיק די געשעפטן מיט די דייטשישע באַנ-קירן און זייענדיק אָפטמאָל זייערע פאָרשטייער אין פּוילן, פלעגן זיך די דאָזיקע פּוילישע ייִדן מתחתן זיין מיט זייערע דייטשישע „גלויבנסגענאָסן", געהאַלטן דאָס פאַר אַ גרויס כבוד און אויף אַזאַ אופן אַריין אין דער ספערע פון דער דייטשישער קולטור און שפּראַך. אמת, אסך פון זיי האָבן זיך מיט דער צייט אויסגעשמדט און דווקא אָנגענומען די „דייטש-קריסטלעכע רעליגיע", ד. ה. די פּראָטעסטאַנטישע, — דאָך האָבן זיי אפילו נאָך דעם נישט אויפגעהערט צו שפּילן די אָנפירנדיקע ראָלע אין דעם ייִדישן לעבן און מען האָט אויף זיי אויך געקוקט ווי אויף ייִדן. ביי די דאָזיקע ייִדן זיינען די פעדערן זייער שנעל אויסגעוואַקסן, זיי האָבן געקוקט אויף זיך ווי אויף די איינציקע פאָרשטייער פון די פּוילישע ייִדן. דער ייִדישער פאָלקס-מענטש האָט געהאַט צו זיי צוטרוי שוין צוליב דעם אַליין, וואָס זיי, די דאָזיקע גבירים „די דייטשן", זיינען געווען קרוב למלכות. דער נאַמיעסט-ניק פּאַסקעוויטש, וועלכער האָט זיך בכלל געהאַלטן פונ-דערווייטנס און האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צו די חניפות פון דער פּוילישער אַריסטאָקראַטיע, האָט אָבער צוגעלאָזט צו זיך די עפּשטיינס, ווערטהיימס און ראָ-זענס, וועלכע פלעגן מאַכן פאַר אים גרויסע באַלער אין זייערע סאַלאָנען. אויך אינעם קיניגלעכן שלאָס אין וואַר־שע, וואו דער נאַמיעסטניק פּאַסקעוויטש האָט געוואוינט, פלעגט מען אָפטמאָל זען אויף די שטיפּע און קאַלטע אָפיציעלע באַלער די פּני פון דער וואַרשעווער ייִדי-שער פּלוטאָקראַטיע 7). די דאָזיקע פּריווילעגירטע שטע-לונג פון דעם הייפל רייכע ייִדן פלעגט אַרויסרופן קנאה און צאָרן מצד דער פּוילישער געזעלשאַפט. אסך פּוילי-

שע אַריסטאָקראַטן האָבן זיך גענומען צו באַנק־מסחר, צו האַנדל און אינדוסטריע, כדי צו געווינען זעלבשטענדיקייט און נישט זיין אָפּהענגיק פון דעם יידישן געלט־הענדלער.

„דער ייד — שרייבט אַן עדות פון יענע צייטן — איז געווען דער איינציקער קוואַל פאַר א קורץ־טערמיניקער הלואה". — „דער ייד האָט דערקוטשעט מיט דעם היכן פּראָצענט". אַזוי איז געווען אין דער פּראָווינץ, וואו דער „באַנקיר" פלעגט זיין „באַנק" מיטטראָגן אומעטום מיט זיך. אין וואַרשע אָבער איז די לאַגע געווען אַן אַנדערע. אַרום די באַנק־הייזער, לאָטעריי־געשעפטן האָט זיך אַנטוויקלט אַ נייער טיפּ פון אַ יידישן אינטעליגענט, וועלכער האָט זיך שנעל צוגעפּאַסט צו דער לאַגע, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען, זייער שנעל ליקווידירט זיין גייסטיקע, טראַדיציאָנעלע יידישע ירושה, און אויב ער איז נאָך נישט געוואָרן קיין אסימילאַטאָר, האָט ער דאָך מיט שטאָלץ באַטאָנט זיין אַסימילירטקייט. די באַנקירן האָבן באַאיינפלוסט דאָס פּוילישע לעבן, מען האָט זיך מיט זיי גערעכנט, הגם מען האָט זיי פיינט געהאַט. דער דאָזיקער עלעמענט האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דעם פּראָצעס פון אַסימילאַציע, וועלכער האָט צו יענער צייט געהאַט צוויי ריכטונגען. די יידישע יוגנט האָט זיך שוין סאָלידאַריזירט מיט דער פּוילישער, וועלכע האָט, אונטערן איינפלוס פון דער מערב־אייראָפּעישער רעוואָלוציע פון 1848, און שפּעטער אויך אונטערן איינפלוס פון דער איטאַליענישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, אָנגעהויבן זיך צו אָרגאַניזירן אין געהיימע קרייזלעך און ארויסגעשטעלט א פּראָגראַם פון אַ נאַציאָנאַלער אַסימילאַציע פון די נישט־פּוילישע עלעמענטן אין לאַנד 7a). דער עלטערער יידישער דור, די דייטש־רעדנדיקע סוחרים, באַנקירן און פאַבריקאַנטן האָבן געקוקט אויף דעם ענין פון אַסימילאַציע מער פון אַ *פּראַקטישן* שטאַנדפּונקט, איידער פון אַן אידעאישן. פאַר זיי איז דער ענין אַסימילאַציע געווען אַ מין צופּאַסונג צו די הערשנדיקע תנאים אין לאַנד, אַ געזעלשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע צוועקמעסיקייט, אָן אַ שום נאַציאָנאַלן אונטערשלאַג. דעריבער *פּרעדיקן* זיי נישט קיין אַסימילאַציע אין יענער עפּאָכע, ווייל זיי זענען אין דער פּראַקטיק שוין אַסימילירט און טיילווייז אויך פּריווילעגירט.

די עפּאָכע פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן האָט געבראַכט צו באַדייטנדיקע ענדערונגען אין דער לאַגע. די יידישע בורזשואַזיע אין פּוילן האָט דערפילט, אַז עס קומען אָן נייע צייטן, עס בלאָזן נייע ווינטן פאַר דעם פּוילישן פאָלק. די האָפענונגען אויף נאַציאָנאַלע קאָנצעסיעס לטובת פּוילן זיינען געווען באַגרינדעט אויפן סמך פון דער גאַנצער דעמאָלסטיקער פּאָליטיק אין רוסלאַנד. די יידישע בורזשואַזיע האָט געזען, אַז איצט קומט דער מאָמענט, ווען מ'וועט זיך מוזן צופּאַסן צו דער קולטורעלער סביבה פון לאַנד, ווייל די פּוילישע שפּראַך וועט מוזן באַקומען גרעסערע רעכט און ממילא וועט שוין וואַקסן די השפּעה פון דער פּוילישער קולטור.

עס איז נישט קיין צופאַל, אַז גראָד צו יענער צייט הויבט זיך אָן די באַוועגונג קעגן דייטש און פאַר פּויליש. אַ ביישפּיל פון אַן ענלעכער באַוועגונג געפינען מיר דעמאָלט אין רוסלאַנד. דאָרט האָבן יחידים גערופן די משכּילים צו פאַרוואַרפן די דייטשע שפּראַך און אָנהויבן לערנען רוסיש. עס איז אָבער געווען אַ גרויסער חילוק אין די ביידע אַסימילאַטאָרישע ריכטונגען — אַ חילוק נישט נאָר צוליב געאָגראַפישע פאַרשיידנהייטן, נאָר אויך אַ ריין־פּסיכאָלאָגישער. אין רוסלאַנד האָט דער פּראָצעס פון אַסימילאַציע פאַקטיש באַטייט „אַן עמאַנסיפּאַציע פון דעם ענגן רעליגיעזן יידנטום", ווי עס דריקט זיך אויס אַ פּובליציסט פון יענער צייט, — דעמאָלס ווען אין פּוילן האָט דער דאָזיקער פּראָצעס געהייסן: „דו דאַרפסט ווערן נישט סתּם אַ מענטש, נישט סתּם עמאַנסיפּירט און פאָרגעשריטן, נאָר דו מוזט ווערן אַ *פּאָליאַק*". אויב ל. לעוואַנדאַ האָט געקענט שרייבן, אַז אַ געבילדעטער ייד קען זיין נאָר אַ קאָסמאָפּאָליט, און מען האָט אים דערפאַר נישט גערודפט, — איז דאָס אין רוסלאַנד געווען פאַרשטענדלעך. אין פּוילן אָבער, וואו דער פּראָצעס פון עמאַנסיפּאַציע קומט פאָר אין דער זעלביקער צייט, ווען דאָס פּוילישע פאָלק קעמפט אויך פאַר עמאַנסיפּאַציע, נאָר — פאַר אַ *נאַציאָנאַלער*, האָט ממילא געמוזט דער כאַראַקטער פון דער יידישער אַסימילאַציע טראָגן גאָר אַן אַנדערן שטעמפּל — אַ נאַציאָנאַל־פּוילישן 8).

פּאָטענציעל איז די יידישע בורזשואַזיע אין פּוילן געגאַנגען אויפן וועג צו פּאָלאָניזאַציע, ד. ה. אויף פאַרבייטן די דייטשישע שפּראַך אויף דער פּוילישער — פּונקט ווי די רוסישע משכּילים, וועלכע האָבן צו יענער צייט געטאָן דאָסזעלבע, פאַרבייטנדיק דייטש אויף רוסיש. אָבער דער אינסטינקט פון רעאַליטעט האָט דיקטירט, אַז מען דאַרף זיך נישט באַגרענעצן נאָר מיט דעם שפּראַך־אויסבייט—צוליב דעם, ווייל אין פּוילן איז די שפּראַך נישט גלאַט אַ שפּראַך, נאָר — אַ נאַציאָנאַל־פּאָליטישע קאַטעגאָריע; מ'דאַרף אין די ראַמען פון לעגאַלע פאָרמען אויך מיטקעמפן מיט די פּוילישע נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע עלעמענטן, וועלכע פאָדערן גרעסערע נאַציאָנאַלע רעכט פאַר פּוילן. דער דאָזיקער פּאָליטישער אָפּאָרטוניזם האָט גורם געווען, אַז די פאָרשטייער פון דער יידישער בורזשואַזיע אין פּוילן האָבן אָנגעהויבן מיטשפּילן מיט דער ראַדיקאַלער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין לאַנד, הגם סיי אידעאיש און סיי עקאָנאָמיש איז די דאָזיקע באַוועגונג געווען קעגן זייערע אינטערעסן.

דער דאָזיקער פּראָצעס פון איבערגאַנג פון אַ גע־

ועלשאַפטלעכער אַסימילאַציע צו אַ נאַציאָנאַלער ערב דעם אויפשטאַנד איז ביי דר. געלבער געשילדערט זייער נישט קלאָר. שוין די פאַרטיילונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן אויף דריי גרופּן: חסידים, אָרטאָדאָקסן און אויפגעקלערטע איז אַביסל צו סכעמאַטיש. עס וואָלט געווען אַסך קלאָרער, ווען די גאַנצע פאַרטיילונג וואָלט געמאַכט אויף אַ ריין סאָציאַל-עקאָנאָמישן באַזיס, איידער אויף אַ רעליגיעז-קולטורעלן. די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דעם פוילישן יידנטום איז צו יענער צייט געווען נישט אַזאַ איינהייטלעכע, ווי מען מיינט געוויינטלעך.

איינער, וואָס האָט גוט געקאָנט די פּראָווינץ דערציילט אונז, אַז די יידן אין פוילן האָבן זיך דאַן פאַרנומען מיט פאַרשיידענע מלאכות: יידן האָבן געהאַקט שטיינער אויף די טראַקטן; יידן זיינען געווען שטאַרק פאַרטראָטן אין אַזעלכע מלאכות, ווי שניידעריי, היטל-מאַכעריי, בלעכעריי, גלעזעריי, סטאָלעריי, טאָקעריי און שוסטעריי. אין אַזאַ שטאָט ווי לובלין, למשל, האָבן יידן געבילדעט 50 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל מוליאַרעס. די פּראָפעסיעס פון בעלי-עגלהס, פאַקטרעגער און וואַסערטרעגער זיינען געווען אינגאַנצן אין יידישע הענט. דער שטענדיקער קאָנטאַקט מיטן דאָרף האָט גורם געווען דערצו, אַז די קליינשטעטלדיקע יידן האָבן גערעדט פּויליש אָפּטמאָל בעסער ווי די גרויס-שטאָטישע יידן. דער זעלביקער עדות גיט איבער, אַז גראָד אין די ליטווישע שטעט, ווי שאַוולי, קיידאַנאָוו און אַנדערע, האָבן יידן, זייענדיק עקאָנאָמיש אָפּהענגיק פון די דאָרטיקע פּוילישע פּריצים, געקענט פּויליש אַסך בעסער ווי די יידן אין די ריין-פּוילישע שטעטלעך. אויב זיי האָבן נישט אַרויסגעוויזן אַזאַ אינטערעס צום אויפשטאַנד, ווי די אינטעליגענטישע יידישע קרייזן, — איז דאָס געווען דערפאַר, מחמת זיי האָבן נישט געהאַט קיין פּאָליטישע בילדונג, הגם „מאָראַליש זענען זיי געווען פּאָליאַקן", ווי עס דריקט זיך אויס דער זעלביקער עדות [9]. די חסידים זיינען געווען קעגנער פון עמאַנסיפּאַציע, אָבער נישט דערפאַר, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, אַז די רעליגיע וועט דערפון ליידן, גאָר פּשוט דערפאַר, ווייל רוסלאַנד האָט אין פוילן געשטיצט די חסידישע באַוועגונג, נישט-וועלנדיק דערלאָזן, אַז די פּוילישע באַפעלקערונג זאָל גרעסער ווערן אין צאָל אויפן חשבון פון די יידן. נישט האָבנדיק קיין כוח און אפשר אויך קיין מוט איינצופירן רוסיש אין פוילן, האָט די רוסישע רעגירונג פּאַראַליזירט יעדע בילדונגס-טעטיקייט, וועלכע איז געפירט געוואָרן צווישן די פּוילישע יידן, סיי מצד די „אויפגעקלערטע" יידן, און סיי מצד איניקע פּאָליאַקן, וועלכע האָבן זיך געשטעלט פאַר אַן אידעאַל צו פאַרשפּרייטן די פּוילישע קולטור צווישן די יידן. דער נאַמיעסטניק פּאַסקעוויטש האָט אַ פּאָר מאָל געוואָרנט די פּוילישע יידן קעגן בילדונג, וויסנדיק, אַז די בילדונגס-טעטיקייט קען נישט אָנגיין אין דער רוסישער שפּראַך. די גאַנצע פּאָליטיק פון דער רוסישער רעגירונג אין פוילן אויפן געביט פון בילדונג איז געגאַנגען אויפן וועג פון איינהאַלטן דעם „סטאַטוס קוואָ". דעריבער איז פּאַסקעוויטש אויסגעוואַקסן אין די אויגן פון די חסידישע רביים אין פוילן, ווי אַ מין באַשיצער פון זייערע רעליגיעז-נאַציאָנאַלע טראַדיציעס קעגן דער דרויסנדיקער פּוילישער וועלט, וועלכע האָט זיי געוואָלט צעשטערן. ווען מען האָט שפּעטער איינגעלאַדן ר' איטשע-מאיר אַלטער, דעם גרינדער פון דער גערער „דינאַסטיע", ער זאָל זיין אַ מיטגליד פון דער בילדונגס-קאָמיסיע, האָט ער אָנגענומען די איינלאַדונג, נישט וועלנדיק זיך אַנטקעגנשטעלן די פּאָליאַקן. מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן פלעגט ער אויסהערן די אַלע דעבאַטן, וואָס פאַר אַ שול מ'דאַרף איינפירן פאַר יידן, כדי זיי זאָלן ווי אַמשנעלסטן זיך פּאָלאָניזירן. ער האָט קיינמאָל נישט גענומען קיין וואָרט אין דער דעבאַטע, ווייל ער האָט נישט געוואָלט אַרויסטרעטן אָפן קעגן די עקסטרעמע פּאָלאָניזאַטאָרן, וועלכע האָבן געהאַט דעמאָלט די גרעסטע סימפּאַטיעס צווישן די פּאָליאַקן. איטשע-מאיר אַלטערס שטעלונג איז זייער כאַראַקטעריסטיש שוין דערמיט אַליין, וואָס דער קלוגער פאַרשטייער פון די חסידים האָט מיט זיין פּאַסיוויטעט געזאָגט אפשר מער, ווי אַנדערע מיט זייער ריידן, און ער האָט נישט געגעבן קיין שום מעגלעכקייט צו אורטיילן, מיט וועמען זיינען זיי, די חסידים, — מיט די פּאָליאַקן, אָדער מיט די רוסן? [10]

דאַקעגן די אָרטאָדאָקסן האָבן נישט געהאַט קיין זעלבשטענדיקע פּאָליטישע ליניע בכלל, זיי האָבן נאָכגעטאַנצט די „אויפגעקלערטע" יידן, זייענדיק עקאָנאָמיש אָפּטמאָל פאַרבונדן מיט זיי און געהערנדיק טיילמאָל אויך צו די זעלביקע משפחות. אויב זיי זיינען נישט געווען פּויליש אין קולטור-נאַציאָנאַלן זין, זיינען זיי דאָס אָבער געווען, אַזוי צו זאָגן, אין טעריטאָריאַלן זין. דאָס האַרמאָנישע מיטאַרבעטן מיט די „אויפגעקלערטע" יידן אין די דעמאָלטיקע קהילות באַווייזט אַמבעסטן, אַז די אָרטאָדאָקסן האָבן געקוקט אויף די „אויפגעקלערטע" נישט אַזוי פיינטלעך דערפאַר, ווייל יענע זיינען געווען גוטע שתדלנים אין אַ עת-צרה.

דר. געלבער וויל מאָטיווירן דאָס פאַרהאַלטן זיך פון די יידן צו די פּאָליאַקן דערמיט, וואָס די יידן, פאַרלירנדיק די האָפנונג צו ווערן עמאַנסיפּירט מצד רוסלאַנד, האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן צו די פּאָליאַקן „אין דעם גלויבן, אַז אפשר וועלן זיי אויף אַזאַ אופן שנעלער דערגרייכן זייער ציל" (ז. 19). ער ברענגט אָבער נישט קיין שום ראַיות דערצו, און איך מיין, אַז אַזעלכע ראַיות קען מען טאַקע נישט ברענגען.

די עמאַנסיפּאַציע-האָפנונגען אויף רוסלאַנד פאַר-

שווינדן אין יאָר 1865, אין דער עפּאָכע פון דער נאַציאָנאַליסטישער רעאַקציע נאָכן אויפשטאַנד,—בעת דער פּראָצעס פון פּאָלאָניזאַציע אַנטוויקלט זיך אין פּוילן שוין ביים אָנהויב פון אלעקסאנדער דעם צווייטנס ממשלה, דאָס מיינט אין יאָר 1855, און אַפילו נאָך פריער. עס איז אויך נישט ריכטיק, אז דעמאָלסט הויבן אָן די אויפגעקלערטע יידן צו גרינדן קאָלאָניעס פאַר יידישע ערד־אַרבעטער. די דאָזיקע באַוועגונג איז אויפגעקומען נאָך אין די פערציקער יאָרן און זי איז בכלל כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער עפּאָכע פון פּאַסקעוויטשן. די פּאָלאָניזאַציע הויבט זיך אָן, ווי געזאָגט, אַסך פריער איידער די רוסיפיקאַציע מצד רוסלאַנד. נאָך אין יאָר 1852 טרעט ארויס קראַמשטיק מיט זיינע פּוילישע דרשות אין דער „דייטשישער" סינאגאָגע אין ווארשע. אין יאָר 1857 זענען אין וואַרשע געוועזן זעקס פּוילישע פאָלקסשולן ספּעציעל פאַר יידישע קינדער; אין יאָר 1858 האָט ר' בעריש מייזעלס איינגעפירט די פּוילישע שפּראַך אין די שולן פון דער יידישער קהילה 11). „עס איז שוין נישטאָ קיין יידיש הויז, וואו מ'זאָל נישט דערציען קליינע קינדער מיט דער הילף פון דער פּוילישער שפּראַך" — שרייבט מיט גרויס שמחה אַ ייד פון דער פּראָווינץ 12). פאַרקערט: דער ייד, וואָס האָט געהאַט העכערע בילדונג, האָט צו יענער צייט געהאַט אין רוסלאַנד גרעסערע רעכט, ווי אין קיניגרייך פּוילן. דער רעגירונגס־קאָמיטעט פון 1858 האָט אַפילו באַהאנדלט די פּראַגע, וויאַזוי זאָל מען „די געבילדעטע יידן געבן די זעלביקע בירגער־רעכט, ווי זיי האָבן אין רוסלאַנד, כדי זיי זאָלן קענען באַאיינפלוסן זייערע גלויבנס־ברידער אין גייסט פון צוזאַמענשמעלצן זיך מיט די אַנדערע איינוואוינער אין איין סאָציאַלן קערפּער" 13).

די פּאָלאָניזאַציע האָט געטראָגן אַ ריין־פּראַקטישן כאַראַקטער; דאָס באַווייזט אַמבעסטן דער פאַקט, וואָס דער עלטערער דור פון די „אויפגעקלערטע" האָט געקוקט קרום אויף דער יוגנט, וואָס האָט זיך גרופּירט אין די קרייזלעך פון זעלבסבילדונג. זיי, די עלטערע, האָבן געוואָלט נאָר קענען די פּוילישע שפּראַך—און ווייטער נישט געגאַנגען, בעת די יונגע האָבן פאַרלאַנגט, אַז יידן זאָלן זיין באַקאַנט ניט נאָר מיט דער שפּראַך, נאָר אויך מיט די נאַציאָנאַל־ראָמאַנטישע אידעאַלן פון פּוילישן פאָלק; זיי האָבן געטענהט, אַז די יידן דאַרפן זיך באַהעפטן מיט דעם מאַרטירערישן עבר פון פּוילן. דאָס איז די סיבה, פאַרוואָס דער עלטערער דור האָט זיך געפונען אינעם לאַגער פון די „ווייסע", ד. ה. אין לאַגער פון די ליבעראַלע דעמאָקראַטן אָדער אויטאָנאָמיסטן, און דאַקעגן, — דער יונגער דור פון דער יידישער בורזשואַזיע און פונעם קליינבירגער־קלאַס איז אוועק אין דעם לאַגער פון די „רויטע", פון די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלן. דער יונגער ראַבינער יאַסטראָוו, וועלכער איז געקומען קיין וואַרשע פון דייטשלאַנד, איז אַריינגעפאַלן אין די דאָזיקע פּויליש־געשטימטע יוגנטלעכע קרייזן. אַ מענטש מיט אַ טיפער יידישער טראַדיציע, האָט ער נישט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס עפּיס וויל זיך די יידישע יוגנט באַהעפטן נאָר מיט דער געשיכטע פון פּוילישן פאָלק. ער האָט געפאָדערט פון די דאָזיקע קרייזן, זיי זאָלן זיך באַקענען „מיט דער אייגענער פאַרגאַנגנהייט, מיט די מנהגים און מיט דער געשיכטע פונעם אייגענעם שטאַם". דאָס האָט די דעמאָלסטיקע עקזאַלטירטע פּויליש־יידישע יוגנט נישט געקענט באַנעמען. יאַסטראָוו האָט געקוקט אויף דער פּאָלאָניזאַציע פּונקט אַזוי, ווי די מערהייט פון די דייטשישע רבנים פון יענער צייט. דער ראָמאַנטישער מאַרטירער־אידעאַליזם פון דער פּוילישער יוגנט איז אים געווען פרעמד, און דעריבער האָט ער אויך נישט געקענט באַגרייפן דעם פּוילישן נאַציאָנאַליזם פון דער יידישער יוגנט 14).

דער אַנאַליז פון דעם אָנגעוויזענעם איבערגאַנג פון דייטש צו פּויליש, ווי אויך פון דער אַסימילאַציע בכלל, איז ביי דר. געלבער גרויס נישט קלאָר און היסטאָריש נישט באַגרינדעט. נאָר אַ גענויער אנאַליז פון די פאַרשיידענע שאַטירונגען אין דעם דאָזיקן פּראָצעס קען העלפן בעסער צו פאַרשטיין די באמת־קאָמפּליצירטע לאַגע פון די „אויפגעקלערטע" יידן.

דר. געלבער באַרירט אינעם צווייטן קאַפּיטל פון זיין בוך די באַציאונג פון דער פּוילישער געזעלשאַפט צו די יידן, אָבער ער גיט דאָ לחלוטין נישט קיין אַנאַליז פון די ריכטונגען, וואָס האָבן געהערשט אין לאַנד בנוגע דער יידן־פּראַגע. כדי צו אילוסטרירן ווי דאָס פאָלק איז געווען אַנטיסעמיטיש געשטימט, ברענגט דר. געלבער אַלס באַווייז דעם פּאָגראָם אויף יידן אינעם שטעטל טורעק (יום־כפור 1857) און קומט צו אַן אויספיר, אַז דאָס באַווייזט אונז דייטלעך „ווי גרויס ס'איז געוועזן דער האַס צו יידן אין די נידעריקע פאָלקסשיכטן" (ז. 23). אַזא מין פאַראַלגעמיינערונג אויפן סמך נאָר פון איין פאַקט איז קודם־כל מעטאָדאָלאָגיש פאַלש, איך רעד שוין נישט היסטאָריש. מיר ווייסן, למשל, פון ר' בעריש מייזעלס אַ באַריכט, אַז אין די דאָזיקע אומרוען זיינען געוועזן שולדיק אַ גרופּע דייטשן. אויב מען דאַרף זוכן אַנטיסעמיטישע שטימונגען ביי די פאָלקסמאַסן פון יענער צייט, קען מען זיי לרוב געפינען אין אַנדערע קוועלן און פאַקטן. אויך נישט בעסער איז געשילדערט די באַציונג פון די פּריצים און פון דער אינטעליגענץ צו די יידן. דער לעשניאָווסקי־עפּיזאָד איז דעם מחבר באַקאַנט, אָבער דער הינטערגרונט פונעם עפּיזאָד און די רעאַקציע קעגן אים איז ביי אים נישט באַלויכטן געוואָרן לויט די ריכטיקע קוועלן (זע וועגן דעם ענין פּשיבאָראָווסקיס סעריע אַרטיקלען אין „גאַזעטאַ וואַרשאַווסקאַ" 1913, אויך די בריוו צו קראָנענבערגן און

קראַשעווסקין אין דעם אַרכיוו פון משפחה קראָנענבערג). אויך האָט דער מחבר נישט גענומען אין אַכט די פובליציסטישע ליטעראַטור פון יענער צייט.

מיר ברענגען דאָ עטלעכע מאָמענטן, וואָס כאַראַקטעריזירן די באַציונג פון דער פוילישער געזעלשאַפט און ספּעציעל פון דער פוילישער עמיגראַציע צו יידן. עס זיינען דאָ געווען אַזעלכע מיינונגען, אַז די יידן אין פוילן זענען אַ גוצלעכער עלעמענט נישט נאָר פונעם ריין-נאַציאָנאַלן שטאַנדפונקט, נאָר אויך פונעם עקאָנאָמישן. נאָך אין יאָר 1858 האָט אַן אַנאָנימער מחבר פון אַ בראָשור איבער דער פויערן-פראַגע אָנגעוויזן, אַז מ׳דאַרף די יידן נישט אַרויסשטויסן פון האַנדל, ווייל זיי פאַרמאָגן די נויטיקע אינטעליגענץ דערצו; זאָלן יידישע פאַבריקאַנטן צונעמען יידישע אַרבעטער — דעמאָלט וועט ממילא געלייזט ווערן די פראַגע פון דער יידישער עקספּלואַטאַציע בנוגע דעם פויער, וועלכע נעמט זיך דערפון, וואָס צו פיל יידן לעבן פון האַנדל און פאַרמיטלעריי[15]. דאָס איז איין שטעלונג. גאָר אַן אַנדער שטעלונג צו דער דאָזיקער פראַגע האָבן געהאַט די נאַציאָנאַל-ראַדיקאַלע עלעמענטן פון דער עמיגראַציע. אַזאַ, למשל, מיסטיש-געשטימטער טוער ווי דזוואָנקאָווסקי האָט געקוקט אויף די פוילישע יידן, ווי אויף די גייסטיקע שותפים פון פוילישן פאָלק, מיט וועלכן זיי דאַרפן זיך „צונויפגיסן אין איין קערפּער“. דזוואָנקאָווסקי האָט באַקעמפט דעם שטאַנדפונקט, אַז די עמאַנסיפּאַציע פון די יידן אין פוילן איז אַ ריין-אוטיליטאַרער ענין, אַ מין „גלייכבאַרעכטיקונג פון אַקציאָנערן-שותפים, געגרינדעט פאַר ערדישע נוצן“, ווי ער דריקט זיך אויס אין זיין אייגנאַרטיקן פאַטעטישן לשון. פון דעם איז צו זען, אַז עס איז נישט ריכטיק די כאַראַקטעריסטיק פון געלבערן (ז. 27), אַז די פוילישע געזעלשאַפט האָט געקוקט אויף די יידן פון אַן אוטיליטאַרן שטאַנדפונקט. דער אוטיליטאַריזם איז געווען אין ביידע לאַגערן: אין פוילישן און אין יידישן, און יעדע ריכטונג האָט געהאַט איר אויסטייטשונג פון אוטיליטאַריזם. וויעלאָפּאָלסקיס אוטיליטאַריזם, למשל, איז באַשטאַנען אין וועלן שאַפן פון די יידן אַ מיטלשטאַנד; די אָנפירער פון די „רויטע“ האָבן קודם-כל געוואָלט אויסנוצן די רייכע יידן, אַלס געלט-געבער פאַרן אויפשטאַנד, און די אָרימע יידן, — אויב נישט אַלס אַקטיווע קעמפער, איז לכל-הפחות אַלס שפּיאָנען וכדומה. עס האָט זיי בשעת-מעשה ווייניק געקימערט די פראַגע, צי קענען די דאָזיקע יידן פויליש אָדער נישט, ווייל זיי האָבן גאָר אַנדערש געקוקט אויף דעם פּראָצעס פון פּאָלאָניזאַציע. גאָר אַן אַנדער ריכטונג, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו די „רויטע“, האָט געהאַלטן, אַז די פּאָלאָניזאַציע איז דער הויפּט-פאָרבאַדינג, אויפן סמך פון וועלכן מ׳קען בכלל צולאָזן די יידן צו וועלכער עס איז אַקטיוויטעט אין אויפשטאַנד. אויב דר. געלבער מיינט דעם געזעלשאַפטלעכן אוטיליטאַריזם, — איז דען אַזאַ שטעלונג נישט דאָמינירנד אין דעם קאַמף פאַר עמאַנסיפּאַציע אין אַלע לענדער בכלל?[16]

נישט באַגרינדעט איז אויך דעם מחברס מיינונג, אַז „די פּאָליאַקן האָבן געקוקט אויף די יידן, ווי אויף די טרעגער פון דער דייטשישער און רוסישער קולטור“ (ז. 22). דער קאַמף קעגן דעם דייטשן קולט אין פוילן האָבן אָנגעהויבן די יידן אַליין. נאָך אין יאָר 1845 האָט דער קראָקער פּראָפעסאָר דר. וואַרשויער זיך געווענדט צו די יידן פון אַלע פוילישע פּראָווינצן, אַז זיי זאָלן אויפגעבן די דייטשישע שפּראַך און זיך נעמען צו פויליש. אין וואַרשע האָבן עס טאַקע געטאָן יידישע סטודענטן אין די יאָרן 1856—1861. וועגן אַ רוסיפיקאַציע אין יענער צייט איז בכלל אוממעגלעך צו ריידן. אַפילו די עקסטרעמסטע אָנהענגער פון דער רוסיפיקאַציע אין רוסלאַנד האָבן געהאַלטן, אַז די פוילישע יידן דאַרפן אָננעמען די פוילישע שפּראַך; לעוואַנדאַ אַליין האָט אין די צייטונגען „ראַזסוויעט“ און „סיאָן“ פאַרטראָטן דעם דאָזיקן שטאַנדפונקט, און אַפילו שפּעטער, אין דער עפּאָכע פון רעאַקציע אין רוסלאַנד, האָט אין די יאָרן 1870—1871 דעם שטאַנדפונקט פאַרטיידיקט די רוסיש-יידישע צייטונג „דיען“ (אין אַדעס). די רוסישע רעגירונג אַליין האָט קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן רוסיפיצירן די יידן אין פוילן און האָט בכלל געקוקט אויף די דאָרטיקע „אויפגעקלערטע“, ווי אויף פוילישע קולטור-טרעגער. די דערשיינונג פון דעם אַסימילאַטאָרישן וואָכנבלאַט „יוטשענקאַ“ אין וואַרשע רופט אַרויס אַ פרייד ביי די יידישע אַסימילאַטאָרן אין ליטע און אין רוסלאַנד[17]. אין ליטע איז פויליש פאַרן אויפשטאַנד געווען אַסך מער פאַרשפּרייט צווישן די יידן ווי רוסיש. „דער יידישער קיבוץ האָט אין אַלגעמיין נישט געקענט די גרויס-רוסישע שפּראַך — באַמערקט דער היסטאָריקער קאַרזאַן אין זיינע זכרונות — די שילדן איבער זייערע קראָמען זענען געווען נאָר אויף פויליש“. אויך גאָטלאָבער באַשטעטיקט, אַז אַפילו אין וואָלין האָט מען בכלל צו יענער צייט גערעדט נאָר פויליש; אין באַרדיטשעוו, למשל, איז שווער געווען צו געפינען אַ ייד, וועלכער האָט געקענט רוסיש, דאַקעגן דאָס רוב סוחרים האָבן פאַרשטאַנען פויליש. די סיבות זענען קלאָר. דער פוילישער פּריצישער עלעמענט איז געווען די איינציקע עקאָנאָמישע קראַפט אין יענע געגנטן, און די יידן האָבן זיך געמוזט צו אים צופּאַסן[18].

אינעם דריטן קאַפּיטל, וואו דר. געלבער באַרירט די פראַגע פון די יידן ע ר ב דער אַזוי-גערופענער „פויליש-יידישער אחדות“, אָפּערירט דער מחבר מיט אַזעלכע באַגריפן, וואָס זייער ממשותדיקער אינהאַלט בלייבט נישט קלאָר. אַזוי, למשל, לייענען מיר אויף ז. 29, אַז „די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען האָבן דעמאָלט אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען, אין וועלכע עס האָבן אָנטייל גענומען אַ סך איינפלוסרייכע יידן, און זיי האָבן געשעפּעצט די פאָרבאַריי-

טונגען". מיט דעם זאָל ער אַפּנים האָבן געמיינט די גרופּע פון יורגענס און קראָנענבערג, וועלכע דער מחבר רעכנט צו צו דער יידישער אינטעליגענץ; אויך ראָזען און אַ געוויסער אייזענשטאַט (ווער איז ער?) האָבן זיך אָן זיי אָנגעשלאָסן.

באמת איז די גרופּע יורגענס-קראָנענבערג געווען נישט קיין רעוואָלוציאָנערע, נאָר אַ ליבעראַל-בירגערלעכע פֿאַראייניקונג. קראָנענבערג ווי אויך ראָזען האָבן געשפּילט אַ טאָפּלטן שפּיל אין יענע יאָרן. אויף אַ פּאָר מאָמענטן פון זייער פּאָליטישער ראָלע וויל איך זיך דאָ אָפּשטעלן גענויער.

קראָנענבערג איז בכלל געווען אַ באַגרעניצטער מענטש. נישט קיין געבילדעטער און דערצו אַ גרויסער בעל-גאווה, אַזוי ווי אַלע אויפגעקומענע גבירים, האָט ער זיך אומעטום געשטופּט, געברענט פון אַ ליידנשאַפטלעכער אַמביציע צו שפּילן אַן אָנגעזעענע ראָלע נישט נאָר אין דעם עקאָנאָמישן, נאָר אויך אינעם פּאָליטישן לעבן פון לאַנד. אויב יאַנוס האָט געהאַט צוויי פּנימער, איז קראָנענבערג געווען געבענטשט מיט אַ פיר-פּנימדיקייט. צווישן די „רויטע" — האָט ער זיך געשוואוירן מיט דער הייליקער שבועה צו קעמפן ביזן „לעצטן טראָפּן בלוט" פאַר אַ „פּאָלאָניאַ רעסטיטוטאַ" אין די ראַמען פון 1772. צווישן די „ווייסע" — איז ער געווען דער רעאַלסטער בעל-חשבון, וואָס האָט אָפּגעקילט די הייסע בלוטן פון ראָמאַנטישע חלומות און גערופן זיך רעכענען מיט דער ווירקלעכקייט אין דער פּאָליטיק. צווישן יידן — האָט ער זיך געהאַלטן פאַר אַ ייד, הגם ער איז געווען אַ משומד, און צווישן די קריסטן — האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַן אויפריכטיקן קריסט, וועלכער גייט יעדן זונטיק מיט דער גאַנצער משפּחה, כמעט ווי דעמאָנסטראַטיוו, אין דער פּראָטעסטאַנטישער קירכע אויף קרולעווסקע גאַס. די פּוילישע געזעלשאַפט האָט אויף אים געקוקט, ווי אויף דעם אמתן רעפּרעזענטאַנט פון די „אויפגעקלערטע" יידן אין פּוילן. אַ גוטער סוחר און אַ גלענצנדער אָרגאַניזאַטאָר, האָט קראָנענבערג, אַדאַנק דעם, וואָס ער פלעגט צוגעגלעך מאַכן פאַר די סוחרים הלוואות אויף לייכטע תנאים, ווי אויך אַדאַנק זיין מאָנאָפּאָליזירן די טאַבאַק-אינדוסטריע אין לאַנד, געהאַט ביידע צדדים מיט זיך — הן דעם פּוילישן, הן דעם יידישן. אין די אויגן פון דער פּוילישער געזעלשאַפט, וועלכע האָט געחלומט וועגן אַן עקאָנאָמישער זעלבשטענדיקייט, איז קראָנענבערג אויסגעוואָקסן ביז צו אַ נאַציאָנאַלן העלד, אַדאַנק זיינע אויפטוען אויפן געביט פון לאַנד-האַנדל און אינדוסטריע. די רוסישע רעגירונג האָט געקוקט אויף קראָנענבערגן, ווי אויף אַן אייגענעם מענטשן, וועלכער איז צו פּראַקטיש און אָפּהענגיק פון איר, אַז ער זאָל זיך לאָזן פאַרפירן אויף די געפערלעכע וואַסערן פון דעם נאַציאָנאַל-ראָמאַנטישן שטראָם. קראָנענבערגס פּרינציפּ איז געווען: קיין איין צד נישט פאַרלירן, מיט אַלעמען לעבן בשלום און לאַווירן צווישן סצילאַ און כאַריבדאַ פון די אידעאָלאָגישע עקסטרעמען[19].

„קראָנענבערג וועט אונז זיין נוצלעך אין איצטיקן מאָמענט, — שרייבט דער גאַמיעסטניק קאָנסטאַנטין צו זיין ברודער אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, — ער איז גרייט צו האַנדלען קעגן די ראַדיקאַלן לטובת דער רעגירונג אויס געפיל פון זעלבסט-דערהאַלטונג". אַ צווייטן מאָל ווערט אין אַ דעפּעשע געמאָלדן, אַז קראָנענבערג אַרבעט צווישן די פּריצים אין דער „לאַנדווירטשאַפטלעכער געזעלשאַפט", זיי זאָלן שטיצן די רוסישע רעגירונג[20]. און אין דער זעלביקער צייט נעמט קראָנענבערג אָנטייל אין די זיצונגען פון די ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס, ער רעגולירט זיין פּאָליטישע טאַקטיק לויט דעם פּראַנצויזישן באַראָמעטער, ד. ה. לויט דער שטעלונג, וועלכע פראַנקרייך האָט גענומען צו דער נאַציאָנאַל-רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין פּוילן. ער טוט עס דערפאַר, ווייל ער אָפּערירט מיט פּראַנצויזישן קאַפּיטאַל. אויב פראַנקרייך שטיצט אונטער די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג און נאַפּאָלעאָן דער דריטער ווייזט אַרויס שפּורן פון אינטערעס פאַר די פּוילישע שטרעבונגען, — הייסט עס, אַז מ'קען נאָך גיין מיט די רעוואָלוציאָנערן. ער גיט (פאַרשטייט זיך געהיים) דעם רעוואָלוציאָנער גילער געלט אויף אַרויסצוגעבן אין לייפּציק אַ רעוואָלוציאָנערע צייטונג. אין לאַנד חפּט ער זעהן נושא-חן צו זיין ביי אַלעמען אין די אויגן. קאָנקרעט איז זיין פּאָליטישער פּראָגראַם נישט געגאַנגען ווייטער ווי וויעלאָפּאָלסקיס, וועלכער האָט געפאָדערט אַן אויטאָנאָמיע פאַרן קיניגרייך פּוילן. קראָנענבערג איז אַ ליבעראַליזירנדער באַנקיר, אַ פּאָליטישער אָפּאָרטוניסט, וועלכער האָט געהאַלטן די פּריצים אין זיינע הענט (זיינע בעלי-חובות), און האָט אויסגענוצט זיין עקאָנאָמישע פּאָזיציע כדי צו שפּילן אַ פּאָליטישע ראָלע[21].

נישט פיל אַנדערש איז געווען דער באַנקיר מאַטיאַס ראָזען. באַקומענדיק בירושה אַ סאָליד געשעפט, האָט ראָזען דורך פאַרטיילן נדבות אויף ריין-פּוילישע קולטורעלע אַנשטאַלטן זיך דערוואָרבן אַ נאָמען פון אַ חשובן פּוילישן פּאַטריאָט. זייענדיק גלייכצייטיק אַן אַפּוטרופּוס איבער אַ סך יידישע צדקה-אַנשטאַלטן, האָט ער אין זיי איינגעפירט די פּוילישע שפּראַך, און גלייכצייטיק זיך דערוואָרבן אַ פּאָפּולערן נאָמען אין די קרייזן פון די וואַרשעווער יידן פון אַלע ריכטונגען. נאָך נישט געשמדט, האָט ער אַפילו געהאַט געוויסע יידישע סענטימענטן. דער שטראָם פון די פּאַטריאָטישע דעמאָנסטראַציעס האָט אים מיטגעריסן, אָבער ער האָט זיך געקענט קאָנטראָלירן נישט ערגער פון קראָנענבערגן. זייענדיק געבילדעטער פון קראָנענבערגן, האָט ראָזען געשריבן אַרטיקלען איבער עקאָנאָמישע פראַגן אין דעם וויכטיקסטן זשורנאַל פון יענער צייט, אין דער „ביבליאָטעקאַ וואַרשאַווסקאַ", וועלכן ער האָט, דורך אַגב, יאָרן-לאַנג אויסגעהאַלטן. זייענדיק בטבע אַ שטילער מענטש, איז ער

געווען ווייט פֿון וועלכער עס איז רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. אויף א געהיימער זיצונג מיטן וואַרשעווער הויפּט־קאָמאנדיר פֿון רוסישן מיליטער, גענעראַל כרוליאָוו, פֿאַרזיכערט ראָזען, צוזאַמען מיט קראָנענבערגן, אַז ער וועט ארבעטן לטובת דער רוסישער רעגירונג. כרוליאָוו האָט געהאַלטן, אז די באַנקירן זענען „זייער וויכטיק פֿאַר דער רעגירונג, אדאַנק זייער גרויסן איינפֿלוס". נאָך אַ ספּעציעלער אודיענץ ביים נאַמיעסטניק קאָנסטאנטין—ווערט ראָזען אַן אייגענער מענטש אין די מלוכה־קרייזן און רוקט זיך אָפּ פֿון דער דאמאָלסדיקער באַוועגונג [22].

מיר וועלן זיך אַביסל אויך אָפּשטעלן אויף דער ראָלע פֿון דער „לאַנדווירטשאַפֿטלעכער געזעלשאַפֿט" („Towarzystwo Rolnicze"), וועלכע איז נישט באַלויכטן געוואָרן אַלזייטיק. אין דערדאָזיקער געזעלשאַפֿט האָבן געקעמפֿט צוויי ריכטונגען. איין ריכטונג האָט געוואָלט זיך עמאַנסיפּירן פֿון דעם ייִדישן פֿאַרמיטלער, נישט דערפֿאַר, ווייל זיי זענען געווען ייִדן, נאָר דערפֿאַר, ווייל זיי זענען געווען פֿאַרמיטלער. די געזעלשאַפֿט האָט אַזוי אַרום, קען מען זאָגן, געהאַט א פּאָזיטיוון פּראָגראַם מיט נעגאַטיווע רעזולטאַטן פֿאַר אַ גרויסער צאָל פּוילישע ייִדן. אַן אַנדערע ריכטונג אין דער געזעלשאַפֿט האָט געשטרעבט דערצו, אַז מ'זאָל דערלאָזן ייִדן אַלס מיטגלידער פֿון דער געזעלשאַפֿט, כּדי צו פֿאַרשפּרייטן צווישן זיי ליבע צו ערד־ארבעט און אויף אַזאַ אופֿן רעקאָנסטרואירן דאָס ייִדישע עקאָנאָמישע לעבן. ייִדן האָט מען אין דער געזעלשאַפֿט אָנגענומען נאָר מיט גרויסע שוועריקייטן. ווען אין יאָר 1859 איז אַ רייכער ייִדישער סוחר — דער דירעקטאָר פֿון דער ווינער אייזנבאַן מ י ק אָ ל אַ י  ע פּ ש ט יי ן— געוואָרן אַ מיטגליד פֿון דערדאָזיקער געזעלשאַפֿט, האָט ער נישט געפֿונען קיין אַנדער מיטל אויסצודריקן זיין שמחה, ווי צו באַזינגען אין א ליד דעמדאָזיקן גרויסן כּבֿוד, וואָס ער האָט זוכה געווען. אין דעם ליד דריקט עפּשטיין אויס זיין דאנק „פֿאַר דער ברידערלעכער האנט", וואָס די פּאָליאַקן האָבן צו אים אויסגעשטרעקט, פֿאַר דער זכיה, וואָס ער, דער ייִד, וועט קענען מיטאַרבעטן מיטן „פּוילישן שליאַכטשיץ און מיטן פּוילישן המון"; דאָס באַווייזט, אַז ער, עפּשטיין, איז „נישט קיין יתום, און די מוטער־ערד פֿאַראַכט אים נישט" [23].

די „לאַנדווירטשאַפֿטלעכע געזעלשאַפֿט" איז געווען אַן עקאָנאָמיש־פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע. דער פּאָליטישער מאָמענט פֿון איר פּראָגראַם איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס פֿאַר איר איז דער עקאָנאָמישער וואוילזיין פֿון לאַנד געווען דער פּרימערער מאָטיוו, וועלכער וועט ברענגען מיט דער צייט אויך די פּאָליטישע באַפֿרייאונג. דעריבער האָבן מערסטנטייל די פּריצים געקוקט קרום אויף דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וועלכע האָט צווישן אַנדערע פֿאָדערונגען אויך אַרויסגעשטעלט די פֿאָדערונג פֿון אַן אַגראַר־רעפֿאָרם אָן אַ געלט־אויסקויף פֿאַר דער ערד.

פֿאַר זיי האָט, אַלס מוסטער, געדינט די פּויזנער פּראָווינץ, וועלכע איז געגאַנגען אויף דער ליניע פֿון א ריין־עקאָנאָמישער אַקטיוויטעט.

אַ סך פּוילישע פּובליציסטן פֿון יענער צייט האָבן באַדויערט די שטאַרקע אַנטי־ייִדישע שטעלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט. מיעראָסלאַווסקי, למשל, האָט געקוקט אויף דער טעטיקייט פֿון דער געזעלשאַפֿט פּשוט ווי אויף אַ וואונטש פּטור צו ווערן פֿון די ייִדישע חובות (זע זיינע מעמואַרן, אַרויסגעגעבן פֿון דר. פֿריילין, וואַרשע, 1924, ז. 119). קראַיעווסקי האָט געוואָלט צוציען די ייִדן צו דעם עקאָנאָמישן איבערבוי פֿון לאַנד, איינזעענדיק, אַז אין אַ בשותּפֿותדיקער אַרבעט איז פֿאַראַן אַ גינציקער באָדן פֿאַר אַסימילאַציע [24]. דער שריפֿטשטעלער קראַשעווסקי, שרייבנדיק זיין נעקראָלאָג וועגן גאַרביענסקי (נישט גראַביענסקי, ווי עס שרייבט דר. געלבער), דריקט אויס זיין באַדויער, וואָס דערדאָזיקער געוועזענער סעקרעטאַר פֿון „לאַנדווירטשאַפֿטלעכער געזעלשאַפֿט" האָט געהאַט אַזעלכע „קרומע באַגריפֿן" וועגן צולאָזן ייִדן אין דער געזעלשאַפֿט. ער דערמאָנט, דרך אגב, אַז דערדאָזיקער גאַרביענסקי האָט געשריבן צו ראָזענען בריוו אין „אַ נישט קיין פּאַסיקן טאָן" — און די בריוו וועלן בלייבן אַלס אָנדענק פֿון אַן אומגליקלעכן געדאַנק [25].

גוט געבויט איז ביי דר. געלבערן דער פֿערטער קאַפּיטל פֿון זיין בוך, וועלכער באַהאַנדלט די פֿראַגע פֿון דער „פּויליש־ייִדישער אחדות". דער מאַטעריאַל איז קאָמפּאַקט צוזאַמענגעשטעלט, הגם ער איז נישט אויסגעשעפּט. אין דעם פֿאַל איז דאָס נישט קיין גרויסער שאָדן. סוף־כּל־סוף חזרט זיך איבער דערזעלביקער מאָטיוו אין די אַלע פּאַטעטישע דעקלאַראַציעס און סענטימענטאַלע רעדעס פֿון יענער צייט. אין דעם קאַפּיטל ברענגט דר. געלבער אַ זייער אינטערעסאַנטן אויפֿרוף פֿון יענער צייט (אויף ז. 44 — 45), וואָס איז ביז איצט לחלוטין נישט געווען באַקאַנט. דאָך ווילן מיר דאָ מאַכן אַ פּאָר באַמערקונגען און הוספֿות צו דעם קאַפּיטל.

דער מחבר שרייבט אין איין אָרט, אַז „פֿאַר די פֿאָלקסמאַסן איז די גאַנצע פֿאַרברידערונגס־באַוועגונג פֿאָרגעקומען גאָר פֿרעמד, זיי האָבן זיך נישט געקענט אַראָפּלאָזן צו אַזאַ פֿאַראייניקונג, וועלכע איז געקומען אַזוי אומערוואַרטעט, און זיי האָבן (נישט געקענט. — י. ש.) אין דעם מאָמענט פֿון יובל־געוויש צערייסן מיט זייער פֿאַרגאַנגענהייט" (ז. 39). אונז ווייזט אויס, אַז אין אַ וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט דאַרפֿן אויסגעמיטן ווערן אַזעלכע הוילע באַהויפּטונגען אָן שום באַווייזן.

בנוגע דער פֿראַגע, ווער האָט אויפֿגעהויבן דעם צלם בשעת דער דעמאָנסטראַציע, איז פֿאַראַן אַ סתּירה צווישן די עדות־זאָגערס. דאַנילעווסקי און זאַפּאַלאָווסקי גיבן איבער, אַז דאָס האָט געטאָן אַן אַלטער אומבאַקאַנטער ייִד, און נישט דער סטודענט לאַנדע. דער היס־

טאָריקער סאָקאָלאָווסקי, דאַגעגן, גיט איבער, אַז דאָס האָט געטאָן אַ קריסט מיטן נאָמען נאָוואַקאָווסקי (זע: „געשיכטע פון 1863", ווין, ז. 89).

וועגן לעלעוועלס טויט איז פאַראַן אַ רירנדיקער העברעישער נעקראָלאָג, וועלכן מען האָט געטיילט אין וואַרשע בשעת דער הזכרה נאָכן גרויסן היסטאָריקער. אויסצוגן פון אים ווערן געבראַכט אין מיין אַרבעט „לעלעוועל און די יידן" [26].

וועגן דר. פּאַוועל לאַנדאָווסקי, וועלכער איז געווען באַקאַנט אין אויפשטאַנד אונטערן פּסעוודאָנים „קאָסאַ", זיינען פאַראַן מער איינצלהייטן אין אַ ביאָגראַפישער אַרבעט, געדרוקט אין „טיגאָדניק אילוסטראָוואַני" (1906).

איך שטים נישט איין מיט דעם געערטן מחבר אין זיין מיינונג, אַז מיעראָסלאַווסקי איז געווען אַן אַנטיסעמיט. דידאָזיקע מיינונג איז געבויט אויף אַ קאָרעספּאָנדענץ פון וואַרשע אין דער קעניגסבערגער „נאַציאָנאַלער צייטונג", פונוואַנעט מען האָט זי איבערגעדרוקט אין דער „אַלגעמיינער צייטונג דעס יודענטומס". מען דאַרף באַמערקן, אַז דער קאָרעספּאָנדענט פון דער „נאַציאָנאַלער צייטונג" איז געווען עדוואַרד שיווינסקי, אַ מעסיקער פּאָליטיקער, וועלכער האָט באַקעמפט מיעראָסלאַווסקין און דעריבער האָט ער אים געוואָלט קאָמפּראָמעטירן אין אויסלאַנד. מיר ווייסן אָבער, אַז מיעראָסלאַווסקיס שטעלונג צו יידן איז געווען גאָר אַן אַנדערע. ער האָט פיינט געהאַט די פּויליש־יידישע בורזשואַזיע און האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט איר ראָלע אין דער באַוועגונג. ער האָט באַשולדיקט קראָנענבערגן, אַז יענער מאַכט גרויסע געשעפטן אַדאַנק דעם אויפשטאַנד. ער האָט בכלל נישט געהאַט קיין צוטרוי צו דער רעוואָלוציאָנערישקייט פון די יידישע מאַסן אין פּוילן און אויף דער „פאַרברידערונג" האָט ער געקוקט, ווי אויף אַ „הנאה־מיראַזש פון אַ שלום" (זע זיינע זכרונות, ז. 100 און 195). אַלס אָנהענגער פון אַ רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק האָט ער געהאַט אַ מיינונג, אַז יידן, אַלס מאַסע, ווילן נישט קיין אויפשטאַנד. דאָס איז אָבער זייער ווייט פון אַנטיסעמיטיזם.

וואָס איז שייך דער שטעלונג פון די יידן אין ליטע, אוקראַינע, פּאָדאָליע און וואָלין אין דער עפּאָכע פון „פאַרברידערונג", זיינען פאַראַן וועגן דעם פאַרשיידענע מיינונגען. אומזיסט פּאָלעמיזירט דר. געלבער מיט דעם היסטאָריקער גאַוואָראָנסקי, וועלכער באַשולדיקט די יידן אין פריינדלעכע געפילן צו רוסלאַנד בעתן אויפשטאַנד פון 1863. מיר האָבן שוין פריער באַמערקט, אַז עקאָנאָמיש זיינען דידאָזיקע פּראָווינצן געווען צו יענער צייט שטאַרק פּויליש, מחמת דעם, וואָס דאָס רוב גוטס־באַזיצער אין די געגנטן זיינען געווען פּאָליאַקן. „דאָס לאַנד האָט געהערט צו די פּוילישע פּריצים, דעריבער האָבן די יידן געמוזט זיין דאָרט מער נייטראַל, פּאָרזיכטיק, כדי נישט אויפרעגן קיין איינעם פון די צדדים", — אַזאַ אורטייל טראָגט אַרויס אַ רוסיש־יידישע צייטונג אַ פּאָר יאָר נאָכן אויפשטאַנד [27]. „כמעט אַלע קאַפּיטאַלן פון די פאַרמעגלעכע יידן זיינען געלעגן אין די הענט פון די פּאָליאַקן", — באַשטעטיקט דער דעמאָלסדיקער ווילנער צענזאָר יהושע שטיינבערג [28].

דאָרטן, אויף די ראַנדן, (kresy), האָט די רוסישע רעגירונג זיך געשפּילט אין ליבעראַליזם בנוגע דער יידישער באַפעלקערונג. ערב דעם אויפשטאַנד, דעם 12טן יאַנואַר 1863, האָט דער ווילנער בילדונגס־קוראַטאָר שירינסקי־שאַכמאַטאָוו אַרויסגעגעבן אַ צירקולאַר, אַז „מען זאָל נישט באַליידיקן די שוואַכע יידן". דאָס איז געווען אַ סיסטעם, וועלכע רוסלאַנד האָט שוין אויסגעפּרואווט אין יענע מקומות אין די יאָרן 1812 און 1831.

אָבער די עקאָנאָמישע אינטערעסן האָבן גובר געווען די אַלע פּאָליטישע אָריענטאַציעס, און ווי פּאָרזיכטיק די יידן זיינען נישט געווען, האָבן זיי דאָך מער געהאַלטן מיט די פּאָליאַקן ווי מיט די רוסן. אין יענער עפּאָכע איז געוואָרן אַ מאָדע ביי די פּאָליאַקן צו טראָגן צלמים מיט אַ ווייסן אָדלער, אָדער סתם נאַציאָנאַלע עמבלעמעס מיט בילדער פון פּוילישע היסטאָרישע העלדן. דער גרויסער נאָכפראַגע אויף אַזעלכע עמבלעמעס האָט געצוואונגען דעם יידישן סוחר צו פאָרן קיין וואַרשע און ברענגען פון דאָרטן דידאָזיקע סחורה. די יידישע סוחרים פלעגט מען דערפאַר שטאַרק פאַרפאָלגן, און נישט איין סוחר האָט באַצאָלט מיט תפיסה פאַר פאַרקויפן רעוואָלוציאָנערע עמבלעמעס אָדער פאַרבאָטענע ביכער. די רוסישע מאַכט האָט נישט געוואָלט פאַרשטיין, אַז דער האַנדל מיט „פּאַטריאָטישע" זאַכן איז אַ רעזולטאַט פון אַן עקאָנאָמישן אינטערעס. די נאַאיווע פּוילישע פּריצים האָבן געקוקט אויף דעם האַנדל, ווי אויף אַן עפנטלעכער פּאַטריאָטישער דעמאָנסטראַציע לטובת פּוילן און נישט געקאַרגט קיין זיסע ווערטער פאַר די דאָזיקע „מאַרטירער": מען האָט זיי גערופן די „אמתע פּוילישע יידן", — אַזוינע, ווי זייערע ברידער אין פּוילן. אַזאַ קוק אויף די יידן איז געווען פאַרשפּרייט אין ליטע, וואָלין און אוקראַינע, און קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז דאָרטן האָט דער ייד זיך געפונען צווישן צוויי פייערן. „די זשידעס האָבן אָנגעשלעפּט פון וואַרשע אַ סך בילדער פון קאָשציושקאָ, פון די וואַרשעווער הרוגים און פון זייער לויה" — פאַרשרייבט אין זיין טאָגבוך אַן אוקראַאינישער אינטעליגענט פון יענער צייט, וועלכער האָט פיינט געהאַט ביידע צדדים און אפשר אַלע דריי — ד. ה. אי די רוסן, אי די פּאָליאַקן און אי די יידן [29]. געפינענדיק זיך אין אַזאַ לאַגע, האָבן די יידן עקספּלואַטירט ביידע זייטן: די רוסישע און די פּוילישע. דאָרט, וואו עס האָט זיך געלאָזט פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט, איז מען געגאַנגען און זיך נישט גערעכנט מיט סכנות.

אויך שפעטער, שוין בשעת דעם אויפשטאַנד, האָבן די יידן אין יענע קאַנטן לאַווירט צווישן די ביידע לאַגערן. „לויט די אַלגעמיינע באַריכטן — שרייבט מאַסאַלאָוו[30]— נוצן אויס די יידן ביידע לאַגערן, אָבער אין אַלגעמיין ברענגען זיי נישט קיין גרויסע נוצן קיין איינעם פון זיי". „די יידן — זאָגט דער זעלביקער מעמואַריסט — האָבן אויסגעצייכנט געקענט דאָס לאַנד. זיי האָבן אַלץ געוואוסט וועגן דעם אויפשטאנד, נאָר זיי האָבן אויף אַלץ געקוקט שווייגנדיק, ווייל זיי זענען געווען גלייכגילטיק צו ביידע צדדים, ווי עס ליגט אין זייער כאַראַקטער, און האָבן געוואַרט, ווער וועט זיגן". אַן אַנדערער גוטער צוזעער — ראַיקאָווסקי[31] שרייבט צו דעם יידישן נייטראַליטעט דער עקאָנאָמישער אָפּהענגיקייט פון די פּאָליאַקן. די פּאָליאַקן וואָלטן זייער לייכט געקענט רואינירן עקאָנאָמיש די יידן — און פאַר דעם האָבן די יידן מורא געהאַט. אמת, אַ פּאָר ראַבינערס, תלמידים פון די „קאַזיאָנע" ראַבינער־שולן, זיינען אַרויסגעטראָטן עפנטלעך קעגן דעם פּוילישן אויפשטאַנד און געהאַלטן לאַקרעץ־זיסע רעדעס אין שולן, פול מיט חניפה, ווי צום ביישפּיל — פּומפּיאַנסקי אין פּאָניעוויעזש און אַנדערע. אָבער דאָס איז שוין געשען דאַמאָלס, ווען די רוסישע ביקס האָט באַזיגט די פּוילישע קאָסע. אויב די גלייכגילטיקייט פון די יידן אין ליטע און וואָלין איז געווען אַ גרעסערע ווי אין פּוילן גופא, איז דאָס פשוט דערפאַר, ווייל די אָרגאַניזאַציע פון אויפשטאַנד איז דאָרט געווען אַ שיטערע, דער טעראָר פון די געהיימע אָרגאַניזאַציעס און אינסורגענטישע אָפּטיילונגען — אַ קלענערער, ווי דאָס איז געווען אין די ריין־פּוילישע געגנטן. אָבער דער סך־הכל איז, אַז די רוסן האָבן פון די דאָרטיקע יידן קיין גרויס נוצן נישט געהאַט — דאָס איז אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט. די אויסנאַמען, וועלכע ווערן אַזוי אָפט ציטירט, ווי, למשל, דער דאָקומענט פון ליווערַאַנט (זע: „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ", 1910, ז. 379 א. וו.) — באַשטעטיקט דאָס נאָך שטאַרקער. געווען אפילו אַ מיינונג צווישן די רוסישע שרייבער, אַז מיט זייער פּאַסיוויטעט און נייטראַליטעט לגבי רוסלאַנד זענען די יידן געווען פאַררעטער, ווייל אַזאַ מין שטעלונג בשעת אַן אויפשטאַנד — איז אַ „פאַרראַט"[32].

אין דעם קאַפּיטל וועגן די „יידישע איניציאַטאָרן פון דעם פאַרברידערונגס־געדאַנק" ווערן געגעבן פיר ביאָגראַפישע עטיודן פון ר' בעריש מייזעלס, דר. יאַסטראָוו, יצחק קראַמשטיק און מאַטיאַס ראָזען.

די בעסטע און די אויספירלעכסטע אַרבעט איז די ביאָגראַפיע פון ר' בעריש מייזעלס. דער מחבר האָט אויסגענוצט די ווילנער אַרכיוו־מאַטעריאַלן, צום ערשטן מאָל בכלל געגעבן אַן אויספירלעכן itinerary וועגן דער צייט פון אויפשטאַנד און בכלל אַוועקגעשטעלט מייזעלס אַפּאָר ביאָגראַפישע מאָמענטן אין אַ נייעם ליכט. עס איז אַ גרויסער שאָד, וואָס דעם מחבר איז געבליבן אומבאַקאַנט יאַסטראָווס נעקראָלאָג־זכרונות וועגן ר' בעריש מייזעלס. דאָרט זענען פאַראַן זייער אינטערעסאַנטע איינצלהייטן וועגן מייזעלס טעטיקייט אין דער בילדונגס־קאָמיסיע. יאַסטראָוו כאַראַקטעריזירט מייזעלסן, אַלס אַ מעסיקן פּאָליטיקער; דאָס אַליין איז שוין געווען אַ גרויסע ריזיקע אין יענער צייט. נישט באַגרינדעט ביי דר. געלבערן איז דער פאַקט, אַז מייזעלס איז געשטאַנען אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט דער נאַציאָנאַלער רעגירונג בשעת דעם אויפשטאַנד. עס וואָלט כדאי געווען צו וויסן, פונוואַנעט שטאַמט די דאָזיקע ידיעה?—צווישן די אַדרעסן און אויסדרוקן פון כבוד, וועלכע מייזעלס האָט באַקומען צו יענער צייט פון אַלע זייטן, דאַרף אויך דערמאָנט ווערן דער אויפרוף, וואָס די פּאַריזער געזעלשאַפט פון דער פּוילישער יוגנט האָט צוגעשיקט לכבוד דעם רב בעריש מייזעלס און דעם ראַבינער דר. יאַסטראָוו[33]. די מיינונג, אַז די רוסישע צענזור האָט פאַרבאָטן צו שרייבן וועגן מייזעלסן נאָך זיין טויט, איז נאָר אויף אַזוי פיל ריכטיק, אויף וויפיל עס האַנדלט זיך וועגן אויספירלעכע ידיעות בנוגע זיין טעטיקייט בשעת דעם אויפשטאַנד. מיר געפינען נעקראָלאָגן וועגן מייזעלסן אין דער „איזראַעליטאַ" און אין „דיען" און כמעט אין אַלע פּוילישע צייטונגען. וועגן ר' בעריש מייזעלס טעטיקייט אויף דעם יידישן שול־געביט האָב איך שוין פריער דערמאָנט. אין די געדרוקטע באַריכטן פון דער וואַרשעווער קהילה, ווי אויך אין די פאַראָרדנונגען פון ווילנער בילדונגס־מיניסטעריום קען מען געפינען דעם נויטיקן מאַטעריאַל[34]. צו סמאָלקאַס נעגאַטיווע מיינונגען וועגן מייזעלסן (געלבער, ז. 66) דאַרף מען נאָך צוגעבן אַ כאַראַקטעריסטישע מיינונג פון אַ באַקאַנטן וואַרשעווער פּאַטריאָט זשעלינסקי, אַז מייזעלס איז אַן אָרנטלעכער מענטש, אָבער זיין קאָפּ איז „אָנגעשטאָפּט מיט תלמוד" (זע: באַראַנאָווסקי, ז. 252).

אַ פאַקטישער קאָרעקטיוו: דאָס באַנק־הויז האָט געהייסן נישט „מייזעלס און בערנשטיין" נאָר „מייזעלס און הורוויטש" („איזראַעליטאַ" 1870, נ: 8; „העבר", II, ז. 130).

שוואַכער זענען אַרויסגעקומען די ביאָגראַפיעס פון די אַנדערע דריי „איניציאַטאָרן".

מיר גיבן דאָ צו אַפּאָר קליינע קאָרעקטיוון.

יאַסטראָוו איז געבוירן געוואָרן דעם 5טן יוני 1829, אין שטעטל ראָגאָזשין, פּויזנער קאַנט, און איז געשטאָרבן אין פילאַדעלפיאַ, אָקטאָבער 1903. דעם מחבר זיינען קאָנטיק געבליבן אומבאַקאַנט קרויזהאַרס זכרונות (געדרוקט אין קראַשעווסקיס „יובליי־בוך", וואַרשע 1880). ווי אויך פּאַפּראָצקיס קורצע, אָבער זייער וויכטיקע מעמוארן („נאָוואַ גאַזעטאַ", וואַרשע 1906). יאַסטראָוו איז געקומען קיין וואַרשע פון דייטשלאַנד, רעקאָמענדירט פון

פּראָפעסאָר גרעץ[35]. מען האָט פאַר אים געהאַט אַסך מער אָפּשיי ווי פאַר מייזעלסן שוין צוליב דעם אַליין, וואָס ער האָט געשטאַמט פון אַ פּראָווינץ, וואו אַלע יידן האָבן זיך געהאַלטן פאַר דייטשן. מען האָט אים געוואָלט אויסנוצן, ער זאָל באַאיינפלוסן די פּויזנער יידן, אַז זיי זאָלן ווערן פריינדלעך צו די פּאָליאַקן און אונטערשטיצן זייערע שטרעבונגען[36]. די כאַראַקטעריסטיק פון יאַסטראָוון (ז. 81) איז ביי דר. געלבער נישט גענוג באַפעסטיקט מיט קוועלן.

וועגן דער שווערער לאַגע פון דעם יידישן פאָלקסמענטש אין דער צייט פון דער „פאַרברידערונג" דערציילט אונז יאַסטראָוו אין זיינע דייטשישע מעמואַרן, געדרוקט אין דעם ענגלישן זשורנאַל „די היברו לידער". „נעכטן ערשט פאַראַכט און אָפּגעשטויסן,—זאָגט ער דאָרט, — געחאָרפן פון דער רעגירונג צום דראַקאָן פון ליידנשאַפט אויף אויפגעפרעסן צו ווערן — און היינט פון דעם זעלביקן פאָלק געליבט און געפּיעשטשעט; וויאַזוי־זשע זאָלן דאָס די אָרעמע יידן באַגרייפן, די יידן, וואָס זענען דערצו קיינמאָל נישט געווען געוואוינט? האָבן זיי דען נאָך מער געדאַרפט גלויבן אין זייער זעלבסטפאַרשטענדלעכן נישט-צוטרוי, אַז מען וויל מיט זיי שפּילן אַ מיאוסן שפּיל?". נישט געקוקט אויף די ווערטער, פילט זיך אין דעם אַנאַליז פון די שטימונגען אין יענער צייט, אַז יאַסטראָוו האָט דאָך אַליין געגלויבט אין דער „פאַרברידערונג".

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז אין דער דעמאָלסדיקער שול-פּאָליטיק, וועלכע איז, ווי באַקאַנט, געווען געבויט אויף אַ פּראָגראַם פון שנעלער פּאָלאָניזאַציע, האָט יאַסטראָוו פאַרטראָטן די ריכטונג, אַז מען דאַרף גרינדן ספּעציעלע שולן פאַר יידישע קינדער. ער האָט געגלויבט, אַז אין משך פון 25 יאָר וועלן זיך די יידן ביסלעכווייז צוגעוואוינען צו די וועלטלעכע שולן און ממילא וועלן זיי אויפהערן צו קוקן קרום אויף די ריין-פּוילישע שולן, און דעמאָלט וועט זיך קענען די יידישע שול-באַוועגונג פאַראייניקן מיט דער אַלגעמיינער.

צו דער קורצער ביאָגראַפיע פון יצחק קראַמשטיק דאַרף מען צוגעבן, אַז ער ווערט דערמאָנט און כאַראַקטעריזירט אין די מעמואַרן פון ניעמאָיעווסקין, וועלכער האָט אים באַזוכט אין קאַרלסבאַד. קראַמשטיק האָט אויף אים געמאַכט אַ טיפן איינדרוק, אַלס אַן אמתער פּוילישער פּאַטריאָט. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1889. עס דאַרף אויך אויסגעבעסערט ווערן די ידיעה וועגן דעם, אַז קראַמשטיק האָט אָנגעשריבן אַן אַרבעט וועגן תּלמוד (געלבער, ז. 85, הערה 2); דאָס איז נישט קיין אָריגינעלע אַרבעט, נאָר אַן איבערזעצונג פון דייטשס פּאָפּולערן ביכל.

וועגן מאַטיאַס ראָזען האָב איך שוין גערעדט פריער אין שייכות מיט קראָנענבערגן. קיין פער-

זעגלעכקייט אין פּאָליטישן זין איז ער נישט געווען. זיין פּראָ-רוסישע אָריענטאַציע, פּונקט ווי די אָריענטאַציע פון די עפּשטיינס, וועלכע האָבן אַרענדירט די וואַרשעווער-ווינער אייזנבאַן, האָט זיך גענומען דערפון, וואָס זיי האָבן אָפּערירט מיט דייטשישן קאַפּיטאַל, און דייטשלאַנד (אייגנטלעך פּרייסן) האָט פון אָנהויב אָן גענומען אַ פיינדלעכע שטעלונג צו דער נאַציאָנאַל-רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין פּוילן[37].

ווי קומט אָבער יוליאַן קלאַטשקאָ צווישן יידן און דערצו נאָך — פּראָפּאַגאַנדיסטן פון דער באַוועגונג אין דער עמיגראַציע, ווי דר. געלבער שרייבט? קלאַטשקאָ איז שוין צו יענער צייט געווען אַ משומד און האָט בכלל געהאַט אַ נעגאַטיווע שטעלונג צום אויפשטאַנד. (זע: טאַרנאָווסקיס ביאָגראַפיע פון קלאַטשקאָ, קראָקע, 1909, 2 בענד).

דער זעקסטער קאַפּיטל, וועלכער באַהאַנדלט די יידן-פּאָליטיק פון מאַרקיז וויעלאָפּאָלסקי, צייכנט זיך אויס מיט אַ פיינער און קלאָרער קאָנסטרוקציע. דער מאַטעריאַל איז אַן אַלטער, אָבער גוט אויסגענוצט. וויעלאָפּאָלסקי איז געווען אַ טיפּישער פאָרשטייער פון דער שליאַכטע. זיין שטאַנדפּונקט אויף סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע פראַגן איז געווען דער שטאַנדפּונקט פון אַ פעאָדאַל. מיט רעכט שטרייכט אונטער זיין נייסטער ביאָגראַף יוזעף גראַביעץ, אַז זיין קוק אויף דער יידן-פראַגע איז געווען אַ „קוק פון אַ מאַגנאַט, וועמען עס איז פרעמד די סאָציאַלע אַנטוויקלונג פון די מאָדערנע פעלקער"[38]. וויעלאָפּאָלסקי האָט געוואָלט מאַכן פון דער יידישער באַפעלקערונג אַ „דריטן שטאַנד", ד. ה. דעם שטאָטישן עלעמענט, און אים באַהעפטן מיט דער פּוילישער קולטור. „דער גלייכבאַרעכטיקטער ייד — האָט ער געשריבן — האָט דערזען, אַז ער איז געצוואונגען זיך צו דערנענטערן צו די אַנדערע אין לאַנד און אָננעמען זייער שפּראַך און מנהגים, אויב ער האָט געוואָלט האָבן נוצן פון אַ באַטייטנדיקער צאָל באַקומענע פּריווילעגיעס". דער וועג פון אַזאַ דערנענטערונג האָט געפירט דורך דער פּוילישער שול. דעריבער האָט חיעלאָפּאָלסקי זיך אַזוי פיל אָפּגעגעבן מיט דער שול-פּאָליטיק. עס איז אים געגאַנגען אין דעם, אַז די יידן זאָלן קודם-כל שיקן זייערע קינדער אין די פּוילישע שולן. ער איז געווען אַ קעגנער פון יאַסטראָווס פּראָיעקט איינצופירן דערווייל ספּעציעלע שולן פאַר יידישע קינדער, ווי דאָס איז געווען אין אַסך דייטשישע שטעט צו יענער צייט, אָדער — פון מייזעלס פּראָיעקט, אַז מ'זאָל אין די תּלמוד-תּורות איינפירן אַ פּאָר שעה פּויליש[39]. בכלל איז זיין גאַנצע שול-פּאָליטיק דורכגעדרונגען מיט אַן עקסטרעם-אַסימילאַטאָרישן געדאַנק. מען וואָלט געקענט זען אין דער דאָזיקער פּאָליטיק אַ מין קאָנטר-אַטאַקע קעגן דער האַסטיקער, פול מיט חניפה, בילדונגס-טעטיקייט

פון די יידיש-רוסישע אַסימילאַטאָרן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אויף די ראַנדן פון דעם אַמאָליקן פוילן, וואו עס איז אָנגעגאַנגען א גאנץ ענערגישע רוסיפיקאַטאָרישע אַרבעט. „פאַר דער רעגירונג איז זייער וויכטיק צוציען אויף איר זייט דעם קלוגן און אַקטיוון יידישן שטאַם (פּלעמיאַ), וועלכע שטעלט פאָר מיט זיך אזאַ באַדייטנדיקן טייל פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג", — שרייבט דער ווילנער שול-קוראַטאָר פירשט שירינסקי-שאַכמאַטאָוו צום בילדונגס-מיניסטער (דעם 2טן סעפּטעמבער 1861) [40]. די רוסיפיקאַציע האָט דאָרטן אָנגעהויבן ווערן ערפאָלגרייך, און וויעלאָפּאָלסקי האָט וועגן דעם געוואוסט. אין קעגנזאץ צו די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן האָט ער, א פּאָליטישער רעאַליסט, זיך אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון די היסטאָרישע גרענעצן פון דער געוועזענער פוילישער מלוכה און האָט נאָר געוואָלט אין די ראַמען פון דעם קליינעם קיניגרייך פוילן רעסטאַווירן דעם אָרגאַנישן סטאַטוט פון 1832 און אפשר די קאָנסטיטוציע פון 1815. אָבער אויף דעם דאָזיקן קליינעם שטח האָט וויעלאָפּאָלסקי געוואָלט האָבן אַ הונדערט פּראָצענטיקע פויליש-פילנדיקע באַפעלקערונג. דאָס איז געווען פאַר אים א סך וויכטיקער, איידער אַ גרויסע מלוכה, באַזעצט פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע, עטנישע, רעליגיעזע און שפּראַכלעכע גרופּעס. פון דעם נעמט זיך זיין פּאָליטישער מינימאַליזם און גלייכצייטיק זיין קולטור-נאַציאָנאַלער מאַקסימאַליזם. און דאָס איז די סיבה, פאַרוואָס וויעלאָפּאָלסקי האָט בנוגע יידן געוואָלט זיין אַ דיקטאַטאָר, וואָס שטעלט זיי אַן אולטימאַטום, — אויב זיי ווילן קריגן רעכט, דאַרפן זיי ווערן פּאָליאַקן פון „משה רבינוס גלויבן". וויעלאָפּאָלסקי האָט איינגעזאַפּט אין זיך אַסך פונעם מערב-אייראָפּעישן ליבעראַליזם, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין עמאַנסיפּאַציע-פּאָליטיק אונטער אַ גאַנצע רייע תנאים, און פון דאָרטן האָט ער זיי געוואָלט איבערפלאַנצן אין פוילן, נישט רעכענענדיק זיך מיט דער היסטאָרישער ווירקלעכקייט. ער איז געווען אין דעם זין אַ נאַציאָנאַל-ראָמאַנטיקער, וועלכער האָט געחלומט וועגן איין פאָלק, אָן אונטערשייד פון גלויבן און שפּראַך. נישט ער אַליין איז אין דעם שולדיק. ער איז טיילווייז פאַרפירט געוואָרן פון דער גרופּע יידישער אַסימילירטער אינטעליגענץ, מיט וועלכער ער האָט געהאַט אַן ענגן קאָנטאַקט. קראַמשטיק פלעגט אים צושטעלן מעמאָראַנדומס, וויאַזוי צו פּאָלאָניזירן די יידישע פאָלקסמאַסן, און ער האָט זיך מיט זיי מער גערעכנט, ווי מיט די שטימונגען צווישן דערדאָזיקער פאָלקס-מאַסע גופא.

אמת, וויעלאָפּאָלסקי האָט געהאַט די יידן אויף זיין צד — אויף וויפיל ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן פּאָליטישע ענינים. אין דער עפּאָכע פון די אומשולדיקע דעמאָנסטראַציעס איז די יידישע באַפעלקערונג מיטגעגאַנגען מיט דער פוילישער. אָבער קיין מלחמה מיט רוסלאַנד האָט זי נישט געוואָלט און האָט אַפילו נישט געגלויבט אין אַזאַ מעגלעכקייט. עקאָנאָמיש האָט עס איר נישט געלוינט. די קרימער מלחמה פון 1855 עפנט פאַר פוילן די רוסישע מערק, עס בליט אויף דער האַנדל אַדאַנק די רעפאָרמען פון דער צאָל-פּאָליטיק אין 1850. אין משך פון די יאָרן 1850—1860 ווערן געגרינדעט 13 פּראָצענט פון די אַלע דאַמאָלסטיקע פאַבריקן אין פוילן. אפילו דער עקאָנאָמישער קריזיס באַלד נאָך דער קרימער מלחמה איז פאַר פוילן נישט געווען אַזוי געפערלעך, ווי פאַר רוסלאַנד. אין די יאָרן 1854—1860 וואַקסט אויס די פוילישע לייוונט-אינדוסטריע אויף 72 פּראָצענט, די וואָל-אינדוסטריע — אויף 113 פּראָצענט און די באַוול-אינדוסטריע — אויף גאַנצע 183 פּראָצענט. די לאָדזער באַפעלקערונג וואַקסט אויס אויף 100 פּראָצענט. דאָס קליינע קיניגרייך פוילן ווערט אַ לעבעדיקער טראַנזיט-וועג. די יידן נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַנטוויקלונג פון דעם פוילישן עקאָנאָמישן לעבן. אַ מלחמה וואָלט זיך געמוזט זייער שלעכט אָפּרופן אויף דעם האַנדל און אינדוסטריע, בפרט אַז די מלחמה וואָלט געמוזט געפירט ווערן אין לאַנד גופא, און דאָס וואָלט דערפירט דערצו, אַז די אינדוסטריע, וואָס איז מיט אַזוי פיל מי געווען אויפגעבויט, וואָלט פּאַראַליזירט געוואָרן אין איר אַנטוויקלונג.

דעריבער האָט די יידישע באַפעלקערונג געשטיצט וויעלאָפּאָלסקיס פּאַציפיסטישע פּאָליטיק. דער שנעלער וואוקס פון דער אינדוסטריע אין פוילן האָט גורם געווען, אַז עס איז געוואַקסן די צאָל פון יענע יידן, וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער פוילישער קולטור. דאָס האָט געגעבן וויעלאָפּאָלסקין די מעגלעכקייט אויפצופּאַסן, אַז יידן, אַלס אַ האַנדל-קלאַס מיט ברייטע האָריזאָנטן, זאָלן מוזן אָננעמען די לאַנד-שפּראַך. מיט פּסיכאָלאָגישע מאָטיוון האָט ער זיך נישט גערעכנט, ווי דאָס איז אויך געווען דעמאָלט, ווען ער איז געגאַנגען באַקעמפן די נאַציאָנאַלע שטימונגען פון די פוילישע יידן [41].

אינעם זיבעטן קאַפּיטל, וואו ד"ר געלבער באַהאַנדלט די אַקטיוויקייט אין אויפשטאַנד גופא, זיינען צונויפגעמישט געוואָרן דריי פאַרשיידענע ענינים: די שטעלונג פון דער יידישער פּרעסע צום אויפשטאַנד (אין לאַנד און אין אויסלאַנד), דאָס אָנטיילנעמען אין די „נאַציאָנאַלע דעמאָנסטראַציעס" (ביזן 22טן יאַנואַר 1863) און אויך — די טעטיקייט נאָך דערדאָזיקער דאַטע, דער קאַמף אין די רייען פון דער אינסורגענטן-אַרמעע און די הילף-טעטיקייט לטובת דעם אויפשטאַנד. עס איז צו באַדויערן, וואָס די דריי מאָמענטן זיינען נישט גענומען געוואָרן אין באַטראַכט; אַזאַ מין באַהאַנדלען פונעם מאַטעריאַל וואָלט אונז געגעבן די מעגלעכקייט בעסער צו אַנאַליזירן דעם פאַרלויף פון די געשעענישן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער עוואָלוציע פון דער פוילישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. דאָס וואָלט אונז אויך געגעבן אַ קלאָר בילד וועגן

דעם פאַרלויף פון די געשעענישן, די מיינונגען פון דער ייִדישער פיל־שפּראַכיקער פּרעסע פון יענער צייט און איר שטעלונג צום אויפשטאַנד.

די שטעלונג פון דער פּרעסע צו די דאַמאָלסטיקע געשעענישן פאָדערט א צעגלידערונג. קודם־כל דאַרף מען באַזונדער אויספירלעך אַנאַליזירן די שטעלונג פון דער ייִדישער פּרעסע, און גאָר באַזונדער — פון דער פּוילישער רעוואָלוציאָנערער און אַנטי־רעוואָלוציאָנערער פּרעסע. די לעגענדע, אַז „ייִדן האָבן געמאַכט דעם אויפשטאַנד", געפינט אַ פּלאַץ אויף די שפּאַלטן פון די אַנטי־רעוואָלוציאָנערע צייטונגען. פון דער דאַמאָלסטיקער ייִדישער פּרעסע ווערט ביי ד"ר געלבער באַהאַנדלט דער „המבשר", „המגיד", „די אַלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס". „ניי־צייט" און דער „אַרשיוו איזראַעליט". די

פּרעסע ווערט אינגאַנצן נישט דערמאָנט. צו די דערמאָנטע העברעאישע צייטונגען דאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן דער „המליץ" (אַן אַרטיקל וועגן 1863 איז אָפּגעדרוקט אין יאָר תרכ"ד, ז. 88); צו די דייטשישע פּעריאָדישע אויסגאַבן דאַרף צוגעגעבן ווערן „דער ווינער קאַלענדער", וואו עס איז פאַראַן זייער אַן אינטערעסאַנטע מיינונג וועגן דעם אויפשטאַנד אין אַן אַרטיקל פון ווערטהיימער [42]. די שטעלונג פון דער אַמעריקאַנער פּרעסע, ווי אויך פון אַ טייל מערב־אייראָפּעאישער פּרעסע האָב איך באַהאַנדלט אין אַן אנדער אָרט [43].

אין דער ייִדיש־דייטשישער און אין דער ייִדיש־ענגלישער פּרעסע פון יענער צייט לאָזט זיך פילן אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו די „פּאַטריאָטישע דעמאָנסטראַציעס"— און אַ נעגאַטיווע שטעלונג צום אויפשטאַנד. אויף די געשעענישן אין פּוילן האָט מען געקוקט, ווי אויף אַ ליבעראַלער רעוואָלוציע לויטן מוסטער פון דער רעוואָלוציע אין 1848. אין פראַנקרייך האָט די פּאָליטיק פון דער מלוכה רעגולירט די אָריענטאַציע פון דער ייִדיש־פראַנצויזישער פּרעסע: ווען עס איז קלאָר געוואָרן, אַז נאַפּאָלעאָן דער דריטער וועט זיך נישט אַריינמישן אין דעם פּויליש־רוסישן סכסוך, האָט זיך דער טאָן פון דער דאָזיקער פּרעסע געביטן, — הגם מען האָט נישט נעקאַרגט קיין שיינע פראַזן און סתם מיטלייד־אויסדרוקן פאַר די פּאָליאַקן. אַ גרויסע צאָל אַרטיקלען איבער די ייִדיש־פּוילישע באַציאונגען געפינען מיר אין דער אַלגעמיינער פראַנצויזישער פּרעסע פון יענער צייט. איך קען דאָ ליידער נישט אַריינגיין אין פּרטים, איך וויל נאָר אָנווייזן, אַז אַזעלכע צייטונגען ווי: „לאַ פּאַטרי", „לאַ פּרעס", „לע סיעקל", „אָפּיניאָן נאַסיאָנאַל", „קאָנסטיטוסיאָן", „לע־נאָרד", „מאָנד" א"אַוו האָבן זייער פיל געשריבן וועגן דער דאָזיקער פראַגע. צווישן די שרייבער געפינען מיר אַ סך ייִדישע עמיגראַנטן פון פּוילן, ווי אויך פראַנצויזישע ייִדן. באַזונדערס פּראָדוקטיוו אויף דעם דאָזיקן געביט איז געווען ולאַדיסלאַוו מיצקעוויטש, דער



זון פון דעם פּאָעט [44]. פון די דייטשישע צייטשריפטן דאַרפן דערמאָנט ווערן די „נאַציאָנאַלע צייטונג" און דער „מאַגאַצין פיר די ליטעראַטור דעס אויסלאַנדס".

זייער אינטערעסאַנט זיינען די שטימען וועגן די ייִדן און דער ייִדן־פראַגע אין דער אומלעגאַלער פּוילישער רעוואָלוציאָנערער פּרעסע. אַזעלכע צייטונגען ווי „נאַפּשוד", דער אָרגאַן פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג, „רוך", „פּראַוודאַ", „סטראַזשניצאַ", „גאָניעץ" (לעמבערג), „גלאָס וואָלני" (לאָנדאָן) און אנד. זיינען פול מיט אַרטיקלען, נאָטיצן, אויפרופן — אַן אוצר פון קוועלן־מאַטעריאַל פאַר דער געשיכטע פון די ייִדן בעתן 1863. דידאָזיקע צייטונגען האָבן קודם־כל רעאַגירט אויף די אַטאַקעס פון די מערב־אייראָפּעאישע ייִדן, וועלכע האָבן געוואָרנט קעגן אָנטיילנעמען אינעם אויפשטאַנד. „דער פּרינציפּ פון ייִדישער גלייכבאַרעכטיקונג איז ביי אונדז אונטער דער וואַך פון נאַציאָנאַלן כבוד — שרייבט איינע פון די צייטונגען אין אַן ענטפער דער „אַלגעמיינער צייטונג דעס יודענטומס" — און די אַלע, וועלכע האָבן נישט קיין צוטרוי צו דער אויפריכטיקייט פון פאָלק, דאַרפן אָנערקענט ווערן — אויב נישט אַלס שונאים פון אונזער לאַנד, איז בכל אופן אַלס מענטשן, וואָס זענען שלעכט אינפאָרמירט" [45]. אַנדערע צייטונגען האָבן געהאַט אייגענע פאַרטרויאונגס־מענטשן צווישן די ייִדן, וועלכע פלעגן מסרן פאַר זיי די נישט־פּאַטריאָטיש געשטימטע עלעמענטן. „אייער בריוו האָבן מיר דערהאַלטן — לייענען מיר אין אַ כאַראַקטעריסטישער תשובה פון דער רעדאַקציע „פּראַוודאַ" צו אַ פּאָליאַק פון משה רבינוס גלויבן" (נומ. 3, פון 7טן מאַי 1863) — אייערע ידיעות האָבן מיר איבערגעגעבן דער געהעריקער מאַכט, ווייל עס גייט נישט אַריין אין פּראָגראַם פון אונזער צייטונג צו פּובליקירן נעמען פון שפּיאָנען" (אונטערגעשטראָכן פון דער רעדאַקציע).

אויך די רוסיש־ייִדישע פּרעסע האָט גענומען אַ שטעלונג צום אויפשטאַנד. אין דער ערשטער תקופה, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט נאָר וועגן די „פּאַטריאָטישע דעמאָנסטראַציעס", — האָט זי סימפּאַטיזירט מיט דער „פאַרברידערונגס־אידייע". „זאָלן די ייִדן ריידן נאָר פּויליש, זאָלן די איינוואוינער פונעם לאַנד זיין פאַרשיידן נאָר אין דער אמונה, אין דער קירך און אין דער שול" — שרייבט דער „סיאָן" (נומ. 14, 1861). אָבער אין סאַמע ברען פון דעם אויפשטאַנד האָט זיך די באַציאונג שטאַרק געביטן. פּוילן איז קיינמאָל נישט געווען פאַר ייִדן אַ פאָטערלאַנד, האָט היסטאָריאָזאָפירט „לעוואַנדאַ", דעריבער האָבן זיך די ייִדן נישט געקענט אַסימילירן מיט פּוילן, אָבער זיי וועלן עס יאָ טאָן — מיט רוסלאַנד [46].

גאָר אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמט די שטעלונג פון די אוקראַינער פעדעראַליסטן צו דער ייִדן־פראַגע אין פּוילן. זיי האָבן באַקעמפט די פּוילישע פּרעטענזיעס אויף

די אוקראַינישע געביטן, אָבער גלייכצייטיק זייַנען זיי ארויסגעטרעטן קעגן די דאָרטיקע יידן, פארוואָס זיי פעלט פּאָליטישער טאַקט און למאַי זיי העלפן דער רוסיפיקאציע. „ווען עס האַנדלט זיך וועגן „זאַמלען דאָס רוסישע ערד״ יאָגן איבער די פּראָגרעסיווע יידן (פּערעדאָוויע זשידי) אפילו די אמתע מאָסקווער „וואַניעס״ — שרייבט איראָניש קוליש אין דער „אָסנאָוואַ״. די פּאָלעמיק צווישן „אָסנאָוואַ״ און „סיאָן״ איז זייער א כאראקטעריסטישער דאָקומענט פאר יענער צייט. פּאראַלעל מיטן פּוילישן נאַציאָנאַלן אימפּעריאַליזם און מיט דער רוסישער צענטראַליזאַציע און רוסיפיקאַציע — אַנטוויקלט זיך די אוקראַינישע פעדעראטיווע אידעע, וועלכע האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט ביידע צדדים און האָט געזען אין די יידן אַ פיינדלעכן עלעמענט[47].

דידאָזיקע קאָמפּליצידטקייט פון דער יידישער לאַגע איז א וויכטיקער מאָמענט אין דער אַלגעמיינער פראַגע וועגן דער יידישער שטעלונג צו דער פּוילישער באַוועגונג. דער סך-הכל, צו וועלכן עס קומט ד״ר געלבער איז, אַז מען קאָן נישט ריידן וועגן אַ „פיינדלעכער שטימונג״ פון די יידן צו פּאָליאַקן, פונקט ווי וועגן זייער לאָיאַליטעט צו רוסלאַנד. ווער ס'האָט געהאַט מער מאַכט — דער האָט געקענט די יידן געווינען, הגם די אַנטי-רוסישע שטימונג איז געווען צווישן זיי זייער א שטאַרקע[48].

אין די רוסישע קרייזן האָט מען קיין גרויס צוטרוי צו די יידן נישט געהאַט. וועניוקאָוו, דער רוסישער שעף פונעם לענטשיצער קרייז בעתן אויפשטאַנד, זאָגט עדות אין זיינע מעמואַרן, וועלכע האָבן געמוזט צוליב דער צענזור דערשיינען אין אַמסטערדאַם (אין יאָר 1895), אַז צווישן די פּוילישע יידן האָט געהערשט אַ שרעקלעכע שנאה צו רוס׳אַנד, אַ שנאה, לויט זיין מיינונג, אַ באַרעכטיקטע. אין די קליינע שטעטלעך האָט מען די יידן שרעקלעך גערודפט. אויב אַסך פּאָלקס-יידן האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו די פּוילישע אינסורגענטן, איז עס געווען מער משנאת רוסלאַנד, ווי מאהבת פּוילן. אין לענטשיץ, למשל, האָט מען געשמיסן אַלע יידן נאָר דערפאַר, ווייל עטלעכע פון זיי, שניידער, האָבן געניייט מונדירן פאַר די „פּאָווסטאַנצעס״. וועניוקאָוו, א ליבעראַל-געשטימטער רוס, וועלכער האָט שפּעטער געמוזט עמיגרירן, באַשטעטיקט אין אַלגעמיין די ידיעות, וועלכע עס האָט פאַרשפּרייט די פּויליש-רעוואָלוציאָנערע פּרעסע און צו וועלכע מ'האָט אָבער נישט געהאַט קיין צוטרוי, ווייל מען האָט חושד געווען, אַז די אַנטי-רוסישע שטימונגען פון די יידישע מאַסן, ווי אויך די נגישות און רדיפות מצד דעם רוסישן מיליטער, ווערן אויסגעטראַכט צוליב פּראָפּאַגאַנדע-צוועקן[49].

אין ליטע האָט מען פאַרשאַרפט דעם פּאָליציי-קאָנטראָל איבער די יידן. מען האָט פאַרבאָטן אַרויסצוגעבן יידן אויסלענדישע פּעסער, ווייל מען האָט זיי חושד געווען, אַז זיי פאָרן נאָך פאַרשיידענע סחורות פאַר דער „פּאָווסטאַניע״. דער מינסקער ציווילער גובערנאַטאָר קאָזשעווניקאָוו האָט באַפוילן נאָכצוקוקן די יידישע בעלי-מלאכות, צי זיי אַרבעטן נישט פאַר די אינסורגענטן. „די יידן האָבן אויף אַזוי פיל אָנטיילגענומען אין דער צוגרייטונג צום אויפשטאַנד, אויף וויפיל עס האָט זיי געבראַכט אַ מאַטעריעלן נוצן. זיי האָבן געפירט אויסלענדישע קאָנטראַבאַנדע, צוגעשטעלט געווער, פולווער, פאַרקויפט די אומלעגאַלע ליטעראַטור[50].

זייער ריכטיק איז אָנגעוויזן ביי ד״ר געלבערן, אַז אין דעם אויפשטאַנד האָט דער קאַטוילישער מאָמענט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. מען דאַרף אָבער צוגעבן, אַז די יידישע אינטעליגענטן האָבן זיך זייער לייכט צו אים צוגעפּאַסט. סאָכאַטשעווסקי, אַ יידישער „פּאָווסטאַניעץ״ און מאָלער, האָט געמאָלט פרומע קאַטוילישע בילדער. אין די מעמואַרן פון דעם פויער-„פּאָווסטאַניעץ״ וואָיטשעך טשעך (Czech) ווערט דערציילט, אַז אין איין אָפּטיילונג איז געווען אַ ייד — אַ מאָלער פון וואַרשע, וועלכער האָט אויסגעמאָלט „גאָטס מאַמע״ אַלס אַן „אייביקן דענקמאָל פאַר די שפּעטערדיקע דורות״[51].

אַ גרויסן ווערט האָבן די ביילאַגעס פון ד״ר געלבערס בוך. איך האָב שוין וועגן זיי פריער דערמאָנט. אַ פּאָר מלואים האַלט איך אָבער פאַר נויטיק צו מאַכן.

צו דער ביבליאָגראַפיע פון דער בעלעטריסטיק, וועלכע שילדערט די ראָלע פון די יידן אין 1863, דאַרפן נאָך צוגעגעבן ווערן פאָלגנדיקע ווערק: דער פראַנצויזישער ראָמאַן פון H. Augu אונטערן נאָמען: Faucheurs polonais; די דערציילונג פון מאַריאַ וויעלאָפּאָלסקאַ וועגן דעם יידישן קאַפּיטאַן לערבאַס („קריטיקאַ״ 1913), אַ ראָמאַן פון גוסטאַוו אָלעכאָווסקי (Słońce w herbie) און אַ גאַנצע רייע קלענערע זאַכן פון קראַשעווסקי, וואו עס פיגורירן יידישע טיפּן. אין איין אָרט איז ביי געלבערן פאַראַן אַ גרייז, וועלכער שטאַמט פון דעם דרוק-טעות אין מיין אַרטיקל אין „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ״, פון וועלכן ער נעמט זיינע ידיעות, הגם דאָס איז נישט אָנגעוויזן: אורבאַנעק—אָנשטאָט אורבאַנסקי (ז. 175).

די פּוילישע תפילה אויף ראש-השנה, שנת תרכ״ב (ביילאַגע 4), געצייכנט מיט די איניציאַלן J. N. J., איז פאַרפאַסט פון יאַנאָווסקי און איז אָפּגעדרוקט אין דער אַנטאָלאָגיע פון בעלזאַ: „די יידן אין דער פּוילישער פּאָעזיע״.

די רשימה פון די יידישע אָנטיילנעמער אין אויפשטאַנד (ביילאַגע 10) איז ביי ד״ר געלבערן נישט קיין פולע.

איך גיב דאָ אַ רייע קאָרעקטיוון צו די נעמען, וואָס ווערן ביי אים געבראַכט מיט פעלערן, אָדער נישט גענוג

אויספירלעך, ווי אויך מלואים וועגן פערזאָנען, וואָס ווערן ביי אים בכלל נישט דערמאָנט:

1. אַסס, אַ ווילנער בוכהענדלער — געליבט אין דער געהיימער פרעסע אַלס אַ פאַרשפרייטער פון דער אומלעגאַלער ליטעראַטור. „ווען מען האָט אים אַרעסטירט, האָט ער קיינעם נישט אַרויסגעגעבן" — זאָגט וועגן אים אַ שבח אַ באַריכט אין אַ פלוג-בלאַט...

2. אָבערקאָרן קאַרל (אָבאָרסקי) — געקעמפט ביי וויסאָצקין; געשטאָרבן אין 1903.

3. באַראַנדעל שאול — פאַרוואונדט אין דער אַטאַקע ביי טאָמאַשאָוו דעם 11טן פעברואַר 1863 (פון אַ ראַפּאָרט פון לובלינער גובערנאַטאָר).

4. בינע? — געהרגעט בשעת דער דעמאָנסטראַציע אין וואַרשע, דעם 8טן אַפּריל 1861.

5. בלאָך — אַ שניידער, פאַרוואונדט אונטער Zdziary דעם 23טן סעפטעמבער 1863 (ראַפּאָרט פון גענעראַל זשעליגסקי אין אַרכיוו פון ראַפּערסוויל).

6. גאָלדמאַן — אַ וואַרשעווער משפּחה. ד״ר געלבער דערמאָנט נאָר צוויי פון זיי — איגנאַץ און בערנאַרד. אין אויפשטאַנד האָבן אָנטיילגענומען אויך אַרטור און יעזשי. וועגן צוויי ברידער גאָלדמאַן, וועלכע זענען געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד, איז פאַראַן אַן אינטערעסאַנטער באַריכט פון אַ פראַנצויז Th. de Rochetin אין „Opinion Nationale" (6טער מערץ 1863). ס'איז מעגלעך, אַז איינער פון זיי איז איגנאַץ גאָלדמאַן, וועלכער איז שווער פאַרוואונדט געוואָרן דעם 8טן פעברואַר 1863. אויך זייער פאָטער — יצחק גאָלדמאַן (1812—1888) האָט געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע אינעם אויפשטאַנד. גאָלדמאַן איז געווען אַ לערער אין דער וואַרשעווער ראַבינער־שולע, שפּעטער געהאַט אַ העברעאישע דרוקעריי און אפילו געווען אַ קורצע צייט אַ צענזאָר. גאָלדמאַן איז דער מחבר פון די העברעאישע אויפרופן, אַרויסגעגעבן פון דער פוילישער נאַציאָנאַלער רעגירונג[52]. עס לאָזט זיך ליידער נישט פעסטשטעלן, צי איז גאָלדמאַן געווען דער איינציקער העברעאיסט, וועלכער האָט געדינט דער פוילישער מאַכט, ווייל, ווי באַקאַנט, האָט אויך לאַנגיעוויטש אַרויסגעגעבן אַ פּאָר אויפרופן אויף העברעאיש — זאָלן זיי אויך שטאַמען פון גאָלדמאַנס פעדער?

7. גאָלדשטיין לודוויק עדוואַרד — שפּעטער עמיגרירט קיין פּאַריז, געשטאָרבן אין יאָר 1909[53].

8. גאָלדסאָבעל לעאָן און מאַרקוס — צוויי ברידער, סטודענטן, פאַרמשפּט אויף תפיסה אין וואַרשע.

9. גליקסאָן הענריק, פון וואַרשע — פאַרשיקט קיין סיביר[54].

10. גוזשיק — אַ שניידער, פאַרשיקט קיין סיביר (זע: הערץ, זכרונות, אינעם וואָכנבלאַט „שוויאַט", 1916, נומ. 8).

11. גוטמאַן אברהם, פון סאַמבאָר — אַן אַקטיווער קעמפער[55].

12. גאָזשדזיאַן — געהרגעט אין וואַרשע דעם 8טן אַפּריל 1861.

13. הירש רפאל — געקעמפט אין יאַגמינס אָפּטיילונג. זע זיינע מעמואַרן, געדרוקט אין אַ זאַמלבוך

14. הערץ לעאָן — זע זיינע זכרונות אין „שוויאַט" 1916 און אין „גאָניעץ פּאָראַנני" 1916 (נומ.216).

15. העלער הערש, אַ סוחר פון טשעכאַנאָוו — פאַרשיקט אין די אַרעסטאַנטן־ראָטעס קיין אָרענבורג („טשאַס" 1863, נומ. 174).

16. הייצמאַן אַלפרעד — אַ לייטענאַנט פון דער עסטרייכישער אַרמיי, פאַרוואונדט.

17. וואָלמאַן אדאַם, אַ סטודענט — געהרגעט אין שלאַכט ביי סעמיאַטיטש דעם 6טן פעברואַר 1863 (ראַפּאָרט פונעם לובלינער גובערנאַטאָר).

18. וואָל הענריק (געלבער, נומ. 113). עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז וואָל איז געווען דער מחבר פון דעם דעקרעט וועגן די נאַציאָנאַלע שטייערן, אַרויסגעגעבן דעם 5טן יולי 1863 (זע: Przyborowski, „Rok 1863" V, 93) וואָל איז געווען אַן אייניקל פון אַנטאָני אייזענבוים, אַ טיפּישער פאָרשטייער פון דער דאַמאָלסטיקער ראַמאַנטישער אַסימילאַציע. „ער איז געווען צו ווינציק ייד, — דריקט זיך אויס וועגן אים דער פּאָליאַק באַראַנאָווסקי, — ער האָט צו ווינציק געקענט די יידן און דערפאַר האָט ער קיין שום השפּעה אויף זיי נישט געהאַט" (באַראַנאָווסקיס זכרונות, ז. 353). וואָל איז געשטאָרבן אין וואַרשע אין מאַי 1907[56].

19. וואַרהאַפטיג יונה — געפאַנגען פון די רוסן, געזעסן אין דער נאָוואָ־געאָרגיעווער תפיסה (לויטן ראַפּאָרט פון קאַפּיטאַן סעמיאָנאָוו פון דעם 28טן מאַי 1863).

20. וואָלמאַן אַנטאָני — געפאַלן אין שלאַכט ביי שקלאַרי.

21. ווייסענפעלד (ביאַלאָפּאָלסקי) — געשטאָרבן פון די וואונדן, וועלכע ער האָט באַקומען אין שלאַכט.

12. וואָלאַנאָווסקי, צוויי ברידער — פאַרמשפּט אויף תפיסה.

23. ווייצענבלאַט לעאָפּאָלד — אַ סטודענט פון דער מעדיצינישער אַקאַדעמיע אין וואַרשע, פאַרמשפּט אויף דריי חדשים תפיסה.

24. וועבער מאַוריצי — געקעמפט אין יאָר 1831 און 1863. געשטאָרבן אין אַמעריקע אין 1884 (זע: „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ" 1915, ז. 32).

25. וועבערספעלד עדוואַרד; זיינע זכרונות

געדרוקט אין „נאַש קראַי" (לעמבערג, 1896), „סלאָוואָ פּאָלסקיע" (1898) און „קוריער לוואָווסקי" (1913).

26. זוסמאַן שבתי-וואָלף, אַ בעל-מלאכה — פאַרמשפּט אויף צוויי יאָר אַרעסטאַנטן-ראָטעס.

27. זעבעל אַבאַ — פאַרמשפּט אויף אַרעסטאַנטן-ראָטעס (ביידע — לויטן אָפיציעלן ראַפּאָרט פון 28טן אויגוסט 1863).

28. טוגענטהאָלד — מער באַקאַנט אונטער דעם פּסעוודאָנים Stephen Poles. ער איז געווען דער סעקרעטאַר פון לאַפּינסקיס עקספּעדיציע פון שוועדן קיין בוילן. זיינע מעמואַרן זיינען דערשינען אין יאָר 1863 אויף שוועדיש, און אין 1864 אויף דייטש, אונטערן נאָמען: Zwei Regierungen in Warschau Wien 1864

29. טאַנטשאַק ישראל בן-לייב, פון קאָלנע, לאָמזשער גובערניע — מען האָט אים אויפגעהאָנגען אין לאָמזשע דעם 19טן דעצעמבער 1863 דערפאַר, וואָס ער האָט געדינט אין דער פוילישער זשאַנדאַרמעריע. צווישן אַנדערע זאַכן האָט מען אים באַשולדיקט אין אויפהענגען אַ יידן, וועלכער איז געווען אויף דעם רוסישן צד[57].

30. טייטעלבוים שמואל — פאַר פאַרשפּרייטן פּאַטריאָטישע שריפטן האָט מען אים אָפּגעגעבן פאַר אַ סאָלדאַט דעם 30טן אַפּריל 1863 („גאַזעטאַ נאַראָדאָוואַ" 1863, לעמבערג).

31. טוטעלמאַן אברהם — אַרעסטירט אין דווינסק און פאַרשיקט פאַר אַ סאָלדאַט קיין אַמור.

32. יונגער שמעון — פאַרשיקט אין סיביר פאַר אָנטיילנעמען אין אויפשטאַנד; געשטאָרבן אין וואַרשע אין יאָר 1913 (זע: „שוויאַט" פון דעם 15טן מערץ 1913).

33. יונגער לעאָן, זיינער אַ ברודער — פאַרשיקט קיין סיביר; געשטאָרבן אין יאָר 1908 (נעקראָלאָג אין "Jedność" 1908, נומ. 34).

34. לעווקאָוויטש — געהרגעט פון רוסישע סאָלדאַטן[58].

35. לעווקאָוויטש — לאַנגיעוויטשעס אַגענט אין קראָקע — (זע: יאַנאָווסקי, ז. 267).

36. לובעלסקי יעקב — פאַרמשפּט אויף צוויי חדשים תפיסה אין וואַרשע.

37. לייבמאַן לייב בן-מרדכי — אויפגעהאָנגען אין סואוואַלק דורך אַ רוסישן קריגס-געריכט דעם 2טן מערץ 1864, דערפאַר וואָס ער איז געווען „אין דעם אינסורגענטן-לאַגער, אָנגענומען אַ „טשין" פון אַ וואַכמייסטער פון די זשאַנדאַרמען-הענקערס, אויסגעפירט אַ טויט-אורטייל און אָנטיילגענומען אין ראַבירן אַ קאַסע"[59].

38. לערבאַס — אַ קאַפּיטאַן (געלבער, נומ. 64). וועגן אים גיט איבער זייער אינטערעסאַנטע זכרונות מאַריאַן דוביעצקי אין "Żołnierz Polski" (1923, נומ. 3).

39. לעווינזאָן, פון לובלין — געפאַלן אין שלאַכט אונטער וואָווער.

40. לאַנדע — אַ קאָווענער בוכהענדלער, געווען פאַרשיקט (Przyborowski, Historja dwóch lat, III, 56)

41. ליבאַן בערנאַרד — אַ געוועזענער עסטרייכישער אָפיציר; געזעסן אין תפיסה. געשטאָרבן אין קראָקע דעם 23טן מאַי 1915.

42. לויבער זיגמונד — געאַרבעט אין דער פּרעסע-אָפּטיילונג פון דער פוילישער געהיימער רעגירונג (זע: קרויזהאַרס זכרונות)

43. מאַשליאַנקאַ ראובן — געהרגעט דעם 8טן אַפּריל 1861 אויפן שלאָס-פּלאַץ אין וואַרשע בשעת די דעמאָנסטראַציעס.

44. מאַמעלקאַ — פאַרשיקט פאַר אַ סאָלדאַט („טשאַס" 1863, נומ. 180).

45. מאַנעס, אַ היטלמאַכער — אַרעסטירט אין קאָוועל, פאַרשיקט אין סיביר. זיין ביאָגראַפיע אין "Jedność" (1907, נומ. 14).

46. מייזנער מאַרקוס, פון וואַרשע — פאַרוואונדעט אין אַ שלאַכט (פּרעזענלעכע אינפאָרמאַציע).

47. מייזעלס—מיטגליד פון דער פּאַספּאָרטן-אָפּטיילונג פון דער געהיימער נאַציאָנאַלער רעגירונג. (זע: יעזש, זכרונות)

48. מייזעל — לאַנגיעוויטשעס אַגענט אין קראָקע (יאַנאָווסקי, ז. 267)

49. מערצבאַך הענריק — מיטגליד פון פּרעסע-ביוראָ ביי דער געהיימער נאַציאָנאַלער רעגירונג. זיינע זכרונות אַרויסגעגעבן אין פּויזן אין יאָר 1871[60].

50. מעסער — געפאַלן אין שלאַכט ביי קשיוואָסאָנטש, אין מערץ 1863[61].

51. נירענשטיין סטאַניסלאַוו — אַרעסטירט אין וולאָצלאַוועק, אָפּגעגעבן פאַר אַ סאָלדאַט (Tygodnik Illustrowany 1910, 44).

52. ניסענבלאַט שלמה — געהרגעט אין וואַרשע דעם 8טן אַפּריל, 1861.

53. נוידינג עדואַרד — פאַרשיקט קיין סיביר אויף 10 יאָר.

54. נוידינג סטאַניסלאַוו, זיינער אַ ברודער—אויך פאַרשיקט קיין סיביר. געשטאָרבן אין וואַרשע אין 1903.

55. סאָכאַטשעווסקי אַלעקסאַנדער, אַ מאָלער — פאַרשיקט קיין סיביר. אויספירלעך וועגן אים זע ד"ר מ. באַלאַבאַנס אַרטיקל אין "Nowe Życie" וואַרשע 1924, נומ. 1.

56. סאַרנע, אַ שניידער פון דזיאַלאָשיץ — געשטאָרבן פון די עטלעכע הונדערט שמיץ, וואָס ער האָט באַקומען פון די קאָזאַקן („טשאַס", 1863, נומ. 219 און 240)

57. סציבעל אַבאַ — פאַרשיקט אין די אַרעס-

טאַנטן-ראַטעס (לויטן אָפיציעלן ראַפּאָרט פון ווילנע, פון 28טן אויגוסט 1863.)

58. עפּערן ראַבּערט (1812—1891) — אָנטייל גענומען אין די רעוואָלוציעס פון 1831, 1848 און 1863. (זע: „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ", 1915, ז. 32.)

59. עפּשטיין וולאַדיסלאַוו — אַ מיטגליד פון דער לעצטער געהיימער רעגירונג פון טראַיגוט. פאַרמשפּט צום טויט און שפּעטער באַגנעדיקט. האָט ער פאַרבראַכט אַ פּאָר יאָר אין דער מאָדלינער תּפיסה. געשטאָרבן אין פּאַריז אין 1910.

60. פּאָזנער און פּאַסינגער איז נישט איינע און דיזעלביקע פּערזאָן, ווי עס מיינט ד"ר געלבער (נומ. 88). אויך די דאַטע פון זיין טויט שטימט נישט מיטן אָפיציעלן ראַפּאָרט, וועלכן קרוויזהאַר האָט פאַרעפנטלעכט [62].

61. פּעטריקאָווסקי מאיר — אָפּגעגעבן פאַר אַ סאָלדאַט.

62. פּרייס לעאָן — אַ יונגער 16 יאָריקער שיסער, געדינט ביי לאַנגיעוויטש (זע: „יובליי-בוך פון אויפשטאַנד", לעמבערג 1903, ז. 351—354).

63. פּאָמבערג, אַ דאָקטאָר — פאַרשיקט קיין זיביר.

64. פּראַטאָוויטש לעאָן, אַ סטודענט — געשטאַמט פון גראָדנער גובערניע. אָפּגעגעבן פאַר אַ סאָלדאַט.

65. פינקלער-נויוואַלד יעקב-לייזער — פאַרמשפּט אויף 6 חדשים תּפיסה פאַר שמוגלען געווער.

66. פישער, אַ סוחר פון בראָדניצאַ — אַרעסטירט צוזאַמען מיטן סוחר קאַליבאַ דעם 8טן יולי 1863 און אַריינגעזעצט אין דער תּפיסה אין פּויזן. מען האָט זיי באַשולדיקט אין איינקויפן אין האַמבורג געווער פאַרן אויפשטאַנד. פאַר דעמזעלביקן חטא האָט מען אַרעסטירט דעם סוחר הייפּראָן פון טאָרן און ראָזענטאַל פון בראָמבערג [63].

67. פלינדער — צוזאַמען מיט אַ גרופּע יידן אַרעסטירט און אָפּגעגעבן פאַר אַ סאָלדאַט. איז געזעסן אין זאַמאָשטשער תּפיסה, שפּעטער אין דער וואַרשעווער. אַ רשימה פון די אַנדערע יידן פון דער גרופּע איז אָפּגעדרוקט אין דער קראָקעווער צייטונג „טשאַס" (1863, נומ. 180).

68. צוויבעל וואָלף — אַרעסטירט אין וואַרשע, פאַרשפּאַרט אין דער ציטאַדעל.

69. צוקער איגנאַץ, פון הרוביעשאָוו — געדינט אין די אָפּטיילונגען פון ניעטשאַי און פּשיבאָראָווסקי [64].

70. צוקערמאַן חיים -- אַרעסטירט און פאַרשיקט דעם 31טן יולי 1863.

71. קויפמאַן גאָטליב — פאַרשפּאַרט אין דער מאָדלינער תּפיסה.

72. קירשבוים יאַן — אַרויסגעשיקט קיין אויסלאַנד.

73. קלאַרפעלד מאָריצי — געקעמפט אין דער אָפּטיילונג פון פּאַפּיערסקי, געווען 45 יאָר פאַרשיקט („שוויאַט" 1908).

74. קאַליסקי פּאַביאַן, אַ שניידער פון וולאָצלאַוועק — פאַרשיקט אין סיביר [65].

75. קאַן מאַרקוס — דער פאַרטרויאונגס-מענטש פון דער געהיימער רעגירונג אין אויסלאַנד פאַר איינקויפן געווער, (זע: Gutry, Pamiętnik, 140—141).

76. קאַהאַנע; וועגן דערדאָזיקער משפּחה, וועלכע האָט געגעבן דריי ברידער-פּאָווסטאַנצעס, זע די זכרונות פון רעמבאַילאָ, לעמבערג, 1913. איינער פון זיי — פיליפּ קאַהאַנע האָט אָנגעשריבן „זכרונות פון אַ זשואַף", געדרוקט אין דעם „יובליי-בוך פון אויפשטאַנד", לעמבערג, 1903. אַ צווייטער, וועלכער האָט פאַרלאָרן אַ האַנט בשעת דעם אויפשטאַנד, איז געשטאָרבן אין לאַנצוט (גאַליציע) אין 1916 [66].

77. קאַפּלאַן — פאַרשיקט קיין אַרכאַנגעלסק (לויט די מעמואַרן פון דעם עלטסטן פּוילישן סאָציאַליסט לימאַנאָווסקי, געלעזן אין מאַנוסקריפּט).

78. קאַרלסבאַד איזידאָר — קאַפּיטאַן (געלבער, נומ. 52). ער איז געשטאָרבן אין יאַנואַר 1917. זיינע זכרונות געדרוקט אין דער צייטונג „וויעק נאַזשי", לעמבערג, 1903 און אין דעם זשורנאַל „זיעדנאָטשעניע", לעמבערג, 1913.

79. קונסטפעלד לודוויק, פון לעמבערג — געדינט אין אַ פּאָר אינסורגענטן-אָפּטיילונגען.

80. קרויז איגנאַץ — זיינע זכרונות געדרוקט אין דעם „יובליי-בוך פון אויפשטאַנד", לעמבערג, 1903, 205—210.

81 ראָזמאַניס אַדאָלף — האָט רעדאַגירט דעם זשורנאַל „Wiadomości z pola bitwy", פאַרשיקט קיין באַיקאַל. זיינע זכרונות זיינען דערשינען אין קראָקע יאָר 1870 (זע: יאַנאָווסקי, ז. 315).

82. ראַווסקי יוסף — פאַרשיקט אויף אַ פּאָר יאָר קאַטאָרגע. געשטאָרבן אין וואַרשע אין אַפּריל 1911 [67].

83. ראָזענצווייג, אַ דאָקטאָר — פאַרשיקט קיין אַלעקסאַנדראָווסק [68].

84. ראָזענבאַנד יצחק-לייב — פאַרשיקט אין סיביר [69].

85. ראָזענטאַל יוזעף; ד"ר געלבער (נומ. 94) גיט אָן לויט מיין רשימה, אַז ער איז געווען אַ ייד. איך האָב אָבער געהאַט אַ טעות, וועלכן איך קאָררעגיר איצט: ראָזענטאַלס פאָטער איז געווען אַ משומד. ער איז געקומען פון גאַליציע קיין רוסלאַנד און איז געוואָרן דער פאַרוואַלטער פון גראַף בראַניצקיס גיטער. זיין זון האָט זיך שוין געהאַלטן אינגאַנצן פאַר אַ קריסט און אַ פּאָליאַק, הגם אין די אויספאָרשונגס-אַקטן ווערט דערמאָנט זיין יידישע אָפּשטאַמונג. אויספירלעכע איינצלהייטן איבער דעם יונגן ראָ-

זענטאַל ברענגט לעמקע אויפן סמך פון די קיעווער אַרכיוון[70].

86. ריסער מאַוריצי — אָנטיילגענומען אין שלאַכט ביי פשיקוואָוקאַ. גענומען געפאַנגען פון גענעראַל טשענגערי. אויספירלעכער וועגן אים אין מיין פוילישער אַרבעט, געדרוקט אין „נאָוואַ גאַזעטאַ“ (יאַנ.-פעב. 1917).

87. רינג, אַ באַנקירס אַ זון — געהרגעט אין וואַרשע דעם 8טן אַפּריל 1861

88. רינטעל—שפעטער אַרב אין מעלבורן, אויסטראַליע, אַ פאַרטרויאונגס-מענטש פון דער פוילישער נאַציאָנאַלער רעגירונג אויף צו קלייבן געלט („טשאַס“, 1863, נומ. 235).

89. שאַכער פערדינאַנד — פאַרוואונדעט אין אַ שלאַכט, קעמפנדיק אין דער אָפּטיילונג פון וויסאָצקי.

90. שטיינמאַן יוליאַן, אַן אינזשיניער — פאַרשיקט קיין סיביר. געשטאָרבן אין וואַרשע דעם 5טן יוני 1921 (זע: „קוריער פּאָראַנני“ פון 5טן יוני, 1921).

91. שטעמבערג איזידאָר, אַ ווילנער — פאַרשיקט קיין סיביר.

92. שטאָקהויזער שמואל, פון ראַווע — פאַרמשפט אויף 6 חדשים פאַר שמוגלען מיליטער-זאַכן.

93. שאַפּיר משה, אַ ווילנער — פאַרשיקט קיין סיביר („טשאַס“, 1863, נומ. 171).

94. שאַפּיראָ לעאָן, אַ באַנקיר פון קאַמענעץ-פּאָדאָלסק — פאַרשיקט קיין יעקאַטערינאָסלאַוו („טשאַס“ 1863, נומ. 101).

95. שניצער פנחס — פאַרשיקט אין סיביר.

96. שטערן פאַביאַן — געקעמפט אין די אָפּטיילונגען פון קוראָווסקי און דונאַיעווסקי.

97. שטאַרק פראַנץ — געפאַלן אין שלאַכט ביי קאָנסטאַנגאַליאָ.

98. שטענצעלער לעאָן — געפאַלן אין דערזעלביקער שלאַכט.

99. שפּיצמאַן יוסף — פאַרמשפט צום טויט אין וואַרשע דעם 19טן יולי 1863 (זע מיין דערמאָנטן אַרטיקל אין „נאָוואַ גאַזעטאַ“)

100. שטערן הענאַך — אָפּגעגעבן פאַר אַ סאָלדאַט[71].

דידאָזיקע רשימה שעפּט נישט אויס אַלע יידישע אָנטיילנעמער אינעם אויפשטאַנד. מיין כונה איז געווען נאָר צו דערגאַנצן די בלויזן, וועלכע איך האָב באַמערקט ביי ד"ר געלבערן אויפן סמך פון די מאַטעריאַלן, וואָס זיינען דאָ אין מיין רשות. מעגלעך אַז ביי אַ ווייטערדיקער פאָרשונג וואָלטן זיך נאָך געלאָזט געפינען אַ סך מער יידישע נעמען.

אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט וואָלטן באַדאַרפט פאַרדינען די אַנאָנימע יידישע סאָלדאַטן, וועלכע זיינען געפאַלן אין די רייען פון דער פוילישער אינסורגענטן־אַרמעע. אַזעלכע אַנאָנימע קרבנות ווערן אָפט אָנגעגעבן אין די טרוקענע סטאַטיסטישע ראַפּאָרטן פון די שלאַכטן דערדאָזיקער מאַטעריאַל איז זייער אַ גרויסער און אַן אינטערעסאַנטער. ליידער קען אַזאַ סטאַטיסטיק פון די אומבאַקאַנטע קרבנות דאָ נישט געגעבן ווערן.

אַ רירנדיקע שילדערונג פון אַזאַ מין אַנאָנימען קעמפער, אַ פוילישן ייד, גיט זאַפּאָלסקי אין זיינע זכרונות. אין אַ באַזונדער קאַפּיטל שטעלט ער זיך אָפּ אויף דעם ייד — דעם „מאַרטירער-העלד“, ווי ער דריקט זיך אויס[72]. עס וואָלט אויך געלוינט זיך אָפּצושטעלן אויף די יידישע אויפרופן, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין די יאָרן 1861—1863. ד"ר געלבער האָט אָפּגעדרוקט עטלעכע, באמת ווערטפולע, ביז איצט אומבאַקאַנטע אויפרופן. עס זיינען אָבער פאַראַן געוויסע אויפרופן, וועלכע ער האָט נישט באַמערקט. אַ רשימה פון די אַלע אויפרופן לאָזט זיך צוזאַמענשטעלן לויט גאָנשעראָווסקיס ביבליאָגראַפיע. אויך וואָלט געווען זייער וויכטיק פעסטצושטעלן די שפּראַכן פון די אויפרופן און אויף וויפיל עס האָבן צווישן די יידישע רעדלפירער אין אויפשטאַנד געהערשט די משכילישע טענדענצן — ווען זיי האָבן געוואָלט רעדן צו די יידישע מאַסן, האָבן זיי אַרויסגעגעבן העברעאישע אויפרופן. וואָס איז נוגע אויפרופן אין יידיש, זיינען מיר באַקאַנט נאָר אַ פּאָר אַזעלכע אויפרופן און גראָד פון די, וואָס האָבן אַ קלענערן פּאָליטישן ווערט. אַזוי, למשל, איז דער אויפרוף פון דעם וואַרשעווער געהיימען פּרעזידענט, אַז יידן זאָלן נישט האַנדלען קיין מציאות, קויפנדיק ביי סאָלדאַטן פאַרשיידענע חפצים, וועלכע שטאַמען פון רויבערייען, — געווען געדרוקט אויף יידיש. די התקרבות פון די מענטשן, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום דער וואָכנשריפט „יוטשענקאַ“, צו די אָנפירער פון אויפשטאַנד האָט משפיע געווען דערויף, אַז מען זאָל מיט אַלע מעגלעכקייטן אויסמיידן דעם „זשאַרגאָן“.

---

וויל מען אָביעקטיוו און געוויסנהאַפט אָפּשאַצן ד"ר געלבערס אַרבעט, קומט מען צום פאָלגנדיקן אויספיר:

אין דער אַרבעט זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן זייער וויכטיקע קוועלן-מאַטעריאַלן. דידאָזיקע מאַטעריאַלן זיינען אָבער איינזייטיקע, און פון אַ ריין-מעטאָדאָלאָגישן שטאַנדפּונקט וואָלט מען זיי געדאַרפט פאַרגלייכן מיט אַנדערע מיני מאַטעריאַלן — נישט פון פּאָליציייִשן אָדער דיפּלאָמאַטישן כאַראַקטער. אַסך אויספירונגען ווערן געמאַכט אויפן סמך פון אַ קליינער צאָל פאַקטן, און דע ריבער זיינען עס מער פאַראַלגעמיינערונגען ווי אויספירונגען. דער אַנאַליז פון די געשעענישן איז אַ סכעמאַטישער — עס פעלט די גרענעץ-ליניע צווישן די יאָרן פון פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס און פון דעם אויפשטאַנד גופא. מעטאָדאָלאָגיש ליידט די אַרבעט אויך דערפון, וואָס

זי האָט נישט קיין סאָציאַל־עקאָנאָמישן באָדן אונטער זיך. די נאַציאָנאַלע קאַטעגאָריעס ווערן אַריינגעפירט אָן אַ ברייטערער באַגרינדונג.

עס איז אפשר נאָך פרי צו געבן אַ סינטעטיש בוך איבער יענער עפּאָכע. די עפּאָכע ליגט נאָך אויף אונזערע פּלייצעס. די פאָראַרבעטן צו איר זיינען נאָך זייער מאָגער. עס איז נאָך ניט דורכגעזייט געוואָרן די „יודאאיקאַ“ פון דער גרויסער מעמואַרן־ליטעראַטור וועגן יענער עפּאָכע. די אַרכיוון זיינען נאָך נישט אָנגערירט געוואָרן.

דאָך קומט ד״ר געלבערן אַ דאַנק פאַר זיין אַרבעט. ער האָט אונז צוגעטראָגן אַ שיינעם און אַ נייעם מאַטעריאַל. אָפטמאָל מאַכט דאָס בוך דעם איינדרוק, אַז די ווינער אַרכיוו־מאַטעריאַלן האָבן באַוואויגן דעם מחבר אָנצושרייבן די אַרבעט, און דעריבער איז דערדאָזיקער מאַטעריאַל, וועלכער איז אין עצם גענומען פאַר דער טעמע אַ זייטיקער, בלית ברירה אויסגעוואַקסן ביז צום צענטראַלן מאַטעריאַל. און דאָס איז מעטאָדאָלאָגיש ניט ריכטיק, ווייל עס האַנדלט זיך ניט וועגן דעם, וואָס האָט דער עסטרייכישער אַמבאַסאַדאָר אין וואַרשע געוואוסט וועגן דעם אויפשטאַנד און וועגן דער ראָלע פון די ייִדן אין אים, נאָר וועגן דעם גאַנצן פּראָבלעם, וואָס הייסט „די ייִדן און דאָס יאָר 1863“.

דידאָזיקע טעמע פאָדערט ברייטע היסטאָרישע האָריזאָנטן. ניט דער עצם קאַמף קען דאָ זיין די צענטראַלע אידעע, נאָר דער גאַנצער אידעאָלאָגישער איבערברוך אין דער ייִדישער געזעלשאַפט פון יענער צייט, דאָס קרייצן זיך פון אַסימילאַציע מיט עמאַנסיפּאַציע, פון חסידות מיט השכלה, פון פעדעראַציע מיט אימפּעריאַליזם, און דאָס אַלץ—מיטן רעוואָלוציאָנערן ראָמאַנטיזם אין פּוילן. אין דעם תוהו־ובוהו פון פאַרשיידענע קאָנפליקטן האָט זיך געפונען דער ייִדישער קיבוץ אין פּוילן ערב דעם אויפשטאַנד. דאָס איז שוין ניט געווען קיין אייניייטלעכע מאַסע, נאָר אַ קאָלעקטיוו, וועלכער הייבט זיך אָן צו דיפערענצירן. דידאָזיקע דיפערענצירונג קומט פאָר אויף אַ ריין־עקאָנאָמישן באָדן. דערפון שטאַמט די — אין פלוג גענומען פּאַראַדאָקסאַלע—דערשיינונג, אַז פאַרפּוילישטע ייִדישע סוחרים אָדער באַנקירן האָבן ליבעראַליזירט אין פּוילישן גייסט, מיטגעמאַכט דעם ראָמאַנטישן טאַנץ, האָבנדיק גלייכצייטיק אַ פּראָ־רוסישע אָריענטאַציע. אַ קליינע צאָל ייִדישע יוגנט איז אַריינגעטראָטן אין אויפשטאַנד, געפירט פון אירע עמאָציאָנעלע אימפּולסן. אייגנטלעך איז צווישן דעם מאַסן־מענטש און דעם ייִדישן גאַנץ־ אָדער האַלב־אַסימילירטן סוחר אין היגזיכט פון פּאָליטישער אידעאָלאָגיע קיין גרויסער אונטערשייד ניט געווען. דער אונטערשייד איז באַשטאַנען נאָר אין דעם, וואָס איינער האָט מיטגעשפּי־ט דעם פאָרשפּיל, וואָס הייסט אַזוי אומשולדיק „די פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס“, בעת דער צווייטער צד איז אַזוי ווייט ניט געגאַנגען. אין דעם אַנאַליז פון יענע געשעענישן איז וויכטיקער די ראָלע ווי די שטעלונג, די טאַקטיק — ווי די קרבנות, די ווירקלעכקייט — ווי די סענטימענטן.

ד״ר געלבער איז געגאַנגען גאָר אויף אַן אַנדער וועג. מיט גרויס פלייס און מי האָט ער אָנגעזאַמלט פאַרשיידענע מאַטעריאַלן און האָט זיי קאָנסטרואירט אין אַ ריי קאַפּיטלעך, ניט אַלע מאָל פון דער זעלביקער פּראָפּאָרציע אָדער פון גלייכן ווערט.

זעגענענדיק זיך מיט ד״ר געלבערס בוך, וועלכן מיר האָבן אַזוי אויספירלעך דאָ באַטראַכט, קענען מיר זאָגן, אַז ניט געקוקט אויף אַלע חסרונות, איז דאָס אַ נוצלעך און אַ ווערטפול בוך. און פון דער צווייטער זייט — ניט געקוקט אויף זיינע אַלע מעלות, וועט מען מוזן נאָך שרייבן אַן אויספירלעכע געשיכטע פון דער ייִדישער שטעלונג און ראָלע אינעם אויפשטאַנד פון 1863.

# ה ע ר ו ת

1) Gąsiorowski — pułk., Bibljografja druków tyczących się powstania 1863 r., Warszawa 1924.

2) Merwin B., Żydzi w powstaniu 1863, Lwów 1913. אויף רוסיש געדרוקט אין אויסצוגן פון ר אָ ז ע נ ש ט אַ ט אין „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ“ 1913.

3) Х. Коробков, Польско-еврейские отношения 1861-1862. „Евр. Старина“, 1915 אויפן סמך פון ל י ד ע ר ס אָפיציעלע באַריכטן, געדרוקט אין „Русская Старина“ אין 1899.

4) די אַרטיקלען פון ע. פ ר ע נ ק — געבויט דער עיקר אויף געדרוקטע אַרטיקלען — זיינען דערשינען אין „הצפירה“ און איין אַרטיקל — וועגן ר׳ בעריש מייזעלס — אין „העבר“, ב II. פון די דאָזיקע אַרטיקלען פאַרדינט די אויפמערקזאַמקייט די אַרבעט וועגן „וויעלאָפּאָלסקי און די ייִדן“ אין „הצפירה“ 1913.

5) Я. Шацкий. К истории участия евреев в польском восстании 1863 года, „Евр, Старина“ 1915. אויף פּויליש איז אַ פראַגמענט פון זיין מאָנאָגראַפיע „Żydzi w powstaniu 1863“ געווען געדרוקט אין „Nowa Gazeta“ (יאַנואַר פעברואַר 1917); אויף ייִדיש: „די אַמעריקאַנער ייִדן און דער פּוילישער אויפשטאַנד פון 1863“ — אינעם „פאַרבאַנד פון די פּוילישע ייִדן“, ניו־יאָרק 1925.

6) די כאַראַקטעריסטיק פון דער עפּאָכע ווערט דאָ געגעבן לויט מיינע אייגענע אַרכיוו־פאָרשונגען. אַן אַלגעמיין בילד

קען מען געפינען בײַ: St. Kempner, Dzieje gospodarcze Polski porozbiórowe וואַרשע 1920 (צווייטער באַנד; אַ קאַפּיטל וועגן ייִדן).

7) די באַציִונגען צווישן דער יידישער פּלוטאָקראַטיע און פּאָסקעוויטשן ווערן באַשריבן אין אַ רײ מעמואַרן, ווי צ״ב: בײַ דער דיכטערין דעאָטימאַ, אין „Biblioteka Warszawska" פאַרן יאָר 1910, ב. 3; בײַ סמעצקי, Wspomnienia mojej młodości אויך אינעם טאָגבוך פון דעם היסטאָריקער יוליאַן באַרטאָשעוויטש, „Przegląd Historyczny" (1913); בײַ גאָיעווסקי, Pamiętnik, פּויזן 1913 (ז. 173 א״א). דער רייכסטער מאַטעריאַל וועגן יענער עפּאָכע געפינט זיך אין די ניט געדרוקטע מעמואַרן פון האָפמאַן, דעם סעקרעטאַר פונעם פירשט אדאַם טשאַרטאָריסקי; האָפמאַן איז דער מאַן פון דער באַרימטער פוילישער שריפטשטעלערין קלעמאַנטינא זשאַנסקיך האָפמאַנאָוואַ. דער אָריגינאַל פון האָפמאַנס מעמואַרן געפינט זיך אין דער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפט אין קראָקע. די שטעלעס וועגן ייִדן האָבן אַן ערשטקלאַסיקן היסטאָרישן ווערט.

7a) אַגאַטאָן גיללער, דער אַלטער קאָנספּיראַטאָר, שרייבט: „אַלע געהיימע פאַריינען האָבן זיך באַמיט אַריינצו־באַקומען די ייִדן"; זע: Historja powstania narodu polskiego, III, 181.

8) דער בריוו פון לעוואַנדע צו זאַלקינדן (פונעם 10־טן נאָוועמבער 1863) אין „Еврейская Библиотека", IX, 48.

9) Baranowski Ignacy. Pamiętniki (1924 פּויזן), p. 23, 147 etc.

10) וועגן די דאָזיקע זיצונגען זע די אינטערעסאַנטע זכרונות פון יאַסטראָוו, געדרוקט אויף דייטש אינעם ענגלישן זשורנאַל "The Hebrew Leader", ניו־יאָרק 1870.

11) Zdanie sprawy z czynności Dozoru Bóżniczego 1863, p. 14–15,

אויך די באַריכטן אינעם בילדונגס־אַרכיוו, וואַרשע (אַקטן נומ. 2425).

12) „Jutrzenka", 1861, N. 6.

13) באַריכטן פון קאָמיטעט פון 1858 (פינאַנס־אַרכיוו, וואַרשע).

14) קרויזהאַר אין זיינע זכרונות, געדרוקט אין Księga jubileuszowa ku czci Kraszewskiego, Warszawa 1880, אויך: פּאָפּראַצקי אין זיינע זכרונות, געדרוקט אין „Nowa Gazeta" (וואַרשע, אויגוסט 1906). זייער כאַראַקטערים־טיש איז די באַמערקונג בײַ זנאַמאָוויטש אין זיינע מעמואַרן „די פוילישע שול מיט 45 יאָר צוריק", געדרוקט אין „Biblioteka Warszawska" (1909), אַז די יידישע תלמידים אין דער פוילישער גימנאַזיע האָבן זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון די פוילישע חברים און פאַר דער גאַנצער צייט איז אים ניט אויסגעקומען צו האָבן קיין איין יידישן חבר. דאָס אילוסטרירט אַמבעסטן, וואָס פאַרא מהלך ס'איז געווען פון פאַרמעלער פּאָ־לאָניזאַציע צו אמתער אַסימילאַציע.



15) Listy z zagranicy z powodu kwestji chłopskich, Paryż 1856, p. 182–187.

16) ליידער קען איך דאָ נישט געבן די רשימה פון דער דעמאָלסטיקער פּובליציסטישער ליטעראַטור, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט אינגאַנצן אָדער בדרך אגב מיט דער יידן־פראַגע (די גרעסטע קאָלעקציע פון דער ליטעראַטור פאַרמאָגט די פּאַריזער פוילישע ביבליאָטעק). די ביבליאָגראַפיע זע בײַ עסטרייכער (פּאַראַן פעלערן). אַ פּרווו פון ביבליאָגראַפיע וועגן דער געהיימער פּרעסע פאַר די יאָרן 1861 — 1863 האָט געגעבן זיעלינסקי אין זשורנאַל „Książka" 1913. אַ גוטע קאָלעקציע פון די זשורנאַלן איז אין ראַפּערסוויל (שווייץ). זע אויך גאָנסיאָראָווסקי (הערה 1).

17) „Orient" 1845, נומ. 37. וועגן דער רעאַקציע קעגן דייטש אין רוסלאַנד זע: מרדכי אהרן גינצבורג, „המוריה" (וואַרשע 1878), ז. 43. זע אויך לעוואַנדעס מיינונג וועגן דעם אין איינעם פון זיינע בריוו, אין Еврейская Библиотека ב. IX, ז. 42.

18) Korzon, Mój pamiętnik historyczny, K. 1912, p. 29–30.

זע אויך א. ב. גאָטלאָבערס זכרונות אין „הבוקר אור".

19) די ליטעראַטור וועגן קראָנענבערגן איז זייער גרויס. זעלטן אין וועלכע מעמואַרן פון יענער צייט איז זיין נאָמען ניט דערמאָנט. די גרויסע קאָלעקטיווע אַרבעט, אונטער דער רע־דאַקציע פון פּראָף. אַשקענזי (וואַרשע 1922), האָט אַ קנאַפּן ווערט צוליב אירע ריין־צפּאָלאָגעטישע טענדענצן; דערצו ווערט דאָ דער יידישער מאָמענט אינגאַנצן פאַרשוויגן. אינטערעסאַנטע פּרטים געפינען מיר בײַ באַראַנאָווסקי, דצ״ה, און אין די אַרטיקלען פון קראַשעווסקי אין „Ateneum" 1878. זע אויך: Grabiec, Ostatni szlachcic, 1924, I, 132 מיט אסך מאַטעריאַלן, גענומען פונעם משפּחה־אַרכיוו.

20) די דעפּעשע איז אָפּגעדרוקט אין „Дела и дни" — באַנד III, ז. 64, 71.

21) Kraushaar, Kraszewski i czasopismo „Ojczyzna" 1913

אויך דער פאַמיליע־אַרכיוו פון קראָנענבערגן.

22) Хрулев, Варшавские манифестации, אַ טאָגבוך, געדרוקט אין „Колосья" 1884, נומ. 11.

23) דאָס ליד איז אָפּגעדרוקט אין „Przegląd Narodowy" אין יאָר 1912, ז. 245 — 246.

24) Widoki przyszłości ekonomicznej dla Izraelitów — Polskich געדרוקט אין „Rocznik gospodarstwa Rolniczego" 1863. זע אויך די אַקטן פון דערדראָזיקער געזעלשאַפט בײַ פּשיבאָראָווסקי, II; גראַבסקי, II, ז 369 — 370.

25) Rachunki, I, p. 391 — 392.

26) געדרוקט אין „Nasz Kurjer" — 1921, אויגוסט.

27) „День", 1870, № 50.

28) Штейнберг, Граф Муравьев и его отноше-

ния к евреям г. Вильны в 1863 г., „Русская Старина“ 1901, p. 306.

29) Солтановський, У старорежимної провинції, „Украіна“, 1925, V, p. 125

30) Мосолов, Виленские очерки, СПБ, 1898, p. 55, 124.

31) Райковский, Польская молодежь Западного края в мятеже 1861—1863, „Русский Вестник“, 1869, p. 251, 542, 611.

אָט וואָס עס זאָגט וועגן די עקאָנאָמישע מאָטיוון אָן אָנגעזעענער פוילישער רעוואָלוציאָנער יאַנאָווסקי, דער סעקרעטאַר פונעם „זשאָנד נאַראָדאָווי“:

„Żyjąc ciągle między Polakami, zależni od nich w stosunkach handlowych, ekonomicznych, jakkolwiek nie stawali się Polakami — to jednak w znacznej większości byli przyjaźnie dla Polski usposobieni“ (Janowski, Pamiętniki o powstaniu narodowem, Lwów 1923).

32) פג"ל דעם אַרטיקל פון ניקאָלאַי סושקאָוו אין „Чтения Общества древностей“ פאַרן יאָר 1866, נומ׳ 3, ז׳ 238. פּאָנאָמאַריאָוו (Исторический Вестник“, 1897) מיינט, אַז יידן האָבן געדינט ביידע לאַגערן און געצויגן דערפון גוטע פּרנסה. דאַקעגן, אַן אַנדער צוזויער, גראָד אַ פרעמדער, רעדט וועגן דער שנאה צו די רוסן מצד די יידן פאַר די רדיפות; זע: Anderson, Seven months residence in Russian Poland in 1863; London 1864.

צו מ'האָט פון די יידן געוואָלט מאַכן רוסישע שפּיאָנען באַווייזט אַמבעסטן פאָלגנדיקער פאַקט: בכדי צו האָבן אַ קאָנטראָל איבער אַלע דורכרייזנדע, האָט מען איינגעפירט אין אַלע אכסניות און שענקן ספּעציעלע מעלדונגס־ביכער; היות ווי די באַלעבאַטים פון די אכסניות און שענקן זיינען געווען אויסשליסלעך יידן׳ וואָס האָבן קיין רוסיש ניט געקענט, האָט מען זיי דערלויבט צו פירן די ביכער אויף יידיש. זע וועגן דעם אינטערעסאַנטע אָנווייזונגען פון אַרכיוו־קוועלן ביי:

С. Буда, Перед вольским повстанним 1863, „Украіна“ 1925. V, p. 132.

33) Głos, Czasopismo młodzieży polskiej w Paryżu 1862.

34) Zbiór rozporządzeń M. O. P. (צווייטער באַנד)

35) „Jewish Exponent“, 1903, N. 26.

36) J. N. Niemojowski, Wspomnienia, Warszawa 1925. p. 520.

37) אויספירלעכער וועגן דעם זע:

Dr. H. Hilchen, Historja drogi żelaznej Warszawsko-Wiedeńskiej, Warszawa 1912.

38) Ostatni szlachcic, I, 164.

39) Lisicki, Wielopolski, I p. 180—181.

אויספירלעכער זע אין דער גלענצנדער אַרבעט, הגם פון אַ ריין־אַסימילאַטאָרישן שטאַנדפונקט, ביי:

Sempołowska, Reforma szkolna 1862 r., W. 1916.

40) איך ציטיר לויטן בוך פון קאָרנילאָוו:

פּעטערבורג 1901, Русское дело в северо-западном крае ז. 10—11.

41) די כאַראַקטעריסטיק פון דער ווירטשאַפטלעכער עוואָלוציע אין פוילן גיב איך לויטן בוך פון ראָזאַ לוקסעמבורג: Die oekonomische Entwicklung des Koenigreichs Polen, I. אויך לויטן בוך פון סט. קעמפּנער (זע הערה 6).

42) Rückblicke auf das verflossene Jahr, „Kalender für Israeliten“ Wien 1861, p. 111.

43) זע מיינע אָנגעוויזענע אַרטיקלען אין „פאַרבאַנד פון די פוילישע יידן“ (1925) און אין „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ“ (1915).

44) אַ גענויע רשימה פון „יודאיקא“ אין דער דאַמאָלסטיקער פּראָנצוויזישער פּרעסע מיט אַ סך אויסשניטן פון זיי געפינען זיך אינעם מוזיי פון טשאַרטאָריסקי אין קראָקע.

45) „Niepodległość“, 1863, № 8.

46) Леванда, К вопросу о евреях в западном крае, „Виленский Вестник“ 1866.

47) „Основа“ 1861 (июнь, сентябрь).

אויך די אוקראַינער אין גאַליציע האָבן איראָניזירט איבער דער פויליש־יידישער אחדות: פג"ל דאָס שפּאָט־ליד, אָפּגעדרוקט אין Записки Наукового Товариства імени Шевченка V. 136—137, p. 177—178.

48) וועגן די שטימונגען צווישן יידן אין דער עפּאָכע פון פּאַסקעוויטשן זע: סקאַרבעק, Dzieje Polski ב. II, ז. 98—97; דאָס בוך טויגט כמעט אַ מעמואַרן־כאַראַקטער. אויספירלעך וועגן דעם באַשרייב איך אין מיין בוך, וואָס איז שוין פאַרטיק צום דרוק: „די יידן־פראַגע אין קאָנגרעס־פוילן אין דער תקופה פון פּאַסקעוויטשן“.

49) פראַגמענטן פון וויערניקאָווס זכרונות זיינען געדרוקט אין „Голос Минувшего“ פאַרן יאָר 1915.

50) אַ גרויסע צאָל ראַפּאָרטן און באַפעלן פון יאָר 1863 אין ליטע זיינען אָפּגעדרוקט אין פאָלגנדיקע זאַמלונגען:

Циков, Сборник распоряжений Муравьева; Сборник документов Муравьевского музея, издал А. Белецкий, Вильно 1906; Архивные материалы Муравьевского музея издал Миловидов, 1913, (צווי בענד).

אַ נאָך ניט־באַאַרבעט פעלד איז דער מאַטעריאַל, וואָס איז געדרוקט אין די רוסישע היסטאָרישע זשורנאַלן „איסטאָריטשעסקי וויעסטניק“, „רוסקאַיאַ סטאַרינאַ“, „רוסקי אַרכיוו“ א״א.

51) זע דעם ז"ב: „Z lat krwawej walki“, — קראָקע, 1914, ז. 20.

52) וועגן דעם, אַז ער איז געווען דער מחבר פון די אויפרופן, זע ביי פּאָפּראַצקי אין „Nowa Gazeta“ פאַרן יאָר 1906. די ביבליאָגראַפיע פון זיינע ווערק זע:

Zeitlin. Bibliographia hebraica post Mendelsoniana, p. 118.

53) Kwartalnik historyczny, 1909, p. 284—85.

54) Prendowska, Pamiętniki פון (מאַנוסקריפּט דער קראָקעווער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפט).

55) אויספירלעך וועגן אים זע: Behza אין דעם זאַמלבוך „W 40-letnią rocznicę powstania styczniowego", Lwów 1903, p. 64.

56) וועגן וואָלן איז פאַראַן אַ גרויסע ליטעראַטור; די וויכטיקסטע קוועלן זיינען: די דריי בענד בריוו-זאַמלונגען פון דער דיכטערין Gabrjela Żmichowska; די הערטפּולע מעמואַרן פון פּרענדאָווסקאַ; די אַרטיקלען — זייער פּאַטעטישע — פון באַראַנאָווסקי און אַשכּנזי אין „Tygodnik Illustrowany" (פאַרן יאָר 1907, 20, און 1909, 45); אויך די מעמואַרן פון יאַנאָווסקי (1924, ז. 311).

57) W. Studnicki, Rok 1863. Wyroki śmierci ווילנע, 1923, ז. 10.

58) Wiadomości z pola bitwy 1863, פון 8 פעברואַר

59) Studnicki l. c., p. 28—29,

60) מערצבאַך איז געווען לעלעוועלס אינטימער פריינד; זע מיין דערמאָנטע אַרבעט אין „נאַש קוריער" (1921); זיין בוך הייסט „Strzaskana lutnia". און ווערט אָפטמאָל דערמאָנט אין קרויזהאַרס זכרונות.

61) Wiadomości z pola bitwy, 1863 № 5.

62) וועגן פּאַסינגערן זע: 159, 1863 „Czas"; וועגן פּאָזנערן זע ביי קרויזהאַר, Okruchy przeszłości, Warszawa 1913, p. 324—303

63) לויט אַ באַריכט אין „Dziennik Poznański" פאַרן יאָר 1863, יולי.

64) Merwin, Żydzi w powstaniu 1863, p. 37.

65) זע מיין אַרטיקל אין „נאָוואַ גאַזעטאַ" 1917, יאַנואַר. קאַליסקי איז געשטאָרבן אין 1926.

66) זע די קראָקעווער פּרעסע פון 1916; דאָרט ווערט אויך געבראַכט זיין ביאָגראַפיע און ס'ווערט דערמאָנט זיין אַדל-טיטל; פּראָפ. מ. באַלאַבאַן לייקנט עס אָפּ אין אַ באַגרינדונג; זע: „ביכער-וועלט", 1922, נומ. 6.

67) Tygodnik Illustrowany 1911, № 15.

68) Męziński, Pamiętniki, p. 37.

69) Павлищев, Седьмицы польского мятежа, II, 257.

70) Лемке, Крестьянские волнения 1855 г, „Красная Летопись" № 7.

71) Przegląd rzeczy polskich, 1862, p. 27.

72) געדרוקט אין „Dziennik Narodowy" פּעטריקאָוו 1916. איין באַשרייבונג פון אַזאַ אַנאָנימען העלד האַלט איך פאַר נויטיק דאָ צו ברענגען; מיר געפינען זי אין די זכרונות פון Ożegalski, ז. 153:

„W bitwie dnia 21 kwietnia 1863 roku pod Stefankowem odznaczył się pewien Żyd, akademik z Warszawy, kosynier, który wpadł na Moskali, zarąbał oficera za co został wobec całego oddziału pochwalony i pocałowany przez Czachowskiego i za waleczność mianowany oficerem kosynierów".

# דער אָנהויב פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג

פון א. טשעריקאָווער (בערלין)

## 1. די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע גרופּעס אין ווילנע

יידן-סאָציאַליסטן יחידים האָבן אין רוסלאַנד אָנטייל גענומען אין דער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג נאָך פאַר די 70קער יאָרן. אָבער ביז דער גרינדונג פון דעם לאָנדאָנער „אגדת הסציאַליסטים העברים" (מאַי 1876) האָט וועגן אַ יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג ניט געקענט זיין קיין רייד. גראָד האָט איינער פון די ערשטע רוסיש-יידישע סאָציאַליסטן — אויב ניט דער ערשטער — גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין גרינדן דעם לאָנדאָנער פאַראיין (לאַזאַר גאָלדענבערג). צווישן די גרינדער פונעם דאָזיקן פאַראיין זיינען אויך געווען צוויי מיטגלידער (אַהרן ליבערמאַן און ל. ווינער), וואָס האָבן זיך פריער אַקטיוו באַטייליקט אין די ערשטע פּרוּוון, וואָס זיינען פאַר דעם געמאַכט געוואָרן אין ווילנע צו שאַפן אַ סאָציאַליסטישע גרופּע צווישן יידן.

די וויגעלע פון דידאָזיקע ערשטע פּרוּוון אין ווילנע איז געווען די ראַבינער-שול און נאָך איר רע-פאָרמירונג אין 1873 — דער יידישער לערער אינסטיטוט. פון דער ראַבינער-שול און פונעם אינסטיטוט זיינען אַרויס אַ ריי יידן-רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין דער אַלגעמיין רוסישער און אין דער יידישער באַוועגונג (פינקעלשטיין, זונדעלעוויטש, יאָכעלסאָן, ליבערמאַן, דאַווידאָוויטש). דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן אינעם ראַבינער-שול אַן אומלעגאַלע אַרבעט, איז געווען אַ ר ק אַ-ד י (יעקב-אבא) פ י נ ק ע ל ש ט י י ן. אין יאָר 1872 האָט ער דאָ געגרינדעט אַן אומלעגאַלע ביבליאָטעק און האָט פאַר-שפּרייט צווישן די תלמידים רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור. דאָס איז אַנדעקט געוואָרן, פינקעלשטיין איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון ראַבינער-שול און אַרויסגעשיקט געוואָרן פון ווילנע. גלייך נאָכדעם (אין 1872) איז ער אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד, קיין קעניגסבערג, וואו ער איז אַריין אין אוני-ווערסיטעט. דאָ האָט ער פאָרגעזעצט זיין רעוואָציאָנערע אַרבעט און אין משך פון די יאָרן 1873 — 1875 איז ער געווען דער אַגענט פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פאַרלאַגן אין לאָנדאָן און זשענעווע, וועמענס ליטעראַטור ער פלעגט אומלעגאַל טראַנספּאָרטירן קיין רוסלאַנד [1] (שפּעטער האָט זיין אָרט דאָ פאַרנומען אהרן זונדעלעוויטש). פון די ניט פאַרעפנטלעכטע בריוו פון זונדעלעוויטשן, וועלכע געפינען זיך אין אַרכיוו פון דער באַוואוסטער רוסישער רעוואָ-ציאָנערער צייטונג „ווּפּעריאָד" און וועלכע זיינען געשריבן פון קעניגסבערג קיין לאָנדאָן (צו הירש סאַפּערן) אין סעפּ-טעמבער-נאָוועמבער 1875, זעט מען, אַז פינקעלשטיין האָט נאָך דעמאָלט געוואוינט און געפירט אַ רעוואָלוציאָנערע אַרבעט אין קעניגסבערג [2].

נאָך פינקעלשטיינס דורכפאַל אין ווילנע האָט אַ ה ר ן ז ו נ ד ע ל ע װ י ט ש, פריער אויך אַ תלמיד פון ראַבי-נער-שול, געגרינדעט די ערשטע רעוואָלוציאָנערע גרופּע, אין וועלכער ס'האָבן אָנטייל גענומען אַ מענטשן 15, אויס-שליסלעך יידן, דער עיקר געוועזענע תלמידים פון ראַבי-נער-שול [3], אַ פּאָר תלמידים פון דעם לערער-סעמינאַר און

1) אַ ר כ י װ פ ו ן „ב ו נ ד", א. זונדעלעוויטשעס בריוו (1908) וועגן ליבערמאַנען און דער ווילנער גרופּע. זע אויך:
В. Иохельсон, Далекое прошлое, „Былое" № 13, 1918, стр. 55; Н. Бухбиндер, История евр. рабочего движения в России, Ленинград 1925, стр. 16—18.

2) אַ ר כ י װ פ ו ן „װ פּ ע ר י אָ ד" (געפינט זיך אין בערלין ביים באַקאַנטן רוסישן היסטאָריקער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ב. נ י ק אָ ל אַ י ע װ ס ק י, וועלכער האָט אונז בכלל מיטגעטיילט אַ סך פּרטים וועגן יענער צייט, און מיר דריקן אים אויס דערפאַר אונזער טיפן דאַנק). פינקעלשטיין איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטע פערזענלעכקייט. זע וועגן אים אויספירלעכער אין דער פאַרלעצטער הערה צום סוף פון דעם אַרטיקל.

3) די 11 פּערזאָן, ביי וועמען די ווילנער פּאָליציי האָט אין יולי 1875 געמאַכט הויז-אונטערזוכונגען, זיינען אַלע — געוועזענע תלמידים פון ראַבינער-שול. זע פ נ ח ס ק אָ נ ס אַרטיקל (אויפן סמך פון דעם ווילנער פּאָליציי-אַרכיוו) וועגן דעם ערשטן יידישן רעוואָלוציאָנערן קרייזל אין ווילנע, אין דעם זאַמלבוך:
„Еврейская Летопись", Ленинград 1928, 143—154.

בכלל יוגנט פון די מיטל-שולן. זונדעלעוויטש האָט אַריינגעפירט אין דער גרופּע א ה ר ן ל י ב ע ר מ אַ נ ע ן (אויך אַ געוועזענער תלמיד פון ראַבינער-שול); אַן אַקטיוון אָנטייל האָבן אויך גענומען וו. י אָ כ ע ל ס אָ ן, ל. וו יי נ ע ר, ל. ד אַ וו י ד אָ וו י ט ש און אַנדערע. זונדעלעוויטש האָט שוין דעמאָלט געהאַט פאַרבינדונגען מיט די רוסישע רעוואָלוציאָנערע קרייזן און האָט געהאָלפן טראַנספּאָרטירן אומלעגאַלע ליטעראַטור קיין רוסלאַנד, איז עטלעכע מאָל געווען צוליב דעם ביי פינקעלשטיינען אין קעניגסבערג. די הויפּט-אַרבעט פון דער גרופּע איז באַשטאַנען אין לייענען אומלעגאַלע ליטעראַטור, באַהאַנדלען סאָציאַליסטישע פראַגן און אין אינדיווידועלער פּראָפּאַגאַנדע. אין יולי 1875, אין פאַרבינדונג מיט אַלעקסאַנדער דעם IIטנס באַזוך אין ווילנע, איז לויט אַ מסירה דער ווילנער קרייזל אַנטדעקט געוואָרן; מ'האָט אַרעסטירט אַ ריי פּערזאָנען, אָבער די הויפּט-טוער — זונדעלעוויטש, ליבערמאַן, יאָכעלסאָן און ווינער זיינען אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד. געהאָלפן זיי אין קעניגסבערג האָט טאַקע דערזעלביקער פינקעלשטיין.

אַ שייכות צו דער ווילנער גרופּע אין יענע יאָרן האָט אויך געהאַט אַ נ נ אַ ע פּ ש ט יי ן, הגם זי ווערט לחלוטין ניט דערמאָנט אין די פּאָליציי-אַקטן וועגן דעם ענין. ליידער, זיינען וועגן איר טעטיקייט דאָ כמעט ניטאָ קיין ידיעות. אַננאַ עפּשטיין, אַ געבוירענע אין ווילנע, איז אין יאָר 1869 אַריינגעטראָטן אין די העכערע מעדיצינישע קורסן פאַר פרויען אין פּעטערבורג. דאָס איז געוויס געווען די ערשטע יידישע פרוי אין אַ רוסישער הויכשול[1]. אַננאַ עפּשטיין האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער רוסישער באַוועגונג; אין דער רעוואָלוציאָנערער רוסישער ליטעראַטור ווערט זי אָנגערופן „די הויפּט-קאָנטראַבאַנדיסטקע און די באַרעמהערציקע שוועסטער פון דער רעוואָלוציע". „אַדאַנק איר — ווערט דערציילט אין אַ אומלעגאַלן אָרגאַן — זיינען די סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע אידעען אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דער סביבה פון דער יידישער יוגנט אין ווילנע, וואו עס האָט זיך, לויט איר איניציאַטיוו, געבילדעט דער קרייזל, פון וועלכן ס'איז אַרויס זונדעלעוויטש"[2]. אין די מאַטעריאַלן האָבן מיר ניט געפונען קיין שום באַשטעטיקונג וועגן איר ראָלע אין דער ווילנער באַוועגונג, הגם אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור ווערט אָפּט דערמאָנט וועגן דעם „קרייזל פון אַננאַ עפּשטיין אין ווילנע". ס'איז נאָר באַקאַנט, אַז וואוינענדיק אין פּעטערבורג האָט זי געהאָלפן דער ווילנער גרופּע (דורך זונדעלעוויטשן) צו פאַרבינדן זיך מיט די רעוואָלוציאָנערע קרייזן פון די „טשאַיקאָווצעס"; קומענדיק אויף אורלויב אין איר מוטער-שטאָט, האָט זי מסתמא געהאָלפן זונדעלעוויטש-ליבערמאַנס גרופּע מיט אירע אָנווייזונגען — און מסתמא דערפאַר ווערט דער קרייזל גערופן אויף איר נאָמען. די פּאָגראָמען פון די 80קער יאָרן האָבן אויף איר געמאַכט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק, „זיי האָבן אַזוי טיף אָנגעגריפן אירע בעסטע געפילן צו דער ליידנדיקער מענטשהייט, אַז זי איז אַוועק פון דער באַוועגונג און האָט זיך באַזעצט אין אויסלאַנד", דאָ האָט זי פּראַקטיצירט אַלס אַרצט[3].

די באַוועגונג צווישן דער יידישער יוגנט אין ווילנע האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט מיט די אַרעסטן אין 1875. שוין גלייך נאָכדעם האָבן די איבערגעבליבענע מיטגלידער פון דער גרופּע אָנגעהויבן אַ נאָך ברייטערע פּראָפּאַגאַנדע; זיי האָבן אויפגעשטעלט דעם ווילנער קרייזל, האָבן אויך געהאָלפן גרינדן אַזעלכע גרופּעס אין דווינסק, מינסק, גראָדנע און אַפילו אין יעלעץ (אָרלאָווער גוב.). אין די ידיעות, וואָס נ. בוכבינדער האָט לעצטנס פאַרעפנטלעכט אויפן סמך פון אַרכיוו-מאַטעריאַלן, ווערן דערמאָנט 27 נעמען פון דער ווילנער גרופּע (צווישן זיי 6 פרויען), 2 — פון דווינסקער, 2 — פון מינסקער, 8 — פון גראָדנער און 6 — פון דער גרופּע אין יעלעץ (יידישע תלמידים פון דער אָרטיקער אייזנבאַן-שול). דער אָנפירער פון דער גאַנצער באַוועגונג איז געווען ל. ד אַ וו י ד אָ וו י ט ש, אויך אַ געוועזענער תלמיד פון דער ווילנער ראַבינער-שול, פון זונדעלעוויטש-ליבערמאַנס גרופּע. שפּעטער איז ער אַוועק אַלס פרייוויליקער צו העלפן די סערבן אין זייער באַפרייאונגס-מלחמה קעגן טערקיי. נאָך די פּאָגראָמען פון די 80קער יאָרן האָט דאַווידאָוויטש אינגאַנצן פאַרלאָזט די רעוואָלוציאָנערע רייען, איז אַריבער צו די חובבי-ציון און געוואָרן אַ העברעאישער שרייבער. דאָס איז דער באַקאַנטער בן-דוד, דער מחבר פון איינציקע העברעאישע ווערק איבער ערציאונג[4].

אין די פּאָליציי-באַריכטן וועגן דער צווייטער ווילנער גרופּע ווערט דערציילט, אַז אַ ריי פּערזאָנען פון דער גרופּע האָבן געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט ליבערמאַנען אין אויסלאַנד און אַז זיי האָבן באַקומען פון אים אַ בראָשור „וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון אַ סאָציאַל-רעוואָלוציאָ-

1) די ערשטע ר ו ס י ש ע פרויען, וואָס האָבן באַקומען הויכבילדונג, זיינען געווען אין 1867 נ. סוסלאָווע (די שוועסטער פון דאָסטאָיעווסקיס אינטימער חברטע) און מ. באָקאָווע; זיי האָבן ביידע געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט אין ציריך.

2) Летучие листки Фонда вольной русской прессы в Лондоне, под ред. Ф. Волховского, № 28, 1896

אננא עפּשטיין איז געשטאָרבן אין ווין אין 1895; זי איז געווען די פרוי פונעם באַקאַנטן רוסישן רעוואָלוציאָנער קלעמענץ.

3) דאָרטן.

4) זע די נאָטיץ וועגן דאַווידאָוויטשן אין „י ע וו ר ע י ס ק אַ י אַ ס ט אַ ר י נ אַ", 1911, ב. III. (ז. 409), פון מ אַ ר ק ו ס כ ה ן (מרדכי בן הלל הכהן). בן-דוד האָט אויך איבערגעזעצט ספּענסערס בוך וועגן ערציאונג.

נערן פֿאַרבאַנד צווישן די יידן אין רוסלאַנד"[1]. דאָ ווערט געמיינט דער ס ט אַ ט ו ט פֿון אַזאַ פֿאַרבאַנד, וועלכער איז לעצטנס פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן פֿון נ. בוכבינדערן. אין דעמדאָזיקן סטאַטוט, וואָס איז געשריבן אין רוסיש און באַציט זיך צו יאַנואַר 1876, ווערט אַנטוויקלט אַ פּלאַן פֿון אַ ספּעציעלער אָרגאַניזאַציע פֿון יידישע סאָציאַליסטן, וואָס בילדן „יידישע סעקציעס". פֿאַר יענער צייט, ביי די אַסימילאַטאָרישע שטימונגען, וואָס האָבן געהערשט צווישן די ערשטע יידן-רעוואָלוציאָנערן, איז דאָס געווען לחלוטין אַ נייער געדאַנק, וואָס האָט געשמעקט מיט אַפּיקורסות. „מיר האָבן בדעה — ווערט דאָ געזאָגט — צו אָרגאַניזירן צווישן יידן אין מערב-קאַנט (פֿון רוסלאַנד) אַ ריי פֿון סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע סעקציעס, וואָס זאָלן זיין פֿאַרבונדן אין אַ פֿעדעראַציע צווישן זיך, ווי אויך מיט ענלעכע יידישע סעקציעס אין אויסלאַנד און מיט די סעקציעס פֿון אַנדערע נאַציעס אין רוסלאַנד און אויסלאַנד . . . די סאָציאַליסטן פֿון אַלע נאַציעס און ראַסן זיינען א י י ן ברידערלעכער בונד. די פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַלע און קולטורעלע תּנאים מאַכן פֿאַרשיידן נאָר די סביבה, אין וועלכער זיי קומט אויס צו אַרבעטן... און דאָס באַוועגט אונז אָנצורופֿן זיך די י י ד י ש ע ס ע ק צ י ע פֿון דער רוסישער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי". „די יידישע סעקציע פֿון די רוסישע סאָציאַליסטן — ווערט ווייטער געזאָגט— פֿאַרנעמט זיך הויפּטזאַכלעך (אויב ניט אויסשליסלעך) מיט פּראָפּאַגאַנדע צווישן יידן, אַריינעמענדיק אין איר טעטיקייט דער עיקר אַרבעטער און די אָרעמע יוגנט. ביי געלעגנהייטן קען מען פֿאַרכאַפּן אויך די תּלמידים פֿון די רעגירונגס-שולן און די קליין-בורזשואַזיע"[2].

דידאָזיקע סטאַטוטן (ה' בוכבינדער האָט זיי באַקומען פֿון מ. ווינטשעווסקין), ווי מיר זעען פֿון די פּאָליציי-אַקטן, זיינען געווען אָ פּ גע ד ר ו ק ט אין אויסלאַנד. דאָס איז דער ערשטער דאָקומענט, וועלכער רעדט וועגן אַ ספּעציעל-יידישער אָרגאַניזאַציע. אָבער דער פּלאַן פֿון אַ יידישער סעקציע איז געבליבן נאָר אויף פּאַפּיר. די פּאָליציי האָט אַריינגעפֿירט אין דער גרופּע אירע אַגענטן און אין מערץ 1876 האָט זי אַרעסטירט כמעט אַלע טוער (אויסער דאַווידאָוויטשן, וועלכער איז אַנטלאָפֿן). די צאָל אַרעסטירטע יידישע רעוואָלוציאָנערן האָט דערגרייכט ביז 56[3]. דאָס באַווייזט, אַז די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין ליטע האָט דעמאָלט שוין אָנגענומען אַ ברייט-פֿאַרצווייגטן כאַראַקטער. נאָך די ערשטע אַרעסטן אין יולי 1875 האָט דער לאָנדאָנער „וופּעריאָד" געשריבן: „די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע איז אַריינגעדרונגען אין דער סביבה פֿון אַ פֿאָלק, וואו די רעליגיע האָט נאָך אַ גאַנץ גרויסע שליטה... די סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע אידעען האָבן געפֿונען אַ באָדן צווישן די יידן אין מערב-רוסישן קאַנט"[4]. די צייטונג דערציילט, אַז דער ווילנער פּאָליצמייסטער האָט גערופֿן צו זיך די רבנים און די יידישע פּרנסים פֿון שטאָט און האָט צו זיי געזאָגט: „ביז איצט האָבן מיר אייך יידן געהאַלטן נאָר פֿאַר שווינדלער, איצט וועלן מיר אייך האַלטן אויך פֿאַר בונטאָווּשטשיקעס". לויט זיין פֿאָרשלאָג זיינען דעם נאָענטן שבת געהאַלטן געוואָרן אין אַלע ווילנער בתּי-מדרשים דרשות קעגן די רעוואָלוציאָנערן, לויטן נוסח, וואָס דער ווילנער שטאָט-מגיד האָט פֿאַרפֿאַסט (זע די דרשה פֿון מגיד אין דער הוספֿה צו אונזער אַרטיקל). שפּעטער, נאָך די אַרעסטן פֿון מערץ 1876, האָט דער שטאָט-מגיד אחרון של פּסח, ווידער לויטן פֿאָרשלאַג פֿון דער פּאָליציי, געהאַלטן אַ ענלעכע דרשה (מסתּמא אין דער גרויסער שול); נאָך אים האָט גערעדט דער ראַבינער ש. קליאַטשקאָ[5].

נאָך די דאָזיקע מאַסן-אַרעסטן איז די רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע צווישן יידן אין אַזאַ ברייטן מאַסשטאַב אָפּגעשטאָרבן אויף אַ לאַנגער צייט.

צווישן די פּאָליציי-מאַטעריאַלן איז דאָ אַ באַריכט פֿון דער באַרימטער „IIIטער אָפּטיילונג" (די העכסטע פּאָליטישע פּאָליציי אין רוסלאַנד אין די אַלטע צייטן) וועגן „דער פֿאַרברעכערישער פּראָפּאַגאַנדע פֿון 38 פּערזאָן אין צפֿון-מערבדיקן געגנט", אין וועלכן עס ווערט אָנגעוויזן, אַז די הויפּט-שולדיקע אין דער פּראָפּאַגאַנדע זיינען ליבערמאַן, וויינער, יאָכעלסאָן, זונדעלעוויטש און דאַווידאָוויטש, וועלכע ס'האָט זיך ניט איינגעגעבן צו כאַפּן. דער באַריכט געפֿינט, אַז דער קרייזל, וועלכן די איבערגעבליבענע טוער האָבן געבילדעט, שטעלט מיט זיך נישט פֿאָר קיין ערנסטע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע און אַז אַלע אָנטיילנעמער זיינען נאָך גאָר יונגעלייט. נאָך קלאָרער שרייבט דער יוריסקאָנ-

1) Н. Бухбиндер, Из истории революционной пропаганды среди евреев в России в 70-х годах. „Историко-революц. сборник", под ред. В. Н. Невского, Ленинград 1924 (37—66).

2) דעמדאָזיקן העכסט אינטערעסאַנטן דאָקומענט האָט נ. ב ו כ ב י נ ד ע ר תּחילת פֿאַרעפֿנטלעכט אין זיין ערשט ציטירטן אַרטיקל (אין „היסטאָריקאָ-רעוואָלוציאָני סבאָרניק", 1924) און שפּעטער אין זיין „געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג אין רוסלאַנד" (רו-ויס, 1925).

3) „Вперед" נומ. 32, ז. 1876, „פֿון ווילנע". דידאָזיקע קאָרעספּאָנדענץ פֿון ווילנע, ווי אַלע אַנדערע פֿאַרן יאָר 1876 און אויך 1875, זיינען געשריבן געוואָרן פֿון ליבערמאַנען, אָדער אויפֿן סמך פֿון זיינע ידיעות (זע ווייטער). לויט נ. בוכבינדערס מאַטעריאַלן איז די צאָל אַרעסטירטע געווען 55, פֿון וועלכע נאָר 38 זיינען צוגעצויגן געוואָרן צום געריכט.

4) ד אַ ר ט ן, נומ. 18, 1875, ז. 564.

5) ד אַ ר ט ן, נומ. 35, 1876, ז. 367.

סולט פון דער „IIIטער אָפּטיילונג" אין זיין מיינונג וועגן דעם ענין: „די געהיימע גרופּעס אין ווילנע שטעלן מיט זיך ניט פאָר קיין שום נייע דערשיינונג, דאָס איז אַן איבערחזרונג פון דער באַוועגונג, וואָס האָט זיך שוין באַוויזן אין אַ סך גובערניעס פון רוסלאַנד". דער יוריסקאָנסולט גיט פאָלגנדיקע „ליבעראַלע" דערקלערונג פון דער באַוועגונג אין ווילנע: נאָכדעם ווי מ'האָט פאַרמאַכט אין יאָר 1873 די ווילנער ראַבינער-שול זיינען זייער אַ סך יידישע יונגעלייט, וואָס האָבן געשטרעבט צו בילדונג, געבליבן אינמיטן וועג... זייענדיק אומצופרידן, וואָס זיי איז ניט געלונגען פאָרצוזעצן די בילדונג, זיינען זיי געוואָרן זייער אויפגערעגט". וואָס איז נוגע דער בראָשור וועגן אָרגאַניזירן אַ סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צווישן יידן — שרייבט ער ווייטער — „האָט זי „מיט אירע הויכע פראַזעס, געווענדעט צו אַ פאָלק, וועלכן איז ניט באַשערט געווען ביז איצט צו שפּילן אַן אָנגעזעענע געזעלשאַפטלעכע ראָלע אין אונזער מלוכה, געווירקט אויפן קרייז פון דידאָזיקע אביונים (אין אָריגינאַל — голяки — אביונים, שלעפּערס), וועלכע האָבן זיך איינגערעדט, אַז זיי זיינען באַרופן „אויפצוּוועקן פון שלאָף זייערע פאָלקס-ברידער"[1].

הגם די באַוועגונג אין ווילנע האָט זיך גערעכנט פאַר ליקווידירט, האָט דאָך דער ווילנער פּאָליצמייסטער אין זיין באַריכט פון 1880, וואו ער גיט אַן איבערבליק פאַר די לעצטע יאָרן, אָנגעוויזן, אַז גאָר איינגאַנצן שטיל איז נישט געוואָרן, און ער רעכנט אויס אַ 7 — 8 יידישע יונגעלייט, וועלכע פירן אַ פּראָפּאַגאַנדע, הגם — זייער פאָרזיכטיק. „בכלל — שרייבט ער — איז אין ווילנע פאַראַן אַ גאָר באַגרעניצטע צאָל פערזאָנען צווישן יידן, וואָס גלויבן אין די סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע אידייען, אָבער דער פאַקט פון זייער עקזיסטענץ איז בלי שום ספק"[2].

די אַלע פרוון זיינען פונדעסטוועגן נאָך ניט געווען קיין אָנהויב פון אַ יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דער פּראָיעקט פון אַ „יידישער סעקציע" איז ניט דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן. ער איז נאָך בכלל געווען פרעמד דער מערהייט פון דער ווילנער גרופּע און ס'איז אַ ספק, צי וואָלט אַזאַ יידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד געבילדעט געוואָרן. ליבערמאַנס ווירקונג פון דער ווייט איז געוואָרן מיט דער צייט אַלץ שוואַכער. וועגן אַ זעלבשטענדיקער באַוועגונג האָט מען אין ווילנע ניט געטראַכט, צו אָרגאַניזירן די מאַסע איז מען ניט צוגעטראָטן. דאָס זיינען געווען אינטעליגענטישע קרייזלעך, וועלכע האָבן

---

1) ג. בוכבינדער, דער ציטירטער אַרטיקל אין: Историко-революц. сборник (אין דער הוספה): באַריכט פון דער דריטער עקספּעדיציע פון דער IIIטער אָפּטיילונג, פון 20טן יולי 1876 — די מיינונג פונעם יוריסקאָנסולט מ. יאַקאָוולעוו, פון 28 יולי 1876 (ז. 51—61).

2) דאָרט, באַריכט פונעם ווילנער פּאָליצמייסטער, פון 28 אַפּריל 1880 (ז. 61—66).

זיך פאַרנומען מיט סאָציאַליסטישער זעלבסטבילדונג און די מערהייט פון וועלכע האָט געקוקט אויף זיך אויסשליסלעך ווי אויף הילף-גרופּעס פאַר דער רוסישער באַוועגונג.

אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער האָט געטראָגן, ווי מיר וועלן דאָס באַלד זען, דער לאָנדאָנער יידישער סאָציאַליסטישער פאַראיין, וועלכער איז געבילדעט געוואָרן טיילווייז פון דיזעלביקע מענטשן, וואָס האָבן אָנגעהויבן די פּראָפּאַגאַנדע אין ווילנע.

## II. דער לאָנדאָנער סאָציאַליסטישער פאַראיין און די יידישע אימיגראַציע אין די 70קער יאָרן.

די „אגדת הסציאליסטים העברים", דער יידישער סאָציאַליסטישער פאַראיין אין לאָנדאָן, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין מאַי 1876, — איז די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אין גאָר דער וועלט, און דער „פּנקס" — דאָס פּראָטאָקאָל-בוך פונעם פאַראיין — איז דער ערשטער יידישער דאָקומענט אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור. אַלע, וואָס האָבן פאַר די לעצטע צוויי יאָרצענדליקער וועגן דעם פאַראיין געשריבן, האָבן געשעפּט זייערע ידיעות אויסשליסלעך פון דעם „פּנקס", דאָס רוב מכלי-שני, מחמת נאָר צוויי פון די מחברים האָבן געהאַט פאַר זיך דעם אָריגינאַל[1]. אַ לאַנגע צייט האָט מען בכלל ניט געוואוסט, אַז דאָס פּראָטאָקאָל-בוך פון פאַראיין איז ניצול געוואָרן; ערשט אין יאָר 1905 האָט אים דער אויסלענדישער אַרכיוו פון „בונד", וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין זשענעווע, באַקומען פון ל. גאָלדענבערגן. לעצטנס, ווען דער אַרכיוו איז איבערגעפירט געוואָרן קיין בערלין, האָבן מיר באַקומען די מעגלעכקייט, אַדאַנק דער פריינדלעכקייט פון דער פאַרוואַלטונג פון אַרכיוו, צו פאַרעפנטלעכן צום ערשטן מאָל דעם טעקסט פונעם דאָזיקן גאָר וויכטיקן — אויב ניט דעם וויכטיקסטן — דאָקומענט אין דער געשיכטע פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג[2].

---

1) צביון, „פון אַרכיוו", אין „פאָלקסצייטונג" (ווילנע) 1906, נומ. 210, 218, 237 און 246. דאָס איז בכלל דער ערשטער אַרטיקל וועגן דעם לאָנדאָנער פאַראיין. אַן אָריגינעלע אַרבעט איז אויך: ב. פרומקין, „די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צווישן יידן אין די 70קער יאָרן", אין „יעוור. סטאַרינאַ", 1911, ב. 2; ז. 238—248 (רוסיש). נאָר זיי ביידע האָבן געהאַט פאַר די אויגן דעם אָריגינאַל פון „פּנקס". אין דעם אַרטיקל פון י. צינבערג — „די ערשטע סאָציאַליסטישע אָרגאַנען אין דער יידישער [העברעאישער] ליטעראַטור", אין „פּערעזשיטאָיע" (רוסיש), ב. I, פּעטערבורג 1908, ווערט בקיצור דערציילט וועגן דעם פאַראיין.

2) מיר געפינען פאַר אונזער חוב אויסצודריקן דערפאַר אונזער דאַנק דער פאַרוואַלטונג פונעם „בונד"-אַרכיוו. אַ באַזונדער דאַנק פאַרדינט איינער פון די שאַפער און לאַנגיאָריקער פאַרוואַלטער פונעם אַרכיוו — ה' קורסקי (פראַנץ).

אויב די פאַרצייטיקע פּנקסים פון קהילות, חברות און שולן זיינען אַ זייער ווערטפולער מקור פאַר יידישער געשיכטע-פאָרשונג, איז דער „פּנקס אגדת הסציאַליסטים העברים בלונדון" אין זיין פרט וויכטיקער פון זיי, מחמת ער איז אַ יחיד במינו — דער איינציקער מקור וועגן די ערשטע שריט פון אַ באַוועגונג, וואָס האָט געשפּילט אַן אומגעהויערע ראָלע אינעם יידישן לעבן פאַר די לעצטע יאָרצענדליקער אין פאַרשיידענע לענדער. עס איז שוין לאַנג צייט אָפּזאָגן זיך פונעם אַלטן שטאַנדפּונקט, וואָס האָט זיך איינגעבירגערט אין דער אָפיציעלער יידישער היסטאָריאָגראַפיע, באַזונדערס אין מערב-אייראָפּע, אַז אמתע געשיכטע איז נאָר דאָס, וואָס האָט צו טאָן מיט רדיפות אויף יידן, מיט יידישער עמאַנסיפּאַציע, מיט יידישע קהילה-אָנגעלעגנהייטן און מיט יידישער לומדות. דער אויפקום און די אַנטוויקלונג פון אונזערע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, ווי צ"ב די סאָציאַליסטישע און אַרבעטער-באַוועגונג, דאַרפן ווי גלייכע גלידער אַריינגענומען ווערן אין דעם כלל פון יידישער געשיכטע-פאָרשונג. דער אונטערשייד צווישן די טראַדיציאָנעלע פּנקסים און דעם לאָנדאָנער סאָציאַליסטישן „פּנקס" איז דער, וואָס דער לעצטער האָט פאַקטיש אַ מחבר, און דער מחבר איז אונז באַקאַנט — דאָס איז דער פּיאָנער פונעם יידישן סאָציאַליזם אהרן ליבערמאַן. ער איז געווען דער סעקרעטאַר פון פאַראיין און ער האָט עס געפירט די פּראָטאָקאָלן. עס איז קיין מינדסטער ספק ניט פאַראַן, אַז ווען ניט ליבערמאַן, וואָלטן די פּראָטאָקאָלן ניט אָפּגעהיט געוואָרן און אונז וואָלט כמעט געבליבן אומבאַקאַנט די געשיכטע פונעם ערשטן ערנסטן פּרווו פון אַ יידישער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע. און ווי לויט אַן אויסגעגראָבענעם פאַרצייטיקן סקעלעט דעדוצירן די נאַטור-פאָרשער אַן אָפּגעשטאָרבענע ביאָלאָגישע תקופה, אַזוי קען מען לויט דעם „פּנקס" אויפשטעלן דאָס בילד פון אַ תקופה, וואָס איז פאַר דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אויף איר שטייגער אַ פאַרהיסטאָרישע.

די אויסערלעכע געשיכטע פונעם לאָנדאָנער פאַראיין איז אין אַלגעמיין באַקאַנט. אין מאַי 1876 האָבן זיך צונויפגענומען אין לאָנדאָן 10 אימיגראַנטן, לויטן פאַך — אַרבעטער, און האָבן געגרינדעט אַ פאַראיין פאַר סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע מיטן צוועק „צו פאַרברייטערן די סאָציאַליסטישע אידעען אומעטום אונטער יידן, ווי אויך אונטער אַנדערע פעלקער... און צו פאַראייניקן די אַרבעטער צום קאַמף קעגן זייערע אונטערדריקער". די 10 גרינדער זיינען געווען: א. ש. ליבערמאַן (פּסעוודאָנים „איש חמדות"), ליב ווינער, א. גאָלדשטיין, י. ראָזענטאַל, הירש סאַפּער, אייזיק סטאָון, אליעזר גאָלדענבערג, זלמן יעקב, נ. לעווענקינד און יעקב אַלעקסאַנדער. שפּעטער זיינען צום פאַראיין אין פאַרשיידענע צייטן צוגעקומען נאָך 20 מיטגלידער. פון די 30 מיטגלידער זיינען 2 אַרויסגעטראָטן, 7 האָט מען אויסגעשלאָסן, 2 זיינען אַוועקגעפאָרן. אינאיינעם מיט די נעסט זיינען דורכן פאַראיין דורכגעגאַנגען 38 פּערזאָן. אויף די זיצונגען האָט מען געלייענט פאָרטראַגן און באַהאַנדלט פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע פּראָבלעמען, אָבער אויסער דעם האָט מען זיך אויך פאַרנומען מיט פּראַקטישער אַרבעט: דער פאַראיין האָט צונויפגערופן אַ עפנטלעכן אַרבעטער-מיטינג (אין אויגוסט 1876), האָט אָפּגעדרוקט אין 1000 עקזעמפּלאַרן אַן אויפרוף אין יידיש צו די אַרבעטער, אַן איינלאַדונג צום מיטינג. אויפן מיטינג איז געגרינדעט געוואָרן אַן „אַרבעטער-געזעלשאַפט", פאַקטיש אַ יידישער שניידער-יוניאָן, פאַר וועלכן דער פאַראיין (ליבערמאַן) האָט צונויפגעשטעלט די סטאַטוטן. דער פאַראיין האָט אויך צונויפגערופן (אין סעפּטעמבער) צוויי געשלאָסענע פאַרזאַמלונגען פון די אַרבעטער, וואָס האָבן זיך פאַרשריבן אינעם יוניאָן. אָבער די באַלעבאַטים פון די אַרבעטער און די אָפיציעלע קרייזן פון די ענגלישע יידן, בראש מיטן רב-הכולל דר. אַדלער, האָבן אויפגעהויבן אַ שטאַרקן קאַמף קעגן די יידישע סאָציאַליסטן די אימיגראַנטן. די לעצטע האָבן אויפגענומען דעם קאַמף. אָבער די אַרבעטער-מאַסע האָט ניט געשטיצט די סאָציאַליסטן און איז זיך אַוועק איר וועג. דער געגרינדעטער שניידער-יוניאָן האָט צוגעצויגן ביז 300 מיטגלידער, ער האָט זיך אָבער דערביי אינגאַנצן אָפּגעטיילט פון די סאָציאַליסטישע פירער. דער פאַראיין האָט געמאַכט אויך אַ פּרווו צו גרינדן אַ יוניאָן פון פאַנטאָפל-מאַכער, אָבער פון דעם איז גאָרניט אַרויסגעקומען. די געפאַלענע שטימונג אין פאַראיין נאָך די ניט געלונגענע שריט פון שאַפן סאָציאַליסטיש-געשטימטע אַרבעטער-קאַדרן האָט געפירט צו אינעווייניקסטע סכסוכים, און סוף דעצעמבער 1876 איז זיך דער פאַראיין צעפאַלן — נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעאַרבעט זיבן און אַ האַלב חדשים און האָט אָפּגעהאַלטן 28 זיצונגען. כמעט אין דערזעלביקער צייט איז זיך אויך צעפאַלן דער שניידער-יוניאָן.

דאָס איז די קורצע געשיכטע פון אַ ניט-געלונגענעם פּרווו פון אַ סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע צווישן די ערשטע יידישע אימיגראַנטן און פון אַ יידישן אַרבעטער-פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. דערדאָזיקער ערשטער פּרווו איז אָבער געקומען צו פרי און האָט נאָך אונטער זיך ניט געהאַט קיין פעסטן באָדן. בעת מאָריס ווינטשעווסקי האָט מיט אַכט יאָר שפּעטער נאָך דער „אגדת הסציאַליסטים" אָנגעהויבן אַ סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע צווישן די יידישע אַרבעטער אין לאָנדאָן, האָט ער אויך דעמאָלט נאָך ניט געפונען דעם באָדן אינגאַנצן פאַרטיק. „אַפילו איצט, אין יאָר 1884, — שרייבט ער אין זיינע זכרונות, — ניט אַכטנדיק אויף דער שטאַרקער אימיגראַציע, איז נאָך געווען ווייניק האָפענונג אויף ערפאָלג"[1]. מכל-שכן האָט אַזאַ ערפאָלג ניט געקענט זיין חצי די זיבעציקער יאָרן.

1) מ. ווינטשעווסקי, ערינערונגען, מאָסקווע 1926, ז. 233; די זכרונות זיינען פריער געווען געדרוקט אין „צוקונפט" (ניו-יאָרק).

די געשיכטע פון פאַראיין ווייזט אונז דעם אויפקום פון אַ נייעם שיכט ביי יידן, ריכטיקער — די אומשיכטונג פון דער יידישער אימיגראַנטן־מאַסע, וואָס האָט פאַרלאָזט איר אַלטע היים און געבילדעט אַ נייעם ישוב אין לאָנדאָן מיט אַ גאַנץ אַנדערער סאָציאַלער סטרוקטור ווי פריער. די פאַרשפּרייטע מיינונג, אַז די יידישע עמיגראַציע פון רוסלאַנד הויבט זיך אָן נאָר מיט די פּאָגראָמען און רדיפות פון די 80קער יאָרן, איז אין תוך ניט קיין ריכטיקע. די יידישע אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד און אַנדערע מזרח־אייראָפּעאישע לענדער האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין די זיבעציקער יאָרן און אפילו פריער. די נויט און דחקות אין רוסלאַנד, פּוילן, גאַליציע, רומעניע, די מלחמה צווישן דייטשלאַנד און פראַנקרייך, די מלחמות אויפן באַלקאַן וכדומה האָבן שוין דעמאָלט געטריבן טויזנטער יידישע יונגעלייט קיין ענגלאַנד, וואָס האָט געשמט פאַר אַ פרייער און רייכער מדינה. נאָך דער פאַרשטאַרקונג פונעם אַנטיסעמיטיזם אין אייראָפּע און די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד אין די אַכציקער יאָרן האָט די יידישע עמיגראַציע נאָר אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער. עס איז ליידער אוממעגליך פעסטצושטעלן די צאָל יידישע אימיגראַנטן, וואָס האָבן זיך שוין אין די זיבעציקער יאָרן געפונען אין לאָנדאָן, אָבער עס איז קלאָר — און טאַקע דער פרווו פונעם פאַראיין באַשטעטיקט עס, — אַז עס האָט זיך שוין צו יענער צייט אויסגעבילדעט דאָ אַ גאַנץ באַדייטנדיקע אימיגראַנטישע קאָלאָניע. זומער 1876 איז אין דעם לאָנדאָנער „וופּעריאָד" דערשינען אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען „די גרינדונג פון אַ סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער געזעלשאַפט פון יידישע אַרבעטער אין לאָנדאָן". דער אַרטיקל ברענגט אין אַ רוסישער איבערזעצונג די סטאַטוטן פונעם יידישן סאָציאַליסטישן פאַראיין און דערביי גיט ער אינעם אַריינפיר קורץ אַ בילד פונעם יידישן אַרבעטער־לעבן אין לאָנדאָן. דער אַרטיקל איז ניט געחתמעט, אָבער ס'איז קיין ספק ניט, אַז דער מחבר פון אים, ווי בכלל פון אַלע אַרטיקלען וועגן יידן און יידישן לעבן, וואָס זיינען אין „וופּעריאָד" דערשינען, איז געווען — אהרן ליבערמאַן. אין דעם אַרטיקל געפינען מיר אַזאַ מיינונג וועגן דער צאָל יידישע אַרבעטער אין לאָנראָן: „יידישע אַרבעטער האָבן זיך דאָ אָנגעזאַמלט ביז 55,000. מער פאַר אַלץ שניידער — ביז 12,000; היטלמאַכער, זאָטל־מאַכער, סטאָליערעס, זייגערמאַכערס; יידן אַרבעטן אויך אויף די צוקער־פאַבריקן, מעטאַל־פאַבריקן, טאַבאַק־פאַבריקן א. א. וו"[1]. דידאָזיקע יידישע אימיגראַנטן — שרייבט ער ווייטער — זיינען געקומען אהער זוכן אַ בע-

אין די יאָרן 1907—1909; אין קאַפּיטל — וועגן דעם „פּוילישן אידל" איז אויך געדרוקט געוואָרן אין „פּ ע ר ע ז ש י ט אָ י ע" (רוסיש), ב. I (פּעטערבורג 1910).

1) „Вперед", №37, 1876, „Основание соціально-революціонного общества евр. работников в Лондонѣ".

סערן גליק פון פּוילן, רוסלאַנד, דייטשלאַנד, עסטרייך און שפּאַניע (מיטן לעצטן לאַנד ווערן פשוט געמיינט די ספרדים — די שפּאַניאָלן). די יידישע אַרבעטער אין לאָנדאָן לעבן אין גרויס דחקות, אַרבעטן צו 12 — 14 שעה אַ טאָג און ווערן אַן אָביעקט פון אַ שרעקלעכער עקספּלואַטאַציע.

די ציפער פון 55,000 יידישע אַרבעטער־אימיגראַנטן אין לאָנדאָן אין יענער צייט איז בלי שום ספק אַן אומגעהויערע גוזמא. ליבערמאַן האָט ליב געהאַט „פּינקטלעכקייט", אָבער ער איז נאָך דעמאָלט געווען אַ נייער מענטש אין לאָנדאָן און איז געווען אַ קליינער ידען פון די עקאָנאָמישע פאַרהעלטנישן אין לאַנד. די גאַנצע צאָל יידן אין ענגלאַנד האָט זיך גערעכנט אין יאָר 1874 לערך ביז 50 טויזנט; די צאָל אימיגראַנטן „רוסן און פּאָלאַקן", ד. ה. פאַקטיש יידן, אין די מזרח־קוואַרטאַלן פון לאָנדאָן איז אין יאָר 1871 געווען — 3661; אין 1881 — 27296[2]. אָבער טאַקע דאָס, וואָס ליבערמאַן, נאָך אַ פרישער מענטש, האָט דערזען פאַר זיך אַ גרויסן המון פון אַרבעטנדיקע יידן, וועלכע ער האָט אין ליטע ניט געמערקט, בכל אופן ווייט ניט אין אַזאַ מאָס, — באַווייזט, אַז די צאָל יידישע אַרבעטער אין לאָנדאָן האָט זיך דעמאָלט שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן. אין זיינע זכרונות שרייבט מ. ווינטשעווסקי, אַז קומענדיק קיין לאָנדאָן אין יאָר 1879 — כמעט אין דערזעלביקער צייט, וואָס מיר באַשרייבן, — האָט ער געפונען גאָר אַן אַנדער טיפּ פון אַ יידישן אַרבעטער ווי דער „היימישער געזעל". „דער אַרבעטער, וועלכן איך האָב פאַר זיך דערזען אין לאָנדאָן, איז שוין געווען אַ מאָדערנער פּראָלעטאַריער, אַ פאַבריק־אַרבעטער, אָדער אַזוי גלאַט אַ „האַנט"... אַ פולקומער לוין־שקלאַף, וואָס אַרבעט צווישן צענדליקער, צווישן הונדערטער פון אַנדערע ביי שניידעריי, ביי טישלעריי, אין דעם רעגנמאַנטל־פאַך, אַלס שריפטזעצער, אַלס שטאָקמאַכער, אַלס זייגערמאַכער און ביי מאַנכע אַנדערע מלאכות, איבערהויפּט אַלס שוסטער און טאַבאַק־אַרבעטער"[3]. ווינטשעווסקי שרייבט ווייטער, אַז ער האָט דאָ שוין געפונען אַזאַ אַרבעטס־פאַרטיילונג, ווי צ"ב, קנעפּלעך־צונייער אין שניידעריי, „וואָס דאָס וואָלט מען זיך אין דער ליטע דאַן ניט געקאָנט פאָרשטעלן". דער אַרבעטלוין ביי די יידישע אַרבעטער איז געווען אַן אומגעהויער קליינער — עס איז געווען דער אָנהויב פון דער שוויץ־סיסטעם פאַר די גרינע. אַדאַנק די אָנגעלאָפענע אימיגראַנטן איז דער לוין שטאַרק געפאַלן: אַזוי צ"ב האָט אויף איינער אַ זיצונג פון פאַראיין אַן אַרבעטער (מאָריץ בעל), וואָס האָט שוין זייט 18 יאָר געאַרבעט אין ענגלאַנד אַלס „סליפּמייקער" (פאַנטאָפל־מאַכער), דערציילט, אַז אין משך פון דער

2) Georg Halpern, Die jüdische Arbeiter in London, Stuttgart—Berlin 1903, S. 16.

3) מ. ווינטשעווסקי, דצ"מ, ז. 170.

דעו־מאָנטער צייט איז דער לוין אין זיין פאַך געפאַלן פון 6 שילינג אויף 3 שילינג 6 פענס (אַ טאָג)[1]. אויף אַן אַנדער זיצונג האָבן סטאָון און ראָזענטאַל — ביידע שניידער — דערציילט וועגן די שווערע אַרבעט־תּנאים ביי זייערע באַלעבאַטים, וואָס פאַרלענגערן דעם אַרבעט־טאָג און צאָלן ניט פאַר איבערשטונדן. „זיי האָבן פאָרגעשטעלט די באַזונדערס שלעכטע באַהאַנדלונג פון די ניי־אָנגעקומענע, די גרינע"[2]; זיי פלעגן אַרבעטן ביז 14 שעה אַ טאָג און אַמאָל מער. אויפן ערשטן אַרבעטער־מיטינג, וואָס דער פאַראיין האָט צונויפגערופן, איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן די פאָדערונג פון אַ 10 שעהדיקן אַרבעט־טאָג, וועלכע האָט געשיינט צו זיין אַן אומדערגרייכלעכער אידעאַל. די ידיעות פונעם דעמאָלטיקן יידישן אַרבעטער־לעבן אין לאָנדאָן זיינען זייער קנאַפּע. גלייך אין אָנהויב האָט דער פאַראיין אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז יעדער מיטגליד זאָל איינפירן ביי זיך אַ נאָטיץ־בוך „בכדי אַריינצושרייבן אַרבעטער־סטאַטיסטיק און פאַרשיידענע נאָטיצן וועגן די פאַרהעלטענישן צווישן אַרבעטער און מייסטערס"[3]. צום באַדויערן, איז שפּעטער מיט עטלעכע זיצונגען באַשלאָסן געוואָרן, אַז די „נאָטיצן איבער דעם אַרבעטער־שטאַנד" ווערן ניט אַריינגענומען אין די פּראָטאָקאָלן. ווען ניט דער באַשלוס, וואָלטן מיר פאַר זיך געהאַט אַ ווערטפולן מאַטעריאַל וועגן דעם יידישן אַרבעטער־לעבן דאָ אין יענע יאָרן.

צווישן די אימיגראַנטן אין לאָנדאָן איז פון לאַנג געווען פאַרשפּרייט די שניידעריי. נאָך אין יאָר 1861 איז יעדער פערצנטער צווישן די אויסלענדער אין לאָנדאָן געווען אַ שניידער; לערך אַ העלפט פון דער צאָל שניידער זיינען געווען דייטשן, אָבער ביסלאַכווייז האָבן יידן זיי אַרויסגעשטופּט. „צווישן די אַרבעטער פון פאַרטיקע קליידער — שרייבט אַ דייטש, וואָס האָט אויסגעפאָרשט די לאַגע פון די לאָנדאָנער שניידער אין יענע יאָרן — האָב איך ניט געטראָפן קיין איין פראַנצויז, קיין איין שאָטלענדער, דערפאַר אָבער פיל אירלענדער, דייטשן און פּ ו י ל י ש ע י י ד ן. די יידישע יונגלייט פון פּוילן ווילן בעסער ווערן שניידער אין לאָנדאָן, ווי גיין דינען אין דער רוסישער אַרמיי"[4]. דער מחבר דערציילט ווייטער, אין וואָסערע שרעקלעכע תּנאים די שניידער אַרבעטן דאָ: פון 6 אינדערפרי ביז 8-7 אין אָוונט, אָן הפסקה, אין אַ שטיקנדער לופט. „עס איז דעריבער לייכט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס צ ו וי י ד ר י ט ל פון די שניידער (אין לאָנדאָן) שטאַרבן פון טובערקולאָז". ער רופט אָן די שניידער־וואַרשטאַטן — „מערדערגרובן". די אָפיציעלע סאַניטאַרע אונטערזוכונג פון די וואַרשטאַטן האָט פעסטגעשטעלט, אַז „קיין אינדוסטריע, וואָס איז ביז אַהער אונטערזוכט געוואָרן, האָט ניט געגעבן אַזאַ שרעקלעך בילד, ווי די שניידער־וואַרשטאַטן... די שניידער אַרבעטן צו 12, 13 און אַמאָל 15 שעה נאָכאַנאַנד"[5]. אָט אין דעם פאַך זיינען עס די יידישע אימיגראַנטן מיט דער צייט געוואָרן די הערשער.

דער יידישער פּראָלעטאַריער אין לאָנדאָן איז דאָס רוב געווען אַן אַרבעטער ניט פון דער היים. אין דעם לאָנדאָנער ווייטשעפּל האָט זיך אויסגעקאָכט אַ נייער עקאָנאָמישער טיפּ ביי יידן. דאָס איז געווען ניט בלויז אַ „מאָדערנער גלגול פון דעם אַמאָליקן בעל־מלאכה", ווי ווינטשעווסקי שרייבט, נאָר אויך — דער געוועזענער קליינער קרעמער, פאַרמיטלער, אָדער גלאַט דער מענטש אָן פּרנסה, דער געוועזענער האַלבער אינטעליגענט און טאַקע דער אינטעליגענט גופא. די דאָזיקע גאַנץ באַקאַנטע דערשיינונג אינעם יידישן אימיגראַנטן־לעבן איז צום ערשטן מאָל נתגלה געוואָרן אין לאָנדאָן — פיל פריער, ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטן. צווישן די 10 גרינדער פונעם סאָציאַליסטישן פאַראיין איז צ"ב ניט אָנגעוויזן קיין איין „אינטעליגענט" לויט דער פּראָפעסיע; דאָ זיינען געווען: 5 שניידער[6], אַ היטלמאַכער, אַ קעסטל־מאַכער, אַ סטאָליער, אַ זעצער און אַ ליטאָגראַף (ליבערמאַן). אָבער די מערהייט פון זיי זיינען פונדערהיים געווען אינטעליגענטן, ווי, למשל, ליבערמאַן — דער „ליטאָגראַף", אָדער גאָלדענבערג — דער „זעצער", ווינער — דער „סטאָליער".

פון די פּראָטאָקאָלן ווערט אויך קלאָר, אַז די יידישע אַרבעטער האָבן דאָ געאַרבעט ביי י י ד י ש ע באַלעבאַטים. דער גאַנצער קאַמף, וואָס די „מייסטערס" האָבן אויפגעהויבן קעגן דעם פאַראיין, ווען ער איז צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער, דער פאַראייניקטער פראָנט קעגן די יידישע סאָציאַליסטן פון די מייסטערס מיטן רב־הכולל פון לאָנדאָן און זיינע שליחים און מיטן מגיד דיינאָוו, דער בלבול, וואָס זיי האָבן פאַרשפּרייט, אַז די יידישע סאָציאַליסטן זיינען פשוטע מיסיאָנערן, — באַווייזט באַשײַמפּערלעך, אַז דער באַלעבאָס פונעם יידישן אַרבעטער־אימיגראַנט איז געווען אַ ייד, און געוויס איז דאָס געווען אויך אַן אימיגראַנט, אָדער אַ געוועזענער אימיגראַנט, וואָס האָט זיך שוין באַוויזן אַרויפצואַרבעטן. די סאָציאַלע צעגלידערונג פון דער יידישער אימיגראַנטן־באַפעלקערונג איז שוין בכן צו יענער צייט, ווען דער פאַראיין האָט זיך געגרינדעט, געווען אַ פאַקט.

---

1) זע ווייטער דעם „פּנקס", פּראָטאָקאָל פון דער 25טער זיצונג.

2) ד אָ ר ט. 3טע זיצונג.

3) ד אָ ר ט, 2טע זיצונג.

4) I. G. Eccarius, Der Kampf des grossen und des kleinen Kapitals oder Die Schneiderei in London, Leipzig 1876, 27 S.

5) דאָרט.

6) דער עיקר „שניידער־מאַשינער", ווי דער „פּנקס" פאַרצייכנט, — דאָס מיינט מאַשין־שטעפּער. ווי באַקאַנט, האָבן די יידן איינגעפירט אין ענגלאַנד ניי־מאַשינעס אין דעם שניידער־פאַך.

אינעם דריטן נומער פון ליבערמאַנס „האמת" איז דערשינען אַן אַרטיקל „היהודים בלונדון", וואו עס ווערט געגעבן אַ שאַרף בילד פונעם יידישן אימיגראַנטן־לעבן און די סאָציאַלע קאָנטראַסטן צווישן די אימיגראַנטן אין לאָנדאָן. דער מחבר פונעם אַרטיקל איז בלי ספק ליבערמאַן — דאָס דערקענט מען פון דעם סטיל אַליין. „אין לאָנדאָן — שרייבט ער — זוכן זיך אַ מקום־מקלט יידישע יונגעלייט פון רוסלאַנד און פוילן, פון עסטרייך און פרייסן, וועלכע ווילן ניט גיין דינען אין מיליטער (אין אָריגינאַל: אשר לא יאבו ללבוש „בגדי מלכות") און ווערן שפּייז פאַר די כלי־זין". דער אימיגראַנט (בן הנכר) — שרייבט ער ווייטער—האָט זיך אָנגעהערט וועגן די גליקן און דער פרייהייט אין לאָנדאָן. אָבער גייט אַרויס שבת אויף ווייטשעפּל, וועט איר זיך איבערצייגן, ווי עס זעט אויס אָט די „לאָנדאָנער פרייהייט" אין לעבן: די גאַסן זיינען פול מיט יידישע יונגעלייט, דער עיקר פון רוסלאַנד און פוילן, זיי גייען אַרום הונגעריקע און דערשלאָגענע, מיט ציטעריקע פיס — און זוכן. „וואָס זיינען אַהער אָנגעלאָפן אין די גאַסן אַזוי פיל יידן שבת, אינעם יום־המנוחה?... דאָס איז דער מאַרק־טאָג פאַר יידן, דער טאָג, ווען מען קויפט און פאַרקויפט לעבעדיקע נפשות... אָט קומען אָן גאַנץ אַנדערע מענטשן, שיין אָנגעטאָן, פעטע, מיט גראָבע בייכער, זיי דרייען זיך צווישן דעם המון, וואָס גייט אַרום ווי אַ מת און זוכט אין אַלע ווינקעלעך... דאָס זיינען די קאָמאַנדירן איבער דער אָרעמקייט, וואָס זיינען געקומען אָננעמען אַן אַרמיי פאַר דער אינדוסטריע און קויפן זיך אויף דער קומענדיקער וואָך „העגט" צו דער אַרבעט; דאָס זיינען די „מייסטערס", וואָס קומען דינגען אַרבעטער אויף די זעקס אַרבעט־טעג". „מיסטער סאַמועל!", „מיסטער דזשעקאָב!," „ר' ייד!" „אפשר זוכט איר „העגט?"... „נעמט מיך!", „מיך! מיך! מיך!"... „און גליקלעך זיינען יענע „העגט", וואָס האָבן זיך געפינען קונים אום שבת. און וואָס איז מיט די איבעריקע „העגט"?... איר, אָרעמע פּי! מיט סכנת־נפשות זייט איר אַנטלאָפן פון מזרח צום וויטן צפון. אָבער אַנשטאָט די ריטער, וואָס האָבן געריסן אייער פלייש אין אייער מוטער־לאַנד, פרעסן אין לאָנדאָן אייער פלייש סקאָרפּיאָנען" [1].

דאָס בילד, וואָס ליבערמאַן גיט דאָ, איז אפשר געמאָלט אין צו טונקעלע פאַרבן; צווישן די אונטערנעמער, ווי מיר ווייסן פון אַנדערע קוועלן, זיינען געווען ניט ווייניק קליינע מייסטערלאַך, וואָס זיינען ערשט אַליין געווען אַרבעטער און פלעגן צומאָל ווערן ווידער אַרבעטער. אָבער אין תוך שפּיגלט דאָס בילד אָפּ דעם קאָנטראַסט פון די סאָציאַלע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך שוין צו יענער צייט אויסגעבילדעט אין לאָנדאָן צווישן די יידישע אימיגראַנטן.

אינמיטן די דערמאָנטע צוויי קלאַסן איז געשטאַנען אַ זייער באַדייטנדיקע דריטע גרופּע — פּעדלער, פאַרמיטלער, אַגענטן, וואַנדער־הענדלער. אין די פּראָטאָקאָלן ווערן זיי גערופן „טרעוולער"; דאָס זיינען געווען אַגענטן, וואָס האָבן געוואַנדערט מיט פרעמדער סחורה איבערן שטאָט; אַמאָל רופט מען זיי דאָ אויך „גלאַזער" — מסתמא דערפאַר, ווייל צווישן זיי זיינען געווען פיל גלעזער, וואָס פלעגן גיין פון הויז צו הויז און זוכן אַריינצושטעלן שויבן [2]. אויף איינער פון די זיצונגען האָט דער שניידער ראָזענטאַל, וועלכער האָט משמעות שוין אַ לענגערע צייט געוואוינט אין לאָנדאָן, דערקלערט, אַז „אַ גלאַזער און טרעוולער איז איינס"; ביידע טיילן זיך אין 3 קלאַסן: 1) אַזעלכע, וואָס נעמען סחורה פון אַ סוחר צום פאַרקויף און באַקומען דערפאַר אַ וואָכענטלעכן געהאַלט; 2) „דיסקאָנט־טרעוולער", וואָס באַקומען פונעם פאַרקויף אַ געוויסן פּראָצענט (5 פּראָצענט); 3) די „אייגנטלעכע טרעוולער", וואָס האַנדלען אויף זייער אייגענער רעכענונג. אין דעמדאָזיקן קלאַס גופא איז אויך געווען אַ געוויסע דיפערענציאַציע (אַגענטן פון פרעמדער סחורה, זעלבשטענדיקע פּעדלער, „קליינע מייסטערס"), און די יידישע סאָציאַליסטן האָבן געמוזט נעמען, ווי מיר וועלן עס שפּעטער זען, אַ געוויסע שטעלונג צו אָט דער סאָציאַלער גרופּע.

כדי בעסער צו פאַרשטיין די סאָציאַל־פּאָליטישע סביבה, אין וועלכער דעם יידישן סאָציאַליסטישן פאַראיין איז אויסגעקומען צו אַרבעטן, דאַרף מען געדענקען, אַז אין ענגלאַנד איז נאָך צו יענער צייט ניט געווען קיין שום אָרטיקע ענגלישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג. אַ גרויסע ראָלע האָט דאָ געשפּילט דער אַלטער דייטשישער „אַרבעטער בילדונגס־פאַראיין" (גערופן „קאָמוניסטישער אַרבעטס-בילדונגס פאַראיין"), וועלכן די דייטשישע אימיגראַנטן האָבן געגרינדעט נאָך אין יאָר 1840 און וועלכער איז, לויט פרידריך ענגעלס מיינונג, דער עלטסטער אַרבעטער־פאַראיין אין דער וועלט. אין יאָר 1847 זיינען אין דעם פאַראיין אַריינגעטראָטן מאַרקס און ענגעלס, אַביסל שפּעטער אויך ליבקנעכט (געווען סעקרעטאַר פון פאַראיין); פון דאַנעט איז אַרויס דער באַרימטער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט", וואָס האָט געשפּילט אַזאַ קאָלאָסאַלע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פונעם סאָציאַליסטישן געדאַנק. דער פאַראיין איז מיט דער צייט געוואָרן דער צענטער פון די דייטשישע פּאָליטישע עמיגראַנטן; צו אים האָבן געהאַט אַ געוויסע שייכות רעוואָלוציאָנערן אויך פון אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער, וואָס האָבן

[1] „ה א מ ת" (ווין), 1877, נומ. 3, „היהודים בלונדון (מבוא)".

[2] כאַראַקטעריסטיש זיינען בכלל די נעמען, וואָס פּעדלערײ האָט באַקומען אין פאַרשיידענע לענדער. אַזוי צ"ב רופט מען איצט די פּעדלער אין אַרגענטינע אָדער טשילי, פּערו — „קוענטניקעס" (גייען אַרום מאַנצן מיט רעכענונגען — קוענטאַ — פון הויז צו הויז); אין בראַזיליע רופט מען זיי „קליענטעלשטשיקעס", „קלאַפּערס", דער פּעדלער־מסחר הייסט דאָ „אַמבולאַנטן־מסחר" (וואַנדער־האַנדל). אפילו אין אייניקע ערטער אין דייטשלאַנד, צ"ב אין פראַנקפורט-מיין, רופט מען צווישן יידן די פּעדלער — „קליאַמקע-פּוצער".

געזוכט שוין אין ענגלאַנד, ווי צ"ב — מאַדזיני, לואי בלאַן, לעדריו ראָלען, קאָשוט, די פוילישע רעוואָלוציאָנערן, די קאָמונאַרן. שפּעטער, ווען אין דייטשלאַנד איז איינגע־פירט געוואָרן דער געזעץ קעגן סאָציאַליסטן, איז דער פאַראיין נאָך מער געוואָרן די פעסטונג פון דער דייטשישער פּאָליטישער עמיגראַציע (קאַרל קויטסקי, עדואַרד בערנשטיין, יאָהאַן מאָסט און אַנד.) [1]. ווינטשעווסקי דערציילט אין זיי־נע זכרונות, אַז קומענדיק קיין לאָנדאָן איז ער „מיט לייב און לעבן צוגעשטאַנען צו דער אָרטיקער (דייטשישער סאָ־ציאַליסטישער) באַוועגונג... מחמת אין דעם יאָר 1879 איז נאָך קיין ענגלישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אַפילו אין געדאַנק ניט געווען". אין יענע יאָרן האָבן נאָך אין ווייטשעפּל געלעבט זייער פיל דייטשישע אימיגראַנטן, און די אָנגעקומענע יידן פלעגן זיך באַזעצן אין שכנות מיט די דייטשן—מסתמא דערפאַר, ווייל זיי האָבן זיך מיט זיי געקענט גיכער צונויפרעדן. סוף 1879 איז אין ווייטשעפּל געגרינדעט געוואָרן אַן „אָסט־ענד־אָפּטיילונג" פונם דייטשי־שן בילדונג־פאַריין, וואָס האָט אויך אַריינגעצויגן אַ היפּש ביסל יידן.

אין דער צייט, ווען דער יידישער סאָציאַליסטישער פאַראיין האָט זיך געגרינדעט, איז דער אויטאָריטעט פונעם דייטשישן פאַראיין געשטאַנען זייער הויך אין די אויגן פון די איינגעוואַנדערטע יידישע סאָציאַליסטן. די השפּעה פון די דייטשישע סאָציאַליסטן פילט זיך אויך גאַנץ שטאַרק אין דעם יידישן פאַראיין. דייטשישע סאָציאַליסטן פלעגן אָפט אַהער פאַרבעטן ווערן אַלס לעקטאָרס. איינער פון די איניציאַטאָרן פונעם פאַראיין— הירש סאַפּער, וועלכער האָט באַזונדערס געשטרעבט אַריינצוציען די דייטשן, האָט אויף אַ זיצונג אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט, וואָס „נייע דייטשע עלעמענטן טרעטן צו אונז אַריין". די השפּעה פון די דייטשן האָט זיך אויך געפילט, ווי מיר וועלן זעען, בנוגע דער שפּראַך.

אַ סך ווינציגער פון דער דייטשישער השפּעה האָט זיך געפילט די אָריענטאַציע אויף דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דער דאָזיקער פאַקט איז זייער כאַראַקטעריסטיש און רופט אַרויס אין פלוג אַ גרויסן חידוש. די מיטגלידער זיינען דאָס רוב געווען געקומענע פון רוס־לאַנד; די פירער—רוסישע פּאָליטישע עמיגראַנטן, וואָס זיינען אידייאיש געווען ענג פאַרבינדן מיט דער רוסישער באַווע־גונג; די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד האָט געשפּילט די דאָמינירנדיקע ראָלע אין דער פּסיכאָלאָגיע פון די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע טוער אין ווילנע. עמיג־רירנדיק קיין אויסלאַנד האָבן אַלע יידן־סאָציאַליסטן זיך אָריענטירט אויסשליסליך אויף רוסלאַנד און אַלע זייערע אָרגאַניזאַציעס פלעגן פּאַקטיש זיין נאָר אויסהילף־גרופּעס פאַר דער באַוועגונג, וואָס איז דאָרט אָנגעגאַנגען. דאָ אָבער, אינעם לאָנדאָנער פאַראיין, פילט זיך אַ פולקומע זעלבשטענ־דיקייט. דער פאַראיין האָט געהאַט אין אויג נאָר דעם יידי־שן אַרבעטער אין לאָנדאָן און זיך צוגעפּאַסט צו אים. אין יענע יאָרן איז אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אָנגעגאַנגען אַ העפטיקער קאַמף צווישן צוויי שטרעמונגען — די „לאַווריסטן" און די „באַקוניסטן", — צווישן די אָנהענגער פון לאַווראָס טעאָריע פון סאָציאַליס־טישער פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונג — און די אָנהענגער פון באַקונינס אַנאַרכיסטישע אידייען וועגן באַלדיקע רע־וואָלוציאָנערע מעשים. די פירער פונעם פאַראיין זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיט לאַווראָוון און מיט זיין לאָנדאָנער אָר־גאַן: ליבערמאַן איז געווען אַ מיטאַרבעטער פון „וופּעריאָד", גאָלדענבערג — זיין זעצער, סאַפּער — זיין הייסער אָנהענגער; לאַווראָוו האָט אין זיין אָרגאַן געשטיצט דעם פאַראיין. און דאָך האָט אַפילו אָט די „פּערסאָנעלע אוניע" ניט געפירט דערצו, אַז דער פאַראיין זאָל ווערן אַ רוסישער, אָדער אין וועלכער ס'ניט איז פאָרם טראָגן אויף זיך דעם שטעמפּל פון דער רוסישער באַוועגונג. אויף איינער אַ זיצונג האָט ליבער־מאַן דערקלערט: „ביישפּילן פון רוסלאַנד טויגן דאָ ניט; אין לאָנדאָן זיינען די פאַרהעלטענישן אַנדערש"[1]. ל. גאָל־דענבערג האָט שפּעטער אין זיין בריוו וועגן יענער צייט בפירוש געשריבן, אַז דער פאַראיין האָט זיך ניט געשטעלט פאַר קיין ציל צוגרייטן פאַר דער רוסישער רעוואָלוציאָ־נערער באַוועגונג און האָט בכלל צו דעם קיין שייכות ניט געהאַט [2]. ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, האָט גיכער געקענט זיין די רייד פון אַ דייטשישער השפּעה אויפן פאַראיין. אָבער אויך זי האָט ניט באַשטימט זיין גרונד־כאַראַקטער [3]. ער איז זיך געגאַנגען זיין וועג, וועלכן ער האָט דער ערשטער געפונען. דאָס איז געווען דער וועג פון אַ יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. און אין דעם באַשטייט זיין סימן מובהק.

די שווערע לאַגע פון די יידישע אַרבעטער אין לאָנדאָן האָט נאָך פאַר דער גרינדונג פונעם פאַראיין גע־פירט צו אַ פּרווו פּראָפעסיאָנעל אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער: אין יאָר 1874 איז דאָ געגרינדעט געוואָרן אַ יוניאָן פון שניידער, וועלכער האָט געהאַט 72 מיטגלידער; אין אים האָבן אָנטייל גענומען ניט בלויז אַרבעטער, נאָר אויך אייניקע קליינע „קאָנטראַקטאָרס" [4]. דער איניציאַטאָר

---

1) פּראָטאָקאָל פון דער 20טער זיצונג.

2) אַרכיוו פון „בונד", גאָלדענבערגס בריוו וועגן דעם לאָנדאָנער יידישן פאַראיין (1908).

3) אַ חידוש רופט אויך אַרויס דער פאַקט, וואָס אויף די זיצונגען פון פאַראיין, — אויף וויפיל מ'קען משפּטן לויט די פּראָטאָקאָלן,—זיינען קיינמאָל מיט קיין וואָרט ניט געווען דערמאָנט די נעמען פון קאַרל מאַרקס און ענגעלס, וועלכע האָבן גראָד אין יענער צייט געלעבט אין לאָנדאָן און האָבן שוין דעמאָלט לאַנג געהאַט דעם שם פון די פירער און טעאָרעטיקער פונעם אַלוועלטלעכן סאָציאַליזם.

4) „דער פּוילישער אידל", 8 אויגוסט 1884, אויך

איז געווען איינער לואיס סמיט. אַן אימיגראַנט פון פוילן, וועלכער איז געקומען קיין לאָנדאָן פון פריינקרייך, וואו ער האָט אָנטייל גענומען אין דער פּאַריזער קאָמונע [1]. דער יוניאָן האָט עקזיסטירט נאָר עטלעכע וואָכן און איז זיך גלייך צעפאַלן. ער האָט נאָך זיך קיין שום שפורן ניט געלאָזט; אַזוי, למשל, איז צווישן די טוער פון דעם סאָציאַליסטישן פאַראיין אין יאָר 1876 ניט געווען קיין איינציקער, וואָס זאָל פריער האָבן געהערט צו דעם יוניאָן. דאָס באַווייזט, אַז די יידישע אימיגראַציע איז געווען נאָך גאָר אַ פרישע און אַז דער אימיגראַנטן-עלעמענט אין לאָנדאָן איז שוין דעמאָלט געווען אַ פליסנדיקער.

## III. די גרינדער פונעם פאַראיין.

## די ראָלע פון ליבערמאַנען

אַלע, וואָס האָבן ביז איצט געשריבן וועגן דעם יידישן סאָציאַליסטישן פאַראיין, מאַכן דעם טעות, וואָס זיי פאַרבינדן אים אויסשליסלעך מיט איין פערזאָן — מיט אהרן ליבערמאַנען. דער פאַראיין און ליבערמאַן דעקן זיך ביי זיי פולקום; די איבעריקע מיטגלידער זיינען נאָר שאָטנס פון ליבערמאַנס שפּיל. אמת, ליבערמאַנס השפּעה איז געווען זייער אַ גרויסע, אָבער ער איז ניט געווען דער איינציקער. אויסער אים האָבן אַן אָנגעזעענע ראָלע געשפּילט אַ ריי אַנדערע סאָציאַליסטישע טוער, וואָס האָבן זיך ניט שטענדיק געלאָזט פירן פון ליבערמאַנס שטאַרקער האַנט און האָבן אים אַפילו גובר געווען.

איינער פון זיי איז געווען הירש סאַפּער, אַ קעסטלמאַכער. סאַפּער האָט געשטאַמט פון פּעטערבורג, פון זייער אַן אָרעמער פאַמיליע (זיין פאָטער, אַ געוועזענער ניקאָלאַיעווער סאָלדאַט, האָט געמאַכט און פאַרקויפט טינט). ער האָט געלערנט אין חדר, שפּעטער אין בערמאַנס רוסיש-יידישער שול (ביי דער פּעטערבורגער געמיינדע) און איז נאָכדעם געוואָרן אַ בעל-מלאכה, אַ שיידלמאַכער. סאַפּער האָט זיך קינדווייז אָנגעזעען גענוג יידישע צרות אין פּעטערבורג, פּאָליציייִשע „אָבלאַוועס" אויף יידן, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין וואוינרעכט. ער איז געווען אַן עקספּאַנסיווע נאַטור נאָך יונגערהייט: מ'דערציילט, אַז איינמאָל האָט ער זיך אַריינגעריסן אין קלויסטער, וואו מהאָט געוואָלט שמדן אַ יונג יידיש מיידל,

אין די פּראָטאָקאָלן (7טע זיצונג), אָבער דאָרט ווערט עפּיי טעות אָנגעוויזן, אַז דער יוניאָן איז געגרינדעט אין יאָר 1875; זע אויך: געאָרג האַלפּערן, דצ"ו; ער שרייבט, אַז דער יוניאָן איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1872 — דאָס איז געוויס אַ טעות.

1) לואיס סמיט איז שפּעטער אַריבערגעפאָרן קיין אַמעריקע און האָט דאָ אָנטייל גענומען אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג.



און האָט זי באַפרייט; איז ער דערפאַר אַרעסטירט געוואָרן, אָבער משמעות ניט ערנסט. אין יאָר 1872 האָט ער פריוויליק פאַרלאָזט רוסלאַנד, א"ז אַריבערגעפאָרן קיין בערלין, שפּעטער קיין פּאַריז; פון דאָרטן איז ער געקומען קיין לאָנדאָן. אין אויסלאַנד איז ער צוגעשטאַנען צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג [2].

אין לאָנדאָן האָט זיך סאַפּער באַקאָנט מיט פּיאָטר לאַווראָוון און איז געוואָרן זיינער אַ טרייער חסיד. אין אַרכיוו פון „ווּפּעריאָד" האָבן מיר געפונען עטלעכע ניט-פאַרעפנטלעכטע בריוו פון סאַפּערן צום רעדאַקטאָר אין רוסיש. די בריוו, וואָס זיינען געשריבן אַביסל אין אַ נאַאיוון טאָן, גיבן אונז אַ פּאָר נייע שטריכן צו דער כאַראַקטעריסטיק פון סאַפּערן, וועגן וועלכן עס איז בכלל פאַראַן ווייניק מאַטעריאַל. אין נאָוועמבער 1875 האָט די „דייטשע סעקציע אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע" אין לאָנדאָן (דאָס מיינט געוויס — דער דייטשישער אַרבעטער-בילדונגס-פאַראיין) איינגעאָרדנט אַ אָנדענק-אָוונט פאַרן באַקאַנטן דייטשישן פּאָליטישן טוער ראָבערט בלום און אַנדערע אומגעקומענע אין דער דייטשישער רעוואָלוציע פון 1848; אין אָרגאַניזירן דעמדאָזיקן אָוונט האָט סאַפּער גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אינעם פּראָטעסט-מיטינג קעגן דער שרעקלעכער באַהאַנדלונג פון די פאַרשיקטע פראַנצויזישע קאָמונאַרן (אויך אין נאָוועמבער 1875) [3]. אין יאַנואַר 1876 האָבן די רעוואָלוציאָנערן-עמיגראַנטן אין לאָנדאָן געפייערט דעם יאָרטאָג פונעם פּוילישן אויפשטאַנד פון 1863: צווישן די רעדנער, אָנגעזעענע רעוואָלוציאָנערן פון פאַרשיידענע נאַציעס, איז אַרויסגעטראָטן אויך סאַפּער: „מיר זיינען זיך צונויפגעקומען, — האָט ער אין זיין רעדע געזאָגט — בכדי צו זאָגן אַ גוט וואָרט פאַר יענע אומגליקלעכע העלדן, וואָס האָבן מיט מוט געקעמפט און זיינען אומגעקומען פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון פוילן. זאָל די רוסישע רעגירונג ניט מיינען, אַז רואינירנדיק פוילן האָט זי אָפּגעשטעלט די פּוילישע באַוועגונג. פאַרקערט, די רעוואָלוציע פון 1863 ווייזט אָן דעם פּוילישן פאָלק, ווי מען דאַרף זיך פירן אין דעם קומענדיקן קאַמף". פאַרענדיקט האָט ער מיט די ווערטער: „זאָל לעבן די פרייהייט פון דעם אַלסלאַווישן פאָלק!" [4]... אין איינעם פון זיינע

2) ביאָגראַפישע ידיעות זע אינעם אַרטיקל פון ג. בוכבינדער וועגן סאַפּערן אין „עמעס" (מאָסקווע) 20 מאַי 1928. סאַפּער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1849, אין יאָר 1884 האָט ער זיך אַ קראַנקער אומגעקערט קיין רוסלאַנד; געשטאָרבן אין 1902.

3) אַרכיוו פון „ווּפּעריאָד", ה. סאַפּערס בריוו פונעם 8טן און 13טן נאָוועמבער 1875.

4) דאָרטן, טעקסט פון זיין רעדע וועגן דעם פּוילישן אויפשטאַנד 1863. זע אויך קורצן אינהאַלט פון דער רעדע אין „ווּפּעריאָד" נומ. 28, 1876. אין דעם מיטינג האָבן זיך אגב אויך באַטייליקט

בריוו שרייבט סאַפּער מיט גרויס יראת־הכבוד צום רעדאַק־טאָר פון „וופּעריאָד" און דאַנקט אים: „שוין פיר יאָר, ווי דער גורל האָט מיך פאַרוואָרפן אין דער פרעמד. איר האָט מיר געעפנט די אויגן מיט אייערע געדרוקטע אויס־גאַבן, איר האָט מיר פאַרענטפערט די פּראָבלעמען, וואָס זיינען געלעגן ווי אַ שווערע לאַסט ביי מיר אויפן האַרצן"[1]. שפּעטער איז סאַפּער געוואָרן אַן אייגענער מענטש אין דעם קרייז פון די רוסישע סאָציאַליסטן, און פון די ניט־פאַרעפנטלעכטע בריוו פון זונדעלעוויטשן צו אים (זע אויבן) זעט מען, אַז ער האָט געהאָלפן ביים טראַנספּאָרטירן ליטעראַטור קיין רוסלאַנד.

סאַפּער איז געווען דער טיפּ פון דעם אינטעלי־גענטן אידייעשן אַרבעטער — אפשר דער ערשטער פון דעם מין צווישן יידן; אַ רוסישער סאָציאַליסט מיט סימפּאַטיעס פאַרן „אַלסלאַווישן פאָלק" און אין תוך אַ קאָסמאָפּאָליט. און גראָד אים איז באַשערט געווען צו ווערן איינער פון די גרינדער פונעם יידישן פאַראיין.

דער באַקאַנטער רוסישער רעוואָלוציאָנערער טוער וו. טשערקעזאָוו (אַ גרוזין), וואָס האָט אויך געאַרבעט דעמאָלט אין „וופּעריאָד", דערציילט אין זיינעם אַ בריוו, אַז „סאַפּער האָט געלעבט און געאַרבעט אין ווייטשעפּל, וואו ער האָט אָרגאַניזירט די ערשטע סאָציאַליסטישע גרופּע פון יידישע אַרבעטער" (געמיינט — דעם פאַר־איין)[2]. סאַפּער, שרייבט טשערקעזאָוו ווייטער, האָט „טיף געגלויבט אין ליבערמאַנען", מיט וועלכן ער האָט זיך געטראָפן אין רעדאַקציע פון „וופּעריאָד", און האָט אים אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט. אונז וועט שפּעטער אויס־קומען צו זען, אַז סאַפּער איז געווען דער אַנטיפּאָד פון ליבערמאַנען און איז שפּעטער געוואָרן זיין שאַרפער קעגנער אין פאַראיין[3].

אויסער סאַפּערן האָט זיך ליבערמאַן געטראָפן אין לאָנדאָן, טאַקע אין רעדאַקציע פון „וופּעריאָד", מיט דעם פּאָליטישן עמיגראַנט פון רוסלאַנד ל אַ ז אַ ר  ג אָ ל ד ע נ־ב ע ר ג. לאַזאַר (אליעזר־לאַצאַרוס, ווי ער ווערט אָנגע־רופן אין „פנקס") גאָלדענבערג, וועלכער איז שוין צו יענער צייט געווען אַלט 30 יאָר, האָט שוין געהאַט הינטער זיך אַ גאַנץ רייכע רעוואָלוציאָנערע פאַרגאַנגענ־הייט. ער האָט געשטאַמט פון אַ פרומער יידישער פאַמיליע

פרידריך ענגעלס, ווראָבלעווסקי און אַנד.; געווען אויך אַ באַגריסונג פון קאַרל מאַרקסן.

1) ד אָ ר ט ן, סאַפּערס בריוו פון 1טן יאַנואַר 1876.

2) אַ ר כ י ו  פ ו ן „ב ו נ ד", טשערקעזאָווס בריוו (1908); דער בריוו אַנטהאַלט אייניקע אומפּינקטלעכקייטן בנוגע דער טעטיקייט פון ליבערמאַנען און סאַפּערן. ווערט אויך ציטירט ביי ב. פ ר ו מ ק י ן, אין זיין אויבנאָנגעוויזענעם אַרטיקל אין „יעװר. סטאַרינאַ" (1911).

3) וועגן סאַפּערן זע אויך: מ. ו י נ ט ש ע ו ו ס ק י, דצ״וו, ז. 155; לויט ווינטשעווסקין איז ער געווען אַ בוכבינדער.

אין כערסאָנער גובערניע (פונעם שטעטל פּאָפּלאַווסק), האָט געלערנט אין חדר, שפּעטער אין אַ יידישער קרוין־שול, נאָכדעם אין אָדעסער גימנאַזיע און שפּעטער אין פּעטער־בורגער טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט. אין יאָר 1869 איז ער געווען אַרעסטירט פאַר אָנטיילנעמען אין דער ערשטער גרויסער סטודענטן־דעמאָנסטראַציע אין פּעטערבורג, פאַר־שיקט געוואָרן אַלס פּאָליטישער פאַרברעכער אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד און האָט זיך באַזעצט אין ציריך; פון דאָרטן האָט אים די פּאָליציי אַרויסגעשיקט און ער האָט עטלעכע יאָר געלעבט אין זשענעוו, וואו ער האָט גע־אַרבעט אין דער אומלעגאַלער רוסישער דרוקעריי פון די „טשאַיקאָווצעס" אַלס זעצער. אין יאָר 1876 איז ער אַריבערגעפאָרן קיין לאָנדאָן כדי צו אַרבעטן אין דער דרוקעריי פון „וופּעריאָד". ל. גאָלדענבערג איז געווען איינער פון די ערשטע יידן־רעוואָלוציאָנערן אין רוסלאַנד און אפשר דער ערשטער יידישער פּאָליטישער עמיגראַנט. קומענדיק קיין לאָנדאָן האָט ער שוין געהאַט אַ נאָמען פון אַ באַקאַנטן רעוואָלוציאָנער. אין זיין אויטאָביאָגראַפי־שער נאָטיץ, וועלכע ער האָט צוגעשיקט ל. דייטשן, דער־ציילט ער: „ווען איך בין געווען אין לאָנדאָן האָט זיך געגרינדעט אַן אינטערנאַציאָנאַלע ליגע [פון סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן], וואו ענגעלס איז געווען דער דייטשישער סעקרעטאַר, ליסאַגאַרע[4] — דער פראַנצויזישער, און איך, ווי עס פּאַסט פאַר אַ יידן, — דער סלאַווישער. דאָרט האָט אַפילו אָנטיילגענומען אויך דער באַרימטער גענעראַל פון דער פּאַריזער קאָמונע ווראָבלעווסקי און דעם גרעסטן טייל פון דער סלאַווישער סעקציע האָבן געבילדעט פּאָלאַקן. אָבער ווראָבלעווסקי איז צוגעשטאַנען צו מיר, און איך האָב אָנגענומען צו זיין דער סלאַווישער סעקרע־טאַר"[5]. דידאָזיקע ליגע איז געגרינדעט געוואָרן אויפן

4) דער באַקאַנטער פראַנצויזישער קאָמונאַר.

5) וועגן ל. גאָלדענבערגן (ניט צו פאַרמישן מיטן באַקאַנטן רוסישן טעראָריסט גריגאָרי גאָלדענבערג, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן, אונטערן דרוק פון די זשאַנדאַרמען, אַ פּראָוואָקאַטאָר און איז באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד) זע דעם אַרטיקל פון ל. ד ײ ט ש, „דער ערשטער יידישער רעוואָלוציאָנער אין רוסלאַנד", „צ ו ק ו נ פ ט" (ניו־יאָרק) 1913, מאַי. זע אויך ל. דייטשס בוך אין רוסיש: „Роль евреев в русском революционном движении", т. I. Берлин 1923, 90. זע אויך די זכרונות פון ד י אַ נ ע אָ וועגן גאָלדענבערגן אין „מוסף לדבר" פון ט״ז אייר תרפ״ו, איבערגעדרוקט אויך אין דער יידישער בראָ־שור „דער אָנהויב פון יידישן סאָציאַליזם" (וואַרשע, פאַרל. „באַפרייונג").

אינטערעסאַנט איז דער ווייטערדיקער גורל פון ל. גאָלדענבערגן: אָנהויב 1877 האָט ער פאַרלאָזט לאָנדאָן און האָט געוואוינט אין פאַר־שיידענע לענדער. אין יאָר 1881 האָט אים רומעניע אויסגעליפערט צו רוסלאַנד, אָבער ער איז פון וועג אַנטלאָפן און נאָך לאַנגע וואַנדערונגען האָט ער זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק, וואו ער האָט אָפּגעוואוינט צען יאָר, דאָ האָט ער צונויפגעם מיט אַנדערע רוסישע רעוואָלוציאָנערן געגרינדעט

אויבנדערמאָנטן מיטינג וועגן דעם פּוילישן אויפשטאַנד. אויף דעם מיטינג איז אויך גאָלדענבערג אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט אָנגעוויזן די פּאָלאַקן, אַז „די צייט פון פּ אָ ל י ט י ש ע רעוואָלוציעס איז שוין פאַרביי"[1]. ל. גאָלדענבערג איז לויט זיין רעוואָלוציאָנערן עבר געשטאַנען ווייט פון ייִדן און ייִדישער אַרבעט. אָבער מסתמא אונטערן דרוק פון ליבערמאַנען און סאַפּערן איז ער אויך געוואָרן איינער פון די איניציאַטאָרן פונעם פאַראיין און איז גאַנץ אָפט אפילו געווען זיין פּאָרזיצער.

אויסער די דריי דערמאָנטע טוער ווערט צווישן די גרינדער דערמאָנט אויך ל ו י ו ו י י נ ע ר — אַ טישלער. דאָס איז דערזעלביקער ל. ווייַנער פונעם אומלעגאַלן ווילנער קרייַזל, וועלכער איז אינאיינעם מיט ליבערמאַנען און זונדעלעוויטשן אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד. ווייַנער און ליבערמאַן זייַנען דעמאָלט אַוועקגעפאָרן אין לאָנדאָן, וואו ווייַנער איז געוואָרן אַן אַרבעטער. שפּעטער האָט ער זיך נאַטוראַליזירט אין ענגלאַנד און, ווי יאָכעלסאָן דערציילט אין זייַנע זכרונות (1918), איז ער מיט דער צייט געוואָרן דאָ אַן אייגנטימער פון אַ גרויסן מעבל-וואַרשטאַט[2]. אַן אָנגעזעענע ראָלע אינעם פאַראיין האָט אויך געשפּילט דער שניידער א י י ז י ק ס ט אָ ו ן, וועלכער האָט אויך גערעכנט זיין פריער אַן אינטעליגענט. שפּעטער איז סטאָון געוואָרן אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער פון ווינטשעווסקיס „פּוילישן אידל"[3] און אין 1885 — איינער פון די גרינדער פונעם „אַרבעטער פרייַנט" אין לאָנדאָן.

ווי מיר זעען, איז ליבערמאַן ניט געווען אַליין.

---

די „רוסישע ליגע קעגן דעם טראַקטאַט וועגן אויסליווערן פּאָליטישע פאַרברעכער צו רוסלאַנד", וואָס האָט זייער פיל אויפגעטאָן פאַר די רוסישע פּאָליטישע עמיגראַנטן. שפּעטער האָט ער זיך ווידער באַזעצט אין לאָנדאָן, וואו ער איז פאַרבליבן ביזן סוף פון זיין לעבן (אין יאָר 1916). ער איז דאָ געווען איינער פון די גרינדער און דער פאַרוואַלטער פונעם „פאָנד פאַר פרייער רוסישער פּרעסע" — אַ רוסישער פאַרלאַג, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ גאַנצע ריי רעוואָלוציאָנערע אויסגאַבן. גאָלדענבערגס אָנטייל אינעם ייִדישן סאָציאַליסטישן פאַראיין איז געווען נאָר אַן עפּיזאָד אין זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. אין דעם זשורנאַל „Каторга и Ссылка" (מאָסקווע 1924, נומ. 3, 4, 5 און 6) זייַנען אָפּגעדרוקט די זכרונות פון ל. גאָלדענבערגן; אינעם קאַפּיטל וועגן לאָנדאָן דערמאָנט ער לחלוטין ניט וועגן דעם ייִדישן פאַראיין.

1) „Вперед", № 28, 1876

2) זע: וו. י אָ כ ע ל ס אָ נ ס זכרונות אין „Былое", 1918, נומ. 13 (ז. 53—75). וועגן ווייַנערס אָנטייל אין דעם ווילנער קרייַזל זע: פּ נ ח ס ק אָ ן, דער פריער ציטירטער אַרטיקל אין „יעוור. לעטאָפּיס" (לענינגראַד 1928). אויך ווי נ ט ש ע ו ו ס ק י (דצ"ו, ז. 172) דערמאָנט אין זייַנע זכרונות, אַז קומענדיק קיין לאָנדאָן אין 1879 האָט ער דאָ צווישן ליבערמאַנס אָנהענגער געפונען דעם טישלער ווייַנער פון ווילנע.

3) מ. ווי נ ט ש ע ו ו ס ק י, דצ"ו, ז. 236.

אָבער ער איז געוויס געווען די אינטערעסאַנטסטע פּערזענלעכקייט אינעם פאַראיין, און דער עיקר — ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט געהאַט אַ פעסטע מיינונג וועגן די זעלבשטענדיקע פאָרמען פון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און האָט געשטרעבט אויסצוניצן פונעם פאַראיין אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל האָבן איר אייגענעם ייִדישן פּרצוף. דאָס, וואָס עס האָט זיך ניט געלאָזן קענען אַזוי, ווי ער האָט עס געוואָלט, האָט בייַ אים ניט אָפּגעשלאָגן דעם מוט. ער האָט געפּרוּווט דאָן צו דערלאַנגען זיין ציל אויף אַנדערע וועגן — דורך זיין לאָנדאָנער אויפרוף צו דער ייִדישער יוגנט, וועגן וואָס מיר וועלן נאָך רעדן, און שפּעטער דורך דעם „האמת" אין ווין. ניט געקוקט דערויף, וואָס ליבערמאַנס געדאַנקען זייַנען געווען פול מיט סתירות, וואָס ער איז געווען באַהערשט פון צוויי נשמות, פון אַ העברעאיש-משכּילישער און אַ ראַדיקאַל-קאָסמאָפּאָליטישער, — איז ער דאָך געווען דער רוח החיה אינעם פאַראיין. ער איז געווען אַ מענטש פון שטאַרקן ווילן, מיט אַ גרויסן שוואונג, מיט פיל קענטעניש, אַ גלענצנדער סטיליסט אין העברעאיש, דער מחבר פון אַ ריי אינטערעסאַנטע איבערזיכטן פונעם ייִדישן לעבן אין רוסלאַנד, וואָס ער האָט אַנאָנים געדרוקט אינעם „וופּעריאָד", — און ער איז געווען באַרופן צו שפּילן אַ גרויסע ראָלע אינעם פאַראיין, אפשר אַ גרעסערע, ווי ער האָט אין דער אמתן געשפּילט[4].

די השפּעה פון ליבערמאַנס אידעאָלאָגיע פילט זיך שטאַרק הן אינעם גרונד-כאַראַקטער פונעם פאַראיין, הן אין אַ סך אויסערלעכע פּרטים. ליבערמאַן איז געווען אַ סאָציאַליסט-העברעאיסט — און אַ דאַנק אים האָט דער פאַראיין באַקומען דעם נאָמען „אגדת הסציאליסתים העברים"; דעם פּראָטאָקאָל-בוך האָט ער אַ נאָמען געגעבן „פנקס אגדת הסציאליסתים", דעם געגרינדעטן אַרבעטער-יוניאָן האָט ער צוגעטראַכט דעם נאָמען „חברים כל בעלי-מלאכה". די סטאַטוטן פון פאַראיין האָט ער אָנגעשריבן אין העברעאיש (דערנאָך איבערגעזעצט אין ייִדיש — דאָס זעט מען, ווען מ'פאַרגלייַכט די טעקסטן); אין די סטאַטוטן האָט ער ספּעציעל אויסגעטיילט: „אנחנו ילידי בני-ישראל" („מיר ייִדישע קינדער" — אינעם ייִדישן טעקסט). כאַראַקטעריסטיש איז אויך, אַז אין די פּראָטאָקאָלן, סטאַטוטן און אויפרופן האָט ער קיינמאָל ניט פאַרפעלט צו דערמאָנען די דאַטע לויטן ייִדישן לוח (פג"ל, למשל, דעם „אור ליום ז' אלול ה"תרל"ו, שבת צו נאַכט" אינעם אויפרוף צום אַרבעטער-מיטינג).

---

4) די ליטעראַטור וועגן ליבערמאַנען (אין ייִדיש, העברעאיש און רוסיש) איז אַ גאַנץ גרויסע; די וויכטיקסטע קוועלן ווייַזן מיר אָן דאָ אין די הערות. — ווי באַקאַנט, איז ליבערמאַן געבוירן (אין דער צווייטער העלפט פון די 40 ער יאָרן) אין לונע, גראָדנער גובערניע; געשטאָרבן (באַגאַנגען זעלבסטמאָרד) אין אַמעריקע, אין 1880.

ער איז אָבער געגאַנגען ווייטער פון די פּרטים. ער האָט דער ערשטער געשטעלט פאַרן פאַראיין די פראַגע, „וואָס פאַראַ פּראָגראַם דאַרפן די יידן (יידישע סאָציאַליסטן) האָבן אין פאַרשיידענע לענדער בכדי זיי זאָלן, פון איין זייט, קענען איינשטימיק (איינהייטלעך?) האַנדלען און דאָך זאָלן זיי, פון דער אַנדער זייט, האַרמאָנירן מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין דעם לאַנד, וואו זיי וואוינען"[1]. די תשובה אויף דעם האָט ער אויף דער זעלביקער זיצונג געגעבן אומדירעקט, בעת ס'איז אַריינגעטראָגן געוואָרן דער פאָרשלאַג וועגן אויסנוצן דעם לאָנדאָנער רוסישן סאָציאַליסטישן אָרגאַן „וופּעריאָד": „מיר מוזן דער עיקר זוכן די קראַפט צום קאַמף אין אונז זעלבסט, אין אונזער פאַראייניקונג. קעגן אונזערע פיינד מוזן מיר זעלבסט קעמפן". ליבערמאַנען איז געלונגען צו ווירקן אין זיין גייסט אויף אַ טייל פון די מיטגלידער. אויף דער לעצטער זיצונג, בעת דער פאַראיין האָט שוין געהאַלטן ביי גסיסה און געזוכט מיטלען צו ראַטעווען זיך, האָט איינער פון די ניי־אַריינגעטראָטענע דייטשן—וואַן־דער־הויט[2] געזאָגט, אַז דער פאַראיין וועט ניט באַקומען קיין מיטגלידער, כּל זמן ער טראָגט אַ יידישן נאָמען; מ'דאַרף אים אָנרופן „אַלגעמיינער אַרבעטער־פאַראיין" און דעמאָלט וועט מען אַריינבאַקומען פיל ענגלענדער. אויף דעם האָט גאָלדענבערג, וואָס איז געווען פאָרזיצער, געענטפערט: „מיר זיינען גוטע סאָציאַליסטן, אָבער די יידן אין לאָנדאָן שטייען אַזוי אָפּגעזונדערט פון אַלע אַנדערע געזעלשאַפטן... און מיר האָבן באַשלאָסן פאָרלויפיק צו אַרבעטן נאָר צווישן יידן". פיל ווייטער פון אים איז אָבער געגאַנגען ווינער, איינער פון ליבערמאַנס חסידים (ליבערמאַן אַליין איז אויף דער זיצונג ניט געווען): „פאַרוואָס, — האָט ער געזאָגט, — האָט יעדע נאַציע אַ באַזונדערן פאַראיין און זיין אייגענעם נאָמען? אַזוי ווי מיר זיינען אויך אַ נאַציע, ווילן מיר אונזער נאָמען, ווי אַנדערע טוען דאָס"[3].

אָבער ניט אַלע אין פאַראיין זיינען געווען מסכּים מיטן נאַציאָנאַליסטישן גייסט, וואָס ליבערמאַן האָט אַריינגעטראָגן. ווי מ'קען פאַרשטיין פון די פּראָטאָקאָלן, איז הירש סאַפּער געווען דער פאָרשטייער פון אַ היפּוכדיקער ריכטונג. עס איז באַקאַנט פאָלגנדיקער אויסערסט כאַראַקטעריסטישער פאַקט: בעת דער פאַראיין האָט תּחילת באַשטימט צונויפרופן דעם ערשטן עפנטלעכן אַרבעטער־מיטינג

1) „פּנקס", פּראָטאָקאָל פון דער 9טער זיצונג.

2) אגב איז אַ ספק, צי איז באמת וואַן־דער־הויט געווען אַ „דייטש", ווי ס'ווערט באַטאָנט אין די פּראָטאָקאָלן: וואַן־דער־הויט איז אַ דייטש־יידישע פאַמיליע, וואָס האָט געשטאַמט פון האַמבורג (געקומען מסתּמא פון האָלאַנד)? עס איז נאָך איצט באַקאַנט אין דייטשלאַנד אַ באַנקירן־פאַמיליע מיט אַזאַ נאָמען; מעגלעך, אַז זיי האָבן זיך אָפּגעשמדט.

3) פּראָטאָקאָל פון דער 27טער זיצונג.

אויף דעם 19טן אויגוסט, האָט ליבערמאַן פאָרגעלייגט, אַז היות ווי דער טאָג פאַלט אויס אויף תּשעה־באָב, זאָל מען דעם מיטינג אויף עטלעכע טעג אָפּלייגן. קעגן דעם פאָרשלאַג איז אַרויסגעטראָטן סאַפּער און האָט געזאָגט: „אונז, סאָציאַליסטן, גייט ניט אָן דער טאָג... מיר ווייסן נאָר פון אונזער זאַך, וועלכע איז צוגלייך די זאַך פון דער גאַנצער מענטשהייט, און ניט מער". אויף דעם האָט ליבערמאַן געענטפערט: „פאָרלויפיק האָט תּשעה־באָב פאַר אונז, יידישע סאָציאַליסטן, דיזעלביקע באַדייטונג, ווי פאַר אַלע אונזערע שטאַם־גענאָסן. אַזוי לאַנג ווי עס וועט ניט ווערן די סאָציאַלע רעוואָלוציע, האָט די פּאָליטישע פרייהייט אַ גרויסע וויכטיקייט פאַרן יידישן פאָלק. דער טאָג פון ט' באָב איז אַ טאָג, וואָס [ווען] מיר האָבן פאַרלוירן אונזער אומאָפּהענגיקייט, און אונזער פאָלק טרויערט דעריבער ביז איצט, שוין איבער 18 יאָרהונדערטער. עס דאַרף אַלזאָ האָבן פאַר אונז אַזוי פיל ווערט, אַז מיר זאָלן די פאַרזאַמלונג אָפּלייגן אויף אַן אַנדער טאָג". און די מערה־יט האָט מסכּים געווען מיט ליבערמאַנען און האָט באַשלאָסן די פאַרזאַמלונג אָפּצולייגן[4]. דעראָזיקער שטריך כאַראַקטעריזירט — מער פון ווערטער און פּראָגראַמען — די נאַציאָנאַלע שטימונגען, וואָס האָבן אפשר אומבאַוואוסטזיניק באַהערשט דעם פאַראיין, ריכטיקער — זיין מערהייט. ניט סאַפּער אַליין האָט אָבער געהאַט ספקות אין ליבערמאַנס אידעאָלאָגיע. אויף איינער פון די זיצונגען האָט אַ ניי־אַריינגעטראָטענער מיטגליד, דער היטלמאַכער מאַרקוס ראַבינאָוויטש, זיך געווענדט צו די פירער: „איר אונטערנעמט אַ גרויסע, שווערע אַרבעט. צי זייט איר אָבער זיכער אין דער סימפּאַטיע פון אַלע סאָציאַליסטן אין פאַרשיידענע לענדער?"[5] דאָס האָט געמיינט: צי איז דער פאַראיין ניט צו נאַציאָנאַליסטיש? אויף דעם האָט ליבערמאַן געענטפערט אין דעם גייסט, אַז מ'קען זיין אַ גוטער אַלגעמיינער סאָציאַליסט און אַרבעטן פאַר יידן און דאָס הייסט גאָרניט זיין אַ נאַציאָנאַליסט. אגב איז כאַראַקטעריסטיש, אַז מאַרקוס ראַבינאָוויטש האָט שפּעטער געמוזט דעם פאַראיין פאַרלאָזן.

אויף די זיצונגען פון פאַראיין האָט מען גערעדט יידיש, „יידיש־דייטש", ווי עס ווערט געזאָגט אין די פּראָטאָקאָלן[6]. די מערהייט, וואָס איז באַשטאַנען פון אַרבעטער ממש, האָבן קיין דייטש ניט פאַרשטאַנען און ניט געוואָלט, הגם לויטן דעמאָלטיקן משכּילישן שולחן־ערוך האָט מען פאַר דייטש געדאַרפט האָבן אָפּשיי. צו דייטש האָט אָבער געצויגן ליבערמאַן און באַזונדערס סאַפּער, גראָד ניט קיין משכּיל — רוסיש האָט מען ניט פאַרשטאַנען און דייטש איז געווען די שפּראַך פון די ערשטע און שטאַרקסטע סאָציאַ־

4) פּראָטאָקאָל פון דער 10טער זיצונג.

5) דאָרטן.

6) 9טע זיצונג.

ליסטישע אָרגאַניזאַציעס. ווען אויף איינער פון די ערשטע זיצונגען איז דערוועקט געוואָרן די פראַגע, צי זיינען נוצלעך פּאַרטראַגן אין דער דייטשישער שפּראַך, האָט זיך די מערהייט אַרויסגעזאָגט פאַר צולאָזן נאָר אַזעלכע פּאַרטראַגן, „וועלכע ווערן געהאַלטן אין אַ שפּראַך, וואָס איז פאַר אַלעמען פאַרשטענדלעך"[1], דאָס מיינט אין יידיש. אמת, די אינטעליגענטן פון פאַראיין איז געווען שווער צו האַלטן פּאַרטראַגן אין יידיש[2] און זיי האָבן געשאַפן אַ סימביאָז פון צוויי צעקאַליעטשעטע שפּראַכן. אויפן אַרבעטער-מיטינג דעם 26טן אויגוסט, וואו ס'איז געווען אַ פּשוטער עולם, האָבן די רעדנער, אַפילו ליבערמאַן, גערעדט יידיש, און נאָר סאָפּער, ווי אין פּראָטאָקאָל ווערט אָנגעוויזן, האָט געהאַלטן זיין פּאַרטראַג „אין דייטש". אויף די זיצונגען פון פאַראיין האָט סאָפּער פאָרגעלייגט צו פאַרשפּרייטן די דייטשישע סאָציאַליסטישע צייטונג „פאָלקסשטאַאַט", אָבער גאָלדענבערג האָט אים אָנגעוויזן, אַז „די מאַסע פון די יידישע אַרבעטער איז ניט באַקאַנט מיט דער דייטשער שפּראַך"[3]. אויף איינער אַ זיצונג איז באַשלאָסן געוואָרן נאָך אַ דיסקוסיע אויסצושרייבן אַ „יידיש-דייטשע צייטונג". מיט עטלעכע זיצונגען שפּעטער איז די פראַגע ווידער אויפגעשוואומען; ווינער איז באַשטאַנען, מ'זאָל אויסשרייבן „אַ יידיש בלאַט, דאַדורך וועלן קומען פיל מיטגלידער". אַנדערע ווידער האָבן פאָרגעלייגט בעסער דעם בערלינער „פאָרווערטס", ווייל ס'איז אַ פּאַרטיי-בלאַט[4]. אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז דער פאַראיין האָט באַקומען: איין ענגלישע צייטונג, איין דייטשישע („פאָרווערטס") און איין רוסישע („וופּעריאָד"[5]). אַ יידישע צייטונג האָט מען סוף כל סוף ניט אויסגעשריבן[6].

## IV. דער קאַמף קעגן דעם פאַראיין. זיין אונטערגאַנג.

די יידישע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן זיך געשטעלט ביים אָנהויב ברייטע אויפגאַבן, האָבן ניט אויסגערעכנט זייערע כוחות. כל זמן זיי זיינען געבליבן אין זייער געשלאָסענעם קרייז, האָבן זיי געקענט רואיק עקזיסטירן, אָבער ווי נאָר זיי האָבן געמאַכט אַ ברייטערן טריט און אַרויס אויף דער גאַס — האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ ריי זייער ערנסטע מניעות: אויף דעם שאַרפן ווידערשטאַנד מצד די בעלעבאַטים, די מייסטערס, אויף רדיפות מצד די אָפיציעלע קרייזן פון די ענגלישע יידן און — וואָס נאָך וויכטיקער — אויף דער גלייכגילטיקייט און אַפילו קעגנערישער באַציאונג מצד דער יידישער אַרבעטער-מאַסע גופא.

גלייך ווי דער פאַראיין האָט זיך געגרינדעט האָט ער געשטעלט פאַר זיך די פראַגע, אויף וועלכע עלעמענטן דאַרף מען זיך שטיצן, צי קענען אָנגענומען ווערן אַלס מיטגלידער אויך פעדלער און קליינע בעלי-מלאכות? תּחילת איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז נאָר לוין-אָדער שטיק-אַרבעטער, אָנגעשטעלטע, אָבער נישט קיין „מייסטער" און „טרעוולער"[7]. שפּעטער איז די פראַגע ווידער באַהאַנדלט געוואָרן און מ'האָט באַשלאָסן, אַז „פּרינציפּיעל קענען אין דער געזעלשאַפט ניט זיין קיין מייסטערס, דאָך קאָן דער פאַראיין מאַכן אַן אויסנאַם פאַר יענע פּערזאָנען, וואָס ער קען זיי, אַלס טרייע אָנהענגער פון סאָציאַליזם"[8]. דער פאַראיין איז צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער. אויף אַ גאַנצער ריי זיצונגען ווערט גערעדט וועגן צונויפרופן אַן עפנטלעכע אַרבעטער-פאַרזאַמלונג. דער פאַראיין האָט זיך געווענדט וועגן דעם מיט אַ געדרוקטן יידישן אויפרוף צו די אַרבעטער. דאָס איז דער ערשטער אויפרוף בכלל צו יידישע אַרבעטער (זע פאַקסימילע). אין דעם אויפרוף („פּובליק-מיטינג פיר אידישע אַרבייטער") ווערט אין פּשוטע ווערטער דערקלערט, ווי נויטיק עס איז פאַר די אַרבעטער צו אָרגאַניזירן זיך: „ביי אונזערע יידישע אַרבעטער איז ניטאָ קיין אחדות"; „פון אונזער אומאיינינקייט ליידן מיר אַליין און לאָדן נאָך אויף זיך דעם האַס פון די ענגלישע אַרבעטער". דער אויפרוף רופט „יעדן יידישן האַנדווערקער-געזעל" צו בילדן אַ „געזעלשאַפט פון אַלערליי האַנדווערקער". אַזוי פּאָרזיכטיק און אין אַ פאַרשטענדלעכער שפּראַך האָט מען געזוכט אַריינצוציען דעם יידישן אַרבעטער. עס פילט זיך, אַז דעם אויפרוף האָט צונויפגעשטעלט ניט ליבערמאַן, וועלכער האָט געהאַט אַ חולשה צו הויכע מאַניפעסטן (אָנגעשריבן דעם אויפרוף האָט ראָזענטאַל, ליבערמאַן האָט אים נאָר רעדאַגירט).

דעם 26טן אויגוסט איז אין זעטלאַנד האָל, מאַנספּעל סטריט, פאָרגעקומען דער מיטינג, צו וועלכן עס זיינען געקומען עטלעכע הונדערט אַרבעטער. גערעדט האָט מען שאַרף וועגן דער לאַגע פונעם יידישן אַרבעטער אין לאָנדאָן און פּאָרזיכטיק וועגן קלאַסן-קאַמף. די ווערטער „חברים כל ישראל" — האָט געזאָגט סטאָון — זיינען שוין

1) 6טע זיצונג.

2) פג"ל מ. ווינטשעווסקיס זכרונות (בנוגע דעם יאָר 1880): „קוים אָבער האָב איך גענומען רעדן מעשה-רעדנער, ערנסט, זוכענדיק עטוואָס צו באַווייזן, פלעג איך אַריינפאַלן אין הויך-דייטש... פלעג איך זיך כאַפּן אַז מיין עולם פאַרשטייט מיך ניט און פלעג נעמען מישן דייטש מיט יידיש" (ז. 187).

3) פּראָטאָקאָל פון דער 8 טער זיצונג.

4) זיצונגען 25 און 27.

5) זע „פנקס", ליבערמאַנס באַריכט פון פאַראיין פאַר אַ האַלב יאָר.

6) אגב. וועלכע פּאַסיקע יידישע צייטונג האָט דער פאַראיין אייגנטלעך געקענט דעמאָלט אויסשרייבן?

7) פּראָטאָקאָל פון דער 6-טער זיצונג; זע אויך די 2-טע זיצונג

8) 12טע זיצונג.

דיא האנדבילל וואָרט נאָלאָג:

# פובליק-מיטינג
## פיר אידישע ארבייטער.

עס איז בעקאנט, אז דיא ארבייטער בעפינדען זיך אומעטום און אין פערדינגע לאגע און זייער שווער קומט זיי אן צוא פערדינען זייער שטיקל ברויט. אבער וויא שווער עס איז אויך דער לעבען פון אללע ארבייטער, ווערט דער אידישע ארבייטער ווייט מעהר פארשווארצט אלס אללע איבריגע, און בפרט נאך היער אין לאנדאן. דער איד מוז מעהר שווערע ארבייטען און בעקומט וועניגער געצאהלט אלס דער קריסט.

און ווארום איזט עס זא? וויל דיא אידישע ארבייטער זיינען ניט אזוי פעראייניגט אונטער זיך וויא אללע אנדערע, דיא קריסטליכע ארבייטער זיינען פעראייניגט צוא געזעללשאפטען. היער אין ענגלאנד איז דא דיא טרעדעס יוניאנס, איין פעראיין פון פריינדע ארבייטער געזעללשאפטען פון פערשידענע פראפעססיאנען, וואס זייא האלטען זיך אללע פעסט צוזאממען און לאזען זיך ניט אונטערדריקקען פון זייערע פאבריקאנטען און מייסטער; אבער ביי אונזערע אידישע ארבייטער איז ניטא קיין אחדות, דעריבער קענען דיא מייסטער אונז דריקקען וויא זייא ווילען. פון אונזער אונאייניגקייט לידען מיר אללין און לאדען נאך אויף זיך דעם האסס פון דיא ענגלישע ארבייטער וואס בעשולדיגען אונז, אז דורך דעם וואס מיר ארבייטען מעהר צייט און פאר וועניגער לאזען טהוען מיר זייא אויך איין שאדען.

דארום רופען מיר צוזאממען איינע עפפענטליכע פערזאממלונג איזי לאדען האפפליכסט דאצו איין יעדען אידישען האנדווערקס-געזעלל, אום צוזאממען ראטה צוא האלטען וויא צוא פערבעססערן דיא לאגע פון אונזערע אידישע ארבייטער און צוא בילדען איין געזעללשאפט פון אללערליי האנדווערקער. מיר האפפען, אז יעדער ארבייטער, וואס זיין אייגענעס אינטערעססע איז איהם טהייער, ווערט נעהמען אנטהייל אין דעם מיטינג. — איינינע מיטגליעדער פון אונזער פעראיין וועלן האלטען רעדען איבער דיא ארבייטער-אינטערעססען און יעדעס ארבייטער ווערט קענען פריי אויסשפרעכען זיין מיינונג אפפענטליך אין דער פערזאממלונג.

דער מיטינג ווערט זיין אוד ליום ז' אלול ה' תרל"ו — (26 אויגוסט 1876) שבת צוא נאכט אום אכט אוהר אין זעטלאנד האלל, 51 מאנסעלל סטריט, גודמאנ'ס פיעלדס E. (ביי אלי' הילנער).

אגודת הסאציאליסטים העברים.

# A PUBLIC MEETING
## OF JEWISH WORKING MEN,

WILL BE HELD AT

ZETLAND HALL, 51, MANSELL ST., GOODMAN'S FIELDS, E.,
On Saturday August 26, 1876, at 8 o'clock in the Evening.

ערשטער געדרוקטער אויפרוף צו יידישע ארבעטער, לאָנדאָן, 8 אויגוסט 1876

(ארכיוו פון „בונד“, בערלין)

(אָריגינאַל-גרויס)

איצט געוואָרן אַ גראָבער ליגן, די אינטערעסן פון די רייכע און אָרעמע זיינען פאַרשיידן אויך ביי יידן. ראָזענטאַל און ווינער האָבן זיך ספּעציעל אָפּגעשטעלט אויף דער לאַגע פון די יידישע שניידער אין לאָנדאָן, סאַפּער — אויפן קאַמף פאַר אַ נאָרמאַלן אַרבעט-טאָג און אויף דער נויטיקייט צו גרינדן אַן אַרבעטער-פאַראיין און איינפירן 10 שעה אַרבעט. דער עולם האָט די אַלע רעדעס פאַרשטאַנען און וואַרעם אויפגענומען. דערפאַר אָבער האָט ער זיך גלייכגילטיק, אָדער אַפילו מיט אַ געוויסער אומצופרידנקייט, ווי מיר וועלן זען, באַצויגן צו דער רעדע פון ליבערמאַנען, צו זיינע אידייען וועגן אַן „אַרבעטער-רעפּובליק" און צו זיינע אָנפאַלן אויף דער לאָנדאָנער יידישער אַריסטאָקראַטיע און אויף דער געמיינדע. דידאָזיקע טעמע איז דעם „יידישן האַנדווערקער-געזעל" נאָך געווען פרעמד און האָט אים ניט גענומען. דאָך האָבן זיך אויפן מיטינג פאַרשריבן אינעם נייעם פאַראיין 80 אַרבעטער. די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע, עס האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען „נידער מיט די מייסטערס!" — דאָס איז געווען די ערשטע יידישע אַרבעטער-דעמאָנסטראַציע און דער ערשטער אויסדרוק פון קלאַסן-באַוואוסטזיין ביי יידישע לוין-אַרבעטער אין לאָנדאָן.

גלייך נאָכדעם, אויף דער פאַרזאַמלונג פון 12טן סעפּטעמבער, זיינען די פירער פון פאַראיין צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן די „געווערקשאַפט-געזעלשאַפט", פאַקטיש — אַ שניידער-יוניאָן, מיט פאָלגנדיקער פּראָגראַם: אַ פאַרקירצטער אַרבעט-טאָג, קעגנזייטיקע הילף און די גרינדונג פון אַן אַרבעטס-פאַרמיטלונגס-ביוראָ. אָבער דאָ זיינען די באַלעבאַטים, וואָס האָבן דערשפּירט די סכנה, אַקטיוו אַרויסגעטראָטן קעגן די סאָציאַליסטן. מיר האָבן שוין פריער געזען פונעם אַרטיקל אין „האמת", וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלע מאַכט עס האָבן געהאַט די מייסטערס איבער די יידישע אַרבעטער אין ווייטשאַפּל. זיי זיינען געווען די ברויט-געבער — און די „הענט" זיינען געווען אינגאַנצן אָפּהענגיק פון זיי און האָבן אַפילו נישט געטראַכט פון אַ פּראָטעסט. דער קאַמף, וואָס די סאָציאַליסטן האָבן אויפגעהויבן פאַר אַ פאַרקירצטן אַרבעט-טאָג, פאַר מענטשלעכע תנאים, די סכנה פון אַן אָרגאַניזירטער אַרבעטער-באַוועגונג האָט געצוואונגען אויך די באַלעבאַטים צו מאָביליזירן זיך. שוין אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג האָבן זיי בעת ליבערמאַנס רעדע אויפגעהויבן אַ טומל: „די אנוועזנדע בורזשואַזיע — ווערט דערציילט אין פּראָטאָקאָל — דרענגט זיך אום דעם פּאָדיום און פאַרלאַנגט דאָס וואָרט... אונרוהע". צו דער צווייטער פאַרזאַמלונג (דעם 2-טן סעפּטעמבער), וועלכע איז געווען אַ געשלאָסענע, האָט מען שוין די מייסטערס ניט געוואָלט אַריינלאָזן. זיינען זיי גלייך אַוועק צום געהילף פונעם רב-הכולל, צום רב גרין, און געמעלדעט, אַז יידישע סאָציאַליסטן האָבן צונויפגערופן יידישע אַרבעטער כדי זיי אָפּצושמדן 1). גרין איז אַוועקגעלאָפן מיט די מייסטערס צום מיטינג און געפאָדערט מ'זאָל אים אַריינלאָזן. די פירער פון פאַראיין האָבן מסכים געווען, און מיט אים אינאיינעם האָבן זיך אַריינגעריסן אויך די מייסטערס. עס איז געווען גראָד אינמיטן ליבערמאַנס רעדע. גרין, הערנדיק זיינע אָנפאַלן אויף רבנים און כלי-קודש, האָט אָנגעהויבן שאַרף פּראָטעסטירן, אָבער סאַפּער (דער סעקרעטאַר פונעם מיטינג) האָט אים ניט געלאָזט שטערן און דערביי אים „אַזוי ענערגיש באַרויקט" — ווי גאָלדענבערג, וועלכער איז דעמאָלט געווען פאָרזיצער, דערציילט אין זיין בריוו, — אַז דער רב מיט סאַפּערן האָבן זיך אַרונטערגעקייקלט אונטערן טיש... „ס'איז געוואָרן אַ שרעקלעכער ליאַרעם. די מייסטערס האָבן אָנגעפאַנגען שרייען: „די סאָציאַליסטן הרגענען דעם רב!" 2) אַ טייל אַרבעטער איז צוגעשטאַנען צו זיי, עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשלעג, ס'איז געקומען פּאָליציי — און דער מיטינג איז אויפגעריסן געוואָרן. אין די פּראָטאָקאָלן פון פאַראיין ווערט וועגן דער סצענע דערציילט בקיצור, צום סוף ווערט אָבער טרויעריק צוגעגעבן: „די בורזשואַזיע האָט פיר דיס מאָל איהרען צוועק עררייכט. די אַרבייטער גינגען פאָרט" 3). אינעם פּראָיעקטירטן יוניאָן האָבן זיך פאַרשריבן בסך-הכל 17 אַרבעטער, אָנשטאָט 80 פאַריגן מאָל. ניט געקוקט אויף דעם דורכפאַל איז אין עטלעכע טעג צרום — דעם 16טן סעפּטעמבער — צונויפגערופן געוואָרן אַ נייע פאַרזאַמלונג, און דער יוניאָן איז סוף-כל-סוף געגרינדעט געוואָרן. ליבערמאַן — דער גרויסער מומחה אויף תקנות — האָט פאָרגעלייגט די סטאַטוטן, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן. עס האָבן זיך פאַרשריבן 44 אַרבעטער. אין קאָמיטעט פונעם יוניאָן זיינען אַריין אויך 6 מיטגלידער פונעם פאַראיין (צווישן זיי: ליבערמאַן, גאָלדענבערג, סטאָון, סאַפּער); דערמיט האָט מען געוואָלט באַוואָרענען די סאָציאַליסטישע אָנפירונג מיטן יוניאָן. אָבער, ווי מיר וועלן ווייטער זען, איז עס להלוטין נישט געלונגען.

קעגן די יידישע סאָציאַליסטן איז אויך אַרויסגעטראָטן צבי הירש דיינאָוו, דער פּאָפּולערער „סלוצקער מגיד", וועלכער איז אין יאָר 1874 אַריבערגעפאָרן פון רוסלאַנד קיין לאָנדאָן און איז געוואָרן אַ דרשן ביי די עמיגראַנטן. דיינאָוו האָט געהערט אין רוסלאַנד צו די מעסיקע משכילים, איז אַרומגעפאָרן אַלס שליח פון דער „חברה מפיצי השכלה" איבער יידישע שטעטלעך און

1) צ ב י ו ן, „פון ארכיוו", „פאָלקסצייטונג" (ווילנע), 1906, נומ. 237. דידאָזיקע סצענע גיט דער מחבר איבער אויפן סמך פון ל. גאָלדענבערגס בריוו צו אים.

2) ד א ר ט, ל. גאָלדענבערגס בריוו.

3) פּראָטאָקאָל פון דער בעשלאָסענער זיצונג פון 12טן סעפּטעמבער

אַגיטירט פאַר בילדונג צווישן יידן (ער איז אגב אויך געווען פון די ערשטע פאַרטיידיקער פון יידיש) 1). ער האָט אַליין נישט ווייניק געליטן פון די אָרטאָדאָקסן און האָט געמוזט אַריבערפאָרן קיין לאָנדאָן. יידישע סאָציאַליסטן זיינען אָבער פאַר אים געווען כופרים בעיקר. דער רוב מנין פון די באַלעבאַטים, ביי וועלכע ער איז געווען מגיד, זיינען עס געווען דיזעלביקע „מייסטערס", קעגן וועלכע די סאָציאַליסטן זיינען אַרויס מיטן קאַמף. קורץ פאַר דעם אַרבעטער־מיטינג האָט דיינאָוו אַריינגעשיקט זיינעם אַ שפּיאָן אין פאַראיין, כדי אויסצושפּירן, וואָס אזוינס גרייטן די סאָציאַליסטן. דער „שפּיאָן" איז געווען נתן בערלין, אַ רעגנמאַנטל־אַרבעטער. ליבערמאַן האָט זיך דערוואוסט וועגן דער מעשה, און בערלין האָט דערקלערט, אַז, אמת, ער איז געשיקט געוואָרן אַלס אויסשפּירער פון דיינאָוון, אָבער ער האָט דיינאָוון אָפּגענאַרט און איז טריי די אידייען פון פאַראיין. און דער פאַראיין האָט אים געגלויבט און אַפילו אָנגענומען פאַר אַ מיטגליד 2).

מיט אַ העפטיקן קאַמף קעגן דעם פאַראיין זיינען אויך אַרויס די ענגלישע יידן. אינעם ציטירטן אַרטיקל פון „האמת" וועגן לאָנדאָן שרייבט דער מחבר (ליבערמאַן) איראָניש: „לאָנדאָן איז דאָך די שטאָט פון אונזערע גרויסע גבירים, וואָס זיינען באַקאַנט אין דער גאַנצער וועלט און ווערן מיט התפעלות געלויבט פון אונזערע שרייבער; דאָ וואוינען דאָך די ראָטשילדס און מאָנטעפיאָרעס, די פיליפּס און מאָנטאַגיוס, די חיימס, מאָזעס, באַראָן דע וואָרמס און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער". ער דערמאָנט, ווי גערן די „דזשואיש אימיגריישאָן סאָסייעטי" גיט יעדן יידישן אימיגראַנט אויף הוצאות־הדרך ביז פאַריז אָדער האַמבורג און נאָך 5 שילינג דערצו — אַבי נאָר פּטור ווערן פון אים. נאָך שאַרפער כאַראַקטעריזירט די באַציאונג פון די ענגלישע יידן צו די אימיגראַנטן מ. ווינטשעווסקי: „זיי שעמען זיך מיט אונז נישט ווי מיט אָרעמע קרובים, נאָר ווי מען שעמט זיך מיט אַ מצורע, מיט אַן אויסוואורף אין דער פאַמיליע; יעדער פּאָגראָם האָט פאַר זיי דעם הויפּט־שרעק, וואָס דריקט זיך אויס אין דעם אַנגסט־געשריי: „די פּאָלאַקן קומען!" און זייער צדקה נעמט אימער אָן די פאָרם פון אָפּטרעט־געלט, געלט אום פּטור צו ווערן פון אונז" 3).

עס איז דעריבער פאַרשטענדלעך, אַז די ענגלישע יידן, בעת זיי האָבן זיך דערוואוסט וועגן אַ פאַראיין פון

1) אַרכיוו פון „חברה מפיצי השכלה", די קאָרעספּאָנדענץ פאַרן יאָר 1873, דיינאָווס בריוו פון אדר תרל"ג. — דיינאָוו איז געשטאָרבן אין לאָנדאָן אין יאָר 1877.

2) פּראָטאָקאָל פון דער 14טער זיצונג.

3) מ. ווינטשעווסקי, דצ"וו, ז. 203.

יידישע סאָציאַליסטן, זיינען געוואָרן זייער אויפגערעגט. אין יוני 1876, דאָס הייסט נאָך מיט עטלעכע חדשים איידער די יידישע סאָציאַליסטן האָבן צונויפגערופן דעם עפנטלעכן אַרבעטער־מיטינג, איז דער „דזשואיש כראָניקל" אַרויס מיט פאָלגנדיקן קורצן אַרטיקל, וועלכן מיר ברענגען דאָ:

„אַ וואָרנונג.

אונזער מיטאַרבעטער טיילט אונז מיט, אַז צווישן די רוסישע און פוילישע יידישע אַרבעטער אינעם מזרח־טייל פון לאָנדאָן צירקולירט אַ געדרוקט בלעטל, וואָס איז לויט זיין טענדענץ זייער שעדלעך. עס איז געשריבן אויף זשאַרגאָן, וואָס איז פאַרשפּרייט צווישן אָט דער באַפעלקערונג, מיט אַן איבערזעצונג אין אַ ריינעם העבּרעאיש. דאָסדאָזיקע בלעטל אַנטהאַלט די סטאַטוטן פון דעם „יידישן סאָציאַליסטישן פאַראיין" — אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס עקזיסטירט געוויס נאָר אין דער פאַנטאַזיע פון איר משוגענעם ערפינדער, וועלכער שטרעבט אַזאַ אָרגאַניזאַציע צו שאַפן. מיר האַלטן זיך דאָ אָפּ צו ברענגען אויסצוגן פון דעם דאָזיקן בלעטל, ווייל זיי קענען נאָר פאַרפירן. אַזעלכע שטותערייען קענען ניט האָבן די מינדסטע השפעה אַפילו אויף די אָפּגעשטאַנענסטע פון אונזערע ברידער. אמת, מיר זיינען מער ווי חושד, אַז דאָס בלעטל שטאַמט פון די יידישע שונאים און ווערט פאַרשפּרייט מיטן צוועק זיי צו ברענגען שאָדן. בכל אופן דאַרפן די, צו וועמען אין די הענט עס וועלן אַריינפאַלן אַזעלכע ווערק, ניט העלפן פאַרשפּרייטן עס ווייטער, נאָר זוכן צו דערגיין און אויפדעקן זייערע מחברים" 4).

דער „דזשואיש כראָניקל" איז תחילת געווען משמעות איבערצייגט, אַז דער יידישער סאָציאַליסטישער פאַראיין עקזיסטירט נאָר „אין דער פאַנטאַזיע פון זיין משוגענעם ערפינדער" און אַז די גאַנצע מעשה שטאַמט פון די „יידישע שונאים" — געמיינט דערמיט די מיסיאָנערן. אין דער נאָטיץ פילט זיך נאָך נישט קיין באַזונדער כעס. אָבער אינגיכן האָבן זיך די אָפיציעלע ענגליש־יידישע קרייזן און זייער אָרגאַן איבערצייגט, אַז אַזאַ פאַראיין עקזיסטירט באמת. זיי האָבן דערשפּירט די סכנה, אַז די גרינע רעוואָלטירן. אויפן ערשטן אַרבעטער־מיטינג איז ליבערמאַן אין זיין רעדע (וועגן דער לאַגע פונעם יידישן פאָלק צווישן אַנדערע פעלקער) אַרויס מיט ווערטער, וועלכע זיינען אין לאָנדאָן נאָך קיינמאָל נישט געהערט געוואָרן, —

4) „Jewish Chronicle", 23 June 1876, „A Warning".

מיט אַ שאַרפער אַטאַקע קעגן דער יידישער געלט־אַריסטאָקראַטיע, וואָס איז שולדיק אין די יידישע רדיפות, באַזונדערס אין מזרח־אייראָפּע — אין רוסלאַנד, רומעניע, סערביע און שוועדן (?) 1), קעגן דער יידישער געמיינדע און איר פאָרשטייער, דעם רב־הכולל ד״ר אַדלער. ער האָט גערופן „נישט לאָזן זיך פירן פון אַן אויטאָריטעט ... און זיך זעלבסט דעמאָקראַטיש צו רעגירן" 2). אויף דער צווייטער אַרבעטער־פאַרזאַמלונג, בעת ליבערמאַן האָט דערזעען דעם רב גרין (דעם „שמש גרין", ווי ער ווערט אָנגערופן אין „פּנקס"), האָט ער ווידער געהאַלטן אַ רעדע קעגן דער יידישער רעליגיע און רבנים, קעגן די לאָנדאָנער פּני און די יידישע צדקה־אַנשטאַלטן. לויט ווי די פּראָטאָקאָלן גיבן איבער, האָט גרין פאַרכאַפּט דעם טיש פון פאָרזיצער און האָט געהאַלטן אַ רעדע קעגן די סאָציאַליסטן און באַשולדיקט זיי, אַז זיי זיינען מיסיאָנערן. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אינעם „דזשואיש כראָניקל" ווידער דערשינען אַ נאָטיץ קעגן דער סאָציאַליסטישער גרופּע, איצט שוין אין גאָר אַן אַנדער טאָן:

### „נאָך אַ מיסיאָנעריש שפּיצל.

צו וואָס פּאַר אַ מדרגה די מיסיאָנערישע באַצאָלטע שליחים זיינען דערגאַנגען בכדי צו האָבן אַן אויסרייד פּאַר זייער שכר — קען מען זען פון די שפּיצלעך, צו וועלכע זיי קומען איצט אָן בכדי צוציען אַ הייפעלע אומוויסנדיקע יידן, אַריינצושלעפּן זיי אין זייערע האָפענונגסלאָזע פּרווון און אַראָפּפירן פון דער אַלטער אמונה. מיר האָבן זיך דערוואוסט נאָך וועגן זייערן אַ נייעם שפּיצל. דעם באַלעבאָס פונעם גאַסטהויז אויף דונקאַן סטריט, ווייטשעפּל, האָט מען איינגערעדט אָפּצוגעבן אַ צימער כלומרשט פּאַר אַ מיטינג פון יידישע שניידער, וואָס ווילן פּראָטעסטירן קעגן דעם לאַנגן אַרבעט־טאָג. מיט דעם צוועק זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן איינלאַדונגען צום מיטינג, אָבער זיי (די שניידער) האָבן דערזעען דעם שפּיצל, וואָס מ'האָט מיט זיי אָפּגעטאָן, און האָבן אויפגעדעקט די אמתע כוונות. עס איז געוואָרן אַ טומל. מ'איז באַפאַלן די רעדנער אויפן „מיטינג", עס האָט זיך אַריינגעמישט די פּאָליציי, וואָס האָט איינגעשטילט דעם סקאַנדאַל. מיר האָפן, אַז דער געזעץ וועט איינזען, אַז די מיסיאָנערישע אַגענטן פירן מיט זייער שענדלעכער טאַקטיק דערצו, אַז די יידן, וועלכע זיי פאַרנאַרן אויף זייערע „מיטינגען", שטערן די אָרדענונג, און וועט זיין גענוג שטאַרק צו פאַרווערן דיזאָזיקע מיטינגען, אָדער לכל הפחות באַשטראָפן די, וואָס אָרגאַניזירן זיי" 3).

דער רעספּעקטאַבעלער ענגליש־יידישער אָרגאַן האָט פּשוט געמסרט די סאָציאַליסטן און גערופן די פּאָליציי צו באַשטראָפן די „מיסיאָנערן", וואָס ווילן אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער. צי האָבן די ענגלישע יידן באמת געגלויבט, אַז די יידישע סאָציאַליסטן זיינען פאַרשטעלטע מיסיאָנערן? דאָס איז שווער צו זאָגן. די מייסטערס, וואָס האָבן אַליין געוואוינט צווישן דער אימיגראַנטן־מאַסע, האָבן בכל־אופן געוואוסט דעם אמת, אָבער דיזאָזיקע באַשולדיקונג איז געווען אַ גוטער וואָפן; זי האָט שטאַרק געווירקט אויף דער פּסיכאָלאָגיע פון דער מאַסע.

אַז די מיסיאָנערן זיינען אַ גרויסע סכנה האָט די יידישע אימיגראַנטן־מאַסע גוט געוואוסט. צום ערשטן מאָל האָט זי זיך געטראָפן פּנים אל פּנים מיט אַן אָרגאַניזירטער אַרמיי פון שמד־אַגענטן, וועלכע האָבן אין יענער צייט אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן זייער נעץ אין די יידישע אימיגראַנטן־קוואַרטאַלן פון לאָנדאָן. שבת צו־נאַכטס פלעגן זיי דאָ אָפן האַלטן דרשות אין אַ געבראָכענער דייטשישער שפּראַך. די מיסיאָנערישע געזעלשאַפטן האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט דרשות אַליין. זיי האָבן איינגעאָרדנט אַ „וואַנדערער־היים" פאַר אָרעמע יידן צו לערנען זיי אַ מלאכה, זיי האָבן אויך געעפנט פאַר די אימיגראַנטן אומזיסטע ענגלישע קורסן, און פיל יידישע אַרבעטער אין לאָנדאָן האָבן זיך טאַקי אויסגעלערנט ענגליש אַראַנק די מיסיאָנערן (אין די 70קער און 80קער יאָרן) 4). זיי פלעגן די אָרעמע אימיגראַנטן אין זייערע אַנשטאַלטן אויסהאַלטן, געבן עסן און געלט — און אַזוי־אַרום בהדרגה אַריינציען אין שמד. די ענגלישע יידן, ווי מיר האָבן געזען, האָבן פאַרן יידישן אימיגראַנט אין יענע יאָרן גאָר־נישט געזאָרגט; די איינציקע אַרבעט פון זייער „עמיגראַציע־סאָסייעטי" איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן געהאָלפן משלח זיין דעם אימיגראַנט פון ענגלאַנד. אויף

1) אין סערביע האָט די רעגירונג אין יענע יאָרן נישט געוואָלט געבן יידן קיין גלייכבאַרעכטיקונג (השתדלות פון דעם פּאַריזער „אַליאַנס"), מ'האָט אויך אַרויסגעשיקט יידן פון אַ ריי שטעט. פונדעסטוועגן איז די לאַגע אין סערביע ווייט נישט געווען אַזאַ, ווי אין רוסלאַנד און רומעניע; די צאָל יידן איז דאָ בכלל געווען זייער אַ קליינע. ס'איז שוין איינגאַנצן נישט פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס האָט ליבערמאַן אַריינגענומען אין קאָן אויך שוועדן: יידן האָבן צו יענער צייט געהאַט דאָ פולע רעכט, אויסער גאַנץ קליינע באַגרענעצונגען (בנוגע געמישטע חתונות וכדומה).

2) פּראָטאָקאָל פון דער אַרבעטער־פאַרזאַמלונג דעם 26טן אויגוסט.

3) „Jewish Chronicle", 8 September 1876, „Another Conversionist Trick".

4) זע די אַרטיקלען וועגן די מיסיאָנערישע געזעלשאַפטן אין ענגלאַנד פון י. ר ע מ ב ר אַ (דאָס איז — פיליפּ קראַנץ): „Восход" 1884, № 8, 11; 1885, № 2, 5, „Письма из Лондона"

די זיצונגען פון פאַראיין איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז „פיל טיכטיקע יונגעלייט ווערן געפאַנגען אין די נעצן פון די מיסיאָנערן". „פאַרוואָס גייען די יידן אין די הונדערטער הערן די פּרעדיקער פון די מיסיאָנערן?" — האָט געפרעגט ליבערמאַן. איינער פון די מיטגלידער האָט אים אויף דעם אָנגעוויזן, אַז „די מיסיאָנערן באַשענקען זייערע באַזוכער" [1]. אין ענגלאַנד האָט עקזיסטירט אַ גאַנצע ריי מיסיאָנערישע געזעלשאַפטן; די גרעסטע פון זיי זיינען געווען די „לאָנדאָנער מיסיאָנערישע געזעלשאַפט" און די „בריטישע מיסיאָנערישע געזעלשאַפט"; זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די יידישע קוואַרטאַלן. עס האָט אויך עקזיסטירט אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט ספּעציעל געאַרבעט צווישן די איינגעוואַנדערטע (Mission to foreigners in London). אין לאָנדאָן אַליין האָבן זיך גערעכנט העכער 100 געשמדטע מיסיאָנערישע פּאַסטאָרס, וואָס האָבן געפירט אַן אַגיטאַציע. ווינטשעווסקי דערציילט אין זיינע זכרונות לערך וועגן יענע יאָרן אין לאָנדאָן (1879), אַז „דאַן האָט ביי אונז געבליט די שמד-ביזנעס. פיל יונגעלייט, וועלכע האָבן נישט געהאַט וואָס צו עסן, פלעגן זיך אַוועקלאָזן צו די מיסיאָנערן" [2]. אמת, קיין גרויס ערפאָלג האָבן די מיסיאָנערן נישט געהאַט צווישן יידן: די „לאָנדאָנער מיסיאָנערישע געזעלשאַפט" — די רייכסטע און גרעסטע — האָט צ"ב פאַרן יאָר 1881 — 1882, בעת די יידישע אימיגראַציע איז געווען אַ פיל גרעסערע, אָפּגעשמדט אין לאָנדאָן בסך-הכל 18 דערוואַקסענע יידן און 31 קינדער; יעדער אָפּגעשמדטער פלעגט דער געזעלשאַפט אָפּקאָסטן, ווי מ'פלעגט רעכענען, ביז 2000 פונט [3]. ווינטשעווסקי שרייבט, אַז יעדער געשמדטער האָט געקאָסט דער מיסיע ביז 15.000 דאָלאַר. עס איז באמת געווען אַ „שמד-ביזנעס": אייניקע נויטבאַדערפטיקע אימיגראַנטן האָבן זיך אָפּט נאָר לפנים געלאָזט שמדן, פלעגן אַריבערגיין פון איין מיסיאָנערישער געזעלשאַפט אין דער צווייטער און אומעטום באַקומען קצבה פאַר זייער שמד.

אָבער נישט געקוקט אויף דעם גאַנץ קליינעם ערפאָלג, וואָס די מיסיאָנערן האָבן געהאַט צווישן יידישע אימיגראַנטן, האָבן זיך די לעצטע דאָך געשראָקן פאַר זיי און האָבן זיי מיט אַלע מעגלעכקייטן אויסגעמיטן. בעת די יידישע סאָציאַליסטן האָבן פאַרשפּרייט זייער ערשטן אויפרוף וועגן דעם אַרבעטער-מיטינג, האָבן אַ סך אַרבעטער תחילת מורא געהאַט דעם אויפרוף צו נעמען אין האַנט, האָבנדיק דעם חשד, אַז ער שטאַמט פון די מיסיאָנערן; דער חשד איז נאָך שטאַרקער געוואָרן בעת דער רב-הכולל, די מייסטערס און די ענגליש-יידישע צייטונג האָבן פּה אחד אָנגעהויבן צו שרייען, אַז די סאָציאַליסטן זיינען מיסיאָנערן. די פירער פון פאַראיין זיינען געווען זייער באַאומרואיקט פון אַזאַ באַשולדיקונג. ליבערמאַן איז אויף דעם צווייטן מיטינג אַרויסגעטראָטן מיט אַ דערקלערונג וועגן דעם אונטערשייד צווישן די מיסיאָנערן און סאָציאַליסטן. אויף עטלעכע זיצונגען האָט דער פאַראיין באַטראַכט די פראַגע ווי צו קעמפן קעגן די מיסיאָנערן; ס'איז אפילו אָנגענומען געוואָרן אַ גאַנץ פּראַקטישער באַשלוס צו גרינדן אַן אַרבעט-פאַרמיטלונגס-ביוראָ, כדי אָפּצוציען פון די מיסיאָנערישע אַנשטאַלטן, אָבער פון דעם איז גאָרנישט אַרויסגעקומען.

ביי דער גרינדונג פון דעם שניידער-יוניאָן איז קלאָר געוואָרן, אַז די אַרבעטער לאָזן זיך לחלוטין ניט פירן פון די סאָציאַליסטן. די אַרבעטער האָבן באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן דעם יוניאָן אינגאַנצן זעלבשטענדיק און אָפּטיילן זיך פון די סאָציאַליסטן. אין די אַרבעטער-קרייזן איז מען געווען זייער אומצופרידן מיט ליבערמאַנען. אויף די זיצונגען פון פאַראיין האָט מען דערציילט, אַז מ'האָט ליבערמאַנען פאָרגעוואָרפן, אַז ער איז שולדיק אין די ווילנער אַרעסטן (נאָך די דורכפאַלן אין 1875 — 1876) און „אַז אויך דאָ (אין לאָנדאָן) קען די לאַגע פון די יידן ווערן ערגער דורך סאָציאַליסטישע אינטריגעס און אַריינמישן זיך אין פּאָליטיק, און דעריבער זיינען די אַרבעטער זייער אויפגעבראַכט" [4]. אויף די ערשטע יידישע סאָציאַליסטן, וועלכע זיינען נאָך געווען אין אַ גרויסער מאָס אויטאָפּיסטיש און האָבן אַלץ געמאָסטן מיט דער רוסישער מאָס, האָט אַזאַ באַציאונג געמאַכט אַן אומגעהויערן רושם. דער געפיל פון יאוש לאָזט זיך פון דעם מאָמענט אָן פילן אין דער גאַנצער אַרבעט פון פאַראיין. ביי די מיטגלידער איז „געפאַלן דער מוט", ווי ס'ווערט געזאָגט אין די פּראָטאָקאָלן. דער פאַראיין האָט באַשלאָסן „צו האַלטן זיך נייטראַל צו דער שניידער-געזעלשאַפט" און ווייטער פאָרזעצן די ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע אַרבעט פון פאַראיין [5]. אָבער די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט אין זייערע אויגן פאַרלוירן איר חן און זינען. עס האָט זיך דערוועקט די פראַגע, צי לוינט בכלל ווייטער אַגיטירן צווישן די אַרבעטער [6]. מ'האָט אָנגעהויבן זוכן נייע וועגן און אויפגאַבן. דער פאַראיין האָט געהאַט אָנגענומען אַ באַשלוס צו גרינדן ביי זיך אַ אונטערשטיצונגס-קאַסע אויפן פאַל פון קראַנקהייט און טויט, האָפנדיק, אַז דאָס וועט צוציען נייע מיטגלידער. אָבער דערדאָזיקער באַשלוס איז ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן, און די צאָל מיטגלידער איז אַלץ געוואָרן קלענער. אויף איינער פון די לעצטע זיצונגען האָט ווינע־ פאָרגעלייגט, מ'זאָל אָננעמען נאָר אינטעליגענטע מיטגלי-

1) פּראָטאָקאָל פון דער 25טער זיצונג.

2) מ. ווינטשעווסקי, דצ"ח, ז. 166, 167.

3) ראַמבראָס אַרטיקל אין „וואָסכאָד" 1884, נומ. 11.

4) פּראָטאָקאָל פון דער 16טער זיצונג.

5) 17טע און 16טע זיצונגען.

6) 18טע זיצונג.

דער, „דען די אומגעבילדעטע נעמען שווער אויף די אי־דייען“ (פון סאָציאַליזם) 1). אַזוי ווייט איז אָבער דער פאַראיין ניט געגאַנגען. אויף דערזעלביקער זיצונג האָט א נייער מיטגליד, אַן אַרבעטער פון דער פּאַנטאָפּל־בראַנזשע, געמאַכט אַ פאָרשלאָג צו גרינדן אַ יוניאָן אין זיין פאַך, אין וועלכן עס גייען אַריין האָלענדישע, דיי־טשישע און פּוילישע, — וואָס ס׳מיינט יידישע, — אַרבעטער. דאָס איז אָנגענומען געוואָרן און האָט אַריינגעטראָגן אויף אַ קורצער צייט אַ געוויסע אויפלעבונג אין פאַראיין; מ׳האָט ווידער אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען, פּראָיעקטירט אַן אַרבעטער־מיטינג. אויף דער 28טער זיצונג — דעם 28טן דעצעמבער 1876 — האָט מען אויסגעקליבן אַ נייע לייטונג, אַן אויספיר־קאָמיטעט פון 5 פּערזאָן. אָבער דאָס איז געווען די לעצטע זיצונג פון פאַראיין.

דער קריזיס אין פאַראיין האָט געפירט צו אינע־ווייניקסטע קאָנפליקטן. נאָכן דורכפאַל מיטן אַרבעטער־יוניאָן איז סאַפּער אַרויסגעטראָטן מיט אַ פאָרשלאָג צו ענדערן די פּראָגראַם און אפילו דעם נאָמען און רעאָר־גאַניזירן זיך אין אַ בילדונגס־פאַראיין, ווייל „אָן ביל־דונג קען מען קיין פּראָפּאַגאַנדע ניט פירן“. קעגן דעם זיינען אַרויסגעטראָטן ליבערמאַן און זיינע אָנהענגער. דאָס האָט געבראַכט צו אַ שאַרפן קאָנפליקט צווישן סאַפּערן און ליבערמאַנען, וואָס האָט אָנגענומען אַ פּערזענלעכן כאַראַקטער. סאַפּער האָט באַשולדיקט ליבערמאַנען: „אַלץ איז ניט געלונגען, ווייל ליבערמאַן האָט מיט זיינע מיי־נונגען געשטערט“, „ליבערמאַן האָט פאַרן פאַראיין גאָר־ניט געטאָן און נאָר געשאָדט“. אַ צווייטער אַקטיווער מיטגליד — ראָזענטאַל: „מיר סאָציאַליסטן זיינען אין דער שטאָט זייער פאַרהאַסט און אין דעם איז שולדיק דער מיטינג, אויף וועלכן ליבערמאַן האָט פיל געשאָדט און פאַרדאָרבן די גאַנצע זאַך“. סטאָון: „ליבערמאַן מיינט נאָר זיך אַליין און זיך גרויס צו האַלטן“. אַפילו ליבערמאַנס אָנהענגער זיינען מיט אים ניט געווען צופרידן: וויינער האָט דערקלערט, אַז הגם די באַשולדיקונגען קעגן אים זיינען ניט קיין גערעכטע, „איז דאָך די מיינונג פון אייניקע מיטגלידער, אַז ליבערמאַן מוז דעם פאַראיין פאַר־לאָזן“...

אַזוי דראַמאַטיש האָט זיך פאַרענדיקט פאַר ליבער־מאַנען זיין אַרבעט אין פאַראיין. אים האָט באַשולדיקט די אומוויסנדיקע מאַסע, אים האָבן פאַרטריבן זיינע אייגענע חברים. אָבער ליבערמאַנס אַוועקגיין האָט דעם פאַראיין נישט גערעטעוועט. מיט די אידייען פון סאַפּערן דעם פּראַקטיקער וועגן זעלבסטבילדונג, מיט זיינע נאַאיווע האָפענונגען אויף די דייטשן און מיט זיין מטושטשדיקער קאָסמאָפּאָליטישער פּראָגראַם פון אַ פאַראיין, וואָס ווייס אייגנטלעך ניט צוליב וואָס ער דאַרף זיין אַ יידישער, —

1) 25טע זיצונג.

האָט מען ניט געקענט ווייטער ציען קיין חיונה. עס האָט געפעלט ליבערמאַנס פּאַטאָס און זיין גלויבן אין דער ראָלע פון אַ יידישער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע: „לאָנדאָן, אָדער ענגלאַנד — האָט ער איינמאָל דער־קלערט — איז כמעט דער איינציקער אָרט, וואו מיר (סאָציאַליסטן) קענען עפנטלעך אויפטרעטן. פאַר די יידישע סאָציאַליסטן אין אַנדערע לענדער איז אונזער פאַראיין די פאָן... דער פאַראיין האָט אַ ווערט, ווען בלויז דאָס אַליין איז זיין צוועק“ 2).

דער אַרבעטער־יוניאָן, וועלכן ליבערמאַן און זיינע חברים האָבן געשאַפן און וועלכן זיי האָבן תחילת גע־וואָלט צוגעבן דעם קלינגענדיקן נאָמען „חברים כל בעלי־מלאכה“, האָט אויך ניט געהאַט קיין אריכת־ימים. אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג האָט ליבערמאַן געזאָגט עין אַ נביאישן טאָן, ווי זיין שטייגער איז, אַז „דער אָוונט ווּעט אַמאָל פאַרבלייבן אין דער יידישער געשיכטע, ווייל ער וועט האָבן אַ גרויסן איינפלוס אויף דער יידישער נאַציע“. דידאָזיקע נביאות איז אָבער ניט מקוים געוואָרן. אָפּ־טיילנדיק זיך פון די סאָציאַליסטן און נישט האָבנדיק קיין פירער, האָט דער יוניאָן לאַנג נישט געקענט עקזיסטירן. די אימיגראַנטן־מאַסע איז געווען אומוויסנדיק, אומערפאַרן און אומבאַהאָלפן. אמת, אין יוניאָן האָבן זיך פאַרשריבן 300 אַרבעטער, אָבער ער האָט עקזיסטירט בלויז 3 חדשים און איז זיך צעפאַלן. אין דער קאַסע האָט זיך שנעל אָנגעזאַמלט אַ סומע פון 80 פונט און דער קאַסיר איז אַנטלאָפן מיטן געלט קיין אַמעריקע 3). נאָך ווייניקער מזל האָט געהאַט דער פּלאַן וועגן אַ יוניאָן פון פּאַנטאָפּל־מאַכער — מ׳איז געבליבן ביי ווערטער. די ידיעות, אַז דער פאַראיין האָט אויך געגרינדעט אַ ריי אַנדערע יוניאָנס — פון מאַנטל־מאַכער און פון היטל־מאַכער — זיינען נישט ריכטיק 4); אין די פּראָטאָקאָלן ווערט וועגן דעם מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט. אפשר זיינען נאָכדעם געווען איינצלנע פּרווון צו שאַפן אַזעלכע יוניאָנס, אָבער זיי האָבן ניט גע־האַט קיין ממשות. דער יידישער אַרבעטער אין ענגלאַנד האָט בכלל נישט אַרויסגעוויזן קיין שום חשק צו פעס־טע אָרגאַניזאַציעס, אַפילו אין די ווייטערדיקע יאָרן. איינער פון די אַלטע סאָציאַליסטישע טוער, וואָס האָט לאַנג געלעבט אין לאָנדאָן, האָט מיט יאָרן שפּעטער

2) 22טע זיצונג.

3) צביון, דער ציט. אַרטיקל, באָלדענבערגס בריוו.

4) דעם טעות מאַכט צביון (ציטירטער אַרטיקל) און נאָך אים אויך: בורגין אין זיין „געשיכטע פון יידישער אַרבעטער־באַוועגונג“ (ניו־יאָרק 1915), ל. דייטש אין זיין אַרטיקל וועגן ל. גאָלדענבערגן און לעצטנס אויך ד״ר י. שאַצקי אין זיין אַרטיקל וועגן דער לאָנ־דאָנער פאַראיין — „50 יאָר סאָציאַליזם ביי יידן“ („דער פריינד“, ניו־יאָרק 1926, נומ. 6—7).

געשריבן: „ניט זייענדיק קיין פּראָלעטאַריער פונדערהיים און זעענדיק, ווי מעגלעך עס איז צו ווערן אַ מייסטער אָדער אַ קרעמער, האָט דער יידישער אַרבעטער אין ענגלאַנד קיינמאָל ניט געקענט זיך איינלעבן אין דער פּראָלעטאַרישער פּסיכאָלאָגיע". דערפאַר האָט ער בכלל ניט געהאַט קיין פעסטע אָרגאַניזאַציע, אַפילו קיין פּראָפעסיאָנעלע, ניט געקוקט דערויף, וואָס די ענגלישע טרייד-יוניאָנס האָבן זיך שטאַרק באַמיט וועגן דעם. די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען — שרייבט ער ווייטער — „בילדן זיך און פּלאַצן, ווי לופט-בלאָזן אויפן וואַסער... דער יידישער אַרבעטער אין ענג. אַנד איז נאָך אַלץ דער קליין-בירגערלעכער גליק-זוכער" 1).

## V. אהרן ליבערמאַן. ווילנע — בערלין — לאָנדאָן.

ווי מיר האָבן אין אָנהויב פונעם אַרטיקל אָנגעוויזן, אינטערעסירן אונז דאָ נאָר די פּרוּוון צו שאַפן אַ יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וועלכע האָט געפונען איר ערשטן קאָנקרעטן אויסדרוק אינעם לאָנדאָנער פאַראיין, די אידעאָלאָגיע פון דער באַוועגונג און אירע פּיאָנערן. די ווילנער אומלעגאַלע קרייזלעך זיינען פאַר אונז וויכטיק אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל זיי זיינען געווען די וויגעלע פון דער ערשטער גרופּע טוער, וואָס האָט זיך שפּעטער דיפערענצירט: זונדעלעוויטש, יאָכעלסאָן און אַנדערע זיינען אַוועק אין דער רוסישער באַוועגונג, ליבערמאַן איז אַוועק צו דער יידישער גאַס. לאָנדאָן איז געווען דער ערשטער ערנסטער עטאַפּ אין ליבערמאַנס טעטיקייט, און דער לאָנדאָנער פאַראיין — נאָר אַן עפּיזאָד ביי אים אין לאָנדאָן גופא.

אין יאָר 1881 איז אינעם „יאַרבוך פיר סאָציאַלוויסנשאַפט אונד סאָציאַלפּאָליטיק", וואָס די דייטשישע סאָציאַליסטן האָבן אַרויסגעגעבן אין ציריך, דערשינען אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען „די אַנטוויקלונג פון סאָציאַליסטישן געדאַנק אין דער העברעאישער פּרעסע אין מזרח-אייראָפּע", געחתמעט Erz 2). ווי ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, געהערט דערדאָזיקער אַרטיקל דעם באַקאַנטן העברעאישן סאָציאַליסט אליהו-וואָלף ראַבינאָוויטש (או"ר), ווינטשעווסקיס חבר, מיט וועלכן ער האָט אינאיינעם געאַרבעט אין ראָדקינזאָנס „הקול" אין קעניגסבערג אין 1877. אין דעם אַרטיקל גיט ראַבינאָוויטש אַן איבערבליק איבער די סאָציאַליסטישע אויסגאַבן אין העברעאיש אין די 70קער יאָרן און דערביי שרייבט ער וועגן יענער צייט: „יעדע נאַציע (אין רוסלאַנד) האָט זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן (אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג) אויף איר אייגענער אחריות און עס איז אויפגעקומען אַ ניי לעבן אויך אין דער העברעאישער פּרעסע. ווילנע, די „ירושלים דליטא", האָט געבילדעט אַ קרעפּטיקע סעקציע (?); די חברים אין דרום-רוסלאַנד האָבן געהאַט זייער גייסטיקן צענטער אין קיעוו. מ'האָט געמאַכט הכנות פאַר אַ רעגולערער אָרגאַניזאַציע, און ליבערמאַנס אונטערנעמונג האָט געהאַט דעם צוועק מעגלעך צו מאַכן די אויסגאַבע פון אַ העברעאישן סאָציאַליסטישן אָרגאַן. אַלע פעדים זיינען זיך צונויפגעקומען אין לאָנדאָן, וואו ליבערמאַן האָט געגרינדעט אין דער דאָרטיקער רוסיש-יידישער קאָלאָניע אַ סעקציע, וועלכע איז פון דער ענגליש-יידישער געמיינדע (ד"ר אַדלער) אַזוי פאַרפאָלגט געוואָרן, אַז דאָס האָט געבראַכט צום אַרויסטריט פון די ניט פעסטע מיטגלידער, און די איבעריקע האָבן געבילדעט דעם פונדאַמענט, אויף וועלכן עס איז איינגיכן געגרינדעט געוואָרן די דריטע סעקציע פונעם [דייטשישן] קאָמוניסטישן אַרבעטער-בילדונגס-פאַראיין".

דידאָזיקע קאָנצעפּציע וועגן אַ פאַרצווייגטן פּלאַן פון סאָציאַליסטישער אַרבעט צווישן יידן, מיט וועלכער ליבערמאַן זאָל האָבן אָנגעפירט, איז ניט געקוקט אויף דער נאַאיווער און גוזמאדיקער פאָרם אין תוך קרוב לאמת.

פאַרלאָזנדיק ווילנע (אייגנטלעך — סמאַרגאָן, וואו ער האָט זיך געפונען בעתן דורכפאַל פון דער ווילנער גרופּע) איז ליבערמאַן געקומען קיין קעניגסבערג, פון דאָרטן דורך בערלין און פּאַריז קיין ענגלאַנד 3). אים האָט געצויגן צו לאָנדאָן, ווייל דאָ האָט געוואוינט דער גייסטיקער רבי פון דער גרופּע, לאַווראָוו, און דאָ איז אַרויסגעגאַנגען דער „וופּעריאָד", וועלכער האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע השפעה אויף אַלע רוסישע רעוואָלו-

1) ת. ראָטשטיין, „די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין ענגלאַנד", „פאָלקסצייטונג", 1906, נומ. 137. ראָטשטיין איז געווען אַ רוסישער ס. ד., שפּעטער האָט ער געהערט צום „בונד", די לעצטע יאָרן האָט ער פאַרנומען זייער אַן אָנגעזעענעם פּאָסטן ביי דער סאָוועטרעגירונג און האָט געזאָלט ווערן דער סאָוועטישער אַמבאַסאַדאָר אין ענגלאַנד.

2) E r z, Die Entwicklung des sozialistischen Gedankes in der hebräischen Presse Osteuropas, „Jahrbuch für Sozialwissenschaft und Sozialpolitik", 1881, S. 356—365.

דאָס יאַרבוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ציריך דורך לודוויג ריכטער; פאַקטיש האָט אים רעדאַגירט עדואַרד בערנשטיין. לודוויג ריכטער איז דער פּסעוודאָנים פונעם דייטשישן סאָציאַליסטישן טוער קאַרל העכבערג, וועמען מ'האָט גערופן דער „גאָלדענער פעטער", מחמת ער האָט פינאַנציעל שטאַרק געשטיצט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג.

3) ביי ב. פ ר ו מ ק י ן („יעוור. סטאַרינאַ", 1911 ב. III, ז. 513) איז עפּ"י טעות אָנגעוויזן, אַז ליבערמאַן איז אין דער צייט געווען אויך אין ניו-יאָרק; דאָס איז לחלוטין ניט ריכטיק. דעמזעלביקן טעות האָבן שפּעטער איבערגעחזרט אַנדערע מחברים, וואָס האָבן געשריבן וועגן ליבערמאַנען.

ציאָנערן אין יענער צייט. פון לאָנדאָן האָט זיך ליבערמאַן ווידער פאַרבונדן מיט זיינע איבערגעבליבענע חברים אין ווילנע; ער האָט צו זיי געשריבן, זיי מעורר געווען צו אַרבעט, געשיקט ליטעראַטור און מודיע געווען וועגן זיינע פּלענער. פון די בריוו, וואָס זיינען געפונען געוואָרן ביי ליבערמאַנען בעתן אַרעסט אין ווין אין 1878 און וואָס זיינען לעצטנס טיילווייז פאַרעפנטלעכט געוואָרן 1), זעט מען קלאָר, אַז די ווילנער גרופּע סאָציאַליסטישע יונגעלייט איז געווען ענג פאַרבונדן מיט אים. אין איין בריוו בעטן זיי אים, אין אַ פאַרשטעלטער פאָרם און אין אַ רבניש-העברעאישן סגנון משום קאָנספּיראַציע, „צושיקן אַלע צוויי וואָכן די הפטורות דורך ר' אהרנען" („לשלוח לנו מדי שתי שבועות את ההפטורות ע"י ר' אהרן") 2); אונטער „הפטורות" ווערט געמיינט – די אומלעגאַלע ליטעראַטור, אונטער „ר' אהרן" — אהרן זונדעלעוויטש, דער „קאָנטראַבאַנדיסט פון דער רוסישער רעוואָלוציע". אין אַן אַנדער בריוו בעטן זיי: „שלח בטובך ע"י ר' אהרן בהקדם האפשרי את ציור דמות הרבי הקדוש בשני עקזעמפּלאַרין, וברכהו מיוחדת כפולה ומכופלת" 3). אונטער דעם „רבי הקדוש", וועמעס בילד מ'בעט צושיקן, דאַרף מען פאַרשטיין לאַוראָוון. דידאָזיקע בריוו זיינען דאַטירט דעם 29טן סעפּטעמבער 1875. דאָס איז אגב אַ וויכטיקער באַווייז, אַז צו יענער צייט איז שוין ליבערמאַן געווען אין לאָנדאָן, — ביז איצט איז נאָך אַלץ ניט געווען קלאָר די דאַטע פון זיין קומען קיין ענגלאַנד. „פרשו שם—שרייבן זיי ווייטער—בשלום הגאונים והרבנים והגבאים העומדים לצקת מים על ידי הרבי יחי'". פון די בריוו ווערט אונז קלאָר, אַז די מיטגלידער פון דער גרופּע האָבן געקוקט אויף ליבערמאַנען, ווי אויף זייער פירער: „מארץ גלותך, — שרייבט צ"ב איינער פון זיי צו אים — תזרע אור יקרות, ונאמר לך תודה חדשה; אם לא באת אלינו, רע אהוב, אלא בשביל זה — דיינו! רק חזק ואמץ!" — עס איז געווען געוויס נאַאיוו אָנצורופן דעם קליינעם ווילנער קרייזל „אַ קרעפטיקע סעקציע" פון „ירושלים דליטא", אָבער קלאָר איז, אַז דער קרייזל גופא האָט אויף זיך געקוקט. ווי אויף אַ רינג אין דער גרויסער קייט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

ליבערמאַן האָט זיך ניט באַגרענעצט מיט ווילנע אַליין. דורכפאָרנדיק בערלין האָט ער זיך דאָ אויף אַ קורצער צייט אָפּגעשטעלט און האָט זיך פאַרבונדן מיט אַ גרופּע רוסיש-יידישע סטודענטן, וואָס זיינען געווען סאָציאַליסטיש געשטימט. ער איז געקומען מיט אַ פאַרטיקן פּלאַן פון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן יידן. האָט זיי אַריינגעצויגן אין קרייז פון זיינע אידייען און האָט דאָ געבילדעט אַ „סעקציע", אין וועלכער עס זיינען אַריין 9 פּערזאָן. זיינע וויכטיקסטע מיטהעלפער זיינען געווען ג. גורעוויטש און מ. אַראָנסאָן, — ביידע האָבן געשטאַמט פון מאָהילעוו 4).

בעתן „פּראָצעס פון די רוסישע ניהיליסטן אין בערלין" אין יאָר 1879 — ד. ה. דעם פּראָצעס פון ליבערמאַנען, גורעוויטשן און אַראָנסאָנען—איז באַקאַנט געוואָרן אַ בריוו, וואָס ג. גורעוויטש האָט געשריבן צו ליבערמאַנען פון בערלין קיין לאָנדאָן (אין מערץ 1876) וועגן דעם, אַז די בערלינער סעקציע קומט זיך צונויף איינמאָל אין וואָך און באַהאַנדלט פאַרשיידענע פראַגן („מיר פאָרמירן אונזערע וואונטשן און באַשלוסן"). פון דעם בריוו זעט מען, אַז ליבערמאַן האָט באַדאַרפט באַשטעטיקן די באַ-

1) פאַרעפנטלעכט פון ד"ר מ. בערקאָוויטש אין „הצפירה" (װאַרשע) 1920, נומ. 160 און 166, אויך „השחר" (דערשינען אַנשטאָט דער קאָנפיסקירטער „הצפירה") פון 20 יולי 1920. ווי באַקאַנט, געפינט זיך דער ארכיוו פון „האמת" אינעם ראַבינער-סעמינאַר אין ווין; ד"ר בערקאָוויטש האָט געאַרבעט אין דעם ארכיוו און האָט פאַר די לעצטע יאָרן פאַרעפנטלעכט פון דאָרטן אַ גאַנצע ריי בריוו און מאַטעריאַלן: אין „הצפירה" און „השחר" (1919—1920), אין „צוקונפט" (1924) און באַזונדערס אינעם „מוסף לדבר" (תל-אביב) פאַר די יאָרן 1927—1928; אויך לעצטנס אינעם יובל-נומער פון „היינט". ער האָט אויך צונויפגעשטעלט די „כתבי א. ש. ליברמאן", ב. 1, הוצאת „דבר", 1928, מיט ליבערמאַנס ניט-געדרוקטע אַרטיקלען.

2) „הצפירה" 1920, נומ. 160.

3) דאָרטן, 1920, נומ. 166.

4) ג. גורעוויטש איז שפּעטער אַוועק פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אונטער דעם פּסעוודאָנים גרשון באַדאַנעס האָט ער אָפּגעדרוקט אין „וואָסכאָד" און אין אַנדערע רוסיש-יידישע אָרגאַנען אַ ריי אַרטיקלען; שפּעטער האָט ער זיך באַזעצט אין קיעוו (געווען דאָ דענישער קאָנסול; איצט וואוינט ער אין פּאַריז. — אַראָנסאָן איז שפּעטער געוואָרן אַ דאָקטאָר, האָט אָנטייל גענומען אין דער דייטשישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג (ער איז עדואַרד בערנשטיינס שוואָגער); שפּעטער איז ער אַריבערגעפאָרן קיין אַמעריקע, וואו ער וואוינט נאָך איצט.

צו דער‌זעלביקער גרופּע האָט אויך געהערט חאַסיע שור. זי שטאַמט פון אַ זייער רייכער אָרטאָדאָקסישער משפּחה אין מאָהילעוו (אַן אייניקל פון ר' יעקב באַריט). שפּעטער איז ח. שור אינגאַנצן אַוועק פון דער יידישער באַוועגונג. אַ לאַנגע צייט איז זי געווען פאַרשיקט אין סיביר, דאָרטן האָט זי חתונה געהאַט מיטן רוסישן רעוואָלוציאָנערן טוער דאָלגאָפּאָלאָוו. לעצטנס זיינען אין רוסלאַנד דערשינען אירע זכרונות, וואו עס ווערט בדרך אגב דערמאָנט די גרופּע יידישע סאָציאַליסטן אין בערלין. די זכרונות אַנטהאַלטן אייניקע פאַנטאַסטישע ידיעות וועגן יענער צייט, ווי צ"ב, אַז דער „האמת" איז דערשינען אין יידיש און אין העברעאיש, אַז זי האָט אָנטייל-גענומען אין רעדאַגירן דעם „האמת" וכדומה... צווישן אַנדערס שרייבט זי, אַז זי האָט „געגרינדעט" דעם „האמת"; באַקאַנט איז נאָר, אַז דורך איר האָט די גרופּע אין בערלין, און מסתמא אויך ליבערמאַן, באַקומען פאַר סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע געלט, וואָס די רייכע משפּחה פלעגט איר שיקן צום לעבן. זע:
Хася Шур. Воспоминания; Курск 1928, Изд. автора (213 זייטן).

שלוסן פון דער בערלינער גרופע, און מיט רעכט האַלט דער באַשולדיקונגס־אַקט ליבערמאַנען פאַר דעם גרינדער פון דער „סעקציע״ 1). ליבערמאַנס פּלאַן איז געווען צו בילדן אַזוינע סעקציעס ווי אין בערלין אויך אין די אַנדערע רוסיש־יידישע קאָלאָניעס אין אויסלאַנד צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט. ווי מיר ווייסן, האָט ער דאָס אייגענע פּראָיעקטירט אויך אינעם יידישן תחום אין רוסלאַנד. דעמדאָזיקן געדאַנק וועגן יידישע סאָציאַליסטישע סעקציעס, סיי אין רוסלאַנד אַזוי אויך אין אויסלאַנד, האָט ער אויספירלעך אַנטוויקלט אין דעם „סטאַטוט פונעם סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן פאַרבאַנד צווישן יידן״, וועגן וועלכע מיר האָבן דערמאָנט אין אָנהויב פון אונזער אַרטיקל. געוויס האָבן די אַלע פּלענער געטראָגן נאָך גאָר אַ נאַאיוון כאַראַקטער, אָבער דאָ טרעפן מיר זיך צום ערשטן מאָל מיט אַ דורכגעטראַכטן פּלאַן פון אַ ברייטער יידישער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע אין גאָר דער וועלט. אין יאָר 1908 האָט ד״ר אַראָנסאָן אָפּגעדרוקט (אונטערן פּסעוודאָנים „מאַריוס״ — אין דער ניו־יאָרקער דייטשישער „נייער פאָלקסצייטונג״) זכרונות וועגן דעם פּראָצעס פון 1879 אין בערלין, וועגן ליבערמאַנען און דער בערלינער סעקציע. ד״ר אַראָנסאָן באַמיט זיך מאַכן צו קליינגעלט די גאַנצע טעטיקייט פון ליבערמאַנען: „ליבערמאַן, — שרייבט ער — האָט (פון לאָנדאָן) טיטולירט אונז „די יידישע סעקציע פונעם אינטערנאַציאָנאַל״, מיטן הויפּט־זיץ־אָרט אין לאָנדאָן, אונטער דער עגידע — פון ליבערמאַנען״. „די ליבערמאַנ׳שע סעקציאָן! דו, מיין ליבער שטראָהזאַק!״ — רופט ער אויס מיט איראָניע פון אַ מענטשן, וואָס איז פאַר די 33 יאָר געוואָרן קלוג...2)

אויפן פּראָצעס אין בערלין האָט ליבערמאַן דערקלערט, אַז ער האָט זיך פאַרנומען מיט פּראָפּאַגאַנדע נאָר „אין די אינטערעסן פון יידישן פאָלק״. ליבערמאַן איז נישט געווען דער מענטש, וואָס זאָל זיך באַהאַלטן אונטער פאַלשע אַרגומענטן. נאָך פונדערהיים האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיט אידייען פון אַ נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער אַרבעט. ווי נאָר ער איז געקומען קיין אויסלאַנד האָט ער גענומען פאַרווירקלעכן זיינע פּלענער. דעם ערשטן שריט, ווי מיר זעען, האָט ער געמאַכט אין בערלין. קומענדיק קיין לאָנדאָן האָט ער אָנגעהויבן אויסנוצן דעם „וופּעריאָד״ פאַר זיינע צוועקן. ער איז געווען דער ערשטער — און אייגנטלעך דער איינציקער, — וואָס האָט געשטעלט די יידישע פראַגע אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור: אַלע אַרטיקלען און קאָרעספּאָנדענציעס, וואָס זיינען געווען געדרוקט אין „וופּעריאָד״

1) ב. פרומקין, דצ״א אין „יעוור. סטאַרינאַ״ 1911, ב. 3.

2) Marius, Erinnerungen aus meinem Leben, „Neue Volkszeitung“ (New York), 1908, 16 und 23 August.

אָן אַ חתימה, פון סעמפּטעמבער 1875 ביזן סוף פון 1876, אונטערן קעפּל „פון ווילנע״, „פון ביאַליסטאָק״ און „פון ווייסרוסלאַנד״, ווי אויך אַ ריי אַנדערע, וועלכע באַרירן די יידישע פראַגע, — געהערן אים. אַזעלכע קאָרעספּאָנדענציעס און אַרטיקלען, וואָס האָבן אַזוי צי אַנדערש אַ שייכות צו יידן, האָבן מיר אָנגערעכנט — 21, אינאיינעם וואָלטן זיי געבילדעט גוטע עטלעכע בויגן 3). ליידער זיינען מיר ניט ביכולת זיך אָפּצושטעלן אויף זיי גענוי — דאָס פאָדערט אַ ספּעציעלע אָפּהאַנדלונג. זיינע קאָרעספּאָנדענציעס גיבן אַן אויסגעצייכנט בילד פון דעם אַלגעמיינעם און יידישן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן מצב אין דעמאָלטיקע ליטע און ווייסרוסלאַנד, אַן אוצר ניט פאַקטן, געשריבן זאַכלעך פון אַ מענטשן מיט אַ שאַרף אויג און מיט אַ חוש פאַרן רעאַלן לעבן. דאָ טרעט פאַר אונז אַרויס גאָר אַן אַנדער ליבערמאַן, ווי דער פון „האמת״ און פון די העברעאישע מליצהדיקע מאמרים און מאַניפעסטן. אַז ליבערמאַן איז דער מחבר פון די דערמאָנטע אַנאָנימע קאָרעספּאָנדענציעס באַשטעטיקט אַזאַ וויכטיקער עד־ראיה, ווי ל. גאָלדענבערג, וועלכער איז געווען ליבערמאַנס חבר און אַ זעצער אין „וופּעריאָד״. אין קיין אַנדערן רוסישן רעוואָלוציאָנערן אָרגאַן אין יענע יאָרן, און אַפילו שפּעטער, זיינען ניט מעגלעך געווען אַזעלכע אַרטיקלען וועגן יידן. אין דער ליטעראַטור איז געווען אַן אָנגענומענער כּלל לחלוטין צו פאַרשווייגן יידישע פראַגן, און נאָר ליבערמאַן האָט געהאַט דעם מוט צו שטעלן די פראַגן און אויך צו רעדן אָפן וועגן יידישן סאָציאַליזם.

זיינע געדאַנקען וועגן יידישן סאָציאַליזם האָט ליבערמאַן אריינגעפלאָכטן אין אייניקע פון די קאָרעספּאָנדענציעס. שוין אינעם ערשטן בריוו „פון ווילנע״ שרייבט ער: „אונז (יידן) איז דער סאָציאַליזם ניט פרעמד. די געמיינשאַפט („אָבשטשינאַ״) איז אונזער קיום, רעוואָלוציע — אונזער טראַדיציע, קאָמונע — דער יסוד פון אונזער תורה (אייגנטלעך—געזעצגעבונג), וועלכער איז קלאָר אויסגעדריקט אין די חוקים ומשפטים וועגן דעם, אַז די ערד קען ניט פאַרקויפט ווערן לצמיתות, וועגן יובל און שמיטה, וועגן גלייכהייט און ברידערלעכקייט וכדומה. אונזער פאַרצייטיקע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג — איז די אַנאַרכיע; אונזער אמתע פאַרבינדונג איינער מיט דעם צווייטן איבערן גאַנצן כדור הארץ — איז דער אינטערנאַציאָנאַל. אינעם גייסט פון

3) „Вперед“, 1875—1876.

וועגן ווילנער לעבן ־ז די נומ. 16, 21, 32, 35, 36, אויך נומ. 18; וועגן ביאַליסטאָק (אייגנטלעך — וועגן ליטע) די וויכטיקסטע אַרטיקלען זע נומ. 18, 23, 26, 27. די 5 אַרטיקלען וועגן ווייסרוסלאַנד באַרירן דאָס יידישע לעבן נאָר אגב אורחא. אויסער דעם זע: נומ. 37— וועגן דעם לאָנדאָנער פאַראיין און 38 — דעם אויפרוף צו דער ייד. יוגנט.

אונזער פֿאָלק זיינען דערצויגן און אויסגעוואַקסן די גרויסע נביאים פֿון דער מאָדערנער צייט, ווי מאַרקס, לאַסאַל און אַנדערע. לאָמיר גיין אין זייערע דרכים!" [1]).

דידאָזיקע קאָרעספּאָנדענץ מיט נייע ווערטער וועגן יידן, וואָס ליידן און וואָס דאַרפֿן אויסגעלייזט ווערן דורכן סאָציאַליזם, האָט אין די קרייזן פֿון די דעמאָלטיקע אוקראַינישע רעוואָלוציאָנערן אַרויסגערופֿן אַ שאַרפֿע אומצופֿרידנקייט. אַ נאָענטער פֿריינד און מיטאַרבעטער פֿון מ. דראַגאָמאַנאָוו — דעם באַוואוסטן אוקראַינישן טוער, פּאָליטישן עמיגראַנט און שרייבער, — האָט מיט אויפֿרעגונג און פֿאָרוואורף געשריבן צום סעקרעטאַר פֿון „וופּעריאָד" וועגן דעם אַרטיקל, ניט וויסנדיק ווער איז זיין מחבר: „עס איז ניט ריכטיק צו זעען ביי יידן אַ צעטיילונג אויף קלאַסן. די יידן אין רוסלאַנד זיינען ניט קיין נאַציע, נאָר איין גאַנצער קלאַס, וועלכער לעבט אויסשליסלעך אויפֿן חשבון פֿון דער קליין־רוסישער באַפֿעלקערונג. די מאַכט פֿון זייער עקספּלואַטאַציע איז גרויס און זייער שעדלעכקייט האָט קיין סוף ניט... דעריבער, אויב קעגן די פּאַנעס געפֿינען מיר פֿאַר מעגלעך צו פּרעדיקן רעוואָלוציע און נאָר רעוואָלוציע, טאָ ווי קענען מיר מלמד־זכות זיין אויפֿן יידנטום? קענענדיק גוט די זשידעס האָבן מיר ניט קיין אמונה ניט אין דעם לעכערלעכן „זשידאָווסקן אינטערנאַציאָנאַל", ניט אין די סימפּאַטיעס צו דער רעוואָלוציע מצד די זשידעס. אָט אין דעם באַשטייט דער מהות פֿון אונזער אַנטיסעמיטיזם („זשידאָפאָביאַ")... וואונדערט זיך דעריבער ניט (אויב כ'וועל אייך זאָגן), אַז אונזער יעדעס זאַכלעך ביכל מוז זיין דורכגעדרונגען מיט אַ שנאה צום זשיד פּונקט ווי צום פּאַן, אויב ניט נאָך מער"[2])...

זוכנדיק דעם טרעגער פֿון יידישן סאָציאַליזם, האָט זיך ליבערמאַנס אויג אָפּגעשטעלט ניט אויף דער יידישער מאַסע, נאָר אויף איין טייל פֿון דער יידישער אינטעליגענץ, ריכטיקער — האַלב־אינטעליגענץ, פֿון וועמעס סביבה ער איז אַליין אַרויס און וועלכע איז אים אַזוי געווען נאָענט, היינו — אויף די אויפֿגעקלערטע ישיבה־בחורים. „זעלטענע אייגנשאַפֿטן באַזיצן די ישיבה־בחורים, — האָט ער שפּעטער געשריבן אין „האמת" — דער כבוד פֿונעם גאַנצן יידנטום האַלט זיך אויף זיי; זיי זיינען די בעסטע צווישן אונזער יוגנט; מענטשן מיט אַ שאַרפֿן שכל, וואָס האָבן מיטן גאַנצן האַרצן ליב דעם אמת און יושר. זיי זיינען די איינציקע צווישן אונזער יוגנט, וואָס באַזיצן ניט קיין צו פֿיל אייגנליבע; זיי זיינען די איינציקע, וואָס זיינען מסוגל צו לעבן אַ ביטער לעבן און מקריב

1) ד אָ ר ט ן, נומ. 16.

2) Листи Михайла Драгоманова (1876—1878), Львів 1910; ישער בריוו פֿון Я. N. צו B. H. N. — דעם סעקרעטאַר פֿון „וופּעריאָד" סמירנאָוו, פֿונעם 28 פֿעברואַר 1876 (פֿון ווין).

זיין זייערע גאַנצע כוחות אויפֿן מזבח פֿון די אידעאַלן... און זיי זיינען די איינציקע, וואָס זיינען פֿאַרבליבן טריי דעם פֿאָלק, ווייל זיי לעבן צווישן אים און זיינען עד היום אַ ביין פֿון זיין ביין, בעת די „אויפֿגעקלערטע" יוגנט האָט זיך שוין אָפּגעקערט פֿון פֿאָלק און אונטער אַ דעקמאַנטל פֿון השכלה יאָגט זי זיך נאָך כבוד, געלט און מאַכט". אין איינעם פֿון זיינע אַנאָנימע אַרטיקלען אין „וופּעריאָד" האָט ער נאָך מיט עטלעכע יאָרן פֿאַר דעם פֿאָרמולירט דעמדאָזיקן שטאַנדפּונקט אויף דער קלאַסן־דיפֿערענציאַציע ביי דער יידישער אינטעליגענץ [3]). די טיפֿע אמונה אין דער רעוואָלוציאָנערישקייט פֿון דעם ישיבה־בחור האָט ליבערמאַן מיטגעבראַכט נאָך פֿון ווילנע און מיט דעם זיינען געווען פֿאַרבונדן זיינע פּלענער וועגן אַ סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע אויף ה ע ב ר ע א י ש, מיט וועלכע ער האָט זיך אַרומגעטראָגן זיין גאַנץ לעבן. ליבערמאַנס אידייען זיינען געבליבן פֿרעמד דעם קרייז פֿון די יידן־רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיינען געווען קאָסמאָפּאָליטיש און אין פֿלוג רוסיפֿיקאַטאָריש געשטימט. באַרירנדיק די חילוקי־דעות צווישן ליבערמאַנען און די אַנדערע מיטגלידער פֿון דער ווילנער גרופּע, שרייבט זונדעלעוויטש: „ליבערמאַן האָט געקוקט אויף די ישיבה־בחורים, אויף דער יידישער יוגנט, וואָס גיט זיך אָפּ מיט לערנען גמרא, ווי אויף דער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ, וואָס איז הויך־אידעאַליסטיש געשטימט און וואָס נויטיקט זיך אין דעם, אַז מ'זאָל אירע אידעאַליסטישע שטרעבונגען ריכטן אויפֿן וועג פֿון אַ אידעאַלער סאָציאַלער אָרדענונג, בכדי זי זאָל ווערן די גייסטיקע פֿירערין און קעמפֿערין פֿון דער יידישער מאַסע פֿאַר אַ סאָציאַליסטישער צוקונפֿט". „שוין אין אונזער ערשטן שמועס — שרייבט זונדעלעוויטש ווייטער — האָט ליבערמאַן באַזונדערס אונטערגעשטראָכן, אַז ער וויל אַרבעטן צווישן יידן, און דערביי האָט ער אויף זיין אַרבעט געקוקט ניט נאָר ווי אויף אַ מיטל צו ווערבירן קרעפֿטן פֿאַר דער ר ו ס י שע ר רעוואָלוציאָנערער אַרמיי, נאָר ווי אויף אַ מיטל אויפֿצוהויבן דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין פֿונעם יידנטום, וועמעס קולטור־נאַציאָנאַלע אייגנשאַפֿטן ער האָט באַזונדערס הויך געשעצט און געהאַלטן פֿאַר נויטיק אויפֿצוהיטן... ליבערמאַנס אידייען האָבן דעמאָלט ניט געפֿונען קיין שום אָפּקלאַנג ביי קיינעם פֿון די מיטגלידער פֿון אונזער קרייז". „זיינע פּראָיעקטן — פֿאַרענדיקט זונדעלעוויטש — האָט ער אָנגעהויבן צו פֿאַרווירקלעכן אין לאָנדאָן" [4]).

אָבער אויך אין לאָנדאָן האָט מען אים נישט פֿאַרשטאַנען. אַן עדות פֿון יענער צייט — דער רוסישער

3) „Вперед" 1876. № 27, „Из Белостока".

4) אַ ר כ י וו פֿ ו ן „ב ו נ ד", זונדעלעוויטשעס בריוו וועגן ליבערמאַנען (1908).

רעוואָלוציאָנער טשערקעזאָוו — שרייבט, אז בעת ליבערמאַן האָט אין 1876 אָנגעהויבן אין לאָנדאָן רעדן וועגן אַ יידישן סאָציאַליזם, „האָבן אַפילו זיינע י י ד י ש ע חברים־סאָציאַליסטן געהאַלטן, אויב נישט פאַר אַ שעדלעכן נאַציאָנאַליזם, איז לכל הפחות פאַר נוצלאָז צו פירן די אַגיטאַציע פון סאָציאַליזם אין העברעאיש". די יידישע חברים האָבן מיט אים געפירט היציקע ויכּוחים. „און עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס די ר ו ס י ש ע חברים האָבן געקוקט אויף זיינע פרווון מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל, האַלטנדיק די גאַנצע מעשה פאַר אַ פוסטער פאַנטאַזיע" 1).

עס זיינען אָבער געווען יחידים, ווי מיר האָבן דאָס שוין פריער געזען, וואָס האָבן געטיילט די נאַציאָנאַלע אידייען פון ליבערמאַנען און האָבן אים אונטערגעשטיצט. דאָס באַווייזט בולט אַ בריוו, וואָס ער האָט באַקומען אין לאָנדאָן פון ווילנע, פון אַ מיטגליד פון דער דאָרטיקער גרופּע, אין דעצעמבער 1875, ד. ה. נאָך פאַר דער גרינדונג פונעם לאָנדאָנער פאַראיין און פאַר זיין באַקאַנטן אויפרוף צו דער יידישער יוגנט. דער בריוו איז געשריבן אינעם זעלביקן פאַרשטעלטן העברעאיש־רבנישן סגנון און איז אַדרעסירט צו „דניאל איש המדות" (ליבערמאַנס פּסעוודאָנים, אונטער וועלכן ער האָט שפּעטער געשריבן אין „השחר" זיינע ערשטע סאָציאַליסטישע אַרטיקלען).— וואָס האָט איר אַלע געטאָן פאַר יידן? — פרעגט דער מחבר פונעם בריוו: „מה עשה כתה"ר (כבוד תפארתו הרמה) וכל בני־ישראל הרבנים העוסקים במלאכות הקודש לטובת בני־ישראל?" „איך קוק און וואונדער זיך — מיר זיינען דאָך יידן און אונזער חוב איז צו פאַרשפּרייטן די תורה צווישן אונזערע ברידער, וואָס זיינען פאַרטאָן אין זייערע עסקים, — און מיר שטייען גאָר פון דערווייטן און דערציילן זיי גאָרניט פון דער תורה, גמרא און אַלע שיטות און אגדות"... ווי קען מען לאָזן יידן אָן דער אַלגעמיינער תורה? „עוד מעט ויגלה כבוד ה" ע ל כ ל ב ש ר, ומדוע ישארו בני־ישראל יושבי העיירות הקטנות מבלי תורה?" דער מחבר פאָדערט אויף די יידישע סאָציאַליסטן צו „גיין אין פאָלק", אָבער—צום י י ד י ש ן פאָלק, פונקט ווי די ניט־יידישע סאָציאַליסטן גייען צו ז י י ע ר מאַסע. „מדוע לא ילכו בני־הישיבה אל העיירות הקטנות בתור מלמדים או בתור דבר אחר אך ללמד תורה ומוסר לבני־ישראל טרם יבוא יום הגדול והנורא?" „קומו, ר' דניאל", — שרייבט ער ווייטער, — „שטייט אויף, ר' דניאל, און לאָמיר זיך נעמען צו אונזער פאָלק, צו די יידן... אויף אייך ליגט דער חוב צו רעדן דאָרט מיט אייערע ידידים און צו גרינדן אַ חברה „דורשי עין־יעקב בישראל", כּדי צו דערציילן די יידן, אַז ס'איז

1) ד אָ ר ט ן, טשערקעזאָווס בריוו וועגן ליבערמאַנען.

נאָענט די צייט פונעם קץ — און ווער קען נאָך רעדן וועגן דעם קץ, אויב ניט דניאל איש חמודות! אמת, איר וועט מיר ענטפערן, אַז אין די ימות־המשיח איז ניטאָ קיין חילוק צווישן אַ חסיד־ישראל און אַ חסיד מאומות־העולם, פונדעסטוועגן אָבער ווייס איך גוט, אַז ביי די אומות־העולם זיינען פאַראַן פיל קדושים, וואָס זאָגן זיי אָן וועגן דעם הייליקן גרויסן און מוראדיקן טאָג, וואָס דאַרף קומען, — און עס איז ניטאָ קיינער, ווער עס זאָל עס אָנזאָגן די יידן... מיר קענען ניט האָפן, אַז די חסידי אומות־העולם וועלן גיין צו יידן לערנען זיי תורה און יראת־שמים". דער פאַרשטעלטער לשון לאָזט זיך זייער לייכט דעשיפרירן: אונטער „דורשי עין־יעקב בישראל" ווערט נאַטירלעך געמיינט — אַ יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, אונטער „תורה" — דער סאָציאַליזם. דער בריוו איז געחתמעט מיט אַ קאָנספּיראַטיון נאָמען „דכתהדם, הגבאי השני לר' יוהנן". ווי ד"ר בערקאָוויטש שטעלט פעסט, באַהאַלט זיך אונטער דעם פּסעוודאָנים — קליאַטשקאָ 2). אַריה קליאַטשקאָ איז געווען אַ מיטגליד פון דער ווילנער גרופּע, און פון די אָקאָרשט פאַרעפנטלעכטע פּאָליצײ־מאַטעריאַלן זעט מען, אַז ער האָט אַקטיוו מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט ל. דאַווידאָוויטשן, דעם אָנפירער פון דער גרופּע נאָך ליבערמאַנס און זונדעלעוויטשעס אָפּפאָרן (אָט דאָס מיינט משמעות „הגבאי השני לר' יוחנן"). ביים אַרעסט אין מערץ 1876 האָט ער זיך נישט געהאַלטן פעסט און האָט אויסגעדערציילט וועגן דער אַרבעט פון דער גרופּע 3).

דער בריוו איז פאַר אונז וויכטיק אַלס באַווייז, אַז דער געדאַנק וועגן אַ יידישער באַוועגונג האָט זיך אין געוויסע קרייזן — אמת נאָר צווישן יחידים — שוין געטראָגן אין דער לופטן, און ליבערמאַן איז ניט געווען אינגאַנצן איינזאַם, ווי מ'איז געוואוינט ביי אונז צו מיינען.

ליבערמאַן איז ביי זיך ניט אַראָפּגעפאַלן דערפון, וואָס די רוסישע און אַפילו די גרעסטע מערהייט יידישע סאָציאַליסטן האָבן אויסגעלאַכט זיינע פּלענער און געהאַלטן זיי פאַר אַ שעדלעכער פאַנטאַזיע. אמת, לאָנדאָן איז נישט געווען קיין פּאַסיק פעלד פאַר זיינע עקספּערימענטן — דאָ האָט געפעלט דער באַליבטער טרעגער פון זיינע אידעאַלן. די גאַנצע רעאַלע סיטואַציע איז דאָ גע־

2) ד"ר מ. ב ע ר ק ו ב י ץ, „ממערכת „האמת", אין „השחר" (אָנשטאָט דעם קאָנפּיסקירטער „הצפירה"), פונעם 21 יולי 1920; דער בריוו איז דאַטירט מיט דעצעמבער 1875 (ד"ר בערקאָוויטש שרייבט בט"י טעות — קלאַצקי).

3) Историко-революционный сборник (Ленинград 1924), 52—53. וועגן „[[טער אָפּטיילונג" באַריכט פון דער דער פּראָפּאַגאַנדע אין צפון־מערבדיקן קאַנט; הוספה צו ב. ב ו כ ב י נ ד ע ר ס אַרטיקל.

ווען לחלוטין אַן אַנדערע ווי אינדערהיים. אַן אָנגעלאָפענע מאַסע, וואָס וויל פון גאָרניט וויסן אויסער פרנסה; פּראָלעטאַריער בעל־כּרחך, וואָס ווייסן ניט און ווילן ניט וויסן פון סאָציאַליזם; העברעאיש האָט קיינער אַרום ניט פאַרשטאַנען; קיין פאָלקס־יוגנט פון דער ישיבה איז אַרום זיט געווען. אויך די „אגדת הסציאַליסטים" איז ניט געווען דאָס, וואָס ליבערמאַן האָט געוואָלט. אָנשטאָט סאָציאַלער רעוואָלוציע מיט אידעאַלן פון די נביאים—האָט מען זיך געמוזט פאַרנעמען מיט אַ פּראָזאַאישן שניידער־יוניאָן. ליבערמאַנען ווערט ענג אין דידאָזיקע ראַמען און ער באַשליסט צו פירן זיין אַרבעט ביחידות, אָן דעם פאַראיין.

אין יולי 1876 לאָזט ליבערמאַן אַרויס אין לאָנדאָן זיין מאַניפעסט צו דער יידישער יוגנט—„אל שלומי בחורי ישראל", געחתמעט: „מהמתנדבים בעם לבית ישראל". אין דעם אויפרוף, וואָס איז געשריבן אין אַ פלאַם־פייערדיקן רעוואָלוציאָנערן טאָן, טרעט ער שאַרף אַרויס קעגן דער יידישער אינטעליגענץ, קעגן די „אויפגעקלערטע", די „דינער פון קאַפּיטאַל און רעגירונג", וואָס נוצן אויס בילדונג צוליב קאַריערע און גייען קעגן דעם פאָלק. „פון רדיפות אויפן פאָלק — ווענדט ער זיך צו דער אינטעליגענץ — האָט איר זיך געשאַפן וואוילטאָג און פונעם קליאָק פון זיינע ביינער — לעבנסלוסט. אונז האָט איר איבערגעלאָזט נאָר הונגער, נויט און אומדערטרעגלעכע עבודת־פּרך". „דאָס האָט איר געבראַכט אויף אונזער קאָפּ איין בראָך נאָכן אַנדערן, איין שטורעם נאָכן צווייטן. צוליב אייער שולד האָט זיך צעפלאַקערט אַרום [אונז] דער נאַציאָנאַלער האַס און צוליב אייך איז געקומען אויף אונז די ברענענדיקע רעליגיעזע שנאה! צוליב אייך האָט מען אכזריותדיק אומגעבראַכט טויזנטער אונזערע ברידער, קינדער פון פאָלק!" ער ווענדט זיך צו דער פאָלקס־יוגנט, צו די „בחורים משכּילים, וואָס האָבן זיך נאָך ניט איינגעריכט אין דער טומאה פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג און ניט חוטא געווען מיט פאַלשער השכּלה", און רופט זיי אין די רייען פון די קעמפער פאַרן גליק פונעם המון־העם און פון דער גאַנצער מענטשהייט. „כּי הנה אנחנו אומרים לכם: לקָרֵב יקרבו עתה כּל משפחות האדמה. החשוכים (פּראָלעטאַריער — פאַרטייטשט אין אָריגינאַל) מכל אפסי הארץ יחדיו יתלכדו להסיר עבודת הבצע ולהדוף מלכים מכסאותם... שנוי הליכות העולם (סאָציאַלע רעוואָלוציאָן) מרים את נס־דגלו האדום". „גם חשוכי עמני יתנו יד לדבר הגדול הזה, כּי גם סאת ענים מלאה על כּל גדותיה... באו בעם, התחברו אליו, עבדו אתו" 1). דער לאָזונג „גיין אין פאָלק" איז געווען דערמאָלט זייער פּאָפּולער צווישן דער רוסישער אינטעליגענץ און אָט דעם לאָזונג האָט ליבערמאַן פּראָקלאַמירט אויך בנוגע דער יידישער פאָלקס־מאַסע.

דעמדאָזיקן אויפרוף האָט ליבערמאַן אַרויסגעלאָזט אין העברעאיש און גלייכצייטיק — אין העברעאיש מיט אַ רוסישער איבערזעצונג אויף דער צווייטער זייט. אין דעם רוסישן טעקסט פעלט די מליצהדיקע חתימה: „מהמתנדבים בעם לבית ישראל" און עס שטייט אָפן: „די יידישע סאָציאַלע רעוואָלוציאָנערן". דער רוסישער טעקסט איז געווען אָפּגעדרוקט אין „וופּעריאָד" מיט אַ באַמערקונג פון דער רעדאַקציע, אַז זיי גיבן מיט פאַרגעניגן דעם אויפרוף און ווינטשן מזל די יידישע חברים, וואָס הויבן אָן די אַרבעט. ליבערמאַן האָט מיט זיין אויפרוף געוויס געוואָלט נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון לאַווראָוון, וועלכער האָט מיט אַ יאָר פאַר דעם אַרויסגעלאָזט אין לאָנדאָן זיין באַקאַנטן אויפרוף „צו דער רוסישער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער יוגנט".

ליבערמאַנס אויפרוף האָט זיך פאַרשפּרייט אין אַ גאַנץ באַגרענעצטן קרייז. אפילו צווישן די רוסיש־יידישע סטודענטן אין אויסלאַנד, וואוהין ער האָט געקענט פריי צוקומען, איז ער אויך געווען ניט שטאַרק פאַרשפּרייט. אַזוי צ״ב שרייבט אין זיינע זכרונות ג. גורעוויטש: „אויף וויפיל מיר געדענקט זיך, איז ליבערמאַנס אויפרוף אין בערלין גאָרניט געווען באַקאַנט" 2). אָבער דאָרט, וואוהין ער איז דערגאַנגען, האָט ער אויף דער סאָציאַליסטיש־געשטימטער משכּילישער יוגנט געמאַכט אַן איינדרוק—אַזוי, למשל, באַשטעטיקט עס אין זיינע זכרונות מ. ווינטשעווסקי. דער אויפרוף האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אויפן פּראָצעס אין בערלין אין 1879 אַלס

---

1) דערדאָזיקער אויפרוף איז איצט אַ גרויסע יקר־המציאות, עס זיינען ניצול געוואָרן אפשר נאָר אַ פּאָר עקזעמפּלאַרן. אונז איז אויסגעקומען צו זען דעם עקזעמפּלאַר פון ארכיוו „האמת", וואָס ד״ר בערקאָוויטש האָט אונז צוגעשיקט. דער אויפרוף איז געשריבן מיט רש״י־כּתב און, ווי מיר מיינען, איז ער געווען ליטאָגראַפירט — אפשר פון ליבערמאַנען גופא, וועלכער האָט שיין געשריבן כּתיבהט און איז אויך געווען אַ ליטאָגראַף. ביז דער לעצטער צייט איז געווען באַקאַנט נאָר דער רוסישער טעקסט, וועלכער איז געווען אָפּגעדרוקט אין „וופּע. ריאָד" (1876, נומ. 38, 1 אויגוסט) און פון דאָרטן איבערגעדרוקט פון ה' ציננבערג אין „פּערעזשיטאָיע" (ב. 1). אין „רויטן פּנקס", ב. 2 איז צום ערשטן מאָל געגעבן געוואָרן אַ פאַרקלענערטע און אומקלאָרע פאַקסימילע פונעם העברעאישן טעקסט. דער העברעאישער טעקסט איז אויך אָפּגעדרוקט אין דעם „מוסף לדבר" פון ט״ז אייר תּרפ״ו (צום 50 יאָריקן יובל פון דער „אגדת הסציאַליסטים" אין לאָנדאָן). אין יידיש איז דער אויפרוף געווען איבערגעזעצט — קאָנטיק פונעם רוסישן — אינעם „רויטן פּנקס", ב. 1, אינעם אַרטיקל פון נ. מ.: „דער ערשטער יידישער סאָציאַליסטישער פאַראיין" (וואַרשע, 1921); שפּעטער אויך אין דער יידישער בראָשור „דער אָנהויב פון יידישן סאָציאַליזם" (וואַרשע, פאַרלאַג „באַפרייונג"; דידאָזיקע בראָשור איז אַ ווערטלעכע איבערזעצונג פונעם אויבנדערמאָנטן יובל־נומער „מוסף לדבר").

2) „יעור. סטאַרינאַ", ב. X, 1918, ג. גורעוויטש, „דער פּראָצעס פון די יידישע סאָציאַליסטן אין בערלין".

באַשולדיקונגס-מאַטעריאַל. ליבערמאַן האָט אים אויך אַריבערגעשיקט אומלעגאַל קיין רוסלאַנד. אין ווילנע איז די גרופּע שוין געווען דערשטיקט, און ער האָט דאַן אָנגעקניפּט פאַרבינדונגען מיט די העברעאישע ראַדיקאַלע משכּילים אין קיעוו, וואו זיינע פּראָיעקטן וועגן אַ סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע אין העברעאיש האָבן זייער אויסגענומען (דידאָזיקע קיעווער גרופּע האָט אים שפּעטער שטאַרק געהאָלפן ביים אַרויסגעבן דעם „האמת"). דעם אויפרוף האָט ער צוגעשיקט צום באַקאַנטן העברעאישן משורר יהל"ל, וואָס האָט געוואוינט אין קיעוו און האָט שפּעטער אָנטייל גענומען אין „האמת". אָבער יהל"לן איז דער אויפרוף כּלל ניט געפעלן געוואָרן. אין אַ פאַרשטעלטער שפּראַך משום קאָנספּיראַציע שרייבט ער צו ליבערמאַנען אין אויגוסט 1876 (אין העברעאיש): „איך האָב זיך איבערצייגט, אַז די אופּראַוולעיעשצעס פאַרשטייען ניט מיט וועמען זיי האָבן צו טאָן 1). זיי רופן די קונים צו מאַכן אַ בילאַנס און אַן ענדגילטיקן חשבון און זיי פאַרגעסן, אַז מיר האָבן נאָך ניט קיין קונים פאַר אונזער סחורה און אַז דער רוב מענטשן מן השוק ווייסן נאָך ניט דעם מהות פון דער סחורה און מיט וועלכע מיטלען קען מען זי באַקומען". אין אַ צווייטן בריוו שרייבט ער נאָך שאַרפער: „ניט דאָס איז דער וועג און ניט דאָס איז דער מיטל צו דערלאַנגען דעם געוואונטשענעם ציל... און דעריבער האָב איך זיך ניט געקענט באַנוצן מיט די אויפרופן און כ'האָב זיך אַפילו געשעמט צו געבן זיי מיינע באַקאַנטע אינטעליגענטן. און די, וואָס האָבן זיי געלייענט, האָבן זיך שטאַרק געחידושט און געהאַלטן מיך פאַר אַ ווילדן... (מיט אַזעלכע אויפרופן) וועסטו קיין שום נוצן נישט ברענגען און וועסט נאָר קאַליע מאַכן" („לא תצלח ולא תועיל, כי אם תזיק") 2). ווי מ'קען פאַרשטיין, האָט דעם אויפרוף קיין קיעוו און קיין רוסלאַנד בכלל געבראַכט וו. יאָכעלסאָן אינאיינעם מיט אַ רוסישן אומלעגאַלן טראַנספּאָרט; אין די בריוו פון יהל"לן און קאַמיאָנסקין ווערט ער אָנגערופן מיטן פאַרשטעלטן נאָמען „למנצח", אַמאָל — „מזמור" און „למנגינות" 3).

1) אין אָריגינאַל: „ראיתי אשר האופּראַוולייעשצעס אינם יודעים עם מי יש להם עסק".

2) ד"ר מ. ב ר ק ו ב י ץ, „ממערכת „האמת"", אין דעם וועכנטלעכן „מוסף לדבר" (תל-אביב) פון ה' אלול און י"ב אלול תרפ"ז. מ. קאַמיאָנסקי (מ. וועסטמאַן), איינער פון ליבערמאַנס אָנהענגער, האָט אויך געשריבן צו ליבערמאַנען: „באמת מעטה בנו האינטעליגענציע, אשר אליה נשלחת האביאָולעניע של הקאנטאר" (דאָרטן, ה' אלול תרפ"ז).

3) אַז „למנצח" איז וו. יאָכעלסאָן ווערט באַשטעטיקט פון מ. קאַמיאָנסקין אין זיין בריוו צו ד"ר מ. בערקאָוויטשן בתשובה אויף יענעמס אָנפרעג („מוסף לדבר", ה' אלול תרפ"ז). ווי מיר האָבן אָנגע-

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז ליבערמאַן האָט זיין אויפרוף צו דער יוגנט אַרויסגעלאָזט אויף זיין אייגענער אחריות. דער לאָנדאָנער סאָציאַליסטישער פאַראיין האָט צו דעם קיין שייכות ניט געהאַט, הגם דאָס איז בפירוש אַריינגעגאַנגען אין זיינע אויפגאַבן. אין די פּראָטאָקאָלן ווערט דער גאַנצער ענין מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט. דערדאָזיקער שריט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר ליבערמאַנס אינדיווידואַליסטישע נטיות, האָט געוויס אַרויסגערופן אַן אומצופרידנקייט ביי די מיטגלידער פון פאַראיין. אויף דער זיצונג, וואו די מיטגלידער זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן ליבערמאַנען, פילט זיך די אומצופרידנקייט: „ליבערמאַן מיינט נאָר זיך אַליין און זיך גרויס צו האַלטן", האָט געזאָגט סטאָון. אַז ליבערמאַן האָט בכלל געאַרבעט על דעת עצמו, באַווייזט אויך פאָלגנדיקער פאַקט: אויף דער ערשטער זיצונג פון פאַראיין האָט ער דערקלערט, אַז ער נעמט איבער צו דרוקן די ס ט אַ ט ו ט ן פ ו ן ד ע ם פ אַ ר אַ י י ן א ו י ף ז י י נ ע ק אָ ס ט ן, און ווי מ'קען פאַרשטיין האָט ער זיי טאַקע אַליין אָפּגעדרוקט; דאָס זעט מען פון דעם אויבן-ציטירטן ערשטן אַרטיקל פון דעם „דזשואיש כראָניקל", וואו עס ווערט בפירוש גערעדט וועגן אַ „געדרוקט בלעטל".

מיר ווילן זיך דאָ אָפּשטעלן נאָך אויף איין מאָמענט פון ליבערמאַנס פּערזענלעכקייט, וועלכע איז גאָרניט געווען קיין פּרט ביי אים — אויף זיין ה ע ב ר ע א י ש ע ר אידעאָלאָגיע. עס איז אַ דבר ידוע, אַז ליבערמאַן איז געווען אַ פייערדיקער חסיד פון העברעאיש אַלס דער שפּראַך פון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן יידן. דער אויבנדערמאָנטער יאָכעלסאָן שרייבט אין זיינע זכרונות, וואָס זיינען געווען פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1918, וועגן דער ווילנער גרופּע: „אין אונזער קרייזל איז ליבערמאַן געווען דער, וואָס האָט אויפגעהויבן די פראַגע וועגן דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און די קולטורעלע אייגנשאַפטן פונעם יידישן פאָלק און וועגן דער נויטיקייט אַרויסצוגעבן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין דער שפּראַך פון יידן. וואָס איז נוגע דער פראַגע, אין וועלכער שפּראַך — יידיש [אין אָריגינאַל: „זשאַרגאָן"] אָדער העברעאיש — איז ליבערמאַן געשטאַנען פאַר העברעאיש, ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז פריער פאַר אַלץ דאַרף מען צוגרייטן אַ

וויזן אין אָנהויב פון אַרטיקל, האָט וו. יאָכעלסאָן געהערט צו דער ערשטער ווילנער גרופּע; ער איז געוואָרן אַן אָנגעזעענער רוסישער רעוואָלוציאָנער און האָט פיל געאַרבעט ביי אומלעגאַלע טראַנספּאָרטן. אַ לאַנגע צייט איז ער געווען פאַרשיקט אין סיביר. שפּעטער איז ער באַקאַנט געוואָרן אַלס אַן אָנגעזעענער רוסישער עטנאָגראַף (אַ מיטגליד פון דער פּעטערבורגער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע). דעם „האמת" און ליבערמאַנס בריוו פלעגט קיין רוסלאַנד ברענגען זיין אַלטער חבר זונדעלעוויטש, וועלכער איז באַקאַנט אַלס דער הויפּט-טוער ביים טראַנספּאָרטירן אומלעגאַלע ליטעראַטור קיין רוסלאַנד.

מתנה פראָפּאַגאַנדיסטן פון די אינטעליגענטע ישיבה־בחורים" 1).

ליבערמאַן איז געווען דער טיפּישער פאָרשטייער פון דער גרופּע ראַדיקאַל־געשטימטע אינטעליגענטן, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אין די 70קער יאָרן אין רוסלאַנד אַלס אָפּצווייג פון די משכילים. די גרופּע איז אין אַ סך פּרטים אידעאָלאָגיש נאָך געווען פאַרבונדן מיט די משכילישע טראַדיציעס — בנוגע דעם טרעגער פון זייערע סאָציאַליסטישע אידעאַלן, בנוגע דעם קאַמף מיט דער אָרטאָדאָקסיע, דער אַגיטאַציע פאַר וועלטלעכקייט און באַזונדערס אין פּרט פון צוגעבונדנקייט צו העברעאיש. די גרופּע העברעאישע סאָציאַליסטישע טוער און שרייבער איז געווען גאָר אַ קליינע; די וויכטיקסטע: ליבערמאַן („דניאל איש חמודות", „בר · דרורא"), ווינטשעווסקי („בן · נץ", "יגלי איש הרוח"), א. ראַבינאָוויטש (אר"ר), און לייזער צוקערמאַן. אָבער זיי האָבן די ערשטע געבראַכט די נייע אידייען אין דער יידישער גאַס, האָבן געגעבן דער משכילישער יוגנט אַ סאָציאַלן אידעאַל און אריינגעטראָגן אַ געוויסע אָפּפרישונג אין דער משכילישער אידעאָלאָגיע, וואָס האָט אין יענע יאָרן געהאַלטן ערב איר שקיעה.

פון דעם, וואָס דער משכיל איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט און אַ קאָסמאָפּאָליט להלכה, האָבן זיך זיינע אויסדרוק־פאָרמען ווייניק געביטן: מליצה, רמזים, פּסוקים, די אַלטע משכילישע חולשה צו דייטש און אַ פרעמדקייט צו יידיש. די קאָרעספּאָנדענץ צווישן זיך האָבן די העברעאישע סאָציאַליסטן אָפט געפירט אין דייטש 2). דער שטעמפּל פון דעם משכיל דעם אפּיקורס ליגט אויף אַלע כתבים פון ליבערמאַנען און אויף זיין „האמת". באַזונדערס ליגט דער שטעמפּל אויף די העברעאישע אַרטיקלען פון ווינטשעווסקין 3), וואָס ער האָט געשריבן אין ראָדקינזאָנס „הקול" און אין דעם „אספת חכמים" — דעם צווייטן סאָציאַליסטישן זשורנאַל נאָכן „האמת". ווינטשעווסקי האָט דעמאָלט, אין קעניגסבערג, אָנגעהויבן צו שרייבן אויך אין יידיש — אינעם „קול לעם" (יידישע ביילאַגע צום „הקול"), אָבער נאָר אגב אורחא. אינגאַנצן אַריבער צו יידיש איז ער ערשט שפּעטער אין לאָנדאָן. אָבער אויך דעמאָלט, באַזונדערס די ערשטע צייט, פילט זיך אין

1) זכרונות פון ה. יאָכעלסאָן אין „Былое" 1918 נומ. 18.

2) זע די בריוו פון בן־נ"ץ און אר"ר צו ליבערמאַנען אין די דערמאָנטע אַרטיקלען פון ד"ר מ. בערקאָוויטש „ממערכת „האמת" אין „הצפירה" 1920. זיי האָבן געשריבן דייטש מיט יידישע אותיות.

3) דער אמתער נאָמען פון ווינטשעווסקין איז בן־ציון נאָוואַכאָוויטש; די ערשטע צייט האָט ער זיינע אַרטיקלען געחתמעט „בן־נץ"; ערשט שפּעטער, אין דער יידישער בראָשור „יהי אור", איז ער צום ערשטן מאָל אַרויסגעטראָטן אונטערן נאָמען — מאָריס ווינטשעווסקי.

אים דער אַמאָליקער משכיל. אין דער ערשטער סאָציאַליסטישע בראָשור אין יידיש „יהי אור" (אָדער „די פאָרקערטע וועלט") — „אין זשאַרגאָנישער שפּראַך" (ווינטשעווסקי האָט די בראָשור אָנגעשריבן נאָך אין יאָר 1879, דערשינען איז זי ערשט אָנהויב 1885) — איז פאַראַן אַ הקדמה אין העברעאיש — די „שלש־עשרה עיקרים" פונעם סאָציאַליזם 4). און דאָס איז באַשטימט געווען פאַרן לאָנדאָנער אַרבעטער, וואָס האָט נאָך שלעכט געלייענט אַפילו יידיש! די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַנען חצי די 80קער יאָרן אין לאָנדאָן האָבן נאָך נישט געקענט אויסקומען אָן אַ מאָטאָ אין העברעאיש: דער „פּוילישער אידל" האָט אויפן שער געהאַט דעם פּסוק „יגיע כפיך כי תאכל אשריך וטוב לך", דער „אַרבעטער־פריינד" — אם אין אני לי מי לי וכשאני לעצמי מה אני"...

ליבערמאַן, דער פּיאָנער פונעם העברעאישן סאָציאַליזם, האָט זיך באַצויגן צו יידיש נעגאַטיוו אָדער אינגאַנצן פרעמד. אין לאָנדאָן איז געווען אומפאַרמיידלעך צו באַנוצן זיך אין דער אַגיטאַציע מיט יידיש — האָט ליבערמאַן געשטרעבט לכל הפחות צוצוגעבן דעם יידיש אַ דייטשישן לבוש (פאַרגלייך די שפּראַך פונעם „פּנקס") און פאַרצירן עס מיט העברעאישע פּסוקים. די פאַרבינדונגען אין רוסלאַנד האָט ער איינגעשטעלט, ווי מיר האָבן געזען, מיט די ראַדיקאַל־געשטימטע משכילישע שרייבער. דער העברעאישער לייענער אין רוסלאַנד איז געווען באַגייסטערט פונעם „האמת", אָבער נישט אַזוי פון זיין תוך, ווי פונעם פאַקט אַליין, וואָס מ'קען אין אַ שיינער העברעאישער שפּראַך זיין אַ כופר בעיקר אויך אויפן סאָציאַל־פּאָליטישן געביט. אין איינעם פון זיינע בריוו צו ליבערמאַנען שרייבט מ. קאַמיאָנסקי, אַז דער „האמת" געפעלט דעם לייענער אין רוסלאַנד „באשר חדשה היא ולא באשר הגיע בדעתו עד הפרינציפּען שבין שורותיו". „אדמה שרבים מן הקוראים בארצי הנם לפי רוח הזה" 5).

די לעצטע צייט האָבן זיך מיט ליבערמאַנס פּערזענלעכקייט פאַראינטערעסירט די פאָרשער פון דער העברעאישער ליטעראַטור, וועלכע זעען אין אים נאָר דעם שאַפער פון דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור אין העברעאיש 6).

4) אין דער סעריע אַרטיקלען פון קלמן מרמר וועגן ווינטשעווסקין, וואָס זיינען געדרוקט אין דער צייטונג „פרייהייט" (ניו־יאָרק), ווערט אויספירלעך דערציילט די געשיכטע פון דער בראָשור „יהי אור". זע „פרייהייט" פונם 16 אָקטאָבער 1928.

5) „מוסף לדבר" פון ב' ניסן תרפ"ח, מ. וועסטמאַנס (קאַמיאָנסקי) בריוו צו ליבערמאַנען פון 15טן אויגוסט [1877]; פאַרעפנטלעכט פון ד"ר מ. בערקאָוויטש.

6) פג"ל דעם יובל־נומער פון „מוסף לדבר" צום 50טן יאָרטאָג פון „האמת", אויך די דערמאָנטע אַרטיקלען פון ד"ר מ. בערקאָוויטש און די הקדמה פון „דבר" צו די „כתבי א. ש. ליבערמאַן".

אָבער ליבערמאַנס נשמה איז געווען פול מיט סתירות און אים איז שווער אַריינצושפּאַרן אין איין באַשטימטער פאָרמול. די באַציאונג פון אים, ווי בכלל פון זיין גאַנצער גרופּע, צו יידיש איז נישט תמיד געווען אַ נעגאַטיווע. אין זיין אויבן-ציטירטן בריוו שרייבט זונדעלעוויטש וועגן די ויכּוחים אין דער ווילנער גרופּע פון 1875: „ליבערמאַן האָט אויך בנוגע יידיש 1) פאַרנומען אַ גאַנץ אַנדערע פּאָזיציע (ווי די איבעריקע יידן-רעוואָלוציאָנערן)... ער פלעגט באַטאָנען די אַנטוויקלונגס-פעאיקייטן פון יידיש און די מעגלעכקייט, אַז יידיש זאָל מיט דער צייט ווערן צוגלייך מיט העברעאיש אַ פולקום ליטעראַרישע שפּראַך, וואָס וועט קענען דינען אַלס מעכטיקער ווערקצייג צו אַנטוויקלען דעם יידישן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין" 2). אינעם „סטאַטוט פונעם סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערן פאַרבאַנד צווישן יידן אין רוסלאַנד", פון יאַנואַר 1876, איז פאַראַן פאָלגנדיקער זאַץ: „כּל זמן מיר געפינען זיך דאָרט וואו איצט און ס'איז נויטיק צו פירן די פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע צווישן יידן אויף אַ באַזונדער דיאַלעקט (אין אָריגינאַל наречие), ביי די באַזונדערע קולטור-תּנאים, — האָבן מיר בדעה צו מאַכן דעם אָנהויב צו אָרגאַניזירן די כּוחות, וואָס וועלן זיין ספּעציעל באַשטימט צו אַרבעטן אין דערדאָזיקער באַזונדערער סביבה" 3). עס איז קלאָר, אַז אונטער דעם „באַזונדערן דיאַלעקט" ווערט געמיינט יידיש. דערדאָזיקער סטאַטוט, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, איז פאַרפאַסט געוואָרן פון ליבערמאַנען, וועלכער האָט אים צוגעשיקט פון לאָנדאָן צו זיינע חברים אין ווילנע 4).

אין דער ווילנער גרופּע גופא האָט מען זיך אויך געמוזט רעכענען מיט יידיש, אַלס דער פאָלקס-שפּראַך. אין די בריוו, וואָס די ווילנער חברים האָבן געשריבן צו ליבערמאַנען קיין לאָנדאָן, געפינען מיר פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע שטעלע: „צווישן די ביכער, וואָס מיר גרייטן צו, — שרייבט אים איינער פון זיינע קאָרעספּאָנדענטן — איז אויך פאַראַן מיינס אַ בוך מיטן נאָמען

1) אין אָריגינאַל — „жаргон".

2) אַרכיוו פון „בונד", זונדעלעוויטשעס בריוו וועגן ליבערמאַנען.

3) בוכבינדער, דצ"וו, ז. 30.

4) אגב איז כאַראַקטעריסטיש, אַז אין דעם סטאַטוט, וועלכער איז געשריבן אין רוסיש, שטייט די יידישע דאַטע: „טבת ה' תרל"ו" — אינגאַנצן אין ליבערמאַנס גייסט.

דעם סטאַטוט האָט ליבערמאַן צוגעשיקט צו מאיר באָרעל, איינעם פון די יינגסטע און טעטיקסטע מיטגלידער פונעם צווייטן ווילנער קרייז. זע וועגן אים אין ציטירטן Историко-революцион. сборник אויך: פ. קאָן, „ביים וועגן די ערשטע יידישע רעוואָלוציאָנערן-פּובליציסטן" אין „ביכער-וועלט" 1928, נומ. 9, ז. 26.

„ווער איז ערגער"?... נאָך איינער שרייבט (אַ בוך) אין העברעאיש, איינער אין רוסיש אין אַן אַנדער שטאָט און נאָך איינער אויך אין זשאַרגאָן" 5). אינעם אויבן-ציטירטן באַריכט פון דער „|||טער אָפּטיילונג" וועגן דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע אין ווילנע אין 1876 ווערט דערציילט, אַז דער אַרעסטירטער מיטגליד פון דער ווילנער גרופּע מ. וואָלפזאָן „פלעגט איבערזעצן פאַרבאָטענע ביכער אויף יידיש צום דרוקן, לויטן אויפטראָג פון לייב דאַווידאָוויטשן, און ביים אַרעסט האָט מען ביי אים געפונען כּתב-ידן פון אַזעלכע אַרבעטן: „וועגן גלייכע רעכט פאַר עלטערן און פאַר קינדער", וועגן דעם, אַז „רעליגיע איז אַן איבעריקע זאַך" און אויך די געשיכטע פון יידישן פאָלק, וואו עס ווערט דערוויזן, אַז די צרות פון יידן האָבן זיך אָנגעהויבן פון דער צייט אָן, ווען זיי האָבן זיך אויסגעוויילט אַ מלך" 6). דידאָזיקע אָנווייזונגען זיינען לחלוטין אַ נייס און זאָגן עדות, אַז נישט געקוקט אויף דער פּרינציפּיעלער קעגנערשאַפט צו יידיש, זיינען שוין דאַן געמאַכט געוואָרן די ערשטע פּרוון פון יידישע אויסגאַבן צווישן דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ.

לעצטנס איז באַקאַנט געוואָרן דער פאַקט אַז די פראַגע וועגן יידישע אויסגאַבן האָט זיך געשטעלט (1877) אויך ביי די קיעווער אָנהענגער פון ליבערמאַנען, אין דער גרופּע פון די ראַדיקאַלע העברעאישע שרייבער. אויפגעהויבן די פראַגע האָט מענדעלע מוכר ספרים, וועלכער האָט גראָד נישט געהערט צו ליבערמאַנס גרופּע נאָר איז אין געוויסע פּרטים גייסטיק געשטאַנען נאָענט צו אירע טוער. אין מאַי 1877 איז ער, צוזאַמען מיט א. צווייפעלן, געקומען צו גאַסט קיין קיעוו. אין אַ שמועס ביי יהלל"ן, אין וועלכן עס האָט אויך אָנטייל גענומען ד"ר קאַמינער, האָט מענדעלע אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז אויב מען וויל ווירקן אויף די פאָלקס-מאַסן, מוז מען אַרויסלאָזן פּראָפּאַגאַנדע-בראָשורן אין יידיש. די קיעווער גרופּע איז אָבער מיט דעם נישט געווען מסכּים. ליבערמאַנס קאָרעספּאָנדענט מ. קאַמיאָנסקי שרייבט אים וועגן דעם קיין אויסלאַנד: „בעל „האבות והבנים" (דאָס מיינט ש. י. אַבראַמאָוויטש — מענדעלע) ...היה אומר ואומר גם עתה, שמטרת הסופרים החפצים לפעול על העם במלא מובן המלה יכולה להתקרב רק אם נכתוב בשפת הבלולה, וע"כ, אמר לי, נער את כפיו מכתוב עברית ויהי לכותב ז'שאר וני, כי בדרך זה יפעול לפי דעתו הרבה יותר מכפי שיכתוב בשפת

5) ד"ר מ. ברקוביץ, „ממערכת „האמת", „הצפירה" 1920, נומ. 166, דער בריוו פון א' דר"ת תרל"ו.

6) „Историко-революцион. сборник", 53.

עברי״ [1]). ווי מ׳קען פאַרשטיין, האָט זיך ליבערמאַן אַרויסגעזאָגט קעגן דעם פּראָיעקט [2]). מיט עטלעכע חדשים שפּעטער שרייבט דערזעלביקער קאָרעספּאָנדענט, וועלכער האָט פריער גערעדט מיט ביטול וועגן דער „שפת הבלולה״ — דאָס מיינט „זשאַרגאָן״ — ווידער צו ליבערמאַנען, אַז אין זיין נסיעה איבער דער פּראָווינץ (אין אוקראַינע) האָט ער זיך איבערצייגט, אַז צווישן דער קריסטלעכער און יידישער באַפעלקערונג הערשט אַ שרעקלעכער אַנטאַגאָניזם: „דער מצב פון די יידן איז זייער נישט פעסט און זיי שטייט פאַר אַ סכּנה, אויב ס׳וועט קומען אַפילו די קלענסטע גאולה [געמיינט — רעוואָלוציע]... צווישן זיי שטייט אַ וואַנט און נאָר דער האַמער קען זי צעשטערן. עס איז אַ שאָד די צייט, וואָס גייט פאַרלאָרן. מ׳וואָלט באַדאַרפט פירן די נויטיקע אַרבעט און ווירקן אויף די יידן, אָבער נאָר אין „זשאַרגאָן״. עס איז נויטיק — שרייבט ער אים ווייטער — אַרויסלאָזן איינעם פון די קול-קוראס אין יידיש, וואָס געפינט זיך ביי דיר (ביי ליבערמאַנען [3]). אין אַ צווייטן בריוו קערט ער זיך ווידער אום צו דער פראַגע וועגן דעם קול-קורא: „איינער הער ג. איז גרייט צו געבן 25—35 (רובל) כּדי דו זאָלסט אָפּדרוקן דעם קול-קורא אין יידיש, וועלכער געפינט זיך ביי דיר. אויב דו נעמסט זיך אונטער, שיקט ער דאָס געלט אַרויס״ [4]). פון די ווייטערדיקע בריוו זעט מען, אַז ליבערמאַן האָט מסכּים געווען, אָבער דער גביר ג. האָט חרטה געקראָגן. אגב, איז אומקלאָר, וואָס פאַר אַ „קול-קורא״ ווערט דאָ געמיינט; וואָרשיינלעך נישט דער לאָנדאָנער אויפרוף צו דער יוגנט, מיט וועלכן די קיעווער גרופּע איז, ווי באַקאַנט, געבליבן שטאַרק אומצופרידן. מיט אַ קורצער צייט שפּעטער שרייבט קאַמיאָנסקי ווידער צו ליבערמאַנען און איז מסכּים מיט אים, אַז עס איז נישט די צייט פאַר יידיש: „וואָס איז נוגע ביכער (בראָשורן) אין יידיש איז די פראַגע — פאַר וועמען זאָלן מיר שרייבן? און ווער וועט עס פירן די פּראָפּאַגאַנדע? דאָס פרעגן מיר אויך. מ׳דאַרף זיך דערווייַלע אָפּזאָגן דערפון״ [5]).

1) ״מוסף לדבר״ כ״ד אדר תרפ״ח; מ. ועסטמאַנס (קאַמיאָנסקי) בריוו פון 5-טן מאַי 1877. אין דעם בריוו איז קאַמיאָנסקי אגב מודיע, אַז פונעם נייעם יאָר אָן וועט מענדעלע ווערן דער רעדאַקטאָר (אייגנטלעך שטייט „המו״ל — דער אַרויסגעבער) פונעם „הקול״ און „קול לעם״ און אַז צוליב דעם פאָרט ער אויף עטלעכע חדשים קיין קעניגסבערג. פון דעם פּלאַן איז משמעות גאָרנישט געוואָרן.

2) דאָרטן, כ״ג ניסן תרפ״ח.

3) דאָרטן, ב׳ ניסן תרפ״ח, מ. וועסטמאַנס בריוו פון פּאָלטאַווע, פונעם 15-טן אויגוסט [1877].

4) דאָרטן, ט׳ ניסן תרפ״ח, זיין בריוו פונעם 19טן סעפּטעמבער 1877.

5) דאָרטן, כ״ג ניסן תרפ״ח, זיין בריוו פון קיעוו, פונעם 15טן אָקטאָבער 1877.

דער באַוואוסטער מחבר פון דעם יידיש-רוסישן ווערטערבוך יהושע-מרדכי ליפשיץ, דער איבערצייגטער יידישיסט, האָט פון באַרדיטשעוו געשריבן צו ליבערמאַנען קיין ווין (1877) און געמאַכט אים פאָרוואורפן פאַר זיין נעגאַטיווער באַציאונג צו יידיש — צום „כלומרשטן יידישן זשאַרגאָן״ [6]). פון דעם בריוו זעען מיר, אַז ליבערמאַן האָט געטענהט, אַז ער קען קיין יידיש נישט שרייבן. דאָס איז אַ חידוש. לעצטנס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן זיין יידישער אַרטיקל „מעשה שטן״, וואָס איז געשריבן אין אַ גוטער פאָלקסטימלעכער שפּראַך, אויך אַ פּאָר בריוו אין יידיש צו דער פּרוי [7]). עס זיינען פאַראַן נאָך קלייניקייטן זיינע אין יידיש, נישט קיין פאַרעפנטלעכטע. ליבערמאַן האָט אַפּנים געהאַלטן זיין יידיש שרייבן פאַר אַ „שיחת-חולין״, וואָס איז נישט ראוי געדרוקט צו ווערן.

ליבערמאַנס טעטיקייט אין ווין, די גרינדונג פון „האמת״, ווי אויך די פּראָצעסן אין ווין און בערלין גייען נישט אַריין אין אונזער טעמע. מיר ווילן דאָ נאָר אָנווייזן, אַז דער פּעריאָד פון סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע אין העברעאיש איז מיט אָט די פּראָצעסן אָפּגעשטאָרבן. דער „האמת״ האָט זיך פאַקטיש אָפּגעשטעלט נאָך אין 1877, דער „אספּת-חכמים״ — אין 1879. די פּרוּוון, וואָס זיינען דעמאָלט געמאַכט געוואָרן צו באַנייען די סאָציאַליסטישע אַרבעט צווישן יידן, זיינען שוין געווען אין יידיש.

די דאָזיקע פּרוּוון זיינען ווידער פאַרבונדן מיט לאָנדאָן. בעת מ. ווינטשעווסקי איז געקומען קיין לאָנדאָן אין 1879, האָט ער נישט געטראָפן קיין שום אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער-גרופּע. ער האָט אָבער געפונען יחידים, אַ „האַלב טוץ״ יידישע אַרבעטער-טוער — די ערשטע יידישע פּראָלעטאַרישע סאָציאַליסטן, וועלכע זענען כּמעט אַלע געווען, ווי ער שרייבט, „מתלמידי ליבערמאַן״: די טישלער וויינער און שאול לעווין (לעווי?), די שניידער — ראָזענטאַל און סטאָון, דעם רעגנמאַנטל-אַרבעטער נתן בערלין — אַלע געוועזענע מיטגלידער פונעם סאָציאַליסטישן פאַראיין; אויסער דעם האָט ער געפונען די זעצער קולאָ און גרינבערג, וועלכע ווינטשעווסקי האַלט אויך פאַר די תלמידים פון ליבערמאַנען (זייערע נעמען זיינען נישט פאַראַן צווישן די מיטגלידער פון פאַריין), און אויך דעם זעצער פישער, וועלכער האָט זיך שפּעטער געשמדט און איז אַריבער צו די מיסיאָנערן. אינמיטן ווינטער 1880 איז קיין לאָנדאָן ווידער אָנגעקומען ליבערמאַן, וועלכער איז

6) זע די פאַקסימילע פון י. מ. ליפשיצעס בריוו אין דעם באַנד.

7) ד״ר מיכל בערקאָוויטש, נייע מאַטעריאַלן וועגן אהרן ליבערמאַן, „צוקונפט״, יוני 1924 (פונעם אַרכיוו „האמת״).

ערשט אַרויס פון דער בערלינער תּפיסה און איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון דייטשלאַנד. ווינטשעווסקי, ליבערמאַן און די אויבנדערמאָנטע פּערזאָנען זיינען צוגעטראָטן צו גרינדן אַ נייעם אַרבעטער-פאַראיין. ווי שטענדיק האָט ליבערמאַן פאַרפאַסט די תּקנות. ווינטשעווסקי גיט איבער, אַז די דערמאָנטע אַרבעטער האָבן גלייך אין אָנהויב „געגעבן קלאָר צו פאַרשטיין, אַז מען דאַרף צום יידישן אַרבעטער רעדן אויף זיין אייגענעם לשון 1)".

ליידער, זיינען נישט פאַרבליבן קיין שום ידיעות וועגן דעם דאָזיקן אַרבעטער-פאַראיין, ווי אויך נישט זיינע תּקנות. דאָס איז געווען אַ קליינער אַרבעטער-קלוב, וואו עס זיינען געהאַלטן געוואָרן עטלעכע פאָרטראָגן; ער האָט עקזיסטירט אַ קורצע צייט און האָט נישט איבערגעלאָזט קיין שום שפּור; ווינטשעווסקי שרייבט, אַז ער איז אונטערגעגאַנגען דערפאַר, וואָס „ער האָט פּשוט נאָך נישט געהאַט קיין באָדן אונטער זיך". ליבערמאַן איז אינגיכן אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע, ווינטשעווסקי האָט זיך פאַרנומען מיט אַנדערע ענינים — און די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף עטלעכע יאָר.

אָריבערפאָרנדיק קיין אַמעריקע איז ליבערמאַן, ווי באַקאַנט, אינגיכן באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. אויך אינעם לעצטן מאָמענט פון זיין לעבן האָט ער זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון פּאָזע, צו וועלכער ער האָט שטענדיק געהאַט אַ חולשה. אין זיין נאָטיץ-ביכל האָט מען געפונען די פאָלגנדיקע געזעגענונגס-ווערטער אין דייטש: „אַדיע, וועלט. איך, וועמעס לעבן פאַרמאָגט גאָרנישט אַחוץ ליידן, מוז שטאַרבן. נאָוו. 13, 1880" 2). אַזוי טראַגיש איז אומגעקומען דער פּיאָנער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג ביי יידן. ליבערמאַן — שרייבט ווינטשעווסקי — „האָט דער ערשטער געבראַכט די בשורה פון אַן אַלוועלטלעכער גאולה, הגם אויף דער שפּראַך, וואָס איז פרעמד פאַר דעם אַרבעטער — אויף העברעאיש".

דער ווייטערדיקער עטאַפּ פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז שוין אָנגעגאַנגען דורכאויס אין יידיש, איז געווען די גרינדונג פונעם „פּוילישן אידל" 3) (אין יולי 1884) פון מ. ווינטשעווסקין און א. ראַבינאָוויטשן (אר"י· דער לעצטער איז געווען נאָר דער אַרויסגעבער 4). שפּעטער האָט אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער צייטונג גענומען אויך פיליפּ קראַנץ. דער נאָמען „פּוילישער אידל" — שרייבט ווינטשעווסקי — איז געווען אַן אויסדרוק פון פּראָטעסט קעגן די ענגלישע יידן פאַר זייער באַציאונג צום פּוילישן (מזרח-אייראָפּעאישן) יידן דעם אימיגראַנט, — פון יענעם פּראָטעסט, וואָס ליבערמאַן האָט דער ערשטער אויפגעהויבן.

דאָס איז שוין געווען אין דער צייט פון דער מאַסן-עמיגראַציע פון רוסלאַנד קיין ענגלאַנד. דער באָדן פאַר אַ יידישער אַרבעטער-באַוועגונג איז איצט שוין געווען פיל גינציקער, ווי בעת ליבערמאַן און זיינע חברים האָבן אָנגעהויבן זייער אַרבעט אין די 70קער יאָרן. דער באַקאַנטער טוער פון דער „אגדת הסציאליסתים" אייזיק סטאָון האָט דעמאָלט געשריבן אינעם „פּוילישן אידל" 5), אַז די לאַגע פון די יידישע אַרבעטער אין ענגלאַנד איז נאָך אַלץ אַזאַ שווערע ווי פריער. כמעט אַלע יידישע אַרבעטער האָבן געהערט צו דער שניידער-פּראָפעסיע (אין לידז אַליין — ביז 1000). די יידישע אַרבעטער זיינען נאָך אַלץ געשטאַנען ווייט פון סאָציאַליסטישע, ווי בכלל פון אַלע אַנדערע אידייען. אין יולי 1883 איז אין לאָנדאָן פאָרגעקומען אַ מאַסן-פאַרזאַמלונג פון יידישע שניידער-אַרבעטער מיטן צוועק צו גרינדן אַ שניידער-יוניאָן. עס האָט זיך געבילדעט אַן „אַרבעטער-אונטערשטיצונגס- און בילדונגס-פאַראיין" מיט אַ קלוב. „עס איז נישט קיין איבערטרייבונג צו זאָגן — שרייבט

1) מ. ווינטשעווסקי, זכ"ה, ז. 173.

2) ציטירט לויט קלמן מרמרס אַרטיקל אין „פרייהייט" (ניו-יאָרק), פונעם 26טן סעפּטעמבער 1928.

3) דער „פּוילישער אידל" איז אַרויסגעגאַנגען אונטער דעם נאָמען נאָר ביזן 16טן נומער; שפּעטער האָט ער געענדערט זיין נאָמען אויף „די צוקונפט".

4) א. ראַבינאָוויטש (אר"ר), וועלכער איז אויך געווען פון די ערשטע העברעאישע סאָציאַליסטישע שרייבער, האָט אָנטייל גענומען אין דעם „פּוילישן אידל" נישט אַלס שרייבער, נאָר אַלס אַרויסגעבער; אין דער צייטונג האָט ער נישט מיטגעאַרבעט, ראשית — ווייל ער האָט קיין יידיש נישט געשריבן, און שנית — ווייל צו יענער צייט האָט ער שוין אָנגעהויבן אָפּגיין פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג בכלל און איז שפּעטער געוואָרן אַ חובב-ציון. אין זיינע זכרונות טיילט ווינטשעווסקי מיט איינִיקע ביאָגראַפישע פּרטים וועגן אים: „ער איז געווען אַ לערער אין אַ פאָלקס-שול אין פּרייסיש פּוילן (אין זערקאָוו), איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון זיין „אַמט" צוליב זיינע סאָציאַליסטישע אידייען... מיר זיינען דאַן [1879] געווען זייער אינטימע פריינד, און מיר האָט זיך דאַן נאָך נישט געחלומט, אַז ער וועט אין וואָסערע פינף יאָר אַרום ווערן אַ דעזערטיר פון אונזער יידישן פאָלק אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרמיי". אין אַן אַנדער אָרט דערציילט ווינטשעווסקי, אַז ראַבינאָוויטש דער „טייטש", ווי ער רופט אים אָן, האָט „פּשוט פאַראַכטעט" יידיש — די שפּראַך פון דער צייטונג, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן. ער האָט געגרינדעט אַ דרוקעריי אין לאָנדאָן און האָט זיך צוליב פּרנסה גענומען „צו דעם סאָרט ליטעראַטור, וועלכן עס פאַרלאַנגט די מערהייט — סידורים, מחזורים, תּחינות און דאָס גלייכן" (מ. ווינטשעווסקי, ערינערונגען, ז. 151, 197, 198).

5) "פּוילישער אידל" (1884), נום. 6; ציטירט לויט קלמן מרמרס אַרטיקל אין „פרייהייט" פונעם 2טן אָקטאָבער 1928.

ווינטשעווסקי ביי דער געלעגנהייט, — אַז 4 יאָר נאָך ליבערמאַנס טויט האָט זיך אין ענגלאַנד אָנגעפאַנגען די אמתע יידישע אַרבעטער-באַוועגונג" 1). אין דעם פאַראיין האָבן אָנטייל גענומען ביז 300 מיטגלידער. צווישן די לעקטאָרס געפינען מיר דאָ אגב אַרקאַדי פינקעלשטיי-נען, וועלכער האָט דער ערשטער אָנגעהויבן די רעוואָ-לוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע נאָך אין ווילנע; איצטער האָט ער געוואוינט אין לאָנדאָן אונטערן נאָמען ליטווינאָוו 2).

1) מ. ווינטשעווסקי, דצ"ו, 236. דער אַרטיקל וועגן „פוילישן אידל" האָט זיך געדרוקט אויך אין „צוקונפט" (ניו-יאָרק) 1909, אויך אין רוסיש אינעם ז"ב „Пережитое" ב. II (1910), ז. 160.

2) יעקב-אַבע (אַרקאַדי) פינקעלשטיין איז, ווי באַקאַנט, געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן די רעוואָלוציאָנערע-פּראָפּאַגאַנדע אין ווילנע (זע אָנהויב פון אונזער אַרטיקל). קיין קלאָרע ביאָגראַפישע ידיעות וועגן אים זיינען נישט פאַראַן. אויך זיין נאָמען ווערט אין פאַרשידענע קוועלן פאַרשידן אָנגעגעבן: אַרקאַדי, אַפּאָלאָן-וואַלענטין, אַבעל-אַפּאָלאָן, אַמאָל אַבעל-איפּאָליט (אין די פּאָליציי-מעלדונגען). ער שטאַמט פון קאַלוואַריע (סוואַלקער גוב.), אויפגעוואַקסן אין ווילנע.

אינעם 3-טן באַנד פון לעקסיקאָן (געפינט זיך אין דרוק) גיט ז. רייזען אָן פאָלגנדיקע ידיעות וועגן אים (רופט אים עפּ"י טעות אָן: פינ-קענשטיין), אויפן סמך דער עיקר פון פּריוואַטע מיטטיילונגען: נאָך קע-ניגסבערג איז פינקעלשטיין — סוף 70קער יאָרן — אַריבערגעפאָרן קיין פּאַריז; דאָ איז ער געווען אַרעסטירט און איז שפּעטער אַריבערגעפאָרן קיין לאָנדאָן. אין לאָנדאָן האָט ער געענדיקט זיין שטודיום אַלס יוריסט און פאַרנומען זיך מיט פאַרשידענע באַשעפטיקונגען (געווען איין צייט מיטאַרבעטער פון „טיימס" אַלס ספּעציאַליסט פון סלאַווישע און באַלקאַנישע פראַגן). ז. רייזענס אָנווייזונג, אַז ער איז געווען „אַן אָנגעזעענער פי-רער צווישן די רוסישע רעוואָלוציאָנערן אין לאָנדאָן", איז נישט אינגאַנצן ריכטיק; מיר טרעפן אים דאָ נאָר צופעליק צווישן די טוער אין אָנהויב די 80קער יאָרן — אונטערן נאָמען ליטווינאָוו. נאָך די פּאָגראָמען פון די 80קער יאָרן — דערציילט ז. רייזען ווייטער — גייט פינקעל-שטיין אַוועק פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און ווערט אַ טעטיקער חובבי-ציון. ער האָט איבערגעזעצט אויף ענגליש פּינסקערס „אויטאָעמאַנ-סיפּאַציע"; שפּעטער איז ער געוואָרן סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע אין ענגלאַנד, האָט אַרויסגעגעבן די „ציוניסטישע קאָרעספּאָנ-דענץ" אין יידיש, האָט אויך געשריבן אַ ריי אַרטיקלען אין יידיש, שפּע-טער נעמט ער אָנטייל אין דער „יידישער טעריטאָריאַליסטישער געזעל-שאַפט", וואָס זאַנגוויל האָט געגרינדעט. לויט אונזערע ידיעות איז ער געשטאָרבן אין לאָנדאָן אין 1920.

פינקעלשטיין איז געווען באַקאַנט אַלס אַ מענטש מיט אויסערגע-ווייניקע... ווייניקלעכן וויסן, דער עיקר אַלס אַ קענער פון פיל שפּראַכן. אין ווינ-טשעווסקיס זכרונות געפינען מיר פאָלגנדיקע שטעלע וועגן פינקעלשטיינען, מיט וועלכן ער האָט זיך געטראָפן אין פּאַריז אין 1879: „אַ יונגערמאַן, מיט עטלעכע יאָר עלטער פאַר מיר, מיט אַן אומגעוויינלעכער באַלעזנהייט. עס איז כמעט נישט געווען קיין זאַך, איבער וועלכער ער האָט נישט געקענט רעדן אינטעליגענט און לאָגיש. אויסגעצייכנט האָט ער זיך פונ-

צווישן די לאָנדאָנער סאָציאַליסטישע טוער אין יענער צייט איז אָנגעזעענסטע פיגור געווען מאָריס ווינטשעווסקי. מיט זיינע אַרטיקלען אינעם „פוילישן אידל" (און אין „צוקונפט"), מיט זיין בראָשור „יהי אור" און מיט זיינע לעקציעס האָט ער זייער פיל געהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון דער באַוועגונג. אָבער צווישן די טוער זיינען אויך געווען עטלעכע אַלטע מיטגלידער פון דער „אגדת הסציאליסתים"; דער וויכטיקסטער פון זיי איז געווען דער שניידער אייזיק סטאָון, וואָס איז גע-וואָרן אַ מיטאַרבעטער פונעם „פוילישן אידל" און שפּע-טער (1885) איינער פון די גרינדער פונעם „אַרבעטער-פריינד". דער „פוילישער אידל" איז געווען מער אַ ראַ-דיקאַל-יידישע צייטונג, בעת דער „אַרבעטער-פריינד" איז „די ערשטע אויסגעשפּראָכן סאָציאַליסטישע צייטונג", ווי ווינטשעווסקי רופט זי אָן. צווישן די גרינדער פון דער צייטונג טרעפן מיר אויך דעם אַרבעטער מאָריס וועס, וועמעס נאָמען מיר געפינען צווישן די מיט-גלידער פונעם לאָנדאָנער פאַראיין פון 1876. די אַלע אַנדערע סאָציאַליסטישע טוער זיינען געווען נייע מענטשן, וואָס די מאַסן-עמיגראַציע האָט אַריינגעבראַכט.

אויף אַ געוויסער צייט ווערט לאָנדאָן דער צענ-טער פון דער יידישער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער-באַוועגונג ביזן סוף פון די 80קער יאָרן, ווען דער צענ-טער גייט אַריבער צו ניו-יאָרק. די באַוועגונג אַנטוויקלט זיך אין ענגלאַנד אויסשליסלעך אין יידיש. אַנדערש איז אָבער געווען אין אַמעריקע, וואו כמעט אין דערזעלבי-קער צייט, מיטן אָנהויב פון דער יידישער מאַסן-אימי-גראַציע, הויבט זיך אָן אַ סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע איז די ערשטע יאָרן, אַ דאַנק דער השפעה פון די איינגעוואַנדערטע רוסיש-יידישע אינטעליגענטן, אָנגעגאַנגען דאָ אין דער ר ו ס י ש ע ר שפּראַך. אין 1882 האָט אַ גרופּע יידישע אינטעליגענטן-סאָציאַליסטן פון רוסלאַנד געגרינדעט אין ניו-יאָרק דעם אַזוי גערופענעם „פּראָפּאַ-

דעסטוועגן פון אַלעמען אָן אויסנאַם אין דער פּאַריזער קאָלאָניע דער-מיט, וואָס ער האָט פאַרשטאַנען נישט ווייניקער פון 22 שפּראַכן, פון זיי זעקס צו רעדן און צו שרייבן" (מ. ווינטשעווסקי, דצ"ו, ז. 151).

אויסער רייזענס אַרטיקל און אַט דער שטעלע פון ווינטשעווסקין זע וועגן פינקעלשטיינען אויך דעם אַרטיקל פון פּ. קאָן: „נייעס וועגן די ערשטע יידישע רעוואָלוציאָנערן-פּובליציסטן" (!), אין „ביכער-וועלט" 1928, נומ. 9. אויפן סמך פון די אַלטע ווילנער פּאָליציי-מאַטעריאַלן ווערן דאָ געבראַכט אייניקע קורצע ידיעות וועגן פינקעלשטיינס ערשטע שריט פון רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע אין ווילנע אָנהויב די 70קער יאָרן.

אונז זיינען באַקאַנט 2 בריוו פון פינקעלשטיינען צו פרידריך ענגעלסן (אַרכיוו-מאַטעריאַלן).

נאַנדע-פאַראיין", וואו מ'האָט גערעדט נאָר רוסיש. דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן פירן דאָ די פּראָפּאַגאַנדע אין יידיש, איז געווען אב. קאַהאַן. אין יאָר 1884 איז פון די יידישע סאָציאַליסטן דאָ געגרינדעט געוואָרן אַ פאַראיין, וואָס האָט אינגאַנצן געטראָגן אַ רוסישן נאָמען— „רוסקי ראַבאָטשי סאָיוז". אינעם זעלביקן יאָר איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אַ פאַראיין — דער „רוסישער לייבאָר לייסעאום", וואו מ'פלעגט אויך האַלטן פאָרטראַגן „אַממייסטן אין דער רוסישער שפּראַך". אין יאָר 1885 איז געגרינדעט געוואָרן דער „רוסיש-יידישער אַרבעטער-פאַראיין", וואו מ'פלעגט שוין האַלטן אָפט פאָרטראַגן אין יידיש 1). בעת צווישן די לאָנדאָנער טוער האָט די רוסישע אָריענטאַציע און די רוסישע שפּראַך נישט געהאַט קיין שום השפּעה, האָט זיך אין אַמעריקע צווישן די יידישע ראַדיקאַלן נאָך אַ סך יאָרן שטאַרק געלאָזט פילן דער רוסיפיקאַטאָרישער גייסט, ביז דער מאַסן-אַרבעטער איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער באַוועגונג.

די ערשטע אָפּגעריסענע פּרוון פון אינדיווידועלער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן יידן זיינען געמאַכט געוואָרן אין ווילנע. אָבער די אייגנטלעכע וויגעלע פון דער יידישער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער-באַוועגונג איז געווען לאָנדאָן פון דעם יאָר אָן, ווען ליבערמאַן און זיינע חברים האָבן געגרינדעט די „אגדת הסציאליסטים העברים" אין 1876. אויב אַפילו אינמיטן די 80קער יאָרן איז דער באָדן פאַר דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע געווען נאָך ווייט נישט קיין גינציקער און דעם „פּוילישן אידל" איז אויסגעקומען אַ לאַנגע צייט צו זיין, ווי ווינטשעווסקי שרייבט, — „דער דרדקי-מלמד פאַר דער יונגער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג", — קען מען זיך פאָרשטעלן, ווי ווינציק צעאַקערט דער באָדן איז געווען אין יאָר 1876. ליבערמאַן און זיינע חברים האָבן דורכגעפירט דעם ערשטן אַקער, אָן וועלכן די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג וואָלט אפשר געווען אוממעגלעך. דער „פּנקס", וואָס מיר דרוקן דאָ, איז דער איינציקער איבערגעבליבענער עדות פון אָט דעם אינטערעסאַנטן פּרווו.

---

דער „פּנקס" אַנטהאַלט אַלע פּראָטאָקאָלן פון דעם לאָנדאָנער סאָציאַליסטישן פאַראיין, זיינע סטאַטוטן און דעם ערשטן געדרוקטן אויפרוף צו די יידישע אַרבעטער אין לאָנדאָן. דאָס איז אַ קליין ביכל פון 129 זייטן, געשריבן מיט ליבערמאַנס באַקאַנטער קלאָרער האַנטשריפט; נאָר דער לעצטער פּראָטאָקאָל איז געשריבן מיט אַן אַנדער האַנט, מחמת ליבערמאַן האָט שוין אין דער זיצונג נישט גענומען קיין אָנטייל. מיר גיבן דאָ אַ פאָטאָגראַפישן אָפּדרוק פונעם שער-בלעטל, פון די סטאַטוטן (יידיש און העבעראיש) און פונעם אויפרוף*).

---

1) זע: הערץ בורגין די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג, ניו-יאָרק 1915; זע אויך: ב. ווײַנשטיין, פערציק יאָר אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג, ניו-יאָרק 1924. ב. ווײַנשטיין—איינער פון די פּיאָנערן פון דער באַוועגונג אין אַמעריקע — דערציילט אין זיין בוך, ווי די איינציקע יידישע צייטונג אין אַמעריקע אין 1882 „די יידישע גאַזעטן" איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דעם „פּראָפּאַגאַנדע-פאַראיין" און זיינע טוער. אָט איז אַ מוסטער פון אירע אָנפאַלן: „ניהיליסטן", „ציציליסטן", „מיסיאָנערן", „משומדים"... וואָס זיצן מיט הוילע קעפּ אָן הישלען; מענער ווייבער און יונגע בתולות זיינען געזעסן צוזאַמען, האָבן גערעדט אויף גויש".

*) צוליב דוחק אין פּלאַץ מוזן מיר זיך אָפּזאָגן צו געבן אין דער הוספה דעם טעקסט פון דער דרשה, וואָס דער ווילנער שטאָט-מגיד האָט געהאַלטן אין די שולן וועגן די ערשטע יידישע רעוואָלוציאָנערן (זע ערשטן קאַפּיטל פון אונזער אַרטיקל). — א. טש.

פִּנְקָס

# אֲגֻדַּת הַסּוֹצִיאַלִיסְטִים הָעִבְרִים בְּלוֹנְדוֹן.

נוסדה

כו׳ אייר ה׳ תרל״ו.

20 (8) May 1876

Hebrew Socialist Union
Estd 20 May 1876.
in London.

דאס שער־בלאט פון „פנקס״ פונעם לאָנדאָנער יידישן סאָציאַליסטישן פאַראיין.

(ארכיוו פון „בונד״, בערלין, מאנוסקריפט נום. 213, יאַר 1876.

א קאָפּיע פון „פנקס״ איז פון דער ארכיוו־פארוואלטונג איבערגעגעבן געוואָרן
דער רעדאקציע פון „היסטאָרישן באנד״).

## פ ע ר צ י י כ נ י ס ס

**פון דיא מיטגליעדער דער געזעללשאפט**

**„אגדת הסצ אליסתים העברים“**

**אין לאָנדאָן**

*דיא ערשטע גרינדער זיינען געוועזען:*

א. ש. ליברמאַן (איש-חמדות)
ליב (לואיס) וויינער
א. גאָלדשטיין
י. ראָזענטהאַל
הירש (געאָרג) סאַפער
אייזיק סטאָון
אליעזר (לאַצאַרוס) גאָלדענבערג
זלמן יעקב (דזשעקאָב)
ב. לעווענקינד*) — אונד
יעקב (דזשעקאָב) אלכסנדר

אין דער פערזאַממלונג מיום השבת כ״ו אייר ה׳תרל״ו
1876 (8/20 May)
אים קווארטיר דעס בירגערס וויינער
40 Gunstreet Norton Folgate E.

---

*) אינעם אָריגינאַל פונעם „פנקס“ ווערן אַלע ווערטער, וואָס האָבן אין דייטש דעם וואָקאַל ä אָדער ö, געשריבן מיט אֶ (למשל, אין די ווערטער: אֶפנטליך, נאֶמליך, גראֶסער, אויך אינעם נאָמען לאֶווענ-קינד וכדומה). צוליב טעכנישע סיבות האָבן מיר אומעטום געמוזט פאַרבייטן דעם „אֶ“ מיט אַן „ע“. בדרך כלל אָבער האָבן מיר זיך געהאַלטן אין דער אָרטאָגראַפיע פונעם אָריגינאַל.

**רעד.**

## מיטגליעדער-פערצייכניסס

| נומ. | נאָמען דער מיטגליעדער | באשעפטיגונג | איינטריטס-דאַטום | איינגעפיהרט דורך | אָנמערקונגען |
|---|---|---|---|---|---|
| 1 | Arnold Liberman | ליטהאָגראַף | כ"ו אייר התרל"ו — 20/8 מאַי 1876 | — | סעקרעטער*) פאָם 20 מאַי 76, כ"ו אייר תרל"ו. |
| 2 | Louis Winer | טישלער | „ „ | — | |
| 3 | Abr. Isaac Goldstein | שניידער מאַשינר | „ „ | — | |
| 4 | Isr. Moritz Rosenthal | שניידער מאַשינר | „ „ | — | קאַססירער פאָם 20/5, 76 — כ"ו אייר תרל"ו |
| 5 | George Saper | Boxmaker | „ „ | — | |
| 6 | Isaak Stoune | שניידער מאַשינער | „ „ | — | ביבליאָטהעקאַר פאָם ט"ז מנ'אב תרל"ו 5 אויג. 76. |
| 7 | Lazarus Goldenberg | שריפטזעצער | „ „ | — | |
| 8 | Salomon Iacob | שניידער (פרעססער) | „ „ | — | |
| 9 | Nathan Loewenkind | שניידער מאַשינער | „ „ | — | |
| 10 | Iacob Alexander | הוטמאַכער | „ „ | — | |
| 11 | Parkman | טישלער | י"ב סיון 76 3/6 תרל"ו | — | על פי טעות איינגעשריבענאַלס מיט-גליעדער, זיא וואַרען נור געסטע |
| 12 | Bromberg | קירשנער | „ „ | ווינער א. [און] סאַפער | „ „ |
| 13 | Deutsh | קלעמפנער | „ „ | „ „ | „ „ |
| 14 | Rosenberg | שטאָקקמאַכער | י"ח סיון תרל"ו 10/6 76 | סאַפער אונד ראָזענטהאַל | |
| 15 | Shimanski | מאַלער | „ „ | „ „ | אויסגעשלאָסן לויט פאַר. 7 פון סטאַטוט |
| 16 | Friman Abraham | פרעססער | כ"ה סיון תרל"ו 17/6 76 | ווינער אונד גאָלדשטיין | אויסגעטרעטען אויס דעם פעראיין |
| 17 | Isaac Bookman | שניידער מאַשינר | ב' תמוז תרל"ו 24/6 76 | ראָזענטהאַל אונד סאַפער | |
| 18 | Marcus Rabinowitz | הוטמאַכער | ב' אב תרל"ו 23/7 76 | זלמן יעקב אונד ווינער | אויסגעטרעטען |
| 19 | Samuel Rabinowitz | הוטמאַכער | ב' אב תרל"ו 23/7 76 | זלמן יעקב אונד ווינער | „ „ |
| 20 | Saul Levy | טישלער | ב' אב תרל"ו 18/7 (30) 76 | מ. ראַבינאָוויץ אונד ווינער | „ „ |
| 21 | Harris Taub | הוטמאַכער | ב' אב תרל"ו 30/7 76 | ש. ראַבינאָוויץ און ליבערמאַן | |

*) אין אָריגינאַל שטייט אומעטום; סעקרעטאַר. — רעד.

| נום. | נאָמען דער מיטגליעדער | באשעפטיגונג | איינטריטטס-דאַטום | איינגעפיהרט דורך | אָנמערקונגען |
|---|---|---|---|---|---|
| 22 | Nathan Berlin | האטערפּרופער | ט"ז אב תרל"ו 76 5/8 | ליברמאַן און גאָלדענבערג | אויסגעטרעטען |
| 23 | Joseph Samuel | פּרעססער | כ"ג אב תרל"ו 12/8/76 | סטאָון און ש. ראבינאָוויץ | " " |
| 24 | Neuman Gorfinkel | שניידער | כ"ג אב תרל"ו 12/8/76 | דשעקאָב און אלכסנדר | |
| 25 | Lipshitz | טישלער | י' תשרי תרל"ו 23 ספּט. | ליבערמאַן אונד ווינער | |
| 26 | Kohn | טישלער | י"א תשרי (23 ספּט.) | לעווי אונד סאַפער | ? |
| 27 | Iabrow Jacob | פאָרשניידער | י"ג תשרי תרל"ו 30 ספּט. 76 | ליבערמאַן אונד גאָלדשטיין | |
| 28 | Polaćek | | 7 אָקט. | יאַזראָח | פערררייזט |
| 29 | Wöss | | 21 אָקט. | | |
| 30 | J. S. van der Haut | | " " | | |
| 31 | Samuel Schamroth | | 18 נאָב. | | |
| 32 | Ai (Isaac) Fahrmann | | 25 נאָוועמבער | | |
| 33 | I. Bell | | | | |
| 34 | Strauss | | | | |
| 35 | A. Fränkel | | | | |
| 36 | H. Saute | | 2 דעצעמבער | ליברמאַן | |
| 37 | I. Saute | | " | ליברמאַן | |
| 38 | Joseph Marx | טישלער | " | ליברמאַן | 44 גט. גאַרדען סטריט אואייטטשעפּעל |

# פּראָטאָקאָל-בוך

## פון דעם אידישען סאָציאַליסטישען פעראיין

## Hebrew Socialist Union

## „אגדת הסציאליסתים העברים"

### אין לאָנדאָן

ביום השבת י"ט אייר ה' תרל"ו (1/13 מאי 1876) האָבען דיעיעניגע פערזאָנען, וואָס האָבען בעשלאָססען צו גרינדען דיא געזעללשאַפט, בעאויפטראַגט דעם בירגער א. ש. ליבערמאַן אויסצואַרבייטען סטאַטוטען פיר דיא געזעללשאַפט. אם פאָלגענדען שבת האַט ליבערמאַן דיא סטאַטוטען פאָרגעלעגט צור אבשטימ-מונג. דער פּראָיעקט פון דיא סטאַטוטען איז נאָך לאַנגען אונ-טערהאַנדלונגען אָנגענאָממען געוואָרען, אויסער פּאַראַגר. 7 איסט אומגעענדערט געוואָרדען. אים פּראָיעקט וואַר נעמליך: „ווער עס וועט ניט נעהמען אַקטיפען אַנטהייל אין דיא ציעלע דער געזעלשאַפט, ווירד אויסגעשלאָססען".

אללע אָנוועזענדע האָבען זיך שטאַרק בעטהייליגט אין דער פערהאַנדלונג איבער דיא סטאַטוטען.

## הסטאטוטים של אגדת הסציאליסתים העברים בלונדון

אחרי אשר הראינו לדעת:

כי הסדרים אשר בכל הארצות כעת, רק עשק וחמס המה; אנשי הבצע, המושלים וכהני הדתות לקחו לנפשם את כל זכיות האדם ואת כל טוב הארץ, ואת בעלי המלאכה כבשו לעבדים על־פי הכסף המושל כעת על כל;

כי כל עוד יהי לאנשים קנין מיוחד, לא יחדל אביון מקרב הארץ; כל אשר יחלקו האנשים לגוים ומשפחות, לא תסוף האיבה מביניהם, וכל אשר ישרו כהני הדת על דעת העם, לא תחדל קנאת הדת;

כי תשועת עולמים תקום לכל בני־האדם רק על ידי תכלית ההפוך והשנוי בנמוסי המדינות, בחיי החברה, במשטרי האקנמיא ובכל דבר אשר בין אדם לחברו, להפוך מן השרש את הקיים כיום ולבנות תחתיו בנין חדש על יסודות הסציאליזמוס, למען התם שוד ואון, להכרית ממשלת הקאפיטאל, לא ישמע עוד בארץ „שלי" או „שלך" ולא ימצאו הולכי בטל, כי אם יהיו כל האנשים שוים בזכיותיהם וכל איש יוכל לקנות שלמות הבשר והרוח, ועל פי בחירתו החפשית יוכל להרבות כשרונותיו ולקחת על ידיהם חלק בשלמות הכלל;

כי בהיותנו אנחנו בני ישראל חלק מן כלל האנשים, על כן לא תוכל לצמח לנו ישועה, רק בהושע לכל־מין האדם;

כי גאולת כל־מין האדם מעניו ועבדותו תוכל לבוא רק על ידי בעלי־המלאכה עצמם, בהיותם כלם אגדה אחת להשתער במלחמת תנופה על־כל עושקיהם כח, להרוס את המשטרים הקיימים ולהקים תחתם את משטרי העבודה, היושר, החרות ואחות כל האנשים;

וכי כבר התחברו בעלי־המלאכה בכל ארצות ערבה *) ואמריקה לחבוית ואגדות, למען השג את המטרה הנעלה הזאת ודבר הקשר הולך וחזק לקום בשעת הכשר ולכונן בארץ ממלכת סציאליזמוס — העבודה —

גמרנו אנחנו ילידי בני ישראל אמר:
להתחבר בברית אחים אל הברית הקדושה אשר כרתו ביניהם בעלי המלאכה — ולזה יסדנו
„אגדת הסציאליסתים העברים".

ובני האגדה הזאת שמו להם לקו, להיות האמת, היושר

*) איירָאפּאַ. — רעד.

## סטאַטוטען פון דעם אידישען סאָציאַליסטישען פעראַייז אין לאָנדאָן

חייל מיר זיינען איבערצייגט:

אַז דיא אָרדנונג, וואָס הערשט איצט אין אַללע לענדער איז מעהר ניט ווי גזלה און אונרעכט; דיא קאַפּיטאַליסטען, די הערשער און די גייסטליכע (דוהאָוונע) האָבען צוגענומען אַללע מענשענרעכטע און אַללעס גוטס פאַר זיך אַלליין און דורך דיא הערשאַפט פון דיא געלט האָבען זיי געמאַכט דיא אַרבייטער צו זייערע שקלאַפען (קנעכט), אַז זאַלאַנג עס וועט זיין פּריוואַטאייגענטהום, וועט ניט אויפהערען דאָס עקאָנאָמישע עלענד; זאַלאַנג די מענשען וועלן זיין געטהיילט אין פעלקער און געשלעכטער, וועט אַלץ זיין צווישן זיי שנאת חנם, און זאַלאַנג עס וועלן הערשען דיא גייסטליכע איבער דיא געמיטהער פון דאָס פאָלק, וועט זיין רעליגיאָנסהאַסס;

אַז דיא ווירקליכע רעטטונג פון אַללע מענשען קען ערר‏ייכט ווערן נור דורך אַ גרינדליכע אומוועלצונג אין דיא פּאָליטישע, עקאָנאָמישע אין געזעללשאַפטליכע פערהעלטניססע, צו אויסוואָרצלען אַללעס בעשטעהענדע און אויפבויען אנשטאַט דעם אַ נייען בנין אויף דיא סאָציאַליסטישע פּרינציפּען, כדי עס זאָלל אונטערגיין אַללעס אונרעכט און די הערשאַפט פון קאַפּיטאַל, עס זאָלל ניט זיין קיין ליידיגגייער און קיין „מיין" און „דיין", אַז אַללע מענשען זאָללען האָבען גלייכע רעכטע און איטלאַכער זאָלל קענגען זיך קערפּערליך און גייסטיג משלים זיין און נאָך זיין פּרייען ווילּלען זאָלל ער קענגען אנווענדען זיינע פעהיגקייטן צום נוטצען און צוא דער השלמה פון אַללע מענשען;

ווייל מיר אידן זיינען אַ טהייל פון דער מענשהייט, דעריבער קען אונז ניט קומען קיין ישועה מעהר ניט ווי דורך די ערלעזונג פון דער גאַנצען מענשהייט.

אַז די ערלעזונג דער גאַנצען מענשהייט פון עלענד און שקלאַפעריי קען בעווירקט ווערן נור דורך דיא אַרבייטער אַלליין, אַז זיי וועלן זיך פעראייניגען צום שטורמקאַמפף געגען זייערע רויבער, צו צערשטערען דיא בעשטעהענדע אָרדנונג און אַנשטאַט דעם פעסטצוזעטצען דיא הערשאַפט פון אַרבייט, גערעכטיגקייט, פרייהייט און ברידערליכקייט פון אַללע מענשען;

און אַז די אַרבייטער פון איירָאפּאַ און אַמעריקא האָבען זיך שוין פעראייניגט אין פערשיעדענע געזעללשאַפטען צו ערר‏ייכען דעם ערהאַבענען ציעל און זיי בערייטען זיך צור רעוואָלוציאָן אום צוא גרינדען דיא הערשאַפט פון אַרבייטער—סאָציאַליזמוס —

האָבען מיר אידישע קינדער דעריבער בעשלאָססען:
זיך אנצושליעססען ברידערליך אן דעם הייליגען אַרבייטער־בונד און צו דעם צוועק
האָבען מיר געגריינדעט איין
„אידישען סאָציאַליסטישען פעראַיין",

וואָס זיינע מיטגליעדער ערקעננען אן וואַהרהייט גערעכטיגקייט און זיטטליכקייט אַלס גרונד־שנור פון זייער פערהאַלטען

והמוסר נר לדרכם גם עם רעיהם וגם עם כל אדם, בלי הבדל הצבע, העם או האמונה, ולקיים את הסמנים האלה:

1. האגדה תתאמץ בכל עוז להפיץ דעת הסציאליזמוס בין בני ישראל בכל מקומות מושבותיהם וגם בין אנשים מיתר העמים, לכונן חברות כמוה בכל מקום אשר תגיע ידה ולאחד את בעלי המלאכה לקום נגד עושקיהם.

2. האגדה תתחבר בברית אחים עם חברי בעלי המלאכה אשר ליתר העמים.

3. כל פועל יוכל להתקבל אל האגדה על-פי שני חברים מבני האגדה.

4. כל ההברים שוים. כל אחד מהם ישלם לקופת האגדה 2 d (פענס) לשבוע או 8 d לחודש.

5. בכל מוצאי שבת תהי אסיפת האגדה. כל אסיפה תבחר לה את היושב בראש (President) וכל דברי המועצה יקומו על-פי דעת הרבים מהנאספים.

6. המזכיר Secretary, הנאמן Cashier יבחרו על משך ששת חדשים, אבל האגדה תוכל להסירם ממשמרתם בכל עת אשר תחפץ.

7. האגדה תוציא מתוכה את האיש, אשר לא יתאימו מעשיו עם הסטאטוטים האלה.

געגען איינאנדער און געגען אללע מענשען אהנע אונטערשיעד פון פארבע, נאציאן אדער גלויבען, און האבען אנגענאממען פאלגענדע פונקטע:

1. דער פעראיין בעשטרעבט זיך צו פערברייטען דיא סאציאליסטישע אידעען אומעטום אונטער אידען, וויא אויך אונטער אנדערע פעלקער, צו גרינדען עהנליכע געזעללשאפטען וואו דער פעראיין וועט קענען און צו פעראייניגען די ארבייטער צום קאמפף געגען זייערע אונטערדריקקער.

2. דער פעראיין בעשטרעבט זיך ברידערליך צו פערבינדען מיט ארבייטער געזעללשאפטען פון אנדערע נאציאנען.

3. יעדער ארבייטער קען אין פעראיין אויפגענוממען ווערען אויף פארשטעללונג פון 2 מיטגליעדער.

4. אללע מיטגליעדער זיינען גלייך בערעכטיגט. יעדער פון זיי צאהלט אין דיא פעראיינסקאססע 2 פענס א וואך אדער 8 פענס א חדש.

5. יעדען שבת צו נאכט איז א פערזאממלונג. יעדע פערזאממלונג קלייבט אויס איר פרעזידענט און אללע בעשליססע ווערען אנגענוממען דורך שטיממענמעהרהייט פון די פערזאממעלטע.

6. סעקרעטער און קאססירער ווערען אויף 6 חדשים אויסגעקליבען אבער דיא געזעללשאפט קען זיי ענזעצען צו יעדער צייט.

7. דער, וואס זיינע האנדלונגען שטימען ניט מיט דיזע סטאטוטען, ווערט אויסגעשלאססען.

---

נאכדעם ווי דיזע סטאטוטען זיינען אנגענוממען געווארען איינשטיממיג, האט דיא נייגעבילדעטע געזעללשאפט געשריטטען צור אבשטיממונג, ווער עס זאלל זיין סעקרעטער און קאססירער. עס איז איינשטיממיג אויסגעקליבען געווארען: בירגער א. ש. ליבערמאן צום סעקרעטער און בירגער י. ראזענטהאל צום קאססירער.

דער סעקרעטער האט איינקאססירט צוויי שילינג און עס איבערגעגעבען דעם קאססירער (קאססא-בוך זייטע 154 און זייטע 159).

דאנן האט דער סעקרעטער ליבערמאן איבערגענוממען צו דרוקקען דעם סטאטוט פון דער געזעללשאפט אויף זיינע קאסטען.

דיזע ערשטע פערזאממלונג האט אנגעפאנגען אום $4^1/_2$ אוהר אונטער פארזיטצונג דעם בירגערס גאלדענבערג און איז געשלאססען געווארען אום $8^1/_2$ אוהר.

סעקרעטער **א. ליבערמאן**

פארזיטצענדער **וויינער**

---

# פראטאקאל

## דער צווייטען זיטצונג פון דעם

## אידישען סאציאליסטישען פעראיין

לאנדאן ד׳ — ה׳ סיון

(27/15 מאי 76) תרל״ו

דיא פערזאממלונג האט זיך אנגעפאנגען אום פינף אוהר אונטער פארזיטץ פון בירגער הירש סאפער. בירגער א. ליבערמאן וואר אויף איינע קורצע צייט פעררייזט און וועהרענד זיינער אבוועזענהייט וואורדע בירגער ל. גאלדענבערג צום סעקרעטער געוועהלט.

1) דער סעקרעטער האט ערוועהנט, אז בירגער ליבערמאן האט פארגעשלאגען לויט סטאטוט זיך צו פערזאממעלן שבת צו נאכט אום אכט אוהר. נאך פיעלען בעמערקונגען פאן אללען מיטגליעדערן האט מאן בעשטיממט נאך אום צוויי מאנאטע לאנג זיך צו פערזאממעלן אום 4–5 אוהר, נאכהער אום 8 אוהר.

2) עס איז גימאכט גיווארען א פארשלאג, אויב מאן קאנן אויפנעהמען קליינע מייסטער און טרעבלער (הויזירער peddler). איינינע ווארען פיר, אנדערע געגען. דער פארשלאג איז ניט אבגעשטיממט געווארען אונד (מען) האט בעשלאססען, צו דיזער פראגע נאך איינמאל צוריק צו קעהרען (זיעהע פראטאקאל 6 זייטע 31).

3) עס איז פארגעשלאגען געווארען צוא אגיטירען אונטער דיא היעזיגע אידישע ארבייטער אום צוא בילדען איינע געווערק-געזעללשאפט (Workman Society). עס וואורדע אבער ערוויעדערט, אז עס וועט זיין פיעל פראקטישער אז

סטאטוטים של

אגודת הסוציאליסטים העבריים

בלונדון.

אחרי אשר ראינו לדעת:

כי הסדרים אשר בכל הארצות כהיום, רק עָוֶל וחמס המה; אַפֵּי הַכֹּל, המושלים וכהני הדתות לקחו ונבלעו את כל גבורת האדם ואת כל טוב הארץ, ואת פעלי המלאכה כבזו לעבדים על-פי הכסף המושל כהיום על-כל;

כי כל עוד יהי לאנשים קנין מיוחד, לא יחדל אביון מקרב הארץ; כל אשר יחלקו האנשים לגוים ומשפחות, לא תסוף האיבה מביניהם, וכל אשר ישנו כהני הדת על דעת העם, לא תחדל קנאת הדת;

כי תשועת עולמים תקום לכל-בני האדם רק על-ידי תפלית ההפוך ושנוי מנהגי המדינות, מחה התקנה, במשטרי האנשים ובכל דבק אשר בין אדם לחברו, להסיר מן הארץ את הקיים כיום ולהגות תחתיו בנין חדש על יסודות הסוציאליזמוס, למען תתם כל ואון, להכרית ממשלות הקאפיטאל, אשר יעבד אדם ארץ של "או מלך" ולא ימצאו פועלי בטל, כי אם יהיו כל האנשים שוים בזכויותיהם וכל איש יוכל לקנות שלמות. הבשר והרוח, ועל פי בחירתו החפשית יוכל להרבות כשרונותיו ולקחת על-ידיהם חלק בשלמות הכלל;

כי מהיותנו אנחנו בני ישראל חלק מן כלל האנשים, על כן לא תוכל לצמח לנו ישועה. רק בהושע לכל-מין האדם;

כי גאולת כל-מין האדם מעֻנָיו ומדכאיו תוכל לבוא רק על ידי בעלי-המלאכה עצמם, בהיותם כלם אגדה אחת להשתדד במלחמת תנופה על-כל משנאיהם כח, להרס את המשטרים הקיימים ולהקים תחתם את משטרי העבודה, היושר, החרות ואחות כל האנשים;

וכי כבר התחברו בעלי המלאכה מכל ארצות אירופה ואמריקה להקמות

סטאטוטן פונעם יידישן סאָציאַליסטישן פאַראיין אין לאָנדאָן 1876.
(העברעאישער טעקסט).

(פנקס פון פאראיין; ארכיוו פון „בונד", בערלין).

(אָריגינאַל-גרויס)

סטאטוטען פֿון דעם

אידישען סאָציאליסטישען פֿעראיין

אין לאָנדאָן.

וויל מיר זיינען איבערצייגט:

אז די אָרדנונג וואָס הערשט איצט אין אללע לענדער איז מעהר ניט ווי גזלה און
אונרעכט; די קאפּיטאליסטען, די הערשער און די גייסטליכער (דוחאָוונע) האבען צוגענומען
אללע [illegible] און אללעס גוטס פֿאַר זיך אללין און דורך די ארבייטער'ס פֿון די
גאָלד האבען זיי געמאַכט די ארבייטער צו זייערע שקלאַפֿען (קנעכט);
אז זאָלאַנג עס וועט זיין פּריוואטאייגענטהום, וועט ניט אויפֿהערען דאס שקלאַפֿעריי
עלענד; זאָלאַנג די מענשען וועלען זיין געטהיילט אין פֿעלקער און געשלעכטער, וועט אלץ זיין
צווישען זיי שנאת חנם, און זאָלאַנג עס וועלען עקזיסטירען די גייסטליכער איבער די
געמיטהער פֿון דאס פֿאָלק, וועט זיין רעליגיאָנסהאַסס;
אז די ווירקליכע רעטטונג פֿון אללע מענשען קאן ערריכט ווערען נור דורך א
גרינדליכער אומוואַלצונג אין די פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און געזעללשאַפֿטליכע פֿער־
הֶעלטניססע, צו אומוואַנדלען אללעס בעשטעהענדע און אויפֿבויען אנשטאַט דעם א נייעם
בנין אויף די סאָציאַליסטישע פּרינציפּען. כדי צו מאַכען אונטערגיין אללעס אונרעכט און די
הערשאַפֿט פֿון קאַפּיטאַל, צו מאַכען ניט זיין קיין [illegible] און קיין "מיין" און "דיין"
אז אללע מענשען זאָללען האבען גלייכע רעכטע און איטליכער זאָל קענען זיך
[illegible] און גייסטיג שלם זיין און נאך זיין פֿריי וועללען מיר קענען
אויסרעדען זיינע פֿעהיגקייטען צום נוטצען און צו דער תשלום פֿון אללע מענשען;
וויל מיר זיינען א טהייל פֿון דער מענשהייט, בעדאַרפֿען קאָנען אונז ניט
קומען קיין ישועה מעהר ניט ווי דורך די בעפֿרייאונג פֿון דער גאַנצער מענשהייט.

סטאַטוטן פֿונם יידישן סאָציאַליסטישן פֿאַראיין אין לאָנדאָן 1876.
(יידישער טעקסט)

(פּנקס פֿון פֿאַראיין; ארכיוו פֿון „בונד”, בערלין).

(אָריגינאַל־גרויס)

ארגאניזירען צוערשט א עפפענטליכע פערזאמלונג public meeting און נאכהער שרייטען צור אגיטאציאן אום צו בידען איין ארבייטער-געזעללשאפט, און דאס איז אויך אנגענאממען געוואָרדען.

4) מאן האט פארגעשלאגען, אז יעדעס מיטגליעד זאלל זיך איין נאָטיצבוך איינפיהרען אום איינצושרייבען ארבייטער-סטאטיסטיק און פערשיעדענע נאָטיצען איבער פערהעלטניססע צווישען ארבייטער און מייסטער. דאס איז איינשטיממיג אנגענאָממען געוואָרדען.

5) מאן האט פארגעשלאגען איין בוך אויסצוועהלען אום אויף יעדער פערזאממלונג דאראויס צו לעזען, אדער א פארטייבלאט. ניעמאנד וואר דאגעגען, נור האט מאן דאריבער נישט געשטיממט.

דיא פערזאממלונג האָט בעשלאָססען, שבועות אין ווייטשעפל Whitechapel און איסט-ענד East End פראָפאגאנדא צו מאכען, אום נייע מיטגליעדער אנצווערבען.

דיא קאססע האט בעקאָממען זעבצעהן פענס (קאססא-בוך זייטע 154 און 159).

דאמיט איז דיא פערזאממלונג געשלאָססען וואָרדען אום 8 אוהר.

פרעזידענט **צבי סאפער**
סעקרעטער **אליעזר גאָלדענבערג**

## פ ר אָ ט אָ ק אָ ל

### דער ד ר י ט ט ע ן פערזאממלונג דעס

### יידישען סאָציאליסטישען פעראיינס

### 77 ,Leman str. Whitechapel, E.

### 77 לעמאן סטריט ווייטשעפל איסט.

לאָנדאָן י"ב — י"ג סיון
תרל"ו 22 מאי — 3 יוני 76

די זיטצונג האט אנגעפאנגען אום 5 אוהר אונטער פאָרזיטצונג פון בירגער ל. ווינער.

אין דער פערזאממלונג וואַרען 5 געסטע.

דער סעקרעטער האָט פאָרגעלעזען דען פראָטאָקאָל דער פאָריגען פערזאממלונג, וועלכער איינשטיממיג אנגענאָממען וואורדע.

מאן האט פאָרגעשלאגען די געסטע בעקאנט צו מאכען מיט דעם פראָגראַמם און דעם צוועקק פון דער געזעללשאפט, דיעזעס האָבען גאָלדענבערג און סאפער ערפיללט.

בירגער גאָלדשטיין האָט פאָרגעלעגט די פראגע, אָב דיא מיטגליעדער דאָס רעכט האבען, אין דיא פערזאממלונג געסטע איינצופיהרען. נאך לאנגען דיסקוססיאָנען האָט מען דורך שטיממענמעהרהייט בעשטיממט, דאסס דיא מיטגליעדער געסטע איינפיהרען קעננען.

בירגער ראָזענטהאל האָט פאָרגעשלאגען צו פערגרעססערן דיא צאהלונג אין דיא פעראיינסקאססע, נאכדעם דיא מיטגליעדער אנצאהל וועט פערגרעססערט ווערן. דיא דיסקוססיאָן דאריבער איסט אויפגעשאָבען.

בירגער סטאָונע [סטאָון?] האָט ערצעהלט, ויא זיין מייסטער בערויבט די ארבייטער, ער האָט ערצעהלט פון זיך זעלבסט איין ביישפיעל ויא זיין מייסטער האָט איהם ערב שבועות (28/16 מאי) גידונגען אויף ארבייט ביז צוויי אוהר און האט איהם איבערהויפט (überhäuft) מיט ארבייט ביז $4^1/_2$ אוהר, דאבײ האָט ער איהם בעצאהלט נור פיר דיא צייט ביז 2 אוהר. דאָסזעלבע האָט בעשטעטיגט בירגער ראָזענטהאל וואָס ער האָט אויך ביי דעמזעלבען געארבייטעט און ער האָט אים אללגעמיינעם פאָרגעשטעללט די בעזאָנדערס שלעכטע בעהאנדלונג פון די ניי-אנגעקאָממענע (גרינע).

פאָן דען געסטען האָבען זיך אלס מיטגליעדער איינגעשריעבען: פ ר ק מ א ן, טישלער; ב ר אָ מ ב ע ר ג, קירשנער אונד ד י י ט ש. דיא קאססע האָט בעקאָממען ז ע ב צ ע ה ן פענס.

דיא פערזאָממלונג איז געשלאָססען געוואָרדען אום $7^1/_2$ אוהר.

פאָרזיטצענדער **וויינער**
סעקרעטער **גאָלדענבערג**

## פ ר אָ ט אָ ק אָ ל

### דער פ י ע ר ט ע ן זיטצונג

### דעס יידישען סאָציאליסטישען פעראיינס

### 77 לעמאן סטריט ווייטשעפל איסט

לאָנדאָן י"ח—י"ט סיון (29 מאי—10 יוני) תרל"ו — 1876

די זיטצונג וואר ערעפפנעט אום 5 אוהר, אונטער פאָרזיטץ דעם בירגערס אייזיק סטאָון.

דער סעקרעטער האָט פאָרגעלעזען דעם פראָטאָקאָל דער פאָריגען פערזאממלונג. עס וואורדע בעמערקט, דאס נאָטיצען איבער דען ארבייטערשטאנד אים פראָטאָקאָל ניכט אויפגענאָממען ווערדען זאָללען. נאכהער וואורדע דאסס פראָטאָקאָל אבגעשטיממט אונד אויפגענאָממען.

בירגער גאָלדשטיין האָט בעמערקט, דאסס מאן אים פראָטאָקאָל איממער איינטראגען זאָלל דיא נאמען פון דיא געסטע אָדער פון די ניי-איינגעטרעטענען מיטגליעדער, און דאצו דיא נאמען פון דיעיעניגע, וואָס האָבען זיי איינגעפיהרט אדער פאָרגעשטעללט.

בירגער גאָלדענבערג האט איינען פאָרטראג געהאלטען איבער דיא ארבייטער-בעוועגונג אין דער שוייץ, דאנן האָט ער ערקלערט דען אונטערשיעד צווישען פאָליטישע פארטייען און צווישען אינטערנאציאָנאלע סאָציאליסטישע פארטייען, געשפראָכען איבער דען ערשטען אינטערנאציאָנאלען קאָנגרעסס פון 1866 אין גענף (Genève), אנאליזירטע דאס פראָגראמם פון קאָנגרעסס און זיינע דיסקוססיאָן מיט דען מאצציניסטען, מיט דיא יאקאָבינער און אללערלייא פאָליטישע פארטייען.

בירגער סאפער האט בעמערקט, אז דיא יודען האבען איינען גראססען אנטהייל גינומען אן דער סאציאליסטישען בעוועגונג, וועגן ניכט אלס מאססע, דאך יעדענפאללס אלס פארשטעהער.

דאנן האט ער עראיננערט איניגע אידישע נאמען, וואס זיינען די הויפטפיהרער פון דער סאציאליסטישען פארטיי.

אלס מיטגליעדער זינד איינגעטרעטען: ראזענבערג, שטאקקמאכער, און שימאנסקי, מאלער. ביידע איינגעפיהרט דורך סאפער און ראזענטהאל.

דיא פערזאממלונג איז געשלאססען גיווארען אום 7 1/2 אוהר. די קאססע האט בעקאממען אכטצעהן פענס (קאססע ז' 154 אונד זייטע 159).

פארזיטצענדער —

סעקרעטער גאלדענבערג

## פראטאקאל

### דער פינפטען זיטצונג

### דעס יידישען סאציאליסטישען פעראיינס

77 לעמאן סטריט וויטשעפל איסט.

לאנדאן כ"ה — כ"ו סיון
ה' תרל"ו (17/5 יוני 76)

די זיטצונג וואר ערעפפנעט אום 4 אוהר פון דעם פארזיטצענדען בירגער סאפער.

דער סעקרעטאר האט פארגעלעזען דעם פאריגען פראטאקאל, וועלכער איינשטיממיג אנגענאממען ווארדע.

אין דער פערזאממלונג ווארען צוויי געסטע, איינגעפיהרט דורך בירגער סאפער: בירגער קויפמאנן און בירגער פריימאנן.

מיט ערלויבניסס פון דער פערזאממלונג האט בירגער קויפמאנן געהאלטען א פארטראג איבער דיא פראנצעזישע פילאזאפען פון אכטצעהנטען יאהרהונדערט, וועלכע האבען פארבערייטעט די פראנצעזישע רעוואלוציאן פון 1789.

ער ערקלערטע, אז דיא שריפטשטעללער וואלטער Voltaire רוססא Rousseau און איבערהויפט אללע ענציקלאפעדיסטען, האבען אנגעפאנגען דען קאמפף געגען דיא אריסטאקראטיע, געגען דיא רעליגיאן און געגען דיא רעגיערונג און דיא גראססע רעוואלוציאן האט פראקלאמירט (אויסגערופען) דיא רעכטע אונד פרייהייט דער מענשהייט.

בירגער גאלדענבערג האט בעמערקט, דאסס אבוואהל דיא פילאזאפען האבען געשפראכען פון פרייהייט, האבען זיי דאך געשפראכען נור פון פאליטישער פרייהייט אבער ניט פון דער יעניגען עקאנאמיש-סאציאלען פרייהייט, וואס מיר סאציאליסטען פערלאנגען.

בירגער שימאנסקי האט פארגעלעגט די פראגע, אב אין אונזער פעראיין קענען אויפגענומען ווערען נור ארבייטער, אדער מאן קאנן אויפנעהמען אויך קליין-מייסטער, קלערקע, גלאזער און טרעבלער.

דיא ענטשיידונג פון דיעזער פראגע איז אפגעלייגט געווארען אויף איין אנדער צייט.

אלס מיטגליעד איסט איינגעטרעטען בירגער פריימאן, פארגעשטעללט פון בירגער ווינער און גאלדשטיין.

דיא קאססע האט בעקאממען צווי שיללינג (קאססע בוך זייטע 154 און זייטע 159).

דיא פערזאממלונג איז געשלאססען געווארען אום (?) אוהר.

פארזיטצענדער צבי סאפער

סעקרעטער גאלדענבערג

## פראטאקאל

### דער זעכסטען זיטצונג

### דעס יידישען סאציאליסטישען פעראיינס

77 לעמאן סטריט וויטשעפל איסט

לאנדאן ב' — ג' תמוז
תרל"ו (24/12 יוני 76)

די פערזאממלונג איז ערעפפנעט געווארען אום 5 1/2 אוהר אונטער פארזיטץ דעם בירגערס ווינער. סעקרעטער וואר דער צוריקגעקעהרטע בירגער ליבערמאן.

דער סעקרעטער האט פארגעלעזען דעם פאריגען פראטאקאל, וועלכער איז איינשטיממיג אנגענומען גיווארן.

אין דער פערזאממלונג איז גיווען איין גאסט, איינגעפיהרט פאן בירגער ראזענטהאל, נאמענס בוכמאנן (Bookman).

עס וואורדע געפראגט, אב פארטרעגע אין דער דייטשען שפראכע ניצליך זינד. דיא מעהרצאהל ווארען דאפיר, דאס נור זאלכע פארטרעגע אים פעראיין געהאלטען ווערדען זאללען, וועלכע אין איינער אללען פערשטענדליכען שפראכע געהאלטען ווערדען.

עס איסט ווידער אויפגעווארפען געווארדען דיא פראגע, וואס איז שוין פארגעקאממען אין דער צווייטען זיטצונג (פראטאקאל 2, זייטע 23), אויב מאן קאנן אויפנעהמען אין פעראיין קלערקע, קליינע טרעבלער, גלאזער און קליינע מייסטער. עס וואורדע פיר און ווידער געשפראכען. דיא שטיממען ווארען פאסט גלייך געטהיילט. בירגער ווינער אונד בירגער ראזענטהאל ערקלערטען, וואס אייגנטליך גלאזער און טרעבלער זינד: דער כאראקטער פון א גלאזער און א טרעבלער איז איינס. ביידע טהיילען זיך אין דריי קלאססען. א) Weekly primed, וועלכע וואארען פאן איינעם קויפמאן נעהמען צו פערקויפען פיר דיא רעכנונג דעם קויפמאנס און זיי בעקומען איינען וועכענטליכען געהאלט. ב) דיסקאנט-טראוולער, וואס בעקומען פיר דען פערקויף פון דעם קויפמאנס וואארע א געוויססען פראצענט, נעמליך איין שיללינג פון פונט (5%). ג) דיא אייגענטליכען טראוולער, וועלכע פיר איהרע אייגנע רעכנונג האנדעלן.

עס האורדע בעשלאָססען אנצונעהמען קלערקע אונד לאָהן אָדער שטיק-ארבייטער אָבער קיינע מייסטער אין טרעזלער. דאָך האורדע נאָך ניכט גענויא בעשטיממט, אָב אללע 3 קלאַססען טרעוולער אָדער נור איין געוויססער טהייל ניכט אנצונעהמען זייא. דאס וואר אבגעשטיממט מיט איינער שטיממענמעהרהייט אללער מיטגליעדער געגען סטאָון.

עס וואורדע בעשלאָססען, דאָס יעדער, ווער איינען פאָרטראג צו האלטען ווינשט, איממער מיט איינער וואָכע פריהער דעם פעראיין דאָס טהעמא מיטטהיילען זאָלל, פאָן וועלכער ער שפרעכען וויללּ, אונד נור מיט צושטיממונג דעם פעראיינס זאָלל איבער דאס טהעמא געשפראָכען ווערדען.

בירגער ליבערמאַן האָט דעם פעראיין צור בעאורטהיילונג דען פלאַן איינער ארבייטער געזעללשאפט אויסאיינאנדער געזעצט. מיט ערלויבנים דער פערזאממעלטען האָט דער גאסט בוכמאן ערצעהלט פאָן דער ארבייטער געזעללשאפט, וועלכע אין לאָנדאָן אונטער דען אידישען שניידערן אים יאהר ה׳ תרל״ה — 1875 געבילדעט וואָרד אונד וויא זיא איז אויסאיינאנדערגעגאַנגען. — עס וואורדע דאריבער דיסקוטירט, אָב דיא געזעללשאפט איינע געמישטע זיין זאָלל, אָדער איינע פעדעראציאָן, וועלכע עס בעשטעהט אויס זעלבסטשטענדיגען געזעללשאפטען פון יעדעם האנדווערק בעזונדער. עס איז איינשטיממיג געגען סאפער אנגענאָממען צו בילדען איינע געמישטע געזעללשאפט פון אללע ארבייטען צו בלדגן.

בירגער ליבערמאַן האָט פאָרגעשלאגען איין רעפעראט: איבער דיא ענטוויקקעלונג דער מענשליכען געזעללשאפט, וועלכע ער דענקט צו האלטען אין דער פערזאממלונג אין 3 אָדער פיער זיצונגען. עס איז איינשטיממיג אנגענאָממען.

דער גאסט בוכמאַן (Isac Bookman) איסט אלס מיטגליעד איינגעטרעטען, איינגעפיהרט פאָן ראָזענטהאל אונד סאפער. דיא קאססע האָט בעקאָממען אכט אונד צוואנציג פענס (קאססע בוך זייטע 154 און זייטע 159)׳

דיא פערזאממלונג איז געשלאָססען געוואָרדען אום 11 אוהר.

פאָרזיטצענדער **וויינער**
סעקרעטער **א. ליבערמאַן**

## פראָטאָקאָל

### דער זיבענטען זיטצונג

### דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

8 לעמאָן סטריט ווייטשעפל איסט

לאָנדאָן י׳ תמוז תרל״ו
2 יולי (20 יוני) 76.

דיא פערזאממלונג איז ערעפפנעט געוואָרן אום 8 $^1/_2$ אוהר אבענדס, פאָן דיעזעם טאג אן איז בעשלאָססען געוואָרן צו פערזאממעלן זיך, לויט סטאטוט, אום 8 אוהר אבענדס. פאָרזיטצענדער איז געוועזן בירגער ראָזענטהאל.

נאָך דעם לעזען פון פאָריגען פראָטאָקאָל האָט דער סעקרעטער מיטגעטהיילט דער פערזאממלונג אז אין Jewish Chronicle פון 23 יוני דיעזעס יאהרעס איז געדרוקקט וועגען אונזער פעראיין פאָלגענדער ארטיקעל אונטער דער רובריק A warning (דער ארטיקל ווערט ניט געבראַכט).

ווייל דיא צייטונג „דזשויש כראָניקל״ לייגנעט די עקזיסטענץ אונזרער געזעללשאפט, האָט דער סעקרעטער פאָרגעשלאגען צוא פערקינדען דיא גרינדונג פון אונזער פעראיין אין סאָציאליסטישע בלעטטער. בירגער סאפער האָט געזאָגט, אז הייל מיר טרעטען אויף געגען די בורזשואזיע און ארבייטען געגען איהר, דארפען מיר זיין געפאססט אויף אנגריפפע פון איהרער זייט, אָבער מיר דארפען נור אונזער ציעל האָבען פאר זיך און אויף די אנגריפפע ניכט אכטען, דאָך שטיממט ער ביי אז מאן זאָלל אנקינדיגען וועגען אונזער געזעללשאפט אין סאָציאליסטישע צייטונגען. אויף פאָרשלאג דעם בירגערס גאָלדענבערג האָט דיא פערזאממלונג דיעזע זאכע בעאויפטראגט דעם סעקרעטער.

הייל דיא געזעללשאפט איז ניט געוועזן פול, האָט בירגער ליבערמאַן אָפגעלייגט זיין פאָרטראג אויף איין אנדער פערזאממלונג. און האָט אין דער פערזאממלונג פאָרגעלעזען זיינע א בראָשירע איבער דיא לאגע פון די אידן אין רוססלאנד, איבער דיא גרינדונג פון אינטערנאציאָנאל און פון דיא ארבייטערבעוועגונג אין דער געגענווערטיגען צייט.

עס איז דיסקוטירט געוואָרען דאריבער, אויב מאן זאָלל יעצט שרייטען צום צוזאממענרופען א מיטינג (meeting) פון אידישע ארבייטער אום צוא בילדען איין געווערקשאפטס-געזעללשאפט אָדער פאָרלייפיג פערגרעססערן אונזער סאָציאליסטישען פעראיין דורך אנווערבען פון נייע מיטגליעדער, ביז לערך 30. — דיא פערזאממלונג האָט פאָרלייפיג בעשלאָססען צו פערגרעססערן די מיטגליעדער-אנצאהל. דאביי איז בעמערקט געוואָרען אז אין דער פראָפאגאנדא זאָלל מען אויסמייכען שטרייטיגקייטען איבער רעליגיאָנסזאכען און זיך דארין הויפטזעכליך האלטען אן דען קאמפף געגען דיא גייסטליכע.

אינטערדעססען איז אין דיא געזעללשאפט געקאָממען אלס גאסט, איין דייטשער, איין קריסט. מיט ערלויבניסס דער מיטגליעדער האָט ער אָנטהייל גענאָממען אין די פערהאנדלונגען איבער דיא רעליגיאָן. ער וואר אנפאנגס דאפיר דאסס מאן אים געגענטהייל פיר דיא רעליגיאָן האלטען מוסס, נור דאסס מאן דאס פריעסטערוועזען פערווערפען דארף. דא האט איהם דער סעקרעטער דיא סטאטוטען פאָרגעלעזען, עס וואורדע אייניגעס איבער די בעשטעהענדע רעליגיאָנען געשפראָכען. זאָ דאסס דער גאסט דעם פראָגראמם אונד דען סטאטוטען אויך אין דיעזעם פונקט ביישטיממטע.

עס וואורדע געפראגט, אָב דיא קאססע געשענקע אָננעמען קאַן? — די פראגע וואורדע בעיאהעמ.

דיא פערזאממלונג האט איינשטיממיג בעשלאָססען, צו פערגרעססערן דען וועכענטליכען מיטגליעדער-ביטראג פאָן צוויי פענס אויף דריי פענס. און דיזע פערגרעססערונג דער צאָהלונג וואורדע שאָן אין דערזעלבען זיטצונג פאָללצאָגען.

דיא קאַססע האָט בעקומען איינאונצוואַנציג פענס (קאַססע, זייטע 154 אונד 159).

דיא פערזאממלונג איז געשלאָססען געוואָרען 11 אוהר.

פאָרזיטצער ראָזענטהאַל
סעקרעטער ליבערמאַן

# פראָטאָקאָל

## דער אַכטען זיטצונג

### דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

8 לעמאַן סטריט ווייטשעפּל איסט

לאָנדאָן י"ז תמוז תרל"ו
26 יוני — 8 יולי 76.

דיא זיטצונג איסט ערעפפנעט געוואָרדען אום $8\,^1/_2$ אוהר אונטער פאָרזיטץ דעם בירגערס גאָלדשטיין.

נאָך פאָרלעזען דעם פאָריגען, פאָן אללען אנגענאָממענען פראָטאָקאָלס, האָט בירגער סאַפּער דער פערזאַממלונג איינען בעריכט ערטהיילט איבער דאָס לעבען אונד טהאַטען דעס אַם 1 יולי ד. יאַהרעס פערשטאָרבענען באַקונינס, וויא דיעזער רוססישע ריעזענגייסט זיך פערדיענט געמאַכט האַט אום דיא סאָציאַליסטישע פראַגע ניכט נור אין רוססלאַנד, זאָנדערן אין גאַנץ אייראָפּאַ.

דאַנן איז דיא געזעללשאַפט איבערגאַנגען צור פראַגע, אָב עס ניכט פּיללייכט מעגליך איסט, אויססער פראָפּאַגאַנדאַ אויך צו אַגיטירען אונטער די אַרבייטער און פאָרבערייטען איינען באָדען פיר איינען פּובליק-מיטינג. איינינע האָבן זיך אויסגעשפּראָכען דאַפיר, אַז עס וואָלט בעססער גיווען זיך זאָפּאָרט צו אַ פּובליק-מיטינג פאָרצובערייטען, ווייל אויף שנעללע פערגרעססערונג דעס פעראיינס קען מאַן ניט רעכנען און דיא בילדונג פון איין געווערקשאַפטס-געזעללשאַפט איז זייער וויכטיג און מאַן קען עס ניט אָפּלייגען.

עס איז פאָרגעקאָממען דאַבּיי איינע פראַגע וויא דיא געזעללשאַפט געבילדעט ווערדען זאָלל און אויב עס איז נישט נעטהיג אויסצואַרבייטען א פראָיעקט פון דיא סטאַטוטען פיר די געווערקשאַפט-געזעללשאַפט. בירגער ליבערמאַן האָט דאַרויף געאַנטוואָרטעט, אַז מיר פיהלען זיך ניט באַרעכטיגט צו פּראָיעקטירען און פאָרלעגען דען אַרבייטערן סטאַטוטען אין זייער געזעללשאַפט. זייערע סטאַטוטען וועלען זיי אַלליין מאַכען.

בירגער סאַפּער האָט דאַבּיי דיא פראַגע געשטעללט, אָב וויר גאַנץ און גאַר איינע געווערק-געזעללשאַפט בילדען זאָללען. וויר זינד דאָך איינע רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטישע געזעללשאַפט, אָבער אַז מיר זאָללען בילדען איין געזעללשאַפט מיט אינוואַלידען און קראַנקען-קאַססען איז דאָס פּיעללייכט ניכט איבעראיינשטיממענד מיט אונזער פראָגראַמם?

דער סעקרעטאַר האָט איהם דאַרויף געאַנטוואָרטעט, אַז לויט פּונקט 1 פון אונזערע סטאַטוטען „ולאחר את בעלי המלאכה לקום נגד עושקיהם" דאַרפין וויר פעראייניגען די אַרבייטער צוא געזעללשאַפטען און די געזעללשאַפט וואָס מיר דענקען צוא מאַכען איז אויך איבעראיינשטיממענד מיט דען פּרינציפּיען דעס סאָציאַליזמוס. דיעזעלבע מיינונג האָט אונטערגעשטיצט בירגער גאָלדענבערג אונד אויך גאָלדשטיין.

דאַרויף האָט מאַן זיך צוריקגעקעהרט צום געגענשטאַנד דער טאַגעסאָרדנונג און מאַן האָט דיא פראַגע נור גראַדע געשטעללט, אָב מאַן פיר פערגרעססערונג אונזערעס פעראיינס אַרבייטען זאָלל, אָדער פיר איינע געווערק-געזעללשאַפט. מאַן דיסקוטירטע דאַריבער, אָהנע ריקקזיכט צוא נעהמען אויף דען בעשלוסס דער פאָריגען פערזאַממלונג (פראָטאָקאָל 7 זייטע...). יעדעס מיטגליעד האָט ביזונדער זיין מיינונג גיזאָגט. ווייל דיא פערזאַממלונג האָט פיר נעטהיג געפונדען צו לאָזען דרוקקען איינען אויפרוף צו דיא אידישע אַרבייטער פון לאָנדאָן, האָט זאָך דיא פאָריגע פראַגע פאָלגענדער מאַססען פאָרמולירט: אויב מאַן זאָלל לאָזען דרוקקען איין סאָציאַליסטישעס אַגיטאַציאָנסבלאַט, וואָ מאַן זאָלל דען אַרבייטערן ערקלערען דיא פאָדערונגען פון סאָציאַליזמוס און דאַדורך וועט מען קענען רעכנען אויף פערגרעססערונג אונזערעס פעראיינס, אָדער מאַן זאָלל דרוקקען איינען אויפרוף אַן די אַרבייטער צו פעראייניגען זיך אין אַ געזעללשאַפט אָדער צוזאַממענרופען זיי אויף איין פּובליק-מיטינג. די געזעללשאַפט וואָלט גידרוקט איינענטליך צוויי פּאַפּיערען, אויב די קאַססע וואָלט ערלויבט.

בירגער סאַפּער האָט פאָרגעשלאָגען צו נעהמען הונדערט אַגיטאַציאָנס נוממערן דעס „פאָלקס שטאַט" און פערברייטען זיי, וועט מען דאָס ערשטע ניט דאַרפען דרוקקען, אָבער בירגער גאָלדענבערג האָט דיעזען פאָרשלאַג געפונדען פיר אונפּראַקטיש, ווייל דיא מאַססע פון דיא אידישע אַרבייטער מיט דער דייטשען שפּראַכע ניט בעקאַננט איסט.

ביי אַבשטיממונג האָבען דיא מייסטען דער אַנוועזענדען מיטגליעדער געשטיממט פיר דרוקקען איין אויפרוף צו אַ פּובליק-מיטינג און דיעזעס איז אַנגענאָממען געוואָרען.

דיא פערזאַממלונג האָט בעשלאָססען, אַז יעדער פון דיא מיטגליעדער זאָלל זיך פאָרבערייטען צום פּובליק-מיטינג. ער זאָלל זיך אויסאַרבייטען איינע פראַגע אום צו פאָרטראַגען דאָס אין דער עפפענטליכען פערזאַממלונג וואָס וועט זיין, און אויב עס איז מעגליך, זאָלל יעדער צוזאַמענעהמען פאַקטאַ אויס דעם לעבען פון דיא היעזיגע אידישע אַרבייטער.

דיא פערזאַממלונג האָט איינשטיממיג פיר דען אַנטראַג דעם בירגער סאַפּער בעשלאָססען, אַז ניעמאַנד פאָן דען מיטגליעדערן זאָלל אונטערברעכען אין דער זיטצונג דיא רעדנער וואָס האָבען דאָס וואָרט, נור דער פאָרזיטצענדע האָט דאַצוא דאָס רעכט.

דיא קאססע האט בעקאָממען זיעבען און צוואנציג פענס (קאססע בוך זייטע 154 אונד זייטע 159).

דיא זיטצונג איז געשלאָססען געוואָרען אום האלב צוועלף.

פאָרזיטצענדער גאָלדשטיין
סעקרעטער א. ליבערמאַן

## פראָטאָקאָל

### דער נייַנטען זיטצונג

### דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

8 לעמאַן סטריט ווייטשעפּל איסט.

לאָנדאָן כ״ד תמוז
(15/3 יולי 76) ת־ל״ו

די פערזאממלונג האָט אָנגעפאנגען אום 8 1/2 אוהר. אונטער פאָרזיטץ דעם בירגערס בוכמאַן.

דער סעקרעטער האט דאָס פאָריגע פראָטאָקאָל פאָרגעלעזען, וועלכעס פאָן דען מיטגליעדערן אנגענאָממען וואורדע.

בירגער סאָפער האט דער פערזאממלונג פאָרגעלעגט, אז עס וועהרע גוט, מאַן זאָלל זיך פערזאממעלן אין דער בעשטימטען שטונדע, וויל שפעטער ווי ביז אום 12 קאנן מאַן ניט פערווײַלען און מיט דעם שפעט קאָממען רויבט מאַן זיך זעלבסט דיא צייט. דאנן האָט סאָפער פאָרגעשלאגען מאַן זאָלל יעמאַנד בעאויפטראגען איינען אגיטאציאָנס־ארטיקעל צו פערפאססען צום אייפרוף דער ארבייטער צוא איינעם דזשענעראַל־מיטינג (Generalmeeting). בירגער ראָזענטהאַל האָט שטאַט דעססען פאָרגעשלאגען איינפאַכע איינלאדונגסצעטטעל. בירגער גאָלדענבערג זאגטע דאסס דיא הויפּטזאכע איסט זיך זעלבסט פאָרצובערייטען צו דען פאָרטראגען אָדער רעדען אין דער פערזאממלונג דער ארבייטער, דאָס דרוקקען דער איינלאדונג איזט דיא שפעטעסטע ארבייט, וועלכע אויך ניכט לאנג דויערן ווירד.

דאנן, נאָך איידער דאָס פאָריגע איז ערלייטערט געוואָרדען, איז פאָרגעקאָממען דיא פראגע, אין וועססען נאַמען זאָלל דאָס פאפיער געדרוקקט ווערדען, אָב אין דעם נאָמען אונזערער געזעללשאפט, אָדער אים נאָמען פאָן איינינגען ארבייטערן אָדער ענדליך גאנץ אָהנע נאָמען. פאָן דער ענדשיידונג דיעזער פראגע הענגט אָב — ניט נור דער כאַראַקטער פון דעם פאפיער, וואָס מיר דענקען צוא דרוקקען, זאָנדערן אויך דער כאראקטער פון דער פערזאממלונג דער ארבייטער, וועלכע וויר צוא פעראַנשטאַלטען זוכען.

עס וואורדע דאריבער שטארק דיסקוטירט. אונטערדעססען האָט דער סעקרעטער אויסאייננאנדער געזעצט, וואָס פיר איין פראָגראַם דארפען די יודען אין פערשיעדענע לענדער האָבען, דאמיט זיי זאָללען איינערזייטס קעננען איבעראיינשטיממענד האנדלען און דאך זאָללען זיי אנדערזייטס הארמאָנירען מיט דעריעניגען סאָציאַליסטישען פארטיי, וואָס איז אין דעם לאנד וואָ זיא וואָהנען.

דיא פערזאממלונג האָט אללע פאָרגעקאָממענע פראגען געשלאָססען אויף דיא קינפטיגע פערזאממלונג צור אבשטיממונג.

דיא קאססע האָט בעקאָממען צוויי שיללינג (קאססע בוך זייטע — און זייטע —). און דאמיט איז דיא פערזאממלונג געשלאָססען. —

פאָרזיטצענדער I. Bookmann
סעקרעטער א. ליברמאַן

## פראָטאָקאָל

### דער צעהנטען זיטצונג

### דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

8 לעמאַן סטריט ווייטשעפּל איסט.

לאָנדאָן ב״ אב תרל״ו
22/10 יולי 1876

די זיטצונג איז ערעפנעט געוואָרען אום 8 אוהר, אונטער פאָרזיטץ דעם בירגערס גאָלדענבערג. אין דער פערזאממלונג האָט ז. יעקב 2 גאסטע איינגעפיהרט: מ. אונד ש. ראבינוביץ.

דער סעקרעטער האָט דאָס פראָטאָקאָל פאָריגער זיטצונג פאָרגעלעזען, וועלכעס פאָן דען מיטגליעדערן אויך אנגענאָממען וואורדע. דאנן האָט דער סעקרעטער דער פערזאממלונג מיטגעטהיילט, אז דאָס רוסישע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע בלאטט וּפּערעד Вперед Forward איינען ארטיקעל געדרוקקט האט איבער דיא גרינדונג פון אונזער פעראיין, אין נומער 37 פאָם 15 יולי דיעזעס יאהרעס. אין קורצען וואָרטען האט דיא ערוועהנטע צייטונג געשילדערט דיא לאגע פון דיא אידישע ארבייטער אין לאָנדאָן, דאנן איז געדרוקקט דיא איבערזעטצונג פון אונזערע סטאטוטען, עס איז ערזאָננערט געוואָרען וויא דאָס אידישע בלאטט Jewish Chronicle איז אויפגעטרעטען געגען אונזער פעראיין אונד דאנן האָט די רעדאקציאָן איינינע וואָרטע געראדע געריכטעט אָן אונזערע מיטגליעדער, אויף פאָלגענדער וויזע:

Намъ остается только сказать еврейскимъ соціалистамъ-рабочимъ: „Товарищи. Вамъ предстоитъ, быть можетъ, еще больше трудностей при вашей работѣ, чѣмъ намъ, вашимъ братьямъ по дѣлу и по человѣчеству. Да не смутитъ Васъ никогда ни трудность исполненія Вашей задачи, ни оскорбленія, клеветы, ругань, заушенія и оплеванія, которыя будутъ падать на Васъ, быть можетъ, еще въ большей мѣрѣ, чѣмъ падали и падаютъ на соціалистовъ другихъ національностей. Пусть Ваша энергія и настойчивость растутъ по мѣрѣ трудностей, съ которыми Вамъ придется встрѣтиться и бороться. Пусть Вашъ союзъ растетъ и крѣпнетъ при каждомъ ударѣ, на него обрушившемся.

Чистота и святость Вашего дѣла пусть будутъ Вамъ порукою за побѣду. Къ борьбѣ! Впередъ, братья"! („Впередъ" № 37, отъ 15 іюля 1876 года).

„עס בלייבט אונז נור צוא זאָגען דען אידישען ארבייטערן, דען סאָציאַליסטען:

„פּאַרטייגענאָססען! איהר שטעהט פיעללייכט פאַר נאָך מעהר שוועריגקייטען בייא איירער ארבייט, אַלס אונז, אייערן ברידערן אין דערזעלבען ארבייט און אין דער מענשהייט. עס זאָלל אייך ניעמאַלס בעאונרוהיגען ניט די שוועריגקייט דער ערפיללונג איירער אויפגאבע, ניט בעליידיגונגען, ניט רכילות, זלזולים (שימפּפוואָרטע), פּעטש אָדער שפּייען, וואָס עס וועט פיעללייכט אויף אייך נאָך מעהר פאַללען, אַלס עס איז געפאַללען און עס פאַללט אויף דיא סאָציאַליסטען פון אנדערע נאַציאָנען. אייער מוטה און אייער אויסדויער זאָללען וואַכסען אין דעם מאָאַסע פון דיא שוועריגקייטען, מיט וועלכע עס וועט זיך אייך טרעפען ציא בעגעגענען און ציא קעמפּפען!

אייער פעראיין זאָלל וואַכסען און שטאַרקער ווערן בייא יעדען שלאַג, וואָס עס וועט געפיהרט ווערן געגען איהם! דיא ריינהייט און הייליגקייט פון אייער זאַך מאגען אייך זיין אַיין ערב (בירגע) פיר דען זיעג! צום קאַמפּף, פאָרווערטס, ברידער!"

נאָכדעם דער אַרטיקעל אויס דעם „פאָרוואַרד" אים רוסישען און יידיש-דייטשען פאָם פאָרזיטצענדען און סעקרעטער פאָרגעלעזען האורדע, האָט בירגער וויינער פאָרגעשלאַגען דער רעדאַקציאָן אים נאַמען דעם פעראיינס די ערקענטליכקייט אויסדריקקען פיר איהרע סימפּאַטהיע צוא אונזער זאַכע.

בירגער גאָלדשטיין זאַגטע, דאַסס מיר אונזערען דאַנק שריפטליך דער רעדאַקציאָן „פאָרוואַרד" איבערגייכען זאָללען.

דיעזער לעצטע פאָרשלאַג וואורדע איינשטיממיג אונד מיט בראַפאָ-קלאַטשען פאָן אַללען מיטגליעדערן אַנגענאָממען.

בירגער סאַפער האַט פאָרגעשלאַגען דיא רעדאַקציאָן צוגלייך צו ביטטען, אז זי זאָלל פון אונז אָננעהמען צו דרוקקען אין איהרעם בלאַטטע קאָררעספּאָנדענצען איבער דאָס לעבען אונזרער ארבייטער היער אָדער דערגלייכען, אונד דאַסס דיא רעדאַקציאָן אונזער אינטערעססע פערפעכטען זאָלל, ווייל ווир זעלבסט קיין אייגנעס בלאַטט האַבען, אום פיר אונז זעלבסט צו שטעהען.

דאַרויף האָט איהם דער סעקרעטער געאַנטוואָרטעט, דאָס זאָלך איינע ביטטע גאַנץ אונגעלעגען איסט. ווענן דיא רעדאַקציאָן וועט אין אונזערע אַנגעלעגענהייטען עטוואָס פינדען, וואָס עס קען האַבען אינטערעססע פיר אַללע לעזער, וועט זיא עס געוויסס אויך אָהנע ביטטע אויפנעהמען, זאָ ווי זיא האַט דיעזעס מאַל געטהאָן, ווענן ניט, וועט אונזער ביטטע ניכט ניטצען און ווир וועלען נור שטעללען דיא רעדאַקציאָן אין דיא אונאַנגענעהמע לאַגע אונז צו ענטזאַגען. אויסערדעם דירפען ווир ניט פערגעססען, אז דער פאָרוואַרד איז איין רוססישעס פאַרטיי-בלאַטט און דאַרף הויפּטזעכליך אויפנעהמען איין ארטיקעל, וואָס געהערט צו דען רוססישען פאַרטייאַנגעלעגענהייטען. וואָס עס געהערט צום קאַמפּף געגען אונזערע פיינדע איז דער „וופּערעד" איין בלאַטט, וואָס היער לעזט מאַן עס ניט, אָדער זעהר וועניג, הויפּטזעכליך אָבער מוזען מיר זוכען דיא קראַפט צום קאַמפּף אין אונז זעלבסט, אין אונזרער פעראייניגונג. געגען אונזערע פיינדע דירפען מיר זעלבסט קעמפּפען, ווייל נור מיר קענען אונד דירפען עס טהון.

בירגער וויינער האַט געזאָגט ער שטיממט גאַנץ דער מיינונג דעם פאָריגען רעדנערס ביי און דענקט, אז אויב אונז וועט פאָרקאָממען עטוואַס דרוקקען צו לאַססען, איז פיעל פּראַקטישער צו דרוקקען אין ענגלישע צייטונגען, וואס ווערדען היער פיעל געלעזען.

בירגער גאָלדשטיין האַט פאָרגעשלאַגען צור טאַגעסאָרדנונג איבערצוגעהן.

אונטערדעססען האָט דער גאַסט מאַרקוס ראַבינאָביץ געבעטען ערלויבניסס צוא שפּרעכען, און נאָך ערטהיילטער ערלויבניסס האָט ער געפראַגט: איר אונטערנעהמט איינע גראָססע שוועריגע ארבייט. זייד איהר אָבער געוויס אין דער סימפּאַטהיע פון אַללע סאָציאַליסטען וואָס זיינען אין פערשיעדענע לענדער?

דער סעקרעטער האָט איהם ערוויעדערט, אז אין דער סימפּאַטהיע אונד פריינדשאַפט דער סאָציאַליסטען אנדערער פעלקער זינד ווир געוויסס, ווир האָבען אַללע נור איין ציעל, איין פיינד; ווир קעננען קיינען נאַציאָנאַליטעטס-אונדערשיעד; בייא אונז זיינען דיא מענשען נור געטהיילט אין צוויי קלאַססען: אין בורזשואַזיע און אין פּראָלעטאַריער. דיעזע מיינונג אויססערן אַללע סאָציאַליסטישע בלעטטער טעגליך אונד אויססערדעם זינד איינִיגע פון אונז אויך מיטגליעדער פון אַנדערע, ניכט יידישע סאָציאַליסטישע געזעללשאַפטען, אַלזאָ קעננען מיר דיא זאַכע וויססען.

דאַנן האָט דער סעקרעטער פאָרגעלעגט דיא פראַגע אָב מאַן זאָלל איבערגעהן צור טאַגעסאָרדנונג, אָדער פיעללייכט דיא דיסקוסיאָנען איבער אונזערע אינגערע אַנגעלעגענהייטען אויפשיעבען ווייל ווир געסטע האַבען און אונזערע געזעללשאַפט איסט איינע געשלאָססענע?

בירגער וויינער האַט געפראַגט: פיעללייכט וואָללען דיא געסטע זיך אַלס מיטגליעדער איינשרייבען?

דאַרויף האָט דער סעקרעטער געזאָגט: נאָך מיינער מיינונג דאַרף מאַן דען געסטען זאָלכע פראַגען ניכט פאָרלעגען. עס קאָנן זעהר זיין, דאַסס איין גאַסט ניכט אַלס מיטגליעד איינטרעטען וויל, אָבער אָב מאַן ווירד איהן פראַגען, וועט ער נור דעם אַנשטאַנדס האַלבער זאָגען יאָ און ווירד ניכט מעהר קאָממען. ווир דירפען ניעמאַנד צווינגען, זאָגאַר ניכט איינען מאָראַלישען דרוק אויסאיבען, ווир איבערצייגען נור אין דער וואַהרהייט אונזרער זאַכע אונד דאַנן איבערלאַססען ווир יעדעם צו האַנדלען נאָך זיינעם פרייען ווילען.

ד׳יעזעס צווייטע וואורדע פאָן דען מיטגליעדערן אַלס רעכט בעפונדען. דאַנן האָבען דיא מיטגליעדער געשטיממט איבערצוגעהן צור טאַגעסאָרדנונג.

עס ווארדע געשפראָכען דאַסס מאַן איינינע סטאַטיסטיק פאָם לעבען דער יודען אין לאָנדאָן זאַממעלן מוסס, אום עס אַלס מאַטעריאַל צו געברויכען ביים פובליק-מיטינג. בירגער בוקמאַן האָט אינטערעססאַנטע מיטטהיילונגען געמאַכט איבער דיא איינריכטונגען אין דיא היעזיגע סינאַגאָגען. בירגער סאַפער האט בעמערקט, אַז דען מיטגליעדערן װעט זיין זעהר שווער, פאַסט אונמעגליך אירגענד איינע סטאַטיסטיק צוזאַממענשטעללען אין קורצער צייט. דאַס קאַנן מאַן בעקאָממען אין דיא געדרוקטע עפפענטליכע בעריכטע וויט בעססער.

דאַנן האַט דער פאָרזיטצענדע גאָלדענבערג פאָרגעלעגט דער געזעללשאַפט צום אַבשטיממען איבער דיא פאָרם פון דעם פאַפיער, וואַס מיר דענקען צוא דרוקקען. עס ווארען נעמליך דריי פאָרשלעגע:

1) פאָן ראָזענטהאַל: צוא דרוקקען איינע איינפאַכע איינלאַדונגס-קאַרטע גאַנץ אָהנע ערקלערונג.

2) פאָן ב׳ סטאָון: איינע פראָקלאַמאַציאָן מיט איינלאַדונג.

3) פאָן וויינער: צוערשט איינע פראָקלאַמאַציאָן און דאַנן איינע איינלאַדונגס-קאַרטע.

בירגער ראָזענטהאַל אונד בירגער סטאָון האָבען פאָרגעלעזען זייערע אַרבייטען אין דיעזער זאַכע פאָר דער אַבשטיממונג.ביידע ווארדען אַלס גוט בעפונדען, נור האט בירגער גאָלדשטיין בעמערקט, אַז דאָס שרייבען דעם בירגער ראָזענטהאַל איז אויך איינע פראָקלאַמאַציאָן זיי, און בירגער וויינער האַט געזאַגט, ווייל בירגער ראָזענטהאַל זיינען פאָרשלאַג פאַקטיש דורך זיין שרייבען צוריקציעהעט, דאַרף מאַן איבער דיעזען פאָרשלאַג ניכט שטיממען.

בירגער ליברמאַן האַט געזאַגט, ווען בירגער ראָזענטהאַל זיינען פאָרשלאַג צוריקנימםט, זאָ נימםט ער דיעזען פאָרשלאַג אַלס דען זייניגען אויף אונד ביטטעט דאַריבער צו שטיממען. דאַ וויר הויפטזעכליך דיא נייגיערדע עררעגען וואָללען אין דער היעזיגען אַרבייטער-מאַססע אים צום גענעראַל-מיטינג צוא קאָממען, זאָ ווערע עס פיעללייכט פראַקטישער, גאַנץ איינפאַכע איינלאַדונגס-קאַרטען ציא דרוקקען.

דיא פערזאַממלונג שטיממטע פיר דען צווייטען פאָרשלאַג.

ליבערמאַן אונד גאָלדענבערג האַבען ניט געשטיממט, ווייל זיי זיינען מיט דעם כאראַקטער היעזיגער אַרבייטער נאָך ניכט גענויא בעקאַננט.

דער סעקרעטער האַט דאַנן פאָרגעלעגט דיא פראַגע, אין וועססען נאַמען זאָלל דער אויפרוף געדרוקט זיין, אים נאַמען פון אונזער געזעללשאַפט אָדער נור אונטערשרייבען „יידישע אַרבייטער".

דיא פערזאַממלונג האַט איינשטיממיג בעשלאָססען צוא דרוקקען דאַס פאַפיער אים נאַמען דער געזעללשאַפט, ווייל אונזער פעראיין האַט דאַס בעשלאָססען אונד דורכצופיהרען געדענקט.

ענדליך האַט דער סעקרעטער פאָרגעלעגט דיא פראַגע: וואַנן זאָלל זיין דיא קינפטיגע פערזאַממלונג. דער קינפטיגער שבת-צוא-נאַכט פאַללט אויס אום „תשעה באב"; פיעללייכט לאָהנט עס בעססער דיא פערזאַמלונג אויפצושיעבען אויף איין אנדער טאַג?

בירגער סאַפער האַט געאַנטוואָרטעט, אַז אונז סאָציאַליסטען געהט דיעזער טאַג גאַר ניכט אַן. וויר האַבען אונז פאָן דער אַלטען טראַדיציאָן לאָזגעזאַגט און דאַרום דאַרפען וויר אונזערע פערזאַממלונג אום דיעזעס טאַגעס וויללען ניכט אויפשיעבען. וויר וויססען נור פאָן אונזערער זאַכע, וועלכע צוגלייך דיא זאַכע דער גאַנצען מענשהייט איסט, אונד ניכטס מעהר.

דאַרויף האַט דער סעקרעטער בעמערקט: פאָרלייפיג האַט „תשעה באב" פיר אונז יידישע סאָציאַליסטען דיעזעלבע בעדייטונג, ווי פיר אַללע אונזערע שטאַממעס-גענאָססען. זאָ לאַנגע עס וועט ניט ווערדען דיא סאָציאַלע רעוואָלוציאָן, האַט דיא פאָליטישע פרייהייט איינע גראָססע וויכטיגקייט פיר יעדעס פאָלק. דיעזער טאַג ט׳ אב איסט איין טאַג וואַס מיר האַבען פערלאָרען אונזערע אונאַבהענגיגקייט, און אונזער פאָלק טרויערט דאַריבער ביז יעצט, שאָן איבער אַכטצעהן הונדערט יאהר. ער דאַרף אַלזאָ האָבען פיר אונז זאָ פיעל ווערטה, אַז מיר זאָללען דיא פערזאַממלונג אויף איין אַנדער טאַג אויפשיעבען.

דיא פערזאַממלונג האַט דאַריבער געשטיממט אונד בעשלאָססען אויפצושיעבען די קינפטיגע זיטצונג אויף זאָנטאַג אַבענדס י׳ אב 30/18 יולי.

דיא געסטע מאַרקס ראַבינאָוויטש און שמואל ראַבינאָוויטש זינד אַלס מיטגליעדער אויפגענאָממען געוואָרדען, איינגעפיהרט דורך זלמן דזשעקאָב אונד וויינער.

דיא קאַססע האַט בעקאָממען דריי אונד דרייסיג פענס (קאַססע בוך זייטע 154 אונד זייטע 159).

דיא זיטצונג איסט געשלאָססען געוואָרדען אום $11^1/_4$ אוהר.

פאָרזיטצענדער . . .

סעקרעטער **א. ליבערמאַן**

## פ ר אָ ט אָ ק אָ ל

### דער ע ל פ ט ע ן זיטצונג

### דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

8 לעמאַן סטריט ווייטשעפל איסט.

לאָנדאָן י׳ אב (30/18
יולי 76) תרל"ו

די פערזאַממלונג האַט אַנגעפאַנגען אום 9 אוהר אונטער פאָרזיטץ דעם בירגערס אייזיק סטאָון.

אין דער פערזאַממלונג זיינען געוועזען צוויי געסטע, איינגעפיהרט פון מ. אונד ש. ראַבינאָוויץ, נעמליך שאול לעווי אונד האַררים טויב.

דער סעקרעטער האַט פאָרגעלעזען דעם פראָטאָקאָל, וועלכער עס איז איינשטיממיג אַנגענאָממען געוואָרען.

בירגער וויינער האַט דער פערזאַממלונג פאָרגעלעגט דיא וויכטיגקייט פון אונזער אונטערנעהמען צו אָרגאַניזירען איין פוב-

ליק־מיטינג, ער האט געזאגט, אז די צאהל פון אונזערע מיטגליעדער איז צו שוואך פיר דיזע זאכע און מיר מוזען זעהן פריהער צו האבען א געוויססע צאהל ארבייטער, וועלכע עס זאללען אונטערשטיטצען אונזער פארהאבען. יעדער פון דיא מיטגליעדער זאלל פריהער ערווערבען אום 10 מענשען, דאנן זאללען מיר מאכען א פובליק־מיטינג. אויב מיר וועלן אבער צוזאממענרופען איצט א פובליק־מיטינג איידער מיר האבען עפעס בעשטיממטעס אויף וועמען צו רעכנען, וועט פון פובליק־מיטינג גאר ניט ארויסקומען און דאנן קען דיא בילדונג פון איין ארבייטער־געזעללשאפט גאר ניט מעהר צושטאנדע געבראכט ווערן אדער מאן וועט דארויף לאנג דארפען ווארטען.

בירגער ראזענטהאל האט געאנטווארטעט, אז דער פובליק־מיטינג וועט זיין א פראבע פיר אונז ויא מיר זאללען האנדלען און אויסערדעם איז זייער מעגליך אז מיר וועלן האבען ערפאלג. איהם האט אונטערשטיצט בירגער סטאון און ער האט גיזאגט אז 10 — 15 מענשען איז זייער שווער איטלאכען צוא בעקומען, עס וועט דאריבער אוועק א גאנצעס יאהר. — ווינער איז אייניגערמאססען דאמיט איינפערשטאנדען אז עס קען לאנג דויערן, אבער א פראבע מאכען, זאגט ער, איז דאס צו טהייער פיר אונז. ליבערמאן האט אונטערשטיצט דיא מיינונג פון בירגער ראזענטהאל. בירגער דזשעקאב האט געאויססערט זיין מיינונג, אז מאן זאלל אפלייגען דעם מיטינג אויף נאך יום טוב. —

בירגער וויינער האט אויפמערקזאם געמאכט, אז דיא געוועזענע געזעללשאפט שאדעט זייער פיעל אונזרער זאכע, וייל יענע געזעללשאפט (6 פראטאקאל, זייטע 33) איז אויסאיינאנדער געגאנגען.

בירגער דשעקאב, גאלדשטיין און ראזענטהאל האבען ערקלערט ווארום די פאריגע געזעללשאפט איז אויסאיינאנדער געגאנגען און האבען געוויזען, אז דיא שולד דאראן זיינען געוועזען מייסטער, וואס זיינען אריין אין דער געזעללשאפט.

בירגער גאלדענבערג האט ערקלערט, אז דער פובליק־מיטינג איז פאר אונז וויכטיג אפילו אין דעם, וואס עס וועט אין דער וועלט ווערן בעקאנט, אז ביי אונז איז גיוועזען א מיטינג און דאס אלליין איז שוין ווערט די מיהע צוא מאכען דעם מיטינג. אויסערדעם, אויב עס וועט אונז מיט דעם מיטינג גאר ניט געלינגען וועלן מיר נאך איין מיטינג צוזאמענרופען. ער האט איין ביישפיעל געגעבען, אז שטאנדהאפטיגקייט פיהרט צום ציעל. אים פארלאמענט האבען נעמליך פרויען איינגערייכט א פראיעקט, אז מען זאלל דען פרויען געבען וואהלרעכט, אויסצוקלייבען מיטגליעדער פון מוניציפאליטעט גלייך מיט דיא מעננער. דאס ערשטע מאל האבען פאר זיי געשטיממט נור 4, אויף דעם 2־טען יאהר — 12, נאכהער 25 און עס קען זיין, אז אין גאנץ קורצער צייט וועלן זיי בעקומען אין פארלאמענט אזוי פיעל מיטגליעדער, אז דער פראיעקט צו געבען פרויען דאס שטיממרעכט גלייך מיט מעננער אנגענאממען ווערדען ווירד.

מאן האט נאך אייניגעס גערעט איבער דיא געוועזענע געזעלשאפט און דאנן האט בירגער לעווענקינד ערקלערט נאך איין גרונד, ווארום עס איז נויטיג צו מאכען א פובליק־מיטינג: דיא ארבייטער זינד ניכט בעקאננט מיט די היעזיגע געזעטצע און פיעלע דענקען, אז אונזער סאציאליסטישער פעראיין איז היער פערבאטען און מיר מוזען זיך פערשטעקקען. מיר מוזען דעריבער דער וועלט בעווייזען, אז מיר טרעטען אויף עפפענטליך און מיר פירכטען ניכט אונזערע אידעען פאר איינער עפפענטליכען פערזאממלונג צו ערקלערען.

די פערזאממלונג האט איינשטיממיג געגען ווינער בעשלאססען דעם פובליקמיטינג וואס פריהער צו ארגאניזירען.

בירגער סאפער האט דער פערזאממלונג מיטגעטהיילט, אז דיא היעזיגע אינטערנאטיאנאלע סאציאליסטישע געזעללשאפט האט אונזערעם פעראיין געשיקט צום געשענק אייניגע ביכער. דיא געזעללשאפט האט בעשלאססען איהרען דאנק דער דייטשען געזעללשאפט איבערצוגעבען.

מאן האט גירעט איבער דיא צייט, ווענן זאלל זיין דער מיטינג. אבער דיא זאכע איז נאך ניט גיווארען בעשלאססען.

בירגער גאלדשטיין האט פארגעבראכט, אז אויף דעם פובליקמיטינג זאל מען ניט צולאזען קיין מייסטער, וייל זיי וועלן דער גאנצער זאכע שטערען. צו איהם האבען זיך אנגעשלאסען גאלדענבערג, ראבינאוויץ אונד ווינער.

בירגער ראזענטהאל, ליבערמאן אונד סאפער ווארען דאגעגען. עס וואר דאריבער פיעל געשפראכען, אבער עס איז נאך ניט אין גאנצען ענטשיעדען געווארען, אבגלייך די מייסטען פון דער פערזאממלונג זיינען גיווען גענייגט דאפיר, אז מאן זאלל דיא מייסטער אויסשליעסען.

דיא געזעלשאפט האט דאנן איבערגעגאנגען דערצו, צו בעשטיממען ווער עס זאלל רעדען אויף דעם מיטינג און דער סעקרעטער האט פארגעשלאגען אויסצוקלייבען א פרעזידענט אויף דעם מיטינג און א סעקרעטער.

אלס רעדנער האבען זיך געמעלדעט: גאלדשטיין, ווינער, ראזענטהאל, סטאון, ליבערמאן, גאלדענבערג און סאפער.

נאך געהיימער שטיממונג האט דיא געזעללשאפט אויסגעקליבען בירגער גאלדענבערג צום פרעזידענט און בירגער סאפער צום סעקרעטאר פיר דען פובליקמיטינג.

בירגער גאלדענבערג און סאפער זיינען דארום פון דער רעדנערליסטע געשטריכען, וייל זייער אמט וועט ניט ערלויבען זיי צו נעהמען אנטהייל אין דיא רעדען.

צו דען רעדנערן האט זיך אנגעשלאססען בירגער ראבינאוויטש. דיא געזעללשאפט האט דיא רעדנער אנגענאממען.

ב' סאפער האט פארגעשלאגען אויסצוקלייבען א ביבליאטהעקער און דיא געשענקטע ביכער איבערגעבען אין די ביבליאטהעק, אבער עס איז דאצו ניט גיווען קיין צייט.

אלס מיטבירגער האבען זיךביידע געסטע איינגעשריעבען: שאול לעווי איינגעפיהרט דורך מארקוס ראבינאוויטש און הערריס טויב איינגעפיהרט דורך שמואל ראבינאוויץ און ליברמאן.

דיא קאססא האט בעקאממען דריי שילליגג (קאססא בוך זייטע 154 און 159, 161).

דיא פערזאממלונג איז געשלאססען געווארען אום $11^1/_2$ אוהר.

פארזיטצענדער **יצחק שטיין**

סעקרעטאר **א. ליבערמאן**

# פראָטאָקאָל

## דער צוועלפטען זיטצונג

## דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס.

### 8 לעמאָן סטריט ווייטשעפּל איסט.

לאָנדאָן מז׳ מנ״א תרל״ו
(5 אויגוסט 1876)

דיא פערזאממלונג איז ערעפפנעט געוואָרען אום 8 1/2 אוהר אונטער פאָרזיטץ דעם בירגערס דזשעקאָב.

דער סעקרעטער האָט דאָס פּראָטאָקאָל פון פאָריגע פערזאממלונג פאָרגעלעזען, אויף וועלכען דיא בירגער סאַפּער, וויינער אונד גאָלדשטיין איינווענדונגען געמאַכט האבען.

בירגער סאַפּער האָט געזאָגט, אז די שטעללע וואו עס שטייט אז דער סעקרעטאַר און פּאָרזיטצענדער זייען אויסגעשטריבען פון דער רעדנערליסטע (פּראָט. 11, זייטע 55, צ. 6) איז ניט ריכטיג אויפגעפאַסט. דער סעקרעטאַר האָט דאָס פּראָטאָקאָל פערטהיידיגט. און וויל ב׳ סאַפּער איז שטאַרק געשטאַנדען אויף זיין בעהויפּטונג האָט מאָן פאָרגעשלאָגען, אז דיא פערזאממלונג זאָלל דאַריבער שטיממען. דיא פערזאממלונג האָט געשטיממט אַנצונעהמען דעם פונקט פון פּראָטאָקאָל וויא עס איז געשריבען.

בירגער וויינער האָט בעמערקט, אז פון זיינע ווערטער, וואָס איז גיבראַכט אין דעם פאָריגען פּראָטאָקאָל (פּראָט. 11 ו׳ 51), דאַרף געשטריכען ווערן פאָלגענדער זאַטץ: „דיא צאָהל פון אונזערע מיטגליעדער איז צו שוואַך פיר דיעזע זאַכע“. דער סעקרעטער האָט ניכט פּראָטעסטירט און אַלזאָ איז דיעזער זאַטץ פון פּראָטאָקאָל געשטריכען.

בירגער גאָלדשטיין האָט צוריקגענומען זיינע איינווענדונג געגען דען זאַטץ, וואָס זאָגט, אז עס איז נאָך ניט גאַנץ ענטשיעדען געוואָרען אויב מען זאָלל צולאָזען מייסטער אויף דעם פּובליק-מיטינג.

נאָכדעם איז דער פּראָטאָקאָל מיט דער פערבעססערונג פון בירגער וויינער אַנגענאָממען געוואָרען. —

בירגער גאָלדשטיין האָט ערגריפּפען דאַס וואָרט און האָט געזאַגט: ער פיהלט זיך געצוואונגען זיך צו ענטזאַגען פון צו רעדען אויף דעם מיטינג. ער ווייסס, אז ער פערזענליך האָט ניט קיין איינפלוסס אויף די היעזיגע ארבייטער און דאַרום פירכטעט ער, אז זיין אויפטרעטען קען שאַדען דער אַלגעמיינען זאַכע. וויא זייער ער וואָלט וועלן נעהמען טהעטיגען אַנטהייל אן אונזער זאַך, זעהט ער דאָך איין, אז אין דעם פאַלל קען ער מעהר ניטצען דאַדורך וואָס ער ענטזאַגט זיך. אויססערדעם בעשטעהט דיא זאַך ניט אויף פערזאָנען. עס קומט אונז נור דאַרויף אַן, אז אונזער מיטינג זאָלל גוט געלינגען, דורך וועמען עס מעג זיין. דאַביי האָט ער ערקלערט, אז עס איז מעגליך דאַסס פאַמיליענפערהעלטניססע וועלן איהם ניט לאָזען זיין ביים מיטינג.

דיא פערזאממלונג האָט בעאַכטעט די גרינדע פון בירגער גאָלדשטיין. —

עס וואורדע אייניגעס איבער דיא רעדען פון דעם מיטינג געשפּראָכען און דאַן האָט ב׳ ליבערמאַן פאָרגעשלאָגען, אז מען זאָלל אויסקלייבען און בעשטיממען דעם טאַג ווען דער מיטינג זאָלל זיין און אין וואָסער אָרט. — עס איז בעשלאָסען געוואָרען דעם מיטינג צוזאמענצורופען במוצאי שבת יום ז׳ אלול דען 26 פון דיעזען מאָנאַט.

בירגער סאַפּער האָט פאָרגעשלאָגען איינצולאַדען צום מיטינג דיא סאָציאַליסטישע געזעללשאַפטען פון לאָנדאָן.

בירגער ליבערמאַן וואַר דאַגעגען, וייל אויף איין פּובליק-מיטינג, וואָס יעדער האָט רעכט צו קומען, דאַרף מאַן קיינעם ניט איינלאַדען אָפפיציעלל. — איהם האָט בייגעשטימט בירגער גאָלדענבערג, אז די געזעלשאַפט קען ניט איינלאַדען, אָבער יעדעס מיטגליעד קען פּריוואַט איינלאַדען זיינע בעקאַננטע און זיינע פריינדע.

אין דער פערזאממלונג זיינען געווען 3 געסטע. איינער פון זיי, בירגער נתן ברלין איין וואַטערפּרופער, האָט זיך אַלס מיטגליעד איינגעשריעבען, איינגעפיהרט דורך ליברמאַן און גאָלדענבערג.

בירגער בוכמאַן האָט אויפגעשטעללט דעם פאָרשלאַג, אז אין דעם מיטינג זאָלן קיין מייסטער ניט זיין.

דאַרויף האָט דער סעקרעטער ערקלערט, אז דאָס איז ניט מעגליך אויסצופיהרען. לויט דיא ענגלישע געזעטצע האָט יעדערער דאָס רעכט צו קומען אויף יעדע עפפענטליכע פערזאממלונג, אפילו אויב זי האָט אַ ספּעציעללען חאַראַקטער. דאַרום איז בעססער, אז מיר זאָלן ניט אונטערנעהמען אזוי אַ בעדינגונג, וואָס עס איז אונמיגלאַך אויסצופיהרען.

דיא פערזאממלונג האָט דאַמיט איינגעשטיממט.

בירגער גאָלדענבערג האָט דער געזעללשאַפט מיטגעטהיילט, אז דיא פראַנצעזישע ארבייטער האָבען געשיקט משולחים (דעלעגירטע) נאָך פילאַדעלפיאַ צו דער אויסשטעללונג, אום זיך דאָרט צוזאַמענצורייידען מיט דיא אַמעריקאַנישע ארבייטער און מיט אַנדערע, איבער דיא אַללגעמיינע זאַכע פון דער סאָציאַליסטישען פּאַרטהיי, וואָס איז אין דער וועלט. דעם רעזולטאַט ווילן זיי דרוקקען און פערטהיילען אונטער דיא ארבייטער. דאַרום בעטען זיי, אז אללע ארבייטער-פעראיינע זאָלען זיי שטיטצען צו דיא דרוקקאָסטען. דאַרום האָט בירגער גאָלדענבערג פאָרגעשלאָגען, אז אונזער פעראיין זאָל געבען דאַצו 5 שיללינג פון דער קאַססע.

דער פאָרשלאָג איז איינשטיממיג אַנגענומען געוואָרען און אויססערדעם האָבען דיא מיטגליעדער נאָך צוגילייגט 7 שיללינג און איבערגיגעבען דעם בירגער גאָלדענבערג צוזאמען צוועלף שיללינג.

בירגער סאַפּער האָט פאָרגעשלאָגען, אז מאַן זאָל נעהמען אויף דעם מיטינג אַ קליינעם איינטריטטסגעלד פון יעדען גאַסט. בירגער מאַרקוס ראַבינאָוויטש האָט פאָרגעשלאָגען צו שטעללען אַ טעללער און יעדען פרייוויללינ איבערלאָזען צו געבען וויפיעל ער וויל.

בירגער ליבערמאַן האַט דארויף ערוויעדערט, אַז עס לאָהנט ניט צו נעהמען ביי דען געסטען איינטריטטסגעלד אָדער פרייוויללינע גאַבען, וויל אונזערע פיינדע וועלן אונז בעשולדיגען, אַז מיר מאַכען דעם מיטינג צו אַ געשעפט. מיר מוזען וויזען דער וועלט, אַז מיר אַרבייטען נור פיר אונזרע אידעע און טראַגען זאָגאַר זעלבסט די קאָסטען. פיעללייכט שפעטער, אַז מאַן וועט אונז אַנערקעננען, וועלן מיר קעננען ביי איין מיטינג אויך בעשטיממען איינטריטטסגעלד.

עס איז דאַריבער איינינעס גירעט געוואָרן און דיא פערזאַממלונג האַט בעשטיממט קיין איינטריטטסגעלד צו נעהמען.

בירגער ליבערמאַן האַט פאָרגעשלאַגען איינען ביבליאָטהעקער צו וועהלען. עס זיינען פאָרגעשלאַגען געוואָרן בירגער סטאָון און בירגער בוכמאַן. בירגער סטאָון איז צום ביבליאָטהעקער געוועהלט גיוואָרען.

איבער דעם אָרט וואו דיא ביבליאָטהעק זאָלל זיין איז זייער פיעל גירעט גיוואָרן. בירגער. סאַפער האַט פאַרלאַנגט, אַז די ביבליאָטהעק זאָלל זיין אין דעם פערזאַמלונגס-זאַאל. בעזאָנדערס איז מאַרקוס ראַבינאָוויץ העפטיג אויפגעטרעטען, איהם האַט אונטערשטיצט בירגער שמואל ראַבינאָוויץ. איינערזייטס האַבען זיי פאַרלאַנגט, אַז דער סעקרעטער זאָלל איבערנעהמען דיא ביבליאָטהעק אונטער זיין פעראַנטוואָרטונג און מאַן זאָלל גאַר נימ האַלטען אַ באַזונדער ביבליאָטהעקאַר, ווייטער האָבען זיי גיוואָלט, אַז דיא ביכער זאָלן זיין אים זיטצונגסזאַל. —

דיא זאַכע איז ניט ענטשיעדען גיוואָרן.

נאָך איינינען אונטערהאַנדלונגען האַט דיא פערזאַממלונג בעאויפטראַגט דעם בירגער ליברמאַן אויפצושרייבען דעם טעקסט (נוסח) פון דעם אויפרוף צו דיא אַרבייטער און פון דער איינלאַדונג צום מיטינג, און דיעזען נוסח האָט ב׳ ליברמאַן פאָרצולעגען דער פערזאַממלונג ביי דער קינפטיגען זיטצונג.

דיא פערזאַממלונג האַט דאַפיר געשטיממט, צו לאָזען דרוקקען 2000 שטיק אויפרופס- אונד איינלאַדונגס-צעטטעל.

בירגער סאַפער האַט געמאַכט אַ בעמערקונג, אַז אויף דעם מיטינג זאָלל מען רעדען אויך וועגען דער ראָללע פון דיא מאַשינען אים פערהעלטניסס צוא דיא אַרבייטער, כדי דיא אַרבייטער זאָלן זעהען, אַז זייער לאַגע מוז ווערן איממער ערגער, אויב עס וועט אַלץ גיין זאָ וויא עס גייט איצט.

נאַכהער האַט בירגער ליברמאַן פאָרגעשלאַגען דער געזעללשאַפט, אַז מאַן זאָלל איהם ערלויבען אנצופאַנגען זיינען פאָרטראַג איבער דיא ענטוויקקעלונג פון מענשענגעשלעכט (פראָט. 6, זייטע 33), וועלכעס איהם אויך ערלויבט וואורדע. ער האַט ערקלערט: וויא דיא היממעלס-קערפער זיינען געבילדעט גיוואָרען, פון וואַנען עס האָבען זיך גינומען דיא ערשטע לעבענדיגע וועזען און דיא ערשטע פפלאַנצען. ער האַט ערקלערט דעם געזעטץ פון דעם „קאַמפף אום׳ס דאַזיין״ וואָס פערפאָללקאָמנעט אַללע טהירע און פפלאַנצען. איז איבערגיגאַנגען צום אַפפענגעשלעכט און צום מענשען-אַפפע און איז דאַביי געבליבען, וויא אויס דעם אַפפענמענש איז ענטוויקלט געוואָרען אַ מענש.

דיא פאָרטזעטצונג איז בעשטיממט אויף פאָלגענדע פערזאַממלונג.

דיא קאַססע האַט בעקומען פינף שיללינג און דריי פענס, פעראויסגאַבט פינף שיללינג, אַלזאָ רעסט 3 פענס.

דיא פערזאַממלונג איז געשלאָססען געוואָרען אום 12 אוהר

פרעזידענט (דזשעקאָב)
סעקרעטער א. ליברמאַן

# פ ר אָ ט אָ ק אָ ל

## דער ד ר י י צ ע ה נ ט ע ן זיטצונג

## דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

8 לעמאַן סטריט ווייטשעפל איסט.

לאָנדאָן כ״ב מנ״א תרל״ו
(12 אויגוסט 1876).

דיא זיטצונג איז ערעפפנעט גיוואָרען אום 8 אוהר אונטער פאָרזיטץ דעם בירגערס ברלין.

אין דער פערזאַממלונג זיינען געוועזען 2 געסטע: יוסף-שמואל איינגעפיהרט דורך סטאָון און ניימאַן גאַרפונקעל איינגעפיהרט דורך דשעקאָב.

מאַן האַט געשפראָכען דאַריבער וועלכען טעקסט מאַן זאָלל אויסוועהלען אלס פראָקלאַמאַציאָן צום דרוקקען.—עס איז נאָך איינינען אונטערהאַנדלונגען אַנגענאָממען געוואָרען אנצונעהמען דעם טעקסט פון בירגער ראָזענטהאַל מיט איינינען פערבעססערונגען.

איבער די ביבליאָטהעק איז בעשטיממט געוואָרען, אַז זיא זאָלל זיין אים זיטצונגסזאַאל.

איבער דיא פראַגע, אָב מאַן אין פערשיעדענע שפראַכען אויף דעם מיטינג רעדען זאָלל האַט דיא פערזאַממלונג בעשלאָססען עס איבערצולאַססען דען אומשטענדען אויף דעם מיטינג זעלבסט.

בירגער ברלין האַט געפראַגט אָב איין מיטגליעד, וועלכעס מייסטער ווירד, אין דער געזעללשאַפט בלייבען קאַנן?

ש. ראַבינאָוויץ וואַר דאַפיר, דאַסס איין מייסטער בלייבען קאַנן.

בירגער ראָזענטהאַל זאַגטע דאַסס דיעזע פראַגע שאָן אַבגעשטיממט וואורדע (6 פראָטאָקאָל זייטע 32).

עס וואורדע בעשלאָססען, דאַסס פרינציפיעלל קיינע מייסטער אין אונזערער געזעלשאַפט זיין קעננען, דאָך קאַנן דער פעראיין מאַכען איינע אויסנאַמע מיט דיעיעניגע פערזאָנען, וואָס ער קען זיי אַלס פרייע אַנהענגער דעס סאָציאַליזמוס.

בירגער וויינער האַט פאָרגעשלאַגען דען פאַראַגראַף 3 פון דיא סטאַטוטען אומצואענדערן. בירגער ליברמאַן בעמערקטע, אַז עס איז בעססער מאַן זאָלל דיא רעוויזיאָן פון דיא סטאַטוטען

אָפּלייגען נאָך דעם מיטינג; דיעזער פאָרשלאַג איז אויך אַנגענאָממען געוואָרדען.

בירגער סאַמועל און גאַרפונקעל זינד אַלס מיטגליעדער אויפגענאָממען געוואָרדען.

דיא קאַססאַ האַט בעקאָממען 3 שיללינג (קאַססאַבוך 155, 159–160). דאַמיט איז דיא זיטצונג געשלאָססען געוואָרען.

פאָרזיטצענדער...

סעקרעטער **אַ. ליבּרמאַן**

פערבעססערונג: גאָלדענבערג דריקט דען וואונש אויס, דאַסס אים בעצוג אויף דיא אים פעראיין פערבלייבענדען מייסטער – עס ווינשענסווערטה זיי, זיא זאָללען ליעבער איהרע קאַמעראַדען פאָם פעראיין אַללען אַנדערן אַרבייטערן פאָרציעהען. דיא מיטגליעדער שטיממען איהם דאַרין בייַ.

## אַנמערקונגען

מאָנטאַג איז גיוועזען איינע עקסטראַפערזאַממלונג אונטער פאָרזיטץ פון ב׳ סאַפּער און אַלס סעקרעטאַר וואַר דאַנן ב׳ סטאָון (דען 14 אויגוסט כ״ד אלול).

אויף דער פערזאַממלונג האַט מאַן נאָך איינמאַל אונטערזוכט און דורכגעזעהען דעם טעקסט פון דיא האַנד-ביללס, וואָס איז גיווען בעשטיממט צום דרוקקען. דאַנן האַט מאַן אַבגעאָרדנעט בירגער סאַפּער און ביידע ראַבינאָוויץ צו מיעטהען דעם זעטלאַנד האָלל צום מיטינג, פיר 15 שיללינג, לויט עס איז געפאָדערט געוואָרען. דער קאַססיר האַט איבערגעבען אויס דער קאַססאַ 15 שיללינג צור מיעטהע. דאַמיט איז דיא פערזאַממלונג געשלאָססען געוואָרען.

---

דער סעקרעטער האַט איבערנוממען דיא רעדאַקציאָן אונד דאַס דרוקקען פון דיא האַנד-ביללס, וועלכע עס זאָללטען דען פאָלגענדען שבת 19 אויגוסט אויסגעטהיילט ווערדען אין דען שטראַססען.

דיא האַנדביללס זינד אַם 18 אויגוסט (פרייטאַג) אַבגעדרוקט געוואָרדען און לויט בעשלוסס וואורדען זיא פאָן פיעלען מיטגליעדערן אויף דען שטראַססען אויסגעטהיילט דען גאַנצען טאַג שבת (19 אויגוסט).

דיא האַנדביללס וואַרען נעמליך:

## פובליק-מיטינג
### פיר אידישע אַרבייטער.

עס איז בעקאַננט, אַז דיא אַרבייטער בעפינדען זיך אומעטום אין איין טרויעריגע לאַגע און זייער שווער קומט זיי אָן צוא פערדיענען זייער שטיקל ברויט. אָבער וויא שווער עס איז אויך דער לעבען פון אַללע אַרבייטער, ווערט דער אידישע אַרבייטער וייט מעהר פאַרשוואַרצט אַלס אַללע איבריגע, און בפרט נאָך היער אין לאָנדאָן. דער איד מוז מעהר שטונדען אַרבייטען און בעקומט וועניגער געצאַהלט אַלס דער קריסט.

און וואַרום איזט עס זאָ? ווייל דיא אידישע אַרבייטער זיינען ניט אַזוי פעראייניגט אונטער זיך וויא אַללע אַנדערע. דיא קריסטליכע אַרבייטער זיינען פעראייניגט צוא געזעללשאַפטען. היער אין ענגלאַנד איז דאָ דיא טרעדעס יוניאָנס, איין פעראיין פון טויזענדע אַרבייטער געזעללשאַפטען פון פערשיעדענע פּראָפעססיאָנען, וואָס זיי האַלטען זיך אַללע פעסט צוזאַממען און לאָזען זיך ניט אונטערדריקקען פון זייערע פאַבריקאַנטען און מייסטער; אָבער בייא אונזערע אידישע אַרבייטער איז ניטאָ קיין אחדות, דעריבער קענען דיא מייסטער אונז דריקקען וויא זייא וויללען. פון אונזער אונאייניגקייט ליידען מיר אַלליין און לאַדען נאָך אויף זיך דעם האַסס פון די ענגלישע אַרבייטער וואָס בעשולדיגען אונז, אַז דורך דעם וואָס מיר אַרבייטען מעהר צייט און פאַר וועניגער לאָהן טהוען מיר זייא אויך איין שאַדען.

דאַרום רופען מיר צוזאַמען איינע עפפענטליכע פערזאַממלונג און לאַדען העפפליכסט דאַצו איין יעדען אידישען האַנדווערקס-געזעלל, אום צוזאַממען ראַטה צו האַלטען וויא צוא פערבעססערן דיא לאַגע פון אונזערע אידישע אַרבייטער און צוא בילדען איין געזעללשאַפט פון אַללערליי האַנדווערקער. מיר האָפפען, אַז יעדער אַרבייטער, וואָס זיין אייגענעם אינטערעססע איז איהם טהייער, וועט נעהמען אַנטהייל אָן דעם מיטינג. — אייניגע מיטגליעדער פון אונזער פעראיין וועלן האַלטען רעדען איבער דיא אַרבייטער-אינטערעססען און יעדעם אַרבייטער וועט שטיין פריי אויסצושפּרעכען זיין מיינונג עפפענטליך אין דער פערזאַממלונג.

דער מיטינג וועט זיין אור ליום ז׳ אלול ה׳ תרל״ו (26 אויגוסט 1876) שבת-צוא-נאַכט אום אַכט אוהר אין זעטלאַנד האַלל, 51 מאַנסעלל סטריט, גודמאַנ׳ס פיעלדס איסט (בייא אליי ווילנער).

## אגדת הסציאַליסתים העברים.

A public meeting
of Jewish working men,
will be held at
Zetland Hall 51 Mansell str., Goodman's Fields E. on Saturday August 26, 1876 at 8 o'clock in the Evening.

ביים אויסטהיילען פון דיא האַנדביללס האָבען אַנפאַנגס פיעלע ניט געוואָללט אַננעהמען, ווייל זיי האָבען געפירכטעט פיעללייכט איז דאָס פון דיא מיססיאָנערן. מאַן האַט געמוזט יעדען בעזונדער ערקלערען, אַז דאָס איז אַ אידישעס פאַפּיער פון אידישע אַרבייטער ארויסגעגעבען אָן זייערע קאַמעראַדען, אום צוזאַממען זוכען מיטטעל וויא צו פערבעססערן דיא לאַגע פון דעם אָרימען אידישען אַרבייטער. נאָכהער, אַז איין פּאָאַר הונדערט פּאַפּיערע זיינען שוין אויסגעטהיילט גיוואָרן, האָבען די אַרבייטער גערנע אַנגענאָממען און זאָגאַר נאַכגעלויפען דען אויסטהיילערן אום איין פּאַפּיער צו באַקומען. אייניגע אַרבייטער פון פובליקום האָבען איבער זיך איבערנאָממען אויסצוטהיילען אונטער זייערע בעקאַננטע. די מייסטער זיינען גיוועזען זעהר בעזאָ

און האָבען העפטיג געשטריטטען געגען דיא גרינדונג פון איינער ארבייטער-געזעללשאפט. דער געגענזאץ צווישען ארבייטער און מייסטער האָט זיך זעפּאָרט שטארק ארויסגעוויזען. —

## פּראָטאָקאָל

### דעס פיערצעהנטען זיטצונג

### דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס.

לעמאַן סטריט ווייטשעפּל איסט, לאָנדאָן ל' אב תרל"ו (19 אויגוסט 76).

דיא זיטצונג איז ערעפפנעט געוואָרען אום $8^1/_2$ אוהר אונטער פאָרזיטץ דעס בירגערס נתן לעווענקינד.

ב' ליבערמאַן האָט ערצעהלט, אז איינע געוויססע פערזאָן וואָס מען קען איהר גלויבען האָט איהם ערצעהלט, אז דער מגיד דיינאָח האָט געשיקט אין אונזער פעראיין איינען שפּיאָן, ער האָט איהם בעאויפטראגט צו הערען איין מיטגליעד און אנצוהערען אללע פערהאנדלונגען פון דעם פעראיין און עס נאכהער איהם ערצעהלען.

דער שפּיאָן האָט דעם מגיד פיעל ליגען פון אונז ערצעהלט.

ב' ברלין האָט דאַרויף געאנטוואָרטעט, אז דיא זאכע איז וואהר, און ער זעלבסט איז דאָס דער שפּיאָן וואָס דער מגיד האָט איינגעשמוגעלט ביי אונז. אָבער דער מגיד האָט אין איהם א טעות גיהאט און ער איז איינגעטרעטען אויס איבערצייגונג. און דאמיט דער מגיד זאָלל איהם נים בעלעכטיגען מיט נאכפראגען, האט ער איהם גיזאגט א ליגען, אז ווען מען טריטט ביי אונז איין מוז מען שווערען א שבועה חמורה נים אויסצוזאָגען קיינעם פון דעם וואָס געהט פאָר אין דער פערזאממלונג. דיא פערזאממעלטען האבען געביללינט דיא האנדלונגסווייזע פון בירגער ברלין.

נאכהער האט מען פערהאנדעלט איבער איינינע קליינע פאָרמאַליטעטען ביים מיטינג, דאַרונטער וואר דיא פראגע: אָב מאַן דיא איינטרעטענדען צעהלען זאָלל. בירגער ווינער האט איבער זיך איבערנומען צו צעהלען דיא איינטרעטענדען געסטע ביים מיטינג.

בירגער סמאָון האט געפראגט אָב פרויען צום מיטינג קאָממען קעננען. דיא פראגע האט מען דאהינגעשטעללט אז עס קעננען קומען ווער עס וויל.

דער קאססיר האט דעם סעקרעטער געצאהלט 12 שיללינג וואָס האט געקאָסטעט דאָס דרוקקען פון דיא האנדביללס און נאָך 18 פענס אויף קליינע אויסגאבען צום מיטינג (קאססא בוך 155)

דיא קאססא האט בעקאָממען דריי שיללינג (קאססא בוך 155, 159, 160).

מאַן האט בעשלאָססען דען קינפטיגען שבת דען 26 אויגוסט אויסצוטהיילען דען רעסט פון דיא האנדביללס און זיך פערזאממעלן צור בערעטהונג ביי מאג אום 4 אוהר און נאכהער אום $7^1/_2$ אוועקגיין אין זעטלאנד האלל.

דיא זיטצונג איז געשלאָססען געוואָרען אום 11 אוהר.

פאָרזיטצענדער...

סעקרעטער **א. ליבערמאַן**

## פּראָטאָקאָל

### דעס פאָם יידישען סאָציאַליסטישען פעראיין פעראנשטאַלטעטען

## פּובליק-מיטינג

זעטלאנד האלל, 51 מאנזעלל סטריט גודמאַנ'ס פיעלדס איסט

לונדון ז' אלול תרל"ו

(26 אויגוסט 76).

דיא פערזאממלונג וואורדע אום 8 אוהר 45 מינוטען אבענדס פאָם פאָרזיטצענדען גאָלדענבערג ערעפפנעט.

אין דער פערזאממלונג וואַרען: מיסטער Charles Goddard אבגעאָרדנעטער פאָם טריידס יוניאָנס, קאָמיטע-מיטגליעד דער Journeymen Bookbinder Society, [אויך] P. Lawroff רעדאַקטאָר דעס רוססישען סאָצ.-רעוואָל. בלאטטעס ווּפּעריאָד (Forward) זאָ וויא נאָך איינינע מיטגליעדער דער ערוועהנטען רעדאַקציאָן. דאנן איינינע מיטגליעדער דעס לאָנדאָנער אינטערנאַציאָנאלען ארבייטער-בילדונגס-פעראיין'ס.

דער פאָרזיטצענדע ערעפפנעטע דען מיטינג מיט דער אויסאיינאנדערזעטצונג דעס צוועקקעס פון דעם מיטינג, ערקלערטע ווער דיא סאָציאַליסטען זינד, דיא דען מיטינג פעראַנשטאַלטעטען. ער זאגטע מיטאונטער: דיא סאָציאַליסטען וואָללען דיא בעפרייאונג דער ארבייטענדען קלאססע פאָן דער הערשאפט דעס קאַפּיטאלס. דער יידישע סאָציאַליסטישע פעראיין אין לאָנדאָן פאססטע דען ענטשלוסס איינען מיטינג איינצובערופען, אום דען יידישען ארבייטערן בעגרייפליך צו מאכען דורך וועלכע מיטטעל זיא איהרע לאגע פערבעססערן קעננען. דאנן גאב ער בירגער אייזיק סמאָון דאָס וואָרט.

ב' סמאָון (שניידער) ענטוואַרף איין לעבהאַפטעס בילד פאָם לעבען דעס יידישען ארבעטערס אין לאָנדאָן און פערגליך עס מיט דעם לעבען דער ענגלישען ארבייטער. דער אנפאנג זיינער רעדע וואר: איהר זאָללט ניכט מיינען מיינע ליעבען ברידער, דאסס איך אייך זאָלבען מוסר זאגען ווערדע ווי איין מגיד וועלכער נאָך ניע צו ארבייטען פערזוכטע.... איך ווערדע אייך קיינע ענטהאלטזאמקייט אים לעבען פרעדיגען אונד אויף יענזייטס הינווייזען. זאָללטע איך אייך שפּאַרזאמקייט ראטהען זאָ איסט עס נור אין איירער ארבייטסקראפט, איירעס איינציגעס פערמעגען... רעדנער מיינט פערנער: דורך טהיילונג דער ארבייט וואורדע דער ארבייטער צו איינעם קליינען אונד צוואר ביללינסטען טהיילע דער מאשינע געמאכט, דעם מאַן צומאָל

ניכט זאָלכע אויפמערקזאמקייט ווענדעט אַלס דער געוועהנליכען מאַשינע... ער ענדעטע דאַסס דיא וואָרטע „חברים כל ישראל" איינע גראָבע ליגע געוואָרדען זינד זייט דער קלאַססענאונטערשיעד אויך אונטער דען יודען צום פאָרשיין קאָם אונד מיינט דאָס דיא אַרבייטער זיך פעראייניגען זאָללטען און שטאַטט יענעם וואהלשפרוך איינען אַנדערען זעטצען זאָללען, נעמליך: חברים כל בעלי המלאכה! (בראַוואָ!).

ב׳ משה ראָזענטהאַל (שניידער) ענטוואַרף די ענטוויקקעלונגסגעשיכטע דער שניידעריי, שטעללטע פאָר דיא שניידעריי אין רוסלאַנד אונד אין לאָנדאָן, צייגטע וויא דאָס קאַפּיטאַל שריטט פאָר שריטט דען געאיבטען אַרבייטער צוריקקדרענגט און שטאַטט איהן די מאַשינע זעטצט, ערקלערטע דיא געשיכטע דער שניידעריי אין לאָנדאָן, צייגטע דען אַרבייטערן דאסס נור פעראייניגונג דער איינציגע וועג זיי אום זיך געגען דען אַנדראַנג דעס קאַפּיטאַלס שטיצען צו קעננען אונד שטרייפטע אן דען סאָציאַליזמוס און ענדעטע מיט איניגען זעהר פּאַטהעטישען וואָרטען (בראַוואָ-קלאַטשען).

ב׳ לואיס וויינער (טישלער) ערקלערטע דיא הערקונפט דער צינפטע אונד גילדען אים מיטטעלאַלטער, איהר קאַמפּף געגען אדעל אונד מאַשינען, ערצעהלטע דיא עקאָנאָמישע אומוועלצונג אין פאָלגע דער פראַנצויזישען רעוואָלוציאָן פאָן 1789, 1793, וואָ דאס קאַפּיטאַל צור אַלליינינען העררשאַפט געלאַנגטע. דאַנן ענטוויקקעלטען זיך אַרבייטער געזעללשאַפטען צום קאַמפּף געגען דאַס קאַפּיטאַל, בעזאָנדערס אין ענגלאַנד. רעדנער סקיצצירטע דיא ענטוויקקעלונג דער טריידס יוניאָנס פאָן 1851 ביז אויף דיא געגענוואַרט.

ב׳ הירש סאַפּער (פודלמאַכער) אים דייטשען גאַב איינע געשיכטליכע דאַרשטעללונג איבער דעם קאַמפּף אום דען נאָרמאַל-אַרבייטס-טאַג. ער מיינטע דאָסס מאַן אים מיטטעלאַלטער איינע 12 שטונדיגע אַרבייטסצייט אַלס איינע שטראַפע בעטראַכטעטע. 1802 ערליעסס דאָס פּאַרלאַמענט אין לאָנדאָן 5 אַקטע, וואָנאַך דיא אַרבייטס-צייט אויף 16 שטונדען פעסטגעזעטצט וואורדע. 1833 אויף 15 שט. 1838 אַגיטאַציאָן אונטער דען אַרבייטערן. 1848 וואורדע צעהן-שטונדיגער טאַג פעסטגעזעטצט. רעדנער שפּראַך איניגעס איבער אייראָפּאַ הינזיכטליך זיינעם טהעמאַ אונד פאָרדערטע דיא אַרבייטער אויף איינען פעראיין צוּא גרינדען אונד אונטער אַנדערעם איינע 10 שטונדיגע אַרבייטס-טאַג איינצופיהרען (very well).

ב׳ א. ליבּרמאַן שטעללטע פאָר דיא לאַגע דעס יידישען פאָלקעס אונטער אַללען איבריגען פעלקערן, שטעללטע די יידישע געלדאַריסטאָקראַטיע אַלס הויפּטאורזאַכע דער פערפאָלגונגען, וועלכען נאָך יעצט דיא יודען אויסגעזעטצט זינד, הויפּטזעכליך אים אָסטען אייראָפּאַס (רוססלאַנד: דער גאָלאָס, גראַזשדאַנין; סערביען, רומעניען, שוועדען), צייגטע דאַסס זאָלאַנגע דיא געגענווערטיגע אָרדנונג הערשען ווירד די יודען נאָך אימטער עטוואַס אויסשליעססליכעס בילדען ווערדען אונד דאַסס דיא פאָלשטענדיגע פערברידערונג אַללער מענשען נור אונטער דער פאַהנע דעס סאָציאַליזמוז שטאַטטפינדען קאַן... ער איבערגינג דאַנן צור פערוואַלטונג דער היעזיגען געמיינדע אונד טראַטט אויף געגען דיא איינגריפפע דער גייסטליכען אין דאַס בירגערליכע לעבען אונד נאַהם אַלס ביישפּיעל דיא 3 פפונד 10 שיללינג דיא דאַס אַרמסטע ברויטפּאַאַר דער סינאַגאָגע פיר פערלאָבונג צאַהלען מוסס. שטעללטע איינע פּאַראַללעלע צווישען דעם שטאַאַטע און דער יידישען געמיינדע אונד זאַגטע דאסס עס אין דער האַנד דער אַרבייטער זיי זיך דעמאָקראַטיש זעלבסט צו רעגיערען אונד אין איהרען איננערען אַנגעלעגנהייטען איינע אַרבייטער-רעפּובליק בילדען אונד זיך פאָן קיינער „אויטאָריטעט" מייסטערן לאַססען זאָלל.

איין בורזשוּאַ טריטט אויף געגען רעדנער, ער האַבע דיא פּערזאָן דעם אָבעררַאַבבינערס דר׳ אַדלער היעמיט אַנגעגריפפען, וואָס איהם אונרעכט דינקט. ער פערלאַנגט דאס וואָרט. דאָס פּובליקום וויל איהם דאס וואָרט ניכט געבען (אַנהאַלטענדער לערם).

מיסטער גאָדדאַרד (בוכבינדער, אויף ענגליש) ערצעהלטע זיינע טהעטיגקייט היער צור בילדונג דער געזעללשאַפט וועלכער ער יעצט געהערט, בעריהרטע דיא לאַגע דער יידישען אַרבייטער היער, זאַגטע דאַסס איהרע וואָהלפאַהרט נור אין פעראייניגונג זיי און דאסס דיא טרעדעס יוניאָנס זיא מעגליכסט שטיטצען ווירד, ווענן זיא זיך פעראייניגען ווערדען (hear! hear!).

דיא אַנוועזענדע בורזשואַזיע דרענגטע זיך אום דען פאָרזיטץ אונד פערלאַנגטע דאָס וואָרט. עס בילדעטען זיך פערשיעדענע גרופּפען. אים זאַאַלע וואַרען דאַנן איניגע הונדערט פּערזאָנען. אונרוהע. דער פאָרזיטצענדע מאַהנט צור אָרדנונג. לעבהאַפטיגקייט אים פּובליקוס. בורזשואַזיע זאַגט דיא סאָציאַליסטען זייען מיססיאָנערע. דיא אַרבייטער דאַגעגען. אַללמעהליך טריטט רוהע איין.

ב׳ אבר׳ יצחק גאָלדשטיין (שניידער לעהרלינג) שפּרינגט אויף דען טיש אונד מיט עררעגטער שטיממע רופט ער דיא אַרבייטער אויף זיך צו פעראייניגען, ערצעהלט איינצעלנע פאַקטאַ פאָן אויסבייטונג דער אַרבייטער זייטענס דער אַרבייט-געבער (פאָללשטענדיגע שטיללע).

מיסטער טאָון אויס דעם פּובליקום (טרעבלער, געוועזענער שניידער) פערלאַנגט אונד בעקאָממט דאָס וואָרט. ער ערצעהלט דאַסס רהייטאַטיזמוס דער פיססע איהן צוואַנג דיא אַרבייט איינצושטעללען אונד הויזירען געהען. ערצעלטע וויא דער מייסטער איהם הינזיכטליך זיינער קראַנקהייט זאַגטע: ווענן איין פפערד פעללט, ניממט מאַן איין אַנדערעס, עבען זאָ טהוט מאַן מיט איינעם אַרבייטער. ער לעגטע דער צוהערערן אַנס הערץ דיא געלעגענהייט צור פעראייניגונג ניכט צו פערזיימען אונד ניכט גלויבען דאַסס דיא סאָציאַליסטען מיססיאָנערע זייען. ער קעננע דען פעראיין, אָבגלייך ער אַלס טרעבלער דאָרט ניכט אויפגענאָממען ווערדען קאָנטע (אַנהאַלטענדעס בראַוואָ).

דער פּרעזידענט פאָדערט דאָס פּובליקום צום אונטערשרייבען אויף. עס וואַרען אום 80 אונטערשריפטען.

דער פּרעזידענט לעגט פאָר איינען צווייטען מיטינג חול המועד איינצובערופען. דאָס פּובליקום פערלאַנגט קינפטיגען שבת־

צו נאכט. דאס פובליקום ווירד איינגעלאדען אויף דען קינפ-
טיגען שבת צו נאכט אין 8 לעהמאנססטריט אין דען פערזאממ-
לונגס-אָרט דעס פעראיינס.

דאָס פובליקום: הורראַ! פאָרט מיט דען מייסטערן!

דיא פערזאממלונג ווירד געשלאָססען 11 אוהר.

אנמערקונג. בירגער קויפמאן ערשיען ניכט צום מיטינג.

פאָרזיטצענדער

מיטינגס-סעקרעטער

סעקרעטאַר דעס פעראיינס **א. ליבּערמאַן**

## פ ר אָ ט אָ ק אָ ל

### דעס געשלאָססענען מיטינגס דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

**8 לעמאַן סטריט ווייטשעפל איסט**

לאָנדאָן י״ד אלול תרל״ו
(3 ספטמבר 76).

דיא פערזאממלונג וואורדע ערעפפנעט אום 8½ אוהר אונטער פאָרזיטץ דעס בירגערס גאָלדענבערג.

אין דער פערזאממלונג וואָרען פיעלע ארבייטער, וועלכע זיך אין דיא געווערקשאפט-געזעללשאפט, דיא זיך צו גרינדען אים בעגריף איסט, איינשרייבען זאָללטען. עס וואָרען מיט דען מיט-גליעדערן צוזאממען אום 100 פערזאָנען.

עס קאָסטעטע זעהר פיעלע מיה דיא מייסטער אונד איבערהויפט דיא בורזשואזיע פאָם איינדרינגען אבצוהאלטען. דיא טהיר דעס פערזאממלונגס-זאאלס מוסטע פאָן ארבייטערן בעזעטצט ווערדען אונד דאָך דרענגטען זיך דיא בורזשואַ אויף דער טרעפפע אונד זאָגאר פאָר דעם הויזע אונד וואָללטען דורכאויס דיא זיטצונג שטערען.

דיא זיטצונג וואורדע ענדליך פאָם פאָרזיטצענדען ערעפפנעט אונד עס טראַטט שטיללע איין.

דער פאָרזיטצענדע זאגטע אייניגע וואָרטע איבער דען צוועקק דיעזער פערזאממלונג. ער שטעללטע פאָר וואָצו זיך דיא ארבייטער בעשטרעבען זאָללען, נעמליך צו פערקירצען דיא ארבייטס-צייט, צו געגענזייטיגע שטיטצע, צו גרינדען איינען ארבייטסנאכוויז-ביוראָ. ער זאגטע דאסס זיא אייגנטליך ניכט נעטהיג העטטען דאסס אנדערע איהנען אויף איהרע לאגע אויפמערקזאם מאכען זאָללטען וועננ זיא נור זעלבסט דאריבער נאכגעדאכט העטטען...

דאנן גאב ער דאס וואָרט ב׳ ליבּערמאַן.

דער רעדנער היעלט איינע לאנגע רעדע הויפטזעכליך וועגען דער פאָן דער בורזשואזיע אויסגעשפרענגטען בעשולדיגונג: עס זייען דיא יידישע סאָציאַליסטען ניכטס מעהר אלס מיססיאָנערע. ער שילדערטע דאס פערהאלטען דער בורזשואזיע געגען דען סאָציאַליסטישען פעראיין זייט זיינער גרינדונג, ערקלערטע וואס סאָציאַליסטען וואָללען, ענטוואָרף איין גרעללעס בילד דער מיססיאָנערע אונד דער הייכלער אים פערגלייך צו דעם בילדע איינעס סאָציאַליסטען. שילדערטע דען צושטאנד דער יודען אין ענגלאנד אונד הויפטזעכליך אין לאָנדאָן, בעטאָנטע איהרע אונוויססענהייט אונד קנעבטונג... רעדנער וואורדע וועהרענד זיינער רעדע אייניגע מאל פאָן בראוואָקלאטשען אונטערבראָכען. אלס ער אבער אן דיא שילדערונג דער היעזיגען יידישען וואהלטעטיגקייטס-אנשטאלטען קאם, ערשיען איין שמש נאמענס גרין (Green), גאב פאָר פאָם ד״ר אדלער הערגעשיקט וואָרדען צו זיין אונד מיט איהם דרענגטען זיך העריין איין פאאר בורזשוא. — ערדעגונג אונטער דען ארבייטערן. עס שיינט דאסס אייניגע פאָן איהנען פאָן דער בורזשוא בעשטאָכען וואָרען. דיעזע דרענגטען זיך אן דען פאָרזיטץ. גרין בעשטיגט דען טיש דעס פאָרזיטצעס מיט הילפע אייניגער פערזאָנען אונד פענגט צו שפרעכען אן. דער רעדנער ליבּערמאַן ווירד אונטערבראָכען. גראָססע אונרוהע. דיא פערזאממלונג ווירד צערשטערט...איינגעשריעבען האבען זיך 17 פערזאָנען.

דיא בורזשואזיע האט פיר דיעסמאל איהרען צוועקק ערייכט. דיא ארבייטער גינגען פאָרט. פיעלע פאָן איהנען באטען דען פעראיין דיא זאכע ניכט פאללען לאססען. עס וואורדע בעשלאָססען קינפטיגען שבת צו נאכט וויעדער צוזאממען צוא קאָממען. ענדע אום 10½ אוהר.

פרעזידענט

מיטינגס-סעקרעטער

סעקרעטאַר דעס פעראיינס **א. ליבּערמאַן**

## פ ר אַ ט אָ ק אָ ל

### דער פ י נ פ צ ע ה נ ט ע ן (17) זיטצונג דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

**8 לעמאַן סטריט ווייטשעפל איסט**

לאָנדאָן כ״א אלול תרל״ו
(9 ספטמבר 76).

דיא פערזאממלונג האט אנגעפאנגען אום 6 אוהר אונטער פאָרזיטץ דעס בירגערס ברלין.

בירגער סאפער האט פאָרגעשלאגען איינע פראגע אן דען דר׳ אדלער שריפטליך צו ריכטען, אב ער דען שמש גרין בעאויפטראגט האבע דיא פערזאממלונג צו שטערען. דיא פערזאממלונג שפראך זיך דאגעגען אויס, וויל אין ריקזיכט דער בורזשואזיע-געזיננונג קיין צווייפעל פאָרליעגע, דאסס זיא אונז שטערען וויללע, וואס געניגענד אויס איהרען אָרגאנע דער לעטצטען נומער Jew. Chronicle (פאָן געסטערן) הערפאָרגעהט.

מאן האט בעשטיממט איינע גלאָקקע צו קויפען וואָפיר מאן 13 פענס בעצאהלט האט.

ב׳ ליברמאַן ּהאורדע צום פּרעזידענטען דעם פאָרשטעהענדען מיטינגס געוועהלט. די קאַססע האט 5s 3d בעקאָמען (ק״ב 155).

פאָרזיטצענדער
סעקרעטאַר **א. ליבּרמאַן**

# פּ ר אָ ט אָ ק אָ ל

## דעס צוויי׳טען געשלאָססענען

### אַרבייטער-מיטינגס

8 לעמאַן סטריט ווייטשעפּל איסט

לונדון כ״א אלול
תרל״ו, 16 ספּט.*)

דער מיטינג האט אנגעפאנגען $8^1/_2$ אוהר אבענדס, ערעפפנעט פאָם פאָרזיטצענדען ליבערמאַן.

ב׳ ברלין ּהאורדע אלס וויצע-פּרעזידענט בייגעזעטצט אונד ב׳ מאַרקוס ראַבינאָוויטש צום מיטינג סעקרעטער בעשטיממט.

דער פּרעזידנט בעשטיממט דיא אָרדנונג פון מיטינג אונד ערקלערט דען צוועקק פון דער פּראָיעקטירטען אַרבייטערגעזעללשאַפט, דאסס וויא אויף דעם פּובּליק-מיטינג פאָם דרעלעגירטען דער טרעדעס יוניאָנס ערקלערט וואורדע, זינד דיא קריסטליכען אַרבייטער בערייט אונזרע אידישע אַרבייטער צוא שטיטצען.

מיסטער יצחק כהן פערלאַנגט דאס וואָרט. ער זאגט עס קלינגט פרעמד דאסס קריסטליכע אַרבייטער דיא אידישען שטיטצען וואָללען אונד ער קאַן עס ניכט גלויבען, ווייל ער דען צוועקק דאַפאָן ניכט פערשטעהט.

דער פּרעזידענט ערקלערט דאס זאָ וויא ביי דיא פאַבּריקאַנטען אונד מייסטער קיין אונטערשיעד איסט צווישען איינען אידישען אונד קריסטליכען אַרבייטער, זאָ וויא דיא אַללע לייידיגגייער זוכען נור דען שווייסס דעם אַרבייטערס צו קויפען און אויסנוטצען, זאָ וויא זיי זעהען גאַר ניכט דאַרויף פון וועלבעם פאָלק איז דער אַרבייטער, נור זיי זאָללען ציעהען דערפון אַ נוטצען — אזוי זעהען אויך דיא אַרבייטער ניכט אויף נאַציאָן ווייל איהרע אינטערעססען זיינען גלייך איבעראַלל און אז עס ווערט אין איין אָרט בעססער אָדער ערגער די אַרבייטער—מאַכט עס איינען איינפלוסס אויף דיא אַרבייטער פון אַללע איבּריגע ערטער. דאַרום שטיטצען די אַרבייטער איינער דעם אַנדערען. וואָס ער טהוט פאַר דעם אנדערן טהוט ער דאס פיר זיך אויך.

מיסטער כהן האָט נאָך איינמאָל הידערשפּראָכען. עס האבען איהם געאַנטוואָרטעט מר. גאָלדשטיין, ווינער, בּרלין אין דעם פאָריגען זיננע.

דער פּרעזידענט האט פאָרגעשלאגען אויסצווועהלען איין קאָמיטעט אום אויסצואַרבייטען סטאַטוטען. אונטערדעססען זאָללען זיך פערשרייבּען דיעיעניגען וואָס ווילען איינטרעטען אין דיא געזעללשאַפט. ער האט געזאגט, ער האבּע איין פּראָיעקט דער געזעללשאַפט אויסגעאַרבייטעט, אויך האט בּירגער סאַפּער איין קורצעס פּראָיעקט איינגערייכט, אבער דאס ווירד שוין דאס קאָמיטע בעאורטהיילען אונד זעהען וואָס מאַן דאַרויס ענטנעהמען קאַן.

דיא פערזאַממלונג שפּראַך זיך דאַפּיר אויס איינען פּראָיעקט פאָרצולעזען, אום דען חאַראַקטער דעסזעלבען צו בעשטיממען.

דער פּרעזידענט האט פאָרגעלעזען דיא העלפטע פון זיין פּראָיעקט. דאַנן זאגט ער: איהר קעננט דאַפאָן אויף דאָס איבּריגע שליעססען, נור איסט יעצט צו פיעל דאס גאַנצע צו לעזען. איבּריגענס מיינט ער ווירד שאָן דאס קאָמיטע זעלבסט איין סטאַטוט אויסאַרבייטען. עס ווערע איהם זאָגאַר אונאַנגענעהם ווען זיין פּראָיעקט זאָלל בּלייבען אונפערענדערט. דיא אַרבייטער דירפען איהרע זאַכען זעלבסט אָרדנען.

דיא פערזאַממלונג שטיממטע בּיי.

עס האבען זיך איינגעשריעבען 44 מיטגליעדער. עס וואורדען 15 פערזאָנען אין דאס קאָמיטע געוועהלט: 1) אייזיק אברהמ׳ס. 2) אייזיק סטאָון, 3) גאָלדענבערג. 4) סאַפּער. 5) ליבערמאַן, 6) ראַבינאָוויטש מאַרקוס. 7) בּוכמאַן. 8) אייזיק כהן. 9) בנימין טישלער. 10) דזשעקאָב מאַקס. 11) יוסף מאַקס. 12) בּצלאל באַקס. 13) מאַרקוס סעמועל. 14) מאָריטץ ראָזענטהאַל. 15) סעמועל באַננעט.

מיסטער אייזיק כהן איסט פאָרלייפיג צום קאַססיר געוועהלט. עס וואורדע בעשלאָססען דאס דער קאָמיטע די סטאַטוטען צו חוהמ״ס אנפערטיגע. — יעדער איינגעשריעבענע האט אויף רעכנונג פון איינשרייבּעגעלד 2 פענס געגעבען. אין סוממאַ איסט בעקאָממען וואָרדען 7 שיללינג 8 פענס.

דער פּרעזידענט האט דיא מיטגליעדער פאָרגעלעגט דיא געזעללשאַפט צו בענעננען „כל בעלי המלאכה חברים״, וואס איינשטיממיג אַנגענאָממען וואורדע.

דער פּרעזידענט האט דער פערזאַמלונג מיט זעהר ערעגטער שטיממע דאַרויף אויפמערקזאַם געמאַכט, דאסס דיעזער אבענד איינסס דער אידישער געשיכטע איינפערלייבּט ווערדען ווירד, דאסס עס איינען גראָססען איינפלוסס האבען ווירד אויף דיא גאַנצע אידישע נאַציאָן, דאס דיא לאָנדאָנער אידישע אַרבּייטער אלס בּיישפּיעל דיענען ווערדען אַללען איבּריגען אידישען אַרבייטערן... דאַנן מונטערט ער אויף דיא מיטגליעדער דער נייגעגרינדעטען געזעללשאַפט אונטער דיא אַרבייטער נייע מיטגליעדער אַנצוווערבען.

*) דאָ איז אַ טעות: דער דאָזיקער געשלאָססענער אַרבעטער-מיטינג איז פאָרגעקומען דעמזעלביקן טאָג, ווי די פּאָריקע 15-טע זיצונג (דעם 9-טן סעפּטעמבער און ניט 16-טן), נאָר אין אָ וו ו נ ט. **רעד.**

אונטער בראַוואָ-קלאַטשען האט דער פרעזידענט זיינע
דערע געענדעט אונד דיא זיטצונג געשלאָססען (אום $11^1/_2$ אוהר).

פרעזידענט א. ליבערמאַן

וויצע פרעזידענט

סעקרעטאַר

אנמערקונג: דאס קאָמיטע האט בעשלאָססען דען קינפטיגען שבת אום 6 אוהר צור בעראַטהונג צוזאממענצוקאָממען. וועהר פערנער זיך איינשרייבען וויל, דאַרף ביים קאָמיטע זיך איינשרייבען.

## פראָטאָקאָל

### דער זעכצעהנטען (19) זיטצונג

### דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס אין לאָנדאָן

8 לעמאַן סטריט וויטשעפּל איסט

לונדון כ"ח אלול תרל"ו

דיא פערזאממלונג איז ערעפנעט געוואָרען אום $9^1/_2$ אוהר אונטער פאָרזיטץ דעם בירגערס מ. ראַבינאָוויטש.

עס איז געשפראָכען געוואָרען איבער דעם צוועקק פון דעם סאָציאַליסטישען פעראיין.

(עס וואר נעמליך פאר דער זיטצונג איין קאָמיטע פערזאממלונג וואָביי דיא מיטגליעדער דער ארבייטער זיך אבגעזאָנדערט האבען פאָן דעם פעראיין און אייניגען מיטגליעדערן ענטזאנק דער מוטה).

מאַן האט בעשלאָססען דאס דיא מיטגליעדער דעס פעראיינס זיך זעלבסט בילדען זאָללען אונד וויטער נאָך אונזערעם פראָגראם ארבייטען אום דיא סאַצ. אידעען פערברייטען אונד געגענזייטיג אונזערע סאָציאַליסטען אנדערסוואָ צו שטיטצען, ניכט נור מאַטעריעלל, ניין, מאָראַליש.

מאַן האט ערצעהלט וויא אונטער דיא ארבייטער אויסגעשפראָכען וואורדע דאסס ליבערמאַן שולד זיי אַן דיא ווילנא'ער אררעסטע אונד דאסס אויך הי'ער דיא לאגע דער יודען שלייממער ווערדען קאַנן דורך סאָציאַליסטישע אומטריעבע און איינגרייפען אין דיא פּאָליטיק, וואָדורך די ארבייטער זעהר געגען ליב. [ליבערמאַן] אויפגעבראַכט זינד אונד אויך געגען גאָלדענבערג.

שליעססליך וואורדע דאריבער געשפראָכען דאסס מאַן איינע קוויטטונג בעקאָממען מוסס איבער דיא פיר דיא פראַנצ. ארבייטער געשיקטע 12 שיללינג. גאָלדענבערג אנטוואָרטעטע ער האבע נאָך ניכט געשיקט. ער ווירד צוזאממען מיט אנדערן געלדערן שיקקען.

אום 11 אוהר וואורדע די פערזאממלונג געשלאָססען.

פרעזידענט

סעקרעטאַר א. ליבערמאַן

## פראָטאָקאָל

### דער זיעבצעהנטען (20) זיטצונג

### דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

8 לעמאַן סטריט וויטשעפּל איסט

לאָנדאָן ו' תשרי תרל"ז
(23 סעפטעמבער 76)

דיא פערזאממלונג האט אנגעפאַנגען אום $8^1/_2$ אוהר אונטער פאָרזיטץ דעם בירגערס וויינער אונד נאָכהער פון הארריס טויב.

אין דער פערזאממלונג וואר איין גאַסט נאַמענס ליפשיטץ איינגעפיהרט דורך וויינער און סאַמועל קאהן דורך לעווי.

מאַן האט געשפראָכען איבער דאס פערהאַלטען געגען יענע שניידערגעזעללשאפט אונד עס איז געבליעבען זיך נייטראל צו האלטען. איינען מיטינג איינצופערופען האט מאַן ניכט פיר נעטהיג ערראַכטעט, ערשטענס אום עטוואַס אבצוואַרטען אונד אויך אום מעהר קרעפטע צו זאממלען. מאַן בעשלאָסס זיך צו בילדען אונד דען פעראיין נאָך אונד נאָך צו פערשטערקען.

גאַסט ליפשיטץ האט ערצעהלט וויא ער לעזען געלערנט האבע אין דייטשלאַנד.

די ביידען געסטע ליפשיטץ אונד קאָהן האבען זיך אלס מיטגליעדער איינגעשריבען.

דיא קאַססע האט בעקאָממען 2 שיללינג 3 פענס. דיא זיטצונג איסט געשלאָססען וואָרדען 11 אוהר.

פאָרזיטצענדער

סעקרעטאַר א. ליבערמאַן

## פראָטאָקאָל

### דער אכטצעהנטען זיטצונג (21)

### דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

2 פעסהען סטריט ברוק לאַנע איסט

לאָנדאָן י"ג תשרי תרל"ז
(30 סעפטעמבער 76)

דיא פערזאממלונג איסט ערעפפנעט געוואָרדען אום $8^3/_4$ אוהר אונטער פאָרזיטץ דעם בירגערס גאָלדענבערג.

עס וואָרען 2 געסטע איינגעפיהרט דורך גאָלדשטיין: (יאַוראָוו) Jacob Jabrow אונד... [דער נאַמען פעלט].

בירגער גאָלדענבערג האט איינע פּאָליטישע רונדשוי געהאלטען איבער שווייץ, דענעמארק אונד אַמעריקאַ. אונד ליברמאַן האט דאַצו אייניגעס איבער דייטשלאַנד צוגעפיגט.

דאַנן האט מאַן דאריבער געשפראָכען אַב מאַן אונטער

דיא אַרבייטער חייטער אַגיטירען זאָלל. עס וואורדע אבער נאָך ניכטס בעשלאָססען. דאַנן וואורדע די פראַגע אויפגעוואָרפען אָב מאַן דיא ניכט רעגעלמעססיג ערשיינענדען מיטגליעדער אויסשליעסמען זאָלל. מאַן שטימממטע דאַפיר אבער צור אַבשטיממונג וואורדע נאָך ניכט געשריטטען. בירגער יאַהראָוו וואורדע אַלס מיטגליעד אויפגענאָממען.

די קאַססע האַט בעקאָממען 3 שיללינג 6 פענס, וואָפאָן מאַן 8 פענס פיר דאַס צימממער געצאַהלט האַט.

מאַן בעשלאָסס זיך אַם 4 אָקטאָבער עקסטרא צו פערזאַממעלן.

דיא זיטצונג איסט געשלאָססען וואָרדען אום 11 אוהר.

מאַן האַט בעשטימממט וועכענטליך דען S. Reynolds Newspaper צו קויפען.

פרעזידענט

סעקרעטער א. ליבּרמאַן

## פראָטאָקאָל

### דער נייינצעהנטען (22) זיטצונג

### דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

2 פעשהען סטריט ברוק סטר. איסט

2 Feshen Str. Brook Str. E

לאָנדאָן א׳ דחוהמ״ס

תרל״ז (4 אָקטאָבער1876)

דיא זיטצונג איסט ערעפפנעט וואָרדען פאָם פאָרזיטצענדען סאַפער.

עס וואורדע פיעלעס געשפראָכען איבער דיא ריכטונג דעס פעראיינס. ליבערמאַן האַט ערקלערט דורך ביישפיעלע אויס דער רוססישען בעוועגונג וויא מאַן אונטער דיא אַרבייטער אַרבייטען מוסס אונד לעגטע זיינען פלאַן פאָר דאַסס אין יעדעס מיטגליעד אום זיך איינען קרייז פאָן בעקאַננטען אַרבייטערן בילדען זאָלל דיא נאַכהער צו איינער געזעללשאַפט פעראייניגט ווערדען קאָננען. סאַפער לעגטע פאָר דאַס פּראָגראַם אונד דען נאַמען דעס פעראיינס גאַנץ אומצוענדערן אונד איהן צו איינעם בילדונגספעראיין מאַכען.

עס איסט נאָך דאַריבער ניכטס בעשלאָססען וואָרדען. סאַפער שלוג פאָר זיך אויך [אויף?] די רייכסוואַהלליסטע צום בייטראַג אונטערצושרייבען. עס וואורדע דאַס אונטערשרייבען אַבגעלעהנט, דאַגעגען אַנגענאָממען דאַסס שפעטער דיא קאַססע דאַצו איינע געוויססע סומא געבען ווירד.

ליבערמאַן האַט פאָרגעשלאַגען זיך אויף דען „פאָרווערטס" צו אַבאָנירען, וואַס אויך אַנגענאָממען וואורדע.

סאַפער טהיילטע מיט דאַסס קינפטיגע פערזאַממלונג דער פאַרטיי-גענאָססע פ אָ ס ס איינען פאָרטראַג האַלטען ווירד.

דיא זיטצונג איסט אום 11 אוהר געשלאָססען.

פאָרזיטצענדער

סעקרעטער א. ליבּרמאַן

## פראָטאָקאָל

### דער צוואַנציגסטען זיטצונג (23)

### דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

לאָנדאָן מוצ״ש הוהמ״ס

תרל״ז (7 אָקטובּר 76)

דיא זיטצונג איסט ערעפפנעט געוואָרדען אום 9 אוהר אונטער פאָרזיטץ דעס בירגערס גאָלדשטיין.

דער סעקרעטער האַט דאַס פאָריגע פּראָטאָקאָל פאָרגעלעזען. ב׳ סאַפער האַט בעמערקט דאַסס אין זיינען וואָרטע עטוואַס אויסגעלאַססען וואורדע, וואַס ער צו פערבעססערן בעאַנטראַגט. נעמליך: ב׳ ליבערמאַן האַט רוססלאַנד צום מאָדעלל גענאָממען אום היער אין לאָנדאָן צוא אַרבייטען, אָבער היער זינד די פערהעלטניססע אַנדערס אונד דאַרום זיעהט דער רעדנער נעטהיג די געזעללשאַפט צו איינעם בילדונגספעראיין אומצוענדערן, וייל אָהנע בילדונג מאַן ניכט פּראָפּאַגאַנדא מאַכען קאַנן.

דאַס פּראָטאָקאָל וואורדע אַבגעשטימממט אונד מיט ערוו. איינשאַלטונג אַנגענאָממען.

ב׳ סאַפער טהיילטע מיט דאַסס ב׳ פאָסס ניכט דיעזען אַבענד זאָנדערן דען קינפטיגען זאָננאַבענד זיינען פאָרטראַג האַלטען ווירד. ער שלוג פאָר איינלאַדונגס-קאַרטען צום פאָרטראַג דרוקקען צו לאַססען.

דער פאָרשלאַג וואורדע לויט אַבשטיממונג ניכט אַנגענאָממען.

ב׳ גאָלדענבערג האַט דיא פראַגע דער טאַגעסאָרדנונג אויפגענאָממען איבער דיא ריכטונג דעס פעראיינס אונד זאַגטע דאַסס אים גרונדע ביידע געגנער דאַס זעלבע וואָללען, אבער עס שיינט אים דאַס זי מיינען: אַגיטאַציאָן שליעססט אויס דיא בילדונג אונד בילדונג דיא אַגיטאַציאָן. קיינעס-וועגעס. מאַן מוסס אַבער בעריקקזיכטיגען דאַסס ביי אונז דיא סאָציאַליסטישע טהעטיגקייט אונזער אייגנטליכעס ענדצוועקק זיי, דיא בילדונג אַבער איזט נור איין מיטטעל צור ערקעננטניס דער סאָציאַליסטישען פּרינציפּיען, וויר מיססען הויפּטזעכליך זעהן דיא סאָצ. ערקעננטניסס צוא ערווערבען, דאַסס איין יעדער זעלבסטשטענדיג האַנדעלן קאַנן אונד ניכט דאַסס דער גאַנצע פעראַיין זיך נאָך איין פּאַאר פערזאָנען ריכטען זאָלל. אום אַבער איין עכטער סאָציאַליסט צוא זיין ברויכט מאַן ניכט פיעל. מאַן דאַרף נור אַרבייטער זיין אונד אונטער אַרבייטערן צו אַגיטירען. דיא פּראַקסיס

ווירד שאָן פיעלעס לעהרען. דאצו האבען וויר היער פּאָליטישע רונדשויא אויך. אייגענטליך אבער בילדען זינד וויר ניכט אים שטאנדע, דען עס גיעבט ביי אונז נור איין פּאאר מיטגליעדער דיא עס אונטערנעהמען קעננטען אונד פיר דיעזע ווירד עס צוא שווער, יא אונמעגליך זיין (בראוואָ!).

סאפּער זאגט דאסס ער שאָן דאפיר זאָרגען ווירד דאסס עס אן קרעפטען ניכט פעהלען זאָלל.

ב׳ ווינער פראגט: וואָס מיינט אייגנטליך ב׳ סאפּער מיט דעם בילדונגספעראיין. אָב וויר דיא מיטגליעדער זעלבסט איינאנדער בילדען זאָללען, אָדער בילדונג אונטער דיא אָרבייטער צו פערברייטען, אויססער דעם פעראיין?

ב׳ סאפּער: אויססער דעם פעראיין. דאסס מאן פיר דיא אָרבייטער פּאָרטרעגע איממער האלטע אונד זיא דאצו איינלאדען.

ב׳ ווינער. אונמעגליך. דיא מאססע ווירד דאן זאגען דאסס וויר מיססיאָנערע זינד.

ב׳ גאָלדענבערג מיינט פערנער מאן ברויכט דיא סטאטוטען יעדענפאללס ניכט צוא ענדערן, אם אללערוועניגסטען אבער דען נאמען דער געזעללשאפט. עס קאָממט אללעס אויף דיא מענשען אונד אויף דיא אויסאיבונג אן. גוטע מענשען מאכען יעדען סטאטוט גוט, שלעכטע אבער האנדעלן שלעכט אויך מיט דען בעסטען סטאטוטען.

עס וואורדע נאך אבשטיממונג בעשלאָססען דאסס דיא סטאטוטען דיעזעלבען פערבלייבען זאָללען, נור דאסס עס אנגענאָממען איסט נאך מעגליכקייט פיר דיא בילדונג דער מיטגליעדער בייצוטראגען, דורך פּאָרטרעגע אונד דערגלייכען אונד דאסס עס אים פּראָטאָקאָל אויפגענאָממען ווערדע.

מאן שריטט דאנן צור אונטערזוכונג דעס רעגלעמענטס.

ב׳ גאָלדענבערג שלוג פאָר (צו פּאראגר. 7) צוצופיגען: ווער 6 וואָכען אָהנע ערקלעהרונג דער אורזאכען ניכט קאָממט אין דען פעראיין ווירד אויסגעשלאָססען, וואס אנגענאָממען וואורדע.

לויט פאָרשלאג דעס ב׳ ליבערמאן שריטט מאן צור פערלעזונג דער ליסטע אללער מיטגליעדער אום איבער זיא אבצושטיממען ווער אויסגעשלאָססען ווערדען זאָלל, מיט אָפפנער אבשטיממונג.

בירגער גאָלדענבערג שטעללטע דען אנטראג בירגער מארקוס ראבינאָוויטש אויסצושליעססען אונד וואָללטע, ווען ראבינאָוויטש עס צולעסט, זיינע בעשולדיגונגען פאָרברינגען. בירגער ראבינאָוויטש צאָג עס ליעבער פאָר זעלבסט אויסצוטרעטען.

דאנן וואורדען אויסגעשלאָססען: שמואל ראבינאָוויטש, יוסף־שמואל, ניימאן גארפינקעל, ראָזענבערג, שימאנסקי, פרימאן.

בירגער פּאָלאטשעק וואורדע אלס מיטגליעד אויפגענאָמען, איינגעפיהרט פאָן יאוורא֪אוו אונד [דער נאָמען פעלט].

דיא קאססע האט בעקאָממען 2 שיללינג 3 פענס.

עס וואורדע בעשלאָססען איינעם מיטגליעדע 5 s צו באָרגען לויט בירגשאפט פאָן דזשעקאָב אונד הררים טויב.

די זיטצונג איסט געשלאָססען אום 11 אוהר.

פּאָרזיטצענדער

סעקרעטאר **א. ליברמאַן**

**אנמערקונג:**

אם 14 אָקטובר האט בירגער פּאָסס איינען פּאָרטראג אים פעראיין געהאלטען איבער דיא לאגע דער אָרבייטער אונד דען גרונדרציגען דעס סאָציאַליזמוס, וואָביי איינינע געסטע צוגעגען וואַרען. רעדנער וואורדע דריי מאל אפּלאָדירט.

# פּראָטאָקאָל

## דער איינאונדצוואנציגסטען זיטצונג

## דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

גאררדיק טאווערן לעמאנסטר. ווייטשעפּל איסט

Garrick Tavern Lemanstr. Whitechapel E.

לאָנדאָן כ״ז תשרי

תרל״ז (14 אָקט. 76)

דיא זיטצונג איסט ערעפפנעט נאך דעם ערוו.*) פּאָרטראג פאָם פּאָרזיטצענדען גאָלדענבערג אום $9\frac{1}{2}$ אוהר.

לויט פּאָרשלאג דעס בירגער פּאָלאטשעק וואורדע אנגענאָממען פאָן ערוו.*) פּאָרטראג אין איינער סאָציאַליסטישען ציי־טונג קונדע צו געבען.

ב׳ סאפּער העלט אבערמאלס זיינען פּאָריגען אנטראג דיא געזעללשאפט צו איינעם בילדונגספעראיין אומצובילדען.

עס שפּראכען דאגעגען בירגער גאָלדענבערג, ווינער אונד ליבּרמאן. זיא זעטצטען אויסאיינאנדער דאסס עס טהיילס אונפּאָרטהיילהאפט, טהיילס אונאויספיהרבאר זיי אונד בעצאָגען זיך הויפּטזעכליך אויף דאס פּאָריגע פּראָטאָקאָל דאסס דאריבער שאָן בעשלאָססען וואורדע. ב׳ סאפּער ערקלערטע דאסס אָהנע בילדונג קיינע טיכטיגען אגיטאטאָרען הערא‌נגעבילדעט ווערדען קעננען.

נאך איינינגער דיסקוססיאָן בליעב עס לויט בעשלוסס.

ב׳ דזשעקאָב ערגריפף דאס וואָרט פיר גרינדונג איינער אונטערשטיטצונגסקאססע פיר קראנקהייט אונד שטערבעפעללע. אָהנע דעם קאנן קיין איד. סאָצ. פעראיין בעשטעהען. איהן אונטערשטיטצטע ב׳ פּאָלאטשעק מיט דער בעמערקונג דאסס עס פיעל בייטראגען ווירד אום נייע מיטגליעדער צוא בעקאָממען.

ב׳ ווינער בעמערקטע, דאסס אונז זאָלכע מיטגליעדער דיא אום אונטערשטיטצונג אונז בייטרעטען ווערדען, אונז גאר ניט וויינשענסווערטה זינד. דאָך שטעהט ער אויך פיר דען אנטראג.

דער אנטראג וואורדע נאך אבשטיממונג אנגענאָממען אונד דיא דעטאילס אויף טאגעסאָרדנונג געשטעללט.

די קאססע בעקאם 1 שיללינג 3 פענס.

**ערגענצונג:** אין דער דיסקוססיאָן איבער אומענדערונג דעס צוועקס דעס פעראיינס שפּראך אויך בירגער פּאָסס זיך אין דעם זיננע אויס, דאסס דיא דיסקוססיאָנען נור אויף

*) ערוועהנטן — דערמאָנטן.

מיססּפערשטענדניסס צו בערוהען שײנען, דא אײגענטליך ניעמאנד געגען בילדונג זײ, נור זיהט אויך ער עס ניכט פיר נעטהיג דען פעראײן אומצוגעשטאלטען. מאן קאנן דארין פאָרטרעגע עטצ.*) האלטען ווי דיעסמאל. אונד איסט ער בערײט איבער ב י ל ־ ד ו נ ג אײנען פאָרטראג צו האלטען, ווענן מאן איהן דאצו אויפפאָרדערען ווירד.

דיא זיצונג איסט געשלאָססען אום $10^3/_4$ אוהר.

פאָרזיטצענדער

סעקרעטאר **א. ש. ליבערמאן**

## פ ר א ט אָ ק אָ ל

### דער צ ו ו י י א ו נ ד צ ו ו א נ צ י ג ס ט ע ן זיטצונג (25)

### דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראײנס

Little Paternoster Row Union str. Spitalfields

לאָנדאָן חשון תרל״ז
(21 אָקטובר 76)

דיא זיטצונג וואורדע ערעפפנעט אום $8^1/_2$ אוהר פאָם פאָרזיטצענדען פאָלאטשעק.

דער סעקרעטער האט פאָרגעלעזען דיא 2 לעטצטע פראָטאָקאָלע. בירגער סאפער בעמערקט דאסס אים פראָטאָקאָל פאָם 7 אָקטאָבער זײנע וואָרטע אונריכטיג אויפגעצייכנעט זיגד אונד פערלאנגט אויסצובעססערן, דאסס ער די בילדונג אים פעראײן זעלבסט פאָרגעשלאגען.

דער סעקרעטער פערטהיידיגט דיא ריכטיגקײט דעס פראָטאָקאָלס אונד בעציעהעט זיך אויף ווײנער. דיעזער בעשטעטיגט דיא אויסזאגע דעס סעקרעטערס, דאָך מיינט ער ווען סאפער זיינע וואָרטע אנדערס געמיינט האבע, דארף ער בעריקזיכטיגט יערדען. איהם שטיממען דיא מיטגליעדער בײ דאס פראָטאָקאָל מיט דער פאָן סאפער פערלאנגטען פערבעססערונג אָנצונעהמען. דער סעקרעטער היעלט זיך זײנען פראָטעסט פאָר. נאָך דעם וואורדען בײדע פראָטאָקאָלע אבגעשטיממט אונד מיט סאפערס פערבעססערונג אנגענאָממען.

סאפער האט אײנען אן איהן געריכטעטען בריעף פאָן מענדעל פאָרגעלעזען, וואָרין ער זיך בערײט ערקלערט אויף פארשלאג פאָן סאפער דען 4 נאָוועמבער אײנען פאָרטראג צו האלטען. מאן שפראך פאָן אײנעם לאָקאל און פערשבערעדעטע מיט דעם פובליקמײסטער אין דעמזעלבען לאָקאל צו בלײבען.

סאָפער שלוג פאָר דיא פערזאממלונג פאָן 6 אוהר אן אבצוהאלטען. דיא מײנונגען וואַרען געטהײלט. גאָלדענבערג זאגטע עס זײ איהם אונמעגליך פריהער אלס 8 צו קאָממען. עס וואורדע צולעצט געשטיממט אונד בעשלאָססען זיך אום 7 אוהר צו פערזאממלען.

*) עטצ, — etc.

ליבערמאן שלוג פאָר דען פאָרטראג אויפצושיעבען, דאמיט מאן מעהר געסטע דאצו אײנלאדען קעננטע. יעצט אבער זינד וויר צו ווייניג, אויך דער פאָריגע רעפערענט פאָסס האט זיך בעקלאָגט דאסס דער פאָרטראג ווייניג בעזוכט וואר אָבגלײך עס וואַרען אויך געסטע אויססער דעם פעראײן.

יאָוורָאָוו שפראך פ י ר דען פאָרטראג אונד דאנן נאהם סאפער דאס וואָרט געגען ליבערמאן. ער זאגטע דאס זאָלך האנדלונג נור אײנע שטערונג זײ, דאסס ער אויך פריהער איממער גוט געראטהען האבע, אבער נור יעצט זיהט מאן ווי אללעס ניכט געלינגט וויל ליבערמאן מיט זײנען מיינונגען געשטערט האבע.

ליבערמאן ערקלערטע, דאסס ער אײגענטליך גערעכנעט האבע דיא מיטגליעדער וועלכע אין דער שטאדט וואָהנען ווערדען אונטער דען ארבייטערן אגיטירען אונד יעדער אום זיך אײנען פעסטען קרײז בילדען ווירד אויף דעם מאן זיך פערלאססען קעננטע, אבער זיא האבען עס ניכט געטהאן אונד זאָגאר זיך פײג צוריקגעצאָגען אלס אײניגע קאָמיטעמיטגליעדער זיך פאָן אונז אבגעזאָנדערט האבען, בײם פערהאנדלען איבער דיא סטאטוטען דער געווערקשאפט. — אויך יעצט מיססע מאן אונטער דיא ארבײטער ארבייטען אום גענוג לײטע צו האבען.

ראָזענטהאל זאגטע דאסס וויר סאָציאליסטען אין דער שטאדט זעהר פערהאססט זינד אונד דאראן איזט שולד דער מיטינג אויף וועלכעם ליבערמאן פיעל געשאדעט האט אונד דיא גאנצע זאכע פערדאָרבען. איהן אונטערשטיצטע סאפער אונד זאגטע דאסס ליבערמאן פיר דען פעראײן גאר ניכטס געטהאן אונד נור געשאדעט. דיא מיטגליעדער וועלכע דא זינד האבען נור ו ו י ר היגאײנגעבראכט אונד ניכט ער, אונטערדעססען בעשולדיגט ליבערמאן דיא אנדערן דאסס זיא ניכט טהעטיג זינד.

ווײנער זאגט דאסס ליבערמאן אונד סאפער שאדען בײדע דעם פעראײן דורך איהרע דיסקוססיאָנען אונד אויך פאָלאטשעק שטיממטע איהם דארין בײ, דאסס דער גאנצע אבענד אין דיסקוססיאָנען צווישען ליבערמאן אונד סאפער פעררינט. — יאָוורָאָוו בעמערקטע דאסס עס׳ די פפליכט אײנעס יעדען איסט אים געגענטהייל, צור אונטערהאלטונג בייצוטראגען.

סטאָן זאגט: איך שטימממטע ניכט מיט ווײנער. וואס ליברמאן אונד סאפער אנבעלאנגט זאָ זיהט מאן דאסס ווענן סאפער שפריכט מיינט ער איממער לטובת הכלל, אבער ליבערמאן מיינט נור זיך אליין, אום זיך גרויס צו האלטען.

דער פרעזידענט אונד לעווענקינד פערלאנגטען דעם רעדנער דאס וואָרט צו ענטציעהען, ווײל ער פערזענליכקייטען בעריהרט, אבער ליבערמאן באט מאן זאָלל דעם רעדנער רעדען לאססען. עס בעריהרט נור איהן אונד ער ערלויבט געגען זײנע פערזאָן צו שפרעכען.

סטאָן זאגט ווייטער: ליבערמאן האט אונז נור געשאדעט אונד פיר דען פעראײן האט ער גאר ניכטס געטהאן. נור וויר האבען אללעס געטהאן.

ווײנער זאגט צוואר פיר ליבערמאן זעהר פיעלעס. ווענן ער אויך פיר דען פעראײן ווייניג געטהאן זא מוסס מאן בעריק־

דבטיגען דאַסס ער ניכט אין דער שטאַדט האָהנט אונד אויס- סער דעם ארבייטעט ער פיר דען סאָציאַליזמוס אים אַלגעמיינען זעהר פיעל, ער בעשעפטיגט זיך נור דאמיט טאַג און נאַכט. מאַן קאַנן אַלזאָ די טהעטיגקייט פאָן ליבּרמאַן ניכט פערגליי- כען מיט דער טהעטיגקייט פאָן אַנדערן אונד קעננען פאָן איהם ניכט מעהר פערלאַנגען; דאָך בעמערקטע וויינער, איסט די מיינונג פאַן אייניגען מיטגליעדערן דאַסס ליבּערמאַן דען פעראיין פערלאַססען זאָלל אונד נור ביי נעטהיגען פעללען קאָממען.

דאַבּיי פראַגט ער: וואָס איזט דער צוועק דעס פעראיינס?

ליבּערמאַן ערקלערטע זיך בערייט אויסצוטרעטען. ער ענטזאַגטע זיך פאָם פעראיין, דאַמיט דיעיעניגע מיטגליעדער גע- לעגענהייט האַבּען זאָללען איהרע מיינונג צו קאָנטראָללירען. ער באַט מאַן זאָלל איינען אַנדערן סעקרעטער אויסוועהלען צור קינפטיגען זיטצונג. אַבער זיין אויסטרעטען איסט נור זאָ איין אויסטרעטען, דאַסס ער זעלטען קאָממען ווירד. ווענן אַבּער דער פעראיין עטוואַס נעטהיג האַבען ווירד איסט ער אימּמער בערייט אַללעס צו טהון. ער זעלבּסט קאַנן אונטער די אַרבּיי- טער ניכט קאָממען אונד אַגיטירען, ער וואָהנע אויסערהאַלב דער שטאַדט. ער קאַנן נור דיענען מיט וואָרט מיט ראַטה אונד מיט דער פעדער.

וואָס דען צוועקק דעס פעראיינס בעטריפפט זאָ מיינט ער דאַסס דער פעראיין האַט ערשטליך דען צוועק זיך זעלבּסט צו געניגען, זיך געגענזייטיג אויפצוקלערען, דיא סאָציאַליסטישע אידעען צו פערברייטען, אונד אויססערדעם איסט לאָנדאָן אָדער ענגלאַנד פאַסט דער איינציגע פונקט, וואָ וויר עפפענטליך אויפ- טרעטען קעננען. פיר דיא יידישען סאָציאַליסטען אַנדערווערטס איסט אונזער פעראיין די פאַהנע, איין בעוויז דאַסס וויר עקזיס- טירען. אַנדערע סאָציאַליסטען האַבּען איהרע צייטונגען, וויר אַבער ניכט, אונד עס מוסס דער פעראיין אויך דאַנן ווערטה האַבּען ווענן דיעסס נור זיין איינציגער צוועקק וועהרע.

ראָזענטהאַל, ליפשיטץ אונד יאַווראָוו וואָללען ניכט דאַסס ליבּערמאַן אויסטרעטען זאָלל. ראָזענטהאַל זאַגט ווען ליבּרמאַן אויסטריטט ווירד אויך ער אויסטרעטען. ליפּשיטץ פערטהיידיגט לי- בּערמאַנן, דאַסס ווער איינמאַל שלעכט געהאַנדלט קאַנן אויך גוט מאַכּען דען פעהלער. יאַווראָוו שפּראַך פיעלעס פיר ליבּער- מאַן.

סאַפּער זאַגט: וויא וויינער אָבּען געזאַגט איבּערלעבּט יעצט דער פעראיין איינע קריזיס. וויללּ ליבּרמאַן אונז יעצט פערלאַססען זאָ מוסס איך עס פערדאַממען! ער האַט קיין רעכּט אונז יעצט צו פערלאַססען אונד ווענן ער עס דאָך טהוט, זאָ ווערדען וויר דעם פעראיין אויפבּליהען לאַססען דאַסס ער נאָך בּעססער שטעהען ווירד.

ליבּערמאַן איסט ביי זיינעם ענטשלוסס געבּליעבּען. ער ווירד פאָם קינפטיגען שבּת אַן זעלטענער קאָממען. וואַס מאַן אַבער פאָן איהם פערלאַנגען ווירד, ווירד ער פיר דען פעראיין טהון.

עס וואורדע בעשטיממט דען פירטען נאָוועמבּער דען פאַרטראַג פאָרטראַגען לאַססען.

סאַפּער זאַגטע דאַסס ער פראָה זיי, דאַסס נייע (דייטשע) עלעמענטע ביי אונז איינטרעטען ווערדען, וועלכע פיעלעס פיר דען פעראיין טהון ווערדען.

טאַגעסאָרדנונג איסט: 1) בעשטיממונגען איבּער אונטערשטיטצונגסקאַססען. 2) בעשטיממונג איבער דען בילדונגס- עלעמענט אים פעראיין, וויא אונד וואַס מאַן דאַרין טהון זאָלל. 3) איבּער דען בּריעפקאַסטען דעס פעראיינס.

די קאַססע האַט בעקאָממען 2 שיללינג 6 פּענס.

די זיטצונג איז געשלאָססען וואָרדען אום 11 אוהר.

פּאָרזיטצענדער קאַרל פּאָלאַטשעק

סעקרעטער- א. ליבּרמאַן

## פּראָטאָקאָל

### דער דרייאונדצוואַנציגסטען זיטצונג (26)

### דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

Little Paternoster Row Union str. Spitalfields

לאָנדאָן י"א חשון תרל"ז

28 אָקטובּר 76

די זיטצונג איסט ערעפפנעט וואָרדען אום 9 אוהר אונטער פּאָרזיטץ דעס בּירגערס גאָלדענבּערג.

דער סעקרעטער האַט פאָרגעלעזען דען פּראָטאָקאָל דער פאָריגען פערזאַממלונג. אין דער פערזאַממלונג וואַרען 2 געסטע.

בּירגער ראָזענטהאַל האַט געזאַגט דאַסס מאַן אין זיינען וואָרטען שטאַטט דען נאַמען ליבּ. די וואָרטע „דיא בעסטע" זעטצען זאָלל, וואָס אויך אַנגענאָממען וואורדע, וויל ער זאָ געזאַגט האַבּע.

סאַפּער פּראָטעסטירטע געגען דיא אָרדנונג דער דיסקו- סיאָן אין דעם פּראָטאָקאָל, וואָ ער אַלס אַנגרייפער ערשיינט, דאַ עס אייגענטליך אומגעקעהרט וואַר אונד ער דער אַנגעגריפפענע וואַר. וויינער אַנטוואָרטעטע עס וואורדע פאָן ליבּערמאַן סאַפּערס נאַמען אַנפאַנגס ניכט עראיננערט, ער האַט נור אים אַללגעמיינען געשפּראָכען...

נאַכהער איסט דער פּראָטאָקאָל אַנגענומען גיוואָרען.

ליבּערמאַן האַט פאָרגעלעזען 2 בּריף אַן דיא געזעללשאַפט פון וויען און פון לייפּציג אונד אויף פאָרשלאַג פון פּאָרזיטצענ- דען האַט מאַן בעאויפטראַגט דעם סעקרעטער זיי צו אַנטוואָרטען און צו דאַנקען פיר דיא וואַרמע גריסע.

דער גאַסט האָוט האַט איינע וואַרעמע רעדע געהאַלטען אַן דען פעראיין און זיינע פריידע אויסגעדריקט דאַסס דיא סאָ- ציאַליסטישע אידעען אייגאַנג געפונדען אונטער דיא יידישע אַר- בייטער און האַט פיעלעס איבער דיא סאָציאַליסטישע טהעטיג- קייט געשפּראָכען, וואַס מיט בּראַוואָ אויפגענאָממען וואורדע.

דיא געסטע האָוט און וועסס האַבען זיך איינגעשרי- בּען אַלס מיטגלידער.

בירגער פּאָלאטצעק האט דעם פעראיין מיטגעטהיילט דאס ער פעררייזט און האט איניגע גוט-געשפּראָכענע אבשידס-וואָרטע געזאגט.

דיא קאססע האט בעקאָממען 1 שיללינג 9 פענס.

דיא זיטצונג האט געענדעט 10 אוהר.

פּאָרזיטצענדער

סעקרעטאר **א. ליבּרמאַן**

## פּ ר אָ ט אָ ק א ל

### דער פ י ע ר א ו נ ד צ ו ו א נ צ י ג ס ט ע ן זיטצונג (27)

### דעם יידישען סאָציאַליסטישען פּעראיינס

פּאָריגע אדרעסע

לונדון ח״י חשון

תרל״ז, 4 נובימבר 76

דיא פערזאממלונג וואורדע ערעפפנעט אום $8^3/4$ אוהר אונטער פּאָרזיטץ דעם בירגערס יאוראָוו.

בירגער מענדעל אוים דעם דייטשען פעראיין האט איינען פּאָרטראַג געהאלטען איבער פּראָדוקציאָנסווייזע.

דיא רעדע וואורדע מיט בייפאלל אויפגענאָממען. ליבערמאַן, גאָלדענבערג אונד סאפער מאכטען איניגע אנמערקונגען אונד ערלייטערונגען. דאנן אויך וואן-הויט.

דאמיט איסט די פערזאממלונג געשלאָססען וואָרדען.

פּרעזידענט

סעקרעטאר **א. ליבּרמאַן**

## פּ ר אָ ט אָ כ אָ ל

### דער פ י נ פ א ו נ ד צ ו ו א נ צ י ג ס ט ע ן פערזאממלונג (28)

### דעם יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

Oxford Armes Little Paternoster
Row Unionstr. E.

לאָנדאָן כ״ה חשון

תרל״ז, 11 נובימבר 76

דיא פערזאממלונג וואורדע ערעפפנעט אום $8^1/4$ אוהר אונטער פּאָרזיטץ דעם בירגערס סאפער.

גאָלדענבערג היעלט איינען פּאָרטראג איבער דען בערנער אינטערנאציאָנאלען קאָנגרעסס, וואָביי ער אויך איבער דיא פארטייאונג דער סאָציאליסטען שפּראך.

ליבערמאן לעגטע דיא פראגע פּאָר: וויא מאן דען פעראיין פערגרעססערן זאָלל.

ראָזענטהאל לעגטע פאָר קארטען צו דרוקקען, וואָרין דיא פרינציפּיען דעס סאָציאליזמוס אויסאיינאנדער געזעטצט ווערדען זאָללען אונד יעדעס מיטגליעד זאָלכע קארטען איינהענדיגען אום ביי געלעגענהייט דען ארבייטער זאָלכע איינהענדיגען.

אין דער פערזאממלונג וואַרען 2 געסטע: בוכבינדער אונד סאמועל, דענען דאס וואָרט-רעכט פערליעהען וואורדע.

סעמועל אונד יאוראָוו שפּראכען זיך אויס פיר' דיא קארטען, אויססערדעם וואָללטע יאוראָוו מאַן זאָלל איינען עפפענטליכען מיטינג פעראנשטאלטען.

ווינער וואר דער מיינונג דאסס מאַן נור אינטעלליגענטע מיטגליעדער ווערבען זאָלל, דענן דיא אונגעבילדעטען נעהמען דיא אידעען שווער אויף. ער זעלבסט האָפפט אין דער מעגליכקייט פערזעטצט צו זיין פיר דיא זאכעווירקען צו קעננען.

יאוראָוו אונד ליבערמאַן זינד דער מיינונג דאסס אונגעבילדעטע עבענזאָ פעהיג זינד דיא אידעען דעס סאָציאליזמוס אויפצונעהמען.

(דאצו זאגט יאוראָוו מאַן זאָלל זעהען דעם פּובליקום ערקלערען וואס אייגענטליך מיססיאָנערע זינד אונד וואס איסט יעזואיטיזמוס דאמיט עס וויססען זאָלל דאסס אונזערע צוועקקע גאנץ ענטגעגענגעזעטצט דאפאָן זינד.

מאַן שפּראך איבער דאס מיססיאָנסוועזען היער אונד דאס זיא פיעלע מיכטיגע יונגע לייטע אין איהרע נעטצע פענגט).

אויך גאָלדענבערג נייגטע זיך דיעזער מינונג דאסס דיעיעניגען, וועלכע אין דער שטאדט וואָהנען, נאך איהרען קרעפטען אונטער דען ארבייטערן ווירקען זאָללען. דיא אויסגעטרעטענען מיטגליעדער מוסס מאַן ניכט דאפיר בעשולדיגען, וויל מאַן זיך ווניג זיהט אונד נור אָפפיציעלל, דארום קעננען זיך דיא מיטגליעדער ניכט איינאנדער נעהרען.

יאוראָוו שטיממט ביי אונד זאגט מאגען זיך דיא מיטגליעדער אים פעראיין אמיזירען.

ליבערמאַן לעגט פאָר מאַן זאָלל זיך, וויא שאָן פאָרגעשלאגען וואורדע, אום 6 פערזאממעלן אונד ביז $7^1/2$ אונטער זיך פריוואט בעשפרעכען אונד זיך אמיזירען. דאדורך ווערדען דיא מיטגליעדער אונטער איינאנדער מעהר בעקאננט ווערדען. גאָלדענבערג זאגטע דאסס דיא מיטגליעדער אויך מיטטען אין דער וואָכע אָפט איינאנדער בעזוכען זאָללען.

סאפער זאגט עס פרייט איהם דאסס דער פעראיין צור איבערצייגונג געקאָממען דאסס אָהנע בילדונג ניכטס צו מאכען זיי. עס זיי רעכט דאסס ניכט יעדעס מיטגליעד זעלבסט אויססער דעם פעראיין ארבייטען זאָלל נור דאסס מאַן די לייטע איינלאדען זאָל אים פעראיין צו קאָממען אונד דאסס דער פעראיין זעלבסט פּראָפּאגאנדא פיהרען זאָלל. ער פערשפּראך דאריבער פונקטע שריפטליך איינצורייכען.

ליבערמאַן לעגטע פאָר דאסס יעדער זאגען זאָלל וואס מאַן פאָן אונז אין דער שטאדט שפּריכט אונד ווענן מאַן פאָן אונז אונגינסטיגער מיינונג זיי, ווארום געהען די יודען צו הונדערטען אנצוהערען דיא פּרעדיגטען דער מיססיאָנערע?

ראָזענטהאל זאגטע דאסס זיא עס אום דעם געלדעס וויללען

טהון. די מיססיאָנערע בעשענקען איהרע בעזוכער. מאן שפראך איבער דיא פערלאָקקונג פיעלער יידישער יונגער לייטע פאָן דען מיססיאָנערען און האט בעשלאָססען אין דער קינפטיגען פער-זאממלונג צו בעראטהען וואס מאן פיר מיטטעל אננעהמען זאָלל אום דאגעגען צוא האנדעלן.

עס וואורדע בעשלאָססען קינפטיגען שבת איינע גענעראל-פערזאממלונג איינצובערופען אום איבער אללע ערוועקקטען פראגען צו שטיממען.

דיא קאססע האט בעקומען 3–1 שיללינג אונד וואורדע אַן ליבערמאן געצאָהלט פיר שיללינג פיר דיא אויסגעשריעבענע צייטשריפט פאָרווערטס.

פרעזידענט

סעקרעטער **א. ליברמאַן**

## בעריכט

### דעס סעקרעטארס איבער דיא האַלביעהריגע טהעטיגקייט דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

דען 1/13 מאַי 1876 זיינען צוזאממענגעטרעטען 10 פער-זאָנען אונד בילדעטען אוים זיך איינע געזעללשאפט. אויפגענאָמ-מען וואורדען נאָך צו פערשיעדענען צייטען 20, צוזאממען וואַרען אים פעראיין 30 פערזאָנען.

| | |
|---|---|
| דאפאָן איסט פערררייזט | 2 |
| אויסגעטרעטען | 2 |
| אויסגעשלאָססען | 7 |
| צוזאממען אוים דעם פעראיין געשטריכען | 11 |
| אַלס מיטגליעדער רעכנען זיך יעצט | 19 |

אים דורכשניט וואַרען איממער אים פעראיין 16 פערזאָנען. וועהרענד דיעזעס האַלבען יאהרעס וואורדען פאָלגענדע פראַגען אויפגעשטעללט אונד בעשלאָססען:

1) יערעס מיטגליעד זאָלל איין נאָטיצבוך זיך מאכען אום דאָרט איינצושרייבען בעמערקונגען איבער ארבייטערפערהעלט-ניססע.

2) מאַן זאָלל געסטע איינפיהרען, זיא דעם סעקרעטאר פאָרשטעללען אונד איהרע נאמען אים פראָטאָקאָל איינשרייבען.

3) קיינע מייסטער אונד טרעבלער אין פעראיין אויפנעה-מען. נור ווען איין מיטגליעד מייסטער ווירד קאָנן ער אויף בע-שלוסס דעם פעראיינס פערבלייבען.

4) די בילדונג דער מיטגליעדער צוא בעפעררערן.

5) עס וואורדע איינע ביבליאָטהעק געגרינדעט אונד 2 צייטונגען אויסגעשריבען, נעמליך איינע ענגלישע Reynolds Newspaper אונד איינע דייטשע Vorwärts.

אויסערדעם בעקאָממט דיא ביבליאָטהעק איין רוססישעס בלאטט Vorward [„Впередъ" — Forward] פאָן דער רעדאקציאָן.

6) עס וואורדע בעשלאָססען איינען פובליק-מיטינג איינצו-בערופען אום דיא ארבייטער צוא בעוועגען זיך צום קאמפף געגען דאס קאפיטאל צו פעראייניגען. אם 18 אויגוסט וואורדען 1000 פראָקלאמאציאָנען געדרוקקט אונד אם 19 אונד 26 אויגוסט אין דען שטראססען אויסגעטהיילט. דאנן וואר אם 26 אויגוסט דער ערשטע מיטינג אונד אם 2 אונד 16 סעפטעמבער נאָך 2 געשלאָססענע מיטינגס. עס וואורדע איינע שניידערגעזעללשאפט געבילדעט, אבער די פערוואלטעט זיך אָהנע אונז, אין וועלכער יעצט אום 300 מיטגליעדער זינד.

דיא מיטטעל דעם פעראיינס וואַרען זעהר קליין. ביז צום 11 נאָוועמבער וואר דער קאססאבעשטאנד:

| | | | |
|---|---|---|---|
| ביטרעגע | | L — 2–15–9 | |
| געשענק פאָן ג"ב[1] | 10– | | אקטיף 3–5–9 L |

אויסגעגעבען:

| | | |
|---|---|---|
| מיטינג | 1–8–2 | |
| צייטונגען | 4–7 | |
| קוואַרטיר | 1–9 | |
| שאדען אַן ר"ב | 10– | |
| אַן פראנצ. ארב. | 5– | |
| אַן ליפשיטץ | 5– | |
| גלאָקקע | 1–1 | פאססיף 2–15–7 |
| קאססע בעשטאנד אונד באאר | | 2. 10. 0 |

איינע וואכע האט ניעמאנד געצאהלט אונד דארום איסט זיא געשטריכען.

אים אללגעמיינען ווערדען דיא ביטרעגע זעהר שלעכט געצאהלט.

אויף טאגעסאָרדנונג:

1) וואהל דעם סעקרעטערס אונד קאססירט פיר דאס קינפטיגע האלבע יאהר.

2) וועגען קארטען דרוקקען מיט אונזערען ציעלען.

3) מיטטעל געגען מיססיאָנערע.

4) מיטטעל צור פערגרעססערונג דעם פעראיינס

5) מיטטעל צור בילדונג

6) בריעפקאססען

סעקרעטאר **א. ליברמאַן**

## פראָטאָקאָל

### דער 24טען (27) זיטצונג[2] דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

פאָריגע אדרעססע

לאָנדאָן 18 נאָוו.

ר"ח כסליו תרל"ז

דיא זיטצונג האט אנגעפאנגען אום 8 ¾ אוהר אונטער פאָרזיטץ דעם ב' סטאָן.

---

1) געמיינט — גאָלדענבערג.

2) דאָ און וויטער איז אַ טעות: די דאָזיקע זיצונג איז געווען די 26טע (און נישט די 24טע), נישט רעכענענדיק די 3 ספּעציעלע זיצונ-גען. די וויטערדיקע (לעצטע) צוויי זיינען געווען די 27טע און די 28טע. רעד.

אין דער זיטצונג וואַרען 4 געסטע: בוכבינדער, בעלל, שאַמראָטה אונד נאָך יעמאַנד.

דער סעקרעטער האַט דאַס פאָריגע פראָטאָקאָל אונד זיינען בעריכט אבגעשטאַטעט, וועלכע אנגענאָממען וואורדען אונד איבערגאַב דאַס פראָטאָקאָלבוך דעם פאָרזיטצענדען. דאַן שטאַטטעטע דער סעקרעטאר זיינען בעריכט אַב איבער דיא קאַססע וואָבײַ העראויסקאַם דאַסס אין קאַססע 11 שיללינג 5 פענס.

מאַן שריטט צור וואַהל איינעס סעקרעטארס אונד איינעס קאַססירס. עס וואורדען איינשטיממיג דיא פאָריגע סעקרעטאר אונד קאַססיר וויעדער געוועהלט אונד אויף פאָרשלאַג דעס בירגערס סאַפער דאַנקטע איהנען דער פעראיין פיר איהרע האַלביעהריגע טהעטיגקייט.

בירגער סאַפער בעמערקטע מאַן זאָללטע אים בעריכט דער האַלביעהריגען טהעטיגקייט דעס פעראיינס אויך פערצייכענען דאַסס דער אינטערנאַציאָנאַלע בילדונגס פעראיין אונזערען פעראיינע ביכער געשענקט האַט. דאַן האַט ער פאָרגעשלאַגען דאַסס אַללע ביכער אונד צייטונגען אים פעראיינסלאָקאַל זיין זאָללטען, וואַס אויך אַנגענאָממען וואורדע.

מאַן שריטט צור טאַגעסאָרדנונג. ב׳ גאָלדענבערג שפּראַך וועגען דיא מיססיאָנערע אונד וויא מאַן איהרער טעטיגקייט ענטגעגען טרעטען זאָלל, אבער נאָך איינען דיסקוססיאָנען ליעסס מאַן דיעזע פראַגע פאַללען, וייל איינער דער געסטע איינען פאָרשלאַג האַט.

מיסטער מאָריטץ בעלל ערצעהלטע דאַסס ער אַלס זליפּמאַקער שאָן 18 יאַהרע ארבייטע אונד דאַסס פאָן דאַן ביס יעצט דער ארבייטסלאָהן פון 6s אויף 3s 6d הערונטערקאַם. ער באַט דען פעראיין דיא סליפּמאַקער בעהילפליך צו זיין זיך צו איינער געזעללשאַפט צו פעראייניגען אונד האַנדבילס צו דרוקקען, וועלכע ער זעלבסט פערטהיילען ווירד אונטער דיא האָללענדישע, דייטשע אונד פּאָלנישע ארבייטער.

נאָך איינינגען דיסקוססיאָנען וואורדע בעשלאָססען איינע קאָממיסיאָן צו וועהלען, וועלכע אַם פרייטאַג דען 24 צוזאַממען קאָממען זאָלל אונד דאריבער צו בעראַטהען. עס וואורדען געוועהלט דאַצו ליבּרמאַן, וואַן ב״ט [דער ?] הויט*), ראָזענטהאַל, סטאָון, מ. בעלל אונד דיא פערזאָנען, וועלכע לעצטערער מיטברינגען ווירד.

מאַן שפּראַך איבער דען בעטראַג דער בייטראַגע אונד ליעסס זיא אויף 3 פענס דיא וואָכע.

עס וואורדע פאָרגעשלאַגען איינע אידישע צייטונג צו פערשרייבען, ליפשיטץ וואַר דאַגעגען אונד וואָללטע ליעבער איינע אונטערשטיצונגסקאַססע אים פעראיין האַבען. נאָך לאַנגען דיסקוססיאָנען קאַם מאַן דאַצו איינע אידיש-דייטשע צייטונג אויסצושרייבען וואָמיט מאַן דען סעקרעטאר בעאויפטראַגטע.

*) עס ווערט זיכער געמיינט — וואַן-דער-הויט, וועלכער ווערט שפּעטער אָנגערופן פאַנדערהאַט (זע לעצטן פּראָטאָקאָל) רינג.

בירגער שאַמראָטה האַט זיך אַלס מיטגליעד איינגעשריעבען, איינגעפיהרט פון יאַווראָוו אונד ג״ב [גאָלדענבערג].

דיא קאַססע האַט בעקאָממען 2 שיללינג 9 פענס.

אום 11 אוהר איסט דיא פערזאַממלונג געשלאָססען

סעקרעטאר א. ליבּרמאַן

פאָרזיטצענדער

## פּראָטאָקאָל

### דער 25 (28) זיטצונג *)

### דעם יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

פּאָר. אדר. [פאָריגע אדרעססע]

לאָנדאָן ט׳ כסליו תרל״ז,

25 נאָוועמבער 76

דיא זיטצונג איסט אום 9 אוהר פאָן גאָלדענבערג ערעפפנעט וואָרדען.

עס וואַרען איינינגע געסטע אין דער פערזאַממלונג.

גאַסט הארמאַן פראַגטע אָב מר. בעלל בעפאָללמעכטיגט וואַר זיך אן דען פעראיין צו ווענדען אום איינע געזעללשאַפט צו בילדען. דער פאָרזיטצענדע אנטוואָרטעטע דאַסס עס אַללעס דעם פעראיין גלייך זיי אָב מיט פאָללמאַכט אָדער פּריוואַט, יעדענפאַללס ליעגט עס אים קרייז דער טהעטיגקייט דעס פעראינס דיא ארבייטער אונטער איינאַנדער צו פעראייניגען. ליבּרמאַן ערקלערטע דאַסס דיא זאַכע נור איין פּריוואַט אַנטראַג זיי, דענן עס גיעבט נאָך קיינע געזעללשאַפט, דאַרום קאַנן מר. בעלל ניכט בעפאָללמעכטיגטער זיין.

ליבּערמאַן שטעללטע צור אבשטיממונג: 1) אָב מאַן דאַס געלד אויס דער קאַססע פיר דיא בילדונג איינער סליפּמאַכער געזעללשאַפט אויסגעבען זאָלל. 2) אָב דער פעראיין זיך אן אנדערע סאָציאַליסטישע געזעללשאַפטען ווענדען זאָלל, אונד זיא אום בייטראַג פיר דיעזע זאַכע צו ביטטען. 3) אָב דיא צוזאַממענרופונג דעם מיטינגס דורכאויס אים נאַמען דעם פעראיינס געשעהען זאָלל, אָדער — ווענן דיא ארבייטער פערלאַנגען ווערדען — אים נאַמען דעס ארבייטער קאָמיטע.

נאָך איינינגען דיסקוססיאָנען וואורדען די ערשטען 2 פונקטע בעיאַהעט אונד דער דריטטע דעם קאָמיטע איבערלאַססען.

דאַ דיא סליפּמאַכער קליינמייסטער זינד זאָ שטעללטע מאַן אן מר. בעלל דיא פראַגע, וואַס פיר נוטצען ווערדען דיא „הענדע״ פאָן דער פערבעססערונג דער לאַגע איהרער קליינמייסטער האַבען קאָננען. מר. בעלל האַט געאַנטוואָרטעט דאַסס פאָן יעדעם שיללינג דיא וואָכע, וועלכע זיא מעהר בעקאָממען ווערדען, ווערדען די הענד 3 פענס מעהר בעקאָממען.

בירגער ראָזענטהאַל שטעללטע דיא פראַגע, אָב דיא סליפּמאַקער מייסטער זינד אָדער ארבייטער.

*) אין דער אמתן — די 27טע (30); זע — הערה ז. 588.

זענן זיא מייסטער זינד זאָ קעננען וויר נאך אונזערען פרינ־ציפען פיר זיא ניכטס טהון. — ווינער פראגטע אָב דיא גע־זעללשאפט אויס קלײנמייסטערן מיט ארבייטערן צוזאממען בע־שטעהען ווירד אָדער נור ארבייטער. סטאָון ערקלערטע דאסס דיא ארבייטער מיט דען קלײנמייסטערן צוזאממען געהען קעננען ווייל דיא קלײנמייסטער אייגענטליך נור ארבייטער זינד וועלכע פראָ שטיקק ארבייטען.

אויף דער פראגע אָב מאן אויך לעהרלינגע אין דיא גע־זעללשאפט אויפנעהמען ווירד ווארדע ניכטס בעשטיממטעס בעשלאָססען.

עס ווארדע פיעלעס געשפראָכען וואס מאן טהון קעננטע אום דיא אנקאָממענדען פרעמדען יונגען לײטע פאָם איינפלוסס דער מיססיאָנערע פערן צו האלטען אונד ווא מאן דען מיססיאָנערען ענטגעגענארבייטען זאָללטע.

פיעלעס ווארדע דאריבער געשפראָכען. בעזאָנדערס בע־שטאַנד גאסט הארטמאַן אויף דיא דעבאטע דיעזער פראגע. בערלין וואר דאגעגען. ענדליך קאָם מאַן דאריבער איבעראיין דאסס מאַן דירעקט ניכטס טהון זאָלל, זאָנדערן אים אללגעמיי־נען דיעזעס איבעל וויא יעדעס אנדערן דאדורך שטײערן, דאסס מאַן איינען ארבייטס־נאכווייז בירא גרינדען זאָל, וואָ מאַן מעג־ליכסט איינעם יעדען ארבייטער ארבעט פערשאפפען זאָלל. בירגער שטרויסס שטעללטע די פראגע איבער ארבייטס בירא אויף טאגעסאָרדנונג דער קינפטיגען פערזאממלונג.

עס ווארדע בעשלאָססען קינפטיגען שבת איינען קאָ־מיטע מיטינג אויס ארבייטערן אונד פאָן פעראײנסמיטגליעדערן צו בערופען, אום דיא אָרגאניזאציאָן דער סליפּמאקער געזעלל־שאפט צו בעראטהען.

אלס מיטגליעדער האבען זיך איינגעשריעבען: פעהרמאַן, בעלל, שטרויס אונד פרענקעל.

דיא קאססע האט בעקאָממען 2 שיללינג 6 פענס.

סעקרעטער **א. ליברמאַן**

אנמערקונג:

אם 2 דעצעמבער וואר קיינע פעראײנסזיטצונג, זאָנדערן איין קאָמיטע־מיטינג דער סליפּמאקער. אין דיעזער צייט האבען זיך אלס מיטגליעדער איינגעשריעבען דיא ברידער ה׳ אונד י׳ סויטע אונד יצחק מארקס.

דיא קאססע האט בעקאָממען... [ס׳פעלט וויפיל].

אם 6 דעצעמבער וואר ווידערום איין פריוואט־מי־טינג דער סליפּמאקער אונד קאָמיטע, וועלכעס בעשלאָססען האט אם 9 דעצעמבער איהרע בעקאננטען צו פערזאממעלן צו איי־נעם פריוואט־סליפּמאקער מיטינג אין Freemasons Armes Goulstonstreet Whitechapel E. אום 7 אוהר אבענדס, וואָביי אויך דאס קאָמיטע אנוועזענד זיין ווירד.

סעקרעטאר **א. ליברמאַן**

# פ ר אָ ט א ק אָ ל

## דער זעכסאודנצוואנציגסטער זיטצונג*) [29]

## דעס יידישען סאָציאַליסטישען פעראיינס

Unions street Paternoster Spital Fields

לאָנדאָן דען 28 דעצעמבער 76

דיא זיטצונג איז ערעפפנעט וואָרדען אונטער פאָרזיטץ דעס בירגער גאָלדענבערג.

אין דער זיטצונג וואַרען 2 געססטע — בירגער קליינג אונד נאָך יעמאנד.

עס ווארדע פיל געשפּראכען וואס פיר מיטטעל מאן אנווענדען מוסס אום מעהר מיטגליערערן צו בעקאָממען.

בירגער פאַנדערהאָט *) מיינטע עס וערע ניכט סאָציאַליס־טיש אונד אויך ני קיין אָרדענטליכע מיטגליעדערן בעקאָממען זאָ לאַנגע דער יודישע נאהמען אונזער פעראיין טראַגען ווירדט. ווען דער נאהמע אַלגעמיינער ארבייטער פעראיין טראַגען מעכטע, ווערדען וויר פיעל ענגלענדער בעקאָממען קעננען.

דער פאָרזיטצענדער שטעלט צור אנטוואָרט ב׳ פאַנדער־האָט אונד ערקלערטע איהם דאס וויר אן און פיר זיך ריכטיגע סאָציאַליסטען זינד. אבער דאַ די יודען אין לאָנדאָן זאָ אבגע־זאָנדערט שטעהען פאָן אללען אנדערן געזעלשאַפטען אונד דאס איסט (קווארטאל East) (מיט) שמוטץ בעזיטצען (בעשיטצען), זאָ בעשלאָססען וויר פאָרלייפיג נור אונטער דיא יודען צו אר־בייטען.

ב׳ ווינער אונטערשטיטצטע בירגער גאָלדענבערג אונד זאַגטע ווארום האט איין יעדער נאַטציאָן איין בעזאָנדערן פעראיין אונד זיין אייגנעם נאהמען טראגט, זאָ וויר אויך איין נאטציאָן זינד זאָ וואָללען וויר אונזער נאמען אלס. אלע איבריגע עס טוהן.

בירגער יאַבראָוו פיגט צו דאס וויר איבעהאָבט עס גאָר־ניכט מיט ענגלענדער אין פערבינדונג קאָממען דאַ וויר דיא ענגלישע שפּראכע ניכט מעכטיג זינד.

בירגער ווינער שלוג פאָר: 1) איין יודישעס בלאטט אויסשרייבען לאססען אונד קארטען דרוקען לאססען מיט דער ליססטע אונזערע צייטונגען; אונד זאגטע דאס דאדורך ווערדען וויר פיל מיטגלידערן בעקאָממען, בירגער בערלין אונטערשטיצט איהם.

ב׳ יאַבראָוו אונד ב׳ גאָלדענבערג איסט אין דער מיינונג דאס מאַן ליבערסט דאס בלאט פאָרוערטץ אויסשרייבען זאָלל דאַ עס איין פארטיי בלאהט איסט אונד אללע באַידע איסט אונזרע קאַססע צו שוואך.

*) די 28טע (31); זע אויבן.

*) דאָס איז דערזעלביקער וואַן־דער־הוט, וואָס ווערט דער־מאָנט אין פּראָטאָקאָל 25טן. ר ע ד.

ב׳ יאבראָח שלוג פאָר זאָנטאַגס אונטערהאַלטונגס איין צו פיהרען נעבסט פאָרטרעגע אונד מיינטע דאס דאדורך קעננען חיר אונזער געזעלשאַפט פערגרעססערן.

ב׳ פאנדערהאָט שלוג פאָהר מיט אנדרע געזעלשאַפטען אין פערבינדונג צו טרעטען דאמיט זיא אונס אונטערשטיצען זאָלען, איינע עפענטליכע פערזאַממלונג איינצובערופען. 2) איין קאָמיססיאָן צו וועהלען פון 5 מיטגלידערן קאס. סעק. ביל. [קאסיר, סעקרעטאר, ביבליאָטעקאר ?] אונד 2 דאפאָן זאָלען מיט דער קאָרעספאָנדענס בעשעפטיגען זאָלען — דאס אויך לויט איין שטיממונג אנגענאָהמען. — בירגער גאָלדענבערג אונד בירגער פאנדערהאָט זינד לויט אבשטיממונג געוועהלט וואָרדען. — מאן בעשלאָסס אין דער נעכסטען פערזאַממלונג איבער אלע ערחענטען פראגען צו ערנייערן.

דיא קאססע האט בעקאָממען — 3 של.

אום 12 אוהר איסט דיא פערזאמלונג געשלאָססען חאָררען.

סעקרעטאר...*)

---

אלס הוספה צו די פראָטאָקאָלן גייט:

„קאססא־בוך דעם אידישען סאָציאליסטישען פעראיינס.

אגדת הסציאליסתים העברים אין לאָנדאָן

פאָם 8/20 מאי 1876 — כ״ו אייער התרל״ו עד...״—

א געגויער חשבון לויט יעדער זיצונג חעגן די ביטראָגן פון די מיטגלידער און די געמאכטע הוצאות.

---

*) אלע פראָטאָקאָלן זענען געפירט געוואָרן פון ליבערמאַנען, דער לעצטער פראָטאָקאָל אָבער איז געשריבן מיט א אנדער האנטשריפט — קאָנטיק פונעם נייעם סעקרעטאר, וועמעס נאָמען עס פעלט.

# צו דער געשיכטע פון דער ערשטער רוסיש-יידישער צייטשריפט

פון ש. באָראָוואָי (אָדעס)

I.

דער „ראַזסוועט — אָרגאַן פון די רוסישע יידן" (אָדעס 1860–1861)[1], מיט וועלכן ס'הויבט זיך אָן די רוסיש-יידישע זשורנאַליסטיק, איז נישט איינמאָל געווען אַ טעמע פאַר פאָרשונגען. ס'האָט זיך שוין אָנגעזאַמלט אַ גאַנץ באַדייטנדיקער מאַטעריאַל, אויפן סמך פון וועלכן מ'קען מיט אַ געוויסער פינקטלעכקייט באַלויכטן די פאַרשיידענע עטאַפּן פון דער לאַנגער פאָרגעשיכטע און דער קורצער געשיכטע פון דעם וואָכנבלאַט[2]. פונדעסטוועגן איז דערדאָזיקער וויכטיקער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין רוסלאַנד נאָך אַלץ נישט גענוג אויפגעקלערט. ווי באַוווּסט, איז נאָך ביז איצט נישט אויסגעפאָרשט דער הויפּט-מאָמענט: וואָס זענען געווען די דירעקטע סיבות, צוליב וועלכע דאָס וואָכנבלאַט האָט זיך אָפּגעשטעלט? צי איז די סיבה געווען די שטערונגען מצד דער צענזור און מצד דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט אין דער פּערזאָן פונעם גענעראַל-גובערנאַטאָר פון נאָוואָראָסיער קאַנט גראַף ל. סטראָגאַנאָוו, — וועגן וואָס עס דערמאָנט דער רעדאַקטאָר פון „ראַזסוועט" אָ. ראַבינאָוויטש אין זיין בריוו צו ל. לעוואַנדען[3], — אָדער דאָס וואָכנבלאַט האָט זיך אָפּגעשטעלט מחמת דעם, וואָס עס איז געוואָרן אַ שלעכט געשעפט פאַרן רעדאַקטאָר-אַרויסגעבער, ווי ס'האָט דערקלערט דערזעלביקער אָ. ראַבינאָוויטש אין זיינע בריוו צו ל. ראָזענטאַלן?[4] מיר ווייסן נישט גענוי, אין וואָס איז אייגנטלעך באַשטאַנען דער דרוק מצד דער צענזור און דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע. און גראָד האָבן דידאָזיקע אַלע פראַגן אַ באַדייטנדיקן אינטערעס.

דער „ראַזסוועט" האָט זיך באַוויזן אין אַ יאָר, וועלכער האָט אָנגעהויבן מיט זיך בכלל די געשיכטע פון דער יידישער פרעסע אין רוסלאַנד. כמעט אין דערזעלביקער צייט הויבן אָן צו דערשיינען צוויי העברעאישע צייטונגען — דער „המליץ" און „הכרמל"[5], וועלכע האָבן אויך געמוזט גובר זיין אַ ריי שווערע מניעות אויף זייער וועג.

די רוסישע מאַכט איז אין יענער צייט כלל נישט געווען נוטה צו דערלויבן צייטונגען פאַר יידן. זי פלעגט יעדעס מאָל זייער גענוי בודק זיין די פּראָגראַם פון דער צייטונג און שטעלן אַלץ נייע און נייע פאָדערונגען. זי האָט זיך אַלץ נישט געקאָנט קאָנקרעט פאָרשטעלן, ווי אַזוי וועט זיך עס לאָזן פאַרבינדן די עקזיסטענץ פון יידישע צייטונגען מיט דער אַלגעמיינער „קאַזיאָנער" אויפקלערונגס-סיסטעם, אין וועלכער עס

1) דאָס אָדעסער וואָכנבלאַט „ראַזסוועט" („Разсвет") איז געווען די ערשטע צייטונג אין רוסלאַנד פאַר יידישע אינטערעסן און האָט געשפּילט אַן אומגעהויערע ראָלע אין דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון דער יידיש-רוסישער אינטעליגענץ, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די צייטונג האָט קיין אריכת ימים נישט געהאַט. איר רעדאַקטאָר, דער באַקאַנטער יידיש-רוסישער שרייבער אָסיפּ ראַבינאָוויטש, איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע און ערשטע פאָרשטייער פון דערדאָזיקער אינטעליגענץ און פאַקטיש דער ערשטער, וואָס האָט אויפגעהויבן אין דער עפנטלעכקייט די פראַגע וועגן גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן אין רוסלאַנד. רעד.

2) די אויסערלעכע געשיכטע פון „ראַזסוועט" איז מער באַקאַנט, ווי וועלכער נישט איז אַנדער קאַפּיטל פון דער יידיש-רוסישער פרעסע, דער עיקר אַ דאַנק פאָלגנדיקע מאַטעריאַלן: 1) די פאַרעפנטלעכטע בריוו פון אָ. ראַבינאָוויטש („יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ", 1911, ב. 1); 2) די זכרונות פון ל. לעוואַנדע, איינעם פון די הויפּט-מיטאַרבעטער פון „ראַזסוועט", — „וועגן דעם אויפקום פונעם ערשטן אָרגאַן פון די רוסישע יידן" („וואָסכאָד" 1881, נומ. 6); 3) די אַרכיוו-אויספאָרשונגען פון א. מ. לערנער — „די יידן אין נאָוואָראָסיער געביט" (אָדעס, 1901, ז. 191—197); 4) די אַרטיקלען פון י. געסען („פּערעזשיטאָיע", ב. III, פּעטערבורג, 1911) אונטערן קעפּל „די ענדערונגען אין די געזעלשאַפטלעכע שטימונגען", קאַפּ. 2.

3) „פּערעזשיטאָיע" (רוסיש), ב. III, זייט 57.

4) „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ" (רוסיש), 1911, ב. I. פּגל.; ש. צינבערג, „די געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין רוסלאַנד" (רוסיש), פּעטערבורג, 1915, ז. 58—59.

5) דער „המגיד", וועלכער איז דערשינען אין יאָר 1858 אין ליק, פּרייסן, ביי דער רוסישער גרענעץ, איז, ווי באַקאַנט, געווען באַשטימט הויפּטזעכלעך פאַרן לייענער פון רוסלאַנד; מען האָט אים אפילו געקענט אויסשרייבן דורך „אַלע פּאָסט-אָפּטיילונגען פון דער רוסישער אימפּעריע". דעריבער איז נאַטירלעך, וואָס דער רעדאַקטאָר פון „המגיד" ל. זילבערמאַן, דערוויסנדיק זיך, אַז דער „הכרמל" הויבט אָן אַרויסצוגיין, האָט זיך שטאַרק דערשראָקן. אין זיין בריוו (פון 11-טן דעצעמבער 1859) צו גורלאַנדן (נישט פאַרעפנטלעכט, געפינט זיך אין דער יידישער אַקאַדעמישער ביבליאָטעק אין אָדעס) האָט ער געשריבן: „אשאלך אם לא שמעת, אשר יספרו בעיר ווילנא ש"ה פין משם השיג רשיון מהשר המיניסטער להוציא מכתב עתי בעברית — ונפלאתי, כי לא הודעתני מזה דבר, או אולי הוא רק דבר של מה בכך?"

האָט זיך אין יענע יאָרן אויסגעדריקט די יידן-פּאָליטיק פון דער רוסישער רעגירונג [6]. מיט די צייטונגען אויף העברעאיש איז נאָך געווען אַ האַלבע צרה: זיי האָבן זיך דאָך געווענדט אויסשליסלעך צום יידישן לייענערקרייז, און זיי איז געווען נישט שווער אַוועקצושטעלן אין די נויטיקע ראַמען, באַגרענעצנדיק זייערע טעמעס מיט אפּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע פון בילדונג פאַר יידן. זיי זענען געווען בכן ניט אַזוי געפערלעך, הגם מיטן פאַקט פון זייער עקזיסטענץ גופא האָבן אַפילו די העברעאישע צייטונגען געשטיצט די „אָפּגעזונדערטקייט פונעם יידנטום". פיל גרעסערע שוועריקייטן זענען געווען מיט אַן אָרגאַן אויף דער „שפּראַך פון פאָטערלאַנד". מען האָט נישט געקענט, פאַרשטייט זיך, צווייפלען אין דעם נוצן און אין דער פּאַטריאָטישקייט פון אַזאַ אונטערנעמונג: צו גרינדן פאַר די רוסישע יידן אַן אָרגאַן אויף דער רוסישער שפּראַך. אָבער אַזאַ צייטונג האָט דאָך געקענט מגולגל ווערן אין אַ רופער כלפּי חוץ, אַפּעלירן צו דער רוסישער געזעלשאַפט און אַדמיניסטראַציע. קורץ, זי האָט געקענט ווערן אַן „אָפּיציאָז פון יידישן קהל". דעריבער האָט די מאַכט תחילת נישט געוואָלט דערלויבן די צייטונג אויף רוסיש און האָט פאָרגעשלאָגן אַרויסלאָזן זי אויף העברעאיש, אָדער אויף „יידיש - טייטש" (жидовско-немецки); דערדאָזיקער פאָרשלאַג האָט זייער פאַרוואונדערט און אויפגערעגט די איניציאַטאָרן פון „ראַזסוועט".

אָ. ראַבינאָוויטש און י. טאַרנאָפּאָל, די ביידע איניציאַטאָרן, האָבן זיך סוף כל סוף דערשלאָגן זייערס — מען האָט די צייטונג דערלויבט אַרויסצוגעבן אין דער רוסישער שפּראַך. און דאָ איז זיי פאָרגעשטאַנען אַ צווייענדיקער קאַמף. שטעלנדיק זיך די פּראָגראַם „נישט צו פאַרשווייגן סיי אונזערע נויטן און סיי אונזערע חסרונות" האָט דער אָרגאַן גלייך פון אָנהויב אָן אַרויסגערופן אַן אומצופרידנקייט קעגן זיך: מצד דער אַדמיניסטראַציע און צענזור — פאַר וועלן רעדן וועגן יידישע „נויטן"; מצד די ברייטע שיכטן פון דער דעמאָלטיקער יידישער געזעלשאַפט — פאַר וועלן רעדן וועגן די „חסרונות". די לעצטע האָבן נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי קען מען זיך אָפּזאָגן פון אַפּאָלאָגעטיק, דעם באַליבטן מעטאָד פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג, נישט ווערנדיק דערביי קיין פאַררעטער.

דער „ראַזסוועט" איז דערשינען אין אַ באַדייטנדיקן היסטאָרישן מאָמענט אין רוסלאַנד — ערב דער באַפרייונג פון די פויערן. ער האָט אויף זיינע שפּאַלטן וואַרעם באַגריסט דעם אַקט פון 19טן פעברואַר 1861.

6) זע מיין אַרטיקל: „די יידישע צייטונגען פאַרן געריכט פון די „געלערנטע יידן", אין ז"ב „י ע װ ר ע י ס ק אַ י אַ מ י ס ל" (רוסיש; לענינגראַד, 1926), קאַפּ. 1—„צו דער געשיכטע פון „הכרמל", ז. 282-287.

עס האָט זיך דעמאָלט, מער ווי ווען-נישט-איז שפּעטער, געקענט דוכטן, אַז דאָס רוסישע יידנטום שטייט אויך ערב זיין באַפרייונג. עס האָט זיך געוואָלט גלויבן, אַז די רוסישע אַדמיניסטראַציע, אירע וויכטיקסטע פאָרשטייער, און אויך די רוסישע געזעלשאַפט וועלן האַנט ביי האַנט מיטן ליבעראַלן טייל פונעם רוסישן יידנטום זיך אַוועקלאָזן אויפן וועג פון יידישער „אויפקלערונג", וואָס האָט געמיינט—באַפרייונג. דעם „ראַזסוועט" איז אָבער געווען באַשערט צו ווערן דער פּראָבע-שטיין, און זיין גורל האָט באַוויזן סיי די אמתע כוונות פון דער רוסישער אַדמיניסטראַציע, סיי די דיפערענציאַציע, וואָס האָט זיך דעמאָלט שוין געשאַפן אין די רייען פון דער יידישער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ.

II

די רוסישע צענזור האָט זיך באַצייטנס צוגעגרייט צום דערשיינען פון „ראַזסוועט". מיט צוויי חדשים איידער דער ערשטער נומער האָט זיך באַוויזן (און אַ חודש נאָכן באַקומען די דערלויבעניש) האָט די הויפּט-צענזור-פאַרוואַלטונג אין פּעטערבורג אַרויסגעלאָזט אַ צירקולאַר, וועלכער איז געווען דירעקט געווענדט קעגן דער פּראָגראַם פון „ראַזסוועט".

דעם 23טן מערץ 1860 האָט זי פאָרגעשריבן דעם צענזור-קאָמיטעט אין אָדעס, אַז „די אַרטיקלען, אין וועלכע עס וועט באַהאַנדלט ווערן די פראַגע וועגן דער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן אין רוסלאַנד מיט דער איבעריקער באַפעלקערונג פון דער אימפּעריע, זאָלן נישט דורכגעלאָזט ווערן אָן דער דערלויבעניש פון דער הויפּט-צענזור-פאַרוואַלטונג" [7]. דערדאָזיקער באַפעל איז מיטגעטיילט געוואָרן דעם רעדאַקטאָר פון „ראַזסוועט" דעם 15טן אַפּריל, וועגן וואָס עס איז פאַרבליבן אין די אַרכיון זיינס אַן אונטערגעשריבן צעטל. פון דעם האָבן זיך אָנגעהויבן די באַציאונגען צווישן דער רעדאַקציע פון „ראַזסוועט" און דער צענזור. דידאָזיקע התחלה האָט נישט געגעבן קיין גוטע האָפענונגען. די צייטונג איז געווען אונטערגעוואָרפן אַ צווייענדיקער צענזור — דער אָרטיקער און דער צענטראַלער. עס איז פאָרגעשטאַנען אַ שווערער און ביטערער קאַמף, פון וועלכן עס איז נישט געווען קיין האָפענונג אַרויסצוגיין מיט נצחון.

גלייך נאָך דער געוואַלט-מיתה פון „ראַזסוועט" האָט ראַבינאָוויטש אין זיין בריוו צו לעוואַנדען געשריבן: „די צענזור... וואָס זאָל איך אייך זאָגן וועגן איר? דער

7) אַ ר כ י וו פ ון צ ע נ ז ו ר - ק אָ מ י ט ע ט א י ן אָ ד ע ס, ענין נומ. 19, בויגן 16 פּג"ל אויך: „זאַמלונג פון באַשטימונגען און פאָראָרדענונגען איבער צענזור-ענינים", —רוסיש,—פּעטערבורג, 1862, ז. 454.

אייביקער געראַנגל מיט איר אויף לעבן און טויט איז געוואָרן אַ טאָג-טעגלעכע דערשיינונג. און סיי איך, סיי מיינע רעדאַקציע-קאָלעגן האָבן זיך אַזוי צוגעוואוינט צו דידאָזיקע אומגעלומפערטע מלחמות, האָבן זיך אויף אַזוי פיל צוגעגרייט צו דער נייער אַרט סטראַטעגיע, אַז אין יעדן נומער האָבן מיר מיט אַ כּיוון עפּעס צוגעוואָרפן פאַר די צענזאָרס"... [8]) אין זיין בריוו צו ל. ראָזענטאַלן (21טן סעפּטעמבער 1860) האָט ער געשריבן: „די היגע צענזור שטיקט מיך פּשוט אוממענטשלעך. מען דאַרף באַזיצן דעם כּוח פון הערקולעס, כּדי צו קענען קעמפן מיט דערדאָזיקער שרעק-חיה" [9]). דאָך זענען אין דעם צענזור-אַרכיוו פאַרבליבן ווייניק דאָקומענטן, וועלכע זאָגן עדות וועגן דעמדאָזיקן קאַמף. מען האָט זיך מיט דער רעדאַקציע נישט אַריינגעלאָזט אין קיין איבעריקער קאָ-רעספּאָנדענץ: מען האָט פּשוט דורכגעשטראָכן די נישט-געוואונטשענע שטעלעס—און אַ סוף. די אָרטיקע צענזור האָט זיך פעסט געהאַלטן אין דער פאַראָרדענונג פון דער הויפּט-צענזור-פאַרוואַלטונג און האָט אויפן ענערגישסטן אופן אָפּגעהיט, אַז עס זאָל זיך נישט דורכגנבענען קיין קאָנטראַבאַנדע, אָדער אַפילו אַ רמז אויף „גלייכבאַרעכ-טיקונג". אָבער איינמאָל האָט זי דאָך נישט פאַרהיט. אין נומער 18 איז געווען אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל, אין וועלכן די הויפּט-צענזור-פאַרוואַלטונג האָט איינגעזען, „אַז צווישן אַנדערס געפינט זיך דאָרט אַ גאַנץ פעסט אויס-געדריקטע פאָדערונג צו פאַרברייטערן די בירגער-רעכט פון די יידן אין רוסלאַנד", און האָט געפאָדערט (15טן אָקטאָבער 1860) פון דער אָדעסער צענזור אַ דערקלערונג: „אויף וואָס פאַר אַ סמך האָט מען דורכגעלאָזט דעם אויבנ-דערמאָנטן אַרטיקל, נישט צושטעלנדיק אים אפריער אין דער הויפּט-צענזור-פאַרוואַלטונג".

דער ענטפער פון דער אָדעסער צענזור איז אַזוי אינטערעסאַנט, אַז מיר גיבן דאָ איבער גרעסערע אויס-צוגן פון אים. דערדאָזיקער דאָקומענט וואַרפט אַ העלן שיין אויף דער לאַגע פון דער צייטונג און באַווייזט קלאָר, ווי די צענזור האָט קעגן איר געקעמפט:

„דער צירקולאַר פון הויפּט-צענזור-פאַרוואַלטונג, אונטערן נומער 345, פאַראָרדנט דעם אָדעסער צענזור-קאָמיטעט נישט דורכצולאָזן אין דרוק אָן דער דערלוי-בעניש פון דער הויפּט-צענזור-פאַרוואַלטונג די אַרטיקלען, אין וועלכע עס ווערט באַהאַנדלט די פראַגע וועגן דער גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן מיט דער איבעריקער באַפעלקערונג פון דער רוסישער אימפּעריע. דער לייט-אַרטיקל אין נום. 18 פון „ראַזסוועט", אויב מען זאָל אים פאַרשטיין בוכשטעבלעך און פּינקטלעך, אַנטהאַלט ניט אין זיך אַזאַ מין באַהאַנדלונג און נאָך ווייניקער איז אין אים אויסגעדריקט די ענערגישע פאָדערונג צו פאַרברייטערן די בירגער-רעכט פון די יידן. ער שטעלט נאָר פעסט די עקזיסטירנדיקע לאַגע פון דעם געבילדעטן קלאַס צווישן יידן אין רוסלאַנד און באַזונ-דערס פון די יידן-דאָקטוירים בנוגע די בירגערלעכע פּריי-ווילעגיעס, ווי עס איז צו זען פון די פאָלגנדיקע גע-דאַנקען, וואָס בילדן דעם אַרטיקל (קומט אַ ציטאַטע).

„פון די אַלע געדאַנקען ווערט צום סוף פון אַר-טיקל אויסגעפירט, אַז די בילדונג האָט דערווייל די יידן נאָך גאָרנישט געבראַכט, כלומרשט צוליב דעם, וואָס יעדער געבילדעטער ייד קען זיך מיט קיין אַנדער זאַך נישט באַשעפטיקן, סיידן מיט פּראָזאַאישע קאָמ-בינאַציעס, — דאָס איינציקע, וואָס ברענגט ממשותדיקע רעזולטאַטן. צום סוף פונעם אַרטיקל באַמערקט דער מחבר, אַז ער האָט זיינע מיינונגען אַרויס-געזאָגט נישט ווייל ער זוכט מאַטעריעלע נוצן פאַר די געבילדעטע יידן, נאָר צוליב דעם נוצן פון דער בילדונג גופא.

„ביי אַזאַ אויפפאַסונג פון דעם אויבנדערמאָנטן אַרטיקל און באַכדעם, ווי אין אים זענען אויסגעשטראָכן געוואָרן אייניקע אויסדרוקן, איז איינגעפונען געוואָרן, אַז ער פאַלט נישט אַרונטער דער פאַראָרדנונג פון דער הויפּט-צענזור-פאַרוואַלטונג פון 23טן מערץ דעם יאָר, אונטערן נומער 345, און דעריבער איז ער דורכן צענ-זור-קאָמיטעט דורכגעלאָזט געוואָרן צום דרוק, ווען גלייך נאָכדעם איז פון דער רעדאַקציע פונעם זעלביקן זשור-נאַל „ראַזסוועט" צוגעשטעלט געוואָרן אַ צווייטער לייט-אַרטיקל, אונטער דער רובריק „אָדעס", וועלכער אַנטהאַלט שוין אין זיך אַ קלאָר אויסגעדריקטע מיינונג וועגן דער גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן מיט דער איבעריקער באַ-פעלקערונג פון רוסלאַנד, האָט דער קאָמיטעט, אויספירנ-דיק די דערמאָנטע פאַראָרדנונג, געהאַט דעם כּבוד צו-צושטעלן דעמדאָזיקן אַרטיקל דער הויפּט-צענזור-פאַרוואַל-טונג אויף זיין גוטאַכטן מיט אַ באַגלייט-באַריכט פונעם 14טן אָקטאָבער, אונטערן נומער 1903".

צום סוף האָט די אָדעסער צענזור, אַ געפאַלענע ביי זיך, וואָס איר פלייסיקער קאַמף מיטן „ראַזסוועט" איז געבליבן נישט אָפּגעשאַצט אין פּעטערבורג, און מורא האָבנדיק פאַר אַ ווייטערדיקן פאָרוואורף, געבעטן אַ מער גענויערע אינסטרוקציע וועגן דעם צירקולאַר: „צי דאַרף דער צענזור-קאָמיטעט נישט דורכלאָזן צום דרוק אָן דער צושטימונג פון דער הויפּט-צענזור-פאַרוואַלטונג נאָר די מיינונגען, וואָס זענען אויסגעדריקט אין באַזונדערע טראַקטאַטן (אָפּהאַנדלונגען?) וועגן שענקען יידן רעכט צוגלייך מיט דער איבעריקער באַפעלקערונג פון רוס-לאַנד, אָדער אַזעלכע אַרטיקלען, וועלכע באַהאַנדלען בכלל די לאַגע פון די יידן, די פאַרבעסערונג פון זייערע

8) „פּערעזשיטאָיע", III, זייט 56.

9) „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ", 1911, ב. I, ז. 70.

*עבנס-תנאים אין שייכות מיט די בירגער-פּריווילעגיעס" 10).

מעגלעך, אַז דידאָזיקע אָנפראַגע האָט די אָדעסער צענזור געמאַכט לויט דער השתדלות פון אָ. ראַבינאָוויטשן גופא, וועלכער האָט געהאָפּט צו קריגן אַ גינציגערע אויסטייטשונג פון דעם דריקנדיקן פּעטערבורגער צירקולאַר. נאָך מיט צוויי וואָכן פאַר דעם, איידער דער אָדעסער צענזור-קאָמיטעט האָט געשיקט זיין אָנפראַגע, איז ביי אָ. ראַבינאָוויטשן אויפגעשוואוּמען אַ האָפענונג צו דערשלאָגן זיך דורך דער שתדלנות פונעם ענערגישן ל. ראָזענטאַל, וועלכער האָט געוואוינט אין פּעטערבורג און געהאַט דאָרט פאַרבינדונגען 11), וועלכע ס'ניט איז פאַרלייכטערונגען. אין זיין בריוו צו ל. ראָזענטאַלן פון יענער צייט שרייבט ער: „באַרירנדיק אין דער לעצטער צייט די פראַגע וועגן דער געזעלשאַפטלעכער לאַגע פון די יידן, האָב איך אויפגעשריבן אַן אומשולדיקן אַרטיקל... אונזער צענזור לאָזט אים נישט דורך אויפן סמך פון דעם אויבנדערמאָנטן צירקולאַר. זי איז אָבער נישט גערעכט. דער צירקולאַר האָט אין זינען מיינונגען וועגן גלייכע רעכט פאַר יידן, און איך רעד, און דאָס אויך מיט רמזים, נאָר וועגן איין רעכט — וועגן וואוינרעכט... לויטן מיין פונעם צירקולאַר טאָר מען נישט אָן דער דערלויבעניש פון דער הויפּט-צענזור-פאַרוואַלטונג באַהאַנדלען די פראַגע וועגן אַלע רעכט אין זייער גאַנצן קאָמפּלעקס, אָבער וועגן יעדער רעכט באַזונדער מעג מען יאָ". אָ. ראַבינאָוויטש האָט געלייגט גרויסע האָפענונגען אויפן רעזולטאַט פון דער שתדלנות. אַלס אַ יוריסט האָט ער געהאָפּט מיט דער הילף פון אַ פּלפּולדיקן הסבר פון טעקסט פון צירקולאַר אויסמיידן דעם גאַנץ קלאָרן פאַרבאָט פון דער צענזור. „פון דער געלעגנהייט — שרייבט ער ווייטער — הענגט אָפּ דער גאַנצער גורל פון מיין זשורנאַל און מעגלעך אויך פון אונזער פאָלק. אויב די הויפּט-צענזור-פאַרוואַלטונג וועט דערלויבן צו דרוקן דעם אַרטיקל, קען דאַן דער „ראַזסוועט" גיין מיט זיין וועג און עפּעס דערלאַנגען, אויב אָבער נישט — דאַן קען מען גאַנץ רואיק שליסן דאָס ביוראָ..." 12) ל. ראָזענטאַל, וועלכער האָט בשעתו געטאָן דעם „ראַזסוועט" אַ ריי וויכטיקע טובות 13), האָט אין דעם פאַל גאָרנישט געקענט העלפן *).

דער ענטפער פון דער הויפּט-צענזור-פאַרוואַלטונג האָט זיך באַקומען פאַרהעלטעניסמעסיק גיך. די פּעטערבורגער צענזור האָט אין אַ האַרבן טאָן קורץ געענטפערט: „די הויפּט-פאַרוואַלטונג, באַטראַכטנדיק דעם באַריכט, לייגט פאָר דעם אָדעסער צענזור-קאָמיטעט אויסצופירן בוכשטעבלעך די פאַראָרדענונג פון 23טן מערץ, וועלכע מאַכט נישט קיין אונטערשייד אין אַרטיקלען, אין וועלכע עס ווערן באַהאַנדלט די פראַגע וועגן שענקען די יידן אין רוסלאַנד בירגער-רעכט צוגלייך מיט דער איבעריקער באַפעלקערונג פון דער רוסישער אימפּעריע 14).

דער שפּיל איז געווען פאַרלאָרן. דער „ראַזסוועט" איז פונדעסטוועגן ווייטער אַרויסגעגאַנגען. די אָרטיקע צענזור האָט בלי שום ספק נאָך פאַרשטאַרקט אירע רעפּרעסיעס. און דאָך האָט זי נאָך איינמאָל געקריגן אויסגערעדט פון דער הויפּט-צענזור-פאַרוואַלטונג. דעם 16טן דעצעמבער 1860 האָט די הויפּט-פאַרוואַלטונג געשריבן:

„אין נומ. 26 פון דעם זשורנאַל „ראַזסוועט", וועלכער דערשיינט אין אָדעס, געפינען זיך אין דעם לייט-אַרטיקל, אונטער דער רובריק „אָדעס", צו קלאָרע רמזים בנוגע די צענזור-באַגרענעצונגען פון פרייען געדאַנק. די הויפּט-צענזור-פאַרוואַלטונג, איינגעפינענדיק, אַז אַזעלכע רמזים קענען דערוועקן אַן אומצופרידנקייט קעגן דער צענזור און איר מהות בכלל, האַלט פאַר נויטיק צו ווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם אָדעסער צענזור-קאָמיטעט אויף דער אומפּאַסיקייט פון דורכלאָזן צום דרוק אַזעלכע רמזים" 15).

אין אָדעסער צענזור-אַרכיוו געפינט זיך נאָך איין דאָקומענט, וועלכער האָט אַ שייכות צו דער געשיכטע פון „ראַזסוועט". דערדאָזיקער דאָקומענט זאָגט עדות וועגן דעם סאַמע אינטערעסאַנטסטן מאָמענט אינעם אינעווייניקסטן לעבן פון דער צייטונג. ווי באַוואוסט, האָט י. טאַרנאָפּאָל, וועלכער האָט ביי דער גרינדונג פון דער צייטונג געשפּילט אַ גרעסערע ראָל ווי ראַבינאָוויטש, נישט געקענט שלום מאַכן מיט די פּובליציסטישע מעטאָדן פון „ראַזסוועט". אים האָט זיך געדוכט, פּונקט ווי דעם רוב מנין ורוב בנין פון די משכילים אין יענער צייט, אַז שרייבן אין אַ צייטונג, וואָס דערשיינט אויף רוסיש, וועגן די יידישע „מכות"—הייסט געבן אַ כּלי-זין אין די הענט פון די אַנטיסעמיטן. טאַרנאָפּאָל איז דעריבער אַרויסגעטרעטן פון דער רעדאַקציע, כּדי צו פירן אויף די שפּאַלטן פון די העברעאישע צייטונגען אַ קאַמף מיט

10) אַרכיוו פון אָדעסער צענזור-קאָמיטעט, ענין 19, בויגן 55—58.

11) לעאָן ראָזענטאַל, אַן אָנגעזעענער יידישער פינאַנסיסט און אויך אַ וויכטיקער פאָרשטייער פון די משכילים אין רוסלאַנד, האָט זיך באַזעצט אין די 60קער יאָרן אין פּעטערבורג און געשפּילט אַ זייער אָנגעזעענע ראָל אין דער „חברה מפיצי השכלה". רעד.

12) „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ", 1911, ב. I, זייט 85.

13) פגל. „תולדות חברת מרבי השכלה", ב. 2 (סט"ב 1890), XI—XV.

*) זע אונזער הוספה צו דעם אַרטיקל. רעד.

14) אַרכיוו פון אָדעסער צענזור-קאָמיטעט, ענין 19, בויגן 62.

15) דאָרט, בויגן 77 (דערדאָזיקער דאָקומענט איז אָפּגעדרוקט אויך אין בוך פון א. יעגאָראָוו, „Страницы из прошлого" באַנד 2, (אָדעס 1913, זייט 56). אין דעם דערמאָנטן אַרטיקל איז צווישן אַנדערס געווען געשריבן: „וואָס ס'איז שייך אייניקע שווערקייטן אין סטיל, נויטן אונז די אומשטענדן, איבער וועלכע נישט מיר האָבן די דעה, צו באַנוצן פאַרשיידענע זייטיקע וועגן, אָדער מעטאַפאָרישע אויסדרוקן אַ סך אָפטער, ווי דאָס וואָלט זיך אונז געוואָלט".

זיין געוועזענעם ליבלינגס-קינד[16]. דעם 4טן אָקטאָבער 1860 איז אין אָדעסער צענזור-קאָמיטעט אָנגעגעבן געוואָרן פאָלגנדיקע מעלדונג:

„רעדאַקציע פון זשורנאַל
„ראַזסוועט"
אָרגאַן פון די רוסישע יידן.
נום. 300
4טן אָקטאָבער 1860.

צום אָדעסער צענזור-קאָמיטעט,
פון די רעדאַקטאָרן-אַרויסגעבער פון זשורנאַל
„ראַזסוועט, אָרגאַן פון די רוסישע יידן"—
די סוחרים יאָאַכים טאַרנאָפּאָל און אָסיפּ ראַבינאָוויטש.

„פון אונז ביידן האָט טאַרנאָפּאָל אָפּגעטראָטן ראַבינאָוויטשן זיין רעכט אויף דער אייסגאַבע און רעדאַקציע פון זשורנאַל „ראַזסוועט", איבערגעבנדיק ראַבינאָוויטשן דאָס פולקאָמע אייגנטום-רעכט און פאַרוואַלטונגס-רעכט, ווי אין איצטיקן מאָמענט אַזוי אויך אויף להבא, אין וואָס פאַרא פאָרם און אונטער וואָס פאַרא נאָמען דער זשורנאַל זאָל נישט עקזיסטירן. און דעריבער אַנטזאָג איך זיך, טאַרנאָפּאָל, אויף אייביק פון וואָסער נישט איז אָנטייל אין דעמדאָזיקן זשורנאַל, וועלכער בלייבט פון איצט אָן דאָס פולקאָמע אייגנטום פון ראַבינאָוויטשן און דאַרף נאָר פון אים אַליין זיין געחתמעט.

אָ. ראַבינאָוויטש
י. טאַרנאָפּאָל"[17].

קיין אַנדערע מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון „ראַזסוועט" האָבן מיר אין די אַרכיוון פון אָדעסער צענזור-קאָמיטעט נישט געפונען.

III.

ווי מיר וויסן, האָט זיך אָבער ראַבינאָוויטש געקלאָגט נישט נאָר אויף דער צענזור. אין זיין בריוו צו לעוואַנדען האָט ער אָפן דערקלערט, אַז ער שטעלט אָפּ דעם זשורנאַל צוליב די שטערונגען מצד דעם נאָוואָראָסיער גענעראַל-גובערנאַטאָר סטראָגאַנאָוו[18].

דידאָזיקע דערקלערונג פון ראַבינאָוויטשן איז אַ שטיקל חידוש. סטראָגאַנאָוו, ביי זיינע אַלע קאַפּריזן, האָט דאָך געהערט צו די מער געבילדעטע פאַרשטייער פון דער רוסישער אַדמיניסטראַציע און איז גראָד אין פראַגן פון יידן-פּאָליטיק געווען זייער ליבעראַל פאַר זיין צייט[19]. שוין דאָס אַליין, וואָס גלייך נאָכדעם ווי דער „ראַזסוועט" איז אָפּגעשטעלט געוואָרן, האָט אין אָדעס אָנגעהויבן צו דערשיינען אַ צווייטע יידיש-רוסישע צייטשריפט — דער „סיאָן", וועלכער איז אָפיציעל געווען אַ המשך פונעם „ראַזסוועט" (ראַבינאָוויטש האָט מיט דער דערלויבעניש פון דער אַדמיניסטראַציע איבערגעגעבן ד"ר סאָלאָווייטשיקן און ד"ר פינסקערן דאָס רעכט אַרויסצוגעבן אַ יידיש-רוסישע צייטשריפט[20]), — באַווייזט, אַז ביי דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע איז גאָרנישט געווען אַזוי פעסט באַשלאָסן נישט צו דערלאָזן בכלל אַ יידיש-רוסישן אָרגאַן און אַז זי האָט נאָר געשטעלט אַ תנאי, אַז דער אָרגאַן זאָל זיך געפינען אונטער דער שטרענגער השגחה פון דער צענזור.

לאָמיר זען, וואָס זאָגן אונז די אָפיציעלע קוועלן וועגן די באַציונגען צווישן דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע און דעם „ראַזסוועט".

אין דער קאַנצעלאַריע פון גענעראַל-גובערנאַטאָר סטראָגאַנאָוו האָט מען זיך שטאַרק אינטערעסירט מיטן „ראַזסוועט" און זיין אינהאַלט. אַזוי, למשל, בעת אינעם נום. 47 האָט זיך באַוויזן אַ קאָרעספּאָנדענץ פון סעוואַסטאָפּאָל, אַז די ווענט פונעם היגן בית-מדרש, וואָס איז צעשטערט געוואָרן בשעת דער באַלאַגערונג פון שטאָט (בעת דער קרימער מלחמה), איז פונעם סעוואַסטאָפּאָלער

16) צינבערג, דצ"ו, זייט 257—260. אין אַן אַרטיקל, וואָס איז געווען אינספּירירט פון י. טאַרנאָפּאָלן, איז דער „המגיד" אַרויסגעטראָטן קעגן די רעדאַקטאָרן פון „ראַזסוועט", וועלכע דרוקן ביי זיך אַרטיקלען „המתכבדים בקלון אחיהם". ס'איז אינטערעסאַנט צו ברענגען דאָ אַ כאַראַקטעריסטישן אויסצוג פון דעם גוט אינפאָרמירטן אפרים דיינארד אין זיין בוך „מסע באייראפא" (פּעטערסבורג, 1885), ז. 127: „יוסף ראבינאוויץ... אהב את עמו אהבה אמתית, אבל לא ידע את תכונתו ומשפטו בין העמים. הוא היה הראשון, אשר אמר לגלות את מגרעות הנמצאות בישראל לעיני העמים, בחשבו כי בזאת נמצא חן בעיניהם אם לא נסתיר מהם מאומה... אפס לא ידע זאת, כי רובם לא יאבו לדעת את כל הטוב הנמצא בנו, ורק למצוא בנו מגרעות עיניהם נשואות, וגם הטוב הנמצא בעמנו יהפכו לנו לרועץ, כי על כן בצדק לא מצא לפעלו ידים, כי אם גם רעיו ושותפיו הרעישו עליו שמים וארץ במ"ע המגיד בעד דרכו הנפתלה אשר בחר לו..."

17) אַרכיוו פון אָדעסער צענזור-קאָמיטעט, ענין נום. 22, בויגן 17.

18) מיר גיבן דאָ אַן אויסצוג פון דעם בריוו: „אויפן צווייטן טאָג נאָכן דערשיינען פונעם 38טן נומער בין איך אויפגעפאָדערט געוואָרן זיך צו מעלדן צום נאָוואָראָסיער הערשער... ענדלעך, האָט מען מיר מיט אַ כיוון און גאַנץ באַזאוסטוזיניק עטלעכע מאָל איבערגעחזרט: אַט, ווען אַ ליאַדע אַרטיקל פון אייער זשורנאַל וועט ביי מיר נישט נושא חן זיין, צי דערפאַר, ווייל מיר וועט זיין לאַנגווייליק, אָדער ווייל איך וועל זיין אין אַ שלעכטער שטימונג — פשוט, זאָגן מיר, ווייל דער מאָגן וועט ביי מיר שלעכט קאָכן — „וועל איך תיכף פאַרמאַכן אייער זשורנאַל" (דער זשורנאַל גופא האָט געהאַט דעם כבוד אָנגערופן צו ווערן דער „זשידאָווסקער זשורנאַל")".

19) זע מיין אויבן-אָנגעוויזענעם אַרטיקל, זייט 284.

20) אין פאַל, ווען ראַבינאָוויטש וואָלט ווייטער אַרויסגעגעבן די צייטשריפט, וואָלט ער אויך געמוזט ענדערן איר נאָמען. נאָר אַ דאַנק אַ ספּעציעלער השתדלות האָט מען אים דערלויבט אָנצורופן די צייטשריפט מיטן נאָמען „ראַזסוועט" נאָר אין משך פון איין יאָר, מחמת אין פּעטערבורג האָט שוין עקזיסטירט אַ מאָנאַטלעכער זשורנאַל (אַ רוסישער) אונטערן זעלביקן נאָמען.

גובערנאַטאָר אָפּגעגעבן געוואָרן בתורת מתנה איינעם אַ גלח,—איז וועגן דעם פאַרפירט געוואָרן אַ גאַנצע אויספאָרשונג 21). אין אַרכיוו פון גענעראַל-גובערנאַטאָר געפינען מיר אַ צווייטן, מער אינטערעסאַנטן דאָקומענט, וועלכער גיט אונז די מעגלעכקייט פעסטצושטעלן דיווירקלעכע באַציונג מצד דער אַדמיניסטראַציע צום רעדאַקטאָר פון „ראַזסוועט".

אין אַ פּאָר חדשים אַרום נאָכדעם, ווי דער „ראַזסוועט" האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז פון דער באַרימטער „III טער אָפּטיילונג" 22) אָנגעקומען צו סטראָגאַנאָוו אַ געהיימע אָנפראַגע (פון 29טן נאָוועמבער 1861), אין וועלכער עס איז געווען מיטגעטיילט, אַז דער צאַר האָט באַקומען אַ פּריוואַטן בריוו (פשוט געזאָגט — אַ מסירה), אַז „דער אָדעסער ראַבינער ד"ר ש. שוואַבאַכער, וועמען די „סעק׳זע געבילדעטע יידן" האָט איינגעלאַדן פון אויסלאַנד און וועלכער האַלט זיך נאָר פאַר אַ יידן, אָבער נישט פאַר אַ רעליגיעזן און איז נישט פרום,—האָט מיט זיינע רעדעס באַוויזן איינצופלאַנצן אין דער יוגנט פון זיין קרייז נישט פּאַסיקע פאַר זיי אידעען". ווייטער ווערט אין דער מסירה געזאָגט,—וואָס ס'איז פאַר אונזער טעמע באַזונדערס אינטערעסאַנט,—אַז „דער געוועזענער רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „ראַזסוועט" ראַבינאָוויטש איז אַ פּאָליטיש-פאַרדעכטיקע פּערזאָן, וואָס שטייט אין פאַרבינדונג מיטן עמיגראַנט גערצען" 23).

אין זיין ענטפער אויף אַזאַ ערנסטער אָנפראַגע באַמיט זיך סטראָגאַנאָוו ריינצוואַשן ראַבינאָוויטשן און,— וואָס ס'איז ספּעציעל וויכטיק אונטערצושטרייכן, — ער ווייזט אָן, אַז אויך פאַר דער גאַנצער צייט פון דער עקזיסטענץ פון „ראַזסוועט" האָט ער קיין שום אומלאָיאַלע כוונות ביי ראַבינאָוויטשן נישט באַמערקט. „דער אָדעסער שטאָט-ראַבינער שמעון שוואַבאַכער — שרייבט סטראָגאַנאָוו — געהערט צו די געבילדעטע צווישן די יידן און דעריבער קענען זיינע רעדעס אין די אויערן פון אייניקע יידן, וואָס האַלטן פון די יידישע רעליגיעזע צערעמאָניעס, קלינגען אַלס אַפּיקורסות. אין דער אמתן אָבער אַנטהאַלטן זיינע רעדעס נישט קיין שום אַפּיקורסישע געדאַנקען אָדער רעוואָלוציאָנערע אידעען... וואָס ס'איז שייך דעם געוועזענעם רעדאַקטאָר

21) אַרכיוו פון נאָוואָראָסיער און בעסאַראַבער גענעראַל-גובערנאַטאָר, געהיימע אָפּטיילונג, יאָר 1861, ענין נומ. 15 — „וועגן דעם אַרטיקל אין „ראַזסוועט" בנוגע די ווענט פון דער יידישער שול אין סעוואַסטאָפּאָל".

22) די צענטראַלע פּאָליטישע פּאָליציי אין רוסלאַנד אין יענער צייט. רעד.

23) גערצען — דער באַרימטער רוסישער פּאָליטישער עמיגראַנט — האָט אין יענער צייט אַרויסגעגעבן אין לאָנדאָן זיין קאַמף-זשורנאַל קעגן צאַריזם „קאָלאָקאָל". רעד.

פון „ראַזסוועט" ראַבינאָוויטש, זענען דורך דער גאַנצער צייט פון זיין אָנפירן מיט דער רעדאַקציע און אויך ביזן היינטיקן טאָג נישט באַמערקט געוואָרן ביי אים קיין שום אומלאָיאַלע מעשים און וועגן זיינע באַציונגען מיטן עמיגראַנט גערצען איז גאָרנישט באַקאַנט" 24).

אם כן, וואָס האָט דאָך געצוואונגען ראַבינאָוויטשן אויפצוגעבן אַזוי גיך דעם קאַמף, איידער ער האָט נאָך דערהערט דעם לעצטן אַנטשיידענעם וואָרט וועגן אָפּשטעלן זיין זשורנאַל? צי האָט אים ניט געשטויסן דערצו דער עיקר דער דוחק אין מאַטעריעלער און מאָראַלישער הילף מצד דער יידישער געזעלשאַפט? — צו אַזאַ פאַרענטפערונג פון דער פראַגע ברענגט אונז, אויסער די ציטירטע דערקלערונגען פון ראַבינאָוויטשן (וועלכע געפינען זיך אין סתירה צו דעם, וואָס ער האָט געשריבן צו לעוואַנדען), אויך די עדות פון זיינעם אַ בן-דור. אָנהויב יאָר 1862 איז אין קיעוו אַרויס אַן אינטערעסאַנט בוך אין רוסיש — „פּאַנטעאָן פון באַרימטע מענטשן פון יידישער אָפּשטאַמונג" 25). צווישן אַלע יידישע גדולי-הדור, וואָס ווערן אין דעמדאָזיקן בוך דערמאָנט, איז אָ. ראַבינאָוויטש דער איינציקער פון די רוסישע יידן. די מחברים זענען דערביי גוט אינפאָרמירט וועגן די אינטים-פּערזענלעכע ענינים פונעם געוועזענעם רעדאַקטאָר פון „ראַזסוועט" — ווי עס ווייזט אויס, זענען זיי פּערזענלעך געווען פאַרבונדן מיט אים. און אָט וואָס זיי שרייבן וועגן דעם „ראַזסוועט" און די סיבות, פאַרוואָס ער האָט זיך אָפּגעשטעלט 26): „דער הויפּט-ציל פון דעם זשורנאַל איז געווען אַרויסצורופן און אַוועקשטעלן אויפן סדר-היום פאַרשיידענע פראַגן וועגן דער בעסערער איינאָרדענונג פון יידישן פאָלק, געבן אים די מעגלעכקייט אַרויסצוזאָגן זיך פאַרן רוסישן עולם, זיך אויסוויינען פאַר אים און אויסשטרעקן אים די האַנט פון שלום... און ווי איז צו די, וואָס האָבן נישט פאַרשטאַנען דעמדאָזיקן בעסטן צווישן די קינדער פון ישראל (אָ. ראַבינאָוויטש); ווי איז צו די, וואָס האָבן זיך נישט אַריינגעטראַכט אין זיינע אינטימע כוונות, האָבן

24) אַרכיוו פון נאָוואָראָסיער און בעסאַר. גענעראַל-גובערנאַטאָר, געהיימע אָפּטיילונג, 1861, ענין נומ. 42— „וועגן דער אָנפראַגע פון גענעראַל-אַדיוטאַנט פירשט דאָלגאָרוקאָוו בנוגע דער פּאָליטישער פאַרדעכטיקייט פונעם אָדעסער שטאָט-ראַבינער שמעון שוואַבאַכער און פונעם געוועזענעם רעדאַקטאָר פון „ראַזסוועט" ראַבינאָוויטש".

25) „Пантеон знаменитостей еврейского происхождения с последней половины XVIII до второй половины настоящего столетия". Перевели и обработали по источникам А. Волкович и М. Доркер, Киев 1862.

26) דצ"ו, זייט 132.

נישט אָפּגעשאַצט זיינע איידעלע שטרעבונגען, האָבן נישט פארשטאַנען, אַז אויך זיינע האַרבע מוסר-ווערטער גייען אַרויס מן הלב, פון אַ האַרץ פול מיט טיפער, גרויסער ליבע צו זיין פאָלק! ווי איז צו די, וואָס האָבן אַזוי קאַלט זיך באַצויגן צו זיין כשרער ערלעכער אַרבעט און מיט דעם אַליין געצוויט אים אַוועקצולייגן די פעדער אָן אַ צייט, נישט געלאָזט הערן זיינע ווערטער, וועלכע וועלן נאָך אַ לאַנגע צייט אָפּהילכן אין פילע הערצער און וועלן אַמאָל פאַרנעמען דעם שענסטן בלאַט אין דער געשיכטע פון די רוסישע יידן...״[27].

27) פגל״ די זאַמלביכער „יעווריעיסקאַיאַ ביבליאָטעקאַ״ (רוסיש), פון אַ. לאַנדוי (אַרויסגעבער פון „וואָסכאָד״), וואו עס זענען אָפּגעדרוקט אַ ריי בריוו פון ל. לעוואַנדע ן. פון די בריוו, וואָס געפינען זיך אינעם IXטן באַנד, זעט מען קלאָר, אַז אַ גרויסע ראָלע אין דעם, וואָס דער „ראַזסוועט״ האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן, האָבן אויך געשפילט פינאַנציעלע מאָטיוון און די קליינע צאָל אַבאָנענטן.
רעד.

# צום ארטיקל פון ש. באַראָוואַי

ה׳ ש. באַראָוואַי דערמאָנט אין זיין אַרטיקל, אַז אין אָקטאָבער 1860 האָט זיך אָ. ראַבינאָוויטש געווענדט צו ל. ראָזענטאַלן קיין פעטערבורג און געבעטן אים, ער זאָל זיך משתדל זיין וועגן אָפּשאַפן דעם שטרענגן ציר־קולאַר פון דער הויפּט־צענזור-פאַרוואַלטונג, וואָס האָט פאַרווערט צו שרייבן וועגן פאַרברייטערן די יידישע רעכט (זע אָ. ראַבינאָוויטשעס בריוו אין „יעוור. סטאַרינאַ״ 1911, ז. 85). ה׳ באַראָוואַי ווייזט דערביי נישט אָן, וואָס פאַראַ רעזולטאַט די ווענדונג האָט געהאַט. אַ תשובה אויף דעם גיט אונז אַ דאָקומענט, וועלכן מיר האָבן בשעתו געפונען אינעם אַ רכיוו פון באַראָן גינצ־בורג אין פעטערבורג און וועלכער איז ביז איצט נישט געווען פאַרעפנטלעכט. דאָס איז אַ ווענדונג צו דער מאַכט וועגן אָפּשאַפן דעם אויבנדערמאָנטן צירקולאַר, דאַ־טירט מיט אָקטאָבער 1860 — דאָס הייסט דעמזעלביקן חודש, ווען די צענזור־פאַרוואַלטונג האָט באַפוילן אָדעס אָנצווענדן דעם צירקולאַר און ווען אָ. ראַבינאָוויטש האָט געבעטן הילף ביי זיינע פעטערבורגער פריינד.

אונטער דער אָפּשריפט פון דער ווענדונג, וועלכע מיר האָבן געפונען אין אַרכיוו, איז נישטאָ קיין אונטערשריפט, אָבער, ווי ס׳איז קלאָר, שטאַמט די בקשה פון לעאָן ראָזענטאַלן, מעגלעך — פון יוזל גינצבורגן, ביי וועמען ראָזענטאַל האָט דעמאָלט געאַרבעט; ביידע האָבן זיי געהערט צו די אָנגעזעענע יידישע שתדלנים אין פעטער־בורג. אַז די בקשה איז אַ רעזולטאַט פון ראַבינאָוויטשעס בריוו, זעט מען באַשיימפערלעך פון אירע לעצטע ווער־טער, וואָס אַנטהאַלטן דעמזעלביקן אַרגומענט, וועלכן ראַ־בינאָוויטש זאָגט אונטער אין זיין בריוו צו ראָזענטאַלן. אין דעם טעקסט פון דער בקשה, וועלכע געפינט זיך אין אונזערע הענט, איז אויך נישט אָנגערופן דער נאָמען פון דעם שררה, צו וועמען די בקשה איז אַדרעסירט. וואָרשיינלעך איז דאָס געווען גראַף קיסעלעוו, דער פאָרזיצער פונעם אַ. ג. „יידישן קאָמיטעט״ — דעם העכסטן רעגירונג־קאָמיטעט, וואָס האָט זיך באַ־שעפטיקט מיט דער יידן־פראַגע אין רוסלאַנד. גראַף קיסע־לעוו האָט געהאַט אַ שם פון אַ שטיקל „ליבעראַל״ אין יידישע פראַגן און די פעטערבורגער יידישע פני האָבן זיך געפונען מיט אים אין גאַנץ גוטע באַציאונגען. וואָס איז געווען די תשובה אויף דעם מצד דעם „יידישן קאָמיטעט״ — וועלן מיר זעען ווייטער.

מיר ברענגען דאָ דעם פולן טעקסט פון דער דער־מאָנטער בקשה, וועלכע איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט.

## „אייער עקסעלענץ

די מאָס־מיטלען, וואָס די רעגירונג האָט פאַר די לעצטע יאָרן אָנגענומען לטובת די יידן, האָבן אויפגעלעבט אין אונזער האַרצן די האָפענונג, אַז די מאָראַלישע און בירגערלעכע לאַגע פון אונזער פאָלק וועט דערהויבן ווערן צו אַ העכערער מדרגה. די גרינדונג פון לערן־שולעס, די באַשטימונג פון געבילדעטע ראַבינערס, די אָפּשאַפונג פון אַ סך באַגרענעצונגען, דאָס שענקען געוויסע רעכט — דאָס אַלץ זאָגט עדות וועגן דעם רצון אַריינצונעמען מיט פאָטערלעכער אויפמערקזאַמקייט אונזערע גלויבנס־ברידער אין דעם כלל פון דער רוסישער משפחה און שענקען זיי אַ גליקלעכע צוקונפט, ווי טרייע אונטערטאַנער.

אָבער היות ווי די יידן אין רוסלאַנד זיינען געווען אין אַ אויסנאַם - לאַגע, האָט די רעגירונג אויסער די דערמאָנטע שריט געפונען פאַר נוצלעך, בכדי צו דערגיין זייערע אמתע הצטרכותן און די מיטלען פון אַ בעסערער בירגערלעכער באַזאָרגונג, — אויך צו דערלויבן אין אָדעס אַ ספּעציעלן אָרגאַן פאַר די רוסישע יידן, דעם זשור־נאַל „ראַזסוועט״. דערלויבנדיק דעם אָרגאַן האָט די רע־גירונג מיט דעם אַזוי ווי אויסגעדריקט דעם וואונטש צו האָבן אַ מין פאַרמיטלער צווישן זיך און דעם יידישן פאָלק; פון איין זייט — בכדי צו העלפן אויסראָטן צווישן יידן די אומוויסנהייט און פאָראורטיילן, און פון דער צוויי־

טער — בכדי קלאָר מאַכן, צולאָזנדיק אַ לעבעדיקע פּאָלעמיק פאַר און קעגן יידן, די אמתע באַדערפעניש פון אונזער פאָלק און די מיטלען צו באַפרידיקן זיי אין הסכם מיט די גנאָדיקע פאָרשריפטן פונעם קיסר ירום הודו.

און באמת, דער גייסט און די ריכטונג פונעם זשורנאַל „ראַזסוועט" האָבן אינגאַנצן באַרעכטיקט זיין אויפגאַבע. ער האָט דערוועקט אַ סך פראַגן וועגן דער יידישער לאַגע, פראַגן פון זייער געזעלשאַפטלעך- און משפחה-לעבן. נישט שאַנעוועדיק דאָס, וואָס דאַרף אָפּגעוואָרפן ווערן, האָט ער אָנגעהויבן צו וועקן די איניציאַטיוו צו אַלץ, וואָס ס'איז נוצלעך און לויבנסווערט. ער האָט מעכטיק געהאָלפן צו רעפאָרמירן די יידן — און דערמיט האָט ער געבראַכט אַלגעמיינע נוצן דעם פאָטערלאַנד, צוגרייטנדיק פאַר אים נייע ווירדיקע בירגער. די יידן, פון זייער זייט, זיינען נישט געבליבן גלייכגילטיק צו דידאָזיקע זאָרגן פאַר זייער אויפלעבונג. די זייער גוטע השפעה פונעם „ראַזסוועט", וועלכע האָט געפירט דערצו, אַז זיינע לייענער האָבן געענדערט לשבח זייערע מיינונגען, האָט אויך געבראַכט מאַטעריעלע רעזולטאַטן. לויט זיין אויפפאָדערונג זיינען די יידן געווען די ערשטע, וואָס האָבן מנדב געווען באַדייטנדיקע סכומים לטובת די קריסטן, וואָס זיינען גערודפט געוואָרן אין סיריע און געליטן דאָרט פונעם מוסולמענישן פאַנאַטיזם.

צום באַדויערן אָבער עקזיסטירט אַ צירקולאַר פון דער הויפט-צענזור-פאַרוואַלטונג, וועלכער רייסט אַרונטער די אַלע שריט און הויכע שטרעבונגען פונעם זשורנאַל. דאָס איז דער צירקולאַר, וועלכער פאַרווערט אָן דער דערלויבעניש פון דער הויפט-צענזור-פאַרוואַלטונג צו באַהאַנדלען די פראַגן פון גלייכבאַרעכטיקונג פון יידן מיט די איבעריקע אונטערטאַנער. אויפן סמך פון דעמדאָזיקן צירקולאַר, וועלכער איז איינגעפירט געוואָרן נאָר ווי אַ צייטווייליקער מיטל נאָך איידער דער „ראַזסוועט" האָט עקזיסטירט, אין אַ ספּעציעלן פאַל, און וואָס האָט אַ שייכות צו אַ ל ג ע מ יי נ ע פעריאָדישע אויסגאַבן, — לאָזט דער אָדעסער צענזור-קאָמיטעט נישט דורך קיין שום אַרטיקלען, אין וועלכע [די מחברים] רעדן זיך אויס דאָס האַרץ, אפילו אין זייער אַ באַשיידענער פאָרם וועגן די געזעלשאַפטלעכע און בירגערלעכע הצטרכותן פונעם יידישן פאָלק, און דערביי מאַכט די צענזור קיין אויסנאַם נישט פאַר אַ ספּעציעל-יידישן זשורנאַל.

אַזוי-אַרום באַקומט זיך, אַז פון אַלע באַפעלקערונגס-טיילן פונעם פאָטערלאַנד איז נאָר ביי יידן אָפּגענומען געוואָרן די מעגלעכקייט אויסצונוצן די גוטע פרוכטן פון דער עפנטלעכקייט, צו וועלכער די רעגירונג גופא דערמוטיקט און וועלכע האָט שוין געבראַכט אַזויפיל נוצן דעם געדאַנק פון טובת-הכלל. און אויב ביי אונזער זשורנאַל ווערט אָפּגענומען די מעגלעכקייט צו באַהאַנדלען די באַדערפענישן פון די, וועמעס אָרגאַן ער שטעלט מיט זיך פאָר, ווערט דורכדעם פאַרהאַלטן די ווידעראויפלעבונג פון די יידן, און דער רצון פון אונזער גוטהאַרציקן מאָנאַרך וועט קוים קענען מקוים ווערן.

איך האַלט פאַר איבעריק מאריך צו זיין בפרטיות פאַר אייך, אייער עקסעלענץ, ביי אייער שאַרפזין, וועגן דער גאַנצער חשיבות פון דער זאַך פאַר דער טובה וועגן פון אונזערע גלויבנסבריטער, ווי אויך פאַר דער אַלגעמיינער טובה פון אונזער פאָטערלאַנד. איך גלויב אָבער טיף אין דעם גוטן און איידעלן כאַראַקטער פון דעם, וועמען דער מלך חכם האָט אויסגעטיילט פון אַנדערע און אים מזכה געווען מיט אויסשליסלעכן פאַרטרויען. און איך נעם אויף זיך די העזה, אין נאָמען פון אַלע לאָיאַל-געשטימטע יידן, צו בעטן אייך רחמים, אייער עקסעלענץ, הער גראַף, אַז איר זאָלט אָננעמען שריט אָפּצושאַפן דעם דערמאָנטן צירקולאַר פון דער הויפט-צענזור-פאַרוואַלטונג בנוגע דעם ספּעציעל-יידישן זשורנאַל, וועלכער איז פון דער רעגירונג דערלויבט געוואָרן. אין דעם זשורנאַל ווערט בכלל נישט גערעדט וועגן פולע רעכט פאַר יידן באַגלייך מיט די איבעריקע אונטערטאַנער, עס ווערט נאָר אָנגעוויזן אויף די [יידישע] באַדערפענישן, די באַפרידיקונג פון וועלכע איז אַמאָל נויטיק בכדי בעסער צו דערגרייכן דעם טובת-הכלל [פון לאַנד]".

אָקטאָבער 1860

שוין נאָכדעם, ווי מיר האָבן באַקומען דעם אַרטיקל פון ש. באָראָוואָי, האָט אונז דער מחבר אויפמערקזאַם געמאַכט דערויף, אַז אינעם נישט-לאַנג דערשינענעם בוך פון נ. ב ו כ ב י נ ד ע ר „ליטעראַרישע עטיודן" (רוסיש; לענינגראַד 1927) ווערט דערציילט נאָך אַ זייער אינטערעסאַנטער עפּיזאָד צו דער צענזור-געשיכטע פון „ראַזסוועט". דהיינו: דער אַרטיקל פון אָ. ראַבינאָוויטש, וועלכן די צענזור האָט נישט דורכגעלאָזט און וועגן וועלכן ער האָט זיך געווענדט מיט אַ השתדלות צו ל. ראָזענטאַלן, איז אַריבער אין פעטערבורג צו די העכערע אינסטאַנצן, זיי זאָלן באַשטימען זיין גורל. דער אַרטיקל איז באַהאַנדלט געוואָרן אינעם „יידישן קאָמיטעט". דער קאָמיטעט האָט זיך באַקאַנט מיט אים און באַשלאָסן, אַז „ער קען ברענגען די לעזער צו אַ נישט-ריכטיקער מיינונג און צו ספקות וועגן די פּלענער פון דער רעגירונג בנוגע דער פאַרבעסערונג פון דער יידישער לאַגע", — און האָט נישט געפונען פאַר מעגלעך צו דערלויבן דעם אַרטיקל. דערדאָזיקער באַשלוס איז צוגעשטעלט געוואָרן צו אַלעקסאַנדער דעם II, און ער האָט אויפגעשריבן זיין רעזאָלוציע: „ריכטיק" (זע נ. בוכבינדערס בוך, ז. 82–83; ה' בוכבינדער האָט אין זיין בוך אויך אָפּגעדרוקט דעמדאָזיקן נישט-דערלויבטן אַרטיקל — ז. 86–89).

דאָס איז געווען די תשובה פון דער רעגירונג אויף דער אויבנגעבראַכטער השתדלות.

**א. טש.**

# דער ייד אין קיעוו

## אַ נישט פאַרעפנטלעכט ליד פון א. ב. גאָטלאָבער

### מיט אַן אריינפיר פון א. טש.

דאָס ליד „דער ייד אין קיעוו" פונעם באַוואוסטן העבּרעאישן שרייבּער און קעמפער פאַר השכלה אבּרהם־בּער גאָטלאָבּער (1811—1899), וועלכער האָט אויך ניט ווייניק געשריבּן יידיש, ווערט דאָ פאַרעפנטלעכט צום ערשטן מאָל. אַז דאָס ליד האָט לויט זיין אינהאַלט נישט געקענט אין די צאַרישע צייטן אין רוסלאַנד געדרוקט ווערן — איז אַ זעלבּסטפאַרשטענדלעכע זאַך. דער פּראָטעסט קעגן דער רעכטלאָזער לאַגע פון יידן, ספּעציעל קעגן די בּאַגרענעצונגען אין וואוינרעכט אין קיעוו, בּעת „קאַצאַפּעס" און „כאָכאָלן" קענען דאָ פריי וואוינען, די פאָלעמיק מיט די קריסטן און זייער קריסטלעכן יושר — איז נישט געווען קיין דערלאָזבּאַרע טעמע פאַר דער רוסישער צענזור. אָבּער אויך מחוץ פון רוסלאַנד איז דאָס ליד נישט דערשינען.

אין זיינע בּאַקאַנטע זכרונות, וואָס זענען געווען געדרוקט אין שלום־עליכמס „יידישער פאָלקס־בּיבּליאָטעק" (בּאַנד 1, 1888), דערציילט א. ב. גאָטלאָבּער, אַז בּיי אים איז פאַרפאַלן געוואָרן אַ זאַמלונג אין כתב־יד („פעלדבלומען") פון זיינע שירים, וואָס ער האָט געשריבּן אין פאַרשיידענע צייטן אין יידיש: „דאָס בּיסעלע מינץ", „דאָס שטריימיל מיטן קאַפּעליש", „דער ייד אין קיעוו" און אַנדערע. „זיי זענען—שרייבּט גאָטלאָבּער—פאַרפאַלן געוואָרן דורך אַ פּאָסט־טרעגער פון ה' דינעזאָן אין וואַרשע אינאיינעם מיט אַ גרעסערן ווערק „די פאַרקערטע וועלט". אַ טייל פון די לידער, וואָס זענען פאַרלאָרן געוואָרן, האָט ער שפּעטער ווידער אויפגעשטעלט און אָפּגעדרוקט אין יידיש אָדער העבּרעאיש. אָבּער וועגן דעם ליד „דער ייד אין קיעוו" האָבּן מיר בּיז איצט לחלוטין גאָרנישט געהערט. „טאָמער וועט עס (די פאַרפאַלענע שירים) עמיצער געפינען—שרייבּט גאָטלאָבּער — זאָל ער וויסן, אַז עס איז מיינס". איצט איז איין ליד פון די פאַרפאַלענע—„דער ייד אין קיעוו", (אָדער דער „יוד אין קיעב", לויטן מחבּרס אָרטאָגראַפיע) געפונען געוואָרן, און מיר דרוקן עס דאָ.

דאָס ליד, אונטערגעשריבּן אב"ג — די איניציאַלן פון גאָטלאָבּערן, מיט וועלכע ער פלעגט זיך געוויינטלעך חתמענען,—האָבּן מיר בּאַקומען אין קיעוו אין יאָר 1920 פונעם העבּרעאישן געלערנטן אברהם כהנא, אין אַ געשריבּענער קאָפּיע; אונז האָט זיך אויך איינגעגעבּן צו בּאַקומען דעם אָריגינאַל פונעם ליד, אָבּער ליידער נישט אינגאַנצן. ווי אַנדערע יידישע שירים פון א. ב. גאָטלאָבּערן (זיין „דער בּידנער ישראליק", „דאָס שטריימיל מיטן קאַפּעליש" און אַנד.), איז אויך דאָס ליד קאָנטיק געווען פאַרשפּרייט אין געשריבּענע קאָפּיעס, מיט געוויסע וואַריאַנטן, וועלכע שטימען אין איניקע ערטער נישט אינגאַנצן מיטן אָריגינאַל, לויט ווי מיר קענען משפּטן לויט דעם טייל, וואָס מיר האָבּן פאַר זיך אינעם מחבּרס כ"י. פון די 72 סטראָפן, וואָס דאָס ליד אַנטהאַלט, האָבּן מיר דעם אָריגינאַל נאָר פון 32 — דאָס הייסט פון 128 שורות (מיר גיבּן דאָ אַ פאָטאָגראַפישן אָפּדרוק פון 2 זייטלעך פונעם אָריגינאַל). אין דער קאָפּיע פעלן אינגאַנצן 5 סטראָפן, וואָס געפינען זיך אין דעם אַנטשפּרעכנדיקן אָרט אינעם אריגינאַל (זע הערה ווייטער).

די בּולטע טענדענץ פונעם שיר, דער אָרט בּאַהאַנדלען די טעמע, דער געמיש פון פאָלקסטימלעכקייט מיט משכּילישער בּדחנות און נאַאיווער אַפּאָלאָגעטיק — זענען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר גאָטלאָבּערן. גאָטלאָבּער קומט צום ערשטן מאָל אין לעבּן קיין קיעוו און פאַלט אַריין אין התפּעלות פון דער גרויסער שטאָט. אמת, פיל פריער איז אים שוין אויסגעקומען צו זיין אין אָדעס (אין יאָר 1830), וואָס האָט אויך געהאַט דעם שניט פון א גרויסער שטאָט. אָבּער קיעוו, וואו יידן איז געווען פאַרבּאָטן צו וואוינען און וואו מ'האָט זיי פון אַלע יאָרן געטריבּן, — האָט אים געגעבּן אַ טעמע אויסצוטענהן זיך מיט די קריסטן.

ווי עס שיינט, איז ער אָנגעקומען קיין קיעוו אין די „קאָנטראַקטן"־טעג, דאָס הייסט אין חודש פעבּרואַר, ווען פונעם גאַנצן קאַנט און פון אַנדערע טיילן רוסלאַנד פלעגן זיך צונויפפאָרן סוחרים, בּרויט־הענדלער, צוקערפאַבּריקאַנטן, מעקלערס מכּל המינים, גלאַט יריד־מענטשן, וואָס פלעגן קומען מאַכן געשעפט. דער צענטער פון קיעוו פלעגט דעמאָלט ווערן דאָס קאָנטראַקטאָווע הויז („קאָנטראַקטאָווי דאָם"), וועלכן גאָטלאָבּער בּאַשרייבּט מיט אַזאַ בּאַגייסטערונג. מען פלעגט דאָ שליסן קאָנטראַקטן, אונטער־

פירן חשבונות, איינשטעלן פרייזן, כאַפּן מעקלעריי, אָנגעמען נייע מענטשן אויף שטעלעס. אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם ירידפּלעגן נעמען אויך די יידן פונעם קאַנט, וואָס האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אינעם ברויט-און צוקער־האַנדל,—און דערביי האָבן זיי נישט געהאַט קיין רעכט צו פאַרבלייבן אין דער אַלט-רוסישער הייליקער שטאָט. אָט דער קאָנטראַסט רופט אַרויס ביים מחבר די געדאַנקען וועגן דעם אומיושר מצד דער קריסטלעכער וועלט לגבי יידן. גאָטלאָבער, וועלכער האָט געשטאַמט פון אַלט-קאָנסטאַנטינאָוו, אין דער שכנותדיקער פאָדאָליער גובערניע, האָט זייער גוט געקענט די יידישע לאַגע אין קיעוו. אַלס מאָטאָ צו זיין ליד נעמט ער דאָס אוקראַיניש ווערטל: „טאַם דאָבּרע דע נאַס נעמאַ" — דאָרט איז גוט, וואו מיר זענען נישטאָ.

געווי ווען דאָס ליד איז אָנגעשריבן געוואָרן איז נישט באַקאַנט. אָבער, ווי מ׳קען זיך משער זיין, שטאַמט עס פון דער צווייטער העלפט זעכציקער, אָדער אָנהויב זיבעציקער יאָרן. גאָטלאָבער איז אין יענע יאָרן געווען אַ לערער אין זשיטאָמירער ראַבינער־שול און האָט דעמאָלט געקערט באַזוכן קיעוו. לויטן כאַראַקטער פונעם ליד זעט מען, אַז דאָס געהערט צו יענער צייט, ווען אין רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן די רעאַקציע נאָך די ערשטע ליבעראַלע 10 יאָר פון אַלעקסאַנדער דעם II טנס רעגירונג און ווען דער אַנטיסעמיטיזם אַרום האָט זיך פאַרשטאַרקט. כאַראַקטעריסטיש, וואָס דער מחבר, פּאָלעמיזירנדיק מיט די אַנטיסעמיטישע ווערק אין דער רוסישער ליטעראַטור, האָט זיך גראָד אָפּגעשטעלט אויף פאַדיי בולגאַרינס ראָמאַן „איוואַן וויזשיגין", וועלכער איז דערשינען נאָך אין יאָר 1829 (איבערגעדרוקט אין זיינע זאַמלווערק אין 1839) — אַ באַקאַנטער פאַמפלעט אויף יידן פון אַ רעאַקציאָנערן שרייבער, וועלכער האָט אין דער רוסישער ליטעראַטור געהאַט אַ שלעכטן נאָמען (פגל׳ דעם קאַמף קעגן בולגאַרינען מצד דעם באַרימטן רוסישן קריטיקער ביעלינסקי). צו דער צייט, ווען גאָטלאָבער האָט געשריבן זיין ליד, האָט מען שוין אין רוסלאַנד לאַנג פאַרגעסן וועגן דעם פאַמפלעט,—אונזער מחבר אָבער, דער אַווטאָדידאַקט, האָט נאָך קאָנטיק געלעבט מיט די ווערק פון די פאַרגאַנגענע יאָרן, פון וועלכע ער האָט שפּעט געוואָסן. אין דער רוסישער ליטעראַטור זענען שוין דעמאָלט געווען גענוג נייע אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען (ווי, למשל, טורגעניעווס דערציילונג „זשיד" אין 1847, אָדער דער אַנטיסעמיטישער אַרטיקל פונעם זשורנאַל „אילוסטראַציאַ" אין 1858, וועלכער האָט אַרויסגערופן דעם באַקאַנטן פּראָטעסט פון 140 רוסישע שרייבער, געלערנטע און געזעלשאַפטלעכע טוער), — אָבער גאָטלאָבער האַלט נאָך אַלץ בולגאַרינס פאַמפלעט פאַר אַקטועל און פירט מיט אים זיין נאַיווע פּאָלעמיק.

כאַראַקטעריסטיש פאַר גאָטלאָבערן זענען אויך די לעצטע שורות פון זיין ליד, וואו ער ווענדט זיך צו די משומדים: „נאָר איך בעט אייך איבער געטויפטע ברידער... איר האָט נעביך ניט קיין ברירה. ווע מען גלוסט זיך פון קיעוו אַרויס... גיין ערגיץ בעטלען ברויט". דידאָזיקע נטיה מלמד־זכות זיין אויף די משומדים, וואָס האָבן זיך דורך שמד געראַטעוועט פון רדיפות, איז קיין נייס נישט ביי אונזער מחבר. נאָך מיט יאָרן פריער האָט ער געשריבן אינעם זעלביקן גייסט, און אַפילו נאָך קלאָרער, אין צוזאַמענהאַנג מיטן בריוו, וואָס ער האָט באַקומען פונעם באַקאַנטן משומד פיאָדאָראָוו—גרינבוים. אין 1843 האָט אים זיין אַלטער גוטער פריינט, דער געוועזענער דובנער ישיבה־בחור גרינבוים, אין אַ גאַנץ ציניש פאָרם מיטגעטיילט, אַז ער האָט זיך געשמדט און פאַרלאָזן דעם שוואַכן פאָלק. צו דעם בריוו האָט גאָטלאָבער צוגעגעבן פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע באַמערקונג, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן באַקאַנט *): „ואל יחר אפך (הקורא) בהאיש החכם ההוא בבזותו את העם, אשר ממעיו יצא... כונתי להודיע ולגלות עד מה יביאו אותנו לפעמים הרדיפות ושנאת חנם אשר יחרפו אותנו אויבנו השומרים הבלי־שוא". פיאָדאָראָוו—גרינבוים איז נאָך זיין שמד שטאַרק נתעלה געוואָרן — ער איז געוואָרן אַ באַאַמטער ביים קיעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, אַ בעל־יועץ וועגן יידישע ענינים און אַ יידישער צענזאָר — מדרגות, וואָס האָבן זייער אימפּאָנירט גאָטלאָבערן. און גאָטלאָבער טראָגט נישט קיין כעס אויף דעם משומד, נאָר פאַרקערט — ער באַשולדיקט די יידישע אָרטאָדאָקסיע, „אונזערע פיינד", פאַר זייער שנאת־חנם צו די אויפגעקלערטע.

ביים פאַרעפנטלעכן דאָס ליד האָבן מיר דעם טייל, וואָס איז פאַראַן אין כ״י גופא, געדרוקט אין דער אָריגינאַל־אָרטאָגראַפיע, וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט און פאַר דעם מחבר פערזענלעך; די איבעריקע טיילן האָבן מיר געדרוקט מיט דער מאָדערנער אָרטאָגראַפיע, רעכענענדיק זיך אָבער מיט דער ספּעציפישער אויסשפּראַך פונעם מחבר. ביים לייענען דאָס ליד דאַרף מען בכלל נעמען אין אַכט די אויסשפּראַך, וועלכע א. ב. גאָטלאָבער, אַלס אוקראַינער (פאָדאָליער) ייד, האָט באַנוצט: מחויב—אַלס גראַם צו קיעוו, פוס—צו זיס, צונג—צו אַלצדינג, מלך—צו פריילעך, בלוט—צו ניט, אויבן־אויף — צו שטאָף א. אַ. וו. צו אייניקע אויסדרוקן, וואס באַציען זיך צו דער שטאָט קיעוו, ווי אויך צו די רוסיציזמען, וועלכע ער באַנוצט אָפט, האָבן מיר געגעבן דערקלערונגען אונטן, אין די הערות.

*) זע גאָטלאָבערס בריוו אין „יעוורעיסק. סטאַרינאַ" (רוסיש), 1910, ז. 416.

# דער ייִד איז קיעוו

פֿאַם דאַבראַ דע נאָס ניעבאַ

אַ לעבן איז אין קיעוו!
ס׳איז איטלעכער מחויב
כאָטש איינמאָל אין זיין לעבן
אויף קיעוו אַ קוק צו געבן.

קיעוו נאָר צו זייען
איז ווערט אַהין צו גייען
הונדערט מייל צו פֿיס,
דאָרט איז אַ לעבן אַ זיס.

אַ זיס לעבן איז דאָרט.
וואָס פֿאַר אַ שיין אָרט!
וואַסער, בערג און טאָלן
נאָר אָפּצומאָלן.

דער פּעטשערסק[1] פֿול מיט מוט,
דער פּאָדאָל[1] אַ גן־עדן,
אין מיטן דער אינסטיטוט
פֿון בלאַהאָראָדנע מיידן.

די לאַווּרע[2] שטייט אַזוי גראַד [גראָם?]
דאָס גרויסע אוניווערסיטעט
דער קאָנטראַקטאָווע דאָם[3]
ווי שיין, ווי גרויס, ווי ברייט.

ווער קען דערציילן אַלצדינג
וואָס ס׳טוט זיך אין דער סאַליע?
מיט אַ פּעדער מיט אַ צינג
מאַכט מען עס נאָר קאַליע.

די אויגן מוזן עס זייען
צו קאָנטראַקטן־צייט,
דעמאָלט קען מען פֿאַרשטייען
וואָס קיעווער לעבן באַטייט.

מענשן אַלערליי
וויפֿיל שטערן אין הימל
אַ געפּילדער, אַ געשריי,
אַ רעש, אַ געטימל.

די גרעסטע פֿאַבריקאַנטן
שטעלן אויס די סחורה —
גאָלד, זילבער, בערליאַנטן
ס׳איז אַ קוק צו טאָן — אַ מורא.

מ׳גייט, מ׳פֿליט, מ׳לויפֿט
ווי אַ פֿייל אויסן בויגן,
מע שמועסט, מ׳האַנדלט, מ׳קויפֿט
און מ׳איז שוין אַוועקגעפֿלויגן.

אָט שטייען אַלע אינאיינעם,
האָסט זיך אַוועקגעקערט פֿון דאַנען
זעט מען שוין ניט קיינעם
פֿון אַלע וואָס זיינען געשטאַנען.

עס שטייען שוין אַנדערע דאָרט
אויף דעם אייגענעם אָרט
כ׳דריי זיך נאָר אַוועק — אַנו
די זיינען שוין אויך ניטאָ.

מיט אַ באַקאַנטן שטיי איך און שמועס
און האַלט אינמיטן דרינען,
אָט טו איך אַ הוסט, אַ ניס
איך קאָן אים שוין ניט געפֿינען.

איך ווייש מיר אָפּ די ליפּן
גלייך ווי ס׳איז גאָרניט געשייען
איך הויב מיך אָן צו שטופּן
און מוז דאָרט בלייבן שטייען.

איך קום אין אָן ענגעניש אריין
ווי מ׳קען ניט ווייטער גייען,
דאָ מוז איך אַזוי לאַנג זיין
ביז ס׳וועט זיך איבערדרייען.

מע שטערכעט מיך אַהין
מע שטערכעט מיך אַהער,
איך ווייס ניט ווי איך בין
איך ווייס ניט וואָס און ווער.

אַזוי ווי די כוואַליעס אויפֿן דניעפּער לויפֿן
וואָס ס׳טראָגט זיי דער ביסטרער ווינט,
אַזוי די מענשן פֿליען קויפֿן
אין קאָנטראַקטאָווע דאָם געשווינד.

---

1) פּעטשערסק, פּאָדאָל — שטאָט־טיילן אין קיעוו.
2) קיעווא־פּעטשערסקע לאַווּרע — דער באַרימטער אַלט־רוסישער קלויסטער.
3) זע אויבן אין דער הקדמה.

ארויף אראָפּ אויף די טרעפּ,
אַ מינוט צייט האט ניט קיינער,
אלע מיט פאַרטראָגענע קעפּ
טופּקען מיט די פיס די שטיינער.

און אויבן אין א סאַליע א שיינער
שפּילט די שענסטע בעסטע מוזיק,
דאָרט רוען זיך אויס די ביינער
די וואָס זוכן ניט אונטן דאָס גליק.

ליפּינסקי דער גרויסער מוזיקאַנט
שטייט גאַנץ אויבן ווי אַ מֶלך
ער האַלט די פידל אין דער האנט
און מאכט דעם עולם פריילעך.

נאָר איינס, ברידער, קלאָגט,
דאָס אלטע שפּריכוואָרט זאָגט:
גוט איז נור דא
וואו מיר זיינען ניטא.

וואָס האָבן מיר געטאן פאַר א חטא,
וואָס מ'האט אונז געגעבן א גט,
אז מיר זאָלן מיט קיעוו—אך!
ניט שטיין אונטער איין דאך?

אַז יידן זיינען אין קיעוו געזעסן
האבן זיי כ'לעבן ניט פאַרגעסן
ווי ווייט ס'איז געווען זייער כוח
אין די אָרימע ברידער אויך.

פרעגט די גאַנצע וועלט
וואָס פאַרא צדקה-געלט
עס איז פון קיעוו ארויס
פון איטלעכס יידנס הויז.

היינט מוזן די יידן
נעביך זיין צופרידן,
אז מ'לאָזט זיי אויף אַ סראָק
מיט אַ קוויטאָק.

נעמט ער קיין קוויטל ניט
פאַרצאַפּט מען אים זיין בליט
מען טוט אים שוין א כאַפּ
און מען שיקט אים מיטן עטאַפּ.

אחוץ קלעפּ פאַ שעיע 4)
וואָס ער לייזט מיניה וביה
פונעם קוואַרטאַלנע, פונעם זשאַנדאַר,
אחוץ א כאַבאַרל דעם סעקרעטאַר.

4) „פאַ שעיע" — אין קאַרק אריין.

שכורע קאַצאַפּעס
שפּרינגען ווי די צאַפּעס
אין אלע גאַסן ארום,
מען זעט זיי אומעטום.

זוואָשטשיקעס אויף פערד
מיט די גרויסע בערד
שרייען, זינגען, שפּרינגען
שטעקן ארויס די צינגען.

זאָל זיך אימעצער דערוועגן
א קאַצאַפּ צו פרעגן,
וואס די שמחה באטייט
צווישן לאַנד און לייט.

דער תּירוץ איז פון אויבן אָף —
ער האט אויסגעטרונקען בראָנפן אַ שטאָף
און נאך מיט איינס פאַרביסן
און האט דאָס ווייב געשמיסן.

דער נאך האבין זייא זיך איבער גיבעטין*,
האט מען גיטאהן אטרינק אַברעטין,
אצינד טאַנצט מען אויף דער גאס
באלד וועט מען אויסטרינקען אַ גאַנצי פּאַס.

אין דער הייסט אַ בלאַהאָנאַדיעזשנע חאָזאיען, 5)
ער מעג שיכורין און שרייען,
גרעפּצין און שפּייען
און זיך איבער דער גאס קאַטיען [קאַטאַיען].

אַ יוד איז א דאָרין
אויף איהם איז דער גאנצער צאָרין
ער טאהר ניט געהן ניט שטעהן
מע וועל איהם גאהר ניט זעהן.

אפין פאטשערסק, אַפין פּאָדויל
הערט מין נאהר איין קול:
וואָן יעברעי! פּאָשאָל!!
אין דאָס שרייט איין חאחאל 6)

אַ חאחאל! ווייזט איהר וואָס איז דאָס?
א קאַצאַפּניא מיט אַ רויטער נאָז.

*) די 32 סטראָפן פון דאַנען און ווייטער זענען געדרוקט פון גאָטלאָבערס אָריגינאַל און לויט דער אָרטאָגראַפיע פונעם כ"י.

5) „בלאַהאָנאַדיאָזשני כאָזיאַין" — אַ צופאַרלאָזיקער, ערליכער בעל-הבית.

6) כאַכאָל—אַן אוקראַינישער פּויער, אַן אוקראַינער בכלל.

מיט איין אימגעקעמטין קאפּ
קורץ! א פּראסטער חלאפּ.

א באַלעלאיקע איז זיין פידעל
דיעוואשקי [7] — זיין לידעל
בראנפין איז זיין וויין
אין דערצי אַ שטיק שוויין.

נא הערט זיך אין דער וועלט גאהר
אזעלכי פינצטירע ביטערי מזלות? —
אזאָך אין וועה איז דיא יאהר:
באַ וועמין מע איז אין גלות!!....

זאגט נאר ברידער קריסטען
טיהט איהר עס אימיסטען
דעם בידנעם יודען אזוי
כדי ער זאהל ווערין אַ גוי!

„אַ גוי? שרייט איין קריסט
„מיט כעס מיר אַקעגין,
„זיהסטי וואס דיא ביסט
„דארפסטי נאך קשית פרעגין? —

„אנא אויפגיקלערטיר, הוי!
„קלאמפערשט דער מלומד!
„אַקריסט ריפסטי גוי —
„אַ גיטויפטען גאהר משומד? —

„צים סוף בעסטי גירעכט
„עס קימט דיר דאס קויליטשל ארויס,
„מיר טיהען אייך אלעס שלעכטס
„איהר שטעהט נאהר צרות אויס".

„איך וועל אייך זאגין שוטים טועים
„פאר וואס סעזי אייך אזוי ביטער,
„איהר האלט אונז אלע נאר פאר גוים
„אין טעות גוי איז באַ אייך מותר".

„דריבער נארט איהר דיא גאנצי וועלט
„אין ווילט פין איטליכען קליגער זיין,
„איהר נעמט רוחים בעשנייט דאס געלט
„אין גיסט אין בראנפין וואסיר אריין...

„אמת איהר טיט אונז אפילו טובות
„איהר לייט אים [אונז?] אַמאהל געלט אין אַ נויט
„איהר קימט אבער דער נאך מאנין חובות
„ווער זשע ווינשט ניט אַ מאנער דעם טויט?" —

7) דיעוואושקי (שיקסעס).



דעם יודענס פאלשקייט זיין רמאות
זיינע אלע קליגע המצאות
האט א גרויסער חכם בעטראַכט
אין האט דער וועלט בעקאנט געמאַכט.

דער חכם איז פון ליינגע צייטין
אונזרע ברידער קיין גרויסער פריינד,
ער שפעט אונז אפּ פין אלע זייטין
ווייל דאס איז דיא גאנצי מאדע היינט.

ווער סע וויל א ביכעל מאכען
אז עס זאהל דעם עולם גיפעלין
זאהל ער פין אַ זשיד נאר לאכען
וועלין אלע שיין אונקוועלין. —

אַ זשיד מיט דיא לאנגע פאות
וואס קליינע קינדער האבין פר איהם מורא
א זשיד וואס בעשנייט מטבעות
אַ זשיד וואס פעקילט פרעמדי סחורה

דאס פרעגין ניט דיא חכמים דיא רעכטי
בשעת זייא האלטין די פען אין דיא הענט
אז אזוינע זשידיס שלעכטי
זענין נאהר איינס פריצענט. —

זשידיס וואס האנדלין ערליך כשר
פין זייא וועל מען גאהר ניט שמיסען,
איהר גייט ניט חלעבין בדרך הישר
האטשי עס מעג אייך אפילו פרדריסין.

איך מיין אייך איהר קליגה לייט
וואס איטליכר וויל זיין פון דעם אנדרין גרעסיר,
איהר שרייבט ביכער אין לערינט לייט
אין מאכט זייא ניט אפיציל בעסיר

איז דאס דער תכלית פין ביכער מאַכען
אן צי ארבייטין שנאה אויף דער וועלט?
אין צי שרייבין פאלשה זאכען
אַבי נאר אויס צי נארין געלט?

אז א מחבר אַ האמעריסט [8]
האט אלע ווערטלאך אויף אונז אויסגעטראַכט
האט אונגעשארט געלט ווי מיסט —
אין האט זיך פין יודען אַ מאַיאָנטיק גימאכט

8) האָמעריסט — הומאָריסט.

איהר קענט איהם און זיין פארב דערקענין
זיין פארב איז האמעריסטיש גרין
ווילט איר איך זאל אים באם נאמין נענין?
זיין נאמין איז פאדיעי באלגארין [9]

ווילט איר אים זעהין פרעהליך ליסטיק
ווילט איר אים זעהין מיט דיא פיס אינז דריגין? —
לעהנט זיין האמעריסטיק
לעהנט זיין איוואן ווישזיגען. — [10]

קום אהער דיא גרויסער חכם
וואס מאכסט דען יודען שענדלאך;
דיא ווייסט וויא אזוי ער נעמט רוחים
אין וויא אזוי ער שנייט רענדלאך,

ביסטו דער פאַרהערער —
פון קריסטיס? זיין גרויסער לעהרער?
ניין! מיר דאכט אז גאר אומזיסט
וואס דיא נענסט זיך קריסט.

וואהרים מיט דער גאנציר וועלט מלחמה האלטין
מיט דער צינג אין מיט די הענט;
דאס שטייט ניט אין אלטען
ניט אין נייעם טעסטאמענט. —

וואס זיכסטי אויף יענעם חסרונות
און זעהסט ניט דיינה אייגענה עונות? —
לאז נאהר דעם בידנעם יודין געמאך
סעז דאָ באַ דיר אַליין אַסך.

קריסטיס אייגנע ווערטער הערט!
זייא זענין חלעבין קישען ווערט —
אויף יענם זעהט איהר אַ שטרוי אַ האָר
פין אייער באַלקען שווייגט איר גאר. —

זיך נאָר רעכט צווישען קריסטין
וועסטי געפינין אַזוינע זאַכין
וואס וועט דיר זיך שוין ניט גליסטען
פין דען יודין שפעטין אין לאכין.

שרייב אַ ספרי גיב צי פערשטעהן
אַז קריסטין זאהלין אין קריטשמע ניט געהן
וויא עס קומט זונטאָג אין דער פריה —
זייא פר שכורין זייער מיה.

9) פאדיי בולגארין. זע אויבן אין דער הקדמה.
10) זע די הקדמה.

לערן דיינע קאַצאַפּעס דרך ארץ *),
לערן זיי צו באַנוצן די צייט,
איך ווייס שוין אָבער דיין תירוץ:
דו שרייבסט נאר פאַר איידעלע לייט.

זע נאר יידן וואס זיי טוען
שבת יו"ט ווען זיי רוען,
זיי לערנען חכמות, לערנען מוסר,
וועלכעס ס'איז היתר, וועלכעס ס'איז איסר.

האָט דען קריסטוס געהייסן יידן טרייבן?
אוי וויי איז מיר ניט געשען,
צווישן אונז זאָל עס נאר בלייבן —
קריסטוס אליין איז דאָך אַ ייד געווען!

— קריסטוס אַ ייד? ניין, ניין, ניין!
זיין טאַטע איז דאָך געווען גאָט אַליין!
— נו, זיין טאַטע גייט מיך ניט אָן,
וואס וועסטו אבער מיט דער מאַמען טאָן?

און וואס קומט שוין דערפון אַרויס,
אז איר טויפט שוין עטלעכע אויס,
דערמיט וועלן זיי שוין קריסטן זיין,
וואס זיי פאַרזוכן די האָטשקע מיט ווין?

אט דאס איז טאקע דער גאנצער פאַרדראָס,
וואָס זיי וועלן ניט זיין ניט יענץ ניט דאָס,
איז דאָס עפּעס אַ וואוילע מתנה,
אז זיי וועלן בלייבן גאר אָן אַ נאמנה?

אַצינד פאַרשטייט, אז ניט אומזיסט
האב איך פריער געזאגט אזוי:
אז א ייד טויפט זיך ניט אויף אַ קריסט,
נאר אויף א משומד, נאר אויף א גוי.

נאר איך בעט אייך איבער געטויפטע ברידער,
אפשר האב איך אין אייך אָן עבירה,
ווער ווייסט וואס אין האַרצן איז פאַר א גערידער,
נאר איר האט נעביך ניט קיין ברירה.

וועמען גלוסט זיך פון קיעוו ארויס,
וועמען גלוסט זיך פאַרלאזן זיין הויז,
גיין ערגיץ בעטלען ברויט
און זיך מוטשען ביז צום טויט?

אב"ג

*) פון דאנען און ווייטער געדרוקט ווידער לויט דער האַנט-
שריפטלעכער קאָפּיע און מיט דער מאָדערנער אָרטאָגראַפיע.

# „טעיאַטאָר פין חסידים"

דעם כתב־יד פון דער פּיעסע, וואָס מיר פאַרעפנטלעכן דאָ צום ערשטן מאָל, האָבן מיר באַקומען פון ה' ש. דובנאָוו. די פּיעסע טראָגט דעם טיטל: „טעיאַטאָר פֿין חסידים, אין דרייא אַקטין איינגעטיילט, געשפּילט געוואָרין אין לעמבערג". צי איז דאָס אָבער באמת אַ טעאַטער־שטיק, וואָס איז אַמאָל אויפגעפירט געוואָרן און וואָס שטאַמט פון לעמבערג? עס איז גענוג אפילו אויבנאויף צו באַקענען זיך מיטן כתב־יד בכדי צו איבערצייגן זיך, אַז ס'איז ניט אזוי. דאָס ווערק האָט ניט אין זיך קיין איין עלעמענט פון אַ געוויינלעכן טעאַטער־שטיק — ניט לויטן בוי, ניט לויט זיין האַנדלונג, ניט לויטן גאַנצן כאַראַקטער. דאָס איז אין דער אמתן אַ ויכּוח, אין דריי אקטן, צווישן אַן „אויפגעקלערטן" און זיין פריינד — פון איין זייט, און אַ גרופּע חסידים — פון דער צווייטער. דער מחבר האָט דעמדאָזיקן ויכּוח צוגעגעבן די פאָרם פון אַ פּיעסע, ווייל ער האָט אַפּנים געהאַלטן, אַז אַזאַ פאָרם איז מער פּאַסיק און וועט בעסער קענען ווירקן, אָדער ווייל ער האָט געוואָלט נאָכמאַכן די פריער דערשינענע פּיעסעס פון אַזעלכע וויכטיקע משכּילים, ווי יצחק אייכל, אהרן האַל״ע (וואָלפזאָן), אָדער שלמה עטינגער. זיין כּונה איז דערביי לחלוטין ניט געווען צו שאַפן אַ דראַמאַטיש ווערק, נאָר אַ ריין־דידאַקטיש, א מוסר־פּיעסע, וואָס באַשטייט דער עיקר פון דיאַלאָגן און כמעט אָן האַנדלונג.

די פּיעסע איז אַן אַנאָנימע. בכדי צו געפינען אַ שפּור פונעם מחבר און קלאָר צו מאַכן, צי שטאַמט די פּיעסע באמת פון לעמבערג, האָבן מיר זיך געווענדט צו ה' ש. דובנאָוו, וועלכער האָט אונז מיטגעטיילט, אַז ער האָט דעם כתב־יד באַקומען אין יאָר 1891 פונעם ביבליאָפיל, דעם זאַמלער פון אַלטע מאַנוסקריפּטן באַזונדערס בנוגע דעם חסידים־קאַמף, — יעקב שפּיראָ פון מעזריטש. אין אַ בריוו פון דעם יאָר שרייבט אים ה' שפּיראָ: „יש תחת ידי כ"י מאחד מחכמי לובלין, שקיבץ ועשה חבור ויכוח עם המתחסדים בלשון זשאַרגאָן בג' אַקטען, אך בראש הס' יש הקדמה בלה"ק מתהלוכות הכת, ובכלל הוא ספר טוב והדור, מאנוסקריפּט אריגינאל בכתב־יד המחבר, אשר לא נראה עוד על פני הארץ. ויש לדעת ממנו הרבה על התהלוכות הכת לפנים במדינת פולין, כי חכם ואומן הי' המחבר הזה. יכיל 12 באגען בכ"י (געמיינט 12 געשריבענע פּאַפּיר־בויגן). ועל שער הספר נקרא טעאַטר פון חסידים אין 3 אַקטען". אין אַ צווייטן בריוו, פונעם זעלביקן יאָר, שרייבט ה' שפּיראָ צו ה' דובנאָוו: „הגיעני אגרת מאת „המליץ" (געמיינט פונעם רעדאַקטאָר — א. צעדערבוים) מפ"ב, שרוצה לקנות את הכ"י „טעאטר" מלובלין, בהיות המחבר איש בריתו".

דאָס איז אַלץ, וואָס מיר ווייסן וועגן דער אָפּשטאַמונג פון דער פּיעסע און וועגן דעם מחבר. ווי מיר זעען, האָט דער מחבר געשטאַמט פון לובלין („אחד מחכמי לובלין") און איז געווען פון אלכּסנדר צעדערבוימס מקורבים („איש בריתו"). אלכּסנדר צעדערבוים האָט, ווי באַקאַנט, געשטאַמט פון זאַמאָשטש, לובלינער גובערניע. זאַמאָשטש האָט שוין פון לאַנג געהאַט אַ שם פון אַ מקום־השכּלה און פון דאָרטן איז ארויס ניט איין אָנגעזעענער משכּיל (מענדעלסאָנס לערער ר' ישראל זאַמאָשטש, יעקב אייכענבוים, יעקב רייפמאַן און אַנד.) אונזער מחבר האָט געקענט זיין אין זאַמאָשטש און זיך טרעפן מיט צעדערבוימען, אָדער פאַרקערט — ער האָט זיך געטראָפן מיט צעדערבוימען בשעת דער לעצטער האָט אַלס יונגערמאַן אַ געוויסע צייט געוואוינט אין לובלין. כאַראַקטעריסטיש איז אויך, וואָס צום סוף פון דער הקדמה הייליקט דער מחבר זיין ווערק, לויט אַלע וואָרשיינלעכקייטן, — שלמה עטינגערן: „כבוד ידידי היקר כש"ת מו"ה שלמה הירץ מזאמושטש". עטינגער האָט אין יענע יאָרן, ווי באַקאַנט, טאַקע געוואוינט אין דער שטאָט.

אַז מען לייענט א. צעדערבוימס „כתר כהונה" (אָדעס, תרכ"ז 1867; געדרוקט אויך אין „המליץ"), שפּירט מען אַ געוויסע נאָענטקייט אין גייסט און אין געדאַנקען צווישן אונזער אַנאָנימען מחבר און דעם רעדאַקטאָר פון „המליץ" און „קול מבשר". דער אונטערשייד איז נאָר דער, וואָס אין דעם „טעיאַטאָר" ווערט דעם מחברס טענדענץ אויסגעדריקט אין אַ פאַרשטעלטער פאָרם,

בעת ביי צעדערבוימען — אָפן און שאַרף. ס'איז זייער וואָרשיינלעך, אַז אין די דרייסיקסטע און פערציקסטע יאָרן האָבן זיי ביידע געהערט צו דער גרופע אָרטיקע משכילים, וואָס האָבן ערשט פאַרזוכט פונעם „עץ־הדעת״ (א. צעדערבוים איז קאָנטיק געווען ייִנגער; ער איז געבוירן אין יאָר 1816). דאָס זענען געווען גאָר מעסיקע משכילים, וואָס זענען נאָך מיט ביידע פיס געשטאַנען אויפן באָדן פון דער אַלטער טראַדיציע, געהאַט אין זיך אַ סך בטלנות. אָבער ניט געקוקט אויף דעם זענען זיי געווען פול מיט משכילישן אימפעט און שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דעם חסידיזם, אויסלאַכנדיק די צביעות, די רביים און בעלי־מופתים. אין זייערע אַרויסטרעטונגען האָבן זיי גערעדט אינעם נאָמען פון אַ „אמתן חסידיזם״, וואָס אָנערקענט ניט קיין מופתים און פדיונות און דערלאָזט חקירה, קריטיק און וועלטלעכקייט. מיטן צוועק אויסצולאַכן אָט די אַרומיקע חסידישע סביבה האָט צעדערבוימס אַנאָנימער פריינד אָנגעשריבן אַ „טעיאַטאָר״ אין דער פאָלקס־שפּראַך; צעדערבוים אַליין האָט מיט יאָרצענדליקער שפּעטער, אין אָדעס, טיילווייז מיטן זעלביקן צוועק, אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן דעם „קול מבשר״, וואו ער האָט אויך ניט ווייניק אָפּגעשפּאָט פון די חסידים און צדיקים.

עס לאָזט זיך ניט גענוי פעסטשטעלן, אין וועלכן יאָר איז דער „טעיאַטאָר״ פאַרפאַסט געוואָרן. אין דער הקדמה צום־ווערק, וואָס איז געשריבן אין העברעאיש אין אַ סאַטיריש־פאַרשטעלטער פאָרם, ווערט אין איין אָרט — אינעם אַפּאָקריפישן בריוו פון אַ חסיד צו זיין פריינד „ר' שמעלקעלע דער פרימער״ — דערמאָנט דאָס יאָר תקצ״ט, ד. ה. 1839. צום סוף פון דער הקדמה ווערט געבראַכט די דאַטע אין דער פאָרם פון אַ פערז פון 4 שורות; פון דער ערשטער שורה באַקומען מיר דאָס יאָר — תר״ג לפ״ק, ד. ה. 1843, פון דער צווייטער שורה — תקצ״ג — 1838. גענוי אַלזאָ דעם יאָר ווייסן מיר ניט, אָבער קלאָר איז, אַז דאָס ווערק איז געשריבן געוואָרן סוף 30קער און אָנהויב די 40קער יאָרן.

פונקט ווי דער מחבר האָט פאַרשלייערט דעם אמתן כאַראַקטער פון זיין ווערק און אַרויסגעגעבן עס פאַר אַ טעאַטער־שטיק, וואָס איז כלומרשט אויפגעפירט געוואָרן, אַזוי האָט ער אויך פאַרשטעלט דעם אָרט פון דער דראַמע און האָט מיט אַ כיון אָנגעוויזן די שטאָט לעמבערג אַנשטאָט לובלין. עס איז אָבער זייער מעגלעך, אַז ער האָט דאָך געהאַט אַ שייכות צו לעמבערג, אפשר האָט ער דאָרט אַ געוויסע צייט געוואוינט, ווייל לעמבערג, און גאַליציע בכלל, האָבן צו יענער צייט געשפילט אַ גרויסע ראָלע, אַלס צענטער פון השכלה, וואָס האָט באַזונדערס צוגעצויגן צו זיך די מעסיקע משכילים פון פוילן און רוסלאַנד. גענוג צו דערמאָנען די נעמען פון שי״ר, נחמן קראָכמאַל, יוסף פערל, יצחק ערטער, שלמה עטינגער און זייער ווירקונג אויף די משכילים פון די שכנותדיקע פוילישע פראָווינצן. שרייבנדיק זיין ווערק, האָט דער מחבר מעגלעך געהאַט קאָנקרעט פאַר די אויגן לעמבערג, וואו דער קאַמף צווישן די חסידים און משכילים האָט צו יענער צייט אָנגענומען זייער שאַרפע פאָרמען.

שוין דער נאָמען אַליין „טעיאַטאָר פון חסידים״ באַווייזט, אַז דער מחבר האָט דאָ אָפן מרמז געווען, אַז דאָס איז אַ סאַטירע, אַן אָפשפּאָט, און אַז זיין צוועק איז צו „מאַכן טעאַטער״ פון חסידים, אָפלאַכן פון זיי. אפשר האָט טאַקע דערדאָזיקער אויסדרוק געבראַכט אים צום געדאַנק צוצוגעבן זיין סאַטירע די פאָרם פון אַ געשפּילטער דראַמע. און בכדי צו פאַרשטעלן דעם ענין נאָך מער — האָט ער די דראַמע אַריבערגעטראָגן קיין לעמבערג.

עס איז געוויס אַ גוזמא מצד דעם דערמאָנטן יעקב שפּיראָ, ווען ער שרייבט, אַז דאָס איז אַ מאַנוסקריפּט „אשר לא נראה עוד על פני הארץ״. אָבער זיכער איז, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ גאַנץ אומבאַקאַנטן ווערטפולן ווערק געשריבן אין אַ זאַפטיקן, אַבסאָלוט ניט פאַרדייטשמערישן ייִדיש און אין אַ אייגנאַרטיקער פאָרם. דער אַנאָנימער מחבר, וועלכער האָט געוויס געהערט צו די אָרטיקע אָנגעזעענע משכילישע שרייבער אָדער טוער פון יענער צייט, איז זייער נאַאיוו אין זיין קריטיק פונעם חסידיזם, איז בכלל פרימיטיוו, אָדער ער פאַסט זיך צו דער חסידישער סביבה, פון וועלכער ער האָט זיך גאָר ניט אָפגעטיילט אינגאַנצן; אַמאָל פאַלט ער אַריין אין ניבול־פה, ווי דער מנהג איז ביי די חסידים, פון וועלכע ער לאַכט אָפ. דערביי אָבער גיט ער אַ בולט בילד פון דעם אידעאישן שטרייט צווישן די צוויי שטאַרקסטע באַוועגונגען אינעם פוילישן און גאַליצישן ייִדנטום מיט 90 יאָר צוריק. ער באַווייזט אונדז די סביבה, וואו דער שטרייט האָט זיך אַנטוויקלט, די טיפישע פערסאָנאַזשן פון דעם דראַמאַטישן קאַמף, זייערע אידעאָלאָגיעס און אויך זייער לעבנס־שטייגער און זייערע טאָג־טעגלעכע גענג. אין דעם באַשטייט די גרויסע קולטור־היסטאָרישע חשיבות פון דעם ווערק. עס איז אויך זייער אינטערעסאַנט און באַלערנד פונעם ריין־פילאָלאָגישן און ליטעראַריש־געשיכטלעכן שטאַנדפונקט.

דעם כתב־יד גיבן מיר דאָ, נאַטירלעך, אין זיין אָריגינעלער אָרטאָגראַפיע, און נאָר אין אייניקע ערטער האָבן מיר אין עקיקע קלאַמערן פאַרטייטשט טייל ווערטער. מיר גיבן אויך די העברעאישע הערות פונעם מחבר אונטערן טעקסט, אָבער צוליב דוחק אין פלאַץ זענען מיר געווען געצוואונגען אַרויסצולאָזן די לאַנגע העברעאישע הקדמה, וועלכע האָט אייגנטלעך קיין שייכות ניט צו דער פיעסע גופא און איז זייער צעצויגן, הגם כאַראַקטעריסטיש לויט איר אייגנאַרטיקן סטיל און אינהאַלט.

בכדי צו געבן אַ קלאָרערן בי״ד פון דער תּקופה, ווען דאָס ווערק איז דערשינען, דרוקן מיר דאָ די פאָלגנדיקע אַריינפיר-שטודיע צו דער פּיעסע פון ד״ר ח. באָראָדיאַנסקי.

**רעדאַקציע**

---

# אַריינפיר-שטודיע צום „טעאַטער פון חסידים"

## פון ד״ר חיים באָראָדיאַנסקי (בערלין)

די היסטאָרישע פאָרשונג וועגן דעם אויפקום פון חסידיזם, באַזונדערס וועגן דעם קאַמף קעגן אים מצד די מתנגדים און משכּילים סוף אַכצנטן און אין דער ערשטער העלפט פונעם ניינצנטן יאָרהונדערט, איז אין אַ גרויסער מאָס פאַרשווערט דורך דעם, וואָס די דאָקומענטן פון יענער צייט, וועלכע קענען וואַרפן אַ ליכט אויף דערדאָזיקער דערשיינונג, זיינען ווייניק — טיילווייז גאָרניט — צוגענגלעך און ווייניק באַקאַנט. דער גרעסטער טייל פון די כּרוזים, הרמות, פלוגבלעטלעך, מודעות און פאַמפלעטן קעגן חסידיזם, וואָס זענען דעמאָלט געווען פאַרשפּרייט אין כּתב-יד און פלעגן פאַרטיילט ווערן אין שטעט און שטעטלעך, איז אויסגעראָטן געוואָרן דורך די התלהבותדיקע חסידים אויף דעם אָדער יענעם אופן. אָבער אַפילו די געדרוקטע און בשעתּו זייער פאַרשפּרייטע אַנטי-חסידישע כּתבים זענען צו אונז דערגאַנגען נאָר אין איינצלנע עקזעמפּלאַרן. אין דער ערשטער זאַמלונג פון אַזעלכע היסטאָרישע כּתבים, כּרוזים און בריוו וועגן דער מחלוקת צווישן חסידים און מתנגדים, וועלכע ה׳ ש. דובנאָוו האָט אָנגעהויבן צו פאַרעפנטלעכן מיט צען יאָר צוריק אין „העבר" (פּעטראָגראַד), ווערט געבראַכט נאָר אַ קלייגער טייל פון דעם מאַטעריאַל, וועלכער נעמט אַרום, און אויך גיט אינגאַנצן, די יאָרן תקל״ב — תקנ״ז (1772—1777)[1]. ביים איבערדרוקן אַזעלכע זעלטענע ווערק, ווי די אַנאָנימע „זמיר עריצים וחרבות צורים" (תקל״ב) און „ספר זמיר עריצים" (תקנ״ה), אָדער „ספר הויכוח" און „קברות התאוה" (וואַרשע, תקנ״ח תקנ״ט) פון ישראל לעבל און אַנדערע, דער עיקר אָבער — ביים פאַרעפנטלעכן דאָקומענטן, וואָס זענען געווען פאַרשפּרייט נאָר אין כּתבֿ-יד, זענען באַזונדערס וויכטיק די פאַרשיידענע וואַריאַנטן און נוסחאות אין די האַנטשריפטלעכע קאָפּיעס, וואָס זענען נאָך ניצול געוואָרן, ווייל דורך זיי איז מעגלעך צו רעקאָנסטרויִרן דעם ערשטן אָריגינאַל-טעקסט, וואָס איז שוין ניט בנמצא[2].

לעבן די ריין-היסטאָרישע דאָקומענטן און די רבנישע כּתבים, ווי „ס׳ יראת ה׳ לחיים" פון ר׳ חיים וואָלאָזשינער (ווילנע, תקפ״ד), „ס׳ קנאת האמת" פון ר׳ יהודה ליב מיזיס (ווין תקפ״ח) און אנד., אין וועלכע דער חסידיזם ווערט קריטיקירט און באַקעמפט, האָבן אַ גרויסן קולטור-היסטאָרישן און סאָציאַלן ווערט אויך די ליטעראַריש-פּאָלעמישע כּתבים פון יענער תּקופה. אין דידאָזיקע, דאָס רוב געשריבענע, פיל קאָפּירטע און געלייענטע ווערק, שפּיגלט זיך אָפּ אין אַ פיל גרעסערער מאָס און אין אַ פיל שאַרפערער פאָרם דער מהות פון דעמדאָזיקן קולטורעלן און סאָציאַלן קאַמף ביי יידן.

צו דעם מין ווערק געהערט אויך די נאָך אומבאַקאַנטע אַנאָנימע קאָמעדיע אונטערן נאָמען „טעאַטער פון חסידים" (תקצ״ט — תר״ג), וועלכע ווערט דאָ פאַרעפנטלעכט צום ערשטן מאָל.

דער קאַמף, וואָס די משכּילים האָבן געפירט קעגן דעם חסידיזם, האָט זיך אין זייער ליטעראַטור אויסגעדריקט אין אַן אַנדער פאָרם ווי ביי די מתנגדים. די סאַטירע, אַלס מיטל צום באַקעמפן געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען, איז געווען זייער פאַרשפּרייט אינעם 18טן י. ה. אין אייראָפּע בכלל. דערדאָזיקער ליטעראַרישער קאַמף-מיטל האָט געפונען פיל אָנהענגער אויך צווישן די ערשטע משכּילים — די „מאַספים" — און איז פון זיי אָנגעווענדט געוואָרן קודם-כּל קעגן דעם ראַביניזם און דער אַלטמאָדישער אָרטאָדאָקסיע. די סאַטירע, אַלס אַ פאַרמאַסקירטע פאָרם פון קעמפן און אויסלאַכן, בלייבנדיק דערביי א רואה ואינו נראה, איז געווען אַ באַזונדערס באַקוועמע פאָרם פאַר די ערשטע האַלב-אָרטאָדאָקסן, האַלב-רבנים און לומדים און גלייכצייטיק האַלב-משכּילים, וואָס האָבן נאָך ניט געוואַגט אַרויסצוטרעטן בפרהסיא מיט זייערע נייע מיינונגען און מיט זייער קריטיק. אָפענע משכּילישע קעמפער, ווי יצחק אייכל, האָבן זיך ניט גענייטיקט אין אַזאַ פאַרשטעלטער פאָרם, אָבער אַזעלכע פאָרשטייער פון דער אויפקלערונג, ווי למשל — דער אב״ד פון פראַנקפורט-אָדער, דער זון פונעם בערלינער רב צבי הירש, ר׳ שאול לעווין, דער באַקאַנטער „בערלינער" ר׳ יצחק בר׳ משה הלוי פון סאַטאַנאָוו, דער מאָהילעווער דיין ר׳ ישראל לעבל — זיי האָבן געמוזט צוגעבן זייערע ווערק די אויסערלעכע פאָרם פון פאַרשטעלטער סאַטירע. דידאָזיקע פאָרם האָט געהאַט פאַר זיך אַ טראַדיציע אין דער העבּרעאישער מיטלעלטערלעכער ליטעראַטור און האָט אויך געקענט שנעלער אַריינדרינגען אין

די קרייזן, וואָס האָבן זיך געשראָקן פאַר אַן אָפענער און שרייענדיקער השׂכּלה.

די ליטעראַרישע פאָרם און דער בוי פון דידאָזיקע ערשטע משׂכּילישע סאַטירעס איז אין פאַרגלייך מיט די ענלעכע אַלגעמיין-אייראָפּעישע — דער עיקר פראַנצויזישע—ווערק פון יענער צייט געווען זייער אָרעם און איינטאָניק. געוויינטלעך איז דאָס אַ דיאַלאָג, אַ טרוקענער ויכּוח צווישן לערער און תּלמיד, אָדער צווישן צוויי חברים וועגן דעם עולם־השקר, וועגן דער וועלט, און אַ לאַנגער, אַבסטראַקטער פילאָזאָפישער שמועס וועגן דעם עולם-האמת. אָדער עס איז אַ חילוף-מכתּבים און אַ פאַרשטעלטער משל. די טעכניק איז דאָ פּרימיטיוו און אומבאַהאָלפן און טראָגט טיילמאָל אַ קוריאָזן און אַנאַכראָניסטישן כאַראַקטער. און דאָך שפּילן דידאָזיקע ערשטע, אין פלוג פּובליציסטישע ווערק, דווקא צוליב זייער פּשוטער קאָנסטרוקציע, אַ סך אַ גרעסערע ראָלע אין דער יידישער אויפקלערונג און אין דער אויפוואַכונג פונעם יידישן געדאַנק, איידער די משׂכּילישע עקזעגעטישע חקירות און די הויכע, אָפּט פּוסטע מליצות און פּאָעטישע קונצן [3].

ניט אַליין די פאָרם, נאָר אויך די שפּראַך ווערט ביי דער קעמפנדיקער השׂכּלה פונעם סוף 18טן און אָנהייב 19טן יאָרהונדערט אַ מעכטיקער קאַמף־מיטל קעגן דעם ראַבּיניזם און חסידיזם. אַזוינע פיינע העבּ־ראַאישע סטיליסטן, ווי יוסף פּערל און יצחק-בער לעווינזאָן (ריב"ל), די פירער פון דער גאַליצישער און רוסישער השׂכּלה, האָבן געמאַכט העבּרעאיש צו אַ מעכטיקן כּלי-זין אין זייער קאַמף פאַר אויפקלערונג. אין זייערע סאַטירעס מאַכן זיי נאָך מיט אַ כּיוון דעם נוסח פון די חסידישע ספרים, זייער שפּראַך איז אַ קאָפּיע פונעם „חסידים-לשון" מיט אַלע זיינע אייגנטימלעכקייטן, אַזוי אַז זיי קענען לייכט אָנגענומען ווערן פאַר אַן אמתער חסידישער „תּורה", נאָר אין אַ קינסטלערישער פאָרם.

גאַנץ אומאָפּהענגיק פון דער פּערזענלעכער סימפּאַטיע אָדער אַנטיפּאַטיע צו דער פאָלקס-שפּראַך — צו יידיש און צו איר צוקונפט, באַנוצן זיך די ערשטע משׂכּילים מיט דער שפּראַך ניט נאָר מינדלעך, נאָר אויך שריפטלעך אין זייער קאַמף. דערמיט באַרייכערן זיי אַליין ממילא די שפּראַך, צו וועלכער זיי באַציען זיך טעאָרעטיש אין אַלגעמיין שאַרף נעגאַטיוו. ס'איז ניט קיין צופאַל, וואָס די ערשטע סאַטירישע קאָמעדיע שטאַמט גראָד פון אַ פירער פון די בערלינער „מאספים" (יצחק אייכל) און די ערשטע „יידיש-דייטשע מאָנאַטסשריפט"—פון די משׂכּילישע קרייזן אין פּראָג [4]. דער היסטאָריקער יאָסט האָט געקענט שרייבן, אַז אייכל האָט אין זיין דראַמע געהאַט בדעה אָפּצולאַכן פונעם אַלטמאָדישן יידנטום און זיין „זשאַרגאָן", אפשר נאָר דערפאַר, ווייל דידאָזיקע דראַמע, וועלכע איז געווען פיל פאַרשפּרייט אין האַנטשריפטלעכע קאָפּיעס, איז ביים דרוקן (מיט דייטשישע אותיות) געווען פיל געענדערט. די יידישע ווערק פון אַנדערע משׂכּילים, ווי למשל די באַקאַנטע קאָמעדיע פון אייכלס חבר, דעם שפּעטערדיקן רעדאַקטאָר פונעם „המאסף", אַהרן האַללע (וואָלפזאָן) „לייכטזין אונד פרעממעלייא", האָבן ניט געקענט דינען אַלס באַווייז פון זייער אַנטשידענער נעגאַטיווער באַציאונג צו יידיש. ביי דער ראָלע, וואָס די יידישע שפּראַך האָט נאָך געשפּילט אינעם יידישן לעבן פון מזרח־און צפון-דייטשלאַנד, וואָלט געווען אַ ברכה לבטלה צו געבן „איין פאַמיליען גמהעלדע אין דרייא אויפציגן" אין דער אונטערגייענדיקער — פאַרן יונגן דור — העבּרעאישער, אָדער אין דער אויפגייענדיקער דייטשישער שפּראַך. בפרט נאָך, אַז דער מחבר האָט געוואָלט זיין קאָמעדיע זאָל אַריינדרינגען אין טיפערע פאָלקס-שיכטן און זאָל ווערן ניט נאָר געלייענט, נאָר אויך אויפגעפירט [5].

נאָך איידער ס'האָבן זיך אָנגעהויבן דרוקן די יידישע איבערזעצונגען פון „שבחי בעל שם טוב", ר' נחמן בראַסלעווערס מעשׂיות און פיל אַנדערע חסידישע ווערק אין יידיש, וועלכע פאַרנעמען אגב אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער אַנטוויקלונג פון אונזער פאָלקס-ליטעראַטור און זענען ווערט ספּעציעל צו ווערן באַאַרבעט, — האָט דער מאָהילעווער (שפּעטער — נאָוואַרדיקער) דיין ר' ישׂראל לעבּל פון סלוצק געפּרוּווט באַנוצן יידיש אינעם קאַמף ק ע ג ן די חסידים, ניט נאָר אין זיין דרשהנען, נאָר אויך אינעם שרייבן. חוץ זיינע העבּרעאישע פּאַמפלעטן, ווי „ס' הויכּוח", „מדת חסידות" און „קברות התּאווה" (פאַר לומדים) און זייער דייטשישער באַאַרבעטונג (פאַר די דייטשישע משׂכּילים), האָט צירקולירט זיינס אַ י י ד י ש ווערק, וואָס צוליב דער שפּראַך האָט עס זיכער געקענט ווירקן פיל ברייטער און שטאַרקער ווי די אַנדערע [6]. דעמזעלביקן ריין-אוטיליטאַריסטישן כאַראַקטער טראָגט אויך יצחק-בער לעווינזאָנס יידישע איבערזעצונג פונעם רוסישן צאָל-טאַריף מיט דער העבּרעאישער אויפשריפט „לוּח המכס" און דעמזעלביקן צוועק האָט אויך געהאַט זיין באַקאַנטע יידישע סאַטירע „די הפקר-וועלט". ניט ריין-קינסטלערישע, נאָר פּ ר אַ ק ט י ש ע השׂכּלה-מאָ ט י וו ן האָבן געטריבן דעם ערשטן „אַנטי-יידישיסט" און משׂכּילישן פירער אין רוסלאַנד צו שענקען דער יידישער ליטעראַטור דעם ערשטן רעאַליסטישן און דעריבער טאַקע דעם שטאַרק ווירקנדיקן דיאַלאָג, וועלכן די העבּרעאישע ליטעראַטור פון יענער צייט האָט נאָך ניט פאַרמאָגט. אַפילו אין זיין העבּרעאישער סאַטירע „תּולדות פּלוני אלמוני הכּזבי" („ילקוט ריב"ל", ז. 6—19), מאָלנדיק אַן אויפגעקומענעם גביר און פּרנס, לייגט ער אַריין אין מויל פון אַ יונגן משׂכּיל אַ יידיש לידל „פּורים-שפּיל אויסגערופן אין שיל", וואָס מאַכט זיך לוסטיק איבער דעמדאָזיקן קהל-פירער, ווייל נאָר אויף דעם אופן קען דאָס לידל ווערן פּאָפּולער און געזונגען פונעם גאַנצן קהל.

אויף דעמזעלביקן פּראַקטיש־משׂכּילישן, דידאַקטישן שטאַנדפּונקט שטייט אויך דער מחבר פון אונזער „טעיאַטאָר". ניט קינסטלערישע און דיכטערישע מאָטיוון, נאָר ריין־רעאַליסטישע און פּראַקטישע צווינגען אים קאָנטיק צו באַנוצן זיך מיט דער פאָלקס־שפּראַך. ער גלייבט דערמיט בעסער און שנעלער קומען צום ציל. ער פאַרבלייבט אויך שטרענג באַהאַלטן, אַנאָנים, ווי פילע מחברים־משׂכּילים אין זייערע אַנטי־חסידישע סאַטירעס, ניט ווייל ער האָט מורא פאַר נקמה און פאַר רדיפות מצד די חסידים, אָדער ווייל ער שעמט זיך מיט דער שפּראַך פון זיין חיבור, נאָר ווייל ער שטעלט דעם נוצן פון זיין „טעיאַטאָר" פיל העכער פון זיין אייגענעם נאָמען. „שום נדנוד הרהר גאוה וכבוד נגע בי", שרייבט ער אין זיין הקדמה צו דער פּיעסע, — ניט גאוה און ניט אהבת־הכּבוד, נאָר אויפקלעריש־דערציִערישע אויפגאַבן טרייבן אים צו דעם ווערק. אַלס אַנאָנימער חיבור, געשריבן אין אַ חסידישן פאָלקסטימלעכן סטיל, ווי אַ חסיד צו חסידים, קען ער שנעלער אַריינדרינגען אין די פאָלקס־קרייזן, וואָס קוקן אויף דער השׂכּלה מיט אומצוטרוי, און אויך אין די חסידישע קרייזן גופא, ווי די העברעאישע „מגלה טמירין" פון יוסף פּערל און „דברי צדיקים" פון ריב"ל.

די פאָרשונג וועגן דעם מחבר פון דער פּיעסע, ווי אויך איר אַנאַליז פון דער ליטעראַרישער און שפּראַכלעכער זייט, באַזונדערס אין די ראַמען פון דער גאַנצער משׂכּילישער אַנטי־חסידישער ליטעראַטור — מוזן מיר איבערלאָזן פאַר אַ ספּעציעלער אַרבעט. דאָ קענען מיר נאָר באַמערקן, אַז דער מחבר האָט באַדאַרפט זיין איינער פון די געלערנטע און אָנגעזעענסטע משׂכּילים אין דער ערשטער העלפט פונעם 19טן יאָרהונדערט, איינער, וואָס האָט געשטאַמט פון די פּוילישע משׂכּילישע קרייזן און האָט גוט געקענט די תּנאים פונעם יידישן לעבן ניט נאָר אין פּוילן, נאָר אויך אין גאַליציע. ווי אין דער הקדמה, אַזוי אויך אין דער פּיעסע גופא, באַזונדערס אין די פאַרשיידענע באַמערקונגען צו אייניקע שטעלעס, זעען מיר אַ טיפע באַקאַנטשאַפט מיט דער אַלטער ליטעראַטור; חוץ דעם תּנ"ך און דעם תּלמוד ציטירט דער מחבר און ברענגט ראיות פונעם „חובת הלבבות", פונעם רמב"ם, פון יהודה הלוי און פון יוסף אַלבו. ער פּרוּווט, למשל, אין זיין ויכּוח די מעשה פונעם ספר „משל הקדמוני" וועגן דעם אורח אויף שבת, וואָס פאַרגלויבט זיין געלט אַ חסיד (זייט 35—36 פונעם כּתב־יד), אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז איר מקור און דער המשך המעשה דאַרפן דעם לייענער זיין באַקאַנט. פון דער נייער ליטעראַטור דערמאָנט ער נפתּלי־הערץ וויזלס „ס' המדות" און זיינע באַרימטע „שירי תפארת" (ז. 34, הערה 4) און טוט קענטיק נאָך דעם „הרב המליץ המפואר כ"ה הירץ ווייזל זצ"ל", ווי ער רופט אים אָן.

אין דער הקדמה שרייבט ער אינעם סטיל פון וויזלען (אין זיין פּירוש צו די „שירי־תפארת"): „הנני מקריב לפניכם ספר קטן. דרשו והתבוננו בספרי הקטנ(ה) והמעט(ה) והדל(ה) הזו(ה)". ער איז מוסיף זייער אָפט העברעאישע הערות מיט ווענדונגען צום לייענער: „קורא נעים", „ידיד יקר", „יקירי", „ידידי" אָדער „אחי", וואָס זענען באַשטימט פאַר די, וואָס זוכן וויסן און אויפקלערונג.

ווי העברעאישע אַזוי אויך יידיש, און אפשר יידיש אין אַ גרעסערער מאָס, באַהערשט ער מייסטערהאַפט. ער ווייזט אַרויס אַ געזונטן קינסטלערישן חוש און באַנוצט אַ פאָלקסטימלעכן, רייכן און איינפאַכן יידיש און שפּילט מיט גראַמען אַזוי לייכט, אַז ס'האָבן אים זיכער געמעגט מקנא זיין די דעמאָלטיקע באַליבטע פאָלקס־משוררים, ווי וועלוול זבאַרזשער און בערל בראָדער. זייער כאַראַקטעריסטיש איז דערביי, וואָס מיר טרעפן כּמעט ניט ביי אים די פיל גערמאַניזמען, וועלכע מיר געפינען ביי די לעצטע, באַזונדערס ביי וועלוול זבאַרזשערן אין זיינע בריוו, און וועלכע דינען אַלס באַווייז פון דער „ווינער" השפּעה. אַזעלכע אויסדריקן, ווי וואַרע (ז. 42), לעער (ז. 80) וכדומה זענען ביי אונזער מחבר כּמעט ווי אויסנאַמען. טעאַטער הייסט ביי אים „טעיאַטאָר", און די אַקטן זענען באַצייכנט: „די ערשטע אַקט", „די אַנדערע אַקט" אאַ"וו. די ווערטער „נאַר — נאַראָנים" און „אָרים" טראַנסקריבירט ער העברעאיש: „בערנערנים" און „ערום" (ז. 22, 36, 67, 76, 82, 91), דאַקעגן — „שלים־מזל" שרייבט ער „שלימאזל" (ז. 42) און „מוה"ל — „מייכל", (אַלס גראַם צום „שכל" — ז. 22). זייער כאַראַקטעריסטיש זענען אויך די אָפטע סלאַוויזמען און רוסיציזמען, ריכטיקער — פּאָלאָניזמען און אוקראַיניזמען, ווי צום ביישפּיל: לילקע, טאַטין (טיוטין — ז. 36), פּאַסקיצווע (16, 40, 57) פּראַחדאַ, כמאַרא (42), מנאַרך (מאָנאַרך), דראַק (דוראַק — ז. 23), גריבע (הרובע, איוון — ז. 63), סאַמע (ז. 23, 27), בידני (ז. 44), פּאַשאָל (ז. 52), מיציט (מוטשעט — ז. 89), זאַריס (זאַראַז — ז. 29, 51, 57), קערב־יך (ז. 35), פּעחנע (ז. 45), בעלע (ז. 47), אויסער די געוויינטלעכע אָט, זשע, טאַקע און אַנד.

לויט דידאָזיקע יידיש־דיאַלעקטישע סימנים קען מען דרינגען, אַז דער אַנאָנימער מחבר האָט באַדאַרפט זיין ניט קיין גאַליציאַנער, נאָר אַ פּוילישער ייד. דאָס באַשטעטיקט אויך די הייליקונג צום סוף פון דער הקדמה „לכבוד ידידי היקר כש"ת מו"ה שלמה הירץ מזאַמושטש"; אויך די באַצייכענונג פון רוסלאַנד מיטן נאָמען קירה (קיסר ירום הודו) אַלס גראַם צו שמירה (ז. 51) צום אונטערשייד פון פּוילן, ווי אויך דאָס, וואָס ער דערמאָנט (אין דער הקדמה) אַ ריי פּוילישע שטעט פאַרדרייט, ווי חלעמניק (כמעלניק?), יאַריסלאָוויץ, לאַוויץ, שיטאַניץ, וועלבניץ, שאַבליניץ, און אַנד.

פון יעקב שפּיראָס קורצע נאָטיצן אין זיינע בריוו

צו ה׳ ש. דובנאָוו (זע אויבן) ווייסן מיר שוין, אַז דער מחבר איז „אחד מחכמי פולין", היינו — אַן אָנגעזעענער לובלינער משכיל, און אַז דער רעדאַקטאָר פון „המליץ" און „קול־מבשר" אלכסנדר צעדערבוים האָט געהאַט גרויס חשק („בהיות המחבר איש בריתו") אָפּצוקויפן דעם מאַנוסקריפּט. שפּיראָס אויסדרוק („איש בריתו") דאַרף מען ניט נעמען ווערטלעך. לויט זיין ערודיציע און אָנשויאונגען און אפילו לויט דער שפּראַך האָט דער מחבר גיכער געהערט צום עלטערן דור און אפשר טאַקע צום זאַמאָשטש־לובלינער קרייז פון אלכסנדר צעדערבוימס פאָטער, ר׳ יוסף. אלכסנדר צעדערבוים האָט אים געקערט קענען בשעת ער איז געזעסן אין לובלין ביים שווער אויף קעסט — גראָד אין דער צייט, ווען די פּיעסע איז פאַרפאַסט געוואָרן. פון איר מחבר האָט ער געקענט איבערנעמען די באַציאונג צום חסידיזם און צו יידיש, און דערפאַר אפשר האָט ער געהאַט אַזאַ פּיעטעט צו דעם מחבר, אַז ער האָט געוואָלט אומבאַדינגט האָבן זיין כתב־יד.

דער מחבר קען זיין אויך שלמה עטינגערס לובלינער פריינד. די אויבנדערמאָנטע הייליקונג ביים סוף פון דער הקדמה איז קאָנטיק מרמז טאַקע אויף שלמה עטינגערן, וועלכער האָט דעמאָלט געלעבט אין זאַמאָשטש. פיל שפּראַכלעכע און פאָרמעלע סימנים דייטן אָן אַ געוויסע קרובהשאַפט צווישן „סערקעלע" און דעם „טעיאַטאָר"[7].

די הקדמה, וועלכע דער מחבר גיט צו זיין „טעיאַטאָר", איז להיפוך פון די דייטשישע משכילים געשריבן ניט אין דייטש (ווי, למשל, — ביי אהרן וואָלפזאָן, אָדער יוסף הערץ), נאָר אין העברעאיש (ווי אויך די הערות). דערמיט שאַפט ער אַן אייגנאַרטיקן פאַל אין די ביידע ליטעראַטורן. די העברעאישע הקדמה וואַקסט ביי אים אויס ביז צו אַ זעלבשטענדיקער אַנטי-חסידישער סאַטירע, וועלכע האָט אייגנטלעך גאָרנישט צו טאָן מיט דער פּיעסע גופא. דערפאַר גיט ער צום סוף פון דער הקדמה, נאָך דער רשימה פון די „אַקטערין", דאָס מיינט פון די פאַרשוינען, אַ ספּעציעלע קורצע יידישע „פאָררעדע" אין גראַמען, ווי שלמה עטינגערס „אַ וואָרט פריער" צו זיין „סערקעלע".

די הקדמה פונעם מחבר איז קאָנטיק געשריבן מיט אַ ספּעציעלן צוועק צו פאַרשטעלן זיך פאַר די פרומע קרייזן, וועלכע קוקן מיט חשד אויף טעאַטער־שטיק בכלל. ער שטעלט זיך דאָרט פאָר פאַר אַן אמתן און געטרייען חסיד, וואָס באַדויערט דעם געפאַלענעם מצב פון חסידות אין זיין צייט און זאָרגט אים צו דערהויבן. אַמאָל, — שרייבט ער — „עת ישראל על ארצם ישבו", יעדער־ער אונטער זיין ווינשטאָק און פייגנבוים, האָט די „חסידות" געבליט; אַלט און יונג, רייך און אָרים „לרבם הלכו" — אַלע פלעגן זיי עולה־רגל זיין צו זייערע לערער און פירער קיין ירושלים, צום בית־המקדש. „ועתה, — קלאָגט ער זיך ווייטער, — בית ישראל לשמה היתה", יעדער־ער טראַכט נאָר וועגן זיך, און די חסידות „בירכתים תעמוד, תפרש כפיה, תרבוץ על אם הדרך, תתחנן בקול נהי לחננה לאספה ביתה" — און קיינער זאָרגט ניט פאַר איר.

דאָס אַלץ איז נאָר אַ פאַרמאַסקירטע פאָרם צו באַווייזן דעם חילוק צווישן דער אַמאָליקער חסידות, דער אמתער פרומקייט און רעליגיעז־מאָראַלישער דערהויבנקייט און צווישן דער איצטיקער „חסידות", וואָס איז נאָר אַ שפּלע מדרגה פונעם אַלטן. אָבער דער מחבר וויל ניט — אָדער ער האָט מורא — צו זאָגן דאָס אָפן. ער פאַרשטעלט זיך פאַר אַן אמתן חסיד, ביי וועמען עס טוט וויי דאָס האַרץ פאַר דער ירידה פון דער אמתער פרומקייט — און דערביי פילט איר אין יעדן וואָרט אַן איראָניע און טיף אין האַרצן אַן אָפּשפּאָט. אין זיין „ספרל" (אַזוי רופט ער זיין „טעיאַטאָר"), האָט ער גאָרניט בדעה, — ווי ער שרייבט, — אָפּצולאַכן פון עמיצן; דער אויפמערקזאַמער לייענער קען זעען, אַז ניט דאָס איז ער אויסן. „בא לקטו אמרי לאחד אחד וראו כי לשפת חלקות וללשון מדברת גדולות לא הרגלתי, פי ומרמה וזדון תחת לשוני אין"; ווער עס וועט מיט קאָפּ לייענען—שרייבט ער—וועט פאַרשטיין, אַז אינעם מחברס רייד שטעקן גרויסע חסידישע סודות און רמזים. די העלדן פון דעם „טעיאַטאָר" זענען כלל ניט „לייבלי דער אויפגעקלערטער פון ווין" און ניט זיין פריינד ר׳ ישראל — אָט די אַפּיקורסים, נאָר דווקא די חסידים, וועלכע פירן מיט זיי דעם ויכוח. „ואף כי לפום ריהטא — שרייבט ווייטער דער מחבר, — בהתחלה כאשר יסתכל המעיין בו יחשוב וירמה בלבו ויאמר: צדקו דברי ליבלי. לא! לא! חלילה לחשוב עלי לעשות כנבלה הזאת להצדיק את הרשע את האפיקורוס, אשר אנכי בעצמי ראיתי והתבוננתי על (אל) מעשיו, ואראה כי מעשי תעתועים המה". ווי קומט דער דאָזיקער אַפּיקורס צו זיין אַ מוסטער? — און ער הויבט אָן אויסצורעכענען זיינע גרויסע „חטאים" און „עברות": בשעת מ׳האָט מחדש געווען די לבנה האָט ער אַליין געזעען, ווי לייבלי איז אַרויסגעגאַנגען מיט אַ טריפער חלבנער ליכטל און ניט מיט אַ וואַקסענער, ווי ס׳זענען זיך נוהג די חסידים און דער רבי אַליין. ביים מחדש זיין די לבנה האָט לייבלי גאָרניט געקוקט אויף דער לבנה און איר שיינעם גלאַנץ און איז ניט געשפּרונגען און געהאָפּצעט מיטן פּיסל ביים זאָגן „כשם שאני רוקד" און „קול דודי הנה זה בא מדלג על ההרים", נאָר געשטאַנען גאַנץ רויק און גלייך ווי אַ בוים, און ביים אַוועקגיין האָט ער גאָרניט אָפּגעטרייסלט די פּאָלעס פון זיין בגד. „אוי לאיש כזה, — שרייט אויס דער מחבר איראָניש, — אשר לא יקיים מצות החסידות, ומי יוכל לשמוע כזאת ולא יחם לבו לרדוף אחרי הרוצח הזה להמיתו..."!

נאָך דער קורצער הקדמה צו דער הקדמה גופא ברענגט דער מחבר — אגב, לויטן מוסטער פון די בריוו אין „מגלה טמירין" און אין „דברי צדיקים", נאָר אין אַ לענגערער און וויציקערער פאָרם, — אַ בריוו פון איינעם אַ חסיד צו זיינעם אַ פריינד „הרב המאור הגדול שלש׳ת היוחסין, פאר הדור, החסיד המפואר השלם כמהור״ר שמעלקלא נ״י, הנקרא בפי כל ר׳ שמעלקעלע דער פרימער", אין וועלכן יענער דערציילט וועגן דעם צדיקס „נסים ונפלאות", וועגן זיינע סעודות און תורות. און דאָס אַלץ כדי צו באַווייזן, אַז גאָט האָט דאָך ניט פאַרלאָזט זיין פאָלק ישראל, „למען תשיב נפשות הנדחים למקום מנוחתם, לידע ולהתבונן כי יש עוד אתנו צדיקים רבנים חוץ מל״ו צדיקים שבכל דור ודור כידוע, ואף כי צפונים הם לא ידע איש את קבורתם"... צום סוף פון דעם העברעאישן טייל ברענגט דער מחבר, אַלס צוגאָב, אַ שטיקל פונעם „זהר חדש" וועגן דער גרויסקייט און קדושה פון די צדיקים, וועלכן ער האָט כלומרשט געפונען אין אַ גאָר אַלטער מגילה, געשריבן אויף פאַרמעט, וואָס איז געווען פאַרבאַהאַלטן אין אַ „מערתא הסמוכה ללוד". אין דעם פּרט האָט דער מחבר געקערט נאָכטאָן דעם „קונטרס מספר הזהר חבורא תנינא" פון יצחק סאַטאַנאָוו, וועלכער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אויף אַזוינע אימיטאַציעס פון גאַנצע ווערק און רבנישע הסכמות און האָט בעילום שמו געמאַכט פּלאַגיאַטן ביי זיך אַליין.

נאָך דער הקדמה קומט די פּיעסע גופא מיט איר לאַנגן טיטל: „טעיאַטאָר פון חסידים אין דרייא אַקטין איינגעטיילט געשפּילט גיוואָרין אין לעמבערג". אין לעמבערג און ניט ערגעץ אַנדערש ווערט „געשפּילט" דערדאָזיקער „טעיאַטאָר", און קלאָר איז, אַז דער מחבר מיינט דערמיט ניט דעם אָרט פון דער אויפפירונג, נאָר פונעם עצם־המעשה. דער זון פונעם קראָקעווער סוחר, דער „אויפגעקלערטער פון ווין" ר׳ לייבלי, ווי אויך דער „ריסישער" — דער ישיבה־בחור פון רוסלאַנד טרעפן זיך כלומרשט אינעם „חסידישן בית־המדרשל אין ק ע ל ץ", ווי דער מחבר שרייבט אין דער ערשטער שורה פון דער פּיעסע, מסתמא נאָר אַלס גראַם צו „ר׳ שמואל ירוחים פון בעלץ". אָבער דער קהל, די ישיבה, דער שטאָט־זייגער און די ציקערניעס, וואָס ווערן דאָ דערמאָנט, ווי אויך דער שער־בלאַט גופא זאָגן מער פון אַ גרויסער יידישער שטאָט ווי לעמבערג, איידער פון אַ אומבאַדייטנד שטעטל ווי קעלץ. לעמבערג — כמעט אַזוי ווי בערלין און ווין—איז געווען אַ צוציאונג־פּונקט פאַר די דעמאָלטיקע משכילים. אונזער מחבר האָט געהאַט גענוג גרונד צו לאָזן „שפּילן" זיין פּיעסע דוקא אין דער שטאָט. ווי מיר געדענקען האָט זיך אין לעמבערג אויך אָפּגעשפּילט שלמה עטינגערס „סערקעלע".

לעמבערג איז געווען אַן עיר ואם בישראל, דער הויפּט־פּונקט פונעם יידישן קיבוץ אין גאַליציע. אין משך פון הונדערטער יאָרן איז לעמבערג געווען אַ צענטער פון יידישער לומדות און רבנות אין מזרח־אייראָפּע, און אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט האָט זיך דאָרט געפירט אַ שווערע און בלוטיקע מלחמה צווישן דריי עלעמענטן— אָרטאָדאָקסיע, חסידיזם און השכלה. שוין אין די ניינציקער יאָרן פונעם 18טן י. ה. האָט די שטאָט געהאַט צו טאָן מיט דעם באַקאַנטן „קייזערלעך־קעניגלעכן שולראַט און אינספּעקטאָר", דעם געוועזענעם לערער ביי משה מענדעלסאָנען, — הערץ האָמבערגן און מיט זיין סיסטעם פון צוואַנג־אויפקלערונג, פון וועלכער ס׳האָט געהאַט שפּעטער צו ליידן גאַנץ גאַליציע אין משך פון פיל צענדליקער יאָרן. אַלס רעאַקציע אויף זיינע השכלה־פּלענער האָט זיך דאָ געבילדעט אַ שטאַרקע און אָרגאַניזירטע אָרטאָדאָקסיע, בראש מיטן באַרימטן רב ר׳ יעקב אָרנשטיין, וועלכע האָט געזוכט עוקר מן השורש זיין אַלץ, וואָס דערמאָנט נאָר אין דער בערלינער השכלה און אין משה מענדעלסאָנען. ס׳איז געווען גענוג, אַז דער הויז־מלמד ביי ר׳ יעקב אָרנשטיין — ר׳ בנימין־צבי נאָטקיש זאָל צופעליק פאַרגעסן ביים רב אין שטוב די העברעאישע איבערזעצונג פון משה מענדעלסאָנס „פעדאָן", ווי צווישן די אָרטאָדאָקסן זאָל זיך אויפהייבן אַ שטורעם קעגן נאָטקישן און קעגן אַנדערע משכילים, ווי למשל ר׳ שלמה יהודה־לייב ראַפּאָפּאָרט (שי״ר). איבער דער שטאָט איז צעקלעפּט געוואָרן פונעם רבס נאָמען אַן אויפרוף מיט אַ מודעה, אַז זיי ווערן אַריינגעוואָרפן אין חרם (תקע״ו—תקע״ז). ניט אָן דעם רבס השפּעה זענען שפּעטער דורכגעפירט געוואָרן אַן ערך פופציק גזירות, קעגן דעם ווילן פון די געגנטע, ווייל די אָרטאָדאָקסישע שווער און שוויגערס האָבן חושד געווען זייערע איידעמס אין אַפּיקורסות און השכלה. דידאָזיקע „אַפּיקורסים" זענען אייגנטלעך געווען גאַנץ מעסיקע משכילים. דער לעמבערגער משכילים־קרייז, וועלכער איז צוערשט געבילדעט געוואָרן פון שלמה יהודה־לייב ראַפּאָפּאָרט, יהודה־לייב מיזעס און בנימין־צבי נאָטקיש און צו וועלכן ס׳האָבן אויך געהערט ר׳ נחמן קראָכמאַל, יעקב־שמואל ביק, יצחק ערטער, מרדכי־צבי יאָלעס, שמשון בלאָך, שלמה עטינגער און אַנד., האָט זיך אין תוך באַצויגן פּאָזיטיוו צו דער יידישער טראַדיציע. אין דער קליידונג און אין די מנהגים האָבן זיך די משכילים ניט אויסגעטיילט פון די אָרטאָדאָקסן. ביי זיין דורכרייזע דורך לעמבערג אינעם יאָר 1840 — דערציילט דער ברעמענער געלערנטער און רייזנדער יאָהאַן געאָרג קאָהל אין דער באַשרייבונג פון זיין נסיעה איבער עסטרייך — זיינען אים אויפגעפאַלן אינעם שטאָט־טעאַטער ביי דער פאָרשטעלונג פון שילערס „יונגפרוי פון אָרלעאַן", די „וואַהרע פלוט דונקלער כאַלאַטס" אין פאַרטער און די „מאַסע גלענצענדער פּערלענבינדען" אין די לאָזשעס. ערשט אין עטלעכע יאָר אַרום (1847) דערלויבן זיך די לעמבערגער יונגע משכילים צו מאַכן אַן אָפענע דעמאָנס-

טראַציע און גייען שבת אַרויס שפּאַצירן בפרהסיא איבער די גאַסן אין „דייטשישע" בגדים.

גראָד צו דער צייט פאַרשטאַרקט זיך די חסידישע באַוועגונג אין גאַליציע, צו וועלכער די אָרטאָדאָקסיע איז נאָך געשטאַנען פּײַנטלעך, און אינאיינעם מיט דעם נעמט אָן דער קאַמף פון די משכּילים קעגן דער אָרטאָדאָקסיע — פון איין זייט, און קעגן דעם חסידיזם — פון דער צווייטער נייע און שאַרפע פאָרמען. דאָס יאָר 1839 איז אַ שווער יאָר פאַר דער אָרטאָדאָקסיע. כמעט אין איין און דערזעלביקער צייט פאַרלירט זי אירע גרעסטע פירער און קעמפער, ווי ר' יעקב אָרנשטיין אין לעמבערג און דעם „חתם סופר" (ר' משה שרייבער) אין פּרעסבורג און הויבט אויך אָן צו פאַרלירן איר השפּעה אויף די קהילה=פאַרוואַלטונגען. צוערשט ווערט מאָדערניזירט די לעמבערגער קהילה; בראש פון איר ווערן פון דער מלוכה באַשטימט, אַלס פּרנסים און מנהיגים, משכּילים פון אַ גייעם שניט, אויסערלעך און אינערלעך אייראָפּעאיזירטע קהל=לייט, ווי ד"ר עמנואל בלומענפעלד, ד"ר אָסוואַלד מענקעס, ד"ר ברוך ראַפּאָפּאָרט און יצחק-אהרן ראָזענשטיין. די דאָזיקע פּרנסים פאַרזוכן אין אַ גאַנץ שנעלן טעמפּ צו רעפאָרמירן דאָס לעבן פון דער קהילה נאָך דעם ווין=בערלין־האַמבורגער נוסח. שוין אינעם יאָר 1842 בעטן זיי ביי דער מלוכה אַ דערלויבעניש צו פאַרווענדן אַ טייל פון תּלמוד=תּורה=געלט אויף דער גרינדונג פון בית=יתומים, אין וועלכן די קינדער וועלן באַקומען חוץ „דת־אל" אויך אַלגעמיינע בילדונג. באַגלייך מיט דעם באַמיען זיי זיך אָנצושטעלן אין דער לעמבערגער גימנאַזיע, לויטן ווין=פּראָגער מוסטער, אַ יידישן, „דורך אַבסאָלווירונג דער פילאָזאָפיע און דער ערציהונגסקונדע אונד דורך דיא אייגנונג צור קאַנצעלבערעדזאַמקייט געהעריר פעהיגען רעליגיאָנס=לעהרער". אינעם יאָר 1844 עקזיסטירט שוין אין לעמבערג אַ מאָדערנע פאָלקס=שול, לויט יוסף פּערלס טאַרנאָפּאָלער מוסטער, אַ רעפאָרמירטע סינאַגאָגע מיטן קירכלעך קלינגענדיקן נאָמען „טעמפּעל" — און דער נייער ראַבינער אברהם כהן, אָנגעטאָן ווי אַ קאַטוילישער גלח, האַלט אין דער אַלטער גרויסער פאָרשטאָט-שול אַ „פּרעדיגט" אין דייטש[8].

צום סוף פון די דרייסיקער יאָרן באַקומט דער חסידיזם, וועלכער האָט נאָך צום ווילנער גאונס צייטן געשלאָגן אין גאַליציע טיפע וואָרצלען, אַ נייעם און וויכטיקן פאָרשטייער, וועלכער באַזיצט די פעאיקייט צו קאָנצענטרירן אַרום זיך גרויסע מאַסן און באַקומט אויף זיי אַ שטאַרקע השפּעה. דער רוזשינער צדיק און אור=אייניקל פונעם „גרויסן מגיד" ר' ישראל פרידמאַן, וועלכער ווערט אינם יאָר 1838 פאַרוויקלט אין דער מעשה רציחה פון צוויי יידישע מוסרים, אַנטלויפט פון רוסלאַנד קיין לעמבערג און גרינדט גלייך דערנאָך (אין 1841) די באַרימטע חסידישע סאַדאַגאָרער דינאַסטיע. זיין קבלת=פּנים ביים לעמבערגער רב און אָרטאָדאָקסישן פירער ר' יעקב אָרנשטיין איז ניט גאָר קיין פריינדלעכע. דער צדיק, ווי דער רב באַמערקט, איז גאָרניט שטאַרק באַהבנט אין גמרא און פּוסקים און איז גאָר ווייט פון זיין אַ למדן. דאָס שטערט אָבער ניט, אַז סאַדאַגאָרע זאָל ווערן שנעל דער צענטער פאַר די חסידים פונעם גאַנצן געגנט אַרום און אויך פאַר לעמבערג. אין די פאַרשיידענע פּעטיציעס פון די משכּילים צו דער רעגירונג ווערט אָנגעוויזן אויף דעם וואוקס און דער סכּנה פונעם חסידיזם אין גאַליציע, און דער נייער ראַבינער אברהם כהן שרייבט דאָס אָפיציעל צו איר „אַנגעזעהנסטן פּאַטראָן ישראל פרידמאַן, דער בעריימטע אויס רוסלאַנד העריבערגעקאָמען"[9]. דער קאַמף צווישן די צוויי לאַגערן האָט זיך באַזונדערס פאַרשאַרפט צום סוף פון די 40קער יאָרן, ווען די חסידישע פאַנאַטיקער זענען אַזוי ווייט פאַרגאַנגען, אַז זיי האָבן, ווי ס'איז באַקאַנט, אָפּגעסמט דעם לעמבערגער ראַבינער אַברהם כהן (1848). מיט עטלעכע יאָר פאַר דעם איז נאָך דער קאַמף ניט געשטאַנען אַזוי שאַרף און פיל פון די באַשיידענע משכּילים זענען נאָך געווען אין זייער לעבנס=שטייגער פאַרבונדן מיט דער חסידיש=פרומער סביבה, הגם גייסטיק זענען שוין געווען גאַנץ ווייט און פרעמד פון איר.

ביים באַשטימען דעם אָרט פון דער האַנדלונג האָבן ביים מחבר געשפּילט אַ געוויסע ראָלע ניט נאָר היסטאָרישע מאָטיוון, נאָר קאָנטיק אויך פּסיכאָלאָגישע.

לובלין, די שטאָט, אין וועלכער דער מחבר האָט געלעבט און געשריבן זיין „טעיאַטאָר", האָט זייער פיל ענלעכס מיט לעמבערג אין היסטאָריש-געאָגראַפישער הינזיכט, אַלס גרויסער און וויכטיקער יידישער צענטער. אויך לובלין פאַרמאָגט אַ לאַנגע און רייכע געשיכטע — גאונים און גדולים, הרוגים און קדושים, דאָ איז אַמאָל געווען דער „ועד ד' הארצות". אַלס מקום=תּורה און צענטער פונעם יידישן האַנדל צווישן מזרח און מערב, איז לובלין געווען באַרימט ווייט איבער די גרענעצן פון פּוילן. אויך דאָ קעמפט די שטאַרקע אָרטאָדאָקסיע קעגן דעם חסידיזם. אויף דער גרענעץ פונעם 18טן און 19טן יאָרהונדערט ווערט לובלין אַ געוויסע צייט דער צענטער פון פּוילישן חסידיזם, אַדאַנק דעם גרויסן מגידס און אלימלך ליזענסקיס תּלמיד — ר' יעקב־יצחק הלוי הורוויץ (באַקאַנט אונטערן נאָמען „החוזה מלובלין" און „דער לובלינער רבי", געשטאָרבן ט' באב תקע"ה). די האַרטנעקיקע מלחמה קעגן חסידיזם מצד דעם לובלינער גאון ר' ישראל הלוי הורוויץ (באַקאַנט אונטערן נאָמען „דער אייזערנער קאָפּ", געשטאָרבן כ"ב מרחשון תקע"ט), מצד דעם שטאָט מגיד און די פּרנסים פירט דערצו, אַז נאָך דעם „חוזה"ס טויט בלייבט די שטאָט פיל צענדליקער יאָרן אָן אַן אייגענעם חסידישן רבין און ווערט אַ פעסטונג פון דער אָרטאָדאָקסיע. די פאַרבליבענע חסידים שפּילן אַ

גאָר קליינע ראָלע אין שטאָט. נאָך שוואַכער זענען דעמאָלט דאָ געווען די משכּילים. דער גרעסטער טייל פון זיי ציט זיך צום שכנותדיקן משכּילישן זאַמאָשטש, צו לעמבערג און אָדעס; די פּאָר פאַרבליבענע וואַרפן זיך אונטער דעם אויסערלעכן צוואַנג און וואַגן אַפילו נישט צו פירן וואָסערע ניט איז עפנטלעכע ויכּוחים. די השכּלה, — שרייבט אלכּסנדר צעדערבוים אין זיינע זכרונות, — האָט געשלאָגן וואָרצלען אין איי־ניקע שטעט אין פּוילן. אויסער דער „עיר הדעת" — זאַמאָשטש — האָבן געלויכטן ווי שטערן יחידים־משׂכּילים אין אַזעלכע שטעטלעך, ווי הרובּישעוו, טאָמאַשאָוו און שעברעשין. „רק את הקריה העתיקה לובלין כּסתה עלטה ותהי כּמשכּלת גם את השנים-שלשה משכּילים שנוצלו בּה או בּאו אליה מערים אחרות".

ביי אַזאַ סיטואַציע איז פאַרן מחבּר געווען וויכטיק אַריבערצוטראָגן די האַנדלונג פון זיין פּיעסע אין דער שטאָט, אין וועלכער די השכּלה האָט געשיינט צו זיין די יורשטע פון דער אָרטאָדאָקסיע און געהאַט די אַמבּיציע צו טריאומפירן איבער דעם חסידיזם [10].

אין אָנהויב פונעם ערשטן אַקט טרעפן מיר דעם העלד פון אונזער „טעיאַטאָר" — לייבּלי פילאָזאָף און אַפּיקורס, ווי ער זיצט נאָך אינעם חסידישן בית־המדרשל ז׳יבּער דעם רמבּ״מס יד החזקה „גאַנץ ברייט לוסטיג אויבן אָהן, טלית און תּפילין אָהן גיטאָהן" (ז. 21). הן אינעם לערנען און הן אינעם הילוך איז נאָך ניטאָ כּמעט קיין חילוק צווישן אים און דעם חסיד. דער חסיד ר׳ שמואל ירוחים האָט אים תּחילת גאָרניט וואָס פאָרצוואַרפן, סיידן דאָס, וואָס ער טראָגט „פריזירטע פּאות" און גייט ניט טרינקען קיין בראָנפן „אויף דער האַלב גיסטעמפּליוויטין קוויטירל" אין צירל דער שיינקערינס שיינק, נאָר טרינקט ליקער און ווייַן אין דער „ציקערני" (ז. 47, 51)... לייבּלס חבר ר׳ ישראל, אַ משכּיל פון דעם טיפּ, וואָס טראַכט ניט וועגן תּיקון העולם, נאָר וועגן זיין אייגענעם תּיקון און וואוילשטאַנד — אַ ביי־פיגור אין דער פּיעסע — וואָרנט לייבּלען פאַר חסידישע קלעפּ; ער בעט אים אויפצוהערן פירן ויכּוחים מיט די חסידים און שאַנעוועט זיין געזונד:

„חלעבין לייבּלי קום לאממער בעסער גיין שפּאַצירין,
וואָס וועלמער זעך דאָ מיט זיי דיא קישקיס ריירן,
חלעבין אונזער גיזונד איז גאַנץ טאיער,
קיין גיזונד קויפט מען נישט פאַר אַדראיער" (ז.34־36).

דערדאָזיקער נייער טיפּ משכּיל טרוימט דער עיקר פון אייגענעם „תּיקון", פון אייגן געזונד און „קישקע". דער העלד פון פּיעסע און דעם מחבּרס אידעאַל בלייבּט אָבער דער טיפּ פונעם לומדישן משכּיל — לייבּעלע, וועלכער איז גרייט ביז שפּעט אין דער נאַכט צו פירן ויכּוחים מיט די בלינדע חסידים און זוכן זיי אויפצו־קלערן מיט לאָגישע רייד און ראיות. לייבּעלע גלויבּט נאָך אין דער קראַפט פון שׂכל־הישר און אין דער פּעולה פון מוסר. ער זעט די אָרעמקייט פון די חסידים, זייערע „פּיעקאַליך קינדער", זייערע בעלי־חובות (ז. 34), — און אים טוט וויי דאָס האַרץ, וואָס זיי טראָגן די לעצטע גראָשנס צום צדיק. ער וואַרפט אויף דעם חסידיזם די אַלע עוולות, וועלכע מיר געפינען אויסגערעכנט ביי די מתנגדישע און משכּילישע קעגנער פון דער באַוועגונג, באַ־זונדערס טאַקע אין יענע צוואָנציקער און דרייסיקער יאָרן. ער טרעט אַרויס קעגן דער צביעות און רופט צו ריינער און אמתער חסידות פון דער „הייליקער תּורה" (ז. 80־84). די סימנים פון זיין פּעולה און השפּעה זעט לייבּעלע אין דער באַגייסטערונג פאַר אים און פאַר זיין „תּורה" מצד די ישיבה־בחורים, וואָס שטייען ביי דער זייט און הערן זיך צו צו זיינע רייד.

דער נייער דור פון דער יידישער אינטעליגענץ, — אַזוי וויל האָפן דער מחבּר, — וועט זיך אָפּטרייסלען פונעם חסידיזם, אָבער ער וועט ניט נאָכגיין דעם עגאָ־איסטישן און מאַטעריאַליסטישן ר׳ ישראל, נאָר דעם אויפ־געקלערטן און צוגלייך פרומען אידעאַליסט לייבּעלע. מיט אַ „קינה" פון די ישיבה־בחורים אויף דער חסידות שליסט אונזער אַנאָנימער מחבּר זיין „טעיאַטאָר". דאָס ווערק באַקומט אַזוי אַרום ניט נאָר אַ צייטלעכע און אָרטיקע, נאָר אַ פיל ברייטערע און וויכטיקערע באַ־דייטונג.

## באַמערקונגען

1) זע שמעון דובנאָוו: "Chassidiana„—קובץ כּתבים, כּרוזים ואגרות בּענין המחלוקת בּין החסידים ומתנגדים בּתקופת צמיחת החסידות (תקל״ב — תקע״ו)", אַלס ביילאַגע צום „העבר", באַנד 2, פּעטראָגראַד 1918, אויך זיינע „כּתבי התנגדות על כּת החסידים" אין „דביר" באַנד 1, בערלין, 1923, ז. 289—305. אַ ריי ענלעכע מאַטעריאַלן האָט נאָך פאַר ש. דובנאָוון אַרויסגעגעבן דער באַקאַנטער ביבּליאָגראַף אפרים דיינאַרד, לויט די כּתב־ידן פון ריב״לס קרוב ר׳ מענדל לאַנדעסבּערג, ווי למשל: „זמיר עריצים הראשון", „זמיר עריצים הוצאה שניה", „זמרת עם הארץ" און אַנד. (קעאַרנעי — ניו־דזשערסי אין די פאַרייניקטע שטאַטן, 1895 — 1904).

2) אַזוי, למשל, לאָזט זיך רעקאָנסטרויִרן דער באַקאַנטער ווילנער בריוו קעגן די חסידים פון מנחם-אב תקמ״ז („אל האיתנים מוסדי ארץ..."). פון די דריי אונגז באַקאַנטע קאָפּיעס פון דעמדאָזיקן בריוו (ביי אפרים דיי־נאַרדן, ש. דובנאָוון און אין דער ירושלימער ביבּליאָטעק) טראָגט נאָר די לעצטע די היסטאָריש־ריכטיקע דאַטע. לויט דיינאַרדן ענדיקט זיך דער בריוו אַזוי: „יום שהופרה בו התורה והוכפל בּו קינתנו, כּ״ב מ״א שנת התקמ״א לפ״ק פּה ווילנא" („לקורות ישראל ברוסיא", ביילאַגע צום „נר מערבי" I, תקנ״ו); לויט דובנאָוון: „בּאנו עה״ת

יום שנכפל בו כי טוב כ"ד מנחם אב תקמ"א לפ"ק מווילנא" („דביר" ן, ז. 299), בעת אין דער ירושלימער קאָפּיע (מיט ר' שלמה דובנאָס האַנט גופא) איז אָנגעגעבן: „יום שהוכפל כי טוב כ"ג מנחם תקמ"א פה ק"ק ווילנא יצ"ו", וועלכער פאַלט אויס ווירקלעך אויף דינסטאָג. די חתימה פון דעם ווילנער גאון איז, לויט דעם נוסח, פון מיטוואָך כ"ד און ניט שבת „כ"ז מנחם אב", ווי אין ש. דובנאָווס כתב־יד. די דאַטע כ"ז מנחם אב איז שוין דערפאַר אַ־יין ניט מעגלעך, ווייל דער כרוז קעגן די חסידים אין דער ווילנער גרויסער שול און אין דער נייער קלויז פון (ערב) שבת קדש כ"ו מנחם־אב תקמ"א („הערט צו כל הקהל הקודש..." אין דובנאָס כ"י אין ירושלים) איז זיך סומך אויף דעם גאונס אַ־יבנדער־מאָנטער חתימה. ביים שרייבן קען דער „ד" לייכט אָנגענומען ווערן פאַר אַ „ז", און פון דעם נעמט זיך דער טעות.

3) פג"ל די סאַטירעס אינעם „המאסף", ווי „ויכוח שני ריעים זרח ופרץ" (תקמ"ט), „אגרות משלם האשתמועי" (תק"ן) און אַנד., אויך: „ספר החזיון", „אמרי בינה" און „קונטרס מס' הזהר הבורא תנינא" פון ר' יצחק סאַטאַנאָוו, „ספר כתב יושר" (תקמ"ד) פון ר' שאול לעווין, „ספר הויכוח", „קברות התאוה", „מגלה טמירין", „דברי צדיקים", „עמק רפאים", „בוחן צדיקים" און אַנד. אַזוי, למשל, ביי מיזיסן אין „ספר קנאת האמת" (ווין 1828) דערציילט דער רמב"ם אין גן־עדן דעם לעמבערגער רב און חסידים־קעגנער, דעם בעל „מרכבת המשנה" — ר' שלמה חעלם, וועגן קאָפּערניקס שיטה און דערקלערט אים די נייסטע פילאָזאָפישע סיסטעמען פון מענדעלסאָן, יום, קאַנט, פיכטע און אַנד. (ז. 29, 73, 80, 108, 110, 113, 143 אאז"וו).

4) די קאָמעדיע „ר' העניך אודר וואַש טוט מע ד. מיט" פון יצחק אייכל, געדרוקט מיט פיל יאָרן נאָך זיין טויט (פג"ל יאָסטס אַרטיקל אין דער דייטשישער ענציקלאָפּעדיע פון ערש און גרובער, באַנד 27, ז. 324 אויך אלעזר שולמאַן — „שפת יהודית־אשכנזית וספרותה", ז. 175 — 176). די „יידיש־דייטשע מאַנאַסקריפּט" ציטירט לויט ל. ווינערס „The History of Iiddish Literature" לאָנדאָן 1899, ז. 357.

אין די מיר באַקאַנטע געדרוקטע אויסגאַבעס פון אייכלס קאָמעדיע, ווי אויך אין דעם אַמסטערדאַמער מאַנוסקריפּט, מיט וועלכן ס'האָט זיך מן־הסתם אויך באַנוצט נ. שטיף פאַר זיין אַרטיקל וועגן דער קאָמעדיע („ליטעראַריש־היסטאָרישע לעגענדעס" אין דער „רויטער וועלט", כאַרקאָוו 1926, נומער 7—8 און 10), איז באמת ניטאָ קיין שפור פון שנאה צו יידיש און קיין כונה אָפּצולאַכן פון „זשאַרגאָן". אין דעם פּרט קומט נ. שטיפן אַ יישר־כוח פאַר זיין פרואוו אויפצודעקן דעם טעות ביי ש. צינבערגן און פינעסן בנוגע דער קאָמעדיע. ניט גערעכט איז אָבער נ. שטיף דערביי אין זיינע שאַרפע פאָרוואורפן קעגן יאָסטן פאַר דעם אַרטיקל „יודענטייטש" מיט דער כאַראַקטעריסטיק פון אייכלס קאָמעדיע. לויט נ. שטיפן האָט זיך יאָסט „אויף דער עלטער נוקם געווען אין די טעג", וואָס ער האָט מסתמא געגעסן, ווי אַנדערע אָרעם־בחורים, און אין דער יידישער שפּראַך, אויף וועלכער ער האָט „געקריגן זיין יידיש וויסן". ס'איז אָבער מעגלעך, אַז אינעם כתב־יד, וועלכן יאָסט האָט געזען, זענען טאַקע געווען אייניקע צוגעשריבענע שורות קעגן יידיש, אויף וועלכע ער האָט זיך געקענט שטיצן אין זיין אַרטיקל. די געדרוקטע אויסגאַבעס פון דער קאָמעדיע, ווי למשל — בלאָכס („געדיכטע אונד שערצע אין יידישער מונדאַרט", נומ. 8), האָבן ניט געהאַט קיין אַנדער צוועק, ווי נאָר פּאַראָדירן און מאַכן שפּאַס. דער בעסטער מיטל צו צעשטערן די „לעגענדע" וועגן אייכלען וואָלט באמת געווען — ווידער אָפּצודרוקן די קאָמעדיע גופא און ניט איבערגעבן איר אינהאַלט בקיצור, מיט אייגענע ווערטער און נאַטירלעך—סוביעקטיוו און מאַכן באַהויפּטונגען אויפן סמך פון פאַרעלטערטע מאַטעריאַלן. אויף אייניקע טעותן אין נ. שטיפס אַרטיקל, ספּעציעל בנוגע צו אייכלס ביאָגראַפיע, האָט שוין ריכטיק אָנגעוויזן ד"ר י. שאַצקי אינעם אַמעריקאַנער „פנקס" נומ. 1—2, ז. 175—176.

5) וואָלפזאָהנס קאָמעדיע איז תּחילת געווען געדרוקט אינאיינעם מיט פרידריך ווילהעלם גאָטטערס „שטאָלצי ושתי".

מעגלעך, אַז אהרן האַללע (וואָלפזאָהן) האָט געהאַט בדעה אַליין אויפצופירן זיין קאָמעדיע אויף אַ פורים־אָוונט ביי אַ רייכן און אָנגעזעענעם פרנס אין ברעסלוי. אַזוי, למשל, דערציילט אלעזר ראָזענטאַל, ווי איינמאָל, אין יאָר 1797, איז אהרן האַללע געקומען מיט אַ חברה צום רב בעת דער פורים־סעודה אַלס פורים־שפּילער; ער אַליין האָט געוואָלט שפּילן אַ מת אין אַ מאַסקע און תכריכים אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פיל דיסקוטירטן דאַן ענין פון „הלנת המתים", וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין מענדעלסאָנס צייטן (פג"ל ראָזענטאַלס „יודע ספר", ז. 176, „מאסף" תקמ"ה און תקנ"ז. זע אויך מיין אָפּהאַנדלונג וועגן מענדעלסאָנס יידישע בריוו אין דעם באַנד, באַמערקונגען). ס'איז אָבער שווער מסכים צו זיין מיט ז. רייזענס מיינונג, אַז די דאָזיקע קאָמעדיע האָט געזאָלט פאַרבייטן די „זינלאָזע און אומגעלומפּערטע פורים־שטיק" פון יענער צייט און „דינען אַלס איבערגאַנג פון די פורים־שפּילן צו דער מאָדערנער דראַמע" (זלמן רייזען, „פון מענדעלסאָן ביז מענדעלע", ב. 1, ז. 32). שוין דער פאַקט אַליין, וואָס אין דער צווייטער, אַמסטערדאַמער אויפלאַגע איז די קאָמעדיע געווען אָפּגעדרוקט סעפּאַראַט, אָן דער קאָמעדיע „די שטאָלצי ושתי", ווי אין דער ערשטער ברעסלויער אויסגאַבע, און אָן דעם אונטערטיטל „לוסטשפּילע צור אונטערהאַל־

טונג ביים פּורים-פּעסטע", באַווייזט, אַז האַלעס ווערק האָט געזאָלט זיין מער ווי אַ „לוסטשפּילע צור אונטער-האַלטונג" (פּג"ל צעדנער, ז. 644 און רעסט, ז. 76). דער סוף פֿון זיין „פֿאָרערינגערונג" (הקדמה) צו דער קאָמעדיע באַווייזט קלאָר דעם מחברס כּונה.

6) די דייטשישע באַאַרבעטונג פֿון „ספר הויכוח" איז געווען וואָרשיינלעך געמאַכט מיט דער הילף פֿון אַ דייטשישן משכּיל; זי איז געווען געדרוקט אין פֿראַנקפֿורט-אָדער 1799 און טראָגט דעם טיטל: „Glaubwürdige Nachricht von einer neuen und zahlreichen Secte unter den Juden in Polen und Lithuanien die sich Chassidim nennt und ihren die Menschheit empörenden Grundsätzen und Lehren". זי איז שפּעטער געווען געקירצט איבערגעדרוקט אין ד. פֿרענקעלס „Sulamith", באַנד 2, דעסוי 1807, ז. 308—333 און אין אַ פֿראַנצויזישער באַאַרבעטונג—פֿונעם בישאָף הענרי גרעגואַר אין זיין „Histoire des sectes religieuses" באַנד 3, ז. 322—332 (צווייטע אויפֿלאַגע 1828). לעבּלס יידישער פּאַמפֿלעט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אַ העברעאישער איבערזעצונג פֿון אפֿרים דיינאַרד אין Kearny, אינעם יאָר תרס"ד, און טראָגט דעם טיטל „חרב חדה כתובה בשפת אשכנז ע"י הרב ר' ישראל לעבּל סגן הרב בנאָוואַראַדאַק" אין זיין הקדמה צו „זמרת עם הארץ" (ניו-יאָרק תרנ"ו) שרייבט אפֿרים דיינאַרד, אַז דעם פּאַמפֿלעט האָט ער איבערגעזעצט אונטער דעם נאָמען „חרב חדה" נאָכדעם, ווי ס'איז פֿאַרלוירן געוואָרן אַ טייל פֿון דער איבערזעצונג, וואָס ס'האָט געמאַכט זיין קרוב „המשכּיל היקר ה' שמואל דיינאַרד, הנודע בידיעותיו הרבות בשפות מזרח ומערב" (ז. 11). ס'איז אָבער קלאָר, אַז צוליב די פֿיל גערמאַניזמען אין דעם כּ"י פֿון מענדל לאַנדעסבערג האָט דיינאַרד אַריינגעשטעלט אין טיטל — „כתובה בשפת אשכנז". פּונקט אַזוי באַטיטלט דיינאַרד דעם פּורים-שפּיל פֿון יוסף הערץ „אסתר אָדער דיא בעלאהנטע טוגענד" (ערשטע אויפֿלאַגע 1828, צווייטע — פֿיורדא 1854), וואָס איז געשריבן אין בייעריש-יידישן דיאַלעקט, „דראמא בלשון אשכנז נקיה ובאותיות עבריות" (פּג"ל „אור מאיר", ניו-יאָרק תרנ"ז, ז. 99, נומ. 399). לויט שטיינשניי-דער איז די „חרב-חדה" געווען געשריבן פֿון ר' ישראל לעבּל אין יידיש-דייטש (פּג"ל „Die Geschichtsliteratur der Juden", Fr/M. 1905, № 262, p. 152)

7) פּג"ל: „כתר כהונה", אָדעסאַ תרכ"ז ז. 123, באַמערקונג; שלמה עטינגערס בריוו צום גוטן-פֿריינט אין לובלין וועגן אַ שידוך פֿאַר זיין זון יצחק אין זיינע כּתבים, באַנד II, ווילנע 1925, ז. 578. — צי איז דער מחבר ניט געווען אויך דער שדכן ביי אַלכּסנדר צעדערבוימען?

8) דידאָזיקע דרשה האָט דער פּרעדיקער אברהם כּהן גלייך נאָכדעם אַרויסגעגעבן אין אַ באַזונדער בראָשור לטובת דעם קרן-הבנין פֿון דעם נייעם „דייטש-איזראַעליטישן בעטהויז": זי איז אויך אָפּגעדרוקט אין זיין ביאָגראַפֿיע, פֿאַרפֿאַסט פֿון זיין זון גאָטהילף: „Abraham Kohn im Lichte der Geschichtsforschung, Zamazstynow bei Lemberg —1898, ז 39—59. דער ווייטערדיקער גאַנג פֿון קאַמף צווישן די משכּילים און אָרטאָדאָקסן אין לעמבערג, די פּאַמפֿלעטן-ליטעראַטור און די געשיכטע ווי די חסידים האָבן אָפּגעסמט אברהם כּהנען — ליגן מחוץ פֿון אונזער איצטיקער שטודיע.

9) לעמבערגער אַרכיוו-דאָקומענטן; ציטירט לויט מ. באַלאַבאַן אין „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ", באַנד 5, ז. 432. אַלס יסוד צו דער כאַראַקטעריסטיק פֿון די לעמבערגער פֿאַרהעלטענישן באַנוץ איך חוץ מ. באַלאַבאַנס דערמאָנטן אַרטיקל אויך זיין בוך Dzieje Żydów w Galicyi Lwów 1914. זע אויך: שמעון ברנפֿלד — תולדות שי"ר, ברלין תרנ"ט, די אויבנדערמאָנטע ביאָגראַפֿיע פֿון אברהם כּהן און מ. ווייסנבערגס אַרבעט וועגן דער „ניי העברעישער אויפֿקלערונגס-ליטעראַטור אין גאַליציען" אין דער „מאָנאַטסשריפֿט", באַנד 57 (1913).

10) פּג"ל: „ס' לקורות היהודים בלובלין" פֿון ש. ב. ניסענבוים, ז. 4—12, 95 א"וו, 119 א"וו; אויך די אַנטשפּרעכנדיקע קאַפּיטלעך אין מ. באַלאַבאַנס בוך „Die Judenstadt von Lublin", — בערלין 1919 און צעדערבוימס „כתר כהונה", ז. 123—126 און ז. 158.

# טעיאַטאָר

פין

# חסידים

אין

## דרייע אקטין איינגעטיילט
## געשפילט געוואַרין

אין

# לעמבערג

[1843 — 1839]

דאס שער-בלאַט פון „טעיאַטאָר פין חסידים"
(מאַנוסקריפּט געשענקט פון פּראָפּ. ש. דובנאָוו דעם
יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט).

19*] .ז

# אַ ק ט עָ ר י ן.

ר׳ שמואל<br>
ר׳ שמעי׳ } חסידים<br>
וואָלף הילטאַי

לייבלי אויפגעקלערטיר<br>
ר׳ ישראל זיין פריינד<br>
ציריל שענקערין

שלמה<br>
פלטיאל<br>
ריסישער } ישובה בחורים<br>
שמעריל<br>
משרת

---

20] .8

# פ אָ ר ע ד ע.

אַ פּאר שיינע גיטע זאַכען<br>
הייב איך אהן דאָ צי מאַכען<br>
איך וויל אייך נאר אויס וואַזין<br>
אַז דער מענטש מיז זיין אַזין<br>
ער מיז נאר אין האַרץ דריקען<br>
אַז ער וויל דיא חסידים אהן קיקין.<br>
דאָ זענין צווייא פּאַנע ויכוחים<br>
וואָס דער חסיד ר׳ שמואל ירוחים<br>
שטימט מיט לייבלין ר׳ משה׳ס איינציקער זין<br>
דער פאַרנעמסטער אופגעקלערטיר פין ווין.

---

*) די נומעראַציע ביים זייט אַנטשפּרעכס דער נומעראַציע אינעם כ״י. די ערשטע צו שטיקלאך פאַרנעמט די העברעאישע הקדמה (זע אַרטיקל אויבן).

# דיא ערשטע אקט

## ר׳ שמואל ר׳ שמעי׳ לייבלי ר׳ ישראל

ז. 21] אין חסידיש בית המדרשיל אין קעלץ
זיטץ דער חסיד ר׳ שמואל ירוחים פון בעלץ
אין קיקט אראן אין דער ש״ס גמרא חולין
ער לייגט הערשט אפ טלית אין תפילין
לייבלי פילאזאף — דער סוחר פין קראקע
זיטצט נעבען עהם איבער דעם יד החזקה
גאנץ ברייט ליסטיג אובין אָהְן
טלית אין תפילין אויך אָהְן גיטאָהְן.
דעם אלטען חסיד דעם בלינדען
האָט דיא מעשה גאָר אינטעֶר גיצינדען
אז לייבלי זיטצט אובין אָהְן, האָט עהם זייער גישטאָכִין
ער הייבט זעך גישווינד אויף, אין איז ציא גיקראָכִין
אין שרייט ציא לייבלין, מיט א ווינדערלעך גישרייא
הער נאר לייבלי! הער נאר מעך ציא, אוי! ווייא!
ז. 22] שוין חלעבין עס איז פין דער וועלט א נעֶק
זע נאר! דיא ברענגסט דעך אליין אוועֶק
פין גאנצין דיין טאטינס דעם צדיק׳ס האָעֶ!
האָסט דיא צים שענצטין גישאנט ארועֶס
נאָר דיא ביסט גיוועזין דער שענצטער בעֶרלאנט
מיט גאָלד אין זילבער דעך צי וועגין באנאנד
אָבער האנט זע נאר! ביזט דיא עפיס א לאאט?
וויא פארקריכט מען אין אזעליכע וועגין אזוי וואס?
אדרבא זאָג פאר וואָס געפעללין דיר נישט דיא חסידים
זע נאר! חאָטשע זייא זעננין נעבעך עניים מרודים
טאקע נאקיט אין בלויז
אהן א העמד אן א הויז
אין טאקע ווינדערליכע קבצנים
לופין זייא פארט ציא די רבנים
ציא גאנץ שיינע יודין ערליכע לאָט נישט קיין נערגים
אין דיא האָלסט דעך דווקא אהן ישראלין דעם עזות פנים.
העֶרסטו לייבלי! זאָל ער מער אזוי אויס לעבין הַאנט
אויב ער איז מיט דעם גאנצין הארטץ דיין פראנד
אָט זאָגט ער נאר מיט דעם מאהיל דאָס
אָבער אינעווייניג איז ער פילל רמָאות
ז. 23] אוי! איך קאָן דיר גאָר נישט אזוי פיהל דערציילין
וויא וואָט, דער גיטער יוד, וואָלט דיך גיקאָנט היילין
גלייב מיר, בא מאן נאמנות. גאָר אָהְן א שפאָטט
עפיס בעסערע צייטין זאָל מיר נאר העלפין גאָטט
וואָלט איך דיר אזונע שטארקע ראיות גיברענגט
וואָלְסט הערשט דער זעהין, וויא וואָט דיא האָסט
גיטרעֶנקט
וויא אזוי דיא האָסט אָפ גיפירט אזונע יאָהר אין טעֶג
ביסט נעבעך גיגאנגין אין דער פינצטער אין אזא וועֶג.
נאר דיא קאָנסט מעך! איך זאָג נישט קיין דרשות
וואָס בין איך דען! האָב איך דען עפיס א ממשות?
איך בין דעך נאר אַ פראָסטער יוד מיט א לאנגין
לאבצידאק
אין דעסט וועגין זאָלסט מייִנען איך בין גאָר א דאָ־
ראק [דוראק־נאר].
ניין, ניין, איך בין טאקע חלעבין גאנץ גימיין
אין דעסט וועגין מיז מען אין גאָטס וועג גיין
גאָטט טאָהר מען גאָר קיין קשיא׳ נישט פרעֶגין
דער מענטש מיז גיין אין זאננע אללע וועגין
שמיס נאָר מיט מיר פין אצינדערט ביז איינס
ווערסט פאָרט הערין פין מיר עפיס שיינס.
נאר קיק וויא פיהל האלט אצינדערט דער זייגער
וואָרין עך לעבין מען קאן זעך פארגעסין
בא אזא שמיס. מען זאָל זיך אוועק שמיסין
אָהְן א שטייגער
אין מען זאָלל גאר נישט אין [זינען]
האָבין צי גיין עֶסִין.
ז. 24] לייבלי נעמט ארויס דעם דעם זייגער אין לאכט
ניא! עס איז נישט אזוי שפעט וויא איהר מאכט? —
טאקעש זאָגט ר׳ שמואל הערשט נאָר האלבֶער עֶלְיף
ניא איז נישט קשה, מעג מער זיין דאָ ביז
האלבֶער צוועליף
איינע איינציקע שעה
מעג מיר זיך פארזאָמין דאָה —
לייבלי שטעלט זעך א קעגין עהם
אין ענפערט עהם אויף דֶעם
עֶ! ווער ווייסט דען נישט זייער לויפין
אביסיל סחורה ווילין זיי אהיים קופין
זייא פאסטין דאָרטין טאקעש גרוסע תענתים
אַ קייגין ברענגין זייא אהיים שטריימליך אין טלתים
אָבֶער איהר מיינט אפשר עפיס פאר געלד
אין עפיס מיט מיא

ניין מיט דיא חסידישע הענטלעך שלעפין זייא
עֶפּיס ציא –
ר׳ שמואל ווערט אין פנים גאַנץ וואַס
אין זאַגט צי לייבלין מיט גרויס כַּעַס
האָרכזע נאר דיא גרויסע אַפיקורס
זע נאר! זייער אויף שטיין צים משמורת
שטאָק פינצטער גאַנץ פריא
אַללע לאָדין זעננין נאָך ציא
ז. 25] עס מעג זיין שטאק פינצטֶער טאַקע האַלבער צווייא
אין דעסט וועגין וויא באַלד זייא הערין דעם
עֶרשטין קרייא
מעג זיין דער גרעבסטער יונג דער טרֶעגֶער
האַפט זעך אויך אויף פין זיין גילעגער
אוי! ווייא! דאָס וויינין אין דאָס קלאָגין
אין דאָס וואַרפין אין, אין דעם קאפּ שלאָגין
דאָס יעמערליכע קול אין דאָס גיוויין
ווער קען דען דער באַיי דערשטיין
טאקע צווייא ווערטֶער פין חצות צי צי הערין
גיסט מען אָהִן פיללע טאַכער מיט טרֶערִין
צים סוף קימט זֶעך צי גיין אַמאָהל
אַזאַי הילטאַי אַזאַי פושע ישראל
אין לאַכט זעך אויך, גאָר אויס, אויס זיי
חלעבין! ביזט אַ פושע ישראל גייא! גייא! –
לייבלי ענפערט ר׳ שמואלין, מען דערקענט
אין אייער כַּעַס
וויא דאָס הייליקע חסידות ברענט גאָר אָן אַ שפּאַס
נאָר אין דעסט וועגין האָב איך אַזונס נישט גיהערט
אַז אַזאַ אַלטֶער ש......וואַטֶער חסיד אַזאַ פעֶרט
זאָל גיין נאָך זיין שכל, דאָס הייסט
גיוועזין אַ שוטה
אַזאַ ניקס זאָל איטלעֶכעֶן ריפין אפיקורס, אין חוטא.
פיר גיפינין אין דער גמרא אַז איינער פין
די קליגע לַאַט
האָט זעך גיגעבין אַ שמיס אבער טאקע גאַנץ וַואַט.
ז. 26] ר׳ הילל 1) איינער פין די תנאים האָט גיקלֶערט
אַז יודין האָבין שוין משיח׳ן גיהאט
נאך אין חזקיה׳ס צאַטִין
אין דיא איבעריקע חכמים האָבין דאָס גיהעֶרט
אין האָבין פאָרט עהם גישוויגין, ניא וואָס
קאָן דאָס באַטאַטין?
פאָדליג דעם רמבמ׳ס מייניג נאך זיין סברה
האָט ר׳ הילל געדאַרפט ח״ו צי האָבען כפרה
ניא וויא אַזוי האָט מען עהם ציווישין
די תנאים אַראָן גינימין

1) קורא נעימו הגדתיך היום כי נטעי נאמנה אלה אשר הבאתי לך מגרוני המה, עלי ההרה עליתי, שם מראש הפסגה שושני ריח קספתי (עקרים פ״א).

אַז ער זאָגט, אַז משיח אין שוין אין
חזקיה׳ת צאַטין גיקימין –
אין אַטייל ווילין פאַרענפערין מיט אַנדערע המצאות
אין זאָגין אַז ר׳ הילל האָט גאר נישט גיטראַכט דאָס.
אַז משיח מיז קימין דאָס האָט ער גאַנץ גיט גיוויזט
נאָר דיא פסוקים זאָללין זיין אויף משיח׳ן,
האָט ער נישט געגלייזט,
אָבער עס קען אַזוי נישט זיין, וואָרין מיר
גיפינין אין דער גמרא
דיא תנאים האָבין גיענפערט ר׳ הילל׳ן
שרא לי׳ מריה–
נאר מיז זיין, ר׳ הילל׳ן האָט דאָס נישט
גיקענט אין קאָפּ אַראַן
אַז ביאת המשיח זאָל דווקא איין עיֶקר
פין דיא עקרים זיין
נאָר אין דעסט וועגין האָט עהר גיהאַט
אַ שטאַרקע אמונה
גלאַך מיט חידוש העולם, אָהן אַ ציווישין שייד
אָן אַ עום שינה
פונקט אַזוי וויא איינער וויל דעם וועג מאַיען
אין זאָג אַז חידוש העולם איז נישט יש מאין
ז. 27] האָטשע ער ליקינט דעך אין איינס פין די
גאַנץ גרוסע זאַכעֶן
אין דעסט וועגין, טאָהר מען עהם פאָרט פאַר קיין
כופר נישט מאַכעֶן
וואָרין מען קאָן דעם מענטש נישט פאַרוועֶרין
אַז ער וויל מיט זיין פשוטי׳ן שכל דערקלערין,
נאָך מיין איז אַפילו, ווער ער גייט אין דעם וועג קרים
ער לערינט שלעכטע פשטים, אַבִי ער איז נאָר פרים
מיט דעם ערליכען שכל האָט ער דעֶרקלעֶרט
איז דאָס פינקט אַזוי פיהל ווערט
וויא איינער באַוואַזט זאנע גבורות
מיט דיא גרוסע פילויזאָפישע חקירות –
זעט וויא שלמה המלך׳ס ווערטער זענין ציקער זיס 2)
אַז אַ נערישער מענטש גאר מיט זיין פראָסטין שמיס
קען אויך זינדיקן, טאקע גאר מיט אַ קליינע זאַך
ווען איז דאָס? ווען דער מענטש שמיסט אַסאַך –
איהר ברענגט מיר נאר ראיות פין זייער חצות,
עך וועל אייך קלאָהר מאַכען
הייסט דאָס גיוועזין אַ ראיה? ווער ווייסט דען
נישט זיירע ממזרישע זאַכעֶן
ר״ שמואל! איהר מיינט אַז זייא מייגען דעם חצות
ניין, אינזערע חסידימלעך, מייגען צי עפינען
דעם שלאָס

2) שלמה אמר בחכמתו ברוב דברים לא יחדל פשע, עד כה תבא ידידי בשלום, תעבור את כל הפרק אז תבין כי לא גרעתי מאומה אשר ידעתי אספרת.

מיינען זייא אין דער פריא אז קיינער
וועט נישט זעהן
ווען עס איז! וועט דא דיא גראבע מלאכה
קאנין גישעהן

ז. 28] ניין מעזיסט מען פארשטייט זעך אבער אויף זייא
מען היט זייא גיט. עס איז זייא ווינד אין וויא
גלייבט מיר זייא זענגין אללע דראביס הילטאיס
ברענגט מיר נישט פין זייא קיין שום ראיות,
ווער קען דען נישט זייא, מיט זיירע אללע הויות,
עך זאג אייך זענגין גראבע יונגין ווייסין נישט
פין זייער חיות,—
אוי! שרייט ר' שמואל הילטאי זינדיקסט מיט
דאנע רייד
זע נאר! מיט וואס פאר א שמחה אין פרייד
זייא טיהן עבודת הבורא
מיט אימה אין. מיט מורא
ביזט חלעבין בנאמנות נישט ווערט
עס זאל דעך טראגין די ערט
אוי! דאס לויפין אין מקוה אראן, איז דאס טיקין
דאס בודק זיין אין דאס כשרע קיקין
ווער שמיסט פין זיירע מחשבות וכונות
הערסט דיא! זאג איך דיר בא מאן נאמנות
וואס זאל עך דיר דא אסאך ווערלין מאהלין
בקיצור קיין מלכות האט דאס נישט צי באצאלין
ווער שמיסט אז זיי גייען אים וויא דיא חסידים הראשונים
אין ארביטין גאנץ שטארק פארטראכט,
אין דיא עולמות עליונים
ציא דעם איז אוודאי קליין אינזער מייכיל [מוח'ל]
אינטעך קאן מיר דאס נישט משיג זיין מיט דעם שכל

ז. 29] אוי! די הילטאי גייא מיר ארויס פין מאנע אויגן
זעה דיא צללין צי וואס אללע דאנע
חכמות טויגין,—
לייבלי לאכט חלעבין גייט איהר אך גיזינטער הייט
פין מאנעט וועגין גלייבט יא דאס נארישקייט
נאך יעך! וויל גאר נישט אהן הייבען
צי וועללין דיא אללע נארישקייטין גלייבען
אוי! ווער ווייסט דען נישט זיירע שטיקים
עך זאג אך נאך אמאהל אז זייא זענין וליקים
זיי מיינין נישט דיא הגדה נאר די קניידלעך
דער בעדער האט פאק צווייא שיינע .....;.. —
ר' שמואל הייבט דא אהן מיט פאיער צו שיסען
אין שטעלט זעך דא אנידער שטארק שמיסין
אין זאגט צי לייבלין ווארט, ווארט, אז אינזער
רעבינ'ס ווילין וועט זאן
וועסט דיא נאך מגולגל ווערין אין א הינט
אודער אין א חזיר אראן
דיא וועסט דער הערשט אביסיל יסורים לאדין
שטיק וואס, וועט מען פיר דיר דאס פלייש שנאדין

וועסט דעך מיזין צי דיא גיטטע יודין בעטין
אבער דיא שוועלל וועסט דיא נישט
קענין איבערטרעטין
נישט אזוי געך וועללין זייא דעך צי הערין
נישט תיכף וועט מען זעך צי דיר אימקערין
עך האב נאר חרטה וואס איך האב מיך גיריסט
איך האב ביז אהער מיט דיר גאר הבלים געשמיסט

ז. 30] נאר ווידער ציריק, מיינסט אפשר ניט
עס איז חלעבין בנאמנות גאנץ גיט
צי קענין אזונע גרוסע אפיקורסים
שנאדער יונגין סאמע משרתים.
קיק דיא מיט דאנע אויגין אליין
ענקער זיצין אין ענקער שטיין
דיא קאפיטיס אין פיאות אפ גיהאקט
דיא קעפ פיהל מיט הבלים אהן גיפאקט
אין ווער שמיסט פין דיא גראבע עברות
איז דעך גאר אופין טאקע דרך חירות.
אין זע זע ביסיל חסידים דיא גימיינע
זענען אלע ערליכע יודין איטלעכער א מורי מורני
זע נאר דעם ברען אין דעם פליא
דאס צי לופין צום תפילין זאק ציא
דאס שטיין אויף דער מזרח וואנד
דאס לייגען די תפילין אויף דער האנד
ווער שמיסט פין דיא קרבנות ומערכות
אין דאס זאגין הויך די אללע ברכות
אין דיא הייליקע כוונות
מיט אזעליכע קולות ורננות
דאס זינגין אין דאס שראיען
דאס טיהן עבודת הבורא ברגע עין —.

ז. 31] ר"שמעי' ניהאנער גייט אויך ציא צי זייא
דער זייגער האט גישלאגען האלבער צווייא
אויך מיט זאן חסידות אפיללע קוועטרט
אין גיט זעך דא אגלעט בא דער באערט
אין זאגט צי ר' שמואל'ן, שמואל! וואס קימט דיר
דערוים?
פארשטייא נאר מיט שכל, קען מען דען שטעלין
א הויעז
מיט בעל מלאכות אהן הענט
אין אהן א גיטען פידאמענט
דא איז אויך אזוי, וויא אזוי ווילסט דיא עהם
מוסר זאגין?
אז דיא זעסט זאן הארץ קען נישט קיין מוסר
דערטראגין
וואס ווארפסט דיא ארויס מעזיסט דאנע רייד
אז דיא זעסט ער איז א צרה, א גרוסע לייד
ווען עס זאל עהם פין הש"י זאן באשערט
ער זאל עפיס גיטץ קענין גיפינין
וואלט ער דעך דא תיכף פין אינץ גיהערט

וועליכיס עס איז אַ גיטער וועג, אין גיטע זינין—
הערסט דיא! זאָגט ר״ שמואל דאָס איז דעך מאַן געשרייא
דאָס שמיס איך דעך מיט עהם, שוין פון אַ שעָה צווייא
באַ באַ באַ ווער שמיסט ער זאָל הערין אינטץ
וואָלט איך עהם תכיף גיוויזין די קינטץ
אַז ער וואָלט תכיף גפּהאַט עולם הבאָ
וואָרין טאַקע פאַר וואָס נישט? אדרבא ואדרבָא

ז. 32] דאָס וואָלט הערשט דאָס אָמתִ׳ע קינטץ שטיק גיוועזין
אזא גישעפט האָט מען שוין גאַנץ לאַנג נישט גיזעהין.
הערסט דיא ליבלי׳! עך קען דיר אַזוי פּיהל נישט אַרויס זאָגין
ווען די נשמות קימין זעך נעבעך צים צדיק קלאָגין
זייא האָבין נעבעך דאָרטין גרויס מיא
מען לאָזט זייא אין גיהנם אויף נישט ריא
די אַללע צדיקים מיזין זייא מעַלה זיין
דער נאך גייען די נשמות אין גַן עדן אַראַן
זעסט דיא ליבלי׳! פרעג דעם אַלטין חסיד ר׳ שמעי׳
ער איז נישט קיין ליגנער, מען מעג עָם גלייבין אָן אַ ראי׳
ער חעט דעך שוין אין דיא אַללע ניסים קלאָהר מאַכין
עס וועט זעָך דיר שוין נישט גליסטין אויס חסידים צי לאַכִין —.
לייבלי ענפערט זייא ווייסט עטץ דען גישט אַז איערע תורות
באשר אַז דער מענטש מיז מגולגל ווערין מאַכין מיר נישט קיין מורות
וואָרין פאָדליג וויא די חכמים ווייזען אויס 3)
אַז די נשמה האָטשע זיא גייט פון מענטש אַרויס
בלאַבען זייא פאָרט אויף זייער אייגינע שטעללין
נישט אַזוי וויא צדוק וביתוס איז גיפעלָלין
אַז די נשמה לעָבט נאָר, זוען זיא האָט דעם פינדאַמעָנט
ווען זיא איז אין גוף. פינקט ווי אַ האָעס מיט וועָנט
הייסט דאָס נאָר האָעס כל זמן עס שטייט
אָבער אַז דיא פיר ווענט ווערין ציא שפּרייט

ז. 33] הייסט דאָס שוין נישט האָפּז נאָר פּראָסטע שטיינער 4)
אַזוי אַז דער מענטש שטאַרבט עָר בלאַבט סאַמע ביינעָר
חיא איז שוין דיא נשמה? ווי האָסט דיא דעם גוף?
דער גוף בלייבט דאָ ליגין אין די נשמה גייט גישט אַרויף.
דאָס איז נעבעך גיוועזין זייער גאַנצער טעות
אָבער איינטק יודין גלייבין מיר גאָר נישט דאָס
וויא דען? דיא נשמה איז אַ איידלער שכל פון גאָטט גינימין
זאָל ווערין אַ בעל בחירה איז זיא אין גוף אַראַן גיקימין
וואָרין אַז מען וויל גיט אין מדרש בראשית רבה אַראַן קיקין
וועט מען זעהין אַז דיא מלאכים האָבין גיוואָלט זעך צום מענטש ביקין
חייל זייא האָבין אין אַ מענטש אַ גרויסע מעלה דערזעהין —.
ניא האָנט אַז דיא נשמה איז שוין אין גוף איין מאָהל גיוועָהין
אין פון דעם גוף אַרויס איז זיא שוין נישט גיגאַנגין גרעָסעָר
ניא וואָס וועט דאָ זיין? וועט זיא דען ווע־ין דאָ נאך אַמאָהל בעסער?
בפרט איך זאָל מיר וועללין נאך אַזוי אַן רעָדין גאר וויא אַ קינד
אַז די נשמה ווערט מגולגל אַראַן אין אַ חזיר אודעָר אין אַ הינד
דאָס איז אוודאי גרויסע טעותים
עך קען נישט גלייבין אזונע שטותים
דער גרויסער גאָטט וואָס זיצט אין אַללעָ הימלין
זאָל נעבעך דיא הייליקע נשמה וועלין פארטימלין

ז. 34] אין בפרט נאָך מגולגל צי ווערין אין אזונע מיסע ערטער
עס קען נישט זיין. עס לאזט זעך נישט רעָדין דיא ווערטער —.
דאָס האָבין מיר הערשט אפ גישמיסט איין פאַך
נאָר לאָממער נאר ווידער צוריק גיין צי אינזער זאַך
עטץ ברענגט מיר ראיות באשר דער חסיד וויינט טעג אין נעָכט
פאַר וואָס זאָל ער דען נישט וויינין? איז ער דען נישט גירעכט?

---

3) ידיד יקר! הרימותי ידי לאל עליון כי מקטן ועד גדול לך אגלה הדברים האלה הנעימים לחכך תמצאם (בהעקרים מאמר ד״ פ׳ כ״ט וראה שפה דבריו באמרו „והיותר רחוק מזה שיאמרו שנפשות האנשים מתגלגלות בגופות בעלי חיים, והשם יודע״ —).

*) אם תשמור כאשר צויתיך אז תלך לבטח דרכך ותמצא הדב־רים המתוקים האלה גם בספרי (בספר ?), ספר המדות מהרב המליץ המפואר כה״ו הירץ וויזל זצלה״ה (פ״א סעיף ג׳). ומה ימתקו לחיך שירותיו הנעימים, אשר שר בשיר על האנשים האלה „מה נואלו שרי צוען״ בספרו שירי תפארת. קרא במקומות האלה ותמצא מנוח —.

אײנס ער הייבט זעך אָהן צי דערמאָנין אָן
זאַך פּיעקאַליק קינדער
אין ווידער אָן דיא בעלי חובות ניא זאָל ער
זעך פרייען? דאָס איז אַ ווינדער!
ער מעג נעבעך וויינין נאָך זאַנע יאָהר אין טאָג
וואָרין וויניג האָט ער דאָס נעבעך דיא
פינצטערע קלאָג —.
אין מיטען זייער שמיס קימט אַראָן צי גיין ר׳ ישראל
אין פרעגט לייבלי׳ן פּאַר וואָס ער זאָמט זעך
מיין וויא אַללע מאָהל.
לייבלי דערציילט דיא מעשה ר׳ ישראלי׳ן מיט
אַ גרויס גילעכטער
אין פרעגט עהם ניא וויא זאָגט איהר?
ווער איז גרעכטער!
מיר האָט זעך דאָס גיגליזט צי שמיסין מיט
אַזעליכע צרות
ר׳ ישראל! איך בעט זייער שמיסט איהר מיט
זייא עפּיס סברות
נאָר דאָס וועל עך אייך דערפער זאָגין
איהר זאָלט זך היטין חלעבין פּאַר שלאָגין
וואָרין באַ אַזעליכע גראָבע יונגין
איז חלעבין גאָר נישט גידרינגגין
ו. 35 מען מיז זעך גאַנץ גיט צי דיא לאָט טויגין
וואָרין זייא קעננין גאַנץ גרינק אוס ראָסין די אויגין
ניא! מיר האָט זעך דאָ גיגליזט אַ שיין ליינין
זייא ווילין מעך דאָ דיא אַללע גאר פּארשטיינינן —.
ר׳ ישראל הייבט אָהן צי לייבלי׳ן ציא זאָגען
צי איך האָב נישט קיין מורא פּאַר שלאָגין
דיא לייבלי! אָט! וויא ווייסט דיא זייער מייניג
דאָס אַלטץ וואָס האָסט דאָ גיזאָקט איז נאָך וויניג
ווער ווייסט דען נישט וואָס דיא חסידימלעך מיינין
מיט זייער קלאָגין אין מיט זייער שטאַרק וויינין
זייא מיינין מען וועט זייא געלד ברענגין
איטלעכער וועט זייא קערבלעך אָהן הענגין
אַזוי וויא עטץ האָט גיהערט אַמאָהל באַלאַטין
דיא מעשה האָט זעך גיטראָפין שוין פין גאַנץ
לאַנגגע צאַטין.
עס איז זעך אַמאָהל גיקימין אַ ארח פין גאַנץ וואַט
אבער טאַקע איין אָרינטלעכער מענטש פין
שיינע לאַט
אַביסל קערבליך האָט ער מיט זעך מיט גיבראַכט
עס איז אָבער גיקימין פּראַטיק שפּעט שוין
פאַר נאַכט
ער האָט גיוואָלט דאָס געלד פין זעך אוועק לייגין
דאָ גייט ער זעך צי דער שילל, דער זעט ער
אַ קייגין
שטייט זעך נעבעך אַ חסידיל אָן גיבויגין
צי גאָטע נעבעך אויף גיהויבין דיא אויגין

ז. 36 אין גיוויינט מיט אַזעליכע קולות
צי גאָט צי דעם בעל היכולת
אין נעבעך גיגאָסין מיט הייסע טרערין
עס איז אַזע גיוועזין אַ רחמנות צי צי הערין.
דעם ארח האָט זעך נעבעך גיעפינט אַ וועלד
ער חאַפּט דאָ גער דאָס גאַנצע ביסיל געלד
אין גיט דאָס דעם חסיד צי האַלטין
אבי איבער שבת ציא באַהאַלטין
זאָל אַזוי דער שיינער חסיד אייביק לעבין
אויב ער האָט גיוואָלט דאָס געלד אפּ געבין.
אָט דאָס איז מיר נאר אַ חידה
אַזאַ גנב אַזאַ ממזר בן הנדה
זאָל איטלעכין מענטש וועללין צום נער מאַכין
אין זאָל זעך גאָר אויס איטלעכין לאַכין
הערסטו! אַזוי וויא דער חסיד אַזוי זענין זייא
אַללע
גיב זייא נאר אַ טרינק בראָנפין מיט אַ חלה
אַז נישט, וועללין זייא דיר דיא קעשינעס אָפּ
שנאַדין
אַזוי מיזין מיר אַללע פין דיא חסידימלעך נאך
לאַדין —.
חלעבין לייבלי קים לאָממער בעסער גיין
שפּאַצירין
וואָס וועל מער זעך דאָ מיט זייא דיא קישקיס
רירין
חלעבין אינזער גיזונד איז גאַנץ טייער
קיין גיזונד קויפט מען נישט פּאַר אַ דראַיער —.
לייבלי לייגט זעך אָהן אַ לילקע טערקישין טאַטין
אין גייט זעך פּאַררייכערין צום הלב׳ן לעכט אָהין
ז. 37 אין וויל דווקא נישט פין דיא לײדאַקעס אוועק גיין
נאר טאַקעש מיט זייא דאָ נאָך אַביסל שטיין —.
ר׳ שמעי׳ קימט אַראָן אין גרוסען צאָרין
ער איז דאָ שיר אין איין רגע משוגע גיוואָרין
אין שרייט צי לייבלין, לייבלי! זאָג ביסט דיא
גרעכט?
דווקא מיזט דיא דיר פּאַררייכערין באַ אַ חלב׳ן
לעכט
זע נאר! דער טרייפינער הילטאי שאַנט אַרויס
פין דיר
וואָס טאַטש! קראַנק ביזט דיא דיר צי פּאַררייכערין
מיט פּאַפּיר
אָט ליגט דעך דאָ פּאַר דאַנע אוגין
פּאַפּיר פיניף גאַנצע בוגין
אָפּ צי ראַסין פין דאַנין אַ פּיציל פּאַפּיר האָסטו
דאָס קדחית
דווקא מיזט דיא אינטץ אַללע טיהן דאָ צי להכעיס!—
וואָס זאָל איך מעך מיט דיר דאָ האַיען
זאָגט לייבלי מיט אַ גילעכטער צי ר׳ שמעין

ווער איז שילדיג אַז איהר זענט אַ גראָבער יונג
אִימעֶדים מיזט איהר אַרצן שטעֶקין די צונג
אין אָפּ לעקין פֿין אַ פּאַלקע אַ ביין
אָבער וואטער זאָגט! וואָס קאנט איהר מיין?
הערט איהר אַלטער חסיד! ר״ שמעי׳ גיהאַנער!
עך האָב נישט גיגלייבט אַז איהר זענט אַזאַ וואנעֶר
ווי איז אַזאַ גרוסער חסיד אַזאַ חַם
איינס ווייסט איהר דעֶן נישט מן הסתם

ז. 38] אַז פֿין דעם לעכט דער פֿלאַם
איז נאר אַ נותן טעם לפּגם
אין עס אַנדערע זאָג מיר, פֿאַר וואָס אַללעֶ נעכט
מעג יעדער מענטש זעך לערנין באַ אַ לעכט
נאר אים שבת איז אסור? ווי איז פֿאַרהאַנדין
בעסערס ווי תורה —
נאר דארך ר׳ ישמעאלי׳ן האָבין די חכמים
גיהאַט מורא 5)
אין האָבין גימאַכט אויף יעדער מענטש דיא גזרה
כדי דער מענטש זאָל נישט קימין גרינק צי
דער עברה.
האַנט דאָ אויך אַזוי, אַז איך ווען מעך זעהין
צי פֿלאסין
אין נאר דווקא צי דער לילקע אַ שטיקיל
פּאַפּיר אָפּ ראַסין
אין אים יו״ט איז דעך אַ דבר שלא לצורך אסור.
ניא האַנט וואָס טויג מיר
עך זאָל האָבין דער נאך אַ עברה אַז איך ווען
אָפּ ראַסין אַ שטיקיל פּאַפּיר
וואָס טויג מיר מעזיסטע עברות
אַז איך האָב אַנדערע אַלייא ברירות —.
פֿין האַנט מאָהל אָהן בעט איך אייך עטץ זאָלט
מעך וואַכין
וואָרין עטץ זעט אַליין אַז יעך בין נישט אייערס
גלאַכין —.
ניא זאָגט ר׳ שמעי׳ מיט ר׳ שמואלי׳ן
וואָס וועלמער זעך דאָ לאַנג שפּילין
מיר קעממער נישט ליקינין דיא זאָגסט נישט
שלעכט
אָבעֶר דער פֿעֶר, זאָג ביזט דיא גיוועזין גרעֶכט?

ז. 39] נאָר היצטערט שוין שוין גיניג. איך וויל מעך
שוין מיין נישט ראַסין
אַז וועסט וועלין הערין עפּיס גיטץ קים
צי גייען נאך אָנבאַסין!!—.
לייבלי מיט ר״ ישראלי׳ן גייען זעך אַהיים.
זאָגט ר״ שמעי׳ צי ר׳ שמואלי׳ן

5) „לא יקרא לאור הנר שמא יטה״ אמר ר׳ ישמעאל בן אלישע, אני אקרא ולא אטה. פעם אחת קרא וביקש להטות, אמר כמה גדולים דברי חכמים שהיו אומרים לא יקרא לאור הנר (שבת פ׳ א׳ דף י״ג).

ר׳ שמואל! הערט נאָר! איר ווייסט נאך
גאָר נישט פֿין די שילין?
אוי! עך האָב מיך אַנימעלט אָהן גיהובין
נאָך צי פֿרעגין
וואָס דאָס איז, האָט מען מיר גיזאָגט,
אַז דאָס איז פֿין קינדערס וועֶגין
אוי! עס האָט זעך מיר אַז׳ע קאַפּור גישטעלט
די האָעֶר
וואָרין וויניג וועלמער אינץ קלאַגין נאָך
אונזערע יאָהעֶר
עס איז מיר אַ חידוש? איהר ווייסט גאָר נישט?
מען ריפֿט דאָס קארבינער שטילין
אַטייל ריפֿין גאר אַנדערש מיר דאכט זעך
אויב נישט גאָר ראַבינעֶר שילין
דער שוואַרצאַיאָהעֶר ווייסט דאָס. איך האב דאָס
גאר נישט גיוואָלט הערין
נאָר אַנימעלט גייא איך מיר אין גאַס
מיט אינזער חסיד בערי׳ן
זעֶה מער אַ רעדיל אין גאַס אין מען דערציילט
דעם סוד
באשר אַז מען שטעלט אויף אַזונע שילין
אין דער שטאהט בראָד.
גייען מיר זעך וואַטער אַביסיל אין מאַרק
הער מיר שוין דאָס גישעפּט הויך גאַנץ שטאַרק
עֶס האָט שוין אויף דער וועלט אַ קלאַנק
מעֶ ווייסט שוין גאַנץ גיט זייער ביטערין גאַנק
עפּיס וועללין זייא גיין מיט שוואַרצע מאנדירין
אין באַ דיא קעלנער עפּיס אַ רוטע רייף
סאַמע גויש׳קיוואַטע וועט מען זייא נעבעֶך פֿירין
פֿינקט אַזוי וויא דיא קשטעֶרדענטין פֿין דיא הייף —.

ז. 40] הערט איהר! יעך בין מיר אַמאָהל פֿין בעלץ
קיין בראָד גיגאַנגין
אַזוי וויא מאַן שטייגער דאָס פּעקיל אויף די פּלייצעֶס
יעך גייא מיר דאָ פֿאַרקלערט אין חסידות
עפּיס עצות
הער עך עפּיס פֿין דער וואַטין עפּיס בלעקיצין
אין עפּיס גיזאַנגין
יעך פֿאָהל מעך נישט אין גייא נענטער צי
ציא דער שיל
הער עך עפּיס קלאַפּין שראיען. עס רידערט זעך
וויא אין אַ מילל,
יעך שטעל מעך אָבער אַנידעֶר הער עֶך עפּיס
אַ בעֶ חעֶ ווע
יעך גייא מער ווידער נאך נענטער ציא,
הער עך ווידער דעֶ געֶ זעֶ
עפּיס אַזעליכע הוללת עפּיס אַזאַ פּאַסקיצטווע
יעך ווייס גאָר נישט! וואָס טויג זייא דאָס
באַלעֶמיצטוועֶ!

עס זאָל חאָטשי זײַן אַזוי וויא באַ אינץ עפּיס
א ממשות
אט וויא ווען! וואָס! פליצלינג עך זאָג אייך
גאר חלשות.
נאר הערט איהר וואָס יעך וועל דאָ זאָגין אײַך
מיר געפעלט דאָס חלעבין פאַר גאַנץ גלײַך
מען פירט זייא אַמישנע מיט רויטע קעלנער
וואָרין מען וועט זייא שפּעטער אַוועק נעמין
פאַר זעלנער
אוי! וואָס פאַר אַ קלאָג וועללין דאָס האָבין
זיירע פעטער
נאר ווער וועט זייא קענגין העלפין דען אַביסיל
שפעטער.
ר' שמואל ענטפערט עהם, עך האָב נאך נעכטין
באַ נאַכט
ווען איך האָב דאָס גיהערט פין אינזער חסיד שָלוֹם
אָבער נאר טאַקע בהברה בעלמא אזוי וויא אין חָלוֹם
האָב איך תכף די מעניט אויך אַזוי נאָר גיטראַכט
ז. 41] נאר פאָדליג וויא איך האָב אַך גיהאַלטין פאַר
אַ ערליכען יוד, אַ בריאה
איז נאר איין זאַך מיר אויף אייך אַ ווילדע פליאה
די פאַרשטינקינע ערטער גיט איהר שילין נעמין
וויא האָט איהר דאָס גיהערט? זאָגט מיר פין וועמין?
ניין ענפערט עהם ר' שמואל, אין דעם גייא עך
נישט אַן
עך האָב דאָס פין אינזער צדיק גיהערט דאַרף
אַזוי צי זײַן
עך האָב אפילו גיהערט אַסאַך טעמים אַמאָהיל
באשר עס איז גיוועזין איינער האָט ער געהייסין
ר' ישראל
ער איז גיוועזין אַ גאַנץ גרויסער קצין
ער האָט נעבעך גיטאָהן גאָטס רָצוֹן
ער האָט עטליכע ערטער פאַר שיללין אָפּ גיקליבין
דאָרך דעם איז דער נאָמין שוין אויף אייביק גיבליבין
אַ חוץ וואָס עך האָב נאך גיהערט פון צדיק
גימטריאות 6)
אויף דיא שיללין, איז טאַקע באַ מאַן נאמנות
פלאי פלאות —.
נאר הערט איהר! דאָס זאָג עך אייך מיר זאָלל
מער זעך אַן שפאַרין
האָלט מיר זעך גימיזט קעננין אויף אינזער
משיח'ן דער האַרין
טאַקע פאַר וואָס נישט! מען גייט אים מיט מוח
אין מען אַרביט טאַקע מיט אַ גרויסען כוח

6) ביום הזה הרבה הצדיק שלנו תורות. על טובת לב הנדיב הזה אשר חפץ לעשות בתי כנסיות להתפלל בהם. אך פתאום נהפך מיום טוב לאבל ומן השמים עכבוהו. איש כי ידור נדר לד' ראשי־תיבות וסופי־תיבות: עולה ישראל נחת רוח לפני ד'.

לאָזן מיר נאר דערפער מבטל זיין דעם יצר הרע
דעם שָטָן
וועט איהר זעהין אַז דיא מלאכה וועט אינטץ
קעננין גראָטין.
ז. 42] יאָ פראַוודע זאָגט לייבלי דאָס איז גאַנץ שווער
דאָס איז נישט קיין קלייניקייט וואָרין וויא ווען ווער
גאר אין דעסט וועגין לאָממער זעהין דאַרים
צי טראַכטין
נאר למען השם נישט פאַר קיינעם דיא מעשה
צי דאַכטין —.
הערט איהר! עך וועל אייך דאָ דערציילין
עפּיס בעסערס
פין אינזער צדיק זאָל לעבין. אָבער טאַקע
עפּיס גרעסערס
וואָרין מענטשין האָבין נישט גיוויסט זעך
צי געבין קיין עצה אין קיין ראָעד
אַ שלימאזיל איז פליצלונג פאַרהאַנדין טרעפט
דאָס קיין פולין [פוילן] גראָעד,
פליצלונג פין דער פרעמד גאר דבוקים
גיפינין זעך אין פולין זיירע זיוויקים.
פין פראַסען איז הערשט נעכטין אָהין גיקומין
אַ גאַנצע חמאַרע.
אפשר דראַי הינדערט. אין מאַכען זעך היא
אַ גרויסע וואַרע,
אָט, אָטאַדאָ האָט דער צדיק באַוויזין זאַנע גבורות
דאָ האָט ער אַ שיינע קינץ שטיק גימאַכט
אָבער מיט אַ גיטען פארטיל זיי פאַרטראַכט
נישט מיין נאר. דאָ וויא דיא לאַט קלאבין זעך
דירות
זאָל מען אַ נאדיל באַ דער שוועלל אָן שטעקין
אין אַביסיל גוועק זילבער באַ דעם קומין, דאָס
וועט זייא קרעקין —.
דאָ זעט מען אַז וואָס דער צדיק טיט איז
גאַנץ גלאַך
וואָרין ווייניג וואָלט דאָס דער צדיק גיקאָנט
ווערין ראַך
ז. 43] ער וואָלט זעך דאָ גיהייסין אהן שיטין פעסער גאָלד
מען וואָלט עהם גימיזט געבין וויפיל ער וואָלט גיוואָלט
איטלעכער וואָלט גימיזט צי עהם קימין
גיא דאָ וואָלט עהר דעך הערשט געלד גינימין
נאר פין דאַנין קען מען דערקענין
אַז דער צדיק וויל נישט קיין געלד נעמין.
יעך זע הערשט האַנט אַז אַ גיטער יוד מעג
זיין גאַנץ ברייט
הערסטו! וואָרין ווייניג איז עהר דאָס, איז
ער דען עפּיס אַ קלייניקייט,
יעך זאָג דיר עהם מעג מען רעכינין צווישין
דיא אבות

ער וועט דאָס פֿאַרין אין דיא גרעסטע מרכבות
אויף עהם וועט מען דאָס שראַיען אין אַללע שחקים
איבער הינדערט יאָהר וועלין מלאכים זאָגין
פנו מקום
מיט דעם האָט דער מענטש מיין כח וויא דיא בהמות
וואָס דער מענטש קאָן טיהן גרוסע זאַכין מיט
זאַן שלימות —.

חלעבין עס איז מיר דאָס האַרץ אַוועק, איך
וואָלט מיך גיגערין מיט עפּיס דערקוויקט
חאַטשי מיט אַ קוטירל בראַנפּין, קים לאָממער
גיין, שוין גינוג חלעבין גידריקט
לאָממער גיין אַהיים עפּיס עסין
וועלמער אפשר אין דיא צרות פֿאַרגעסין —!! — — !!

פֿאַרשלאָסען דיא ערשטע אַקט

ז. [44

# דיא אַנדערע אַקט

**ר׳ שמעי׳, ר׳ שמואל, לייבלי, ר׳ ישראל, צירל שענקערין, משרת.**

נאָך אָהן באַסין זעֶננין זייא אַללע ווידער
צוריק גיקימין
אין האָבין זעך וואַטעֶר צי זייער שמיס גינומין.
דער וואַל קימט צירל דיא שענקערין ציא גיין
אין ווײנט פֿאַר דיא חסידים מיט אַ גרוס גיוויין
אין זאָגט צי זייא אַזוי! עטך זענט דעך עפּיס
שיינע לאַט
ניא אדרבא זאָגטך אַליין איז דען נאָך נישט
די צאַט
עטך זאָלט מיר מאַנע עטליכע גילדין אָפּ געבין
וואָס ווילט עטך פֿין מיר האָבין? עטך פֿאַרמעֶרט
מיר מאָן לעבין
זאָגטך מיר! וואָס ווילט עטך נאָך פֿין מיר האָבין?
ווייניג האָט עטך מעך ביז אַהער באַגראָבין
אין גאַנצין מאָן ביסיל געלד איז דעך באַ אַך
ווי האָב איך ציא נעמין אויסלאָג? עך בין עפּיס ראַך?
עך בין דעך נעבעך אַ בידנע אלמנה מיט
פֿיניף קינדער
פֿאַר וואָס זאָל עך אַזוי פֿאַרביטערט זאַן?
מען זאָלל לופין אויף מאָן ווינדער!
ווען עך דערמאָן מיך אָהן אַך יעֶדעֶר מעֶניט
וועֶרט מעֶר פֿאַרגאָסין נעֶבעך מאָן בליט
ז. [45 עך חייס גאָר נישט וואָס דאָס קאָן באַטייטין
גאָטס צאָרין האָט מיך גיטראָפֿין פֿין אַללע זאַטין
אין צום איבעֶריקין קערין זייא נאָך מיר
צי מאַנע צרות
אַזונע לײדאַקיס זאָללין אויף וועללין זאַן שררות?
באַ זיי מיז מען אויף וואַרטיוועֶן באַ דער טיהר
וואַרטך! עטך זאָלט אָך נאָר דערוועֶגין
צי קימין צי מיר
קימט צי מיר אין שטיב אָראָן פֿין אָך איינער
ברעך עך עהם בנאמנות אַללע גלידער אין ביינער
אין דיא צווייא טלתים מיט דיא צווייא שאַלין
זאָלט עטך וויסין אַז זייא זעננין פֿעֶונע פֿאַרפֿאַלין
עך זאָג אייך אויף מאָן נאמנות
אַז עך וועל נעמין דיא משכנות
אין וועלמער גיין אין גיוועלב אָראָן צאָן איילין
ציך באָרגין
עטך וועט דעֶך מיזין אָפּ געבין איז נישט
האַנט וועֶט זיין מאָרגין
סאָי וסאָי לאָם עך אייך איין מאָהל פֿאַר אַללעֶ
מאהל, שוין נישט הערין
אין לאָז מיר הש״י עפּיס בעסערע אין עפּיס
עֶרליכאַרע סוחרים באַשעֶרין. —
צירל גייט אַוועק אין גיט אַ קלאַפּ צי דיא טיהר
דער וואָל שלאָגט דער שטאָהט זייגער האַלבעֶר פֿיהר.
חלעבין זאָגט לייבלי עטך טיט אימרעֶכט
איז זיא דען נישט דאָ חלעבין גאַנץ גרעכט?
ז. [46 אין גאר אהן דעם, וויא פֿאַרשטייט עֶטך איז דאָס שיין
מעֶגעֶן דען אַזונע חסידים אַזונע ת״ח צי אַ
שענקערין גיין
ווייסט עֶטך דעֶן נישט וואָס עס שטייט אין
דער גמרא פסחים?7)
אַז צים מייגסטעֶן מיז זעך האַלטין אין דער
מעלה אַ תלמוד חכם
חאָטשי עֶטך זענט נעבעֶן איהר שכנים
עטך זענט דעך אָבעֶר פֿאָרט די זקנים
עֶטך זענט דעך דיא שענצטע פֿין דעֶר גאַנצעֶר שטאָהט
זאָל זעך אָך טרעפֿין אַזאַ נאַרישקייט גראָהט?
צום מייגסטען פֿאַרדריסט מעך אויף אַאַך
ר׳ שמואל ירוחים

---

7) ת״ר כל ת״ח המרבה סעודתו בכל מקום, סוף מחריב את ביתו כי׳ ותלמודו משתכח ממנו כי׳ ומחלל שם שמים (פסחים פ׳ ג׳ דף מ״ט) וכדברים האלה הוסיפו חז״ל לומר א״ר יצחק לא חרבה ירושלים אלא בשביל שהשוו קטן וגדול, שנאמ׳ והי׳ כעם ככהן, וכתוב בתריה הבוק תבוק הארץ (שבת פ׳ ט״ז דף ק״ט ע״ב)

איהר האָט דעך שוין גיטאָהן אַמאָהל גאַנץ
שיינע שידוכים
איהר האָט דעך דאָס היא דעם גרוסען שם
פאַר אַ קליגין
צום סוף שטעלט איהר אַך אַנידער מיט
צירלין קריגין?
אָן אַללעם זענט איר דעך דער היגער חזן
ניא איז דאָס שיין איר זאָלט אַך מאַכין צי בלאַזין?
עך פאַרשטייא נישט, וואָס איז דאָס פאַר אַ ריך
וואָס! מע קריגט שוין נישט אין בית המדרש
קיין שליח?
מענעמט אין בהמ״ד אַ שליח פין ענקער נאמנה
אין מע שענקט עהם אַ פאָר שטיוויל אַ מתנה
ז. 47] אין דער שליח גייט שוין אַלטץ אַן קופין
אָבער נישט עטץ אַליין זאָלט צי צירלין לופין —.
ע הייבין אהן ר׳ שמואל מיט ר׳ שמעיין
אַללעביידע מיט אַמאָהל צי שרייען
הער נאר! אין אַז מע טרינקט שוין יאָ באַ
דער מימע ציריל
בראָנפין אויף דעם האַלבין גיסטעמפליוויטין
קוויטיריל?
ניא! וואָס איז דען נאָך דער מער
וואָס איז! זיא איז עפיס אַ בער?
חלעבין מע מעג טאַנצין אין זינגין
אין טאַקעש האָצקין אין שפרינגין
סאַקיש פיניף הינדערט מאָהל טרינקין לחיים
אַבי עס זאָל נאר זיין אין גאַנצין לשם שמים
אין אַז דיא יונג גייסט דעך אין ציקערניס אַראַן
טרינקסט דעך אָהן מיט ציקער בראָנפין אין ווַאַן
אין ביסט בעלע ווייסט נישט וויא דיא הייסט
פרעג עך דען דעך פין וואַנין דיא גייסט? —.
מעגסט טרינקין זאָגט לייבלי אַפילו מיט אַ גלאָעז
עס האַרט מעך חלעבין בנאמנות גאר נישט דאָס
עס האַרט אַפילו מעך נישט דאָס טרינקין
מיט דעם האַלבין קוויטיריל
נאָר דאָס האַרט מעך פאר וואָס עטץ טרינקט
באַ דער מימע ציריל
ז. 48] עטץ ווייסט דעך אַז זיא איז אַ אלמנה די ממזרת
צום סוף זעט עטץ דעך אַליין אַז זיא איז מעוברת
חלעבין אַללע מענטשין זאָגין
אַז איהר גאַנץ טראָגין
קען אויף קיין אַנדערען אופין נישט גימאָלט זאַן
נאָר פין דיא חסידים וואָס גייען צי איהר אַראַן
עס איז אַפילו נישט פין צי גלייבען
חאטשי עטץ זענט חסידים וויא דיא לייבען
נישט קשה! עס גיפינט זעך באַ איטלעכין באַזינדער
אויך גאַנץ שיינע פאַנע לעכטיקע קינדער —.
גלייב ז״ע. זאָגט ר׳ שמואל גלייב מיר
קיין סאַך וועל עך שוין נישט טענין מיט דיר
וואָרין איך זע דיא האַלסט שוין אויף
אַ שיינעם לַאַט
עס פעלט דיר שוין מיין נישט נאָר דיא שמד
אדרבא זאָג דיא חזיר! עך שמיט [שמיס]
מיט דיר גיטע רייד
אין דיא ביסט אַזאַ גרוסע צרה אַזאַ גרוסע לייד
אַז דיא סטשעקיסט אין בילסט וויא א הינד
אין דיא ווייסט נישט פין דאַן גאַנץ גיזינד
ז. 49] ביזט חלעבין ערגער וויא אַ גוי וויא אַ באַרטיק
ביסט א יונג! ביזט חלעבין שוין אין גאַנצין פאַרטיק
טרייפינער אַפיקורס וואַרט! וואַרט! דיא! דיא!
אין גיהנם וועסט דיא אויך נישט האָבין ריא
דאָרטין וועסט דיא פלאַמין אין קנאַקין
דיא פעלל וועט מען פין דיר אָפּ האַקין.
קיק נאָר אינזער צדיקס צניעות
אין זאַנע אַללע כשרע תנועות
אַפילו דאָס עסין אין טרינקין
איז אויך סאַמע פייער אין פינקין
קודם האָט ער דעך די חזקות
אַז ער פאַסט שטענדיק אַללע הפסקות
נאר אפילו אַז עס איז עהם אַ נויט
אין ער עסט שוין יאָ אַ שטיקיל ברויט
אוי! גייא זעה דעם גפכין פליא
דאָס כשרע וואַשין דער ציא
אין דאָס זאָגין על נטילת ידים
חלעבין עס איז נאָר ניסים מן השמים
עך פאַרשטייא דאָס אויך גאָר נישט אַליין
וויא אַזוי מיר קעננין דערבאַ דער שטיין
ז. 50] דאָס עסין נעבעך פיציל באַ פיציל
פין גאַנצין ברויט דאָס שטיקיל שפיציל
געדירט עפיס אַזאַ לאַנגע צאַט
מע וואָלט גיקאָנט אָפּ גיין צווייא מאָל ווַאַט
אין דער נאָך: דאָס כשרע בענטשין
חלעבין מיר זעממער גאָר נישט קיין מענטשין
נאר סאַממע אַזין אין שטאָהיל
אַז מיר שטייען שוין יאָ אַמאָהיל
אז מיר ווערמער נישט ציגאַנגין פאַר גיוויין
מיר זאָללמער שוין נישט קעננין דער שטיין
אין אַמאָהל אַז ער דאַווינט אָפּ שוין גאַנץ שפעט
אין גייט הערשט עסין, אין טרינקט יאָ
אַ גלעזיל מעט
איז אויך סאַמע סודות אין סאַמע זאַכען
מען טאהר נישט חלעבין אויס דעם הללעם לאַכען
אין ווער שמיסט פין סעודות ראש חודש
אין פין דעם הייליקען שבת קודש
ווען די נשמה יתירה קימט אַהין
מיט איהר שיינעם לעכטיקין פאַהין

איז אויך הלעבין גאָר נישט אויס צי האַלטין
אין אַ מאַזין לאָך מיז מען זעך באַהאַלטין

ז. [51] מען מעג זעך הלעבין פאַרשוועִרין
מעןְ זאָלל דיא קולות נישט צי העָרין.
צום סוף קימט זעָך צי גיין אַזאַ ליידאַק אַזאַ פאַרך
אין איז זעך אויך גרויס, ער איז זעך אויך אַ מנאַרך?
גאָ אַזאַ ליידאַק אַזא פראָסטאָ [ר] יונג?
זאָל אויך אימעדים אראַן שטעקין די צונג.
ווער שמיסט יעך זאָל דיר וועללין דערציילין כסדר
ווען מיר אַללע חסידים קיממעָר צום גיטין
יוד׳ס חדר

בײַ דעם שלום נעמין, אודער באַם גיזעָגינין
וועָן עָר גיט אינך צדה לדרך

איטלעכס חסידיל באַזינדער, איטלעכען פאָדליג
זאַן ערך

איינעם אַ ברכה, איינעם אַ צינעָרנע מטבע׳לי אַ שמורת
דערקענט מען זאַרי׳ס אין זאַנעָ הייליקע ווערטער
אַז אף מיר וועלמער ניצול ווערין אויף דיא
גנבה׳שע ערטער

הן באַ דעָר גרענעיץ פין פולין הן פין קירה.
איז דעָן נישט בעָסער צי גלייבין אין אַזונע קדושים
איידער צי האַלטין להבדיל מיט אַזעָליכעָ אחפרושים
אָט דאָס איז אויך אַ שיינע כפרה
אַזאַ לייד אַזאַ פאַרכיוואַטע צרה
אַ יונג מיט פאַרזירטע פאות
זאָל אינך וועללין זאָגין אויך דעות

ז. [52] ניא מן הסתם זעממער אינך האַנט פין גאָטט
אַזוי ווערט

אַז קייגין וועט עטך דראַביס ליגין שפעטער
אין דעָר ערט

אין אינך חסידים וועלמער אויף אַאַך אַרים ראַטין
מיר חסידימלעך וועלמער לעבין אין עטך!
פאַשאָל פין וואַטין.

אינך מיט אינזער רעָבין וועלמער אין ג״ע זיצין
אין עטך הילטאַיעָס ועָט אין דעָר פינצטער שוויצין
עטך וועט דאָס דאָרטין אין גיהנם לאַדין
קראַנטע צרות

נאָר נישט קשה! עטך מעגט זיין הלעבין
אינזעָרעָ כפרות —.

ניא ענפערט זייא לייבלי משה׳ס אַצינד
אַז עטך זענט טאַקע יאָ נעבעך בלינד
איז טאַקעָ צינד ערט הערשט די רעכטע צאַט
מיט אַזונע חסידימלעך וואָהל גילעָרינטע לאַט
חקירות אַביסיל אָהן צי הייבין צי שמיסין
אין לאָז אַך טאַקעָ וואַטעָר פאַרדריסין.

איינס, האָט עטך דען שוין מיט אַיעָר שכל
דערקלערט[8]
אַז מען משפט דעם גוף מיט דער נשמה,
טאָמעָר פאַרקערט?

ז. [53] טאָמער איז אַזוי וויא דער רמב״ם זאגט
אַז דיא נשמה נעמט מען צום פאַרהערין,
אַי דאָס וואָס אַנטונינוס האָט גיפרעגט רבין
באשר דיא נשמה קען זעך ווערין
אין דער גוף אויך? דאָס האָבין פאַרענפערט
דיא אנשי תורה
וואָס מען מיינט „זורקה בגוף״ איז שוין האַנט
נישט קיין גרוסע מורא
וואָרין וויא באַלד דעָר מענטש פיהלט אין
זעך, עָר איז ריין
מעָג עָר זעָכעָר אָהן שום מורא אויף דעָר וועָלט גיין
עָר דאַרף זעָך גאָר נישט אויס דיא מורות
עָפּיס צי מאַכין
ער דאַרף זעך נישט צי שרעקין ער מעָג זעָך
פין דעם אויס לאַכין —:
אין דאָס אַנדעָרע! לעָהייא איך גיב אַך שוין נאָך
אַז דער גוטער יוד העלפט אַך מיט זאַן שפראָך
נאָר לאָממער פאַרשטיין דאָ אַללע דיא פילאות
צי הייסט דאָס ברכות, אודעָר עָס הייסט גאָר נביאות
וואָרין דאָס איז שווער צום פאַרשטיין,
פון קירעָ [קירה] אַזעָ קיין פולין אַהין
זאָל מען קאָננען קימין, מיט אַ קליין מטבע׳לה
פין אַ שטיקיל ציִהן
אַ חיבעָ מיט כישוף מיט שֵׁדים אַזוי וויא
מעשה מצרים[9]
ניא דאָס קאָן דעָך אַ גוי אויך. איז דעָך דאָס
נישט מן השמים.
אלא דער צדיק בעט צי גאָטט עפיס מיט שימות
ניא אדרבא מוז מער דעך פאַרשטיין דאָס שלימות
לאָממער זעָ אָן הייבין אָהןָ צי נעמין איין
זאַך תחילות
מעָ קען נישט זאָגין אַז דעָם צדיק׳ס ברכות
זעָנגין תפילות

---

8) ידיד יקר! שא נא עיניך וראה. ממרום שמים, מגבהי רקיע, עד תהום ארץ לך הוא אותך המשיל אל לעלות מעלה, לבנות לך שמה עליות מרווחים, לשום עיניך לדעת דרכך אנה תלך. ואיה חלקך אשר חלק לך אל? לך אל הגדולים המה יראוך מקום גבולך —. גם שם מצאו מקום הטעות לאותן שאמרו שצריך שיזדככו הגופות לקבול השכר כ״י (עקרים פ׳ ל״ד מ״ד).

9) כמו שכתב הרמב״ם ז״ל בדרשה שלו שקיבל מהיודעים במלאכת האוב שהדבר ההוא הי׳ נעשה ע״י איש ואשה שעומדים על קבר המת זה לראשו וזה לרגליו ויש להם קשקוש קטן באמצע ואומרים השבעות. ומקשקשין בקשקוש ההוא והאשה רואה והאיש שואל. ואומרים להם העתיד לבא עליהם בקרוב. כמו שהי׳ הענין בשאול —.

ז. 54] ווארין ווערט דען זיין קשה. פאר וואס האט
יצחק גיציטערט 10)
באשר ער האט אוועק גיגעבין די ברכה
אזעליכען וואס ער האט גאר נישט גימיינט.
אין וואס איז עשו געווען אזוי נעבעך פארביטערט
אז ער האט נעבעך פאר זאן פאטער יצחק
מיט הייסע טרערין גיוויינט
אז די ברכה איז נאר געווען א תפילה
פון זאן פאטער
וואלט עהר דען עהם גיקענט נאך אמאהל
בענטשין אין פטור
אלא וועלמער זאגין אז דאס איז געווען נביאות
נישט קיין תפילות
ניא וואס האט ז'ע עשו גיוויינט
העלפט דען זייען פאטערס פעולות?
וואס וועט עהם יצחק העלפין ער האט דעך
דא נישט גיטאהן מיין
נאר דערציילט מיט נביאות ווי אזוי עס וועט
יעקב'ין דער גיין
אלא וועסט דיא זאגן אז דיא ברכות פון אינזער זיידע
איז געווען נביאות אין תפילות באנאנד אללע ביידע
וועסט דיא דעך מיזן מאכין חלוקים
צווישין נביאים אין צווישין צדיקים
אז נביאים טרעפין יא דיא ברכה ציא
אבער צדיקים ווייסין נישט ווען אין וויא
ז. 55] וועט פארט זאן קשה. וואס העלפט ז'ע ווידער
דיא כהנים בענטשין?
אז דיא כהנים זעננין קיין נביאים נישט
נאר פראסטע פרימע מענטשין —.
נאר אז מיר וויל מער דערגיין דעם שמים
גאנץ טיף
מיז מער דערגרייכען דעם דרך מיט אזא פריף
מיז מיר טאקע זאגין אז דעם צדיק'ס ברכה
איז נאר א תפילה
אין דארך דעם צדיק גייט דיא הכנה צי
דעם מקבל הפעולה
אז דיא הכנה פון דעם מקבל הפעולה איז פארשלאפט
קעננין דעם צדיק'ס ברכות געבין אזא
שטארקין קראפט
אז מען הערט דעם צדיק ציא דיא מעניט
דער צדיק ווערט א צינור אין דער מיט
אז דארך זאנע ווערטער וויא באלד דער
מענטש איז עפיס ווערד

10) למי הכבוד? ולמי כל התפארת? הלא לכם בית יעקב, אתם ראיתם כי מן השמים דיבר עמכם אל ואתכם בחר לו לעם סגולה, ובאביכם בחר אל, ולו כבוד ועוז נתן, לשלוט שלטת לברך מאיש עד אשה מעולל עד יונק. שימו עיניכם עתה וראו את המאמר הנפלא הזה, הבינו בו היטב. וינעם לחכך (עקרים פ' י"ט מ"ד).

גייען די ברכות דארך דעם צדיק פון הימעל
ביז ציא דער ערד
האנט איז שוין רעכט. דאס איז געווען
יצחק'ס בהלה
ער האט גיוואלט עשו'ין בענטשין, דאס איז
געווען די התחלה
פליצלינג קימט יעקב אין חאפט עהם אוועק דיא
ברכות פון הינטער דער האנד
דארך דעם האט ער טאקע אויף עשו'ין
גיהאט רחמנות
נאר דער נאך אז אינזער זיידע יצחק האט
זעך דא דערמאנד
אז די ברכות וועגדען זעך נאר אין דעם
מקבל הכנות
האט ער דעך דערזעהין אז דאס זעננין
נאר גאטס פלאות
האבין טאקע גיהאלפין דיא ברכות גאר אן
שום רמאות —.
ז. 56] אזוי האבין טאקע גימיינט דיא כהנים אללע מאהל
ווען זייא האבין גיבענטשט דיא בני ישראל
אז מיט דעם זאללין דיא יודין האבין א הנאה
דארך זייער בענטשין זאל זעך ציהען די השפעה
ניא דאס קען מען נישט ליקינין דאס איזט קלאהר
אז גיטע יודין קעננין העלפין, אזוי גרינק וויא א האר
נאר ווען? אז דער מענטש אליין האט אויך זכותים,
אבער נישט אזוי וויא א טייל מענטשין
רעדען זעך אן שטותים
אז דאס לופין דעם רבין פינף מאל א קייגען
אין דאס ביסיל בראנפין שריים פון קעלישיקיל נייגען
אין דרייא מאהל צי מאכען דעם רעכטין קנאק
דא קריגט מען אהן חסידות א פיללען פאק
ניין! אזא חסידות איז אזוי ווי דער
ציגאנגינער שנייא
עס איז פינקט אזוי פיהל ווערט וויפיל איין
אויס גיבלאזין אייא —.
אין ווידער נאך איינס וועל עך אייך עפיס פרעגין
א פאר קינצלעכע הייליקע חסידישע וועגין
נישט עפיס קיין גרויסע ווינדערלעכע דרשה
נאר צווייא ווערטער וואס עס איז מיר דא קשה
ווארין דיא מחקרים שמיסען דערפין חמרים חמרים
אין זיירע גרויסע הוקרישע ספרים
ז. 57] ווארין זייא איז דאס אויך שטארק קשה
פאר וואס דער גרעסטער הילטאי דער רשע —.
ר' שמעי' הייבט אהן צי שראיען גיוואלט
אוי! שמואל, לאממער אנטלופין אין ווילדין וואלט
וואס וועלמער דא הערין תורות פון דעם קאלער
די פאסקיצטווע פון דיא טרייפינע מאלער
וואס טויג אינץ דיא קליפות דיא פגרים

וואָס! אינץ וועלמער דאָ הערין פין זיירע ספרים?
דיא ווייסט נאָך נישט פין דער תורה, דעם
צדיק'ס פין ז'דאָניב 10)
אין דער תורה אין דער הייליקער פרשה
א"ם במחת"רת ימ"צא הג"נב
זעריס דיא צווייא ווערטער אין דער אַנדערער שורה
עס איז גאר הפלא ופלא אָבער טאַקע גאר א גבורה
ז. 58) האָט אינזער צדיק אַזוי גיזאָקט. דער מענטש
איז אַ מסוכן
אַז ער הייבט אָהן דיא אפיקורסים אין מאָהל
אראַן צי קיקין
עס קען דעם מענטש ח"ו אַזוי גראָטין
אַז גאר אימגערין זאָל עס עם שאָטין
נאר ווען? אַז מען הערט פין דיא אַפיקורסים
איין וואָרט
קאָן מען שוין בלאַבין ח"ו איין אַפיקורס
אויף דעם אָרט —.
לייבלי האָט אָבער פאָרט זייער גיגערין
דיא חברה חסידים זאָללין עהם צי הערין
ריפט עהר זייא ציא. הערטץ נאר אויס אין גאַנצין
עטץ וועט הלעבין פין מאַנע אמת'ע ווערטער טאַנצין
האָרכטץ נאר אין גאַנצין, האָרכטץ נאר ביז
צום גאַנצין עק
געפעלט עס אייך נישט מעגט עטץ מיר שפּייען
אין פנים קלעק
לאָממער נאר קריג גיין צי אינזערע דברים
נאר גילאסין! ווילטץ נאר פארשטיין דיא מאמרים
וואָרין דער עיקר איז זייא נאר דאָס קשה
פאַר וואָס דער הילטאַי דער גרוסער רשע
חאָטשי ער זעהט, ער האָט זעך דערמאַנט
זייער שפּעט 11)

אין דעסט וועגין בעט ער זעך פאָרט צי הש"י
מיט אַ גיבעט
ז. 59) העלפט עהם גאָטט אַליין אָדער דאָרך אַ מלאך
אַ ממונה
ניא דאָס איז דעך אַ גרוסער טעות
וויא אַזוי קען געמאָלט זען אָטאַדאָס
וואָס טאַטש! באַ אינזער גאָטט איז דעך
נישט דאָ קיין שינה
דאָרך דעם זאָגין זייא אַז דיא תפילות
צי הש"י איז גאָר מעזיסט עס טיט גאר
נישט קיין פעולות
גאָר אַז מען וויל קען מען גיפינין אַ תירוץ אַ גיטין
מען מיז אַזעליכע מענטשין אויס וואַזין
זאָללען זעך נישט האַלטין אין דיא גראַזין,
וואָרין דאָס זעהין מיר דאָך שטענדיק אַללע מעניטין
אַז נאר דיא זין אַליין
שאַנט אין הימעל גאַנץ שיין
נעם ז'ע אַ קעגין דער זין אַ גרין גלאָעז
ווערט דיא זין גאָר גרין וויא אַ גראָעז
ניא זאָגט ז'ע איז דען דיא זין גרין
וויא קימט איהר לעכטיקייט אַהין?
מיז מען דעך זאָגין ניין דיא לעכט בלאַבט לעכט
נאר דאָס גרינע גלאָעז מאַכט דאָס אין גאַנצין
שלעכט
וואָרין והא ראיה בייג דעך פין גלאָעז אַוועק
אין הייב אָהן צי קיקין אויף דעם אַנדערין עק
ז. 60) וועט דעך דיא זין ווערין גאַנץ שיין
טאַקע אַזוי וויא פריהער לעכטיג אין ריין —.

---

10) כך שמעתי מפיו הקדוש והטהור פירוש על פסוק הזה א"ם במח"תרת ימצ"א הג"נב וכו' כי זאת ידוע לאנשי בין, ולכל איש אשר עיניו ראו בספרי מוסר ובספרי קבלה, כי הנשמה עת רדתה על התבל מתחת כסא הכבוד אשר שם מקום מחצבה, ותכנוס בהגוף הגשמי הזה, בכה תבכה ובמר תילל, ולא תחפץ לשום משכנה שם בהגוף, עד אשר הש"י יבטיח לה אם תיטב בעיניו ותעשה ככל מצותיו אשר צויהו אותה, אז תנחל עוד מעלה יתירה, ותעלה על מדרגת גדולה עד למדרגת מלאך ולזאת כנוהו ירידת הנשמה בשם גניבה. יען תגנוב ממקומה ומילת בידו ברשותו כמו ויקח את כל ארצו מידו. וכך המשך הפסוק א"ם ה"מצא תמ"צא בי"דו הג"נבה היינו שהוא הי' חייב בה שלא שמרה כדרך השומרים. מט"ור ע"ד חמ"ור ע"ד ש"ה היינו אף כי בשגגה עשה זאת כשור או כחמור או כשה שהוא הפחות שבמושכלים כידוע. חיי"ם שנ"ים יש"לם היינו שיגלגל על העולם הזה שני פעמים, לתקן דרכיו ולטהר מחשבתו לעבודת הבורא באימה וביראה.

11) המאמר הזה הובא (בעקרים פ' י"ח מ"ד) באמרו שם כי זאת היתה טענת איוב כי הוא ג"כ נטה לדעת האומרים שלא תועיל התפלה לשנות מלא רצון לרצון. כי אמר איוב בשפתיו מה שדי כי נעבדנו? ומה נועיל כי נפגע בו? (איוב כ"א ז') —. ובשכלו הזך דחה טענתם בדרכים אחרים, ואנכי אף אם קטנתי, ירדתי במים אבירים, בשבילות הימים עברתי, ודחיתי דבריהם בטענת אחרים, כאשר עיניך יחזו מישרים — הצעיר באחיו. שמתי לב לדעת ביאור המאמר הזה אשר הובא גבבראשית רבה פרשה ד') על טענת כותי אחד שהכחיש מציאות הנבואה שהיא שפע מהשם אבל הי' חושב שהוא פועל חזק אשר יפעל הכח המדמה ברעיונות איש ותצייר לפניו דמיונות שונים משונים לכן פעם יראה אותו גביא אהד בתמונת נשים אמר זכריה והנה שתים נשים יוצאת ורות בכנפיהם וגו' (זכריה ה' ט') ויש שיראו בצורות שיש למלאכים גופים גדולים ונוראים. אמר דניאל וגויתו כתרשיש ופניו כמראה הברק ועיניו כלפידי אש וגו' (דניאל י' ו') וכמו כן חשבו הפילוסופים והנמשכים אחריהם — אמרו שם שאל כותי אחד את ר' מאיר אפשר מי שכתב עליו הלא את השמים ואת הארץ אני מלא הי' מדבר עם משה מבין שני בדי הארון, אמר לו הביא לי מראות גדולות והביא לו, ראה בבואה שלך הסתכל וראה אותן גדולות, אמר לו הביא מראות קטנות וראה בבואה שלך ראה אותן קטנים אמר ליה ומה אתה שאתה בשר ודם משנה עצמך לכמה גוונים בכל שעה שאתה רוצה, מי שאמר והי' העולם על אחת כמה וכמה. את המאור הזה הבינותי נגדו שמתי פני ומשם שתיתי לרויה ומציתי דבש ומתוק והעליתים על לוח למען יעמדו נגד עיניך לראות הנועם גבר איך ברגע אחת יהפך לאיש אחר ויפלל לאל מרום ישמע אל שחקים ויאזין לקולו כי חפץ חסד הוא —.

אַזוי זאָגט מען דאָ אויך, גאָט'ס גיטץ
שאַנט אַזוי לעכטיג אַזוי וויא דער בליץ
גאר דיא זינדיקע רשעים
מיט זייערע מעשים הרעים
נאר זייא מאַכען פינצטער דיא לעכטיקע שײַן
גאָטס גיטץ קען נישט שאַנין צי זייא אַראַן
אָבער אַ קייגען אַז זייא קערין זעך צי גאָט צירִיק
חלעבין אַזוי געך אַזוי גישווינד וויא אַ אוגין בליק
הערט גאָטט ציא זייער געשרייא
אין קערט זעך איהם תיכף צי זייא.
ניא דאָס איז רעכט אַז דער מענטש אַליין
קלאָגט זעך פאַר גאָטט מיט אַ גרויס גיוויין
האָרכט גאָטט ציא טאַקע דיא קוֹלוֹת
אין הש"י איז דעך טאַקע אַ בעל יכוֹלת
איז טאַקע דיא תשובה אַ רפואה
אין דער מענטש ווערט הערשט אַ בריאה
וואָרין דער מענטש האָט דעך גיהאַט
אַ מחילות עֲוֹנות
עס איז גיוואָרין שגגות אויס זאַנע זדונות —.

ז. 61] אָבער אַז דער מענטש אַליין איז גאר בלינד
ער וויל נישט חרטה האָבין אויף זאַנע אַלע זינד
צי הש"י וואָס אויף דעם הימעל וויל ער
זעך נישט בעטין
אין אין דרך התשובה וויל ער בשום אופן נישט טרעטין
איז דעך דיא תשובה אין גאנצין נישט מיין
נאר דאָס וואָס ער גיט דעם רבין אַ גילדין אַליין
דאָס הייסט בא גיטע יודין דער פדיון הנשמה
אָבער דער מענש טיט וואַטער עֲבֵרות ביד רָמָה
ער וויל זעך נישט אַוועק בייגין פין זאַן
שלעכטיקייט
ניא! אדרבא זאָגט עטץ! צי וואָס טויג דאָס
נאַרישקייט?
אין אַז דער גישלייערטער רבי גיט זעך יאָ
אַ קראַץ בא דער קיללע
העלפט דאָס? וויא מיינט עטץ! איז דאָס עפּיס
אַ שטאַרקע פעולה?
אוי! פינצטער זענין דיא יאָהִר אין דיא טעג
דעם וואָס ער גיוויינט זעך צי גיין אין אַזאַ וועג
פאַרשטייט ער דען נישט אַליין אַז דער פדיון
מאַכט גאָר נישט גיט
עס איז נישט מיין נאר דער גיטער יוד
נאָגט אויס דאָס ביסיל בליט
זייא קענין מאַכען דיא מלאכה גיט גאַנץ קלִיג
אָבער העלפין! מכות! פינקט אַזוי פיהל וויא אַ פלִיג
אוי! דער עולם אטייל זענין פאַרשאַרט
אטייל זענין ווידער נעבעך זייער פאַרנאַרט

ז. 62] אוי! דער מענטש אַליין וויא וואַט ער קען
זאָל זעך ראַטיווין וואָרין וועט דען 12)
עס וועט דעם מענטש נישט העלפין אַפילו זאַן יורש
אין מכלשכן צי געבין דעם רעבין דאָס ביסיל חוריש
וואָרין אַז מען גיט הוריש טויג נישט אין צווייען
דער מענטש ווערט פאַר ערט ער קען זעך
נישט דרייען
וואָרין ער מיינט דעך אַז מיט זאַן ביסיל תורה,
וואָס ער הערט באַם רבין, דאָס איז שוין דיא
גאַנצע סחורה
אין וואַטער דאַרף מען שוין נישט מיין
ניא! בלאַבין דעך דיא עברות וואַטער שטיין
אַזוי! וויא דאָס גאַנץ גרינגע גראָזע
ווערט עס פאַרוויעגזעלט פין איין בלאָזע
אַז עס קימט אין מיטטען זימער אַראַן אָדער
אַ ביסיל שפעטער
ווען עס פאַלט אָהן אַשנייא אָדער עס קימט
אהן אַ שלעכטער וועטער
אַזוי נעבעך אַז עס קימט אינץ אין דיא
לאַנגע יאָהרין
בעג מען שוין אין גאַנצין דאָס לעבין גאר
פאַרשפאָרין
דיא צווייא פיס קענין שוין נישט גייִן
צום עסין איז שוין נישט דאָ קיין צייִן

ז. 63] אוי, עס איז שוין נעבעך פינצטער דיא יאָהר 13)
וויא גיפינט זעך גאָר אַ ביסיל כח נאָר וויא אַ האָער
אַט וויא איז דאס דער גיזינטער יונג
וויא איז דאָס דער גאַנץ הוכער שפרינג
פאַרפאַלין מען איז שוין דענצמאָלט נישט
קיין בריאה
אָט אָטאַדאָס איז נעבעך אינזער גאַנצע קריעה —.
אין מיטטען קימט אַראַן צי גיין דער משרת
לייבע בער
אין זאָגט צי לייבלין. קימט אהיים וואָס האָט
איהר דאָ פּער?

---

12) זאת היתה מענת צופר: צופר הנעמתי בהיותו מאשים את איוב שלא הי' מתפלל לאל להצילו מרעתו, אמר לו אם אתה הכינות לבך ופרשת אליו כפים אם און בידך הרחיקהו (איוב י"א י"ג) כלומר אם תכין לבך להתפלל ולתקן מעשך, אין ספק שעל ידי התפילה תנצל מן הצרות אשר סבבוך ויתבאר מזה שהתפילה וכשרון המעשים מועילים לבטל הגזרות הרעות, וכן אמרו רבותינו ז"ל (ראש השנה י"ז ע"א) יפה צעקה לאדם בין קודם גזר דין בין לאחר גזר דין, עיין כל זאת בעיקרים (פ' י"ח מ"ד).

13) תניא ר' שמעון בן אלעזר אומר עשה עד שאתה מוצא ומצוי לך, ועודך בידך, ואף שלמה אמר בחכמתו, וזכור את בוראך בימי בחרותך (קהלת י"ב) עד אשר לא יבואו ימי הרעה אלו ימי הזקנה כי' (שבת קנ"א פ' ק"ג) וצתה שימו עיניכם מה יש לנו לעשות בעודנו בחיים, ובעוד הגוף על משמרתו וחסד ד' שומרהו טרם יקראהו רוע הסדר כי יחלה וירופפו העמודים וקירי הבית ינטו לנפול.

דיא קאַממער גוים מאַכען גאָר דאָרטין
אַ גאַנצע רעוואָליציע
זייא ווילין בשום אופין האַנט נישט מאַכען
אינזער עקספּעדיציע
עך ווייס נישט וואָס דאָס איז? זיי האָבין נישט
וואָס צי זאָרגין
אין איהר ווייסט גאָרנישט פֿין דעם, אַז לאַבטשע
מסור קימט מאָרגין,
ניא וואָס טוגין זייא אַך וואָס טויג אַך דאָ
צי פּאַר זאַמען
לאָממער בעסער גיין אַהיים דאָס ביסיל סחורה
אויף ראַמין
דאָרך אַזונע פּאַרכעס זאָל זעך אויך אַך טרעפין
אַ סיבּה?
וויא קימין זייא צי אַך? לאָזין זייא גיין הייצין
די גריבה.—
לייבלי גייט זעך אַוועק אין לאַכט
אין בעט זייא זאָלין קימין באַ נאַכט
ניא אַז לייבלי האָט זייא דאָ אַזוי גיקלאָגט
האָבין זייא דעך עהם פּאַר בושה צי גיזאָגט
ז. 64] אַז זייא וועלין שוין קימין אַליין
שפּעטער נאָך אָנבאַסין צי גיין.—
לייבלי האָט זעך מיט דעם גאַרטיל אַרים גיבינדין
אין איז זעך אַוועק גיגאַנגין מיט דעם משרת,
זעננין זייא ביידע איבער גיבליבין אין גרוסע צרות
נעבעך אין גרוסע ע״נ 1) אין נעבעך אין
גיהאַקטע ווינדין
זאָגט ר׳ שמואל צי ר׳ שמעין, איהר ווייסט
גאר נישט פֿין יעקעלס פֿאַרמעגין?
ער האָט דעך דאָס הערשט האַנט באַקימין פֿין
קייסער פֿערווילעגין
אויף אַ גיחתמטין בוגין פּאַפּיר פֿין דעם
פֿערשטס האַטידאַנט
אין אינטער גישריבין מיט אַ חתימה פֿין אינזער
קייסערס האַנט
אבער ווייסט איהר אויף וואָס? ער זאָל אָפּ
שפּרעכין עין הרעות
דיא גישעפֿט איז נישט קיין קליינקייט, דאָס
איז נישט קיין קיטאָעס,
אין איטלעכער זאַך דערקענט מען גאָטס גבורות
האַנט וועט הערשט יעקיל אָן קלאָבין אַ עשירות
אבער זעט איהר! גאָט שיקט פּאַר דער מכה
דיא רפואה
דאָ זעט מען אַז נאָר פֿין זאַן ליבען נאָמין
קימט דיא ישועה
פֿליצלונג דאַרף ציקריגין אַ עין הרעה, דיא
דינסטמאַהט רעכיל

1) עגמת-נפש.

אין דער קינדבעט ווען זיא האָט גיהאַט דעם זין
מעכיל
אין זיא זאָל עם דווקא האָבין פֿין אַ חסיד
אַ גרויסען בעל יושר
אין דער ציא, זאָל נאָך דער ערליכער חסיד
זאַן אַ עושר
אין זיא האָט בדאַריפֿט דווקא צי זאַן קראַנק
נאָר צום שטאַרבין
אין אינזער יעקיל זאָל איהר העלפֿין עפּיס
מיט אַ ציריבינעם שאַרבין.
ז. 65] עך ווייסט נישט מיין, נאָר עס איז קיינער
אין שטיב נישט גיבליבין
נאר ער אליין האָט גימאַכט מלאכות מיט
אַ רצועה אין אַ ציצה גיריבין
עך האָב מיין נישט גיהערט נאָר גיריבין
אין גימישט
אין עפּיס דיא דינסט מאַהעט מיר דאַכט זעך
גיקישט.
אין דער חסיד האָט בדאַריפֿט אַן צי קימין
צום יעדניראַל
וואָס ער זיטצט פֿין היא אפשר צוויא הינדערט מאָל
אין דער יעדניראַל זאָל עהם שיקין פֿערווילעגין
אויף דער פּאָסט
יעקלין זאָל נישט קאָסטין קיין גראָשין
נאָר אויף דעם קייסערס קאָשט
אָט! אָטאָדאָס הייסט גיוועזין אַ קינטץ שטיק
גאָר אים גירעכט צי קריגין אַזא גרויס גליק?—
עס הייבט אָהן צי זאָגין דער חסיד ר׳ שמעיה
יעך האָב גרעסערע ניסים גיזעהין באַ דער
מאַהעט חיה
דאָס איז גיוועזין לאָם איך מעך דערמאַנין,
יאָ יום אַ שמיני
האב איך באַ דער מאַהעט חיה גיהאַט גראָעט
אַ ליגה
זיא איז גיוועזין אַזוי שלאַף שוין נישט צום לעבין
אין יעך האָב מיר באַ איהר גינעכטיגט דערנעבין,
עס קימט אַזוי וויא זייגער צוועליף אין מיטען
דער נאַכט
יעך בין מער גיזעסין אַ ביסיל מיט חסידות
פֿאַרטראַכט
פֿליצלונג חאַפּט זיא מעך נאר אַרים, אין נאָר גיקישט
עך האָב אפילו צי איהר גישריגין, עך וויל נישט,
ז. 66] אין עך האָב מיך פֿין איהר אַוועק גיקערט
אָט. וויא, ווען, זיא האָט גאָר נישט גיהערט
עך האָב אפילו גישריגין צי איהר, חיה! אוי!
דיא טיסט דיר אַ רעה
ענטפֿערט זיא מיר אָבער קריק, עך וויל אַזוי
עך האָב פֿאַרט אַ הנאה

זיא איז זעך אַזוי גיזעסין אין האָט זעך נאר
מיט מיר גישפּילט
גיא, אַלטץ איינס הוצאה, האָב עך אויך
אַ ביסיל אַ טעַם גיפֿילט –,
אין דער פֿריא עס האָט אָהן גיהובין צו שאַנין
דער מאָרגענשטערין
דיא דינסט מאָהט חייה שטעלט זעך שוין דיא
שטיב אויס קערין
זעסט דיא! אָטאַדאָס מעג מען שרייבין אויף גאַזעטין
אויס דעם נס וועט שוין קיינער נישט
קעננין שפּעטין
ווארין יעך אַליין בין דעך באַ דער מעשה גיוועהן
אין האָב דיא גאַנצע מעשה מיט מאַנע אויגין גיזעהן
נאר וואָס טויג אינטץ דאַ דער קלעער
אויב דער גיטער יוד ווייסט וועַן אין וועַר?
מן הסתם אַוודאי יאָ וואָרין פאר וואָס ניין
אַז זייא וועלין נישט וויסין ווער דען וועט
וויסין מיין?
קים נאר בעסער דיא האָסט פאַרגעסין מיר
האָבין נאָך אַ חוב
צו גוף צו נעמען אַ נדבה פֿין חיים׳ס וועגען
אינזער חסיד פֿין הרבושוב
קים טאָמער וועלמער עפּיס אַ גיטה נדבה פֿין
זאַניט וועגין פֿולין

דיא זעסט עהם גאָר נישט? ער גייט אים
שווארץ וויא דיא קולין
ז. 67] אוי! ער איז דאָס אַ ש....וואַטע נבלה
ער האָט דעך אַ גאַנץ גיטע פאַרטשיילה
קען ער זיא נישט פאַרזעצין פאַר אַ ברייטיל
מיט פּיטער
אין דער נאָך, חאַטשי עס וועט אינץ טאַקע
זאַן ביטער
אין דעסט וועגין וועלמער דעך מיזין עהם
עפּיס געלד געבין
אין דער ש... גייט אָבער אים עס איז עהם
נישט ניחא דאָס לעבין
חאַטשי אַ חסיד דאַרף אויף דער וועלט אַזוי צו זאַן
עס זאָל אַלטץ זאַן גלאַך, אין אַלטץ זאָל זאַן פֿאַן
נאר אין דעסט וועגין נישט אַזוי פאַרקרימט
אין נישט אים צו גיין אַלטץ אַזוי פאַרפּרימט
דאָס איז אויך שוין נישט האַנט
אַזאַ נער האָט גאָטס אויך פאַנט
הערט איהר! אַז מען טויג זעך דאָ טויג מען
זעך דאָרט
מען מיז אויף דער וועלט זאַן אַ לאַט פאָרט –,
גיא לאָממער בעסער גיין טיהן אינזער מצוה
צו גוף צו נעמען פֿין חיים׳ס וועגין דאָס ביסיל
קצבה!! – – – – !!

פֿאַרשלאָסען דיא אנדערע אַקט.

ז. 68]

# דיא דריטטע אַקט.

ר׳ שמואל, ר׳ שמעי׳, לייבלי, ר׳ ישראל, וואָלף, ישובה בחורים.

אין אַ צווייא שעה קימין זייא צו גיין ווידער
אין זעצין זעך מיט לייבלין נאָך אַמאָהל אַנידער
לייבלי מאַכט צו זייא, גיא יודליך בני רחמנים?
וואָס האָט עטץ עפּיס דאָ אַזאַ שלעכט פּנים? –
אין מיטטען זייער שמיס
נאר וויא אַ מענטש גיט אַ היס
טאַקע נאר וויא מען גיט מיט דעם אויג אַ מאַך
קימט אַראָן שמעריל ישובה בחור אין גיט אַ לאַך
אין זאָגט אדרבא זאָגטץ זאָל מען נישט פאַרדריסין
מיז [מיט] אינזער וואלפין וועלמער אויך שוין
נישט שמיסין
שוין! שוין מיר האָבמער זעך שוין נישט
צו קיינעם צו לעגנקין
וואָלפין האָט מען גיחאַפט מיט דעם וואָס מען
טאָר נישט גידענקין
אַט דאָס איז אויך אַ שיינע כפרה

אַזאַ יונג וואָס ליגט תמיד באַ דער גמרא
איבער אלפסין אין איבער דעם ש״ך
זאָל אויך וועללין טאהן דיא שיינע זאַך?
ז. 69] הינטין אויף דעם בית הקברות
זאָל מען אויף עהם זעהן צרות
האָט ער זעך גינימין צו דער שיינער מלאכה
נאר דאָס איז נאר גיוועזין זאַן גאַנצע מערכה
וואָס יעך בין אָהין גיקימין
אין האָב ערשט אַוועק גינימין
אָבער וואטער ער! ער איז זעך גיוועזין גאַנץ גרייד
דער ממזר בן הנדה איז שוין אפילו גילעגין צו שפרייט
נאר יעך בין הערשט אהין אָן גיקימין צו גיין
איז ער הערשט אַזוי וויא אָן אַ קאָפּ
גיבליבין שטיין –.
זאָגט לייבלי צו זייא, אַהאַ האָב עך דען
נישט גישריגין לאַנק

אַז דער חסיד מיט פּאַנטאָפּיל חאַטשי ער
קנייטשט דיא באַנק
חאַטשי ער זיצט אין בהמ״ד איז ער פאָרט קייסר
דאָס וואָס ער וויל זעך טאָהן טוט ער בסתר
פון דער גמרא, גייט ער זעך אַוועק אין
זאַנגע דרכים —.
וואָס דען מיינט עטץ? זייא זענין נישט
קיין מענטשין זייא זענין מלאכים? —.
נאָר אין דעסט וועגין נעמטץ עהם אַראָן צום פּסק
וועל עך עהם מאַכין אַ משפט אָבער מיט דעם קנאַק
שלמה'לי מיט דעם ריסישין, לופין דאָ גאַך באַנאַנד
אין ברענגין וואָלף'ין צו פירין אינטער דער האַנד.
ז. 70] הייבט אָהן צו שרייען דער ישובה בחור פלטיאל
אַהאַ ער גייט דער בחור! זעט איהר ר' שמואל? —.
דיא צווייא ישובה בחרים גיבין עהם אין בהמ״ד
אַראָן אַ חאַפּ
דער ריסישער ישובה בחור גיט דאָ דעם
גאַנץ הוכין קלאַפּ
שלמה'לי שרייט אַ האַ! אַ האַ! ער איז דאָ!
מען פירט דעם חתן אַ האַ! גיט ברוך הבא
ביזט חלעבין אַ קינצלעכער יונג
נאָר וואַז אינך דאָ אויך די צונג
לאָממער אינך אויך דערקענין אָהן דאַן מאָגין
וואָס דיא גיטער ברידער קענסט נישט פאַרטראַגין
יאָ ביסט גרעכט האָסט גיוואָלט מאַכין דיא קינק
נאָר פאַר וואָס גיטער ברידער גאָר אָהן אינך —.
ניא זאָגט לייבלי וועט עטץ אויס הערין ברידער?
לאַז'ע זאַן שטילל, לאַז דאָ נישט זאַן קיין גירידער
וואַרטץ עטץ וועט דאָ הערין אַ שיינע זאַך
עך וועל עהם דערפער זאָגין זאַן שבח —.
דיא איבעריקע ישובה בחורים וואָלטין זעך
גיגערין וואָלף'ין גישניטין
זאָגין זייא צו לייבלין, זאָג נאָר נישט לאַנג,
לאַז גידירין אַ פּאָר מיניטין
בראַיע דאָ נישט אָהן קיין סאַך נאָר איינס
אָבער עס זאָל זאַן טאָקע עפּיס קינצלעכס שיינס
ז. 71] מיר וועלמער דיר גאָר נישט ווערין
אדרבא מיר וועלמער דעך צו הערין
נאָר זאָג עפּיס מיט שיינע שפּיצין
עס זאָלל טאָקע זאַן קינצלעכע וויצין —.
אין דעם בהמ״ד ווערט דאָ גאַנץ שטילל
ר' שמואל טוט זעך אָהן דיא ברילל.
הייבט אָהן לייבלי צו זאָגין. דער גאַנצער עולם
ווייסין דיא מעשה גאַנץ גיט פון דעם בית עולם
אלטץ וואָס עס איז נעבעך גיוועהן
אין אלטץ וואָס דאָרטין איז גישעהן
אין גאַנצין וואָס עס האט זעך דאָרטין פּעסיערט
אלטץ וואָס דאַנע כשרע הענטליך האָבין גיריר'ערט

נאָר אין דעסט וועגין ביזט פאָרט נישט שילדיג
דערינין
דיא מצוה האָסט דיא אין דער הייליקער תורה
גיפינין
עס איז אַ מצוה צו זעהין זעך צו פּלאָסין
אַבי דעם גוי דווקא גאַנץ גיט אויס צו ראָסין
וואָרין אין דער תורה שטייט לעשות נקמה בגוים
דער מענטש דאַרף צו האָבין אַ זכות מן השמים
ער זאָל קאָננען מקיים זיין דיא מצוה גאַנץ גיט
דווקא צו זעהין צו פאַרגיסין דער גויס
טרייפע בליט
ז. 72] ניא אין דיא האָסט טאָקע גיוואָלט טאָהן דיא נקמות
וואָרין דאָס ווייסין מיר דעך שמא תתעבר ותמות
דאָס ביזט דיא גרעכט האָסט גיוואָלט טאהן אַ נקמה
זאָלסט איר אַוועק נעמין דיא טרייפינע נשמה
עס איז אפילו גאַנץ גרינק
נאָר מען מיז זאַן דערציא פלינק
אָט דארך דעם איז דיר נעבעך גיקימין
וואָס דיא גאַנצע שטאָהט טוט מיט דיר ברימין
חאטשי דיא האָסט גיוואָלט זי אַראָן ברענגין
אין אַ סכנה
דיא האָסט דאָס אָבער גיטיהן נאָר אָהן כוונה,
נאָר אין דעסט וועגין אין אַ גאַנץ קאָרצע צאַט
קענסט דיא ווערין קריג דער אייגינער לאַט
מען האָפּט זעך צו דיא חסידים צירוק
צו גאָטט גיט מען ווידער דעם ברייטין קוק
אין פון האַנט מאהל אהן נעם אויף דיר
אַז דיא וועסט וועללין טאָהן נאָך אַ מאָהל אַ ריר
זאָלסט דיא שוין טאהין מיט גרויס כונה
ווער [ווועט] דיר באַי שטיין דער זכות פון
דער נאמנה —.
ניא אַצינדערט צו ציטס עם אויף דער הולער ערד
אין מאַכטץ עהם דעם פּסק וואָס ער איז ווערט.
זייא לופין דאָ צו וואָלפין ציא אַזוי ווייא
אַ שטאָרים ווינד
מען לייגט דאָ אַנידער דעם יונג אַזוי גערן
אַזוי גישווינד
ז. 73] מען האָט עהם גישניטין מיט אַ שטייגער
אָבער טאָקע צווייא שעה אויף דעם זייגער
איטלעכער האָט אלטץ גיקלאַפּט מיט פּאַנטאָפּיל
מיט שיך
אין די גאַנצע מעשה האָט מען פאַרשריבין
אין ת״ת ביך —.
אַללע ישובה בחורים זעננין צו לייבלין צו גילאָפין
אין האָבין עם גיקישט, גיט! גיט! האָסט
צו גיטראָפין
נאָר מיר בעטען דעך זאָג פּאָר איגזער פרנס החודש
די גאַנצע וואָלף'ס מעשה נאָר סאַממע לשון קודש

מאַקע בעדייא צי וואַרטין ביז זייגער צווייא
ביז דער האָטֶן ווערט געבין אַ עֶרשטין קרייא
אַבי דאָ צי הערין דאַן זיסין שמיס
מיר זאָגין דיר בנאמנות עֶס איז ציקער זיס —.
גיא זאָגט לייבלי אַז עטץ אַליין ווילט דאָ
אויך הַאַרִין
וויל עֶך מעֶך מיט אייך גאָר נישט דאָ שפּאַרין
נאָר האָרכטצע קינדער
דאָס שיינע זיסע ווינדער.

אשיר בשירי
כל אנשי עירי
זקנים ונערים
מלכים ושרים
זאת יָדְעוּ
עיניהם רָאוּ
בפתח השערה
את אבי הנערה
74] אותו שאלו
מה פעלו —.
כל הדברים
פה נאמרים
אשר שמעתים כה
רשמתים עתה פה —.
במקום קבר
נשים וגבר
במקום צר
וגם קר
באין אנשים
רק החפשים
מועד צהרים
השמש בשמים
זרחה ותופיע
במנעלו קרוע
הלום בא
יפיה ראה
עלמה יפיפיה
כגפן פוריה
עיניה כיונים
לחייה כרמונים
נפשו חמדה
בה לצמדה
ביפיה חשק
על פיה נשק
אגורת כסף
חיש בחתף
בהיקה זרק
שינו חרק

ובפיו שָׂרָה
עלמה זרה
בא הלום
פנה היום
נסו הצללים
ירדמו החללים
הבט שמה
מצפון וימה
אין רואה
משוד ושואה
אל תירא
הנה סורה
נשכבה שנינו
על משכבינו
75] צורה עורה
ברננים נשירה
נשמחה יחד
בלי פחד.
כקול רעם
שאגה בזעם
מה המעשה
אשר תעשה
אנכי אחטיאך?
אשלול נפשך?
חסיד אתה
אותך הֲמֵת
הבט על האבנים
שור נא בעיניך
הישרו דבריך
פה אבות ובנים
יחדיו ישכבו
נפשם תדאבו
קולם ירימו
ממיצר[1] יהימו
דמך בראשך
אנכי אהרגך
בזאת אאות
מאלפים ומאות
אם חפצת בי
מי יתנך כאח לי?
הֲמֵר דתך
כאשר אצוך
שער ראשך
ושער זקנך
ופאת זנבך
הסירם מעליך

---

1) אינעם טעקסט — מימצר.

וחלוף שמלותך
ואבא אליך
ואעשה כדברך
ותברכני בברכך.
בנכאה רוח
שפך שוח
אליה התחנן
בזמר ורנן
באמרי זך
בשיח רך
היא עָנָנה
שושנה רעננה!
נא כדברי עשה
או מלפני צא
וילך ממנה
בחרון אפו
וכסף בכפו
ובדרך קללה.

נאך דעֶם זאָגט לייבלי צי פלטאיל׳ין
דיא ווייסט נישט פין מאַן ויכוח מיט שמואל׳ין?
אדרבא זאָג דיא, דיא ביזט דאך נישט קיין נַעַר
זאָג! האָט מען נישט פין דיא חסידים גרויס צַעַר
חאטשי זייא גייען נעבעך קרוע ובלוע
איז פאָרט איטלעכער חסיד באַזינדער אַ צבוע —.
זאָגט פלטיאל ניא אוודאי וואָלף׳ס חסידות
האָב איך גאר נישט צי שמיסין
אַזאַ חסידות וויא וואָלף האָט, וויל עֶך עֶס זאָלל
מיר אין אַ שיסיל קרעֶפלעֶך גיניסין
גיא! וואַל איינעם טרעפט זעֶך אַ עברה איין
מאָהל אין חודש
מעגין נישט זיין אין דעסט וועגין דיא איבעריקע
חסידימלך גאַנץ קודש
נעֶ אַז דעֶר יצר הרע הייבט אָהן צי בריִהֶן
מיז עֶך דעך עהם, זאַן וויללין צי ליפ טִיהֶן
מען קאָן נישט דעם יצר הרע מאַדין
מעֶ מיז פין עֶהם די צרות לאדין
ו. 77] ניא אדרבא זאָגט איהר אליין וועֶט מען
דעם שטראָפִין?
דעם וואָס ער האָט גאר באַ דעֶר גאַנצעֶר
מעשה גישלאָפין
אַז עֶר איז אַזאַ יונג עֶס זאָלל עם נאָר
אויס ראַסִין?
ניא! וועט מען דיא איבעריקע חסידים
אויך שמאַסין? —.
ניין זאָגט לייבלי דאָס איז נאר שילדיג
אַייעֶר חַבוּרֶה
זייא פירין דאָס גאַנצע רעֶדיל אַזוי גלאַך כשוּרֶה

פליצלינג אים צי גיין ביז וואַרמיס מיט מוח
אין דיא נשמות מעלה צי זיין מיט דעם רויך
דאָס פאַרטיק מאַכין גצדירט ביז זייגער דראַיעֶן
אין עֶס דאַוויִנִין אליין גצדירט אַזוי געֶך כהרף עַיִן
אין אַ׳ גרוסער טרינק בראָנפין שטייט
אַ גאַנץ שיינער
אין דער נעֶבעֶן ליגט זעך אָהן גיגרייט אַ
פאָלקעֶ אָן בייגֶער
אין אַמאָהל אַז מען קריגט אָהן אַ חסיד
צום פליקין
חאַפט מען אַ פאָר גילדין אויף אַ סעודות
מצוה תיקון
פאַר די פאָר גילדין מאַכט מֶען אַ עֶס אין
אַ טרינק
דער נאך ווערט מען הֶערשט אַ חסיד
אַ קינצלעכער יונג
דאָס הייסט טאַקע גיאַרביט מיט פאַיעֶר אין שווייס
אין אַז קיינער זֶעֶט נישט מעֶג מעֶן טאהן
אַלדעס בייז
הערסטו! חיא דיא חסידים זאָללין נישט
וואַזִין דיא וועגין
ווער וואָלט דאָס גיטאָהן אינזער גמרא אַ קעגין? (14)
ז. 78] לאָז וועללין אַ מענטש וואָס ער איז פארשלאַפט
איין אַלטֶער מאַן אהן כח אין אָהן קראַפט
אַריבער גיין איבער דעם יַם. פאַלט ער דעך
נעבעך אַנידעֶר
וואָרין וויא האָט עֶר שוין נעֶבעֶך כח,
זעננין אָפ גישלאַפט זאַנע גלידעֶר
העלפט עהם איין מענטש אין פירט עהם איבעֶר
איבעֶר דעֶם שטאַרקין גרוסעֶן וואַסער אַריבעֶר
גליקלעך איז דעֶר מאַן, גליקלעך איז דעֶר פירעֶר
דאָס הייסט גיוועזין איין עֶרלעֶכעֶר רעֶגִירעֶר
קימין זייא אָבער גלַאך
פינקט אין מיטעֶן טַאך
אין דער שיפער קערט אים דיא שיף
אין ער חאַפט זעֶך געֶך דאָ אַרִיף
אין הייבט אָהן גישווינד צי אַנטלופין
אין וויל נישט אויף קיין שום אופַן
אָהן דעם אַלטעֶן גידעֶנקין
נאר עֶר לאָזט עהם דאָ טרעֶנקען
אַזוי פינצטער וויא באַ נאַכט
זאָלל ווערין זיין נאָמען גידאַכט
שטאַרבין זאָל אַזעליכער אין זיין מיטעֶרס בויך
זאָל דען אַזוגער דער ציא נאָך לאַנג לעבין אויך?

14) אמר רב המנונא לא חרבה ירושלים אלא בשביל שביטלו בה ק״ש של שחרית וערבית שנאמר הוי משכימי בבקר שכר ירדופו (ישעיה ה׳) וראה בעינך כי חז״ל הרחיקו זה הדרך מלכת בו (שבת פ׳ טז דף קט׳).

בעסער איזט עהם איידער ער ווערט גיבורין
נאך וואָס זאָללין מענטשין דאַרף זיין האַנד
ווערין פֿאַרלוירין ! —.
ז. 79) אַזוי זעננין אַללע אינזערע לַאַט
אָט ! אָטאַדאָ נישט זייער וואַט
אויף דעם שאָסעי, אויף דעם גאַנצין טראַקט
זעננין די גיטע יודין פֿיל אין פֿיל אַן גיפּאַקט
אָט ! דיא לַאַט קענען דאָס דעם מענטש
אַביסיל פֿאַרבלענדין
זייא חאַפּין עם אַראָן ער זאָל זעך שוין
נישט קערין אין ווענדין
עס לויפט אָבער צי זייא, סאַי דער אָרימער
סאַי דער ראַכער
אין זייא פֿאַרפירין שוין דעם מענטש אין
דיא טיפע טאַכער
זייא מיט זיירע גנבה'שע המצאות
ברענגין אויף אין דאַווינין נאַיע נסחאות
לאָם מען אַן קיקין אין מורה אויב מען
מעג טאָהן דאָס (15
ער שרייט אויף דיא מענטשין, וואָס גייען
מיט דעם טעות —.
הערסטו זאָגט ר' שמואל דאָס איז דעך מאַן
גאַנצע שאלה.
וואַרט ווערט איהר זעהין אַז אין קליינע וואַלע
וועללין זעך צי נויף קימין דאָס גאַנצע רימעל
אין וועללין האָצקין אין שפּרינגין ביז צום הימעל
ז. 80) אין בסתר אַז עס ווערט נישט זעהן קיינער
וועללין זייא זאָן פֿאַנע יונגין מיט ביינער
אָבער אין זיירע הערצער איז גאָר לער
זייא ווייסין גאָר נישט וואָס אין ווען אין ווער
אוי ! אַזאַ וויסינשאַפֿט איז נישט גיטק
נישט דאָס הייסט גיוועזין דער רעכטער שפּיץ
נישט מיט אַזאַ עבודה קימט מען לשערי שחקים
דאָס איז דעך דאָס קלענצטע פֿין דיא פֿיר חלקים
וואָרין עבדות [עבודת] הבורא איז אין פֿיר
חלקים איין גיטיילט
יעדער מענטש פֿאָדליג זיין שכל האָט זעך
אַ חלק אויסדערוויילט

15) בזה האריך המורה בפרק נ"ט מח"א ובהרבה פרקים קודם לו וז"ל הנה כבר התבאר לך שאין כל מה שתמצאהו מן התארים המיוחסים לשם בספרי הנביאים ראוי לנו שנתפלל בהם אך את זאת אשר תיקנו אנשי כנסת הגדולה בתפילה, וזאת מותר לנו להתפלל בהם, ולא כמו שעשו הפתיים באמת אשר המריצו בשבחים והאריכו בתהילות והרבה דברים בתפילותי חברום ומליצות קבצום להתקרב בהם לבורא, לפי מחשבתם יתארו הבורא בהם בתוארים אלו יתואר בהם אחד מבני אדם הי' ח(ס)רון בחוקו וכו' עד אבל חרוף וגדוף בשגגה מן ההמון השומעים ומן הפתי ההוא האומרם עכ"ל ועיין בכוזר מאמר שני סי' ב' פירוש וכונת התארים, — רב לך אחי !

איז דאָס ערקסטע פֿין דיא פֿיר אַז דער
מענטש איז פֿאָהעל
נאר דאָס גאַנצע עבדות שטעקט אין דיא הענט
אין אין מאָהל — *)
דאָס בעסטע איז פֿין דיא אַללע פֿיר
אַז דער מענטש עפֿינט זעך אַ טיהר
אין הייבט אָהן צי קלערין מיט שכל אין מיט זינין
אָט, אַזוי ווערט מען קעננין עבדות הבורא גיפֿינין
אָבער נישט אַז דער מענטש גייט אויף דעם מאַריק
אין קריכט אים אויף דעם גרעסטין טאַריק
אין גייט אויף דער בריק
אין גיט זעך צי גאָט אַ קיק
גאַנץ פֿלייסיג גאַנץ פֿלינג
איז ער זעך דאָ אַ קינצלעכער יונג.
ז. 81) אַללע מאָהל אַללע מעניטין ריפֿט ער גאָט אָהן
ער האָט אַ שטאַרקע אמונה אַז גאָט ווערט עהם
דאָס טאָהן
אין ווערט עהם דאָ אָהער צי שיקין אַ כשרע מציאה
אַ גוי מיט געלד ער זאָל זעך דאָ אויסרעכטין
אַ קריעה
אין אפילו אַז ווערט עהם קימין אונטער דער האַנט
איינעם [איינער?] פֿין דיא בני ישראל
זאָל ער עהם אויך אויס ראַסין, אין אַ גוי
מעג זיין אפילו אַללע מעניט אַללע מאָהל
ניא אדרבא מעג מען דאָס טיהן ? נאר טעות גוי
איז מותר
אָבער ניט אַוועק צי גזל'ן, דאָס וואָס דער גוי
אַרביט שווער אין ביטער
הייבט אהן צי קלערין פֿין ווען אָהן ער
ווערט געבורין
ביז וואַנין ער ווערט נעבעך פֿין דער וועלט
פֿאַרלורין
דיא ביטערע אַרבייט אין דאָס גרוסע מיא
צים סוף קימט דער יוד אין נעמט דאָס עהם צוא —.
נאר דאָס איז אמת אַז אַ מענטש פֿאַרגיסט
זעך זַאַן בליט
אין האָט גאָטט אין זין אָבער טאַקע אמת'דיק
אַללע מעניט
מיט דעם הייסט מען גיוועזין פֿרים
דער וועג איז גיט, דאָס איז נישט קרים
מיט דעם האָט גימיינט דער נביא אלקים
והשיבות אל לבבך כי ד' הוא אלקים (16 —.

*) לך אל הגדולים חקרי לב המה יגידו לך הדרך אשר תלך בו כי דעתם שאין שום שלמות נתנה שיהי' מושג לשום נברא אלא במעשים, ויסתרו דעת הפילוסופים שאומרים שתכלית מן האדם הוא השגות המושכלות לבד (עקרים מ"ג פ"ג ופ"ד) ש"ם ש"ם ק"ו.

16) יקירי ! הצבתי לך ציונים הורתיך הדרך להקל מעליך העבודה, כי אם יבאו דברי אלה בלבך ותחשוק למצאם כתובים במקומם,

ז. 82] דאָס איז גיוועזין דער עיקר צווי מען זאָל
נישט דינין קיין מלאך[17].
נישט צי דעֶר זין, נישט צי דער לבנה.
חאטשי זיא איז אַ מהלך
חאטשי אין הימעל לאַכטין זייער שיין
דיא זין אין דיא שטעֶרין
זאָל זעך פאָרט דעֶר מענטש צי דיא מהלכים
נישט קערין
אין ווער שמיסט אַז מען טיט נאָך עבודית
צי איינס פין דיא אַללע ארבע יסודת
דער איז דעך אוודאַי אַ נער
פין דעם האָט מען דעך אוודאי צַעַר
חאטשי דער מענטש פאַרשטייט אַז גאָטט
איז נאָר איינעֶר
חוץ עהם איז שוין נישט דאָ אויף קיין
שום וועֶלטין קיינעֶר
אין דאָרך גאָטס הַאַנט ווערט אין גאַנצין געֶפירט
אהן עהם וועֶרט נישט קיין שום גלגל
פין אָרט גערירט
הייסט פאָרט דער עובד אַ פשוטער בור
אַזאַ עבדות האָבין גידינט אנוש'ס דור —.
אָבער דאָס הייסט נישט גיוועֶזין קיין חסידות
אַז מען עסט דווקא פיניף מאָהל שלש סעודות
באַדייַא גיגַנבינין אין צי ראַסין
אַבי צי געֶבין דער קישקע אָהן באַסין
ניין חלעבין! נישט אַזוי האָב איך גיהעֶרט
אַזאַ חסידות איז אַ זאַצמעֶר מוחל ווערט
אזוגער הייסט נאר אַ חסיד אַ פרעֶסעֶר
איידעֶר אַזאַ חסידות איז שוין דער טויט בעֶסעֶר
ז. 83] אַזאַ חסיד הייסט נאר אַ פרעסער אַ קל
אט אַזאַ חסיד דריקט אינץ אָפּ דיא גאַלל
וואָרין וואָס קימט מיר דערויס פין זאַן וויינין
אין קלאָגין
אַז ער קיקט נאר אויס אין גאַנצין עֶפּיס
אוועֶק צי טראָגין
הערסטו פלטיאל! דיא האָסט שוין גיהעֶרט פין מיר
קיין פיניף מאָהל דאַרף עֶך דעֶך נישט צי
זאָגין דיר
נאר נאך אַ פאָר ווערטער מעגסטו פין מיר העֶרין
ווערסט דיא וויסין וויא אָהין דער מעֶנטש
זאָל זעֶך קעֶרין
הערסט דיא! באַ אינץ אין דער הייליקער תורה

אם לא תמצאם תקלל אותי ואת ספרי באמרך הגם זה בא אלינו להשתגע ולהרבות דברים אשר לא כדת, לכן יקירי וידידי! לך אחריהם ותמצאם על מקומם, ממילת „אבער זאַן הארץ" עד „והשיבות אל לבבך" (חובת הלבבות פ' ב').

17) ממילת „דאָס איז גיוועזין דער עיקר" כו' עד „אנוש'ס דור" (היא ברמב"ם עכו"ם פ"ב)

וואָס זיא האָט אינץ גיגעבין דער הייליקער בורא
שטייט אַזוי! האָב ליפּ דאַן חבר אַזוי וויא
דאַן לעֶבין
פאַרגין עהם וואָס גאטט האָט עהם נעבעך גיגעֶבין
לאָז זעך דיין גיטער פריינד מיט דיר דעֶרנעֶרין[18]
קיין שנאה אין קיין שלעכטע רייד זאָל עֶר
פין דיר נישט העֶרין
זאַי עהם נישט מקנא אין זאַננעֶ אַללע זאַכעֶן
אַז ער ח"ו פַאַלט זאָלסט אויס עֶהם נישט לאַכין
זאָלסט נישט האָבין אָן עהם אַ נקמה
וואָרין עֶטץ ביידעֶ האָט איין נשמה
אַזוי ווי יעֶנעמס סוף אַזוי וועֶט זַאַן דאַנעֶר
אין אַזוי וויא דאַנעֶר וועֶט ווידעֶר זַאַן מאַנעֶר
ז. 84] וואָרין סאַי דעֶרש [דער?] מענטש סאַי דאָס פערד
ליגין ביידע נאָך דעם טויט אין דעֶר ערט
נאר מיט איינעציייציקע זאַך איז דער מענטש בעסער
מיט דעם איז דער מעֶנטש פון דער בהמה גרעסעֶר
דעם [-דער] מענטש האָט אַ נשמה איז זי הייליק
וואָרין דער מענטש האָט אַ צלם פין גאָטס חלק
דיא האָסט אוודאי גיהעֶרט, ווען דער גר איז
גיקימין אַראַן
צי ר' הילל הזקן אין האָט גיוואָלט ער זאָל
עהם מגייר זיין
נאר עך וויל אויף דעם אופין
איך זאָל מיר קענין עולם הבא קופין
אַזאַ לאַנגע צַאַט וויא מען שטייט אויף איין פיס
ניא אדרבא וואָס האָט ר' הילל גיעֶנפעֶרט
אויף דעם שמיס!
האָט עהם ר' הילל נאר מוסר גיוועזין איין כלל
די זאַך קעֶן מען נישט באַצאָלין מיט קיין שלל
דער כלל איז טאַקע קארץ אָבעֶר פַאַן
דאָס גייט גיט דעם מענטש אין קאָפּ אַראַן
„האָב ליפּ דיין פריינד ווי דעֶך אַליין"
מיט דעם כלל ווערסט דיא שוין בדרך הישר גיין
לאָזען נאָר זאַן דיא ווערטער באַ דיר טאַיעֶר
ווי גאָלד
ווערסט דיא האָבין עולם הבא, אַזוי וויא דיא
אַליין האָסט גיוואָלט —.
ר' שמואל! אָט די פאר זאַכעֶן העֶרס
וואָרין יעך האָב שוין לאַנג גיקלעֶרט
ז. 85] וואָרין דאָס קאָן מיר קיין מאָהל נישט אין
קאָפּ אַראַן
עֶך זאָל זאָגין, אַז אַ מענטש וויל קונה
עולם הבא זַאַן
מיז ער מקיים זיין דיא גאַנצעֶ תורה דערפעֶר

18) ממעשה הגר שבא לפני ר' הילל תמצא בשבת (פ' במה מדליקין דף ל"א) והן הדברים אשר אגלה עתה באזניך —

אָבער מיט אַטײַל מצות איז צי ע״ה צי קימין
שוועָר

זאָג זע מיר, וואָס האָט האַנט דעָר מענטש אַ ניץ
חאָטשי ער טיט אויף דער וועָלט טאַקעָ
אַביסיל גיטץ

אָבער דאָס ווייסט דעָך פאָרט יעדער קינד
אַז איטלעָכעָר מענטש מיז האָבין זינד

איז דעָך האַנט, אַפילו מעָן האָט זעָך אַביסיל
מצות מיט גינימין

קען מען אָבעָר פאָרט מיט דעם ביסיל נישט
צי עולם הבא קימין

וויא איז ז׳ע האַנט אינזעָרעָ חכמים׳ס הבטחה?
אַז יעדער מענטש מיז האָבין בעולם הבא
אַ הצלחה —. *)

אין מיר זאָללמעָר ווען ווידער ציריק שמיסין
אַז מען קאָן אויף יענער וועָלט אַ זכות גיניסין
אַפילו מיט אַטײַל מצות דאָס איז אויך גיניג
אין דאָס איז טאַקעָ אינזערע חכמים׳ס קריג 19)

ז. 86] אַזוי קען מעָן אויך נישט זאָגין, אַזוי איז אויך
נישט ווערט

וואָרין דאָס וועט זיין קשה, נאָך וואָס האָט
אינץ הש״י באַשוועָרט

מיט דער גאַנצער תורה וואָס זיא איז אַזוי לאַנג
אַזוי ברייט

אַז מען קאָן קימין צי עולם הבא גאר מיט
אַ גאַנץ קלייניקייט?

סאַי וסאַי קעננין מיר אַלטץ נישט מיט
עָרקלעָרינג גיפינין

וועלכע דער וועָג פין עולם הבא איז,
צי גיין דעָרינין

גאר אַז מען וויל פאָרט דעם קלעָהר גיט מי[ט]
שכל פאַרשטיין

וועל מער פאָרט גיפינין אין אַ חוקרשין וועג
ציא גיין

וואָרין לאָממער קלערין וואָס פאַר אַ חסדים
וואָס פאַר אַ גיטץ

וואָס הש״י טיט מיט דעם מענטש פין אָהן הייב
ביז צום שפיץ 20)

דער מענטש ווערט גיבורין מיט אַ גיטען פידאַמעָנט
אַלץ גיטאָפּעלט צווייא פיס אין צווייא הענט
אין ווידער צווייא אורין אין צווייא אוגין
נאָך וואָס? כדי עס זאָל דעם מענטש בעָסעָר
טוגין —.

אַזוי דאַ אויך הש״י האָט גיגעבן מצות אַסאַך
כדי אַז דער מענטש אַפילו מיט איין זאַך
מיט דער קלענצטער מצוה פין דער תורה
וויא באַלד ער טיט דאָס נאר מיט אימה אין מורא

ז. 87] איז די מצוה אָהן גינימין גאַנץ גיט גאַנץ הייליק
אַז דער מענטש האָט בוודאי אויף יעָנעָר וועָלט
אַ חלק

והא ראיה מיר גיפינין דעך אין דער גמרא
בא דער מעשה פין דער גרעָט וועָשעָרס צרה
אין פין דעם שוטר בא דער מעשה פין
ר״ חנינא׳ס מיתה 21)

אַז די אַללע ביידע גוים האָבין ניהאַט
עולם הבא בחברותה

האַנט זעהין מיר דעָך אַז זייא מיט זייער
עָרליכעָן צייכען

האָבין גיקענט מיט אייך [איין?] זאַך צי עולם הבא
דערגרייכעָן

מכל שכן איינער פין דיא בני ישראל
קען אוודאי צי עולם הבא קימין אַללע מאָהל —.

נאָר דער מענטש זאָל וועָללין אָפּ קלעָרין דעם
שכר אַליין

וויפיל יעדער מענטש האָט, דאָס קאָן מעָן נישט
פאַרשטײַין

וואָרין אין דעם איז דאַ עטליכע פאַכען
מיר וועלמער דאָ שמיסין נאר א פאר זאַכעָן.
איין מאָהל איז פאַ־האַנדין אַז יעדער מצוה
פין יודין

---

*) ההבטחה אשר הבטיחו חז״ל בירושת עולם הבא לכל איש ואיש מבני ישראל, היא באמרם „כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא״ (סנהדרין ד׳ צ ע״א)

19) בדבר הזה נחלקו ר׳ שמעון בן לקיש ור׳ יוחנן בפרק חלק (סנהדרין דף קיא ע״א) אמרו שם לכן הרחיבה שאול נפשה ופערה פיה לבלי חוק (ישעיה ה׳ י״ד) אמר ר׳ שמעון בן לקיש למי שמשייר אפילו חק אחד מן התורה, אמר ר׳ יוחנן לא ניחא ליה למריהו דאמרית עליהו הכה, אלא למי שלא קיים אפילו חק אחד מן התורה — שם תראה כי לא גרע.

20) ועתת קורא נעים הנה סולם החכמה לפניך, עלי עלה ההרת שם תמצא מיים חיים ממבוע החכמה נובעים. שם תחלק שלל מעדי זהב אשר תמצא, ראה יד החזקה וגורל הצדיקים, אשר מטוב ד׳ מבחרם שמה אך רוח השכל תרחף. לא ישמע הוי אח והוי אחות, אב על בן שמה לא ירחם, הורת רחם לא תחזק ידי עולליה — הנה עתה העת אשר על משמרתך תעמוד, לראות לבא בהיכל הקודש, לעמוד לשרת לפני אל, אם עוד רוחך בקרבך, עלה על מעלות בהדרגו: אזי תיטב לך באחריתך (עקרים מ״ב פ׳ כ״ט ל׳)

21) אמרו בכתובות על ההוא כובס דהוה בשבבותי׳ דרבי וסליק לאגרא ונפל ומית שיצאה בת קול ואמרה אף ההוא כובס מזומן לחיי העולם הבא — וכן במסכת עכו״ם אמרו על ההוא שוטר שהיה ממונה להמית את ר׳ חנינא בן תרדיון, כי לפי שקרב מיתתו כדי שלא יצטער ר׳ חנינא ביותר, שהיה מזומן לחיי עולם הבא, וכן במסכת תענית מביא הרבה מעשים מאנשים שאמר עליהם אליהו שהם מזומנים לעולם הבא —.

זעננען איינס פין עס אנדערע נאר פארשיידין
עס איז פארהאנדין איינער טיט פין דער גרוסער
מצוה איינע
אין דער אנדערער טיט נאר נעבעך א מצוה
א קליינע
קען מען דען זאגין, געפעלט דען דאס אך
אז דיא אללע ביידע זאללין האבין שכר גלאך!
ו. 88] מן הסתם וואזט אויס אז דעמס וואס דיא מצוה
איז גרעסער
דעמס שכר איז אוודאי אויף יענער וועלט
אויך בעסער —.
אין ווידער איז פארהאנדין איינער וואס טיט
מצות מיט כוונות
ניא פארשטייט מען דען אליין, עס וואזט אזוי
אויס דאס ישרנות
אז זאן מצוה, איז אוודאי הינדערט מאהל
מיין אהן גינימין
וויא דעם אנדערענס מצוה, וואס זיא איז
אהן הארץ גיקימין
מיר געפינין אין דער גמרא אסאך אזעליכע דרכים22)
צווייא מענטשין האבין גיבראטין באנאנד דיא
קרבנות פסחים
אין זייא האבין דיא קרבנות גלאך גיגעסין אויך
נאר איינער האט זעך גיוואלט דערפילין דעם בויך
אין דער אנדערער האט גיגעסין אויך נאר
פין גאטס וועגין
ניא אדרבא וואס שטייט אין דער גמרא?
לאממען נאך פרעגין? —
שטייט אזוי אז דיא צדיקים שטענדיק גלאך אין
גאטס וועגען גייען
אבער די רשעים פאללען תמיד, זייא קעננין
נישט אויף דיא פיס דערשטייען —.
בא איינעם פין דיא אנטיקע חכמים האט זעך
אויך א מעשה פארלאפען
א גזלן זאל פליצלינג קימין צי עולם הבא? דאס
האט זעך שוין נישט לאנג גיטראפען!
דיא מעשה איז אזוי גיוועהן, פין דיא גזלנים
איינער נאר אליין
איז גיקימין צי א קליגין מענטש, מיט זייער
א גרויס גיוויין

22) אמרו חז"ל (נזיר דף כ"ג ע"א) משל לבני אדם שצלו פסחיהם אחד אכלו לשם פסח ואחד אכלו לשם אכילה גסה, זה שאכלו לשם פסח עליו הכתוב אומר כי ישרים דרכי ד' וצדיקים ילכו בם (הושע י"ד ז') וזה שאכלו לשם אכילה גסה עליו הכתוב אומר ופושעים יכשלו בם — שם שם. א"כ ראינו בעינינו כי אף מצוה אחת תתחלף דין העושיהם בין הכונות התלוים בה, והבן היטב—.

ז. 89] אין האט מתודה גיוועזין זאנע מעשים הרעים
אין האט גיבעטין א תשובה אויף זיינע חטאים
נאר אזא תשובה ער זאלל קאנין דערהאלטין גרינג
דער חכם האט א תשובה א גרויס גיגעבין
דעם פאנים יונג
ער זאל אויף זעך נעמען פין האנט מאהל אהן
ער זאל דיא עברות שוין נישט מיין טאהן
אין קיין ליגענט זאל ער קיין מאהל נישט זאגען
דיא קליינע תשובה וועט ער קעננין דערטראגין
דער גזלן האט אויף זעך די תשובה גינימין,
וויא עס איז זעך אמאהל אבער אביסיל גיקימין
דער גזלן איז גיגאנגין אין וואלד ארצן
א מענטש טייטין
באגעגינט עהר אבער איינעם, וואס ער הייבט
עם אהן צי גייטין
אין מיצ'עט עהם, אין הייבט עהם אהן צי פרעגין
ער זאל עם זאגין וויא ער גייט אויף די וועגין
דער גזלן האט זעך דערמאנט אין זאן אמתע הבטחה
האט ער דערציילט, אז ער וויל טאן די מלאכה
ער גייט זעך אבער וואטער אין פרעגט נישט
נאך קיינעם
דער באגעגינט אבער וואטער נאך אמאהל נאך איינעם
דער אנדערער פרעגט עהם אויך וואס ער טיט
אין דעם וואלד
ער דערמאנט זעך וואטער, אין דערציילט דעם
אויך גלאך אין באלד
וויא זייא הייבען זעך אהן צי צו גיין
דער גזלן בלאבט דא גאר אן קאפ שטיין
ז. 90] אין הייבט זעך אהן איבער צי קלערין
וואס טיא עך? דיא צווייא מענטשין הערין
אז איך גייא דא איינעם דערשלאגין
דער נאך וועללין זייא ביידע גיין עדות זאגין
אז איך האב דעם מענטש גימאכט צ'עם טויט
וועט מען מיר העלפין דער נאך אויס מיין נויט!
אללע מענטשין וועלין דעך מאכין מיר מאן דעקרעט
מען זאל מיך אזוי דערפלעטין אזוי וויא איך
האב יענעם דערפלעטט
לאם עך בעסער פין דעם עסק אפ שנאדין
נאך וואס זאל עך מעזיסטע יסורים לאדין? —.
קימט האנט דא פין אינזער שמים ארויס
אז פאדליג דיא חכמים'ס עצה וואזט אויס
אז דער מענטש האט אין זעך אזא מעלה
אין איין מעניט, אין איין קליינע וואלע
עס איז נישט קיין חילוק קליין גרויס ערום ראך
קענין קימין מיט מצות צי עולם הבא אללע
גלאך—.
צינדערט זאגט ר' ישראל שוין גיניג גיפליקט
שוין גיניג זעך דיא גאלל מיט אייך אפ גידריקט

מיר האָב מעֶר שוין געניג דעֶרקלעֶרט
אַז עטך זענט קיין פּרוטה נישט ווערט
ניא וואָס ווערט אינך דאָ דעֶרויס קימין פין
אַסאַך שטראָפין
אַז עטך האָט נישט קיין שכל—, לאָממער
בעֶסעֶר גיין שלאָפין
ז. 91] דער עולם וועט שוין קימין צי חצות צי גיין
אין אינך וועלמער זעך נאָך דאָ שטיין? —.

איט, עכער האָט זעך אהן גיצינדין דעם לאַמטעֶר
ר׳ ישראל מיט לייבלין האָבין זעך
אַ ישובה בחור אָפּ גיקליבין
ער זאָל זייא אהיים פירין, איז דאָ אין בהמ״ד
גאר איבער גיבליבין
איינציקע צווייא ישובה בהורים נישט קיינער מעֶר
דיא צווייא ישובה בחורים האָבין זעך איבער גיקלערט
דיא ווערטער וואָס זייא האָבין פין לייבלין גיהערט
איז בּאַ זייא גיבליבין אַז לייבלי איז אַ יונג
ער איז אין חקירות אין אמת גאַנץ פלינג
אין אינזערע חסידים די קבצנים
זעננין טאַקע לֵיידאַקעס גרויסע נערגים —.

ניא אַצינדערט עֶטך אַללע גיטטע פרַאַנד
זעטך ווער איז גרעכטער האַנט
צי לייבלי מיט זאַן שכל אין מיט זאַנעֶ חקירות
צי דיא חסידים מיט זיירע הייליקע גבורות—. !! —

— — ענדע — — ענדע — —

ז. 92] כלם בראותם כי צדקו דברי לייבלי ירדו דבריו
חדרי לבם נשאו הקינה הזאת — .
‚אלי קריה ובתיהם, כמו חסידים על אשת נעוריהם,
וכמו שכורים על שביתת יינהם — .
„פצחו פיכם הרבו ספוד, קראו עצרה עלי שבר
ושוד, כי שבתה מכם מחולות ורקוד. (אלי)
„ראשי החסידים הילילו על משבתיה, ועלי גלות
מנעימי שיר זמריה, ועל יינם אשר נשפך
בשלש סעודותיה (אלי)
„יהד יודעיה ואנשי מכיריה, בכי עמה כי רבה
אנחותיה, אין נוטה עוד אהלה ומקים יריעותיה
(אלי)
„ממרום נשלכו טבעו ביון מצולה, ישאגו בקול
כמבכירה, עלי ועד אשר שמם ותגדור המסילה
(אלי)
„פקוד אל תודות וזמרת מהללך, זכור עמך אשר
בם בחרת לשרתך, לשועתם האזינה ועל תעלם
אזניך (אלי)
„יאמר לעם הדלה לשה הנאלמה, הפזורה בצפון
וימה, כי תשוב תאספם כקציר יאסוף קמה (אלי)
„שמע קול אנהות החסידה עטרת התפארת, זכור
מקדם היתה גברת, ועתה תעטה שפה תלך קודרת
(אלי)
„על חומותיך בעלך אשא קול כפעמונים, אמרר
בבכי כי עלו קמשונים, ועלי שוממת ההיכלים
והארמונים (אלי)
„לא לכם כל עוברי דרך, אפפוהו צרות נמשלה
ככלי אין ערך, היתה כגבר אין איל נפלה
בכושל ברך (אלי)
„זכור אל תודות פאר חדות חסידיה, גלמוד
ושכולה נשארה משותיה, אין עוד שרים ושרות
לשחוק בציליה (אלי)
„אבדה הצחוק בעליונים ותהתונים במלכות ארבע
וצורות שונים. וארבע מלכים המוכתרים בכתרים
ובשהרונים (אלי)
„הוי! בלילה הזו קדרו המאורות, בטלה המחיה
על הטלית וכלי הקטורת, חדלו כתות המשחקים
עד חצי המשמורת (אלי)
„נא אל האזן תחנונים ותפילה, ראה כי חגרה
שק התפלשה בעפר ולך תוחילה, רחם עליה
ותשוב עוד לתהילה
„אלי קריה ובתיהם, כמו חסידים על אשת נעו-
ריהם וכו׳

נ״אנדיל אינ״טער אייב״ער מלכ״ה מל״ך טאָ״עז

---

# צוויי כרוזים אין יידיש פונעם „ועד ארבע ארצות" איז 1671

(א בלאַט פונעם פאַרלוירענעם פנקס)

פון פראָפ. ש. דובנאָוו (בערלין)

דער אָריגינאַל-פנקס פונעם „ועד ארבע ארצות" אין פוילן איז, ווי באַקאַנט, פאַרפאַלן געוואָרן. עס זענען נאָר ניצול געוואָרן עטלעכע בלעטער, וואָס זענען בשעתו (אין יאָר 1894) מיר צוגעשיקט געוואָרן פון דער שטאָט דובנאָ און געפינען זיך איצט אין מיין אַרכיוו. אין דידאָזיקע בלעטער זענען פאַראַן צוויי כרוזים אין יידיש, וואָס זענען אין נאָמען פונעם „ועד ארבע ארצות" אויסגערופן געוואָרן אויפן יאַריד אין יאַראָסלאַוו (גאַליציע), וואו עס פלעגן אָפט פאָרקומען די זיצונגען פונעם ועד, און דערנאָך אויך אין אַלע בתי־מדרשים פון גאַנץ פוילן („בכל בתי כנסיות שבכל הארצות בקנס מאה אדומי' מכים כל המוחה ומעכב").

דאָס איז געווען אין יאָר 1671 (תל"א), נאָך די שרעקלעכע הריגות פון כמעלניצקין אין אוקראַינע און נאָך די מלחמות אין פוילן, ווען די יידישע קהילות זענען געוואָרן עקאָנאָמיש רואינירט, גייסטיק דערשלאָגן און ווען דער אַלטער אויטאָריטעט פון ועד האָט אָנגעהויבן שטאַרק פאַלן. אין יענער צייט פון אַלגעמיינער „רואינע" האָט דער חורבן געבראַכט אויך אין יידישן לעבן צו מהומות, מחלוקת, צו א ירידה פון דער אַלטער שטרענגער דיסציפּלין אין די קהילות און צו „קנוניות וקשרים" — אינטריגעס און אָפּאָזיציע מצד איינצלנע מיטגלידער אָדער גרופּעס אין די קהילות — קעגן די תקנות פונעם ועד, באַזונדערס אויפן ווירטשאַפטלעך־פינאַנציעלן געביט.

צום סוף פון די 60קער און אָנהייב 70קער יאָרן פונעם XVIIטן יאָרהונדערט האָט דער „ועד ארבע ארצות" זיך גענומען ווידער פאַרשטאַרקן זיין אויטאָריטעט, פאַרפעסטיקן די דיסציפּלין אין די קהילות און באַקעמפן די לייט, וואָס זענען צוליב פּריוואַטע אינטערעסן עובר אויף די אָנגענומענע תקנות און ווילן זיך נישט רעכענען מיטן טובת־הכלל. לויט דער השתדלות פונעם ועד האָבן דער סיים און דער קיניג (אין 1673) געגעבן די קהל־פאַרוואַלטונגען דאָס רעכט אויסצושליסן פון דער קהילה יעדן ווידערשפּעניקסטן; אָן דער דערלויבעניש פונעם קהל האָט קיין ייד נישט געטאָרט מאַכן הלוואות ביי די פּריצים און גלחים, אָננעמען אָן אַרענדע אָדער א שטעלע. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער (1676) האָט דער ועד ווידער פאַרווערט יידן צו אַרענדירן פּריצישע ערד אָדער מלוכהשע אָפּצאָלונגען, ווי בכלל אַריינטרעטן אין האַנדל־באַציאונגען מיט נישט־יידן, מחמת דאָס ברענגט אָפּט צו קאָנפליקטן מיט די קריסטן און קען שאַדן דעם כלל. שפּעטער (1687) האָט דער קיניג אַרויסגעגעבן, לויט דער השתדלות פון ועד, א פאַראָרדענונג, אַז אַלע יידן זענען מחויב זיך אונטערצוואַרפן דעם אויטאָריטעט פונעם ועד און נישט אַוועקמאַכן זיך פון צאָלן שטייערן צום ועד און צו די קהל־פאַרוואַלטונגען.

דער ערשטער כרוז באַציט זיך צום אָנהויב פונעם אָנגעוויזענעם קאַמף מצד דעם „ועד ארבע ארצות" קעגן אַזעלכע אומגעהאָרכזאַמע מיטגלידער, וואָס ווילן זיך אַרויסדרייען פון די תקנות הועד, פירן אינטריגעס, טראָגן אריין מחלוקת — „איין שערוריה" — אינעם כעלמער קרייז. צוליב זייערע מעשים „קאָן מען נישט יוצא זיין ידי חובות [...]גא דמלכא" — ס'מיינט אַריינטראָגן די מלוכה־שטייערן, און „קהלות וגלילות שולדיקן זיך איין דריבער בייא פּריצים און גלחת". דורך דעם מאַכן זיי די יידן „שפל ונבזה" פאַר די אומות־העולם, פיל שררות רעדן וועגן דעם און דאָס ברענגט צו חלול־השם. דער ועד גיט דעריבער דאָס רעכט די אָרטיקע אויטאָנאָמע פאַרוואַלטונגען „רודף זיין" אַזעלכע לייט, שטראָפן זיי „מיט חרפות און קנסות ותפיסות" און אַריינלייגן אין חרם.

קאָנקרעטער און פיל שטרענגער לויטן טאָן איז דער צווייטער כרוז, וועלכער איז געווענדט: 1) קעגן געלט־פעלשער און די, וואָס האַנדלען מיט פאַלשע געלט („עוסק בזיופים"), 2) קעגן די, וואָס קויפן געגנבטע זאַכן, 3) וואָס זענען „סרסרים בין גוי לגוי", 4) וואָס זענען „מגלה מסתורין של ישראל בפני ערלים", דערציילן אויס פאַר גויים, וואָס ביי יידן טוט זיך; מסתמא דאַרף עס מיינען — וועגן די מעשים פון די ועדים און דעם ועד הגדול, 5) וואָס „וויזן אונ' לערנין יודשי מתיות לערלים" — דאָס מיינט ווידער, וואָס אַנטדעקן די סודות פון דער יידישער ווירטשאַפט כלפי־חוץ, 6) וואָס זוכן זיך „התמנות" (שטעלעס) ביי שררות אָן דעם וויסן פון קהל — און 7) וואָס ווילן זיך דורך די שררות באַפרייען פון צאָלן שטייערן. קעגן די אַלע קאַטעגאָריעס ווערט דערקלערט א „חרם הגדול והנורא בתקיעת שופר וכבוי נרות", לויט דער תקנה פון דער פריערדיקער ועד־זיצונג אין לובלין אין פעברואַר 1671.

דידאָזיקע ביידע כרוזים זענען א קלאָרע אילוסטראַציע הן צו די אָרדענונגען אין די יידישע קהילות פון פוילן אין יענער צייט, הן צו די מיטלען, וואָס דער ועד פלעגט אָנ-

נעמען כדי צו פארשטארקן זיין אויטאָריטעט און די דיסציפלין אין די קהילות.

די ביידע כרוזים זענען געשריבן אין אַ געמישטער שפּראַך פון יידיש מיט העברעאישע פסוקים. דער ערשטער כרוז איז טיילווייז געווען פאַרעפנטלעכט פון אונז אין דער „דזשואיש ענציקלאָפּעדיא" (ב. IV, ז. 308), אָבער דאָ גיבן מיר צום ערשטן מאָל זיין פולן טעקסט. דער צווייטער איז נאָך ערגעץ נישט געווען געדרוקט. מיר ברענגען די דאָקומענטן אין זייער אָריגינאַל־אָרטאָגראַפיע און גיבן אויך אַ פ אַ ק ס י מ י ל ע פון די 3 זייטלעך.

פאַר די כרוזים קומט אַ הקדמה אין העברעאיש פונעם ועד — אַ מין קיצור פון דעם, וואָס ווערט אויספירלעך געזאָגט הייטער: וועגן די אומרואיקע צייטן, וועגן די „חרופים וגדופים" און מחלוקות, וואָס ווידערשפּעניקסטע פּערזאָנען מאַכן אָן. „וכדאי היה לנו לפנות מכל עסקינו כי אם בעונשי של האנשים ההם", אָבער צוליב די גרויסע שוועריקייטן פון אַריינטראָגן דער מלוכה די שטייערן האָט מען דאָס ביז איצט נישט געקענט טאָן. כדי מאַכן צו דעם אַ סוף ווערן אַרויסגעגעבן די כרוזים:

### „וזה לשון הכרוז

האלופי' הקציני' הרוזנים מנהיגי הארצות יצ"ו לאזין מודיע, מאחר דז זיך גיפונן האָט, דז אזו (איין) שערורי' אונ' מחלוקת האָט זיך דערוועקט אין גליל חעלם, דז כמעט דאש גליל ווער אויף (גי)גאנגן אונ' חלילה מזיק גיוועזין מעמד ומצב הכלל שארית ישראל, אונ' איז פרקריגט גיוואָרן כמה אלפי' אזו האָבן רוזני ד"א [ד' ארצות] יצ"ו די זאך פר זיך גינומן אונ' האבן גישטראפט די לייט' דיא (דאש) האבן אן גיהובן אונ' דיא דא האבן איין חלק דראן גיהט וועלכי דז מען ניט וויל פורט זיין מפני הכבוד. ומאחר דז זיך זילכי זכין דרוועקן אין קהלות דז לייט מכן קנוניות וקשרים בעו"ה דיא ניט דרין דרהורט גיווארן אונ' זיין עובר אויף חרמות קדמונים אונ' זיין מחריב דיא קהלות, אונ' איבר זילכי מעשים קאן מען נישט יוצא זיין ידי חובות כרגא דמלכא, אונ' קהלות וגלילות שולדיקן זיך, איין דריבר בייא פריצי' אונ' גלחת וואש אייטל סכנות נפשות איז. דיא זעלביגן זיין רודפי' גמורים לא יאבה ה' סלות להם. רוזני ד"א יצ"ו העטין זיא איצונדרט פר זיך גינומן אונ' גישטראפט אז [אלס ?] רודפים נייערט זיא זיין מרוד היצונדרט בסילוק כרגא דמלכא. אזו גיבן ראשי רוזני קציני מנהיגי ד"א יצ"ו רשות ומקל ורצועה לראשי הגלילות ולראשי הקהלות דז זיא זאלין רודף זיין זילכי לייט אונ' שטראפן מיט חרפות אונ' קנסות ותפיסות אפי' [אפילו] בדיני גוי' אונ' אל דיא הוצאות זאלן זיין מכים קושרי קשרי'. אונ' וואש זילכי זכין ווערן גישטין ווערט מען גובה זיין פון אירי הייזר אונ' אירי קליידר קרן ורוחי', אונ' דיא זעלביגן לייט די זילכי זכין אן היבן זאלן כל ימיהם קיין התמנות האבן אין אירי קהלה או גליל. אונ' קיין חזקה האבן זיא נאך איר קינדרש קינדער אונ' דיא ווערן זילכי זכין טאן אונ' ווערן קנוני' וקשרים מכין זיין מוחרם ומנודה מופרש מכל ק"י [קדשי ישראל] ורבצו בהם כל האלות הכתובות בתורה, מאחר דז זיא ניט האבין רחמנות אויף זיך זעלבשט אונ' איבר דער קהלה אדר גליל אונ' אויף דעם כלל. כי קשה מחלוקות לפני המקום, אונ' זיא גידענקין ניט דז מיר זיין שפל אונ' מאוס ומיאוס בעיני האומות מכין זילכי לייט נאך גאר דז מיר בעו"ה זיין שפל ונבזה, אז ידוע איז דז שרים רבים רידן פון זילכי זכין, אונ' פון דעם ממון רב וואש אויף גיט אונטער יהודי'. ע"כ זאל איטלבר משים על לב זיין ניט צו גין אין זילכי דרכי' רעים וילכו בדרך טובי' אונ' דער כרוז איז איין גשריבן גיווארן בפנקס דד"א יצ"ו בתוקף פס"ר [פסק דין] גמור.

עד כאן הכרוז הנ"ל.

## עוד נכרז כרוז זה בזה־הלשון

אויך לאָט [לאזט ?] מען מודיע אונ' מתרה זיין בזה הכרוז, וועגן דיא לייט דיא זיין עוסק בזיופי' הן גאלד שמידן הן אין אנדרי עסקים, דז מען זילכי' לייט ווערט מוסר זיין למלכות אונ' ווערט געלט אויף זיא ליגן לבער הקוצים מן הכרם כרם ה' צבאו'. אויך דיא דא גנבות קויפן, אונ' די דא זיין סרסרים בין גוי לגוי, און דיא דא מגלה זיין מסתורי' של ישראל בפני ערלים, אונ' דיא דא ווייזן אונ' לערנין יודשי מחיות לערלים. אוי להם ולנשמותיהם. דער חרם הגדול והנורא בתקיעת שופר וכבוי נרות וואש גיגעבן איז גיווארן בלובלין גראמניק[1] תל"א זאל הל זיין אויף דיא פושעים אונ' אויף דיא זיך התמנות זוכטן פון שררות, אונ' דיא זיך מציל זיין ע"י שררות דז זיא קיין מסים זאלן געבין. דיא זיין גורם הוצאות מרובות לא יאבה ה' סלות להם. זילכי לייט זיין מנודה משתי עולמות, איר ממון איז הפקר, אונ' ווען איין מפלה ווערט אויף זיא קומן זאל מען זיא ניט העלפין אדרבא מען זאל זיא מוסר זיין אין דער שאול תחתי' אונ' מפריש זיין מקהל הגולה".

---

1) דאָס מיינט: בעתן גראָמניק־יאַריד (אין פעברואַר).

# „שבועה חמורה על ברדאן“

### פון ד"ר בערנהארד וואכשטיין (ווין)

דער זעלטענער דאָקומענט, וואָס ווערט דאָ פאָרעפנט־לעכט, איז אַ געדרוקט בלעטל פון 32×22 סענטימעטער די גרויס. דאָס איז נישט קיין פליגבלאַט, וואָס ווענדט זיך צום עולם, אויך די פּאַקנט־דעגער האָבן מיט דעם מין סחורה נישט געהאַט צו טאָן. דאָס איז אַן אָפיציעל בלעטל, וועלכע מ'פלעגט אָפּדרוקן אין אַזאַ צאָל עקזעמפּלאַרן, וויפיל עס זענען געזען אין דער קהילה בעלי־בתים שטייער־צאָלער.

לויט דעם טיפּ פון די אותיות קען מען דערקענען, אַז דאָס בלעטל איז געדרוקט געוואָרן אין פּראָג. פּראָג איז מסתמא אויך די קהילה, וואָס האָט דעמאָלטיקן דאָקומענט צו אירע בעלי־בתים צוגעשיקט (פּראָגער תקנות וועגן „ברדאן“ פון 1652 ביזן יאָר 1702 ווערן דערמאָנט ביי ב ן ־ י ע ק ב, ז. 670, נומ. 901).

אונזער דאָקומענט שטאַמט בוודאי אויך פונעם 17־טן י"ה. ער האָט געהאַט דעם צוועק צו געבן אָנווייזונגען און לערנען די בעלי־בתים ווי צו מאַכן ריכטיק דעם חשבון דערפון, פאַרוואָס זיי דאַרפן צאָלן „ברדאן“. די מוראדיקע שבועה האָט געדאַרפט אָנשרעקן נישט צו באַגיין עפּעס אַ שווינדל ביים צאָלן דעם שטייער. דעם אריינפיר אין דער שבועה — „על דעת...“ איז נישט נויטיק געווען צו דערקלערן, מחמת יעדער ייד האָט מסתם גוט געוואוסט די מעשה פון קניא דרבא. אבער אַלץ, פאַרוואָס מען דאַרף צאָלן „ברדאן“, ווערט דאָ גענוי בחוט השערה אויסגערעכנט. און טאַקע דערפאַר האָט דאָס צו אונז אריבערגעוויעט בלעטל אַ היסטאָרישן ווערט. מיר זעען דערפון, אַז פאַר יעדער קויף און פאַרקויף, וואָס האָט געטראָגן אַ כאַראַקטער פון מסחר, האָט מען געדאַרפט צאָלן „ברדאן“. אָבער אויך פאַר הכנסות, וואָס זענען נישט געקומען פון מסחר, היינו: מעקלעריי, שכר־מלאכה און בוודאי ובוודאי פאַר הכנסות פון געלט־רווחים — האָט מען געמוזט ברדאָן צאָלן.

אצינד קענען מיר דרינגען, אַז „ברדאן“ איז קודם־כל אַ שטייער, ווי מ'רופט עס היינט אַן אומדירעקטער שטייער, וואָס ווערט געצאָלט פאַר יעטווידער טראַנסאַקציע, וואָס טראָגט איין געלט, אָדער וואָס קען להבא איינטראָגן געלט. ווייטער ווערן מיר געוואויר, אַז ביי קניות האָט מען פאַר 1 גולדן באַדאַרפט צאָלן 1 גרעשל, ביי הכנסות פון דירה־געלט — שוין 4 $1/2$ קרייצער פאַר אַ גולדן, ביי רייגער הכנסה (ריוח ידוע) — צו 6 $1/2$ קרייצער פאַר אַ גולדן (דער גולדן איז דעמאָלט געווען 60 קרייצער). ווי מיר זעען, איז דער פּראָצענט גאָר נישט קיין קליינער — אַמאָל $7^1/_2$ און אַמאָל איבער 10, און די שטייער־צאָלער האָבן בכן גאָרנישט געהאַט צו לאַכן!

דאָס איז געווען נאָר איין מין פון שטייער. די הויפּט־שטייערן אין יעדער קהילה זענען געווען דער פאַרמעגן־שטייער (סכום) און דער קאָפּ־שטייער (גלגולת), וואָס יעדער בעל־הבית, ד. ה. יעדער בעל־משפחה, האָט געדאַרפט צאָלן. טאַקע דערפאַר איז דער „ברדאן“ נישט איינגעפירט געווען אומעטום. זע, צ"ב: Wolf, Die alten Statuten etc. (תקנות שי"א) § 197,

פון דידאָזיקע תקנות אין מערן (זע: וואָלף, ז. 106, נומ. 14) קען מען אָבער אויך לערנען, אַז דער „ברדאן“ האָט שפּעטער געהאַט נאָך אַן אנדער פּנים: היינו — ער פאַרלאַנגט אויך דעם אָפּצאָל ביי קניות, וואָס זענען נאָר לצורך עצמו. בכן זעען מיר, אַז אונטער „ברדאן“ האָט מען פאַרשטאַנען אומזאָק־אָדער קאָנסום־שטייער. אויספירלעך וועגן דעם זע מיין בוך:[1].

Urkunden und Akten zur Geschichte d. Juden in Eisenstadt und den Siebengemeinden, S. 19, Anm. 25, 724 — 725.

וואָס איז נוגע דער עטימאָלאָגיע פונעם וואָרט „ברדאן“ מוז איך עס לאָזן בתיקו (זע מיין דערמאָנטן בוך, ז. 19, באַמערקונג 25). די טראַנסקריפּציע פונעם וואָרט אינעם 18טן י"ה איז Bardon. אינעם ווערק Wanie, Geschichte der Juden in Teplitz, S. 28 — 30 איז די רייד פון אַ שטייער, וואָס מ'צאָלט דער מאַכט און וואָס הייסט Pardonsgeld (היינו: געלט פאַר דולדן, טאָלעראַנץ שטייער). ווען מען קוקט זיך צו צו דעם מין שטייער, דערקענט מען אונזער „ברדאָן“. דער חילוק איז נאָר, וואָס דעם שטייער אין מעפּליץ האָט גענומען דער שררה. אפשר איז די טראַנסקריפּציע דאָ נים ריכטיק, אָבער ווען מען הייסט נישט אויף זיכער,

---

1) אַגב וויל איך דאָ פאַרריכטן דעם טעות, וואָס איך האָב דאָרט בעהאַט מיטן אויסטייטשן פון „ריוח ידוע“. עפּ"י אונזער דאָקומענט קען מען לערנען, אַז „ריוח ידוע“ הייסט אַ ריוח בלי שום ספק, אַ זיכערער געווין. אויך דאָס וואָרט „איינקויף“, וואָס איך האָב מיך דאָרט געמוטשעט צו פאַרשטיין, מעט הייסן: איינקויף פון סחורה.

קען יעדער מקור האָבן אַ חערט. [אַצינד דוכט זיך מיר, אַז דאָס חאָרט שטאַמט פונעם מיטללאַטייניש Pardona — חאָס האָט אויך באַטייט שטייער; זע:
Du Cange, Glossarium etc., s. v., .p 240]*)

אָט די „שבועה חמורה על ברדאן" חייזט אונז באַשיימפּערלעך די שוועריקייט פונעם לעבן אין די פריער־דיקע צייטן.

## שבועה חמורה על ברדאן

איך פב"פ 1) זאמט מין הייב. שוועהרן בשבועה חמורה בפתיחת אָרון הקודש וואו הרינן שטיהן דיא ספרי תורה האז משה רבינו ע"ה פון הקדוש ברוך הוא אויף דען בערג סיני הוט מקבל געזין. אונד אין דער פאלש צו שוערין אונז אויף שערפסטי פר באָמין האט כמו שנאמר לא תשא את שם י"י אלהיך לשוא כי לא ינקה: אונד דער עונש זעהר גרוש איז אליא שוערן חיר ביידי על דעת המקום ברוך הוא ועל דעת דערין צו דיזר שבועה בשטעלטין אונד ביי שטעהנדן קומי־סאריען ועל דעת כל בני קהלתינו בלי ערמה ומרמה ותחבולה שבעולם יהי' מי שיהי' ובאיזה אופן שיהיה דז וויר פון אלין אימר ערדענקליכען הנדל אונד וונדל אין גרינגסטן ניכטץ אויז גנומן עז זייאי פון דיא זעלבי סחורה חעלכי אויז אונזר הנדלונגש לאדין. נידר לאגין. אודר זונשטן אימר ערדענקליכן פלאצין אודר ארטן אונז צו הנדן אודר אונז פר קויפט האבן. עז זייאי פר באהרן געלד אודר אויף קרעדיט בקומן. אויך פון דיא זעלביגי סחורה חעלכי דורך אונזרי קינדר אודר זונסטן אימר נאהמן הבנדי. בפריינדי מתעסקים אונז צו הנדן אין. נאך פר קויפט הארדן. ניכט מינדר פאן שטיך הנדל. עז זייאי דורך אונזרי לארין דינרי אודר זונסטן גוטי פריינד עז חערן יהודים אודר אינו יהודים. אויך אינטרעסי געלטר. שכר מלאכה עז זייאי פון אונז זעלבסטן אודר על ידי פועל. חילוף. ריוח ידוע. סרסרות אודר דורך זונשט אימר ערדענקליכן פר דינשט. עס מאג נאהמן האבין גהין. נגוס. אליין. אודר בחברותה. עז זייא היר אין פראג. אודר אויסר פראג. על המדינה. אודר חוץ למדינה. יאהר מערקין אודר מעסין. פר דינט האבין. אליש אונד יעדים אין אונזרן דער מאהלין דענין צו דיזר שבועה בשטעלטין קומיסאריען בהענדיגטן ביכל נאטינע הנדלז ברדאן גנויא איין גשריבן אונד ריכטיג אהני פער טושונג אונד אהני מינדיסטין דרבייא גזוכטן ליכט. חאהל אבר הכל באמת וביושר אין במעזטין ביכל איין גשריבן. אונד צהאהר פון איין

קויף פאן יעדין גולדין איין גרעשל. אונד פון ריוח ידוע ששה צלמר אויז גחארפין האבן. חיא אויך פון דעם איין גינאמנין הויז־אודר גחעלב צינזר ד' צלמר וחצי מכל זהב פר מעג דער ברדאנש אינשטרוקציאן. שפעציפיצירט האבן אונד ניא מאהלין דורך יהודים אודר אינו יהודים צו אונזרן משא ומתן איניגה סחורה, חעלכי צו אונזרן משא ומתן גברויכט. איין קויפן צו לאזין. אום הירדורך דען ברדאן ליסטגר חייז צו פער־טושין. ניכט מינדר אויך פון דיא יעניגי סחורות יהיה מה שיהיה וואז איך אודר מיין חייב אודר קינדר אונד מתעסקים פון אנדרי סוחרים אודר זונסטן לייטי דיא צו אונזרן האנדל אויף גזעצט גנומן. אודר נעמין לאזין חעלכי דורך אונז אונד אונזרי קינדר אודר מתעסקים פר קויפט חארדן זיינד. דען אויז גמעסנין ברדאן דז איז איין גרעשל פון גולדין. חיא אויך דער גלייכן חעלכי ניכט הירקליך אויף גזעצט זאנדרן פאן פער קויף ריוח בקומן פון יעדין גולדין ששה צלמר אין במעלטין ביכל איין גשריבן האבין:

ואן מיר פאלש שהערין אונד פר מעג דער ברדאנש אינשטרוקציאן אונזר האנדלש ברדאן אין במעזטין ברדאנש ביכל בתחבולה יהיה מה שיהיה ובאיזו אופן שיהיה אין מינדיסטן היר פון ניכטץ אויז גנומן. ניכט רעכט, שפעציפיצירט אונד פון דען הירצו בשטעלטין איין שרייבר אונטר שרייבן לאזין: זא זאלין כל הקללות וארורים הכתובים בתורת משה. וכל הקללות שקילל ישעי' הנביא ע"ה אן אונזביידן גחעלטיגן אונד מקוים חערדן. ולא יהיה לנו חלק בעדת בני ישראל לא בעולם הזה ולא לעולם הבא. אונד קיינר פון כל ישראל דורך דיזן חטא חעגין דער שבועה ניכט געשטראפט חירדן זאלין. זונדרן וויר אליין. כל איש בחטאו ימות. חאן חיר אבר רעכט שחעהרן אונד גרעכט זיין. זאלן כל הברכות הכתובים בתורת משה אן אונז גוועלטיגן אונד מקוים חערן אמן:

איך פלונית אשת פלוני שחעהר אב זונדר בחומר שבועה הנ"ל. דז איך אליין. אודר בחברותה עז זייאי מיט חיסנשאפט מיין מאן אודר אהני פאר חיסן זיינר כלל וכלל קיין משא ומתן פר ריכטט הבי. אויך קיין גחין אודר זונסטין נוצין גנאסין האב. עז מאג נאהמן האבן גישענק אודר רוחים עס מאג בשטיהן אין וואז עס זייאי. חאו פון פרדאן צו ענטריכטן חעהרי. ניכט פער הולין אודר פר שחיגן האבי. היא ניכט מינדר שחעהר איך אהני ערמה אודר ליסט דז איך קיין חיסנ־שאפט הב אלז מיין מאן פון דעם הנדלש ברדאן חעניג אדר פיל פער טושיט אדר נישט רעכט שפעציפיצירט העטי. זאנדרן מיר ניכט אנדרשט בהאוסט דז דיזוש ביכל חעלכש ער דענין געגין חערטיגן קומיסאריען בהענדיגיט האט. אלש אהני מינ־דיסטן אונטר שלייף נאטירט חארדן איזט:

---

*) צוגעזעצט בעת דער קאָרעקטור.

1) פלוני בן פלוני; אין טעקסט שטייט עפ"י טעות: פב"ב.

# שבועה חמורה על בראן

איך פב״כ זאמט מיין וויב · שווערן בשבועה חמורה בפתיחת ארון
הקודש וואו הרינן שטיהן דיא ספרי תורה וואז משה רבינו ע״ה פון
הקדוש ברוך הוא אויף דעם בערג סיני הוט מקבל גוועזן · אונד אין דער·
פאלש צו שווערן אונז אויף שערפסטי פר באטין האט כמו שנאמר לא
תשא את שם יי׳ אלהיך לשוא כי לא ינקה : אונד דער ענש זעהר גרוש איז
אלזא שווערן וויר ביידי על דעת המקום ברוך הוא ועל דעת דערין צו
דיזר שבועה בשטעלטין אונד ביי שטעהנדן קומיסאריען ועל דעת כל
בני קהלתינו בלי ערמה ומרמה ותחבולה שבעולם יהי מי שיהי וכאיזה
אופן שיהיה דז וויר פון אלין אימר ערדענקליכן הגדל אונד וונדל אין
גרינגסטן ניכטץ אויז גנומן עז זייאי פון דיא זעלבי סחורה וועלכי אויז
אונזר הגדלונגש לאדין · נידר לאגן · אודר זונשטן אימר ערדענקליכן
פלאצין אודר ארטן אונז צו הנדן אודר אונזפר קויפט האבן· עז זייאי פר
באהרן געלד אודר אויף קרעדיט בקומן · אויך פון דיא זעלביגי סחורה
וועלכי דורך אונזרי קינדר אודר זונסטן אימר נאהמן דהבנדי · בפריינדי
מתעסקים אונז צו הנדן איין · נאך פר קויפט ווארדן · ניכט מינדר פאן
שטיך הגדל · עז זייאי דורך אונזרי לאדין דינרי אודר זונסטן גוטי פריינד
עז ווערן יהודים אודר אינו יהודים · אויך אינטרעסי געלטר · שכר מלאכה
עז זייאי פון אונז זעלבסטן אודר על ידי פועל · חילוף · ריוח ידוע · סרסרות
אודר דורך זונשט אימר ערדענקליכן פר דינשט · עז מאג נאהמן האבין
גווין · גנוס · אליין · אודר בחברותה · עז זייא היר אין פראג · אודר אויסר
פראג · על המדינה · אודר חוץ למדינה · יאהר מערקין אודר מעסין · פר
דינט האבין · אליש אונד יעדים אין אונזרן דער מאהלין דענין צו דיזר
שבועה בשטעלטין קומיסאריען בהעריגטן ביכל נאמינע הגדלז בראן
גנויא איין גשריבן אונד ריכטיג אהני פער טושונג אונד אהני מינדריסטין

ערשטע זייטל פון „שבועה חמורה על בראן"

(צום ארטיקל פון ד״ר ב. וואכשטיין)

(אריגינאל-גרויס)

# דער ערשטער פּראָטאָקאָל פונעם ווינער קהל אין יאָר תקמ"ד (1784)

**פון שאול חיות** (ווין)

דער דאָזיקער ערשטער פּראָטאָקאָל (Protocolum № 1) פונעם ווינער קהל אין יאָר תקמ"ד (1784) איז דער איינציקער יידיש־געשריבענער דאָקומענט, וואָס געפינט זיך אין רשות פונעם ווינער יידישן געמיינדע־אַרכיוו, — נישט אַריינ־רעכענדיק אַ פּאָר קאַסן־ביכלעך, וואו ס'געפינען זיך בלויז נעמען פון מנדבים און זייערע נדבות, און פּריוואַטע בריוו צום קהל און אויך צו יחידים פון די ראשי־קהל, געשריבן אין דייטש מיט יידישע אותיות, וועלכע געהערן צו די שפּעטער־דיקע צייטן.

דער דאָקומענט, וועלכער איז פון מיר געטריי אָפּגעקאָ־פּירט געוואָרן, איז געשריבן אין דעם סטיל פון יענער צייט: אַ דורכגעפלאָכטן דייטש מיט העברעאישע ווערטער. כדי מען זאָל זיך קענען אָריענטירן האָב איך צוגעגעבן צום פּראָטאָ־קאָל אַ פּאָר היסטאָרישע באַמערקונגען. די שריפטצייכנס אין דאָקומענט זענען אויך נישט געענדערט געוואָרן, אחוץ וואָס די קאָמעס, וועלכע מיר שרייבן אונטן, זענען אין טעקסט גע־שריבן איבער דער שורה; נישט שטענדיק האָבן זיי אַ באַ־טייט פון קאָמעס, אַסך מאָל קומען זיי סתם אָן אַ שום זינען אינמיטן וואָרט (צ"ב: פאהר, טראג־פארטראג, וואָס מיינט— פאַרשלאָג; פוהס, באדן—פוסבאָדן; מאחורי, הפרגוד—מיט אַ קאָמע צווישן). אַמאָל איז אויך אַ פ מיט אַ שטריך, כאָטש אָן אַ באַטייט. דאָס וואָרט „אונוויהדרופליכ" קומט אָן אַ לאַנגען כף; אין § 8 קומען בכלל קיין לאַנגע כפן נישט. בכדי צו פאַרלייכטערן דעם פשט פון דעם פּראָטאָקאָל האָבן מיר דורכ־געלאָזט די קאָמעס אינמיטן וואָרט און בכלל דאָרט, וואו זיי שטערן צו פאַרשטיין דעם טעקסט. אינעם אָריגינאַל זענען אַ סך ווערטער אויסגעמעקט; געוויינטלעך האָבן מיר דאָס דורכגעלאָזט, מחמת דאָס שטערט זייער דעם פשט, און נאָר אין איין אָרט (§8) האָבן מיר עס איינגערינגלט אין קײַלעכ־דיקע קלאַמערן (דער §8 איז בכלל געשריבן מיט אַן אַנדער שריפט ווי דאָס גאַנצע; דוכט מיר, אַז ער איז שפּעטער צוגעשריבן גע־וואָרן). אין עקיקע קלאַמערן האָבן מיר אין אַ פּאָר ערטער צוגעשטעלט דאָס, וואָס איז ע"פּי טעות דורכגעלאָזט, אָדער וואָס מיר פאַרטייטשן פון זיך. אין דעם פּראָטאָקאָל זענען קיין שום אונטערשריפטן נישטאָ.

איך האַלט פאַר נויטיק צו זאָגן דאָ אַ פּאָר ווערטער וועגן די פאַרהעלטענישן פון די יידן אין ווין צום סוף פונעם 18טן י"ה. ווי באַקאַנט, האָבן אין ווין אין די פריערדיקע יאָרן נישט געטאָרט וואוינען קיין יידן, סיידן זיי האָבן געהאַט אַן עקסטרא באַוויליקונג פונעם קייזער. ס'זענען נאָר געווען אַ פּאָר גליקלעכע יידישע פאַמיליעס, וואָס ס'האָט זיי אָפּגעקאָסט קורחס אוצרות, שווערע שטיקער גאָלד, ביז מ'האָט זיי גע־געבן די דערלויבעניש אויף אַ קורצער צייט זיך אויפצוהאַלטן אין ווין. דיזאָזיקע באַוויליקונג איז געווען אַ פּערסאָנעלע און נאָר פאַר יחידים; אַ געמיינדע מיט אַ שול און מיט אַ רב און מיט אַנדערע זאַכן, וואָס אַ געמיינדע דאַרף, האָט מען דאָ בשום אופן נישט דערלויבט. די יידישע איינוואוינער האָבן גע־האַט זיך אָנצולייען יגון ואנחה פון דער מאַכט און פון די באַאַמטע. ערשט קייזער יאָזעף דער צווייטער האָט מיט זיין באַקאַנטן טאָלעראַנץ־פּאַטענט פונעם 2טן יאַנואַר 1782 געמאַכט אַ פּאָר הנחות. פונדעסטוועגן שרייבט דער קייזער בפירוש אין דעם פּאַטענט (זע ביי פּריבראַם, 1, ז. 494—500), אַז זיין רצון איז בשום אופן נישט צו פאַרברייטערן די סבלנות פאַר די יידן, נאָר אדרבא—עס בלייבט ווייטער ביי דעם, ווי ס'איז געווען ביז איצט, אַז די יידן טאָרן דאָ נישט בילדן קיין געמיינדע מיט אייגענע פאָרשטייער און טאָרן נישט האָבן קיין עפנט־לעכע שול אָדער אַן עפנטלעכן מנין אא"וו, נאָר יעדע משפחה מוז איינציקווייז, ווי ביז אַצינדערט, זיך משתדל זיין וועגן אַן עקסטרא שוץ און אַ רשות צום אויפהאַלט אין ווין.

נישט געקוקט דערויף האָבן די טאָלערירטע יידן אין ווין צווישן זיך נישט אָפיציעל געמאַכט אַ מין קהל; ס'זענען אויסגעוויילט געוואָרן אַ פּאָר פאָרשטייער, אָדער, ווי זיי האָבן זיך דעמאָלט אָנגערופן, „בפאָלמעכטיגטער אויש שוס". די ראשי־העדה האָבן, ווי ס'דרינגט אַרויס פון דעם פּראָטאָקאָל, וואָס מיר דרוקן דאָ, פאַרזאָרגט אַלע יידישע ענינים, הן צווישן זיך אַליין און הן „מאחורי הפרגוד"—אויך ביי דער מאַכט. די יידן, וואָס האָבן באַקומען רשות דאָ צו וואוי־נען, האָבן געמוזט יעדעס יאָר צושטעלן דער מאַכט אַ רשימה מיט די נעמען פון זייער הויזגעזינט און משרתים. דיזאָזיקע רשימות האָבן געהייסן „פאַמיליענליסטעס"; זיי געפינען זיך אַצינד אינעם רשות פון דעם ווינער יידישן געמיינדע־אַרכיוו. די עלטסטע ליסטעס הייבן זיך אָן פונעם יאָר 1787 און ציען

זיך אזוי ביז צום יאָר 1847.

אינעם יאָר 1789, דעם 13טן יאַנואַר, האָבן די ווינער ייִדן זיך געווענדט מיט אַ בקשה צו דער רעגירונג, אַז מ'זאָל זיי דערלויבן צו ווײַלן פאָרשטייער, וואָס זאָלן פאַרטרעטן זייערע בקשות אָפיציעל לגבי דער מאַכט (די ווענדונג, וואָס געפינט זיך אין אָריגינאַל אינעם ייִדישן געמיינדע־אַרכיוו פון ווין, איז אָפּגעדרוקט בײַ פּריבראַם, 1, ז. 593—594); די בקשה איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן (דאָרטן, ז. 594). דעם 17טן יולי 1792 איז די טאָלערירטע ייִדן באַוויליקט געוואָרן צו ווײַלן פון זיך מענטשן, וואָס זאָלן מעגן פון צײַט צו צײַט פאַרהאַנדלען מיט דער מאַכט אינעם נאָמען פון די ווינער טאָלערירטע ייִדן. אין דעם אַקט איז אַ בפירושדיקער תּנאַי אויסגענומען געוואָרן, אַז די געוויילטע זאָלן נישט טאָרן הייסן „אויסשוס", ווײַל מען וואָלט זיך געקענט טועה זײַן, אַז זיי פאַרטרעטן אַ געמיינדע, נאָר זיי מוזן זיך אָנרופן „פאַרטרעטער", ס'מיינט פאַרטרעטער פון יחידים (דאָרטן, ז. 657). אין יאָר 1826 איז אין ווין צום ערשטן מאָל געעפנט געוואָרן מיט דער דערלויבעניש פון דער מאַכט אַ עפנטלעכע שול (דער זײַטענשטעטער טעמפּל); פונדעסטוועגן האָבן בײַ ייִדן די גײַסטלעכע נאָך אַלץ נישט געטאָרט הייסן רב אָדער אב"ד. דער ערשטער ווינער פּרעדיקער יצחק בן נח מאַנהײַמער (1793—1865) האָט אָפיציעל דעמאָלט געהייסן „רעליגיאָנסלעהרער", און ר' אלעזר האָראָוויץ (1800—1868), וואָס איז אין יאָר 1828 אויפגענומען געוואָרן אַלס רב, האָט אָפיציעל נישט געטאָרט הייסן רב, אב"ד אָדער ראַבינער, נאָר „כשר פלייש־אויפזעער" און ערשט אינעם יאָר 1848, ווען אַלע באַשרענקונגען אַקעגן די ייִדן זענען באמת אָפּגעשאַפט געוואָרן און די ייִדן האָבן שוין אויך אין ווין געמעגט גרינדן אַ געמיינדע, האָט ר' אלעזר האָראָוויץ אָנגענומען אָפיציעל דעם טיטל אב"ד און ראַבינער (פּריבראַם, II, ז. 488, באַמערקונג 2). דאָס ערשטע מאָל ווערן די ווינער ייִדן דעם 3טן אַפּריל 1849 אָנגערופן פונעם קייזער „איזראַעליטישע געמיינדע" אין אַ תשובה אויף אַ טרײַ־אונטערטעניקסטן אַדרעס פון די ייִדישע פאַרטרעטער צום קייזער פונעם 9טן מערץ 1849 (אײַנבלאַטדרוק, דאַטירט 9טן אַפּריל 1849, אינעם אַרכיוו פון דער ווינער ייִדישער געמיינדע. אָפּגעדרוקט בײַ וואָלף „געשיכטע דער יודען אין וויען", ז. 152, שפּעטער אויך בײַ פּריבראַם, II, ז. 549). אין 1851 זענען צום ערשטן מאָל פון דער ווינער איזראַעליטישער געמיינדע צוגעשטעלט געוואָרן סטאַטוטן, וואָס זענען פון דער מאַכט באַשטעטיקט געוואָרן.

---

מיר גיבן דאָ די נעמען פון די ווערק, אויף וועלכע מיר פאַררופן זיך אין דער הקדמה און אין די הערות צום פּראָטאָקאָל, און זייערע אָפּקירצונגען אין ייִדיש:

A. F. Pribram, Urkunden und Akten zur Geschichte der Juden in Wien, B. I, Wien u. Leipzig 1918. — אָפּק.: פּריבראַם, I

A. F. Pribram, B. II.
אָפּק.: פּריבראַם, II.

Sigmund Husserl, Gründungsgeschichte des Stadt-Tempels der israel. Kultusgemeinde Wien; Wien u. Leipzig 1906.
אָפּק.: הוסערל, שטאָט־טעמפּל.

B. Wachstein, Die Inschriften des alten Judenfriedhofes in Wien, II Teil; Wien u. Leipzig 1917. — אָפּק.: וואַכשטיין, אינשריפטן ווין II

B. Wachstein, Die Gründung der Wiener Chewra Kadischa im Jahre 1763; Wien 1910.
אָפּק.: וואַכשטיין, חברה קדישא.

I. Taglicht, Nachlässe der Wiener Juden im 17. und 18. Jahrhuudert; Wien u. Leipzig 1917. — אָפּק.: טאַגליכט, נאַכלעסע.

---

## Protocolum № 1*)

בס"ד**) י' א' כ"א אדר תקמ"ד לפ"ק בחיהן — Wienn den 14 Mtz 784 באסיפות חתומים דלמטה, אלש מקהל שן***) ערנאנט, אונד בפאלמעכטיגטר אויש שום.

§ .1

אייסרט זיך ר' בער וואַרשר [1], אויף דיא גשטעלטע פראגע עבור המקח מקמחא דפסחא, דאש עש אן דעהמע זייא הקמח שנה הלז בזולר כמו שנה דאשתקד. ער זייא דאהערא איהר ביהטג זעלבעס מיט 30 Xz (קרייצער) הפרש משנה העבר, מיט הין דען מעטצין [2] פער f. 4.24 (פעניג) פער מאחלן הינפאן צו לאסין.

§ 2

מאכט ר' בער הנ"ל פערנר דען פאהר טראג, איהמע דען דורך דיא וואסרסנאהט אוהן ברויכבאהר גמאכט באך־אָפען, דאן דען פוהס באדן אין צימר, איינס אלש אנדר מקופת קהל ש"ן וויהדר הער צו שטעלן מיט דען בייא זאטץ דאש דיא דיספעליגע שפעהזן אויף סירקא f 50 אן צו טראגן וועהרי.

2. .1 § ad איזט בשלאסן אונד מיט איהם פעסט גזעטצט ווארדן, דאס דא זאהמאנע הוצאות, קיינעש וועגעש מקופת הקהל ש"ן צו בשטרייטן קומן דענאך אבר וויא וואהל ער זיך מיט 15 Xr. 3 f פער מעטצן [2]) מקמחא דפסחא צו פריהדן צו שטעלן האבע, אום איהמע להוצאות הנ"ל איינס טייהל שאדלאז צו האלטן, דער פרייז מיט 34 Xr

---

*) אן אָפּשריפט פון דעם פּראָטאָקאָל געפינט זיך אין אַרכיוו פונעם ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. רעד.

*) בסיעתא דשמיא.

**) שן אדער ש"ן ־שיאיר נרם.

f 4. פאסיהרט, אונד איין צו פאררדרן ערלויבט ווירט.

§ 3

פראגט זיך דערזועלבע אן ווי זיך עס קמחא דפסחא לעניי' צו פר האלטן ולמי' ומי' זאלכעש על הוצאות קה"ל שן גראטים פער אבפאלגן צו לאסן האט.

.3 § ad זינד איהם פאלגנדע גראטים אבגאבן אונד אייגנטליך על הוצאות קהל ש"ן גשטאטעט ווארדן אונד צוואהרן

| | | |
|---|---|---|
| | גימלה צינצהיים . . . . . . . | 7/8 |
| | ר' לאזר פ"ב [3] . . . . . . | 8/8 |
| | רבקה צ"ה [4] . . . . . . | 10/8 |
| | ר' מרדכי פ"ב [3] . . . . . . | 4/8 |
| | רבקה קאך . . . . . . . | 6/8 |
| | רייזל עמבריך . . . . . . | 3/8 |
| עולה לסך.. 41/8... | מרים רעבניץ מצות . . . . . | 3/8 |
| | משה ליב שוחט [5] . . . . . | 2/8 |

§ 4.

קומט אין פאהר טראג ווי זיך פסח הבע"ל עם התפוסים צו פער האלטן ווי ועל איזה אופן דיזה צו פפלעגן, בזאנדרש אבר ווי פיהל דערן זינד הנתפ[ס]ים כאן.

.4 § ad האט זיך הק' ר' יוזל בר"ש וו"ה [6] דאהין געאייסרט ער ויך דיזן געגן שטאנד, עבן זא צור קונדשאפטס איין האלען כטה המה, אונד ווי זעלבי' אויף דער בקוועהמליך, אונד וואָהלפיילשטע ארט, פערפפלעגט ווערדן קענן אונטרציהן זיינר צייט זא דאן דיא דיס־פעליגע אן צייגע מאכן וויל.

§ 5

ערשיינעט אויף בשעהנען פאהרפאדרן המוכר בשר ר' יודא טריהטש וא אויף דיא איהם, אין פאלגע באסיפות קהל ש"ן גשטעלטע פראגע וויהדרהאלט, אן פערלאנגטע קארטאַ־גארישע אנטווארט' אונד ענטשליסונג, וואש ער אין אן זעהונג דעסן שולדיג פלייש פאכטש רוקשטאנד מן 6 חדשים כ"ת****) פער 48 f· איין צו ווענדן אונד פאהר צו שיטצן האבע אלש אויך דעם פערנרן פאכט־שילינג בטרעפנד, פאהר צו טראגן האבע' זיך דיזר דאהין געאייסרט האט „דאש ער ניכטש ווינגער „אלש דען רוקשטאנד. צו צאהלן פערמעגנד נאך פון דארום „קיינעש וועגעש דא צו אן גהאלטן ווערדן קאן דא, בוואוסטר „מאהסן באותו זמן האשה מרת פראדל [7] אשת ר' ליב יאסקי „אין פאלגע איהרר פרייאהיים, איינה פלייש באנק ערעפנט „אונד איהם, יעדע וואכע איין פער שלייס פון 6 סענטנר פלייש „מיט הין א 1 Xr על ליטר, איין אוטילע פער 10 f וואכנטליך „ענטצאגן וואודורך ער עבן זא צור שולדיגע אב טראגונג

****) כל חדש.

„זיינעש ברייטש פערזועסענען' אלס פערנערהין צו ענטריכטנדן „פאכט קוואנטא אויסער שטאנד גזעטצט ווארדן' ער קענע זיך „אויך פיר שוקינפטיגע צו קיינר ארט פאכט קוואנטא פער־„שטעהן דא ער ניכט ויסן קענע ווי וייט, זיך דער פער „שלייס, מהאשה פראדל הנ"ל ברוב הזמן עקסטענדירה, אונד „איהם נאכטייהליגר ווערדע.

.5 § ad האט מאן דיזן פאהרטראג אדנאטום גנומן' אום נאך איינסט מיט פראדל עטווא גטראפנן פערגלייך' דעסן בשווע(ר)דע אין ערוועהגונג צו ציהן זאדאן בזאגטן 2 געגן שטענדע צו ערהייטרן אונד שלום צו שעפפען.

§ .6

האט מאן פיר ראהטזאם בפונדן זיך איינסטווילן ביים לעבל' שטאט מאגיסטראהט' וועגן דאש ex offo אן גוויזענן [8] נייאן קברות מאחורי הפרגוד' צו ערקונדיגן, ווי טייאר זיך דיזר אן קויף עטווא בטראגן מעכטע ועד כמה תכבוד העבודה.

.6 § ad איזט דיזה נאכריכט איין האלען להק ר' חיים לר"ד [9] זא זיך הירצו ווילקיהרליך אן ערבאטן איבר טראגן אונד מיט גגעבן ווארדן.

§ .7

קומט אין פאהר טראג, אונד ענטשטעהט דיא פראגע דא מאן עם האשה מרת פראדל אין בטרעף איהרר אין פאל־גע ערהאלטענע פרייאהייט, ערעפנעטע פלייש באנק מאניגפעל־טיג גפפלאגנע אונטר רעדונג, אונד פרוכטלאהז גמאכטן פער זוהך מיט דער זעלבע איין דיספעליגן קאנפענסיאהן צו טרעפפען דענאך פערמעג 5 § עש דיא נויטווענדיגקייט ערהיישט, מאן אויף איין אודר אנדרע ארט דען בעדאכט נעמע וואו מיט קהלשן ניכט דען גענצליך ביסהערא בצאגנן פאכט מן ר' יודא טריהטש פערלוסטיג ווערדע אויב עש ראהטזאם זייא געגן איהרר וואן גלייך וואהל ברייטש ערהאלטענע פרייאהייט פאהרשטעלונג' אונד זאנסטיגע פאהרקעהרונג צו מאכן אודר צום ./' דענאך לקהל ש"ן אויף קיינר ארט ניכט נאכטייהליגן '/' *) פער גלייך צו שרייטן' אין לעטצטרן פאל אלזא' וי וייט מאן זיך הירא‎יבר איין צו לאסן גדענקע אונד אין שטאנד גזעטצט צו זעהן גלויבה, צו ענטשליסן אונד, איהר צור אוהן פערוויילטע אייסערונג צו צו שטעלן אונד צו בעלעהרן זיי.

.7 § ad האָט מאן אללע אן אונד געגען שטענדע דאן יענע מיט איהר פרָא עט קאנטרא גפפלאגענע אונטררי־דונג גנויא ערוואגן אונד דען אייסרשטן שלום גפאסט, מאן איהר, נעמליך להאשה מרת פראדל הנ"ל געגן דעהמע דאש זיא איהרר פרייאהייט' מיטעלס אורגי־נאהל דעקרעהט זאמט סעסיאהן עד כלות זמן הלז שהוא 785 ber 7 [10]) 4 אונוויהדרוופליכ' אונד קרעפטיגשט איין רוימט' זא גלייך איין פוישאלע פער 450 f ד' מאות וחמשים זהובים קוראנד געגן קהי־

*) אזוי איז אינעם אָריגינאַל: ./. . . ./.

טונג בצאחלע, יעדאך מיט דען מינדליך פערשפרעכן המותרת זא זיך פון דען לקהל ש״ן צו פאלנדען 11/2 Xr מן ליטר בשר, נאך אבצוג׳ יעהרליך 750 f שבעה מאות וחמשים זהובים׳ אלש איין פאכט קחאנטא לקהל ש״ן דאן בניכוי שכירות, אן קאנטראֿ לאר, עד כלות זמן הלז אן ריין פער בלייבנדן איבר רעסט׳ נאך אב צוג אב בעזאגט, אנטיציפיהרטע 450 f איהר, אלש איין ווילקיהרליכעש עקוויוואלענט, יעדאך אייגנדליך צום אונטערהאלט איהרר קינדר, גחידממער עבן פאלס פעראב פאלגט חערדן זאללע.

איין אלש אנדר זאלע איהר נאבריכטליך מיט געטייהלט, אונד אינר האלב דרייא טאגע צו לייסטן

האבנדע געגן ענטשליסונג אן פער לאנגט ווערדן.

(8. § ר׳ משה ליב שוחט[11]) הט פאר גבראבט דש איהם אלש משעובד הקהל אויב קמחא דפסחא גביהרט, או׳ גיטט צו גלייב דש איהם כפי היושר זיין שכירו׳ וואבינמליב או׳ ניכט מאנאטליב להבא גגעבן ווערדן מעכט. זא איין הפרש פון 6 f לשנה אויזמאבט.

8. § ad ערשטרס איזט איהם גחיליגט וואָרדן׳ לעצטרס אבר מוז ערשט עם ר׳ יודא טריטש פראברעדט ווערדן)**).

*) פּראַג. 8 אין איבעם אָריגינאַל אויסגעמעקט; פונדעסט, וועגן האָבן מיר אים דאָ נעבעבן (אין קלאַמערן).

## הערות צום פּראָטאָקאָל

1) ר׳ בער וואָרסטער איז אינעם יאָר 1782 אָנגעשטעלט געוואָרן אַלס שמש פון דער ווינער חברה-קדישא (וואַכשטיין: חברה־קדישא, ז. 29). זיין פאַמיליענאָמען איז געדווּלדיג. ער רופט זיך אויך מיטן פאָטערס נאָמען: בער יאַקאָב גידאלדיג. ער האָט געפירט אין דער חברה־קדישא דאָס בוך פון יידישע געבורטן (פונעם 4 מאי 1784 ביז דעם 7 מאי 1794), דאָס חתונה-בוך (פונעם 22 יוני 1785 ביז 18 מאי 1794!) און דאָס בוך פון געשטאָרבענע (פונעם 30 מערץ 1784 ביז צום 2 יוני 1794). ער באַשטעטיקט דאָס אַליין אין די אויבנדערמאָנטע ביכער, וואָס געפינען זיך אינעם אַרכיוו פון דער ווינער געמיינדע. מ׳פלעגט אים אויך רופן בער פּראָסיוואַרג (וואַכשטיין: אינשריפטן ווין, ב. II, ז. 488). געשטאָרבן דעם 29 יוני 1795, 72 יאָר אַלט („טויטנבוך״ פונעם אַרכיוו פון דער ווינער געמיינדע, דף 21, עמוד 1). ער האָט געהערט צו די טאָלערירטע יידן אין ווין (זע די פאַמיליע-ליסטעס פון די טאָלערירטע יידן אין אַרכיוו פון ווינער יידישער געמיינדע). זיינע קינדער טראָגן דעם פאַמיליענאָמען בעער (וואַכשטיין, דאָרטן).

2) אן עסטרייכישער מעצן איז געווען גלייך 61,487 ליטער; 30 מעצן — 1 מוט (Muth)

3) ר׳ לאזער און ר׳ מרדכי פ[רעס]ב[ורג] זיינען צוויי ברידער: לאזער לעהמאַן, געשטאָרבן 81 יאָר אַלט, דעם 21 מאי 1793 („טויטנ-בוך״ פונעם געמיינדע־אַרכיוו, דף 17, עמוד 2), און מרדכי לעהמאַן, געשטאָרבן אַ הונדערטיאָריקער, דעם 10 מאי 1788 (דאָרטן, דף 6, עמוד 2, פגי״ל אויך: טאַגליכט, נאַכלעססע, ז. 102). לאַזער און מרדכי זיינען די זין פון נפתלי-הירץ בן יהודה לעמאַן הלוי, געשטאָרבן דעם 1 יולי 1746 (וואַכשטיין, אינשריפטן, ב. II, ז. 306); מ׳האָט ז״י גערופן פּרעסבורג, ווייל זיי האָבן פריער געוואוינט אין פרעסבורג (דאָרטן, ז. 307).

4) רבקה צ[ינצ]ה[יים] Sinzheimerin, געשטאָרבן אַלס 70 יאָריקע אלמנה, דעם 12 פעברואַר 2793 („טויטנבוך״, דף 16, עמוד 2). זי איז די טאָכטער פון יוסף האַממעל פון פראַנקפורט און איז געווען די פרוי פון שלמה זלמן הלוי זינצהיים. זי האָט אויך געהערט צו די טאָלערירטע יידן אין ווין; איר טאָלעראַנץ איז אָריבערגעגאַנגען דעם 15 נעוועמבער 1785 אויף איר איידעם יוסף לעהמאַן (פאַמיליען-ליסטעס פון די טאָלערירטע יידן אינעם ווינער געמיינדע-אַרכיוו).

5) ר׳ משה ליב שוחט, מיטן פאַמיליענאָמען האַמערשלאָג, איז געשטאָרבן אַן 88 יאָריקער, דעם 21 אָקטאָבער 1799 („טויטנבוך״, דף 35, עמוד 8). ער חתמעט זיך ביי אַ באַשטעטיקונג וועגן דעם טויט פון ר׳ קאָפל טראַק פאַר דער מאָכט: „הק׳ משה ליב המישלאַק שוחט דמתא בווינא אליש צייג״ (טאַגליכט, נאַכלעססע, ז׳ 243).

6) ר׳ יוזל בר׳ ש[מואל] וו[ערט]ה[יימר], געשטאָרבן כ״ג טבת תקצ״א. אין יאָר 1791 איז ער פון לעאָפּאָלד [ דערהויבן געוואָרן צום אַדל מיטן טיטל „ווערטהיימשטיין״ (וואַכשטיין, אינשריפטן ווין, ב. II, ז. 513).

7) פראדל איז אידענטיש מיט פריירא בת שמואל אָפּנהיים, גערופן פראדל עסטרייך־ Veronika Oesterreicher (זע: וואַכ-שטיין, אינשריפטן ווין, ב. II, ז. 470).

8) געמיינט דער גרויסער וועהרינגער בית-הקברות, וואָס איז דעמאָלט געקויפט געוואָרן.

9) ר׳ חיים ל[יי]ד[עס]דאָרפער איז געווען פאַרטרויונגסמאַן פון די ווינער יידן לגבי דער מאָכט (הויסערל, שטאַט־טעמפעל, אויך: וואַכשטיין, אינשריפטן ווין, ב. II, ז. 524).

10) סעפטעמבער.

11) זע באַמערקונג 5. לויט ווי ס׳ווייזט זיך אַרויס פון אַנדע-רע קוועלן פונעם ווינער יידישן געמיינדע-אַרכיוו, האָט דער שוחט ר׳ משה-ליב שטאַרק געליטן פון עניות און דחקות, הגם זיינע בעלי-בתים, די ווינער טאָלערירטע יידן, זענען דעמאָלט שוין געווען גבירים אדירים און האָבן געשפּילט אויף דער וועלט אַ ראָלע פון קצינים און פּזרנים. איך ברענג דאָ אַ בריוו, וואָס דער דערמאָנטער האָט געשריבן כ״ה אייר תקמ״ו (23 מאי 1786). דער בריוו געפינט זיך אינעם ווינער גע-מיינדע-אַרכיוו. ער איז געשריבן אין יידיש, געמישט מיט לשון-קודש:

„בעה״י אשא עיני אל ההורים, קציני ראשי טפסירים, פרנסי עדה, כל חד יתברך מפושה אורים. איינמאל שאן האטי איך מיך אונטערפאנגין קציני קהל י״ץ [-ישמרם צורם] אויף

מייני יעציגע לאגע אויפמערקזאם צו מאכין. איך האטי מיך גוואגט איהנין מיין אלטער, מיינע ארמוט, מייני טעגליך צונעהמענדי שטראפאצי, בפחי נפש פארצושטעללין. איך האטי מיך אויף איהרע גראסמוהטס גשטיצט, וואמיט זיא לכל איש מבקש לחם, פותח יד ומשביע זינד, איך אבר, איש עני ונכה רוח, אשר זה שלשים שנה שהנני יוצא ובא לפניכם לעמוד ולשרת בשם ה׳, בין שואל ללחם, ופורש אין לי: צוואהר האבן מיך אייניגע מנגידי עדה מיט דער האפפנונג, דאס מיין גזוך בייא ערשטרר סעסיאָן פארגענאמען ווירדן זאל גטריסטעט. ולזאת ימלל פי תהלה, ותהי משכרתכם שלמה! אך, אהובי אדוניי נגידיי י״ץ מהרה חושו, אל תעמדו על דם עבדיכם! הנה קול דמ״י אחיכם עבדיכם צועקים אליכם מפני הלחץ זו הדוחק לעני לפי שעה, איך האבי: f 15 תויזצינז צאהלונג אויף מיר. בין אין נפאהר, דא איך זעלבי ניכט צו ענטריכטען פערמאָג אוין מיינר וואהנונג גשטאסען צו ווירדין. תיקר נא נפש עבדיכם בעיניכם. היו לי לעזר משען לעת זקנה, לעת כלות כוחי ונסו הצללים צל הכסף ומטה לחם. ועליכם יזרח כבוד אלקים. תנובו בשיבה טובה דשן ורענן כעתירת עבדיכם עד זקנה ועד שיבה הק׳ משה ארי׳ האמרשלאָק שוחט דמתא פה עיר ווינא יו׳ ב׳ ר״ה אייר תקו״ם לרמם לפ״ק״.

(די קאָמעס אין דעם בריוו זענען — פונקט ווי אינעם פראָטאָקאָל — אַלע געשריבן איבער דער שורה).

בתשובה אויף דער בקשה האָט אים דער ווינער קהל מוסיף געווען פופציק גולדן אַ יאָר, אָנהויבנדיק פון ר״ח תמוז תקמ״ז (דאָס ווערט קלאָר פון אַ באַמערקונג אויף דער אַנדערער זייט פון דעם דערמאָנטן בריוו).

# Archivalia

פון ד״ר יעקב שאַצקי (ניו-יאָרק)

## I

## צו דער געשיכטע פון די רבנים-מחלוקות אין ווילנע צום סוף 18טן י״ה

דער קאַמף צווישן די ווילנער פּרנסי-הקהל און די אָרטיקע רבנים צום סוף פון 18טן יאָרהונדערט איז אין אַלגעמיין אַ באַקאַנטער פאַקט. ש. י. פין [1], פּראָפ. בערשאַדסקי [2] און י. צינבערג [3] האָבן באַלויכטן דעם ענין און מיטגעטיילט וועגן דעם אַ ריי וויכטיקע מאַטעריאַלן. דער ענין איז נאָך אָבער נישט אינגאַנצן אויסגעפאָרשט.

איך גיב דאָ איבער אין אָריגינאַל — און אויך אין אַ ייִדישער איבערזעצונג — אַן אינטערעסאַנטע בקשה, אין צוזאַמענהאַנג מיט דערדאָזיקער מחלוקת, צום קיניג פון צוויי ווילנער סוחרים: חאַצקל לייבאָוויטש און יודל אַוורינסאָוויטש, פון 12טן פעברואַר 1788. דעם אָריגינאַל האָב איך געפונען אין ארכיוו פון די טשאַרטאָריסקיס אין קראָקע (באַנד 926).

די מעשה מיט ר׳ אבעלס — דעם ווילנער רבס — זון, וועלכער איז אַנטלאָפן פון דער היים צו די גלחים און האָט זיך געשמדט, וועגן וואָס עס ווערט גערעדט אין דעמדאָזיקן דאָקומענט, — איז טיילווייז באַקאַנט פון אַן אַנדער קוועלע: פּראָפ. בערשאַדסקי [4] האָט אויפן סמך פון די ווילנער אַקטן פון פינאַנס־טריבונאַל מיטגעטיילט, אַז די פּרנסי־הקהל האָבן באַשולדיקט די אָנגעזעענסטע מיטגלידער פון דעם אַזאַקאָלער „פּריקאַהאַלאָק״, אַז זיי זיינען „אָנגעפאַלן דעם 2טן דעצעמבער 1787 אויף ר׳ אבעל וואָלפאָוויטשעס [זון בעת ער איז געגאַנגען אין שול אַריין״, האָבן אים געכאַפּט און אָפּגעגעבן דעם קאַנאָניק, דעם ריכטער פונעם בישאָף-געריכט, אַלס אַן אָפּטריניקן פון דער קאַטוילישער קירך. פּראָפ. בערשאַדסקי גיט דערביי צו, — מסתמא אויפן סמך פון דיזעלביקע אַקטן, — אַז ר׳ אבעלעס זון איז פרייוויליק אַוועק צו די דאָמיניקאַנער כדי זיך צו שמדן. דערדאָזיקער פאַקט ווערט אָבער גאַנץ אַנדערש באַלויכטן אין דעם דאָקומענט, וואָס מיר ברענגען דאַ.

די צוויי דערמאָנטע ווילנער ייִדישע סוחרים, וועלכע ווענדן זיך וועגן דעם ענין צום קיניג סטאַניסלאַוו אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי, האָבן מסתמא געוואוסט, אַז דער קיניג ווייזט אַרויס געוויסע סימפּאַטיעס צום „המון״ און אַז ער האָט דעם 19טן יוני 1786 אַרויסגעגעבן אַן „איזערנעם בריוו״, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט, אַז די ייִדישע קהילה צייכנט זיך אויס מיט דעספּאָטיזם און מיט ניט נויטיקע פּזרנות. וואָס האָט דער קיניג געענטפערט אויף דער בקשה — איז לײדער אומבאַקאַנט. בכל אופן איז דערדאָזיקער דאָקומענט אַ וויכטיקער צושטייער צום דאָזיקן ענין פון די רבנישע מחלוקות.

דער מאַנוסקריפּט שטאַמט פון דער קיניגלעכער הויף-קאַנצעלאַריע. ער איז געשריבן מיט אַן אַנדער האַנט, ווי די אונטערשריפטן. קאָנטיק, אַז די ייִדן האָבן נישט געקענט שרייבן קיין פּויליש. אין אַלגעמיין איז די שפּראַך פון דער בקשה אַ שלעכטע. מיט אַ גאַנץ אַנדער האַנט איז אויף דער בקשה אָנגעמערקט די דאַטע: 12 פעברואַר 1788 — מסתמא דער טאָג, ווען די בקשה איז אָנגעקומען אין קאַנצעלאַריע. די אַפּליקאַנטן האָבן משמעות פאַרגעסן צו דאַטירן זייער ביטע. גאָר אין אַ זייט, אויף די ראַנדן, איז געשריבן: Memoriał od Kahalu y Gminu Wilenskiego (אַ בקשה פון דער קהילה און פון ווילנער המון). די רבנים־מחלוקות אין ווילנע, אַ פּראָדוקט פון דער ירידה פון דער קהילה-מאַכט און דער דעמאָראַליזאַציע פון די פּרנסים, איז זייער אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד אין דער געשיכטע פון ייִדן אין ליטע ערב דעם אונטערגאַנג פון דער פּוילישער מלוכה. דער קאַמף צווישן דעם „המון״ און די אַריסטאָקראַטישע פּרנסים פאַרמאָגט אין זיך חוץ קולטור־היסטאָרישע מאָמענטן אויך זייער בולטע סאָציאַלע שטריכן. פון אַ ריין סאָציאַל-עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט זיינען דידאָזיקע מחלוקות נישט אויסגעפאָרשט געוואָרן.

ווי באַקאַנט האָט די ווילנער גאַס צו יענער צייט געהאַט איר קעמפער. דאָס איז געווען אַ געוויסער שמעון בן-וואָלף (שמעון וואָלפאָוויטש). אַדאַנק דער השפּעה פון די פּרנסים האָט דער וואָיעוואָדע אים אַריינגעזעצט אין דער ניעסוויזשער תּפיסה. דאָרט אין תּפיסה האָט ער אָנגעשריבן אַ אינטערעסאַנטע בראָשיר מיטן נאָמען: Więżeń w Nies-

1) ש. י. פין, „קריה נאמנה״, ווילנע 1860, ז. 27, 130, 273 א״ח.

2) С. Бершадский, Литовские евреи, 46—48

3) י. צינבערג, מלחמת הקהל בה„רב האחרון״ בווילנא; ו״ב „העבר״ 1918, כרך ב׳, 45—77 (געשריבן אויפן סמך פון ארכיוו-מאַטעריאַלן; לײדער נישט פאַרענדיקט).

4) С. Бершадский, с., 52.

wieżu do Stanów o potrzebie reformy Żydów“. דידאָזיקע בראָשיר איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין יאָר 1790; נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זי ווערט ציטירט ביי ש. י. פין און פון דאָרטן דערמאָנט ביי ש. דובנאָוון[5], שיינט זי אָבער אין אַלגעמיין צו זיין אומבאַקאַנט. אין דער ביבליאָטעק פון די קראַשינסקיס אין וואַרשע געפינט זיך אַן עקזעמפּלאַר פון דערדאָזיקער זייער אינטערעסאַנטער און זעלטענער בראָשיר. עס וואָלט געווען כדאַי זי איבערצודרוקן און דעמאָלט וואָלט צוגעקומען נאָך אַ קוועלע צום ווילנער עפּיזאָד פון 1788.

מיר ברענגען דאָ אין אָריגינאַל די בקשה פון די צווייווילנער סוחרים צום קיניג:

Nayiaśniejszy Królu Panie nasz Miłościwy.

Mieszkańce miasta Waszey Królewskiey Mci Pana Naszego Miłościwego, Wilna, podlegli Prawu, y przyczyniaiący się do Pożytków Kraiowych, ufać możemy Protekcyi Pańskiey, codziennie do iednego wszystkich nas Boga, za naydłuższe y nayszczęśliwsze Zdrowie y Panowanie W. K. Mci czyniąc modły, do którey z tą naypokornieyszą udaiemy się w ucisku powszechnym tegoż miasta Suppliką.

Od nieiakiego czasu ustanowiony od Zwierzchności Woiewodzińskiey temu miastu Rabin, Szmuyło Wigdorowicz, gdy przez złe sprawowanie się ściągnął całego Kahału na siebie zażalenie y sądem teyże Zwierzchności Woiewodzińskiey od swoiego Urzędu został usuniony a na iego mieyscu Abel Wulfowicz do sprawowania Funkcyi Rabinowskiey był przeznaczony położony iest stąd w tym mieście Kamień Węgielny zamieszania, kłótni, y Pieniactwa, z niezmiernym Wszystkich mieszkańców uciskiem y stratą.

Gdy z iedney Strony odsądzony Rabin uzyskał Protekcyą od Zwierzchności Duchowney J. C. X. Biskupa Wileńskiego, z drugiey zaś Strony aktualny, utrzymywany był pomocą Woiewodzińską, nieprzestaiąc ua Dekretach Wielorakich Konsystorskich, Trybunalskich, Komissyjnych ledwie nakoniec Dekretem Sądów Zadwornych Litewskich, w tey kadencyi, rzecz zdawała się brać swoią konkluzyą. Lecz z tegoż samego źródła nowa materya ucisku, nowe zdarzyła całemu miastu nieszczęście powracaiący z Warszawy do Wilna Abel z przyznanym rządem nad Kahałem znalazł Syna niedorosłego ieszcze, wziętego do Xięży Dominikaninów, dla nauczenia wiary katolickiey, którego wkrótce chrzczono, powiedziano mu, że głos Boski powołał go do Obmienienia Wiary, Oyciec zaś rozumiał, że głos nieprzyiaznych dla niego uczynił mu te strapienie, oddzielaiąc od Domu, Krwi y Religi iedney z nim. Wszakże nie był zostawiony sposób iemu inny, iako w cierpliwości znosić to, co Bóg na Jego umartwienie przez ludzi zsyła. Niepozwolono nawet mu żeby widział i mówił Oyciec Własny do Syna własnego, który czy z lekkomyślney młodości, czy z uprzykrzonego pod kratą zakonną zamknięcia, czyli dla nowey a tyle-kroć doświadczoney iuż obiekcyi zapowiedziano w mieście, że umknął, schował się, czy przewieziony iest z Klasztoru Xięży Dominikanów, na których Instancyą uczynione iest w Trybunale wniesienie głuche bez wytknęcia na kogo, o uwiężenie nieraz wspomnianego przechrzty Syna Abla Rabina Nayiaśnieyszy Trybunał wydał Dekret na łapanie y Więżenie wszystkich którzyby należeli do tey Akcyi, zostawiwszy Exekucyą swoiego dekretu Warcie Trybunalskiey y kilku niechętnym rozdzielney Partyi żydów. Wszystkie więc Maiątki nasze, Handel y kramy poruczone są Dyskrecyi Żołnierza, który Domy przetrząsa, handel niszczy, y samych nayznakomitszych Gospodarzów, pod ścisłą Wartą zabiera, iuż ich w Więżeniu liczą do kilkudziesiąt osób, a żaden nie iest dnia y godziny swoiey pewnym.

Nayiaśnieyszy Panie, nie iest rzeczą naszą odwoływać się do Prawa, czy one nam służy równie i ale innym iż nieprzekonanego nienależy więżić, nie do nas należy mówić czy godzi się za wniesieniem bez wytknienia na kogo, y za iaki Kryminał winnego y niewinnego oskarzonego y nie oskarzonego więzić —. Wszak K. Nai. Pan nasz Miłościwy, iako Pan ludu całego rozważysz miłosiernie, co iest z prawem, co, nad Prawo, my niezamawiawszy postępku przechrzty

5) די נייסטע געשיכטע פון יידישן פאָלק, יידיש פון נ. שטיף, „ליטעראַרישער פאַרלאַג“ (בערלין, 1923), פאַראַגר. 9.
[אין דער ניי-באַאַרבעטער געשיכטע פון ש. דובנאָוו אין דייטש ווערט מער אויספירלעך דערציילט וועגן וואָלפאָוויטשעס בראָשיר און עס ווערן געבראַכט פון איר אייניקע ציטאַטן. זע: „Weltgeschichte des jüdischen Volkes“ (Berlin), B. VIII, s. 320, זע אויך:
M. Balaban, „Historja i Literatura Żydowska“, III, 422.
רעד.]

ani Exkuzuiemy ieżeli którykolwiek iest winnym, żeby według Prawa był skaranym.

Ale iedynie do Miłosierdzia y Spawiedliwości udaiemy się, ażeby winni od niewinnych byli odłączeni, y ieden za drugiego nie cierpiał. A zatym wszyscy do widoczney zguby handlów swoich zostali zasłonieni. O co u podnożka Tronu Pańskiego Naszą składamy Suppliką w nayprędszym zaratowaniu miasta całego od ruiny.

Waszey Królewskiey Mu Pana Naszego Miłościwego wierni poddani Chackiel Leybowicz, Judel Urinsowic.

12 Febr. 1788 : צוגעשריבן מיט אן אנדער האנט

אויפן ערשטן זייטל אָנגעשריבן אויך מיט אַ אנדער האנטשריפט: Memoryał od kahału y Gminu Wileńskiego.

(אַרכיוו פון די טשאַרטאָריסקיס אין קראָקע, באַנד 926)

איבערזעצונג אין יידיש (פריי):

„אייער מאַיעסטעט, גנעדיקער האַר אונזערער!

מיר, איינוואוינער פון ווילנע, דער שטאָט פון אייער קיניגלעכן מאַיעסטעט, אונזער גנעדיקן האַר, געהאָרכזאַם די געזעצן און נוצלעך פאַרן לאַנד, — האָפן פון אייך שוץ. מיר טוען יעדן טאָג תפילה צו אײן גאָט, וועלכער איז אונזער אַלעמענס גאָט, און בעטן פאַרן אריכת־ימים, געזונט, גליק און ממשלה פון אייער מאַיעסטעט. מיר ווענדן זיך מיט דער דאָזיקער אונטערטעניקסטער בקשה אין אַן ענין, וועלכער באַרירט אַן אַלגעמיינע צרה פון דער דערמאָנטער שטאָט.

פון אַ געוויסער צייט אָן איז באַשטימט געוואָרן פון דער וואָיעוואָדישער מאַכט אַלס רב אין שטאָט שמואל וויגדאָראָוויטש. אדאנק זיין שלעכטער אויפפירונג האָט ער אַרויסגערופן אָנקלאַגעס קעגן זיך און איז דערייבער דורך דער זעלביקער וואָיעוואָדישער מאַכט באַזייטיקט געוואָרן פון זיין אַמט. אויף זיין אָרט איז באַשטימט געוואָרן אויפן כסא־הרבנות אַבעל וואָלפאָוויטש. פון דעם האָט זיך גענומען דער אָנהייב פון אומאָרדענונג, מחלוקתן און פראָצעסן, וועלכע ברענגען גרויס שאָדן און אַ צרה פאַר אַלע איינוואוינער.

דער רב, וועלכן מען האָט אַראָפּגעזעצט, האָט פון זיין צד געוואונען שוץ ביי דער גייסטלעכער מאַכט אין דער פערזאָן פון דעם ווילנער בישאָף. דער צווייטער צד, דער איציקער רב, ווערט אונטערגעשטיצט פון דער וואָיעוואָדישער מאַכט; אַחוץ דעם האָט ער אַסך דעקרעטן פון דער קאָנסיסטאָריע, פונעם טריבונאַל און פון פאַרשיידענע קאָמיסיעס. עס האָט זיך געדוכט, אַז סוף־כל־סוף וועט אויפן סמך פון דעקרעט פון דעם „זאַדוואָרנעם" ליטווישן געריכט דער גאַנצער ענין ערלעדיקט ווערן.

אָבער דאָס איז גאָר געוואָרן אַ נייער קוואַל פון אומעדרדיקונג; אַ נייער בראָך איז געקומען אויף אונזער שטאָט. ווען אַבעל [דער נייער רב] האָט זיך צוריקגעקערט פון וואַרשע קיין ווילנע מיט אַ הסכמה אויפן אַמט אין דער קהילה, האָט ער דערזען, אַז זיין מינדעריאָריקער זון איז אַוועקגענומען געוואָרן צו די גלחים־דאָמיניקאַנער, כדי אים מדריך זיין אין די וועגן פון דער קאַטוילישער אמונה, און אין אַ צייט אַרום האָט מען אים אָפּגעשמדט. מ'האָט אים געזאָגט, אַז גאָט שטים האָט אים גערופן צו ענדערן דעם גלויבן. דער פאָטער האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז דעמדאָזיקן עגמת־נפש האָבן אים אָנגעטאָן זיינע שונאים, וואָס האָבן אים אָפּגעצוימט פון זיין אייגענעם הויז, פון זיין בלוט און אמונה.

עס איז אים נישט געבליבן קיין אַנדער וועג, ווי מיט געדולד אויסצושטיין די ענויים, וואָס דער אויבערשטער האָט אויף אים אָנגעשיקט דורך מענטשן.

מען האָט אפילו נישט דערלויבט, אַז אַן אייגענער פאָטער זאָל זיך זען און רעדן מיט אַן אייגענעם זון, וועלכער איז, ווי מען האָט צוליב פאַרשיידענע טעמים דערציילט אין שטאָט, אַנטלאָפן דערפאַר, וואָס ער איז לייכטזיניק, ווייל ער איז נאָך יונג, אָדער צוליב דעם, וואָס עס איז אים נמאס געוואָרן צו זיצן אונטער די גראַטעס פון קלויסטער.

[מען זאָגט, אַז] ער האָט זיך באַהאַלטן, אָדער מען האָט אים אַריבערגעפירט פון דעם דאָמיניקאַנישן קלויסטער. אויף די גלחים האָט מען אָנגעגעבן אַ אָנקלאַגע אין טריבונאַל אַריין, נישט אָנהייזנדיק אויף קיינעם ספּעציעל, און געבעטן צו אַרעסטירן דעם אויבנדערמאָנטן משומד, דעם זון פון דעם רב אַבעל. דער הויכער טריבונאַל האָט אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט צו כאַפּן און איינזעצן אין תפיסה די אַלע, וועלכע האָבן אָנטייל גענומען אין דערדאָזיקער אַקציע. מען האָט איבערגעגעבן די אויספירונג פון דעם דעקרעט דער טריבונאַלוואַך און צו אַ פּאָר יידן, וועלכע זענען פריינדלעך געשטימט צום צווייטן רב.

און דער רעזולטאַט איז, אַז אונזער האָב־און־גוטס, אונזערע געשעפטן און קראָמען געפינען זיך אין רשות פון סאָלדאַטן, וועלכע מאַכן אומטערזוכונגען אין די הייזער, מאַכן חרוב דעם מסחר און אַרעסטירן די אָנגעזעענסטע בעלי־בתים. אַ פּאָר צענדליק מענטשן האָט מען שוין אַריינגעזעצט אין תפיסה. און קיינער איז נישט זיכער מיט זיין טאָג און מיט זיין שעה.

אייער מאַיעסטעט! מען זאָגט, אַז עס איז נישט אונזער זאַך זיך צו באַרופן אויף געזעצן און פרעגן, צי זענען זיי פאַר אונז באַשטימט אַזוי ווי פאַר אַנדערע. און עס געהערט נישט אונז צו שטעלן אַ פראַגע, צי איז עס אַ יושר עמיצן אַריינצוזעצן אין תפיסה נאָר אויפן סמך פון אַ מסירה, אַלץ איינס פון וואַנעט זי קומט, ווען מען איז נישט איבערצייגט אין דער שולד פונעם אַרעסטירטן. [אויך דאַרפן מיר נישט פרעגן] פאַרוואָס פאַרא פאַרברעכן האַלט מען אין תפיסה אַ שולדיקן און אַ אומשולדיקן, אַ באַשולדיקטן און אַ נישט קיין באַשולדיקטן.

אייער מאַיעסטעט, אונזער גנעדיקער מלך, דער האַר

# בעז"ה

## מודעה מכבוד הרב הגאון אב"ד דפה

הן היות זה איזו שנים אשר התעורר כבוד הרב הגאון הצדיק המפורסם מ"כ האב"ד דפה בוזותו בחיים חיותו לעורר ולהוכיח במישור את ב"ב תושבי עירינו מבלי יחזיקו מלמדים הבאים לכאן ומשיגים גבול מלמדי עיה"ז אשר זה עיקר חיותם להמציא טרף אנשי ביתם אף ברוחק ובצמצום רב, מלבד אשר ידוע דתה"ק עניי עירך קודמין, אף גם מי אכזר כי לא יעורנו הדבר אשר מלמדי עירינו עטופים ברעב נפשותם ונפש ב"ב מבלי ימצאו כמעט אף לחם צר ומים לחץ ואם אמנם יבאו לכאן לומדי תורה מופלגים אשר דעת ב"ב נוחה בהם ליישר בניהם על דרכי התורה ולהשכילם דעת וטרע, ע"ז אין תרעומת כלל כי כ"א באשר זיכה אותו הש"י בבנים מוכשרים לקבל תורה מחפש עצה"יט למצוא למדן מופלג אשר יחזיק אצלו להדריך בניו בדרכי התורה אמנם רובם מהבאים לכאן אשר כמעט לא ידעו בין ימינם לשמאלם אף גם נמצאו בתוכם הולכי דרך לא טוב ולמיעוט דעת המון ב"ב דכאן אף גם לגודל טרדותם לא ישכילו ע"ז, ובחלקות אמרים ופיתוי דברים הרבה יטעו את לב ב"ב כי המה לומדים מופלגי' וכבר שמעו והחזיקו הדבר הרבה הב"ב דכאן, אולם במעט הזמן הנה נתרבו הבאים לכאן אשר אין להם פרנסה במקומם אף גם אשר ירצה להמציא בכאן פרנסתו בריוח ויותר משני מאות מלמדים אשר נשארים מבלי מעמד כלל, וברבות הזמן כמעט יהיו מלא העיר מלמדים מחוץ לעיר, ומלמדי תושבי עירינו ח"ו יספו ויתמו ברעב המה ונפשות ב"ב, מלבד אשר נמצאים בכאן גם הרבה אנשים בני תורה ויראה אשר אינם יודעים דרך פרנסה ומוכשרים לעבודת ד' הזה, וגם המה ישארו ריקן ובחוסר כל אי לזאת לא יכולתי להתאפק לעורר בזה ב"ב תושבי עירינו אשר יראו לחוס ולרחם על נפשות האומללים האלה, מבלי חזיקו אצלם מלמדים מחוץ לעיר אשר אינם מהמפורסמים למופלגים תה"ל ימצאו בכאן כהנה וכהנה הש"י מלמדים כאלה.
אבטח באשר ישימו על לבם תושבי עירינו וישכילו עד היכן הדברים מגיעים ויראו לשמוע ולקבל דבריי אלה הנאמרים באמת וביושר דרכי התורה ובחמלה והרחמנות אשר ישובחו בזה אחב"י. ושכר המצוה הזאת כפולה מלבד מצות הצדקה אף גם שכר מחזיקי עמוד התורה ויזכו לגדל בניהם וב"ב מאושרים על דרכי התורה והעבודה אשר ישמחו ויתאשרו בהם הוריהם.

הכ"ד נטפל לעושי מצוה

הבעה"ח יום ה' ער"ח מרחשון תר"א לפ"ק

הק' חיים דוד זאהן חופ"ק הנ"ל





מודעה פון ווארשעווער רב ר' חיים דאווידזאָן וועגן מלמדים אין 1841.

(ארכיוו פונעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, ווילנע)

(צו „ארכיוואַליע" פון ד"ר י. שאַצקי).

פון גאנצן פאָלק, איז דאָך דער, וועלכער וועט באַטראַכטן מיט רחמנות, וואָס איז לויטן געזעץ און וואָס נישט. מיר קריטיקירן נישט דעם שריט פונעם משומד און מיר האָבן גאָרנישט קעגן דעם, ווען עמיצער איז שולדיק, אז ער זאָל לויטן געזעץ באַשטראָפט ווערן.

אָבער מיר ווענדן זיך נאָר נאָך יושר און גערעכטיקייט — מען זאָל אויסטיילן די שולדיקע פון די אומשולדיקע, און איינער זאָל נישט ליידן פארן צווייטן. אויך — אז אלע זאָלן זיין באַשיצט קעגן דעם, וואָס מען רואינירט בפירוש זייערע פרנסות.

דאָס בעטן מיר אונטערטעניקסט, שטרעבנדיק וואָס שנעלער צו ראַטעווען די גאַנצע שטאָט פון א חורבן.

די געטרייע דינער פון אייער קיניגלעכן מאַיעסטעט, אונזער באַרמהערציקן מלך". געחתמעט: חאצקל לייבאָוויטש, יודל אורינסאָוויטש.

II

## דער קאַמף פון די לובלינער יידן קעגן דער פוילישער שול אין די יאָרן 1817—1818

פאָלגנדיקע ארכיוו־דאָקומענטן וועגן דער שול־פּאָליטיק אין פוילן בנוגע יידן און וועגן דער שטעלונג פון די יידן צו דערדאָזיקער שול־פּאָליטיק וואַרפן א טשיקאַווען ליכט אויף דער געשיכטע פון דער פּאָלאָניזאַציע פון יידן אין דער ערשטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט.

דעם 27טן דעצעמבער 1817 האָט די „קאָמיסיע פון דער לובלינער וואָיעוואודסטווע" געשיקט אן אויספירלעכן באַריכט צו דער „רעגירונגס־קאָמיסיע פאַר אמונות און עפנטלעכער בילדונג" וועגן דעם באַזוך פון די יידישע קינדער אין די פוילישע שולעס. אינעם באַריכט ווערט צווישן אנדערס געזאָגט:

„....עס איז אן אוממעגלעכע זאַך, אַז מען זאָל אין אונזערע צייטן קענען באַוואויגן דאָס פאָלק פון משה־רבינוס גלויבן אָפּצוגעבן זייערע קינדער אין א בשותּפותדיקער שול מיט קאַטוילישע קינדער. זייענדיק אַבערגלויביק און ווינציקער געבילדעט, קענען זיי זיך נישט באַשליסן אָנצוטאָן זייערע קינדער אנדערש ווי אין זייערע אַלטמאָדישע בגדים, אַראָפּצונעמען פון זיי די יאַרמולקעס און אָפּשניידן די פּאות — נישט געקוקט דערויף, וואָס מען האָט [זיי] אסך מאָל אויף דעם אויפמערקזאַם געמאַכט.

הגם זיי [די יידן] האָבן זיך אין לובלין געמאָלדן, אז זיי האָבן חשק אָפּצוגעבן זייערע קינדער אין אן עלעמענטאַרער שול, — דאָך, ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט וועגן די תּנאים, אויף וועלכע יענע קענען אָנגענומען ווערן, האָבן זיי דערקלערט, אז דאָס איז פאַר זיי אוממאויספירבאַר.

אין הרוביעשאָוו צאָלן די יידן דורך א יאָר סקלאַדקע 400 פוילישע גילדן לטובת דעם עלעמענטאַר־לערער; האָבן זיי [איצט] דערקלערט דעם קאָמיסאַר פון דער בילדונגס־אָפּטיילונג, וואָס האָט וויזיטירט די שולעס, אז זיי פאָדערן, מען זאָל זיי באַפרייען פון דעראָזיקער סקלאַדקע; און אויב עס וועט זיי אפילו אויסקומען צו צאָלן צען מאָל אזויפיל סקלאַדקע, וועלן זיי אָבער זייערע קינדער בשום אופן נישט שיקן אין א קאַטוילישער שול".

דעריבער מיינט די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע, אז „כּדי די יידישע יוגנט זאָל זיך קענען פּאַרפולקומען אויסער די רעליגיעזע ידיעות אויך אין לייענען, שרייבן אא"וו אין דער פוילישער שפּראַך, דאַרף מען גרינדן פאַר זיי באַזונדערע שולעס, לכל הפּחות אין די מער באַפעלקערטע שטעט, וואו א קאַטאָליק, אָנגעשטעלט פון דער קהילה פאַר א לערער, אָדער א ייד, וואָס איז פּאַסיק דערצו, זאָל קענען לערנען מיט די יידישע קינדער".

אין דעמדאָזיקן פּראָטעסט פון די לובלינער טאַטעס איז אָבער דער גאַנצער אמת נישט אויסגעזאָגט געוואָרן. עס איז געווען א פראַגע נישט נאָר פון רעליגיעז־נאַציאָנאַלע מאָטיוון, וואָס האָבן זיי באַוואויגן צו פּראָטעסטירן קעגן דער סיסטעם פון פּאָלאָניזאַציע, — נאָר אויך א ריין־געזעלשאַפטלעכער: מען האָט זייערע קינדער ממש געפּייניקט אין די שולעס.

פאָלגנדיקער אויסצוג פון אן אָפיציעלן ראַפּאָרט באַשטעטיקט דאָס אמבעסטן:

דער וואָיעוואָדישער בילדונגס־קאָמיסאַר האָט וויזיטירט די עלעמענטאַרע שול אין שטשעבזשעשין און האָט אין זיין באַריכט אזוי געשריבן:

„נישט געקוקט אויף די שטרענגע פאַרבאָטן און אויף דער פלייסיקער אויפמערקזאַמקייט מצד דעם לערער, האָבן די יידן געליטן זייער א סך עלבונות פון די קריסטלעכע קינדער און די קריסטן האָבן זיך געפילט באַליידיקט, וואָס זייערע קינדער זענען געגאַנגען אין שול אינאיינעם מיט די יידישע קינדער און וואָס מען האָט זיי געשטראָפט פאַר אָנטאָן צרות דידאָזיקע [יידישע] קינדער" (באַריכט פון 14טן יאַנואַר 1818).

פון דעמדאָזיקן ראַפּאָרט, וואָס איז געשריבן אין דער פאָרם פון עבר, איז צו זען, אז אויך אין שטשעבזשעשין האָט מען עלימינירט די יידישע קינדער פון די אַלגעמיינע עלעמענטאַרע שולעס. קיין נייע שולעס האָט מען דאָרטן אָבער פאַר זיי נישט געעפנט.

(אַקטן פון ארכיוו פון בילדונגס־קוראַטאָר, וואַרשע, פאַסציקול נום. 2423)

III.

## א בקשה פון א פויליש־יידישן אָפיציר פון יאָר 1818

אין די לעגיאָנען פון גענעראַל דאָמבראָווסקי, וואָס זענען געגרינדעט געוואָרן אין איטאַליע און וואָס האָבן געקעמפט אונטער נאַפּאָלעאָנס אָנפירונג, האָבן זיך אויך געפונען א פּאָר יידן, פרייוויליקע קינדער פון מאַרס, ווי צ"ב:

בערעק יאָסעלעוויטש, לייטענאַנט נאַטקעוויטש, אולאַנען־מאַיאָר יונגהויף, מיליטער־דאָקטאָר פיליפּ לוּ־בעלסקי, לייטענאַנט מרדכי ראָזענפעלד, אונטער־אָפיציר יאַן מאַרקאָווסקי, עליאַש בערעק כוואַט און אַנדערע[1].

איינער פון זיי — מרדכי מאַרקוס ראָזענפעלד איז גע־ווען אַ לייטענאַנט, און נאָך דעם ווי עס איז אין יאָר 1815 געגרינדעט געוואָרן דאָס קיניגרייך פּוילן איז ער אַלס אינוואַ־ליד (געווען אַ פּאָר מאָל פאַרוואונדעט) ארויסגעטראָטן פון מיליטער, אין וועלכן ער האָט געדינט אין משך פון דער גאַנצער צייט, וואָס דאָס הערצאָגטום וואַרשע האָט עקזיסטירט (1815—1807). דעם 16טן יולי 1818 האָט ער, דער געוועזענער אָפיציר פון דאָמבראָווסקיס לעגיאָנען, דערלאַנגט אַ בקשה צום גענעראַל זאַיאָנטשיק, דעם דעמאָלטיקן נאַמיעסט־ניק פון קיניגרייך פּוילן, און געבעטן פאַר זיך דאָס רעכט צו האַנדלען אין די שטעט און דערפער. אין זיין בקשה האָט ער אָנגעוויזן, אַז ער האָט אַ פרוי מיט אַכט קינדער, אַז ער איז פיל מאָל געווען פאַרוואונדעט און אַז ביז איצט האָט מען זיך אָפּגעזאָגט צו געבן אים וועלכע ס'נישט איז שטעלע. ראָ־זענפעלד דערציילט אין זיין בקשה, אַז ער האָט זיך גע־ווענדט צום פּרעפעקט פון קראָקער דעפּאַרטאַמענט וועגן באַ־קומען שטאָטישע רעכט אָן דעם אָפּצאָל, וואָס דאָס געזעץ האָט געפאָדערט, אָבער אויך אין דעם האָט מען אים אָפּגע־זאָגט. דעריבער ווענדט ער זיך איצט צום נאַמיעסטניק מיט דער בקשה, ער זאָל אים ארויסגעבן אַ „קאָנסענס אויף אַ פרייען האַנדל אין די מלוכה־גיטער, שטעט אָדער דערפער".

דער נאַמיעסטניק האָט אָפּגעשיקט ראָזענפעלדס בקשה צו דער מלוכה־קאָמיסיע פאַר אינעווייניקסטע ענינים און דער פּאָליציי. די־דאָזיקע קאָמיסיע האָט זיך געווענדט נאָך אַ „מיי־נונג" וועגן דעם פאַל צו דער „דירעקציע פאַר האַנדל און אינדוסטריע" (דעם 5 אויגוסט 1818). דעם 7טן אויגוסט האָט די דירעקציע געענטפערט, אַז „היות ווי דער בקשה־אָנגעבער האָט נישט אָנגעוויזן, מיט וואָס פאַר אַ מין מסחר ער וויל זיך פאַרנעמען, דאַרף מען אים אָפּשיקן צו דער נידעריקער אינסטאַנץ, וואָס וועט אין הסכם מיט די אַלגעמיינע פּרינציפּן דערלייכטערן די פאָדערונג, אָדער וועט אים פאָרשטעלן, ער זאָל באַקומען אַ קאָנסענס".

1) „Jutrzenka" 1861, № 10; Nussbaum, Historja żydów, V, 365, 366; Łuninski, Berek Joselewicz i jego syn, 36; Kwartalnik poświęcony przeszłości żydów w Polsce, I, 12—13 (יאַן מאַרקאָווסקי); III, 183—184 (כוואַט).
עס דאַרף אומעטום קאָריגירט ווערן דער טעות וועגן מרדכי ראָזענפעלדן, וואָס ווערט אָנגעגעבן פאַר אַ קאַפּיטאַן, בעת ער אַליין טיטולירט זיך אין דער בקשה „געוועזענער לייטענאַנט" (porucznik).
פּראָפ. ש. אשכנזי (Napoleon i Polska, III, 193) דער־מאָנט אַן אַנדער ראָזענפעלדן — אַ כירורג אין דעמזעלביקן לעגיאָן.
עליאַס בערקאַ — „אַ מלחמה־פּריוווּליקער", וואָס ווערט דערמאָנט ביי מייזעל Geschichte der Juden in Russland und Polen, III, 161 — איז עליאַש בערעק כוואַט.

דעם 19טן אויגוסט 1818 האָט זיך די „קאָמיסיע פאַר אינעווייניקסטע ענינים" געווענדט צו ראָזענפעלדן, ער זאָל אָנ־ווייזן דער אָרטיקער מאַכט, מיט וואָס פאַר אַ מסחר ער וויל זיך פאַרנעמען.

צי האָט ער דאָס געטאָן און צי האָט מען זיין בקשה דערפילט — וועגן דעם שווייגן די קוועלן. אָבער לויט ענ־לעכע עפּיזאָדן, וואָס האָבן געטראָפן מיט אַנדערע געוועזענע ייִדישע מיליטער־לייט אין דער פּוילישער אַרמיי אין דער תקו־פה פון נאַפּאָלעאָנען, — דאַרף מען משער זיין, אַז מען האָט ראָזענפעלדן סוף־כל־סוף אָפּגעזאָגט[2].

דער טעקסט פון מרדכי ראָזענפעלדס בקשה[3]:

Niżej podpisany, żoną z 8em dziećmi obarczony, bywszy Porucznik Woysk Polskich, bliznami okryty, w obronie Oyczyzny, iako Matki Jey prawy Syn, że widząc Ją zagrzebaną w gruzach z współbraćmi starał się wydobyć, lecz teras niestety przez te swiętobliwą usługę sposobu do życia pozbawiony.

Pomimo tylu mych podań, o uplasowanie mnie na iakiey posadzie, wszystko w odpowiedziach nieskuteczne, gdzie iuż nakoniec zażądałem od I. W-o Prefekta Deptu Krakowskiego, o przyięcie mnie do Prawa Mieyskiego bezpłatnie y to mi odmówione zostało, iak świadczy allegat sub. L. A. 4)

Racza Wasza Xięcia Mość litościwe Oko zwrócić na moie zasługi, móy nędzny stan za opłatą w Obwodzie Krakowskim Swym Reskryptem zadecydować łaskawie (o) przyięcie mnie do

2) דעם 12 אַפּריל 1816 האָט יעקב עבשטיין (Jakób Ebstein) אַ געוועזענער לייטענאַנט פון דער פּוילישער אַרמיי בעת קאָסציושקאָס רעוואָלוציע אין 1794, זיך געווענדט צו דעמזעלביקן נאַמיעסטניק זאַיאָנטשיק מיט אַ בקשה וועגן בירגער־רעכט. מען האָט אים אָבער אָפּגעזאָגט.
אין 1838 האָט זיך געווענדט צו דער רעגירונג אין וואַרשע אַ געוועזענער משה אָרלאָווסקי — אַ „געוועזענער סאָלדאַט פון פּוי־לישן מיליטער" מיט דער בקשה צו באַפרייען אים פון די ספּעציעלע ייִדישע שטייערן, אין זכות פון די „אויסגעדינטע יאָרן אין מיליטער". אויף דעם באַפעל פון נאַמיעסטניק פּאַסקעוויטש האָט מען די בקשה אָפּגעשיקט אין די געהעריקע אינסטאַנצן כדי זי „אויפצוקלערן". דער רעזולטאַט איז אומבאַקאַנט.
אין יולי 1844 האָט ישראל קעלמאַנאָוויטש קריגער, אַ געוועזענער אונטער־אָפיציר אין דער פּוילישער אַרמיי פון אַמאָליקן קיניגרייך פּוילן, זיך געווענדט צו דעמזעלביקן פּאַסקעוויטש וועגן אַ דערלויבעניש צו וואוינען „צוגלייך מיט די קריסטן". דער נאַמיעסט־ניק האָט אים דאָס באַוויליקט.
(אַקטן וועגן בירגער־רעכט און פּריווילעגיעס פאַר ייִדן, אַרכיוו פאַר אַלטע אַקטן, וואַרשע).

3) אָרטאָגראַפיע פון אָריגינאַל.

4) דער „אַלעגאַט" (ביילאַגע) — פעלט אין אַרכיוו.

Prawa Mieyskiego, y wydanie mi konsensu wolnego handlowania w Dobrach Narodowych, w Miasteczkach lub Wsi.

Oczekuie skutku mey prożby za którey udział nie wygaśnie w mym sercu do zgon (u) ma wdzięczność.

Warszawa, Dnia 15 Lipca 1818 R-u
przy ulicy Smoczey № 2498
zamieszkały.

Waszey Xięciey Mości
najniższy Sługa
Markus Rozenfeld
były Porucznik Woysk Polskich

Do Jaśnie Oświeconego Xięcia
Zajączka
Namiestnika Król. Pol.
Kawalera Orderów

(אַרכיוו פון נאַמיעסטניק, וואַרשע; באַנד I, טאַפּע 11).

IV

## יעקב טוגענהאָלד און לעאָפּאָלד צונץ

(אַן אַרכיוו־נאָטיץ)

אין יאָר 1841 האָט לעאָפּאָלד צונץ צוגעשיקט פון בערלין דעם וואַרשעווער צענזאָר יעקב טוגענהאָלד אַ סטאַטוט פון אַ „קולטור־פאַראיין", וואָס ער האָט געגרינדעט אין 1840 מיטן צוועק צו שטיצן יידישע געלערנטע און קינסטלער דורך אַרויסגעבן זייערע ווערק און געבן „סובסידיעס די נישט פאַרמעגלעכע".

צום סטאַטוט האָט ער ביגעלייגט אַ בריוו מיט אַ בקשה, אַז טוגענהאָלד זאָל ווערן אַ מיטגליד פון דערדאָזיקער געזעלשאַפט און זאָל אויך העלפן שאַפן מיטגלידער צווישן די יידן אין פּוילן. דעמדאָזיקן בריוו האָט טוגענהאָלד אַריבערגעשיקט אינאיינעם מיטן סטאַטוט צו אברהם שטערן — דעמאָלט דעם פאָרזיצער אין צענזור־קאָמיטעט. שטערן האָט ווייטער אַריבערגעשיקט דידאָזיקע דאָקומענטן צום גענעראַל אָקוניעוו — דעם דעמאָלטיקן קוראַטאָר פון וואַרשעווער בילדונגס־ראַיאָן, כּדי דער ענין זאָל טראָגן אַ לעגאַלן כאַראַקטער.

טוגענהאָלד — אַ משכּיל, וואָס האָט געקענט אָפּשאַצן די וויכטיקייט פון אַזאַ געזעלשאַפט און גלייבצייטיק אַ לאָיאַלער באַאַמטער, וואָס האָט מורא געהאַט עפּעס צו טאָן אויף זיין אייגענער אחריות, טאָמער וועט מען „אַנאָנסירן אין אַן אויסלענדישער צייטונג", אַז ער איז אַ מיטגליד אָדער אַ „פאַרמיטלער" פון דערדאָזיקער געזעלשאַפט, — האָט תּיכּף געענטפערט דער געזעלשאַפט מיט אַ בריוו. אין דעם בריוו האָט ער געמאָלדן, אַז „אין דער דערלויבעניש פון דער געהעריקער מאַכט קען ער נישט אויספירן קיין שום געזעלשאַפטלעכע פונקציע". ביי דער געלעגנהייט פרעגט טוגענהאָלד אָן, צי וואָלטן אויך געקענט דערוואַרטן אַ שטיץ מצד דער נייער געזעלשאַפט „נוצלעכע ליטעראַרישע פּרוכטן אין העברעאיש, רוסיש אָדער פּויליש, אָדער קונסטווערק, וואָס וואָלטן אין דעם לאַנד אַרויסגעגעבן געוואָרן פון קינסטלער אָדער מחברים־יידן"

דער קוראַטאָר אָקוניעוו האָט דעם גאַנצן ענין איבערגעגעבן דעם נאַמיעסטניק פּאַסקעוויטש.

וואָס איז געווען דער רעזולטאַט פון דערדאָזיקער אָפיציעלער אינטערווענץ — וועגן דעם שווייגן די אַקטן פון אַרכיוו[1].

(אַקטן פון בילדונגס־קוראַטאָר אין וואַרשע, נומ. 2432)

V

## אַ אומבאַקאַנטער קול־קורא וועגן מלמדים פון ר' חיים דאַווידזאָן, דעם וואַרשעווער רב

וועגן דעם לעבן און טעטיקייט פון ר' חיים דאַווידזאָן, וועלכער איז געווען אין די יאָרן 1837 — 1854 דער רבֿ־הכּולל פון וואַרשע, איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק דערשינען אַ קליינע מאָנאָגראַפיע פונעם פאַרשטאָרבענעם ע. נ. פרענק און י. ח. זאַגאָראָדסקי[2].

ר' חיים דאַווידזאָן האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אונעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. זיין נאָמען פיגורירט אונטער אַ ריי אויפרופן און קול־קוראס, וואָס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין שייכות מיט פאַרשיידענע רעפאָרמעס, גזירות און סתם־געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען אָדער פּראָיעקטן. אַחוץ דעם קול־קורא, וואָס ווערט געבראַכט אויך אין

1) דער דערמאָנטער פאַראיין האָט אין יאָר 1844 פאַרברייטערט זיין פּראָגראַם פון טעטיקייט. מען דאַרף נישט פאַרביטן דעמדאָזיקן „קולטור־פאַראיין" מיטן באַקאַנטן „פעראיין פיר קולטור אונד וויסענשאַפט דער יודען", וואָס דערזעלביקער צונץ האָט געגרינדעט אין יאָר 1819 אינאיינעם מיט עדוואַרד גאַנז, מאָזער און אין וועלכן ס'האָט אויך אָנטייל גענומען היינריך היינע; דער פאַראיין האָט עקזיסטירט ביזן יאָר 1824. זע וועגן אים:

Jost, Kulturgeschichte der Israeliten, Breslau 1846, 184; Zeitschrift für Geschichte der Juden in Deutschland, V, 233—268; Philipsohn, Geschichte des jüdischen Volkes, I, 167—170.

[זע אויך שטראָדמאַנס בוך „היינעס לעבען אונד ווערקע", ב. I, וואו עס ווערט אויספירלעך דערציילט וועגן דעם פאַראיין. רעד.]

2) „די פאַמיליע דאַווידזאָן", מיט בילדער און פאַקסימילע, באַאַרבעט דורך ע. נ. פרענק און י. ח. זאַגאָראָדסקי, פאַרלאַג מ. י. פריד, וואַרשע 1924. ספּעציעל וועגן ר' חיים דאַווידזאָן — זע ז. 21—29. דידאָזיקע אַרבעט איז זייער אַ שוואַכע; זי ליידט פון מאַנגל אין קוועלן און דער עיקר פון דעם פאַנעגיריש־הכנעהדיקן טאָן, וואָס פּערמאַנט אין די סמאָליקע ביאָגראַפיעס פון נגידים און בעשוואָוירענע כּלל־טוער.

דער דערמאָנטער מאָנאָגראַפיע בנוגע ערד-אַרבעט בײַ ייִדן[2]), האָט ער אין יאָר 1849 אַרויסגעלאָזט אַן אויפֿרוף וועגן דער גזירה פֿון מלבושים[3]).

אין יאָר 1841 האָט ר׳ חיים דאַווידזאָן אַרויסגעגעבן אַן אייגענעם קול-קורא בנוגע פֿאָלגנדיקן ענין:

ר׳ שלמה זלמן ליפשיץ, וועלכער האָט פֿאַר אים פֿאַרנומען דעם וואַרשעווער כסא-הרבנות, האָט שטאַרק אָפּגעהיט די חזקה פֿון די אָרטיקע מלמדים און שטרענג פֿאַרבאָטן די וואַרשעווער ייִדן אָנצונעמען מלמדים פֿון דער פּראָווינץ. דער מאָטיוו איז געווען די שווערע נויט, אין וועלכער ס׳האָט זיך געפֿונען די גרויסע צאָל מלמדים אין וואַרשע. דער דאָזיקער איסור איז משמעות נישט אָפּגעהיט געוואָרן, ווײַל עס חזרן זיך איבער אַ סך מאָל די תּרעומות פֿון די וואַרשעווער מלמדים אויף דעם צושטראָם פֿון זייערע פּראָווינציעלע קאָלעגן.

ווען ר׳ חיים דאַווידזאָן איז געוואָרן באַשטימט פֿאַרן רב-הכּולל, האָבן די וואַרשעווער מלמדים זיך אויפֿסנײַ געווענדט מיט אַ בקשה, אַז מען זאָל אײנמאָל פֿאַר אַלעמאָל פֿאַרבאָטן אָננעמען מלמדים פֿון דער פּראָווינץ, ווײַל אין וואַרשע גופֿא זײַנען פֿאַראַן איבער 200 מלמדים, וואָס האָבן נישט פֿון וואָס צו לעבן. אין נאָוועמבער 1841 האָט ר׳ חיים דאַווידזאָן אַרויסגעגעבן אויף העברעאיש אַ קול-קורא צו די ייִדן אין וואַרשע אין דער דאָזיקער אָנגעלעגנהייט. אָבער אויך דער אויפֿרוף פֿון דעם זייער חשובֿן רבֿ האָט קיין שום פּעולה נישט געבראַכט. געשטויסן פֿון דער נאָך גרעסערער נויט אין דער פּראָווינץ, זײַנען די מלמדים געקומען זוכן גליק און פּרנסה אין דער פּוילישער הויפּטשטאָט.

דעם 1טן מײַ 1845 האָבן צוויי מלמדים — אהרן געטצל יאַראָן און דוד סימאַנכעס זיך געווענדט דאָס מאָל צום אָבער-פּאָליצמײַסטער פֿון וואַרשע און אים געבעטן, ער זאָל פֿאַרווערן די „פֿרעמדע לערער קומען קיין וואַרשע“ און אָנגענומען ווערן פֿאַר לערער אָן דער הסכּמה פֿון רבֿ. געבעטן האָבן זיי דאָס „אין נאָמען פֿון אַלע ייִדישע לערער“ פֿון דער הויפּטשטאָט. צי איז זייער בקשה דערפֿילט

2) אַז דער דאָזיקער אויפֿרוף איז געווען געדרוקט ביז איצט צוויי מאָל — וועגן דעם האָבן די מחברים פֿון דער דאַווידזאָן-מאָנאָגראַפֿיע, ווײַזט אויס, נישט געוווּסט. איינמאָל איז ער געדרוקט אײַנגאַנצן אין דער פּוילישער „איזראַעליטאַ“ (נומ. 37, 1880); צום צווייטן מאָל אויך דאָרטן, שפּעטער, אין אויסצוגן, אין דער זייער וויכטיקער אַרבעט פֿון נ. ס. [נ. סאָקאָלאָוו]:

Próby skierowania żydów ku rolnictwu u nas („Israelita“, 1898, 7, 8, 9, 10).

3) ר׳ חיים דאַווידזאָנס אויפֿרוף וועגן גזירת המלבושים איז אין דער ציטירטער מאָנאָגראַפֿיע אויך נישט דערמאָנט. דער דאָזיקער אויפֿרוף איז אינאיינעם מיט צוויי אַנדערע ענלעכע אויפֿרופֿן פֿון הרב בערוש מײַזעלס (1857) און הרב געזונדהײַט (1871) געדרוקט אין דער דערזעלביקער „איזראעליטאַ“ (נומ. 13, 187[illegible]).

געוואָרן איז אומבאַקאַנט[4]). מסתּמא נישט, ווײַל די מלוכה-פּאָליטיק צו יענער צײַט — ספּעציעל אין דער שול-פֿראַגע — איז געגאַנגען אין דער ריכטונג נישט צו פּריוויליגירן די וואַרשעווער מלמדים, נאָר בכלל פּטור ווערן פֿון זיי. דאָס לעצטע האָט געקענט דורכגעפֿירט ווערן נאָר אויף דעם וועג, אַז די גרויסע קאָנקורענץ צווישן די מלמדים און דער שרעקלעכער דלות צווישן זיי זאָל צווינגען די מלמדים אויפֿגעבן די דאָזיקע באַשעפֿטיקונג און זיך נעמען צו „מער פּראָדוקטיווע פּרנסות“.

(אַקטן פֿון בילדונגס-קוראַטאָר, פֿאַסציקול 2428).

מיר גיבן דאָ די פֿאַקסימילע פֿונעם קול-קורא פֿון 1841. דער אָריגינאַל, וואָס האָט זיך געפֿונען בײַ מיר, איז פֿון מיר איבערגעגעבן געוואָרן אין אַרכיוו פֿונעם ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט[5]). (די פֿאַקסימיליע זע אויף אַ באַזונדער בלאַט).

## VI

# אַ פּאַרבאָט פֿון אַ ייִדיש=דײַטש ביכל אין פּוילן

(אַן אַרכיוו-נאָטיץ)

אין יאָר 1844 האָט אַ געוויסער סימאָן, אַ לערער פֿון דער „איזראַעליטישער שולע“ אין פֿראַנקפֿורט-מײַן, אַרויסגעגעבן אויף דײַטש אַ ביכל וועגן דער לאַגע פֿון די רוסישע ייִדן, מיטן נאָמען „Die Juden in Russland“ (האַמבורג 1844).

אין אַ בריוו צו דער פֿאַרוואַלטונג פֿון דער ייִדישער געמײַנדע אין וואַרשע (דאַטירט דעם 1טן אָקטאָבער 1844) האָט סימאָן דערקלערט די סיבות, וואָס האָבן אים, אַ דײַטשישן ייִד, באַוואויגן אָנצושרײַבן דאָס דאָזיקע ביכל.

ווען דער „געשריי פֿון די פֿאַרפֿאָלגטע ייִדן“ — שרײַבט ער — איז צו אים דערגאַנגען און עס זענען אָנגעקומען קיין פֿראַנקפֿורט אַ סך אַנטלאָפֿענע ייִדן פֿון רוסלאַנד, וואָס האָבן זיך צו אים געווענדט, ער זאָל פֿאַר זיי עפּעס טאָן, — האָט ער באַשלאָסן אויפֿצוהייבן זײַן שטים כּדי פֿאַרלײַכטערן דעם גורל פֿון זײַנע „גערודפֿטע ברידער בכלל און עפּעס טאָן פֿאַר זייער שוץ און פֿאַרטיידיקונג בפֿרט“.

4) אַז די פֿראַגע פֿון פֿרעמד-שטאָטישע מלמדים און באַהעלפֿערס איז געווען אַן אָנגעברענטע, באַווײַזט אַמבעסטן די שתּדלנות פֿון די וואַרשעווער מלמדים אין יאָר 1810. וועגן דעם זע: ע. נ. פֿרענק, תּולדות היהודים בגסיכות ורשה („התקופה“, ספר רביעי, ז. 487—485).

5) בײַ דער געלעגנהייט וויל איך ממלא זײַן מיט געוויסע פּרטים די דאַווידזאָן-מאָנאָגראַפֿיע. אַזוי, למשל, ווערט דאָרטן שטאַרק געלויבט די בילדונג פֿון ר׳ חיים דאַווידזאָן. אין 1844 האָט מען אים אײַנגעלאַדן אין דעם „דאָזיקער פֿון די עלעמענטאַרע שולעס“. דאַווידזאָן האָט זיך שטאַרק געקווינקלט מיטן אָננעמען דעם דאָזיקן אַמט. ענדלעך האָט ער געענטפֿערט דעם בילדונגס-קוראַטאָר קאַרוואָווסקי (דעם 23טן יאַנואַר 1846), אַז „נישט זייענדיק גוט באַקאַנט מיט פֿרעמדע שפּראַכן, וואָס ווערן געוויינטלעך געלערנט אין אַזעלכע שולעס“, בעט ער מען זאָל אים באַפֿרײַען פֿון דעם דאָזיקן אַמט. אין די שולעס האָט מען געלערנט אַביסל דײַטש און עפּעס מער פּויליש (אַרכיוו פֿון בילדונגס-קוראַטאָר, וואַרשע, פֿאַסציקול 2435).

„א רייכער מענטש — שרייבט סימאָן אין יענעם בריוו — האָט דערצו א סך מיטלען; אָבער וואָס איז בכוח צו טאָן אַן אָרעמער לערער, ביי וועמען די צייט איז אפילו אויך אויסגערעכנט?" אין די נאכט-שעהן האָט ער פארפאסט א ביכל, וואָס ער שיקט דער יידישער געמיינדע אין ווארשע, האָפנדיק, אז מען וועט דאָס ביכל פריינדלעך אויפנעמען.

סימאָן בעט, אז מ'זאָל אים אויף דעם בריוו ענטפערן. די ווארשעווער קהילה האָט זיך דערשראָקן פארן בריוו און דער בראָשיר און האָט תיכף ביידע זאכן אָפּגעשיקט צום נאמיעסטניק. דער צענזור-באאמטער, וואָס האָט דעם בריוו איבערגעזעצט אויף רוסיש פאר דער געהעריקער מאכט, האָט געמאכט פאָלגנדיקע שריפטלעכע הערה אין זיין ראפּאָרט צו מוכאנאָוון: „ווי ס'דוכט זיך, איז דער מחבר פונעם ביכל אויסן נאָר אביסל געלט, כלומרשט כדי צו פארטיילן עס צווישן די אנטלאָפענע יידן, וואָס געפינען זיך אָן מיטלען צום לעבן אין פראנקפורט-מיין".

די ווארשעווער קהילה האָט חוץ דעם אריינגעשיקט א בריוו צום פאָליציי-דירעקטאָר, אז זי האָט קיין שום באציאונגען נישט מיט דעמדאָזיקן סימאָן; זי האָט דאָס ביכל נישט אויסגעשריבן און זי ווייסט נישט צוליב וואָס מען האָט איר עס אריינגעשיקט (ראפּאָרט פון פאָליציי-דירעקטאָר צו פאסקעוויטשן פון 11טן אָקטאָבער 1844).

אין א אויספירלעכן ראפּאָרט צום נאמיעסטניק האָט מען איבערגעגעבן דעם אינהאלט פון דערדאָזיקער אנטירוסישער בראָשור.

אויפן סמך פון דעמדאָזיקן באריכט האָט מען ארויסגעגעבן דעם 26טן אָקטאָבער 1844 א פארבאָט ארייננצופירן סימאָנס דייטשישע בראָשור קיין קיניגרייך פוילן.

(אקטן פון נאמיעסטניק פאסקעוויטש, ווארשע, נום. 8672).

VII

## צו דער געשיכטע פון „גזירת הלבוש" אין פוילן

אין שייכות מיט דער אנטוויקלונג פון יידישן לעבן אין פוילן אין דער תקופה צווישן ערשטן און צווייטן אויפשטאנד (1831—1863) וועט מיר אויסקומען אין אַן אנדער אָרט צו בארירן אויספירלעך אויך די פראגע וועגן דער ענדערונג פון די יידישע קליידער. דאָ וויל איך נאָר איבערגעבן פאר דער עפנטלעכקייט א מטשיקאווען דאָקומענט. דאָס איז א פלוגבלאט, ארויסגעגעבן אין יאָר 1853 אין ווארשע, אויף פויליש און יידיש, בנוגע דעם סדר פון בייטן די הלבשה פאר יידן, ווי אויך די שטראָפן, וואָס מען וועט צאָלן פאר עובר זיין אויף די געזעצן.

אינעם פלוגבלאט ווערן געבראכט די תקנות, וואָס זענען ארויסגעגעבן געוואָרן דעם 1טן יולי 1853, לויט א דעקרעט פונעם נאמיעסטניק פאסקעוויטש [1]. דידאָזיקע תקנות האָט אויסגעארבעט א גאנצע קאָמיסיע; בראש פון איר איז געשטאנען דער רעפערענט א. בלומענפעלד (א משומד). די קאָמיסיע, וואָס האָט געהאט אין איר רשות דעמדאָזיקן ענין, איז געווען — „די מלוכה-קאָמיסיע פאר אינעווייניקסטע און גייסטלעכע ענינים" (Komissya Rządowa Spraw Wewnętrznych i Duchownych) — בראש פון איר איז צו יענער צייט געשטאנען „דער ווירקלעכער ראט" סטאניסלאוו ביערנאצקי; אלס אָנפירער פון דער סעקציע איז אויפן פוילישן טעקסט אונטערגעשריבן דער „קאָלעגיאלער אסעסאָר" פאפּראצקי. דער יידישער טעקסט איז איבערגעזעצט אין א דייטש-לשון-קודשדיקן דיאלעקט, אינעם נוסח פון דער דעמאָלטיקער משכילישער שפראך; דער איבערזעצער איז געווען דער צענזאָר יעקב טוגענהאָלד.

מיר ברענגען דאָ נאָר דעם יידישן טעקסט, ווייל ער גיט א חוץ דעם ריין-היסטאָרישן אינהאלט פון דאָקומענט אויך א שפּראכלעכן מוסטער פון יענע צייטן [2]:

### „די קאָמיסיע רזאָנדאָווע ספּראוו וועוונענטרזניך

### אונד דוכאָווניך

איזט מודיע לעם בני ישראל דאָס די ראדא אדמיניסטראצינא דעס קעניגרייכס, האָט דורך איינע דעציזיע פאָם 19 משערוויעץ /1 ליפּיעץ/ דיזעס יאָהרעס [נומער?] 15719 בעשטעטיגט פאָלגענדע פאָרשריפטען וועלכע בעטרעפפען דיא אָרדנונג וויא צו פערפאהרען איזט אום דיא יהודים (הן זכרים והן נקבות) צו פערוועהרען להלביש מלבושים אונד צייכען, וועלכע דיזעס פאָלק פאָן אללען איבריגען איינוואָהנערן אויסצייכנען.

א) אין בעטרעף דער יהודים.

1) עס איזט דער יודישען איינוואָהנערן אים קעניגרייכע פערבאָטען להלביש מלבושי יהודית.

2) פאָן דיזעם פערבאָט זינד נור בעפרייעט דיא רבנים אונד מורי הוראות, וועלכע לויט העכסטער בעוויליגונג, איזט דיא ערלויבניס ערטהיילט וואָרדען, דיא אלטע יידישע קליידונג צו טראגען, זאָ לאנגע זיא דיא געדאכטע רעליגיאָנספפליכטען ערפיללען ווערדען, באזהרה דאָס דיא יעניגען פאָן איהנען, וועלכע ווערדען אויפהערען דיזע פפליכטען צו פיללען, פערלירען זיא דאָס רעכט יידישע קליידער צו טראָגען. דיא בעפרייאונג פאָן וועלכער אין דיזעם ארטיקעל דיא רעדע איזט, האָט קיינען בעצוג אויף דיא רבנים אונד מורי הוראות וועלכע איהר אמט אנגעפאנגען האבען נאך דער פעראָרדנונג

1) אקטן פון נאמיעסטניק, אינעם ווארשעווער ארכיוו פון אלטע אקטן (Archiwum Akt. Dawnych), נומער 13435, (באנד וועגן יידן).

2) דעם פלוגבלאט האָב איך קאָפּירט פון דעמזעלביקן ארכיוו (אקטן פון נאמיעסטניק, נומער 14832).

דער קאָמיסיע רזאָנדאָהא פאָם 7 /19/ לוטי 1851 6240/2769 וועלכע דיא אבענגעדראַכטע אללערהעכסטע בעווילליגונג האט בעקאנט געמאכט, אונד די נייא נאָמינירטען רבנים אונד מורי הוראות מוססען בלי שום תנאי ערפילל֗ען דיא אללגעמיינע פעראָרדנונגען, בשנוי מלבושי יהודית.

3) פיר מלבושי יהודית וועלכע דען יהודים צו טראגען פערבאָטען זינד ווירד בעטראכטעט: זיידנע, פרונעללע, וכהנה, לאנגע רעקקע, איינע גורטעל מעל לשוקים, פעלץ מיטצען, קאפלעך, אָדער אנדרע מיטצען אָהנע שירם, פאָן בעזאָנדערס יידישען שניט, קורצע הויזען, שיך, ענדליך דער בארט אונד פאות, לאנגעס האאר איבער דיא שלעפען אונד זאָלכע צו פערוויקלען.

4) אנטשאט דער אלטען יידישען קליידונג, זינד דיא יהודים מחויב צו טראגען קליידער וויא געוועהנליך דיא אנדערן איינוואָהנער אין דיזעס קעניגרייך טראגען, נור ניכט אויס זיידען אָדער האלב זיידענצייג, וועלכעס דען יהודים צו אויבער קליידער איין פיר אללע מאל פערבאָטען איזט.

5) עס איזט אויך דען יהודים ערלויבט צו טראגען קליידער פאָם רוסישען שניט, בייא וועלכער קליידונג אויסשליסליך, זיא דען בארט טראגען קענען, נור אָהנע פאות, דען יהודים אלזאָ וועלכע זיך דייטש טראגען, דאָס הייסט, אין פרעק, קורצע רעקקע, אָדער פאלעטאטען, איזט ניכט ערלויבט דען בארט צו טראגען.

6) פיר מלבושים פאָם רוסישען שניט איז צו בעטראכטען: איין לאנגער ראָק (סורדוט) דאָס הייסט איבער דיא קניע, אָדער לענגער ביז צו דיא קנעכל, זאָ געמאכט אין שניט וויא דיא רוסישע סוחרים טראגען, דיא הויזען אין די שטיפעל אָדער איבער דיזעלבען, איין האלזטוך, איין הוט אָדער איינע געוועהנליכע מיטצע (פו ראזערקא).

צו דיזעס רוסישען טראכט (מלבושים) איזט אויך דען יודען ניכט ערלויבט צו געברויכען זיידנעס אָדער האלבזיידנעס צייג, זאָנדערן דער ראָק (סורדוט) מוס זיין פאָן טוך, אָדער פאָן איינעם אנדערן לייכטערן צייג אויס וואָללע, ליין, אָדער בוימוואָהללע בלי התחייבות דאס מען זאָלל זיך ריכטען נאָך דער יאהרעס צייט, מיט ווינטער אָדער זאָממער קליידער.

7) דיא יהודים ווערדען ניכט געצוואונגען זיין ביי דער רוסישען טראכט (מלבושים) דאס האאר אויף דעם קאָפף צו בעשניידען אין דער ארט וויא מען נענט רונד בעשניטטען (въ скопку) זאָנדערן דיא וואהל, וויא מאן אויף דיזע ארט דאָס האאר טראגען זאָלל, ווירד איהנען איבערלאססען.

8) עס ווירד אויך דען יהודים ניכט פערבאָטען צו טראגען מענטל מיט אָדער אָהנע קראגען, אלגערקעס, פעלצען, טולעפעס, וכהנה, זאָגאר בייא דער רוסישען טראכט, אונד דאס פערמעגען והנצרך לבריאות הגוף לכל אחד ואחד.

9) אויך ווערדען דיא יהודים ניכט געצוואונגען צו טראגען רוסישע ארמיאקען, וועלכע נור פאָן רוסישע קוטשער געטראָגען ווערען, אונד אלזאָ קיינע אלגעמיינע רוסישע קליידונג זינד.

10) דער פערבאָט דיא אלטע יידישע קליידונג צו טראגען בעציהט זיך ניכט אויף בעקליידונג וועלכע די יהודים געוועהנליך טראגען בשעת התפלה בימים טובים ובשבתות, אָדער בייא אנדרע רעליגיאָנס געברייכע, פיר זאָלכע קליידער ווערדען בעטראכטעט טלית, קיטל, תפילין, מיט איינעם וואָרטע, מלבושים אָדער צייכען וועלכע דיא יהודים על פי חוקי דתם טראגען נור בשעת התפילה אָדער ביי דער ערפיללונג פאָן מאנכען רעליגיאָנס געברייכען.

די פאָליציא בעהערדען ווערדען דען יהודים ניכט שטערען אין דיזען קליידערן צו געהען לבהכ"נ דורך די שטראסען אונד צוריק פאָן בהכ"נ נאך הויזע. עס ווירד אבער שטרענג בעאָבאכטעט ווערדען, דאָס דיא יהודים זאָללען בימי החג ושבתות ניכט תחת מסוה של מצוה הנ"ל טראָגען יידישע אבערקליידער אָדער יידישע מיטצען אונד קאפלעך.

11) וכאשר רצון הממשלה, דאס דיא יהודים זאָללען ניכט טראגען אייסערע צייכען, וועלכע זיא אבזאָנדערן פאָן קריסטליכען איינוואָהנערן אים קעניגרייך, זאָ ווערדען דאהער דיא פאָליציא בעהערדען זיך ניכט איינלאססען דעניעניגען טהייל דער קליידונג צו אונטערזוכען, וועלכע אייסערליך ניכט געזעהען ווירד. אויך ווערדען דיא פאָרשריפטען וועלכע אין דיזער הינזיכט ערגעהען, ניכט בעצאָגען אויף דיא צייכען, וועלכע ווען זיא אויך נור פאָן יהודים געטראָגען ווערדען, וויא צב"ש ציצות, ווייל זי אבער אונטער דען קליידערן געטראגען ווערדען, זאָ קעננען זיא ניכט בעטראכטעט ווערדען פיר אייסערע צייכען וועלכע די יהודים פאָן קריסטען אונטערשיידען.

12) זאָללטע איין יהודי זיין איין קשה עורף בשנוי מלבושי יהודית, אדער זאָללטע ער דען בארט טראָגען ניכט בייא דער רוסישען טראכט, וועלכע אָבען אים אָרט בעשריבען איזט, אָדער ווען ער ווירד זיך אויף איינע אנדרע ארט (באופן אחר) אונגעהאָרזאם צייגען, דען פעראָרדנונגען וועלכע בעטרעפפען שנוי מלבושי יהודית, ווירד ער דאצו געצוואונגען ווערדען. לויט דעציזיאָן דער ראדא אדמיניסטראציִנא פאָם 2 / 14 / לוטי 1851 No 20209 אונד זאָגאר דורך פערזענליכען צוואנג, וועלכעס ווירד פאָללצאָגען דורך די פאָליציא בעהערדען, ניט אנדערס אלס אים ערטליכען אמטע, אונד נאָך איינעם געשריבענעם פראָטאָקאָל, מיט דער גענויען ערקלעהרונג, זאָ וואָהל דיא בעוויזענע שולד דעם אָנגעקלאגטען, וויא אויך דען געברויכטען צוואנג אויף זיינער פערזאָן.

ב) אין בעטרעף דער יידישען פרויען.

13) דיא אלטע יידישע קליידונג צו טראגען, איזט דען יידישען פרויען אים קעניגרייכע גלייכפאלס אונבעדינגט (בלי שום תנאי) פערבאָטען.

14) פיר יידישע מלבושים וועלכע דען יידישען ווייבערן צו טראָגען פערבאָטען ווירד, איזט צו בעטראכטען: טורבאנען, בינדעס, קליידער אין יידישער פאָרם צוגעשניטען, קאָלירטע פאנטאָפעל וכדומה אויסצייכענדע קליידער אונד צירונג.

15) אנשטאט דער קליידונג וועלכע אים פאָריגען ארטי-

קעל בעצייכנעט איזט, מוססען דיא יידישע ווייבער טראגען אויף דעם קאָפּף איינע געוועהנליכע הויבע אָדער איינען הוט, קליידער פאָם געוועהליכען שניט אָדער איינע טראכט וויא דיא רוסישען פרויען טראָגען.

16) דא עס דען פערהייראטהעטען יידישען פרויען לויט אללערהעכסטען בעפעהל, פערבאָטען איזט דאס האאר פאָם קאָפּף אבצונעהמען, זאָ זאָללען אלזאָ דיא יידינען, וועלכע דיי־זען פערבאָט איבערטרעטען צור יעדעסמאָליגען געלדשטראפע פאָן 5 ז״ר געצאָגען וועררען.

17) אללע רבנים אונד מורי הוראות וועררען פראָטאָקולאריש פערפפליכטעט ווערדען, דאס זיא בייא דער חופה וקידושין ניכט צו לאססען זאָללען דען יידישען פרויען דאָס האאר אבצונעהמען, דיא רבנים אָבער אונד מורי הוראות וועלכע זיך נאך דיזער פאָרשריפט ניכט ריכטען זאָללטען, וועררען אונטער געריכט אבגעגעבען ווערדען, אום זי לויט געזעטץ בעשטראפען צו לאססען *).

18) עס איזט דען יידישען פרויען איין פיר אללע מאל פערבאָטען צו טראגען אויף דעם קאָפּף וואָס זיא געוועהנליך געברויכען אום דאס האאר צו פערטרעטען, הואר באנד, אטלאס, וואלגעורן אונד דעסגלייכען זאכען וועלכע דאס האאר נאכאהמען. זאָללטען אָבער דיא יידישע פרויען נאך דעם געברויך דער פערהייראטהעטען יידינען ניכט ווינשען איהר אייגנעס האאר צו ענטבלעססען, זאָ קעננען זי אום דאס האאר צו פערדעקקען אנשטאט דער אָבען בעשריבענען האארבענדער טראָגען הויבען, מיף אויף די שטירן הערואבגעריקט, וויא מאַנכע קריסטליכע אונד זאָגאר יידישע פרויען הויפט־זעכליך פאָם האהען אלטער טראגען.

19) ווען מען ווירד ערבליקען יידישע ווייבער מיט אָבי־גען האארבענדערן אויף דעם קאָפּף, זאָ וועררען זיא אללס אונגעהאָרכזאמע בערופען וועררען מיט דען מעננערן, אָדער מיט דען נעכסטען אנפערוואנדטען ווען זיא וויטווען זינד, אין דאס פאָליציא אמט, אונד נאכדעם מאן איינען פראָטאָקאָל ווירד געשריבען האבען, וועררען זיא געצוואונגען זיין, אים בייא זיין דיזער, דאָס האארבאַנד אָבצונעהמען.

20) דיא יידישען פרויען וועלכע דורך איינע הויט קראנקהייט דעס קאָפּפס, אָדער דורך דען נאטירליכען פער־לוסט דער אייגנען האארע, וועררען געצוואונגען זיין איין שיי־

*) דיזע שטראפע איזט בעצייכנעט אים 1 ארטיקעל דער פערי־אָרדנונג דער ראדא אדמיניסטראַצינא דעס קעניגרייכס פאָם 19 טשערוויעץ (1 ליפיעץ) ד״י. נעהמליך, אים ציכטהויזע איינשפערן פאָן 2 ביז 3 יאָהר, ביי דען פערלוסט מאַנכע בעזאָנדערען רעכטע אוגד פריווילעגיען, וועלכע אים 54 ארטיקעל דעס קאָדעקס דער הויפט אונד קרימינאל שטראפען בעשריבען זינד. זאָללטען זי אָבער טראָטץ דעם דאָך דער־זעלבען איבערטרעטונג איבערוויזען ווערדען, זאָ וועררען זיא אונטער־ליגען דער איבערגאבע צו מיליטער אויסער דער געביהרענדען צאָל, אונד ווען זיא וועררען צום מיליטער דינסט ניכט פעהיג זיין, זאָ וועררען זיא פערשיקט ווערדען אין די צוכט ארעסטאַנטען ראָטטען, אויף 10 ביז 12 יאָהר.



טעל פאָן פרעמדע האארען צו טראגען, איזט איהנען ערלויבט איין זאָלכעס צו טראגען.

21) אום זיך צו איבערצייגען אָב די יידישען ווייבער דען פערבאָט דאָס האאר אָבצושניידען ניכט איבערטרעטען, קאן איינע רעוויזיאָן נור דאן שטאטט פינדען, ווען די ערטליכע בעהערדע (וואָדזא מיעסצאָווא) ווירד איינע דייטליכע געשריי־בענע דענונציאציאָן ערהאלטען האבען דאס מאן זיך נאך דעם געדאכטען פערבאָט ניכט ריכטעט, אונד דיא רעוויזיאָן קאן נור געשעהן אים ערטליכען אמטע אים בייא זיין דעם מאננעס אָדער דעם נעכסטען אנפערוואנדטען מעננליכען געשלעכטס, אונד נאכדעם מאן איינען פראָטאָקאָל ווירד געשריבען האבען. זאָללטע אבער דיא דענונציאציאָן זיך ניכט וואהר ערווייזען, זאָ מוס דער דענונציאנט צור געזעצליך פאָרגעשריבענען פעראנט־וואָרטליכקייט געצאָגען ווערדען.

22) די געלד שטראפען פאָן וועלכען אים ארט. 16 דיא רעדע איזט, וועררען פאָללצאָגען ווערדען דורך דיא ערט־ליכען וואויטי גמיני אָדער בורגערמייסטער, וויל איהנען נעהמ־ליך דיא פאָליציא געריכטליכע אטריבוציאָן דינט, מיט דעם פאָרבעהאלט, דאָס בעפאָר אין דיזער הינזיכט איינע דעציזיאָן געמאכט ווירד, מוס איין פראָטאָקאָל פערפערטיגט ווערדען, מיט דער דייטליכען בעשרייבונג דער שולד וועלכע דער אנ־געקלאגטען פרויא איז ערוויזען וואָרדען, ווי אויך דאָס דיא געדאכטע שטראפען זאָללען צום איינקאסירען אנגעוויזען ווער־דען דער שטאט קאסע דיזער שטאדט, צו וועלכער דיא יידי־שע געמיינדע געהערט ווא דיא שולדנערין וואָהנט. דער פאָנד וועלכער פאָן דיזען שטראפען ערהאלטען ווירד, זאָלל איבער־געבען וועררען דער ראדא גלאָוונא פאָן דער וואָהלטהעטיגען אנשטאלטען, אונד זאָלל פערוועגדעט וועררען אויסשליסליך צום וואָהל דער יודישען וואָהלטעהטיגען אנשטאלטען.

דיזע פאָרשריפטען מוססען אנגעשלאָגען וועררען צור שיין אין דען יידישען בתי כנסיות אונד בתי תפילות".

(Archiwum Akt. Dawnych. Papiery Tugendholda, No 14832, Rok 1852)

## VIII

## אַן אָפּגעזאָגטע בקשה

דעם 3טן פעברואַר 1857 האָבן די דריי „בירגער" פון שטאָט טאָמאַשאָוו, די קריסטן א. עלבעל, גוסטאַוו לאַנגע און ס. שטראַלבאוך זיך געווענדט צום בילדונגס־קוראַטאָר מיט דער פאָלגנדיקער בקשה:

היות ווי זיי ווילן צוגרייטן זייערע זין אין די „פילאָלאָ־גישע שולעס" און אין טאָמאַשאָוו איז נישט פאַראַן אַ פּאַסיקער לערער — בעטן זיי, מען זאָל דערלויבן אברהם גאָלדשידלען, וואָס האָט מוסטערהאַפט געענדיקט די ראַבינער־שול אין וואַר־שע און האָט גלענצנד אויסגעהאַלטן אין פּלאָצק דעם עקזאַ־מען אויף אַ לערער, צו לערנען מיט זייערע קינדער.

„מיר זענען איבערצייגט — האָבן די דריי טאָמאַשאָווער קריסטן געשריבן, — אַז ער איז אַבסאָלוט פעאיק דערצו,

ער זאָל צוגרייטן אונזערע זין צו די עפנטלעכע שולן. חוץ דעם פאַרדינט זיין אָנשטענדיקייט אונטער אלע אומשטענדן א לויב; אָבער היות ווי ער איז פון משה רבינוס גלויבן האָט אים די היגע מאַכט נישט דערלויבט צו לערנען אין די קריסט־לעכע הייזער. צוליב דעם האָט מען ביי אונז צוגענומען די איין־איינציקע מעגלעכקייט, וואָס איז פאַר אונז פאַרבליבן כדי צו פירן אונזערע זין [צו א תכלית]".

אויף זייער בקשה האָט דער בילדונגס־קוראַטאָר גענט־פערט דעם 10 אפריל 1857, אז לויטן געזעץ פון 1844 „מעגן יידן לערנען נאָר מיט יידן".(1

(אַרכיוו פון קוראַטאָר אין וואַרשע, אַקטן נומער 2453).

1) פג"ל В. Леванда, Сборник законов и положений, каса-ющихся евреев, СПБ., 1874, № 505.

# פון מיין אַרכיוו

## פון פראָפ. ד"ר מאיר באַלאַבאַן (וואַרשע)

(מיט 4 רעפּראָדוקציעס)

אין משך פון אסך יאָרן האָט זיך אין מיין פּריוואַט־אַרכיוו אָנגעזאַמלט א שלל מיט אַקטן און אַלטע דרוק־זאַכן, דער עיקר בראָשורן און אזוי גערופענע איינטאָג־ און איינבלאַט־דרוקן, וואָס היינט ליגן זיי אין אַלע הייזער און מאָרגן ווערן זיי א יקר־המציאות, וואָס מ'קען שוין ערגעץ ניט באַקומען. אזוי צ"ב האָבן זיך ביי מיר אָנגעזאַמלט העכער 50 בראָשורן נאָר פאַר די יאָרן 1815—1822, ווען דער פּוילישער סיים האָט געזאָלט באַשליסן די פראַגע וועגן דער בירגערלעכער גלייכ־באַרעכטיקונג פון די יידן און ביידע צדדים האָבן געשטורעמט מיט פּעטיציעס אָן א שיעור. מער פאַר אַלץ האָב איך ביי מיר בראָשורן און אויפרופן פון גאַליציע, וואָס האָבן א שייכות צום קאַמף פאַר עמאַנסיפּאַציע אין יאָר 1848 און ערב דעם יאָר ביז צו דער „גלייכבאַרעכטיקונג" אין 1867. דאָ גייען שוין די שריפטן אין די הונדערטער, א גאַנצע פּאָליטישע ליטעראַטור אין אַלע שפּראַכן: דייטש, העברעאיש, פּויליש און אויך אין יידיש.

אָט פון דעם פּעקל לייג איך דאָ פאָר 6 בלעטער — אַלע כמעט פון איין צייט, ד. ה. פון דער תקופה 1848 אין גאַליציע. כראָנאָלאָגיש גייט צוערשט: אַן אויפרוף צו די יידן פון דער פּראָוויזאָרישער קראָקער רעגירונג אין יאָר 1846. ווי באַוואוסט, איז די שטאָט קראָקע מיט איר סביבה געווען אין די יאָרן 1815—1846 אַן אייגענע רעפּובליק מיט א אייגענעם סע־נאַט און אפילו מיט אייגענע זעלנער. ס'איז געווען א מין פּיע־מאָנט, וואו פּאָלאַקן פון דער גאַנצער וועלט האָבן געזוכט און געפונען א מקום־מנוחה. און דאָ האָט זיך טאַקע צוגעגרייט אין יאָר 1846 אַן אויפשטאַנד, וואָס האָט געזאָלט קודם־כל ארומ־נעמען מערב־גאַליציע, דעם יאַסלער און טאַרנער קרייז. דער אויפשטאַנד האָט אָבער אחוץ דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער גע־טראָגן אויך א סאָציאַלן, ווייל אָנגעפירט האָבן מיט אים קליי־נע באַאַמטע און אָרעמע מענטשן. דער דיקטאַטאָר איז געווען י. טיסאָווסקי און זיין אדיוטאַנט — דער סעקרעטאַר פון דער יידישער קהילה און צוגלייך א יידישער רעליגיאָנסלערער קושעפּיצקי. דער דאָקומענט (אין פּויליש), וואָס מיר ברענגען דאָ פאַקסימילירט, — איז אַן אויפרוף פון דער רעוואָלוציאָ־נערער רעגירונג צו די יידן, זיי זאָלן שטעלן זעלנער צו פּאַרטיי־דיקן דעם אויפשטאַנד. בכדי צו באַקרעפטיקן דעם אויפרוף האָט קושעפּיצקי געהאַלטן אין דער אַלטער קראָקער שול א הייסע רעדע, און דעמאָלט זיינען 30 יידישע בחורים צוגעשטאַ־נען צו דער פּאָווסטאַניע. עסטרייך האָט זיך אָבער געגעבן אזא עצה: די באַאַמטע אירע האָבן אויפגעהעצט די פּויערים צו א „בונט" קעגן די פּריצים, און די צעווילדעוועטע פּויערים האָבן געמאַכט אין די פּריצישע הויפן א שחיטה, וואָס מ'געדענקט זי נאָך ביז צום היינטיקן טאָג.

דאָס יאָר 1848 בילדעט אין דער געשיכטע פון עסטרייך און בפרט פון די עסטרייכישע יידן א באַזונדער קאַפּיטל. נאָך וויכטיקער איז דאָס יאָר אין לעבן פון די גאַליציאַנער יידן, וועלכע האָבן שווער געליטן אונטער דעם יאָך פון די מיטל־אַלטערלעכע אונטערדריקונגען און באַזונדערע שטייערן, ווי: כשר־פלייש־שטייער און בענטש־ליכט־שטייער, וואָס זיינען געווען פאַרפאַכטעט צו רייכע יידן און האָבן דעם אָרעמאַן פאַרביטערט דאָס לעבן. די ערשטע קייזערלעכע פּריוויליעגיעס־פּאַטענטן האָבן געגעבן אַלע עסטרייכישע איינוואוינער די גלייכבאַ־רעכטיקונג נאָר אין דער טעאָריע, הגם דער קייזער האָט דעם 17־טן אַפּריל קאַסירט די פּאַנשטשיזנע און דערקלערט, אז מיט דעם איבריקן פאַרלאָזט ער זיך אויף דעם סיים, וואָס ער האָט צונויפ־גערופן אויפן 3טן יולי 1848, אז מען וועט דאָרט אָפּשאַפן אַלע באַ־שרענקונגען, ווי די יידן־שטייערן וכדומה. דערווייל האָבן די יידן געמוזט צאָלן די שווערע שטייערן. בעת מעשה האָבן רייכע יידישע פאַכטערס געהאַט די העזה צו שיקן פּעטיציעס קיין ווין, אז יידן בעטן מ'זאָל די שטייערן איבערלאָזן ווי פריער.

## Polki starozakonne!

(W.D.)

Do was siostry! dzisiaj się udaję w przekonaniu iż słowo od serca do serca przemówione współudział i współczucie w was wzbudzi. Jesteśmy Polkami, jesteśmy żydówkami, ojczyzna więc i naród do których należymy, podwójne obowiązki na nas wkładają; starajmy się im godnie odpowiadać. Lud izraelski niegdyś nad inne ulubiony i wybrany od Boga, został rosproszonym po całym świecie, imię jego wygasło z pośród narodów, i ten co niégdyś tak świetne miejsce zajmował; tułał się po ziemi, wyzuty z wszelkich praw ludzkich i obywatelskich, razem z ojczyzną postradanych. Pomny dawnéj wielkości wzdychał ciągle za utraconą wolnością, za krajem ojczystym, a Polska chociaż tułaczów, na swoje łono przyjęła, chociaż im wierną była matką; nie przyznała im jednak wszystkich praw obywatelskich, uważała ich jako przybyszów, jako obcych nieprzyjmujących języka nowéj ojczyzny i jéj zwyczajów.

Lecz teraz inaczéj się dzieje, piérwszy brzask wolności i w sercach naszych promień nadziei wzniecił, i zaiste nie jest ona płonną!... Duch ludów ocknął się nakoniec po tak długiém otrętwieniu i zrzucił obrzydłe jarzmo ucisku, a nad gruzami upadłego absolutyzmu, ludy odmłodniałe podają sobie dłoń braterstwa i jedności, by tak połączone pracować mogły, nad przyszłością wolną i szczęśliwą. Naród polski piérwszy wzywa nas do tak świętego przymierza, piérwszy dopomina się o prawa nasze, długo nam odmawiane, piérwszy dłoń bratnią nam podaje: a zatém naszym jest obowiązkiem miłością wywiązać się z tak wielkiego długu wdzięczności. W tym celu do was się odzywam siostry! My tułające się po świecie dzieci Syjonu, znalazłszy nakoniec ojczyznę, obejmujmy ją nieskończoną miłością a uczucia nasze niech się w czynach wyświécą. Piérwszym obowiązkiem ku ojczyźnie jest oświecenie naszych młodszych sióstr i braci naszych współwyznawców pogrążonych w ciemnocie i nie pojmujących nawet jak ważną dla nich jest chwila obecna. Pośród nich rozszérzajmy uczucia które nas ożywiają, pracujmy wraz z braćmi naszymi, nad wykształceniem umysłowém naszego ludu, i nad zaszczepieniem narodowości w tym czasie tak powszechnie rozbudzonéj.

Zawiążmy więc komitet siostry, a tam obmyślimy środki stosowne do naszego celu. Pracujmy nad zakładaniem szkółek, gdzieby dzieci, narodowe wychowanie otrzymały, bo to młode pokolenie będzie kiedyś naszéj ojczyznie za podporę służyło, zaszczepiajmy w sercu jego uczucia szlachetne, cnoty obywatelskie a nadewszystko prawdziwą religijność, ażeby się stało niewzruszoną podstawą przyszłéj świetności tego kraju. Zajmujmy się gorliwie losem ubogich braci naszych, nieśmy im wsparcie i pociechę; bo najniższe warstwy społeczeństwa, najwięcéj opieki naszéj potrzebują; a jak zaniedbane od towarzystwa sstają się jego ciężarem; tak oświecone i przyjęte na jego łono, utworzą godną całość społeczną.

Wzywam was do czynu moje siostry! i jestem pewną że mi waszéj ochoczéj pomocy nie odmówicie chęć jedynie służenia mojéj ojczyźnie i narodowi spowodowała mię, choć pośród was najmłodszą do serc waszych przemówić i do połączenia się wspólną pracą zjednoczyć.

Jesteśmy kobiétami, ograniczony jest obręb naszych działalności zwyczajnych wnętrze domu jedynie jast widownią na któréj występujemy; jako Polki jednak i ogułem powinnyśmy się zająć; bo szczęście dobro naszéj ojczyzny, najwyższym celem życia naszego bydź musi. A Bóg zważywszy nasze dobre chęci, zamiarom naszym pobłogosławi, i raczy je przyjąć jako małą kropelkę do wielkiego źródła narodowych usiłowań i czynności.

**Cześć i pozdrowienie.**

***Matylda Ritterówna.***

**Rzeszów dnia 26go. Maja 1848.**

אויפרוף פון מאַטילדא ריטער צו די יידיש-פּוילישע
פרויען אין רזשעשוו, 1848.
(ארכיוו פון פּראָפ. ד״ר מ. באַלאַבאַן).

Szanowni Obywatele! stając przed Wami jako kandydat do ważnego powołania, o które kilkokrotnie już Waszém zaufaniem zaszczycony dziś się ubiegam, mam sobie za obowiązek krótko ale stanowczo powiedzieć, w jaki je pojmuję sposób. Przedstawiać Was Obywatele na Sejmie w Kromieryżu, pragnę nietylko jako współwyznawca większości wyborców, ale jako deputowany narodowy, w calém znaczeniu wyrazu tego.

Od chwili jak Wasze pozyskam głosy, już nietylko sprawę mych Współwyznawców, lecz zarazem sprawę ogółu mieć będę przed oczyma i sprawę tę wszelkiemi sposoby wedle najlepszego uznania mojego popierać będę. Jak zaś sprawy téj zbawienie pojmuję, prosto i pokrótce wam opowiem.

Zgodnie z własném przekonaniem i nauczony doświadczeniem, uznaję iż przyszłość Ojczyzny naszéj Polskiéj nie na drodze dyssolucyi społecznéj, ale na drodze organicznéj może być tylko zapewnioną, dla tego stale trzymać się będę zasad i ludzi którzy do tego podadzą rękę. Pojmując potrzeby ludzkości w obecném onéj przekształceniu, szczérym jestem wyznawcą zasad wolności, rozwinięcia praw politycznych, i współudziału wszystkich Obywateli w tych prawach, i tak jak w całém życiu mojém tak w Sejmie zasad tych bronić będę z całą szczérością i odwagą na jaką mnie stanie.

Te zasady uważam jako prawdziwą demokracyą która nic nie zniża a wszystko podnosi, nie burzy tylko, ale buduje i nową budowę prawdziwą miłością utwierdza. W imieniu tych zasad pragnę być deputowanym. Srodki wypłyną z rozwoju okoliczności.

Dzień dzisiejszy, chwila obecna, (choćbym upadł w usiłowaniu mojem), będą zawsze dla mnie drogą pamiątką, kiedy stanąłem przed wami, syn niedawno upośledzonego pokolenia, jako kandydat, do najwyższéj godności wolnego Obywatela w wolnym kraju napotkać może.

**Kraków, dnia 20. Grudnia 1848.**

***Baer Meisels.***

וואַל-פּראָגראַם פון ר׳ בעריש מייזעלס; קראָקע 1848.
(ארכיוו פון פּראָפ. ד״ר מ. באַלאַבאַן).

# RZĄD NARODOWY
## do Braci Izraelitów.

### Polacy!

Godzina pojednania się z sobą rodzin spółeczeńskich wybiła. Byliście pod zarządem wrogów uważani za oddzielny naród. Rewolucya przyjmuje was na łono spółeczeńskie. zapewnia wam jako braciom jednéj ziemi prawa ludzkie— i zawita was jako Synów Ojczyzny godnych wyswobodzenia i otrzymania bezwzględnéj równości. Gdy atoli używanie praw i pełnienie obowiązków powinno być odpowiednie, przeto wzywa was Rząd Rewolucyjny do szeregów Obrońców — i oświadcza że wszelkie Manifesta wydane i wydać się mające stósują się i do Polaków Izraelitów.

Kraków dnia 23 Lutego 1846 r.

*L. Gorzkowski.*
*J. Tyssowski.*
*A. Grzegorzewski.*
*Rogawski* Sekr.

אויפרוף פון דער פּראָוויזאָרישער קראָקעווער רעגירונג צו די יידן, אין 1846.
(ארכיוו פון פּראָפ. ד"ר מ. באלאבאן, ווארשע).
(אָריגינאַל=גרויס)


Eine Thräne auf das Grab des verewigten Rabbiners Abraham Kohn von JOSEF BLUMENFELD.

אַ הספד אויפן טויט פון ראַבינער אברהם כהן פון יוסף בלומענפעלד. דאָס שער=בלאַט.
(ארכיוו פון פּראָפ. ד"ר מ. באלאבאן).

קעגן דיזאָזיקע פּעטיציעס, ווי אויך פאַר אָפּשאַפן די ייִדן-שטייערן האָבן זיך דערקלערט אין זייער פּעטיציע פּוילישע פּריצים בראש מיטן ביסקופּ וויערשבלעיסקי, ד״ר סמאָלקא און פלאָריאַן זיעמיאַלקאָווסקי. אָבער די לעמבערגער ייִדן אַליין האָבן אויך אַרויסגעשיקט קיין ווין זייערע אַ פּעטיציע — „איינע אַדרעסע דער גאַליציִשען איזראַעליטען״. די פּעטיציע (אין דייטש), וועלכע מיר דרוקן דאָ, האָבן זיי נישט געשיקט צום קייזער, נאָר צום פּאַרלאַמענט, און אַ דאַנק דעם קענען מיר פעסטשטעלן דעם דאַטום פון דער פּעטיציע, ווייל מיר ווייסן, אַז די סעסיע פון דעם פּאַרלאַמענט אין ווין האָט געדויערט פון 26טן יולי ביז צום 7טן סעפּטעמבער און שפּעטער נאָך עטלעכע טעג אין אָקטאָבער. די צווייטע קאַדענץ איז געווען שוין בעת דער רעאַקציע, אָבער נישט אין ווין, נאָר אין דעם קליינעם שטעטל קרעמזיר (Kremsier). די ווינער סעסיע האָט זיך באַשעפטיקט מיט דער פּויערים־פראַגע, די ייִדן-פראַגע האָט מען געשטעלט אויפן סדר=היום ערשט אין קרעמזיר, און דאָרט האָט וועגן דעם געהאַלטן אַ גלענצנדיקע רעדע דער ווינער פּרעדיקער און סיים־דעפּוטאַט פון בראָד מאַנהיימער. ווי מיר זעען, האָבן די גאַליציִשע ייִדן די „אַדרעסע״ געשיקט קיין ווין, נישט פאָראויסזעענדיק, אַז בינו־לבינו וועט אויסברעכן אַ נייע רעוואָלוציע און דער פּאַרלאַמענט וועט אַריבערגעטראָגן ווערן קיין קרעמזיר.

---

די פּויערים־פראַגע האָט געהאַט מיט ייִדן אַ נאָענטע שייכות, בפרט אין מזרח-גאַליציע, וואו ייִדן האָבן דער עיקר געוואוינט אין די דערפער. אָבער מצד פאַר אַלעמען נאַטירלעך האָט די פראַגע באַרירט די אינטערעסן פון די פּריצים, באַרירט מאַטעריעל און מאָראַליש. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז די פּאַנטשטשיזנע גייט צו ענדע, אַז די עבדים-פאַרהעלטעניש וועט זיך נישט לאָזן מער האַלטן, און דערצו האָבן זיי געציטערט, אַז דער פּויער וועט נישט וואַרטן אויף דעם באַשלוס פון דעם סיים, און וועט זיך וואַרפן אויף די פּריצישע מאַיאָנטקעס און וועט זיין הונדערטיאָריקן צאָרן אויסלאָזן צו זיינע אונטערדריקער. דאָס יאָר 1846 איז געווען נאָך גאָר פריש אין זכרון פון די פּריצים. פאַלן זיי אויף אַ שכל און לאָזן אויפשרייבן אַ קול-קורא אויף ייִדיש. כלומרשט „פון ייִדן צו ייִדן״ — „אל אחינו בני ישראל היושבים בכפרים״ און בעטן זיי — די פאַרגרעבטע אַרענדאַרעס — זיי זאָלן דעם פּויער דערקלערן, אַז נישט די עסטרייכישע מלוכה, נאָר זיי אַליין האָבן איינגנטלעך באַפרייט די פּויערים,*) אָפּגעזאָגט זיך פון דער פּאַנשטשיזנע, נאָר זיי האָבן נישט געהאַט מקדים זיין דעם קייזערס באפעל. דער קול-קורא, דעם פולן טעקסט פון וועלכן מיר ברענגען ווייטער, איז געשריבן אין אַ זייער אַ שיינעם, נישט דייטשמעריש ייִדיש און שטעלט מיט זיך פאָר אַ זעלטענעם קולטור־היסטאָרישן דאָקומענט.

*) באמת האָבן אַ סך פּריצים געבעטן די מלוכה, מ׳זאָל זיי דערלויבן זייערע פּויערים צו באַפרייען.

אויף וויפל מיר איז באַקאַנט איז דער עקזעמפּלאַר אין מיין ארכיוו דער איינציקער פאַרבליבענער.

---

מיט דער פרייהייטס-באַוועגונג אין יאָר 1848 הויבט זיך אָן צו אַנטוויקלען די אַסימילאַציע: אין מזרח-גאַליציע — אַ דייטשישע, אין מערב-גאַליציע (קראָקע) — אַ פּוילישע. אויך די פּאָליטישע אָריענטאַציע פון די ייִדן איז געווען פאַרשידן: לעמבערגער ייִדן זענען געווען צענטראַליסטן און האָבן געצויגן קיין ווין. קראָקער (טאַרנאָווער, ריישער) ייִדן זענען געווען פעדעראַליסטן און האָבן געפירט אַ פּויליש-נאַציאָנאַלע פּאָליטיק. איך גיב דאָ צוויי דאָקומענטן צו דער כאַראַקטעריסטיק פון די פּאָליטישע שטימונגען ביי די מערב-גאַליציִשע ייִדן: 1) אַן אויפרוף פון אַ ייִדיש פריילן אין ריישע (רזשעשוו) מאַטילדע ריטטער צו די ייִדיש-פּוילישע פרויען, אין וועלכן זי גיט זיי צו פאַרשטיין, וואָס אַזוינס איז עס די פרייהייט און דערמאָנט, אַז פּוילן האַלט ביי ווערן באַפרייט און דעריבער איז דער חוב פון די ייִדישע טעכטער אין לאַנד מיטצואַרבעטן מיט די פּאָלאַקן, כדי אויסצובילדן און מאַכן באַוואוסטזיניק דעם יונגן ייִדישן דור. זי פאָדערט אויף „די שוועסטערן״ צו גרינדן שולן, וואו די ייִדישע יוגנט זאָל באַקומען אַ נאַציאָנאַלע (נאַציאָנאַל-פּוילישע) און אויך אַ רעליגיעזע (רעליגיעז-ייִדישע) ערציאונג. דער אויפרוף, וועלכן מיר ברענגען דאָ פאַקסימילירט, איז געדרוקט מיט גרויסע אותיות אויף איין בלאַט (2°), פון איין זייט, און דאַטירט: (Rzeszów dnia 26 maja 1848) — 2) דער צווייטער דאָקומענט פון מערב-גאַליציִשער אַסימילאַציע איז אַ וואַל-פּראָגראַם פון דעם באַוואוסטן קראָקער (שפּעטער וואַרשעווער) רב ר׳ בעריש מייזעלס, געדרוקט אויף אַ בלאַט פּאָליאָ, פון איין זייט, און געחתמעט: Baer Meisels קראָקע דעם 20טן דעצעמבער 1848. דער גרונד-פּרינציפּ פון זיין פּראָגראַם איז: „דער קאַנדידאַט אָנערקענט, אַז די צוקונפט פון דעם פּוילישן פאָטערלאַנד קען געשאַפן ווערן נאָר דורך אַ פאַראייניקונג און נישט דורך דער מילונג פון אירע איינוואוינער״. (זע די פאַקסימיליע). מייזעלס איז געוויילט געוואָרן אַלס דעפּוטאַט און איז געפאָרן קיין קרעמזיר, וואו ער האָט אָבער קיין גרויסע ראָלע נישט געשפּילט.

---

לעמבערג איז געווען דער צענטר פון דער דייטשישער אַסימילאַציע. ס׳איז דאָרט געווען אַ גאַנץ גרויסער קרייז פון רעפאָרמיסטן, דאָס רוב מענטשן מיט העכערער בילדונג, וואָס האָבן געפירט די קהילה נישט קימערנדיק זיך וועגן די אָרטאָדאָקסן — די מתנגדים און בפרט די חסידים. שוין אין יאָר 1846 האָבן זיי אין לעמבערג געגרינדעט אַ מאָדערנעם טעמפּל (סינאַגאָגע) און פאַרבעטן פון האָהענעמס (פאַראַרלבערג) אַלס פּרעדיקער אַברהם כהן*). אָט דעם פּרעדיקער האָבן „די דייטשן״ געמאַכט פאַרן לעמבערגער

*) אברהם כהן איז שוין פון דעם יאָר 1844 געווען שול-דירעקטאָר אין לעמבערג.

רב (אב״ד) און דאָס האָט אַרויסגערופן קעגן אים אַ שרעק־לעכע שנאה מצד די חסידים און סתם עקסטרעמע אָרטאָ־דאָקסן. די שנאה איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ווי באַקאַנט איז אַברהם כהן דעם 6טן סעפּטעמבער 1848 מיט דער גאַנצער משפּחה אָפּגעסמט געוואָרן דורך אַ חסיד. די פרוי מיט די קינדער האָט מען אָפּגעראַטעוועט, אָבער אַברהם כהן אַליין מיט איין קינד זענען דעמזעלביקן טאָג געשטאָרבן.

פון דעם רייכן אוצר פון נעקראָלאָגן, רעדעס, געדיכטן, בילדער פון יענער צייט גיב איך דאָ אַ געדיכט אין דייטש פון יוסף בלומענפעלד. ס'איז געדרוקט אויף 4 זייט־לעך (16⁰) און האָט אַ שיין שער־בלאַט (דעם שער גיב איך דאָ רעפּראָדוצירט). די באַשרייבונגען פון דער רייכער ליטעראַ־טור וועגן דעם קאַמף אַרום דעם ראַבינער כהן לאָז איך אי־בער פאַר אַן אַנדער מאָל.

---

## Adresse der galizischen Israeliten an die hohe Reichsversammlung in Wien.

### Hohe Reichsversammlung!

Unter all den Millionen, die gegenwärtig aus den vereinten Provinzen der Monarchie nach Wien auf den hochansehnlichen constituirenden Reichstag aufgeregten Geistes und klopfenden Herzens ihre hoffnungsvollen Blicke werfen, stehen die Israeliten, namentlich die Israeliten Galiziens in erster Reihe; denn sie erwarten von dort nicht bloss die Gestaltung ihres staatlichen, die Bestimmung ihres politischen Geschickes, sondern auch die Entscheidung über ihre bürgerliche und gewerbliche Existenz, über ihre ganze Zukunft.

Sie sind es, die durch den neuen Jubelruf der Freiheit der unheilvollen Vergangenheit noch nicht entrissen worden; sie sind es, auf denen das gestürzte System mit seiner ganzen Schwere gelastet, die unter dem Fluche desselben am meisten gelitten; sie sind es, in deren Behandlung jenes bereits gerichtete System in seiner wahren Gestalt nicht als Stillstands, sondern als Rückschrittssystem erscheint.

Bei der österreichischen Occupation bereits über 7 Jahrhunderte in Polen einheimisch[1]), so wohl in Städten und Städchen als auf dem Lande sesshaft, waren sie nach den damaligen Zeitverhältnissen mit ziemlich ausgedehnten Privilegien versehen, die ihnen im gewerblichen Leben volle Freiheit liessen, und ihnen weder den Besitz städtischer Realitäten, noch jenen der Landgüter, oder einzelner Rechte verwehrten. Unter der kraftvollen und menschenfreundlichen Regierung Josephs II. wurde ihnen sogar der Erwerb jeder Art von Grundbesitz gesetzlich gestattet und Alles vorbereitet, um sie in den Vollgenuss der Bürgerrechte gleich den anderen Confessionen zu setzen[2]).

Erst später erfloss eine Beschränkung nach der andern, wurden sie nicht bloss vom Besitze freier Gründe sondern auch vom Pacht derselben, so wie der Meierhöfe, Mühlen, Brennereien, Schenken u. s. w. und dadurch vom Aufenthalt auf dem Lande ausgeschlossen, beim Ankauf von Häusern in den Landstädten auf solche beschränkt, die schon früher jüdischen Eigentümern angehört, in der Hauptstadt hingegen (und noch in einigen Städten) auf gewisse Seitengassen und Bezirke angewiesen, ausserhalb deren sie weder wohnen, noch einen Laden, oder eine Werkstatt haben dürfen. Dadurch wurden sie natürlich auch im Handel und in den bürgerlichen Gewerben wesentlich benachtheiligt.

Und für solche Gerechtsame mussten sie bei treuer Erfüllung aller Bürgerpflichten noch äusserst drückende Ausnahmssteuern zahlen, von denen die vorzüglichsten noch zur Stunde entrichtet werden: der Koscherfleischaufschlag[3]) (neben der allgemeinen Verzehrungs-Steuer!), der das nahrhafteste Lebensmittel für die Aermern unerschwinglich

---

1) באַציט זיך אויף גאַליציע, וואו די עסטרייכער זענען גע־זעסן זייט 1772, אָבער וואו ייִדן האָבן באַוואוינט באמת 700 יאָר

2) טאָלעראַנץ־פּאַטענט פונעם יאָר 1789.

3) זייט דער רעגירונג פון מאַריאַ טערעזיע.

macht, mithin der Arbeits- und Lebenskraft Eintrag thut, und der **Lichtzündungsaufschlag**[4], der als eine direkte Religionssteuer noch drückender ist und der Armut den letzten Nothpfenig entreisst. So musste (zumal Handel und Industrie in unserem Lande auf der niedrigsten Stufe stehen, wozu jene gesetzlichen Bestimmungen auch ihren Theil beigetragen), unter der jüdischen Bevölkerung in den Städten und Städtchen das Elend von Jahr zu Jahr zunehmen und eine Masse mittel- erwerb- und kraftloser Menschen sich anhäufen, die theils vom Zufall auf eine wunderähnliche Weise ihr kummereiches Daseyn fristen, theils als Bettler am Mark der wenigen Wohlhabenden zehren. Dass diese Masse auch in der Bildung zurückbleiben musste, ist sehr begreiflich.

Wir unterliessen nicht unsere Lage den hohen und höchsten Behörden vorzustellen und unsere Stimme klagend und bittend zum Throne zu erheben; ob sie bis dahin gelangen und unsern guten Kaiser zu Ohren kommen konnte, wissen wir freilich nicht. Genug wir klagten und baten vergebens, und wurden unbarmherzig zur Geduld und Ruhe verwiesen.

Die glorreichen Märztage wurden daher von Niemandem herzlicher und freudiger begrüsst als von uns; denn wem hatten sie mehr zu bringen, wem konnten Freiheit und Gleichheit aller Staatsangehörigen inhaltsschwerere beglückendere Klänge seyn als uns? Allein bis nun haben wir lediglich an dem herrlichen Klange und der süssen Hoffnung uns laben müssen; Erleichterung vom Drucke, Befreiung der Lebenswege, reelen Vortheil hat die gepriesene Constitution uns noch nicht gebracht.

Nicht genug, dass die Verfassungs-Urkunde vom 25. April /§ 27/ für uns die Gleichheit der bürgerlichen und politischen Rechte suspendierte und die gemeinschädlichen Beschränkungen im Erwerbe von Grundbesitz einstweilen fortbestehen liess, wird uns noch immer selbst die ohne Klausel verheissene und gewährleistete Freiheit der Religionsübung /§§ 17 et 31/ und Gleichheit der Besteurung /§ 25/ vorenthalten. Wird nicht nach wie vor die Steuer vom Koscherfleische, so wie für die Anzündung der Sabbath- und Festtagslichter /d. h für religiöse Observanzen/ **mit aller Strenge** eingehoben? So wird die schreiende Ungerechtigkeit nicht bloss gegen uns, sondern gegen das ganze Land fortgesetzt, denn die Milionen und Abermilionen von Judensteuern, die aus dem Lande gezogen worden, waren eine schwere und besondere Belastung der Provinz, die nothwendig zu ihrer Verarmung beitragen musste.

So ist denn unzere ganze Hoffnung auf die h. constituirende Versammlung gerichtet, deren Weisheit und Gerechtigkeit über unser Geschick entscheiden wird. Ehrerbietig vor die Schranken derselben tretend, flehen wir um Gerechtigkeit wie um die grösste Gnade, bereit dafür dem Vaterlande den vollen Tribut tiefgefühlter Dankbarkeit zu zollen.

Wolle ein hoher Reichstag die Freiheit und Rechtsgleichheit aller Bürger zur Wahrheit werden lassen und ein altes Unrecht **ganz** und ungesäumt gut machen. Er ist dies, wir erlauben uns offen auszusprechen, uns den so lange Gedrückten uud Misshandelten, er ist dies dem Staate, der auf eine breite und feste Basis zu stellen ist, damit er allen Stürmen trotze, er ist dies seinem eigenen Gewissen, seiner eigenen Ehre in den Augen der ganzen zivilisierten Welt schuldig.

Ist da Gerechtigkeit zu Hause, wo Staatsbürger, die längst alle Bürgerpflichten erfüllen, von gewissen Erwerbszweigen und Besitzthümmern gesetzlich ausgeschlossen, in ihren kostbarsten Rechten geschmälert, oder gar noch besonders belastet werden? **Kann von Glaubensfreiheit die Rede seyn, wo auf den Abfall von der väterlichen Religion ein Prämium gesetzt ist, durch denselben ein politisches Recht gewonnen wird?**[5] **Kommt nicht die ewige Auschliessung von einer**

---

4) זייט 1795, אויסגעקלערט פון א לעמבערגער יידן שלמה קאפּלער.

5) אין עסטרייך איז געווען א גאנץ סיכטעם וועגן שמד, משומדים, ירושה פון געשמדטע קינדער פון יידישע עלטערן (**Wolf**: Judentaufen in Oesterreich, Wien 1863).

**Laufbahn, zu der man sich vorzüglich befähigt und berufen glaubt, einer Landesverweisung gleich?"**

Unsere Verarmung, unser Zurückbleiben ist eine Verarmung, ein Zurückbleiben des Staates; durch die krankhafte Beschaffenheit eines Organes leidet der ganze Organismus, die Unterbindung eines Gliedes schwächt den ganzen Körper. In Folge der gegen uns aufgestellten gesetzlichen Beschränkungen mussten so viele niedergehaltene Kräfte entweder erstarren oder sich unnutz aufreiben und verderblich wirken. Wenn ihnen freie Entfaltung und entsprechende Anwendung gestattet wird, wenn dem naturgemässen und gemeinnützigen Gebrauche unserer Mittel und Fähigkeiten nichts im Wege steht, werden dieselben der Nationalkraft einen nicht unbedeutenden Zuwachs liefern, und die Blüthe und Macht des Staates erhöhen.

Und kann eine Regierung gegen die berechtigten Bürger wahrhaft gerecht und freisinnig handeln, so lange sie auch Unterthanen mit halben Rechten hat, die nicht fortkommen können, ohne sich zu bücken, zu krümmen und zu winden? Muss nicht das Verfahren mit diesen das Rechtsgefühl und die Freisinnigkeit der „Herren" abstumpfen und somit der Freiheit des ganzen Staates Gefahr bringen? Wahrlich es war nicht der kleinste Fluch des alten „Judendrucksystems", dass es die Beamten grossen Theils demoralisirt, unbillig und gewissenlos gemacht hat. Soll das weiter fortbestehen? Soll nicht endlich ein Gesetz und ein Recht für alle seyn, auf dass die Freiheit und das Recht Aller gesichert sey?

Doch es dürfte vielleicht schon der Worte zu viel seyn, da die Gründe unserer gerechten Forderung der Weisheit einer hohen constituirenden Versammlung nicht entgehen können. Die **Emanzipation der Juden** — denn das ist mit einem Worte unser Verlangen — über die in der Presse und in vielen Volkskammern durch Jahrzehnte debatiert worden, ist endlich durch den gewaltigen Zeitgeist zur Entscheidung gediehen, durch die Stimme aller freien Nationen zu Recht erkannt worden; der engherzige Kastengeist der bisher gegen dieselbe agitiert, liegt bereits in den lezten Zügen. Namentlich haben sich unsere Mitbürger und Landsleute in den Thronadressen vom 18. März und 6. April laut für die Vollberechtigung und Gleichstellung aller Confessionen ausgesprochen[6]. Ein hoher constituirender Reichstag wird und kann diesen Ruf nicht ueberhören.

Es ist dies die wichtigste Prinzipienfrage, die seine Majestät unbedingt der Entscheidung dieser hochansehnlichen Versammlung überwiesen und die den Prüfstein ihrer Freisinnigkeit und Consequenz bei der Mit- und Nachwelt abgeben wird. Wir zweifeln nicht, dass sie ihren Grundsätzen treu eine Entscheidung treffen wird, ihrer selbst, der von ihr vertretenen Völker, des Jahrhundertes würdig. Sie wird kurz und bindig das **Recht**, die Freiheit und Gleichheit aller Staatsbürger proklamieren.

Wir vertrauen ihrer erhabenen Einsicht und Gerechtigkeit, und erwarten in froher Hoffnung die Erhörung unserer Wünsche.

6) באַציט זיך אויף די אדרעסן פון די פּוילישע בירגער פון לעמבערג, וואו מ'פאַרלאַנגט גלייכשטעלן די יידן-שטייערן.

## לאחינו בני ישראל היושבים בכפרים

**בלי** ספק האט איהר געהערט אז אדונינו הקיסר יר"ה האט אונז געגעבען קאנסטיטוציאן — הייסט איהר וואס דאס איז? מיר וועלין אייך דאס ערקלערען — היינו עד עתה האט קיינר קיין דעה געהאט ביים קיסר יר"ה נור זיינע בעאמטע, און וואס זייא האבען איהם פירגיזאגט האט ער געגלייבט, ועי"ז האבען זייא מכביד עול געוועזען את אזוי פיעל נתינות פון אונז געריסען בכדי דיא בעאמטע זאלין האבען פון וואנ:ען צו לעבין אונ עס איז נתרבה געוואָרען בעאמטע עד אין חקר וואס האבען נאר גילעבט פון אונז — למשל מען קאן זעהען אז אדונינו הקיסר האט שוין זינד אכט יאהר מבטל געוועזין דיא פאכטען, דאס האט אבער דיא בעאמטע נישט גישמעקט; זייא האבען מורא גיהאט, אפשר וועט מען על ידי זה אסך אפשאפין, הא-

בען זייא אלץ דעם קייסר געזאגט, עס זאל נאך בלייבען.

כעת האט דאס ווינער פאלק דעם קיסר דאס פארגע־שטעלט און הש"י האט זיך מרחם געוועזין על עמו אונ האט געשיקט דעם קיסר יר"ה אנדערע געדאנקען אונ ער האט זיך מישב געוועזין אונ האט די אללע בעאמטע, וואס ער האט זיך איבערצייגט אז זייא האבען איהם פאלש פיר גיזאגט אפגישאפט און האט גיזאגט: מהיום והלאה זאל דאס פאלק אליין איהם זאגין וואס זייא דארפין, און פון יעדען שטאנד פון אדונים ביז עובדי אדמה האבען שוין דאס רעכט בכל שנה ושנה צו קומען לוויען צום סיים און יעדער זאל זאגין זיין דעה. דא קען שוין קיין פאלשקייט געשעהין, און עס איז שוין בעשטיממט אויף דען 3 יולי הבעל *) זאל מען דעם סיים מאכען. און וויא אזוי עס וועט באם סיים אפגעשטימט ווערין, הן מיט שטייערן והן בשאר מנהגי המרינה, וועט אזוי בלייבין. ביז צום אנדערן יאהר וועט מען זיך ווידער צום סיים צו זאמען קומען לוויען און ווידער אפשטימין וויא עס זאל ווייטער בלייבען. וכזה יהיה בכל שנה ושנה. —

לכן האט מען אנגיזעהין אז בא זאלכע הנהגות המדינה איז גיט אז אללע זאלין שלום זיין און אללע קלאסען זאלין זיך בא איין דעה האלטין בכדי מען זאל באם סיים ציזאמין טיהן לטובת הכלל, נישט עס זאל זיין דעות שונות, איבער דעם האבין האדונים אפילו דיא פאנשטשיזנע גישענקט לעובדי האדמה בכדי עס זאלל חלילה. בין הערלים ובינם קיין דבר חוצץ זיין רק שלום, און מיט יהודים אויך שלום גימאכט. ועל ידי זה האבין מיר צו האפין אז ביים סיים וועלין האדונים בוודאי עם יהודים מיט האלטין אין פארשטעלין לאדונינו הקיסר יר"ה אז מען זאל אונז דיא פאכטין שענקין ולהקל מעלינו עול הגלות אין אונז איוך [אויך] אנדערע פרנסות ערלויבען בפרט וויא דאס פאטענט זאגט, אין וועלכעס דער קיסר האט דיא קאנ־סטיטוציאן גענעבען שרייבט ער בפירוש, אז מיט די'א יהודים אויב מאן זאל אויך די פרייהייטען געבין, וואַרט ער ביז אויף דעם סיים.

על כן זעהט מאן דאך בחיש [בחוש] אז אונזער דערלייזונג הענגט נור אפ דערפין באם עס וועט שלום זיין און אדונים וועלין מיט אונז מיט האלטין באם סיים, וועט ארונינו הקיסר יר"ה אונז בוודאי אזוי טיהן וויא זייא וועלין זאגין אין עס איז

*) -הבא עלינו. דער סיים איז זיך צונויפגעקומען ערשט סוף יולי (זע מיין הקדמה).

צינד מקוים גיווארין דאס נבואות פון ישעיהו הנביא ע"ה, וואס ער זאגט אין קאפיטעל י"א, שפוט בצדק דלים וכו'. און דער נאך אין אנדערן פסוק זאגט ער: וגר זאב עם כבש ונמר עם גדי ירבץ וכו' ופרה ודוב תרעינה יחדיו וכו' דאס מיינט מען אז אללע מענשען ווע‍ללין זיך מחבר זיין ויהיו לאחדים אונ שלום האבין אין איין דעה, דורך דעם וועלין יודין געהאלפין ווערין. —

עס זענין אבער דא נארישע מענשין אין פרשטייען דאס נישט אין מיינען אז דאס טהון דיא פריצים נור במחשבה זרה חלילה אין ווילען נור היהודים אויך הערלים אפנארען אין רק זייא צו גיווינען נגד אדונינו הקיסר ירום הודו ועל ידי זה קאן קיין שלום ארוי'ס קימען. ומה יהיה בסופו? וועט מאן באם סיים אויך נישט איין דעה האבין, זה יאמר כך וזה יאמר כך ויצא משפט מעוקל על ידי זה — מהכרח אייך צו זאגין אייך פערשטעהען צו געבין האיך הדבר עומד וחלילה להאמין בדברי כזב הרוצים לתרחר ריב ואדרבה מהראוי ונבון לכל איש הירא דבר ה' ורוצה בטובת עמו צו זעהין להתאמין בכל מה באפשר לעשות שלום בין איש לרעהו, ובפרט איהר יושבי כפרים. אייערע דברים זענין נשמעים לעובדי אדמה דארפט איהר צו זעהין שיהיה שלום בין הערלים ובין האדונים און להערלים אויף צו קלערין אז מאן מיינט נישט ח"ו נגד הקיסר ירום הודו נור מאן ווינשט עס זאלל זיין שלום, בפרט דער אמת איז דאך טאקי אז די פריצים האבין אליין איינגירייכט כידוע לכל העולם, אז זייא ווילען דיא פאנשטיזנע שענקין נור זייא האבען עס נישט גיוואלט טיהן בלי ידיעת הקיסר, מען זאל נישט מיינען חס ושלום אז זייא ווילען א בונד מאכען, כהיום האט עס דער קיסר באשטעטיגט אבער דאס וואַר מדעת האדונים. על כן איז בוודאי רעכט אז יעדער ערל זאל עס וויסין אין זאל זיין אדון דערפאר ליעב האבין אין נישט חס ושלום נאך א שונא זיין. —

אין אויף אונז אחינו בני ישראל איז עס מוטל לעשות שלום; ערשטענס האבין מיר תמיד נור מהאדונים גילעבט אין פרנסה גיהאט אין צווייטענס הענגט אונזר גליק אפ פון שלום, וועט דער סיים בוודאי שוין זיין ברעה אחת ויצא הדין לאמיתו אין מיר האבען על ידי זה צו ערווארטען גרויסע טובות מאדונינו הקיסר, ווען אללע ארונים וועלין זאגין אויף אונז גוטס אזוי וויא זייא זאגין עד עתה אין שרייבען אין אללע גאזעטין אז מען וועט אונז בוודאי העלפען באם סיים און אללעס הענגט נור אפ פין שלום ובזכות השלום יבוא לציון גואל. —

## Eine Thräne auf das Grab des verewigten Rabbiners Abraham Kohn

von **Josef Blumenfeld**

Auf jüdischem Friedhof vereinsamt und öde,
Am Fuss einer Linde — dort starret ein Grab,
Im Grabe vermodert ein Rabbi, dem schnöde
Die Glaubenswuth meuschlings — den Todesstoss gab!

O! schlummere Harfe — und dämpf dein Getöne,
Erstirbt nicht das Leben, bei solch einem Schmerz?

Die Klagen der Wittwe — der Waisen Gestöne,
Sie bleichen die Haare — sie brechen das Herz!

Wie hat er gestritten! Wie hat er gerungen!
Begabt mit des Adlers geschärftem Gesicht,
Der Wissenschaft innerstes Wesen durchdrungen,
Der Kämpfe: für Freiheit, für Wahrheit und Licht!

Wie hat er uns alle im Glauben gefestet,
Getüchtet das Herz nach des Ewigen Bild!
Wie hat er die Waisen und Kranken getröstet,
Gesänftet die Leiden — die Thränen gestillt!

Wie hat er mit Blut, und mit Zähren gesäet,
Die Triebe gefeiet mit Wort und mit That
Wie hat er so heiss das Gedeihen erflehet—
Doch Gift war die Frucht — den Tod trug die Saat!

Wie litt er so doch über Klage und Schwermuth
Geduldig hienieden sein bitteres Loos
Wie ach! in den Becher gefüllet mit Wermut
Das heftigste Gift — Fanatismus ihm goss!

Da brach nun das Aug das begeisterungsprühend
Von Freuden zu Thränen so leicht überging,
Da brach auch das Herz das so feurig, so glühend,
An Gott und an Israels Kindern hing!

Er blickt auf die Gattin und blickt auf die Kleinen
Sie krümmen vor Schmerz sich — vom Gift nicht verschont
Und seufzet drauf leise, nicht kann er mehr weinen
Und betet zum Himmel — wie stets er's gewohnt!

Und faltet die Hände — verzeihend dem Sünder
und stirbt eines zweifachen Todes voll Schmerz!
Das Gift brach das Leben — doch Gattin und Kinder
Sie brachen dem Gatten! dem Vater! das Herz!

Da schwebt ihm zu Haupten ein Seraf hernieder
Und drückt auf die Stirn ihm den Märtyrerkranz
Und trägt Seine Seele auf gild'nem Gefieder
Zum Himmel, wo ewig wird strahlen Ihr Glanz!

So stirbt auch die Sonne — im Blutbad im feuchten
Gewältigt vom finstern Schatten der Nacht;
Um in viel schönern Landen zu leuchten
Wo ewiger Frühling vom Weltenzelt lacht!

Lemberg, den 9. September 1848

# ר׳ הירש אָרנשטיין און די אָפּסמונג פון ראַבינער אברהם כהן

## מיטטיילונג פון ד״ר אַלפרעד לאַנדוי (ווין)

אין פאַרבינדונג מיטן הספר אויף אברהם כהנס טויט, וואָס פּראָפ. מ. באַלאַבאַן דרוקט אויבן, ברענגען מיר דאָ אַן אויסצוג פון אַ יידיש ביכל, וואָס איז דערשינען אין די זיבעציקער יאָרן; דעם אויסצוג האָבן מיר באַקימען פון ד״ר אַלפרעד לאַנדוי. דאָס ביכל איז אַ פּאַמפּלעט פון אַ לעמבערגער משכיל אויף די חסידים און זייער פירער ר׳ הירש אָרנשטיין און באַרירט אויך די ראָלע, וואָס ר׳ הירש אָרנשטיין האָט געשפּילט ביי דער פאַרגיפטונג פון ראַבינער כהן אין 1848. מיר ברענגען דאָ אויך אַ קורצע מיטטיילונג פון ד״ר אלפרעד לאַנדוי וועגן דער אָנגעלעגנהייט.

רעדאַקציע

„דאָס שער-בלאַט פונעם ביכל פעלט — אַזוי אַז עס איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט אָנצוגעבן וועלכע ס׳נישט איז ביבליאָגראַפישע ידיעות וועגן אים. דאָס ביכל (געשריבן אין יידיש, אין גראַמען) איז אַ פּאַמפּלעט, געווענדט קעגן ר׳ הירש אָרנשטיין (דעם אייניקל פון „ישועות יעקב״), וועלכער האָט געזאָלט פאַרנעמען דעם כסא-הרבנות אין לעמבערג נאָכן טויט פון ר׳ יוסף שאול נאַטאַנזאָן (1875). אין די פערזן 59—63 פונעם פּאַמפּלעט ווערט אָנגעוויזן, אַז ר׳ הירש אָרנשטיין איז געווען „דער העצער און דער אנשטיפטער״ ביים פאַרסמען דעם ראַבינער כהן אין 1848. דאָס גאַנצע ביכל איז בכלל אַן אַטאַקע קעגן אָרנשטייניען און זיינע חסידים און גיט אַ כאַראַקטעריסטיק פון די קהלס-לייט אין לעמבערג אין די זיבעציקער יאָרן.

וואָס איז נוגע דער ליטעראַטור וועגן אברהם כהן האָט, ווי באַקאַנט, זיין זון מיט אַ יאָר 30 צוריק אַרויסגעלאָזט די ביאָגראַפיע פון פאָטער[1]. אַלס די העצער צום מאָרד, — אויסער ר׳ הירש אָרנשטיין — זיינען באַקאַנט געווען אויך נפתלי-הירץ בערנשטיין, מאיר מינץ, מרדכי-זאב עטינגער, — דער בעל „מפרשי הים״, און גבריאל סוכעסטאַווער — דער מחבר פון ספר „מצבת קודש״. דער נאָמען פון דעם חסיד, וואָס האָט אברהם כהנען אָפּגעסמט, איז — פּילפּעל; אים איז געלונגען צו אַנטלויפן קיין אַמעריקע״.

1) Gotthilf Kohn, Abraham Kohn im Lichte der Geschichtsforschung, 1898.

אָט זיינען די פּאָר פערזן פון דעם דערמאָנטן פּאַמפּלעט:

59

... אבער וויא זענין דיא אויפגיקלערטע? וויא זענין זייא?
וויא איז דיא אלטע דאַטשע פּארטייא?
וויא זענין די אלטע דאַטשן? די אבט און פערציגער?
וואס קענין דיא געשיכטע פין קאָהן דעם פּרעדיגער?

60

וויא אזוי ער האט טראָק אללער הינדערניס
געקעמפט געגן אבערגלויבען אין פינסטערניס
דיא אללע טובות וואס ער האט די יידען געטהין
ער האט נישט געשלאָפין, האט נישט געקענט ריהין
ער האט געארביט טאג און נאכט
ביז מען האט אפּגעשאפט דיא לעכט און פלייש פּאכט.

61

האבן איהם דיא יידן פאר דער מיה בעלוינט
האבן זייא איהם געאכטעט אָדער געשוינט?
ניין! — זיי האבן איהם פערפאָלגט און פערדאמט
און גאר צילעצט האָבן זייא איהם פערסמט. —

62

און ווער איז געווען דער העצער, דער אנשטיפטער?
הירש ארינשטיין שליט״א אן דער שפּיצע
מיט דעם ברייטען פּנים אין דער פעלצמיצע
ער איז געווען דאס רעדעל פין דיא פערגיפטער. —

63

און דער רעדעלס פיהרער דער אָרינשטיין
זאל בייא אונז אין לעמבערג רב זיין?....

# פון ווילנער אַרכיוון און ביבליאָטעקן

פון מאַג. פנחס קאָן (ווילנע)

I

## אַ לויב=ליד פון דער מאָהילעווער קהילה לכבוד קאַטערינע II

אין דער ביבליאָטעק פון ווילנער אוניווערסיטעט געפינט זיך אַ געדרוקט לויב־ליד (BXLII 10/77) וואָס די מאָהילעווער ייִדישע קהילה האָט דערלאַנגט קאַטערינע II, בשעת זי האָט באַזוכט די שטאָט אין יאָר 1780.

ווי באַקאַנט, איז מאָהילעווער גובערניע צוגעפאַלן צו רוסלאַנד נאָך דער ערשטער צעטיילונג פון פוילן אין יאָר 1773. אין 1780 האָט קאַטערינע II דורכן באַפעל פון 7טן יאַנואַר אויפן נאָמען פון ווייסרוסישן גענעראַל־גובערנאַטאָר דער־לויבט די ייִדן פון מאָהילעווער און פּאָלאָצקער גובערניעס זיך צו פאַרשרייבן אין סוחרים־שטאַנד. דאָס איז געווען אַ באַדייטנדיקע געשעעניש אין לעבן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. דערדאָ־זיקער באַפעל פון דער קייסערין, וועלכע איז בדרך כלל גע־ווען נישט גוט געשטימט צו ייִדן, האָט געמוזט שאַפן אַ צופרידנקייט צווישן די אָרטיקע ייִדן. דעריבער בשעת קאַטערינע איז געקומען קיין מאָהילעוו, האָט די ייִדישע קהילה געלאָזט אָפּדרוקן אין העברעאיש און דייטש אַ שיר לכבוד דער־קייסערין. דער שיר איז געשריבן אין פּסעוודאָ־קלאַסישן הויך־סטיל פון יענער צייט, ווי אַ מין אָדע. עס איז דעמאָלט גראָד געווען דער פּעריאָד פון דער מלחמה מיט טערקיי, ווען דער רוסישער חיל האָט אָפּגעהאַלטן נצחונות. דאָס, פאַרשטייט זיך, האָט אין „לויב־ליד" געפונען אַן אָפּקלאַנג אין גאָר געהויבענע טענער.

דער העברעאישער טייל פון דער אָדע איז געשריבן אין גראַמען, דער דײַטשישער טייל אָבער — בלויז אין אַזוי גערו־פענע „ווייסע" פערזן. דאָס גיט אַ גרונט אָנצונעמען, אַז די אָדע לכבוד קאַטערינען איז לכתחילה געשריבן געוואָרן אין העברעאיש און איז ערשט שפּעטער איבערגעזעצט געוואָרן אויף דייטש. ווער עס האָט דעם שיר פאַרפאַסט, איז נישט אָנגעגעבן, נאָר אויב עס איז נישט באַקאַנט אין מאָהילעוו פון יענער צייט קיין משכיל, וואָס וואָלט געקאָנט זיין דער מחבר פון אַזאַ שיר, איז גראָד מעגלעך, אַז די אָדע איז פאַרפאַסט גע־וואָרן אין נישט ווייטן שקלאָוו, וואו די מענדעלסאָנישע השכלה האָט שוין דעמאָלט געהאַט הייסע פאַרטרעטער.

דאָס ליד איז זייער שיין אַרויסגעגעבן מיט פאַרשיידענע פאַרצירונגען אין גרויסן פאָרמאַט 36,2 × 21,7 סענטימעטער און האַלט 2 זייטן שער־בלאַט + 4 זייטן העברעאישער טעקסט + 4 זייטן דײַטשישער טעקסט.

דער שער־בלאַט איז אַ העברעאיש־דײַטשישער:

„תהלה ותודה לעדת ישראל אשר בגלילות מאהילאָו כבוא אליהם הוד הקיסרית קאטהרינא השנית המושלת בכל מדינות רייסן יר"ה ות"מ בעברה דרך שם בשנת התק"ם לבריאה.

Lob-und Danklied der Judengemeine [!] zu Mohilow beym Einzuge Ihrer Kayserlichen Majestät Katharina II. Selbstbeherrscherinn aller Reussen, im Jahre 1780."

מיר גיבן דאָ דעם העברעאישן טעקסט פון דעם ליד (דורכאויס אותיות־מרובעות מיט נקודות) און דערנאָך דעם דײַטשישן (לאַטייניש אותיות), ווי אויך די פאַקסימילע פונעם שער.

עס שטעלט זיך די פראַגע, וואו, אין וועלכער דרוקע־ריי איז דער שיר געוואָרן געדרוקט. נישט אויפן שער־בלעטל און נישט אויך אַנדערשוואו אין אָדער נאָכן טעקסט איז וועגן דעם קיין שום אָנווייזונגען נישטאָ. אויף וויפל עס איז באַוואוסט [1], איז צו יענער צייט אַ ייִדישע דרוקעריי געווען בלויז אין ווייטן וואָלין (אין קאָרעץ, 1776—1819) [3]. מען דאַרף דע־ריבער משער זיין, אַז דער שיר איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַ קריסטלעכער דרוקעריי, וואָס האָט געהאַט ייִדישע און דייטשע שריפט, מסתמא אין באַלטישן קאַנט. אַלס אַזעלכע קען קומען אין באַטראַכט די גרויסע דרוקעריי אין ריגע, וואָס האָט געהאַט שריפט כמעט אין אַלע נייע אייראָפּעאישע שפּראַכן און אויך אין לאַטיין, גריכיש און העברעאיש [4].

---

1) זע א. י. הרכבים אַרטיקל וועגן דער קולטור־געשיכטע פון די רוסישע ייִדן — אין Сборник в пользу еврейских училищ פעטערבורג, 1896, ז. 105—107.

3) די ערשטע ייִדישע דרוקעריי אין אוקראַינע אין אַלעקסיניעץ האָט עקזיסטירט 1767—1776 און איז שפּעטער איבערגעטראָגן געוואָרן קיין קאָרעץ. אגב, גיט הרכבי אָן אַלס גרינדונג־יאָר פון דער אַלעקסיניצער דרוקעריי — 1760. דידאָזיקע דאַטע וואַרפט אָבער אָפּ ש. באָראָוואָי אין זיין אַרבעט (אוקראַיניש) „סקיצן צו דער גע־שיכטע פון ייִדישן בוך אין אוקראַינע" (ח. 1 — „דאָס ייִדישע בוך אין אוקראַינע אין דער צייט פון חסידיזם" — אין דער אויסגאַבע פון אוקראַינישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט פאַר בוכקענטעניש „ביבליאָגראַ־פיטשני וויסטי", קיעוו, 1925, נומער 1—2; סעפּאַראַט־אָפּדרוק: קיעוו 1925).

4) די ריגער דרוקעריי איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1588 און האָט געהאַט פּריווילעגיעס פון פּוילישע און שוועדישע מלכים, ווי אויך פון דער רוסישער קייסערין אַננאַ יאָאַנאָווגאַ. אין יאָר 1803 זיינען די באַלעבאַטים פון דער דרוקעריי געווען: יוליוס קאָנראַד און דאַניעל מילער. — פגל די ידיעות וועגן די דרוקערייען, וואָס האָבן זיך געפונען אין יאָר 1803 אונטער דער השגחה פון רוסישן בילדונגס־מיניסטעריום: Сборник Материалов для истории просвещения в России, извл. из архива М. Н. Пр., т. iv. вып. 1, СПБ 1902, pp. 349--352.

תהלה ותורה

לעדת ישראל אשר בגלילות מאהילאוו

בבוא אלהים הוד הקיסרית

# קאטהרינא השנית

המושלת בכל מדינות רייסן

ירהותם

[illegible] דרך [illegible]

בשנת התקם לבריאה

LOB- UND DANKLIED

[illegible]

JUDENGEMEINE ZU MOHILOW

BEYM EINZUGE

*IHRER KAYSERLICHEN MAJESTÄT*

KATHARINA II.

SELBSTBEHERRSCHERINN ALLER REUSSEN.

IM JAHRE 1780.

א לויב-ליד פון מאָהילעווער קהילה לכבוד יעקאַטערינע II, אין 1780.
דאס שער-בלאַט.

(ביבליאָטעק פון ווילנער אוניווערסיטעט)

(צום אַרטיקל פון פנחס קאָן)

ten aby błogoſławił, ubeſpieczał, wſpomagał, wywyżſzył i wynaſzał w naywyżſzym ſtopniu P. N. M. KROLA

STANISŁAWA AUGUSTA

Monarchę Polſkiego, któregoś Panie wywyżſzył chwałę iego, ten który króluje nade wſzyſtkich Królów przez miłość iego świętą w długim życiu i panowaniu, i ſtrzeż go Naywyżſzy Panie od wſzyſtkich nieprzyjaćioł, i aby podpadli pod miecz iego, i we wſzyſtkich obrotach poſzczęść mu Panie, Król który panuje i króluje nad wſzyſtkich Królów, przez miłośierdźie iego nayświętſze, aby dał w ſerce Pana Naſzego Miłośćiwego i w affektach ſerc wſzyſtkich Konſyliarzów i Miniſtrów całego Państwa, i władzy iego, do uczynienia litośći nad nami, i z całym narodem Izraelſkim, i w czaśie długiego panowania Pana Naſzego Miłośćiwego aby byli wſpomożeni i w ſpokoyności żyli i my narod Izraelſki i we wſzelkich obfitośćiach zoſtawali, Amen.

I inne modlitwy z Pſalmu Rozdźiału 21. aż do wierſzu 9. Pſalm 45. Pſalm 72.

*Szkoła Żydowska Kahału Wileńskiego rzęśiſto illuminowana dnia poświęconego naypożądańſzey Koronacyi* Nayjaśnieyſzego Pana Miłośćiwego STANISŁAWA AUGUSTA *niżey wyrażone miała inskrypcye, które i śpiewane od kilkunaſtu kantorów były.*

SPrawiedliwość umiłowałeś, á nienawidźiałeś nieprawośći, przeto ćię pomazał Boże Bóg twóy oleykiem wesela nad uczeſtniki twoje. *Pſal: 45. v. 8.*

TO mówi Pan Bóg i wezmę ia zedrzenia Cedru wyſokiego, i położę, z wierzchu gałązek iego młodą ułamię, i wſadzę na górze wyſokiey, i wynieśioney. *Ezechiel: 17. v. 22.*

A Na górze wyſokiey Izraelſkiey wſzczepią ią, i wyniknie w gałązki, á uczyni owoc, i będźie Cedrem wielkim, i będą mieſzkać pod nim wſzyſtko Ptaſtwo, i wſzelkie co lata pod ćieniem gałązki iego, gniezdźić śię będźie. *Ezechiel: 17. v. 23.*

NA źiemi dobrey nad wodami wielkiemi naſadzona ieſt, aby czyniła gałęźie i rodźiła owoc, aby była winnicą wielką. *Ezechiel: 17. v. 8.*

JAko rozdźiały wod, tak ſerce Królewſkie w ręce Pańſkiey, kędy iedno chce nachyli go. *Proverb. 21. v. 1*

SŁuga roſtropny wdźięczny ieſt Królowi, niepożyteczny gniew iego odnieśie. *Proverb: 14. v. 35.*

)a(

ŁAſkawość i prawda ſtrzegą Króla, á miłośierdźiem umacnia śię Stolica iego. *Proverb: 20. v. 28.*

A Jako ryk Lwi, tak ſtrach Królewſki, kto go drażni, grzeſzy przećiw duſzy ſwojey. *Proverb: 20. v. 2.*

W Weſołośći twarzy Królewſkiey żywot, á łaſka iego iako deſzcz poźny. *Proverb: 16. v. 15.*

A Stałeś śię piękny barzo wielce, i poſtąpiłeś do Króleſtwa, á wyſzło imie twoje miedzy narody dla piękności twey, boś był doſkonały w ozdobności mojey, którąm był włożył na ćię.

UPodobanie Królewſkie wargi ſprawiedliwe, kto mówi dobrze będźie umiłowan. *Pooverb: 16. v. 13.*

GNiew Królewſki Poſłowie Smierći, á Mąż Mądry ubłaga. *Proverb: 16. v. 14.*

UPrzedźił Bóg go błogoſławieńſtwy ſłodkośći, włożyłeś na głowie iego Koronę z kamienia drogiego. *Pſal: 21. v. 4.*

SPrawiedliwość i Sąd przygotowanie Stolice twojey, miłośierdźie i prawda uprzedzą oblicze twoje. *Pſal: 89. v. 15.*

TO mówi Bóg Pomazańcowi memu, któregom ujął Prawicę, abych podbił przed nim narody, á grzbiety Królów obróćił, i otworzył przed nim wrota, á bramy nie będą zamknione, ia przed tobą póydę, i zawołane na źiemi poniżę, wrota miedźiane ſkruſzę, i zawory żelazne połamię, á dam ći ſkarby ſkryte i tajemności ſkrytych rzeczy, abyś wiedźiał żem ia Pan. *Iſaia 45. v. 1. 2. 3.*

RAduje śię barzo Oćiec ſprawiedliwego, który zrodźił Mądrego, weſelić śię będźie z niego, niech śię weſeli Oćiec twóy i Matka twoja, á niech śię raduje, która Cię urodźiła. *Prover: 23. v. 24. 23.*

PRoroctwo w wargach Królewſkich, w Sądźie nie błądzą uſta iego. *Proverb: 16. v. 10.*

PROZBA

*Księgi 5. Moyżeſz. 33. 11.* BŁogoſław Boże moey iego, á ſprawy iego przyimi, á tłucz grzbiety nieprzyjaćioł iego, á którzy go nienawidzą, niechay niepowſtaną.

MODLITWA

Za KROLA P. N. M.

*Podczas Illuminacyi czyniona w szkole.*

KTóry daje wſpomożenie Królom, i władzę Panom to ieſt Król, który panuje i króluje przed wieki wieków, i który ſalwował Króla Dawida ſługę ſwego, od nieprzyjaćioł i z miecza nieprzyjaćielſkiego i ten, który daje w morzu drogi i w mocnych rzekach śćieſzki,

פראָגראַם פון דער פייערונג אין ווילנער שטאָט־שול לכבוד סטאַניסלאַוו אויגוסטס קרוינונג, 1864.

(ביבליאָטעק פון ווילנער אוניווערסיטעט)

(צום אַרטיקל פון פנחס קאָן)

**א.**

הודו לאל יום זה ובשיר חדש לו שירו
זמרו שמו כי טוב ועלילותיו הזכירו
יום בוא משוש כל לב, יום בוא מחמד כל עין
קטהרינא הגדולה על בנות כותרת
בחר אלהים בה מאז שמה שוררת
אמר ראיתיך כי כמוך בארץ אין.

**ב.**

אתן בידך עמים בלאומים תמשולי
אדם אשר אהבתי, את עליו תחמולי
בתי ידעתיך את עמקי לבך בחנתי
קומי ומלכי שבט נועם לך לויתי
ורעי בשבטך צאני את צאן מרעיתי
אל תיראי גם עוז גם חכמה לך צפנתי

**ג.**

רם כסאך, אל, תחתיו נחלי אור ישטופו
מרום עדי תחתיות נטפי אור יטופו
על ראש נגידים יחול חכמה בם תנוח
משם הטיפות אור על ראש בת אהבת
משרה בלולאות אהבת אדם בה חברת
תשיש מלכים תרנין יתום ונכה רוח

**ד.**

עדים אנחנו כי רב טוב לנו גמלה
על יעקב אם קטן הוא כאם חמלה
עושי דברה מה טובים ישרי לב יחד
שבטה לצדק מגן ומתתה לרשע
תתר אגודות מוטה כל חרצובות פשע
רק טוב ימינה ושמאלה המשל ופחד.

**ה.**

מידך זאת לה, צור, את לבה יצרת
מאז דרכיו כוננת עליו כתבת
תגרי מעיל משפט וצניף חסד תלבשי
כאם היי לטובים לכושלים עוזרת
פתדך תני על צרך על כתף סוררת
אומץ וחוסן נתתי לך אל תחלשי.

**ו.**

אומץ לבבה מה עז ללביאה דמתה
אריה בקומו על מי לא תפול אימתה?
חיל תוגרמה נמוג, בשדה לא עמדו
אף כבפירים גבוריה נלחמו
מגערתם גם סוס גם רכב נרדמו
יצא שמה בגוים, עריצים חרדו.

**ז.**

ידה בלב ימים במרחקים הראתה
כל יד אֶלִישָׁה שם על צים צרים קשתת
להב ואש אוכלה לאין שמוה
אך על גבורתה צניף חסד צנפה
כי אל עתרת שלום לשמוע שאפה
שמעו לאומים לעדי תבל דמוה

**ח.**

צורו אם ביד צדיק תתן עוז וממשלת
כי יעדה גאון אם ידו צר משפלת
נוגה חנינה ממרומי כסאו יופיע
כרקיע הסוכך על כדור שבתנו
בין מחשכיו כוכבי מרום אור יתנו
כן אור פני מושל חשכת אפו יבקיע.

**ט.**

אור כס קטהרינא תמיד יאיר אלינו
כטל עלי חורב גבר חסדה עלינו
צדקו דרכיה גם יחד מום אין במו
הן בית זבול ארצה תזבול כל מטיב לכת
על כל לאומים סכת עורתה סוככת
כי יוצרה עשם אתה אב אל כלמו!

**י.**

כים נחלים מכל רוח בו יהלוכו
כל משפחות האדמה לבם לך יערוכו
יוצר לבבם יחד אל תבזה דורשך
ושלום מלוכה עמים אליך יקראו
אנא בעיניך גם עמך חן ימצאו
תעל תהלתנו אל היכל קדשך.

**יא.**

תשמח גברתנו אל חי באור פניך
כאשר באור פניה תגיל את צאנך
כי כל עלילות אדם תשקול במאזנים
בפתיל חנות אל חבר אל יום יום ציץ ישע
לגמול פעולות יום יום כי זכו מפשע
ובשלומה יגל לנו שלום כמים

**יב.**

שפעת ברכות שמים מעל יריקו
רב טוב תהומות ארץ מתחת יפיקו
אל ראש גברת ממלכת יחדו תבאנה
איים רחוקים מנחת תמיד לה יביאו
כל טוב ארצות כל טוב ימים לה ימציאו
מים וממזרח מתימן גם צפונה.

יג.

תֵּ ן לה שנות חיים, רע לא יקרב אליה
תזקין ותוד כַּנשר חַדש את ימיה
כי היא סגלת תֵּבל מתת נדבתך
שלוה בהיכלה שלום על כסאה יְהִי
שלום תדבר אל גוים תַּשקיט קול נְהִי
תהיה שבע רָצון משפעת ברכתך.

יד.

ג י ל ת גבורתֵנו גבור חיל יָלָדָה
פ ו י ל פֶּטרָוִי ץ אבן חכמה בו מוסדה
יגדל שמו כמוה תחת כל שמַים
נא תשמרהו לעד כאישון בת עָין
תפרה כַּגֶפן בת גילו תֵּבל כֻּיָּן
שים צאצאיו כערבים על יבלי מָים.

---

**1.**

Dankt dem Herrn diesen Tag! singet ihm ein neues Lied
Verehret ihn mit Saitenspiel; denn er ist freundlich.
Sie zieht ein, des Erdballs Wonne, aller Augen Lust!
Katharina! die erhabne Krone der Töchter!
Sie hat Gott von Ewigkeit erkohren, zur Herrscherinn geweiht;
Sprach: dich hab' ich ausersehn: wie du, find' ich auf Erden keinen.

**2.**

Völker geb' ich deiner Macht, deiner Herrschaft Königreiche
Nimm dich an des Menschengeschlechts, der Kinder meiner Liebe!
Tochter meines Wohlgefallens! ich kenne deines Herzens Tiefen.
Auf! regiere mit den Zepter, den ich dir verleihe!
Weide meine Heerden, mit dem Stabe Gelinde!
Und fürchte nichts! dir ist Sieg und Nachruhm vorbehalten.

**3.**

Unter dem Throne der Gottheit ergiessen sich Ströme des Lichts.
Funken sprühen herab, von diesen göttlichen Strömen,
Auf der Menschenführer Haupt, lodern auf zu Weisheit.
Du liessest Gott! von diesen Tropfen träufeln auf die Auserwählte
Majestät und Menschenliebe zieren ihre Sternenkrone;
Den Fürsten Wonne, Trost den Waisen und Bedrängten.

**4.**

Trost auch uns, ihres Allwohlwollens Zeugen.
Mütterlich erbarmt sie sich Jacobs schwachen Restes;
Setzt Fürsten über uns, die voller Güte sind, und Redlichkeit.
Ihr Zepter schützt Gerechtigkeit, schreckt Übelthäter:
Sie löst des Unrechts Bände, befreit, wen Frefel drängt.
Mild ist ihre Rechte, drohend ihre Linke.

**5.**

Von deiner Hand empfieng sie dies, des Weltalls Schöpfer!
Als du ihres Herzens Wege zeichnetest, schriebst du ihr vor:
Leg' an des Rechts Gewand! Umwind' das Diadem der Gnade!
Sey eine Mutter dem Guten; dem Schwachen eine Helferinn!
Furcht und Schrecken dem widerstrebenden Feinde.
Macht und Herrschaft geb' ich dir; erschlaffen wirst du nicht!

**6.**

Nun schlägt ein Löwenherz in ihrer mütterlichen Brust.
(Wen überfällt nicht Angst, wenn sich der Löw aufmacht?)
Das Heer Tugarmens zagte, hielt nicht aus im Schlachtgefilde.
Wie grimmige Leoparden stritten ihre Heldenscharen:
Von ihrem Drohn sank Ross und Mann in Todesschlaf.
Der Ruhm verkündet es der Welt; die Starken zittern.

**7.**

Entlegene Ufer sahen ihre Macht auf grossem Wasser.

Dort an der Kiste Elisah zerfiel des Feindes Flotte,
Von ihrer Glut verzehrt, in Staub und Asche·
Doch um den Helm der Tapferkeit fliesst das Stirnband, *Huld*
*Sie* liess den Friedebittenden sich noch erflehen:
Völker, die es hören, preisen *sie* der *Menschheit Schmuck*.

8.

Wenn dem Gerechten Gott Gewalt und Herrschaft giebt;
So drohet Majestät, dem Widerspänstigen furchtbar;
Doch winkt dem Reuenden vom Throne Gnade zu.
So wie durch jene Sphären, die uns mit Nacht umhüllen,
Das sanfte Licht der Morgensterne dringt;
So heitert milde Huld das Angesicht des Ernstes auf.

9.

O Vater! wie dein Seegen, Thau auch wüsten Grund erquickt
So strömet *Katharinens* Liebe allen deinen Kindern zu.
*Ihre* Thaten stimmen ein in deine grosse Harmonie!
Sie nimmt in *ihren* Schatten auf, wer nur gerechten Wandels ist;
Und deckt, mit gleicher Sicherheit, ein jedes Volk; wie du,
Der du aller Völker Schöpfer bist, und Vater!

10.

Wie alle Ströme sich in deinen Ocean ergiessen;
So ergiessen alle Völker eintrachtsvoll ihr Herz vor dir
Der du ihr Herz gebildet, verachte ihre Inbrunnst nicht!
Alles flehet um das Wohl der grossen Selbstherrscherin;
Erhöre unser Schreyn; lass uns vor dir auch Gnade finden!
Nimm unsre Andacht auf, im Tempel deiner Heiligkeit!

11.

Der du auf gerechter Wage der Menschen Thaten wiegst!
So wie von *Katharinens* Antlitz Milde stralt umher;
So lass auch deine Vaterhuld *ihrem* Angesichte leuchten!
Und winde in den Blumenkranz der himmelischen Seeligkeit,
*Ihr* täglich neues Heil, jedes Tagewerkes Lohn.
*Ihr* Wohlseyn ist das Wohlseyn deiner Menschenheerde!

12.

Lass von oben die Himmel herab Seegen schütten, die Fülle!
Die Tiefen ihre Güter alle bringen an den Tag,
Und beydes sich zu *ihrer* Seeligkeit vereinen!
Entlegne Inseln mögen stets *sie* mit Geschenken begrüssen,
Mit dem Seegen jedes Weltheils, *ihr* aus Liebe huldigen,
Die Völker des Auf- und Niedergangs, Nord und Süden.

13.

Vermehre *ihre* Lebensjahre! ihr nahe sich kein Übel!
Dass *sie* in hohem Alter, wie der Adler sich verjünge!
*Sie* ist des Erdballs Kleinod, von dir geschenkt,
Lass Ruh in ihrem Pallast, auf ihrem Throne Frieden,
Den Nationen Beyspiel seyn der Einfracht, jeden Aufruhr stillen.
Alsdenn wird *ihre* grosse Seele sich deines Wohlgefallens freun!

14.

Die Freude unsrer Herrscherinn, der Sohn, *den sie* erzog
*Paul Petrowitz*, der auch *ihrer* Weisheit Erbe ist;
Lass *seiner* Ruhm, wie *ihrer*, sich unter dem Himmel verbreiten!
Bewahr *ihn*, Gott! ohne Unterlass; so wie das Bild im Auge!
Lass *seine Gattin*, fruchtbar wie der Weinstock, frölich (!) wie vom Weine,
*Ihre* Sprösslinge wachsen sehen, wie an Wasserbächen Weiden.

## .II

## פון לעבן אין ווילנער געטאָ סוף XVIIטן י״ה

אָן אוממיטלבארן אַריינבליק אינעם נישט־פרײלעכן לעבן פון ווילנער ידישן געטאָ סוף 17טן י״ה גיט אונז די ווענדונג פון ווילנער ביסקופּ פּאַץ אין יאָר 1682 צו די ווילנער פּראָבאָשטשן 1).

דערדאָזיקער דאָקומענט, וואָס געפינט זיך אין אַרכיוו פון ווילנער קאַטוילישן קאָנסיסטאָריום 2), איז בשעתו פּאַר־עפנטלעכט געוואָרן דורכן גלח ווינצענטי פּשיאַלגאָווסקי אין זיין ביאָגראַפיע־זאַמלונג פון די ווילנער ביסקופּן 3). היות אָבער ווי די ווענדונג איז אָפּגעדרוקט געוואָרן מיט אַסך יאָרן צוריק און דערצו נאָך אין אַ ווערק, אויף וועלכן דער ידישער היסטאָריקער וועט זיך אַזוי לייכט נישט אָנשטויסן, איז כדאי צו באַקאָנען מיט איר דעם ידישן לייענער.

מיקאָלאַי סטעפאַן פּאַץ, פון דער באַקאַנטער פּריצישער משפחה אין ליטע, איז געוואָרן ווילנער ביסקופּ אין יאָר 1672. פּאַץ האָט ערשט אַלס 50יאָריקער מאַן, נאָכדעם ווי ער האָט שוין געהאַט פאַרנומען פאַרשידענע הויכע וועלט־לעך־מלוכהשע אַמטן — אַלס מאַרשאַלעק פון ליטווישן טריבונאַל, ווילנער קאַשטעלאַן, טראָקער וואָיעוואָדע א. אנד., — באַשלאָסן צו ווערן ביסקופּ. דאָס אַדורכצופירן איז נישט געווען קיין לייכטע זאַך. פּאַץ האָט אָבער געהאַט זייער גוטע פאַרבינדונגען אינעם פּוילישן קיניגלעכן הויף, און נאָך גרויס מי איז אים געלונגען צו באַזייטיקן אַלע מניעות און צו ווערן ביסקופּ פון ווילנע. עס האָט זיך געפאָדערט דערצו דער באַפעל פון קיניג (מיכאַל ווישניאָוועצקי) און די סמיכה פונעם פּויפּסט, צו וועלכן פּאַץ איז ספּעציעל געפאָרן.

מיט דער ווילנער קאַפּיטולע האָט פּאַץ נישט געלעבט בשלום און די גאַנצע צייט פון זיין ביסקופּישער טעטיקייט — איבער צען יאָר — איז געווען פול מיט לויטער סכסוכים און קריגערייען. אין יאָר 1676 האָט די ווילנער קאַפּיטולע אפילו אַרויסגעשיקט אַ דעלעגאַט קיין וואַרשע צו קלאָגן זיך אויף פּאַצן ביים פּויפּסטלעכן נונציוס, ביים קיניג און ביים פּוילישן פּרימאַס. די אָנקלאַגעס האָבן אָבער נישט געהאַט קיין שום פּעולה. די קאַפּיטולע האָט זיך דאַן געווענדט אַפילו צום פּויפּסט, וועלכער האָט אויפגעפאָדערט פּאַצן שלום צו מאַכן מיט דער קאַפּיטולע. ערשט אַרום 1682 איז פאָרגעקומען פּאַצס פייער־לעכע ביסקופּישע קאָנסעקראַציע מיט גרויס פּאַראַד. פּאַץ איז געשטאָרבן אין יאָר 1684.

די פאָלגנדיקע ווענדונג צו די „פּראָבאָשטשן“ האָט פּאַץ אַרויסגעלאָזט אין יאָר 1682:

1) פּראָבאָשטש (Proboszcz) — אַ גלח, וואָס שטייט בראש פון אַ באַזונדערער עדה (Parafia).

2) Acta consistoriae, T. 3, § 33, p. 38.

3) Żywoty biskupów wileńskich, opisał ksiądz Wincenty Przyałgowski, Petersburg 1860, t. III pp. 54—55.

„מיקאָלאַי סטעפאַן פּאַץ,

מיטן חסד פון גאָט און פון דער אַפּאָסטאָלישער הויפּט שטאָט פּראָקלאַמירטער ווילנער ביסקופּ, הויף־פּרעלאַט דורך געטלעכער השגחה פון אונזער הייליקסטן האַר דעם פּויפּסט, אַפּאָסטאָלישער סעקרעטאַר, רעפערענדאַר פון דעם חותם של חסד און חותם של יושר, קאַמערהער פון וואַטיקאַנישן פּאַלאַץ, גאָלדענער קאַוואַלער פון לאַטעראַנישן קלויסטער, הויפּט-אַדמיניסטראַטאָר פון דער ווילנער דיעצעזיע —

צו די פּראָבאָשטשן פון דער שטאָט ווילנע.

בשעת דאָ אין שטאָט ווערט דער הייליקער צידה לדרך 1) געטראָגן צו די קראַנקע דורך דער ידישער גאַס איז אַריין אין געברויך דער זייער נישט שיינער מנהג, אַז די פּערזאָנען און די קלויסטער־דינער, די „סאַקראַמענטאַליסטן“, וועלכע באַגלייטן דעמאָלט דעם פּריסטער, פאַלן אָן מיט גרויס מוטוויל און אומגערעכטער הפקרות — און דורך דעם זיינען זיי שטאַרק מחלל דעמדאָזיקן געטלעכן סאַקראַמענט — אויף די ידן, וואָס מען טרעפט דעמאָלט אָן. מען שלאָגט זיי [די ידן] מיט בייטשן און פאַרשיידענע אַנדערע מכשירים, מען דרייט איבער [זייערע] טישן מיט די חפצים, וואָס זיינען אויסגעשטעלט צום פאַרקויפן, מען צעבאַפּט אויך דידאָזיקע [חפצים] און דורך לצנות־מאַכן פון ידן און ידענעס באַוועגט מען דעם המון־עם צום אָפּלאַכן און צו גזילה, פאַרשאַפנדיק דערמיט די פּרומע עגמת־נפש. אָפטמאָל, כדי צו האָבן אַ כלומרשטע סיבה צו אַזאַ מוטוויל, קלינגען זיי מיטן גלעקל גאָר שטיל אָדער זיי הערן אינגאַנצן אויף צו קלינגען בכדי די ידן זאָלן נישט זיין געוואָרנט און נישט [באַוויזן] אויסמיידן צו טרעפן זיך מיט זיי. דעריבער, כדי איינצאַמען אויף להבא אַזעלכע שווערע מיסברויכן און עגמת־נפש, ווי אויך פאַרשוועכונגען פון הייליקסטן סאַקראַמענט און אומפאַרדינטן שאָדן און עוולות לגבי די ידן, — פאַראָרדענען מיר אַמשטרענגסטן, אַז מ׳זאָל אומבאַדינגט פאָלגן און קיינמאָל נישט גיין מיטן הייליקסטן סאַקראַמענט דורך דער ידישער גאַס, נאָר מען זאָל דעם הייליקן צידה לדרך טראָגן צו די קראַנקע דורך אַנדערע גאַסן, און אויך שטענדיק נישט אַנדערש, אַז די דינער, וואָס באַגלייטן דעם פּריסטער, זאָלן באַצייטנס הויך קלינגען כדי צו וואָרענען די ידן, זיי זאָלן זיך שנעל באַהאַלטן. די, וואָס וועלן נישט פאָלגן, וועלן שטרענג באַשטראָפט ווערן.

געגעבן אין ווילנע, אין אונזער רעזידענץ אויף אַנטאָקאָל, דעם 28טן סעפּטעמבער, יאָר 1682.“

1) פּויליש Wiatyk פון לאַטייניש Viaticum (via־וועג) — אַזוי ווערט אָנגערופן דער סאַקראַמענט פון „קריסטוסעס קערפּער און בלוט“, וואָס ווערט געגעבן דעם גוסס. יעדער גלויביקער קאַטאָליק איז מחויב אין מאָמענט פון גסיסה אָנצונעמען דעם הייליקן סאַקראַמענט אַלס „צידה לדרך“. דעמדאָזיקן צידה לדרך קען אָבער דערלאַנגען דעם גוסס נאָר דער פּראָבאָשטש פון דער באַשטימטער פּאַראַפיע, אָדער זיין באַהעלפער, וואָס ווערן צוליב דעם גערופן צום שווער קראַנקן.

III.

## די פייערונג לכבוד סטאַניסלאַוו אויגוסט פּאָניאַ־טאָווסקי אין דער ווילנער שטאָט־שול

(1 7 6 4)

דער לעצטער פוילישער קיניג סטאַניסלאַוו אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי איז געקרוינט געוואָרן אין וואַרשע דעם 25טן נאָוועמבער 1764. ווי געוויינטלעך אין אַזעלכע פאַלן זיינען דעם טאָג אינעם גאַנצן לאַנד פאַרגעקומען אַנטשפּרעכנדיקע פייערונגען.

אין ביבליאָטעק פון ווילנער אוניווערסיטעט האָט זיך אויפגעהיט אַ געדרוקט פּראָגראַם אין פּוילישער שפּראַך פון דער פייערונג אין דער ווילנער שטאָט־שול לכבוד סטאַניסלאַוו אויגוסטס קרוינונג [1]. עס באַשטייט פון צוויי צונויפגעלייגטע בלעטלעך (4 זייטלעך), קליינער פאָרמאַט 18,9 × 16,2 מילימעטער (זע פאַקסימילע).

דער טיטל פון פּראָגראַם — איבערגעזעצט אויף יידיש — איז אַזאַ:

„די יידישע שול פון ווילנער קהל, רייך אילומינירט אינעם טאָג, לכבוד דער שטאַרק געגאַרטער קרוינונג פון זיין גנעדיקער מאַיעסטעט סטאַניסלאַוו אויגוסט, האָט געהאַט אַזוינע טעקסטן, וואָס זיינען געזונגען געוואָרן פון העברעצען זינגער".

דער טעקסט פון פּראָגראַם — בלויז אין פּויליש — אַנטהאַלט די פּסוקים און תפילות, וואָס מען האָט יענעם טאָג געזונגען אין שול, ווי ס'פאַרשטייט זיך — אין העברעאיש. אויף וויפל מען קען דרינגען פונעם טיטל, וועלכער רעדט וועגן דער פייערונג אין דער פאַרגאַנגענער צייט, איז דאָס פּראָגראַם אָפּגעדרוקט געוואָרן שוין נאָך דער פייערונג אין שול. מיטן געדרוקטן פּראָגראַם האָט קהל וואַרשיינלעך געוואָלט איינשפּיינען זיך פאַר דער געהעריקער מאַכט און הויכגעשטעלטע לייט אַלס באַווייז פון אונטערטעניקייט און טרייקייט מצד דער ווילנער יידישער באַפעלקערונג צום נייעם קיניג...

לויטן דאָזיקן פּראָגראַם איז די פייערונג באַשטאַנען אָט אין וואָס: אין דער רייך אילומינירטער שול האָט דער חזן מיט באַגלייטונג פון אַ כאָר געזונגען אַ ריי פּסוקים, אין וועלכע עס רעדט זיך וועגן מלכים (פון תהלים, יחזקאל, משלי, ישעיה און דברים). דערנאָך האָט מען געמאַכט דעם נייעם קיניג אַ מי שברך „הנותן תשועה" [2] און צום סוף געזונגען נאָך אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהלים.

אינטערעסאַנט איז דער צוקלייב פון די געזונגענע פּסוקים, וועמענס ראשי־תיבות אין דער פּוילישער איבערזעצונג בילדן אַ אַקראָסטיכאָן. די אָנהייב־אותיות אין פּראָגראַם לייענען זיך: ס ט אַ נ י ס ל אַ וו אויגוסט ר. פּ. (ראשי־תיבות פון Rex Poloniae).

1) נומער ZXXIX 3/572. אין עסטרייכערס פּוילישער ביבליאָגראַפיע נישט נאָטירט.

2) פּגל' דעם „הנותן תשועה" לכבוד קאַזימיעזש דעם גרויסן פון דער קראָקער קופּע־שול ביי: Eugenjusz Müller, Żydzi w Krakowie w drugiej połowie XIV stulecia, Kraków 1906, p. 52.

IV

## יידן אין דינסט פון פּוילישן גענעראַל דאָמבראָווסקי

(1 8 1 3)

אין „פּאַן טאַדעאוש", וואָס שילדערט ליטע פון יאָר 1812, ווען נאַפּאָלעאָן האָט געמאַכט זיין מאַרש אויף רוסלאַנד און דאָס פּוילישע פאָלק האָט אַזוי פיל האָפענונג געלייגט אויף זיין נצחון, האָט מיצקעוויטש אָפּגעגעבן אַ בכבודיקן אָרט דעם יידישן קרעטשמער יאַנקל. דערדאָזיקער קרעטשמער יאַנקל איז פאַרטרויט אין די סודות פון דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט־באַוועגונג און דער גלח ראָבאַק, דער עמיסאַר פון די פּוילישע לעגיאָנען, באַראַט זיך מיט אים אָפט „וועגן וויכטיקע ענינים". יאַנקל נעמט אפילו אַליין אַן אַקטיוון אָנטייל אין דערדאָזיקער אַרבעט. „יאַנקל האָט אַ גאַנצן ווינטער פאַרבראַכט, מען האָט נישט געוואוסט וואו. איצט האָט ער זיך פּלוצלונג מיטן הויפּט־שטאַב באַוויזן". מיצקעוויטש רעדט דאָ וועגן דעם תיל פון פּוילישן גענעראַל הענריק דאָמבראָווסקי, דעם שאַפער פון די פּוילישע לעגיאָנען אין לאָמבאַרדיע (איטאַליע), וואָס האָבן מיטן ליד „פון איטאַליענישן לאַנד קיין פּוילן!" געקעמפט אונטער דער אויבערשטער השגחה פון פראַנצויזישן „גאָט פון מלחמה" פאַר דער קומענדיקער פרייהייט פון פּוילן.

די געשטאַלט פון יאַנקלען, וואָס איז ביי מיצקעוויטשן געצייכנט געוואָרן מיט אַזוי פיל ליבע און סענטימענט, ווערט פון אַ טייל ליטעראַטור־היסטאָריקער באַטראַכט אַלס נישט ווירקלעכער, אַלס אַ אידעאַליזירטער טיפּ פון אַ ייד. מיצקעוויטש, הייסט עס, זאָל האָבן געחלומט וועגן אַזאַ יידן ווי „יאַנקל מוזיקאַנט". וואָס מען זאָל נישט מיינען וועגן דעמדאָזיקן יידישן טיפּ און וואָסערע באַציאונג מען זאָל צו אים נישט האָבן, דאַרף מען אָבער אָננעמען, אַז אַלס יסוד צו דער שילדערונג פונעם יידישן קרעטשמער, וואָס איז געטריי דער אידייע פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט און געפינט זיך אין דינסט פון די לעגיאָנען, האָבן געמוזט מיצקעוויטשן דינען געוויסע יוגנט־זכרונות פון יענער שטורמישער נאַפּאָלעאָנישער תקופה אין ליטע.

אַן אָפּקלאַנג פונעם יידישן אָנטייל אין דינסט פון דאָמבראָווסקיס חיל אין ליטע דערגייט צו אונז פון די אַרכיוו־מאַטעריאַלן אין דער ווילנער פּאָליציי־פאַרוואַלטונג, פון די „פאַרטרוילעכע ענינים" פאַר די יאָרן 1813—1819 [3].

3) Архив Виленского городского полицейского управления, vol, 2 (Секретные дела 1813—1819 гг.), pp. 83-98.

דאָס איז געווען אין יאָר 1813, שוין נאָך נאַפּאָלעאָנס מפּלה אין רוסלאַנד. דאָמבראָווסקי איז געבליבן טריי נאַפּאָלעאָנען און האָט זיך געפונען מיט זיין מיליטער-אָפּטיילונג אין דייטשלאַנד, וואו ער איז געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט.

אין יענער צייט איז אין די הענט פון די רוסן אַריינגעפאַלן אַ ייד, יחזקאל בן יאַנקל, „אַ שפּיאָן פון פּוילישן גענעראַל דאָמבראָווסקי", וואָס מען האָט אים געכאַפּט ביי דער פעסטונג ריים (Рейс!). דער געפאַנגענער ייד, לויט ווי עס דערציילן די ראַפּאָרטן, האָט צווישן אַנדערס אויסגעגעבן, אַז „חוץ אים זיינען נאָך צוויי יידן פון דער שטאָט אַגענבורג (Агенбрг!) יאַנקל בן יאַנקל (Янкель Янкелевич) און יאָסל בן יאָסל (Иосель Иоселевич) דורכן זעלביקן גענעראַל דאָמבראָווסקי געשיקט געוואָרן קיין מאָסקווע כּדי געהאַויר צו הערן וויפיל מיליטער עס איז פאַראַן אין דער רוסישער מדינה". מען דאַרף משער זיין, אַז דער געפאַנגענער ייד, ביי וועמען מען האָט מן הסתם געפונען קאָמפּראָמעטירנדיקע באַווייזן, אַז ער אַרבעט אין פאַרשטענדיקונג מיט אַנדערע יידן, האָט אָבער זייערע נעמען אָנגעגעבן ניט ריכטיק, וואָרים עס ליגט זיך שווער אויפן שכל, אַז ביידע יידישע שליחים פון דאָמבראָווסקין זאָלן גראַד זיין געבוירענע נאָך זייערע פאָטערס טויט און זאָלן דעריבער טראָגן דעם פאָטערס נאָמען. דער פאַרהאַלטענער יידישער „שפּיאָן" האָט גיכער אָנגעגעבן אויסגעטראַכטע נעמען.

ווי עס זאָל ניט זיין, האָט אָבער די רוסישע מיליטערישע מאַכט דיזאָזיקע אָנזייזונג אָנגענומען גאַנץ ערנסט און האָט גערעכנט, אַז ביידע שליחים געפינען זיך גאָר אין ווילנע. דורך אַ ספּעציעלן קוריער האָט די העכערע רוסישע מיליטערישע מאַכט זיך געווענדט צום ווילנער מיליטערישן גובערנאַטאָר און דערדאָזיקער צום ווילנער ציוויל-גובערנאַטאָר, אַז מען זאָל „אָננעמען מיטלען" צו כאַפּן די צוויי יידן און „צושטעלן זיי אין דער הויפּט־קוואַרטיר פון אַלע אַרמייען אונטער אַ נעהעריקן קאַראַול". דעם 19טן אָקטאָבער 1813 האָט דער ווילנער ציוויל-גובערנאַטאָר פון זיין זייט אויף אַ פאַרטרויליכן אופן שטרענג פאַראָרדנט דעם ווילנער פּאָליצמייסטער „אָנצווענדן אַלע באַמיאונגען און זאָרגעוודיקייט כּדי אויפצודעקן, צי זיינען ניט פאַראַן ערגעץ אין ווילנע די דערמאָנטע שפּיאָנען, און אויב זיי וועלן זיך געפינען, תּיכּף צושטעלן זיי צו אים אונטער אַ שטאַרקער שמירה כּדי אָפּצושיקן אין דער אַרמיי". די פאַראָרדענונג האָט דער פּאָליצמייסטער באַקומען דעם 23טן אָקטאָבער.

דער דעמאָלטדיקער ווילנער פּאָליצמייסטער שליקאָוו איז געווען באַקאַנט מיט זיין פּאָליציייאישער „טיכטיקייט". אויפן ראַנד פון דעם באַקומענעם באַפעל האָט ער צוגעשריבן פאָלגנדיקע ווערטער בנוגע דעם ענין: „צו אַ באַזונדערער געהיימער נאָכשפּירונג און צו באַקאַנט מאַכן אונטער אַ ספּעציעלן אויסרייד, אַז דיזאָזיקע יידן זאָלן קומען אויף דער פּאָסט כּדי אָפּצונעמען געלט, וואָס איז פאַר זיי צוגעשיקט געוואָרן, וועגן וואָס מען דאַרף מודיע זיין די פּאָסט".

דורכצופירן שליקאָווס המצאה איז איבערגעגעבן געוואָרן די פיר ווילנער פּאָליציי־קאָמיסאַריאַטן, וועמען ער האָט אין 13טן און 14טן נאָוועמבער 1813 צוגעשיקט וועגן דעם געהעריקע אינסטרוקציעס: נעמליך, מ'האָט באַדאַרפט מודיע זיין וועגן דעם געלט, וואָס איז כלומרשט אָנגעקומען פאַר די צוויי יידן, אַלע הויזבאַזיצער פון דער שטאָט און נעמען פון זיי חתימות, אַז זיי וועלן דאָס איבערגעבן די געזוכטע יידן, אויב דידאָזיקע האַלטן זיך אויף אין זייערע הייזער.

אָט איז דער פּוילישער טעקסט[1] פון דער מודעה:

## PUBLIKACJA.

Miasta Agenburga żydom Jankielowi Jankielowiczowi i Joselowi Joselowiczowi przysłane przez pocztę z zagranicy pieniądze 342 Czerw[onych] Złotych, a jako niewiadomo, gdzie się oni znajdują, to się i publikuje, ażeby wyż wymienieni Żydzi jawili się dla odebrania tych pieniędzy w zwyczajnym czasie do Wileńskiego Pocztamtu sami lub przysłali od siebie plenipotentów z plenipotencją. Dan 1813° R[u] N[bro] Novembro] 13° dnia.

ערשט דעם 22טן נאָוועמבער האָבן די „פּריסטאַווס" פון די קאָמיסאַריאַטן באַוויזן צוצושטעלן דעם פּאָליצמייסטער די „פּובליקאַציעס" מיט די חתימות פון אַלע ווילנער הויזבאַזיצער, קריסטן און יידן. די יידישע הויזבאַזיצער האָבן זיך אונטערגעשריבן כּמעט אַלע אין יידיש. אָפּטמאָל געפינט מען אפילו אין דער רובריק פון אַ פּוילישן הויז אַ יידישע אונטערשריפט, מן הסתם פון אַ יידישן פאַרוואַלטער אָדער פּאַכטער; אַזוי, למשל, אין דער רובריק פון הויז, וואָס געהערט צו אַ געוויסער פּרוי קאָנדראַטאָוויטש (אַ באַקאַנטע קריסטלעכע פּאַמיליע אין ווילנע), געפינט זיך בלויז די אונטערשריפט „איך ווייס ניט, ר' אברהם יוסף".

צי האָט מען די צוויי געזוכטע יידן געכאַפּט — וועגן דעם איז אין די מאַטעריאַלן קיין שום אָנווייזונג נישטאָ.

1) די פּובליקאַציע האָט אויך אַ רוסישן טעקסט, וועלכער האָט אָבער נאָר אַ פאָרמעלע באַדייטונג, געשריבן פון יוצא וועגן. אפילו די „באַדזיראַטעלעס" האָבן אונטערגעשריבן בלויז די פּוילישע פּובליקאַציע און דאָס—אויף פּויליש.

## V

# יידישע פרויען אין דער אַקושעריע-שול ביים ווילנער אוניווערסיטעט

## (1824—1811)

אין אָנהויב 19טן יאָרהונדערט קען נאָך קיין רייד נישט זיין וועגן אַ נאָרמאַלער באַטייליקונג פון פרויען אין די פרייע פּראָפעסיעס, מחמת די טויערן פון די הויכשולן זיינען נאָך דעמאָלט בכלל געווען פאַרמאַכט פאַר פרויען. דער איינציקער געביט, וואו די פרוי האָט געקענט זיין טעטיק ביי אַ פרייער פּראָפעסיע, איז געווען געבורטס-הילף. ביי דער קליינער צאָל דאָקטוירים אין יענער צייט אין ליטע איז דער באַטייט פון דער אַקושערקע פאַר דער פאָלקס־היגיענע בכלל געווען זייער אַ אַ גרויסער. די מלוכה האָט דעריבער געזאָרגט, אַז די אַקו־שערקעס זאָלן באַקומען אַ געהעריקע אויסבילדונג און האָט צו דעם צוועק געשאַפן פאַר זיי ספּעציעלע שולן. מיט דער צוגרייטונג פון אויסגעבילדעטע אַקושערקעס אין ליטע האָט זיך פאַרנומען אין דער צווייטער העלפט 18טן י"ה תחילת די מעדיצינישע שול, וואָס טיזענהויז האָט געשאַפן אין גראָד־נע, און שפּעטער — דער ווילנער אוניווערסיטעט, ביי וועלכן עס האָט זיך געעפנט אַ ספּעציעלע אַקושעריע־שול אין אָנ-הויב 19טן י"ה [1].

די ווילנער אַקושעריע־שול איז געווען אַ טייל פונעם ווילנער אוניווערסיטעט; זי האָט עקזיסטירט ביים מעדיצינישן פאַקולטעט און איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די פּראָפעסאָרן פון דאָזיקן פאַקולטעט. אין אוניווערסיטעט איז דעריבער געפירט געוואָרן אַ טאָפּלטער קורס פון אַקושעריע, באַזונדער פאַר סטודענטן און באַזונדער פאַר שילערינס פון דער שול. צווישן די, וואָס זיינען געשטאַנען בראש פון דער ווילנער אַקושעריע־שול אין פאַרשיידענע צייטן, זיינען באַקאַנט די פּראָפעסאָרן רעניע, אַנדזשיי מאַטוסעוויטש, מיקאָלאַי מיאַנאָווסקי א. אנד.

הגם די צאָל שילערינס פון דער ווילנער אַקושעריע־שול איז געווען אַ גענוג באַגרענעצטע, געפינט מען דאָך דאָ יידישע פרויען במעט פון זינט די שול איז געגרינדעט געוואָרן.

אין יאָר 1811 האָט אַ ווילנער ייד, אַ געוויסער מאיר ב"ר מאיר, וועמעס צוויי טעכטער גאָלדע און רייזע עס האָבן דעמאָלט געענדיקט די אַקושעריע-שול, זיך געווענדט צו קהל מיט אַ בקשה אַרויסצוגעבן זיינע טעכטער אַ „באַשייניקונג פון אָרנטלעכער אויפפירונג". דיזאָזיקע באַשייניקונג איז נויטיק גע-ווען צוצושטעלן דער ווילנער אוניווערסיטעט־מאַכט, כדי די

[1]) Józef Bieliński, Stan nauk lekarskich i t. d., Warszawa, 1889, p. 323 sq.

פאַר ליטע האָט אויך געהאַט אַ באַטייט די ביאַליסטאָקער אַקושעריע-שול (1837—1811), וועלכע האָט געדאַרפט אויפנעמען יעדעס יאָר זעכצן שילערינס, אַ טייל פון ביאַליסטאָקער קאַנט און אַ טייל פון גראָדנער גובערניע. אויך דאָ זיינען אַוודאי געווען יידישע שילערינס.

צוויי יידישע מיידלעך זאָלן צוגעלאָזט ווערן צו די אַרויסלאָז־עקזאַמענעס.

אין זיין בקשה צום קהל האָט דער פאָטער געשריבן[2]):

„לאלופי הקהל בווילנא

ממני הח"ס מאיר ב"ר מאיר

בקשה

שתי בנותי אחת גאלדע והשני' רייזיע למדו באקאדעמיע בווילנא אומניות דאקטאריע הנקראת אקאשערקעס, ועכשיו הגיע העת להוציא הדבר מכח אל הפועל ולבא לפני עקזא־מין הכלליות. ובכן לפי הסדר של האוניווערסיטעט מחוייבים המה [!] להעמיד כתב ראי' מהקהל, שלא נשמע עליהם שום דבר שמץ ודופי. גלל כן בקשתי מאת רומ"ע [רום מעלתם] למלאות שאלתי ולתת על שמם סוויאדעצטווא ובזה אדע כי מצאתי חן בעיני אדוניי.

מאיר ב"ר מאיר.

ב' מרחשון או יו"ב אקטאבער תקע"ב (1811)."

אין די „ניירות הבאים" פון ווילנער קהל פאַרן יאָר 1811 איז דיזאָזיקע בקשה די איינציקע פון דעם מין.

אין די אַרכיוו־מאַטעריאַלן פון ווילנער קהל פאַר די שפּעטערדיקע יאָרן געפינט מען ווידער ידיעות וועגן יידישע שילערינס פון דער אַקושעריע-שול. דאָ ווענדט זיך אָבער דער אוניווערסיטעט שוין דירעקט צום קהל, אַז ער זאָל אָפּנעמען די געהעריקע שבועה ביי די יידישע פרויען, וואָס ענדיקן די שול אַלס אַקושערקעס. אַזוי צ"ב געפינען מיר אין יאָר 1819 אַ נאָטיץ וועגן אַ ווענדונג פונעם דעקאַן פון מעדיצינישן פאַקול־טעט ביים ווילנער אוניווערסיטעט (דעם 8טן יוני 1819), אַז קהל זאָל „פירן צו שבועה" די אַקושערקעס העלענע היימאַן און מאַריע פּיניאַס[3]). אין אַ באַמערקונג צו דעראָזיקער נאָטיץ איז אָנגעגעבן, אַז די שבועה איז אָפּגענומען געוואָרן דעמזעלביקן טאָג און מען האָט זיי אַרויסגעגעבן צייגענישן.

אין אַן אַנדערן באַנד פון קהלס מאַטעריאַלן[4]) איז אָפּ־געשריבן פאָלגנדיקער טעקסט פון דער צייגעניש וועגן דער שבועה, וואָס קהל האָט אַרויסגעגעבן העלענע היימאַן (אין פּויליש):

№ 139 [1819 יוני 8] Świadectwo, że Star[ozakonn]a Helena Heymanowa wykonała przysięgę w dniu dzisiejszym w Szkole Wielkiej Wileńskiej według obrządku religji izraelskiej na to, iż w praktyce akuszerskiej ściśle i sumiennie zachowywać będzie wszystkie te punkta, które w Oddziele Medycznym [były jej objawione], pod warunkiem przysięgi.

2) Archiwum Kahalne באַנד 4, ניירות הבאים... פון יאָר 1811, בל. 70.

3) דאָרטן, באַנד 8, בל. 11.

4) דאָרטן, באַנד 7, בל. 14.

פונקט אַזאַ צייגעניש האָט אויך באַקומען מאַריע פּיניאַס, ביידע אונטערגעשריבן דורך די ראשי־הקהל: סניפּיסקי, יאָפּע און קלאַטשקאָ.

העלענע הײמאַן איז געווען די טאָכטער פון באַרימטן ווילנער יידישן דאָקטאָר יעקב ליבאָשיץ און די פרוי פון באַנקיר סאַלאָמאָן הײמאַן [1].

וועגן דער משפחה פון איר חברטע פּיניאַס (אין אַן אַנדער אָרט ווערט זי אָנגערופן פּ י נ ע ס) געפינען מיר אויך אינטערעסאַנטע ידיעות אין די אַרכיוו־קוועלן.

אין די ערשטע צענדליקער יאָרן פון 19טן י"ה איז אין ווילנע געפירט געוואָרן אַ קאַמף צווישן די יידן און מאַגיסטראַט צוליב דעם פאַרבאָט, וואָס האָט עקזיסטירט אין שטאָט פון קדמונים, אַז יידן טאָרן נישט וואוינען אין די גאַסן, וואָס פירן פון אָסטראָבראָם ביזן קאַטעדרע־פּלאַץ (ד. ה. די איצטיקע גאַסן אָסטראָבראָמער, ברייטע און שלאָס־גאַס) און פון טראָקער טויער ביזן יאַן־קלויסטער (איצט די גאַסן טראָקער, דאָמיניקאַנער און יאַן־גאַס) [2]. די יידן האָבן אין די מהומה־יאָרן פונעם סוף 18טן י"ה באַוויזן זיך אַריינצוכאַפּן אין די פאַרבאָטענע „הויפּט־גאַסן" און דער מאַגיסטראַט האָט זיך איינגעשפּאַרט

---

1) ס אַ לאָ מ אָ ן  ה יי מ אַ ן איז צוזאַמען מיט זיין ברודער מ אַ ר ק ו ס אָנגעקומען קיין ווילנע אין יאָר 1799. זיי האָבן געשטאַמט פון פּרייסן. אין 1803 איז סאַלאָמאָן געוואָרן דער ליבאָשיצעס איידעם. די היימאַנס, טיכטיקע סוחרים, אָבער פאַרביסענע אַסימילאַטאָרן, „דייטשן", האָבן מיט דער ווילנער יידישער סביבה זיך נישט צונויפגעלעבט און אין יאָר 1826 האָט סאַלאָמאָן היימאַן — אגב, דער ערשטער און אַ לאַנגע צייט אויך דער איינציקער באַנקיר אין ליטע — זיך געווענדט צו דער ווילנער לוטעראַנישער קאָנסיסטאָריע אַז מען זאָל אָפּשמדן אַלע זיינע קינדער: פיר טעכטער און איין זון (ב ע נ ע ד י ק ט — דעמאָלט סטודענט מעדיצין פון ווילנער אוניווערסיטעט), דערביי האָבן אָבער היימאַן מיט זיין פרוי העלענע אַליין געוואָלט פאַרבלייבן יידן. דער ענין האָט אָנגעשפּאַרט אַפילו אין די גאָר „הויכע פענסטער" אין פּעטערבורג, וואו מען האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין היימאַנס מאָדנע האַנדלונג, און לויטן וואונטש פון צאַר איז דורכן ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר פאַרארדנט געוואָרן אַ פאַרטרויליכע חקירה ודרישה, פון וועלכער מיר נעמען אַרויס די ידיעות (אַרכיוו פון ווילנער גען. גוב., פּאַסט. 842 פון יאָר 1826).

לויט די „סקאַזקעס" פון דער זעקסטער „רעוויזיע" אין יאָר 1813 איז אין יענעם יאָר סאַלאָמאָן היימאַן „געקומען פון בערלין", אַלט געווען 32 יאָר, זיין ברודער מאַרקוס, אויך „געקומען פון בערלין" — 31 יאָר, און העלענע היימאַן — 29 יאָר.

אגב, צווישן די פּרענומעראַנטן פון דער וואַרשעווער אויסגאַבע פון חומש מיט מענדעלסאָנס ביאור אין די דרייסיקער יאָרן געפינט זיך אויך „ר' מרדכי [מאַרקוס] ב"ר חיים היימאַן".

2) אַ ר כ י וו  פ ו ן  ווי ל נ ע ר  ג ע נ ע ר אַ ל־ג ו ב ע ר נ אַ ט אָ ר, פּאַסט. 232 פון יאָר 1816: „דער ענין וועגן דעם אוקאַז פון רעגירנדיקן סענאַט בנוגע דעם פאַרבאָט פאַר יידן צו וואוינען אין צוויי גאַסן פון דער שטאָט ווילנע און האַלטן ביי זיך קריסטלעכע משרתים"; דער אָנהויב פונעם ענין באַציט זיך צום 30טן נאָוועמבער 1816. דער באַנד אַנטהאַלט הונדערטער דאָקומענטן.

פג"ל אויך ש. ד ו ב נ אָ וו, „דער פאַרבאָט פאַר יידן צו וואוינען אין די הויפּט־גאַסן פון ווילנע" (רוסיש) אין „פּערעזשיטאָיע" ב. I, דאָקומענטן־אָפּטיילונג, זז. 7—9.



דווקא זיי פון דאָרטן משלח זיין. מצד דעם מאַגיסטראַט האָט געפירט דעם ענין דער אַדוואָקאַט זדאַנקעוויטש. דערדאָזיקער זדאַנקעוויטש האָט די קאַמפּאַניע קעגן די יידישע געטאָ־ברעכער געפירט מיט אַ גרויסער פאַרביסנקייט און מיט כל המיני מיטלען. ער האָט זיך נישט געפוילט צושטעלן דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר אַ אויספירלעכע רשימה פון די יידן, וואָס וואוינען מחוץ לגעטאָ, מיט גענויע אָנווייזונגען וועגן יעדער איינעם באַזונדער.

צוליב דעם איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע אויספאָרשונג־קאָמיסיע, וועלכע האָט געדאַרפט נאָכקאָנטראָלירן זדאַנקעוויטשעס ידיעות אויפן אָרט. די אויספאָרשער זיינען טאַקע געגאַנגען איבער די אָנגעוויזענע הייזער און דעם 29טן דעצעמבער 1827 האָבן זיי צוגעשטעלט אַ „וויעדאָמאָסט" (רשימה) פון אַלע „זינדיקע" יידן און וואָס זיי לייגן פאָר אין יעדן באַזונדערן פאַל. אין דערדאָזיקער רשימה געפינען מיר [3], אַז אין הויז נומער 429 פון דער פרוי מעיעראָווא, ראָג דאָמיניקאַנער און גלעזער־גאַס, וואוינען אַזש זעקס יידישע משפחות און צווישן זיי — „דער ייד יאָאַכים פּינעס, וואָס פאַרנעמט זיך מיט מאַכן לאַק, פעדערן און אַנדערע זאַכן". די קאָמיסיע האָט אַרויסגעזאָגט איר מיינונג, אַז נישט קוקנדיק דערויף, וואָס דאָס איז אַ ווינקל־הויז און די גלעזער־גאַס געהערט צום יידישן געטאָ, טאָרן אָבער די 6 יידישע משפחות דאָרט נישט וואוינען מחמת זייערע דירות געפינען זיך צו דאָמיניקאַנער גאַס צו. פינף יידישע משפחות האָבן טאַקע זייערע דירות געמוזט פאַרלאָזן; דער זעקסטער, פּינעס, האָט זיך אָבער נישט געוואָלט אונטערגעבן און האָט זיך משתדל געווען אין פאַרשיידענע אינסטאַנצן. און אָט אין אַ בקשה, וואָס ער האָט אין 1828 דערלאַנגט דעם ווילנער ציווילן גובערנאַטאָר, אַז מען זאָל אים איבערלאָזן אין זיין ביז־איצטיקער דירה [4], גיט ער אָן וועגן זיך, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין קעניגסבערג און אין יאָר 1794 איז ער אָנגעקומען קיין ווילנע, האָט זיך דאָ באַזעצט און צוליב זיין חיונה פון מאַכן לאַק און האַמבורגער פעדערן. שוין 28 יאָר כסדר וואוינט ער אין הויז פון דער מעיעראָווא. ער האָט צוויי טעכטער, וואָס פאַרנעמען שטעלעס אַלס אַקושערקעס אין אויעזד, איינע אין לאַדאָגאַ און די אַנדערע אין יאַקאָבשטאַט; די דריטע טאָכטער האָט שוין באַקומען אַ דערלויבעניש אָפּצוגעבן דעם עקזאַמען אויף אַ ל ע ר ע ר י ן (דאָס איז די ע ר ש ט ע ידיעה וועגן אַ יידישער לערערין אין

---

3) ד אָ ר ט ן, ז. 194 ב.

4) ד אָ ר ט ן, בל. 284 — 285. אגב, אין 1828 זיינען שוין געהאַט איבערגעבליבן בלויז פיר יידן, וואָס האָבן געוואוינט אויסערן געטאָ: א) דער באַנקיר סאַלאָמאָן היימאַן, ב) זיין ברודער דער סוחר מאַרקוס היימאַן, ג) יאָאַכים פּינעס, און ד) אַ געוויסער הערמאַן (גרשון) לעמוס, אַ „אויסלענדישער ייד, וואָס פאַרנעמט זיך מיט מאַכן [קינסטלעכע] בלומען"; אין אַנדערע ערטער ווערט ער באַצייכנט אַלס בלומען־פאַבריקאַנט (בל. 244). אַלע פיר האָבן דערלאַנגט דער מאַכט בקשות וועגן איבערלאָזן זיי אַלט וועלטלעך־געבילדעטע „דייטשע" יידן אין די דירות אויסערן געטאָ.

ליטע) און אַ זון לערנט אין פינפטן קלאַס פון ווילנער גימנאַזיע. ווייטער גיט אָן פינעס, אַז ער טראָגט מלבושים „לחלוטין ניט לויטן ידישן מנהג", און בעט, אַז אויף דער עלטער זאָל מען אים איבערלאָזן וואוינען אין דער פריערדיקער דירה. — דער ציווילער גובערנאַטאָר, אריבערשיקנדיק אַלע מאַטעריאַלן צום גענעראַל-גובערנאַטאָר („מיליטערישער גובערנאַטאָר") רימסקי-קאָרסאַקאָוו, האָט פון זיך פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל פינעסן אַזאַ דערלויבעניש יאָ אַרויסגעבן. וואָס איז סוף-כל-סוף געוואָרן מיט פינעסן איז אונז נישט באַקאַנט.

אַ צווייטע ווענדונג פון אוניווערסיטעט צום ווילנער קהל אין אַן ענלעכן ענין געפינט זיך צווישן קהלס מאַטעריאַלן פון יאָר 1824. דער דעקאַן פון מעדיצינישן פאַקולטעט פּראָפ. מ. מיאַנאָווסקי האָט זיך דעם 13טן יוני פון יענעם יאָר געווענדט צום קהל [1] וועגן אַ געוויסער רחל קריזבורג (Rachela Kriesburg), וואָס „האָט שוין געענדיקט דעם קורס פון אַקושעריע-לימודים אין ווילנער קייסערלעכן אוניווערסיטעט", זי האָט שוין אויך אויסגעהאַלטן אַלע עקזאַמענעס און באַקומען דעם טיטל פון אַ אַקושערקע. דער דעקאַן פאַררופט זיך אויפן געזעץ פון 15טן יולי 1810, לויט וועלכן זי דאַרף נאָך אָפּגעבן אַ שבועה, און „היות ווי זי איז פון איזראַעליטישער אמונה", בעט ער דעם קהל דאָס אדורכפירן און באַשטעטיקן. דער קהל האָט די אַבסאָלווענטין אָפּגעשיקט צום שמש פון שטאָט-שול, און ערשט נאָכדעם ווי דערדאָזיקער האָט צוגעשיקט צום קהל אַ מעלדונג (אין פויליש) מיט אַ אונטערשריפט Tobias Joselewicz S. K. [Szkolnik Kahału] Wileńskiego, אַז זי האָט געשוואוירן אין דער גרויסער שול, האָט קהל אַרויסגעגבן די געבעטענע צייגעניש [2].

ידיעות וועגן אַנדערע יידישע אַקושערקעס, וואָס האָבן געענדיקט די שול ביים ווילנער איניווערסיטעט, קען מען געפינען אויך אין נישט אַרכיוואַלישע קוועלן.

אַזוי צ"ב איז די אויטאָרין פון פּאָפּולערן ביכל וועגן היגיענע פון האָבן און דערציען קינדער „די גליקלעכע מוטער" (1836)[3], מלכה בערלאַנט, אויך אַ אַבסאָלווענטין

1) Archiwum Kahalne — באַנד 19, בל. 149.

2) דאָרטן, 151.

3) „די גליקליכע מוטער אָדער איינע גענויע (ערפאַהרענע) לעהרערין פיר מיטטער, נתבקר ע"י האדון אַלענבאַגען, ווילנא תקצ"ז (1836)". אַן עקזעמפּלאַר געפינט זיך אין ווילנער איניווערסיטעט-ביבליאָטעק. אין רוסישן שער-טעקסט איז אָנגעגעבן, אַז די אויטאָרין איז פריווילעגירט געוואָרן דורך דער ווילנער מעדיציניש-כירורגישער אַקאַדעמיע, וועלכע איז, ווי באַקאַנט, געעפנט געוואָרן אין 1832, נאָכדעם ווי דער ווילנער אוניווערסיטעט איז געשלאָסן געוואָרן צוליבן אָנטייל פון די סטודענטן אין פוילישן אויפשטאַנד פון 1830 — 1831.

ש. ניגער („די יידישע ליטעראַטור און די לעזערין", ווילנע 1919, ז. 79, סעפּאַראַט-אָפּצוג פון זיין „פּנקס") גיט נישט ריכטיק אָן, אַז „די גליקליכע מוטער" איז געדרוקט אין ווילנע 1827 (אַנשטאָט 1836).

אגב איז פאַראַן צווישן די ווילנער פרענומעראַנטן פון דער וואַרשעווער ביאור-אויסגאַבע איינער „ר' יוסף בערלאַנד" — אפשר דער מחברטעס אַ פאָטער?

פון דער ווילנער אַקושעריע-שול, ווי עס איז צו זעען פונעם צווייטן שער-בלאַט צום ביכל: „די גליקליכע מוטער... הערויסגעגעבען פון דער אַפּראָבירטע אַקושערקא דער ווילנישען אַקאַדעמיע מלכה בערלאַנט געבאָהרנע לעווענשטערן".

אַן אַנדערע אַקושערקע, שרה, וואָס האָט אויך געענדיקט די ווילנער אַקושעריע-שול, ווערט דערמאָנט צום גוטן פון לייב ליאַנדאָר אין דער הקדמה, וואָס ער האָט אָנגעשריבן (1836) צו זיין זון הירשס לערנבוך פון דער פראַנצויזישער שפּראַך: „איינע געוויסע עקזאַמענירטע אַקושאָרקע פון ווילנער אַקאַדעמיע און איינוואוינערין, וועלכע בעוואוסט איז און זייער פיל ערוויזען האט אין איהרען קונסט" [4]. זי האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף זיין זון הירש, דעם מחבר פון די פראַנצויזישע „געשפּרעכן", און האָט אים „צו פאַרשיעדענע געלעהרזאַמקייט און גוטע זיטטען געבראַכט". אדאַנק דערדאָזיקער שרה, וואָס האָט „אין דיזער שפּראַכע [פראַנצויזיש] אין איהר יוגענד פיל געאַרבייט", איז אָפּגעדרוקט געוואָרן זיין זונס ביכל, לויט דער פאַרזיכערונג פון לייב ליאַנדאָרן.

די געבראַכטע ידיעות שעפּן נישט אויס די באַרירטע טעמע. די קנאַפּהייט פון די קהלשע אַרכיוו-מאַטעריאַלן (פון וועלכע נאָר אַ טייל איז געפונען געוואָרן, פאַר אַ סך יאָרן פעלט) ליידער דערלויבט נישט צו באַהאַנדלען אויספירלעכער די פראַגע פון פרויען-בילדונג ביי יידן אין ליטע. עס איז אָבער קיין שום ספק נישטאָ, אַז די צאָל יידישע פרויען אין דער אַקושעריע-שול ביים ווילנער אוניווערסיטעט איז געווען באַדייטנד גרעסער [5].

VIII

## יוליאַן קלאַטשקאָ און זיין פאָטער הירש

דער באַוואוסטער פוילישער שריפטשטעלער, פּובליציסט און פּאָליטיקער יוליאַן (יהודה-לייב) קלאַטשקאָ איז, ווי באַקאַנט, געווען אַ ווילנער און האָט געשטאַמט פון אַן אָנגעזעענער יידיש-פוילישער משפּחה. די אָרטיקע משכילים (ער איז געווען מרדכי טריוואוּשס און שמואל-יוסף פינס אַ תלמיד) האָבן אויף יודלען דעם וואונדערקינד, וואָס האָט שוין פאַר דער בר-מצוה געשריבן שירים און פּראָזע אין העברעאיש און פויליש, געלייגט נאָר גרויסע האָפענונגען. דער מחבר פון די „פלאָרענצער אָוונטן", דער שפּעטערדיקער הייסער קאַטאָליק און פוילישער פּאַטריאָט קלאַטשקאָ האָט אָבער דידאָזיקע האָפענונגען נישט פאַרווירקלעכט.

4) „געשפּרעך פראַנצייז אידעש-דייטש קורץ געפאַסט, הערויסגעגעבען פון הירש ב"ר לייב ליאַנדאָר", ווילנע 1836.

5) א. ליטווין אין ערשטן באַנד פון זיינע „יידישע נשמות" (ניו-יאָרק 1916) אין קאַפּיטל „אסתר די גענעראַלשע" דערציילט אונז אין אַ האַלב-בעלעטריסטישער פאָרם וועגן נאָך אַ יידישער שילערין פון דער אַקושעריע-שול ביים אַמאָליקן ווילנער אוניווערסיטעט. דידאָזיקע פרוי — אסתר קינקולקין, אַ אינטערעסאַנטער טיפּ פון אַלט-ווילנע, איז געשטאָרבן אין טיפן עלטער ערב דער רוסישער רעוואָלוציע.

מיט יוליאַן קלאַטשקאָן האָט מען זיך בײַ אונדז כמעט ווי נישט פאַרנומען, און אויב יאָ—איז גיכער ווי מיט אַ משיקאַווער דערשײַנונג[1]. אמת, ער איז אַוועק פון יידן[2], און ווי עס גיבן איבער עלטערע פוילישע שריפטשטעלער, וועלכע האָבן אים געקענט אין קראָקע, האָט ער זיך אפילו געהאַלטן מעשה־שליאַכטשיץ. סוף־כל־סוף איז דאָך אָבער קלאַטשקאָ פאָרט געווען דאָס וואונדערקינד פון דער דײַטשער גאַס אין ווילנע און אַ פענאָמענאַלע דערשײַנונג פון דער השכלה־וועלט אין יענער צײַט. זײַן דערשײַנונג האָט בשעתו געמאַכט אַ שטאַרקערן אײַנדרוק, ווי אפילו שפּעטער מיכה־יוסף לעבענזאָן. זײַנען דאָך עלטערע, ערפאַרענע און אויסגעפּרוּווטע משכילים, ווי, למשל, מרדכי־אַהרן גינצבורג, געווען זיכער, אַז דער קלײנער קלאַטשקאָ איז אַ גרויסער שטערן, וואָס האָט אויפגעשײַנט און וועט באַלײַכטן די העברעאישע ליטעראַטור און השכלה־באַוועגונג. קלאַטשקאָס מערקווירדיקער לעבנס־וואַנדל איז פאַר אונדז פאַרבליבן אַ פּסיכאָלאָגישע רעטעניש ביזן היינטיקן טאָג און דעם שליסל צו דער דאָזיקער וואונדערלעכער יידישער נשמה האָט מען נאָך נישט געפונען. קײנער, און באַזונדערס נישט זײַנע פוילישע ביאָגראַפן טאַרנאָווסקי און העזיק, האָט זיך דערויף אפילו נישט פאַרמאָסטן.

צו די ביאָ־ביבליאָגראַפישע נאָטיצן וועגן קלאַטשקאָס ערשטע ליטעראַרישע טריט אין די קינדער־יאָרן, וואָס מיר ברענגען אין אַן אַנדער אָרט[3], ווילן מיר נאָך דאָ מוסיף זײַן אַ ביסל ידיעות וועגן דער משפחה קלאַטשקאָ, וואָס זײַנען צעשפּרײט אין דער השכלה־ליטעראַטור פון יענער צײַט. זיי וועלן קלאַטשקאָס ביאָגראַף זיכער צונוץ קומען.

די פאַמיליע קלאַטשקאָ האָט געשטאַמט פון פּוילן. דאָס ווערן מיר געוואויר פון אַזאַ באַגלויבטן מקור, ווי עס איז אין דעם פאַל שמואל־יוסף פין, אַ בן־בית בײַ די קלאַטשקאָס. אין זײַן „שפת לנאמנים"[4] שרײַבט ער וועגן יוליאַנס פאָטער הירש

1) מיט קלאַטשקאָס ביאָגראַפיע בײַ ש. ל. ציטראָן אין די „משומדים" איז דעם היסטאָריקער לײדער שווער זיך צו באַנוצן שוין דערפאַר, וואָס עס איז דאָרט ניט תמיד אָנגעגעבן דער קוועלן־מאַטעריאַל.

2) אגב, בשעת דער ווילנער שטאָט־ראַט האָט אין יאָר 1919 באַשלאָסן אָנצורופן אײניקע גאַסן אויפן נאָמען פון גרויסע ווילנער יידישע פּערזענלעכקײטן, ווי צ"ב דער ווילנער גאון, מתתיהו סטראַשון און שמואל־יוסף פין, האָבן די פוילישע ראַטמענער פאָרגעלײגט, אַז אײנע פון די גאַסן אין געטאָ זאָל טראָגן קלאַטשקאָס נאָמען. דערדאָזיקער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן קעגן די שטימען פון די יידישע ראַטמענער. קלאַטשקאָ־גאַס רופט זיך אָן איצט אין ווילנע דער טײל אַמאָליקער יאַטקעווער גאַס, וואָס לויפט צווישן און פּאַראַלעל די גאַסן יידישע און ברײטע.

3) פגל ב. קאַן, „מיצקעוויטש־איבערזעצונגען אין דער העברעאישער און יידישער ליטעראַטור" (פויליש) אין Źródła Mocy ב. 1, ווילנע 1927.

4) אין „הכרמל" 1879, ז. 665. אויך אין אַ באַזונדערער בוך־אויסגאַבע.

קלאַטשקאָ—„הגביר הנכבד החכם ר'... יליד ארץ פולין ממשפחת גבירים, חכמים ואוהבי ההשכלה". בכלל איז ש. י. פין אַ וויכטיקער מקור פאַר קלאַטשקאָס ביאָגראַף[5]. ער איז געוואָרן אַ הויז־לערער בײַם קלײנעם קלאַטשקאָ זומער 1838, נאָכדעם ווי דער פריערדיקער לערער, דער משכיל און משורר מרדכי טריוואַוש, האָט צוליב זײַן קראַנקהייט געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט. ש. י. פין שרײַבט וועגן הירש קלאַטשקאָן, ווי וועגן אַ משכיל און פרײַגײַסט אין בעסטן זין פון וואָרט. זײַן וואוינונג און רײַכע ביבליאָטעק מיט השכלה־ספרים זײַנען געווען אָפן פאַר אַלע, וואָס זוכן וויסן. ער איז אויך געווען אַ כלל־טוער מיט פיל ענערגיע און איניציאַטיוו. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס די שטאָט האָט אים געהאַלטן פאַר אַ „בערלינער", און דאָס איז דעמאָלט געווען דאָס ערגסטע זידל־וואָרט,—האָט מען אים דאָך זייער געשעצט[6]. אויפן סמך פון אײגענע אײַנדרוקן גיט אונדז פין, באַזונדערס אין זײַנע מעמואַרן, אַ בילד פון קלאַטשקאָס הויז און פון דער סביבה, אין וועלכער זײַן תלמיד איז דערצויגן געוואָרן.

הירש קלאַטשקאָ איז געווען אַ מענטש מיט אַ ברײטער האַנט. מיר טרעפן אים אָפט אַלס פּרענומעראַנט פון די ערשטע השכלה־ספרים. אַזוי צ"ב פיגורירט ער צווישן די פּרענומעראַנטן פון ריב"לס ערשטער אויסגאַבע פון „תעודה בישראל" (ווילנע 1828) און חיים־זעליג סלאָנימסקיס „מוסדי־חכמה" (ווילנע 1834) — אויף גאַנצע דרײַ עקזעמפּלאַרן. ער איז אויך געווען צווישן די, וואָס זײַנען נאָך מרדכי־אַהרן גינצבורגס טויט געקומען צו הילף דער אלמנה כדי אַרויסצוגעבן אויפסנײַ דעם פאַרשטאָר-

5) וועגן הירש קלאַטשקאָן זע אויך אין פינס „שפת לנאמנים" אין „הכרמל" 1879, זז. 662, 671 און 672; וועגן קלאַטשקאָס לערער טריוואַוש — דאָרט 664. נאָך וויכטיקער זײַנען פינס מעמואַרן „דור ודורשיו", וואָס האָבן זיך געדרוקט אין „הכרמל" 1879, באַזונדערס די קאַפּיטלעך XIV און XV (זז. 467—475). פין האָט ווײַזט אויס געהאַט בדעה צו שרײַבן אויספירלעך וועגן יודל קלאַטשקאָן. צום באַדויערן זײַנען די מעמואַרן איבערגעריסן געוואָרן (ווײַל דער „הכרמל" האָט אויפגעהערט אַרויסגײן) גראָד דאָרט, וואו ער האָט ערשט געהאַט אָנגעהויבן צו דערצײלן וועגן זײַן אויסערגעוויינלעכן תלמיד.

6) הירש קלאַטשקאָ איז געווען אײנער פון די גרינדער פון דער ווילנער דרײַ־קלאַסיקער שול אין יאָר 1841. בשעת קלאַטשקאָ האָט „גענומען אויף זײַנע אַקסלען די הײליקע אַרבעט" פון אַ אינספּעקטאָר אין דער דאָזיקער שול, האָט שלמה זאַלקינד לכבוד אים אָנגעשריבן אַ ספּעציעלן שיר („שירים לשלמה", ווילנע 1842, זז. 44 — 45). צו קלאַטשקאָס פילאַנטראָפּישער טעטיקייט געהער זיך אָן די הערה צום דאָזיקן שיר, אין וועלכער זאַלקינד דערצײלט וועגן קלאַטשקאָס אַרבעט אין יאָר 1831, ווען אין ווילנע האָט געהערשט די כאָלערע. פאַר זײַן דאָזיקער הילפס־אַרבעט האָט ער באַקומען פון דער רוסישער רעגירונג אַ גאָלדענעם מעדאַל. וועגן קלאַטשקאָס טעטיקייט אין דער שול דערמאָנט דערזעלביקער זאַלקינד אין זײַן צווייטער זאַמלונג שירים „קול־שלמה" ווילנע 1858, ז. 60, אין דער הערה.

אין יאָר 1828 איז הירש קלאַטשקאָ געווען גבאי פון דער ווילנער ח"ק בדק־הבית (Arch. Kahalne. ב. 25, בל. 81).

בענעמס הערק (הוספה צו מא"גס „קרית־ספר", ווילנע 1847)[1].

די התפעלות מצד די דעמאָלטיקע משכילים פון דעם קליינעם קלאַטשקאָ איז געווען אין לשער. אין דער זאַמלונג „שירים לשלמה" פונעם ווילנער משכיל שלמה־זלמן זאַלקינד געפינען מיר אױש דריי שירים לכבוד דעם משכילישן וואונ-דערקינד. דער ערשטער שיר (זז. 54—55) טראָגט דעם טיטל: „מהלל עלם משכיל, מפואר לתורה ולמדע, מליץ נודע, כמה' יוסף יהודה קלאצקא בהוציאו לאור בן י"ב שנה ראשית מליצתו בלשון פולאני בשם ראשית קרבני — Moja pierwsza ofiara". דער שיר גופא הויבט זיך אָן אין אַ הויכן מליצהדיקן טאָן „עורה, נער רך!" און אין דער דריטער סטראָפע פאַרגייט זיך דער משורר אין פאַטאָס: „דברת העמים פה מנו גלות, כי קטן יעקב היושב בקרבנו, כי לא כן עתה— אתה העדות!". אין אַ הערה שרייבט דער מחבר, אַז דעררדאָ־זיקער העברעאישער שיר איז אַ פרייע איבערזעצונג פון אַ געדיכט אין דער פראַנצויזישער שפּראַך, וואָס ער האָט פאַרפאַסט בשעתו לכבוד יודלען. דער צווייטער שיר (זז. 55—57) איז אָנגעשריבן לכבוד דעם קליינעם קלאַטשקאָ צו זיין בר־מצוה. אינטערעסאַנט איז דער דריטער שיר צוליב דער סיבה, וואָס האָט אים גורם געווען. דער קליינער קלאַטשקאָ האָט שוין לאַנג געהאַט גרויס חשק צו לערנען פידל־שפּילן. אויף זיין בר־מצוה האָט דער פאָטער אינעם בייזיין פון די געסט צוגעזאָגט צו לאָזן לערנען שפּילן זיין טאַלאַנטירטן בן־יחיד. אויף מאָרגן האָט זאַלקינד אָנגעשריבן לכבוד דער גע־שעעניש אַ שיר (זז. 58—59)...

נאָך מער כאַראַקטעריסטיש ווי זאַלקינדס שירים איז די לויב אין פּראָזע, וואָס עס האָט וועגן יודלען געשריבן ניט קיין קלענערער, ווי מרדכי־אהרן גינצבורג בכבודו ובעצמו. צווישן די 20 בריוו, וואָס זיינען צוגעגעבן געוואָרן צו דער צווייטער אויסגאַבע פון זיין „קרית־ספר" (ווילנע 1848), געפינט זיך אויך (זז. 116—117) גינצבורגס אַ בריוו צו יודלען, וועמען ער טיטולירט „ידידי יקירי המשכיל יהודא קלאצקא". דער בריוו איז אַ תשובה אויף קלאַטשקאָס בוך, וואָס גינצבורג האָט באַקומען אַלס מתנה. נאָך דעם ווי ער לויבט די שאַפונגען פונעם יונגן מחבר, שרייבט מא"ג: „בשם לשוננו הקדושה אשר עבד נאמן אני לה מעודי ונושא דגלה בארץ הזאת, בשם לשוננו הקדושה הנני מברכך על אשר לא גרעת את חלקה... עתה ידעתי כי ייטיב השם ללשוננו הקדושה בארץ ליטא ולא בלבב רגז אָניח את עט הסופרים מבין אצבעותי... אחרי אשר זכיתי לראות את הבא אחרי, אשר יגדיל תורת לשון עבר ויאדירה כיד השם הטובה עליו. הכון, ידידי! הכון לקראת כבוד הסופרים אשר התעתד לך..."

1) מרדכי־אהרן גינצבורג איז געווען באַפריינדעט מיט הירש קלאַטשקאָן און האָט אים זייער געשעצט. אין אַ בריוו פון מיטאַווע (1833) צום באַקאַנטן ווילנער משכיל הירש קאַצענעלנבויגען בעט ער גריסן די פירער פון די ווילנער משכילים און אויפן ערשטן אָרט רופט ער אָן קלאַטשקאָן. זע „הדביר", ח"ב, מכתב ל"ז און מ"ג.

דאָס וואונדערקינד פון ווילנער יידישן געטאָ איז אָבער אַוועק גאָר אויף אַנדערע וועגן...

---

אין די מאַטעריאַלן פון דער אַכטער „רעוויזיע" אין יאָר 1834 פון דער ווילנער יידישער באַפעלקערונג[2] געפינט זיך די „סקאַזקע" פון דער משפחה קלאַטשקאָ. די משפחה פיגו־רירט אין דער רשימה פון ווילנער יידישן סוחרים־שטאַנד, וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען זייער קליין אין צאָל. דאָס איז אַ סימן פון באַזונדערער אָנזעעוודיקייט.

אָט איז די סקאַזקע, איבערגעזעצט פון רוסיש:

| משפחה נומער 22 | בשעת דער פריערדי־קער רעוויזיע (1816) אַלט געווען: | איצט פאַראַן און איז אַלט: |
|---|---|---|
| הירש בן אהרן קלאַטשקאָ | 26 יאָר | 44 יאָר |
| הירש בן אהרנס זון יודל (Юдель)[3] | נייגעבאַרענער | 9 „ |
| הירש בן אהרנס ווייב טויבע־לאה | — | 42 „ |
| זיין טאָכטער דבורה[4] | — | 7 „ |

---

שוין נאָכדעם ווי דער אַרטיקל איז געווען אָפּגעגעבן צום דרוק האָב איך באַקומען צוגעשיקט פון לענינגראַד אַ קאָפּיע פון דעם, וואָס עס שרייבט וועגן די קלאַטשקאָס הלל נח מגיד (שטיינשניידער) אין צווייטן באַנד פון „עיר ווילנא"[5].

2) ווילנער מלוכה־אַרכיוו, באַנד 542, זז. 11 b — 12 a.

3) שלמה זאַלקינד, דער מחבר פון די שירים לכבוד קלאַטשקאָן, רופט אים אָן יוסף יהודה. אחוץ דעם ערשטן פון די שירים, וועלכן מיר האָבן ציטירט, רופט ער אים אָן מיט די דאָזיקע צוויי נעמען אויך אין דריטן פון די דערמאָנטע לויב־שירים.

דאָס אָנרופן יודלען „נייגעבאַרענער" אין דער „סקאַזקע" מיינט, אַז יודל איז בשעת דער „רעוויזיע" פון 1816 ניט פאַרשריבן געוואָרן, מחמת ער איז געבוירן געוואָרן שפּעטער (1825) און פאַר דער „סקאַזקע" איז ער אַ נייער.

4) אין באַנד 42 פון Archiwum Kahalne בל. 186 פיגו־רירט הירש קלאַטשקאָ צווישן די ווילנער סוחרים פון צווייטער גילדיע פאַרן יאָר 1826. אחוץ זיין ווייב טויבע איז אויך דאָ אָנגעגעבן זייער אַ טאָכטער ציפּע, 12 יאָר אַלט. אין זעלביקן באַנד (בל. 156) געפינט זיך הירש קלאַטשקאָס אַ ווענדונג צו קהל וועגן זיין משרת.

5) ביי דער געלעגנהייט ווענד איך די אויפמערקזאַמקייט פון די, וואָס אינטערעסירן זיך מיט דער פאַרגאַנגענהייט פון ירושלים דליטא, אויפן כתב־יד פון „עיר ווילנא" ב. 2, וועלכער געפינט זיך ביים מחברס זון—פּראָפ. דוד מגיד אין לענינגראַד. דער ערשטער באַנד (ווילנע 1900), וואָס איז געדרוקט געוואָרן בחיי המחבר, האָט זיך פאַרנומען דער עיקר מיט די רעליגיעזע פאָרשטייער פון אַלטן ווילנע, דער צווייטער באַנד, וועלכער איז איבערגעבליבן נאָכן טויט פון מחבר און איז דורך דוד מגיד פאַרטיק געמאַכט צום דרוק, באַהאַנדלט דאָס יידישע

פון דער דאָזיקער קאָפּיע נעמען מיר אַרויס נאָך עטלעכע ידיעות, וואָס זיינען נוגע די קלאַטשקאָס.

מגיד-שטיינשניידער גיט אָן פאָלגנדיקע גענעאַלאָגיע פון הירש קלאַטשקאָ: „הרב ר׳ הערש קלאַצקאָ בהרב ר׳ אהרן מינץ[1] בהרב ר׳ זאב וואָלף מינץ, בהרב הגאון ר׳ יצחק אבד״ק סעמיאַטיץ, בהרב הגאון ר׳ נחום, בהרב הגאון ר׳ נתן נטע אבד״ק מעזריטש, בהרב הגאון ר׳ נחום אבד״ק סלוצק, בהרב הגאון ר׳ נתן נטע אבד״ק הילדסהיים״.

אַ חיכטיקע ראָלע, ווייזט זיך אַרויס, האָט געשפּילט הירש קלאַטשקאָ ביים אַרויסגעבן דעם חומש מיט מענדעלסאָנס ביאור אין וואַרשע אין די דרייסיקער יאָרן. הירש קלאַטשקאָ איז אין יאָר 1834 געפאָרן אין געשעפטלעכע ענינים קיין וואַרשע. דאָ האָט ער זיך באַקענט מיטן משכּיל משה טאַנענבוים, וועלכער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן רעיון אַרויסצוגעבן מענדעלסאָנס ביאור אין וואַרשע. קלאַטשקאָ האָט זיך דערמיט שטאַרק פאַראינטערעסירט און האָט נישט געקאַרגט קיין געלט און מי כדי די אונטערנעמונג זאָל געקרוינט ווערן מיט ערפאָלג.

אַדאַנק צוויי פּערזאָן איז דעמאָלט דערשינען די אויסגאַבע פון חומש מיט מענדעלסאָנס ביאור אין וואַרשע: דעם וואַרשעווער גביר דוד טעבל טעפּליץ און דעם ווילנער הירש קלאַטשקאָ. אויב אָבער טעפּליץ איז געווען קודם כּל דער געלט-מעצענאַט, וועלכער האָט פינאַנסירט די אויסגאַבע, האָט קלאַטשקאָ, דער ווילנער גביר און גרויסער משכּיל[2], געגעבן דעם אַרויסגעבער משה טאַנענבוים נישט בלויז געלט („מצפון זהב יאתה״, „זהב הנדבה הרימות״), נאָר אויך מאָראַלישע אונטערשטיצונג („לפעולת אדם בדבר שפתיך החזקת״, „עזרך אהי, עניתני בנעימים״).

---

וועלטלעכע ווילנע, אירע משכּילישע און וויסנשאַפטלעכע גדולים. דער „עיר ווילנא״ איז אַ רייכער מקור פאַר גענעאַלאָגישע, ביאָגראַפישע און ביבליאָגראַפישע ידיעות, וואָס זיינען נוגע ווילנע. און פאַרן דאָזיקן ווערטפולן ווערק פעלט אַ פאַרלעגער...

איך דאַנק האַרציק ה׳ א ל י ע ז ר י ה ו ד ה מ ג י ד פון לעניגראַד (אויך אַ זון פון בעל „עיר ווילנא״) פאַר דער קאָפּיע, וואָס ער האָט פאַר מיר געמאַכט.

1) לויט מגיד-שטיינשניידערן זאָל הירש קלאַטשקא האָבן געענדערט זיין פאַמיליע-נאָמען פון מינץ אויף קלאַטשקא, ווי עס האָט זיך גערופן זיין שווער, דער ווילנער פּרנס ר׳ שמואל („ר׳ שמואל יהודהס״) קלאַטשקא.

2) אין „פרחי-צפון״ II (ווילנע 1844) האָט הירש קלאַטשקא אָפּגעדרוקט אַ מאמר „ביאור כתבי קודש״.

אין אָנהויב פון ספר בראשית פון יענער אויסגאַבע (וואַרשע 1836) האָט טאַנענבוים אָפּגעדרוקט אַ בריוו מיט אַ שיר, אין וועלכע ער דערציילט און באַזינגט הירש קלאַטשקאָס פאַרדינסטן פאַר דער אויסגאַבע[3]. אין זיין משוררישער און משכּילישער התפּעלות ווענדט ער זיך אויך צו דער שטאָדט פון הירש קלאַטשקאָ: „ווילנא, סגולת המחוז, עיר החכמה, בוניך עצמו, בך רבתה המדע״.

הירש קלאַטשקאָ איז געשטאָרבן אין ווילנא אין יאָר 1856.

מגיד-שטיינשניידער ברענגט דעם טעקסט פון זיין מצבה אויפן ווילנער בית-הקברות[4]:

„צבי ישראל על במותימו אלה איך, מות, חלל הפלת,
בחיר העיר במבחר קבריה, אהה, איך פתאום הטלת,
יפעת משפחתו וקרן אורה, איך כרגע בעפר עוללת,
הדר ביתו ובניו, איך הכית חיש, ולעד אותם האבלת,
ידיד כל חכמי ישורון, איך פגעת, ומשכיל עם שכלת,
רחמי אבי אביון, איך לא רחמת, ומידו אותם גזלת,
שבית אב מאובדים, את מצרה, חומל כל אומלל לא חמלה,
בני אדם יושבי חושך, מצילם ומושיעם, איך חוללת,
אל לאבן זו מלל, מהלליך, אל למצבה זו הגד מה פעלת,
הלא כל לבות מוציליך הם המה האבנים לך פסלת,
רשום על קורות לבביהם לעד, כל אשר למו גמלת,
נטעי נעמנים עצי גן עדנים, מעשיך אשר לך שתלת,
קח לך איש צדק, קציר אמת, אשר נטעת ואשר הואלת.

ה״ה אבינו
נזר ראשנו הרב החכם השלם, הגביר המפורסם
מו׳ צ ב י ה י ר ש במו׳ א ה ר ן ק ל א צ ק א
ויגוע ביום ב׳ ט״ז בחודש כסליו׳ לפ״ק,
בשנת ת ר ט ״ ז. תנצבה

---

3) הירש קלאַטשקא געפינט זיך צווישן די פּרענומעראַנטן, וואָס ווערן אויסגערעכנט אין ספר דברים פון דער וואַרשעווער ביאור-אויסגאַבע (וואַרשע 1837).

4) דעם טעקסט האָט פאַרפאַסט אד״ם הכהן לעבענזאָן און בלויז דעם אַקראָסטיכאָן אונטערן טיטל „על ה״ר הערשיל קלאצקא״ האָט ער אָפּגעדרוקט אין „יתר שירי אד״ם״ (ווילנע, 1870 ז. 81, און ווילנע 1895, ז. 80).

דער אַקראָסטיכאָן לייענט זיך: צבי הירש בן אהרן קלאצקא.

# פון די רוסישע אַרכיוון

פון א. טשעריקאָווער (בערלין)

## I. גבירים־שתדלנים און די גזירות פון רעקרוטשינע און „ראַזריאַדן“

(1855—1854)

מיר גיבן דאָ צוויי דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער יידן־פּאָליטיק אין די צייטן פון ניקאָלאַי I. דער ערשטער דאָקומענט איז אַ בקשה צום צאַר פון אַ גרופּע אָנגעזעענע יידישע סוחרים און כלל־טוער, בראש מיט י ו ז ל  ג י נ צ ב ו ר ג ן, פון סעפּטעמבער 1854, וועגן דער רעקרוטן־פליכט פאַר יידן און וועגן דער צעטיילונג פון יידן אויף „ראַזריאַדן“. דער צווייטער — אַ בקשה פון אָט דער גרופּע צו אַ ריי מיניסטאָרן וועגן דעמזעלביקן ענין פון יאַנואַר 1855. די דאָקומענטן האָבן מיר געפונען אין קאָפּיעס אינעם אַרכיוו פון באַראָן גינצבורג [1]. די ביידע בקשות כאַראַקטעריזירן קלאָר און בולט די שטעלונג פון דער גרופּע בנוגע די צוויי גרעסטע גזירות אינעם דעמאָלטיקן יידישן לעבן — דער גזירה פון רעקרוטשינע און דער גזירה פון „ראַזריאַדן“.

צווישן דער אומענדלעכער צאָל רדיפות אויף יידן אין ניקאָלאַיס צייטן (1855—1825) זענען די דערמאָנטע צוויי גזירות געווען די שרעקלעכסטע. דאָס, וואָס מ'האָט אָנגעהויבן צום ערשטן מאָל נעמען יידן אין מיליטער (1827), וואָלט אַליין פאַר זיך נאָך קיין גזירה נישט געווען, הגם אין יענע צייטן האָט עס פאַקטיש באַטייט אָפּגעריסן ווערן אויפן גאַנצן לעבן פון דער היים, פון דער אייגענער סביבה און פון יידישקייט, מחמת די דינסט־צייט האָט נאָרמאַל געדויערט 25 יאָר. דער אומגליק אָבער איז, ראשית, באַשטאַנען אין דעם, וואָס די רעגירונג האָט געוואָלט דורך דער קאַזאַרמע פירן יידישע קינדער צום שמד און צווינגען זיי אָפּזאָגן זיך פון זייער „שעדלעכער רעליגיע“; צוליב דעם האָט זי מיט געוואַלט אָפּגעריסן פון דער היים קליינע קינדער פון 12 יאָר און אָפט פון 8 און אפילו פון 7 יאָר־אַן און אָפּגעגעבן זיי כמעט אויפן גאַנצן לעבן פאַר קאַנטאָניסטן [2]. שנית, — וואָס ביים איינפירן מיליטער־פליכט פאַר יידן האָט מען אויף זיי אַרויפגעלייגט אַ נישט־דער־ערך גרעסערע צאָל רעקרוטן, ווי אויף דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג (4—5 מאָל מער) און מיט יעדן יאָר איז די צאָל געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער. פאַר די חובות, וואָס זענען געלעגן אויף די יידישע קהילות, פאַר די חסרס אין דער צאָל רעקרוטן, פאַר אַלע אַנדערע חטאים — האָט מען פאַרלאַנגט אַלץ נייע און נייע רעקרוטן. פאַרן צושטעלן די רעקרוטן איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך דער כלל, דער קהל [3], די פאָרשטייער פון דער יידישער באַפעלקערונג אין יעדער שטאָט. אין יולי 1853 האָט די רעגירונג דערלויבט די יידישע קהלס, ווי אויך מיליטער־פליכטיקע פּריוואַט־פּערזאָנען

1) דער געשלאָסענער פּריוואַט־אַרכיוו פון דער פאַמיליע גינצבורג אנטהאַלט אַן אומגעהויער רייכן מאַטעריאַל צו דער רעכטלעכער און פּאָליטישער לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד משך דער צווייטער העלפט פונם 19טן יאָרהונדערט, דער עיקר אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער II און אַלעקסאַנדער III; דאָקומענטן פון ניקאָלאַי דעם ערשטנס תקופה, ווען די גינצבורגס האָבן ערשט אָנגעהויבן וואַקסן, זענען פאַראַן נאָר געציילטע.

דער איצטיקער גורל פון דעם אַרכיוו איז אומבאַקאַנט; ווי מיקאָן רעכענען, איז ער פאַרפאַלן געוואָרן בעת דער רעוואָלוציע אין 1917. נאָר אַ טייל מאַטעריאַל געפינט זיך אין קאָפּיעס אין אַרכיוו פון דער יידישער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אין לעניגראַד—אין דער קאָלעקציע פון ע. ל ע ו י ן, דעם פאַקטישן שאַפער פון באַראָן גינצבורגס אַרכיוו. זע אונזער נאָטיץ וועגן דעם אַרכיוו אין Encyclopaedia Judaica (דייטש), ב. 3.

2) דער פּראָצענט קינדער צווישן די רעקרוטן איז געווען זייער אַ גרויסער; אַזוי צ״ב האָבן זיי אין יאָר 1843 אויסגעמאַכט 2/3, וואָס האָט באַטראָפן ביי 1500 קאַנטאָניסטן. זע דעם אַרטיקל פון ח. ק אָ ר אָ ב ק אַ ו, „די יידישע רעקרוטשינע אין די צייטן פון ניקאָלאַי I“, אין „יעוו. סטאַרינאַ“ 1913, ז. 70 און 233.

3) דער „קהל“ אַלס מלוכה־רעכטלעכער אינסטיטוט איז אָפּגעשאַפט געוואָרן אין 1844, אָבער גראָד די פונקציעס פון צושטעלן רעקרוטן און שטייערן האָט מען אויף אים אַרויפגעלייגט ווי פריער. מיר באַנוצן דאָ דאָס וואָרט קהל, מיינענדיק דערמיט די קהילה־פאַרוואַלטונג די אָרטיקע פאַרטרעטערשאַפט פון דער יידישער געמיינדע.

צו כאַפּן יעדן יידן, וואָס האָט נישט ביי זיך קיין פּאַס אָדער וועמעס פּאַס איז אָפּגעלאָפן, און אָפּגעבן אים פאַר אַ רעקרוט [1].

די צווייטע גזירה, וואָס איז אָרגאַניש געווען פאַרבונדן מיט דער ערשטער, איז די סאָרטירונג אויף „ראַזריאַדן", דאָס הייסט די צעטיילונג פון יידן אויף „נוצלעכע" און „שעדלעכע" בירגער. צו די „נוצלעכע" האָבן געהערט: סוחרים, בעלי-מלאכות, וואָס זענען פאַרשריבן אין צעכן, ערדאַרבעטער און תלמידים און לערער פון די קרוין- און רעגירונגס-שולעס. צו די „שעדלעכע" — די גרעסטע מערהייט — נישט ווייניקער ווי 80 פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג, „וואָס האָט נישט קיין שטענדיקע פּראָדוקטיווע באַשעפטיקונג, וועלכע העלפט צו פאַרגרעסערן דעם אַלגעמיינעם רייכטום און וואוילטאָג", ווי דאָס ווערט פאָרמולירט אינעם באַפעל. מיט דעם האָט מען געמיינט די קליינע הענדלער, מעקלער, מענטשן אָן פּרנסות, אָבער אויך אַזעלכע קאַטעגאָריעס, ווי אָנגעשטעלטע (פּריקאַזטשיקעס), בעלי-עגלות, יוועלירן, ווי עס ווערט בפירוש אָנגעוויזן אינם באַפעל. די ערשטע קאַטעגאָריע ווערט באַפרייט אָדער באַקומט הנחות בנוגע דער רעקרוטשינע, וועלכע ווערט מיט איר גאַנצער לאַסט אַרויפגעלייגט אויף דער צווייטער קאַטעגאָריע. ניקאָלאַי I האָט פּערזענלעך באַפוילן צו נעמען פון אָט דער קאַטעגאָריע „אומפּראָדוקטיווע" פינף מאָל מער רעקרוטן ווי געוויינטלעך, אויסער דעם זענען זיי געווען באַשטראָפט מיט צוואַנג-אַרבעט און מיט אַ ריי אַנדערע רעפּרעסיעס.

דער באַפעל וועגן „ראַזריאַדן" איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 1851 („צייטווייליקע תקנות"), לויט ניקאָלאַיס פּערזענלעכן רצון, אָבער אפילו די מיניסטאָרן און די רעגירונגס-פאָרשטייער אויף די ערטער זענען געווען מסופק אין דעם פּראַקטישן נוצן פון אַזאַ מיטל צו דעקרעטירן פּראָדוקטיווע בירגער פון לאַנד. און עס האָט זיך אפילו געפונען איין רעגירונגס-פאָרשטייער, היינו — דער גענעראַל-גובערנאַטאָר פון נאָוואָראָסיער קאַנט גראַף מ. ס. וואָראָנצאָוו, וועלכער האָט אין אַ שאַרפער פאָרם אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג אין אַ מעמאָראַנדום צו ניקאָלאַיען (נאָך אין 1843) קעגן דעם פּלאַן פון „ראַזריאַדן". „אויך פונעם מלוכה-שטאַנדפונקט איז דאָס שעדלעך און גרויזאַם" — האָט ער אין זיין מעמאָראַנדום געשריבן. „איך דערלויב מיר די מיינונג, אַז אַליין דער אַלגעמיינער נאָמען אומנוצלעכע [בירגער] פאַר עטלעכע הונדערט טויזנט מענטשן, וואָס זיי איז מן השמים באַשערט צו וואוינען אין [אונזער] מדינה, איז אַ האַרבער און אומיושרדיקער... די פּיינלעכע אָפּעראַציע איבער דעם קלאַס מענטשן וועט נישט נאָר פאַרשאַפן זיי ווייטאָק, נאָר וועט פּשוט פירן צו זייער פאַרניכטונג דורך אָרעמקייט און וועט נישט ברענגען די נויטיקע רפואה... פון איין זייט וועלן אָפּגענומען ווערן הונדערטער טויזנטער הענט, וואָס העלפן דעם קליין-האַנדל אין דער פּראָווינץ, ווו ס'איז נישטאָ און ס'וועט נאָך לאַנג נישט זיין מיט וועמען זיי צו פאַרבייטן, און פון דער צווייטער — וועט עס ברענגען צו אַ קלאַנג און יאָמער צווישן דער אומגעהויערער צאָל אומגליקלעכע, וועמען דער מאַסמיטל וועט טרעפן, און וועט דינען סיי ביי אונז, סיי אין אויסלאַנד, אַלס אַ פאָרוואורף אונזער רעגירונג" [2].

דער חלק פון רעקרוטשינע, קאַנטאָניסטן און „ראַזריאַדן" איז די לעצטע יאָרן פון ניקאָלאַיס רעזשים ממש געהאָנגען איבערן קאָפּ פון דער יידישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד און האָט אַרויפגעוואָרפן שרעק און פּיין אויף מיליאָנען מענטשן. ערב דער קרימער מלחמה און באַזונדערס בעת דער מלחמה, ווען רוסלאַנד האָט זיך גענייטיקט אין נייע סאָלדאַטן, האָט מען אין דער יידישער גאַס פאַרשטאַרקט דעם רעקרוטן-פּרעס ביזן העכסטן גראַד. עס איז אָנגעגאַנגען אַ געיעג נאָך יידן אָן פּאַספּאָרטן, נאָך אָרעמע, וואָס קאָנען זיך נישט אויסקויפן; מ'האָט אָפּגעריסן קינדער און יונגע בחורים פון די מאַמעס, געשיקט זיי צום שמד און טויט. די קהלס-לייט האָבן ברייט אויסגענוצט זייער מאַכט, עס האָט זיך געעפנט אַ קוואַל פון שרעקלעכער עקספּלואַטאַציע און ברידער-קאַמף, — עס איז געווען די צייט פון „פּאָימאַניקעס" און „כאַפּערס", פון בהלות און מסירות. אַ וויי-געשריי האָט זיך געטראָגן איבער די שטעטלעך פון ליטע, אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד, באַלטישע געגנטן (די גזירה פון רעקרוטשינע איז נישט געווען אַזוי שאַרף אין די פּוילישע גובערניעס). די טראַגישע יאָרן, וואָס האָבן זיך אַזוי טיף איינגעקריצט אינעם זכרון פון שטומען פאָלק, וועלכער האָט איצט געשאָטן קללות אויפן קאָפּ פון דער רעגירונג.

אָט אין דער צייט האָט די אויבנדערמאָנטע גרופּע שתדלנים — 11 סוחרים ערשטער גילדיע און „ערנבירגער", בראש מיט גינצבורגן, זיך געווענדט צו דער רעגירונג מיט די מעמאָראַנדומס, וואָס מיר דרוקן דאָ, און אין קלאָרע ווערטער אונטערגעשטיצט פולקאָם די אידייע פון צעטיילן יידן אויף „ראַזריאַדן", אויף „נוצלעכע" בירגער, ד. ה. אין דער ערשטער ריי סוחרים און אַנדערע „פּראָדוקטיווע עלעמענטן", און אויף „שעדלעכע". אין די אינטערעסן פון די „נוצלעכע" האָט די גרופּע געבעטן דעם צאַר און זיינע מיניסטאָרן, אַז די לאַסט פון דער פאַרגרעסערטער רעקרוטן-פליכט זאָל אַרויפגעלייגט ווערן נאָר אויף די אומפּראָדוקטיווע עלעמענטן, דאָס מיינט אויף די יידישע אָרעמע קלאַסן. יוזל גינצבורג, דער שפּעטערדיקער באַראָן און דער אבי-המשפחה פון די באַקאַנטע באַראָן גינצבורגס, דער באַרימטער שתדלן פאַרן יידישן כלל, דער גרינדער פון דער „חברה מפיצי-השכלה", פון דער יידישער קהילה אין פּעטערבורג און פון אַנדערע יידישע אַנשטאַלטן, דער אָנגעזעענסטער מעצענאַט און כלל-טוער ביי די רוסישע יידן,

1) אינטערעסאַנטע פאַקטן ווערן געבראַכט אין מעמאָראַנדום צו אַלעקסאַנדער II, פון מערץ 1855. זע „יעוור. סטאַרינאַ" 1915, ב. 2 ז' 216.

2) גראַף וואָראָנצאָווס מעמאָראַנדום איז תחילת געווען פאַרעפנטלעכט (מיט קיצורים) אין „Ведомости Одесского Градоначальства" פאַרן יאָר 1900. ש. דובנאָוו האָט געמאַכט אויף אים אויפמערקזאַם אין זיינע אַרטיקלען „היסטאָרישע מיטטיילונגען" אין „וואָסכאָד", 1901, ב. 5, וואו דער מעמאָראַנדום ווערט ציטירט. זע י. לערנערס בוך „די יידן אין נאָוואָראָסיער קאַנט" (1901), אויך דעם אַרטיקל פון י. געסען: „אַ פּרוּוו פון יידישער עמאַנסיפּאַציע אין רוסלאַנד", אין „Пережитое", ב. 1.

איז נאָך דעמאָלט געשטאַנען ביים אָנהויב פון זיין גלענצנדיקער קאַריערע. ער איז געווען דער טיפּישער פאָרשטייער פון דער נייער אויפגעקומענער גרויס-בורזשואַזיע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אויסבילדן דעמאָלט אין רוסלאַנד. ער האָט אָנגעהויבן אַלס רייכער „אָטקופּשטשיק" — געהאַלטן אין אַרענדע ביי דער מלוכה די פאַבריקאַציע און פאַרקויף פון בראָנפן. אין דער צייט פון קרימער מלחמה איז ער געוואָרן אַ קריגס-ליוועראַנט און האָט זיין עשירות שטאַרק פאַרגרעסערט. אין יאָר 1856, ווען ער באַזעצט זיך פעסט אין פּעטערבורג, איז ער שוין אַן אָנגעזעענער מיליאָנער און ווערט איינער פון די ערשטע באַנקירן אין רוסלאַנד.

אין אָט די מעמאָראַנדומס פון 1854—1855 ווערט צום ערשטן מאָל פאָרמולירט די אידעאָלאָגיע פון ג'ינצבורגס שתּדלנישער גרופּע. שפּעטער, אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער II, האָט די גרופּע די דאָזיקע אַרגומענטן נישט איינמאָל איבערגעחזרט אין אירע געהיימע ווענדונגען צו דער רעגירונג: בירגערלעכע רעכט און הנחות דאַרף מען פאַרדינען; אויף זיי האָבן רעכט די פּראָדוקטיווע און געבילדעטע עלעמענטן — און מען דאַרף דעריבער נישט צונויפמישן „דעם סולת מיט דעם פסולת" — די אויסדערוויילטע מיטן המון, ווי זיי האָבן עס בפירוש געשריבן אין זייערן אַ מעמאָראַנדום 1). איצט, אין אַזאַ עת-צרה, ווי עס זענען געווען די לעצטע יאָרן פון ניקאָלאַיס רעזשים, איז אָט די ווענדונג פון דער גרופּע צו דער רעגירונג געווען אויסגעשפּראָכן קעגן די אינטערעסן פונעם כּלל. די יידישע פּני רעדן גאָר מיט אַן אַנדער לשון, ווי דער הויכער באַאַמטער גראַף וואָראָנצאָוו. מיט עטלעכע יאָר פאַר זיי האָט אַן אַנדער יידישער גביר און כּלל-טוער, אויך אַ רעגירונגס-ליוועראַנט, דער טשערניגאָווער סוחר פ ײ ג י ן, דערלאַנגט דער רעגירונג אַ מעמאָראַנדום (1833), אין וועלכן ער האָט זיך נישט געשעמט צו געבן אַ שאַרפע כאַראַקטעריסטיק פון דער מלוכה-פּאָליטיק בנוגע יידן. „נישט צוליב זיינע מאָראַלישע אייגנשאַפטן, נאָר צוליב זיין אמונה ווערט דאָס יידישע פאָלק אַזוי גערודפט" — האָט ער געשריבן. „די יידן פאַרלירן די האָפענונג, אַז זייער לאַגע וועט ווערן בעסער". די געשיכטע האָט אָבער אַזוי באַשטימט, אַז פייגין איז געוואָרן דער „פאַרגעסענער געזעלשאַפטלעכער טוער" 2), און יוזל גינצבורג — די אָנגעזעענסטע פיגור אינעם מזרח-וואַנט פונעם רוסישן יידנטום 3).

מיר ברענגען דאָ מיט גאַנץ קליינע קיצורים די בקשה צום צאַר:

1) דער מעמאָראַנדום צו אַלעקסאַנדער II פון יולי 1856. זע: אַ ר כ י וו פון באַראָן גינצבורג (מאַפּע 1, אויך 88). דער מעמאָראַנדום איז מיט קיצורים פאַרעפנטלעכט געוואָרן פון י. געסען אין „Пережитое", ב. I („אַ פּרוּוו פון יידישער עמאַנסיפּאַציע אין רוסלאַנד"); זע אויך זיין „געשיכטע פון יידישן פאָלק", ב. II (רוסיש), לענינגראַד 1927, ז. 144; אויך: אונזער „געשיכטע פון דער „חברה מפיצי-השכּלה" און די קולטור-געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען אינעם רוסישן יידנטום", ב. I, פּעטערבורג 1913, ז. 15 (רוסיש).

2) Ю. Г е с с е н, Забытый общественный деятель; „Евр. Старина", 1911, III.

3) אינעם זשורנאַל (פּראָטאָקאָלן) פונעם „יידישן קאָמיטעט" פון

„אייער קייסערלעכע מאַיעסטעט, מלך של חסד!

לויט דער רעקרוטן-פאַראָרדנונג (אַרט. 681) זענען יידן בנוגע דער רעקרוטן-פליכט אָנערקענט אַלס גלייכע מיט די אַנדערע אונטערטאַנער. אין די יאָרן 1846 און 1851, ביים אויפפאָדערן די יידן צו פּראָדוקטיווע באַשעפטיקונגען, האָט די רעגירונג פייערלעך דערקלערט, אַז ביים צעטיילן זיי אויף ראַזריאַדן וועלן נאָר די נישט-פּראָדוקטיווע עלעמענטן און די עלעמענטן אָן אַ פעסטן מעמד, וואָס פאַלן צו לאַסט דער געזעלשאַפט [געמיינדע], גענומען ווערן פאַר רעקרוטן אין אַ פאַרגרעסערטער צאָל. וואָס איז נוגע אָבער די פּראָדוקטיווע עלעמענטן וועלן זיי בלייבן ביים אַלטן שטאַנד (סענאַט-באַפעל פונעם 23טן נאָוועמבער 1851, פּאַראַגר. 2 און 3). דעם 15טן יולי 1852 איז אָבער אַרויס אַ באַפעל וועגן דעם, אַז מען זאָל נעמען פ ו ן אַ ל ע י י ד ן אָ ן א ו י ס נ אַ ם צו 10 רעקרוטן פון יעדע 1000 [יידן-איינוואוינער]; אין סעפּטעמבער דעמזעלביקן יאָר האָט אייער קייסערלעכע מאַיעסטעט אין זיין גרויס חסד דערקלערט די פאָרשטייער פון די יידישע קהילות פון מאָהילעווער, מינסקער און וויטעבסקער גובערניעס, אַז דער באַפעל „איז געגעבן געוואָרן מיטן צוועק צו פאַרקלענערן די צאָל יידן, וואָס גייען אַרום ליידיק און וואָס לעבן אויפן פרעמדן חשבון".

שטיצנדיק זיך אויף אָט די גנאַדיקע צוזאָגן און די גוטע כוונות, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן פאַר און נאָכדעם, ווי דער באַפעל פון 15טן יולי 1852 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן, — פאַלן מיר צו די הייליקע פיס פון אייער קייסערלעכער מאַיעסטעט און בעטן רחמים וועגן דעם, אַז פאַר די פּראָדוקטיווע יידן זאָל בלייבן די פריערדיקע נאָרמע ביים אָננעמען רעקרוטן און אַז די פ אַ ר ג ר ע ס ע ר ט ע צ אָ ל ר ע ק ר ו ט ן ז אָ ל אַ ר ו י ס ג ע ל י י ג ט ווערן נ אָ ר א ו י ף ד י ג ר ו פּ ע ס א ו מ פּ ר אָ ד ו ק ט י וו ע, נישט איינגעפונדעוועטע יידן 4), די צאָל פון וועלכע מען קאָן שוין איצט פעסטשטעלן, נאָכדעם ווי די צעטיילונג פון יידן אויף ראַזריאַדן איז דורכגעפירט געוואָרן.

באַהויכט פון טריי-אונטערטעניקסטע געפילן און פון אַ אויפריכטיקער שטרעבונג אויסצופירן דעם פאָטערלעכן גוטן רצון

19טן דעצעמבער 1854 און 9טן אַפּריל 1855 ווערט אגב אורחא דערמאָנט וועגן אָט דער ווענדונג פון אַ גרופּע יידן אַריבערצולייגן די לאַסט פון רעקרוטשינע אויף די „אומפּראָדוקטיווע". דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן, אַז פון די „אומפּראָדוקטיווע" זאָל גענומען ווערן צוויי מאָל מער ווי פון די אַנדערע. דאָס האָט נישט באַפרידיקט די גרופּע, וועלכע האָט זיך געווענדט, ווי מיר ווייסן אויך, אַ צווייטן מאָל וועגן דעם ענין. זע: י. געסען, געשיכטע, ז. 118—119. געסען ציטירט גאָר בקיצור דעם פּראָטאָקאָל פון „יידישן קאָמיטעט" און דערמאָנט נישט די נעמען פון די שתּדלנים, מחמת ער האָט נישט געהאַט פאַר זיך זייער ווענדונג, וועלכע ווערט דאָ געבראַכט צום ערשטן מאָל.

4) אין אָריגינאַל:

...И об обращении усиленных наборов собственно на разрядах [разряды?] евреев не производительных и не оседлых...

פון אייער קייסערלעכער מאַיעסטעט, געפינען מיר, לויט אונזער קנאַפּן שכל און אונזער געוויסן, אַז נאָר בײַ אַזאַ באַגרעניצונג קאָן דער מיטל גיך און זיכער ברענגען צום ריכטיקן ציל. די טויגעניכצן [1], בכדי אַרויסצודרייען זיך פון אַ פאַרגרעסערטער רעקרוטן-פליכט, וועלן זיך אַדאַנק דעם אַ וואָרף טאָן מיט אַלע כּחות צו פּראָדוקטיווע באַשעפטיקונגען, און די פּראָדוקטיווע ייִדן וועלן אין דער גלייכער מיליטער-פליכט מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג געפינען אַ באַלוינונג און ערמוטיקונג פאַר זייער אַרבעטזאַמקייט. פאַרקערט אָבער, אויב די פאַראָרדענונג וועט חל זיין גלייך אויף די טויגעניכצן ווי אויף די אַרבעטזאַמע, וועט זי נישט נאָר אָפּנעמען בײַ די ערשטע יעטווידער סטימול און בײַ די צווייטע יעטווידע ערמוטיקונג צו אַרבעטזאַמקייט, נאָר זי וועט מיט איר גאַנצער משא — מיט די געלט-הוצאות און מיטן דוחק אין אַרבעטס-הענט — פאַלן דער עיקר אויף די נוצלעכע און איינגעפונדעוועטע עלעמענטן, מחמת די ליידיקגייער וועלן שטענדיק האָבן אַ מעגלעכקייט אויסצובאַהאַלטן זיך; וואָס איז נוגע די הוצאות, מיט וועלכע די רעקרוטשינע איז פאַרבונדן (הוצאות גאַנץ גרויסע), נעמען זיי (די ליידיקגייער) אין דעם קיינמאָל קיין אָנטייל נישט צוליב זייער אָרעמקייט. דערבײַ דאַרף מען דערוואַרטן, אַז די משפּחות פון די פּראָדוקטיווע ייִדן, וואָס וועלן גענומען ווערן פאַר רעקרוטן, וועלן בלייבן אָן די בעלי-פּרנסה און שיצער, און די צאָל אָרעמע-לײַט און אומנוצלעכע מיטגלידער וועט זיך פאַרגרעסערן און וועט פאַלן אַלס נייע לאַסט אויף זייערע געמיינדעס.

.... מיר דערלויבן זיך נאָך אָנצווייזן דערויף, אַז בײַ דער מרייער אונטערטעניקייט און איבערגעגעבנקייט צום מאָנאַרך, וואָס אונזער פאָלק האָט אַרויסגעוויזן אין דער צייט פון פּוילישן אויפשטאַנד, קאָן די נייע פאַראָרדענונג נאָר דערפרייען אונזערע שונאים. אויסער דעם דערנידעריקט זי אונז אין די אויגן פון אונזערע קריסטלעכע מיטבירגער, און אַדאַנק דעם וועט זי ווערן אַ שטער פאַר די באַמיאונגען פון דער רעגירונג וועגן אונזער צונויפמישן זיך מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג אין דער מדינה און וועט מוזן האָבן אַ שעדלעכע השפּעה אפילו אויף די קעגנזייטיקע באַציאונגען אינעם טאָג-טעגלעכן לעבן.

אין נסתר לנגד עיניך. מיר זאָגן אָפן אייער קייסערלעכער מאַיעסטעט, אַז מיר, וואָס געהערן צום אָנגעזעענסטן ייִדישן סוחרים-קלאַס אין רוסלאַנד, גרעניצן זיך אָפּ פון די פאָראורטיילן פונעם המון[2]. מיר וואָלטן געהאַלטן אַ השתדלות פאַר די טויגעניכצן פון אונזער נאַציע פאַר אַ פאַרראַט קעגן אייך און קעגן די אינטערעסן פון אונזער פאָלק גופא, ווען מיר וואָלטן באמת נישט געווען איבערצייגט, אַז די פאַרגרעסערטע צאָל רעקרוטן פון אַלע ייִדן אָן אונטערשייד וועט אָנשטאָט צו באַפרייען אונזערע געמיינדעס פון איבעריקע און שעדלעכע מיטגלידער נאָר פאַרגרעסערן די צאָל פּראָלעטאַריער אין אַ מוראַדיקער מאָס. און פאַרקערט, אויב אַ גרעסערע צאָל רעקרוטן וועט גענומען ווערן נאָר פון די ליידיקגייערס, וועלן אַלע לאָיאַלע און פאַרמעגלעכע ייִדן, וועלכע שרעקן זיך אַליין פאַרן וואוקס פון אַזאַ קלאַס מענטשן, מיט אַ האַרציקן דאַנק באַגעגענען נישט נאָר דעם שריט, נאָר אויך — נישט געקוקט אויף די רעליגיעזע פאָראורטיילן — יעדער אַנדערן פּאַסיקן שריט פון דער רעגירונג אַרויפצולייגן אויף די דאָזיקע מענטשן אַ צוים.

גנעדיקער מאָנאַרך! מיר גופא אָנערקענען שמערצלעך דעם גאַנצן תהום פון בירגערלעכער און מאָראַלישער דערנידערונג, אין וועלכער עס האָבן אַרײַנגעוואָרפן אונזער פאָלק די מערדערישע רדיפות פון די מערב-מלוכות אין מיטלעלטער און שפּעטער דער אומסדר פון דער פּוילישער רעגירונג, וועלכע האָט אונז נישט צוגעלאָזט צום בירגערלעכן לעבן און פּראָדוקטיווער אַרבעט. אונז באַשולדיקט מען לויט אונזער קעגנוואַרט, אָבער אונזער עבר איז אונז מכפּר. אָבער אינעם תהום פון אונזער דערנידערונג איז געווען גענוג איין שטראַל פון אייער פאָטערלעכן חסד, אַז מיר זאָלן אויפשטיין צו אַ נײַ לעבן.

עס איז נאָך נישטאָ קיין צען יאָר זינט עס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן די גנעדיקע באַפעלן וועגן בילדונג פאַר אונזער יוגנט און וועגן צוציען ייִדן צו ערדאַרבעט און פּראָדוקטיווע באַשעפטיקונגען -- און שוין באַקומען איבער דריי טויזנט אונזערע קינדער אַ גרינדלעכע און נוצלעכע ערציאונג אין 66 ספּעציעלע ייִדישע קרוין-שולעס; ביז 40 בחורים אונזערע לערנען זיך אין דער קייסערלעכער מעדיקאָ-כירורגישער אַקאַדעמיע און אַן ענלעכע צאָל אויך אין די איבעריקע אַקאַדעמיעס, אוניווערסיטעטן און גימנאַזיעס; אָט האָבן זיך שוין 25 טויזנט ייִדן גענומען פאַרן אַקער-אײַזן און פאַרדינען זייער ברויט בזעת אפּם. און אין דערוועלביקער וואַקסנדיקער פּראָפּאָרציע, ווי עס באַווײַזן די רעזולטאַטן פונעם ראַזבאָר[3], וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אָן דעם אָנטייל פון ייִדן, האָט זיך צום יאָר 1846 פאַרגרעסערט די צאָל ייִדן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט ערלעכע באַשעפטיקונגען אין מסחר, מלאכה און אינדוסטריע, וועלכע האָבן פרייוויליק אומגעביטן זייערע אַלטע פּרנסות, וואָס האָבן זיך פריער געשטיצט אויף פרעמדער פּראַצע. דער לעצטער פאָרוואורף האָט זיך באַצויגן דער עיקר צו די ייִדישע שענקערס און קאָנטראַבאַנדיסטן. אָבער אָט איז שוין צען יאָר, ווי ייִדן זענען אינגאַנצן באַזייטיקט פונעם פאַרקויף פון בראָנפן אין אַלע דערפער, און זינט עס איז אין יאָר 1850 איינגעפירט געוואָרן די אַקציז-סיסטעם איז דער פאַרקויף פון בראָנפן שטרענג באַגרענעצט אויך אין די שטעט און שטעטלעך.

... וואָס איז נוגע אונזער אויפריכטיקער צוגעבונדנקייט צום מאָנאַרך, קאָנען מיר מיט אָפענעם שטאָלץ זאָגן, אַז אין דעם פּרט זענען מיר קיינמאָל נישט אָפּגעשטאַנען פון די אײַנגעבוירענע [קריסטלעכע] אײַנוואוינער אינעם הייליקן רוסלאַנד. אונזערע קהילות דערמאָנען מיט יראת-הכבוד וועגן דעם חסד פונעם

1) אין אָריגינאַל: тунеядцы

2) אין אָריגינאַל:
...принадлежа к значительнейшему еврейскому купечеству в России и чуждаясь сами предрассудков толпы...

3) „ראַזבאָר" — די צעטיילונג אויף „ראַזריאַדן".

מאָנאַרך, װאָס איז זײ אַלעמען דערקלערט געװאָרן אינעם נאָמען פונעם געבענטשטן מלך אַלעקסנדער [ אַלעקסנדער I ] און אינעם נאָמען פון אײער מאַיעסטעט װעגן דעם, אַז „בעת דער מלחמה פאַרן פאָטערלאַנד [1812] און אין יאָר 1831 האָבן זײ (די ייִדן) אַרויסגעװיזן צוגעבונדנקײט, טרײהײט, איבערגעגעבנקײט צום מאָנאַרך, האָבן נישט פאַרראַטן די געזעצלעכע רעגירונג און האָבן הײליק אָפּגעהיט די שבועה און פאַרדינט דעם נאָמען פון „טרײ־אונטערטעניקע". די באַדײטונגספולע רעסקריפּטן װעגן דעם באַשײנען נאָך איצטער אונזערע תּפילה־פּלעצער, װי אַ נײער געבאָט פון צאַר, װי הײליקע לוחות פאַר די דורות הבאים..."

בתשובה אויף דעם האָט דער צאַר באַפוילן איבערצוגעבן די בקשה אינעם „ייִדישן קאָמיטעט", דאָס מײנט אינעם העכסטן רעגירונגס־קאָמיטעט, װאָס האָט באַהאַנדלט אַלע פראַגן פון ייִדן־רעפאָרמעס. שטײענדיק אויף דער װאַך פון זײן השתדלות, האָט זיך יוזל גינצבורג אין יאַנואַר 1855 געװענדט צו אַ רײ מיניסטאָרן, װעמעס מײנונגען זענען װיכטיק געװען בײם באַשטימען די פראַגע אין קאָמיטעט, — צום מיניסטער פון מלוכה־פאַרמעגן, צום אינערן־מיניסטער, קריגס־מיניסטער און פינאַנץ־מיניסטער. מיר ברענגען דאָ אין אויסצוגן די דאָזיקע צװײטע װענדונג פון יוזל גינצבורגן:

„אײער עקסעלענץ, הער גראַף! [אָדער: הער פירסט].

קומענדיק קײן פּעטערבורג צוליב אונזערע קאָמערציעלע ענינים, האָבן מיר געפונען פאַר אונזער הײליקסטן חוב הן לגבי דעם טראָן, הן לגבי דעם דערנידעריקטן פאָלק אונזערן צו װענדן זיך מיט אַ אונטערטעניקסטער בקשה צום מלך של חסד, צו זײן קײסערלעכער מאַיעסטעט, װעגן דעם, אַז די פּראָדוקטיװע ייִדן, װאָס האָבן אַ פעסטן מעמד, זאָלן דאַרפן געבן רעקרוטן אין דערזעלביקער נאָרמע, װי די אַנדערע אונטערטאַנער, און אַז די גרעסערע צאָל רעקרוטן, װאָס איז אײנגעפירט פאַר ייִדן דעם 15 יולי 1852, זאָל אײגנטלעך אַריבערגעלײגט װערן אויף דער קאַטעגאָריע פון אומפּראָדוקטיװע ייִדן, װאָס האָבן נישט קײן באַשטימטן װאוינאָרט און װעמעס צאָל עס איז פעסטגעשטעלט געװאָרן נאָכדעם װי דער ראַזבאָר איז פאַרענדיקט געװאָרן.

אײער עקסעלענץ, הער גראַף! אין איצטיקן מאָמענט, װען יעדער זון פון פאָטערלאַנד איז גרײט צו ברענגען אויפן מזבח פון לאַנד זײנע קינדער און זײן אײגנטום[1], װאָלטן מיר נישט געהאַט די העזה מטריח צו זײן זײן קײסערלעכע מאַיעסטעט מיט אַזאַ בקשה, װאָס שײנט צו זײן נישט פּאַסיק פאַר דער צײט, — אויב מיר װאָלטן זיך נישט איבערצײגט פון דער ביטערער ערפאַרונג, אַז דאָס פאָדערן הן די אינטערעסן פון דער רעגירונג, אַזױ אויך די טובה פון אונזער דערשלאָגענעם פאָלק. אין קעגנפאַל שטײט פאַר אונזער פאָלק אַ פולקאָמע פיזישע און מאָראַלישע אָפּשװאַכונג. מיר האָפן, אַז אײער עקסעלענץ װעט זיך אַלײן אין דעם איבערצײגן, שענקענדיק אויפמערקזאַמקײט די מאָטיװן, װאָס מיר האָבן מיט פולער אויפריכטיקײט דערקלערט

[1]) דער מעמאָראַנדום איז געשריבן געװאָרן בעת דער קרימער מלחמה.

אין אונזער בקשה צו זײן קײסערלעכער מאַיעסטעט, אַ קאָפּיע פון װעלכער מיר לײגן דערבײ צו.

... מיר בעטן רחמים אײער עקסעלענץ, אַז איר זאָלט זײן, װי איר זענט תּמיד געװען, אונזער מלאך־המושיע פאַר זײן קײסערלעכער מאַיעסטעט, דעם מלך של חסד, און אַז די אָנגענומענע מאָסמיטלען צו ערמוטיקן אונז זאָלן זיך געפינען אין הסכם מיט די אָנגענומענע צװים־מיטלען, בכדי די פאַרדינסטפולע ייִדן זאָלן װיסן, אַז די רעגירונג טײלט זײ אויס פון די שולדיקע, און זײ זאָלן באַקומען מער מוט אין זײער קאַמף, און אויך בכדי די שולדיקע, זעענדיק דאָס, זאָלן באַקומען נאָך אַ שטאַרקערן סטימול צו װערן בעסער".

אין דער װענדונג װערט װײטער אָנגעװיזן, אַז „פאָריקן סעפּטעמבער האָט דער קאַמענעצער[2] סוחר פון ערשטער גילדיע, דער ערנבירגער גינצבורג, צוזאַמען מיט צען אַנדערע ייִדישע ערנבירגער און סוחרים פון ערשטער גילדיע פון פאַרשײדענע גובערניעס", דערלאַנגט דעם צאַר די אויבנגעבראַכטע בקשה און „איצט האָט מען מודיע געװען גינצבורגן, אַז די דאָזיקע בקשה האָט דער צאַר געהײסן באַהאַנדלען אינעם „ייִדישן קאָמיטעט". די װענדונג אַנטהאַלט אויך פאָלגנדיקע שטעלע, װעלכע גיט אינטערעסאַנטע אָנװײזונגען װעגן דער לאַסט פון דער רעקרוטשינע פאַר ייִדן:

„פון דער צײט אָן, װען עס זענען צוגעקומען צו רוסלאַנד די מערב־גובערניעס, ביזן יאָר 1827 האָבן די שטײער־חובות פון ייִדן דערגרײכט נישט מער װי 300.000 רובל, נישט געקוקט דערויף, װאָס ביז דעמאָלט זענען ייִדן געװען מחויב צו צאָלן אַ טאָפּלטן שטײער און אַ ספּעציעלן רעקרוטן־שטײער (צו 500 רובל פאַר אַ רעקרוט). פון יאָר 1827 אָן, זינט עס איז אײנגעפירט געװאָרן אָנשטאָט דעם כופר־געלט די רעקרוטן־פליכט אין נאַטור — זענען די שטײער־חובות פון די ייִדן אויסגעװאַקסן ביז 8 מיליאָן רובל, ד. ה. כמעט הונדערט מאָל מער װי פריער. אַז די סיבה פון אַזאַ שנעלן װאוקס פון די חובות שטאַמט דער עיקר פון דער רעקרוטן־לאַסט — דאָס קאָן באַװײזן די לאַגע פון די ייִדן אין בעסאַראַבער גובערניע, װאו עס עקזיסטירט נאָך ביז איצט די אָרדענונג פון צאָלן רעקרוטן־שטײער אָנשטאָט רעקרוטן אין נאַטור און װאו ייִדן האָבן כמעט נישט קײן שום שטײער־חובות (נישט מער װי 7 טויזנט רובל)".

װאָס האָט אײגנטלעך גינצבורג באַצװעקט מיט זײן װענדונג איז נישט אינגאַנצן קלאָר, מחמת פאַקטיש האָבן פון דער רעקרוטשינע די רײכע ייִדן נישט געליטן; סײ דער געזעץ, סײ באַזונדערס די פּראַקטיק האָט זײ געגעבן די פולע מעגלעכקײט צו באַפרײען זיך; דער קהל־אַפּאַראַט איז געװען אינגאַנצן אין זײערע הענט און אויסער דעם האָבן זײ זיך שטענדיק געקענט אויסקויפן פאַר געלט.

קײן פּראַקטישן נוצן האָט די װענדונג בכלל נישט געהאַט, מחמת אין פעברואַר 1855 האָט זיך דער רעזשים אין רוסלאַנד געביטן, און אַלעקסאַנדער II האָט אָפּגעשאַפט הן דעם געזעץ װעגן דער רעקרוטן־לאַסט פאַר ייִדן, הן דעם באַפעל װעגן „ראַזריאַדן".

[2]) קאַמענעץ־פּאָדאָלסק.

## II. ווי קאַנטאָניסטן האָבן זיך געראַנגלט מיט צוואַנג-שמד

דאָס טראַגישסטע אין דער גאַנצער עפּאָפּעיע פון קאַנטאָניסטן אין די צייטן פון ניקאָלאַי דעם ערשטן איז די גרויסע צאָל נאָמענלאָזע קינדער-מאַרטירער, וואָס זענען געגאַנגען אויף קידוש-השם און באַין אופן נישט געוואָלט לאָזן זיך אָפּשמדן. אַ גרויסער טייל קינדער — אפשר דער גרעסטער — איז אויסגעשטאָרבן אויף די ווייטע וועגן, אין די קאַזאַרמעס און שטראָף-באַטאַליאָנען; אַ גרויסן טייל—אפשר אַ העלפט—האָט מען אָפּגעשמדט מיט געוואַלט, אָבער אַ סך פון די אָפּגעשמדטע האָבן זיך געהיים געהאַלטן פאַר יידן און אַ טייל פון די אנוסים האָבן אָפן דערקלערט, אַז זיי זענען געבליבן יידן און ווילן נישט ווערן קיין „פּראַוואָסלאַוונע" (גריכיש-אָרטאָדאָקסיש). דיזאָזיקע פּראָטעסטאַנטן פלעגן זייער האַרב באַשטראָפט ווערן: לויט ניקאָלאַי I פערזענלעכן באַפעל (אין 1849) פלעגט מען זיי אָפּשיקן אין די תפיסות (אַרעסטאַנטן-ראָטעס), וואו זיי פלעגן אויסשטיין כל ענויים-קשים.

בעת אַלעקסאַנדער II האָט אָפּגעשאַפט דעם אינסטיטוט פון קאַנטאָניסטן (1856), האָט ער אָבער איבערגעלאָזט דעם געזעץ, אַז די קאַנטאָניסטן, וואָס מ'האָט שוין אָפּגעשמדט, מוזן בלייבן ביי דעם קריסטלעכן גלויבן און טאָרן זיך נישט דערוועגן אומקערן צוריק; די שטראָף פאַר דערקלערן זיך אַלס יידן איז געבליבן אַזאַ האַרבע ווי פריער. פון די אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלן וועגן די קאַנטאָניסטן, וואָס זענען לעצטנס פאַרעפנטלעכט געוואָרן פון ש. גינזבורג 1), קען מען זען, אַז די צאָל קאַנטאָניסטן, וואָס האָבן אָפיציעל געמעלדעט, אַז מ'האָט זיי געשמדט מיט געוואַלט, האָט זיך באַזונדערס פאַרגרעסערט אין אָנהויב פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס רעגירונג. אַזוי צ"ב ברענגט דער מחבר, אַז אין יאָר 1857 האָבן אין אָדעס 44 אָפּגעשמדטע קאַנטאָניסטן פון קיעווער באַטאַליאָן דערקלערט, אַז זיי אָנערקענען זיך נישט פאַר קריסטן און זענען געבליבן יידן. אין יאָר 1859 האָבן 32 קאַנטאָניסטן אין פּלאָצק, אויך פונעם קיעווער באַטאַליאָן, געמאַכט דיזעלביקע דערקלערונג. נאָך פריער, אין יאָר 1855, האָבן דאָס אייגענע געמעלדעט 92 מאַטראָסן-קאַנטאָניסטן, וואָס זענען אָנגעקומען פון דעם אַרכאַנגעלסקער קאַנטאָניסטן-באַטאַליאָן; אין יאָר 1857—38 קאַנטאָניסטן, ווידער פון דעם אַרכאַנגעלסקער באַטאַליאָן. די אַלע יונגע פּראָטעסטאַנטן האָבן דערפאַר באַקומען אַ האַרבע שטראָף. שפּעטער זענען באַקאַנט אייניקע פאַלן, ווען געוועזענע קאַנטאָניסטן זענען אַריבער צוריק צום יידנטום און דערפאַר שטרענג געמשפּט געוואָרן (דער פּראָצעס פון קאַצמאַנען אין יאָר 1871, פון אייזנבערגן אין יאָר 1880, פון טערענטיעוון אין יאָר 1881 א. אנד.) 2).

1) ש. גינזבורגס אַרטיקלען וועגן קאַנטאָניסטן זיינען געדרוקט אין „צוקונפט" 1924, אַפּריל און מאַי. פגי"ל אויך זיין אַרטיקל אין „צייטשריפט" (מינסק), ב. 2, ז. 89.

2) זע אונזער אַרטיקל וועגן קאַנטאָניסטן אין דער „יידישער ענציקלאָפּעדיע" (רוסיש), ב. 9, ז. 241.

מיר ברענגען דאָ צוויי ווענדונגען צו דער מאַכט, וואו עס ווערט דערציילט די געשיכטע פון 4 אַזעלכע יונגע מאַרטירער, וואָס האָבן מיט עקשנות געקעמפט פאַר זייער יידנטום און עטלעכע מאָל דערלאַנגט אָנקלאַגעס ביז צו דער העכערער מאַכט און זענען דערפאַר אויסגעשטאַנען שרעקלעכע ענויים. דער ערשטער דאָקומענט, וואָס מיר דרוקן, איז אַ ביאָגראַפישע הוספה צו אַ השתדלות פון די פיר קאַנטאָניסטן, וואָס שטאַמט נאָך פון די לעצטע יאָרן פון ניקאָלאַי דעם ערשטנס רעזשים. דער צווייטער דאָקומענט באַציט זיך שוין צום יאָר 1860 און איז אַ המשך פונעם ערשטן: דאָס איז אַ בקשה צו אַלעקסאַנדער II וועגן צוויי פון די פיר דערמאָנטע קאַנטאָניסטן, וואָס האָבן זיך יאָרנלאַנג געפונען אין די תפיסות פאַר זייער יידישער עקשנות. די אַנדערע צוויי נעמען ווערן שוין אין דער בקשה ניט דערמאָנט; משמעות, אַז זיי האָבן נישט דערלעבט ביז יענער צייט. ביידע דאָקומענטן זענען געשריבן אין אַ נאַאיווער און שטאַרק פאַרגרייזטער רוסישער שפּראַך, אינעם סטיל פון יענער צייט.

### I

„ש ל מ ה ט ק אַ ט ש אָ ו, געבוירן אין שטעטל נאָסאָוויטש, בעליצקער אויעזד, מאָהילעווער גובערניע. תחילת איז ער אינעם יאָר 1845 אָנגעקומען אַלס קאַנטאָניסט אין די פערמער באַטאַליאָנען פון די מיליטערישע קאַנטאָניסטן און זיך געפונען אונטער דער אָנפירונג פון באַטאַליאָנען-קאָמאַנדיר פּאָדפּאָלקאָווניק דראָנטשעווסקי. דאָרט האָט מען אים תיכף נאָך זיין אָנקומען אין חודש יולי אינאיינעם מיט אַנדערע קאַנטאָניסטן, וואָס זענען צוגעקומען דעמזעלביקן יאָר, מיט געוואַלט געצוואונגען צום שמד, מ'האָט זיי געדראָט, אכזריותדיק געשלאָגן און אָפּגעשמדט לחלוטין קעגן זייער ווילן. אינעם יאָר 1848 זענען זיי אויסגעטיילט געוואָרן אויףווירקלעכן מיליטער-דינסט אינעם בעלעווסקי יעגער-פּאָלק 3). אויך דאָרט זענען זיי אויסגעשטאַנען כל ענויים קשים דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך פאַרן אויבער-קאָמאַנדיר געקלאָגט, אַז מ'האָט זיי מיט געוואַלט געשמדט. זייער פּרעטענזיע, אַז מ'פּייניקט זיי, איז דערגאַנגען ביז צו דער העכערער מאַכט, אָבער מ'האָט זיך אויף דעם אפילו ניט אַרומגעקוקט. די לעצטע צייט אָבער איז זייער אָנקלאַגע דערגאַנגען ביז צום קיסר ניקאָלאַי פּאַוולאָוויטש [ניקאָלאַי I], וועלכער האָט באַפוילן צו פאַרשיקן זיי כלומרשט פאַר אָפּזאָגן זיך פונעם פּראַוואָסלאַווענעם גלויבן אין אַלאַנדער 4) אַרעסטאַנטן-ראָטעס, וואו זיי געפינען זיך אין דעם מצב שוין פונעם יאָר 1849 אָן און וואו זיי זענען געבליבן, נישט געקוקט אויף די שרעקלעכע יסורים, ביי זייער אמונה.

3) דאָס דאַרף אפשר מיינען, אַז אין יאָר 1843 איז טקאַטשאָוו אַלט געוואָרן 18 יאָר, מחמת דער ווירקלעכער מיליטער-דינסט פאַר קאַנטאָניסטן פלעגט זיך אָנהויבן רעכענען ערשט פון 18 יאָר אָן. דאָס הייסט, אַז בעת מ'האָט טקאַטשאָוון אָפּגעשמדט איז ער אַלט געווען 15 יאָר.

4) ווערט געמיינט די אַלאַנדער אינזלען, וואָס האָבן דעמאָלט געהערט צו רוסלאַנד.

2) בן-ציון נעספעראָוו, געבוירן אינעם שטעטל זשלאָבין, ראָגאַטשאָווער אויעזד, מאָהילעווער גובערניע, דורכגעמאַכט דאָס אייגענע. שלמה טקאַטשאָוו, אַזוי אויך נעספעראָוו זענען בשעת זייער דינסט אַלס קאַנטאָניסטן באַשטראָפט געוואָרן פאַר אָפּזאָגן זיך פון דער [קריסטלעכער] אמונה פינף מאָל צו 100 שמיץ און דעם זעקסטן מאָל צו 150 שמיץ מיט אייזערנע ריטער; בשעת זיין מאַיעסטעט פרינץ ווירטענבערגסקי איז דורכגעפאָרן [און באַזוכט די פערמער קאַנטאָניסטן-באַטאַליאָנען] האָבן זיי אים געוואָלט דערלאַנגען וועגן דעם אַ פּרעטענזיע; דערפאַר האָט מען זיי פאַרשלאָסן אונטער וואַך אין קײלעכדיקן פעלד [?] און זיי דאָרט אָפּגעהאַלטן איבער דריי מעת-לעת אָן עסן.

פון די אַלאַנדער ראָטעס האָט מען זיי איבערגעשיקט קיין ווילמאַנסטראַנד, פון אָט דער שטאָט קיין קאָפּעהאָלם און פון דאָרטן קיין וויבאָרג, און פונם יאָר 1849 אָן ביז היינטיקן טאָג ליידן זיי רדיפות און עינויים-קשים. אָבער הן בשעת זיי זענען געוועזן קאַנטאָניסטן, הן שפּעטער, ביז היינטיקן טאָג, זענען זיי קיין איינמאָל נישט געווען ביים ווידוי און היילקן אַבענדמאָל לויטן פראַוואָסלאַוונעם גלויבן.

3) יודל כאָליאַווסקי, פון סמערזניע, מינסקער גובערניע, איז תחילת אויך אָנגעקומען אַלס קאַנטאָניסט אין די אויבנדערמאָנטע באַטאַליאָנען אינעם יאָר 1846, וואו ער האָט אויך שרעקלעך געליטן אַכזריותדיקע שטראָפן פון די קאָמאַנדירן; ווען ער איז איבערגעפירט געוואָרן צוםווירקלעכן דינסט, איז ער אינאיינעם מיט אונז געשיקט געוואָרן אין דעם זעליבין בעלעווסקי יעגער-פאָלק. פון דאָרטן איז ער, לויטן באַשלוס פון קיסר, פאַרשיקט געוואָרן גלייך אין דער פעסטונג סוועאַבאָרג[1], וואו ער געפינט זיך עד היום און טראָגט יעדן חודש איבער קערפּערלעכע שטראָף פאַר זיין אמונה.

4) אברהם פייפערט איז תחילת אַריין אינעם אַרכאַנגעלסקער האַלב-באַטאַליאָן פון די מיליטערישע קאַנטאָניסטן אין יאָר 1851, וואו ער איז אויך געפּייניקט געוואָרן. מ'האָט אים אַזוי שטאַרק געצוואונגען צו שמדן זיך, אַז ער האָט אפילו געוואָלט נעמען זיך דאָס לעבן און האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ ברונעם; צום גליק אָבער איז ער באַלד ניצול געוואָרן, און נישט געקוקט דערויף האָט מען אים מיט געוואַלט אָפּגעשמדט און אין יאָר 1855 באַשטימט צום דינסט אינעם 4טן פלאָטעקיפּאַזש. פאַר אָפּזאָגן זיך פונעם גלויבן אויפן סמך, וואָס מ'האָט אים געשמדט מיט געוואַלט, איז ער אויך פון דאַנען פאַרשיקט געוואָרן אויף אַרעסטאַנטן-ראָטעס אין דער שטאָט קראָנשטאַדט און פון דאָרטן קיין וויבאָרג".

II

„אייער קייסערלעכע מאַיעסטעט,

פון דעם יאָר 1849 אָן זיצן לויטן באַפעל פונעם קיסר ניקאָלאַי I ע"ה די יידן שלמה טקאַטשאָוו און בן-ציון נעספעראָוו

1) סוועאַבאָרג און אויך וויבאָרג געפינען זיך אין פינלאַנד.

אין תפיסה פאַר זייער אָפּזאָגן זיך פונעם פראַוואָסלאַוונעם גלויבן, צו וועלכן זיי זענען קעגן זייער רצון געווען געצוואונגען אין די יונגע יאָרן, ווען זיי זענען געווען קאַנטאָניסטן. עד היום געפינען זיי זיך אַלס אַרעסטאַנטן אויף פעסטונגס-אַרבעט אין דער פעסטונג וויבאָרג. אָבער לויטן גנעדיקסטן מאַניפעסט פון די הערשער אויף דער ערד האָבן פון יענער צייט אָן זייער פיל [שולדיקע] באַקומען סליחה, אפילו די [סעקטאַנטן], וואָס מאַכן זיך אַליין פאַר סריסים און דורך דעם זענען זיי מקצר דעם מענטשלעכן מין[2]. נאָר אויף זיי, די אומגליקלעכע [די געוועזענע קאַנטאָניסטן], איז נישט חל געווען דער גורל פון גנאָד מצד די מלכי-חסד.

אייער קייסערלעכע מאַיעסטעט, באַפעלט און ווייזט אָן, וואו זאָלן זיי זוכן גנאָד: ביי דיין כסא-הכבוד, אָדער דעמאָלט, ווען זיי וועלן קומען פאַרן שרעקלעכן בית-דין [אויף יענער וועלט]! אָ ניין, קיסר, דו ביסט פול מיט חסד און רחמים צו דיינע טרייע אונטערטעניקע און וועסט נישט פאַרלאָזן די, וואָס גלויבן אין גאָט".

(פעברואַר 1860)

(אַרכיוו פון באַראָן גינצבורג, פעטערבורג).

קיין חתימה אונטער דער בקשה שטייט נישט — מסתמא האָבן זי דערלאַנגט יידישע שתדלנים, וואָס האָבן זיך מתעסק געווען מיטן ענין פון אָט די אַרעסטירטע. אַז דיזאָזיקע ווענדונג האָט נישט געהאַט קיין פעולה איז קלאָר, מחמת, ווי געזאָגט, האָט אפילו די רעגירונג פון אַלעקסאַנדער II שטרענג אויפגעפּאַסט, אַז די אַמאָל אָפּגעשמדטע קאַנטאָניסטן זאָלן בלייבן ביי זייער נייער אמונה.

---

## III. יידן אַלס ווערקצייג קעגן די פּאָלאַקן אין דרום-מערב קאַנט פון רוסלאַנד ערב דעם פוילישן אויפשטאַנד

(1861)

דער דאָקומענט, וואָס מיר ברענגען דאָ (מיט געוויסע קיצורים), איז אַ קאָנפידענציעלער ראַפּאָרט פונעם קיעווער, פּאָדאָליער און וואָלינער גענ.-גובערנאַטאָר פירשט וואַסילטשיקאָוו צום מיניסטער פאַר אינעווייניקסטע ענינים פון נאָוועמבער 1861, ערב דעם פוילישן אויפשטאַנד, וועגן דעם ווי אַזוי די יידישע באַפעלקערונג פון דעם קאַנט דאַרף און קאָן אויסגענוצט ווערן אַלס ווערקצייג קעגן דעם פוילישן עלעמענט. די פּאָלאַקן — ריכטיקער די פוילישע גוטבאַזיצער, — וואָס זענען עקאָ-

2) געמיינט די רוסישע סריסים-סעקטע скопцы.

נאָמיש און קולטורעל געווען א וויכטיקער פאַקטאָר אינעם לעבן פון דרום-מערבדיקן רוסלאַנד, ספּעציעל אין קיעוו, האָבן דעמאָלט געשטרעבט צוציען די יידן אויף זייער צד 1). מען דאַרף געדענקען, אַז אין דעם קאַנט האָבן געוואוינט ביז 600 טויזנט יידן, וועלכע האָבן געשפּילט א גרויסע ראָלע אינעם עקאָנאָמישן לעבן. „מ'דאַרף אויסנוצן אַן אַנדער פאָלק, — גיט פירשט וואַסילטשיקאָוו אַן עצה, — א פאָלק, וואָס איז טריי דער רעגירונג און וואָס וואָלט געקאָנט מיט דער צייט בהדרגה פּאַראַליזירן די מעשים און פּלענער פון די פּאָלאַקן”. בכדי צו געווינען די יידישע סימפּאַטיעס לייגט ער פאָר צווישן אַנדערס צו דערלויבן יידן קויפן דאָ נחלאות (פון די פּוילישע גוטבאַזיצער) און דערמיט אַנב אָפּשוואַכן די מאַכט פון די פּוילישע פּריצים. פירשט וואַסילטשיקאָוו האָט געהערט צו די מער ליבעראַלע אַדמיניסטראַטאָרן פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס עפּאָכע. אַדאַנק אים זענען אין יאָר 1861 אַרויסגעגעבן געוואָרן געוויסע הנחות פאַר יידן צו באַזעצן זיך אין קיעוו; ער האָט אויך איינִיקע מאָל אָנגעוויזן דער רעגירונג אין פּעטערבורג, אַז מ'דאַרף געבן געוויסע קאַטעגאָריעס יידן ברייטערע רעכט.

פון זיין פּלאַן אויסצונוצן די יידן קעגן די פּאָלאַקן דורך אַזאַ הנחה, ווי דערלויבן זיי קויפן ערד, איז גאָרניט געוואָרן. די רוסישע רעגירונג האָט נישט מסכים געווען צו צאָלן די יידן מיט אַזעלכע פּריווילעגיעס, און אויסער דעם איז די שטימונג צווישן די קולטורעלע יידישע קרייזן סיי ווי געווען דאָ אויפן צד פון רוסלאַנד; וואָס איז נוגע דער יידישער מאַסע אין די גובערניעס, איז זי בכלל געשטאַנען ווייט פונעם גאַנצן קאַמף.

דער אינטערעסאַנטער דאָקומענט ווערט פאַרעפנטלעכט דאָ צום ערשטן מאָל, הגם אין דער רוסיש-יידישער ליטעראַטור איז וועגן אים שוין געווען בקיצור דערמאָנט 2).

„ראַפּאָרט פונעם קיעווער, פּאָדאָליער און וואָלינער מיליטערישן גענעראַל-גובערנאַטאָר צום מיניסטער פאַר אינעווייניקסטע ענינים, פונעם 25טן נאָוועמבער 1861, נ. 6047.

קאָנפידענציעל.

דאָס פּוילישע פאָלק, וואָס האָט אין דער נייסטער צייט בולט אַרויסגעוויזן זיינע פּאָליטישע טענדענצן, האָט נישט אַרויסגעלאָזט פון אויג אויך דעם יידישן עלעמענט. די פּאָלאַקן פאַרשטייען גאַנץ גוט די גרויסע חשיבות פון דער זייער באַדייטנדיקער יידישער באַפעלקערונג, וואָס אין אירע הענט איז, מיט

1) וועגן די באַמיאונגען פון די פּאָלאַקן צוציען די יידן פון מערב-קאַנט אויף זייער צד זע דעם אַרטיקל פון ד"ר י. שאַצקי וועגן דעם פּוילישן אויפשטאַנד פון 1863 אין דעם באַנד. וועגן דער קולטורעלער ראָלע פון די פּאָלאַקן ספּעציעל אין קיעוו זע:

Д. Заславский, М. П. Драгоманов, Киев 1294 (ז. 17 א"וו.).

2) י. ב ע ס ע ן אין זיין געשיכטע פון יידישן פאָלק (רוסיש) דערמאָנט גאָר בקיצור וועגן דעם דאָקומענט (ב. II, ז. 157). דער אָריגינאַל געפינט זיך אין אַ ר כ י וו פ ו ן מ י נ י ס ט ע ר י ו ם פ אַ ר א י נ ע וו י י נ י ק ס ט ע ע נ י נ י ם, ווירטשאַפטלעכער דעפּאַרטאַמענט; מיר באַנוצן זיך מיט דער קאָפּיע, וואָס מיר האָבן געפונען אין אַרכיוו פון באַראָן גינצבורג.

קליינע אויסנאַמען, קאָנצענטרירט דער גאַנצער מסחר און דאָס גאַנצע אינדוסטריעלע לעבן פונעם לאַנד, און האָבן אָנגעהויבן זיך וונפנען צו איר און זוכן צו געפינען חן ביי אָט דעם צאָלרייכן פאָלק. און דיזאָזיקע זוכעניש האָט, כ'זאָג דאָס אָפן, געפונען ביי די יידן, צוליב דער געשאַפענער לאַגע, א געוויסן אָפּקלאַנג.

די געשיכטע פון יידן באַווייזט, אַז ווען עס אַנטוויקלט זיך צווישן זיי וועלטלעכע בילדונג, שטעלן זיי שטענדיק און אומעטום אַרויס אַלץ גרעסערע פאָדערונגען און פאַלן אָפּט אַריין מיט ענערגיע און אימפּעט אין התפעלות און פּאַטריאָטישע ליידנשאַפטן. לאָמיר זיך דערמאָנען זייער ליידנשאַפטלעכע אויפפירונג אין יאָר 1848 אויף די באַריקאַדן פון פּאַריז, ווין, לעמבער, פּרעסבורג וכדומה. און אויך אין די איצטיקע אומרואיקע ציַיטן אין וואַרשע האָבן כידוע איינִיקע פון די בעסטע און אויטאָריטעטע יידן זיך דערקלערט פייערלעך אויפן צד פונעם פּוילישן פאָלק און בפני עם ועדה זיך מיט גרעסטער התלהבות באַטייליקט אין אַלע פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס. פּויליש ווערט דאָרט פאַר יידן די ליטעראַרישע און הייליקע שפּראַך. נישט לאַנג צוריק האָט אָנגעהויבן אין וואַרשע דערשיינען א יידישע ציַיטונג אין דער פּוילישער שפּראַך 1), אויף פּויליש זענען אויך איבערגעזעצט געוואָרן די יידישע תפילות, אונטער א גאַנץ משונהדיקן נאָמען: „תפילות פאַר פּוילישע פרויען פון משה רבנוס גלויבן” (dla polek wyznania Mojżeszowego) — און דאָס פּרעדיקן, וואָס איז א וויכטיקער טייל פונעם יידישן גאָטס-דינסט, קומט פאָר אין די הויפּט-שולן פון קיניגרייך פּוילן אין דער פּוילישער שפּראַך.

.... אינעם באַדייטנדיקן, געבילדעטן און באַפרייטן פון די שווערע באַגרעניצונגען יידנטום וואָלט די רעגירונג געקאָנט געפינען א ווירקנדיקע קראַפט קעגן דעם שטורמישן יידישן עלעמענט. דאָס פּוילישע פאָלק, וואָס איז אין זיין אייגן לאַנד שטאַרק נישט מיט זיין גרויסער צאָל, נאָר מיט זיין בילדונג, מיט זיינע פּריווילעגיעס פון אַמאָל און דער עיקר מיט די באַגרעניצטע רעכט פון אַנדערע בירגער-שטאַנדן, קאָן נישט ווערן נייטראַליזירט און געבראַכט אין גלייכגעוויכט נאָר מיטן פיזישן כוח, וואָס זיין השפעה דויערט נאָר כל זמן ס'דויערט דער כוח גופא. דער גאַנצער סוד שטעקט אין דעם, וואָס מ'דאַרף געבן דעם אַנדער עלעמענט, ווי ס'ווייזט אויס — נישט גרויסן אין צאָל, א איבערגעוויכט; דאָס איז [קאָן ווערן] דער יידישער עלעמענט, וועלכער האָט אין זיך אַזוי פיל קוואַלן פון לעבנס-קראַפט, אַז ער קאָן לייכט אויסוואַקסן און זיך פאַרשטאַרקן אויפן חשבון פון אַן אַנדער סטיכיע, וואָס איז פיינדלעך צו דער רעגירונג.

... און באמת, צי איז דאָס ריכטיק אויסצושטעלן אויף דער פעסטער טרייהייט פון די יידן, וואָס זייער צאָל דערגרייכט בלויז אין די דריי מיר אָנפאַרטרויטע גובערניעס העכער 600.000 נפשות און וועלכע געפינען זיך אין אַזאַ געדריקטן מצב און אויף א נידעריקער מדרגה פון בירגערלעכע רעכט, אויב

1) ווערט געמיינט דאָס וואָכנבלאַט „Jutrzenka” (1861—1863).

די פוילישע באַפעלקערונג וועט זיך נעמען דורך אינטריגעס און הבטחות אַריינציען די יידן אין זייערע פּאָליטישע פּלענער?

. . . כּדי צו צוימען די לײדנשאַפטן פון די פוילישע פּאַטריאָטן איז נויטיק, ווי כ'האָב שוין פריער געזאָגט, ניט אָנצווענדן פיזישן כּוח, וואָס זיין ווירקונג איז ניט זיכער און דויערט ניט לאַנג, נאָר מ'דאַרף אויסנוצן אַן אַנדער פאָלק, וואָס איז טריי דער רעגירונג און וואָס וואָלט געקאָנט מיט דער צייט בהדרגה פּאַראַליזירן די מעשׂים און פּלענער פון די פּאָלאַקן. לויט מיין מיינונג וואָלט זייער פיל דערצו מיטגעהאָלפן, ווען מ'זאָל יידן דערלויבן קויפן נחלאות אין דעם קאַנט. אינעם גאַנצן מיר אָנפאַרטרויטן לאַנד זענען זייער אַסך גוטבאַזיצער בעלי־חובות פון יידן. מ'קאָן כּמעט זיכער רעכענען, אַז צוליב אַט דער גרויסער צאָל חובות פון די פוילישע פּריצים וועט אין משך פון די נאָענטסטע יאָרן אַ באַדייטנדיקער חלק פון דער ערד, וואָס איז פריי פונעם פויערשן פאַרטייל, אַריבערגיין אין יידישע הענט. און דאָס וואָלט געגעבן אַ שטאַרקן קלאַפּ דעם פיינדלעכן פוילישן עלעמענט, און דערביי וואָלט דאָס געשען פרידלעך, אומבאַמערקט און פון זיך אַליין".

---

# IV. פאָרשלאָג פון אַ יידן וועגן אַ דיספּוט אין סענאַט מיט די חסידישע רבּיים

(1862)

דער טשיקאַווער דאָקומענט, וואָס מיר דרוקן דאָ, געהערט צו דער תּקופה, ווען פון איין זייט האָבן די אוקראַינער חסידים מאַסנווייז עולה־רגל געווען קיין גאַליציע (אייגנטלעך — בוקאָווינע) צום סאַדעגאָרער רבּין, צו די קינדער פון ר' ישׂראל רוזשינער (פרידמאַן), און פון דער צווייטער — האָט זיך דער קאַמף קעגן חסידיזם אין רוסלאַנד פאַרשטאַרקט צווישן די יידן גופא. אין יענער צייט האָט איינער אַ ייד פון מאָהילעווער גובערניע, מיטן נאָמען א ו ס ט ע ר נ י ק, זיך געווענדט אין יאָר 1862 קיין פּעטערבורג צום צאַר מיט אַ שריפטלעכן פאָרשלאָג וועגן דעם, אַז ער בעט אַרויסרופן אים און „אַלע רבנים" (חסידישע רבּיים?) אין סענאַט אויף אַ דיספּוט וועגן דעם, צי זענען די חסידים גערעכט, וואָס זיי פאָרן אין אַ פרעמדער מדינה צום רבּין און פירן אים קוויטלעך. די קייסערלעכע קאַנצעלאַריע האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם פאָרשלאָג און האָט דעם ענין איבערגעגעבן דעם מיניסטעריום פאַר אינעווייניקסטע ענינים. דער וויצע־מיניסטער האָט זיך געווענדט צום קיעווער, פּאָדאָליער און וואָלינער גענעראַל־גובערנאַטאָר און דערביי פאַראָרדנט צו מאַכן אַ חקירה ודרישה וועגן די חסידים אין דעם קאַנט. די זאַך איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם ציוויל־גובערנאַטאָר פון פּאָדאָליער גובערניע, וועלכער האָט אויסגעפירט דעם אויפטראָג און האָט אָנגעוויזן, ווער איז ער אַזוינער דער אוסטערניק; לויטן ראַפּאָרט פון דער פּאָליציי האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז „אוסטערניק איז ניט אינגאַנצן ביים זינען". צי איז דאָס באמת געווען אַזוי, אָדער אַט די רעוואָלוציע האָבן די אָרטיקע חסידים פאַרשטאַנען אַריינצולייגן דער פּאָליציי אין מויל אַריין — איז שווער צו זאָגן. בּכל אופן איז דער פאַנטאַסטישער פּלאַן פון דעם אומבאַקאַנטן קעגנער פון חסידים וועגן אַן עפנטלעכן דיספּוט אין פּעטערבורג אין סענאַט [1] ניט מקוים געוואָרן; דאָס מיניסטעריום האָט נאָך פאַר דער פּאָליציייִשער חקירה ודרישה באַשלאָסן, אַז אַזאַ דיספּוט איז ניט נויטיק, הגם די ווענדונג פון אוסטערניקן האָט זי באַוואויגן צו האַלטן אויג אויף די חסידים אין דרום־מערבדיקן קאַנט.

אָט איז דער דאָקומענט:

„מיניסטעריום פאַר אינעווייניקסטע ענינים. דעפּאַרטאַמענט פאַר גייסטלעכע ענינים און פרעמדע אמונות, אָפּטיילונג 2, טיש 2. 7טן אויגוסט 1862, נומ. 552.

וועגן דער בקשה פון אוסטערניקן אַרויסצורופן אים און אַלע רבנים אין סענאַט אויף אַ דיספּוט.

צום קיעווער, פּאָדאָליער און וואָלינער מיליטערישן גענעראַל־גובערנאַטאָר.

פון דער פּערזענלעכער קאַנצעלאַריע פון זיין קייסערלעכער מאַיעסטעט, דריטע אָפּטיילונג [2], איז אין אינערן־מיניסטעריום אַריבערגעשיקט געוואָרן אַן אונטערטעניקסטע בקשה פון שמעון־לייב אוסטערניק; וואוינט אין פּאָדאָליער גובערניע, אין דאָרף סאַגאַק (לעבן מאָהילעוו).

אין דער דאָזיקער בקשה רעדט אוסטערניק וועגן עפּעס פאַרבאָטענע קוויטלעך, וואָס איינע רבּיים נעמען אָן, און בעט אַרויספאָדערן אים און אַלע רבנים [רבּיים?] אינעם רעגירנדיקן סענאַט, וואו ער נעמט זיך אונטער צו דערווייזן, אַז פאַרלאָזן דעם פאָטערלאַנד מיטן צוועק צו פאָרן קיין גאַליציע צו די קינדער פון רוזשינער רבּין איז אַ צרה פאַר יידן.

לויט די איבערגעבראַכטע ידיעות וועגן חסידיזם, וואָס געפינען זיך אין מיניסטעריום, דאַרף מען אָננעמען, אַז דער ענין מיט די קוויטלעך, וואָס די רבנים נעמען אָן ביים פאָרן קיין גאַליציע צו די זין פונעם רוזשינער רבּין, איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי דער מנהג, וואָס הערשט צווישן חסידים, מיטצוטיילן שריפטלעך די צדיקים דורך פּערזאָנען, וואָס פאָרן צו זיי, פּערזענלעכע וואונטשן, בּכדי דער צדיק זאָל זיי דערמאָנען אין זיין תּפילה. דער רוזשינער רבּי איז משמעות דער יורש פון רבּי ישׂראלצי, וועלכער שטאַמט פונעם שטעטל רוזשין, סקווירער אויעזד, קיעווער גובערניע, און וועלכער האָט געלעבט אין דער ערשטער העלפט פון אונזער יאָרהונדערט און געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה אויף די יידן פון וואָלינער גובערניע. דער רוזשינער

---

1) אוסטערניק האָט געקערט מיינען — ס י נ אָ ד, די העכסטע אינסטאַנץ אין לאַנד פאַר רעליגיעזע ענינים.

2) די באַרימטע „III־טע אָפּטיילונג" — די העכסטע פּאָליטישע פּאָליציי אין רוסלאַנד אין יענע יאָרן.

רבי האָט צוליב די אָנקלאגעס קעגן אים געמוזט אַנטלויפן קיין גאַליציע, וואו ער איז געשטאָרבן, טיף פאַרערט פון זיינע חסידים 1). דעריבער איז זייער וואָרשיינלעך, אַז אייניקע חסידים ביי אונז זענען עולה-רגל צוליב רעליגיעזע מאָטיוון צו זיינע יורשים, בהסכם מיט דער שיטה פון דער סעקטע.

נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז אויף וויפיל דעם מיניסטעריום איז באַקאַנט, הערן די קוויטלעך איבערגעגעבן די צדיקים אין גאַליציע פון די יידן אין דרום-מערבדיקן קאַנט פון רוסלאַנד געהיים דורך פּערזאָנען, וואָס פאָרן קיין אויסלאַנד לפנים צוליב מסחר-ענינים, — גלויב איך ניט, אַז אַזעלכע פאַרבינדונגען מיט די אויסלענדישע יידן קאָן מען פאַרמיידן דורך וועלכע ס'ניט איז פּאָליציייאישע מיטלען. נאָר היות ווי די דאָזיקע פאַרבינדונגען העלפן צו פאַרשפּרייטן אַבערגלויבן און פאַנאַטיזם צווישן די אָרטיקע יידן אין אונזער דרום-מערבדיקן קאַנט און פירן דערצו, אַז די יידן פאַלן לחלוטין אַרונטער דער פולער און שעדלעכער השפעה פון די גאַליציאַנער צדיקים, — וואָלט איך געהאַלטן פאַר ניט צוועקלאָז צו ווירקן אויף די רבנים אינעם קאַנט, וואָס געפינט זיך אין רשות פון אייער עקסעלענץ 2), [און אָנהייבן זיי], אַז ניט נאָר זענען זיי מחויב צו באַזייטיקן זיך פון יעדווידער פאַרמיטלונג צווישן די אָרטיקע יידן און די גאַליציאַנער צדיקים, נאָר זיי דאַרפן זיך באַמיען אָפּצוּרעדן זייערע גלויבנס-ברידער דורך דברי-מוסר פון אַ מגע ומשא מיט די אויסלענדישע חסידים און פון זייער השפעה.

איך טייל אייך מיט וועגן דעם און האָב דעם כבוד דערביי, חשובער הער, צו בעטן דערקלערן דעם בעל-הבקשה אוסטערניק, אַז זיין השתדלות וועגן אַרויסרופן אים און אַלע רבנים אינעם רעגירנדיקן סענאַט אויף אַ דיספּוט קאָן נישט דערפילט ווערן, און אויב ער וויל ווירקן אויסצוּוואָרצלען אייניקע שעדלעכע פאָראורטיילן פון זיינע גלויבנס-ברידער, קאָן ער עס לייכטער דערלאַנגען דורכן געדרוקטן וואָרט, דורך די יידישע פרעסע-אָרגאַנען, וואָס דערשיינען".

גע‍חתמעט: וויצע-מיניסטער.

וויצע-דירעקטאָר (שולץ).

דער קיעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר האָט דעם ענין אי-

1) די ידיעות שטימען דאָ מיט דער ווירקלעכקייט: ר' ישראל רוזשינער האָט געלעבט אין 1797—1850; צוליב דעם אושיצער ענין (די הריגה פון צוויי יידן-מוסרים), אין וועלכן מ'האָט געזען זיין השפעה, און צוליב אַנדערע נגישות מצד דער רוסישער רעגירונג איז ער אַריבערגעפאָרן קיין אויסלאַנד, האָט זיך באַזעצט אין סאַדעגאָרע און געגרינדעט די סאַדעגאָרער „דינאַסטיע". אין דער צייט, צו וועלכער עס באַציט זיך אונזער דאָקומענט, איז זיין זון — ר' אברהם-יעקב געווען רבי אין סאַדעגאָרע.

2) דער גענעראַל-גובערנאַטאָר אין דרום-מערבדיקן קאַנט איז דעמאָלט געווען פירשט וואַסילטשיקאָוו.

בערגעגעבן דעם ציוויל-גובערנאַטאָר פון פּאָדאָליער גוב., וואו אוסטערניק האָט געוואוינט. דעם 31טן אויגוסט 1862 האָט דער פּאָדאָליער גובערנאַטאָר אין אַ געהיימען ראַפּאָרט געענטפערט דעם קיעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר, אַז ער האָט איבערגעגעבן דעם פּאָליציי-שעף די פאַראָרדענונג פון מיניסטעריום; וואָס איז נוגע אָבער פּערזענלעך אוסטערניקן, איז אים דער באַשלוס פון מיניסטעריום ניט איבערגעגעבן געוואָרן, מחמת לויט די ידיעות, וואָס די פּאָליציי האָט צונויפגענומען, „געפינט זיך אוסטערניק ניט אינגאַנצן ביים זינען".

(אַרכיוו פון קיעווער גענ.-גובערנאַטאָר, 1862, ענין נום. 127 — „די בקשה פונעם יידן אוסטערניק וועגן אַרויסרופן אים און אַלע רבנים אין סענאַט אויף אַ דיספּוט בנוגע זייער מגע ומשא מיט די יורשים פון רוזשינער רבין, אויך וועגן ווירקן אויף די רבנים, זיי זאָלן ניט זיין קיין פאַרמיטלער צווישן די גאַליציאַנער צדיקים אא"וו.").

## V. ווער איז דער משומד אָפּאַטאָווסקי?

(1858)

אין די פּראָטאָקאָלן („זשורנאַל") פון „יידישן קאָמיטעט" פאַרן יאָר 1858 האָבן מיר געפונען פאָלגנדיקע מיטטיילונג, וועלכע מיר דרוקן דאָ איבער, וועגן איינעם אַ משומד אָפּאַטאָווסקי, וועגן זיינע מעשים און פּראָיעקטן.

דער נאָמען אָפּאַטאָווסקי איז ביז איצט געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט. פון דעם אָפיציעלן דאָקומענט איז שווער צו משפטן, צי איז אמת, אַז ער איז געווען אַ פשוטער מסור און אַ משומד להכעיס, ווי עס ווערט מיטגעטיילט אין דער אַנאָנימער מעלדונג פון „אומבאַקאַנטע יידן" צום „יידישן קאָמיטעט". אַ געוועזענער אָנגעשטעלטער, וואָס איז אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד, האָט דאָרטן אָנטייל גענומען אינעם אויפשטאַנד — מסתמא פון 1848 — אין אונגאַרן, איז שפּעטער אויסגעליפערט געוואָרן קיין רוסלאַנד — קאָנטיקאַלס פּאָליטישער פאַרברעכער, איז אָפּגעזעסן צוויי יאָר אין קיעווער פעסטונג, שפּעטער זיך געשמדט, געקעמפט קעגן די יידישע גבירים, געהאַלטן זיך פאַר אַ מעדיקער (דאָקטאָר?), אַרומגעטראָגן זיך מיט פּלענער און געהאָפט אין משך פון 6 יאָר „גרינדלעך רעפאָרמירן די יידן". און דאָס אַלץ אין די לעצטע יאָרן פון ניקאָלאַיס רעזשים און אין אָנהויב פון אַלקסאַנדער דעם צווייטנס, ווען ביי יידן איז נאָך לחלוטין ניט געווען דער מין פון אַ רעוואָלוציאָנער-פּראָטעסטאַנט. צי איז אָפּאַטאָווסקי געווען דער ערשטער פון דעם מין, אַ געמיש פון אַ פּראָטעסטירנדיקער נאַטור מיט אַ אַוואַנטוריסט, אָדער דאָס איז געווען אַ גאָר פשוטער שאַנטאַ-

זשיסט? אויף דעם איז שווער צו ענטפערן מיט באַשטימטקייט; מיר ווילן נאָר אָנווייזן, אַז הינטער פּאָליציייאישע קוואַליפיקאַציעס קען נאָך נישט שטעקן דער גאַנצער אמת, וועלכער איז אפשר דערגאַנגען צו אונז אין אַ פאַרקרימטער פאָרם.

אָט איז די מיטטיילונג:

„דער געשמדטער ייד אָפּאַטאָווסקי, וועלכער גיט זיך אָן פאַר אַ מעדיקער, האָט דערלאַנגט דעם פאָרזיצער פונעם יידישן קאָמיטעט אַ מעלדונג, אין וועלכער ער דערציילט וועגן די פאַרשיידענע מיסבריוכן מצד די יידן בכלל און די יידישע גבירים אין קיעווער גובערניע בפרט, וואָס געפינען זיך אונטערן שוץ פון דער אָרטיקער מאַכט. אָפּאַטאָווסקי בעט מ'זאָל אים איינלאַדן אינעם יידישן קאָמיטעט און דערלויבן צונויפשטעלן אַ פּראָיעקט, לויט וועלכן ער האָפט אין משך פון 6 יאָר גרינדלעך רעפאָרמירן די יידן.

פון פריוואַטע ידיעות און פון אַ ספּעציעלער מיטטיילונג, וואָס איז צוגעשיקט געוואָרן פון אומבאַקאַנטע יידן, איז צו זען, אַז אָפּאַטאָווסקי איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אויף אַ סטאַנציע אין קיעווער גובערניע, איז באַגאַנגען פאַרברעכנס און איז צוליב דעם אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד. דאָרטן איז ער געווען פאַרמישט אינעם אונגאַרישן אויפשטאַנד. אין 1855 איז ער ארויסגעשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד, צוויי יאָר איז ער אָפּגעזעסן אין קיעווער פעסטונג און איצט, נאָך זיין קומען קיין פּעטערבורג, האָט ער צוערשט געבעטן שטיק ביי אָרטיקע יידן, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן ביי איניקע אַרויספּרעסן געלט, דראָענדיק, אַז ער קאָן ברענגען שאָדן די יידן בכלל און אויך פריוואַטע פּערזאָנען, מחמת ער האָט אַ צוגאַנג צו אייניקע הויכע שררות, וואָס האָבן אַ השפעה אויף יידישע ענינים. צוליב דעם בעטן די יידן, מ'זאָל אָפּאַטאָווסקין אַרויסשיקן פון דער הויפּטשטאָט.

לויט די אינפאָרמאַציעס פונעם פאַרוואַלטער פון דער דריטער אָפּטיילונג ביי דער פּערזענלעכער קאַנצעלאַריע פון זיין קייסערלעכער מאַיעסטעט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אָפּאַטאָווסקי איז געווען באַשולדיקט אין פעלשן געלט-דאָקומענטן, איז אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד, האָט דאָרטן געקראָגן אַ פּאַס אויפן נאָמען פון הענריך אַלטער, דערנאָך אָבער האָט מען אים אַרויסגעשיקט קיין רוסלאַנד, וואו ער האָט זיך געשמדט. איצט ווערט קעגן אים אין קיעווער גובערניע פאַרפירט אַ קרימינאַלער פּראָצעס. לויט דער מיינונג פונעם גענעראַל-גובערנאַטאָר [פון קיעווער קאַנט] פירשט וואַסילטשיקאָוו איז אָפּאַטאָווסקי אַ פאַרדעכטיקער פּאַרשוין און איז נוטה צו רכילות און פאַלשע מסירות.

אויפן סמך פון דער אָפיציעלער מיינונג מכוח אָפּאַטאָווסקיס פאַרדעכטיקער אויפפירונג, ווי אויך מכוח זיין נטיה צו רכילות און פאַלשע מסירוה — האַלט דער יידישער קאָמיטעט, אַז ס'פּאַסט ניט אָנצונעמען פון אים פאָרשלאָגן וועגן יידן, און באַשליסט: אַלע דאָקומענטן וועגן אים איבערגעבן אין דער דריטער אָפּטיילונג פון דער קאַנצעלאַריע פון זיין קייסערלעכער מאַיעסטעט צו באַשליסן, ווי זי וועט עס געפינען פאַר נויטיק".

(„זשורנאַל [פּראָטאָקאָלן] פון יידישן קאָמיטעט, דעם 13טן מאַי 1858, קאַפּ. 8).

## VI. צוויי געהיימע צירקולאַרן — פון דער מאַכט און פון די רבנים

(1891—1890)

מיר דרוקן דאָ צוויי דאָקומענטן, וואָס זענען אויס ווי צוויי זייטן פון איין מטבע און געהערן צו איין צייט, — צו די שווערע גזירה-יאָרן פון אַלעקסאַנדער III. אין יאָר 1890 האָט זיך אין די רעגירונגס-קרייזן פון רוסלאַנד אויפגעהויבן אַ נייע כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט איבערגעשטיגן אפילו די 80קער יאָרן. אין די רעגירונגס-קאַנצעלאַריעס האָט מען געהיים געגרייט נייע רעפּרעסיעס קעגן יידן, אונטער דער אָנפירונג פון פּאָליציי-שעף פּלעווע (די באַקאַנטע „40 פונקטן"); מ'האָט זיך געגרייט אָפּנעמען ביי יידן געוויסע רעכט, וואָס זיי האָבן באַקומען אין אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס צייטן, און איינפירן נייע באַגרעניצונגען. די רדיפות אויף יידן און די רעאַקציאָנערע פּראָיעקטן האָבן דעמאָלט אַרויסגערופן אַ פּראָטעסט-באַוועגונג אין אויסלאַנד, באַזונדערס אין ענגלאַנד. דער „טיימס" איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דער רוסישער פּאָליטיק. אין ענגלישן פּאַרלאַמענט זענען אַריינגעטראָגן געוואָרן אינטערפּעלאַציעס וועגן דער לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד (יולי-אויגוסט 1890). שפּעטער (אין דעצעמבער 1890) איז אין לאָנדאָנער גילדהאָל (אין ראַטהויז) פאָרגעקומען אַ פּראָטעסט-פאַרזאַמלונג קעגן די רדיפות אין רוסלאַנד, אין וועלכער ס'האָבן אָנטייל גענומען איבער 2000 מענטשן.

אין יענער צייט האָט װלאַדימיר סאָלאָוויאָוו, דער באַרימטער רוסישער פילאָזאָף און שריפטשטעלער, אָנגעהויבן זאַמלען חתימות אונטער אַ קאָלעקטיוון פּראָטעסט פון רוסישע שרייבער און געזעלשאַפטלעכע טוער קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם פון דער רעכטער פּרעסע, געמיינט — קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם פון דער רעגירונג און איר פּראָטעזשירטער פּרעסע. דער פּראָטעסט, אונטער וועלכן עס האָבן זיך געחתמעט איבער 100 אָנגעזעענע רוסישע שרייבער און טוער (צווישן זיי אויך לעוו טאָלסטאָי), האָט געזאָלט דערשיינען אין דער ליבעראַלער פּרעסע 1). אָבער די רעגירונג האָט זיך אַפריער דערוואוסט וועגן דעם, און דער באַקאַנטער שעף פון דער הויפּט-צענזור פאַרוואַלטונג פעאָקטיסטאָוו האָט צוגעשיקט אַ געהיימען צירקולאַר צו אַלע צייטונגען און זשורנאַלן אין רוסלאַנד, מיט אַ פאַראָרדענונג, אַז מען זאָל זיך ניט דערוועגן דרוקן דעם פּראָטעסט „קעגן די כלומרשטע רדיפות אויף יידן".

די פּראָטעסטן אין אויסלאַנד און באַזונדערס דער פאַקט,

1) זע: ש. דובנאָוו, די נייסטע געשיכטע פון יידישן פאָלק, ב. III, פּאַראַגר. 18.

װאָס די פּאַריזער ראָטשילדס האָבן זיך דעמאָנסטראַטיװ אָפּגעזאָגט אָנטייל צו נעמען אין דער הלואה פאַר רוסלאַנד נאָכן גירוש־מאָסקװע, האָט אַביסל אָפּגעקילט דעם איםפּעט פון דער רעגירונג. אין דער רוסישער פּרעסע האָט זיך אויפגעהויבן צװישן די רעאַקציאָנערע און ליבעראַלע צייטונגען אַ פּאָלעמיק װעגן דער יידן־פּראַגע, און אין יוני 1891 האָט פּעאָקטיסטאָװ צעשיקט צו די צייטונגען אַ נייעם צירקולאַר, אַז „אין דער פּעריאָדישער פּרעסע באַמערקט זיך אַ ניט רואיקע און ניט קאַלטבלוטיקע באַהאַנדלונג פון אַזאַ װיכטיקסקער פּראַגע פון אונזער אינעװייניקסטן לעבן, װי די יידישע פּראַגע איז״, און דעריבער ליגט ער פאַר די צייטונגען און זשורנאַלן „אָפּצוהאַלטן זיך פון דרוקן אַזעלכע אַרטיקלען, װאָס... פירן צו נוצלאָזער און נערװעזער פּאָלעמיק״[1].

דער צװייטער דאָקומענט איז אויך אַ געהיימער, אָבער שוין אַן אינעװייניקסטער — אַ יידישער. אין יאָר 1891 האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע סדרה רדיפות. צו פּסח האָט אויסגעבראָכן דער גירוש־מאָסקװע. מ'האָט זיך געגרייט צו אַן ענלעכן גירוש־פּעטערבורג. עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן נייע צירקולאַרן אין צענטער און אויף די ערטער קעגן יידן. כּדי צו דערשטיקן דעם קול פון װעלכן ס'ניט איז פּראָטעסט האָט מען פּרילינג 1891 אויף אַ האַלב יאָר פאַרמאַכט דעם „װאָסכאָד״, דעם איינציקן רוסיש־יידישן אָרגאַן; מ'האָט אויך צייטװייליק אָפּגעשטעלט די רוסישע צייטונג „נאָװאָסטי״ פאַר אירע ליבעראַלע אַרטיקלען בנוגע יידן. די יידישע באַפעלקערונג האָט געלעבט אין שטענדיקן שרעק פון נייע צרות.

תּיכּף נאָכן גירוש־מאָסקװע האָבן עטלעכע אָנגעזעענסטע רבנים אין רוסלאַנד צעשיקט אַ געהיימען קול־קורא צו די יידישע קהילות אין לאַנד און אין אויסלאַנד מיט אַ פּאָרשלאָג מכריז זיין בכל תפוצות ישראל אַ תּענית־ציבור. אין דעם בריװ, װאָס זיי האָבן צעשיקט, האָבן זיי געבעטן מען זאָל האַלטן בסוד, פון װעמען די איניציאַטיװ פון אַזאַ תּענית שטאַמט — אפילו פאַר אָט דער פּאַסיװער פאָרם פון פּראָטעסט האָט מען אין רוסלאַנד דעמאָלט געקענט באַקומען אַ האַרבע שטראָף. אַזוי װיפיל ס'איז אונז באַקאַנט פון אַנדערע קװעלן, האָט די איניציאַטיװ פונעם אויפרוף געשטאַמט פון ר' יצחק אלחננס קרייז. ר' יצחק־אלחנן ספּעקטאָר, דער באַרימטער קאָװנער רב, װאָס האָט זיך פיל אָפּגעגעבן מיט ענינים פון כּלל, האָט געשפּילט אין יענע יאָרן אַ װיכטיקע ראָלע ביים אינפאָרמירן דאָס אויסלענדישע יידנטום װעגן דער לאַגע אין רוסלאַנד. עס האָט זיך געשאַפן אַרום אים אַ מין ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע, װאָס האָט אויף אַ געהיימען אופן אונטער אַ קאָנספּיראַטיװער חתימה, רעגולער צוגעשיקט צו די רבנים און אָנגעזעענע פאָרשטייער אין די אויסלענדישע קהילות אויספירלעכע ידיעות װעגן דער פּאָליטיק פון דער רוסישער רעגירונג בנוגע יידן און אינספּירירט צו השתּדלותן און אַמאָל צו פּראָטעסטן. דיזאָיקע אינטערעסאַנטע טעמע, װעגן װעלכער ס'איז פאַראַן אַ גאַנץ

1) צירקולאַר פון פּעאָקטיסטאָװ, שעף פון הויפּט־צענזור פאַרװאַלטונג, פונעם 7 יוני 1891, נומ. 2678 (פון אַרכיװ־מאַטעריאַלן).

רייכער אַרכיװ־מאַטעריאַל, פאָדערט אַ ספּעציעלע אָפּהאַנדלונג. דאָ ברענגען מיר נאָר דעם דערמאָנטן אויפרוף װעגן אַ תּענית־צבור, װאָס איז אַרויסגעגאַנגען פונעם זעלביקן קרייז. דער אויפרוף קען דינען אַלס תּשובה אויפן צירקולאַר פונעם צענזור־שעף װעגן „כּלומרשטע רדיפות אויף יידן״ אין רוסלאַנד.

די ביידע דאָקומענטן װערן צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט; מיר גיבן דעם ערשטן דאָקומענט אין אַן איבערזעצונג, דעם צװייטן — אין אָריגינאַל, אין העבּרעאיש.

## I

„דעם 8טן נאָװעמבער 1890

№ 2174

היות װי עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז איניקע פּערזאָנען האָבן אַ זינלאָזע און חוצפּהדיקע כּװנה אַרויסטרעטן מיט אַ פּראָטעסט װעגן כּלומרשטע רדיפות אויף יידן, װאָרנט די הויפּט־צענזור־פאַרװאַלטונג, לויטן באַפעל פונעם מיניסטער פאַר אינעװייניקסטע ענינים און אויפן סמך פון די אַרטיקלען 140 און 156 פונעם צענזור־סטאַטוט, און איז מתרה די רעדאַקטאָרן פון די צייטונגען און זשורנאַלן, אַז אַזױנס זאָל באין אופן ניט דערשיינען אין זייערע אָרגאַנען.

שעף פון דער הויפּט־צענזור־פאַרװאַלטונג
פעאָקט'סטאָװ״.

## II

„כּאשר ידוע דברי הרמב״ם ז״ל בפרק א׳ הלכות תענית הלכה א׳ והובא במגן אברהם, ריש, סימן תקע״ו, וכן ברמב״ם, בפרק ב׳ הלכות תענית, הלכה א׳ ג׳, דמתענין ומתריעין על הצרות של צבור, וכן כתב המגיד משנה בפרק ב׳, הלכות תענית, הלכה ג׳ בשם הש״ס, דגוזרין תענית על הגזרה יע״ש, וכאשר בעוונתינו הרבים תקפו עלינו צרות רבות תלאות עברו ראשינו כו׳ כ׳, ד׳ יודע מה יולד יום, עוד ברוחניות וחומריות ח״ו. לכן חובה עלינו כולנו ע״פ דין תורתנו הקדושה להתענות כדין תענית צבור ולהרבות בתפלה ובתחנונים בימי בה״ב[2] הב״על[3] וכמבואר בטור אורח חיים, סי׳ תצ״ב וסי׳ תקס״ו והרא״ש בתענית, פרק א׳ סימן כ׳, דתענית בה״ב עשאום קבע והכל מתענין בהם וכמש״כ[4] התוס׳ קדושין ד׳, פ״א, ע״א, ובשולחן ערוך, או״ח סי׳ תצ״ב, וסי׳ תקס״ו סעי׳ ב׳, וע״ב החיוב עלנו להתענות בימי בה״ב הבע״ל בשנה זאת ולכל הפחות לקבוע תע״צ[5] כדינו ביום א׳ מימי בה״ב וישתתפו כל הצבור בתענית

2) בה״ב מיינט מאָנטאָג, דאָנערשטאָג און מאָנטאָג נאָך פּסח און סוכּות, דער אויפרוף איז אַרויסגעלאָזט געװאָרן, װי מיר זעען לויט דער דאַטע, באַלד נאָך פּסח.

3) הבא עלינו

4) וכמה שכתוב

5) תּענית־ציבור

זה. וכפי האמור במדרש רבה וישלח, אחינו בדרום מתענין על אחינו בצפון ואין העת לחשות חלילה וכדכתיב ויזעקו ותעל שועתם כ׳, ובזכות זה נזכה ולא ישמע קול פרץ וצוחה בעמינו רק טובות וישועת, א׳ ס׳ [6].

הנוסח הזה נשלח לקהלות רבות בחו״ל וגם במדינה ובהערה שיהיו צנועים ולבלי לפרסם ממי יצאה ההתעוררות לת״צ הזה, ויתן ה׳ אותנו לרחמים בעיני מלך ושרים כו׳.

א׳, ב׳ אייר תרנ״א [1891]״.

אייף חיפיל אונז איז באַקאַנט, זענען אין אַסך קהילות דעמאָלט איינגעאָרדנט געוואָרן תענתים, — משמעות אין פאַרבינדונג מיט דעם אויפרוף.

6) אמן סלה

---

# די השתדלות פון באַראָן סאַלאָמאָן ראָטשילד איז ווין לטובת די רוסישע יידן איז 1846

## פון ד״ר נ. מ. געלבער (ווין)

די אויסערסט שווערע לאַגע פון די רוסישע יידן אין די צייטן פון ניקאָלאַי I האָט עטלעכע מאָל באַוואויגן די אויסלענדישע יידן משתדל זיין זיך ביי דער רוסישער רעגירונג לטובת זייערע ברידער אין רוסלאַנד. אין די יאָרן 1843—1845 איז דער מצב פון די רוסישע יידן געוואָרן באַזונדערס אומערטרעגלעך. אין יאָר 1843 איז אַרויס דער „אוקאַז" וועגן אַרויסטרייבן אַלע יידן פון דעם גרעניץ-געביט אויף דער ברייט פון 50 ווערסט אַרום. אין 1844 זענען דערשינען אַ רייע נייע „אוקאַזן" קעגן יידן (אָפּגעשאַפט דעם קהל, פאַרבאָטן יידישע מלבושים וכדומה).

דיזאָזיקע רעפּרעסיעס האָבן אַרויסגערופן אין אויסלאַנד אַ שטימונג קעגן דער פּאָליטיק פון דער רוסישער רעגירונג. אין די פראַנצויזישע, דייטשישע און ענגלישע צייטונגען האָבן זיך באַוויזן שאַרפע אַרטיקלען. עס זענען אפילו געווען פרוון פון דיפּלאָמאַטישע אינטערווענציעס לטובת די יידן. אויך דאָס אויסלענדישע יידנטום האָט אונטערגענומען אַ רייי השתדלותן. דער פּויזנער ראַבינער סאַלאָמאָן אייגער האָט זיך געווענדט צום רוסישן געזאַנדטן אין בערלין פעטער פאָן מעיענדאָרף מיט אַ בקשה צו אינטערווענירן לטובת די רוסישע יידן. דער געזאַנדטער האָט דערקלערט דעם ראַבינער, אַז ביים בעסטן ווילן קאָן ער גאָרניט מאַכן, און האָט אים געגעבן אַן עצה ווענדן זיך וועגן דעם ענין צום פּרייסישן קיניג פרידריך ווילהעלם IV. ראַבינער אייגער האָט זיך דערשלאָגן אַ אוידיענץ ביים קיניג און דער לעצטער האָט אים צוגעזאָגט זיך משתדל זיין פאַר די רוסישע יידן [1]. דערפון איז אָבער גאָרניט געוואָרן.

אין אָט דער צייט האָט אויך באַראָן סאַלאָמאָן ראָטשילד אין ווין אונטערגענומען שריט וועגן אַן ענלעכער השתדלות. סוף 1848 האָט ניקאָלאַי I באַזוכט אויסלאַנד; ער איז געפאָרן אינקאָגניטאָ אונטערן נאָמען גענעראַל ראָמאַנאָוו. דעם 30טן דעצעמבער 1845 איז ער אָנגעקומען קיין ווין אויף זיין צוריקרייזע פון איטאַליע. דעם 1טן יאַנואַר 1846 האָט ער אויפגענומען אין אַ אוידיענץ פירשט מעטערניכן, מיט וועלכן ער האָט געהאַט אַ שמועס וועגן דער פּאָליטישער לאַגע אין אייראָפּע. צי האָט מעטערניך אין דעמדאָזיקן שמועס באַרירט די יידן-פראַגע איז אומבאַקאַנט. סאַלאָמאָן ראָטשילד, וועלכער האָט זיך געפונען אין פריינדלעכע באַציאונגען מיט מעטערניכן [2], האָט זיך אפנים ניט געקאָנט דערשלאָגן קיין אוידיענץ ביים צאַר און ער האָט זיך געמוזט באַגרעניצן דערמיט, וואָס ער האָט דעמזעלביקן טאָג, דעם 1טן יאַנואַר 1846, איבערגעגעבן דעם רוסישן געזאַנדטן אין

1) בשעת דערדאָזיקער אוידיענץ האָט דער קיניג פאָרגעלייגט דעם ראַבינער אייגער, ער זאָל ווירקן אויף די פּויזנער יידן, זיי זאָלן זיך פאַרנעמען מיט ערדאַרבעט און לאַנדווירטשאַפט, דערביי האָט ער דערקלערט, אַז אויב די יידן וועלן אָננעמען שריט אין דער הינזיכט, וועט ער באַפוילן אויפן ברייטסטן אופן דאָס צו אונטערשטיצן.

אייגער האָט טאַקע נאָך זיין צוריקקער קיין פּויזן אָנגעהויבן טאָן וועגן דעם ענין און די שריט זיינע האָבן געהאַט ערפאָלג. לויט דער פאַראָרדענונג פונעם קיניג איז שפּעטער געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען אַריין אחוץ דעם ראַבינער אייגער נאָך זעקס אַנדערע אָנגעזעענע יידן און וועלכער האָט געהאַט די אויפגאַבע זיך צו באַראַטן ווי אַריבערצופירן יידן אויף לאַנדווירטשאַפט (באַריכט פון דעם עסטרייכישן געזאַנדטן אין בערלין, ווינער מלוכה-אַרכיוו).

2) סאַלאָמאָן ראָטשילד פלעגט אַריינקומען צו מעטערניכן אין הויז. מעטערניכס פרוי, די פירשטין מעלאַניע מעטערניך פלעגט זאָגן, אַז די איבערגעגעבנקייט פונעם „אַלטן סאַלאָמאָן" האָט זי „שטענדיק גערירט" (זע דעם טאָגבוך אין מעטערניכס פאַרבליבענע שריפטן, ווין 1883, ב. 6, ז. 491, נומ. 1401). ראָטשילד האָט אייניקע מאָל געהאַט די געלעגנהייט צו אינטערווענירן דורך מעטערניכן לטובת די יידן; אַזוי צ״ב אין יאָר 1832 — פאַר די קראָקער יידן (פגל״ דעם אַרטיקל צו דער געשיכטע פון יידן אין דער קראָקער רעפּובליק אין מיין בוך Aus zwei Jahrhunderten) ווין 1924), ווי אויך בעת דעם ענין-דמשק אין 1840 (פג״ל מיין אַרטיקל וועגן ענין-דמשק און דער עסטרייכישער רעגירונג אין „Jahrbuch fur jud. Geschichte u. Literatur" פראַנקפורט-מיין 1927).

הין גראַף אדלאָף אַ מעמאָראַנדום וועגן דער לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד, אינעם נאָמען פון ראָטשילד־הויז[1]; דער מעמאָראַנדום האָט געדאַרפט ווייטער איבערגעגעבן ווערן דעם צאַר. אין דעם מעמאָראַנדום (געשריבן אין דייטש) רעכנט ראָטשילד אויס 5 נייע „אוקאַזן" קעגן יידן, וואָס זענען דערשינען די לעצטע יאָרן, צווישן זיי וועגן דעם גירוש פון דעם גרעניץ־געביט און פון די דערפער; די אַנדערע באַגרענעצונגען, וואָס ווערן אין מעמאָראַנדום אויסגערעכנט, זענען פון אַסך אַ קלענערער מדרגה און דערצו זענען זיי ניט גאָר פינקטלעך איבערגעגעבן. כאַראַקטעריסטיש איז, אַז אין דעם מעמאָראַנדום ווערט לחלוטין ניט דערמאָנט די גזירה פון קאַנטאָניסטן מיט די שמד־כוונות דערביי, וואָס זענען דעמאָלט באַזונדערס פאַרשטאַרקט געוואָרן, — משמעות, אַז וועגן דעם האָט ראָטשילד אַליין ווייניק געוואוסט. דער מעמאָראַנדום דערקלערט די רדיפות אויף יידן דורך דעם, וואָס די אָרטיקע באַאַמטע טייטשן שלעכט אויס די פאַראָרדענונגען פון אויבן און מיסברויכן דערביי. צום שלוס בעט ראָטשילד, אַז „די אומגליקלעכע יידן זאָל דורך אַ באַפעל פון זיין קייסערלעכער מאַיעסטעט געשענקט ווערן אַ וואָרט פון טרייסט אין זייער אומגליק"...

אָבער אפילו דיזאָזיקע זייער באַשיידענע השתדלות האָט צו גאָרניט געבראַכט. די רוסישע רעגירונג האָט גראָד דעמאָלט נאָך מער פאַרשטאַרקט די גזירות. אין מערץ 1846 איז משה מאָנטעפיאָרע געפאָרן קיין רוסלאַנד כדי צו באַקענען זיך מיט דער לאַגע פון די יידן און זיך פאַר זיי משתדל זיין.

אויסער דעם מעמאָראַנדום (I) פון ראָטשילדן ברענגען מיר דאָ (אין פראַנצויזיש) אויך אַ מעלדונג פון דעם עסטרייכישן געזאַנדטן אין פעטערבורג פירשט עסטערהאַזי צו מעטערניכן (II), פונעם 14טן אָקטאָבער 1845, וועגן דער אַנטי־יידישער פּאָליטיק פון דער רוסישער רעגירונג[2]. אין דער מעלדונג ווערן אויסגערעכנט אַ גאַנצע ריי גזירות און עס ווערט ספּעציעל אָנגעוויזן אויף די מיסיאָנערישע שריט פון דער רוסישער רעגירונג בנוגע יידן. דעם צווייטן דאָקומענט גיבן מיר, אויסער דעם אָריגינאַל, אויך אין אַ יידישער איבערזעצונג.

I

## MEMORANDUM

### ÜBER DEN ZUSTAND DER ISRAELITEN IN RUSSLAND

Eingereicht durch das Haus Rothschildt dem Grafen Adloff zu Wien, am 1. Jänner 1846.

Fünf Ukase, sämtlich die Verhältnisse der Israeliten in Russland betreffend, finden in der neuesten Zeit in fast allen Zeitungen Raum und werden ihrer Wesenheit nach von glaubwürdigen Korrespondenzen aus den angrenzenden Ländern bestätigt. Es sei gütigst gestattet, deren Inhalt hier in kürze anzuführen.

Der erste betrifft die bekannte schon vor zwei Jahren angeordnete Translocierung der an den Grenzen wohnenden jüdischen Bevölkerung in das Innere des russischen Reiches.

Die zweite Massregel ist jene des Trachtenwechsels und der daran geknüpften Geldauflage.

Die dritte macht die Beschneider durch zwei Jahre für die Folgen der Beschneidung unter Androhung der Verweisung nach Sibirien verantwortlich.

Die vierte knüpft eine Steuer von 20 Rubel an den Genuss des sogenannten koscheren Fleisches mit der gleichzeitigen Verordnung den übrigen Teil des nach jüdischem Ritus geschlachteten Viehes zu vergraben, eine Massregel, die die ärmere Bevölkerung auf eine unbeschreiblich harte Weise drücken muss.

Die fünfte endlich verbietet den Juden den Aufenthalt auf dem flachen Lande, zwingt sie ihren Erwerb in den Städten zu suchen, wo sie bei der ohnehin gedrängten Bevölkerung noch viel schwerer ihren kümmerlichen Unterhalt finden würden.

Ob diese Massregeln, welche aus vielen von den Zeitungen angeführten als die wichtigsten hier gehorsamst hervorgehoben werden, wirklich von dem Monarchen angeordnet, ob und wie sie ausgeführt werden, vermag nur jener zu beurteilen, der das Russische Reich bewohnt und den Gang seiner Verwaltung kennt.

Gewiss lieg es nicht in dem Willen des erhabenen Beherrschers des grösten Reiches dieser Erde, eine grosse Anzahl seiner Untertanen, deren Gesamtwohl sein väterliches Herz erfüllt, durch Massregeln zu vernichten, deren Ausführung bei der unermesslichen Ausdehnung seines Reiches nicht von seinem Vaterauge bewacht werden kann, und daher den Lokalbehörden Anlass zu Missdeutungen und Uebergriffen geben kann.

Möchte dieser trostlose Zustand gnädigst

1) ווינער מלוכה־אַרכיוו, רוסלאַנד, פאַסצ. 49, יאָר 1845 Reise Kaiser Nikolaus über Rom nach Wien Ecclesiastica.

2) דאָרטן, רוסלאַנד, פאַסצ. 49.

gewürdigt und durch einen Befehl Seiner Majestät den unglücklichen Juden ein Wort des Trostes in ihren Drangsalen verliehen werden.

II

№ 32 F

St. Pétersbourg,
le 14/2 octobre 1845

A Son Altesse
Monsieur le Prince de Metternich.

Mon Prince.

Par le rapport de cette Ambassade № 13 F du 2 juillet — 20 juin 1843, Votre Altesse a été informée de différentes mesures prises relativement aux Israélites demeurant le long des frontières autrichienne et prussienne. Leur situation continue á occuper le Gouvernement Impérial. Un Oukase publié au commencement de cette année indique les conditions sous lesquelles il leur est accordé la faculté de prendre en ferme des terres seigneuriales et d'en faire même l'acquisition. Un second Oukase contient des dispositions quant á leurs vêtements. Ils n'osent plus conserver aucun des signes extérieurs de leur nationalité, mais ils se mettront, hommes et femmes, à l'instar des gens du pays. Des amendes d'argent seront encourues par les récalcitrants. Cette derniére disposition concerne les Israélites des anciennes provinces polonaises et des Baltiques, mais non ceux du Royaume.

Ces mesures matérielles ne sont cependant que les précurseurs d'autres dispositions plus vitales que le Gouvernement Impérial médite à ce sujet et qui ne tendent à pas moins qu'à leur conversion à la foi dite orthodoxe. C'est encore par les anciennes Provinces polonaises et non par le Royaume, qu'on commencera ces essais. L'individu choisi dans ce but est un Sieur Lewisohn, jadis Rabbin à Weimar, baptisé en 1839 et remplissant depuis cette époque à l'Académie de Saint Alexandre Newsky les fonctions de Professeur de l'exégèse de l'ancien testament. Il s'occupe dans ce moment, d'ordre du Saint Synode, de la traduction en langue hébraique du catéchisme orthodoxe et des évangiles. Quand ce travail, assez avancé déjà, sera terminé et approuvé par l'Empereur, Monsieur Lewisohn recevra les ordres et sera sacré Protopope. Il se rendra alors dans les Provinces de Wilna, de Mohilew et de Kiew, et soutenu par les autorités locales, il entreprendra ses essais de conversion.

Veuillez agréer, mon Prince, les hommages de mon plus profond respect.

Esterhazy [1]).

---

1) מיר גיבן דאָ די איבערזעצונג פון פראַנצויזיש אין יידיש:

„נומ. 32, פ. פעטערבורג, דעם 14/2 אָקטאָבער 1845. צו זיין עקסעלענץ פירשט מעטערניך.

מיין פירשט. פונעם ראַפּאָרט אויס דער היגער געזאַנדשאַפט, נומ. 13 פ., פון 2 יולי — 20 יוני 1843, זייט איר שוין געווען אינפאָרמירט וועגן די פאַרשיידענע מיטלען, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן [אין רוסלאַנד] בנוגע די יידן, וואָס וואוינען ביי דער עסטרייכישער און פרייסישער גרענעץ. די רעגירונג פון דער מדינה פאַרנעמט זיך אויך ווייטער מיט זייער לאַגע. דער אוקאַז, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אָנהויב דעם יאָר, באַשטימט די תּנאים, אויף וועלכע זיי באַקומען רעכט צו אַרענדירן און קויפן פריצישע ערד. אַ צווייטער אוקאַז אַנטהאַלט פאַראָרדענונגען בנוגע זייער הלבשה. זיי טאָרן שוין נישט מער קאָנסערווירן די אויסערלעכע פאָרמען פון זייער נאַציאָנאַליטעט, נאָר זיי מוזן זיך קליידן ווי אַלע אַנדערע איינוואוינער פון לאַנד, הן די מענער, הן די פרויען. די, וואָס וועלן ניט פאָלגן, וועלן מוזן צאָלן דערפאַר אַ געלטשטראָף. די לעצטע פאַראָרדענונג באַציט זיך צו יידן פון די געוועזענע פוילישע און באַלטישע פראָווינצן און ניט פון די מלוכהשע [רוסישע] פראָווינצן.

די דאָזיקע מאַטעריעלע [פיזישע] מאָסמיטלען זענען נאָר אָנזאָגערס פון אַנדערע פאַראָרדענונגען, מער לעבנס-וויכטיקע, וואָס ווערן פּראָיעקטירט פון דער רעגירונג אין דער הינזיכט און וועלכע צילן ניט מער און ניט ווייניקער, ווי צווינגען זיי [די יידן] אָנצונעמען די גריכיש-אָרטאָדאָקסישע אמונה. דערווייל וועט דער ערשטער פרווו געמאַכט ווערן אין די געוועזענע פוילישע פראָווינצן און ניט אין די מלוכה-פראָווינצן. די פּערזאָן, וואָס דאַרף דאָס דורכפירן, איז ה׳ לעוויזאָן, אַ געוועזענער ראַבינער פון ווײמאַר, וואָס האָט זיך געשמדט אין 1839 און וואָס פאַרנעמט פון יענער צייט אָן דעם פּאָסטן פון פּראָפעסאָר פאַר ביבל-פאָרשונג אין דער אַקאַדעמיע פון הייליקן אַלעקסאַנדער נעווסקי. אין איצטיקן מאָמענט איז ער באַשעפטיקט, לויטן אויפטראַג פונעם הייליקן סינאָד, מיט איבערזעצן אין העברעאיש דעם גריכיש-אָרטאָדאָקסישן קאַטעכיזיס און די יעוואַנגעליע. ווען אָט די אַרבעט, וואָס איז שוין בענוג דורכגעמאַכט, וועט פאַרענדיקט ווערן און זי וועט דעם קיסר געפעלן זיין, וועט ה׳ לעוויסאָן נתעלה ווערן און באַקומען דעם טיטל פּראָטאָפּאָפּ. דעמאָלט וועט ער באַזוכן ווילנער, מאָהילעווער און קיעווער גוב. און מיט דער שטיץ פון דער אָרטיקער מאַכט וועט ער מאַכן דעם מיסיאָנערישן פרווו [שמדן יידן].

נעמט אָן, מיין פירשט, די פאַרזיכערונג פון מיין טיפסטער פאַרערונג— עסטערהאַזי״.

אויף אַ צווייטער זייט שטייט:

Le Comte Esterh'azy
Projets de conversion des juifs en Russie.
Le Sr Lewisohn, jadis rabbin baptisé en 1839, est designé pour être l'instrument principal du Gouvt [Gouvernement] dans cette affaire.

דער דערמאָנטער לעוויזאָן איז אויך געווען פּראָפעסאָר פון דער אַקאַדעמיע פאַר גייסטלעכע אין פּעטערבורג; לויטן אויפטראָג פונעם אויבער-פּראָקוראָר פון הייליקן סינאָד פּראָטאַסאָוו האָט ער פאַרפאַסט אַ קאַטעכיזים אויף צוגרייטן די קאַנטאָניסטן צום שמד [זע וועגן דעם: „אַלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס” פאַרן יאָר 1845, ז. 693, — רעד.].

# פון יוסף פּערלס אַרכיוו

## פון ישׂראל וויינלעז (לעמבערג)

### I. יוסף פּערלס בריוו צום גענעראַל קאָריטאָווסקי

דער בריוו, וואָס ווערט דאָ צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט, איז אַ ווענדונג פון יוסף פּערל צום גענעראַל קאָריטאָווסקי, וועלכער האָט געוואוינט אין פּלאָטיטש (אַ דאָרף צווישן בּרזעזאַני און טאַרנאָפּאָל) וועגן שטיצן זיין טאַרנאָפּאָלער שול. דער בריוו אַנטהאַלט אין זיך זייער פיל כאַראַקטעריסטישע שטריכן און אויטאָביאָגראַפישע מאָמענטן. פּערל האָט בכלל געהאַט אַ מנהג פון יעדן וויכטיקן בריוו לאָזן ביי זיך אַ קאָפּיע, און אפילו אַז ער האָט געשריבן אַ בריוו אין דייטש, האָט ער אים זיך מעתיק געווען מיט יידישע אותיות. אַזוי איז פאַראַן אין כ״י אַ גאַנץ בוך מיט אָפּשריפטן פון זיינע בריוו צו די פריינד און משפחה-גלידער; אויך די דרשות, וואָס ער האָט געהאַלטן אין זיין סינאַגאָגע, האָט ער זיך איבערגעשריבן מיט יידישע אותיות.

כדי בעסער צו פאַרשטיין דעם תוכן פון אָט דעם בריוו מוז איך באַמערקן, אַז פּערלס שול אין טאַרנאָפּאָל איז געעפנט געוואָרן אינעם יאָר 1813, אַלזאָ אַ יאָר שפּעטער ווי דער בריוו איז געשריבן געוואָרן. טאַרנאָפּאָל איז דעמאָלט געווען אונטער דער רוסישער הערשאַפט (פון 1809 ביז 1815), און דער גענעראַל-גובערנאַטאָר, דער פאַרטרעטער פון דער רוסישער מאַכט, איז געווען סענאַטאָר פאָן טיילס (ווייזט אויס אַ דייטש פון באַלטישן קאַנט), וועלכער האָט פּערלען שטאַרק אונטערגעשטיצט ביים גרינדן די שול (נאָך איצט הענגט דאָרט זיין בילד).

פריער נאָך, בעת עסטרייך האָט געהאַט גאַנץ גאַליציע אין איר מאַכט און עס זענען געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1786 דייטשישע שולן פאַר יידן, איז אויך אין טאַרנאָפּאָל געעפנט געוואָרן אַזאַ שול; זי האָט אָבער קיין שום השפּעה נישט געהאַט אויפן יידישן לעבן (פּערל שרייבט וועגן איר אין דעם בריוו, וואָס מיר ברענגען: „דיא דייטשע שולע דיא אים יאהרע 786 אויף אללערהעכסטעם בעפעהלע היער ערריכטעט וואַר, היט ניכט פיל”) און קאָן בשום אופן ניט פאַרגליכן ווערן מיט פּערלס שול, וועלכע איז געווען די ערשטע אמתדיקע יידישע שול נים נאָר אין גאַליציע, נאָר אין גאַנץ מזרח-אייראָפּע בכלל, מיט אַ ברייטן פאַרנעם און גרויסער השפּעה.

די דאָזיקע שול פאַרדינט אַ באַזונדער מאָנאָגראַפיע. מיר ווילן דאָ נאָר באַמערקן, אַז זי איז געעפנט געוואָרן מיט 13 תּלמידים, אָבער אין יאָר 1819 האָבן דאָרט געלערנט שוין 118 תּלמידים (אין גאַנץ גאַליציע זענען דעמאָלט געווען קוים 300 יידישע קינדער, וואָס האָבן באַזוכט שולן, — צווישן דעם אויך די יידישע רעאַל-שול אין בראָד). אין יאָר 1820 האָט פּערלס שול באַקומען עפנטלעכע רעכט פון דער עסטרייכישער רעגירונג — אַ זאַך, וואָס די היינטיקע יידישע שולן קאָנען זיך ניט דערשלאָגן אין איצטיקן פּוילן.

ס'איז אויך כדאי צו באַמערקן, אַז אינעם לערן-פּלאַן פון דער טאַרנאָפּאָלער שול איז אויך איינגעפירט געוואָרן דער לימוד פון יידישער אָרטאָגראַפיע און יידישער סטיליסטיק.

די וויכטיקסטע ווערק צו דער געשיכטע פון פּערלס שול:

1) Kurze Übersicht des in der Tarnopoler israel. Frey-Schule eingeführten Lehrplanes, nach dem der Unterricht in allen Classen dieser Schule ertheilt wird (Tarnopol 1815, bey N. Pineles). 2) Darstellung der gesetzl. Verfassung der galizischen Judenschaft, versucht von Prof. Michael Stöger (Lemberg 1833), I §§ 68—70, 77—83, II 73—75. 3) Josef Perl, eine biographische Skizze von Dr. Nathan Horovitz (Jahrbuch der Israeliten, V Jahrgang, herausgeg. von J. Busch, Wien 1846). 4) Dr. M. Balaban, Dzieje Żydòw w Galicyj i w Rzeczypospolitej Krakowskiej (Lwòw 1914). 5) מיין אַרבעט אין דער טאָגצייטונג „מאָרגן”, ז״ע״ קאַמף פאַר ליכט און בילדונג אין גאַליציע (לעמבערג 1927).

מיר ברענגען דאָ דעם בריוו (דייטש מיט יידישע אותיות), ווי מיר האָבן אים געפונען קאָפּירט פון פּערלען אין זיין אַרכיוו:

„אַן גענעראל קאָריטאָווסקי אין פלאָטיטש, 25. מערץ 1812.

אייער עקסצעלענץ,

פערצייהען מיר א"ע 1) גנעדיגסט, ווען איך זאָ דרייסט בין א"ע דורך געגענווערטיגעס שרייבען, איינינע מינוטען צו רויבען. איינע ערינערונג אויס מיינען יונגען יאהרען איזט אורזאך דאפאן. אונד איך האָפע שאָן דיזער וועגען, ווערדען א"ע עס גנעדיג אויף נעהמען.

שאָן אלס קנאבע פאן 6 יאהרען, האטטע איך אָפט דאס פערגניגען מיט מיינע עלטערן בייא א"ע צו זיין, אונד אלס יונגלינג האטטע איך דיזע עהרע עבן איינינע מאהל גענאָסען, אימער פאסט הערטע איך דאן א"ע דיא גראָסע פראגע אויף ווערפען, ווארום דיא יודישע נאציאָן אויף קיינע וויסענשאפטען אונד אינדוסטריע זיך פערלעגען, ווארום זיא צו איהרער הויפטבעשעפטיגונג דאס שטודיום דעס תלמודס מאכען, ווארום זיא זיך ניכט דעם פעלדבויע ווידמען, קורץ ווארום זיא זיך ניכט בעפלייסען מענשען צו זיין. עס מאג נאָך שאָן 20 יאהרע צריק [צוריק] זיין, אלס איך דעם לענגסט פערשטאָרבענען קרייז ראבינער אויף איינער בעזוכס רייזע צו א"ע בעגלייטעטע, דאמאהלס שטעללטען א"ע דיזע פראגען אויך אן ערוועהנטעם ראבינער. אבער לייִדער בליבען דיזע פראגען אימער אונבעפרידיגט. ווערער בייאם ראבינער נאָך בייא אנדערען אנזעהנליכען אינזערער געמיינדע, מאכטען דיזע פראגען איינדרוק. דיזע לייטע הארען פאָן אלטען געברייכען אונד געוואָהנהייטען זאָ הינגעריסען, דאש איהר אָהר פיר דיא וואהרהייט טויב בליב. איך הינגעגען אלס יונגלינג, דעססען געפיהל אונד הערץ פאָן דען צאהן דער צייט נאָך ניכט אבגעשטומפפט אונד דעססען פערשטאנד אים קיימען וואר, איך הערטע דיא פראגען אונד עראינערונגען א"ע יעדעס מאהל מיט ווערמע צו. איך פאנד איהרע ווארטע אימער ריין, לעבליך אונד מענשליך, ניכט האס אודער פעראכטונג דער יודישען נאציאָן — וויא בייא מאנכען דער פאלל איזט — טריב א"ע צו דיזען פראגען אָן, ניין! וואהרע מענשען ליבע, דער עדלע וואנש [וואונש] מענשען גליקליך צו זעהן, וואר דיא טריבפעדער דיזער פראגען אָנד עראינערונגען אונד זיא וואָרען מיר וויכטיג. איך נאהם מיר אלזאָ פאָר, זאָבאלד עס מיר נור מעגליך זיין הירד, פיר מיינער בילדונג צו זאָרגען, ניכטס צו פערנאכלעסיגען, וואס מיר אלס מענש נור נוצליך זיין קאָן. אלליין, לייִדער וואר היער דער אָרטה ניכט, אום איינע אָנד צוועקמעסיגע ערציהונג ערהאלטען צו קענען. קיינע שולע, קיינע לעהרער וואָרען דא, אום מיר דער איך מיך וויסבעגיריג פיהלטע אין מיינעם פאָרהאבען בעהילפליך צו זיין. דיא דייטשע שולע דיא אים יאהרע 786 אויף אללערהעכסטעס בעפעהלע היער ערריכטעט וואר, היס ניכט פיל, אָנד מיינע עלטערן זאָרגטען דאפיר, מיך אויך דיעזער צו ענטציהען. דער פלאָן דען מיינע עלטערן מיט מיר האטטען, הינדערטע מיך אין מיינעם וואנש עבן ניכט וועניג. נאָך אלס יונגער מאן הארדע איך צום תלמודישען שטודיום אנגעהאלטען, וויל מיינע עלטערן מיט

1) אייער עקסצעלענץ.

אללער געוואלט מיך צום ראבינער מאכען וואָללטען. איך מוסטע פערשטאהלנער וויזע מיך מיט דער דייטשען שפראכע בעקאַנט מאכען. אין פערשטאהלענעם שלופף ווינקעלען פינג איך אָן דייטשע ביכער צו לעזען, אנד זעהר אָפט מוסטע איך איין העבר. בוך צור האנד האבען, וועלכעס זאָ באלד איך מיינע עלטערן מיר נאהע הערטע, אויף געשלאגען אָנד יענעס פערשטעקט לאג. זאָ האטטע איך ניכט וועניג ווידערווערטיגקייטען צו בעקעמפפען, ביז איך מיט דער דייטשען שפראכע ציטמליך בעקאַנט אונד נוצליכע דייטשע ווערקע צו לעזען אים שטאנדע וואר. איך קאָן מיך צוואר מיט קיינע וויסענשאפטען פרייען, קאָן ניט איינמאהל זאגען, איך זעהע מיינעם וואָנש ערפיללט, דען לייִדער! קאנטע איך ערשט אים עטליכאָנדצוואנציגסטען יאהרע אום מיך זעלבסט בעזאָרגט זיין, דען ביז דאהין וואר איך גאנץ אנטער דער אויפזיכט מיינער עלטערן אונד לעהרער. וויא שוועהר אלזאָ איזט עס דאן ניכט אין דיזע יאהרע אָהנע לייטער, אָהנע וועגווייזער וואס גרינדליכעס צו ערלעהרנען. וואס איך אלזאָ דורך דיא מיר געגעבענע מיהע געוואָן איזט, דאש איך איינזעהן לערנטע, דאש איין מענש אום מענש צו זיין, איינע גאנץ אנדערע ערציהונג אלס יענע בייא מיינער נאציאָן איבליכע נעטהיג איזט, אָנד דאש דורך דער ערציהונגס ארט מיינער נאציאָן דיא יוגענד ניכט נור קיינע בילדונג ערהאלטען, זאָנדערן אללע אנלאגען דעס קנאבענס ווערדען דאדורך נור פערשרויבט אָנד אלע געפיהלע ערשטיקט.

פאָן דיזער וואהרהייט איבערצייגט, ענטשטאנד אין מיר דער לעבהאפטע וואונש, היער אין טארנאָפאָל איינע לעהר אָנד ערציהונגס שולע פיר דיא יודישע יוגענד צו ערריכטען, אין וועלכער דיא יוגענד פאָן געשיקטע מענער צו מענשען אָנד בירגער ערצאָגען, אָנד אין דער אינדוסטריע אונטערריכטעט ווערדען זאָללען. צו דיזעם ענדע פערפאסטע איך איינען בעזאָנדערן שולפלאָן, ערקויפטע היער אין דער שטאדט איינען שענען גרונד, ליס פאָן איינעם געשיקטען ארכיטעקטען דען בויאריס צור לעהר אָנד אינדוסטריעשולע ענטווערפען, האבע אויך איינען טהייל דער נעטהיגען בויאמאטעריאליען אנגעשאפט, אום באלד האנד אנס ווערק צו לעגען. אלליין, דא דיא רעגירונג אין דער היזיגען אלס אין איינער פראָווינציאל שטאדט זאָלכעס געביידע פאָן קיינע אנדערע אלס סאָלידען מאטעריאליען צו פיהרען ערלויבט, זאָ פיל דער קאסטען איבערשלאג זאָ האך אויס, דאש איך זיבער וויס, דאש דורך בלאסער הילפע איניגער געמיינדעמיטגלידער איך דיזעס בויא ניכט צו שטאנדע ווערדע בריגגען קענען, זאָ ענטשלאס איך מיך, בייא געפיהלפאללע אָנד עדלע מענער אנדערער נאציאָן אום אונטערשטיצאָנג אנצוקלאָפפען. איך מאכטע דען פערזוך אָנד פאנד מיך ניכט געטיישט. ז"ע ר"ק 1) געהיימראטה סענאטאָר אונד מעהרערען אורדען ריטטער פאָן טהיילס אנזער גנעדיגסטער לאנדעס שעף, גאב מיר דען ערשטען בעווייז, וויא זעהר איינעם עדלען הערצען האָמאניטעט דאס גרעסטע בעדירפניס איזט.

1) ז"ע — זיינע עקסצעלענץ; ר"ק—רוסיש-קייזערליכער ?

פאָן דיזער עדלען האנדלונג געשטערקט, וואגע איך בייא א"ע אום אונטערשטיצונג מיינעס פאָרהאבענס צו ביטטען. ווארען ראָך א"ע — דיא תאהרהייט צו געשטעהן — דיא הויפט אורזאכע מיינעס אונטערנעהמענס, זאָ דארף איך אויך מיט גרונד האָפּ־פען, דאש א"ע צור אויספיהרונג דעסען מיר איהרע הילפע מילדרייך אנגעדייהען לאסען ווערדען. פערבלייבע....."

## II. א בריוו פון מענדל לעפין (סאַטאַנאָווער) צו שמעון פייט

מיר ברענגען דאָ א בריוו, וואָס מיר האָבן געפונען אין יוסף פערלס ארכיוו, געשריבן פון מענדל לעפין צו זיין פריינד שמעון פייט. דער בריוו באַציט זיך, ווי מ'קאָן פארשטיין פון איין שטעלע (וואָס איז אגב אויסגעמעקט), צו דער צייט, ווען לעפין איז אַלט געווען 70 יאָר, דאָס הייסט צום יאָר 1811. אין דעם בריוו ווערט אויסגערעכנט א ריי ווערק, וואָס לעפין האָט אָנגעשריבן. דער בריוו איז געשריבן אין דייטש מיט יידישע אותיות:

„ליעבער פריינד ר' שמעון פייט שיחי'

וואס מיך נון היר בעטריפט, זאָ האט זיכם מיט מיינע געזונדהייטס אומשטאנדען גאר זעהר געבעסערט [דאָ איז אין כ"י א שורה אויסגעמעקט, מען קאָן אָבער דורכליינען דאָס פריער געשריבענע: „איין מאַן פון 70 יאהר בין איך"]. פאר איינינע יאהרע בין איך וויטווער געוואָרן. האבע אבר עטווא 3000 טאליר אין פערמעגן ווערדע פאָן מיינעם גאָטן פערשטן [1] נאָך אימער אונטערשטיצט אונד בין גאָטלאָב נאָך פריש בייא גאטיר לוינען [2] אונד ארבייטע נאָך אימער פאָרט. איך האבע מיך וויא זיא זעהן אלזאָ ניבט איבר מיינן אומשטענדן צו בע־קלאגן, בלאָס מיינע אויגן בלייבן נאָך אימער שוואך אונד איך האבע נאָך אן מיינעם דייטשען מאנוסקריפט [3] פילעס צו בעאר־בייטן וועלבעס מיר היר צימליך זויער ווערט. קענטע איך מיט עטווא 5 רובל וועבענטליך צום מיינעם אונטערהאלטע אין בערלין גענוג האבען זאָ מאכטע איך גערנן בייא מיינן נאָך וועניגן עדעלן פריינדן דא זעלבסט מיין לעבן אויספיהרן. היר איבער אלזאָ, אלס אויך פאָן איהרן וואָהלערגעהן איצט ווינשע איך דורך פ' איבערברענגר אויספיהרליכע נאַבריכט צו בעקאָמן. פאָן איהרן הערן ברודר ר' זלמן פום' שיחי' האבע איך פיהל גוטעס ערצעהלן געהערט אונד ביטע מיך איהם גיטי'גסט צו ענפפעהלן. איבריגנס לעבן זי וואָהל",

ביים זייט געפינען זיך די עטלעכע שורות:

1) גוטן פירשט — געמיינט פירשט אדאַם טשארטאָריסקי, וועלכער האָט בידוע געשטיצט לעפינען.

2) גוטע לאונע — גוטע שטימונג.

3) ווערט געמיינט זיין דייטש ווערק, וואָס געפינט זיך אין מאַ־נוסקריפט (פנ"ל מיין ארבעט וועגן לעפינען אין „העולם" 1924, נומ. 39—42).

„זייט 1791 דא איך איהר ברודר פייבש שיחי' אין ווארשוי געשפראכען האבע, האט אונזערע קאָריספאָנדענץ פעללינ אויפגעהערט".

## III. פון מענדל לעפינס א בריוו

(פראַגמענט)

אין פערלס ארכיוו האָבן מיר געפונען א פראגמענט פון מענדל לעפינס נאָך א בריוו. צו וועמען ער איז געשריבן האָבן מיר ניט געקענט פעסטשטעלן — אפשר צו יוסף פערלן גופא? דער בריוו איז אָבער וויכטיק דערמיט, וואָס אין אים רעכנט לעפין אויס זיינע ווערק, סיי די געדרוקטע, סיי די, וואָס ליגן אין כתב־יד. דאָ ווערן אויך אויסגערעכנט אלע זיינע יידישע ווערק. ווי באקאנט, איז ביז אהער ניט געווען גאנץ געגוי קלאָר, וואָס ער האָט אין יידיש אָנגעשריבן. מיר ברענגען דעם בריוו כמו שהוא:

„...אונד דא זיינע ז"ל [4] מיר איינגעשערפט וואס מעגליך צור פערבעסערונג דעם שיקזאהל דעם יודישען פאָלקס צו אר־בייטען. זאָ גאב איך אנא 91 מיינע פראנצויזישע בראָשירע צו בעהופע דער קאָנסטיטוציאָן דעם 3טען מאיוס אין ווארשוי הערויס, נאך בעהענדס בריפע אויס דער נאטירליכען טעאָלאָגין מיט שטעללען אויס דען תלמוד און הייליגען שריפט בראָף דורכהירצט צו בערלין, דאן טיסאָטס אנלייטונג פיר דעם געמיי־נעם מאנע און אנזעהונג זיינער געזונדהייט אין פאָפאלערער תלמודישער שפראבע, אנא 94 [5], פראנקלינס זיטענבעסערונגס־קונסט אין עבען דיזער שפראבע 1808 צו לעמבערג, רייזע בע־שרייבונגען נאך שפיצבערגען אונד דער אינזעל פעליאָ אין עבען דער זעלבען שפראבע צו זשאלקאב, איינע איבערזעצונג פאָן דען שפריכען דעם קעניג סאלאָמאָן אין טארנאָפאָל. נון ליגע נאָך מעהרערע דרוקפערטיגע מאנוסקריפטע, איינע איבערזעצונג פאָן דען פסאלמען, פאָן פרעדיגער סאלאָמאָן [6], פאָן ביבע היהאב [7], דאס קלאגע ליד ירמיה, אלעס צור אויף נאהמע דער יודישן פאָלקס שפראבע נעבסט איינען דייטשען אויפזאץ פאָן דער וויכ־טיגקייט דער פאָלקסשריפטען אין יודישער שפראבע צור קולטור אונד אויפקלערונג יודישער איגוואהנער אין פאָהלען".

4) דאָ ווערט זיכער געמיינט משה מענדעלסאָן, מיט וועמען לע־פין איז געשטאנען אין נאָענטע באציאונגען זייענדיק אין בערלין. מענ־דעלסאָן האָט, ווי באקאנט, געגעבן זיין הסכמה צו לעפינס איבערזע־צונג פון „רפואת־העם"; מענדעלסאָן ווערט אויך ציטירט אין אן אנדער ווערק פון לעפינען, וואָס געפינט זיך אין כ"י (העברעאיש); אויספירלעך וועגן דעם שרייב איך אין מיין ביאָגראפיע פון מענדל לעפין, וואָס איך האָב איבערגעגעבן קיין ווילנע דעם יידישן וויסנשאפט־לעכן אינסטיטוט.

5) געמיינט „רפואת־העם".

6) קהלת. 7) איוב

# אַ היסטאָרישע תחינה

פון נח פרילוצקי (וואַרשע)

דער שער פון ספרל זעט אזוי אויס:

נ י י א י  ל א נ ג י

ר א ש  ח ד ש

בענשין תחינה

נעבסט

שערי דמעות תחינה

אונ דעס גלייכן נאך פיל מעהר אנדרי תחינות

האט מן דר ביי גישטעלט

נעהמליך ש ע ר י  ר ח מ י ם׳ אונד ש ע ר י ש מ י ם׳ אונד ש ע ר י  ר צ ו ן׳ אונד פון ב ר כ ת  כ ה נ י ם׳ אונד ה ז כ ר ת  נ ש מ ו ת׳ אויך האבן מיר דר בייא גישטעלט דיא נ י י ם[1] א ל  מ ל א  ר ח מ י ם  ת ח י נ ה׳ וואש זיא איז גימאכט גיווארן אויף אלי קדושים׳ אונד איין תחינת ש ע ר י  ש ל ו ם׳ צו זאגן אלי טאג

ווען דר חזן זאגט (ברכת כהנים)׳

דרום איר פרומי ווייבר קויפט דיא (תחינה) בהענדי

דען זי האט באלד איין ענדי

נ ד פ ס  פ ה

נ א ו ו י  ד ו ו א ה ר

בשנת ת ק ע ״ ג לפ״ק

דאָס ספרל איז אומפּאַגינירט, ווי ס׳רוב נאָווידוואָרער דרוקן; בלויז די בויגנס זענען נומערירט אויפן אונטערשטן גליון. זאַצשפּיגל, די קאָפּשורה און די קוסטאָס נישט גע־רעכנט: 13,70 × 8,25 צ״מ. אויף בויגן 3, בלעטער 1 b, 2 און 3 איז געדרוקט די אין שער ספּעציעל דערמאָנטע „נ י ע  א ל ־ מ ל א ־ ר ח מ י ם ־ ת ח נ ה“, וועלכע איך גיב דאָ ווייטער מיט נישטגעענדערטער אויסלייגונג, אָבער מיט מאָדערנער, פון מיר צוגעגעבענער אינטערפּונקציע:

1) גרייז, שטאָט „נ י י ע“.

## נייא אל מלא רחמים תחנה

א ל  מ ל א  ר ח מ י ם — גאט, דו בישט דר פילט מיט דר בארמקייט, דוא טוסט רואן אין די איברשטן הימלן, דו זאלשט מאכן גרייכן איין וואר הפטיגי רוא איבר די פליגל פון דיינר שכינה אין דיא מעלה פון דיין הייליגי רייני נפשות, וואש זענן לויטר אונ פיין אלש די לויטרי הימלן. זי זיין גי־עהרט גיוועזן אלש די פירשטן פון לאנד, זיא ווארן אונזרי לערנר אונ אונטר ווייזר.

דז ווארן די עשרה הרוגי מלכות. ווען איך דראן דענק מוז איך וויינן. וויא דר גורל איז גפאלן אויף רבי שמעון דז ער הט זעלן אומס לעבן קומן האט ער זיין האלז זעלבר אויש גישטרעקט צום שעכטן. פון זרע אהרן וואר איינר, דר הט דען צדיק ר׳ שמעון וועלן בטרויארן, האט ער דען צדיק זיין קאפף[1] גיליגט אויף דר שוועל פון דר מנורה און הט זייני אויגן אויף דען צדיק זייני אויגן[2] גענומן אונ הט גשריאן: „זוא איין צדיק׳ וואש הט זיך נישטערקט אין די תורה, זאל אזו איין בימרן טויט איין נעמן!“ — נאך איהם הט מן ר עקיבא מיט אייזרני קעם דש פלייש פון לייב ארונטר גריסן ביז איהם די נשמה אויז גינג אין ווארט „אחד“, אונ איין בת קול הט גשריאן: „וואול דיר ר׳ עקיבא, דיין גוף איז הייליג אונ ריין!“ — נאך איהם הט מן גיהרגט ר׳ יהודה. ער וואר זיבצינ יאר אלט. ער האט יוסט דען טאג גיפאסט אונ פלייסיג תורה גילערנט. — נאך איהם הט מן גנומן ר׳ חנניא בן תרדיון, וועלכר גזעסן איז אונ זיין ספר תורה ביי זיך גיהאט, האט מן איהם גבונדן אונ האבן איהם גלאזט צו רייסן אויף דר ספר תורה אונ הבן שטענגליך פון פלאקס אויף זיין הערץ גצונדן דז ער זאל ניט באלד שטערבן. — נאך אים הבן זי ממית גוועזן החסיד רבי ישכר הסופר אונ הבן אים פר דיא הונד גווארפן, אונ איז ניט צו קבורה גקומן. אויף איהם האט איין בת גשריאן דש ער ניט האט איין מצוה פר פעהלט פון תורת משה. — נאך אים הט מן גיהרגת ר׳ חיצפות, וועלכר מלא תורה וואר. — נאך אים הט מן דען

1) „דען צדיק זיין קאָפּף“ — דעם צדיקס קאָפּ.

2) „אויף דען צדיק זייני אויגן“ — אויף דעם צדיקס אויגן.

צדיק ר׳ אלעזר בן שמוע דר שטאכן מיט איין שווערד. ער הט יוסטאמענט קידוש גימאכט, האט מן אים ניט וועלן ליידן קידוש אויש צו מאכן, אונ זיין נשמה גינג אים אויש אין וואָרט „ברא אלהים“. — נאך מער לייט הט מן דן גוועזן מיט סקילה, שריפה, הרג וחנק.

ליבר גאט, דענק אונז דען זכות פון די דריי שיפן פיל [-פול] מיט קינדר וואש נאך קיין זינד הבן גיטאן, — ווי מן זי הט וועלן וועק שיקן פון ארץ ישראל אונטר די עכו״ם, האבן זיא איינר צום אנדרן גזאגט: „איי [-איידער] מיר זאלן לייקנן אן אונזר גאט, ליבר וועלן מיר שטארבן“. דרויף האבן זיא אלי מקדש השם גיוועזן און הבן זיך דר טרענקט אין וואשר.

דענק אונש דען זכות פון חנה מיט איהרע זיבן זון, וואש זיא האבן זיך לאזן ממית זיין פון דיין ליבן נאמן וועגן.

עש זענן בעונותינו הרבים ווארדן יהודים דר שלאגן אלש וויא דיא שאף הירט וייז אין יאָר תתנ״ז, אונ אין יאָר ת״ח אונ אין יאָר תט״ז, צווישן פסח אונ שבועות איז גיוועזן איין גרוישר חורבן אין דר גאנצר וועלט, וואש איז גשעהן צו אונזרי ברודר אין גאנצן קליין אונ גרויש פולין. עש זיין ווארדן גוווארפן פיר הונדרט קינדר פון איין הויכן טורים אין וואשר אריין. הוי וויא גשריאן איבר דיא צרות! עש זיין גישאכטן ווארדן די פעטר מיט דיא קינדר אין דיא היילגי שולן אונ איז קיין רחמנות איבר זי גוועזן. ליבר גאט, איך טוא קלאגן טאג אונ נאכט אויף דאש גרוישי ליכט פון די רבנים אויש די קהלות, וואש זיין ווארדן דר שלאגן מיט אום דר בארמקייט. דר ערשטר איז גיוועזן הרב מק״ק ווראָשנא. דר האט ניט אויף גיהערט מיט זיין מויל צו לערנן טאג אונ נאכט — וויא גשריאן, קלאג, דו מזבח, אויף די בּיזי גזירה, וואש איז אויש גגאנגן אויף הרב החסיד מוהר״ר ישראל מק״ק זלאטאווי. — פאר וואר דיא מלאכים טואן ביטרליך שרייאן אונ וויינן אויף הרב הגדול מהר״ר זעליג מק״ק ליבזענץ, דש מן הט אים זיין קאפף צו האקט, אונ ער וואר מלא תורה ומצות. — מייני אויגן טואן רינן וואשר, ווען איך דענק דש עש איז ווארדן דר שלאגן דר רב מק״ק דאנאשני. — נאך מער הבן זיך גמערט צרות. עש זיין געפייניגט גוואָרן יונגי און אלטי לייט. — נאך מער מוז איך קלאגן אויף הרב מוהר״ר פנחס בהרב מוהר״ר מתתיהו בן הקדוש הרב רבי משה, ויא מן האט גיברענט איהרי לייבר פיל מיט וואונדן. — ווי גשריאן, עש זיין ווארדין גנומן אין איינן טאָג צוויי גאלדני קרונן, די היילגי אונ דיא רייני: הדרשן הרב מוהר״ר ליב בהרב מוהר״ר יוסף והקדוש השתדלן מוהר״ר יעקב במהור״ר פנחס מק״ק פוזנא. — דש בלוט פון די קדושים שרייאט צו דיר אויש דר ערד. עש איז ווארן פר דארבן יעקב אונ דיא וואונונג פון יהודה איז ווארן פר ווּסט. דו זאלשט זיא אן בּרייטן צו עולם הבא. — נאך פיל מער זיין ווארדן גיפייניגט מיט סקילה, שרפה, הרג וחנק, וועהר קאן אליש דר שרייבן. אטייל האבן זיך זעלבר דר טרענקט, אטייל האבן זיך גלאזט טויטן אויף קדוש השם, אטייל זיינן ניט גקומן צו קבורה. ווייבר אונ בתילות הבן זיך זעלבר דר טרענקט. זי הבן גשריאן אונ האבן אן גרופן דיין היליגן נאמן מיט מורא. — ווען מיר גלייך אלי מעכטן אום קומן אין דר צרה, בישטו דאך איין בארמה[ר]ציגר גאט. צו דיר האבן מיר גזינדיגט, דרום זיין אויף אונז גקומן די צרות. — ווער דש הערט מוז דאך גוויש וויינן, דש דר זון איז ווארן גישאכטן, וויל [-בשעת] דר פאטר האט קריאה שמע גילייגט. דיא שענשטי אונטר דיא טראגנדיגי ווייבר הט מן דען בויך אויף גישפאלטן אונ דש קינד הט איר צווישן דיא פיס גיצאפלט, ביז איהר די נשמה אויש גינג. חתנים וכלות האבן אויף זיך מקבל גוועזן די לייד אונ הבן אויף גיהובן דיא אויגן קיגן דעם הימל אונ הבן גישריאן: „שמע ישראל ה׳ אלהינו ה׳ אחד!“.

איך טוא ביטרליך וויינן אויף דיא פיל שולן אונ אויף דיא פיל ספרי תורה אונ אויך אנדרי ספרים, וואש זיין פר ברענט גוואָרן אין דר שטאט אומן אין אוקריינא אונ אין ק״ק פּאוולעוויטש במדינת פולין.

אויך איז צו קלאגן אויף דיא פיל קדושים, וואש זענן אום גקומן אין פראגא ביי ווארשוי מיט מיתות אכזריות.

תורה, דו זאָלשט דיר אן טואן איין זאק אונ זאלשט בעטן פר דען בשעפר טאג אונ נאכט אויף דייני קינדר. אבר דוא גאט, בישט אל רחום וחנון, דרום זאלשטו אן טאן דאש קלייד פון דר בארמקייט אונ זאלשט דיך דר בארמן איבר דיין ארום פאלק ישראל מיט איין גרושי דר בארמונג ביז איביג. פתח, עפין דיין אויגן אונ זעה דיין פאלק ישראל די אביונים, וואש זענן פר שפרייט אין אלי פיר עקין דר וועלט. דרום בעט איך דיך, ליבר פאטר, זאמל איין דיין פאלק ישראל, אונ עש זאל צו זיא קומן אין דר ווייטרונג, דש זי זאלן ווידר זיין ווי צו פאר מאל. — את אלה, די דאָזיגי קדושים אונ הרוגים זאלשטו גידענקן, וייל זיא הבן, ליידר, גליטן זעלכי מיתות משונות, אונ איהרי נשמות זענן אויף גגאנגן מיט דעם וואָרט „אחד“ צו מאכן ווירדיג דיין היילגן נאמן. דרום זאלשטו גידענקן די עקידה פון יצחק אונ זאלשט איין זאמלן די פר שטוסני פון ישראל. — ארץ, דו ערד, זאלשט ניט צו דעקין דאש בלוט פון די קדושים, אונ דו, גאט, זאלשט זייא ברענגן אין די מחיצה פון די עשרת הרוגי מלכות אונ די הרוגים פון לוד, אונ בייא די עקידת יצחק זאלשטו איהרי עקידות אויך גדענקן, אונ זיי מקיים, ויא דוא האשט גזאגט צו דיא נביאים: „איך וויל שיקן אליהו הנביא אין איר זכות פר דען גרוישן אונ פארכטצומן טאג“, אונ מיר ווערן ניהן נאך די שטאט ציון, און ווערט זי באלד דר ליזן. דרויף וועלן מיר זאגן אמן סלה.

אב הרחמים, פאטר דר בארמיגר, דר דא רואט אין הויכן הימלן, מיט זיין דר בארמקייט די שטרקי ער זאל גידענקן מיט דר בארמקייט די חסידים אונ די[1]... פרומן אונ די רעכט פארטיגי אין די היילגי קהלות, די אירי לייבר האבן איבר ענטפרט אויף קדוש השם, די גליבטן אונ די

1) דאָס ווייטערדיקע וואָרט איז אויסגעריבן.

ליבלייכן, דיא אירש לעבן צו דעם טויט האבן זיא זיך דר געבן, מער אלז די ארלר זיין זי גוועזן גרינג, אונ מער אלז וויא דיא ליבן [־לייבן] האבן זי זיך גישטערקט צו טוהן דען ווילן פון איה־ן בישעפר אונ דען בגעה־ר פון איהרן בישעפר. ער זאל זיא גדענקן ־ ־ גאט — צו גוטן מיט דיא אנדרי צדיקים פון ד־ר וועלט, אונ ער זאל רעכנן [־נקמה נעמען] פאר אונזר אויגן, אז וויא גשריבן שטיהט אין תורת משה דר געטליכר מאן: „לויבט איר פעלקר זיין פאלק, דען דאש דם זיינה קנעכט ער ווערט רעכנן [־נקמה נעמען], אונ די רעכנונג [־נקמה] ער ווערט ווידר קערן צו זייני לייריגר, אונ ער ווערט פר געבן זיין לאנד די זינד זיינש פאלק". אונ דורך דייני קנעכט דיא נביאים איזט גשריבן צו זאגן: „ווען דוא לאזט לידיג, איר דם ניט דוא ווערשט לאזן לידיג אונ גאט ער רוהט אין ציון". אונ אין דיא הייליגי ,כתובים איזט גשריבן צו זאגן: „ווארום זאלן זי זאגן, די עמלקים, וואו איזט נון איהר גאט". ער זאל ווערן צו וויסן אונטר די פעלקר פר אונזר אויגן רעכונג דאש דם דיינה קנעכט, דש דא וואר־דן פר גאסן. אונ נאך איין פסוק זאגט: „ער פארשט אלי בלוט פר גיסונג, ער האט גידאכט זיא אונ ער האט ניט פר געסן דש גישריי דער דעמוטיגן". און נאך איין פסוק זאגט: „ער ווערט רעכנין אונטר דען עמלקים אלי זאמלונג דער לייבר, ער ווערט וואונדן הייבט אויף דען קעסטליכן לאנד, פון דעם באך אן וועג ער ווערט טרינקן, דרום אזו ער ווערט אויף היבן דאש הויבט"...

---

דעם סוף ברענג איך נישט, מחמת אין אים נעמט די תחינה שוין אָן דעם כאראַקטער פון פריוואט־אינדיווידועלער הזכרת נשמות („עש זאל זיין דר ווילן צו פר דיר, גאט, מיין גאט אונ גאט מיין עלטרן, דש דוא זאלשט לייכטן היינט מיט דיין גרושין גנאד... אויף די נשמות פון מיין פאטר אונ מוטר"... אאַז"וו).

די „אל־מלא־רחמים־תחינה" אויף די ק ד ו ש י ם פאַרדינט אַן אויספירלעכע היסטאָרישע, ליטעראַרישע און ביבליאָגראַפישע באַהאַנדלונג, אָבער נישט דאָ איז דאָס אָרט דערפאַר.

ווען מיר געבן דאָ איבער דעם „נ י י ע ם" נוסח, טוען מיר דאָס פון וועגן דעם אומשטאַנד, וואָס אין אַ פּובליקאַציע פון יאָר תקע"ג (1813) איז דערמאָנט די שחיטה, וואָס ס ו ו אָ ־ ר אָ ח ם חיל האָט אָנגעמאַכט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג פון דער וואַרשעווער פאָרשטאָט פ ר אַ ג ע אין יאָר 1794.

# ביבליאָגראַפיע

## יידישע היסטאָרישע ליטעראַטור אין פאַרשיידענע שפּראַכן

### פון 1927 ביז 1929 (מערץ)

מיר גיבן דאָ אַ רשימה פון דער יידישער היסטאָרישער ליטעראַטור, הי אויך פון מעמוארן, וואָס זיינען דערשינען פאַר די לעצטע 2 יאָר אין אַלע שפּראַכן. צוליב דוחק אין פּלאַץ האָבן מיר ניט געקענט אַריינגעמען אַלץ, וואָס איז אין משך פון דער צייט אויף דעם געביט פאַרעפנטלעכט געוואָרן. די ליטעראַטור אין יידיש האָבן מיר געבראַכט אויספירלעכער און דערביי אַריינגענומען אויך די גרעסערע אָריגינעלע ווערק פון יידישער ליטעראַטור-געשיכטע און טעאַטער-געשיכטע (ווי צ״ב פון ד״ר מ. ווייַנרייַך, מאַקס עריק, ד״ר י. צינבערג, ד״ר י. שיפּער), מחמת אין זיי געפינען מיר ניט ווייניק אויך ריין-היסטאָרישן מאַטעריאַל.

אַלגעמיינע היסטאָרישע ווערק אויף אייראָפּעאישע שפּראַכן, וואו עס טרעפט זיך נאָר בדרך אגב יידיש-היסטאָרישער שטאָף, האָבן מיר אין דער רשימה ניט אַריינגענומען, מיט גאַנץ קליינע אויסנאַמען.

מיר האָבן ניט געפונען פאַר נויטיק צו רעגיסטרירן דאָ די ספּעציעלע היסטאָרישע זשורנאַלן, ווי די Monatsschrift für Geschichte und Wissenschaft des Judentums און Revue des Études Juives, וועלכע זיינען אַלגעמיין באַקאַנט און גייען אַרויס שוין אין משך פון פיל צענדליקער יאָרן.

די רשימה איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון א. מענעס, ה. באָראָדיאַנסקי און א. טשעריקאָווער.

רעדאַקציע

### יידיש:

ש. דובנאָוו, די נייסטע געשיכטע פון יידישן פאָלק. ב. III (1881—1914); יידיש — ה. ש. קאַזדאַן, וואַרשע 1928, פאַרלאַג „קולטור-ליגע"; 556 ז.

ד״ר מאַקס ווײַנרײַך, שטורעמווינט, בילדער פון דער יידישער געשיכטע אין 17־טן י״ה. ווילנע 1927, פאַרלאַג „טאָמאָר"; 220 ז.

שלמה מיימונס לעבנסגעשיכטע, געשריבן פון אים אַליין; איבערגעזעצט פון א. י. גאָלדשמידט, צוויי טיילן, ווילנע 1928, „טאָמאָר; 471 ז.

ספר־הזכרונות פון דוד הראובני. יידיש, מיט אַ היסטאָרישער אָפּהאַנדלונג פון א. י. גאָלדשמידט, ווילנע 1927, „טאָמאָר"; 243 ז.

ק. יקטן, די געשיכטע פון יידן אין עסטלאַנד. דאָרפּאַט 1927; 100 ז.

צייטשריפט פאַר יידישער געשיכטע, דעמאָגראַפיע און עקאָנאָמיק, ליטעראַטור-פאָרשונג, שפּראַכוויסנשאַפט און עטנאָגראַפיע. ב. II—III; מינסק 1928, אויסג. פון יידישן סעקטאָר ביים אינסטיטוט פאַר ווייַסרוסישער קולטור; 908 + XIII ז. [צום געביט פון געשיכטע געהערן נאָר די ז. 1—165].

ד״ר יצחק שיפּער, געשיכטע פון יידישער טעאַטער-קונסט און דראַמע, פון די עלטסטע צייטן ביז 1750. ב. I און II, וואַרשע 1927, פאַרלאַג „קולטור-ליגע"; 221 און 272 ז.

ד״ר יצחק שיפּער, יידישע פאָלקס-דראַמאַטיק ביז 1750 (III־טער באַנד פון דער „געשיכטע פון יידישער טעאַטער-קונסט און דראַמע). וואַרשע 1928, פאַרלאַג „קולטור-ליגע"; 303 + 5 ז.

מאַקס עריק, די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור פון די עלטסטע צייטן ביז דער השכלה-תקופה. וואַרשע 1928, „קולטור-ליגע"; 451 ז.

ד״ר מאַקס ווײַנרײַך, בילדער פון דער יידישער ליטעראַטור-געשיכטע, פון די אָנהויבן ביז מענדעלע מוכר-ספרים. ווילנע 1928, פאַרלאַג „טאָמאָר"; 370 ז.

ד״ר י. צינבערג, די געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן (אייראָפּעאישע תקופה). ב. I (מיטלאַלטער), ווילנע 1929, „טאָמאָר"; 320 ז.

אברהם ריינווין, דער ייִד אין קאַנאַדע (מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון קאַנאַדער יידן). ב. II, טאָראָנטאָ 1927, „קאַנאַדע".

דער יידישער אַרבעטער. כרעסטאָמאַטיע צו דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־, רעוואָלוציאָנערער און סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד. צונויפגעשטעלט דורך א. קירזשניץ, אונטער דער רעד. פון מ. ראַפעס. ב. III (1908—1916), מאָסקווע 1927, „שול און בוך"; 361 ז.; ב. IV (1917—1918), מאָסקווע 1928, 292 ז.

יידישער אַרבעטער־פּנקס (צו דער געשיכטע פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג), רעדאַגירט דורך זרובבל. ב. I, וואַרשע 1928, פאַרלאַג „נייע קולטור"; 2־טע אויפלאַגע, 657 ז.

י. קאָפּעלאָוו, אַמאָל אין אַמעריקע. זכרונות פון דעם יידישן לעבן אין אַמעריקע אין די יאָרן 1883—1904. וואַרשע 1928, פאַרלאַג ח. בזשאָזע; 643 ז. [דער פריערדיקער באַנד — „אַמאָל איז געווען. זכרונות פון דעם יידישן לעבן אין ליטע אין די יאָרן 1860—1882" — איז דערשינען אין ניו-יאָרק אין 1926].

אבֿ. קאַהאַן, בלעטער פון מיין לעבן. ב. I (אין דער אַלטער היים), 515 ז.; ב. II (מיינע ערשטע 8 יאָר אין אַמעריקע), 458 ז.; ב. III (זיבן יאָר קהלשע אַרבעט), 493 ז., ווילנע-וואַרשע 1928, פאַרלאַג ב. קלעצקין [די 3 בענד זיינען איבערגעדרוקט פון דער ניו-יאָרקער אויסגאַבע 1926—1927]; ב. IV (אין די מיטעלע יאָרן), ניו-יאָרק 1928, פאַרלאַג „פאָרווערטס-אַסאָסיאיישאָן"; 607 ז.

גרשון באַדער, דרייסיק דורות יידן אין פּוילן. ניו-יאָרק 1927; 16 + 495 ז.

ש. ל. ציטראָן, משומדים, טיפּן און סילועטן פונם נאָענטן עבר. 1־טער און 2־טער טייל, וואַרשע, יאָר ?, „אחיספר" ביי געז. „צענטראַל"; 174 און 166 ז.

ש. ל. ציטראָן, אַוועק פון פאָלק (פון דער סעריע „משומדים"). 3־טער און 4־טער טייל, וואַרשע, יאָר ?, „אחיספר" ביי געז. „צענטראַל"; 307 און 378 ז.

ש. ל. ציטראָן, שתדלנים. וואַרשע, יאָר ?, „אחיספר"; 360 ז.

ש. ל. ציטראָן, באַרימטע יידישע פרויען. וואַרשע 1928, „אחיספר"; 370 ז.

ישראל רוחומובסקי, מיין לעבן און מיין אַרבעט. פּאַריז 1928; 300 ז.

זלמן רייזען, לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע. 2־טער באַנד (כ—פּ), ווילנע 1927, פאַרל. ב. קלעצקין; 1044 שפּ.

ד״ר יעקב שאַצקי, שפינאָזאַ און זיין סביבה. צווייטע פאַרבעס. אויסגאַבע; וואַרשע—ניו־יאָרק 1929, „יאַטשקאָווסקיס ביבליאָטעק״; 354 ז.

ד״ר א. גינזבערג, יידישע דענקער און פּאָעטן אין מיטלאַלטער. 2 בענד; וואַרשע—ניו־יאָרק 1928, „יאַטשקאָווסקיס ביבליאָטעק״.

מרדכי אַלפּערסאָן, 30 יאָר אין אַרגענטינע. מעמואַרן פון אַ יידישן קאָלאָניסט. 3־טער טייל, בוענאָס־איירעס 1928; 208 ז.

מעמואַרן פון ישראל בונימאָוויטש, זאַמלבוך פון זכרונות, אַרטיקלען און מאַטעריאַלן, אונטער דער רעד. פון חיים לעווין. ווילנע 1928, 368 ז.

א. קירזשניץ, די יידישע פּרעסע אין ראַטן־פאַרבאַנד (1917—1927). מינסק 1928, 72 ז.

א. קירזשניץ, די יידישע פּרעסע אין חייַסרוסלאַנד (1917—1927), מינסק 1929; 26 ז

## העברעאיש:

מדעי־היהדות, כתבי האוניברסיטה העברית בירושלים. ספר ב׳, ירושלים, תרפ״ז; 308 ז.

ציון, מאסף החברה הא״י להיסטוריה ואתנוגרפיה. ספר שני, ירושלים, תרפ״ז, „דביר״; 172 ז.

ירושלים, החברה העברית לחקירת א״י ועתיקותיה. לזכר ר׳ אברהם משה לונץ, בעריכת א. סוקניק וי. פרס, ירושלים תרפ״ח, הוצאת „דרום״; XII + 384 ז.

צבי כשדאי, שבטי יעקב ונצורי ישראל. חומר לחקירה על אדות עלית השבטים. חיפה, תרפ״ח, „ישרון״; 203 ז.

יוסף קלויזנר, הרעיון המשיחי בישראל מראשיתו ועד חתימת המשנה. הוצאה שניה מורחבת. ירושלים (דפוס הפועלים), תרפ״ז; V + 345 ז.

יוסף קלויזנר, ישו הנוצרי. הוצאה ב׳, ווארשא—ירושלים, תרפ״ז, א. שטיבל; IV + 552 ז.

הגורן, מאסף לחכמת ישראל. ערוך ע״י ש. א. הורודצקי. ספר עשירי, ברלין, תרפ״ח, „ילקוט״, 172 ז.

רשמות, מאסף לדברי זכרונות לאתנוגרפיה ולפולקלור בישראל. כרך ה׳, ערוך ע״י ח. נ. ביאליק וי. ח. רבניצקי, תל־אביב, תרפ״ז, „דביר״; 447 ז.

ספר זכרון לכבוד שמואל אברהם פוזננסקי (תרכ״ה—תרפ״ב). מוגש ע״י ידידיו וחבריו למדע. ורשא, תרפ״ז, הועד של בית־הכנסת הגדול; 214, 216 ז. (מיט אַן אָפּטיילונג פאַר אייראָפּעאישע שפּראַכן).

התקופה. ספר כ״ד, העורכים: ש. טשרניחובסקי, ב. צ. כץ, ש. רבידוביץ. ברלין, תרפ״ח, הוצאת א. שטיבל; 552 ז.

משה דוד גאון, יהודי המזרח בארץ־ישראל בעבר ובהוה. כ׳ א׳, ירושלים, תרפ״ח; 290 ז.

אריה ליב פרומקין, תולדות חכמי ירשלים. ח׳ א—ג׳, ירושלים, תרפ״ז—תרפ״ט, הוצ. „דרום״; 812 ז.

ד״ר חיים אורניאן וד״ר פיליפ פרידמן, מקורות להסטוריה ישראלית, חוב׳ א׳, ו׳, תרפ״ח—תרפ״ט, הוצ. „עבר״; 34, 47 ז.

אפרים ירושלמי, מחקרים בהסתוריה ובדת הישראלית. כ׳ א׳, ירושלים תרפ״ט, הוצ. „דרום״.

שלמה סופר, ספר אגרות סופרים, מכתבי ר׳ עקיבא איגר, ר׳ משה סופר, אברהם, שמואל בנימין ושמעון סופר. וין, תרפ״ט, הוצ. יוסף שלעזינגער; VI + 94 + 106 + 74 + 108 ז.

נחום סוקולוב, ברוך שפינוזא וזמנו. לונדון תרפ״ח.

יעקב הלוי ליפשיץ מקאוונא, זכרון יעקב. חלק שני, הסתורי׳ ישראלית, מחיי היהודים ברוסיא ופולין משנת תק״ך—תר״ם, קאָוונע 1927, 212 ז. [דער ערשטער באַנד פון „זכרון יעקב״ — פאַר די יאָרן תק״כ ביז ת״ר און פון ת״ר ביז תר״כ — איז דערשינען אין 1924 אין פראַנקפורט־מייַן].

ד״ר צבי גרץ, דברי ימי ישראל. כ׳ ו, תרגום ש. ל. ציטרון, בצרוף מבוא מפורט מאת פ. לחובר ועם הערות מדעיות מאת ד״ר ש. י. קמנצקי. וואַרשע 1929, הוצאת „אחיספר״; 2 ביכער — 342 ז.

מרדכי ראַבינאָוויץ, בני־משה. תל־אביב, תרפ״ח, 33 ז.

יצחק בן־צבי, שאר ישוב. תל־אביב 1927, הוצ. „דביר״; 192 ז.

מרדכי בן הלל הכהן, עולמי. חלקים א׳—ה׳, ירושלים, תרפ״ז—תרפ״ט, הוצ. „מצפה״.

מרדכי בן הלל הכהן, מלחמת העמים (יומן). ס׳ ראשון, ירושלים, תרפ״ט, הוצ. „מצפה״; 220 ז.

משה סמילנסקי, זכרונות. כ׳ א׳—ג׳, תל־אביב, תרפ״ח—תרפ״ט, 268 + 348 + 319.

אברהם אלמאליח, ארץ ישראל וסוריה בימי מלחמת העולם. כ׳ א׳, ירושלים תרפ״ח, 328 ז.

יצחק ניסנבוים, עלי חלדי, תרכ״ט—תרפ״ט. ווארשה תרפ״ט, 356 ז.

א. ד. רוזנטל, מגלת הטבח, חומר לדבר־ימי הפרעות והטבח ביהודים באוקרינה, ברוסיה הגדולה וברוסיה הלבנה. ירושלים, תרפ״ח, הוצ. „דביר״.

כתבי א. ש. ליברמאַן. ספר ראשון (ספר האוטפיות, מכתבים ורשימות). תל־אביב, תרפ״ח, הוצ. „דביר״; 100 ז.

## רוסיש, אוקראַיניש און פּויליש:

Юлий Гессен, История еврейскаго народа в России. 2 тома. Ленинград, 1925–1927, 1—244; 11—234 стр.

Г. Барац, Собраніе трудов по вопросу о еврейском элементѣ в памятниках древне-русской письменности. Том I, отдѣл первый и второй. Париж, 1927, 915 стр.

Еврейская Старина. Т. XII, изд. Евр. Историко-Этнографич. Общества, Ленинград, 1928, 408 стр.

С. Я. Боровой, Еврейская земледельческая колонизация в старой России (политика—идеология—хозяйство—быт), по архивным материалам. Москва, изд. Сабашникова, 1928, 200 стр.

Еврейский Вестник. Научно-литературный сборник, под ред. С. М. Гинзбурга, изд. Общества распространения просвещения между евреями. Т. I, Ленинград, 1928, 246 стр.

1905 (год). Материалы и документы, под общей редакцией М. Н. Покровского. Еврейское рабочее движение, составил А. Д. Киржниц, Госуд. Издательство, 1928, 407 стр.

Архив Русской Революціи, изд. В. Гессеном. Том XIX, Берлин, 1928, стр. 245.—284: Документы о преслѣдованіи евреев

К. Іоктон, „Работа“ бѣлой арміи Юденича по „еврейскому вопросу“ (готовившійся погром над евреями Петрограда). Тарту 1928 (עסטלאַנד), 15 стр.

Збірник праць жидівської історично-археографічної комісії, кн. I, Київ, Всеукраїнська Академія Наук, 1928, 250 стр.

Majer Bałaban: Studja historyczne. Warszawa, 1927, Typ. „Korona“, 197 pp.

Mgr. Pinchas Kon: Odnaleziona część archiwum dawnego Kahału Wilenskiego (Odbitka z „Ateneum Wileńskiego“, zeszyt 15), Wilno 1928, 20 pp.

## דייטש:

Simon Dubnow: Weltgeschichte des jüdischen Volkes. Bd. VI (Die Neuzeit, I. 1498—1648), 499 S.; Bd. VII (Die Neuzeit, II. 1648—1789), 547 S.; Bd. VIII (Die neueste Geschichte, I. 1789—1815), 444 S.; Bd. IX (Die neueste Geschichte, II. 1815 bis 1881), 528 S., Berlin, 1927—1929, Jüdischer Verlag.

Berthold Rosenthal: Heimatgeschichte der badischen Juden seit ihrem geschichtlichen Auftreten bis zur Gegenwart. Bühl, 1927, Konkordia, VIII + 532 S.

Erwin Manuel Dreifuß: Die Familiennamen der Juden unter besonderer Berücksichtigung der Verhältnisse in Baden zu Anfang des 19. Jahrhunders. Frankfurt a. M., 1927, I. Kauffmann, XIV + 143 S.

Alfonso Cassuto: Gedenkschrift anläßlich des 275jährigen Bestehens der portugiesisch-jüdischen Gemeinde in Hamburg. Amsterdam, 1927, Herzberger, 31 S.

A. Heppner: Aus Vergangenheit und Gegenwart der Juden und der jüdischen Gemeinden in den Posener Landen, von A. Heppner und I. Herzberg. Heft 24. Breslau, 1927, Selbstverlag. S. 921 bis 960. [די פריערדיקע העפטן זיינען דערשינען אין די יאָרן 1904—1921]

Ludwig Bato: Die Juden im alten Wien. Wien, 1928, Phaidon-Verlag, 262 S.

Dr. Filip Friedmann: Die galizischen Juden im Kampfe um ihre Gleichberechtigung (1848—1868), Frankfurt a. M., 1929, I. Kauffmann, 215 S.

Samuel Josef Schulsohn: Die Geschichte der Juden in der Bukowina unter österreichischer Verwaltung 1774—1918. Berlin, 1928, Lamm, 45 S.

I[sidor] Kracauer: Geschichte der Juden in Frankfurt a. M. (1150—1824). Herausgegeben vom Vorstand der Israelitischen Gemeinde Frankfurt a. M., Bd. II. 1927, Kauffmann, VIII + 553 S. [Bd. I — 1925].

Dr. Kurt Waurzinek: Die Entstehung der deutschen Antisemitenparteien (1873—1890), in „Historische Studien", Heft 168, Berlin, 1927, Emil Ebering, 99 S.

Tassilo Hoffmann: Jakob Abraham und Abraham Abrahamsohn. 55 Jahre Berliner Medaillerkunst 1755—1810. Frankfurt a. M., 1927, I. Kauffmann.

Heinrich Kurtzig: Ostdeutsches Judentum. Tradition einer Familie. Stolp 1927, VIII + 164 S.

(Mark Lidzbarski): Auf rauhem Wege. Jugenderinnerungen eines deutschen Professors. Gießen, 1927, Töpelmann, 215 S.

Samuel Krauss: Joachim Edler v. Popper (Ein Zeit- und Lebensbild aus der Geschichte der Juden in Böhmen); Wien, 1927, 152 S.

Gabriel S. Rosenberg: Familienchronik der Familie Rosenberg; Hermon 1927, Frankfurt a. M.

Malkizedek [M. Kaznelson]: Probleme der jüdischen Geschichte und Geschichtsphilosophie. Berlin 1929. Jüdischer Verlag. 128 S.

M. Grunwald: Mitteilungen zur jüdischen Volkskunde. 30. Jahrgang. Frankfurt a. M., 1927. I. Kauffmann, 54 S.

Jahrbuch der Jüdisch-Literarischen Gesellschaft, Frankfurt a. M. I. Kauffmann, Bd. XVIII 1927, VIII + 391 S.; Bd. XIX 1928, IV + 340 + 31 S.

Rudolf Kittel: Geschichte des Volkes Israel, Bd. III. Die Zeit der Wegführung nach Babel und die Aufrichtung der neuen Gemeinde. Stuttgart, 1927, Kohlhammer, VIII + 298 S.

Hugo Greßmann: Altorientalische Texte und Bilder zum Alten Testament. Zweite völlig neugestaltete und stark vermehrte Auflage. Berlin, de Gruyter. [Bd. I, Texte, 1926, X + 478]; Bd. II, Bilder, 1927, XI + 224 + CCLX S.

Die Religion in Geschichte und Gegenwart: Handwörterbuch für Theologie und Religionswissenschaft. Zweite völlig neubearbeitete Auflage. Herausgegeben von Hermann Gunkel und Leopold Zscharnack, Tübingen, Mohr. Bd. I — 1927, 2052 Col. Bd. II — 1928, 2062 Col.

V. Aptowitzer: Parteipolitik der Hasmonäerzeit im rabbinischen und pseudoepigraphischen Schrifttum. Wien, 1927, Kohut-Foundation, XXX + 326 S.

Siegmund Jampel: Vorgeschichte des israelitischen Volkes und seiner Religion. Zweite völlig umgearbeitete und vielfach erweiterte Auflage in 3 T.; T. I. Frankfurt a. M., 1928, I. Kauffmann, 160 S.

I. Gabriel: Zorobabel. Ein Beitrag zur Geschichte der Juden in der ersten Zeit nach dem Exil. Wien, 1927, Mayer, XIX + 152 S.

H. Tykocinski: Die gaonäischen Verordnungen; Berlin 1929, Akademie-Verlag, VII + 186 S.

Ch. Bloch: Lebenserinnerungen des Kabbalisten Vital. Leipzig, 1927, 179 S.

Gerhard Scholem: Bibliographia Kabbalistica. Verzeichnis der gedruckten, die jüdische Mystik behandelnden Bücher und Aufsätze von Reuchlin bis zur Gegenwart, Leipzig, 1927, Drugulin, XVIII + 230 S.

Die Juden in Prag: Bilder aus ihrer tausendjährigen Geschichte. Festgabe der Loge Praga des Ordens B'nai B'rith zum Gedenktage ihres 25jährigen Bestandes. Prag, 1927, Selbstverlag. 247 S.

Siegbert Neufeld: Die Juden im thüringisch-sächsischen Gebiet während des Mittelalters. T. II — Halle, 1927, Schwetschke, 178 S.

Fritz Baer: Die Juden im christlichen Spanien. Bd. I: Aragonien und Navarra. Herausgegeben von der Akademie für die Wissenschaft des Judentums. Berlin, 1928, Akademie-Verlag, XXXVI + 1176 S.

Max Köhler: Die Juden in Halberstadt u. Umgebung bis zur Emanzipation; Karl Curtius 1927, 94 S. („Beiträge zur neueren jüd. Wirtschaftsgeschichte").

Max Markreich: Die Beziehungen der Juden zur Freien Hansestadt Bremen von 1065 bis 1848. Frankfurt a. M., 1928, I. Kauffmann, 320 S.

Max Freudenthal: Leipziger Meßgäste (Schriften der Gesellschaft zur Förderung der Wissenschaft des Judentums N. 29). Frankfurt a. M., 1928, I. Kauffmann, 232 S.

**Ismar Elbogen**: History of the Jews after the fall of the Jewish State. Cincinnati 1927, IX + 237 pp.

**Mayer Sulzberger**: The Status of Labor in ancient Israel. Dropsi College, 1928, 128 pp.

**A. Blunt**: Israel in World History. London Oxford Univ. Press, 1927, 127 pp.

## פראַנצויזיש, שפּאַניש און פּאָרטוגעזיש

**Robert Anchel**: Napoléon et les Juifs. Paris 1928, Les Presses Universitaires de France, XXXI + 598 pp.

**Les Progromes en Ukraine** sous les gouvernements ukrainiens (1917—1920); aperçu historique et documents. Paris 1927. Comité des délegations Juives, 5 + 99 + 144 pp.

**Henry Torrès**: Le Procés des Pogromes. Paris 1928, Les Editions de France, IX + 270 pp.

**Bernard Lecache**: Quand Israel meurt (au Pays des Pogroms); Paris 1927, Progrés Civique, 258 pp.

**Millas i Vallicrosa**: Documents hebraics de jeuns catalans. Barcelona 1927. Institut d'estudis catalans, 107 pp. [שפּאַניש; דאָקומענטן וועגן דער געשיכטע פון יידן אין קאַטאַלאָניע]

**Simon Dubnow**: Historia contemporanea del pueblo jùdio. Version castellana de S. Resnick i L. Dujovne. I—II, Associacion Hebraica, Buenos Aires [I — 1925, 277 pp.], II — 1928, 411 pp. [שפּאַניש]

**Adolfo Benaur**: Os Judeus historia estranda deste povo até ass nostros dias. Lisbonne 1928, 297 pp. [פּאָרטוגעזיש]

## האָלענדיש:

**Izak Prins**: De Vestiging der Marranen in Noord-Nederland in de zestiende eeuw. Amsterdam 1927, Hertzberger, X + 246 pp.

**Fred [erik] Oudschans Deutz**: De kolonisatie van de Portugeesch Joodsche Natie in Suriname en de geschiedenis van de Joden Savanne. Amsterdam [1927], Hertzberger, 63 pp. [וועגן דער אימיגראַציע פון די פּאָרטוגעזישע יידן אין סורינאַם — צו צפון פון בראַזיליע]

**S. Seeligmann**: Bibliographie en historiè. Bijdragen tot de geschiedenis van de eerste Sephardim te Amsterdam. 1927.

**Jac. Zwarts**: De eerste rabbijnen en synagogen van Amsterdam naar archivalische bronnen. 1929.

**Jüdisches Archiv.** Zeitschrift für Jüdisches Museal- und Buchwesen, Geschichte, Volkskunde und Familienforschung, Herausgeber L. Moses, Wien. Bd. I—II, 1927—1928.

**Dr. N. M. Gelber**: Vorgeschichte des Zionismus, Judenstaatsprojekte 1696—1845. Wien 1927, Phaidon-Verlag, 312 S.

**Mayer Balaban**: Studien und Quellen zur Geschichte der frankistischen Bewegung in Polen. Warschau 1927. 81 S. [סעפּעראַטום פון „ספר זכרון לכבוד ש. א. פּוזנאנסקי"]

**Encyclopaedia Judaica.** Das Judentum in Geschichte und Gegenwart. I. Band (Aach—Akademien), 1216 Col., II. Band (Akademien—Apostasie), 1232, Col., III. Band (Apostel—Beerajim), 1232 Col. Verlag Eschkol, Berlin.

**Jüdisches Lexikon.** Ein encyklopädisches Handbuch des jüdischen Wissens in vier Bänden; herausgegeben von Georg Herlitz und Bruno Kirschner. Berlin, Jüdischer Verlag. Bd. I A—C, XXXVI + 1471 Col., Bd. II D—H, XXXII + 1727 Col.

**Große Jüdische National-Biographie** mit mehr als 8000 Lebensbeschreibungen namhafter jüdischer Männer und Frauen aller Zeiten und Länder, von S. **Wininger**. Cernauti, Buchdruckerei Arja, 1927: Bd. I — 638 S., Bd. II — 635 S., 1928: Bd. III — 639 S. (bis Lazarus).

**Mitteilungen der Gesellschaft für jüdische Familienforschung.** 1927—1928. 8 Hefte, Berlin.

**Josef Lin**: Die hebräische Presse. Werdegang und Entwicklungstendenzen. Berlin, 1928. Verlag Jalkut. 100 S.

## ענגליש:

**Jewish studies in memory of Israel Abrahams** by the faculty and visiting teachers of the Jewish Institute of Religion: publ. under auspices of the Alexander Kohut Memorial Foundation. New York 1927, Jewish Institute of Religion, LXVI + 458 pp.

**Max L. Margolis and Al. Marx**: History of the Jewish people; Philadelphia 1927, Jewish Publication Society of America, XXII + 823 pp.

**George Foot Moore**: Judaism in the first centuries of the Christian era; age of the Tanaim. Vol. I—II, Cambridge 1927, Harvard University Press, V. I: XII + 552; V. II: VIII + 486 pp.

**Abba Hillel Silver**: History of Messianic speculation in Israel; from the first to the seventeenth centuries. New York 1927, Macmillan XV + 268 pp.

mi i Żydami w tym okresie. (Z archiwum Ministerstwa Spraw Wewnętrznych).

4. **„Projekt Żyda przeprowadzenia w senacie w Petersburgu dysputy z cadykami chasydzkiemi".** Podanie Żyda Usternika z Mohylowa - Podolskiego z roku 1862 do cara o zezwolenie na dysputę, którą chciałby prowadzić w senacie z cadykami chasydzkimi, którzy spowodowali wyjazd cudotwórcy zagranicę. (Mowa o rabinie sadogórskim, spadkobiercu R. Izraela Różana). W załączniku do podania wydrukowano polecenie Ministerstwa Spraw Wewnętrznych do generał-gubernatora Kijowa, Podola i Wołynia, aby się wypowiedział w tej sprawie oraz, aby przeprowadził odpowiednie dochodzenia i stwierdził, kim jest petent Usternik (Z archiwum generał-gubernatora, Kijów).

5. **„Kim jest wychrzta Opatowski?"** (z 1858 r.). Przedruk wyciągu protokułu narad „Komitetu Żydowskiego" (Komisji rządowej dla uregulowania kwestji żydowskiej). Rzecz dotyczy niejakiego Opatowskiego, który złożył denuncjację przeciwko bogatym Żydom i podjął się równocześnie przeprowadzenia w ciągu 6 lat gruntownych reform wśród Żydów. Stwierdzono, że Opatowski ścigany dawniej za oszustwa uciekł za granicę, gdzie brał udział w rewolucji węgierskiej z roku 1848. Później wydano go Rosji. Siedział tu dwa lata w więzieniu i wychrzcił się. Dokładnych wiadomości o nim brak (Z protokułów „Żydowskiego Komitetu").

6. **„Dwa tajne okólniki Rządu i rabinów"** (1890/91): Autor opowiada o prześladowaniu Żydów za Aleksandra III i podaje w związku z tem dwa dokumenty z archiwum barona Ginzburga: **A)** Tajny okólnik Głównego Zarządu Cenzury z listopada 1890 r. do wszystkich gazet rosyjskich, którym zabrania się przedrukowania protestu pisarzy rosyjskich przeciwko „rzekomym prześladowaniom Żydów", ułożonego z inicjatywy Władimira Sołowjewa i **B)** Tajny okólnik rabinów rosyjskich do wszystkich gmin żydowskich w Rosji i za granicą, w sprawie ogłoszenia ogólnego postu po Wielkiejnocy 1891 na pamiątkę wypędzenia Żydów z Moskwy.

**Dr. M. GELBER (Wiedeń): Interwencja barona Salomona Rotszylda we Wiedniu w sprawie Żydów rosyjskich w roku 1846.** Autor ogłasza znalezione w Wiedeńskiem Archiwum „Memorandum über den Zustand der Israeliten in Russland", które baron Salomon Rotszyld w styczniu 1846 złożył carowi Mikołajowi I podczas jego wizyty we Wiedniu. Następnie autor podaje oryginał francuski sprawozdania austrjackiego posła w Petersburgu, księcia Esterhazy, do księcia Metternicha z października 1845 r., w którem jest mowa o prześladowaniu Żydów rosyjskich. Sprawozdawca szczegółowo opisuje środki, do jakich się ucieka Rząd rosyjski, aby skłonić Żydów do chrztu. Oba dokumenty były dotychczas nieznane. We wstępie do dokumentów autor pokrótce charakteryzuje politykę żydowską Mikołaja I, i wspomina o tem, że w owych czasach rozmaici Żydzi zagraniczni próbowali interwenjować u Rządu rosyjskiego na rzecz Żydów rosyjskich.

**ISRAEL WEINLÖS (Lwów) Z archiwum Józefa Perla.** Autor, który odnalazł w Tarnopolu archiwum Józefa Perla, podaje trzy, dotychczas nieogłoszone listy:

1. **List Józefa Perla do generała Korytowskiego z dn. 25-go marca 1812 r.** W liście tym Perl podaje niektóre biograficzne wiadomości o sobie i prosi generała o pomoc przy założeniu szkoły w Tarnopolu. Znaleziony przez autora odpis pisany jest po niemiecku żydowskiemi literami.

2. **List Mendla Levina do jego przyjaciela Simona Veita** (z roku 1811), pisany po niemiecku żydowskiemi literami.

3. **Urywek z listu Mendla Levina do nieznajomego:** Urywek ten posiada wartość z tego powodu, że Mendel Levin podaje w nim spis swoich utworów w języku francuskim i hebrajskim, specjalnie zaś wylicza swe niedrukowane dzieła w języku żydowskim.

**NOACH PRYŁUCKI (Warszawa): Techina żydowska o treści historycznej.**

Autor ogłasza tekst „techiny" z r. 1813 w języku ludowym, żydowskim. „Techina" ta jest ciekawa z tego względu, iż obok zwykłego tekstu, „techinoth" zawiera wiadomości o charakterze historycznym, a mianowicie opis cierpień Żydów podczas szturmu Suworowa na Pragę w r. 1794.

**Żydowska bibljografja historyczna.** Obejmuje tylko najgłówniejsze dzieła, które ukazały się w latach 1927 do 1929 (marzec) w językach: żydowskim, hebrajskim, rosyjskim, polskim, ukraińskim, niemieckim, angielskim, francuskim, hiszpańskim, portugalskim i holenderskim.

---

Prócz wyżej wymienionego materjału znajdujemy w wydanym tomie następujące fascimilia i ryciny: list autora pierwszego żydowsko-rosyjskiego słownika, J. M. Lifschitza do Arona Libermanna; wydaną w języku żydowskim odezwę Wielkiego Księcia Konstantego w Warszawie z r. 1827 w sprawie obowiązku dostarczania rekruta przez Żydów.

---

Tekst polski złożono na Intertypie w drukarni „Spółdruk". Warszawa, ul. Długa 26, tel. 260-19

